איליא ערענבורג

# דער שטורעם

ראָמאַן

יידיש: כעוול בוזגאַן



פאַרלאַג „אונזער פריינט"
1949

# I

עס טרעפן צייטן, ווען מענטשן, וואָס זײַנען צוגעשמידט צו די קלייני־קייטן פון דער עקזיסטענץ, הויבן זיך אויף, דערזעען דאָס לעבן אין זײַן ברייט. אַזוי איז געווען מיט אַלגאַן, וואָס פלעגט דערשיטערן נינאַ געאָר־גיעווגאַן מיט אירע זאָרגן וועגן מעבל און סעמיאָן איוואַנאָוויטשעס גאָר־דעראָב. אַלגאַ איז פאַרבליבן אַ פּראַקטישע, זי האָט געזאָרגט וועגן דער געמיטלעכקייט, האָגאָם פאַרהעלטנישמעסיקער, פונעם קליינעם צימער אין דעם הילצערנעם הויז, ווו עס האָט זיך איינגעאָרדנט די רעדאַקציע פון דער וואָקזאַרטער צייטונג; אָבער זי האָט באַגריפן, אַז איצט איז מילכאָמע, און זי האָט געוואָלט אַנטיילנעמען אין דער אַלגעמיינער זאַך. ס'איז געווען באַ איר אַ טוגנט, וואָס איז אַפילע אַנערקענט געוואָרן פון איר שטרענגער מאַ־מען, — ערלעכקייט אין דער אַרבעט. אויך פאַר דער מילכאָמע פלעגט אַלגאַ איבעראַשן אירע מיטאַרבעטער מיט אַרבעטסלוסט, זי פלעגט די ערשטע קו־מען אין רעדאַקציע, די לעצטע אַוועקגיין פון דאָרט. אין די נײַע שווערע באַדינגונגען איז געווען ווייניק ערלעכקייט, און די רויִקע, פלעגמאַטישע אַלגאַ האָט איצט געאַרבעט מיט עמעסער לײַדנשאַפט.

די מילכאָמע האָט געענדערט דאָס לעבן סיי פון גרויסע מעלוכעס און סיי פון די קינדער, וואָס נינאַ געאָרגיעווגאַ האָט דערצויגן. אָבער אַפילע די מילכאָמע האָט זיך אַרויסגעוויזן מאַכטלאָז בענעגייע דעם כאַראַקטער פון סעמיאָן איוואַנאָוויטש. ער האָט ווי פריער געמיינט, אַז דאָס וויכטיקסטע איז — אין דער צייט אַרײַנצושטעלן אַ וואָרט, און ווען מען דאַרף — פאַרשווייגן; ער האָט ווי פריער ליב געהאַט צו טרינקען טיי מיט איינגע־מאַכץ און פאַרוואַרפן אַ ווענטקע אונטער אַ שאָטנדיקן בוים. און אַלץ איז געוואָרן אומבאַקוועם, וואַקלדיק. עס זײַנען קימאַט ניט פאַרבליבן קיין אַלטע מיטאַרבעטער; די געביידע איז אַן עקלדיקע; די טיפּאָגראַפיע איז ניט צו־געפּאַסט פאַר אַ צייטונג. שרעקלעכע שטייגער־באַדינגונגען, אַ קליינער צי־מער. אַלגאַ קינצלט זיך, אויסטרינקען אַ גלאָז טיי — איז אויך אַ פּראָבלעם. אַרבעטסט אַ קיילעכדיקן מעסלעס, פאַרן גאַנצן כוידעש יולי איז גאָר צוויי מאָל געלונגען אַרויסצופאָרן אַף זומער־וווינונג צום פאַרזיצער פון גאָר־סאָוועט און כאַפּן אַ פּאָר פישלעך. דאָס אַלץ איז נאָך אַ האַלבער אומגליק; עס האָט אים געפּייניקט עפּעס אַנדערש — מען קען ניט אַנקלינגען סידאָ־ראָוון און פרעגן, ווי אַזוי אַנצושרײַבן, אַז די פאַבריק אַפּן נאָמען פון דער קאָמונע שטייט אָפּ, און צי עס לוינט ביכלאַל דערפון צו שרײַבן? סידאָראָוו איז אַפּן פראָנט, אַנשטאָט אים איז קאָראַלעוו, און קאָראַלעוו האָט געזאָגט: „וועגן אַזעלכע נאַרישקייטן זאָלט איר מיר ניט קלינגען. איך פרעג אײַך ניט ווי אַזוי צו הויבן די פּראָדוקציע... דערצו זײַט איר אַ פאַראַנטוואָרטלעכער

רעדאַקטאָר, קעדיי צו באַשליסן..." רײדנדיק מיט זײנע מיטאַרבעטער, אַדער באַזוכער, פלעגט לאַבאַזאָװ ליב האָבן אונטערצושטרײכן, אַז ער איז — דער פאַראַנטװאָרטלעכער רעדאַקטאָר, און אַלגאַן פלעגט ער אויך אופמערקזאַם מאַכן אַף דעם, אַרויסרײדנדיק דאָס װאָרט „פאַראַנטװאָרטלעכער" מיט אַ האַלבן פליסטערן. אָבער נאָכן שמועס מיט קאַראַלעװן זײנען באַ אים פאַרשװוּנדן די קלײנע אײגעלעך, זײן גרינער אָפּגעװעלקטער פּאָנעם איז געװאָרן ענלעך צו אַ מאַסקע; ער האָט פּלוצלינג פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף זײן פאַר אַלץ פאַראַנטװאָרטלעך. „אַפילע אָפּן פּראָנט, איז אויך רויִקער", — האָט ער געזאָגט דער װײב. אַלגאַ האָט אַ שמײכל געטאָן. ער האָט געפילט, אַז זי גליטשט זיך אַרויס פון דער געהאָרכזאַמקײט צו אים. די מיטאַרבעטער לאַכן פון אים; אַפילע דער אַלטער זאַמקאָװ האָט, אָנעמענדיק זיך מיט מוט, געזאָגט אַף אַ בליץ־פאַרזאַמלונג: „נעמענדיק אין אַכט די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע דאַרף מען איצט אַרויסװײזן איניציאַטיװ" (פון געװײנהײט פלעגט זאַמקאָװ אַלץ אָנרופן „אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע").

לאַבאַזאָװ האָט ניט געקענט פאַרשטײן, װאָס עס קומט פאָר. דער פאַרשטאָרבענער פּעטיאַ דראָזדאָװ האָט באַ אַ געלעגנהײט אַ זאָג געטאָן: „באָם רעדאַקטאָר איז אַ שטאַרקע טראַנסמיסיע — ער נעצט אײן די פיס אין האַרבסט, אוז ניסט אין מײַ". פאַראַיאָרן האַרבסט איז לאַבאַזאָװ געװען אַרײנגעטאָן אין דער עװאַקואַציע, אין אײנאָרדענען זיך אָפן נײעם פּלאַץ; ער האָט ניט באַװיזן צו פאַרטראַכטן זיך איבער די געשעענישן. און װען מען האָט פאַרטריבן די דײטשן פון מאָסקװע, פלעגט ער אַלעמען זאָגן: „װער־װער, אָבער איך האָב עס פאַרויסגעזען". איצט האָט ער זיך פאַרלוירן — „אין װאָראָנעזשער ראַיאָן"... דאָס איז דאָך אין סאַמע האַרץ, פון דאַרט װעסטו, װי מען זאָגט אין טעאַטער, שפּרינג כאָטש דרײ יאָר, װעסטו ביז דער גרענעץ ניט דערשפּרינגען. ער פלעגט דערגײן צו געדאַנקען, װאָס אים אַלײן פלעגן זײ אויסקומען צװײפלהאַפט, ער פלעגט מורמלען: ע־ע! די דײטשן זאָלן נאָר אַהער ניט קומען? גאַנץ פּאַשעט — פון װאָראָנעזש אַהער איז צװײ מאָל אַזױ נאָענט, װי פון דער גרענעץ ביז װאָראָנעזש. װאָסזשע טוט מען דעמאָלט? מען קען דאָך ניט אײביק עװאַקויִרן... װאָלט אים קאַראַלעװ געזאָגט, „אַז פאַר אַזעלכע געדאַנקען נעמט מען אַראָפּ פון דער אַרבעט", — װאָלט ער זיך געבראַכט אין אָרדענונג, אָבער קאַראַלעװן האָט װײניק װאָס אינטערעסירט סעמיאָן איװאַנאָװיטשעס זעלבסטגעפיל.

אַלגאַ האָט באַמערקט, אַז איר מאַן איז, װי זי פלעגט זאָגן, „פאַרזײערט" געװאָרן. איר פלעגט אויסקומען צו אַרבעטן פאַר צװײ. זי פלעגט זיך אויך פריער ניט אַרויסדרײען פון אַרבעט, אָבער איצט פלעגט זי אין איר געפינען אַ באַפרידיקונג, װאָס פלעגט איר העלפן שאַלעם מאַכן מיטן אומבאַקװעמען פאַרזאָרגטן לעבן — מילכאָמע, װאָסיאַ איז פאַרלאָרן געגאַנגען, סעריאָזשאַן דראָט יעדן טאָג אַ געפאַר, די מאַמע איז אין שװערע באַדינגונגען, דער מאַן האָט זיך אַרויסגעװיזן ניט נאָר אַלס גראָביאַן, נאָר אויך אַ נישטיקער, ס'איז אומבאַװוּסט װען מען װעט זיך קענען אומקערן קײן מאָסקװע, און אַפילע דאַרט װאָס װעט זי געפינען? די דירע האָט מען, אַװדע, פאַרנומען. מיט אײן װאָרט, אַלץ האָט זיך צוזאַמענגעלײגט ניט גוט... נאָר באַ דער אַרבעט

באַרוּיקטסטו זיך עפּעס — אויך איך ביר נויטיק... פּינקטלעך צוויי מאָל אַ כוידעש פלעגט זי שרייבן דער מאַמען. נינאַ געאָרגיעווונאַ פלעגט אַמאָל ענטפערן קורץ און אַמאָל, פאַרגעסנדיק זיך, פלעגט זי שמועסן מיט דער טאָכטער, ווי מיט סעריאָזשאַן. אַמאָל פלעגט זי, וועלנדיק טרייסטן אָלגאַן, און עפּשער אויך זיך, שרייבן, אַז מען רעדט אַ סאַך וועגן די פּאַרטיזאַנען: „וואָסיאַ איז דאָרט, מיין האַרץ זאָגט עס מיר"...

ניט לאַנג האָט נינאַ געאָרגיעווונאַ אָנגעשריבן: „איך גלויב אין דיר, אָליאַ, איך ווייס, אַז דו פאַלסט ניט אין מוט, ביסט שטענדיק געווען אַ סקעפּטיקע. די צייטונג־יעדיעס זיינען שווידערלעכע, אָבער מער ווי ווען עס איז בין איך זיכער אין אונדזער זיג און, ווייסטו, איך בין געוואָרן קרעפּטיקער. פּאַראַיאָרן האָרבסט ווען איך פלעג הערן אַ שלעכטן פראָנט־באַריכט, פלעגט אַלץ פאַלן פון די הענט, און איצט איז פאַרקערט — אַ שלעכטער באַריכט, הייסט עס, אַז מען דאַרף זיי צולעהאַכעס, אַרבעטן טאָפּלט; איך כאַפּ זיך אויך אַריין אין שפּיטאָל — לייען פאַר די פאַרוווּנדעטע, צירעווע גימנאַסטיאַרקעס, טרעט אַרויס אָף פאַרזאַמלונגען, איך וויל ניט שטאַרבן פריער פאַרן טויט".

ווען אָלגאַ האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט זיך איר פאַרוואָלט צודריקן דעם קאָפּ צו דער מאַמעס קני, ווי זי פלעגט עס טאָן אין די קינדעריאָרן. און דאָך פאַרשטייט מיר די מאַמע, מיר פלעגן זיך קריגן צוליב נאַרישקייטן, אָבער איצט איז ניט אַזאַ צייט...

אָלגאַ האָט זיך געפילט זייער עלנט. סעמיאָן איוואַנאָוויטש פלעגט ניט ריידן מיט איר גאַנצע טעג, נאָכדעם פלעגט ער פלוצלינג אָנהויבן גראַביאַניש: „אַ מויד מיט אַ פּאַריסענער נאָז!..." ער האָט פאַרלאַנגט, אַז זי זאָל אַרומגיין אַרום אים: „האָסט ווידער פאַרגעסן צונייען אַ קנעפּל. וואָס האָסטו אין קאָפּ דיינעם?..." צייטנווייז פלעגט ער קומען גוט געשטימט, עס פלעגט זיך אים אויסווייזן, אַז זיי זיינען אין מאַסקווע, אַז עס האָט גאָרניט פּאַסירט און, אויסווישנדיק מיטן האַנטעך דאָס פּאָנעם, נאָך דריי גלעזער טיי, פלעגט ער אַרומנעמען אָלגאַן, זי פלעגט ניט לאָזן: „איך וויל לייענען"...

מען האָט אַריינגעשיקט אין רעדאַקציע אַ ווענדונג פון אַ גרופּע קעמפער צו די אין הינטערלאַנד. די ווענדונג האָט באַדאַרפט אַרויס אין דער צייטונג. סעמיאָן איוואַנאָוויטש האָט זיך לאַנג געקווענקלט, געברומט, צוויי מאָל גענומען די טעלעפאָן־טרייבל און באַלד אוועקגעלייגט זי — מען טאָר ניט, קאָראָלעוו וועט אָפּזידלען... אָלגאַ האָט געזאָגט:

— מען מוז אומבאַדינגט געבן, דאָס גאָרטלט אונטער די יעניקע, וואָס שטייען אָפּ...

— פאַרשטייסטו וואָס דאָ איז אָנגעשריבן? מען זאָל נאָר מיך ניט אונטערגאָרטלען..., די לאַגע איז אויסערגעוויינלעך אַ גרויזאַמע... עס ווערט באַשלאָסן דער גויר"ל..." ע־ע! ניט באַגרינדעט. אָנגעלייגט צו געדיכטע פאַרבן. אַ טיפּישע פּאַניק־מאַכעריי. איך פרעג דיך, פאַרוואָס עפּעס „אויסערגעוויינלעך"? פונוואַנען האָבן זיי עס גענומען?

— גיב אַ קוק אין „פּראַוודאַ", — האָט געענטפערט אָלגאַ, — דאָרט איז נאָך שאַרפער.

— עס הויבט זיך גאָרניט אָן, איך האָב דורכגעקוקט אַלע נומערן, „גרויזאַמע", אָבער „אויסערגעוויינלעך" איז ניטאָ און „גרויל" איז ניטאָ. זיי איז אַלץ איינס — זיי זיינען אַפן פראָנט, און אַפּגעבן בעזשבן וועל איך דאַרפן.

ווען לאַבאַזאַוו פלעגט פריער עפּעס אויסמעקן, פלעגט ער עס טאָן מיט פאַרגעניגן, באַגייסטערט מיט אַ פעטן רויטן שטראָם דעם זאַץ. איצט האָט ער אומזיכער איבערגעשטראָכן מיט אַ דינינקן פּאַסיקל „ווענדונג". אַלגאַ האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען און איז אַוועק אין דער דרוקעריי. זי האָט געאַרבעט ביז אינדערפרי.

אויפכאַפּנדיק זיך, צומאָרגנס אינדערפרי, איז סעמיאָן איוואַנאָוויטש דערשטוינט געוואָרן: די בעט אַף וועלכער אַלגאַ איז געשלאָפן, איז געווען אַפּגעצאַמט מיט אַ פּאַרהאַנגל, געמאַכט פון אַ ליילעך.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ טעאַטער? — האָט געפרעגט סעמיאָן איוואַנאָוויטש.

— קיין שום טעאַטער, מען מוז זיך גאַנץ איינפאַך רעכענען מיט באַדינגונגען. וואַרפן די צייטונג וויל איך ניט, און אַוועקפאָרן — הייסט וואַרפן די צייטונג. און קריגן, ווידער, אַ צימער איז אומעגלעך. דאָס איז אַלץ...

— ס'הייסט, ווי אַזוי אַלץ? און וואָס באַדייט די דאָזיקע שמאַטע?

— קאָנסט אַליין פאַרשטיין. איך בין דיר ניט קיין ווייב. איך בין באַגאַנגען אַ נאַרישקייט, איז בעסער אויסצובעסערן שפּעטער, איידער לאָזן עס ווייטער אַזוי גיין... און לאָמיר מער ניט ריידן דערפון, איך דאַרף האָבן די נערוון פאַר עפּעס אַנדערש...

זי האָט רויק אַ שמייכל געטאָן.

— דערווייל האָב איך נאָך ניט קיין אַנדערן. איך טראַכט אַפילו ניט דערפון — עס איז דאָ גענוג אַרבעט. און ווידער אַרום, וואָס פאַראַ מענער זיינען דאָ איצט פאַראַן? עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, וועל איך עפּעס אויסגעפינען... און דערווייל בעט איך אייך באַטראַכטן מיך אַלס סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט אַלגאַ אָנגעשריבן דער מאַמען וועגן דער ענדערונג אין איר לעבן: „מיט סעמיאָן איוואַנאָוויטשן האָב איך זיך פּאַסמיש געגעט. איצט זיינען אַזעלכע אומשטענדן, אַז דו זעסט בעסער דעם מענטשן, ער פּאַסט ניט פאַר מיר. שרייב אַפן פריערדיקן אַדרעס — עס איז שווער צו קריגן אַ צימער, אַפילו אַ האַלבן צימער, אַדער דאָס איז זייער טייער, און איך קליב אַף אַ קליידל, דאָס אַלטע איז אינגאַנצן צעקראָכן, מען קען אַפילו אין טעאַטער ניט גיין"...

כ'האָב געפונען אַ טאַכטער, פלעגט זיך זאָגן נינאַ געאָרגיעוונאַ, טאָקע געפונען. ווי איך בין זיך דאָס טויע געווען. איך פלעג אָנעמען ווערטער פאַר געשאַמע, ניט געוואָלט פאַרשטיין, אַז זי איז אַ יונגע, אַז זי ריידן אַף צוויי פאַרשיידענע שפּראַכן!... נינאַ געאָרגיעוונאַ האָט זיך אַפילו ניט באַלייריקט פון אַלגאַס אָנווייזונגען: „דו דאַרפסט פאַרערן, אַז מען זאָל דיך צר־

טײלן צו אַ גוטער קאַטעגאָריע, װײל אַן צוקער און אָן פֿעטס װעסטו לאַנג ניט אױסהאַלטן"... נאַרעלע. איר אַלײן איז שװער, און זי זאָרגט זיך װעגן מיר...

## II

סערגײ האָט זיך צעשמײכלט: מיט אַ יאָר צוריק האָב איך געהאַט פּאַרדרוס — אַ סאַפּיאָר, ס'װעט אױסקומען צו שלעפּן זיך אין עק, אַנדערע קעמפּן, און דו בױ בריקן... עס איז עמעס, אַז אין עק, שױן די דריטע װאָך, װי מיר לאָזן דורך טאַנקען, אַרטילעריע, די אײגענע דיװיזיע, און אַלײן רײסן מיר אױף. מיר רײסן — בריקן, װעגן. װאָראָנאָװ האָט נעכטן געזאָגט, „די דאָזיקע בריק האָב איך געבױט אין אַכט און דרײסיקסטן"... מיר רײסן אױף װאָס מיר אַלײן האָבן געבױט. און די דײטשן יאָגן אַז, װילן איבערשנײדן דעם װעג. צװײ מאָל האָט מען געמוזט פֿאַרפֿירן אַ שלאַכט, קעדײ צו געװינען אַ האַלבע שעה. מען טאָר דאָך זײ ניט איבערלאָזן אַ בריק! װי לאַנג קען עס אַזױ אָנהאַלטן? שטילע שטעט מיט עפּלבױמער, מיט װײסע שטיבלעך. אין פֿרילינג האָט קײנער פֿון די היגע ניט געטראַכט, אַז די מילכאָמע װעט קומען צופֿליען אַהער... סטעפּ. עס װילט זיך אַפֿילע ניט קוקן — ער איז צו לאַנג... באַלד איז שױן דער דאָן. צי דען װעט מען זײ לאָזן װײטער?...

װער עס האָט איבערגעלעבט אַ גרױסן אומגליק, אַ שװערע קראַנקהײט פֿון אַ נאָענטן מענטשן, דעם פֿאַרלוסט פֿון אַ פֿרײַנט, דער װײסט, אַז דאָס שרעקלעכסטע איז דער צוריקער פֿון דער קראַנקײט, דער צװײטער פֿאַרלוסט. נאָך דער װינטערדיקער פֿרײד, נאָך די גרױסע האָפֿענונגען האָט זיך דאָס אַלץ, װאָס עס האָט פּאַסירט, אױסגעװיזן אומדערטרעגלעך. פֿאַראַיאָרן זומער איז געװען אַ כאַאָס, מענטשן פֿלעגן ניט באַװײזן קומען צו זיך, פֿאַרטראַכטן זיך; איצט האָבן אַלע געװוּסט, װאָס דאָס הײסט אַזױנס אַ ריקצוג. באַם װאָרט „דײטש" פֿלעג שלאָגן אין קאָפּ אַרײן. נאָך גאָרניט לאַנג האָט מען געטרױמט — עס װעט צוטריקענען, און מיר װעלן זיך אַ לאָז טאָן אױף מיִרעװו. באַקומען האָט זיך אַנדערש: װי אַ טײך, װאָס האָט דורכגעריסן אַ דאַמבע, האָט די דײטשישע אַרמײ פֿאַרפֿלײצט לאַנקעס, גערטנער, דעם גלײכן גרענעצלאָזן סטעפּ.

אַז אַלטע פֿרױ האָט געזאָגט סערגײען: „איר האָט גערעדט, גערעדט, און איצט אַנטלױפֿט איר?"... ער האָט גאָרניט געענטפֿערט. עס קומט אױס אָװעקצודרײען דעם קאָפּ פֿון פֿרױען, פֿון זקײנים, פֿון קינדער — ניט נעקענט פֿאַרטײדיקן. מיר גיבן אָװעק די דײטשן טװוּגע, ערד, גליק. אַ היץ, איבערן װעג אַ געדיכטער שטױב, אין מױל איז טרוקן, עס טוען װײ די אױגן. עס װילט זיך ניט קוקן...

„פֿאַרלאָזט ראָסטאָװ". אַ באַפֿעל. האַרבע און פּראָסטע װערטער: מען דאַרף זיך באַזינען! מיר לאָזן דאָך אַלץ איבער. שױן פֿאַראַן מער אָװיאַציע, פּ.ט.אַ. (אַנטיטאַנק אַטריאַדן — כ. ב.) זײנען גוטע. דאָס הינטערלאַנד איז

פעסט — מען אַרבעט... און מילכאָמע האַלטן האָט מען זיך ניט אויס־געלערנט.

לויט דער נאַטור איז סערגיי גיכער געווען אַן אָרדענונגסלאָזער: פאַר דער מילכאָמע פלעגט ער זיך אָפט גריזשען — אַ צעטראָגענער, אַוועקגעלייגט אַ בריוו, און ווו — געדענק איך ניט, אָדער איך קום מיט אַ שאָ פריער, אָדער איך פאַרשפּעטיק... איצט האָט ער געהאַסט אומאָרדענונג. נעכטן האָט דער פּאָלקאָווניק געזאָגט: „וואַרט אויס מיט דער בריק. דאָ וועט מען זיי פאַרהאַלטן. די טאַנקען וועלן דורכגיין זעכצן נול־נול". געזאָגט „נול־נול", און דורכגעגאַנגען זיינען זיי זיבן אַזייגער... און דער זעלבער פּאָלקאָווניק באַקלאָגט זיך: „ווען איך בעט אַוויאַציע, איז שטענדיק פאַרשפּעטיקן זיי"... די פאַרבינדונג איז אַ שלעכטע, דער פּאָלקאָווניק זאָגט אופריכטיק: „פּונוואַ־נען וויים איך, ווו עס איז איצט דער לינקער שאָכן?... דער קאָמדיוו האָט ליב צו ריידן וועגן סווואָראָוון, שרייט „מאָרגן וועלן מיר זיי דערלאַנגען", און ווען עס קומט צו עפּעס, קען ער זיך אָף גאָרניט באַשליסן, ער שלעפּט אָפּ... דער מאַיאָר פאַרשין האָט זיך איינגעאָרדנט: „דאָ איז דער קאָפּע, פּונ־דאַנען וועלן מיר שוין ניט אַוועק. מען דאַרף זיך איינאָרדענען באַקוועמער"... האָט ער אַוועקגעשטעלט אָפן קאָמאָד דעם ווייבס בילד, דריי שאָ האָט ער אַרומגעשמייעט — מען האָט אַריינגעצויגן ליכט, מיט איין וואָרט — אויר־סערגעווייגלעד געמיטלעך, און אין אָוונט האָט ער זיך אָפּגעטראָגן ווייטער. גאָרבונאָוו זיצט און קאָנטראָלירט דעם גראַפּישן פּלאַן פון קאָנצערטן, און אין שטאָט זיינען שוין דייטשישע טאַנקען... איך אַליין בין אויך גוט — לעבן מילעראָוואָ האָב איך זיך פאַרלאָזט אָף גרינקאָן, האָט מען ניט געמי־נעוועט. פאַר דעם אַליין וואָלט מען מיך באַדאַרפט מישפּעטן.

עס שטייגט די היץ. דער שטויב שטייט אומבאַוועגלעך. סערגיי פרעגט וואָראָנאָוון:

— ניקאָליי, ווי מיינסטו, עס וועט לאַנג אַזוי אָנהאַלטן?

— נעכטן האָט מען אין דער אויסשפּיר־אָפּטיילונג פאַרהערט צוויי פריצן, זיי קומען איצט פון פראַנקרייך. דערציילן, אַז דאָרט איז קיינער ניט פאַרבליבן. היטלער האָט באַשלאָסן צו דערלאַנגען אַזאַ קלאַפּ, אַז מען זאָל עס פאַרענדיקן ביזן ווינטער. כוצפּעדיקע, כאָטש זיי האָבן געפּלאַנכעט, האָט איינער פאַרזיכערט, אַז זיי גייען אָף אינדיע. פולשטענדיק כאָסעדייע!

— אינדיע — דאָס איז גערעדט פון היץ. זיי טרינקען צופיל ביר, כאַ־לעמען זיי נאָכדעם שלעכטע כאַלוימעס.

— און די אַליאירטע וואָס? איצט איז די ריכטיקע צייט צו דערלאַנגען. פון פראַנקרייך האָבן זיי אַלץ אַרויסגעשלעפּט; וואָרפן אַריבער די לעצטע טאַנקען... ווו זשע איז זייער צווייטער פראָנט?

— זיי איילן זיך ניט. זיי האָבן גאָרניט ליב צו איילן זיך. איך האָב זיך אין פּאַריז באַקענט מיט איינעם אַן ענגלענדער, אַן אינזשעניער. מיר זיינען אַרויס פון טאָרגפּרעדסטווא (סאָוועטישע האַנדלס־פאַרשטייערשאַפט כ. ב.), זאָגט ער: „איך איל זיך זייער". און פּונקט קומט אונטער זיין אויי־טאָבוס. נו, לויף צו אַ פּאָר טריט און דו וועסט אַריין, איז ניין, גייט ער זיך

לאנגזאם... איך לאך דאס, די פראנצויזן זאגן — עס איז בעסער, אז מען לאכט... עס האנדלט זיך אין טעמפעראמענט. זיי האבן ניט ליב די דייטשן. איך האב מוירע, אז אונדז האבן זיי אויך ניט אזוי שטארק ליב.

— סערגיי, דו קענסט פראנקרייך, איז ווי איז דיין מיינונג, די פראנצויזן קעמפן ערנסט, אדער דאס איז נאר געדאבערט?

— דארט האט זיך אלץ אויסגעמישט. איך האב געטראפן אין פאריז איינעם א פאעט, ווען מען זאל ניט אריינדרינגען אינעם אינהאלט פון די ווערטער, קען ער באצויבערן, אפילו איבעראשן. און איבערזעץ די ווערטער זיינע אף א פאשעטער שפראך, איז דאס דער זעלבער פריץ — ניט טיפער און אויך ניט בעסער.

עס זיינען פאראן זארגלאזע פלאפלער, טריומפירנדיקע פרעסער, א גרויסע פארטיי „אהער און אהין". און דערנאך איז דא דאס פאלק. אבער וואס קענען זיי טאן? זאגסט, דארט זיינען ווייניק דייטשן. יא, ווייניק קעדיי אפצושלאגן א דעסאנט, אבער גאנץ גענוג, אף צו האלטן אין קלעם די אומבאוואפנטע.

וואראנאוו איז געווארן סערגייס בעסטער פריינט. דאס איז געווען א בלאאויגיקער ריז מיט א שמייכל פון א שעמעוודיקן קינד, גרא צו צוויי און דרייסיק יאר, אן ענערגישער און א מילדער. א זון פון אן ארכאנגעלסקער וואלדהעקער, האט ער פארבראכט די קינדער־יארן אין א ווײַסטן דארף אפן ברעג פונעם ברייטסטן טייך, איינגעזאפט אין זיך א ליבע צום וואלד, צום בלעטער־גערויש, צום רייעך פון סמאליע, צום פאשעטן און סוידעספוליקן לעבן פון דער נאטור. אין דער שול האט ער געצויגן אף זיך די אויפמערקזאמקייט מיט זיינע פעיקייטן, מען פלעגט זאגן: „פון דיר וועט ווערן א לייט". וואראנאוו איז טאקע געווארן א גוטער בוי־אינזשעניער. אין לענינגראד האט ער זיך באקענט מיט א יונגיטשקער סטודענטקע נינא, א קאמישע און א צארטע. נינא האט געהאט אזעלכע פיצעלער הענט, אז ווארא־נאוו פלעגט מוירע האבן דריקן זיי, און זי פלעגט לאכן: „איי, דו ווייסער בער, מישקא..." עפשער דערפאר האט מען א נאמען געגעבן דעם זון מישקא (אין רוסיש איז אנגענומען צו רופן יעדן בער — מישקא). זיי האבן זייער געציטערט איבערן קינד. פארנדיק אין א קאמאנדיראווקע, פלעגט ווארא־נאוו ארויסרופן לענינגראד און פלעגט מיט ציטער פרעגן: „וואס מאכט מישקא?..." די מישפאכע איז פארבליבן אין לענינגראד. ער האט אלץ געווארט אף בריוו און ווען עס איז, ענדלעך, אנגעקומען א בריוו פון דער ווייב, האט ער קיינעם ניט געזאגט. אין צוויי וואכן ארום האט ער פלוצלינג א קוק געטאן אף סערגייען און פארלוירן א שמייכל געטאן: „מיין מישקא... איז געשטארבן פון דער בלאקאדע... איך וואלט, דאכט זיך, איינגעביסן זיך אין גארגל! נאר, לאמיר ריידן פון עפעס אנדערש, דערפון קענסטו סיי ווי גאר־ניט זאגן..."

סערגיי פלעגט אפט באקומען בריוו פון דער מאמען, פון וואליאן; ער פלעגט זיי דורשטיק לייענען, אבער ענטפערן קורץ, ניט פינקטלעך. ער האט ניט געקענט צוזאמענבינדן דאס, וואס עס איז פארגעקומען, מיט זיין פריער־

דיקן לעבן. ווי מאָדנע דאָס איז, וואָס די מאַמע כאָזוערט איבער אַלטע פּאַר־מילכאַמעדיקע ווערטער, כאָלעמט געוויס, איז אופגערעגט, רויכערט אַ סאַך... זי זאָל נאָר ניט קראַנק ווערן! וואָליאַ באַקלאָגט זיך ניט, עס פילט זיך, אַז זי בענקט זייער. שרייבט, געווען אין טעאַטער, געזען „דריי שוועסטער". די מאַמע האָט אָנגעשריבן, אַז אָליאַ האָט זיך גענעט, דאָס איז גוט, ער איז אַן עקלדיקער... מען געט זיך. מיסטאָמע האָט מען אויך כאַסענע... גוי ווייט דאָס איז אַלץ! ווי אַף אַ צווייטער פּלאַנעט. נאָר איינס האָט זיך גע־בונדן מיטן סטעפּ, מיטן הייסן שטויב און טשאַד, מיט די צעריסענע בריקן, מיטן אומעט — די קעסידערדיקע „נאַכן בריוו" פון נינאַ געאָרגיעווגאַ: „פון וואָסיאַן איז גאָרניטאָ"... מילכאָמע! איצט איז מיט איר סערגיי אָרומ־געכאַפּט געוואָרן, ווי דאָס גראָז אין סטעפּ, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די סרייפע.

איינער אַן אָפּיציר האָט דערציילט: קאַמפן אין וואָראָניעזש גופע. פון ראָסטאָוו האָט מען זיך געלאָזט אַף דאָרעם. סאַלסק. קאָטעלניקאָווא... דער דורכרייס ווערט אויסגעברייטערט מיט יעדן טאָג. די דייטשישע טאַנקען רייסן זיך דורך צום הינטערלאַנד. ערגעץ ווו קומען פאַר מוירעדיקע שלאַכטן, אין אַנדערע ערטער טרעט מען אָפּ. עס ברענען כוטאָרן, עס וויינען פרויען, ביטערע גערוכן פאַרקלעמען דאָס האַרץ.

די וועלט האָט, דאַכט זיך, ניט געזען אַזאַ מענטשן גערדראַנג; פינקטלע־כע וויירטעמבערגער בוכהאַלטערס טראָגן זיך מיט קוויטשערייען איבער פאַ־לאָוועצקער סטעפּן. ווער אַלץ איז דאָ ניטאָ? פעלדפעבעלס אָפּגעפרעסענע אַף אוקראַינע און גענעראַלן מיט אויסגעטריקנטע פענעמער און פוסטע אויגן, וואָס ווייסן נאָר איינס — „צוואַנגן" און „אָרומנעמען", היידעלבערגער סטו־דענטן מיט שראַמען פון דועל — שווערדן, טעמפּע פּאָמעראַנער פּיצוכטלער, העפקערדיקע עס־עס־לייט און קראַקעדיקע פערציק־יעריקע בירגער, וואָס פאַר־מאָגן אָפּשפּאָרונגען אַף ביכלעך און מערידן, זיי דאַרפן עס באַקומען די לע־גענדאַרע רייכטימער פון קאַלכידאַ. דאָ זיינען אויך דאָ איטאַליענער, זינגער און שיקורים, אייביקע וואָגלער און קאָרטנשפּילער, זיסע טענאָרן מיט מאַ־שינגעווער, האַרצפּרעסער, וואָס זיינען אַריינגעטאָן אין פרעסן געגאַנוועטע אייער, קעשענע־גאַנאָווים אין ראַלן פון צעזאַרס. דאָ זיינען אויך רומענישע פּויערים, וואָס האָבן ניט קיין ליב און לעבן, שטיפקינדער פון גויראָל, און אָפּיצירן פון בוקאַרעשט, וואָס פאַרזיכערן, אַז זייערע אָוועס האָבן געוווינט אַף דער וואָלגע, אַז זיי זיינען — דער פּופּיק פון דער וועלט — באַ זיי איז די פאַריזער גראַציע און אַ האַנט אין בערלין. דאָ זיינען אויך מאַדיאַרן. צע־היצטע פון בלוט, פון אונטערוואַרפן זיך דעם „נו!" פון זאַרג: עמיצער האָט זיי באַליידיקט, הייסט עס, שיס... דאָס אַלץ טראָגט זיך איבערן סטעפּ, עסט, טרינקט, לאָזט עס אַרויס, ראַבעוועט, שטיקט, שרייט: ווייטער, ווייטער!

געגעכטיקט האָט מען אַפּן כוטאָר. אַן אַלטער האָט, שמייכלענדיק, גע־זאָגט סערגייען:

— אייערע האָבן גערעדט וועגן גאָט...

— וואָס גערעדט?...

— גאָט איז בייז געוואָרן: „וואָס טוט זיך דאָ? די רוסן האָבן מיך אָפּגעשאָפּט, און איצט האָפּן זיי, די אויסוואורפן, ווידער אָף מיר”...

— מיר האָפּן אָף עפּעס אַנדערש, — האָט געענטפערט סערגיי.

— אָף די אַליאַירטע?

— אָף זיך.

— וואָס פאַרא קלעפּיקער גערוך! ווילד־גראָז. מען זאָגט — ביטער, ווי דער טויט! און דאָ — גאָר ווילד־גראָז... דער אַלטער האָט מעכאַבעד געוועזן מיט וויין, דער וויין שמעקט אויך מיט סטעפּ, מיט אָפּגעברענטן גראָז.

— ס׳איז דאָנער וויין, — האָט דערקלערט דער אַלטער, — מיטן בורקעט...

סערגיי האָט זיך דערמאָנט, ווי מאַדאַ האָט גערעדט וועגן זיסן וויין, וואָס לאָזט אַ ביטערן בײַטאַם. איז עס טאַקע בעעמעס געוועזן — אַ זומער פון פרידן, מאַדאַ, דער וואַרשטאַט מיט אַ סאָד לייוונטן?... איצט זיינען דאָרט פריצן. אַ בײַטאַם פון ביטערניש? ניין, ביטערער... און פּלוצלינג האָט ער זיך צעלאַכט:

— וועגן גאָט — איז טאַקע קאָמיש. עס איז גוט, וואָס מען טראַכט צו אַנעקראַטן. הייסט עס, אַז מען האָט ניט אַראָפּגעלאָזט די נאָז...

נאָך טעג, וויאָרסטן. שטויב, ווילד־גראָז. און אָט איז דען דאָן...

— די בריק אָף אייער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, — האָט געזאָגט דער פּאָלקאָווניק.

וואַראַנאָוו איז באַשטאַנען אָף זיין פּלאַן:

— מיר וועלן אופרייסן מיט זיי. איך וועל נעמען צוואַנציק מענטשן. די באַהעלטעניש איז אַ גוטע. ביז זיי וועלן אופשטעלן, וועלן מיר באַוויזן אַרויסצוקריכן...

זאַנין האָט ניט באַלד איינגעשטימט: ס׳איז צו ריזיקאַליש. וואַראַנאָוו איז צוגעשטאַנען:

— עס איז אַבסאָלוט געניוי...

מען האָט באַטראַכט די באַהעלטעניש. סערגיי האָט געזאָגט:

— ווען מיר וועלן גיין צוריק, וועט מען דאַרפן אופשטעלן די בריק...

וואַראַנאָוו האָט זאַכלעך געענטפערט:

— ניט דאָ, אָף דריי הונדערט מעטער נידעריקער...

עס איז געוועזן אַ ראָזער פרימאָרגן, ראָז, ווי עס קען נאָר געמאָלט זיין אין סטעפּ. דער עלטערער סערזשאַנט שוליאַפּאָוו האָט געזאָגט: „כאָוועד לייטענאַנט, גייט, מיר וועלן זיך אַליין ספּראַווען”. וואַראַנאָוו האָט אַ שמייכל געטאָן: „עס ווילט זיך צוקוקן, אַ וויכטיקער איניען”...

צוערשט זיינען אָף דער בריק אַרוף פיר דייטשן; געשטאַנען אַ ווײַלע, אַ קוק געטאָן אָף אונטן און אַוועק צוריק. וואַראַנאָוו האָט דערזען אין בינאָקל: צוויי אָפיצירן האָבן העפטיק געשמועסט. דערנאָך האָט איינער אופגעהויבן אַ האַנט. ווען פינף מאַשינען זיינען געוועזן אָף דער בריק, האָט שוליאַפּאָוו אַ דריי געטאָן דעם שליסל פון דער אופרייס־מאַשינקע. עס איז פאַרגעקומען אַ אופרייס און אַלץ אַרום איז פאַרשאָטן געוואָרן. וואַראַנאָוו

האָט זיך אָפּגעטרייסלט. גוט... די סאַפּיאָרן זײַנען געקראָכן צווישן גראָז. עס האָבן אָנגעהויבן שטעפּן קוילנוואַרפערס. וואָראָנאָוו האָט אַ געשריי געטאָן צו שוליאַפּאָוון: „ניט ענטפערן. קריכנדיק...”

צומאָרגנס האָט דער עלטערער סערזשאַנט שוליאַפּאָוו באַריכטעט סערגייען:

— מיר האָבן פאַרלאָרן דעם לייטענאַנט וואָראָנאָוו און דעם רויטאַרמייער אַבּרימענקאָ. די איבעריקע זײַנען אַלע אָנגעקומען. אַבּרימענקאָן האָט מען דערהאַרגעט. דער לייטענאַנט איז געווען פאַרוווּנדעט אין קאָפּ. מיר האָבן אים אַרײַנגעשלעפּט אין אַ גריבל. די דײַטשן האָבן אָנגעהויבן אַריבערצוגיין דרײַ און צוואַנציק אַזייגער, אונדז האָבן זיי ניט דערשנאַפּט. מיר האָבן געוואָלט מיטנעמען דעם לייטענאַנט, ער איז געווען אָן באַוווּסטזײַן, איך האָב געזען — ער גייט אויס... וואַרטן האָט מען ניט געטאָרט, מען האָט געמוזט דערגיין ביז עס וועט אָנהויבן טאָגן... מער ווי הונדערט דײַטשן זײַנען אומגעקומען. דער אופּריים איז געווען אַ שרעקלעכער. איך פאַרשטיי ניט, ווי אַזוי עס האָט אונדז ניט פאַרשאָטן...

שוליאַפּאָוו האָט געגעבן סערגייען וואָראָנאָווס דאָקומענטן און צוויי פאָטאָגראַפיעס: אַ יונגע פרוי אין אַ בערעט, אַ פרייל̈עכע — זי לאַכט, און אַ יאַטל, געווים מישקאַ... ניקאָלײַ האָט קיינמאָל ניט באַוויזן... אַט איז שוין וואָראָנאָוו אויך ניטאָ!... „מיר וועלן אופשטעלן אַף דרײַ הונדערט מעטער נידעריקער”... ער ווייסט דאָס ניט... און אומגעקומען איז ער גלענצנדער — הונדערט דײַטשן און געוווּנען קימאַט אַ גאַנצן טאָג... אַ טאָג — וואָס פאַרא קלייניקייט דאָס איז, זיי טראָגן זיך שוין באַלד אַ כוידעש אָן אָפּשטעל. און וואָס פאַרא ווערט האָט עס אַ מיִע פריצן? דאָ איז קימאַט גאַנץ אייראָפּע...

שוליאַפּאָוו האָט געזען, אַז דער קאָמאַנדיר איז עפּעס ניט מיט אַלעמען.

— כאָווער קאַפּיטאַן, פאַרן לייטענאַנט וועלן מיר זיך נאָך אָפּרעכענען מיט זיי, מיר וועלן אים אַזוי דערלאַנגען, אַז ער וועט פאַרגעסן זײַן פראַו...

סערגיי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַף הינטער, פאַרכידעשט אָנגעקוקט דעם סערזשאַנט, און געענטפערט עפּעס אַזוי פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט גערעדט מיט זיך:

— געוויס, וועלן מיר דערלאַנגען. אַ שאָד דעם לייטענאַנט. וואָס פאַרא מענטש דאָס איז געווען!... וואָס איז דאָ צו ריידן!... מען דאַרף מינירן דעם דאָרפס־וועג, זיי קענען אַמאָל פאָרן מיט דעם וועג — ווי קולטור־מענטשן...

## III

קעל̈ער האָט גענומען אַף די קני אַ מיידעלע פון אַ יאָר דרײַ אָדער פיר, זי האָט אים מיט עפּעס דערמאָנט זײַן טאָכטער. גרעטכען איז שוין געוויס, אַ גרויסע, צוויי יאָר האָט ער זי ניט געזען, איצט איז איר פינף יאָר און רודי גייט אין שול...

— ווי רופט מען דיך?

דאָס מיידעלע האָט זיך צעוויינט, אַנטלאָפן, באַהאַלטן זיך הינטער דער

מאמעס קליד. קעלער איז געווען אין א גלענצנדער שטימונג: ערשטנס, איז ער פון היינט אן אן אונטעראפיציר, דאן — האט ער נארוואס אופגעגעסן א גרויסן טעלער צווארעך מיט סמעטענע און, דריטנס, זיינען די נײַס אזעלכע, אז ביז צום ווינטער וועט זיך אוודע, אלץ ענדיקן. דאס איז גלענצנד, א צווייטן רוסישן ווינטער וואלט קיינער ניט איבערגעלעבט... ער האט זיך דערמאנט — א קעלט, לייז, געשוואלענע פיס, פאסקודסטווע... איצט איז טאקע צו הייס, אבער אף דעם איז דאך זומער, און ביפראט נאך שיך ניט אין אזיע... א נארישע מיידעלע, האט מוירע, ווי איך וואלט איר וועלן בייסן. ווילדע מענטשן זיינען דא, האבן מוירע פאר פרעמדע...

קעלער האט דערזען א געלן פראסטן הינטל אף קרומע לאפקעס. ער האט צוגערופן דאס הינטל, געוואלט א גלעט טאן, אבער דאס הינטל איז אנטלאפן. אפילע די הינט זיינען בא זיי ווילדע... אבער דאך איז עס גוואלדיק אינטערעסאנט, עכטע עקזאטיק, נאך אביסל — און שוין דער צווייטער טייל וועלט! נעכטן האבן זיי געזען א קעמל... קיינמאל האט קעלער ניט געטראכט, אז ער וועט פארוואגלט ווערן אין אזעלכע געגנטן. ער איז געווען א קאבינעט־וויסנשאפטסמאן; ווּהין מען האט עס אלץ געקענט פארן פאר דער מילכאמע — קיין בערלין, פאריז, אין דער שווייץ... טוריזם... און דא זעסטו דאס, וואס עס האט זיך אפילע ניט געכאלעמט. מילכאמע קען מען ניט פארלייקענען, דאס איז גרויסמוטיק, מארדן איז ניט עטיש און ניט לאגיש, אבער פארלייקענען מילכאמע איז פונקט אזוי נאריש, ווי פארלייקענען ליבע, אין דער ליבע איז אויך ניט פאראן קיין לאגיק, ניט קיין מאראל...

דאס זיינען ניט קיין ארעמע דערפלעך, ווי פאראיארן זומער, דא זיינען פאראן סיי באזיירימלעך, סיי פרוכטן, ניט קיין שלעכטער וויין, אזוי ווי ריסלינג. ניט לאנג האבן זיי געפאקט א גאנץ פעסל... נאר מימי איז דא ניטא, און זי קען גארניט זיין. ס'איז לעכערלעך באליידיקן זיך אף די רוסן, פרימיטיווע מענטשן וואס האבן ניט שטודירט אנטראפאלאגיע. צו וואס פארלאנגען פון א ווילדן נעפעש קאמפליצירטע געפילן?... נעכטן האט ער, ענדלעך, פארבראכט אן אנגענעמע נאכט. עמעס, דאס מיידל האט טאקע די גאנצע צייט געוויינט, אבער אין דעם איז זיך דא זיין רייץ. צופרי האבן מיר א סאך זאכן באגראבן, בארימט זיך מיט די נייע פארמען, עס זיינען אבער דא אייביקע אינסטינקטן, דעם מאן איז אנגענעם, ווען די פרוי האט פאר אים מוירע — פילסט דיין קראפט...

קעלער איז פארבליבן א גוטער פאמיליע־מענטש; ער פלעגט אפט שרייבן גערטאן. ניט לאנג האט ער געשיקט דורך איינעם, וואס איז געפארן אין אור־לויב האניק, שמאלץ, שטיוועלעך אף פעלץ, וואס ער האט געפונען אין א רוסישער שטוב. לייטענאנט קראוזע האט געזאגט: „אויב אפילע די מיל־כאמע וועט זיך ניט ענדיקן ביז ווייַנאכט, וועט איר צום ווייַנאכט־בוים זיין צוזאמען מיט אייערע, אייער אורלויב איז אויסגעפאלן אין אקטאבער, האב איך אים איבערגעטראגן, קעדיי איר זאלט פארברענגען די יאנטויווים אינדערהיים". איז אלגעמיין איז לייטענאנט קראוזע ניט אזוי שלעכט, ער

שמועסט מיט קעלערן ווי מיט א וויסנשאפטסמאן. דאס איז אנגענעם, נער־טא וועט זיך דערפרייען... אבער איצט וועט ער נעמען רעוואנש — זי דארף פילן, אז ער איז דער הער... געווים, איז גערטא די מאמע פון זיינע קינדער, אבער עס זיינען פאראן מאמענטן, ווען זי איז נאר א פרוי, ווי מימי, ווי לאטא, ווי די געלינקע, וואס ער האט געפונען אין כארקאוו.

איך פלעג זאגן דעם ארעמען וועבער, אז איך כאלעם ווידער אוועקצו־זעצן זיך בא די ביכער, פלעגט ער פון מיר כויזעק מאכן, עפשער איז ער געווען גערעכט... ס'איז לעכערלעך צו פארלייקענען די וויסנשאפט, אבער עס זיינען פאראן דוירעס, וואס זיינען באשאפן געווארן פאר עפעס אנדערש. בין איך דען דער זעלבער קעלער, וואס פלעגט מוירע האבן, אז קליטש זאל מיך ניט אפזידלען?... דער פיורער שאפט געשיכטע, זיין נאמען וועט אראפ־שיינען פון אלע מאנומענטן. אפילע אין רוסלאנד... און פאר אונדז איז מילכאמע — ניט געשיכטע, דאס איז אן אומהיימלעכע און פלאגנדיקע שפיל. זעצן זיך צו דער ארבעט. דעם עמעס זאגנדיק, אומעטיק. עפשער, שפעטער, ווען איך וועל אלט ווערן... איצט געפעלט מיר עפעס אנדערש. איך ווייס ניט, ווי אזוי דער דארף הייסט, בא זיי איז עס אלץ „כוטאר", איך ווייס ניט וואס מיט מיר וועט מארגן זיין, מען קען דערהארגענען. אבער איצט בין איך ניט קיין קארט, איך בין א שפילער און איך וועל ניט זאגן „פאס"... נעכטן האט א יאט פון „פעקא" געזאגט: „אונדז האט באשאפן ניט גאט, נאר דער פיורער"... דאס קלינגט אביסל יינגלעריש, אבער אז עמעס איז אין דעם פאראן. געווים, מיך האט ניט באשאפן דער פיורער, איך בין גע־ווען אויך פאר אים, געלייענט, געארבעט, אבער די מילכאמע האט מיך איבערגעשמעלצט — אן אנדער מענטש...

מיט קעלערן פלעגט נעכטיקן ווילי, דעם לייטענאנט קראוזס ליבלינג. קעלער איז געווען ליב מיט אלע כאווירים, האט ער אויך ווילין דערנענטערט צו זיך. דאס איז ניט קיין שלעכטער יונגאטש, א טיפישער פארן נייעם דאר, א דרייסטער, א פריילעכער און א בארימער. ער האט דערציילט קעלערן, אז אין פראנקפורט האט ער עפעס אן אירמאַ, וואס ווערט מעשוגע אן אים, און אין א שאַ אַרום האט ער זיך מוירע געווען, אז אירמאַ פלעגט אים גארניט צולאזן צו זיך. מיט די רוסן גראביאנעוועט ער צופיל — ניט דער־פאר, וואס ער איז א שלעכטער, נאר ווייל ער האט גענומען אזא טאן. קע־לער האט אים עטלעכע מאל צוריקגעהאלטן. אט האט ער איצט אויך גע־גאנוועט א הון בא דער באלעבאסטע. די פרוי וויינט, ווי מען וואלט זי גע־קוילעט. נאריש — זיי וועלן דאך דא פארבלייבן נאך צוויי טעג.

— הער, ווילי, איך האב זיך איינגעשטעלט אזא סיידער: גארניט נע־מען דארט, וווּ איך נעכטיק. וועסט געפינען אין אן אנדער הויז... מען דארף אונטערהאלטן מיט די היגע איינוווינער אנשטענדיקע באציונגען...

קעלער האט צוגענומען בא ווילין דעם רויב, אפגעגעבן דער באלע־באסטע. יענע איז אנטלאפן, דריקנדיק צום הארצן איר אשירעס: קעלער האט זיך צעלאכט: זי ווארפט זיך אהער און אהין, ווי א קוואטשקע, ערד־ווארם.

ווילי האָט באַלד געבראַכט אַן אַנדער הון, זיי האָבן עס אָפּגעבראָטן אַף קוילן, און, באַלעקנדיק זיך, האָט קעלער געזאָגט:

— אַ פּוליאַרקע, ווי אין דיזשאַנער רעסטאָראַן „קלאַש", עס פעלט נאָר אַ פלעשל בורגונדער...

ווילי האָט באַזאָרגט אַ פלעשל ראָם. קעלער האָט זיך פּלוצלינג דער־מאָנט:

— היינט איז מיין געבורטסטאָג. ס'איז גוט, וואָס אַף אַפּרו... איך בין אַלט געוואָרן פיר און דרייסיק יאָר. אין מיין עלטער האָט דאַנטע אָנגע־שריבן, אַז ער האָט דורכגעמאַכט אַ האַלבן לעבנס־וועג. לאָמיר רעכענען, אַז מיר זיינען דורכגעגאַנגען אַ האַלבן וועג צו דער הויפּטשטאָט פון גרויסן מאַנגאַל...

זיי האָבן לאַנג געהירזשעט. די פאַרוויינטע באַלעבאָסטע האָט פון הויף ציטערנדיק אַריינגעקוקט אין פענצטער.

קעלער האָט אויסגעטרונקען אַביסל מער, ווי עס פאָדערט זיך, אָבער די שיקרעס איז געווען אַ לייכטע, ער האָט געשריען, געזונגען, אַוועק אין דאָרף אַריין, האָגאָם ס'איז געווען זייער היים. ער האָט זיך מעכאַיע געווען מיטן לעבן. אַ שאָד, וואָס יענע רוסישע איז ניטאָ... זקיינעס, אָדער קליינע מיידעלעך. די יונגע באַהאַלטן זיך געוויס אויס. לייטענאַנט קראַוזע האָט אינדערפרי שפּאַצירט מיט אַ פריילן, אַנגעטאָן גרויסשטאָטיש. ער נעמט אַלין פאַר זיך...

נאָכמיטיק האָבן אַלע גערוט, נאָר קעלערן האָט זיך ניט געוואָלט שלאָפן. ער האָט געפּרוּווט לייענען. אָנגעטראָפן אַף אַ נודנעם ראָמאַן: עפּעס אַ נעוראַסטעניקער, אַ סטודענט, אַ פריצישער זינדל, אַ מיידל, אַ הינקענ־דיקע, אָבער אַ שיינע, שמועסן וועגן יערושע און וועגן אויסגעהאַלטנקייט אין ליבע; ניינציק זייטן, און ס'האָט נאָך גאָרניט פּאַסירט. ער האָט אוועקגעלייגט דאָס בוך און גענומען שרעקן אַ מיידעלע — געמאַכט אַן אָנשטעל זוי ער וואָלט געשאָסן, און שפּעטער געוואָרפן איר ביסקוויטן. אַ נאַרישע, האָט מוירע צו נעמען... וואָס פאַראַ איבערגעשראָקן פאָלק! ווען איך וואָלט געווען דער פריערדיקער, וואָלט איך זיך פאַרנומען מיט אונטערזוכן טיפן, בּאַ די רויטע קען מען טרעפן אַלע ראַסן... אָבער ביכלאַל איז עס אומעטיק. שוין בעסער זינגען:

„איך זינג איצט אַף דער העכסטער נאָטע:
„ווו ביסטו, לאָטע, לאָטע, לאָטע?"...

ניטאָ ניט לאָטע, ניט אַפילע יענע, די נעבטיקע... ער האָט ווידער צו־גערופן דאָס הינטעלע, ער זאָל נעמען די ביסקוויטן, אַוואָדע, הונגעריק. דאָס הינטל האָט זיך ערגעץ פאַרקליבן און מיעס געבילט. ער שטערט איינשלאָפן... דאָך האָט קעלער איינגעדרעמלט. אופגעוועקט האָט אים אַ טומל הינטערן פינצטער. זעקס אַזייגער... הייסט עס, צוויי שאָ געשלאָפן, פיין!... וואָס האָבן זיי זיך צעשריען? זאָל עס זיין אַ טרעוואָגע? לייטענאַנט קראַוזע האָט צו־געזאָגט, אַז מיר וועלן רוען דריי טעג.

עס איז אַריינגעלאָפן אַ פאַרסאָפּעטער ווילי:

— ביסט געשלאָפֿן? מען האָט געפּאַקט אַ רוסישע שפּיאָנקע, לייטע־נאַנט קראַוזע האָט דורכגעפירט דעם פאַרהער. באַלד וועט מען הענגען, שוין — לויט מיליטערישע קלאַלים... איך האָב גאָרניט געוווּסט, געשפּילט מיט שטראַוסן אין קאָרטן, פּלוצלינג שרייט מען, אַז פעגלער האָט געפּאַקט אַ רוסישע, מען האָט געפונען בײַ איר צוויי האַנט־גראַנאַטן, וואָס זאָגסטו ניט, האָ!... נאָכדעם איז לייטענאַנט קראַוזע אַרויס, זאָגט: „מירן באַלד אופ־הענגען". שטראַוסן האָט מען באַפוילן אָנשרייבן אַף אַ ברעטל, אַז מען האָט אופגעהאָנגען אַ באַנדיטקע, לייטענאַנט קראַוזע האָט אים געגעבן אַ מוס־טער — אַלע אויסיעם רוסישע, ער שרייבט קאָלאָסאַל, ווי אַ קינסטלער... לאָמיר גיין זען!...

ווילי איז אַוועקגעלאָפֿן פאַרויס, ער האָט שוין ניט געהאַט קיין געדולד, און איז גלייך צוריקגעקומען:

— פאַרגעסן אָנצולאָדן, נעכטן האָב איך אויסגענוצט דעם גאַנצן פילם. דאָס וועט זיין אַ בילד...

דאָס מיידל איז געווען אין אַ גרויען קלייד, צעריסן אַף דער ברוסט; די הענט זיינען געווען געבונדן. אַ יונגעטשקע, זיבעצן אָדער אַכצן יאָר, ניט ענלעך אַף אַ טעראָריסטקע, גוטע אויגן, אַ הויכער שטערן, די האָר גלאַט פאַרקעמט, מיט אַ שרינט, אַוודע אַ שטאָטישע — צוגעשיקט... קעלער האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פונעם שטיקל טונקעלן קערפּער.

אונטעראָפיציר שטעלברעכט איז צוגעקומען צום לייטענאַנט קראַוזע:

— עפשער, בעסער אָפּשיקן צו דער פעלד־פּאָליציי?

— צו וואָס? זי האָט מיר אַליין געזאָגט, אַז זי האָט געוואָלט וואַרפן די גראַנאַטן אין אַ מאַשין מיט ברען־שטאָף. מיר זיינען גאָרניט מעכוּיעוו צו פאַרנעמען זיך מיט פּאָליציייִשע איניאָנים. די דאָזיקע הערן האָבן מוירע צו באַווייזן זיך אַף די פּאָדערשטע... איך — בין אַ רייכסווער אָפיציר, און ניט קיין געשטאַפּאָ און אַ פּאָליצאַי... — ער איז אַ ווײַלע אַנטשוויגן גע־וואָרן און דאַן צוגעגעבן: — לויט מיר, דאַרף מען ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין פייניקן, דאָס פאַרשטאַרקט נאָר דעם ווידערשטאַנד. איך האָב איר אַפילע קיין קלאַפּ ניט געטאָן, דאָס קלייד האָבן צעריסן קאָלער און פעגלער, ווען זי האָט געפּרוּווט אַנטלויפן...

הענגען האָט מען אָנפאַרטרויט דעם יעפרייטער ווערגאָו. דאָס איז גע־ווען אַ יונג יאַטל, אַ זון פון אַ פאַבריקאַנט, איינער פון די פּניי בײַ דער נאַלשטינער „היטלעריוגנט". ער האָט אין מילעראָווא אויסגעפונען צוויי קאָ־מוניסטקעס און אַז אַלטן ייִדן און אַליין זיי אופגעהאָנגען. קעלער האָט צו אים געהאַט אַ טאָפּלטן געפיל: געהאַסט פאַר דער גראָבקייט און מעקאַנע געווען — דער נייער דאָר, אַז אונדזערע פאָרורטיילן, זיי איז אַלץ לייכטער...

ווערגאָו האָט אַוועקגעשטעלט דאָס מיידל אַף אַ טאַבורעט און צוגע־בונדן די שטריק צו אַ דיקן צווייג, אויסגעפּרוּווט, צי עס וועט אויסהאַלטן, ער האָט אַרומגעכאַפּט דעם צווייג און געבליבן הענגען — אַ שטאַרקע...

ווילי האָט דערלאַנגט קעלערן דעם אַפּאַראַט:

— פאטאגראפיר, ווי איך וואלט קלוימערשט אופגעהאנגען, איך האב אלץ אנגעשטעלט, גיב נאר א דריק דעם קנעפל...

דאס מיידל האט עפעס א געשריי געטאן. פארן יאר צייט האט זיך קעלער אויסגעלערנט ריידן אביסל רוסיש; אבער וואס דאס מיידל האט אויסגעשריען, האט ער ניט פארשטאנען. ער האט נאר פארשטאנען א פאר ווערטער: „איך שטארב" און „סטאלין". ווערגאו האט געשיקט ארויסגעשלאגן פון אונטער דער מיידלס פיס דעם טאבורעט. דאס מיידל האט עטלעכע מאל א צאפל געטאן.

שמידט, א ניט יונגער און אבערגלויביקער פויער (אפן ברוסט בא אים איז א צענדליק קאמייעס), האט אפגעזיפצט:

— מיר געפעלט דאס ניט...

פעגלער האט זיך גערודלט:

— מען וואלט זי בעסער פריער אונדז געגעבן! רעם לייטענאנט ארט עס ניט, ער האט זיינע פארשלאסן אין שטוב...

ווילי איז געווען עמאציאנירט. ער האט געזאגט קעלערן:

— קאלאסאל!... איך האב מורא, אז עס איז ווייניק געהאלטן, צו ווייניק ליכט... איך וועל אומבאדינגט שיקן די פאטא צו אירמאן. ווען איך וועל קומען אין אורלויב, וועט זי אליין קומען צולויפן...

קעלער האט זיך צוגעהערט, ארום האבן אלע גערעדט וועגן מיידל, מען האט גערעדט אן פארדרוס און אן ראכמאנעס, גיכער טרוימעריש און פונקט אזוי פארטרוימט האבן זיי גערעדט גראבע רייד.

קעלער איז אוועק צו זיך, אנגעשריבן גערטאן א קורצן בריוו: „היינט איז מיין געבורטסטאג, דא איז ניטא ניט דער פיראג דיינער, ניט דיינע אומארמונגען. מיר זיינען אין עק וועלט; דערצייל רודין, אז קעמלען זיינען דא — ניט אין זאאלאגישן גארטן, נאר אף דער פריי, ווי פערד. איך קוש די טייערע קינדערלעך און דיך, מיין ליבסטע ליאלקעלע! אף אייביק דיינער — יאהאן". ער האט א טראכט געטאן: גוט, וואס איך האב ניט אנגעשריבן, ווי מען האט געהאנגען, מען דארף ניט צעבלאזן אזעלכע אינסטינקטן... מיר — זיינען עפעס אנדערש, מיר — זיינען זעלנער... מארגן קען מען מיך דערהארגענען...

— הער, ווילי, ווי הייסט די שטאט, וואוהין מיר פארן?

— סטאלינגראד.

דאס מיידל האט געשריען „סטאלין"... ווי נאיוו און מעשוגע זיי זיינען די דאזיקע רוסישע, עס ווילט זיך זיי אומבאדינגט אדער דערהארגענען, אדער שטארבן! זיי זיינען ניט באשאפן געווארן פאר פרידלעכער אנטוויקלונג, מען וועט מוזן אנטאן א שטארקן מוילצאם... אין דעם, וואס מען הענגט, איז פאראן א זין, דערשיסן איז ערגער, אין דער מילכאמע שיסן אלע... זי האט זיך עפעס אזוי מאדנע געצאפלט...

ס'איז טונקל געווארן. באם דאזיקן לעמפל קען מען אפילע ניט לייענען... קעלערן איז געווארן אומהיימלעך. איצט וואלט גוט געווען צו זיין אף א העל־באלויכטענער גאס פון פארמילכאמעדיקן היידעלבערג, ארייןכאפן

זיך אין אַ קאַפע — אַן אָרקעסטער, טישטעכער אין קראַטן, קעלנערקעס אין פאַרטעכלעך פון שפּיצן... וואָס איז דאָס פאַר אַ כאַזעריי? בײַ די רוסן שטערט שטענדיק עפּעס צום שלאָפן — אָדער וואַנצן, אָדער אַ זויג־קינד, אָדער קעץ... אַזאַ פאַרשיווער הינטל! אַן אָנשטענדיקער הונט ליגט רויִק. ציץ!... קעלער האָט זיך פּלוצלינג צעשמייכלט:

— ווילי, דו האָסט, דאַכט זיך, אַ שטריקל?... לאָמיר אויפהענגען דאָס הינטל, ער לאָזט אונדז ניט שלאָפן...

איינשלאָפנדיק, האָט קעלער אַ טראַכט געטאָן: אַ שטורמישער געבורטסטאָג... און ווי אַזוי וועט אויסזען דאָס יאָר?...

## IV

באַטאָג איז אומגעהויער היים; אַן אויסגעברענטער סטעפּ, אַ געלער שטויב, וואָס פרעסט ווי שוועבל, זודיק, ענלעך צו אַש; עס רייסט אין האַלדז; עס פּייניקט אַ דורשט. אָבער די נעכט זײַנען שוין פריש. עס קומט ניט אפֿן געדאַנק, אַז דאָס איז פון וועטער, אַז עס איז ביכלאַל פאַראַן אַ וועטער, האַרבסט. דער וועטער איז נאָר אין דעם הימל אַן וואָלקנס: הייסט עס, אַז באַלד וועלן זיי קומען צופליען... וועסט ניט זאָגן, אַז די פיס גייען ניט, אָדער אַז עס קלעפּן זיך די אויגן; די פיס גייען פון זיך אַליין, די אויגן — דאָס איז ניט אָפּהענגיק פון דיר, דאָס איז ווי אַ לאַבן ברויט, ווי אַ קאַן מיט ברענשטאָף, וואָס נאַליווייקאַ זאָרגט פאַר דעם, ווי סטענגעס פון קוילנוואַרפערס, ווי אַן אָפּגענוצטע מאַפּע מיט רויטע און בלאָע קייקעלעך, קרייזן, זיגזאַגן. איינס איז פאַראַן — אַ שלאַכט; פון איר ווייסן אַלע, אָבער עס זעען זי ניט אַסיפּ, ניט קאַפּיטאַן מינאַיעוו, ניט פּאָלקאָווניק איגנאַטאָוו. עס דאַכט זיך, אַז מען דאַרף זיך אויפהויבן אין דער סטראַטאָספערע אָדער אַריבערטראָגן זיך אין אַן אַנדער יאָרהונדערט, אַז זי זאָל דערשײַנען פאַרן מענטשנס בליק. זי ציט זיך ניט דעם ערשטן טאָג, איינשטילנדיק זיך אויף עטלעכע שאָ און ווידער אויפלאָקערנדיק, דערפירנדיק די מענטשן צו טעמפּקייט, צום פאַרלירן דעם זיקאָרן, צו פאַרשטאַרטקייט, און דאָך בײַ דער וואַכזאַמקייט פון אויגן און הענט, בײַ דער אַנוועזנהייט פון אַ ווילן, וואָס ווײַזט זיך שוין אויס אַלס פרעמדער און וואָס העלפט שאַפּאָוואַלאָוון צוצולאָזן דעם טאַנק אויף הונדערט טריט, דעם אַרטילעריסט טשאַדושקין זייען אַ פּאַניק אין דעם סוינעמס צווייטע עשעלאָנען, דעם סטאַרשינאַ נאַליווייקאַ דערלאַנגען אין דער צייט אַמוניציע, און דער קליינטשינקער נאַני גאַרעליק איבערצובינדן, נאָכן אָפּטרייסלען זיך פון אַ באָמבאַרדירונג, צעדריבלטע פיס, אויפגעטרענטע גופים. דאָס איז אַנוועזנד אינעם מענטשן, אַפילו ווען ער טראַכט פון גאַרניט, נעדענקט גאַרניט, און דאָס צווינגט דעם סוינע, וואָס זעט שוין דעם ציל און וואָס רייסט זיך אַ צעהיצטער צו דער וואָלגע, ווי צום פינישׂ, — טאָפּטשען אויף איין פּלאַץ, ברענגען רעזערוון, וואַרפן אין דער שלאַכט אַריין נייע טאַנקען, אָנפילן די הימלען מיט „יונקערס“, „מעסערס“, „פאָקן“.

זיי האבן זיך ווידער צעהוזשעט. זיי פּיקירן... עס קראכט, א געפּילדער, ווי אלע צווישנפּלאנעטארע עקספּרעסן וואלטן זיך מיט אימפּעט געטראגן אף א בערגל, וואס איז שוין לאנג אופגערודערט, אז אז אינגעווייד, ווי צוויי הונדערט מענטשן ווילן פארהאלטן א דיוויזיע, א פרישע אדער אן אפּגעדריפּעטע, די דריי הונדערט זעקס און זיבעציקסטע אדער די אומבאקאנטע. פארהאלטן טאנקען, אף וועלכע עס זיינען אויסגעמאלן א ווילדער העלפאנט, וואס האט פאריסן צום הימל זיין שנויץ, אדער אן איינהארנדיקער, אדער א שארבן. און שארבנס זיינען פאראן לעראוו — אין העלמען, אין פּילאטקעס, אין היטלען, שטשירען די ציין, שמייכלען, דראען. אייערנעכטן האט מינאיעוו דערזען פּיס אליין — אן א גוף, אן א קאפּ, פּיס אין דייטשישע שיך, אין וויקלשניר. וועמענס און נאך וואס זיינען זיי געקומען אהער?

דער דאזיקער בערגל — א זאמדעלע, א קייקעלע קוים צו באמערקן אף דער שטאב־מאפּע, עס זיינען דא טויזנטער אזעלכע — סיי אין סטעפּ און נידעריקער — צווישן זאמדן, און העכער — לעבן דער שטאט, בא די זאוואדן. אלץ צוזאמען איז — א שלאכט; זי איז דורכגעטראכט, ווי א זייגער־מעכאניזם; א גיגאנטישע ווירטשאפט — אויב נאליוויַיקא וועט ניט האבן קיין ברענשטאף, אויב סערגייס סאפּיארן וועלן ניט צוריקשטעלן די אריבערגאנגען, אויב איין קוילנווארפער וועט פאר דער צייט אנטשוויגן ווערן, קען פּלאצן די פעדער, צעפאלן ווערן די מענטשלעכע וואנט; אין א שלאכט איז אלץ לאגיש און אלץ ניט פארויסגעזען, ווי אין לעבן. און פאר אסיפּן, פאר מינאיעוון, פאר זארובינען, עקזיסטירט נאר דער דאזיקער בערגל, טיפע שפּאלטן, פון הינטן, ווי מען רופט עס דא, א באלקע, טשאדושקינס באטאריע, דער דראט, וואס פאריניקט דעם בערגל מיט פּאלקאוניק איגנאטאווס בלינדאזש, א שטאלענער פאדעם, וואס קען זיך אט־אט צערייסן, ווי דאס לעבן פון יעדן פון זיי. א פארשטארונג, א טויטע מידקייט, עס פּלאצט דאס אויערן־הייטל, די אויגן קריכן ארויס, באנעמסט מער גארניט און דאך האלטסטו זיך; דאס איז עפּעס, וואס איז ארגאניש, מיכוץ די געדאנקען: אויסהאלטן. מען ווייס גארניט, אכוץ דעם סאמע פּאשעטסטן: עס איז געקומען צופליען מיט אן ערשטן וויזיט א „ראמא", הייסט עס, אז באלד וועלן נעמען הוזשען די „שטוקאס", נאכדעם וועט נעמען שלאגן די ארטילעריע, עס וועלן זיך א לאז טאן טאנקען, שאפּאוואלאוו מיט טשיזשיקן וועלן זיך צולעפּן צו דער ביקס; באגיסנדיק זיך מיט שוויים, וועט טשאדושקין דערלאנגען איבער די שווערע; און אויב מען וועט די טאנקען אפּשטעלן, וועט זיין אן אטעם פּויזע — קען מען עפענען א פּושקע קאנסערוון, פרעגן ווי עס זעט אויס דער פראנט־באריכט, אנשרייבן א בריוו, פארדרייען א ציגארעט, פארציען זיך און דאס ערשטע פארציען זיך נאך אן אפּגעשלאגענער אטאקע — איז א צוריקער צום לעבן.

וווּנדערלעך איז די שנעלקייט פונעם דאזיקן צוריקער. אין אנהויב איז א רעגע פון פּוסטקייט; די אויגן קוקן און זעען גארניט; מענטשן ווישן אויס די נאסע פּענעמער, מען שווייגט. עס גלויבט זיך עפּעס ניט, אז דו לעבסט... אין איינער פון אזעלכע רעגעס האט אסיפּ דערמאנט, ווי ער האט

שוין גאַר־גאַר לאַנג געהאַט פאַרזיכערט זאַרובינען, אַז די מורע איז פון ניט געוווינהייט, „עס וועט זיך אָפּטעמפּן". עמעס, אַזוי לאַנג ווי זיי דער־לאַנגען, ווערט אָפּגעטעמפּט, ווערסט פאַשעט טעמפּ; אָבער אַט איז איצט שטיל און מיטאַמאָל איז געוואָרן מוירעדיק — פון דעם וואָס איז פאַרביי. וואָס איז דאָ צו ריידן, ס'איז גאַנץ שרעקלעך, אָבער ס'איז נאַריש צו טראַכטן דערפון... און אַסיפּ האָט זיך גענומען ראַזירן; אַ טעמפּער מעסער, ער האָט זיך איינגעשניטן: גוט, וואָס זאַרובין האָט זיך ליב צו פאַרזאָרגן, ער האָט אַ בּײַנקע, דייטשישע...

ניט צום גלויבן, אַז מיט אַ שאָ צוריק איז די ערד געגאַנגען אונטער די פיס — זיי וויצלען זיך, קריגן זיך, ריידן פון מילכאָמע, ניט פון דער, וואָס איז אונטער דער נאָז, — פון אַ ווייטער. זאַרובין האָט געבראַכט די אַרמיי־צייטונג „באַיעוואַיע זנאַמיאַ" („די שלאַכט־פאָן" — כ. ב.).

— מיר ווייסן דאָ גאָרניט, — שרייט מינאַיעוו. מען האָט דערלאַנגט אַף וויאַזמע, אַף רזשעוו. אויב זיי וועלן דורכרייסן, איז אַ ראַבאַנעץ־קאַדיש נאָך די דייטשן.

זאַרובין קײַט האַרטן וואָרשט; דאָס איז, דאַכט זיך, דער לאַנגזאַמסטער מענטש אַף דער וועלט, ניט אומזיסט האָט אים מינאַיעוו אַ נאָמען געגעבן „מיסטער". ער דערציילט:

— קראַנץ פון דער זיבעטער אָפּטיילונג האָט נעכטן געפּאַקט אַ דייטשישע ראַדיאָ־אווידיציע, זיי מעלדן, אַז די אַליאירטע האָבן געמאַכט אַ רע־סאַנט... איך האָב פאַרשריבן... — ער קוקט לאַנג אַריין אין נאָטיץ־ביכל, — עס איז דאָ! אַ דעסאַנט לעבן דער שטאָט דיעפּ.

— וואָס־זשע האָסטו באַלד ניט געזאָגט? אַט אַ מיסטער!... דאָס איז דער צווייטער פראָנט — פאַרשטייסט?

מינאַיעוו איז אַ לעץ, ניטאָ, דאַכט זיך, קיין גרעסערער לאַשנהאָרעניק, פון אַלעמען מאַכט ער כויזעק, מיט אַלעמען רייצט ער זיך, און צוגלייך — זייער אַן עקזאַלטירטער. אַסיפּ האָט אים ניט איינמאָל געזאָגט: „דו ביסט, ווי אַ ראַקעטע"... איצט קען מינאַיעוו אַפילע ניט עסן, מאַכט מיט די הענט, שרייט:

— ניין, פריינט, איר דערשאַצט עס ניט! אַ צווייטער פראָנט!... דאָס הייסט, אַ סאָף מיט די דייטשן — זיי האָבן דאָך אַלץ אהער אַריבערגע־וואָרפן... אַזאַ פאַרדרוס, ניטאָ קיין מאַפּע!... אַסיפּ, דו געדענקסט ניט, ווו עס געפינט זיך דער דאָזיקער דיעפּ, ווייט פון פּאַריז?...

— פאַרוואָס ווייט? דאָרט איז אַלץ נאָענט...

— און דו זאָגסט עס אַזוי רויִק?

— וואָרט אויס, וואָס פאַרא אומגעדולדיקער... אין צייטונג איז גאָר־ניטאָ, עפשער, האָבן די דייטשן אויסגעטראַכט אָדער אַ קליינער ראַיד. עס ווילט זיך ניט אַנטוישן...

מינאַיעוו האָט זיך געכמורעט, ווי אַסיפּ פלעגט עס טאָן, גענומען קלאַפּן מיטן בלייפעדער איבער דער בלעכענער פושקע.

— אַפּן געגעבענעם אָפּשניט פון אַנטציקונג זיינען דאָס ווילד־גראָזן,

וואס מען דארף באקעמפן — אויסציענדיק זיין לאנגן האלדז, האט ער גע־נומען זינגען מיט א פאלצעט „דעם אנטוישטן זיינען פרעמד"...

— א שאר, ניטא קיין פאטעפאן, — האט געזאגט זארובין.

— באלד וועלן מיר זינגען א דועט. נו „דאקטאר געבעלס", ביטע.

מינאיעוו האט זיך טרויעריק צעזונגען, און דאס קליינע הינטעלע, א שווארצער מיט געלע פלעקן, האט באלד גענומען וואיען, עס האט זיך געדוכט, אז דאס הינטל מאכט נאך מינאיעוון. אסיפ האט זיך צעלאכט.

— גלענצנד! דאס האסטו אויסגעלערנט?

— ווייס איך, ניטא קיין ציים צו שטודירן ערנסט. דאס האבן אים די פריצן אויסגעלערנט. איך אנטפלעק נאר פארבארגענע קענטעניש. „דאק־טאר געבעלס", איך בעט אייך לעקאוועד דעם צווייטן פראנט א שיינעם פירועט...

פאר דער מילכאמע איז מינאיעוו געווען א סטודענט פון יורידישן אינ־סטיטוט. ווען מען פלעגט אים פרעגן, וואס ער קלייבט זיך צו ווערן — א פראקוראר אדער פארטיידיקער, פלעגט ער ענטפערן: „אן אנפירער פון א קינסטלערישן ליבהאבער־קרייז אין א קליינעם צענטער". ער פלעגט איבע־ראשן אסיפן מיט דער פארשיידנארטיקייט פון זיינע ליידנשאפטן — געווען משעמפיאן אין שווימען, ליב געהאט שאך, געקענט גוט ליטעראטור, א ווונ־דערבארער דערציילער; אסיפ האט אים לאנג ניט געגלויבט — ער טראכט אלין צו, אבער ווען מינאיעוו האט דערציילט דעם פאלקאווניק איגנאטאוו, ווי ער האט צוזאמען מיטן קאמיסאר געכאפט א דיווערסאנט, האט אסיפ צעפירט מיט די הענט — גענוי־גענוי, נאר א סאך אינטערעסאנטער, ווי עס איז בעעמעס געווען...

— איך האב א ברודער אין פאריז. איך ווייס ניט צי ער לעבט. אין אלגעמיין אן אוואנטוריסט, אבער א ווילער יאט. ער פלעגט מיר דערציילן זיינע אוואנטורעס, ווי אין א ראמאן. ווען דו הערסט, וואלסטו געקענט אנ־שרייבן א בוך...

— מיר זיינען געננוג מיינע אוואנטורעס. עס וועט זיך ענדיקן די מיל־כאמע, וועל איך אנשרייבן וועגן דעם פארשאלטענעם בערגל, וועגן דיר, וועגן „דאקטאר געבעלס". איך וועל קריגן האנאראר, וועסטו זען...

עס האט געמאכט דעם איינדרוק, אז מינאיעוו קען פון קיין זאך ניט ריידן ערנסט. אסיפ איז אים מעקאנע געווען: יונג און אזא כאראקטער... אסיפ פלעגט קיינעם ניט דערציילן וועגן זיינע צארעס: מעגלעך, אז דערפאר איז עס אים געווען נאך שווערער. ער פלעגט זיך זאגן: ס'איז נאריש צו האפן, שוין אדורך א יאר, קלאר, אז זיי זיינען געבליבן שטעקן... ער פלעגט פארבוישעכט ווערן, ווען די כאווירים פלעגן נעמען ריידן וועגן בריוו, וועגן אטעסטאטן, וועגן שול־צענזורן, וועגן געפונענע אדער פארלוירענע צימערן, וועגן צעשיידונג, לייכטזין, טריישאפט. קיינער פלעגט זיך ניט אנטשליסן צו טיילן מיט אנדערע זייערע צווייפלען. זיי פלעגן ריידן אבסטראקט: „א ליד אין צייטונג: „איך ווארט אף דיר". אינטערעסאנט, ווי אזוי איז עס אין דער ווירקלעכקייט?..." זארובין פלעגט גלייכגילטיק ענטפערן: „עס זייגען

פאראן שטארקע, און עס זיינען אויך דא נאכגיביקע", און דאס הארץ פלעגט בעיים מיסע פארקלעמען — און טאמער איז זיין מאשענקא אויך א נאכניביקע?

מינאיעוו פלעגט לאכן:

— האסט ניט מוירע פאר דיינע? אט דאס איז גוט. איך האב אויך ניט מוירע, אבער איך בין אין אן אויסערגעוויינלעכער לאגע. איך האב געהאט א מיידל, מיר האבן זיך באפריינדעט... די מאמע האט געטריבן אין זאגס אריין, און מיר פלעגן אלץ אפלייגן — געפילן אזעלכע, אז דער קאפ איז ניט צו פארמאליטעטן... בין איך אוועקגעפארן קיין לענינגראד אף צוויי וואכן הארט פאר דער מילכאמע. איך קום צופארן, זאגט דאס מיידל: „זיי ניט בייז, ס'איז ניט מיין שולד". קורץ, אז אריע פון „קארמען" און אן איינלאדונג צו א פרעמדער כאסענע. אזוי ארום, אז איצט בין איך פארזיכערט פון וועלכע עס איז אומאנגענעמלעכקייטן.

אפילע וועגן דער מאמען פלעגט זיך מינאיעוו וויצלען: „א מאמעלע האב איך א צאצקע, זי שרייבט „איך וואלט אליין געגאנגען קעמפן"... איך שטעל זיך איר פאר אפן דאזיקן בערגעלע! זי טראכט זיך — עס שטייט היטלער, וועל איך צוגיין און דערלאנגען א זעץ... דריי און זעכציק יאר, און איז נאך קרעפטיק, האקט האלץ..." מינאיעוו האט ניט דערציילט, אז די ברייוו מיט די מוטיקע ווערטער איז שווער איבערצולייענען — די אויסיעס זיינען זיך צעשוווּמען פון טרערן, די מאמע זיצט און וויינט: „ווי אזוי איז דארט מיין מיטיענקא?"

און דער מיטיענקא אירער איז געווארן א גוטער קאמאנדיר, האט געקענט אויסקלייבן א פלאץ פאר פארטיידיקונג, פלעגט זיך שנעל אריענטירן אין דער לאגע, אופכאפן אפן ווונק דעם פאלקאווניקס איגנאטאווס פלאן. אסיפ פלעגט אים זידלען פאר איין זאך: „אומזיסט, אז א פארוואס ריזיקירסטו. קינדעריש..." מינאיעוו פלעגט ניט רעאגירן, נאר טאן זיינס, ער האט געפילט, אז מען דארף אונטערהאלטן די מענטשן, אלץ איז צו שרעקלעד, זאלן זיי וויסן — איין גוירל בא אלעמען.

צווישן די קעמפער זיינען געווען סיי געזעצטע און סיי יינגלעך, איידעלע אוזבעקן, זשוואווע יאראסלאווער, פישערס, וואלדהעקער, בויער, מענטשן פון פארשיידענעם עלטער און פארשיידענע פאכן. מיט איינעם פלעגט מינאיעוו ריידן זאכלעך, מיט אנדערע פלעגט ער מאכן שטיק, איבער געוויסע כויזעקן. עס פלעגט פון אים ארייגכאפן ליובימאוו, א געוועזענער שערער, און איצט אן אויסשפירער, וואס איז עטלעכע מאל געגאנגען כאפן א „צונג". בא ליובימאוון פלעגט אלץ זיין „היסטאריש", פלעגט אים זארובין זאגן ער זאל זיך אריינכאפן אין קאפע פון פאלקאווניק, ענטפערט ער — „א היסטארישע אופגאבע". ער דערציילט, ווי אזוי ער איז פאר דער מילכאמע געגאנגען פארעגיסטרירן זיך מיט זיין ליובאטשקען — „אנגענומען א היסטארישן באשלוס". מינאיעוו פלעגט זיך מיט אים רייצן, אנשיטן מאכארקע: „נעם — דאס האסטו אף א היסטארישן סיגארעט". ליובימאוו פלעגט זיך וווּנדערן: „איך רייד קיינמאל ניט אזוי, כאווער קאפיטאן"...

אין יענעם אָוונט האָט זיך ליובימאָוו אונטערגענומען — איך וועל גיין פּאַקן אַ „צונג“, עפּעס האָבן די פּריצן איינגענומען אַ שטומעניש, זיי גרייטן זיך, געווים... געשיקט האָט אים מינאַיעוו, דער קאָמיסאַר איז ניט געווען — דער פּאָלקאָווניק האָט אַרויסגערופן.

באַ איגנאַטאָוון אין בלינדאַזש איז געווען אַזוי אָנגערויכערט, אַז אָסיפּ האָט ניט באַלד דערזען דעם פרעמדן מאַיאָר. דער פּאָלקאָווניק איז געזעסן איבער אַ מאַפּע, באַוועגנדיק מיט די עלנבויגנס, ווי מיט פליגלען.

— שטיל? באַ ראָמינאָווסקי איז אויך שטיל, און אויך באַ באַבטשענקאַ. ער האָט געבראַכט צושלעפּן אַ נייע דיוויזיע, דאָס איז עמעס, וועלכע ווייס איך נאָך ניט. ראָמאַנאָווסקי האָט צוגעזאָגט אופצוקלערן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן ניט אַדורך אַזוי פּאַשעט, גאַרטלען זיי זיך אונטער... מען האָט אונדז צוגעזאָגט אַף מאָרגן רעזערוון. ווי אַזוי זייַנען די מענטשן? דערשעפּט?...

נאָכדעם האָט זיך איגנאַטאָוו אויסגעדרייט צום מאַיאָר:

— דאָ האָט איר דעם באַטאַליאָן־קאָמיסאַר אַלפער, איך האָף, אַז ער...

— איר זייט אַ קיעווער? — האָט געפרעגט דער מאַיאָר. — ווי רופט מען די ווייב, ראַיסאַ גריגאָריעוונאַ?

— אַזוי איז עס.

— דער זעלבער. כאָווער קאָמיסאַר, אייער ווייב זוכט דאָך אייך אַרום. איך האָב זיך צופעליק אָנגעשטויסן, דער פּאָלקאָווניק זאָגט אין מיין אָנוועזנהייט „באַטאַליאָן קאָמיסאַר אַלפער“, אַ פאַמיליע־נאָמען זייער ניט קיין פּאָפּולערער. האָב איך טאַקע געבעטן, אַז מען זאָל אייך איבערגעבן... איך בין אַהער געקומען דעם אַכצנטן, גלייך פון מירעוודיקן. דאָרט איז איצט אויך הייס...

דער מאַיאָר האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן דער אָפענסיווע אין רזשעוו, אָנגעהויבן זיך ניט שלעכט, אָבער זיין פּאָלק האָט זיך שיר ניט אָנגעריסן, דער רעכטער שאָכן האָט ניט אונטערגעהאַלטן, האָט זיך געשאַפן אַ שווערע סיטואַציע... ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער דערציילונג און פאַרגעסן וועגן קאָמיסאַרס ווייב. און אָסיפּ האָט זיך ניט אַנטשלאָסן אים איבערצושלאָגן. ענדלעך האָט זיך דער מאַיאָר געכאַפּט.

— אייך איז דאָך אינטערעסאַנט וועגן דער ווייב. זי קעמפט, אין אונדזער דרייסיקסטער... אַ סנייפּער...

אָסיפּ איז אַזש אופגעשפּרונגען: ראַיע — אַ סנייפּער! דאָס קען ניט זיין!...

— איז עס ניט קיין טאָעס, כאָווער מאַיאָר?

— וואָס פאַראַ טאָעס? זי האָט אונדז פאַרפייניקט — דאָ שרייב אין נאַרקאָמאַט, דאָ אין פּור. איך זאָג אייך — ראַיסאַ גריגאָריעוונאַ אַלפער, אַ קיעווער, דער מאַן אַ פּאָליטרוק — וואָס דאַרפט איר נאָך?... זי האָט שוין אַף איר כעזשבן דרייסיק פּריצן. „דער רויטער שטערן“, אַ מעדאַל „פאַר דרייסטקייט“. דאַכט זיך קלאָר...

איגנאַטאָוו האָט מעכאַבעד געווען מיט וווּרשט און געבראָטענע קאַר־

טאָפּל, געגעבן בראָנפֿן. אָסיפּ איז געזעסן און געשמייכלט — ער האָט ניט געקענט פֿאַרבאָרגן זיינע געפֿילן. ער האָט אפילע ניט געהערט, וואָס דער מאַיאָר רעדט און ערשט אופגעכאַפּט זיך, ווען יענער האָט געזאָגט:

— מען זאָגט, מען האָט געעפֿנט דעם צווייטן פראָנט? דער פֿאָלקאָווניק האָט אַ שמייכל געטאָן:

— וואָס איז עס פֿאַר אַ צווייטער פראָנט!... זיי האָבן זיך שוין אָפּגעטראָגן. איך ווייס ניט — אַן אויסשפּיר אָדער אַזוי — יוויצע צו זיין... מיר דאַרפֿן זיך פֿאַרלאָזן אַף זיך, דאָס איז קלאָר. ראַטעוועון וועט קיינער ניט ראַטעווען, מ׳עט נאָך אונדז בעטן — ראַטעוועט...

באַנאַכט האָט אָסיפּ דערציילט:

— געפֿונען די ווייב, איך פֿאַרשטייט? אַ סנייפּער... געשפּילט ראָיאַל, די מאַמע פלעגט איר ניט צולאָזן אויסצוּוואַשן אַ העמד — „אַ שוואַכינקע". דרייסיק פּריצן! דער „רויטער שטערן"... נו, וואָס וועט איר זאָגן?... ווי אין אַ ראָמאַן!...

מינאַיעוו האָט זיך צעלאַכט:

— איך האָב דיר דאָך געזאָגט — זיצט זיך אַ שרייבער, טראַכט צו, מען צאָלט אים דערפֿאַר געלט, אָבער קליגער, ווי עס איז אין דער ווירקלעכקייט, וועט ער ניט צוטראַכטן... נו, קאָמיסאַר, איך גראַטוליר. וועגן דער טאָכטער האָט ער אויך דערציילט?...

— ניין, ער ווייס ניט. אוואָדע, מיט דער באָבען. ראַיע האָט זיי געשיקט אין הינטערלאַנד...

— וועגן צווייטן פראָנט האָט דער פּאָלקאָווניק גאָרניט גערעדט?

— אַ בלאָף, קיין שום צווייטער פראָנט, אַ דעמאָנסטראַציע...

מינאַיעוו איז בייז געוואָרן:

— דער טייוול זאָל עס נעמען!... ניט שיין. און אונדז שיקט מען טעלעגראַמעס, מען אַנטציקט זיך... זייער ניט שיין. איך וואָלט געזאָגט — ניט דזשענטלמעניש. הייסט עס ארויסגעזעצט זיך און צוריק אריינגעזעצט זיך?...

מינאַיעוו האָט זיך פּלוצלינג צעלאַכט.

— וואָס איז?

— דערמאָנט זיך אַ קאָמיש לידל:

„ס׳איז שטאָלץ מיט זיך
דער לאָרד, דער האַר,
אים ווילט זיך עסן אַ סאַך
און דערנאָך — אַ ציגאַר,
און קאַווע —
פֿאַרנייגט זיך טיף,
און נאָכדעם זיך זעצן אַף אַ שיף..."

— דאָס האָסטו פֿאַרפּאַסט?

— פּאָליעזשאַיעוו, ווען פּושקין האָט נאָך געלעבט...

ליובימאָוו האָט זיך אויסגעצייכנט, ער האָט געבראַכט צושלעפּן אַ דייטש.

— דא האט איר, כאווער קאפיטאן, דער טיפעש איז געגאנגען נאך וואסער, זאלבעצווייט זיינען זיי געגאנגען, דעם צווייטן האב איך דערליידיקט...

— וואס איז עס בא דיר די גימנאסטיארקע אין בלוט?

— מיט א מעסער, דער פאראזיט... נאך גוט, וואס דער מעסער האט זיך אראפגעגליטשט. איך האב געוואלט ארײנפארן, האב איך זיך איינגעהאלטן — זאל ער אביסל ריידן... דאס איז, כאווער קאפיטאן, ניט גלאט אזוי א פריץ...

מינאיעוו האט א שמייכל געטאן:

— ווילסט זאגן, אז דער פריץ איז א „היסטארישער"?

— וואס פארא היסטארישער איז ער, דאס איז ניט גלאט אזוי א פריץ, דאס איז אן ערשטקלאסיקער אויסוורף! איך האב אים גענומען פארזיכטיק, ווי א פייגעלע, איך שלעפ אים אף זיך, און ער, הינטישער זון, מיט א מעסער... הינטן־ארום...

און ליובימאוו האט זיך אנגעהויבן זידלען; ס'איז אפילו אומפארשטענדלעך, פון וואנען האט זיך עס גענומען צו א שערער, וואס האט זיך א גאנץ לעבן געלערנט איידלקייט, אזא אומויסשעפלעכער קוואל פון זידלווערטער — עס האט זיך געדוכט, אז אלץ אין אים קאכט, ער האט זיך ניט געקענט אפשטעלן, קיינער האט אים אויך ניט אפגעשטעלט — זאל ער זיך לייכטער מאכן דאס הארץ...

ווען ליובימאוו איז אנטשוויגן געווארן, האט אסיפ געזאגט:

— גיי צו לינאן, זי וועט דיך באנדאזשירן.

ליובימאוו האט א קוק געטאן אף אסיפן און האט זיך פארלוירן. ער האט זיך געווענדעט צו מינאיעוון:

— כאווער קאפיטאן, איך האב אים מיט א פינגער ניט אנגערירט, און ער, דער אויסוורף, הינטן ארום, מיט א מעסער א דריי געטאן... אז איר וועט ענדיקן דעם פארהער...

דער דייטש איז געשטאנען אויסגעצויגן מיליטעריש, אנגערופן מינאיעוון „הער פאלקאווניק". ער האט דערציילט, אז זיין דיוויזיע האט נאך ניט אנטיילגענומען אין גרויסע שלאכטן; מען האט זיי געבראכט מיט צוויי וואכן צוריק פון נאנסי.

— מען האט אונדז געזאגט, אז עס איז דא א באפעל ארויסצוקומען אף דער וואלגע ניט שפעטער פון זעקס און צוואנציקסטן. אייערנעכטן האט מען בא אונדז געמאלדן, אז מען האט שוין גענומען סטאלינגראד.

— ווער האט עס געמאלדן? געבעלס?... אנו, „דאקטאר געבעלס", וואס זאגסטו?...

דאס הינטל האט גענומען בילן, דער פעלדפעבל האט גארניט פארשטאנען, נאר זעענדיק, אז די רוסן לאכן, האט ער זיך אף יעדן פאל צעשמייכלט.

— און וואס האבן אייך די אפיצירן געזאגט — פארוואס טאפטשעט איר זיך דא?

— די אָפיצירן האָבן געזאָגט, אַז אומעטום איז גוט, נאָר דאָ אין אָפּהאַלט, דערפאַר ווייל דאָ...

— ווייל דאָ, וואָס?

— הער פּאָלקאָווניק, איך בין אַ פּאַשעטער זעלנער, איך האָב אויסגעפירט אַ באַפעל...

— איך פרעג דיך, וואָס האָבן די אָפיצירן געזאָגט?

— זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָ זיינען קעגן אונדז מעשוגאָים...

באַגינען האָט מען אָנגעהויבן באָמבאַרדירן. דאַכט זיך, אַז אַזוינס איז נאָך ניט געווען. און מעגלעך, אַז דאָס ווייזט זיך נאָר אויס, מיט פינף טעג צוריק, ווען מען האָט דערהאַרגעט מאַגאַראַדזען, האָט זיך אויך אויסגעדאַכט, אַז אַזוינס איז נאָך ניט געווען. עס ווילט זיך שרייען... נאָך דער באָמבאַרדירונג, איז אַרויסגעקראָכן לינאַ, באַנדאַזשירט די האַנט פון יונגערן לייטענאַנט באַראַנאָוו: צעשפּליטערט די האַנט. נעכטן האָט מינאַיעוו, קוקנדיק, ווי באַראַנאָוו נייט צו דעם קראַגעלע, געזאָגט: „האָסט גאָלדענע הענט”... וויפל דערהאַרגעטע?... איגנאַטאָוו האָט צוגעזאָגט רעזערוון... עס האָבן זיך געלאָזט די טאַנקען. שאַפּאָוואַלאָוו האָט געצילט, אַ שפּליטער האָט אים פאַרוואונדעט די האַנט, דאָך האָט ער מיט דריי שאָסן אָפּגעשטעלט דעם טאַנק. טשאַדושקין האָט דערלאַנגט איבער די שוועבל; איינער פון זיי איז צוגעקומען צום בערגל. טשאַדושקין האָט זיך ניט איינגעשטילט. צוויי קוילן האָבן געטראָפן אין בערגל, זאַגוואָזדיעוו איז פאַרוואונדעט געוואָרן, די דריטע האָט געטראָפן אין ציל — עס איז זיך צעקראָכן די שלאַנגען־ראָד. די דייטשישע אויטאָמאַטלער האָבן שוין געהאַט צוגעקראָכן ווייטער, אָבער די קוילנוואַרפער האָבן זיי פאַרהאַלטן. ווי שטענדיק, איז שווער געווען עפּעס צו פאַרשטיין, אָבער אַלע האָבן געטאָן גראָד דאָס, וואָס מען דאַרף; עס איז ניט געווען דערין ניט קיין לײדנשאַפט־אופבראויז, ניט קיין אייפער, נאָר יענע פאַרביטערונג פון גרויסער מידקייט און גרויסן ווילן, וואָס דער באַטאַליאָן האָט אונטערגעהאַלטן פונעם ערשטן טאָג פון דער שלאַכט. בײַ מינאַיעוון איז געווען אַ בייזער, האַרטער פּאָנעם; אַ ניט ראַזירטער, האָט ער אויסגעזען אויף צוואַנציק יאָר עלטער; ער האָט געווישט מיטן אַרבל דאָס פּאָנעם און געשריען אין טעלעפאָן אַריין: „זעכצן טאַנקען... „מעסערס” איבער דער רעכטער ווירטשאַפט...” אַסיף האָט פון גאָרניט געטראַכט — ניט פון ראַיען, ניט פון סטאַלינגראַד. ער האָט שפּעטער ניט געדענקט, ווי אַרום ער האָט זיך געלייגט לעבן קוילנוואַרפער, ווען מען האָט דערהאַרגעט זאַוויאַלאָוון, ווי ער האָט געשריען צום סערזשאַנט קאַראַלעוו: „קאָמוניסטן, פאַרויס!...”

עס איז אַנטשטאַנען אַ שטילקייט, די לאַנגדערוואַרטעטע פיינלעכע שטילקייט פון די ערשטע מאָמענטן, ווען די מענטשן, ערד, לופט, קומען צו זיך. אַסיף איז אַוועק צו שאַפּאָוואַלאָוון:

— וואָס איז מיט דער האַנט?

— אַזאַ שערעץ, צעקנאַקט די פּאַשקעס. איך זע — ער גייט, שלעפּט אַריבער די ביקס...

אסיפ האט געזאגט מינאיעוון:

— איך פרעג אים וועגן דער האנט — צעדריבלט א ביין, ענטפערט ער וועגן די סאשקעס. מען דארף ווידער אונטערשרייבן, מירן ביידע אונ־טערשרייבן — פארוואס ציען זיי אפ מיט דער אויסצייכענונג? ווער־ווער, אבער שאפאוואלאוו האט זיך פארדינט...

מינאיעוו האט פלוצלינג א שמייכל געטאן.

— דו פרעגסט אים וועגן דער האנט, און ער ענטפערט וועגן סאש־קעס... ווייסט, זיינען שוין גארניט אזעלכע נאראנים, מיסטאמע, זיינען מיר טאקע מעשוגאים... און ניט נאר מיר — בא ראמאנאווסקי, אומעטום... עס זעט אויס, אז סטאלינגראד וועלן זיי ניט נעמען.

— אויב עס וועט ווייטער אזוי זיין, וועלן זיי זיך אין א וואך ארום אפטראגן...

זיי האט זיך אויסגעוויזן, אז דאס איז — דער סאף, נאך עטלעכע אזעלכע טעג, און די פראגע איז געלייזט. און די שלאכט האט זיך ערשט אנגעהויבן צעפלאקערן.

V

ראיע האט א סאך מאל געלייענט אסיפס בריוו און יעדעס מאל, ווען זי פלעגט צוקומען צו די ווערטער „שיק מיר אומבאדינגט א פאטא", פלעגט זי שמייכלען. ער וועט ניט דערקענען... זי האט אריינגעקוקט אין שפיגעלע, ווי זי וואלט וועלן פעסטשטעלן צי זי איז ענלעך צו דער פריערדיקער. ניין, ניט די קיעווער, אן אנדערע — א רזשעווער...

זי האט געפונען אסיפן. וואס פארא גליק דאס איז!... זי איז געגאנגען איבערן וואלד און געשמייכלט, און דער וואלד איז געווען אויסגעפוצט — א רויטער, א גאלדענער. פלוצלינג איז זי געבליבן שטיין — זי האט זיך דערמאנט אלץ, וואס זי האט זיך שוין לאנג־לאנג פארבאטן צו דערמאנען: קיעוו, הינטערן אלמער זיפצט הויך די מאמע, אליא אין א גרינעם קליי־דעלע, מיט דער ליאלקע מאשא, מיטן קעמל — „מיין קעמל"... ראיע האט נאך געשמייכלט, אבער אין די אויגן זיינען געווען טרערן, די ערשטע פארן דאזיקן יאר.

זי האט ווידער איבערגעלייענט דעם קורצן בריוול. אסיפ האט ניט אנגעשריבן, ווו ער איז — מען טאר ניט, אבער זי האט געוווסט, אז מאיאר קאליוזשני איז געפארן צו סטאלינגראד. „דא איז איצט אזא לאגע, אז עס איז שווער צו קאנצענטרירן זיך"... מעגלעך, אז פאר דער צייט, וואס דער בריוו איז געגאנגען, האט מען אים דערהארגעט? געפינען, קעדיי באלד צו פארלירן... קליינמוטיקייט! ס'קומט אויס, אז אויב בא סטאלינגראד, הייסט עס אומבאדינגט דערהארגענען. ער איז ניט אזא, ער זאל פאלן אין מוט. די מאמע פלעגט זאגן: „אסיא איז ניט ליאווע, אסיא איז א שטארקער"... ארעמע מאמע, וואס האבן זיי געמאכט מיט איר?... אסיפ שרייבט, אז ער פארשטייט אלץ, נאר ער קען זיך ניט פארשטעלן — איך מיט א ביקס. און

איך האָב זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן?... כ'פלעג לייענען „פּראַשטשאַי, גע־וועזער” און רעווען, געזאָגט וואַליאַן, „די מענער זיינען מעשוגאָים, שיסן אין מענטשן”...

בעיס ראַיע האָט געטרוימט אריינצופאַלן אין פאַרניכטונגס־באַטאַליאָן, האָט זי ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט, זי האָט נאָר געפילט, אַז דאָס לעבן טראָגט זיך אַריבער פונעם קרעשטשאַטיק, וואָס רוישט נאָך אָף די פעלדער, אין די וועלדער, אין אַן אַנדערער אומבאַקאַנטער וועלט, וואָס פּאָ־לאַנסקי פלעגט אָנרופן „טעאַטער פון מיליטערישע האַנדלונגען”. אָנקומענ־דיק אין שפּיטאָל, האָט זיך ראַיע אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, געפרייט זיך: אָט בין איך אויך צונוצגעקומען... דאַן האָט זי געטראַכט: מירן שנעל זיגן, איך וועל זיך טרעפן מיט אָסיפן, אַלץ וועט זיין אָף אַן אַנדער אויפן, ער וועט מיך פאַרשטיין, איך וועל קענען מער געבן אַליאַן — זי איז דער־וואַקסענער געוואָרן, דערזען דאָס לעבן... זי האָט געטראַכט וועגן מאָרגנדיקן טאָג, ווי וועגן אַ יאָנטעוו. פון די ווערטער „ווען עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע” האָט שטאַרקער געקלאַפּט דאָס האַרץ, ס'האָבן זיך איר פאָרגע־שטעלט דער דניעפּר, די אַלייען מיט קאַשטאַנעס, שטילע מוזיק, רו.

און אָט האָט געשלאָגן יענע מוירעדיקע שאָ: „אונדזער מיליטער האָט פאַרלאָזט די שטאָט קיעוו”. זי פלעגט טאָן אַלץ, אַזוי ווי פריער, געלייגט באַנדאַזשן, געטרייסט פאַרוווּנדעטע, געווען דיסציפּלינירט, פריינטלעך: קיי־נער פלעגט זיך ניט אָנשטויסן, אַז הינטערן שמייכל, הינטער דער צאַרטקייט, הינטער די אויגן, וואָס זיינען איינגעראָמט אין לאַנגע וויעס, איז גאָרניטאָ, בלויז קעלט און טויט.

זיי זיינען געשטאַנען הינטער ראָסטאָוו. דער ווינט האָט געשליידערט אין פּאָנעם אַריין שאַרפן שניי. מען האָט געבראַכט פאַרוווּנדעטע. ראַיע האָט צום ערשטן מאָל דערזען דייטשן. צי דען דאַרף איך אַרומגיין אַרום זיי?... מיט אַ וואָך צוריק איז געקומען אַ פּרוי פון קיעוו, דערציילט: „דער־הארגעט האָט מען אין באַבי־יאַר... קינדער אויך...” עפּשער, האָט דער ראַ־זיקער דערהאַרגעט אַליאַן?...

— איר זייט געווען אין קיעוו? איר פאַרשטייט ניט? אין קיעוו?

דער דייטש האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

יענעם אָוונט איז ראַיע אַוועק צו ליזשקאָוון:

— כאָווער קאָמיסאַר, דערלויבט איבערצוגעבן אַ ראַפּאָרט...

ליזשקאָוו האָט איבערגעלייענט און געפרעגט וויציק:

— איר זוכט, ווו עס איז פריילעכער?

— ניין. אַ טאָכטער מיינע איז פאַרבליבן אין קיעוו. און דעם מאַנס מאַמע...

— איר טוט אויך דאָ אַ נוצלעכע אַרבעט.

— יאָ, אָבער איך קען ניט... איך מוז האַרגענען.

זי האָט עס אַזוי געזאָגט, אַז ליזשקאָוו האָט זיך אָפּגעקערט.

זי האָט זיך אויסגעלערנט שיסן; מען האָט געזאָגט, אַז זי האָט אַ גוט אויג, אַ שטאַרקע האַנט. אָבער זי האָט אין קיינעם ניט געשאָסן. צו וואָס

בין איך דאָ?... אַ יונגע פרוי, האָט זי זיך געפונען צווישן מענער; ס'איז ניט לייכט געווען צוגעוווינען זיך צו אַ סאַך זאַכן. מען האָט זי פּרובירט אַווירן, האָט זי ניט דערלאָזט: „לאָז צורו, ניט אַזאַ"... אַ לייטענאַנט האָט געזאָגט: „דאָס איז ניט קיין מיידל, נאָר אַ געפרוירענער פיש"...

קאַסיקאָוו איז געווען אַ ברייטפּלייציקער סיביריאַק. דערזעענדיק ראַיען צום ערשטן מאָל, האָט ער זי באַטראַכט מיט אומצוטרוי: אַ פייגעלע... און שפּעטער פלעגט קאַסיקאָוו זאָגן מיט שטאָלץ: „דאָס האָב איך איר אויסגעלערנט"...

זי וועט ניט פאַרגעסן, ווי אַזוי זי האָט דערהאַרגעט דעם ערשטן דייטש. ס'איז געווען אַ העלער פרילינג־טאָג: די קוים־באַבלעטערטע ביימער האָבן אויסגעזען ווי פון שפּיצן. קאַסיקאָוו האָט געפרעגט: „זעסט?..." ראַיע האָט דערזען אין דער סטערעאָרער; זי האָט געוואָרט; איר גאַנץ לעבן איז איצט געווען אין די אויגן — ניט דורכלאָזן. אין אַ שאָ צוויי אָדער דריי אַרום האָט זיך דער דייטש אופגעהויבן. מען איז אים, ווייזט אויס, געקומען פאַרבייטן. ראַיע האָט ניט דורכגעלאָזט. קאַסיקאָוו האָט געזאָגט: „דו פאַרייס נאָר ניט די נאָז, דאָס איז דיר געלונגען. פון ערשטן מאָל..." ראַיע האָט דערפילט אַן אויסערגעוויינלעכע לייכטקייט, אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן.

אַמאָל פלעגט זיך ליב האָבן שאַפענעז, זי פלעגט זיפצן איבער די „פרילינגס וואַסערן", געהאַט פאַרדרוס — אַסאַך האָט ניט באַמערקט, אַז איך האָב אַ נייע פריזור... און אַט זאָגט מען וועגן איר: „אַן אויסערגעוויינלעכע אויגן־מאָס, ווייס, וואָס פאַראַ ווינט, און אַ רויִקע — זי וועט אויסוואַרטן, אַכט און צוואַנציק אַפן כעזשבן..." און זי לעבט מיט איין באַגער — ניט פאַרגעניצן דעם ניין און צוואַנציקסטן. צוויי לעבנס. אויך צוויי פרויען... און עפּשער, איז דאָס האַרץ די זעלבע — עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע (קען זי זיך דען ענדיקן?), און סערזשאַנט ראַיסאַ אַלפער וועט ווידער ווערן ראַיע, וועט שפּילן נאָקטיורן, ווייגען לייענענדיק אַ ראָמאַן, פליסטערן אַסיפן: „פאַר ניט אַוועק, טייערער"... ניין; קיינמאָל וועט עס ניט זיין, עס קען ניט זיין! דערהאַרגענען דעם ניין און צוואַנציקסטן... אַליאַ איז ניטאָ. איך בין אויך ניטאָ... אַסיפ האָט אָנגעשריבן צו אַן אַנדערער, דער פריערדיקער... פאַרוואָס טראַכט איך פון זיך? אַסיפ איז בײַ סטאַלינגראַד...

סטעפּ, דאָרעם, אַ ווייטע אומבאַקאַנטע שטאָט. מען זאָגט, אַז די שטאָט איז זייער אַ לאַנגע און אַ ווייסע. איצט איז זי, געווים, פאַרשוואַרצט געוואָרן... דאָרט ווערט אַלץ באַשלאָסן. צום באַוווּנדערן וואָס דער נאָמען איז אויך אַזאַ — סטאַלינגראַד. דאָס קען ניט זיין צופעליק... דאָרט, אַהין טאָר מען זיי ניט אַריינלאָזן. ווי אַזוי פאַרשטייען זיי עס ניט?...

ראַיע האָט דערזען אינדערווייטן קרייזן פון כוואַליעס אין אַ טייך. די וואָלגע... ווי לאַנג זי איז! דאָ איז פאַראַן וואַלד, בלאָטעס, שווער דורכצוגיין — עס זאַפּט איין. נעכטן איז אַריין אַ לאַסט־אויטאָ, האָט מען אים טאַקע ניט אַרויסגעשלעפּט. און וווּ אַסיפ איז — איז סטעפּ... ווען מען זאָל אַריינוואַרפן אַ צווייגעלע, וועט עס דערשווימען...

שוין מער ווי אַ כווידעש, ווי זיי גרייפן אָן רזשעוו; פאַרנומען דעם ערַאָדראָם; און דאָס וואָיעני שטעטל איז נאָך בײַ די דייטשן; פאַר די אויגן סטאַרטשען צוויי קאָרפוסן, איינער עטוואָס העכער, מען האָט זיי אַ נאָמען געגעבן „פאַלקאָווניק" און „פּאָדפּאָלקאָווניק". אויף רעכטס — איז רזשעוו; פונדערווייטנס זעט ער אויס ווי אַ ניט אָנגערירטער, אָבער אַ סך הײַזער זײַנען פאַרברענט, עס זײַנען פאַרבליבן נאָר די פּאָסאַדן. די דייטשן וווינען אין בלינדאַזשן. פאַר דער סאַמע שטאָט איז אַ וועלדל, אַ טייל פון אים — איז אונדזערס, אַ טייל — געהערט צו די דייטשן. עס קריכן אויסשפּירער אין העלע מאַסק־כאַלאַטן, וואָס זײַנען ענלעך צו פוטוריסטישע בילדער. אין קאַפּיטאַן גאַראַכאָווס באַטאַליאָן זײַנען פאַראַן אַ סך אוזבעקן; שלאַנקע, טונקעלע, אין מאַסק־כאַלאַטן, זעען זיי אויס, ווי העלדן פון מיזרעדמיַיסעלעך. און דאָס איז גאָרניט ענלעך אויף אַ מיַיסעלע: טיפע, טונקעלע בלינדאַזשן, טראַנשייען, ווו די בלאַטע זינקט אונטער די פיס; עס איז דורכגעשאָסן יעדער ווערשאָק; טאָג און נאַכט פייער; אייזן, זייער אַ סך אייזן — אונטערגעשלאָגענע טאַנקען, דראָט, העלמען. די ערד איז געדיכט אָנגעפילט מיט שפּליטערן פון האַרמאַטן־קוילן, מיט האַלב־פאַרפוילטע מענטשן, מיט מינעס, מאַשין־טיילן, פערדישע שאַרבנס, מיט קאַל. אויף אַ פיצעלע אָפּשניט ערד לעבן און שטאַרבן צענדליקער טויזנטער מענטשן. אַמאָל הערט מען, ווי די דייטשן ריידן, אָדער זינגען. ווען עס פליען דורך די „אילעס", זשמורען די אונדזעריקע די אויגן: מען זאָל נאָר ניט קיין טאָעס האָבן... אין די נעכט וואַרפט דער „גערטנער" אַראָפּ באָמבעס אויף דער שטאָט און אַלץ, וואָס עס קען נאָר ברענען, ברענט. מענטשן ריידן וועגן מאַכאָרקע, וועגן דער פאַרבינדלערן מאַניע, וואָס איז אַריבערגעפאָרן אין קאַפּיטאַנס בלינדאַזש, וועגן וואָיענטאָרג, וועגן דעם, אַז מען וואָלט זיך באַדאַרפט באַקלאָגן אין דער צייטונג — עס גייען פאַרפאַלן בריוו. נאָכדעם הויבט זיך אָן די אַטאַקע: נעמען צוויי קוואַרטאַלן. קיין קוואַרטאַלן איז שוין לאַנג ניטאָ, עס זײַנען נאָר דאָ קוואַדראַטן אויף דער מאַפּע, מיסט, צעבראָכן גלאָז, שמוץ. מען דאַרף זיך דורכקוקן אויף הונדערט טריט. די באַטערייען זוכן איינס די אַנדערע. די מינעןשלײַדערער ווערן אויף אַ ווײַלע שטיל, הערט זיך דאָס שטעפּן פון קוילנוואַרפער. די בלאַטע קלעפּט זיך צום פּאַנעם. נאָכדעם קלעפּט זיך די האַנט: בלוט. מען ציילט די טויטע און די טראָפייען. דער מיטגליד פון קריגס־ראַט קוקט דורך דעם מאַטעריאַל צום אויסצייכענען. בײַם לעמפּל זוכט מען „אויטאָמאַטלער" — אַזוי רופט מען די קינים. עס ציען זיך לאַנגע און מאָנאָטאָנע דיסקוסיעס: ווען וועט מען אָנהויבן אַרויסצוגעבן הונדערט גראַם — אין אָקטאָבער אָדער אין נאָוועמבער? אַ באַוואַנצטער סטאַרשינאַ זאָגט: „היינט וועלן מיר זיך, ענדלעך, אויסשלאָפן"... אין אַ האַלבער שאָ אַרום ליגט ער אַ טויטער לעבן פּעפּעס — אייגזאַם, ווי דערבײַ וואָלט אופגעריסן אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל. אַ גוואַלדיקע איינאַרטיקייט פון ווערטער, בילדער, האַנדלונגען. „ער האָט צעהאַנגען, באַלד וועט ער אָנהויבן"... „ער פיקירט, דער פּאַראַזיט"... „אַקאַ, דאָ איז גוואַזדיקאָ"... „שטערט־זשע ניט, דער טייוול זאָל אייך נעמען"... „גיינצן נול־נול, קוואַדראַט זעקס און פער־

ציק"... „שוועסטערל, א טרונק"... און הינטער אלעמען א פארביטערונג פון צוויי יאר, א פוריע, וואס האט ניט מער קיין ווערטער.

א זייטיקן וואלטן געקענט פארבידעשן אט די פרוכטלאזע פרווון צו פארכאפן סקעלעטן פון פארברענטע הייזער. גענעראל סעדיעלניקאוו האט געהאלטן אין איין איבערכאזערן: „אפציען קויכעס פון סטאלינגראד". און דאס האט געוווּסט ניט נאר דער שוויגנדיקער גענעראל, דאס האט אויך געוווּסט דער קראסאוויעץ מירזא אלימאוו, וואס האט איבערגעלאזט די קראסאוויצע עסטער. דאס האבן אלע געוווּסט. איבער די גריבער, איבער דער בלאטע פון די טראנשייען, איבער די פארשאלטענע וועגן, וואס זיינען געווען כמיט ביימער, איבער וועלכע עס זיינען געקראכן לאסט־אויטאס, איבער סעדיעלניקאווס „ווירטשאפט", איבער דעם דונער פון אופרייסן, איבער די קרעכצן פון שטארבנדיקע איז געווען איינס — סטאלינגראד.

ראיע האט מער פון גארניט געדענקט. אויב מען זאל זיך דערמאנען, וועל איך ניט טרעפן... און דעם באם קוילנווארפער מוז מען אומבאדינגט ליקווידירן — ער שטערט... איצט האט זי ניט געטראכט: „ער האט דערהארגעט אליאן", אדער „ער איז א דייטש", זי האט געטראכט — „ער שטערט". זי האט שוין ניט דורכגעלעבט די מילכאמע, זי איז געווען אין איר.

באנאכט איז ראיע אריין אין בלינדאזש אנווארעמען זיך. ביז באגינען איז נאך פיר שא, און די נעכט זיינען זייער קאלטע. עס איז שווער געווען צו אטעמען — פונעם אטעמען פון די מענטשן, פון די נאסע און צעפארעטע בענאדים. באם לעמפל איז געזעסן לייטענאנט מילעצקי; ער האט גראטולירט ראיען: „מיטן ניין און צוואנציקסטן. איצט דעם יובילאר — דעם דרייסיקסטן"... מילעצקי האט זינלאז געקוקט אף דער מאפע, וואס ער האט שוין געקענט ביזן לעצטן פינטעלע, ביז דער געוועזענער געביידע פון דער פראמקאאפעראציע אפן ראג פון צוויי געוועזענע גאסן אין קווארדאט ניין און פערציק, און, עפשער, איז ער גאר פאשעט געשלאפן מיט אפענע אויגן. ראיע האט זיך פלוצלינג דערמאנט: אסיפ לעבט!... וואס וועט זיין, אז די מילכאמע וועט זיך ענדיקן, זיי וועלן ארויס גאנץ, זיי וועלן זיך טרעפן?... נאריש צו כאלעמען... זי האט ארויסגענומען א בריוו, וואס זי האט נעכטן אנגעשריבן, צוגעלייגט צו אים א בילד, וואס זי האט אויסגעשניטן פון דער ארמיי־צייטונג. דער פאטאגראף האט איר געצווונגען פארייסן דעם קאפ אף אויבן און שעלמיש שמייכלען. א געבוירענער זײַצעוו... (זײַצעוו איז געווען א בלאנדער יאטל, א סאלא־זינגער און א הארמאניסט). ראיע האט א קוק געטאן אף די קליינע אויסיעס פון בריוו. צו וואס האב איך עס אנגעשריבן? ער דארף גארניט וויסן, אז די מאמע מיט אליאן זיינען פארבליבן, ער איז בא סטאלינגראד... ס'איז אזוי אויך שווער. זי האט צעריסן דעם בריוו, און אנגעשריבן אפן בילד: „טייערער מיינער! איך קען נים שרייבן, ס'איז א צו גרויסער גליק, וואס דו האסט זיך אפגעפונען. איך וועל דיר אינגיכן אנשרייבן, און איצט שיק איך דיר די דאזיקע פאטאגראפיע, מיין אבער ניט, אז איך בין אזא, דאס האט זיך באמיט דער פאטאגראף. און פאר דיר בין איך אלץ די זעלבע — די קיעווער".

# VI

ריכטער האט אופגעלעבט, ווען דער פאלקאווניק גאבלער האט געשיקט נאך אים. מיט א יאר זעקס צוריק האט ריכטער אויסגעבויט א הינטערשטאטישע הויז פאר גאבלערן; דער פאלקאווניק איז געווען צופרידן: „א וווּנדערבארע פארבינדונג פון אלט־דייטשישן גייסט מיט מאדערנעם קאמפארט”. נאכדעם פלעגט גאבלער פון צייט צו צייט איינלאדן צו זיך דעם ארכיטעקט. יענע וואך האט ריכטער שריפטלעך גראטולירט דעם פאלקאווניק מיטן „רימער קרייץ”; ער האט זיך ניט גערעכט, אז גאבלער וועט אים דערפאר רופן צו זיך.

ריכטערס באטאליאן איז שוין דעם פינפטן טאג געווען אף אפרו. שוין צייט, בא אלעמען זיינען צעשרויפט די נערוון... מען זאגט, אז אף דארעם איז איצט א סאך בעסער — די רוסן אנטלויפן, אונדזערע זיינען אף קאווקאז, אין עטלעכע טעג ארום וועט זיך פארענדיקן דאס אפרייניקן סטאלינגראד. און דא — איז א געגעם. ער וועט קיינמאל ניט פארגעסן דעם דאזיקן פארשאלטענעם רזשעוו... ער האט שוין פאראיארן הארבסט געהערט וועגן די רוסישע הארמאטן, וואס לאזן ארויס מיטאמאל א סאך קוילן. אן עקלדיקע דערפינדונג! איצט האט ער אויסגעפרווט אף זיך די דאזיקע מוזיק. מען קען פון זינען אראפ... איינער א געפאנגענער „איוואן” האט געזאגט „קאטיושעם”... אומפארשטענדלעכע מענטשן, אנרופן אזא פאסקודסטווע מיט א צארטן פרויען־נאמען... זיי וועלן אפילע מיט זייערע „קאטיושעס” אויך גארניט מאכן. גוט, וואס דא איז פאראן פאלקאווניק גאבלער, ער איז ניט קיין נייַנקער, אן אלטער, דערפארענער קאמאנדיר. פאר מיר איז עס א גרויסער קאווּעד — דער פאלקאווניק רופט צו זיך אן אונטעראפיציר. איך שטעל מיר פאר, ווי לייטענאנט גאזע איז מיר מעקאנע. בא טאראקאנען האבן גענומען שפרינגען די וואנצעס, ווען מען איז מיר געקומען רופן...

פאלקאווניק גאבלער האט זיך איינגעארדנט אין א צווישטאקיקן הילצערנעם הויז; די רויטע האבן דא געהאט א שול; מען האט אלץ אפסניי איבערגעפארבט. ריכטער האט זיך צעשמייכלט: אט וואס עס הייסט דייטשישע געניאליטעט — א גארטן־בידל פון בעריאזעווע שטאמען, פונקט אזעלכע בענק, דער טויער, אלץ איז ווייס, צאפנדיק. עס גיסט זיך צוזאמען מיט דער לאנדשאפט און צוגלייך דערמאנט עס „בידערמייער” — דאס אלטע בירגערלעכע דייטשלאנד.

אינעווייניק איז געווען ליכטיק, ציכטיק, א געפארבטע גלאנציקע פאדלאגע, בלומען אין טעפלעך, אף די ווענט מאפעס; עס האט געשמעקט מיט אדעקאלאן און ציגארן. פאר די דאזיקע זעקס יאר האט זיך דער פאלקאווניק פארעלטערט — ס'איז גאר קיין ווּנדער ניט — דריי קאמפאניעס. ער איז שוין, געווים, א זעכציקער. ריכטער האט זיך מיט אים באגריסט ווי אן אונטערגעארדנטער, אבער גאבלער האט אים אויסגעשטרעקט די האנט.

— זעצט זיך און פארגעסט איצט פון ראנגען, מיר איז אנגענעם צו

טרעפֿן זיך מיט אַן אַלטן באַקאַנטן. די גאַנצע צייט זעסטו נאָר אַפּיצירן, עס ווילט זיך אַביסל באַפֿרייען דערפֿון, כאַפּן אַ שמועס מיט אַ קולטור־מענטש, מיט אַ קינסטלער. אייך איז, געוויס, אומעטיק — ווען דו קוקסט אַף די רוּ־סישע הייזקעס, פֿאַרגעסטו, אַז עס עקזיסטירט אַרכיטעקטור. אין סמאָלענסק האָב איך געזען קאַמישע קלויסטערס...

— יאָ, דאָרט זיינען פֿאַראַן געוויסע דענקמעלער. דער רוסישער אַלטער־טימלעכקייט פֿעלט דער פֿאַרמעסט, עס פֿילט זיך די באַגרענעצטקייט פֿונעם ערדאָרבעטער אָדער פּאַסטעך, אָבער אַף זיין שטייגער איז ער פֿיין...

גאַבלער האָט אַ שמייכל געטאָן, און זיין האַרבער פּאַנעם איז גלייך געוואָרן מילד — אַנשטאָט אַ זעלנער איז געזעסן אַ גוטער זיידע.

— דאָס אַלטע, הער ריכטער, איז ביכלאַל אַנציענדיק, אָבער אַלטע לייט, ווי איך צום ביישפּיל, ווערן צו פֿרי דענקמעלער — די יוגנט וויל וואָס גי־כער פֿאַרנעמען זייער פּלאַץ...

זיי האָבן געשמועסט וועגן יוגנט, וועגן פֿראַנצויזישן לייכטזין, וועגן דער פּראַכט פֿון אַלטערטימלעכע דייטשישע שטעט, וועגן פּאָלקאָווניקס איי־ניקל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין די לופֿט־שלאַכטן אַף דאָרעם, וועגן הילדאַ (גאַבלער האָט ניט פֿאַרגעסן נאָכצופֿרעגן זיך וועגן איר), וועגן דעם, ווי שווער עס איז צו לעבן אָן גוטער מוזיק, ווערסט פֿאַרגראָבט מיט יעדן טאָג. וועגן דער מילכאָמע האָט דער פּאָלקאָווניק ניט גערעדט; ער האָט נאָר געפֿרעגט: „ס'איז שווער אַף אייער אָפּשניט?" און ווען ריכטער האָט זיך אופֿריכטיק מודיע געווען, אַז עס איז שווער, האָט גאַבלער געזאָגט: „בא אונדז איז אַן אומבאַקוועמע לאַגע. ניט צו מאַכן, דער פֿיורער קען ניט אָפּ־שוואַכן דעם דרוק אַף דאָרעם. ס'קומט אויס צו פֿאַרטיידיקן זיך... אַ שאָד, וואָס מיר ברענגען אום דעם צוויט פֿון דער אַרמיי, די אָנטיילנעמער פֿון דער ווינטער־קאַמפּאַניע"...

ריכטערן האָט זיך זייער געוואָלט פֿרעגן ווי אַזוי עס גייט אַף דאָרעם, צי עס וועט זיך פֿאַרענדיקן די מילכאָמע ביז ווינטער, ער האָט זיך אָבער ניט אַנטשלאָסן. און גאַבלער האָט ווידער אַריבערגעפֿירט דעם שמועס אַף פֿראַגן פֿון קונסט.

— איך האָב ניט ליב וואַגנערן, איך בין, געוויס, צו אַלט, מיר געפֿעלט שובערט, שומאַן... איר — זייט אַ קינסטלער, איך וועל אייך ניט פֿאַרבאָרגן, אַז מיר געפֿעלט מענדעלסאָן, האָגאָם איצט פֿאַרלייקנט מען אים צוליב פּאָ־ליטיק. ער דריקט אויס די דייטשישע צאַרטקייט.

ריכטער האָט זיך דערפֿרייט, וואָס ער פֿלעגט אַמאָל גיין מיט הילדאָן אַף קאָנצערטן — ס'וואָלט געווען נאַריש אַרויסצווייזן זיך אַלס אַ פֿראָפּאָן. און וואָס שייך מענדעלסאָנען, איז דער פּאָלקאָווניק גערעכט — די נאַציס קעמפֿן גוט, אָבער, אויסרייסנדיק די קראָפּעווע, רייסן זיי אויך גלייכצייטיק אויס די בלומען... דער דאָזיקער פֿאַרגלייך איז ריכטערן אַזוי געפֿעלן, אַז ער האָט געוואָגט צו זאָגן גאַבלערן:

— יונגע מענטשן פֿאַרניכטן אָפּט צוזאַמען מיט דער קראָפּעווע אויך די רויזן.

דער פּאַלקאָווניק האָט ווידער טרויעריק אַ שמייכל געטאָן:

— עס טרעפט, אַז זיי נעמען אָן רויזן פאַר קראַפּעווע.

עס האָט זיך צעהוזשעט דער פעלד־טעלעפאָן. ריכטער איז אופגעשפּרונ־גען, געוואָלט אַרויס פון צימער, אָבער גאַבלער האָט באַוויזן מיט דער האַנט — בלייבט.

— וואָס פאַרא דיוויזיע איז עס דען?... אין דרייהונדערט זיבן און פערציקסטן איז פאַרבליבן זעכציק מענטשן. אויב מען וועט עס ניט צוריק־ציען, קעדיי אויסצופילן מיט רעזערוון, אין אָרדענונג צו ברענגען, בין איך ניט פאַראַנטוואָרטלעך... יאָ, אַזוי טאַקע קענט איר איבערגעבן — איך בין ניט פאַראַנטוואָרטלעך...

דער פּאַלקאָווניק האָט פאַרגעלייגט ריכטערן אַ ציגאַר, פאַרויכערט, גע־שוויגן אַ ווײַלע און פּלוצלינג צעבייזערט זיך.

— שוין צייט צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז ניט דאָס פאַרגאַנגענע יאָר, די רוסן האָבן אַ סאַך געלערנט. אַף דאָרעם איז די לאַגע אַ קאָמפּליצירטע. איך בין פולשטענדיק איבערצייגט אינעם העכערן ניוואָ פון אונדזער אַרמיי, אָבער ס'איז שלעכט, וואָס יעדער יינגל שטופּט די נאָז זיינע... אָנפירן מיט אַ שלאַכט־איינסל איז פּונקט אַזוי שווער, ווי אָנצופירן מיט אַן אָרקעסטער. איך האָב זייער ליב מוזיק, אָבער איך פאַרזיכער אייך, הער ריכטער, אַז עס וועט מיר קיינמאָל ניט קומען אַפן געדאַנק אַוועקצושטעלן זיך באַם פּופּיטר און פאָכען מיטן שטעקעלע. מען דאַרף קענען באַצייטנס אָפּשאַצן דעם קעגנער, ריכטיק פאַרטיילן די קרעפטן. עס פאַרשפּילט דער, וואָס צעשפּרייט זיך. איך צווייפל ניט אין אונדזער זיג, אָבער מען האָט זיך געקענט באַגיין אָן אַזעלכע קאָרבאַנעס... געוויס, איז די יוגנט — אַ גרויסע קראַפט, אָבער ס'איז נאָך דאָ וואָס צו לערנען זיך באַ די אַלטע...

ריכטער האָט אַ טראַכט געטאָן: איך בין אויך ניט פון דער „היטלער־יוגנט", און ער האָט זיך צעשמייכלט.

גאַבלער איז אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט; ער האָט זיך דערמאָנט ווי ריכ־טער פלעגט דערציילן וועגן זיין רייזע קיין סיביר.

— איר זייט דאָך דאָ ניט צום ערשטן מאָל. איר רעדט רוסיש?

— אַביסל זיך אויסגעלערנט פאַרן יאָר. ווען איך פלעג דאָ זיין פאַר דער מילכאָמע, פלעג איך זיך פאַרשטענדיקן אין דייטש.

— דאָס הייסט, נאָר מיט אינטעליגענטן, אָבער זיי זיינען ווייניק... ווי ווייזט זיך אייך אויס — זיינען טאַקע די רוסן אַזוי געשטימט קעגן אונדז, אָדער דאָס איז עפּעס אַנדערש — צוואַנג, טעמפּקייט, מאַסן־פּסיכאָז?

— איך האָב מוירע אייך צו ענטפערן. איך אַליין פרעג זיך... מיר דוכט זיך, אַז מען האָט זיי אָנגעדרודלט קעגן אונדז און זיי גלויבן זייערע פירער, מיר שטעלן פאַר זיי פאַר ניט נאָר אַ פיינטלעכע אידיי, נאָר אויך אַ פרעמדע וועלט. איך האָב געשמועסט מיט אָרעמע מענטשן, איך פאַרזי־כער אייך, אַז זיי האָבן באַ די באָלשעוויקעס געלעבט שלעכט, איך האָב זיי געזאָגט: „איצט טרעפן איינצלנע עקסצעסן, ס'איז דאָך מילכאָמע, אָבער ווען מיר וועלן זיגן, וועלן מיר אויך אייך שיקן שטאָפן, קיילים". איינער

אַן עלטערער מענטש, ניט קיין קאָמוניסט — אַ בירגער — האָט מיר געענטפערט: „מיר דאַרפֿן אייערס ניט האָבן"... ער האָט מוירע געהאַט צו פֿאַרענדיקן, אָבער איך האָב פֿאַרשטאַנען — ער האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער וויל בעסער זיין רעזשים. דאָס דערגייט בײַ זיי ביז צו פּאַראַקסיזם.

— איר זייט פֿולשטענדיק גערעכט, איך טראַכט אויך אַזוי. מיר האָט זיך געוואָלט הערן די מיינונג פֿון אַ מענטשן פֿון אַן אַנדער דאָר, פֿון אַן אַנדער סוויווע. ווען דעם אַלעמען האָט מען גערדאַרפֿט אַ טראַכט טאָן פֿריער. איצט האָט דייטשלאַנד איין האָפֿענונג — אונדזער זעלנערישע ערע, די קונסט פֿון אונדזער אַרמיי. און איך בין איבערצייגט, אַז מיר וועלן די רוסן שטעלן אויף די קני, אָבער מען מוז עס מאַכן ביז דאַן, ווען עס וועט זיך אָנהויבן אויף מײַרעוו... יענע זיינען ניט גרייט, זיי האָבן זייערע פּלענער, די ביטערקייט טאָר מען בײַ זיי ניט אָוועקנעמען... איך מיין, אַז זיי האָבן גאָרניט קעגן דעם, אַז מען זאָל רוסלאַנד צעגראָמירן, פֿאַרשטייט זיך, מיטן באַדינג, אַז דאָס זאָל אויך אונדז אָפּשוואַכן. מיר קענען ניט דערלאָזן אַ מילכאָמע אויף צוויי פֿראָנטן. איך האָב עס נאָך געזאָגט פֿאַראַיאָרן האַרבסט. בײַ אונדז איז איצט אין דער מאָדע דער אַלטערטימלעכער רוים, פֿאַר אייער אָהערקומען האָב איך איבערגעלייענט אין „בעאָבאַכטער", אַז מיר זיינען — „די פּריסטער פֿון מאַרס". פֿאַרוואָס זאָלן זיך די דאָזיקע „קלאַסיקער" ניט דערמאָנען אַן אַנדער גאָט — יאַנוס? די רוימער פֿלעגן אין די יאָרן פֿון שאָלעם פֿאַרמאַכן זיינע טעמפּלען, אָבער ווען זיי פֿלעגן מילכאָמע האַלטן, האָבן זיי אָפּגעגעבן קאָוועד טאַקע יאַנוסן — ער האָט צוויי פּנעמער, ער קוקט פֿאָרויס און אויף הינטער, אויף מיזרעך און אויף מײַרעוו... אַ שאָד, וואָס עס האָט זיך ניט געפֿונען בײַ אונדז אַ יאַנוס ניט זומער דעם פֿערציקסטן נאָך קאַמפּיען, ניט פֿרילינג דעם איין און פֿערציקסטן, — ער האָט עס געזאָגט שמייכלענדיק, נאָכדעם איז דאָס פּנעם זיינס געוואָרן שטרענג. — און איצט, הער ריכטער, איז האַרבסט צוויי און פֿערציקסטער. ווי די פֿראַנצויזן זאָגן, דער וויין איז אָנגעגאָסן, מען דאַרף אים טרינקען. און די גרענאַדירן אונדזערע וועלן ניט קיין ציטער טאָן...

גאַבלער האָט געזאָגט, אַז עס האָט אים געפֿרייט צו באַגעגענען ריכטערן, און אויף דעם האָט זיך דער שמועס פֿאַרענדיקט.

ווען ריכטער איז צוריקגעקומען אין זיין טייל, האָט מען אים אַרומגערינגלט; קיינער האָט זיך ניט אַנטשלאָסן צו פֿרעגן, ווי אַזוי עס איז געווען דער פֿעלקאָווניק. און ריכטער האָט געשוויגן, ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן. טאַראַקאַן האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— ער האָט דיר ניט געזאָגט — וועט מען גיך פֿאַרענדיקן אויף דאָרעם?

— גיך.

— אַזוי האָב איך טאַקע געטראַכט. און אויב אויף דאָרעם וועט מען ענדיקן, וועלן די רוסן דאָ פֿאַרזייערט ווערן. עס זאָל זיך נאָר ענדיקן ביז ווינטער!...

אַלע האָבן געקוקט אויף ריכטערן — ווי דער באַלסימכע; נאָר מאַראַבו איז געזעסן אין אַ זייט, ניט אָנטיילגענומען אין אַלגעמיינעם שמועס. אין

אונט, אויסנוצנדיק אַ מאָמענט, ווען ריכטער איז פאַרבליבן אַליין, האָט מאַראַבו געפרעגט:

— ווי אַזוי איז גאַבלער?

— זייער פיין. (ריכטער האָט מוירע געהאַט פאַר מאַראַבון און ריידנ־דיק מיט אים, פלעגט ער אָפּוועגן יעדעס וואָרט).

— מאָדנע... דאָס איז אַ מיליטערמאַן פון אַלטן שניט. זיי האַלטן, אַז עס וועלן זיגן די טעאָריעס פון קלאַוזעוויץ און מאָלטקע. און זיגן וועט דעם פיורערס היסטאָרישער פּאַטאַליזם. אויב אַפילע אונטער סטאַלינגראַד וועט ליגן בלייבן אַ העלפט דייטשלאַנד, וועט סטאַלינגראַד זיין אונדזערס.

ריכטער האָט זיך אים ניט קעגנגעשטעלט; מאַראַבו האָט אים, ווי שטענדיק, צעשרויפט מיט פינצטערער נעוויעס, און פאַרן שלאָפן גיין האָט זיך געוואָלט דערמאָנען עפּעס וואָס איז אָנגענעם. דער פּאָלקאָווניק האָט גע־זאָגט, אַז די אַליאירטע ביטרעווען... פאַר אונדז לוינט עס... מעגלעך, אַז דער פיורער האָט עס פאָרויסגעזען? אויף אַזאַ אופן וועט ער איבערכיטרע־ווען אַלע ביטראַקעס. אין אָנפאַנג, פלעגן אַלע זאָגן, אַז ער איז אַ פאַנאַ־טיקער. און נאָך מינכען האָבן אַפילע סקעפּטיקער מוידע געווען, אַז ער איז אַ גלענצנדער סטראַטעג. גאַבלער האָט, אַוודע, ניט שטאַרק ליב די נאַצים, אַזוי ווי אַלע אַלטע מיליטערלייט. עפּשער דערשאַצט ער ניט?... באַם פיורער איז, פונקט ווי באַ יאַנוסן, איין פּנים געווענדעט אויף מיזרעך, דאָס צווייטע אויף מײַרעוו... יעדנפאַלס, איז אָנגענעם, וואָס איך בין געווען באַם פּאָלקאָווניק. ער קען העלפן מיט אַן אורלויב... איך וועל הילדאַן גאָרניט אָנשרייבן, איך וועל פּלוצלינג אָנקומען — מען דאַרף זיך אַנטשליסן, קאָנ־טראָלירן... ווי האָט געזאָגט מאַראַבו? היסטאָרישער פּאַטאַליזם...

## VII

לואי איז געגאַנגען איבערן סטרענד. ס'איז געווען אַ וואַרעמער טאָג מיט אַ לייכטן נעפּל. לאַנדאָן האָט אויסגעזען בלייך און העל, ווי אַ קראַנקער, וואָס האָלט באַם געזונט ווערן. די מענטשן האָבן פאַרגעסן וועגן די באָמ־באַרדירונגען, און די כורוועס האָבן אויפגעהערט צו שרעקן, זיי זיינען גע־וואָרן אַ טייל פון פּייזאַזש. מען האָט גערעדט וועגן קליינע אומבאַקוועמ־לעכקייטן; סיגאַרעטן־רויכערער זיינען מעקאַנע געווען ליולקע־רויכערער: טאַ־באַק איז פאַראַן אומעטום, און סיגאַרעטן איז שווער צו באַקומען. די צייַ־טונגען זיינען געווען פאַרטאָן מיט דער ווייטער מילכאָמע אין רוסלאַנד. די לאָנדאָנער פלעגן אָנשטעכן שפּילקעס מיט פענדעלעך אויף מאַפּעס, פלעגן זיך אַנטציקן מיט דער רויטער אַרמיי, פלעגן זאָגן: „נאָר די רוסן זיינען פעיִק אויף דעם”. דאָ האָט זיך אַלץ אויסגעמישט — אַנטציקונג און גרויל, ראַכ־מאָנעס און פאַרערונג. אויף אַ באַנקעט פון פייערלעשער האָט איינער אַ פּראָ־פעסאָר, פאַרלייגנדיק אויסצוטרינקען פאַר דער אַליאירטער רוסלאַנד, גע־זאָגט: „די שלאַכט הינטער סטאַלינגראַד — דאָס איז אַ געמיש פון מאָדער־נער טעכניק מיט אוראַלטן כאַאָס, אועלם אַ ראָמאַן אין דער אינטערפּרע־

טאַציע פון טאָלסטאָיער פּלאַטאָן קאַראַטאַיעוו״... צייטנווייז פּלעגן די לאָנדאָנער דערמאָנען דאָס שווידערלעכע יאָר, ווען זיי פּלעגן אין מעטראָ, אין שפּאַלטן וואַרטן אַפן טויט, ווען שילער פּלעגן פאַרלעשן צינדבאָמבעס און באַיאַרטע פּלעגן מאַרשירן, גרייטנדיק זיך צו קעמפן מיטן סוינע. מיר האָבן אויסגעהאַלטן, פּלעגן זיך זאָגן די לאָנדאָנער, איצט איז ניט אונדזער ריי... און דאָך פּלעגן אַ סאַך, לייענענדיק די טעלעגראַמעס וועגן דער שלאַכט הינטער סטאַלינגראַד, שטוינען: וואָס וואַרטן מיר?...

וואָס וואַרטן זיי? — האָט געטראַכט לואי. עס זיינען שוין פאַרביי צוויי יאָר פון יענעם טאָג, ווען אַ פישער שיפל איז צוגעשווומען צו די ברעגן פון ענגלאַנד. דאָס ערשטע יאָר איז געווען אַזאַ, אַז לואי האָט ניט באַוויזן צו פאַרטראַכטן זיך: קימאַט יעדן אָוונט אַן אַרויספלי; ער האָט אַראָפּגעשאָסן דריי פיינטלעכע אַוויאָנען; אַ האַלב יאָר האָט ער זיך געוואַלגערט אין שפּיטאָל — די פאַרוווּנדעטע פוס האָט מען צורעכט געמאַכט, ער האָט געלעבט נאָר מיט איין זאַך — פאַרטיידיקן לאָנדאָן. די פאַרקריפּלטע שטאָט, וואָס האָט געררעוועט דורך סירענעס, איז אים אויסגעקומען היימיש. ער איז געווען גליקלעך, וואָס ער איז אַוועקגעפאָרן פון פראַנקרייך, ער האָט זי אַוועקגעפירט אין זיך, געקעמפט פאַר איר איבער לאָנדאָן.

ווי לאַנג דאָס איז שוין געווען! די מילכאָמע איז ערגעץ אַוועק. מענטשן ריידן דערפון מיט פאַרלייכטערונג. און לואי פייניקט זיך: די באַשן זיינען ווי פריער אין פאַריז, און ער דאַרף זיצן, וואַרטן ווער ווייס אַף וואָס.

ווען ער איז געקומען צופאָרן, איז פאַר זיינע אויגן געשטאַנען דער מאַמעס קיווער מיט די פאַרוועלקטע רויזן. ער פלעגט זיך דערמאָנען די שיטערס פון די פּליטים, די גופימלעך פון טויטע קינדער, די פּראָווינצטע פּרויען פענעמער. ער האָט זיך געזעגנט מיט מאַדאָן אין אַ טונקעלן אָוונט, זי האָט אים אַרומגענומען, ניט געקענט אָפּלאָזן. וואָס איז מיט איר? וואָס איז מיט פראַנקרייך?

עס איז פאַרביי אַ יאָר. לואי האָט געפּאַקט אַ פּעקל פאַריזער צייטונגען; געלייענט און ניט געקענט פאַרשטיין. טעאַטערס, נעמען פון באַקאַנטע אַקטיאָרן, מעלדונגען וועגן ביכער, עס פאַרדינגען זיך וווינונגען, אַן אַנטיקוואַר פאַרקויפט טעפּיכער, עמעצן אַ דאַמע האָט פאַרלאָרן אַ הינטל... פּלוצלינג האָט ער דערזען אין דער „סאַלאָן־כראָניק": „דער באַוווּסטער אינדוסטריאַל, אינזשעניער און אַפּיציר פון ערן־לעגיאָן ה. זשאָזעף בערטי האָט כאַסענע געהאַט מיט דער מאַדמואַזעל מאַדלען לאַנסיע. צוליב די געשעענישן האָבן אין דער צערעמאָניע אָנטיילגענומען נאָר די קרויווים און נאָענטסטע פריינט פון כאַסן־קאַלע". ער האָט צוזאַמענגעקנייטשט די צייטונג. ווי עקלדיק! געווים, בערטי איז אַן אַנשטענדיקער מענטש. אָבער באַ די דייטשן פּראַווען אַ כאַסענע!... צי דען דענקען אַלע פראַנצויזן, ווי דער טאַטע?... דאָס קען ניט זיין! עס רייסן זיך פון דאָרט אַרויס דרייסטע, זיי דערציילן — די פראַנצויזן האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן, באַנאַכט האַרגענען זיי די באַשן, לאָזן אַראָפּ באַנען פון די רעלסן. עפּשער, איז דאָס אַלץ — סיי די טעאַטערס, סיי די ביכער, סיי די כאַסענעס — אַ קאַמופלאַזש? מאַדאָ איז ניט

פּעָק צו באַגיין נידערטרעכטיקייטן. אויב זי האָט פאַרבונדן איר גורל מיט בערטין אין אַזאַ שווידערלעכער צייט, הייסט עס, אַז בערטי — איז אַ פּאַטריאָט, אַז אַנטיילנעמער אינעם ווידערשטאַנד, ער ריזיקירט יעדן טאָג מיט זיין לעבן. פונדאַנען קען מען גאָרניט פאַרשטיין, ווען זיי וואָלטן געמאַכט אַ דעסאַנט!... אַהין, יאָגן די ״באָשן!...

ביז דער מילכאָמע האָט לואי געהאַלטן, אַז פּאָליטיק — דאָס איז אַ נודנער און ניט זויבערער פאַך. פון אָנפאַנג שרייען מענטשן אויף פאַרזאַמלונגען, יעדער זאָגט צו דעם גאַנײדן אויף דער ערד, זידלט די קעגנער; נאָכדעם קומען זיך צונויף די דעפּוטאַטן אין בורבאָנער פּאַלאַץ, אייניקע שטעלן צוזאַמען די רעגירונג, די אַנדערע וואַרפן זי אַראָפּ; די קאָמוניסטן זאָגן, אַז די לינקע רעפּובליקאַנער זיינען פאַרמישט אין אַפערעס, די לינקע רעפּובליקאַנער רופן די קאָמוניסטן „אונטערגעקויפטע אַגענטן”. דאָס אַלץ איז עקלדיק... דער טאַטע האָט געטרוימט, אַז ער וועט ווערן אַן אַדוואָקאַט... און לואי האָט געהאַסט די שאַרפע צינגלעך: אויב אַ מענטש רעדט גוט, הייסט עס, אַ זשוליק... ער איז געווען שיין — אַ הויכער, אַ טונקעלער, מיט אַ שמאָלן פּאַנעם — געווען ענלעך צו אַ שפּאַניער. ער פלעג געפעלן מיידלעך, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין לייכטע אינטריגעס, ניט קיין עמעסע ליבע. ער איז אויסגעוואַקסן אין אַ פאַרמעגלעכער מישפּאָכע, צווישן שמועסן וועגן קונסט און יענער לייכטקייט, וואָס לאַנסיע האָט געשעצט; ער האָט פיינט געקראָגן לידער („צו וואָס ריידן אין גראַם?”); אַנטקעגן געקראָכן געפּאַרן; דערפאַר טאַקע איז ער געוואָרן אַ פליער. די מילכאָמע האָט אים אַ סאַך געלערנט; ער האָט דורכגעמאַכט אַ נידערלאַגע, פאַרשטאַנען, אַז דאָס לעבן — איז ניט קיין ספּאָרט־פאַרמעסטונג. זומער פון פערציקסטן האָט ער מיט ליבע און פאַרצווייפלונג געקוקט אויף יעדער הייזקע, אויף יעדן בוים. דאָס איז — פראַנקרייך, און ער גיט עס אַוועק!... ווען דער טאַטע האָט גענומען פאַרטיידיקן פּעטענען, האָט לואי פאַרשטאַנען: די פּאָליטיק האָט אַלעמען פאַרסאַמט. זיי זיינען גרייט אָפּצוזאָגן זיך פון פאָטערלאַנד, עס זאָל נאָר בלייבן גאַנץ די קעשענע... מען האָט אים געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ גענעראַל, וואָס רופט צו אַ ווידערשטאַנד. לואי האָט געפונען אַ פּלאַץ אויף אַ שיפל. אין לאָנדאָן האָט ער, ענדלעך, דערזען דע גאָלן. לואין פלעגט וואונדערן, וואָס די ענגלענדער ריידן פון אַ „פרייער פראַנקרייך” פריינטלעך, נאָר עפּעס אַזוי פּראָטעזשירנדיק. פאַרוואָס?... ס׳איז געווען שווער צו קאָנצענטרירן זיך: עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסע לופט־שלאַכט.

ער האָט זיך פאַרטראַכט, ווען עס איז געוואָרן שטילער. מען האָט גערעדט נאָר וועגן רוסן. פאַראַיאָרן האַרבסט האָט מען געמיינט, אַז די רוסן זיינען שוין צעקלאַפּט, נאָכדעם האָט מען גענומען ריידן, אַז די רוסן וועלן צעקנאַקן די דייטשן, איצט פאַרזיכערט מען ווידער, אַז פאַר די רוסן קומט דער סאָף. און לואי דאַרף זיצן און רויכערן סיגאַרעטן, מיליטערלייט באַקומען... צי דען איז אויך דאָ אַ פּאָליטיק? אויף די פאַרוואָל פאַרזאַמלונגען האָט מען געקענט ניט גיין. איצט איז עפּעס אַנדערש... דו זאָגסט „איך בין גרייט אָפּצוגעבן מיין לעבן, און מיטן לעבן דיינעם באַלעבאַטעווען פּאָלי־

טיקער, ווי זיי פלעגן פריער באַלעבאַטעווען מיט די שטייערן אָדער פּענ־סיעס... פאַרוואָס עפנט מען ניט דעם צווייטן פראָנט?" ער פלעגט אָפּט פרעגן וועגן דעם בײַ פריינט־ענגלענדער, זיי פלעגן ענטפערן: „מיר זיינען נאָך ניט צוגעגרייט. מיר ווילן ניט קיין נייעם דונסקערק..." ער פלעגט גאָרניט ענט־פערן, אָבער אין הארצן פלעגט ער זיין אופגעבראַכט: וואָס גייט זיי אָן פראַנקרייך? זיי זיינען צופרידן, וואָס מען באָמבאַרדירט זיי מער ניט... ער האָט גענומען פאַרדעכטיקן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די ענגלענדער קוקן אַף אים פון אויבן אַראָפּ — זיי האָבן איינגעהאַלטן זייער לאַנדאָן, און די פראַנצויזן האָבן אָפּגעגעבן פאַריז... פראַנקרייך איז ניט פאַר זיי קיין מעלוכע, נאָר אַ פּלאַץ, וווּ מ'וועט באַדאַרפן פירן אַ קאַמף: „אַז מיר וועלן זיך גוט צוגרייטן, וועלן מיר מאַכן אַ דעסאַנט..." קיינער באַמערקט ניט דעם הויך־געוואַקסענעם גענעראַל; ער האָט זיך פאַרלוירן אין דער פרעמ־דער גרויסער שטאָט.

ניט לאַנג האָט זיך לואי צערעדט מיטן מאַיאָר דייווים. פאַר דער מיל־כאָמע פלעגט דייווים פאַרברענגען זיין אַפּרו צייט אין ברעטאָן, ער האָט ליב געהאַט די פראַנצויזן. לואי האָט געפרעגט:

— פאַרוואָס עפנט מען ניט אַ צווייטן פראָנט?

— איצט איז עס פאַרבונדן מיט אַ ריזיקע. זיכער, אַז די דייטשן האָבן אַריבערגעוואָרפן קיין רוסלאַנד אַ סאַך דיוויזיעס, אָבער דעם יאַם־ברעג האָבן זיי פאַרפעסטיקט, איבערגעלאָזט גאַרניזאָנען. די דייטשן האָבן זיך גענוג פאַרקאַמענדירט. אויב מיר זאָלן זיך איצט אַרויסזעצן, קען מען אומגרן אַריינוואָרפן אין יאַם. ס'איז געזינטער אויסצוּוואַרטן. צו וואָס איבע־ריקע קאָרבאָנעס?

— און איר האָט ניט מוירע, אַז איר קענט אַמאָל שלעכט אויסכעזש־בענען? ווען די דייטשן האָבן גענומען וואַרשע, זיינען מיר געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. איר ווייסט, מיט וואָס דאָס האָט זיך פאַרענדיקט...

— דער פאַרגלייך איז ניט קיין געלונגענער, די פּאָליאַקן האָבן ניט גע־קענט אָפּשוואַכן דייטשלאַנד, און אַנדער זאַך איז די רויטע אַרמיי. די דייטשן האָבן זיך שוין פאַראַיאָרן אין הארבסט באַקלאָגט, אַז די זיגן קאָסטן זיי צו טייער.

— איר זייט זיכער, אַז די רוסן וועלן זיך מיט זיי אָן אייצע געבן?

— ניין. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, לעבט סטאַלינגראַד זיינע לעצטע שאָען. דאָס הייסט, אַז די רוסן וועלן ווערן אָפּגעשניטן פונעם נאַפט. דער ווידערשטאַנד וועט אין רוסלאַנד ניט אופהערן, אָבער ער וועט ווערן דעזאָר־גאַניזירט. היטלער וועט נאָכאַמאָל זיגן, אָבער דאָס וועט זיין אַ פּירעדזיג. מיר וועלן אים דערלאַנגען דעם לעצטן קלאַפּ...

לואי האָט ניט געוווּסט, ווי אַזוי צו רעאַגירן: דייווים — איז אַ קאַד־ראָווער אָפיציר, ער קלייבט זיך פאַנאַנדער אין סטראַטעגיע, אין זיינע רייד איז דאָ לאָגיק. און דאָך...

— מעגלעך, אַז איר זייט גערעכט, — האָט געזאָגט לואי, — אָבער בײַ פּליער איז דאָ אַ געזעץ — ווען מען אַטאַקירט איינעם, קומען אונטער די

אַנדערע צוהילף. איך מיין, אַז דאָס איז נויטווענדיק ניט נאָר אין אַ לופט קאַמף...

דער מאַיאָר האָט אַ שמייכל געטאָן, און זיין רויט־ציגלדיק, באַווינטיק־טער פּאָנעם איז געוואָרן נאַיוו.

— איך פאַרשטיי אייך, איך פאַרזענלעך פיל זיך אומבאַקוועם, ווען איך טראַכט פון די רוסן... וואָס ווילט איר — מיר זיינען מענטשן... איר האָט ליב מער פון אַלץ פראַנקרייך, די רוסן — רוסלאַנד, איך — ענגלאַנד, דאָס לעבן פון אַן ענגלישן יאָטל איז מיר טייערער ווי דאָס לעבן פון אַ רוסישן. דאָס קלינגט ניט הומאַניטאַר, אָבער מילכאָמע ביכלאַל איז ניט קיין הומאַ־ניטאַרע באַשעפטיקונג. איך — בין אַ מיליטערמאַן און איך אינטערעסיר זיך ניט שטאַרק מיט פּאָליטיק, אָבער עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס טראַכטן דערפון.

מיין אײדעם — אַ דעפּוטאַט, ער האָט מיר דערקלערט, אַז דער דייַ־טשישער אַנגריף איז פאַר אונדז אַ פּליוס. אויב מען וועט די באָלשעוויקעס צעקלאַפּן, וועלן מיר העלפן די רוסן צו שאַפן אַ מעלוכע מיט אַן אַנדער רע־זשים, וואָס זאָל אונדז זיין נאָענט. און אויב די באָלשעוויקעס וועט געלינגען איינצוהאַלטן אַ טייל טעריטאָריע צו דעם מאָמענט ווען דייטשלאַנד וועט קראַכן, וועלן זיי שוין דאַן זיין אַף אַזויפיל מאַכטלאָז, אַז זיי וועלן אונדז ניט קענען דערווידערן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס — איז פּאָליטיק, איך ווייס ניט, אַף וויפל דער אײדעם מיינער איז קאָמפּעטענט... איך שטעל זיך קענען אַ פריציזיטיקן דעסאַנט פון מיליטערישן שטאַנדפּונקט. עס וועט מיר גאָר־ניט שטערן צו אַנטציקן זיך מיט די פאַרטיידיקער פון סטאַלינגראַד, מעגן זיי אַפילע זיין אַרכיקאָמוניסטן.

נאָך דעם דאָזיקן שמועס איז לואי פאַרכווישעכט געוואָרן. עס איז דאָ דער מאַמעס קיוועך, עס איז דאָ אַ פראַנקרייך און עס איז דאָ די דאָזיקע פאַרשאָלטענע פּאָליטיק... פון פראַנקרייך קומען אָן שווידערלעכע יעדיעס. לאַ־וואַל דינט די דייטשן ניט פאַר מוירע, נאָר מיט געוויסן. מען שלעפּט אַרויס אַף קויער מענטשן קיין דייטשלאַנד. גענעראַל שטיולפּנאַגל צעשיסט אַרעווּ־ניקעס... און די דאָזיקע ווילן ניט ראַטעווען פראַנקרייך, ווייל דייוויסעם אייַ־דעם האָט מוירע פאַר די באָלשעוויקעס, ווי דער טאַטע האָט אין זעקס און דרייסיקסטן מוירע געהאַט פאַר לעזשאַנען!...

צו לואין איז געקומען צולויפן זיין כאַווער אַנדרע, און, ניט באַגריסנדיק זיך, געזאָגט:

— מען שיקט אַ לופט־סקוואַדריליע קיין רוסלאַנד. מישעל האָט זיך שוין פאַרשריבן...

לואי האָט ניט פאַרשטאַנען — ווער שיקט, וועמען? אַנדרע האָט דער־קלערט:

— אונדזערע פאַרשטייער האָבן זיך צוזאַמענגערעדט אין מאָסקווע. דאָס איז גלענצנד — דאָרט איז אַן עמעסע מילכאָמע, מען קען שלאָגן די באָשן. מען האָט מיר געזאָגט, אַז מען נעמט נאָר גוטע. כ'האָב מוירע, אַז מיך וועט מען ניט נעמען. און דו האָסט דריי אַראָפּגעשאָסענע...

— קום, — האָט געזאָגט לואי, — מען וועט דיך אויך נעמען. דאָ האָבן מיר ניט וואָס צו טאָן. איך האָב גערעדט מיט דיוויזן, דער דאַזיקער אַנטראַקט איז אַף לאַנג — ביז לעצטן אַקט. פּאָליטיק — קאָנסערוואַטאָרן, קאָמוניזם, מוירע האָבן פאַר עפּעס, זאָלן זיי!... די הויפּט־זאַך איז איצט שלאָגן די באָשן.

זיי זיינען אַוועק פאַרשרייבן זיך. לואי האָט געקויפט אַן אָוונט־צייטונג. זיי האָבן דורשטיק איבערגעלייענט אַ טעלעגראַמע פון שטאָקהאָלם פון איי־גענעם קאָרעספּאָנדענט: „די דייטשישע צייטונגען שרייבן וועגן פאַנאַטיזם, וואָס די רוסן ווייזן אַרוים אין סטאַלינגראַד. לויט די דייטשישע צייטונגען, קומען פאַר אין דער דאַזיקער שטאָט מוירעדיקע קאַמפן. די רוסן קומען אום, איבערגעגייענדיק די וואָלגע, פון אַרטילעריע און „שטוקאַס"...

לואי האָט געזאָגט:

— פאַר דער מילכאָמע פלעגט צום טאַטן קומען אַ באָלשעוויק. דאַכט זיך אַן אינזשעניער. האָט מען גענומען דיסקוטירן — צי די רוסן וועלן מיל־כאָמע האַלטן. האָט ער געזאָגט, אויב עס וועט אויסקומען, וועלן מיר אַזוי קעמפן, אַז עס איז גאָר שרעקלעך אַ טראַכט צו טאָן. ס'איז דאָך טאַקע עמעס — זיי קעמפן אַזוי, אַז ניט נאָר דיוויזיעס איידעם — אַפילע ער האָט זיך איבערגעשראָקן... ווייסט ניט, ווען מען וועט אַפּשיקן די סקוואַדריליע? ס'וואָלט גוט געווען וואָס שנעלער — אַריינפאַלן אין סטאַלינגראַד...

## VIII

אַמאָל פלעגט סערגיי קוקן מיט קינע אַף בילדער פון ניו־יאָרקער בריקן — אַט ווען מען זאָל אופּבויען!... עס האָבן זיך אים איצט דערמאָנט מאַיאַ־קאָווסקים פערזן:

„...וועט קומען דער סאָף פון דער וועלט,
און פּלאַנעטן פון כאַאָס וועט אַפּרייסן זיך גיך,
נאָר איינס וועט זיגער פאַרבלייבן אין זיג,
דער אַף צוויי פּיס, אופגעשטעלטער בריק...

דער דאַזיקער — איז ניט אַף צוויי פּיס אופגעשטעלטער, נאָר אַ פּלאַ־טער, פון קלעצער. און אַלדאָס איבעריקע איז דאָ: סײַ דער סאָף פון דער וועלט, סײַ דער כאַאָס, סײַ דער אומקום... די ברוקלינער איז, געוויס, געווען לייכטער צו בויען ווי די... די דייטשן באָמבאַרדירן, דערלאַנגען פון האַר־מאַטן, פון זעקסרעריקע מינען־שליידערער. באַנאַכט הויבט די וואָלגע אָן צו קאָכן; אַפן ברעג ברענט די שטאָט. מענטשן קומען אום, און דאָס איז אַזוי נאַטירלעך, ווי דאָס, וואָס די אַנדערע לעבן נאָך, עסן קאַשע, זידלען זיך, באַנדאַזשירן וווּנדן, רויכערן, שרייבן בריוו. וואָס איז עס — די אַגאָניע, די גלייכגילטיקייט אָדער די לינקע זייט פון דער שלאַכט, די וואַכעדיקייט פון מילכאָמע?

מען זאָגט, אַז דעם מענטשן אונטערשיידט פון כאַיעס די פעיִקייט צו

לאַכן. אָבער דאָך איז דאָס פריילעכע לאַכן דאָ מעשונעדיק, בעיס עס דוכט זיך, אַז מען מעג נאָר שרייען. און זאַנין האָט אים געמאַכט לאַכנדיק:

— ווייסט, די פראַנצויזן פאַרשטייען ניט, ווי אַזוי מען קען עסן קאַשע. איינער אַ פראַנצויז האָט געזאָגט: „באַ אונדז עסן דאָס נאָר בעהיימעס". דאָרט אין דער לעגאַציע איז געווען אַ קוריער, האָט ער זיך באַליידיקט: „אַט עסט איר זשאַבעס, און באַ אונדז וועלן דאָס אפילע בעהיימעס ניט עסן"...

— צי דען עסט מען זשאַבעס? — האָט געפרעגט מיט אומצוטרוי זאַנין.

— געוויס. איך האָב אויך געגעסן. געשמאַק. איך האָב ליב קאַשע און פון זשאַבעס וועל איך זיך אויך ניט אָפּזאָגן...

„ווען מען דערהאַרגעט באַטאָג, הייסט עס — אין פינטל, און באַנאַכט — אַ פּאַשעטע צופעליקייט" — האָט גערעדט ראַשעווסקי (ער האָט ליב פילאָזאָפירן). באַנאַכט שיסן די דייטשן אויף בלינד. די מענטשן האָבן זיך צוגעוווינט. מען עסט, מען דערמאָנט זיך...

— איך וועל פעלמעני אויף גאַרניט פאַרבייטן. מיט עסיק. דורכלאָזן אַ צוויי הונדערט גראַם...

— וואָס שפּילסטו אַ באַשיידענעם? זאָג אַ האַלבן ליטער...

— און איך האָב שרעקלעך ליב כאָלאָדעץ...

— און אַ יויך פון פיש...

— פיש איז באַ אונדז דאָ אַ סאַך, דער טייך קאַסטראַמקאַ, אַן אַזיערע. אין פרילינג פּאַרפלייצט עס, ניט אַרויסצוגיין פון שטוב, יעדער האָט אַ שיפל...

— מיר האָבן זיך געשיפט איבערן וואָלכאָוו — אַ האַרמאַן, לידער... קעגנ׳איבער — אַ סאָסנאָוועער וועלדל, דער פּיאָנערן־לאַגער געווען. אַ מיידל פלעג מיט זיי קומען, געזונגען: „געליבטע שטאָט"...

— אַ קליין טייכל, מ׳רופט עס באַטבאַך, אויף רוסיש הייסט עס בלאָטע. געווען אַ גרויסע בלאָטע, מען האָט גערעדט, מען קען דאָרט ניט לעבן. און דאָרט איז אַ קאָלווירט — אַ ריז, פּאָמידאָרן, אַרבוזן...

— כאָטש מיט איין אויג כאַפּן אַ קוק!...

— ער האָט זיך צעגאַסן... פאַרכאָלעמט!...

די כאָלוימעס רייסן זיך איבער. עס רייסט זיך אויך איבער דאָס לעבן פון סיביריאַק קוסטאָדריעוו. סערזשאַנט קאַצעל איז שווער פאַרוווּנדעט, עס טראָגן אים אָוועק צוויי סאַניטאַרקעס; ער כריפּעט (עס דוכט זיך אַז די ברעטלעך כריפּען). און די בריק איז גאַנץ.

זאַנין פרעגט סערגייען:

— וואָס וועסטו טאָן, ווען די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן?

— איך ווייס ניט, איך קען זיך ניט פאָרשטעלן.

— און איך ווייס — איך וועל שלאָפן דריי טעג נאָכאַנאַנד, איך וועל אוועקשטעלן די ווייב, זאָל זי זאָגן, ווי ווענן אַ גענעראַל, „ער רוט זיך אָפּ".

סערגיי טראַכט ניט פון דער צוקונפט, ער דערמאָנט זעלטן די פאַרגאַנ־גענהייט, און די דאָזיקע דערינערונגען זיינען פיינלעך, ווי ער וואָלט אַריינ־

געקוקט אין אַ טעהאָם — עס שווינדלט דער קאָפּ. ער קען בעשום אויפֿן ניט צוזאַמענבינדן די פֿאַרגאַנגענהייט מיט דער מילכאָמע. אַנדערע לעבן אין די געדאַנקען מיט די ווייבער, מיט די קינדער, פֿילן זייער וואַכעדיקייט, ווי עס וואָלט ניט געווען קיין ריס — פּאַשעט אָוועקגעפֿאָרן. זאַנין — איז אַ טעאַט־ראַל, עס גייט אים אויך איצט אין לעבן צו וויסן, וואָס פֿאַראַ נייע פּיעסן עס גייען אין מאָסקווע. דער סערזשאַנט קאַצעל איז נעכטן פֿאַרוואונדעט גע־וואָרן, און פֿאַר דעם איז ער געגאַנגען און אַלעמען דערציילט, אַז זיין סאָניאַ איז אַ שלאָגלערין אין גימנאַזיע, און אַז בײַ מאַניטשקען האָבן זיך שוין דורכגעשלאָגן ציינדלעך. סערגיי פֿרעגט זיך אין גרויל: וואָס איז מיט מיר? ווי איך וואָלט פֿאַרשטיינערט געוואָרן... איך וויל זיך דערמאָנען וואַליאַס פּאָנעם און קען ניט. און מיטאַמאָל — זי, ווי זי וואָלט דערבײַ געווען, זי גייט, שמייכלט, און עס ווערט דערפֿון אומדערטרעגלעך, ווייל זי איז אין אַן אַנדער לעבן. ער האָט זיך איינמאָל דערמאָנט אַן אָוונט מיט מאַדאַם און ניט געגלויבט, אַז דאָס איז געווען מיט אים, מיט סערגייען, דעם קאַפּיטאַן פֿון אינזשעניערן־מיליטער — ווי ער וואָלט גאָר דורכגעלייענט אַ בוך, וואָס מען קען ניט, ניט איינהאַלטן אין זיקאָרן, ניט פֿאַרגעסן. ער האָט קיינמאָל ניט געקענט לעבן אין עטלעכע זאַכן, אָפּגעבן זיך צו עטלעכע ליידנשאַפֿטן. נינאַ געאָרגיעווונאַ פֿלעגט זאָגן: „וואָלסט כאָטש אין אַ טעאַטער געגאַנגען, זיצט דאָך איבער די ביכער, ווי אַ באַזעסענער“... שוין דריי וואָכן, ווי ער האָט ניט געשריבן וואַליאַן. זי קען אַ טראַכט טאָן, אַז ער ליבט זי ניט מער. און ער איז ניט בעקויעד אַרויסצוזאָגן דאָס וואָרט „וואַליאַ!“ — אַזוי ווייטיקלעך און אַזוי ווייט! דער קאָפּ איז פּוסט, באַנעמסט נאָר דאָס וויכ־טיקסטע, דאָס נויטיקסטע, און גלייכצייטיק טראַכסטו פֿון עפּעס פֿײַנלעך די גאַנצע צייט. מעגלעך, אַז אויך פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט און אויך פֿון דער צוקונפֿט. צעשיידונג? ניין, מער ווי צעשיידונג — מילכאָמע...

אָפּן טייך איז טומלדיק. מען לאָדט אויס אַנטיטאַנק־האַרמאַטן, קאַסטנס מיט מינעס, מיט קוילן, מיט קאָנסערוון; מען שלעפּט פּעק, שטריק, סוכאַ־רעס, פּאָסט. מען טראָגט פֿאַרוואונדעטע אַף טראָגבעטלעך. עס בלאָזן זיך די שלעפּשיפֿן. עס גייען דורך זעלנער — אַ נייע דיוויזיע. אייניקע — אין צו לאַנגע שינעלן — זעען אויס ווי יינגלעך; זיי שפּרינגען אונטער, שרייען; אַנדערע טרעטן פֿאַרזיכטיק, ווי זיי וואָלטן קאָנטראָלירט די ערד מיט די פֿיס — דער רעכטער ברעג, סטאַלינגראַד... דאָ זיינען אוראַלער, וואָלגער, מאָסק־ווער, קאַזאַכן, אַ לערער פֿון געאָגראַפֿיע, אַ בריגאַדיר פֿון קאָלווירט אַף טעלמאַנס נאָמען, אַ סטודענט פֿון טעקסטיל־אינסטיטוט, אַ באַוול־צוכטלער. אַף אַ רעגע שווימט אַרויס פֿון דער נאַכט אַ לאַנג ניט ראַזירטער, אויסגע־פּייניקטער פּאָנעם. און נאָכדעם איז שוין דאָס פּאָנעם ניטאָ, נאָר טריט. מאָרגן וועלן זיי קריכן איבער טראַנשייען, ווי אַ קראָט, גראָבן ערד, אַריינבאַקומען זיך אין קעלערן, שטורעמען אַ גאַנץ־געבליבענעם פּאַסאַד פֿון אַ קליינער הייזקע, קריכן מיט גראַנאַטן אונטער אַ טאַנק, ציען אַ דראָט, פֿאַרלייגן מי־נעס, נעמען אָפּן ציל אַ פֿריץ, אָדער נאָר דעם שאָטן זיינעם, שלעפּן זופּ אונ־טער אַ גענעם־פֿייער און שטאַרבן — ניט פֿון אַלטקייט, ניט פֿון קראַנקייטן

— באַטאַג, אויב מען זאָל גלויבן ראַשעווסקין, ווייל „אין פּינטל", און באַ־גאַכט „צופעליק". און אויב די וועלן ניט ווערן, וועלן קומען אַנדערע. עס וועלן ווידער זיין נעכט, שלעפּשיפן, סטאַלינגראַד. ניט קיין טאָג און ניט קיין כוידעש, יאָרן. ווי אין די פערזן?... „דער סאָף פון דער וועלט"... און עס וועט בלייבן די בריק — ניט איבערן אומקום, איבער דער וואָלגע, איבער יענער וואָלגע, פון וועלכער מען האָט געזונגען לידער, איבער וועלכער עס זיינען געגאַנגען אויסגעפּוצטע דאַמפּער מיט טוריסטן. דאָס וואַסער איז איצט ווי בעמישע טינט... באַ די גריכן איז געווען לעטאַ, דער טייך פון פאַרגעסנהייט. דער אַריבערפירער כאַראָן, אים האָט מען גאַר געצאָלט... עס ווילט זיך שלאָפן, דער גענעץ צערייסט דאָס מויל. עס דערלאַנגט ווידער... נאָר אין בריק... מען האָט געהאַקט, געזעגט, צוזאַמענגעקלאַפּט...

וואָס פאַראַ דאַטע? דאַכט זיך, דער פערצנטער אָדער פופצנטער. פער־ציק טעג. ניט געהערט היינט די ראַדיאָ. דאָ האַלט מען זיך, דער אַריבערפאָר אַרבעט — דאָס איז דער איקער, ער האָט אַ שמייכל געטאָן: פאַרוואָס דער איקער?... זיצסט און שטענדיק איז דער איקער דאָס, וואָס איז פאַר דיר. אין פּאַריז ווייס מען גאָר, געוויס, גאַרניט, וואָס דאָס איז אַזוינס סטאַלינ־גראַד... זיי וועלן פּאַרט ניט נעמען! די מענטשן זיינען געוואָרן אַנדערע — זיי גייען ניט אַוועק. צוגעווױנט זיך? ניין, מען קען ניט זאָגן, אַז צוגעוווינט זיך, אַ סאַך גייען, נאָר וואָס געקומען, פאַרשטייען נאָך גאַרניט, עס כאַפּט אַן אַ גרויל און דאָך גייען זיי ניט אַוועק. האָבן זיך אויסגעלערנט... ניט זיי, אויך ניט איך, אַלע צוזאַמען, דאָס פאָלק. דאַכט זיך, וואָס — אַ מישמאַש, קענסט גאַרניט פאַרשטיין, אָבער איצט ווייס יעדער, אַז עס איז פאַראַן אַ פּלאַן. אין אַ יאָר צען אַרום וועט, אַוודע, אַלץ קלאָר ווערן, אין די מילי־טערישע אַקאַדעמיעס וועט מען פאַנאַנדערקלייבן לויט די גענג, ווי אַ שאַך־פּאַרטיע. עפּשער וועסטו אויך איצט, ווען מען זאָל זיך גוט אויסשלאָפן, פאַר־שטיין... ניט אין דעם גייט עס, די הויפּט זאַך — דער אַריבערפאָר. גיכער וועט די ברוקלינער פאַרשווינדן, איידער די... פון ניו־יאָרק קיין פראַנקרייך פלעגן גיין ריזיקע שיפן, געזען אין אַ זשורנאַל, דאַכט זיך „נאָרמאַנדיע", אַן עמעסער וואָלקן־קראַצער. איך ווייס ניט, צי זיי גייען איצט... און אַז מען וועט דערטרינקען דאָס שלעפּשיפל, וועט זיין אַ צווייטע, אַ דריטע. איצט איז שווערער אַריבערצושווימען די וואָלגע, ווי דעם אָקעאַן. מען שווימט אַריבער...

— כאַווער קאַפּיטאַן, דער צווייטער און דריטער שטיפן...

דער עלטערער לייטענאַנט שוליאַפּאָוו איז אין שרעק — צי עס איז ניט קאַליע געוואָרן דער טראָס. ער שפּרינגט אין וואַסער.

— אָ, ווי קאַלט!...

מען דאַרף זיך צויילן — עס וועט אינגיכן נעמען טאָגן. עס אַרבעטן אַלע; און אין דער אַרבעט איז דאָ עפּעס אַזוינס פרידלעכס, וואָס באַרויִקט אַפילע דאָן, ווען באַ דער זייט רייסן זיך אויף מינעס, — די איבערכאַזערונ־גען פון באַקאַנטע באַוועגונגען, די אָנשטרענגונג פון מוסקולן, די אויסגעשרייען „איינס! נאָכאַמאָל איינס!"...

עס שיילן זיך אויס אַן אינדזל, אַ נידעריקער ברעג, אַ צעבראָכן שיפל — קאַיאַר.

מאַיאָר שילייקאָ מעלדעט: זעקס טאַנקען. מיר שיסן דירעקט.

באַטאַג איז געשטאָרבן דער קאַזאַך, וואָס האָט דערציילט וועגן באַטבאַד — עס האָט אים פאַרוווּנדעט אַ שפּליטער פון אַ מינע; ניט באַוויזן אָפּצישיקן אין סאַנבאַט. ער האָט גערעדט פון היץ: „איך האָב אַ קאַטער”...

ווען עס איז טונקל געוואָרן, איז סערגיי אַוועק צום מאַיאָר שילייקאָ. זיין קאָפּע געפינט זיך אין אַן ערד־שטיבל, וואָס מען רופט „דער קעלער”. מען האָט אַזוי אָנגערויכערט, אַז מען זעט גאָרניט.

— ווי אַזוי איז בּאַ אייך? — פרעגט דער מאַיאָר.

— אין אָרדענונג. געהערט ראַדיאָ?

— יאָ, קיין שום אויסערגעוויינלעכס. דאָ האָבן זיי פּרובירט צו דריקן אָף באַלאַשקינען, פאַרנומען צוויי הייזער, אָבער אַליאָשאַ האָט געזאָגט, אַז איינס האָבן זיי צוריק אָפּגענומען. סט׳געהערט, ווי די „קאַטיושאַס” האָבן זיך געפּלייסט? ביעלאָוו האָט היינט אַוועקגעלייגט צוויי פּריצן, איך האָב אים געזאָגט, ברענג אַ לעבעדיקן, איז גאָרניט אַרויס, ער האָט געבראַכט אַ פלעשל ראָם און אַ צינדר־מאַשינקע. זעץ דיך, פּאַסקודסטווער ראָם, אָבער טרינקען קען מען. אַ רעפּוע — עפּשער וועט עס דערוואַרעמען... איך וועל באַלד אָנשטעלן דעם פּאַטעפאָן... צום טייוול, געפּלאַצט די פּלאַטע, עס רוישט!

דער מאַיאָר הערט שוין צום הונדערטסטן מאָל לעשטשענקאָן, און צום הונדערטסטן מאָל פרעגט ער:

— פאַרוואָס איז ער אַזאַ טרויעריקער?

— סערגיי ענטפערט:

— ער איז ניט געווען באַם אַריבערפאָר, דערפאַר...

פון דער וואַרעמקייט, פונעם ראָם, פון שילייקאָס באַריידעוודיקייט ווילט זיך נאָך מער שלאָפן.

די דייטשן האָבן באַשלאָסן אַ סאָף צו מאַכן מיטן אַריבערפאָר. דאַכט זיך, אַז דאָס גאַנצע אייזן פון רור, ביסקיי, לאָפלאַנדיע, לאָטרינגען, אַ צעשמאָלצענער און גליענדיקער, טראָגט זיך אָף אַ שמאָלן פּאַסיקל ערד, אָף ערדשטיבלעך, אָף טראַנשייעלעך, אָף פּאַשעטע מענטשן, וואָס האָבן ברוסטקאַסטנס, לונגען, אָרטעס, אויגן־אַפּלען, דינסטע צאַרטסטע גלידער.

סערגיי ווייס, אַז ער דאַרף דאָ זיין, און דאָס נעמט אַוועק די מוירע. אַנומלט איז ער אַוועק צו די אַרטילעריסטן אָפן לינקן ברעג. אַ גאַניידן — מענטשן לעבן דאָ קימאַט אַזוי ווי אין מעטאַלענע גלעזער־האַלטערס, מען שלאָפט אויסגעטאָן. און מיטאַמאָל פּיקיר־אַוויאָנען. סערגייען איז געוואָרן שרעקלעך: צו וואָס בין איך געקומען?... דאָ — איז אַן אַריבערפאָר, אַרבעט. דערפאַר איז טאַקע ניט שרעקלעך...

די סאַפּיאָרן האָבן פאַרלאָרן פיר מאַן. אַ שפּליטער האָט באַרירט סערגייס האַנט. דאָקטאָר לעווין האָט אים געוואָלט אַריבערשיקן אָפן לינקן ברעג, סערגיי האָט זיך אָפּגעזאָגט: ניט קיין צייט אָף דעם.

— איר וועט פאַרלאָזן — וועט זיך עס שלעכט צוזאַמענוואַקסן...

— נישקאשע, שפעטער וועט מען עס פאריכטן. נאר שרייט ניט אף מיר, איך וויים, אז בא אייך איז עס אנגענומען. אין מאסקווע פלעג איך זיך טרעפן מיט א דאקטאר, א גוטמוטיקער טייערער מענטש, אבער בא אונדז אין דיוויזיע איז געווען א מיליטער־דאקטאר ניקריטין (אין רוסיש קלינגט עס ווי — ניט־שרייער, כ. ב.), האט ער אויך געשריען...

לעווין האט זיך פארוואונדערט:

— איך שריי קיינמאל ניט. איך בין א כירורג — איך שנייד. זיי שרייען, אבער איך דארף עס ניט טאן. שרייערס — דאס זיינען געווראפא־טאלאגן. — ער איז אנטשוויגן געווארן. — אייערנעכטן האט מען דער־הארגעט מיינעם א זון — אפן טראקטארנעם, געווען אין „ערעס". ניינצן יאר. געשריבן לידער: „א טיפקייט ווי אין צאר איז אין דיר פאראן, ביסט נאר א טייך, און ניט קיין יאם"... נאריש, און מיך רירט עס...

— גארניט נאריש, איך פארשטיי עס... כ'וועל גיין...

די האנט האט ווי געטאן. ער האט זיך באמיט ניט קרימען זיך. זאנין האט געזאגט: „פאר דיר א בריוו". סערגיי האט א קוק געטאן — פון וואַ־ליאן, ער האט זיך דערפרייט און אז א פארוואס דערשראקן זיך. ניין, איך קען ניט, איך וועל שפעטער איבערלייענען...

דער שווארצער טייך האט אלע ווײַלע ארויסגעשיינט פון די סרייפעס, פון ראקעטן, ער פלעגט ווערן רויט, ציגלדיק, טונקל־וויאלעט.

עס איז אנגעגאנגען א וואכעדיקע ארבעט.

## IX

בערטי האט באלד דערקענט מאדאם האנטשריפט, שנעל אופגעריסן דעם קאנווערט. מאדא האט געשריבן: „איך מוז אייך זען, פאר דער דאזי־קער צייט האב איך א סאך דורכגעלעבט און איבערגעטראכט. איך וויל זיך מיט קיינעם ניט טרעפן. קומט צופארן פרייטיק אין אוונט זיבן אזייגער — „בעל אטעס", ווו מיר זיינען געווען צוזאמען פאראיארן זומער. זאגט נאר־ניט דעם פאטער. מ."

ער האט א שמייכל געטאן: איצט, ווען עפעס א לאוועלאס האט זי אוועקגעווארפן, האט זי זיך דערמאנט וועגן מאן. אבער אנשטאט דעם, צו זאגן אופריכטיק, איז עפעס הויכע ווערטער — „איבערגעטראכט"... אין מאטן געראטן. די זעלבע ליידנשאפט צו גראשנדיקער ראמאנטיק — באנאב־טיקע ראנדקעס הינטער דער שטאט, ווי ער וואלט געווען א סטודענט... ער האט א ווארף געטאן דעם בריוו אף דער פאדלאגע און באלד אים אופגע־הויבן. ס'וועט זיין נאריש, אויב איך וועל פארן...

ער האט מאדאן ניט געזען זייט יענעם טאג, ווען זי האט געמאלדן: „איך גיי אוועק, אנדערש קען איך ניט האנדלען". ער האט פון אלעמען פארבארגן, אז זיין ווייב איז אנטלאפן; ער פלעגט זאגן: „זי איז אין דער דארעמדיקער זאנע". נאר מיט לאנסיען האט ער זיך עפעס ניט געקענט איינהאלטן: „איר מעגט שטאלצירן מיט דער דערציונג, וואס איר האט גע־

געבן אייער טאכטער, זי פירט זיך אוף, ווי א גאסן־מויד"... לאנסיע האט זיך אנגעצונדן: „איר וואגט ניט אזוי צו ריידן וועגן מאדאן! ווער האט אייך דערלויבט צו באליידיקן דעם אנדענק פון דער ארעמער מארסעלינא? איר האלט, אז איצט איז אייך אלץ דערלויבט? איך, הער בערטי — בין א פראנצויז, א פאשעטער אומגליקלעכער פראנצויז, און איר — זייט שירקעס רעכטע האנט". מיט א טאג פריער האט לאנסיע געבעטן בערטין ער זאל אויספועלן, אז די דייטשן זאלן געבן „ראש־ענע" קוילן. בערטי האט אוועקגעמאכט מיט דער האנט: לאנסיע שעצט זיין טאכטער, דערביי איז ער א טיפעש, מיט אזעלכע פירט מען ניט קיין דיסקוסיעס.

ווו זשע איז זי עס פארלארן געגאנגען די גאנצע צייט? קימאט א יאר... א היסטעריטשקע, אזא איינער האט געקענט פארפירן א ליאדע אוואנטוריסט. איך וועל ניט איבעראשט ווערן, אויב זי האט געלעבט מיט א געשטאפא, אף ווועמענס נאכט־טישל עס ליגן א בייטש און א באנד ניצשע. זי האט זיך אויך געקענט פארבינדן מיט א טעראריסט פון דע גאלס אנהענגער — א שפיל אין קאנספיראציע, ענגליש געלט, קאקאין. און, מעגלעך, אז גאר פאשעט — א זשאקיי, א קאמיוואיאזשאר, א קארטן־שפילער...

קלאר, אז זי וועט ווידער פרוון שפילן קאמעדיע, פייניקן מיך מיט אירע פאנטאזיעס — א ווייב און ניט קיין ווייב. דאס וועט מער ניט געלונגען! אדער — אדער... הייסט עס, אז איך בין גרייט איר אלץ מויכל זיין? ווי געמיין! דאס איז ווי א קראנקייט — זי זיצט אין דיר. שמוציק, הערסט זיך אוף צו שעצן.

בערטי איז געווען „קראנק" אף זויבערקייט, ער פלעג צען מאל א טאג וואשן די הענט, ווו ער זאל זיך ניט האבן געפינען, מאכן זיך א וואנע איבערפרי און אין אוונט, ראזירן זיך אויך צוויי מאל א טאג. ער איז צוגעגאנגען צום שפיגל, אים האט זיך אויסגעוויזן, אז ער האט זיך שלעכט אפגעראזירט. אלט געווארן — די שלייפן איינגאנצן וויים, אונטער די אויגן זעקלעך... מארילא איז גערעכט — מען דארף זיך אויסרוען.

דאקטאר מארילא האט ניט לאנג געזאגט בערטין: „איך האב מוירע, אז היטלער וועט אייך איבערלעבן, וואס אן עמעם האט ער ווידער אומאנגענעמלעכקייטן, אבער ער פארזיכערט, אז דאס איז א קלייניקייט — עטלעכע רוסן זיינען זיך פארזעסן אין סטאלינגראד. מירן לעבן — וועלן מיר זען. זעט איר אבער אייערע אומאנגענעמלעכקייטן קען מען געניי פעסטשטעלן: בלוטדרוק דריי און צוואנציק".

בערטי האט ניט דערציילט דעם דאקטאר וועגן דעם כאראקטער פון זיינע „אומאנגענעמלעכקייטן". מארילא איז א פלאפלער און א וועטערפאן, אזא איינער רייבט זיך צווישן גאליסטן. דא האנדלט זיך אבער ניט גאר אין מאדאן. עס קומט אויס פירן א מילכאמע מיט אומזעבארע סאנים. אים אליין איז קאמיש, וואס ער האט זיך פאראיארן זומער באמיט צו זיין נייטראל. ווי וואלט מען אין אזא מילכאמע געקענט פארבלייבן נייטראל? ער איז ניט געלאפן צו די דייטשן נאך נעדאוועס, ער האט קוידעמקאל גע־

טראַכט וועגן פראַנקרייך, ניט ער האָט אָנגעהויבן די מילכאָמע — די קאָמוניסטן.

צו וואָס האָט מען באַדאַרפט איינרייסן וועלטן קעדייִ צו באַזייטיקן דעם דייטשישן קאָנטראָל? ער האָט זיך געשטעלט אין אַ נאַרישער לאַגע. די אַרבעטער האָבן מוירע מען זאָל זיי ניט אַרויסשיקן קיין דייטשלאַנד, לויפן זיי ניט אין קלאָזעט רויכערן, שמועסן ניט צווישן זיך, אַ מוסטערדיסציפּלין. און די דייטשן זיינען גערעכט: די פּראָדוקציע פאַלט. אָנגעהויבן האָט זיך עס פון מערץ מאָנאַט: דאָ אַ באַלט אין דער פּאַרקייטלונג, דאָ אַ קורץ־שלוס, דאָ שרויפן זיי אַרויס אַ שרויף, דאָ שיטן זיי אונטער זאַמד אין דער אייל־שליסל. צעשטערט דעם קאָמפּרעסאָר. בערטי האָט באַשטימט אַ באַלוינונג פאַרן פאַקן די פאַרברעכער. עס איז געקומען דאַרמוּא, געמאָלדן, אַז דעם וואַרשטאַט האָט צעבראָכן אַליוויע. בערטי האָט איבערגעגעבן דעם איניען צו דער פּאָליציי; מען האָט אַליוויען שרעקלעך צעמייִמעסט. און אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אָנגעקלונגען פון דער דייטשישער קאָמענדאַנטור: אַליוויע איז אין גאַרניט שולדיק, דאָס איז אַן אָרנטלעכער מענטש, אַ מיטגליד פון פּעפּעף (פּאָפּולערע פראַנצויזישע פּאַרטיי, אַ פאַשיסטישע — כ. ב.), ס'האָט פאַר אים גאַראַנטירט דאָריאָ. בערטי האָט אַרויסגערופן דאַרמואַן, אָבער יענער איז שוין פאַרשוווּנדן.

אין יולי מאָנאַט האָט נאָך שירקע געזאָגט: „די נאַטשאַלסטווע רעדט וועגן דעמאָנטירן אייערע פאַבריקן. וועסט גאַרניט מאַכן — די אַרבעטער זיינען אָדער פּוילאַקעס אָדער אָנגעשטעקט. און די איינריכטונג איז אַ גלענצנדיקע, מען זעט גלייך, אַז איר זייט — אַ נאָוואַטאָר".

דער צווייטער אויגוסט איז געווען פאַר בערטין אַ שוואַרצער טאָג. ער האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי די באַנדיטן האָבן געקענט צוקומען צום טראַנספאָרמאַטאָר. באַרי? אָבער באַרי אַרבעט אָפּן זאַוואָד אַכצן יאָר, געטריַי דעם באַלעבאָס, האָסט די קאָמוניסטן. די דייטשן זיינען צוגעשטאַנען: ווער האָט אופגעריסן דעם טראַנספאָרמאַטאָר? בערטי האָט אָנגעוויזן אָף זשילבערן. עמעס, ער האָט טאָקע ניט געהאַט קיין באַווייזן, אַז זשילבער האָט אַ שייַכעס צום דאַזיקן איניען, אָבער אין זעקס און דרייסיקסטן פלעגט זשילבער אונטערהעצן אַנדערע, צוזאַמענשטעלן פאָדערונגען... אַזעלכע ענדערן זיך ניט. די דייטשן האָבן שפּעטער דערציילט, אַז זשילבער האָט אַלץ געלייקנט: אַ געוויינלעכער פאַרטל. מען האָט אים דערשאָסן. און באַלד נאָכדעם האָט אַן אומבאַקאַנטער דערשאָסן דעם הויפּט־אינזשעניער לאַמפּיער. דער מאָרד איז פאָרגעקומען ניט אָף דער זאַוואָד־טעריטאָריע, האָט בערטי אַליין איינגעלאַדן די געשטאַפּאָ: „עפּשער וועט איר זיין מאַזלדיקער פון מיר"... ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער קאַפּיטולירט, אָבער פאַרפאַלן — נאָך אַ כוידעש, און די דייטשן וועלן אָנהויבן דעמאָנטירן. מיט דער געשטאַפּאָ זיינען אויך געקומען דייטשישע אינזשעניערן זיי האָבן פאַרנומען אַ צימער לעבן בערטיס קאַבינעט.

מיט אַ וואָכן צוויי צוריק איז געקומען שירקע, גערעדט וועגן די זיגן אָף מיזרעך.

— גראָזני, נאָכדעם באַקו.
— און וואָס איז מיט סטאַלינגראַד?
— מיר פאַרניכטן די לעצטע ווידערשטאַנד־נעסטן. ריזיקע טראָפייען...
בערטי האָט דערפילט אין שירקעס שטים אַ פאַרבאָרגענע אומרויִקייט.
— די זיגן ווירקן אויף אייך ניט גוט. ווינטער נאָכן צוריקטריט האָט איר אויסגעזען מונטערער...
שירקע האָט גענומען ריידן וועגן דער נויטווענדיקייט צו פאַרשנעלערן די פּראָדוקציע.
— די שלאַכט פאַר סטאַלינגראַד האָט אופגעפרעסן אַ סאַך מאַטעריאַלן. מיר דאַרפן מאָטאָרן... איך פאַרטיידיק אייך, אויף וויפל איך קען, אָבער די נאַטשאַלסטווע רעכנט זיך ניט מיט פערזענלעכע אַפשאַצונגען...
עטלעכע מאָל האָט בערטי געפונען בײַ זיך אויפן טיש קאָמוניסטישע בלעטלעך. אין זיין קאַבינעט האָבן זיך נאָר געקענט אַריינבאַקומען איוואַן אָדער דער אַלטער דעלמאַס. שווער זיי בוישעד צו זיין. איוואַן — איז אַ פּינקטלעכע סעקרעטאַרן, אָבער אַ נאַר, זי איז אַריינגעטאָן אין סענטימענטאַלע פילמען און אין פריזורן. און דעלמאַס — איז אַ רעליגיעזער, יעדן זונטיק גייט ער אין קלויסטער.
בערטי האָט ווידער דערזען אויפן טיש אַ בלעטל: „רעשימע נומער איינס פון פאַרעטער, וואָס זיינען פאַרמישפּעט געוואָרן דורכן פאָלקס־טריבונאַל פון פראַנקטירער און פאַרטיזאַנען". ער האָט אַ שמייכל געטאָן: צו קורצע הענט!... לאָמיר נאָר זען, ווער עס שטייט דאָרט זיי אַזוי אין וועג... פאַרשטייט זיך, לאַוואַל, דעאַ, דאַריאַ, דאַרלאַן, דאָס אַלץ איז קלאָר. ווייטער קליינינקייטן — „אַקמיאַר גיטרי, ליטעראַט דריע ליאַ ראָשעל, מיניסטער אַבעל באָנאַר, ליטעראַט סעלין, אינדוסטריאַל זשאָזעף בערטי"... מער האָט ער ניט געלייענט, ער האָט צוזאַמענגעקנייטשט דאָס בלעטל און אַריינגעוואָרפן אין קאַרב. ערשט אין אָוונט האָט ער זיך דערמאָנט וועגן צעטל און פאַרטראַכט זיך. ער האָט ניט געפילט קיין שרעק, ער איז אָבער געווען אופגעבראַכט; דאָס בלעטל האָט אים באַרויִקט: איצט קען איך זיך ניט צערעמאָניען מיט זיי. פאַרעטער זיינען זיי, פאַרקויפט זיך, ווער — צו די רוסן, ווער — צו די אַנגלאָ־זאַקסן, פראַנקרייך גייט זיי ניט אָן. איך קעמף פאַר פראַנקרייך, איך, דער אינדוסטריאַל זשאָזעף בערטי! איך האָב פּרובירט זיין הומאַניטאַר, ניט געוואָלט אופרייצן, געשאַנעוועט. אָט איז זייער טשווּוע...
בערטי האָט באַשלאָסן איבערצוגעבן די דייטשן די רעשימע פון די פערזאָנען, וואָס האָבן אין זעקס און דרייסיקסטן יאָר צוזאַמענגעשטעלט דעם „שטרייק־קאָמיטעט". צוויי און דרייסיק נעמען; פון זיי אַרבעטן נאָך פערצן אויף בערטיס זאַוואָדן. ער האָט גערופן איוואַן. געוואָלט דיקטירן איר. ער האָט אַ קוק געטאָן — סט'געזען אַ פריזור!... און דאָך האָבן זיך אין קאַבינעט געקענט אַריינבאַקומען נאָר זי, אָדער דער אַלטער, עפּשער, ביידע... די קאָמוניסטן נוצן שטענדיק אויס אַזעלכע טיפּשים. ער האָט צוריקגעשיקט איוואַנען; ער אַליין האָט אויסגעשריבן די נעמען פון די פערצן, וואָס זיינען אונטער אַ כשאַד: איין אינזשעניער, פיר מייסטערס, די איבעריקע אַרבעטער.

געשריבן האָט ער מיט קליינע אויסיעס, אָבער זייער דייטלעך, די אויסיעס האָבן אויסגעזען ווי געדרוקטע. ער האָט אָפּגעלייגט די פעדער, פאַרטראַכט זיך. ווער זשע האָט זיך דאָס אַריינגעכאַפּט צו אים אין קאַבינעט? זאָלן די דייטשן אויספאָרשן... ער האָט צוגעשריבן צו דער רעשימע: נומער 15 טאָמאַ איוואַן — אַ מאַשיניסטן; נומער 16 דעלמאַס זשאַן — אַ וועכטער".

די לעצטע צייט האָט בערטי געליטן פון שלאָפלאָזיקייט. צום ערשטן מאָל איז ער איינגעשלאָפן אַן אַ שלאָפמיטל: ער האָט געפילט אַ געוואַלדיקע פאַרלייכטערונג — איך האָב אַלץ אָפּגעטאָן, איצט וועט מיר קיינער ניט קענען פאַרוואַרפן...

בערטי האָט זיך ניט אינטערעסירט מיטן גאַנג פון דער אויספאָרשונג. ער האָט נאָר באַמערקט, אַז עס האָבן אויפגעהערט סיי די סאַבאָטאַזש־אַקטן און סיי דאָס באַווייזן זיך פון בלעטלעך אויף זיין טיש. שפּעטער האָט אים דער דייטש־אינזשעניער דערציילט: „קיינער האָט זיך ניט מודה געווען. מען האָט זיי ליקווידירט. מען זאָגט, אַז אייער סעקרעטאַרן האָט אַ ביס געטאָן דעם מאַיאָר. און דער אַלטער וועכטער איז געשטאָרבן בעיסן פאַרהער".

בערטי האָט זיך באַרויִקט. מאַדאַם בריוו האָט אים ווידער אַרויסגעבראַכט פון זיך: עס האָט זיך געעפנט אַן אַלטע ווונד. ער קעמפט סטאַזש קעגן פאַרבאָרגענע מערדער. פאַרוואָס איז ער אומבאַהאָלפן קעגן דער דאָזיקער באַסערדייעניצע? אַן אומזיניקע ליידנשאַפט, אַ גלוסטונג פון אַ מאַן, וואָס עלטערט זיך! ער דאַרף נאָר וועלן, און אין בעט בא אים וועט דערשיינען די שענסטע פרוי. צו וואָס דאַרף ער מאַדאַן?

פרייטיק אינדערפרי, האָט בערטי פעסט באַשלאָסן, אַז ער וועט ניט פאָרן. אויב איך וועל פאָרן, וועל איך אויפהערן צו שעצן זיך. ער האָט רויִק אָפּגעפרישטיקט, לאַנג געשמועסט מיט די דייטשן וועגן אַ נייעם מאָדעל פון אַ שטאַב־מאַשין. אין אָוונט איז ער אַוועקגעפאָרן אַהיים, געמאַכט אַ וואַנע, אָפּראַזירט זיך און, אַ קוק טוענדיק אויפן זייגער, האָט ער זיך צעשמייכלט: האַלב זיבן — זי פאָרט איצט אַהין מיטן צוג אָדער זי איז שוין דאָרטן, קוקט אויפן זייגער, זי וואַרט... קען זיך וואַרטן וויפל איר גלוסט זיך... אין אַ שעה אַרום וועט ער פאָרן עסן — מיטן קליינינקן רענע...

עס איז געווען נאָך זיבן, ווען ער איז פּלוצלינג אַרויסגעלאָפן, אַריינגעשפּרונגען אין אַ מאַשין און, ניט טראַכטנדיק פון גאָרניט, האָט ער זיך געלאָזט קיין זשואַר. נאָך דרייסיק קילאָמעטער. זי וועט זיך אָוואָדע, ניט דערוואַרטן, וועט אַוועקפאָרן... עטלעכע מאָל האָבן אים פאַרהאַלטן דייטשן, ער פלעגט ווייזן אויפן פאָדערשטן גלאָז — ס'איז דאָ אַ פּראָפּוסק, אָבער ער איז געווען אַזוי דענערווירט, אַז איינער אַ גוטמוטיקער זעלנערל האָט גערופן דעם אונטער: צי איז עס ניט אַמאָל אַ טעראָריסט?...

„בעל אַטעם" איז געווען אַ קליינער האָטעל, אַהערצו פלעגן פאָר דער מילכאָמע אַריינפאָרן פאַרליבטע פאָרלעך, פישער און גאַסטראָנאָמען, וואָס פלעגן זיך אַנטציקן פון דער קיך פון דער באַוואָגצלטער מאַדאַם ליאַגראַנזש. איצט פלעגט זעלטן ווער פאַרפאָרן אַהער. בערטי האָט דערזען אַ פּוסטן, טונקל־באַלויכטענעם זאַל. איבער די טישלעך, וואָס זיינען געווען געדעקט

מיט שמוציקע פאפירענע טישטעכער, האט ארומגעוואגלט אן אויסגעדאר־טער קאטער... בערטי האט ניט גלייך באמערקט מאדאן; זי איז געזעסן אין א ווינקל. ער האט א קוק געטאן און באלד באגריפן — עס האט זיך גארניט געענדערט, ניט זי, ניט איר מאכט איבער אים. זי האט אויסגעזען בלייכער ווי שטענדיק; זי האט געטראגן א רעגן־מאנטל, דער קאפ איבער־געבונדן מיט א בלאען זיידענעם טיכל. בערטי האט ארויסגעברומט:

— אנטשולדיקט, וואס איך האב אייך געלאזטווארטן. איך בין געווען פארנומען...

— שאדט ניט, איך האב צייט.

זיי האבן ביידע געשוויגן. בערטי איז צוגעקומען צו דער מאדאם ליא־גראנזש, וואס איז געזעסן הינטערן קאנטאר־טיש.

— מען האט אייך שוין לאנג ניט געזען, העד בערטי.

— א סאך ארבעט, ניטא קיין צייט אף הינטערשטאטישע שפאצירן.

— וואס מאכט מאדאם בערטי? (מאדאם ליאגראנזש האט ניט דער־קענט מאדאן, וואס זי האט געזען נאר איינמאל, און, מיינענדיק, אז הער בערטי האט זיך געטראפן מיט דער געליבטער, האט זי גערעדט פליסטערנ־דיק).

— א דאנק, זי איז אין דער דארעם־זאנע... איך בין אריבער אף דער לאגע פון א באכער. איר וועט אונדז עפעס צוגרייטן?

— געוויס, הער בערטי, איצט זיינען ניט יענע צייטן, אבער פאר אייך וועט זיך שטענדיק עפעס וואס געפינען. איך געדענק, אז איר האט ליב אן אמלעט פון טריופעלן. אין א האלבער שא ארום וועט אלץ זיין פארטיק. נעכטיקן וועט איר דא?

— איך ווייס ניט. איך וועל זאגן נאכמיטיק...

אומקערנדיק זיך צו מאדאן, האט בערטי געזאגט:

— מיטיק וועט זיין אין א האלבער שא ארום. אויב איר האט גארניט דאקעגן, קענען מיר זיך אביסל דורכשפאצירן. דא איז ניט אזוי באקוועם צו ריידן — די מאדאם ליאגראנזש איז זייער א נייגעריקע. א שאד, וואס איר זייט ניט געקומען צופארן אהיים...

זיי זיינען ארויס. פון האטעל, וואס איז געשטאנען באם שאסיי, האט געצויגן א שמאלער וועג צום טייכל. די נאכט איז געווען א לעוואנעדיקע, זייער א העלע, מיט יענער קלינגעוודיקער שטילקייט, וואס טרעפט נאר שפעט אין האַרבסט. די נאקעטע ביימער אפן גרינעם הימל האבן אויסגעזען ווי געצייכנטע מיט טוש. בערטי האט זיך דענערווירט; פארויבערט און באלד אוועקגעווארפן דעם סיגארעט; ער האט געווארט, וואס מאדא וועט זאגן.

— אייך איז ניט קאלט? — האט ער געפרעגט. — די נעכט זיינען שוין קאלטע.

— ניין.

— און מיר איז קאלט.

ער האט אופגעשטעלט דעם קראגן פון מאנטל. זיי זיינען צוגעקומען צום טייכל, געבליבן שטיין. בערטי האט ענדלעך גענומען ריידן:

— וואָס־זשע האָט איר דורכגעמאַכט פאַר דער דאָזיקער צייט — אַ ליבע פון אַ פערד־יונג אָדער אַ פאַראַט פון אַ שולער?

— אַ סאַך...

אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי זוכט דאָס גאַז־טיכל, קען ניט געפינען. זי וויינט, געוויס... ער האָט זיך צו לאַנג צערעמאַניעט מיט איר.

— צווישן אַ סאַך זאַכן, די היגריכטונג פון די זעכצן, — האָט געזאָגט מאַדאַ.

ער האָט ניט באַוויזן צו באַנעמען די דאָזיקע ווערטער — ער איז שוין געלעגן אויסגעצויגן. דער שאָס האָט זיך געהערט ווייט און מאַדאַם ליאַגראַנזש האָט, דעקנדיק דעם טיש, אָפּגעזיפצט: צי דען זיינען שוין די דייטשן ווידער אין דאָרף און זיי האָבן זיך אַנגעשיקערט?...

מאַדאַ האָט אַ קוק געטאָן, דערמאַנט זיך די ערשטע נאַכט — דעם שלאָפנדיקן בערטי, דאָס פענצטער, דעם באַגין, די שוועגע דעם ווייטן סערגיי. נאָכדעם איז זי אַריינגעשפּרונגען אין אַ שיפל, אַריבערגעקליבן זיך אַפן צווייטן ברעג, גענומען שנעל שפּאַנען איבער דער סטעזשקע. זי האָט געטראָפן זשעראַרן.

— פאַרוואָס אַזוי לאַנג? איך האָב זיך שוין אויפגערעגט.

— נו?...

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, זיי זיינען שווייגנדיק אַוועק ווייטער, אַרויף אויף אַן אַנדער סטעזשקע.

— נאָך צוויי קילאָמעטער. ביסט ניט מיד?

— ניין... זייער מיד, אָבער דאָס איז ניט וויכטיק...

זשעראַר האָט לאַנג געקלאַפּט מיטן פוס אין טיר.

— זי איז אַ טויבע...

ענדלעך האָט מען געעפנט. אַ גראַנקע זקיינע האָט געשמייעט, צעבלאָזן פייער, אויפגעקאָכט וואַסער. זשעראַר האָט געזאָגט מאַדאַן:

— זי האָט געוווינט מיטן אייניקל. ער איז איצט אין געפאַנגענשאַפט. דאָ איז רויק...

ער האָט אַריינגעשריען דער זקיינע אין אויער:

— אַהער וועט קיינער ניט קומען?

זי האָט ניט דערהערט, זי האָט אָפּגעזיפצט:

— פון פייטער אַן ניט געשריבן...

מאַדאַ איז געזעסן באַם פייער אין רעגנמאַנטל. עס האָט איר געפּיבערט. זשעראַר האָט דערזען טרערן אין אירע אויגן.

— איז עס מעגלעך, אַז דיר איז אַ ראַכמאָנעס אויף אים?...

— ניין, ניט אויף אים... אויף זיך, אויף דיר, אויף ליוסן, אויף דער אַלטיטשקער... עס האָט דאָך געקענט זיין אַנדערש... אָבער וואָס איז דאָ צו ריידן!... ליוק דענערווירט זיך געוויס...

— אינדערפרי וועט ער זיך דערוויסן. און דו לייג זיך, דאָס איז פון מידקייט, זעסט שלעכט אויס...

## X

פרילינג האָט לאַנסיע געהאַלטן זייער שמאָל. צוריקומענדיק אַהיים נאָכן טראַגישן שמועס מיט בערטין, האָט ער זיך געלייגט און ניט געקענט מער אופשטיין; באַנאַכט האָט ער געבראָכן, ווי דאָס האָט שוין אַמאָל מיט אים פּאַסירט, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, פונוואַנען עס שטאַמט רואָס געלט. מאַרילאַ האָט אים לאַנג אונטערזוכט און ענדלעך געזאָגט: „טייערער פריינט, באַ אייך איז אויסגעשעפּט דער נערוון־סיסטעם. דאָס איז ניט געפערלעך, אָבער אומאַנגענעם. עפשער וועט איר פּרוּוון פאַרנעמען זיך מיט זייטיקע זאַכן? פאַרוואָס האָט איר פאַרנאַכלעסיקט אייער קאָלעקציע?” לאַנסיע האָט זיך טרויעריק צעשמייכלט: „מיר איז איצט אַלץ ניט אינטערעסאַנט. איר שטעלט אייך גאָרניט פאָר צו וואָס איך בין דערגאַנגען — איך באַמערק ניט וואָס איך עס, וואָס פאַראַ וועטער עס איז אין דרויסן”...

דער גורל האָט זיך איבער זיי מעראַכעם געווען. די אַלמאָנע אַמאָן האָט ניט געהאַט קיין קינדער, און אין האַרצן באַ איר איז פאַרבליבן אַ רעזערוו פון ניט אויסגענוצטער צאַרטקייט. לאַנסיע האָט זיך באַקענט מיט איר אַף אַ ווױלטעטיקן קאָנצערט לעטויוועס די יעסוימים, קינדער פון פייערלעשער — מאַרטאַ אַמאָנס מאַן איז געווען דער נאַטשאַלניק פון פייערלעשער דעפּאָ; ער איז געשטאָרבן אין מילכאָמע־ווינטער פון אַ לונגען אָנצינדונג, אָבער מאַרטאַ האָט געהאַלטן, אַז ער איז אומגעקומען ווי אַ זעלנער — אַפן שלאַכטפעלד. זי איז ניט געווען שיין, אָבער זי האָט דערוואָרעמט לאַנסיען מיט ווייכקייט, מיט ווייבלעכקייט. אין אָנפאַנג פלעגט זי פון אים אויסבאַהאַלטן אירע יאָרן, און ערשט דאַן ווען לאַנסיע האָט איר געמאַכט אַ פאָרשלאַג, האָט זי געזאָגט, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן: „מאָרים, איך בין פיר און פערציק יאָר אַלט”...

לאַנסיע פלעגט זיך פרעגן, צי ער פאַראַט ניט מאַרסעלינאַס אָנדענק? ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט קיינמאָל ניט קענען ליב באַקומען מאַרטאַן, אַזוי ווי ער האָט געליבט מאַרסעלינאַן. ער איז אָבער אַזוי אומגליקלעך, אַזוי עלנט!... מאַרסעלינאַ אַליין וואָלט די ערשטע געזאָגט: „דו קענסט ניט לעבן אין אַזאַ פוסטקייט”... ווען ער פלעגט דערמאָנען מאַרסעלינאַן, פלעגט מאַרטאַ זאָגן: „איר האָט געוווּסט פון עמעסן גליק, מאָרים. איר האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע ווייב, איך פיל עס לויט דעם, ווי אַזוי איר רעדט פון איר... אונדז ביידן האָט די מילכאָמע באַראַבעוועט. מיר ביידע זיינען צוויי ברוכשטיקער אין אַ שטורעמדיקן יאַם... און די צייט איז אַ מוירעדיקע...” לאַנסיען פלעגט געפעלן, ווי אַזוי מאַרטאַ באַהאַנדלט די געשעענישן; זי האָט ניט ליב די דייטשן, אָבער זי פאַרשטייט, אַז מען מוז לעבן מיט זיי. אַן עמעסע ערלעכע פראַנצויזין! געוויס, איז דאָס ניט מאַרסעלינאַ, זי פאַרמאָגט ניט קיין דינקייט, ניט קיין דערהויבונג פון געפילן. ניוועל וואָלט געזאָגט: „אַ קליינבירגערן”. אָבער ווען באַ אונדז וואָלטן אַלע געווען אַזעלכע קליינבירגער, וואָלטן מיר, עפשער, ניט פאַרשפּילט די מילכאָמע.

פאַר דער ענדגילטיקער דערקלערונג איז פאָרגעקומען אַ שמועס וועגן לאַנסיעס קינדער. ער האָט איר דערציילט דעם גאַנצן עמעס:

— לואי איז זייער אַ דרייסטער און אומזיניקער, איך ווייס גאָרניט, אין וועמען ער האָט זיך איינגעגעבן. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין ענגלאַנד. איך האָב מוירע, אַז ער איז אומגעקומען, אַזאַ איינער וועט ניט בלייבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט... מאַרסעלינאַ האָט אים זייער ליב געהאַט. און מיר איז נענטער מאַדאַ... זי האַסט, פונקט אַזוי ווי איך, פּאָליטיק. אַלע האָבן געזאָגט, אַז פון איר וועט אַרויס אַ גלענצנדע מאָלערן. איך בין געווען אַזוי גליקלעך, וואָס זי האָט ליב באַקומען בערטין. אָבער ער איז אַן אומ־פאַרשטענדלעכער מענטש, דאָס איז אַ געמיש פון הויכע אידעאַלן מיט טייוול־שער לאָגיק. ער איז פעזיק ראַטעווען און אומברענגען. איך ווייס ניט, ווי אַזוי זיי לעבן. עפשער האָט ער זי באַליידיקט, פאַרשאַפט זיך אַ געליבטע, מיט איין וואָרט זי האָט אים אַוועקגעוואָרפן... ער האָט געוואָגט זאָגן וועגן איר שרעקלעכע ווערטער... דאָס איז אומפאַרגעבלעך, האָגאָם איך פאַרשטיי, ווי ער ליידט...

לאַנסיע האָט דערזען, אַז מאַרטאַ וויינט, האָט ער געזאָגט:

— טייערע מיינע, איך לייג אייך פאַר ווערן מיין פרוי. אונדזער בונד וועט זיין אַ שטאַרקער. מיר זיינען ביידע אַרויס פון יענעם עלטער, ווען מענטשן ציט צו געפאַרן. מיר ווילן רו צווישן דער דאָזיקער מעשונאַס, מיר ווען העלפן איינס דעם אַנדערן...

מאַרטאַ האָט אים אַרומגענומען און געפּליסטערט, פאַרוויטלענדיק זיך ווי אַ מיידעלע:

— פאַר ניי־יאָר האָט מיר די שוועסטער געזאָגט: „וועסט נאָך געפי־נען דיין גליק". איך האָב איר ניט געגלויבט... און מיט אייך... מיט דיר האָב איך געפונען...

די כאַסענע האָט מען געפּראַוועט זייער באַשיידן. לאַנסיע האָט נאָר איינגעלאַדן מאַרטאַס שוועסטער און זיינע נאָענטע פריינט. מיט יעדן האָט ער פאַר דעם גערעדט, דערקלערט: „מאַרסעלינאַס אַנדענק איז הייליק סיי פאַר מיר און סיי פאַר מאַרטאַן". אַלע האָבן גוטגעהייסן זיין באַשלוס, נאָר מארילאַ האָט זיך דערלויבט אַ שאַרפן וויץ: „וואָס פאַרענטפערט איר זיך מאַריס? איך איז זיבן און פערציק יאָר, אַז עלטער נאָך צו פאַרטראָגן. און די דייטשן האָבן אונדז צוגעוווינט ניט נאָר צו אַזעלכע ערזאַצן"...

זומער נאָך איז לאַנסיען געלונגען שאַלעם מאַכן צווישן סאַמבאַן און ניוועלן. דאָך האָט ער מוירע געהאַט זיי זאָלן זיך ווידעראַמאָל ניט צעקריגן, האָט ער מיט יעדן איינציקן פון זיי לאַנג איינגעטייַנעט: „איך בעט אייך — פאַרגעסט פון פּאָליטיק אַף דעם טאָג. פאַר מיר איז דאָס, עפשער, דער איינציקער פריידיקער מאָמענט צווישן די שוידערלעכע געשעענישן"...

דער מיטיק איז דורכגעגאַנגען בעשאָלעם. סאַמבאַ איז געווען מעלאַנ־כאָליש, געשוויגן — ער האָט די גאַנצע צייט דערמאָנט זיך אין מאַדאַן. יאָרן האָבן אים ניט באַפרייט פון דער אומגליקלעכער צוגעבונדנקייט. ניוועל איז געווען אויסערסט פריינטלעך, איז מיט אַלעמען מאַסקים געווען, דער־

מאַנט דאָס, וואָס האָט געקענט אַלעמען פאַרייניקן — די פאַרמילכאַמעדיקע מיטיקן אין „קאַרבעי". מאַרטאַ האָט זיך געהאַלטן באַשיידן, געזאָגט צו די געסט: „פאַרוואָס עסט איר אַזוי ווייניק?..." לאַנסיע איז געווען גליקלעך, צונעגאָסן שאַמפּאַניער, דיומאַ איז געווען אונטערן גלעזל. ער האָט פּלוצלינג אַרויסגערעוועט:

— איך ליי? פאַר אויסצוטרינקען פאַר לעאָ אַלפער. איך האָב אים ניט לאַנג באַגעגנט, מען האָט אים צוגעקלעפּט צו דער ברוסט אַ געלן שטערן! לאָמיר אויסטרינקען פאַר לעאָ אַלפערס געלן שטערן!

ער האָט מיט אַלעמען אָנגעקלאַפּט די גלעזלעך. ניוועל האָט פאַרביסן אַ ליפּ, אָבער אויסגעשטרעקט דעם באָקאַל.

— מיט אייך ניט, הער ניוועל.

סאַמבאַ האָט ניט אויסגעהאַלטן און גענומען אַפּלאָדירן.

ניוועל האָט שטיל געזאָגט:

— איר זייט שיקער... איך וויל ניט פאַרשטערן אַ פאַמיליען־יאָנטעוו...

געזעגנענדיק זיך מיט לאַנסיען און מאַרטאַן, איז ער אַרויס. לאַנסיע האָט פאַרגעוואָרפן דיומאַן: „צו וואָס האָט איר אָנגעהויבן?..." אָבער דיומאַ האָט פון גאָרניט געוואָלט הערן: „אָנגעהויבן האָבן זיי. דאַרף איך טרינקען מיט זיי? איר האָט מיר געקענט ניט געבן קיין ווייַן, דאָס איז אַן אַנדער זאַך"... ער איז אַוועק און מיטגענומען מיט זיך מאַרילאַן. באַם געזעגענען זיך האָט סאַמבאַ אַרומגענומען לאַנסיען, שטיל געפרעגט:

— ווו איז מאַראַ?

— איר מיינט, אַז איך ווייס? מיט בערטין איז זי זיך צעגאַנגען... עפשער, איז זי דאָרט, ווו לואי? מען קען גאָר ניט פאַרשטיין, אַלץ האָט זיך אויסגעמישט...

ווען די געסט זיינען אַוועק, האָט מאַרטאַ געזאָגט לאַנסיען:

— אַ שאָד, וואָס זיי האָבן זיך צעזידלט. דער פּראָפעסאָר איז גערעכט — מען טאָר ניט פייניקן אַן אָנשטענדיקן מענטשן נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אַ ייִד. באַם פאַרשטאַרבענעם שאַרל האָבן געאַרבעט ייִדן, אָבער ער פלעגט עס קיינמאָל ניט אונטערשטרייכן... איינס פאַרשטיי איך נאָר ניט — פאַרוואָס האָט זיך דער פּראָפעסאָר אַרופגעוואָרפן אויף הער ניוועל?

— וועסט עס קיינמאָל ניט פאַרשטיין, דאָס איז פּאָליטיק. ניוועל האַלט, אַז מען דאַרף אַרבעטן מיט די דייטשן.

— וואָס פאַרא שלעכטס איז אין דעם? אויב זיי זיינען דאָ, קומט אויס צו אַרבעטן מיט זיי. ווי דאָס וואָלט געווען אָפּהענגיק פון אונדז?... אַלע אַרבעטן מיט זיי און קיינער האָט זיי ניט ליב. ס'איז אָבער נאַריש צו שרייען דערפון, ווי דער פּראָפעסאָר, מען קען זיך אָנרייסן אויף גרויסע אומאַנגענעמלעכקייטן...

לאַנסיע האָט אַ טראַכט געטאָן: זי דענקט אַזוי ווי איך, ווי דער מאַרשאַל, ווי אַלע פּראָווינצן... דיומאַ איז שטענדיק געווען גראָב... און ניוועל באַפּט איבער די מאָס...

איצט האָט זיך לאַנסיע שטאַרק אינטערעסירט דערמיט, וואָס פלעגט

זיך אים פֿריער אויסוויזן נודנע. טרעפֿנדיק מאַרילאַן, פֿלעגט ער קוידעמקאָל פֿרעגן: „ווי איז אין סטאַלינגראַד?...״ ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ערגעץ ווײַ־ט גאָר זייער ווייט קומט פֿאָר אַ ריזיקע שלאַכט, פֿון וועמענס אויסגאַנג עס איז אָפּהענגיק זייער אַ סך, מעגלעך, אַז אויך דער גורל פֿון „ראָש־ענע״. ער פֿלעגט אויספֿירן דײַטשישע באַשטעלונגען, זייער אופֿריכטיק טאַדלען די טעראָריסטן, אופֿרעגן זיך פֿון דעם, וואָס די ענגלענדער באָמבאַרדירן האַוור און רואַן; אָבער דאָך פֿלעגט אים פֿרייען, וואָס די דײַטשן האָבן קאָמפּליקאַ־ציעס. געוויס, וועלן די רוסן אומקומען, דאָס זײַנען פֿאַנאַטיקער, זעלבסט־מערדער, אָבער די דײַטשן איז דאָרט, ווײַזט אויס, ניט גרינג... דער ראָיד אין דיעפּ איז געווען אַ קלײנער אויסשפּיר, נאָר דיומאַ האָט געקענט גלויבן, אַז דאָס איז אַן עמעסער דעסאַנט. וואָס האָבן זיי זיך צו אײַלן? דערווײַל קעמפֿן דאָך די רוסן... און אין צוויי־דריי יאָר אַרום קענען די אַליאירטע טאַקע מאַכן אַ דעסאַנט. וואָס די דײַטשישע צײַטונגען זאָלן ניט שרײַבן, אַמעריקע איז פֿאָרט אַ קראַפֿט...

ער פֿלעגט פֿאַרגעסן וועגן קריגס־שטורעם, בעיס ער פֿלעגט פֿרישטיקן צוזאַמען מיט מאַרטאַן. ווי מאָדנע, פֿלעגט ער זיך זאָגן, אינמיטן פֿון אַזאַ קאַטאַסטראָפֿע האָב איך געטראָפֿן דאָס פּאַשעטע גליק.

אַנומלט באַם פֿרישטיק האָט ער געעפֿנט אַ צײַטונג און אַ געשריי געטאָן: דער אײדעם האָט אַף אים געקוקט. לאַנסיע האָט איבערגעלייענט, אַז בערטי איז דערהאַרגעט געוואָרן לעבן זשוואַר; דער פֿאַרברעכן איז, ווײַזט אויס, באַגאַנגען געוואָרן צוליב אײַפֿערזוכט, ווײַל דער טייסטער און זײַגער זײַנען ניט גערירט געוואָרן; די אייגנטימערן פֿון „בעל אַטעם״ האָט געזען דעם דערמאָרדעטן אַ האַלבע שאַ פֿאַרן פֿאַרברעכן מיט אַ יונגער פֿרוי, אַ הויכע, אַ שיינע, אָנגעטאָן אין אַ גראָען רעגן־מאַנטל...

— מיר איז אַ ראַכמאָנעס אַף אים, איך בין ניט קיין נויקעם וועגוויטער, אָבער איך וועל דיר זאָגן דעם עמעס, מאַרטאַ, ער האָט עס פֿאַרדינט. מען טאָר אַזוי ניט ריידן וועגן אַ פֿרוי... ער האָט, אַוואַדע, געהאַט אַ טויץ געליבטע. און אָט איז דער סאַכאַקל.

לאַנסיע האָט גענומען לייענען ווײַטער: „די פּאָליציי איז פֿאַרנומען מיטן שטודירן דאָס אינטימע לעבן פֿון הער זשאַזעף בערטי, און די באַדינגונגען, באַ וועלכע די מאַדאַם בערטי איז אין יאַנואַר אַרויסגעפֿאָרן פֿון פּאַריז אַף דאָרעם...״ ער איז געזעסן לאַנג שווײַגנדיק, נאָכדעם איז ער פּלוצלינג צוגעלאָפֿן צו מאַרטאַן און גענומען פּליסטערן:

— און טאָמער האָט אים דערהאַרגעט מאַדאַ? וואָס פֿאַראַ שרעק!...

— גאָט איז מיט דיר, מאַריס... קיינער פֿאַרדעכטיקט זי דאָך אַפּילע ניט... ווי קאָנסטו גאָר אַזוינס ריידן?...

— דו קענסט זי ניט — מאַדאַן. זי איז ווי די פֿאַרשטאָרבענע מאַרסעלינאַ... ווען אַזעלכע פֿרויען ליבן, זײַנען זיי גרייט אַף אַלץ. און זי האָט אים געליבט ביז מעשוגאַס, אַוועקגעפֿאָרן און ניט געזאָגט מיר קיין איין וואָרט...

אינגיכן האָט ער זיך באַרויִקט:

— מארילא איז גערעכט — דאס זיינען נערוון, איך זיץ און טראכט אויס... ווייסט, איך וועל גיין צו דער לעוואיע, האטש ער האט מיך באליידיקט. מען דארף באשטעלן א קראנץ, איך מיין, אז בעסער פון אלץ איז כריזאנטעמעס...

בא דער לעוואיע האט לאנסיע א כליפע געטאן: ער האט זיך דערמאנט, ווי בערטי האט צוזאמען מיט אים און מאדאן מעקאבער געוועזן מארסעלינאן. איך האב זשאזעפן זייער ליב געהאט... ס׳איז אנגענעם, וואס די לעוואיע איז א גרויסארטיקע. ער האט געהאט א סאך פאליטישע סאנים, אבער קיינער קען ניט פארלייקענען, אז דאס איז א גרויסע פערזענלעכקייט. אט איז א קראנץ פון מיניסטער, פון די ארבעטער, פון דער פאבריקאנטן־געזעלשאפט, פון שירקען... די דייטשן קענען זיין דעליקאט — די מיליטערלייט זיינען געקומען אן די אוניפארמס...

לאנסיע האט באוויזן צו פארגעסן וועגן איידעס, ווען די צייטונג האט אים צוגעטראגן א נייע סענסאציע: „די אויספארשונג האט פעסטגעשטעלט, אז די פרוי וואס האט דערמארדעט דעם הער זשאזעף בערטי, האט געהערט צו א באנדע, וואס רופט זיך אן „פראנטירער און פארטיזאנען”. די דייטשישע באהערדן, מיט וועמען אונדזער מיטארבעטער האט גערעדט, אונטערשטרייכן, אז אין דער צייט, ווען א קאלאסאלע מערהייט פון דער פראנצויזישער נאציע האלט איין וווּנדערבארע באציונגען מיט דער אקופאציע־מאכט, באגייט א בינטל פארברעכער, צווישן וועלכע עס פארנעמען אן אנגעזעענעם ארט יידן און אויסלענדער, טעראריסטישע אקטן ניט נאר קעגן די דייטשישע מיליטער אנגעשטעלטע, נאר אויך קעגן פארשטייער פון דער פראנצויזישער געזעלשאפטלעכקייט. ס׳איז באשטימט געווארן א ריזיקע באלוינונג פארן כאפן די אומבאקאנטע פארברעכערן”.

לאנסיע איז געווען דערשיטערט. עס איז אבער פארט אומדערהערט! די קאמוניסטן זיינען פון זינען אראפ! מען האט געקענט ניט מאסקים זיין מיט בערטין, איך אליין האב זיך אויך צעהיצט, געזאגט, אז ער איז שירקעס רעכטע האנט, אבער צעקריגן זיך איז איין זאך, און דערהארגענען אן אויסערגעוויינלעך ארנטלעכן מענטשן, איז א צווייטע זאך. איך האב כוישער געווען, אז אזעלכע מענטשן, ווי לעזשאן, וועלן דערגיין דערצו... אבער פארוואס זאגן צו די דייטשן אזוי פיל געלט?... הייסט עס, אז בערטי איז זיי זייער נוצלעך געווען. און מאדא האט אים אוועקגעווארפן... זיי קענען זיך באך צוטשעפען צו מיר, פרעגן: פארוואס איז אייער טאכטער אוועק פון אזא וווּנדערבארן מענטש? ווי אזוי זאל מען דערקלערן די דאזיקע סאלדאפאנעו, אז דאס הארץ האט אירע רעכט, אז מאדא איז אן אויסגעגאסענע מארכעלינא?... זיי קענען זיך ארופווארפן אף מיר נאכמער דערפאר, וואס הינטער „ראש־ענע” איז דער שאטן פון שלימאזלדיקן אלפער, צו וואס האב איך זיך פארבונדן מיט אים? איך בין באגאנגען אין לעבן א סאך פעלערן, און אף די עלטערע יארן קומט אויס אפצוגעבן כעזשבן פאר אלץ...

— פארוואס עסטו גארניט? — האט מיט זארג געפרעגט מארטא.

ער איז ארוים פון די קיילים, א שמיץ געטאן די סערוועטקע.

— דו וואָלסט נאָר געגעסן! פֿאַרשטייסט ניט, וואָס מיר דראָט...

מער האָט ער איר גאָרניט געזאָגט, דאָס איז ניט מאַרסעלינאָ... ער האָט ניט מיט וועמען אַז אײַצע זיך צו האַלטן. ניוועל וועט ענטפֿערן: „ס'איז קלאָר, אַז איר זייט אַן אַנהענגער פֿון ייִדן און טעראָריסטן, אין אײַער הויז טרינקט מען פֿאַר אַלפֿערן". און דיומאַ וועט זאָגן: „זייער גוט, וואָס מען האָט אים דערהאַרגעט"... אַלע האָבן פֿאַרלוירן די לעצטע ברעקלעך פֿון קלאָרן פֿאַרשטאַנד, מאָמענטנווייז גלויבט זיך ניט, אַז דאָס איז פֿראַנקרייך...

ווען אַ דײַטשישער אויטאָמאָביל איז געבליבן שטיין ניט ווייט פֿון „קאָרבעי", האָט לאַנסיע, וואָס איז געשטאַנען בײַם פֿענצטער, אַרויסגעפּליסטערט:

— מאַרטאַ!...

זי האָט זיך געלאָזט צו אים:

— וואָס איז דיר?

די דײַטשן זײַנען אַוועקגעפֿאָרן ווייטער, און לאַנסיע האָט געענטפֿערט:

— גאָרניט... דיר האָט זיך אויסגעדאַכט...

ער האָט פֿײַנלעך געטראַכט, וואָס ער האָט צו טאָן, און באַשלאָסן אָנצושרײַבן בערטין אַ נעקראָלאָג. ער האָט שוין לאַנג גאָרניט געשריבן כוץ בריוו, און פֿון אָנהויב האָט זיך אים דאָס פֿאַרטראַכטע אויסגעוויזן ווי אַ פֿײַנלעכער איניען; דערנאָך אָבער איז עס אַוועק ווי געשמירט. באַזונדערס איז ער געבליבן צופֿרידן מיטן סאָף:

„פֿאַר מיר איז דאָס געווען ניט נאָר אַן אײדעם און אַ פֿרײַנט, נאָר אַ גרויסער בירגער. זאָל אַרומגערינגלט ווערן מיט האַס די פֿאַרברעכערן, וואָס האָט אויפֿגעהויבן אַ האַנט אַף אַ וווּנדערבאַרן מענטשן! עפּשער האָט זי געטרוימט וועגן רום פֿון שאַרלאָטאַ קאָרדע? אָבער עס איז בעסער צו פֿאַרגלײַכן זי מיט מעדעיאַ, אין וועמענס לעפֿצן אַווידי האָט אַרײַנגעלייגט די שוואַרצע ווערטער: „איך זע גוטס און איך טו שלעכטס". זי האָט געזען דעם מאַרשאַלס פֿראַנקרייך, זי האָט געזען דעם העלדנמוטיקן זשאָזעף בערטין, און, אונטערגעשיקט פֿון אויסלענדער, איז זי באַגאַנגען אַ בייזן טאַט".

לאַנסיע האָט איבערגעלייענט זײַן ווערק פֿאַר מאַרטאַן.

— דאָס איז זייער שיין, אָבער וועמען וועסטו עס שיקן? זײַנען דען פֿאַרבליבן קרויווים?

— איך וועל שיקן אין דער צײַטונג.

— צו וואָס? בעסער ניט אַרײַנמישן זיך... זיי קענען אַף דיר אין כּעס ווערן...

לאַנסיע האָט זיך צעשריען:

— קיינער וועט ניט וואָגן צו פֿאַרבאָטן אַ פֿראַנצויז באַווייזן אַז אַנדער פֿראַנצויז! כאָטש דעם איז עס מײַן אײדעם...

ער האָט אָפּגעשיקט דעם נעקראָלאָג אין צײַטונג. און אין אָוונט האָט ער אָנגעקלונגען מאַרילאָן; געבעטן אים גלײַך קומען.

ווען דער דאָקטאָר האָט אים געוואָלט באַטראַכטן, האָט ער געזאָגט:

— איך האָב אײַך גערופֿן צוליב עפּעס אַנדערש. אָבער איך בעט אײַך, איר זאָלט ניט לאַכן, דאָס איז זייער ערנסט, עס האַנדלט זיך וועגן מײַן

לעבן. איך האָב אָנגעשריבן בערטין אַ נעקראָלאָג. דאָס זיינען ניט מיינע געדאַנקען, אָבער וואָס האָב איך געקענט מאַכן? דייטשן האָבן זיך אין אים זייער געהאַלטן, און מאַראַ האָט אים אָוועקגעוואָרפן. מיין לאָגע איז ביכלאַל אַ וואַקלדיקע, רוא קען יעדע רעגע אַרויסשלעפּן אַלפּערן. איך האָב עס געמוזט מאַן. איר האָט, געוויס, באַקאַנטשאַפט אינעם אַנדערן לאַגער, איה הערט לאַנדאָן, זאָגט זיי, אַז איך בין געווען געצוווּנגען...

מאַרילאַ האָט זיך עקלדיק צעלאַכט:

— אויב איך הער לאַנדאָן, הייסט עס נאָך ניט, אַז לאַנדאָן הערט מיך. וועמען ווילט איר איך זאָל דערציילן? מאַדאָן? אָבער זי איז פאַרשוווּנדן פון האָריזאָנט...

— איר כויזעקט ווידער?

— דאָס אַלץ זיינען נערוון... פּרישע לופט, מאַציאָן.

— איר האָט געהערט ראַדיאָ? וואָס פאַרא נייַעס זיינען דאָ? ווי אַזוי איז בײַ סטאַלינגראַד?

— ווי געווען. דאָס איז שלעכט פאַר די דייטשן. אַזעלכע איניאַנים ווערן אָדער גלייך דערליידיקט, אָדער זיי ווערן דערליידיקט גאָרניט אַזוי, ווי מען האָט זיי פאַרטראַכט...

פון דער פאַרזיכערונג, אַז די דייטשן איז קלוימערשט שלעכט, איז לאַנסיען געוואָרן עפּעס ניט אַזוי. איצט בין איך אויך מיט זיי פאַרבונדן. און מאַרילאַ פרייט זיך, אַבי נאָר פּייניקן אַ מענטשן. לאַנסיע האָט געכאַפּט „פּאַרי סואַר” און גענומען שרייען מיט אַ קוויטש:

— אומזין! סטאַלינגראַד איז גענומען, ביטע, איר קענט איבערלייענען. איך פאַרשטיי ניט, צו וואָס איר הערט דאָרט פאַרשיידענע נאַרישקייטן?...

— שטילער, טייערע!... אָנגעשריבן, אָנגעשריען. און דאָס אַלץ איז אַ וועגעטאַטיווע סיסטעם...

XI

ווי אַלץ אים איז שוין ניט אויסגעקומען צו שלאָפן! ליוק פלעגט, לאַכנדיק, זאָגן: „אַ שאָד, וואָס עס איז ניט באַלזאַקס ווידערשטאַנד — הונדערט פאַרטיקע ראָמאַנען”... היינט איז ער אַריינגעפאַלן צו אַן אָנשטאָפּער פון פויגלען און כאַיעס. פון אַלע זייטן האָבן אַף אים געקוקט העלע נייגעריקע אויגן, אַ פּאַנטערע האָט זיך געזשמורעט, גרייטנדיק זיך מאַכן אַ שפּרונג, אַ בערעלע האָט זיך גוטמוטיק געכידעשט, סאָוועס האָבן פילאָזאָפירט, און אַ שפּיץ, דער ליבלינג פון מאַדאַם דיופּי (זי האָט עס באַשטעלט און ניט אָפּגענומען צוליב די געשעענישן), האָט באַוואַכט ליוקן, ווייל עמיצן האָט ער געמוזט באַוואַכן.

ווען מאַראַ איז געקומען, האָט זי זיך אַ ווײַלע פאַרכידעשט. ליוק האָט אַ שמייכל געטאָן:

— האָב ניט מוירע, פראַנס, זיי בייסן ניט. אָט זעסטו, ווען מען זאָל אָנשטאָפּן אַ סטראַשידלע פון אַ געשטאַפּאָ, וואָלט דאָס בעמעס געווען שרעקלעך...

ווי אַלע אַנדערע, האָט אויך ליוק איצט גערופֿן מאַדאַן, פּראַנס. און אויך זי האָט פֿאַרגעסן, אַז ליוק איז אַמאָל געווען דער אינזשעניער לעזשאַן. שוין באַלד אַ יאָר ווי זי אַרבעט אין ליוקס גרופּע. די דערמאָרדונג פֿון בערטין — איז איינער פֿון די עפּיזאָדן פֿון אַ לאַנגער קאַמפּאַניע: מען דאַרף דעזאָר־גאַניזירן די מיליטערישע פּראָדוקציע. צווישן די זעכצן הינגעריכטעטע לויט בערטיס מעסירע זיינען געווען פֿינף כאַווײרים, וואָס האָבן געאַרבעט מיט ליוקן. עס איז אויסגעקומען אַלץ אָפּצושטעלן אַף עטלעכע וואָכן. אָבער איצט האָט זיך דער איבעריים פֿאַרענדיקט. זשיול און ניקאָ זיינען גוטע יאַטן. און די הויפּט־זאַך — בערטי איז ניטאָ.

— האָסט געזען די צייטונגען? זיי האָבן געליִיענט אונדזער בלעטל. עס האָבן זיך פֿאַרענדיקט די ריידערייען וועגן אייפֿערזוכט. דער איינדרוק איז אַ קאָלאָסאַלער — זיי פֿילן, אַז מיר זיינען אַ קויעד. דו, פּראַנס, דאַרפֿסט אַוועקפֿאָרן. די באַלעבאַסטע פֿון האָטעל האָט דיך געזען. זיי וועלן אַלעמען שטעלן אַף די פֿיס. מאָרגן וועט דיך זשאַק מעשאַלייער זיין.

— וווּהין?

— צו יענער זאָנע. עפּשער וועסטו טרעפֿן זשאַזעטן אָדער פּאָלן.

עס איז איר געוואָרן טרויעריק: פֿאַריז ענדיקט זיך. איר גאַנץ לעבן איז פֿאַרבונדן מיט דער דאָזיקער שטאָט: די קינדעריאָרן, סערגיי, איינזאַמ־קייט, אונטערגרונט... אָבער איצט האָט זי שוין געקענט באַהערשן זיך, און ליוק האָט גאָרניט באַמערקט.

— ווי אַזוי איז דאָרט?

ער האָט פֿאַרשטאַנען לויט דער באַטאָנונג, וואָס ס'הייסט „דאָרט".

— זיי האַלטן זיך. איז עס ניט מערקווירדיק? דו שטעל זיך נאָר פֿאָר — דער צווייט פֿון דער דייטשישער אַרמיי, איטאַליענער, רומענער, גענויס, אַ פֿערטל מיליאָן, ניט ווייניקער, אַלע אייראָפּעיִשע זאַוואָדן... און אַף אַ פּיצל ערד — די סאָוועטישע... דאָס וועט זיך פֿאַרגעדענקען אַף שטענדיק. ניט דאָס ריזיקע רוסלאַנד, נאָר אַ קליין פּאַסיקל ערד... צוויי כאַדאַשים! די דייטשן האָבן נעכטן איבערגעגעבן דורך ראַדיאָ „אַ מוירעדיקער טויטן־טאַנץ". זיי האָבן זיך דערטאַנצט... היינט האָב איך געהערט אַף דער גאַס, צוויי פּראָנ־צויזן, ניט קיין אַרבעטער, באַאַמטע, עפּשער, ראַנטיעס, האָבן זיך באַגריסט און באַלד זאָגט איינער — „סטאַלינגראַד האַלט זיך..." עס זאָל שוין צו אַזעלכעם דערגיין! די גאַנצע וועלט קוקט... אַנאַ זאָגט, אַז עס איז ניט צו דערקענען די דייטשן. איינגיכן וועלן זיין גרויסע ענדערונגען, דאָס פֿילט זיך...

אַן עמעסע פֿריינטשאַפֿט האָט פֿאַרן יאָר געבונדן מאַדאַן און לעזשאַנען. די דאָזיקע פֿריינטשאַפֿט וואָלט זיך געקענט אויסוויזן אומפֿאַרשטענדלעך פֿאַר מענטשן, וואָס האָבן געזען אין לעזשאַנען אַ טרוקענעם דאָגמאַטיקער, פֿאַר וועלכן עס עקזיסטירן נאָר אין לעבן צוויי פֿאַרבן — רויט און שוואַרץ; צוויי ווערטער — „יאָ" און „ניין". אָבער לעזשאַן האָט געקענט אַלע ווער־טער, אַלע שאַטירונגען, ער האָט אָבער געלעבט אין אַן עפּאָכע, ווען עס איז אויסגעקומען צו לעבן נאָר מיט איינס. די מילכאָמע האָט זיך דאָך אָנגעהויבן לאַנג פֿאַר דער מילכאָמע, און וואָס ריזיקער דער מענטש איז געווען, אַלץ

צודרינגלעכער איז אים אין געווען די נויטווענדיקייט פון אן אינערלעכער זעלבסטבאגרענעצונג.. עפשער דערפאר, וואס ער האט געקענט פראנסן, ווען זי איז נאך געווען א מיידעלע, וואס איז אויסגעוואקסן אין דער ספעקטע „קארבעי", ער פלעג זי פארשטיין אפן ווונק. אלע כאוויירים האבן זי אפגעשאצט — א גוטע, א פארנונפטיקע, א דרייסטע. ליוק האט נאך עפעס געוווסט: ניט לייכט איז עס איר אנגעקומען, דאס לעבן האט זי עפעס אזוי ווי מיטאמאל אויסגעטראטן, זי האט נאר איינגעהאלטן די ווירדע, וואס האט זיך שוין באפרייט סיי פון פערזענלעכן לעבן, סיי פון האפענונגען אף שפעטערדיקן גליק. נאך בערטים מעסירע, נאכן מישפעט און הינריכטונג פון די זעכצן איז אנטשטאנען די פראגע וועגן באשטראפן „דעם דייטשישן מעשארעס" (אזוי האבן גענאגט כאוויירים). ליוק פלעגט צוגעבן: „ס'איז וויכטיק אפצוראמען אים אויך דערפאר, וואס ער איז ניט קיין מעשארעס, נאר אן אינספיראטאר". פראנס האט זיך אונטערגענומען צו דערהארגענען בערטין. בלייבנדיק מיט איר אליין, האט איר ליוק געפרווווט אפצורײדן: „מ'דארף ניט. מיר האבן קאמפס־יאטן, זיי וועלן עס מאכן". עפשער האט ער מוירע געהאט, אז פראנס וועט ניט קענען אוועק; עפשער האט אים אפגעהאלטן א צווייטע זאך: מאדא איז פארט געווען זיין ווייב... אבער זי איז צוגעשטאנען: „צו וואס זאלן אנדערע ריזיקירן? מיר איז עס לייכטער צו מאכן. און איך וויל עס מאכן. ער האט געהאט א סעקרעטארן איוואן, א נאיווע מיידל מיט לעקעלעד, זי פלעגט נעמען בא מיר מאדע־זשורנאלן, האט געטרוימט צו באקענען זיך מיט גאבען אדער מיט אנדערע קינא־אקטיארן. האט ער זי אויך ארייגעפלאנטערט... איך פארזיכער דיר, ליוק, אז איך וועל עס מאכן. דאס איז מיין רעכט"...

אינגיכן וועלן זיי זיך צעשיידן. ליוק וועט דא נעכטיקן. און פראנס וועט אוועק צו וואשעו, דארט וועט איר מארגן טרעפן זשאקן. נאכדעם — דארעם... איצט איז זיי טרויעריק. וואס קען שטארקער פארבינדן מענטשן, ווי אזא יאר?

— מיינסט, אז נאך דער מילכאמע וועט אלץ זיין אנדערש? — פרעגט פראנס. איר ווילט זיך ארייגקוקן אין דער צוקונפט, פארשטיין, צי אנדערע וועלן דערזען דאס גליק. מילען האט מען דערשאסן. ראבערט וועט קיינמאל ניט פארגעסן זיין ליבע. אבער די יונגע, די גאר יונגע — ליוקס זון פאל?... ניין, פאל איז שוין אין אונטערגרונט... ליוקס טאכטער מימי, איז איצט ניין יאר...

לעזשאן שווייגט לאנג, רויכערט. עס גלאנצן די אויגן פון פילינען, וועלף און עס גרייט זיך ווארפן אפן באלײדיקער דער געטרייער שפּיץ.

— דינסטיק האב איך זיך געטראפן מיט איינעם פון „אעס", אן אינזשעניער, ביז דער מילכאמע איז ער געווען אין די „שלאכט־צלאמים". איך האב מיט אים געשמועסט וועגן אויטאמאטן. זיי האבן א סאך געוועער, די אליאירטע ווארפן אונטער. זיי מוזן אויסבאהאלטן דאס געוועער ביז דעם „זשי" טאג — ביזן דעסאנט. א שאד... מענלעד, אז זיי וועלן אונדז געבן צוויי צענדליק. ווען דו האסט גענומען ריידן פון דער צוקונפט, האב איך

זיך דערמאָנט אין אים. מיר האָבן זיך געטראָפן ווי פריינט. איך ווייס — מען קען אים מאָרגן נעמען, ווען ער ניט פּאַראַטן, מען זעט באַלד — אַ שטאַרקער. און מיט דריי יאָר צוריק, ווען מען האָט מיר אַריינגעזעצט, איז אַזאַ איינער, געווים, געווען אויסער זיך: „פּאַרוואָס צעשיסט מען ניט די קאָמוניסטן?“... ווי קען מען וויסן, וואָס מיט אים וועט ווערן אין דריי יאָר אַרום?... איצט זאָגן זיי, אַז מען דאַרף איבערמאַכן פראַנקרייך, אַז אַלץ איז פאַרפוילט, אַז די קאָמוניסטן — זיינען מאָלאַדצי. זיי אַנטציקן זיך מיט סטאַלינגראַד. דער דאָזיקער אינזשעניער האָט מיר געזאָגט: „אין סטאַלינגראַד קעמפט מען אויך פאַר אונדז“... אָבער דערנאָך, נאָכן זיג?... אַ מענטש קען געבוירן ווערן אַפּסניי, אָבער אַ קלאַס זאָל אַפּסניי געבוירן ווערן?... ניין, אַזוינס פּאַסירט ניט! ער האָט מיר די גאַנצע צייט געזאָגט „פראַנקרייך“ — ער האָט אַ הויז, אָבער ניט קיין מישפּאָכע — ניטאָ קיין פאָלק...

— ווייסט, ליוק, איך בין ניט לאַנג געווען אין אַ הויז, אין בילִיאַנקור, מען האָט זיי צעבאָמבירט, געוואָלט זיי ערגעץ ווו איינאָרדענען, אָבער זיי זיינען פאַרבליבן. אַרום און אַרום, ניטאָ קיין הויז, נאָר אַ פאַסאַד, מען וווינט אונטן, די פענצטער פאַרהאַקט מיט ברעטער, עס רינט, ס'איז קאַלט, האָט מיר אַ פרוי געזאָגט: „דאָך איז עס אייגנס“... אַפּטמאָל גיב איך אַ טראַכט וועגן דער צוקונפט און עס ווערט שרעקלעך. איצט — איז שטורעם, אַפּגעריסן דעם דאַך, אַרויסגעפלויגן די שויבן, מענטשן, ווי אַף דער גאַס. מען זאָגט: „נאָכן זיג וועלן מיר בויען“... און עפּשער ניט, מען וועט פאַרלאָטען, געפינען אַ שטיקל פאַנער, פאַרשטאָפּן די שפּאַלטן, אַרעם, פינצטער, דערפאַר אָבער אַלץ אַזוי, ווי מען איז געוווינט...

— און דו, פראַנס, מיינסט, אַז דער מענטש ענדערט זיך מיטאַמאָל? עס וועט זיין אַ רעוואָלוציע, אויב ניט איצט, איז שפּעטער. אָבער אויך נאָך דער רעוואָלוציע וועט זיך ניט אַלץ מיטאַמאָל ענדערן, באַזונדערס די מענטשן. דאָס האָבן אוטאָפּיסטן געמיינט, אַז מען קען אַלץ מאַכן אין פיר און צוואַנציק שאָ, פאַר זיי איז דער אָנהויב געווען פּונקט אַזוי ווייט ווי דער סאָף. דו ווייסט, ווען דער אופשטייג איז אָמשווערסטן? ניט דאָ, ווען דו קוקסט פון אונטן אין דער הויך און ניט באַם אָנהויב — אינמיטן, דאַן ווייסטו גענוי, וואָס דאָס איז אַזוינס יעדע פּעטליע. אַראָפּנידערן קען מען לויפנדיק, אָבער אַרויף גייסטו, גייסט... אַ שרעקלעכער וועג איז עס — שטיינער, בלאָטע, בלוט! און דאָך — אַ וועג...

— איך טראַכט ניט פון זיך. אָבער קינדער... דיין מימי, זי וועט דערזען?...

— איך געדענק פראַנס, ווען דו ביסט געקומען, געשפּילט זיך מיט מימין אין באַהעלטעניש. מימי איז ניטאָ. געשטאָרבן. אין אַפּריל. זשאָזעט ווייס ניט, זאָג עס ניט... ווען זשאָזעט האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן, האָט זי איבערגעלאָזט מימין באַ אירער אַ פריינדן, האָט מען זי פאַרנומען, איז דאָס מיידעלע געבליבן בוכשטעבלעך אַף דער גאַס, נאָכדעם האָט איר אופּגענומען פון דער גאַס איינער אַ וואַלד־וועכטער. שפּעט, דערשעפּונג, איז זי געשטאָרבן... און זשאָזעטן האָב איך געזאָגט, אַז זי איז אין דער שווייץ. ס'איז נאָך פאַר דער מילכאָמע געווען אַזאַ פּראָיעקט אוועקצושיקן זי קיין

לאזאן, זשאזועט האט דארט א ווייטע מומע. איך קען עס איר ניט זאגן, זי איז אזוי אויך אויסגעפייניקט. מימי איז פאר איר אלץ, זי פרעגט זיך נאך אין יעדן בריוו. איך אליין טראכט די גאנצע צייט... איך האב איר נעכטן אנגעשריבן, אז עס זיינען דא יעדיעס, אז מימי איז זייער אויסגעוואקסן...

ער איז אופגעשטאנען, צוגעקומען צו מאדאן. און צווישן די גרינע, פערלמוטערנע, אראנזשענע אויגן האט זי דערזען — מענטשלעכע.

— פראנס, דיר איז צייט צו גיין, ביז וואשע איז ווייט...

זי האט אים ארומגענומען און ארויס אף דער גאס. מען זעט גארניט — דער ערשטער ווינטערדיקער נעפל. עפשער, איז אזוי בעסער — ניטא ניט קיין דייטשן, ניט יענער וואכעדיקער און גלייכצייטיק מעשונעדיקער לעבן, וואס גייט זיך זיין גאנג פון טאג צו טאג. אמאל דוכט זיך איר אויס, אז א שיף איז צעבראכן געווארן, זיי זיינען אף ברעטער, און ארום איז יאם. ניין, דאס איז ניט אזוי. ס'זיינען דא כאוויירים — איצט דרוקן זיי בלעטלעך, רייסן אוף באנען, שווייגן, בעיים מען פייניקט זיי. עס איז דא סטאלינגראד. מענטשן לעבן איבער איינס און דאס זעלבע, קיינמאל זיינען זיי ניט געווען אזוי נאענט. און יעדער איינער איז אין דעם דאזיקן אלגעמיינעם עלנט, ארומגערינגלט מיט א געדיכטן נעפל. ווער האט געוווסט, אז ליוק טראכט די גאנצע צייט פון מימין?...

און אט איז א סאף צום פאריזער לעבן! עס וועלן זיין נייע שטעט, נייע מענטשן, ניטא וואס צו פרוון טרעפן, אלע לעבן איצט זעלנעריש. ווען איך וואלט איצט געטראפן סערגייען, אט הינטער דעם ראג, וואלטן מיר זיך געווים, איינער דעם אנדערן פארשטאנען. מיר וואלטן ניט גערעדט וועגן געפילן, ניט געאמפערט זיך. איך וואלט אים געפרעגט: „ווי אזוי איז היינט בא אייך?..." אייערנעכטן האט זשאק דערציילט, אז אין סטאלינגראד קומען פאר שלאכטן פארן באזיץ פון איין הויז...

מען וועט עפשער, ארײנשטעלן ניט קיין פאנער, נאר שויבן, מען וועט עפשער בויען א נייע הויז. אבער מימי וועט ניט זיין...

וואשע האט גערעדט מיט א סקריפענדיקער שטים: „אין אזא וועטער איז זייער לייכט צו פארקילן זיך. איך באמי זיך וואס ווינציקער ארויסצוגיין, איך האב א נייגונג צו רעוומאטישע ווייטיקן"...

אין יענער נאכט זיינען פארגעקומען גרויסע ארעסטן. זשאקן איז געלונגען אנטלויפן דורך א בוידעם־פענצטערל. מען האט גענומען ניקן, סאוואזשן, ראבערטן. לעזשאן האט זיך א גאנצע נאכט אומרויק געווארפן, עס האבן זיך אים געכאלעמט מאדנע כאלוימעס — דא האט מימי געווארפן א פילקע און ער האט עס געזוכט און ניט געקענט געפינען. דא זיינען זיך אנגעלאפן כאיעס מיט העל־רויטע אויגן, ארומגעשמעקט זיינע שיך, אופגעהויבן זייערע לאנגע געמבעס און געוואיעט, געוואיעט...

---

## XII

מיט אַ טאָג פריער איז אַנאַ געווען מיט אַן אָפיציר, וואָס איז געקומען פון ברעסט. ער האָט איר דערציילט, אַז מען האָט פלוצלינג אַרויסגעשיקט קיין רוסלאַנד דעם צוויי הונדערט אַכצנטן שיסער־פּאָלק. דערוויסנדיק זיך, אַז ער דאַרף נעמען סטאַלינגראַד, האָט זיך לייטענאַנט שעלינג דערשאָסן. דער מאַיאָר האָט צוזאַמענגערופן די זעלנער און געזאָגט, אַז לייטענאַנט שעלינג איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווייל ער האָט געליטן אויף אַן אומהיילבאַרער קרענק. דאָך האָבן אַלע געוווּסט וועגן די עמעסע סיבעס פון זעלבסטמאָרד, און באַם אופלאָדן זיך האָבן די זעלנער גערעדט: „מיר פאָרן היילן זיך פון אַן אומהיילבאַרער קרענק”... אַנאַ האָט אַ טראַכט געטאָן: „מען דאַרף דערציילן זשאַקן, ער קען דערפון אַנשרייבן אין פראַנס ד'אַבאָר”... און דער אָפיציר האָט געזאָגט: „איך האָב נאָך ניט געטראָפן אַזאַ דייטשקע, באַ איך איז עכט פּאַריזער שיק”... ווען אַנאַ איז געגאַנגען באַנאַכט צו זשילען, האָט עפּעס אַ שיקערער פראַנצויז איר נאָכגעשריען: „מויז, ווּהין אײַלסטו זיך?...”

צען אינדערפרי האָט זי זיך באַדאַרפט טרעפן מיט זשאַקן. צוקומענדיק צום הויז, האָט זי ניט באַמערקט קיין שום פאַרדעכטיקס; זי איז לאַנגזאַם אַרויף מיט די געדרייטע טרעפּ אויפן זיבעטן שטאָק; באַ דער טיר האָט זי זיך איינגעהערט: איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זשאַק רעדט מיט עמיצן. זי האָט אָנגעקלאַפּט, ווי עס איז געוואָרן אָפּגערעדט, פיר מאָל. ווען די פּאָליציי־לייט האָבן זי אָנגעכאַפּט, האָט זי אַ טראַכט געטאָן: די מויז איז אַריין אין אַ פּאַסטקע, און זי האָט זיך צעשמייכלט.

— וואַרט אויס, וועסט אינגיכן וויינען — האָט געזאָגט אַ פּאָליציימאַן.

צו לאַנג האָט אַנאַ געוואַרט אויף דער דאָזיקער שאָ, זי זאָל זיך איצט פאַרלירן. זי האָט די געשטאַפּאָ דערבראַכט ביז צו מעשוגאַס. צום אָנהויב פאַרהערט האָט זילער. אַן איבעראַשטער פון אַנאַס אויסשפּאַרד, האָט ער אויסגעשריען:

— דו לייגסט, אַז דו ביסט אַן עלזאַסער, דו ביסט אַ דייטשקע!

— אַמאָל בין איך געווען אַ דייטשקע, — האָט געענטפערט אַנאַ. — איך וועל זיין אַ דייטשקע נאָכן טויט, ווען איר וועט ניט זיין. און איצט בין איך אַ פראַנצויזן, איך בין אַ רוסישע, אַ שפּאַניערן, אַלץ וואָס איר ווילט, נאָר ניט קיין דייטשקע.

„אומדערהערט”, האָט געזאָגט זילער דעם פּאָלקאָווניק, „אַזאַ מאַכעשייפע האָב איך נאָך ניט געטראָפן. אַ פּאָנעם פון אַ מאָלער, אין בייטל ליי־בעם־בריוועלעך און רעדט דייטש, אַזוי ווי איך. דאָס איז ניט קיין פּעשקע, דאָס איז אַ ריזיקע אויסשפּירערן”.

מען פלעגט זי פאַרהערן באַנאַכט, בלענדן די אויגן, אַראָפּלאָזן אין אייזוואַסער, ברענען די ברוסטן. זילער פלעגט שרייען, פאַרלירנדיק דאָס געדולד:

— דו ווילסט, אַז מען זאָל דיר אָפּהאַקן דעם קאָפּ?

— איך וויל, — פלעגט זי ענטפערן.

זי האָט זיך ניט אָנגערופן: עפּשער לעבט דער טאַטע... צוזאַמען מיט איר זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין דער פּאָסטקע סאַוואַזש (דער שפּאַניער כאַסע גאַמעס), ניק — אַ פּאַריזער אַרבעטער און דער סטודענט ראָבערט, וואָס האָט צוגעצויגן מאַדאַן צו דער אַרבעט. זילער פלעגט אײַנאָרדענען פאַרהערן אויג אַף אויג. קיינער האָט גאָרניט געזאָגט. ווען מען פלעגט אָנאָן פּייניקן, פלעגט זי אָדער שווײַגן אָדער אָנהויבן דערציילן, ווי זי האָט געקעמפט אין שפּאַניע, אָדער זי פלעגט זאָגן, אַז זי האָסט די נאַציס; און ווען עס פלעגט זיך איר אויסווײַזן, אַז די קויכעס פאַרלאָזן זי, פלעגט זי, סקאַנדירנדיק, אויסשרייען: „סטאַ־לינ־גראַד! סטאַ־לינ־גראַד!“.

ענדלעך האָט מען זי צוריקגעלאָזט: דער פאָלקאָווניק האָט אָנגעפרעגט אין בערלין צי זאָל מען די פאַרהאַלטענע דײַטשקע אָפּשיקן קיין דײַטשלאַנד אָדער דורכפירן דעם מישפּעט לויטן געוויינלעכן סיידער.

ווען זי האָט גענומען קומען צו זיך פלעגן זיך די געדאַנקען וועגן דעם וואָס האָט פּאַסירט (צי זיי האָבן אַליין דערשנאַפּט אָדער עמיצער האָט פּאַראַטן? צי האָט זשאַק באַוויזן אַוועקצוגיין?) אויסמישן מיט דערינערונגען וועגן די קינדעריאָרן. דאָס איז געווען אַ קאַליידאָסקאָפּ פון יאָרן און פּענעמער. עפּשער, דערפאַר וואָס זי האָט די גאַנצע צײַט געדענקט — מען טאָר ניט זאָגן, ווער זי איז — מען וועט פּייניקן דעם טאַטן, האָבן אָפּגעלעבט די ווײַטע יאָרן: די מאַמע אין אַ קאָפּטיכל מיט אַ קערבל רויטע יאַגדעס, דער טאַטע, וואָס שנײַצט פּייערלעך די נאָז בעיסן פרײַדיקן אין קלויסטער, און דערבײַ שיט זיך פון זײַן נאָזטיכל טאַבאַק... פון די עלטערן פלעגן די געדאַנקען אַריבערגיין צו די כאַווײרים. איך האָב ניט באַוויזן צו דערוויסן זיך וועגן די טאַנקען, און זשאַק האָט זייער געבעטן. טאָמער האָט מען גענומען זשאַקן? אַף אים האַלט זיך אַלץ... ער איז געוואָרן זייער אָפּגעצערט — אַ ווונד אין מאָגן, און בײַ אַזאַ לעבן קען מען ניט אָפּהיטן קיין דיעטע... זיי האָבן זיך דערוווּסט סאַוואַזשעס נאָמען, זיי קענען איבערגעבן אין שפּאַניע, ער האָט דאָרט אַ מישפּאָכע... ער פלעגט באַווײַזן אַ בילד — אַ טײַערער יינגעלע... און ווידער האָט אָנאָ געזען די קליינע שטאָט, ווו זי איז געבוירן. אָפן פּלאַץ אַן אַלטער פאָנטאַן — אַ קאָניליק שפּײַט מיט זילבערנעם וואַסער, צוויי לינדן; אַ בײַדל — זומער פלעגט מען דאָרט פאַרקויפן קאַרשן, פלוימען, אַגרעסט; אַ שרײַב־געשעפט, אַלס מיידעלע פלעגט אָנאָ שאָענווײַז באַטראַכטן די וויטרינע מיט קאָלירטע פּאָסטקאַרטלעך, לעדערנע שרײַב־אונטערלאַגעס, געשניצטע פעדער־האַלטערס. אַרום שטאָט זײַנען גרינע בערגלעך; אַף איינעם פון זיי איז אַ קאָנדיטערײַ און אַן אָפּטישער רער — עס זעט זיך דורך איר דער רײַן, ווײַנגערטנער, כורוועס פון אַן אַלטערטימלעכן שלאָס.

אַף יענעם בערגל איז זי אַוועק מיט הענריכן. ער איז געווען זייער קורצזיכטיק; געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ זיכערן, אָבער ווי נאָר ער פלעגט אויסטאָן די ברילן, פלעגט אין פּאָנעם זײַן עפּעס קינדישעס. ער האָט לאַנג געקוקט אָפן ווײַטן טײַך. זי איז געבוירן געוואָרן אין זעלבן יאָר, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע און וועגן דעם, וואָס עס איז פאַרגעקומען, האָט זי נאָר געוווּסט פון די שולביכער, פון די עלטערנס דערציילונגען. דער טאַטע פלעגט אָפט זאָגן: „דאָ האָבן מיר פאַרשפּילט, ס'וועט

אויסקומען ווידער מילכאמע צו האלטן"... זי האט מיט אומרו נעפרעגט העגריכן: „וועט דען אייך אויך אויסקומען מילכאמע צו האלטן?" ער האט געענטפערט: „געוויס. ניט מיט פראנצויזן, נאר מיט נאצים"... זי האט ניט פארשטאנען, אבער זי האט צוגעשאקלט מיטן קאפ — זי האט מער פאר אלץ מוירע געהאט ,אז הענריך זאל זי ניט האלטן פאר א נאריש מיידל. זי איז אלט געווען אכצן יאר... און הענריך האט אויסגעטאן די ברילן און פלוצלינג געזאגט: „איר האט ליב היינען? ער האט א ליד וועגן אן אלטער געשיכטע, וואס בלייבט שטענדיק ניי... איך האב געטראכט, אז איך וועל שנעל אוועקפארן, אבער איך זיץ דא און יעדן טאג טראכט איך — וועל איך אייך טרעפן אדער ניט?"...

אין צוויי כאדאשים ארום האבן זיי כאסענע געהאט. געלעבט א יאר צוזאמען. נאכדעם זיינען געקומען די נאצים... אפן פלאץ ארום דעם פאנטאן מיטן קארליק האבן יונגעלייט א גאנצע נאכט געזונגען לידער, געריסן זיך דעם האלדז. צווישן זיי זיינען אויך געווען אנאס כאווירים פון די קינדער־יארן, מיט וועלכע זי פלעגט זיך שטענדיק שפילן. זי האט זיי ניט געזען, זי איז געווען אין האמבורג. הענריך האט געזאגט: „ס'וועט אויסקומען ארייבערצוגיין אף אונטערגרונט ארבעט". זי פלעגט נאך דעמאלט ניט פארשטיין א סאך פון דעם, וואס ער פלעגט ריידן, אבער דאס האט זי פארשטאנען: דאס גליק האט זיך געענדיקט.

האגאם איר טאטע איז געווען א גייסטלעכער, האט זיך אנאן אויסגעוויזן, אז ער גלויבט ניט אין גאט. ווען זי האט עס אים איינמאל געזאגט, האט ער געענטפערט: „די ביבל איז א בוך, לויט וועלכן מיר דארפן לעבן". גאט איז פאר אים געווען א גלענצנדער גեזעצגעבער, וואס איז שוין לאנג געשטארבן, נאר איבערגעלאזט פאר די מענטשן ריכטיקע אנווייזונגען. עפשער דערפאר האט דער טאטע גוטגעהייסן דער מאמעס באשלוס אויסצובאהאלטן הענריכן, האגאם ער האט געהאלטן, אז די קאמוניסטן זיינען קעגן דייטשלאנד, און יידן פלעגט ער מיט פאראכטונג אנרופן „האלבגעזעצנדיקע".

פינף און דרייסיקסטער... ערשט איצט האב איך פארשטאנען, וואס הענריך האט עס אלץ געמוזט איבערלעבן. דאן האט זיך מיר אויסגעוויזן, אז איך פארשטיי, אבער דאס דארף מען דערפילן אף זיך. אט האב איך זיך מיט אים ווידער באגעגנט, ווי אמאל אין דער ליבע...

אנא פלעגט זיך אפט פארווארפן: ווי סענטימענטאל איך בין, אן עכטע דייטשקע! זי פלעגט מוירע האבן, אז די געפילן קענען איר שטערן צום קאמף. איצט איז זי געווען זיכער אין זיך; זי האט אפילע געלאזט א טרער און בעיים מייסע ניט דערמאנט ניט הענריכן, ניט אירע קינדעריארן, ניט געטראכט פון נאענטן טויט, נאר איבערגעגעבן זיך יענער גרויסער צערטלעכקייט, וואס זי האט געשטיקט אין זיך אט די אלע יארן.

פלוצלינג איז פאר איר דערשינען שפאניע, ראזע און געלע בערג אן גרינס, זומערדיקער גלי, דער העלגעלער טייך — עברא. דאס איז געווען פאר דער אנטשיידונג; צום לעצטן מאל האט די האלב־טויטע שפאניע נעפרגווט אופשטיין, ארויסרייסן זיך פון רינג. טאג און נאכט האבן די פאשיסטן געשאסן איבערן אריבערפאר. מענטשן האבן זיך געהאלטן, האגאם

זיי האָבן געוווּסט, אַז קיין האָפֿענונג איז ניטאָ. אַנאַ געדענקט, ווי עס איז געקומען אַ פֿויער, געפֿאָדערט מען זאָל אים אַריינעמען אין דער אַרמיי. קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס ער איז געקומען נאָכן אָפּזיצן באַ זיך צוויי יאָר, נאָר ערשט איצט, ווען די מילכאָמע איז פֿאַרשפּילט. ער האָט דערקלערט: „אין מיין דאָרף איז דער גאַנצער קנאַקער אַ גאַלעד, איז קיינער ניט געגאַנגען קעמפֿן. און איצט זאָגט מען, אַז די פֿאַשיסטן האָבן די אויבערמאַכט. איז זאָלן זיי וויסן, אַז אויך אין מיין דאָרף זיינען דאָ מענטשן“... מען האָט אים דערהאַרגעט דאָרטן, אַף דער עבראָ...

ווען זי איז געווען אין שפּאַניע, האָט איר דער טאַטע איבערגעגעבן, אַז ער לעבט, אַז ער ליבט זיין טאָכטער ווי פֿריער. נאָכדעם האָט זי פֿון אים גאָרניט געהערט, ער האָט געקענט שטאַרבן, ווערן אַ נאַצי — דאָרט זיינען אַלע פֿון זינען אַראָפּ...

מען האָט געמישפּעט פֿיר פּערזאָן: כאָסע גאָמעס („סאָוואַזש“), איוואַ מעניע („ראָבערט“), זשאַן וואַלען („ניק“) און „אַ פֿרוי, וואָס זאָגט, אַז זי איז געבוירן אין קאַלמאַר, און מען רופֿט זי מאַריאַ נילגאַוז“. נאָך פֿאַרן אַריינקומען פֿון די ריכטער, האָט ניק באַוויזן איבערצוגעבן די כאַווייריִם: „זשאַק איז אַוועק. פֿון דער פֿריי זיינען דאָ גוטע ידיעס — סטאַלינגראַד האַלט זיך“... פֿון זיין שנעלן זאַכלעכן פּליסטערן איז אַנאַן געוואָרן לייכטער. אַט זיינען זיי ווידער צוזאַמען... פֿריער פֿלעגן זיי זעלטן שמועסן: ניט געווען קיין צייט. מיט סאָוואַזשן פֿלעגט זי אַמאָל דערמאַנען שפּאַניע. עס פֿלעגט אים רירן, וואָס זי געדענקט שפּאַנישע ווערטער, ער פֿלעגט זאָגן: „צי דען וועל איך אַהין ניט אַריינפֿאַלן?...“ זי פֿלעגט ענטפֿערן: „אַז שום צווייפֿל. איך אויך. מירן גיין אַף פּוערטאַ דעל סאָל, עס וועט זיין זייער היים, זייער טומלדיק און פֿריילעך“... ראָבערט האָט איר אַמאָל געזאָגט: „איך דערוואַרט פֿאַר זיך גאָרניט. געווען ליוסי. מען האָט זי פֿאַרנומען“... ניק האָט זיך מוידע געווען, אַז ער איז סאַכאַקל ניינצן יאָר אַלט; ער פֿלעגט ליב האָבן צו ריידן וועגן נאַרישקייטן, ער פֿלעגט דערציילן, ווי ער האָט געפֿאַנגען פֿיש: „אַ שלייען — אַט־אַזאַ“... זיי האָבן ווייניק געקענט איינער דעם אַנדערן; זיי האָט פֿאַרייניקט עפּעס גרעסערס, ווי פֿריידן און ליידן פֿון יעדן מענטשן באַזונדער. און אַט זיינען זיי צוזאַמען. זיי וויסן, אַז קיין זאַך האָט זיי ניט איינגעבראָכן. זיי קוקן אַף די ריכטער האַרב און אָפּגעפֿרעמדט, ווי זיגער.

זיי האָבן גלייכגילטיק אויסגעהערט דעם פּסאַק־דין: זיי האָבן אים געוווּסט פֿון פֿריער. ניק האָט אַ פּליסטער געטאָן סאָוואַזשן: „זיי בלאָזן זיך. איך וואָלט זיי געוואָלט אָנקוקן אין אַ יאָר אַרום“... ווען מען האָט זיי געהאַלטן אין אַרויספֿירן, איז ראָבערט אַף אַ ווײַלע דערשיינען לעבן אַנאַן. זי האָט אונטערגעהויבן די געשמידטע הענט.

— אַדיע, ראָבערט! איך קען דיך ניט אַרומנעמען...

— הער אַנאַ... איך וויל דיר זאָגן, ווי אַ פֿראַנצויז, ווי אַ קאָמוניסט, — גוט, וואָס דו ביסט מיט אונדז. אויך סאָוואַזש. און די רוסן זיינען אין סטאַלינגראַד. פּראַשטשײַ, אַנאַ!

זי האָט געהערט די דאָזיקע ווערטער אין דער פֿינצטערער קאַמער, גע־

הערט זיי אויך שפּעטער, ווען מען איז געקומען נאָך איר. די דאָזיקע ווערטער האָבן באַלויכטן אירע לעצטע מאָמענטן. זי האָט געטראַכט, מען פּלעגט זאָגן „אינטערנאַציאָנאַל”. אָבער אויך דאָס דאַרף מען דערפילן אַף זיך... פון דער וואָלגע און ביז צו מיר... דער טאַטע פּלעגט ליב האָבן צו דערציילן וועגן ביבלישן גאָרטן; אַ גרינער, געדיכטער גאָרטן. אָבער יענער איז פאַרלאָרן געגאַנגען, און דעם דאָזיקן האָב איך געפונען...

זי האָט זיך אָפּגעזאָגט, מען זאָל איר פאַרבינדן די אויגן; דאָך האָט מען איר פאַרבונדן — דעם אָפיציר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי קוקט אַף אים כוצפּעדיק. און זי האָט נאָר געקוקט אָפּן אָפּגעוואַשענעם פון רעגן פּלאַץ, אָפּן הויכן ביינערדיקן בוים, אָפּן געפונענעם גאָרטן.

XIII

כריסטינאַ שטאָובע פּלעגט פאַר דער מילכאָמע אויסנייען באַ זיך אין שטוב פאַר אַ געשעפט פון קונסט־אויסאַרבעטונגען און אַרומגיין אַרום פאַטער, אַ פּענסיאָנירטער באַאַמטער, וואָס איז געטראָפן געוואָרן פון אַ פאַראַליז. זי איז אַלט געווען זעקס און דרייסיק יאָר, און זי האָט שוין מער ניט געטראַכט פון כאַסענע האָבן, האָגאָם זי איז ניט געווען קיין מיעסקייט. מיט אַ יאָר צען צוריק האָט זי אָווירט דער בוכהאַלטער צימער, געפירט זי אין קינאָ, אין קאָנדיטערייען. דערוויסנדיק זיך ווער דער פּרעטענדענט איז, האָט דער פאָטער גענומען שרייען, אַז כריסטינאַ פאַרגעסט וועגן איר כויוו, אַז אַ מיידל באַדאַרף אַלץ אָפּוועגן, איידער זי באַגייט דעם פאַטאַלן שריט, ער קען איר ניט שטערן — ער איז אַלט און קראַנק, אָבער ער וועט איר קיין איין פּעניג ניט געבן. כריסטינאַ איז געקומען צו דער זעונג אַ פאַרווינטע, זי האָט געזאָגט: „גוסטאַוו, איך בין גרייט אַף אַלץ. כאָטש שוין... אָבער דער פאָטער איז קעגן. דאָס הויז איז פאַרשריבן אַף זיין נאָמען. איך פאַרדין אָנשטענדיק, אָבער כוצדעם פאַרמאָג איך גאָרניט”... גוסטאַוו האָט געענטפערט: „איך בין ניט קיין מאַטעריאַליסט, איך האָב דיך ליב אויך אָן נאָדן”... שפּעטער האָט ער זיך גענומען איילן: ער האָט איבערשאָען. מער האָט אים כריסטינאַ ניט געזען. איר האַרץ האָט געדאַרט, ווי איינגעשניטענער, ניט אָנגערירטער ברויט. צייטנווייז פּלעג זי וויינען — ווען דער פאָפּעלע וועט שטאַרבן, וועל איך בלייבן אַליין; צייטנווייז פּלעגט זי באַהערשט ווערן פון נעפּלדיקע טרוימען — ער וועט שטאַרבן, וועל איך פאַרקויפן דאָס הויז און כאַסענע האָבן, אָפילע פערציקיעריקע געפינען אויך כאָסאָנים...

דער פאָטער איז סאָפּקאָלסאָף געשטאָרבן; אָבער פּאָסירט האָט עס אין מערץ מאָנאַט פון צוויי און פערציקסטן; דאָס הויז האָט מען ניט געקענט פאַרקויפן — נאָך אַ ראַיד פון דער ענגלישער אַוויאַציע איז דער גאַנצער קוואַרטאַל באַם וואָקזאַל אָפּגעלײַדיקט געוואָרן; טרוימען וועגן כאַסענע האָבן איז געווען אַן איבעריקע זאַך — אָפילע צוואַנציקיאָריקע שיינהייטן זיינען געבליבן אָן קאַוואַלירן; קיינער האָט מער ניט איינגעקויפט קיין פּעניוואַרן מיט שטאַרבן אָדער געבלומטע טישטעכלעך. כריסטינאַ איז געוואָרן אַן אופּ־

זעערן פון א באַראַק אין א לאַגער, וווּ מען האָט געהאַלטן פּרויען, געבראַכטע פון רוסלאַנד. הער קירכהאָף האָט איר דערקלערט: „דאָס זיינען ניט קיין פאַרברעכערנס, מיר האַלטן זיי אונטערן שלאָס נאָר דערפאַר, ווייל די רוסישע זיטן זיינען ניט ענלעך צו אונדזערע. זייט שטרענג אָבער יוישערדיק, געדענקט, אַז אַלע רוסישע — זיינען קינדער"...

כריסטינאַ איז ניט געווען פון דער נאַטור אַ שלעכטע און, געבנדיק איינמאָל אַ קלאַפּ אין באַק דער בלוי־אויגיקער וואַריאַ, האָט זי זיך דערשראָקן: עפּשער, איז עס ניט גוט? באַטראַכטנדיק זיך האָט זי זיך באַרויִקט: הער קירכהאָף האָט געזאָגט, אַז די רוסן — דאָס זיינען קינדער, און קינדער מוז מען באַשטראָפן; ווען איך פלעג שלעפּן אַ קאַץ פאַרן עק אָדער עפּעס צעברעכן, פלעגט דער פאַפּעלע ניט קאַרגן קיין שמיץ... כריסטינאַ פלעגט ניט באַמערקן, אַז מער פון אַנדערע באַשטראָפט זי אַפּט יונגע און כיינעוודיקע מיידלעך. דער לאַגער־דאָקטאָר בוכנער האָט געזאָגט וועגן דער זעכצניאָריקער שוראַטשקאַ: „ווי אַראָפּגענומען פון מוריליאָס אַ בילד"... כריסטינאַ האָט אונטערזוכט שוראַטשקאַן און געפונען צוויי שטיקלעך זייף. „פונוואַנען?" שוראַטשקאַ האָט געשוויגן. כריסטינאַ האָט איר באַשולדיקט אין גנייווע און אָנגעפּאַטשט די באַקן. קינדער!... כריסטינאַן האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט ליב באַקומען אירע רוסישע, זיי זיינען גאָרניט אַזעלכע שרעקלעכע ווי מען שרייבט אין די צייטונגען, און בוצדעם, גאָט מיינער, ווי זיס זיי זינגען!....

די הונגעריקע, פאַרפּייניקטע מיידלעך, קעדיי זיך לייכטער מאַכן דאָס האַרץ, פלעגן אַמאָל זינגען אין די אָוונטן; געווען איז אין יענע לידער אַ בענקשאַפט נאָך דער היימישער כאַטע, נאָך דער מאַמען, נאָכן געליבטן. כריסטינאַ האָט געוווּסט, אַז זי באַדאַרף גאָר אַריינגיין אין באַראַק, וועט זיך דאָס ליד איבעררייסן. ביגענייווע פלעגט זי זיך פאַרשטעקן הינטערן פענצטער און הערן... זי האָט זיך געזען אין אַ טונקעלן, פאַרשטיקטן צימער — רעפּועס, אָפּגעוועלקטע בילדער פון מומעס, אַ קראַנקער זאָקן אין אַ פאַטעל און ערגעץ ווו ווייט צווישן זשאַסמין נעמט דער קראַסאַוויעץ גוסטאַוו אַרום אַן אַנדערע... כריסטינאַ פלעגט שטורמיש זיפצן: גאָט מיינער, ווי אומגליקלעך איך בין!...

בעסער פון אַלעמען האָט געזונגען גאַלאַטשקאַ. אַמאָל פלעגן די פריינט פון „פּיקוויקער קלוב" זאָגן: „נו, לאַכערקע, זינג עפּעס"... דאַן איז איר געווען פריילעך. און זינגען פלעג זי וועגן אומגליקלעכער ליבע. דאַ פלעגן איר בעסער געפעלן אַרויסרופנדיקע לידער. כריסטינאַ פלעג זיך אופרעגן: פאַרוואָס פרייט זיך אַזוי דאָס מיידל?... זי האָט אַן אָנגענעמע שטים, אָבער דער רעפּערטואַר איז אַ פּלאַכער, ניטאָ אין אים קיין דערהויבנקייט... און דאָך פלעגט זיך כריסטינאַ צוהערן און אַפילו צוקלאַפּן מיט די פיס, ווי זי וואָלט באַלד געגאַנגען טאַנצן אַ „שימי" מיט גוסטאַוון.

גאַלאַטשקאַן איז ניט געלונגען צו געפינען אין קיעוו אירע קאָמסאָמאָלצעס. זי האָט געהאָפט — עס וועט וואַרעמער ווערן און אונדזערע וועלן קומען. עס איז אָבער געקומען דער שרעקלעכער זומער: די דייטשן זיינען

דערגאַנגען ביז דער וואָלגע. טרעפנדיק אַף דער גאַס גאַלאַטשקאַן, האָט זיך סטעשענקאַ מיט כוועק פאַרזשמורעט: „איר שפּאַצירט נאָך אַלץ? מיר וועלן שוין אינגיכן זען וואָליאַן — מער ווי דריי כאַדאָשים וועלן די רויטע ניט אויסהאַלטן“... די שטאָט איז פאַרשטומט געוואָרן; עס האָבן גענישטערט געשטאַפּאַ, פּאָליציי; אַ מענטשן, וואָס פלעגט זיך אַרויסכאַפּן מיט אַן אומפאַרזיכטיק וואָרט, פלעגט מען פאַרשלעפּן, און ער פלעגט פאַרשווינדן ווערן אַף אייביק. אומעטום האָבן שימערירט אַפישן, וואָס רופן די יונגע קיין דייטשלאַנד — דאָרט זיינען באַקוועמע וווינונגען, אַ סאַך צו עסן, שיינע בגאָדים. פרילינג איז די דייטשן געלונגען אַריינצונאַרן עטלעכע הונדערט. קסאַניאַ, מיט וועלכער גאַלאַטשקאַ איז געווען אין דער צעניאַריקער שול, האָט זיך פאַרשריבן: „איך וויל אַ קוק טאָן אויסלאַנד“. גאַלאַטשקאַ האָט איר אָפּגערעדט: „וואָס פאַר אַן אויסלאַנד? דאָס איז דאָך אַזוי ווי קאַטאָרגע... און אויב מען וועט דיך צווינגען מאַכן געווער? דיין ברודער איז אין דער אַרמיי, הייסט עס, אַז דו וועסט אים דערהאַרגענען?...“ „קליגלסט זיך“, האָט געענטפערט קסאַניאַ, „און קיין אויסלאַנד וועל איך דאָך פאָרן, איך וועל אַרופכאַפּן אַף זיך אַ פּאָר קליידלעך“... ווען די דייטשן האָבן דערזען, אַז עס זיינען דאָ ווייניק פרייוויליקע, האָבן זיי גענומען אַף קויער. איז גאַלאַטשקאַ אויך אַריינגעפאַלן.

אַן אונטעראָפיציר, וואָס האָט גערעדט אביסל רוסיש, האָט אַ קוק געטאָן אַף די ווייגענדיקע פרויען און געזאָגט: „דייטש גוטער. דייטש ניט האַרגענען“. גאַלאַטשקאַ האָט זיך פּלוצלינג צעלאַכט, שנעל געפרעגט: „באַבעלע, פאַרוואָס זיינען באַ דיר לאַנגע ציין?“... דער אונטעראָפיציר האָט ניט פאַרשטאַנען, אָבער דאָס געלעכטער איז אים ניט געפעלן, ער האָט זיך אויסגעזידלט און אַוועק פון וואַגאָן. די מיידלעך, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום גאַלאַטשקאַן האָבן זיך צעלאַכט. גאַלאַטשקאַ האָט זיי אָנגעשטעקט מיט איר פריילעכקייט. אָבער גאַלאַטשקאַ האָט פעסט געוווּסט: איצט דאַרף מען זיין פריילעך — אונדזערע איז דערפון לייכטער, און די דייטשן קרענקט עס... אַזוי איז אַפסניי געבוירן געוואָרן „די לאַכערקע“.

פאַרטאָג האָט מען זיי געפירט דורך דער שטאָט אַפן זאַוואָד. די שטאָט איז געווען אַ קליינע און ציכטיקע. עס האָבן געבלאַנקט די קופּערנע טעלער איבער די שערערייען. עס האָבן געפינקלט אין די שויפענצטער פאַרצעלייענע וואַשטישן און קיך־געשיר. די קינדערלעך זיינען געווען גוט אָנגעטאָן, זיי־נען ניט געלאָפן, נאָר ווירדיק געגאַנגען אין שול אַריין. באַם אַריינגאַנג צום וואָרשט־געשעפט אָדער אין יאַטקע זיינען געזעסן, צוגעבונדענע צו ספּעציעלע קרוקעס, שוואַרצע און ברוינע טאַקסעס — זיי האָבן געוואַרט אַף די באַלעבאַסטעס. אַפן מאַרק האָט מען פאַרקויפט בלומען — די לעצטע האַרבסטיקע אַסטרעס.

גאַלאַטשקאַ פלעגט זיך בעיס מיַיסע דערמאָנען די כורוועס פון קרעשטשאַטיק, דעם פעטער ליאָניאַ, די אופגעהאַנגענע. איצט זעט זי קינדערישע וועגעלעך, צעפּעלעך מיט שלייפן, געשעפטן פון שפּילצייג; ווי מאָדנע דאָס איז, וואָס אַזעלכע האָבן ווייבער, קינדער, וואָס די ווייב פון אַ געשטאַפּאַ

גייט אפן מארק קויפט בארן אדער עפל, ווישט אפ איר קינד די נאז... זיי וואלטן שוין בעסער געבּיסן!...

גאלאטשקא האט אין דער שול געלערנט דייטש; זי האט שנעל געקענט פארשטיין סיי כריסטינאס פאראָרדענונגען, סיי די געשרייען פון די מייסטערס אפן זאוואד, און די שמועסן פון די שטאטישע, בעיים די מיידלעך פלעגן זיך אומקערן פון דער ארבעט: „וואס פאר אן אפגעריסענע זיי זיינען!... קארל שרייבט, אז די רוסן זיינען ערגער פון די נעגערס... קורנאסע... שטארקע, נאך גוט, וואס זיי זיינען אין לאגער... איך וואלט גאר קיינמאל צו זיך ניט אריינגעלאזט... און די פראו איעניקע האט א רוסישע, און זי איז זייער צופרידן"... דאן פלעגט גאלאטשקא זאגן מיט א געלעכטער וואריאן: „קוק אן יענע — די נאז, דאס מויל, די גאמבע, אלץ אין דער קרום, ווי זייערע אויסיעס"... און ווריא פלעגט אויך לאכן.

מען פלעגט זיי קארמען מיט א זופ פון ברוטשקע: דער הונגער האט שטענדיק געפייניקט. די ארבעט איז געווען שווער. זיי פלעגן שלעפן אייזערנע שטאנקען, זעק מיט צעמענט, געריייניקט די אויוונס. ווענדיק גוט דערציען די קינדער, וואס מען האט איר אנפארטרויט, פלעגט כריסטינא יעדן טאג עמיצן באשטראפן — איבערלאזן אן עסן, שיקן אף ספעציעלער ארבעט — נאך דער ארבעט גראבן שפאלטן, גריבער, שלאגן. נאר גאלאטשקאן פלעגט זי ניט טשעפען; עפשער, פון ליבע צו איר שטים — „דאס איז מיין נאכטיגאל", פלעגט זי זאגן דעם דאקטאר פוסנער; און עפשער, האט זי מורא געהאט — בעיים זי פלעגט באשטראפן אנדערע, פלעגט גאלאטשקא קוקן אף איר מיט אזעלכע בייזע אויגן, אז כריסטינא פלעגט טראכטן: דער דאזיקער נאכטיגאל קען אויספּיקן די אויגן...

כריסטינא פלעגט געבן די פרויען די צייטונג, וואס די דייטשן פלעגן ארויסגעבן אין דער רוסישער שפראך. לייענענדיק זי, פלעגט מען גארניט קענען פארשטיין: ווי די דייטשן וואלטן אומעטום געזיגט, אבער די מילכאמע ענדיקט זיך ניט... עס זיינען אויך געווען צווישן די מיידלעך שטארקע, ווי גאלאטשקא, וואס האבן קיין איין ווארט ניט געגלויבט, וואס האבן געהאלטן, אז ווינטער וועט מען די דייטשן צעקלאפן, און זיי וועלן זיך אומקערן אהיים; עס זיינען געווען שוואכע — קוקנדיק אפן רויִקן לעבן פון דער, ווייטער פון פראנט, שטאט. אף די שויפענצטער מיט סבוירעס, אף די זאטע, צעשמייכלטע דייטשקעס, פלעגן זיי אזוינע זאגן: ניין, אונדזערע וועלן זיך מיט זיי קיין אייצע ניט געבן!... דאן פלעגט גאלאטשקא אנהויבן פאנטאזירן: מען האט זיי צעקלאפט לעבן ראסטאוו, די אליאירטע זיינען אין פראנקרייך, מען זאגט, אז היטלערן האט מען דערהארגעט... גאלאטשקא האט פארשטאנען: מען טאר ניט אפלאזן זיך.

צוזאמען מיט זיי האבן אפן זאוואד געארבעט פראנצויזן — קריגסגעפאנגענע. פון אנפאנג פלעגן זיך די מיידלעך האלטן אפגעזונדערט: מען ווייסט ניט, וואס די דאזיקע פראנצויזן טראכטן, עפשער, בלאזן זיי אויך פון זיך, און כוצדעם, ווי אזוי — ניטא די שפראך... די פראנצויזן פלעגן פריינטלעך שמייכלען, זאגן אף דייטש, אז זיי זיינען „כאווײרים" (דאס האבן

אלע פארשטאנען), געבן די מיידלעך ברויט, קעז, אפילע שאקאלאד — זיי פלעגן דערהאלטן פעקלעך פון דער היים.

גאלאטשקא האט זיך באפריינדעט מיט א יונגן, לוסטיקן פראנצויז. ער האט איר דערציילט, אז ער איז א דאקטארס א זון, א סטודענט, שטודירט פיזיק. זיי פלעגן שמועסן אף אן אויסטערלישער שפראך, אין איר פלעגן אריין דייטשישע, רוסישע און פראנצויזישע ווערטער, זיי פלעגן ריידן מיט איבערייסן; און דאך האבן זיי זיך א סאך דערוווּסט איינער וועגן אנדערן. גאלאטשקא האט געזען פאריז, ווי זי וואלט דארט געווען, — א גרויסער פלאץ, די גאסן צעגייען זיך ווי שטראלן, אף די גאסן זיינען טישן — מען קען טרינקען קאווע, קאשטאנעס, ווי אין קיעוו; פיער האט נאר וואס באליגט די עקזאמענעס, ער גייט מיט די כאוויירים איבערן מיטן גאס, זיי זינגען, זיי שרייען — דאס איז זייער פריילעך, עס רופט זיך אן „מאנא“... און פיער האט געוווּסט, אז קיעוו איז א גרינער און הויקערדיקער. ווען דו קוקסט פון וולאדימירער בערגל אפן דניעפר, „קען מען שטארבן — אזוי שיין איז עס“; גאלאטשקא פלעגט אפט גיין אין אפערע, זי האט ליב „דאמע פיק“ און „קארמען“... גאלאטשקא האט זיך דערפרייט, ווען עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז פיער האט געלייענט „די פארצייכענונגען פון פיקוויקער קלוב“. נאר די איינציקע זאך, וואס זי האט ניט געקענט דערקלערן, וואס מען האט זי גערופן לאכערקע... דערפאר אבער האט זי דערציילט פון וואליאן, פון ראיאן, פון באריאן. „בא אונדז זיינען א סאך פארטיזאנען, אפילע אין קיעוו האט מען דערהארגעט פריצן“.

פיער האט דערציילט, אז אין פראנקרייך זיינען אויך פארטיזאנען, און זיי קעמפן גוט, פריער איז געווען א סאך פארעטער, אפגעגעבן פאריז, אפגעגעבן די מאזשינא־ליניע — ער איז אריינגעפאלן אין געפאנגענשאפט צוזאמען מיט אלע. ער האט געפרעגט וועגן דער רויטער ארמיי און גאלאטשקא האט מיט שטאלץ געענטפערט: „א גלענצנדע ארמיי! די דייטשן האבן ניט גענומען ניט מאסקווע, ניט לענינגראד, אינגיכן וועלן זיי באפרייען קיעוו“... זי פלעגט איבערכאזערן די אלטע ווערטער פון בלעטל, האגאס נאכדעם איז געווען א ביטערער זומער, — ווען זי פלעגט קוקן אף פיערן, פלעגט זיך אלץ אין דער וועלט ענדערן, און זי האט געגלויבט, אז די רוסן גרייפן אן... פיער פלעגט איר העלפן, אף וויפל ער האט געקענט, ער פלעגט איר שטילערהייט איבערגעבן ברויט, וווּרשט, צוקערלעך. ער פלעגט אזוי קוקן אף איר, אז עס פלעגט איר ווערן פריילעך — אף אן עמעס, ניט נאר אף אן אנשטעל, און דאן פלעגט זי ניט לאכן, זי פלעגט ווערן זייער ערנסט, פארוויטלען זיך, אויסדרייען זיך. עס טרעפט, אז אפן זאוואדישן הויף צווישן מיסט און קוילן־אפפאל נעמט גרינען א גרעזעלע. אזא איז געווען זייער ליבע אינעם פינצטערן הארבסט פון צוויי און פערציקסטן. זיי האבן זיך קיין איינמאל ניט צערעדט וועגן זייער געפיל, אבער פון וואס זיי זאלן ניט האבן גערעדט, איז שטענדיק געווען אין די קורצע פאשעטע ווערטער אן אנדערער, נאר פאר זיי פארשטענדלעכער זין.

אנומלט האט פיער געזאגט גאלאטשקאן:

— ראַזשע אַרבעט בײַ אַ דײַטש, ער האָט געהערט ראַדיאָ, װען אַלע זײַנען אַװעק, האָט ער געכאַפּט לאָנדאָן. די דײַטשן האָבן אַ סך צאָרעס — זײ קענען ניט נעמען אײער שטאָט...

— װעלכע?

— סטאַלינגראַד.

אין אָװנט האָט גאַלאַטשקאַ דערצײלט די מײדלעך:

— די דײַטשן איז שלעכט. סטאַלינגראַד האָבן זײ ניט גענומען...

— אין צײטונג איז געװען, אַז זײ האָבן גענומען, — האָט אָפּגעענט־פערט מאַרוסיאַ. זי האָט הײליק געגלױבט, װאָס די צײטונג דרוקט, זי האָט ניט געװאָלט פאַרשטײן, אַז די צײטונג גיבן אַרױס די דײַטשן. זי האָט גע־פרעגט גאַלאַטשקאַן: — פונװאַנען נעמסטו דאָס?...

— די פראַנצױזן האָבן געזאָגט.

מאַרוסיאַ האָט זיך צעשמײכלט:

— װײס איך װאָס זײ פּלאַפּלען! די פראַנצױזן זײַנען גוטע, אָבער ניט קײן ערנסטע, איך גלױב זײ קײן װאָרט ניט, װען זײ רײדן... אין צײטונג איז געװען, אַז סטאַלינגראַד האָט מען שױן לאַנג גענומען, אין אױגוסט נאָך...

דאָ איז אַרײַן כריסטינאַ. גאַלאַטשקאַ איז צו איר צוגעגאַנגען און אײדל געזאָגט:

— איך װיל גראַטולירן, װאָס איר האָט גענומען סטאַלינגראַד...

גאַלאַטשקאַ האָט געשמײכלט, כריסטינאַ איז געװאָרן אױסער זיך, זי האָט זיך פאַרמאַסטן און דערלאַנגט גאַלאַטשקאַן, נאָך, נאָך... ס'איז געװען שװער פאַרצושטעלן זיך, אַז אַ האַנט, װאָס האָט אױסגענײט שמעטערלינגען אױף זײַדנס, קען זײַן אַזאַ שװערע. גאַלאַטשקאַ איז געפאַלן. און כריסטינאַ איז אַרױסגעלאָפן פון באַראַק, פאַרגעסנדיק נאָך װאָס זי איז אַרײַן.

כריסטינאַ האָט זיך שנעל אױסגעטאָן, געלײגט זיך. אָבער ניט געקענט אײַנשלאָפן — פאַר אירע אױגן איז געשטאַנען די שמײכלענדיקע גאַלאַטש־קאַ. װאָס פּאַראַ כאַזערײ! איך האָב איר נאָך װײניק געגעבן... מען זאָל נאָר אַ טראַכט טאָן, אַז די מילכאָמע װעט זיך ענדיקן און אַזאַ פּאַסקודע װעט כאַסענע האָבן! װאָס פּאַראַ גוטס איז אין איר? נאָר דאָס װאָס זי זינגט, אָבער אױך די לידער זײַנען בײַ איר גראָב... און מיך װעט קײנער ניט גע־מען, װען עס װעט אַפּילע געלינגען צו פאַרקױפן דאָס הױז. און עס װעט זיך גאָר קײנמאָל ניט ענדיקן די דאָזיקע מילכאָמע; גאַנץ אײראָפּע גענומען און עס ענדיקט זיך ניט; מען האָט מאָביליזירט אָטאָ בײַ נײַן און פערציק יאָר... אָט איז שױן דער דריטער כױדעש, װי אין די צײטונגען איז נאָר: „סטאַלינגראַד". פאַרװאָס קען מען איר ניט נעמען? די דאָזיקע צעלאָזענע מײדל לאַכט... אָטאָ האָט דערצײלט, אַז קעלן איז אינגאַנצן כאַרעװ. זײ קענען װידער קומען צו פליען אַהין, פאַרברענען דאָס הױז... קײן גליק װעט שױן ניט זײַן. כריסטינאַ האָט זיך הױך צעװײנט. דערבײַ האָט געװײנט די אױפ־זעערן פון אַ צװײטן באַראַק, עמאַ, צו איר איז געקומען דער מאַן. די װענט־לעך זײַנען געװען דינע. קאָלזמאַן עס האָבן זיך פון עמאַס צימער דערטראָגן אַ פליסטערן, קרעכצן, אױסגעשרײען, האָט כריסטינאַ געקענט רױק װײנען.

אַבער שפּעטער זיינען די שכיינים אַנטשוויגן געוואָרן, און זי האָט נאָר אַלץ געבליפּעט. מען האָט אַנגעקלאַפּט. דאָס בייזערט זיך עמאַס מאַן, וואָס איך לאָז ניט שלאָפן, ער איז גערעכט — ער קעמפט דריי יאָר, געקומען צופאָרן צו דער ווייב... און צו מיר וועט קיינער ניט קומען. כריסטינאַ האָט זיך געוואָלט צעוויינען נאָך העכער, אָבער זי האָט זיך באַלד איינגעשטילט.

גאַלאַטשקאַן האָבן אַרומגערינגלט איבערגעשראָקענע מיידלעך.

— ווי פילסטו זיך? — האָט געפרעגט וואַריאַ.

— גאָרניט. ס'טוט אַביסל ווייי... דו קוק ניט, וואָס זי איז אַן אויסגעדאַרטע, זי האָט אַן אייזערנע פויסט.

פּלוצלינג האָט זיך גאַלאַטשקאַ צעלאַכט:

— נו מאַרוסיאַ, איצט זעסטו שוין, אַז זיי האָבן סטאַלינגראַד ניט גענומען. דערפאַר האָט זי זיך אַזוי אָנגעצונדן... עס זעט אויס, אַז זיי האָבן דאָרט פעסט אַריינגעכאַפּט...

עס האָט זיך איר געכאַלעמט דער זיג. אַלץ איז שטיל, שטיל; עס זינגען פויגלען; פרימאָרגן, זי איז אין אַ גרויסער שטאָט, אויף די הייזער רויטע פאַנען. אָבער דאָס איז ניט קיעוו... עפּשער, מאָסקווע?... אַ פּלאַץ, ווי אַ שטערן... עס גייען רויטאַרמייער. אָט איז באָריאַ, ער איז אַן אָפיציר, אַ סאַך אָרדענס... און לעבן גאַלאַטשקאַן איז פּיער. ער שמייכלט, ער וויל זאָגן „גאַלאַטשקאַ", אָבער עס באַקומט זיך ניט, ער זאָגט „גאַליאַשקאַ", און איר איז קאַמיש, אַזוי קאַמיש... אופוואַכנדיק, האָט וואַריאַ דערזען: גאַלאַטשקאַ שלאָפט שטאַרק, דאָס פּאָנעם איז געשוואָלן, און זי שמייכלט. און וואַריאַ האָט אָפּגעזיפצט: עס זאָל זיך מיר כאָטש עפּעס כאַלעמען!...

## XIV

דאָס איז געווען אַ פּאָשעט שטעטל — אַ יִשעוו, וואָס האָט זיך איינגעשאָפּט עטלעכע צווישטאָקיקע הייזער און געוואָרן אַ ראַיאָן צענטער, אָדער אַ שטעטל מיט דריי קאָלווירטן, מיט הינער, וואָס קוואָקען אויף דער שעווטשענקאָ גאָס, זומער מיט אַ זילבערנעם שטויב, פרילינג און שפּעט אין האַרבסט מיט אַן אומדורכדרינגבאַרער בלאָטע. אין שטעטל איז געווען אַלץ, וואָס האָט באַדאַרפט זיין: אַ ראַיאָנער סאָוועט, ווו סטעפּאַ פלעגט איבערשרייבן דאַטן וועגן פאַרזיי און ווו עס פלעגן פון צייט צו צייט אַרויסטרעטן אָנגעפאָרענע אַרטיסטן; אַ סעקרעטאַר פון ראַיקאָם גריצקאָ, וואָס פלעגט זאָגן, אַז אינגיכן וועט דער יִשעוו ווערן אַ ריזיקער צענטער, ווייל מען וועט דאָ איינאָרדענען אַן עקספּערימענטאַלע פּרובכט־בוי־סטאַנציע, אַ שול און אַ לערערקע קלאַוודיאַ וואַסיליעוונאַ, וואָס האָט געלייענט „די געשיכטע פון פילאָזאָפיע" און אַלץ געוואָרט אויף עפּעס אַ בריוו פון קיעוו; ווייסע באַטעס מיט אַ גערוך פון זויערמילך, באַפּוצטע מיט פאַפּירענע האַנטעכער, ווו מען פלעגט עסן קירבעס־קאַשע, דערמאָנען פאַמיליע געשעענישן און שמועסן וועגן וועלט־פּאָליטיק; עס זיינען אויך געווען פיאָנערן אין רויטע קראַוואַטן, און אַ פאַרביקער מאַרק, ווו נאָגנדיקע גענדז פלעגן זיך איבערנעמען מיט

זייער גורל, און אקסן פלעגן האכנאעדיק טשאמקען, ווו מען פלעגט קענען באקומען פון קאלטווו, אריינגערעכנט אשבעכערס פון פלאסטמאסע; ס'איז געווען א שלאסעריי, אן ארטעל פון טעפער; עטלעכע יידן און צווישן זיי דער טיפער זאקן שנייערסאן, וואס האט שוין מער פון פופציק יאר באקליידט מענטשן; ס'איז געווען א טראקטאריסט אסטאפ, וואס פלעגט ניט אנטאן בעיים א זאווערוכע דעם זעלצל, קעדיי אלע זאלן זען דעם מעדאל אף זיין ברוסט, און אסטאפס באבע, וואס פלעגט שטענדיק זאגן, — „גאט האט גע־געבן, גאט האט צוגענומען".

עס זיינען געקומען די דייטשן — און אלץ האט זיך געענדערט. דער סעקרעטאר פון ראיקאם איז אוועק אין וואלד צו די פארטיזאנען. אסטאפ איז געווען אין דער ארמיי, ווי אויך א סאך אנדערע. אין אייניקע כאטעס האבן זיך איינגעארדנט די ארויסגעקראכענע פון ארומרינגלונגען, מען פלעגט זיי אנגעבן אלס קרוווים. די יידן האבן די דייטשן ארויסגעשיקט אין שטאט און דארט דערהארגעט. מען האט אויך ארויסגעשיקט קלאוודיא וואסיליעוונא — זי האט אריינגעבראכט אין קאס א דייטשישן אפיציר, זאגנדיק, אז זי האט געלייענט העגעלן. מענטשן האבן זיך אויסבאהאלטן. אפילע הינער האבן מוירע געהאט ארויסצוקוקן אף דער שעווטשענקא גאס. מען האט געזאגט, אז אין די שכיינעסדיקע וועלדער וואגלען ארום פארטיזאנען, אבער זיי פלעגן קיינמאל ניט צוקומען נאענט צום יישעוו. די דייטשן האבן דאך איבער־געלאזט אין יישעוו דרייסיק מאן מיטן פעלדפעבל רעקמאן, ארומגערינגלט דעם יישעוו מיט שטעכיקן דראט, אופגעבויט באפעסטיקונגען. אין אנפאנג האבן די דייטשן געלעבט זאט און פריילעך; זיי פלעגן פרעסן ריזיקע שפיגל־אייער, הינער, קאמוניסטן. שפעטער איז געקומען צופארן דער זאנדערפיורער, דערקלערט, אז מען טאר גארניט אוועקנעמען בא די פויערים, ווייל דייטש־לאנד נויטיקט זיך אין באשפייזונג; און די פויערים האבן זיך שוין אויס־געלערנט אויסצובאהאלטן זייער גוטס. די קאמוניסטן האט מען שוין אלע אויסגעכאפט. מען פלעגט דערציילן, אז די פארטיזאנען זיינען געווארן כוצ־פעדיק, זיי באפאלן מאשינען. באנאכט פלעגן די דייטשן שיסן צו ביסלעך — געוואלט אנשרעקן די איינוווינער און אופמונטערן זיך. דער פעלדפעבל רעקמאן פלעגט זאגן די זעלנער, אז די מילכאמע וועט זיך איינגיכן ענדיקן — מען דארף נאר אפריינקן סטאלינגראד פון די רויטע און פארנעמען באקו.

דער הארבסט איז געווען א לינדער. עס איז געווען א שיינער זונטיק־טאג. רעקמאן האט הויך געגענעצט פון אומעט. ער האט קיינמאל ניט גע־ווּסט, וואס צו טאן מיט דער נודנעקייט. פאר דער מילכאמע פלעגט ער נאך דער ארבעט גיין אין בירהאלע און דארט דיסקוטירן ביז צום הייזעריק ווערן — צי אפן מארס זיינען פאראן מענטשן און ווו עס איז בעסערע ביר — בא היינצן אדער בא וואלפן. אמאל פלעגט ער גיין אין קינא מיט דער אויס־געמאגערטער גערטא, פלעגט אופמערקזאם קוקן אפן עקראן און איינציטיק קנייפן דאס מיידל. ער פלעגט אמאל אריינכאפן זיך אין פאסאזש: ווו עס זיינען געווען פארשיידענע אטראקציעס, ער פלעגט מעסטן זיין קויעך, ווארפן

פילקעס אין ליאַלקעס. און ווען עס פלעגט זיך ניט ווענדן אַרויסגיין אָדער ס'איז געווען אַ שאָד דאָס געלט, פלעגט ער, גענעצנדיק, שערן די נעגל בײַ דער קאַץ און, אויסזוכנדיק אַן אַלטן נומער פון „אילוסטרירטע" פלעגט ער צומאַלן די קראַסאַוויצעס ריזיקע וואָנצעס. וואָס טוט מען אין דעם דאָזיקן פאַרדריפּעטן ישעוו?... מעלאַנכאָליש האָט ער זיך דערמאָנט יענע צייטן, ווען ער פלעגט אינדערפרי אופעסן אַ האַלבן צענדליק אייער און אַ טעלער סמעטענע. אַפילו אָפּעסן ליטויש קען מען ניט... אין אָוונט וועט ער פּרוּוון אַרײַנגיין צו ליזאַן. ווי אַלע רוסישע איז זי אַ ווילדע, וויל ניט ריידן מיט אים. אָבער זי איז גאַרניט מיעס! אָבער ביז צום אָוונט איז נאָך ווייט, פאַרויס איז אַ לאַנגער נודנער טאָג...

עס האָט אים אָפּגעגליקט. פאַרינטערעסירנדיק זיך, וווּהין די פויערים באַהאַלטן זייערע קאַרטאָפל, האָט גלעזער געפונען אונטער אַ פאַרלאָזטן הויז לעבן דער שול שנייערסאָנען און זײַן ווייב. לויטן פּאַס איז שנייערסאָן אַלט געווען זעקס און אַכציק יאָר, אָבער ער איז נאָך געווען קרעפּטיק — אַ הויכער, אַ ביינערדיקער, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד. זײַן ווייב, אַ קליינינקע, מיט פאַסמעס שיטערע האָר אויף קאָפּ, האָט אויסגעזען ווי אַ מומיע. די דייטשן האָבן ניט געקענט פאַרשטיין, ווער עס האָט באַהאַלטן די דאָזיקע זקנים און ווער עס האָט זיי געהאָדעוועט איבער אַ יאָר צייט. דעם שניידערס צוויי אייניקלעך זײַנען נאָך פאַרן אָנקומען פון די דייטשן אַוועק אין דער אַרמיי. רעקמאַן האָט געמאַכט אַ פּרוּוו אויסצופאָרשן דעם אַלטן, אָבער יענער פלעגט ענטפערן קאַפּויער — ס'איז קלאָר, ער איז געווירט פון זינען... אַזעלכע קען מען דאָך ניט אַפּשיקן אין שטאָט אַרײַן! און דער פעלדפעבל האָט באַשלאָסן אַרײַנצוברענגען אַ געוויסע פאַרשיידנאַרטיקייט אין דעם נודנעם לעבן פון גאַרניזאָן. ס'איז אויך נוצלעך פאַר די איינוווינער פון שטעטל — עס זײַנען פאַראַן צווישן זיי אויסוואָרפן, וואָס האָבן אונטערגעהאָדעוועט די ייִדן, זאָלן זיי זען...

ווען די זעלנער האָבן צוזאַמענגעטריבן אַלעמען אויפן פּלאַץ, האָט רעקמאַן געזאָגט:

— איר וועט באַלד זען, ווי אַזוי מיר רייניקן אויס אייער לאַנד פון פאַראַזיטן.

שנייערסאָן האָט געפירט זײַן ווייב פאַר דער האַנט. זי האָט געקוקט מיט ניט פאַרשטייענדיקע אויגן — אַלץ האָט זיך שוין לאַנג אויסגעמישט אין איר קאָפּ.

— גוטע מענטשן, איך גיי דאָך באַסנגע האָבן, פאַרוואָס טאַנצט איר ניט?...

די מענטשן האָבן געשוויגן פאַרומערט; אייניקע האָבן געוויינט און שנייערסאָן האָט צוגערעדט זײַן ווייב:

— קום, ראָכל, באַלד וועט זיך אַלץ ענדיקן...

רעקמאַן האָט פריער דערשאָסן די זקנינע. ווען ער האָט ווידער גענומען צילן, האָט אים שנייערסאָן אָפּגעשטעלט: וואַרט אויס! דאָס איז דעם פעלדפעבל געפעלן — דער אַלטער וועט בעטן ראַכמים, איך וועל אים צווינגען

קוקורעקע, ווי יענעם, געלן... שנייערסאָן האָט זיך איינגעבויגן, פאַרמאַכט דער מוטער ווייב די אויגן, ווידער אויסגעגלייכט זיך און גענומען כאַזערן אומפאַרשטענדלעכע ווערטער; דאָס איז געווען ווידע. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער צעקנעפּלט דאָס העמד אַף דער ברוסט און אָנגעוויזן: אַהער! רעקמאַן איז בייז געוואָרן און באַשלאָסן צו פייניקן אַביסל דעם ווידערשפּעניקן אַלטן — ער האָט געשאָסן אין אַקסל. שנייערסאָן איז געפאַלן, אָבער אויפגעהויבן זיך און ווידער געוויזן מיט דער האַנט אַף דער ברוסט. רעקמאַן האָט אויסגעשאָסן אין די פיס. דער אַלטער איז געפאַלן; דער דייטש איז צו אים צוגעקומען, אַרופגעשטעלט די פיס אַף דער ברוסט. מענטשן האָבן געשריען: „צו וואָס פייניקסטו?...”

אָסטאַפּס באַבע איז צוגעלאָפן צו רעקמאַנען, אַריינגערוקט אים אַ צענדליק אייער:

— דערהאַרגע אים, ניט גוטער, פייניק ניט!

רעקמאַן האָט גענומען די אייער און דערשאָסן שנייערסאָנען, ער האָט זיך אָנגעגעסן איבער די אויערן. און שפּעטער איז ער אַוועק צו ליזאַן און אָפּגערעפּצנדיק, אָנגעהויבן אַרומנעמען זי. זי האָט זיך געריסן פון אים: „שערעין!...” ער האָט געזאָגט: „ווילסט ניט? איך וועל אַרויסשיקן קיין דייטשלאַנד”... ליזאַ האָט אים צעדראַפּעט דאָס פּנים. ער האָט זיך געזידלט: „פּאַסקודע, איך וועל דיר אָפּשערן די נעגל”... און פּלוצלינג האָט זיך דערטראָגן גלעזערס געשריי: „באַנדיטן”!

זעקס דייטשן, וואָס זיינען געזעסן אין אַ באַפּעסטיקטער טראַנשייע, האָבן געעפנט אַ פייער פון קוילנוואַרפערס; עס איז שוין אָבער געווען שפּעט — די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אַריינגעריסן אין יִשעוו פון דאָרעם זייט. דער פעלדפעבל רעקמאַן האָט זיך לאַנג פאַרטיידיקט מיט אַפּשיסן זיך: ער האָט דערהאַרגעט אַ פּאַרטיזאַן. נאָכדעם איז ער געפאַלן — אַ קויל האָט אים געטראָפן אין בויך. די שלאַכט האָט געדויערט אַ האַלבע שאָ. פון דרייסיק דייטשן איז נאָר צוויי געלונגען אַנטלויפן; זיי האָבן שפּעטער דערציילט, אַז עס זיינען געווען דריי הונדערט פּאַרטיזאַנער און אַז מיט זיי האָט אָנגעפירט „אַ מאַנגאָל מיט אַ ווילדן פּנעם”. אין דער ווירקלעכקייט זיינען געווען אַכציק פּאַרטיזאַנער, אָנגעפירט מיט זיי האָט סטריזשעוו, און יענער, וועמען זיי האָבן אָנגענומען פאַרן „מאַנגאָל מיטן ווילדן פּנעם”, איז געווען אַ קיעווער, דער גרינדער פון „פּיקוויקער קלוב”, באַריס. ער האָט דערהאַרגעט רעקמאַנען; און ליזאַ האָט אים געקושט: „געראַטעוועט! געראַטעוועט פון שערעין!”.

דער סטאַראָסטע איז געלעגן באַ די פיס: „צי רעדן איך?... זיי האָבן געצוואונגען...” די פּאַרטיזאַנער זיינען פאַרבליבן אין שטעטל עטלעכע שאָ; מען האָט זיי געהאָדעוועט, אָנגעפּאַיעט; געגעבן זיי אויסבאַהאַלטענע פון די דייטשן עסנוואַרג. אָסטאַפּס באַבע האָט געהאַלטן אין איין אויספרעגן: „ניט געטראָפן מיין איניקל? ער איז באַ מיר אַ טאַנקיסט...” עטלעכע פרויען זיינען געשטאַנען, אונטערגעלענט מיט דער האַנט דעם קאָפּ, זיי האָבן געזאָגט: „זיי וועלן אייך אויסכאַפּן איינציקווייז... זיי האָבן אַ סאַך מיליטער”...

ליזא האט געבעטן ראכמים מען זאל זי מיטנעמען. סטריזשעוו האט זיך צעשמייכלט:
— וועסט זיך צעוויינען...
— איך וויין קיינמאל ניט.
—און וואס וועסטו טאן? מיר האבן ניט קיין אנסאמבל...
— איך וועל קעמפן. גלויבסט ניט? איך בין א וואראשילאוו־שיסער.
סטריזשעוו האט געזאגט: „עס זעט זיך עפעס ניט אן", אבער דאך גענומען ליזאן.
דאס איז געווען א געלונגענער טאג: פארלארן פיר, אבער דערפאר אומגעבראכט אכט און צוואנציק פריצן, פארנומען א סאד געווער; עס וועט אויך זיין לייכטער מיט פראוויאנט. און אין פערספעקטיוו איז א שווערער ווינטער.
באריס איז געגאנגען און געטראכט פון קיעוו: די זקיינע אפן יישעוו האט אים געמאכט דערמאנען זיך אין דער מאמען. ווו איז די מאמע? סאשא איז געווען אין קיעוו, ער האט דערציילט וועגן זינאן, און דער מאמען האט ער ניט געטראפן, געווים, עוואקוירט זיך... ווי אזוי איז איר איינער אליין? זי איז אן אלטע... זינא — איז א מאלאדיעץ — מיט די אונדזעריקע... ווו זיינען ראיע, גאלאטשקא, וואליא? ערשט איצט פארשטייסטו, ווי לייכט מיר האבן געלעבט. איך האב געמיינט, אז דאס איז א טראגעדיע — מאסיא האט אפגעזאגט... מינאסטאם, איז דער מענטש אזוי געבויט, ווען עס איז שטיל, טראכט ער צו א שטורעם. און קומט ער אן, דער שטורעם — איז ווי עס וואלט גארניט געווען: דערהארגענען א פריץ, קריגן אן אויטאמאט, פארזארגן זיך מיט קארטאפל... ניין, ניט אזוי איז עס: עפעס איז צוגעקומען, איך קען נאר ניט פעסטשטעלן...
סטריזשעוו האט געהאט א מאפע, ארויסגעריסן פון א שול־אטלאס. זיי פלעגן אפט קוקן אף איר און כמורען זיך — ווייט צו דער וואלגע!...
— זאכאר, האסט אופגענומען דעם פראנט־באריכט? — האט געפרעגט סטריזשעוו.
— אופגענומען. „אין סטאלינגראדער ראיאן און אין צאפן־מיזרעד פון טואפסע". און די דייטשן שוויגן וועגן סטאלינגראד.
— דארט קומען פאר גרויסע שלאכטן, — האט געזאגט באריס, — מענגלער, אז אלץ וועט אנטשיידן...
ער האט זיך געוואלט פארשטעלן סטאלינגראד, אבער ניט געקענט. ער האט קיינמאל ניט אנטיילגענומען אין א גרויסער שלאכט. אין די ערשטע מילכאמע־טעג האט מען זיין טייל ארומגערינגלט. איז ער אוועק אין וואלד, אויסגעזוכט דארט אנדערע... שוין באלד אנדערהאלבן יאר, ווי זיי גייען איבער די וועלדער, מאכן געיעגן אף איינצלנע פריצן. דריי וואכן האבן זיי זיך געגרייט צו דער לעצטער אפעראציע. דרייסיק מענטשן, וואס פאר א ראל שפילט עס!... אבער אין סטאלינגראד איז אן עמעסע שלאכט, דארט ווערט באשלאסן דער גורל — סיי אונדזערער, סיי פון לענינגראד, און פון גאנץ אייראפע...

ער האט א קוק געטאן אף דער מאפע. ווי גרויס דאס לאנד איז — עס גייט ניט אריין אין דער מאפע. ער האט עס א טראכט געטאן אן שטאלץ, גיכער פארכידעשט. זייער א גרויס לאנד... און דאס מערקווירדיקסטע איז עפעס אנדערש: אט זיינען מיר, א בינטל מענטשן אין וואלד און דארט, ווייט — סטאלינגראד, א גיגאנטישע שלאכט, אבער מיר טראכטן און פילן ווי זיי... זאג סטריזשעוו, גרושקאוו, מיר, אלע איינס ווען — מען דארף שוין שטארבן, קעדיי אפצוראטעווען איין הויז אין סטאלינגראד, א האלב הויז — וועלן מיר גיין. אוודע, איז טאקע דאס — דאס היימלאנד, אין דער מאפע גייט עס ניט אריין, אבער אין הארצן יא...

סטריזשעוו האט א שמייכל געטאן:

— האסט זיך פארטראכט, באריס? דיכטעסט?

באריס האט שוין ניט אויסבאהאלטן, אז ער שרייבט לידער; אמאל פלעגט ער זיי לייענען פאר די כאוויירים. סטריזשעוו פלעגט זאגן: „ווייס איך וואס! לייען עפעס נאך...“ אנומלט האט ער אפילע געהאלטן א גאנצע רעדע קעגן פאעזיע: „ווער האט עס צוגעטראכט, אז מען זאל ניט ריידן, נאר פייקלען אין פויק? אנגעשריבן „סאלדאטן“, דערנאך „אויטאמאטן“, און טאמער האבן זיי גארניט קיין אויטאמאטן, נאר ביקסן?... גיב בעסער אהער, איך וועל שפעטער אליין איבערלייענען... ער האט איבערגעשריבן עטלעכע לידער, אבער באריסן האט ער עס ניט געזאגט, ער האט ארויסגעמורמלט: „שיין, אבער אן א גוואלדיקן זין. קעמפט גוט, אבער א ראמאנטיקער, דאס איז א פאקט...“

גרושקא, ער האט זיך אופריכטיק מוידע געווען: „מיר געפעלט“. ער האט אויך ליזאן געזאגט:

— מען זאגט, אז די נאטור איז בלינד. ניט עמעס. איך האב געזען אין ראוונע א פאווע, אויסגעפוצט, קענסט גאר עפעס רייכער ניט צוטראכטן, האט זי א געשריי געטאן — איז איך מיט מיין פארגרעבטן געהער, האב אויך ניט אויסגעהאלטן. אבער נעם א נאכטיגאל... זעט ער זיך דען אן? א נעבעכדיק פייגעלע. בא באריסן איז א פיזיאנאמיע, קען מען זאגן, א מוירעדיקע... און ווי ער נעמט דעקלאמירן, פארגעסט דאס מיידל דעם פאסאד זיינעם...

— איך געפין ניט איין, אז ער האט א שרעקלעכן פאנעם, — האט געענטפערט ליזא. — פארקערט... אויגן האט ער אויסערגעוויינלעכע...

גרושקא האט א שמייכל געטאן:

— פארטיק, ער האט שוין דיך אויך גענומען...

ליזא האט געזאגט באריסן:

— מען זאגט, אז דו ביסט א ראמאנטיקער, איז עס עמעס?

באריס האט א פאכע געטאן מיט די הענט:

— נארישקייטן! וואס פארא ראמאנטיקער בין איך? די ראמאנטיקער האבן געוואלט, אז אלץ זאל זיין אויסערגעוויינלעך. אבער צי דען וויל איך עס?... דאס לעבן האט זיך באקומען אויסערגעוויינלעך, דאס איז עמעס, און ניט נאר בא מיר, בא דיר, בא סטריזשעוון, בא אלעמען. איך האב געטרוימט פון גאר עפעס אנדערש, אויב דו ווילסט וויסן, פאשעטער, א סאך

אַ סאַך פּראַזאַישער. איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז עס וועט אויסקו־מען אופּצורייסן באַנען. איך האָב געהאַט אַ באַקאַנטע אין קיעוו, אַן ערנסטע, האָט שטודירט דעם עפּאָס, און איצט, דערציילט מען, זיצט זי, פאַרשטעקט, און דרוקט בלעטלעך, וואָס האָט עס צו טאָן מיט ראָמאַנטיק?.. אין דער לעוואַנע בין איך ניט פאַרליבט, אַף דועלן האָב איך זיך ניט געשלאָגן, איך האָב אפילו קיינמאָל אין אַ טיגער ניט געשאָסן. נאָר אין אַ פעלדפעבל... ניט אין דעם גייט עס, ס'איז אַ פּאַרדרוס, וואָס מיר קענען אַזוי ווייניק אופטאָן. איצט דאַרף מען לעבן נאָר מיט איינס, אַזוי ווי אין סטאַלינגראַד... איך טראַכט די גאַנצע צייט, וואָס פאַרא שלאַכטן זיינען דאָרט!... ווייסט, סטאַ־לינגראַד — דאָס באַרעכטיקט ניט נאָר דאָס לאַנד אָדער די עפּאָכע, עס באַרעכטיקט דעם מענטשן... איך וועל גיין פרעגן גרושקאָ, וואָס מאָסקווע ניט איבער...

אין אַ וואַד אַרום, ווען זיי זיינען אַרויס פון וואַלד, האָבן זיי זיך אָנגע־שטויסן אַף אַ דייטשישן אַטריאַד. דייטשן איז געווען ניט ווייניקער פון אַ מייע. באַריס האָט אַ געשריי געטאָן:

— גייט אַוועק! איך וועל זיי פאַרהאַלטן...

ער האָט אויך געשאָסן נאָכדעם, ווי מען האָט אים פאַרוווּנדעט. און ווען די דייטשן האָבן זיך, ענדלעך, אַנטשלאָסן צוקומען צו אים, האָט ער ניט געאָטעמט; אַ דייטש האָט אַ שטויס געטאָן מיטן פוס דעם קאָפ זיינעם און געזאָגט:

— געווען אַ זשוואָווער... ווי מיר האָבן אים דורכגעלעכערט, אַ זיפּ!... און אַזאַ באַנדיט האָט אומגעבראַכט זעקס אונדזעריקע!...

ווען סטריזשעוו האָט זיך דערוווּסט, אַז באַריס איז דערהאַרגעט גע־וואָרן, האָט ער גאָרניט געזאָגט, פאַרכמורעט זיך, אַוועק אין ערדשטיבל. עס איז געקומען גרושקאָ, סטריזשעוו האָט שנעל אַריינגערוקט אין קעשענע אַ נאָטיץ־ביכל — ער האָט געלייענט באַריסעס לידער.

— וואָס טוסטו? — האָט געפרעגט גרושקאָ.

— גאָרניט... מען דאַרף רופן סאַשאַן — צונייען אַ נייע כאָלעווע, דער שטיוול איז צעפּוילט, אַ פּאַקט...

און ליזאַ האָט געוויינט, זי מעג — זי איז אַ מיידל...

## XV

זומער נאָך האָט דאָקטאָר פּאַשקאָוו געשריבן דמיטרי אַלעקסייעוויטשן: „איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אַף אַ טאָג אין אָמסקאָרסק, געווען, פאַרשטייט זיך, בא דיינע. וואַרוואַרא איליניטשנאַ איז אופּגערעגט, אָבער זי זעט אויס ניט שלעכט... נאַטאַשאַן האָב איך ניט דערקענט — געווען אַ מיידעלע, און דערזען האָב איך, ווי מען זאָגט, אַ בילד־שיינהייט, דאָס אומגליק האָט זי ניט איינגעבראָכן, אַט וואָס עס הייסט די יוגנט".

ריידנדיק פון נאַטאַשאַן, האָט דער דאָקטאָר פּאַשקאָוו ניט איבערגע־טריבן, זי איז, בעעמעס, אַ סאַך שענער געוואָרן; און אויב פאַר דער מיל־

כאָמע האָבן אַלע געקוקט אױף איר, בױז װאַסיאַן, װי אױף אַ פּאַשעטער מיל־
דער מײדל, האָט זי אָבער איצט געצװיגן אױף זיך די אױפמערקזאַמקײט פֿון
אַלע, װאָס פֿלעגן זי זען, זי האָט ניט געקענט פֿאַרבײגײן אַן אומבאַמערקטע.
זי איז געװאָרן אָפּגעצערט — האָט עס געמאַכט דעם אײנדרוק, אַז זי איז
אױסגעװאַקסן; די אױגן האָבן באַקומען אַ נײעם אױסדרוק — פֿון טרױער
און דערהױבנקײט.

אָבער װעגן װאַרװאַראַ איליניטשנאַן האָט דאָקטער פּאַשקאָװ ניט אָנ־
געשריבן דעם עמעס — ער האָט ניט געװאָלט פֿאַרשאַפֿן צאַר קרילאָװן. פֿון
פֿרילינג האָט װאַרװאַראַ איליניטשנאַ אָנגעהױבן קרענקען, באַקלאָגט זיך
אױף שטאַרקע װײטיקן אין מאָגן, זי האָט קױם גאָרניט געגעסן, געװאָרן
זײער דאַר. די דאָקטױרים האָבן ניט געשטעלט קײן דיאַגנאָז, אָבער לױט
זײערע פּנימער האָט נאַטאַשאַ פֿאַרשטאַנען, אַז די מאַמע איז ערנסט
קראַנק. װאַרװאַראַ איליניטשנאַ האָט ניט געװאָלט אַרײנלײגן זיך אין שפּי־
טאָל, איז אַרום איר אומגעגאַנגען נאַטאַשאַ.

דער שװערער זומער פֿאַר אַלעמען איז געװען באַזונדערס שװער פֿאַר
נאַטאַשאַן. דער קלײנער װאַסקאַ איז געװען קראַנק אױף דיזענטעריע; עט־
לעכע טעג האָט מען מורא געהאַט פֿאַר זײַן לעבן. אַרבעט איז געװען אַ סך
— מען פֿלעגט ברענגען פֿאַרװוּנדעטע פֿון דאָנער פֿראָנט. װאַרװאַראַ אילי־
ניטשנאַ פֿלעגט זיך ניט באַקלאָגן, זי פֿלעגט זאָגן, „מיר איז הײַנט בעסער“,
אָבער נאַטאַשאַ האָט געזען, אַז די מאַמע װערט װאָס אַ טאָג װײטער מער
אָפּגעשװאַכט. אין יוני איז אָנגעקומען אַ בריװ פֿון נינאַ געאָרגיעװנאַן, זי
האָט געשריבן: „אַהער איז אָנגעקומען פֿון פֿראָנט דער פּאָטאָקאָרעספּאָנדענט
ראָמאַװ, ער האָט פֿאַרזיכערט, אַז ער האָט אין אַפּריל געזען װאַסיאַן, געזאָגט,
אַז ער האָט זיך ניט געקענט טױע זײַן, װײל זײ פֿלעגן זיך פֿאַר דער מילכאָמע
טרעפֿן אין מינסק. איך װײס ניט, צי מען קען גלױבן, אָבער איך האָב זיך
זײער אױפגערעגט. אױב דאָס איז עמעס, פֿאַרװאָס האָט װאַסיאַ ניט אָנגע־
שריבן ניט מיר, ניט דיר? ראָמאַװ האָט מיר איבערגעלאָזט זײַן נומער פֿון
דער פֿעלד־פּאָסט, אָט דאָס איז ער אױף יעדן פֿאַל — „ק18614“.

נאַטאַשאַ האָט ניט געזאָגט דער מאַמען װעגן נינאַ געאָרגיעװנאַס בריװ,
ניט געגעבן צו מערקן, אַז עס איז פֿאָרגעקומען עפּעס װיכטיקס. אָבער דאָס
איז געװען שװער — עס האָט זיך געװאָלט אױסשרײַען: װאַסיאַ האָט זיך
אָפּגעפֿונען! פּונקט װי נינאַ געאָרגיעװנאַ, האָט זי אױך פֿאַרשטאַנען, אַז
ראָמאַװ האָט זיך געקענט טױע זײַן — עפּעס איז אַלץ צו אומװאָרשײַנלעך.
פֿאַרװאָס האָט װאַסיאַ ניט אָנגעשריבן?... אָבער אױב ער איז אַרױס פֿון
דער אַרומרינגלונג ערשט אין אַפּריל, האָט דער בריװ געקענט ניט דערגײן:
סאַבאַקל צװײ כאָדאָשים, און כוצדעם ביז מען שיקט עס איבער פֿון מאָסקװע.

זי האָט אָנגעשריבן ראָמאַװן, געבעטן אים ראַכמים, באַשרײַבן גענױער
די באַגעגעניש מיט װאַסיאַן. מאָמענטנװײַז פֿלעגט זי גלױבן, אַז װאַסיאַ
לעבט, זי װעט אים אײַנגיכן זען, אַ טײַערן, אַן אומגעלומפּערטן, אַזאַ, װי
ער איז געװען אין מינסק. זי פֿלעגט זאָגן דעם זון: „דער גרױסער װאַסקאַ
האָט זיך אָפּגעזוכט. ער װעט אײַנגיכן קומען צופֿאָרן. פֿאַרשטײסט?...“ שפּע־

טער פלעגט זי זיך נעמען פאַרוואָרפן: ווי אַזוי קען מען עס גלויבן עפּעס אַ קלאַנג; פון בריוו פילט זיך אַרויס, אַז נינאַ געאַרגיעווונאַ גלויבט ניט... אין אַזאַ פיבער איז אַדורך דער גאַנצער יולי. די טעג זיינען געווען דושנע. אין די פראָנט־באַריכטן פלעגן יעדן טאָג דערשיינען נייע נעמען פון שטעט; דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו דער וואָלגע. די שטאָט האָט אָנגעשפּיצט די אויערן; מענטשן האָבן געזען, ווי עס האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן זייער שוואַכע רויִקייט פון הינטערלאַנד. אייניקע האָבן זיך פאַרלאָרן, פאַרשאַלטן דעם שיקזאַל, אַנדערע האָבן פאַרכמורעט געזאָגט: „מ'עט זיי אָפּשטעלן ווי בײַ מאָסקווע. מען דאַרף אַרבעטן..." די פאַרוווּנדעטע פלעגן דערציילן וועגן די דייטשישע טאַנקען, וועגן מינענשלײַדערער, וועגן צוריקטריט.

ענדלעך, איז געקומען אַן ענטפער פון ראָמאַוון: „איך האָב וואַסיאַן געזען אין דער שטאַב־מאַשין, ער איז דורכגעפאָרן מיט אַ מאַיאָר. איך האָב אים גערופן בײַם נאָמען, אָבער ער האָט ניט געהערט. אויב דאָס איז גע־ווען ניט ער, איז אָבער די ענלעכקייט אַ מערקווירדיקע. זאָגן אַף זיכער, פאַר־שטייט זיך, קען איך ניט, ווייל די מאַשין איז דורכגעפאָרן שנעל. וואַסיאַס מאַמען האָב איך געזאָגט, אַז איך בין זיכער — איך האָב זי געוואָלט מר־טיקן. זי זעט שלעכט אויס, זי רעגט זיך זייער אויף"... איבערלייענענדיק דעם בריוו, איז נאַטאַשאַ אוועק צו זיך און געזעסן לאַנג אַ פאַרגליווערטע. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט צום צווייטן מאָל פאַרלאָרן וואַסיאַן. נאָכדעם האָט זי זיך גענומען אין די הענט און איז אוועק אין שפּיטאָל. דאָרטן האָט מען איר דערציילט, אַז ראָסטאָוו איז געפאַלן. די דייטשישע אָפענסיווע האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט.

פון יענעם טאָג זיינען פאַרבײַ דרײַ כאָדאָשים. מען האָט געבראַכט פאַר־וווּנדעטע פון סטאַלינגראַד. זיי האָבן דערציילט וועגן די שלאַכטן אין שטאָט: „מען האַלט פאַוולאָווס הויז"... פון זומערדיקן מישמאַש איז שוין קיין זיי־כער ניט געבליבן. אַלץ איז געוואָרן האַרב, שאַרפער, ווי די מענטשן וואָלטן פאַרשטיינערט געוואָרן. עס האָט געבושעוועט אַ מוירעדיקע שלאַכט און מען האָט איר סאָף ניט אָנגעזען.

דמיטרי אַלעקסייעוויטש איז געווען ערגעץ אַפן דאָן; זיינע בריוו זיינען געוואָרן אַלץ קירצער און קירצער, ווי ער וואָלט פאַרגעסן ווי צו שרייבן: „איך בין געזונט. אַלץ איז אין אָרדענונג. איך נעם אַרום דיך און דער מאַמען". עס ליגן אים ניט אין קאָפּ קיין בריוו, פלעגט זיך זאָגן נאַטאַשאַ, פונקט ווי מיר — ווערטער, רייד...

פריער פלעגט זי זיין בײַ דער מיינונג, אַז זי דאַרף גלויבן אין וואַסיאַס צוריקער, עס האָבן אויך אַזוי געשריבן די צייטונגען — מען דאַרף וואַרטן, עס זיינען וועגן דעם געווען דערציילונגען, לידער. איצט פלעגט זיך איר אויס־ווייזן פאַר קליינמוטיק אונטערצוהאַלטן אין זיך די האָפענונג. אַרום זיינען געווען אַזויפיל פרויען, וואָס האָבן פאַרלאָרן, ווער דעם מאַן, ווער דעם זון, אַז דער פאַרלוסט פון וואַסיאַן האָט אָנגעהויבן ווערן נאַטירלעך. פאַר דער מילכאָמע, בעיים זי פלעגט מישפּעטן וועגן לעבן לויט ביכער, האָט זי גע־מיינט, אַז עס איז לייכטער אַריבערצוטראָגן אַ צאַרע. איצט האָט זי גע־

ווגסט, אז א פרעמדע צארע מאכט ניט לייכטער, עס ווערט נאך שווערער פון איר.

זי האט זיך אויסגעלערנט אויסצובאהאלטן אירע געפילן. ווו איז יענע נאטאשא, וועגן וועלכער דמיטרי אלעקסייעוויטש פלעגט זאגן, אז בא איר איז אלץ „אנגעשריבן אף דער נאז”? מען האט איינגעאָרדנט א קאנצערט, אף צו פארווילן די פארוואונדעטע. עס איז אופגעטראטן א מאסקווער אקטריסע, געזונגען פרייליכע לידער. נאטאשא האט געלאכט צוזאמען מיט אלעמען, און, קוקנדיק אף דער דאזיקער שיינער פרייליכער פרוי, איז שווער געווען אנצושטויסן זיך, אז זי וואלט אליין אוועקגעגעבן, זי זאל נאר קענען אנטלויפן צו זיך, אויסוויינען זיך — די אקטריסע האט דאך געזונגען דאס זעלבע לידל, וואס וואסיא האט זיך אונטערגעזונגען, בעיס זיי זיינען געגאנגען אינדערפרי באקוקן זייערע הייזער...

מען האט געבראכט נייע פארוואונדעטע. סאבאנייעוו האט דורכגעפירט א שווערע אפעראציע: עס איז פארבליבן א שפליטער, ס'איז אנגערירט דאס גאל־זעקעלע. נאכדעם איז נאטאשא געזעסן לעבן סערזשאנט קוציו, בא וועמען מען האט אראפגענומען א האנט. ער האט דערציילט: „די פריצן זיינען געווען אין הויז קעגנאיבער. שטיל, עס הערט זיך, מען רעדט עפעס, מען רעדט... עס איז נאר אומפארשטענדלעך וואס... און מיר האבן אפילע ניט גערעדט. געבראכט מיטיק, ניט צוגערירט זיך... דריי זיינען מיר פארבליבן... געהאלטן זיך ניין טעג...” נאטאשא האט אים באַרויקט: „דארפסט זיך ניט אנשטרענגען. מארגן וועסטו דערציילן”... ער איז אף א ווײַלע אנטשוויגן געווארן און ווידער גערעדט: „גענומען ווארפן פון א מינענשליידערער... יעגאראוו שרייט, און איך הער ניט. די דייטשן האבן גענומען קריכן, האב איך געכאפט א לימאנקע...”

נאטאשא איז ארויס אף דער גאס. עס איז געפאלן א רעגנדיקער שניי. ס'איז געווען כמארנע, אומהיימלעך. אף א פאסאד האט זי דערזען א לייוונט „XXV”. אינגיכן זיינען די יאנטוויווים. ווי מאדנע — אזא דאטע און ניט אינדערצייט... שווער צו יאנטעוון. אין סטאלינגראד שטארבן מענטשן פאר א הויז, פאר א שטיקל הויז... ניטא קיין קויעך אף פארצושטעלן זיך דאס... אזא סערזשאנט, דאס איז דאך א העלד, און קיינער ווייס ניט... ניין, מען מוז אומבאדינגט פייערן דעם יאנטעוו — אף צו לעהאכעס די דייטשן. פינף און צוואנציק יאר, דערנאך וועט זיין פופציק, הונדערט... מירן איינאָרדענען אז אונטן פאר די פארוואונדעטע... אבער עס איז שווער, זייער שווער...

ווארווארא איליניטשנא האט געזאגט: „נאטאשענקא, דעק מיך איין — ס'איז עפעס קאלט”... נאטאשא האט גענומען דער מאמעס האנט, ווי זי וואלט וועלן א גלעט טאן, גענומען ציילן דעם פולס — א שנעלער, א שוואכער און איבערייסן... עפשער רופן פיאטר וואסיליעוויטשן? א שרעק זי איבערצולאזן...

— מאמע, דיר איז היינט ערגער?

— ניין, נאטאשענקא... געווען קאלט, איצט האב איך זיך דערווארעמט.

— עפשער וועסטו אויסטרינקען אביסל טיי? אדער אופעסן א פּירע?

ווארוואראַ איליניטשנאַ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. נאָכדעם האָט זי קלוימערשט איינגעדרעמלט. נאַטאַשאַ האָט אָנגעטאַפּט דעם פּולס: בעד־סער... און דער אָטעם — גוט. אָבער דאָך וועל איך צולויפן צו פּיאָטר וואַסיליעוויטש...

ווען זי איז צוריקגעקומען, איז שוין ווארוואראַ איליניטשנאַ געווען טויט. איר קאָפּ איז געלעגן אויף אַ זייט, די קאָלדרע — אויף דער פּאָדלאָגע — זי האָט זיך, ווייזט אויס, געפּרוּווט אויפהויבן.

שפּעטער האָט זיך נאַטאַשאַ פאַרגעוואָרפן פאַרוואָס זי איז אַוועק. איר האָט זיך אַלץ אויסגעוויזן — אַז עפּעס האָט זי ניט געטאָן... דער דאָקטאָר האָט געזאָגט: „מען האָט גאָרניט געקענט מאַכן. אַלץ אויספּרובירט. עס זיינען פאַראַן פאַלן, ווען אויך די מעדיצין איז הילפלאָז...”

נאַטאַשאַ פלעגט זיך שטענדיק מעיאַשעוו זיין מיטן טאַטן: דמיטרי אַלעקסייעוויטש איז געווען אַ פריינט, אַ לערער, אַ ריכטער פון געדאַנקען, געפילן, האַנדלונגען. איצט האָט זי געוווּסט, אַז איר צוזאַמענבונד מיט דער מאַמען איז געווען אַן אַנדערער — אַ טונקעלער, אַ זומפּיקער, אַן אומדער־קלערבאַרער. ווי איך וואָלט אויך געשטאָרבן... זי האָט די גאַנצע צייט געזען די מאַמען, די מאַמעלען, די מאַמולינקע פון די קינדעריאָרן, די אייביק פאַר־זאָרגטע, באַזאָרגטע, שטילע. געוואָלט איינהיטן דעם פּאַפּאַ, מיך, און האָט זיך ניט איינגעהיט, פאַרברענט געוואָרן...

מען דאַרף אָנשרייבן דעם פּאַפּאַ. אָבער ווי אַזוי זאָגט מען עס אים?... זי האָט געפילט איר פאַראַנטוואָרטלעכקייט — דער טאַטע, פול מיט לעבן, מיט מוט, האָט זיך איר איצט אויסגעוויזן אַלס קינד. עפּשער, בעסער לאָנג־זאַם צוגרייטן?... ער וועט זיך אָבער באַאומרויִקן — פון בריוו צו בריוו... אויסבאַהאַלטן? ניין, דערצו האָט זי קיין רעכט ניט. וואָלט זי דען מויכל געווען, ווען מען וואָלט אויסבאַהאַלטן וואָסיאַס טויט?!... מען דאַרף אָנ־שרייבן דעם עמעס אָבער ווי אַזוי?...

זי האָט זיך ווידער אַריינגעלאָזט אין דערינערונגען. אין מאָסקווע איז פאַרבליבן דער מאַמעס אַ גרויסער פּאָרטרעט. זי איז געווען זייער אַ שיינע; זי פלעגט דערציילן, שמייכלענדיק פאַרשעמט: „ביז דאַן, ווען איך האָב זיך באַקענט מיטן פּאַפּאַ, פלעגט מען מיך אָפּט אָווירן”... נאַטאַשאַ געדענקט, ווי די מאַמע איז געווען קראַנק אויף טיף. נאַטאַשאַ איז אַלט געווען 6 יאָר. דער טאַטע איז געשטאַנען אויף די קני באַם בעט, געקושט דער מאַמעס האַנט, געזאָגט: „ווערענקאַ, מיין פריינט!...” די מאַמע האָט זיך דאַן גע־זעגנט מיט נאַטאַשאַן... ווען זי איז געקומען קיין אַטקאַרסק, האָט די מאַמע געזאָגט: „נעם זיך ניט צום האַרצן, דאָ קען מען אויך זיין נוצלעך”... זי פלעגט לויפן יעדן אָוונט צום וואָקזאַל, געפּאַיעט מיט טיי מיליטערלייט, פאַר־ריכט גימנאַסטיאָרקעס, אויסגעהערט לאַנגע געשיכטעס. שוין געווען קראַנק, און דאָך ניט געוואָלט דורכלאָזן... קיינער ווייס אַפילע ניט, וואָס פאַראַ זי איז געווען... אַן עכטע...

„מיין טייערער פּאַפּעלע!

„באַ אונדז האָט אַן אומגליק פּאַסירט. איך ווייס, וואָס פאַראַ קויעך

דו האָסט אין זיך, דערפאַר שרייב איך אַן דריידלעך, איך וואָג ניט אויסצובאַהאַלטן, ניטאָ שוין מער די מאַמע. זי האָט מיר פאַרבאָטן שרייבן דיר, אַז זי איז קראַנק. זי איז קראַנק געוואָרן אין פרילינג, אין אָנפאַנג האָט מען געמיינט, אַז דאָס איז אַ שווערע מאָגן־קראַנקייט. ערשט אין אויגוסט האָט פראָפעסאָר שטשעגלאָוו פעסטגעשטעלט אַ ראַק אין מאָגן. נאָך דער ראַדיאָסקאָפיע איז איר געוואָרן לייכטער; אָבער מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז צייטווייליק. פראָפעסאָר שטשעגלאָוו און סאָבאַנייעוו האָבן זיך קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט קעגן אַן אָפעראַציע, זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס וואָלט געהייסן פאַרשאַפן נאָך ליידן אָן קיין שום ציל. דאָס האַרץ איז אין אַזאַ צושטאַנד, אַז עס וועט ניט אַריבערטראָגן. די מאַמעלע האָט זיך געהאַלטן זייער מוטיק, ווען עס איז איר לייכטער געוואָרן, האָט זי ווידער געאַרבעט אָף דער סטאַנציע. פאַפעלע, פראָפעסאָר שטשעגלאָוו וועט דיר אָנשרייבן, אָבער איצט גיב איך נאָר איבער אין זיין נאָמען, אַז מען האָט אַלץ געטאָן. דעם לעצטן כוידעש איז זי געלעגן זייער אַן אָפגעשוואַכטע, געבעטן מיך יעדן טאָג, איך זאָל איר לייענען פון דער „פראַוודאַ" און „איזוועסטיאַ" וועגן סטאַלינגראַד און דעם טאָג פאַרן טויט האָט זי געזאָגט: „דאַכט זיך, אַז איצט וועט שוין זיין גאָר אַנדערש, מען זאָל נאָר קיין איינהאָרע ניט געבן..." זי איז געשטאָרבן דעם צווייטן נאָוועמבער עלף אַזייגער אין אָוונט. נעכטן האָבן מיר זי מעקאַבער געווען. לעבן קייווער איז אַ בוים, אַ בעריאָזע, פרילינג וועל איך פאַרפלאַנצן בלומען. איך בין דאָרט געשטאַנען און געפילט, פאַפעלע, אַז דו ביסט דערביי. איך בעט דיך זייער שטאַרק זיך, די צייט איז אַ שוידערלעכע! וועגן מיר באַאומרויִק זיך ניט. איך אַרבעט, בין מונטער, איך גלויב פעסט, אַז מיר וועלן אינגיכן זיגן, אַז דו וועסט צוריקומען. דיין איייניקל איז געזונט, ער וואַקסט, ער פאַרשטייט נאָך ניט, וואָס פאַראַ צייט עס איז איצט, אינגיכן וועט ער אָנהויבן אַלץ פאַרשטיין, און דו, פאַפעלע, געדענק, אַז דו ביסט נויטיק סיי מיר, סיי וואַסיענקען. איך קוש דיך. צום ווידערזען, פריינט, טייערער!

דיין נאַטאַשאַ".

אין שפיטאָל האָט זי געזאָגט סאָבאַנייעוו:

— מען דאַרף זיך אָנשטרענגען, אַז דער אָוונט זאָל זיין אַ יאָנטעוודיקער. פינף און צוואַנציק יאָר!... איך וועל גיין אין גאָרקאָם — ווען מען זאָל קענען ווייזן דעם פילם „דער פאַרניכטנדיקער קלאַפ הינטער מאָסקווע" און נאָכדעם עפעס פריילעכס...

סאָבאַנייעוו האָט געזאָגט דער מעדשוועסטער קאָרשעוואַ:

— איך האָב געוווּסט, אַז בּאַ אונדז זיינען וווּנדערבאַרע פרויען, אָבער דאָך קוק איך אָף איר און איך פאַרשטיי ניט — פונוואַנען אַזאַ קראַפט?...

נאָר מיטן קליינעם וואַסקאַ האָט נאַטאַשאַ געקענט ריידן אָפריכטיק:

— יעסוימים זיינען מירביידע, וואַסקאַ. ס'איז שרעקלעך!... און לעבן דאַרף מען, אומבאַדינגט... וועסט זיין אַ גרויסער, וועסטו פאַרשטיין... איצט איז גוט, וואָס די פאַרשטייסט ניט... ליגסט שטיל, און די מאַמע דיינע וויינט...

# XVI

אין די לאַנגע שלאָפֿלאָזע נעכט האָט וואַליאַ אַ סאַך איבערגעטראַכט. זי פֿלעגט לאַכן פֿון זיך: איך וויל אַלץ פֿאַרשטיין. און ווירקלעך, האָט זי אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין זיך. קוקנדיק אויף דער פֿריערדיקער וואַליאַ, האָט זי געזען, אַז די האָט געלעבט ניט אַזוי ווי זי האָט געוואָלט, די כאַלוימעס וועגן קינאָ זיינען געווען קינדישע און צופֿעליקע — זי האָט געשטרעבט צו קונסט, ווייל זי האָט ניט געהאַט קיין פּערזענלעכן לעבן; געפֿילן, וואָס האָבן ניט געפֿונען קיין אויסדרוק, פֿלעגן זי אַוועקפֿירן אין אַ וועלט פֿון אויסטראַכטענישן. און ווען זי האָט געטראָפֿן סערגייען, האָט זיך אַלץ געענדערט; זי האָט זיך אָפּגעקילט צו איר פֿריערדיקן טרוים, זי וואָלט געקענט זיצן אין אַן אַנשטאַלט ווי ראַיע, אָדער גאַלאָטשקאַ, און זיין גליקלעך. זי האָט ניט באַוויזן איבערצומאַכן איר לעבן — סערגייס ווייב איז זי דאָך ערשט געוואָרן צוויי כאַדאָשים פֿאַר דער מילכאָמע, זי האָט אַפֿילע ניט באַוויזן זאָגן סעריאָזשאַן, ווי עס ווילט זיך איר האָבן אַ קינד.

פֿאַרוואָס איז זי אַוועק אויף אַ גוס־זאַוואָד? געוויס, האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז די צייט איז אַ גרויזאַמע, אַז אַוויאַנען זיינען וויכטיקער פֿון קינאָ, אָבער דאָס באַוווּסטזיין אַליין איז געווען ווייניק, אַז וואַליאַ, ווען די מאַמע פֿלעגט רופֿן „פֿאַרשלאָפֿענע“, וואָס איז געווען געווינט צו לעבן אין אַ ניט עמעסדיקער וועלט, זאָל דערשיינען פֿאַרן טאָקער־וואַרשטאַט. סערגיי איז גאָר ניט איבערראַשט געוואָרן, ער איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין דער מילכאָמע, אַז דאָס האָט זיך אים אויסגעוויזן גאַנץ נאַטירלעך. עס וואָלט אים איבעראַשט, ווען ער וואָלט זיך דערוווּסט, אַז וואַליאַ קען זיך באַגיין אָן לייענען צייטונגען אַ גאַנצע וואָך, אָן הערן ראַדיאָ. זי פֿלעג הונדערטער מאָל איבערכאַזערן פֿאַר זיך די ווערטער פֿון פֿראָנט־באַריכט, אָדער, וועלנדיק באַנעמען דעם זין פֿון מילכאָמע, פֿלעגט זי אינגאַנצן אופֿהערן נאָכצופֿאָלגן די באַריכטן, ניט געוווּסט, ווו עס גייט דורך די פֿראָנט־ליניע, זיך ניט פֿאָרגעשטעלט וואָס דאָס איז אַזוינס „אָרטצוגרייטונג“ אָדער „פּיקירער“, וועגן וועלכע סערגיי פֿלעגט איר שרייבן.

ווי אַלע אַנדערע, איז אויך וואַליאַ געווען דערשיטערט פֿון אַלגעמיינעם אומגליק; אָבער טראַכטנדיק פֿון דעם וואָס עס קומט פֿאָר, פֿלעגט זי זיך שטענדיק צוריקקערן צו איר פּערזענלעכן גוירל: זי האָט נעמלעך געפֿונען דאָס לעבן דאָן, ווען מען האָט בא אַלעמען דאָס לעבן אַוועקגענומען... די אַרבעט אויפֿן זאַוואָד האָט זי אויסגעוויילט ווי אַ זאַך, וואָס איז דאָס סאַמע ווייטסטע פֿון דעם, מיט וואָס זי האָט פֿריער געלעבט, — זי האָט געוואָלט אָפּשטויסן זיך פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט, די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, און זי איז געווען צופֿרידן דערמיט: די פֿיזישע מידקייט האָט געשטערט טראַכטן (וואַליאַ פֿלעגט זיך זאָגן: אַזוי איז בעסער, צעלאָזט זיך ניט).

נאָכן צעשיידן זיך מיט סערגייען האָט זי ניט געלעבט, נאָר געוואַרט אויפֿן לעבן, אין אָנפֿאַנג פֿול מיט קימער און באַגייסטערט, נאָכדעם, קימאַט אַ יאָר, געדולדיק, און די לעצטע צייט מיט פֿאַרצווייפֿלונג. דאָס האָט זיך

ניט געמערקט בא דער ארבעט; די כאווירים פלעגן ניט באמערקן די ענדערונג, וואס איז פארגעקומען אין איר. און וואליא האט זיך שוין ניט געקענט קאנצענטרירן, דערמאנען זיך ווי געהעריק די פארגאנגענקייט, אנשרייבן סערגייען א צארטן, אבער רויִקן בריוו.

פריער פלעגט וואליא ניט זען דאס לעבן, ניט געקענט אונטערשיידן מענטשן, זי פלעגט לעבן צווישן צוגעטראכטע דורך איר פערסאנאזשן. ווען זי פלעגט לייענען וועגן דער העלדישקייט פון פארטיזאנער, האט זיך איר געדוכט, אז דאס האט מען אנגעשריבן וועגן טאטן. עפשער, רייסט ער אויך אוף באנען?... זי האט גארניט געוווּסט וועגן גורל פון אירע קיעווער פריינט; אבער ווען מען פלעגט נעמען ריידן וועגן קיעוו, פלעג איר ווערן זייער טרויעריק, עס פלעגן פאר איר א בליץ טאן גערטנער, שארפע בארג־ארופן, א פארנעפלטע ווייטקייט, א גרינע, טונקעלע, פארצויגענע שטאט.

נאטאשא האט אנגעשריבן, אז זי האט א זון, אז פון וואסיאן זיינען נאך אלץ ניטא קיין ידיעות, וואליא האט אפגעוויינט א גאנצע נאכט — ס'איז איר געווען א ראכמאנעס אף וואסיאן, נאטאשאן און שרעקלעך—וואס איז מיט סעריאזשאן?... נינא געארגיעוונא פלעגט רופן וואליאן צו זיך: „דא וועסטו אויך קענען ארבעטן, אין צווייען איז לייכטער”... וואליא איז ניט געפארן, זי האט מוירע געהאט, אז מיט סעריאזשאס מאמען וועט זיין נאך שווערער — עס וועט אוועק א סעדרע בענקשאפט. דא איז זי געווען עלנט, האגאם זי האט שוין געהאט א סאך באקאנטשאפטן; זי איז, ווי שטענדיק, געווען פריינטלעך, געהאלפן כאווירים, געהאט א שעם פאר א גוטן כאווער. זי האט זיך איינגעשלאסן אין זיך, געווארן אבערגלויביק, געפרוווט טרעפן לויט סימאנים — אויב איך וועל דערזען א מיידל אין א גרינעם בערעט, וועט זיין א בריוו; זי פלעגט זיך בייזערן אף זיך: ווי אן אלטע קארטנלייגערקע, מען קען אזוי לייכט פון זינען אראפ!... אבער די שרעק פארן גורל איז געווען שטארקער. זי פלעגט פרווון לייענען, נעמען א בוך און באלד פלעגט זי עס אוועקלייגן: די קאמפליצירטע קאליזיעס פון ראמאן פלעגן זיך איר אויסווייזן לעכערלעך אין פארגלייך מיט דער ווירקלעכקייט.

נאר סערגייס בריוו פלעגן איר אונטערהאלטן, און ער האט ניט געשריבן רעגולער: אמאל שרייבט ער דריי טעג נאכאנאנד, אמאל לאזט ער דורך עטלעכע וואכן, פלוצלינג רייסט זיך דורך אין איין שורע ליבע, און וואליא לעבט אוף, דערהויבט זיך, און דערנאך — א טרוקענע דערציילונג וועגן מיליטערישער וואכעדיקייט, אדער דריי ווערטער: „געזונט. שרייב. כ'קוש”.

איבערלייענענדיק איינעם פון די לעצטע בריוו, האט זיך וואליא פלוצלינג אנגעשטויסן ווו סערגיי איז. זי איז לאנג געשטאנען באם פארקאן, אף וועלכן עס איז געווען ארופגעקלעפט אן אלטער, צעריסענער נומער פון „רויטן שטערן” — האט זי דארט דערזען א קארעספאנדענץ פון סטאלינגראד. ווען וואליא האט איבערגעלייענט, אז „די וועלט, ווי לאנג זי שטייט, האט נאך ניט געוווּסט פון אזעלכע שלאכטן, ווי די דאזיקע”, האט זי פארשטאנען — דארט איז א גענעם, אן עמעסער גענעם... און סעריאזשא איז דארט...

דאָס, וואָס וואַליאַ האָט איבערגעלעבט, איז געווען דער גורל פֿון אַ סאַך; אָבער אַנדערע האָבן געהאַט רעפֿועס — פֿאַרגעסן זיך אין דער אַרבעט, זאָרגן וועגן די היימישע, שמועסן וועגן וועלט־געשעעניש, וועגן טשווירטשילס אָנקומען קיין מאָסקווע, וועגן צווייטן פֿראָנט, וועגן קאַמף פֿון די יוגאָסלאַווישע פּאַרטיזאַנען, וועגן שווערקייטן פֿון טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ — יאָ פּאַראַן מילך — ניט פּאַראַן מילך, עקספּעדיציעס נאָך אַ זאַק קאַרטאָפֿל, אַרומזוכענישן פֿון האָלץ אַף ווינטער, אַ באַריכט וועגן דער מיליטערישער לאַגע אָדער אַ פּרעמיערע פֿון דער פּיעסע „רוסישע מענטשן". וואַליאַ פֿלעגט זיך באַציִען גלייכגילטיק צום שטייגער, פֿלעגט ניט באַמערקן, וואָס מען גיט אין דער סטאָלאָווקע, ניט געטראַכט וועגן באַנייַונגען; ווען זי פֿלעגט אַמאָל גיין אין אַ טעאַטער, פֿלעגט זי זיך באַצווינגען צו קאָנצענטרירן זיך און נאָכפֿאָרשן די האַנדלונג. אַלע אירע געדאַנקען, אַלע געפֿילן זייַנען געווען פֿאַרנומען מיט איין זאַך: וואָס איז מיט סעריאָזשאַן? איר ניט גלייכגעוויכטיקע נאַטור, די רייכע פֿאַנטאַזיע, די צוגעשפּיצטע פּילבאַרקייט, וואָס פֿלעגן זי פֿריער ברענגען צו דער קונסט, האָבן איצט פֿאַרגרעסערט אירע לייַדן. הערנדיק דערציילונגען וועגן פֿראָנט, וועגן פֿעלדער מיט גריבער פֿון האַרמאַטן־קוילן אָדער וועגן אַ באַשיסונג פֿון מינענשלייַדערער, פֿלעגט זי זיך פֿאַרשטעלן אַן אויסדרוקלאָזן פּיסאַזש פֿון דער לעוואַנע, מיט קראַטערס און אָזערעס, גיגאַנטישע וועלדער פֿון דראָט, אַ וועלט, צעפֿרעסן פֿון זויערשטאָף, אָפּגעפֿאַרבט אַף מעש־קאָליר, בליצן, וואָס טרעפֿן שטומגעוואָרענע, באַטויבטע, געפֿילאָזע מענטשן. די קאַשמאַרן, וואָס פֿלעגן פּייַניקן אין די נעכט די מאַמעס, ווייבער, קאַלעס, האָבן זי פֿאַרפֿאָלגט אויך בעיסן וואַכזייַן. זי האָט געטראָגן אַף זיך סערגייס אַ קליינעם בילד, וואָס איז אַראָפּגענומען געוואָרן פֿון אַ באַשטעטיקונג, קעדיי די צוגעטראַכטע געשטאַלט פֿון אַ גרינגעוואָרענעם און טויטן זאָל ניט פֿאַרדעקן דעם לעבעדיקן — צייטנווייַז פֿלעגט זי זיך ניט קענען דערמאָנען סערגייס פּאָנעם.

פֿון מיטן אָקטאָבער האָט מען זיך גענומען גרייטן אָפּן זאָוואָד צום פֿייערלעכן אָוונט. די כאַווײרים האָבן געוווּסט, אַז וואַליאַ האָט זיך געלערנט אין קינאָ־אינסטיטוט, צווישן זיך פֿלעגן זיי איר רופֿן „די אַקטריסע" — אַמאָל צערטלעך, אַמאָל מיט גרינגשעצונג. דער פּאַרטאָרג זשעלטיאַקאָוו האָט איר געזאָגט: „דו העלף אונדז אַרויס, פֿון טעאַטער וועט מען קומען, זיי האָבן געזאָגט, אַז אייגענע זאָלן אויך אַרויסטרעטן..." וואַליאַ האָט אָפּגעזאָגט: „איך האָב עס שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפֿן... איך וועל ניט קענען..." אין איר אָבערגלויבן האָט זי מוירע געהאַט אומצוקערן זיך אַפֿילע אַף אַ שאָ צו איר פֿאַרגאַנגענהייט, אָבער זשאַלטיאַקאָוו איז צוגעשטאַנען און זי האָט געמוזט נאָכגעבן.

אין גרויסן באַראַק איז געווען נעפּלדיק. וואַליאַ האָט באַדאַרפֿט דעקלאַמירן דריי לידער, אַלע וועגן דער מילכאָמע, זי האָט מוירע געהאַט — טאָמער פֿאַרגעס איך? — ווי זי וואָלט גאָר קיין שייַכעס ניט געהאַט מיט דער קונסט.

געלייענט האָט זי גוט, און די אויפֿרעגונג, וואָס האָט עטלעכע מאָל אי־

בערגעריסן דעם ריטם פון ליד, האט פארשטארקט דעם איינדרוק; עס האבן זיך געפילט א בענקשאפט, א ציטער פאר סערגייס גורל. יענע מוירעדיקע בילדער, וואס זיינען געשטאנען פאר אירע אויגן; זי האט אריינגעלייגט אין די ווערטער אן אנדער אינהאלט. גאר גוט האט זי דורכגעלייענט:

„צווישן שווערדן, שפארן, שטיוול,
אינמיטן פון א שוידערלעכער שלאכט,
האט ווי א שטילער, צארטער קארנבלימל
א מיידעלע געבלאנדזשעט און געלאכט"...

דאס איז געווען א ליד וועגן א קינד אינמיטן פון אן אומפארשטענד־לעכער, שוידערלעכער שלאכט. לייענענדיק, האט וואליא געשמייכלט, אזוי פארלוירן געשמייכלט, אז אלע ארום האבן פלוצלינג דערזען דאס זעלבע מיידעלע מיט בלאע אויגן אפן שלאכטפעלד... ווען זי האט געענדיקט, האבן די אפלאדיסמענטן לאנג ניט אופגעהערט. און זי איז געשטאנען זייער א בליי־בע, מיטן זעלבן טרויעריקן שמייכל — ס'האט ניט געקלעקט קיין קויעך ארונצוגיין פון דער עסטראדע.

צו איר האט זיך דורכגעשטופט א מיליטערמאן:

— דערלויבט א פראנטאוויק צו דריקן די האנט. איר האט ארויסגע־געבן... עס נעמט בא דער געשאמע...

דער אקטיאר ארלאווסקי, וואס האט געדארפט ארויסטרעטן גלייך נאך וואליאן, האט זיך צעלאכט:

— איר האט אוועקגעלייגט, נאך אייך איז אומעגלעך אופצוטרעטן... ניין, איך זאג עס גאנץ ערנסט, אן עמעסער טאלאנט, מען דארף שטודירן...

ארלאווסקי האט עס געמיינט ערנסט: וואליא האט אים טאקע אף אן עמעם גערירט. ער האט ליב געהאט די קונסט, ווי עס איז זי בעקויעך צו ליבן אן עלנטער אקטיאר, וואס איז פארפייניקט געווארן פון כאלטורע, וואס ווייס, אז עס איז פאראן א שפיל, וואס באצווינגט טרוקענע מענטשן צו וויינען, ברעכן די הענט, דערמאנען די ניידארים פון טרייהייט, גיין אף לעבן און טויט. וואליא האט אים גארניט געענטפערט. און זשאלטיאקאוו האט מיט שטאלץ געזאגט:

— זי איז בא אונדז אן אקטריסע, געלערנט זיך שוין פאר דער מיל־באמע... און, באגריסנדיק וואליאן, האט זשאלטיאקאוו צוגעגעבן:

— ארלאווסקין איז געפעלן...

וואלט עס פריער פאסירט, וואלט וואליא געווען גליקלעך: הייסט עס, אז עפעס איז דא אין מיר, איך וועל זיין אן אקטריסע... און איצט האט זי, קוקנדיק אף ארלאווסקין, א טראכט געטאן: וואס פארא אומעטיקע אויגן ער האט, ער פייניקט זיך, געוויס, אזוי ווי אלע...

עס האט געזונגען א זינגערן. מענטשן האבן געטומלט. עס איז געפאלן דער ערשטער שניי. און וואליא איז געגאנגען אהיים, ווי א פארקישעפטע, — פאר אירע אויגן איז ווידער געווען א גרינער לעוואנעדיקער פעלד, נאכט, טויט. זי האט שטיל געזאגט: „סעריאזשא"... קיינער האט זיך ניט אפגערופן. ער איז ניטא, ער איז אין סטאלינגראד...

## XVII

דאָס איז געווען אַ פּאַשעטער טאָג, און פּונקט אַזוי ווי נעכטן און ווי מיט אַ וואָך צוריק, האָבן געקלאַפּט די מינענשליידערער, פּונקט אַזוי האָבן זיך געלאָזט אַכט דייטשישע טאַנקען אַף שילייקאָס אַרטילעריסטן, פּונקט אַזוי האָט לעווין אָפּעדירט די פּאַרוווּנדעטע און פּונקט אַזוי זיינען פון לינקן ברעג אַפן רעכטן געגאַנגען שווערע לאַסט־שיפלעך. זאַנין האָט זיך, זידלענדיק ראַזירט, קיין שפּיגל איז ניט געווען, האָט ער די גאַנצע צייט געפירט מיט דער האַנט איבער די באַקן און קאַנטראָלירט ווו עס שטעכט; אים האָט זיך געוואָלט אויסזען לייטישער. ער האָט דער ערשטער גראַטולירט סערגייען און אַליין צעשמייכלט זיך:

— וואָס דו ווילסט איז עס, נאָר ניט קיין יאָנטעוו...

זאַנין האָט גענומען דערמאָנען זיך אַפן קאָל, ווי אַזוי ער האָט געפייערט דעם יאָנטעוו אין פערציקסטן — פאַר דער מילכאָמע. דאָס איז געווען אַ לאַנגע געשיכטע, ווו אַלץ האָט זיך אויסגעמישט: דער פּאַראַד, צוויי בילעטן אין טעאַטער, קאָזלאָווסקי, אַז אַוונט־ברויט באַם ברודער און מאַרוסיאַ. סערגיי האָט שלעכט געהערט — עס האָט זיך געוואָלט שלאָפן. כאָטש איינמאָל אויסשלאָפן זיך ווי ס'באַדאַרף צו זיין!... אין פּאַריז איז געווען פאַרבאָטן צו געבן סיגנאַלן באַנאַכט, לאַנסיע פּלעגט דערקלערן, אַז די אויטאָמאָביל־סיגנאַלן ווירקן שלעכט אַף דער נערוון־סיסטעם, פאַרקירצן די לעבנס־יאָרן. ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז מען קען אויך דאָ לעבן... דאָס וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיקן: רעכטס קענען מיר ניט אַריבער אַפן רעכטן ברעג, לינקס קענען די דייטשן אונדז ניט אָפּוואַרפן אַפן לינקן, נעמען זיי צען מעטער, נעמען מיר עס שפּעטער צוריק... ווייניק מעטערס, אַ סאַך קאָרבאָנעס. דער פּאַלקאָווניק האָט צוגעזאָגט רעזערוון...

מען האָט געבראַכט די אַרמיי־צייטונג, רויטע ציפערן — XXV. ער איז דאַן אַלט געווען 7 יאָר... ער געדענקט, ווי עס האָבן געקלונגען די טעלער אַפן בופעט, די מאַמע האָט ניט צוגעלאָזט צום פענצטער, און ס'האָט זיך זייער געוואָלט. עס איז געקומען דער טאַטע, ער האָט געטראָגן אַ רויטן אַרעמבאַנד, ער האָט געזאָגט: „נינאַ, איך גראַטוליר, די יונקערס האָבן זיך אונטערגעגעבן". ביז דער באָמבאַרדירונג אין אויגוסט איז דאָ געווען אַ סאַך קינדער. וואָס וועלן זיי דערמאָנען אין פינף און צוואַנציק יאָר אַרום?... אַלץ וועט, אַוודע, אויסקומען אַנדערש, אונדז וועט מען אויספּוצן די שטיוול מיט שוואַקס, הייסן ריידן מיט היסטאָרישע פראַזן. מען קען דאָך ניט אַריינגעבן אין די שול־ביכער די זידלערייען פון סאָפּיאָרן!... פינף און צוואַנציק יאָר, דאָס איז אַ האַלבער לעבן פון אַ מענטשן... אין אויסלאַנד האָט מען געמיינט — צוויי יאָר, נו פינף יאָר, און זיי וועלן זיך אויסניכטערן. עפּשער, טראַכטן זיי אויך איצט, אַז מיר וועלן לאַנג ניט אַנהאַלטן. אָבער מיר וועלן אַנהאַלטן. דאָס שרעקלעכסטע איז געווען אין אויגוסט... אויסשלאָפן זיך, דאַן קען מען אַלץ אַנהויבן אָפּסניי... אינגיכן וועט זיך באַווייזן אייז אַף דער וואָלגע... מען זאָגט, אַז דער מענטש — דאָס איז עפּעס אַ צאַרטע זאַך.

ווערטער איז געשטאָרבן צוליב אַן אומגליקלעכער ליבע. און ברענג אַהער אַ בענעמאַט, וועט ער אַפילו אַ טאָג ניט אויסהאַלטן... זאַנין רעדט, און איך הער אַפילע ניט, ער וועט נאָך בייז ווערן...

— מאַרוסיאַ האָט ליב דעם מכאַט, און מיר געפעלט, ווען אין טעאַטער איז ניט אַזוי ווי אין לעבן...

צי דען איז זאַנין נים קיין צאַרטער? אַלע זיינען צאַרטע, און די דייטשן קענען גאָרניט מאַכן. עפּעס, וועט עס טאַקע אַריין אין דער געשיכטע, ווי צאַריצין?... איך האָב געהערט סטאַלינען אין אַכט און דרייסיקסטן, ער האָט גערעדט רויִק, ניט געאיילט זיך, געוויצלט זיך. היינט וועט ער ריידן, ניין, ער האָט שוין גערעדט נעכטן. היינט וועלן מיר זיך דערוויסן — ס'איז ניט געווען מענגלעך צו הערן — מען האָט געשאָסן איבערן אַריבערפאָר... ער האָט, געווים, גערעדט רויִק, דאָס איז אונדזער גליק, וואָס ער קען זיין רויִק...

— הער סערגיי, — זאָגט זאַנין, — ווען דו ביסט דאָ ניט לאַנג אַוועקגעגאַנגען, האָט זיך דאָ איינער אַ פאַרבינדלער אָנגעריסן אַף פּריצן, דריי דערהאַרגעט, קוים אַרויסגעקראָכן. שטייט ער און זידלט זיך — אַ שרעק. גיי איך צו און פרעג אים וואָס עס האַנדלט זיך, דערקלערט ער מיר:

„איבערגעלאָזט דאָרט אַ צוואַנג"... און דאָס, וואָס ער האָט זיך אָנגעריסן אַף פּריצן, זאָגט ער גאָרניט...

סערגיי לאַכט:

— איך האָב נאָר וואָס געטראַכט, ווי אַזוי די מענטשן פון סטאַלינגראַד וועלן ריידן אין צוואַנציק יאָר אַרום אין עפּעס אַ קלאַסישן ראָמאַן. „די וואָלגע... העלדן... ריזן..." די געשיכטע קוקט אַף אונדז. און דאָ האָסטו אַן עמעסן היסטאָרישן זאַץ: „כ'האָב איבערגעלאָזט די צוואַנג"...

דאָס איז ניט ניוועל... פאַרוואָס האָט מען באַ אונדז אַזוי מוירע פאַר הויכע ווערטער? אַפילע איך. איך האָב ליב ווען פראַנצויזן פאַלן אַריין אין פּאַטאָס — יעדער — אַ הוגאָ, און מיטאַמאָל עפּעס אַזוי אומבאַקוועם, עס ווילט זיך אַ צי טאָן פאַרן אַרבל... מאַדאַ האָט געזאָגט וועגן זיך: „איך בין אַ שטומע דזשוליעטע"... וואָס איז מיט מאַדאַן? זי האָט זיך ניט באַרויִקט — זי רעגט זיך אויף ניט פון דעם, וואָס אַרום איז, נאָר פון זיך...

פאַרוואָס זיינען מיר ניט אַריבער יענע גרענעץ, וואָס טיילט אָפּ טרוים פון לעבן? ניט געוואָלט — ניט זי, ניט איך. ווי צוויי יינגלעך... מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען טאָר ניט... מאַדאַ האָט געזאָגט, אַז יעדער וועט האָבן זיין לעבן.

— „זשיזעל", — דערמאָנט זיך אַפּן קאָל זאַרובין, — האָט געטאַנצט אולאַנאָוואַ. מאַרוסיאַן איז ניט געפעלן און איך האַלט, אַז גוט, ווי אַ כאַלעם...

איך וועל קיינמאָל מאַדאַן ניט פאַרגעסן, טראַכט סערגיי. לעבן דערמיט קען מען ניט, אָבער מען דאַרף עס קעדיי צו לעבן...

זאַנין גענעצט.

— עס ווילט זיך שלאָפן...

—מיינסט, אַז מיר ווילט זיך נים?

— קאָמיש, — פון איין זייט גאַנץ אייראָפּע, פון דער אַנדערער — אַ פיצל ערד. און מיר האַלטן זיך...

— פאַרוואָס „גאַנץ איראָפּע"?

— נו קימאַט די גאַנצע... אַט גיב אַ קוק, איך האָב עס דאָ געטראָפן... אַנאַטאָל פראַנס, אַ ראָמאַן. עפּעס אַ פּריז האָט געלייענט... איך זאָג דיר — איראָפּע!

— ווען אַן אַמבאַסאַדאָר הענגט אַרויס אַ פאָן איבער אַ הויז, הייסט עס, אַז דאָרט איז זיין מעלוכע, אַזוי פירט זיך... איראָפּע איז איצט דאָ, קענען מיר אַרויסהענגען אַ פאָן איבער דער זעמליאַנקע. אָדער האַלטסטו, עפּשער, אַז אַנאַטאָל פראַנס איז מיט די פּריצן?...

— איך האָב אים ניט געלייענט. מאַרוסיאַ האָט, געוויס, געלייענט. אין טעאַטער פלעג איך גיין גאַנץ אָפט, אָבער געלייענט ווייניק. זיצסט איבער די צייכענונגען — דער קאָפּ ווערט געשוואָלן, עס ווילט זיך ערגעץ ווו אַרויסגיין... איך האָב זייער ליב באַלעט... מאַרוסיאַ האָט אַ סאַך געלייענט, זי פלעגט לאַכן, וואָס מיר געפעלט אַלץ וואָס האָט פאַנטאַסטיק... איך אַליין געפעלט אויך, נאָר זי פאַרלייקנט עס, זי האַלט עפּעס, אַז אויב מען שטודירט אויף דאָקטאָר, טויג עס ניט... גיב נאָר אַ קוק וואָס פאַראַ פריילעכע זי איז...

זאַנין באַווייזט אַ בילד: מאַרוסיאַ איז פאָטאָגראַפירט מיט אַ קעצל, אַ פּאַנעם פון אַ שטיפערקע, אַ ביסל אַ שיקלדיקע.

— דאָס איז — פאַר דער מילכאָמע, אין לוגאַ... דער לעצטער בריוו פון דריטן אָקטאָבער, מער ווי אַ כוידעש.

סערגיי האָט זיך געזעצט שרייבן וואַליאַן; ער האָט געוואָלט איבערגעבן לײדנשאַפט, בענקשאַפט, צאַרטקייט, ס'האָט זיך אָבער ניט באַקומען; ער האָט מיט שווידער אַ טראַכט געטאָן — נאָך אַ כוידעש - צוויי, און איך וועל פאַרגעסן ריידן...

זאַנין האָט האַרצרייסנדיק געגענעצט.

— לייג זיך צו, — האָט געזאָגט סערגיי. — און איך וועל צוגיין צום מאַיאָר. זיי האָבן געוויס אָפּגענומען דעם באַריכט.

זאַנין איז געזעסן אויף אַ קלאָץ. ער איז געשלאָפן מיט אָפענע אויגן. אַלץ האָט זיך געפּלאָנטערט: מאַרוסיאַ, אַ לאַסט־שיפל, די פאָן פון איראָפּע, זשיזעל, צוואַנגען... נאָכדעם האָט מאַרוסיאַ צוגעבויגן זיין קאָפּ, גענומען קושן. ס'איז געווען שטיל — אַ האַלבע שאָ, עפּשער לענגער.

אַ קויל האָט אופגעריסן בײַ דער זעמליאַנקע. זאַנין האָט זיך אופגעכאַפּט אין סאַנבאַט, גענומען דערמאַנען זיך: וואָס האָט פּאַסירט?... דאַכט זיך, איך בין געשלאָפן, סערגיי איז אַוועק צום מאַיאָר...

— סטאַלין האָט גערעדט?

— דו טאָרסט ניט ריידן, — האָט געענטפערט סערגיי.

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— אַז עס וועט זיין יאַנטעוו אויך אויף אונדזער גאַס...

אָבער זאַנין האָט ניט געהערט: ער איז ווידער פאַרזונקען אין אומבאַוווסטזיין.

די מערדשוועסטער קאַטיאַ האָט אַריינגעשריבן אין ביכעלע אַלע טעג

ביז נײַ־יאָר; יעדן אָוונט פלעגט זי אויסמעקן איין ציפער; ארויסגעמעגדיק איצט דאָס ביכל, האָט זי מיט פאַרגעניגן אויסגעמעקט אַ „7".

— פיר און פופציק טעג פאַרבליבן.

— ביז וואָס?

— ביז סאָף יאָר.

לעווין האָט טרויעריק אַ שמייכל געטאָן:

— דערנאָך וועסטו אָנשרייבן דריי הונדערט פינף און זעכציק נייע?...

— קען זיין, אַז איך וועל ניט אָנשרייבן, — האָט געענטפערט קאַטיאַ.— אַזוי ווי ער... — זי האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אַף זאַנינען.

סערגיי איז געזעסן און געקוקט שווייגנדיק אַפן פריינט. עס איז ווידער שטיל... ווען איך וואָלט ניט אַוועק צום מאַיאָר... אַ נאַרישע שפּיל! און די פּריצן וועפּן זיך אויס, ניט דאָס וואָס מיט אַ כווידעש צוריק... סטאַלין ווייס די אַלגעמיינע לאַגע, אַז ער האָט געזאָגט, הייסט עס, אַז ס'וועט זיין... אָבער ווען? פאַר זאַנינען צו שפּעט... און, עפּשער ניין. לעווין זאָגט, אַז עס איז דאָ אַ האָפענונג... זיין ווייב איז דאַכט זיך, אין יאַראָסלאַוול. זיי איז ערגער. ווי אונדז. דאָס איז, אַוואַדע, שרעקלעך — פאַרשטעלן זיך אַזוינס...

ער האָט געוואָלט אָנשרייבן וואַליאַן אַן אַנדער בריוו, מען האָט אים אָבער גערופן צום אַריבערפאָר. ער האָט מער ניט געטראַכט ניט פון דער ווייב, ניט פון זאַנינען, ניט וועגן אויסגאַנג פון דער שלאַכט — ער האָט געאַרבעט.

## XVIII

— איך בעט אייך, טייערער פריינט, לאָזט צורו מיין נערוון־סיסטעם און גיט אַ טראַכט וועגן גורל פון „ראָש־ענע"! דוא קען יעדע רעגע אַרויס־שלעפן אַלפערן... און נאָך זשאַזעפּס טויט האָב איך דאָרט ניט קיין צאָד. איך נויטיק זיך אין אַ מענטשן, וואָס איז גוט מיט די דייטשן...

— מיט זיי זיינען אַלע גוט, — האָט געענטפערט מאַרילאַ. — באַזונ־דערס רוא...

לאַנסיע האָט זיך פאַרגעוואָרפן: צו וואָס דערציי̆ל איך דערפון מאַרי־לאַן? ער וואָלט נאָר כוויזעק געמאַכט... און מאַרילאַ האָט אים אַרויסגעהאָלפן: ער האָט אים צוזאַמענגעפירט מיט זשעראַם פינאַ.

פינאַ האָט ניט פאַרמאָגט ניט בערטיס גלאַנץ, ניט קיין שוווּנג. ער פלעגט ניט אַריינגעבן אין די געשעפטן דעם אַזאַרט. מיט אַ יאָר צוריק, ווען אַלץ איז נאָך געווען רויִק, פלעגט ער זאָגן: „עס ווילט זיך פאַרזיכערן אַפילע פון אַן ערדציטערניש, האָגאָם מיר זיינען ניט אין יאַפּאַן"... געלעבט האָט ער באַשיידן, ער פלעגט אופנעמען געסט, ניט געוואָרפן זיך מיט קיין געלט. די עלטערע טאָכטער פאַלינאַ האָט ער אויסגעגעבן פאַר אַ ליאָנער סויבער, העד פענסאָן, די יִנגערע — אַנריעט — פאַר אַ יונגן, אָבער פילצוזאָגנדיקן אַדוואָקאַט ווערניי. פינאַ פלעגט פאַרשטיין, אַז פּאָליטיק איז פאַרבונדן מיט שטייערן, מיט באַשטעלונגען, מיט בירזשע־קורסן, און ער האָט געהאַלטן אַן אויג אַף די פאַרלאַמענטאַרישע קאָמבינאַציעס. קאָמוניסטן האָט ער געהאַסט,

די סאָציאַליסטן פלעגט ער רופן „טיפּשימלעך" און וועגן די עקסטרעם־רעכטע פלעגט ער זאָגן: „די דאָזיקע כירורגן ווילן צוזאַמען מיטן אַפּענדיס אויסשנײַדן אַלע קישקעס".

ווען ס'איז אויסגעבראָכן אַ מילכאָמע, האָט פינאַ שנעל גענומען שטײַגן; און ס'איז גאָר קיין ווונדער ניט געווען: ס'איז נאַטירלעך, אַז אַ זאַוואָד וואָס פאַבריצירט ראַדיאָטאָרס, קען פאַבריצירן מינענשלײַדערער, און עס איז פונקט אַזוי נאַטירלעך, אַז ווען די מילכאָמע איז שוין אַ יעש, צעבאָמבט מען די מינענשלײַדערער, ווי „מאָצע־וואַסער". פון אָנהויב האָבן געקויפט פראַנצויזן, נאָכדעם די דײַטשן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פינאַ איז דערשיטערט געוואָרן פון די געשעענישן אין פערציקסטן יאָר, ער האָט זיך אַפילע אָפּגעצערט, די אנצוגן זײַנען געהאַנגען אָף אים. אָבער געשעפט בלײַבט געשעפט; און, דערזעענדיק, אַז די געשעפטן גייען גוט, האָט ער פאַרגעסן פון זײַנע בירגערלעכע פאַרדרוסן. קיינמאָל פריער האָט ער אַזוי ניט פאַרדינט ווי איצט. מיט די דײַטשן איז ער געווען צוריקגעהאַלטן, עס האָט אָף אים געמאַכט אַ גינסטיקן אײַנדרוק זייער אויסערלעכקייט — אין אים איז געווען עפּעס אַזוינס פייערלעכס און טרויעריקס, ער פלעגט ריידן מיט אַ הויכן פליסטערן און שנײַצן די נאָז, ווי באַ אַ לעווייַע.

פינאַ האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין בירזשע־אָפּעראַציעס; ער איז געוואָרן באַלעבאָס פון אַ גרויסער דרוקערײַ, געקויפט פאַר גראָשנס אַ הויז, וואָס האָט געהערט צו איינעם אַ ייִדן. ער פלעגט זאָגן דער ווייב: „די צײַט איז, פאַרשטייט זיך, אַ שווערע, אָבער מען טאָר זיך ניט באַקלאָגן, מיר לעבן, אויך די קינדער זײַנען אײַנגעאָרדנט, סיי פאַלינאַ און סיי אַנריעט האָבן געטאָן אַ גוטן שידעך"... אַז ווערניי פאַראָט אַנריעטן, האָבן געוווּסט אַלע, כוץ איר, אָבער מיט איר איז ער געווען צאַרט. ער פלעגט איר אין קיין זאַך ניט אָפּזאָגן. „אַזאַ זועט ניט פאַרפאַלן ווערן", — פלעגט זאָגן פינאַ. מיט דרײַ יאָר צוריק האָט מען ווערנייען געהאַלטן שיר ניט פאַר אַ „רויטן", און איצט איז ער געווען זייער כאָשעוו באַ די דײַטשן, געשריבן אין די צײַטונגען, ניט אָפּגעזאָגט זיך פון קאָמערציעלע פאַרמיטלונגען. פּאַלינאָס מאַן, פענסאָן, האָט באַם אויסברוך פון דער מילכאָמע פאַרקויפט זײַנע סקלאַדן און געקויפט אַ האָטעל אין זשענעווע; עטלעכע טעג פאַרן אומגליק איז ער אוועקגעפאָרן מיט ווייב און קינד אין דער שווייץ. מען האָט געשמועסט, אַז ער איז אַריענטירט אָף ענגלאַנד. פינאַ האָט זיך אַנומלט פאַרגעשטעלט די באַגעגעניש פון פענסאָן מיט ווערנייען — אָט דאָס וואָלט געווען אַ געשלעג!...

און פינאַ אַליין איז געווען ווײַט פון עקסטרעמען, ער האָט געאַרבעט מיט די דײַטשן, אָבער ער האָט גאָרניט געהאַט דאָקעגן, אַז די אַליאירטע זאָלן זיגן.

ווען מאַרילאַ האָט דערציילט וועגן דער געפאַר, וואָס הענגט איבער „ראָש־ענע", האָט זיך פינאַ גאָרניט געוווּנדערט:

— מען קען מיט די דײַטשן אַרבעטן, אָבער אַזעלכע היענעס, ווי רוא, האָב איך ניט ליב. צופיל אַרופגעאַרבעטע זײַנען איצט דאָ אין די פינאַנציעלע און ווירטשאַפטלעכע קרײַזן... נו מאָ, איך קען זיך טרעפן מיט לאַנסיען...

פינא האט פארגעלייגט לאנסיען זיין הילף. לאנסיע האט פארשטאנען, אז פינא קען ראטעווען „ראש־ענע". — די דייטשן וועלן אים ניט וואגן אנצורירן... כוצדעם וויל נאך פינא אריינלייגן אין געשעפט געלט. אבער לאנסיען האט זיך ניט געגלוסט פארבינדן מיט א פרעמדן — ער האט זיך אנגעליטן סיי פון לעאן און סיי פון רואן...

עס האבן זיך אנגעהויבן אונטערהאנדלונגען. פינא האט זיך באצויגן צו לאנסיען מיט ראכמאנעס, מיט א פאטער־געפיל: ער האט געהאלטן, אז פאר א געשעפטסמאן פאסט זיך נישט ניט „קארבעי", ניט קיין לייכטזיניקע מאניערן; אבער, אפלאכנדיק אין זיך פון דעם „טשודאק", האט פינא געשאנעוועט זיין אייגנליבע; ער האט מיט אים גערעדט אזוי, ווי לאנסיע וואלט געשאפן „ראש־ענע".

לאנסיע האט איינגעלאדן פינאן מיט דער פרוי צום מיטיק. די אונטערהאנדלונגען האבן פראגרעסירט; וויצלענדיק זיך האט מאריס געזאגט מארטאן: „היינט איז קימאט א טנאים. מעגלעך, אז אינגיכן וועט זיין די כאסענע"... ער האט אויך איינגעלאדן מארילאן, אנרופנדיק אים „שאדכן". עס איז געווען א נעפלדיקער נאוועמבער־טאג, דאס ליכט האט געברענט פון אינדערפרי. אלע האבן גענוסט, גענאסן. מארטא איז געפעלן געווארן דעם פארל פינא מיט איר פאשטעס, מיט איר היימישקייט; זיי האבן געפירט א לעבעדיקן שמועס, דערמאנט די פארמילכאמע צייט. און לאנסיע האט זיך דענערווירט: ווו איז פארפאלן געווארן מארילא? דער שעפס וועט דאך צוברענען, ס'איז ניט קיין וויץ...

זיי האבן זיך געזעצט צום טיש, ניט דערווארטנדיק זיך אפן דאקטאר. לאנסיע האט זיך געבייזערט. פינא האט אים בארויקט:

— איר ווייסט דאך, וואס פארא כאראקטער מארילא האט. ער איז, געוויס, אוועקגעלאפן דורך דער גאנצער שטאט צו א כוילע. און דערצו נאך אומזיסט... אט ווען מ'וואלט באדארפט שטעלן א מאנומענט. מען האט בא אונדז ניט געקענט אפשאצן קיין ערלעכע ארבעטער, עס איז געווען א קולט פאר אפעריסטן, אינטריגאנטן. דאס איז איינע פון די סיבעס פון אונדזער בראך...

— די דייטשן האבן אונדז א סאך אויסגעלערנט, — האט געענטפערט לאנסיע. — אבער דאך איז זייער שווער צו זיין אפהענגיק פון פרעמדע... ווי מיינט איר, הער פינא, דאס וועט זיך ווען עס איז ענדיקן?...

מארטא האט א קוק געטאן אף מאריסן מיט פארוווּרף; צו וואס ריידן אזעלכע זאכן?... עמעס, פינא מאכט זייער א פיינעם איינדרוק, אבער פאר וועמען קען מען איצט גאראנטירן?... לאנסיע האט פארשטאנען וואס עס באדייט דער ווייבס קוק, אבער דאך האט ער ניט כאראטע געהאט אף דעם, וואס ער האט געזאגט. אים שטייט פאר צו ארבעטן מיט פינאן, איז בעסער צו וויסן פריער אלץ, עס זאלן ניט זיין קיין סיורפריזן...

— סאפקאלסאף וועלן די דייטשן אוועק — האט געענטפערט פינא. — איך האב זיך ניט וואס צו באקלאגן אף זיי, זיי פירן זיך אוף קארעקט, אבער איך בין א פראנצויז, און איך פארשטיי איך... ווערניי האט מיר

געזאָגט, אַז נאָכן זיג, וועלן די דייטשן אַפּרייניקן גאַנץ פראַנקרייך, און אויך אַנדערע לענדער... זיי וועלן נאָר באַשטימען רעגירונגען, וואָס זיינען פאַר זיי אָנגענעמבאַר...

— קאַלומאַן דער מאַרשאַל לעבט, וועט קיינער ניט וואַגן אַרויסצו־שטויסן אים.

— דער מאַרשאַל — דאָס איז אַ דעקאָראַציע. די דייטשן ווילן בעסער דעאַן ווי לאַוואַלן, לאַוואַלן ווי דאַרלאַנען. דאָ זיינען פאַראַן פאַרשיידענע ניואַנסן. איך מיין, אַז אַף אַ יאָר צוואַנציק־דרייסיק וועט איראָפּע זיין אַ דייטשישע...

עס איז אַריינגעקומען פּראָפעסאָר דאָקטאָר מאַרילאַ. מאַרטאַ האָט אים גענומען צאַרט אויסריידן:

— איר האָט זיך אַליין באַשטראָפט, איר וועט מוזן עסן אַנגעוואָ־רעמטע...

דאָקטאָר מאַרילאַ האָט לאַנג געשוויגן, געגעסן זופּ און אונטערגעוואָנסענע כּיטרע צו לאַנסיען און פינאַן; נאָכדעם האָט ער, אויסווישנדיק דאָס מויל מיט אַ סערוועטקע, זייער הויך צעלאַכט זיך:

— ווערניי וועט היינט ניט שלאָפן. איך קען אים פאַרשרייבן ווערא־נאַל... איר ווייסט גאָרניט? די אַמעריקאַנער און ענגלענדער האָבן זיך אַרויס־געזעצט אין אַלזשיר.

פינאַ האָט ניט געקענט אויסבאַהאַלטן די אויפרעגונג, וואָס האָט אים באַהערשט. עמעס, מען האָט עס געקענט דערוואַרטן, אָבער מאָלע אַף וואָס דו וואַרטסט, און נאָכדעם קומט עס אומדערוואַרט?... ער פלעגט זיך אָפט זאָגן, אַז אויב די אַליאירטע וועלן זיגן, וועט ער דער ערשטער זיי גראַטו־לירן. ווער וועט וואַגן צו וואַרפן אַ שטיין אין אים? ווו זיינען די דאָזיקע צאַדיקים? פענסאַנען איז לייכט צו זיין אַ ניט נאָכגיביקער — ער איז אין זשענעווע. אָבער דער זעלבער פענסאָן אַנערקענט, אַז זיין שווער איז אַן ערלעכער פראַנצויז... און דאָך איז פינאַן געוואָרן אומהיימלעך. עס וועלן זיך אָנהויבן אויספאָרשונגען: פונוואַנען די דרוקעריי, ווי אַזוי האָט ער געקויפט דאָס הויז, פאַרוואָס האָט דער זאַוואָד געאַרבעט בּאַ די דייטשן אין דריי שיכטן? ניט פאַרגינער וועלן זיך שוין געפינען. עס וועלן אַרויסקריכן די קאָמוניסטן, ווי אין זעקס און דרייסיקסטן... ס'איז ניט פריילעך!

— איר האָט דאָכט זיך, פאַרדרוס, הער פינאַ? — האָט געפרעגט דער דאָקטאָר.

וואָס עס דערלויבט זיך אַלץ דער אַלטער ציניקער! מאַרטאַ האָט באַ־גריפן ווי ניט דעליקאַט די פראַגע איז געווען און אידער פינאַ האָט נאָך באַוויזן צו ענטפערן, האָט זי געזאָגט:

— איך פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס מען מוז עס באַם מיטיק אומבאַדינגט ריידן פון פּאָליטיק?

פינאַ האָט אָנגענומען, אַז זי איז גערעכט, און ער האָט זיך גענומען צו אַ זאַפטיקער בערנע.

און לאַנסיע האָט געשמייכלט. אַרויסגעזעצט זיך, אַ דעסאַנט!... עפּשער

וועט זיך אומקערן דאָס פאַרמילכאָמעדיקע גליק? מאַרסעלינאַן וועט קיינער גיט לעבעדיק מאַכן, אָבער ער וועט אָוועקפאָרן מיט מאַרטאַן קיין „זשעלי־גאָט"... יאָ, איך האָב אָנגעשריבן בערטין אַ נעקראָלאָג, אַביסל צוגעיִילט זיך, איבערגעכאַפּט די מאָס, אַזוי וועל איך טאַקע זאָגן — איבערגעכאַפּט די מאָס, ניט אָפּגעוויגן די ווערטער... וואָס איז אַזוינס? ווי עס זאָל ניט זיין, איז בערטי געווען מיין איידעם. וואָס האָט עס צו טאָן מיט פּאָליטיק? איך בין ניט פינאַ, מיך האָבן די דייטשן פאַרפאָלגט. לואי איז אָוועקגעפאָרן קיין ענגלאַנד, און מאַדאַ איז אויך, געווייס, דאָרט. אָט וואָס פאַרא דערציונג איך האָב געגעבן די קינדער!... אינטערעסאַנט, צי די אַליאירטע וועלן זיך שנעל אַרויסזעצן אין מאַרסעל? פון אַלזשיר איז עס ניט ווייט... אין מאַרסעל וועט זיי אויפנעמען דער מאַרשאַל. איך שטעל מיר פאָר, ווי ער פרייט זיך איצט!... און לאַנסיע האָט נאָך אַלץ געשמייכלט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין פינאָס אָנוועזנהייט לוינט ניט צו זיין אופריכטיק, — מאַרטאַ וועט זיין אומצופרידן און ער האָט געמאַכט אַ פרווו צו פאַרענטפערן זיין שמייכל:

— איך האָב שוין לאַנג ניט געגעסן אַזאַ געשמאַקע בערנע...

מאַרילאַ האָט זיך אײַנגאַנצן באַשפּריצט מיט זאַפט און שפּײַעכץ — ער האָט נאָך אַלץ געלאַכט, אַ צופרידענער פון דעם עפעקט, וואָס זיין פראַגע האָט געמאַכט. נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— האָבן זיי זיך אַרויסגעזעצט. קיין שום דערשיטערנדיקס איז ניטאָ אין דעם. מען נעמט צו אונדזערע קאָלאָניעס... ווען זיי וואָלטן אַף אַן עמעס געוואָלט מילכאָמע האַלטן מיט די דייטשן, וואָלטן זיי אויסגעקליבן אַן אַנדער פּלאַץ...

ווען די געסט זיינען אַוועק, האָט זיך לאַנסיע פאַרטראַכט איבער די געשעענישן און באַשלאָסן, אַז עס לוינט זיך ניט צו פאַרבינדן מיט פינאָן. די מילכאָמע האַלט באַם אויפליזן זיך. פינאַ האָט זיך קאָמפּראָמעטירט מיט די דייטשן, איצט האָב איך אומאַנגענעמלעכקייטן צוליב דעם, וואָס לעאַ איז אַ ייִד, און אַז מען וועט אַרויסטרייבן די דייטשן, וועט מען נעמען פּייניקן: פאַרוואָס איז פינאַ מיט אייך? אַגעוו, האָט ער פאַרכאַפּט אַ ייִדיש הויז... בעסער אַן אַ שותּף, דאַן ביסטו פאַראַנטוואָרטלעך נאָר פאַר זיך... לאַנסיע האָט געזאָגט מאַרטאַן:

— דו ווייסט, ווי איך בין געווען געטריי מאַרסעלינאַן! דער גורל האָט מיך געמאַכט פאַר אַן אַלמן. און דער גורל האָט מיר צוגעשיקט דיך. איך בענטש דעם גורל: עס איז אָנגענעם צו פאַרבינדן דאָס האַרץ מיט אַ צווייטן... אין געשעפטן איז ניט אַזוי — עס זיינען גליקלעך די איינזאַמע. פינאַ איז אַן אָנשטענדיקער מענטש, ער שטופּט זיך ניט פאָרויס, ווי דער פאַרשטאָרבענער בערטי. איך האָף, אַז נאָכן זיג אונדזערן וועט ער ניט האָבן קיין שום אומאַנגענעמלעכקייטן. אָבער דאָך איז בעסער ניט צו פאַרבינדן זיך מיט אים...

אין צווייטן טאָג אַרום האָט זיך לאַנסיע דערוווּסט, אַז די דייטשן זיינען אַריבער די דעמאַרק־ליניע, פאַרנומען ליאָן, מאַרסעל. הייסט עס, אַז זיי רעכענען טאַקע ערנסט צו פאַרטיידיקן זיך, פאַרפעסטיקן דעם דאָרעם, דעם

ברעג פון אקעאַן. מאַרילאַ האָט גוט געזאָגט: די אַליאַירטע איילן זיך ניט. צו פרי האָבן די מייז באַגראָבן די קאַץ. מעגלעך, אַז די אַנגלאָ־זאַקסן וועלן װען עס איז זיגן, אָבער ביז דאַן וועט רוז באַוויזן זאָגן קאַדיש נאָך מיר.

עטלעכע טעג האָט זיך לאַנסיע געקוועלט און ענדלעך האָט ער באַ־שלאָסן אָנצונעמען פינאַס פאָרשלאָג.

— פּאַרשטייסט מאַרטאַ, איך האָב זיך דאָן אַביסל צוגעײַלט. די דייטשן — דאָס איז אַ ריזיקער קויעד. מאַרילאַ איז צופרידן דערפון, וואָס אַ מייע רוסן האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די סטאַלינגראַדער קעלערן. אָבער דאָס זיינען נאַרישקייטן... צווישן אַלזשיר און מאַרסעל איז אַ יאַם... מען מוז זיך רעכענען מיט פאַקטן. פינאַ וועט קענען ראַטעווען „ראַש־ענע", ביפראַט נאָך, אַז זיין איידעם, ווערניי, איז אַ זעלטענער אויסוואורף. מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז פּאַשעט אַן אַריינגייער צו אַבעטצן...

ווען פינאַ און לאַנסיע האָבן פאַרענדיקט מיט דער געשעפטלעכער זייט פון שמועס, האָבן זיי גענומען ריידן וועגן פּאָליטיק. פאַר צען טעג האָט זיך אַלץ געענדערט — אין אַלזשיר זיינען די אַליאַירטע, אין מאַרסעל די דייטשן.

— איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז דאַרלאַן וועט פאַראַטן דעם מאַרשאַל, — האָט געזאָגט לאַנסיע.

— איך טאַדל ניט דאַרלאַנען. וואָס האָט ער געזאָלט טאָן?... ער האָט געראַטעוועט אַ סאַך לעבנס. איר זייט איבערציינט, אַז דער מאַרשאַל האָט אים ניט אַהינגעשיקט מיטן דאָזיקן ציל?...

לאַנסיע האָט זיך פאַרלוירן: פינאַ טראַקטירט דעם איניען, אַזוי ווי איך... נו יאָ, פינאַ איז אַ פראַנצויז, ווי איך, ווי דער מאַרשאַל...

— טייערער הער פינאַ, די געשעענישן זיינען אַזעלכע קאָמפּליצירטע, אַז דו פאַרלירסט דעם קאָפּ. איך געטרוי דעם מאַרשאַל.

— דער מאַרשאַל איז אַ דעקאָראַציע, און די מענטשן, וואָס רינגלען אים אַרום, ווילן ראַטעווען פראַנקרייך פון אַנאַרכיע. דאָס שרעקלעכסטע איז דער קאָמוניזם. מען קען זיך זיין קעגן „צוזאַמענאַרבעט", אָבער מען דאַרף באַגריסן דאָס אָפּשיקן פון די „לעגיאָנערן" אָפן מיזרעד־פראָנט. דער קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס איז אַ כויוו פון יעדן פראַנצויז. אין דעם בין איך אַבסאָלוט מאַסקים מיט לאַוואַלן.

— לאַוואַל איז אַוועקגעפאָרן קיין מינכען צו היטלערן. מיינט איר ניט, אַז דאָס איז שוין צופיל?...

— אויסגעשלאָסן, דאָס איז זיין כויוו. פונקט ווי דאַרלאַנס כויוו איז צוזאַמענריידן זיך מיט די אַמעריקאַנער... מיר דאַרפן פאַרויסזען אַלע מעג־לעכקייטן. ס'איז דאָ אונדזערע, אַ פראַנצויזישע פּאָליטיק... איך בין זייער צופרידן, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן גענומען דאַרלאַנען און זשיראָן. די קאָמוניסטן וועלן איצט דערזען, אַז זיי האָבן ניט וואָס צו דערוואַרטן פונעם זיג פון די אַליאַירטע...

לאַנסיע איז געווען דערשיטערט. ער האָט געהאַלטן פינאַן פאַר אַ דורכ־געטריבענעם הענדלער, וויזט זיך נאָר אַרויס, אַז דאָס איז אַ פילאָזאָף, ער שפּילט גרויס...

דעם זעלבן אוונט איז לאנסיע אוועק צו מארילאן: געוואלט טיילן זיך מיט זיין אנטדעקונג. מארילא איז געזעסן א טרויעריקער אין א טונקעלן צימער. זיין ווייב איז נים געווען אינדערהיים. לאנסיע איז געווען אזוי פאר־בלינעט מיט זיינע געדאנקען, אז ער האט נים באמערקט, אין וואס פארא צושטאנד דער דאקטאר איז. ער האט באלד גענומען די הויכע טענער:

— וויזט זיך ארוים, אז פינא איז נים נאר א געשעפטמאן, דאס איז א פאליטיקער, א פאטריאט. ער האט אזוי פארמולירט: מען דארף אלץ פארויסזען...

— איך מיין עפעס! אפילו זיינע צוויי טעכטער ארבעטן אין צוויי ריכטונגען... איך מעגט זיין רוּיק, מאריס, מיט אים וועט איר נים פארפאלן ווערן. דאס איז אן אויסגעהאלטענער אויסוווּרף. געווים, ער איז נים קיין דארלאן, אבער פאר „ראש־ענע" איז ער גענוג...

— איר האלט, אז דארלאן איז אן אויסוווּרף?

— ס'איז אנבאלאנגט, וואס מען פארשטייט אונטערן ווארט אויס־ווּרף... אין אלגעמיין, איז א לאקיי נים מעכוּיעוו צו זיין געטריי דעם באַ־לעבאס. דארלאן האט געטווישט דאס פלאץ... זיי זיינען זיך אלע איינער דעם אנדערן ווערט — לאוואל, דארלאן, דער מארשאל... ערשט איצט נאר האט לאנסיע באמערקט, אז מארילא איז עפעס נים מיט אלעמען — ער האט זיך קיין איינמאל נים צעלאכט...

— איר פילט זיך שלעכט? — האט געפרעגט לאנסיע.

— איך?... וואס פארא באדייטונג האט עס אין אונדזער עלטער? אט מען צוט — איז עס אויך גענוג. די יוגנט קומט אום... פינא אדער דארלאן ווארפן אוים אף וועמען צו שטעלן: אפן אמעריקאנער פארזארגער, אדער אפן דייטשישן שמייסער? און די יונגע קומען בעיים מיַיסע אום...

— איר ווייסט, ווּ רענע איז?

— געווען אין דארעם. מעגלעך, אז די דייטשן האבן אים שוין גע־נומען...

לאנסיע האט געוווּסט, אז דעם דאקטארס עלטסטער זון, רענע, האט נים שאלעם געמאכט מיט די דייטשן. נאך א סטודענטישער דעמאנסטראציע איז ער אנטלאפן אין דער „פרייער זאנע".

— איך פארשטיי אייך, טייערער פריינט. איך אליין פייניק זיך אויך: וואס איז מיט לואין? מעגלעך, אז ער איז אין אלזשיר, און, מעגלעך, אז ער איז אומגעקומען. איך ווייס נים, ווּ מאדא איז... פיליַיכט איז שוין בעסער פון אלעמען אייער פיערן — ס'איז עקלדיק צו זיין אין געפאנגענשאפט, דערפאר אבער איז ער אויסער דער שפיל. עס וועט זיך ענדיקן די מילכאמע, וועט ער צוריקקומען...

— איך ווייס נים... נעכטן איז בא מיר געווען פיערס א כאווער, זיי זיינען געווען צוזאמען אין „סטאלאג", אים האבן די דייטשן אפגעלאזט — טובערקולאז אין דער לעצטער סטאדיע. ער האט מיר דערציילט, ווי אזוי זיי לעבן — א זופ פון קארטאפל־שאלעכץ, א נים־באהייצטער באראק, שווע־רע ארבעט. און דאס זיינען זיי נאך אין בעסערע באדינגונגען ווי די רוסן,

דארט שטארבן רוסישע מיידלעך פון הונגער, פון דיזענטעריע, די אויפ־זעערנס שלאגן זיי, דער טייוול ווייס עס, בארבארן!... דער יונגערמאן האט מיר דערציילט, אז פיער האט זיך באפריינדעט מיט איינער א רוסישער, העלפן זיי איינער דעם צווייטן, זי איז א פריילעכע, באמת זי זיך אים צו טרייסטן. פיער איז שוואך, קוים וואס ער הויבט אויף מאסעס... איך האב מוירע, אז ער וועט עס ניט אויסהאלטן, ער האט דאך שוואכע לונגען...

לאנסיע האט צום ערשטן מאל דערזען אין מארילאס אויגן טרערן. דער דאקטאר האט געזאגט:

— איר זעט, אז איך בין געווען גערעכט וועגן סטאלינגראד? דאס איז אייך ניט דיפלאמאטיע. איר האט געלייענט „פארי סואר"? די דייטשן שרייבן: „די דייטשישע ארמיי איז גרייט צו אלע איבערראשונגען"... א מאדנע שפראך פאר זיגער... ווייסט איר, מאריס, איך צווייפל צי איך וועל דערציען ביז צום סאף, און איך כאלעם גארניט דערפון. איך האב ניט קיין אילוזיעס. וואס מער עס ענדערט זיך אלץ, אלץ מער בלייבט ווי געווען. אבער איצט איז מיר אנגענעם, וואס די רוסן האבן זיי אפגעשטעלט. ס'איז אנגענעם, וואס פינא האט מוירע, וואס דארלאן זוכט די אמעריקאנער, וואס די אמע־ריקאנער זוכן דארלאנען...

א שווידערלעכער כאראקטער, האט א טראכט געטאן לאנסיע, ער האט האנאע, וואס בא יענעם זיינען אומאנגענעמלעכקייטן. און אף דער יוגנט איז א ראכמאנעס, דאס איז עמעס — אף לואי, רענע, פיער. וואס איז מיט מאדאן?...

## XIX

ס'איז שוין א בוידעש צייט, ווי מאדא וואנדערט; זי קומט צופארן אין א שטאט, זוכט אויס א גאס, א הויז, א מענטשן, רעדט ווערטער וואס קלעפן זיך ניט „אייער מומע האט א גריפע" אדער „איך פארקויף א קאנא־ריקל", ניט איבער אינסטרוקציעס, דערוויסט זיך, צי מען האט ארויסגע־לאזט בלעטלעך, ווי אזוי עס האלט מיט דינאמיט, און פארט אוועק. זי איז א פארבינדלערן. איר אויסזען רופט ניט ארויס קיין כשאד. זי קען אין א רענע פארוואנדלען זיך אין א דארפישער טאמעוואטער מויד, אין אן אויסגעלאסענער מיידל, אדער אין א פריילן וואס פארנעמט זיך מיט פוצן זיך; זי בייט שנעל סיי די בגאדים, סיי די מאניערן, סיי דעם אויפן פון ריידן; זי קען זיין א סאלאן־דאמע, אן אפעקטירטע, א גוטהארציקע, וויינען, זאגנדיק, אז איר טאטע האלט באם שטארבן, פירן שמועסן וועגן מאדערנע פריזורן, צופאסן זיך צו יעדן שטייגער, פארלירן זיך צווישן האמוין. בא־וויירים זאגן: „מען דארף שיקן פראנסין — זי וועט זיך שוין דורכשטופן"...

עס פליען פארביי שטעט, ליאן מיט די נעפלען, מיט טונקעלע געסלעך, מיט דורכגאנג־הויפן, מיט סוידעסדיקע גאסן און סוידעסדיקע הערצער; די שטענדיק־פארביקע, שרייענדיקע מארסעל, ווו אלטע גאסן־פרויען פון פארט פארוואנדלען זיך אין העלדנס און ווו פילאזאפן־הומאניסטן האנדלען מיט וואס עס מאכט זיך, — מיט קאווע, מיט נאכגעמאכטע שעדעווערן, מיט

קעפּ פון באַטריאַטן; די לאַנגע, פאַרויכערטע סען־עטיען; די אַלטע קאַסטעטע
ניצע. אין וואַגאָן־פענצטער קלאַפּט אַ האַרבסטיקער רעגן; עס טראָגן זיך
דורך פעלדער מיט אומבאַוועגלעכע קי; ווינטרויבן־שניט; באַם טייך שוועג־
קען פרויען וועש; בערג לאָזן זיך אַרונטער מיט פעלדזן צום יאַם.
אַמאָל גייט פראַנס איבערן שאָסיי, וואָס איז באַזעצט מיט לינדן, נאָכ־
דעם פאַרנעמט זי זיך אַף אַ קליינעם וועג, אַ צעקנייטשטן, ווי דאָס פּאַנעם
באַ אַ זקיינע, קריכט אַרויף מיט אַ סטעזשקע אַף אַ באַרג, גייט אַריין אין
אַ פויערשער שטוב, וווּ עס בילט אַ הונט, עס רויכערט זיך אַ לעמפּל, עס
טריקנט זיך ציבעלע. אַף די פּיס איז אַמאָל געלער שווערער ליים, אַמאָל
זילבערנער שטויב. זי נעכטיקט איבעראַל און אינדערפרי פאָרט זי אַוועק.
אַרום גייט זיך דאָס לעבן. אין די ווינקעלערן זאָגט מען, אַז דאָס צווייַ
און פערציקסטע וועט זיין אַ „גרויסער יאָר". דאָרפישע באַכערים קויפן פאַל־
שע דאָקומענטן, קעדיי צו באַפרייען זיך פון פאָרן קיין דייטשלאַנד; יונגע
פאַרלעך פאַרזאָרגן זיך מיט אָרדערס אַף אַ שאַנק, אַף אַ בעט; אין די
שולן הערן די קינדער, ווי אַזוי דער זיידע פעטען האָט געראַטעוועט פראַנק־
רייך. מענטשן פאַרקויפן די דייטשן וויין, וווּרשט, פּאָמעראַנצן, אַלטערטים־
לעכע מיניאַטורן, פּאַרפיום, ניט קיין אָנשטענדיקע פאָטאָגראַפיעס, קויפן
באַ די דייטשן סיגאַרעטן, ראַזיר־מעסערלעך, אַספּירין. אַלע האַנדלען, קויפן,
פאַרקויפן. אַ סאַך ווערן רייך, באַפּוצן מיט בילדער זייערע הייזער, אַרדענען
איין גרויסאַרטיקע מיטיקן. פראַנס זעט קאַלעס אין כופּע־קליידער, מאַמעס
יאָנטעוודיקע, אויסגעפּוצטע מיט זייערע ברוטן, טרוימער אונטערן גלעזל,
פאַרליבטע, זקיינים וואָס שפּילן אין טריק־טראַק. און זי טראַכט: ווי עלנט
מיר זיינען! וויפל זיינען מיר? 10 טויזנט, עפּשער, הונדערט, איך ווייס ניט...
און די איבעריקע האָבן זיך צוגעפּאַסט. געוויס, זיי זיינען אומצופרידן, ריידן
וועגן דער מילכאָמע אין דער ווייט — די אַליאירטע אין אַפריקע; סטאַלינ־
גראַד האַלט זיך נאָך... אָבער ווי ווייט דאָס איז — סיי סטאַלינגראַד, סיי
אַלזשיר! און די דייטשישע קאָמענדאַנטור איז צוויי טריט פונדאַנען. מען
קען פאַרדינען, גוט אָפּעסן און, אויב דו ביסט שוין אַזאַ אַקשן, הערן, וואָס
לאָנדאָן דערציילט. און טאָמער זאָגסטו אַן איבעריק וואָרט, וועט מען אַרויס־
שיקן קיין דייטשלאַנד, אָדער פאַרפייניקן אין געשטאַפּאָ... „נאָר מעשוגאָים
קענען מיט זיי קעמפן", האָט געזאָגט פראַנסין איינער אַן אַדוואָקאַט, וואָס
האָט מאַסקים געווען צו געבן איר אַ נאַכטלעגער, און צוגעגעבן: „איך בין
אויך אַ מעשוגענער", — ער האָט זיך געפילט אַלס העלד. מען רעדט שטיל,
מען פליסטערט, און דאָס דאַזיקע שושקען זיך פאַרפּאַלגט מאַדאַם, ווי אַן
אומגעבעטענער האַרבסט־רעגן. מען האָט מוירע ניט נאָר פאַר די
דייטשן, מען האָט מוירע איינס פאַרן אַנדערן, פאַר די שכיינים, פאַר פלאַפּ־
לער, פּראָוואָקאַטאָרן, אונטערגעשיקטע, אונטערגעקויפטע, פּריווילעגע שפּיאָ־
נען, איבערגעפאַרבטע לינקע, מענטשן מיט טאָפּלטע דאָקומענטן און מיט
אַ טאָפּלטן געוויסן. וווּ איז יענע פראַנקרייך, וואָס האָט געשריען אַף די
קרייצוועגן, שטאָלצירט מיט איר טעמפּעראַמענט, מיט די באַריקאַדן, מיט
אירע קופּלעטיסטן? גייט דורך אַ דייטש, וועט אים שוין עמיצער באַלד
האַכנאָעדיק אַ שמייכל טאָן...

אַפילע טולאַן האָט גאָרניט געענדערט. אַף אַ רעגע איז אַלץ פאַרגליווערט געוואָרן, ווי אַ ווייטער אופּריים וואָלט באַטויבט דאָס לאַנד. און דערנאָך?... ווען אַ זעלבסטמערדער קען מען שרייבן פּערזן, מען קען וויינען איבער אים, מען קען אים ניט נאָכמאַכן.

ראַגל איז געווען אַן אַלטער קאָמוניסט, פּראַנס האָט געהאַלטן, אַז ער פאַרשטייט מער פון אַנדערע; זי האָט אים געפרעגט: „מיר שרייבן וועגן טולאַן, אָבער פאַרוואָס האָבן זיי אופגעריסן די שיפן, ניט פּרובירט אוועקגיין, געבן אַ שלאַכט?...‟ ראַגל האָט אַ שמייכל געטאָן: „עס האָבן דיריגירט ווישי־לייט. נאָר גוט, וואָס זיי האָבן ניט איבערגעגעבן די שיפן די דייטשן‟...

אין פּאַריז פלעגט מאַדאַ אַ סאַך ניט באַמערקן: זי האָט געלעבט אין אונטערגרונט. דאָ פלעגט זי זיך יעדן טאָג אַנטרעפן אַף גלייכגילטיקע מענטשן. „מיר זיינען דער אויסשפּיר‟, האָט זומען געזאָגט ליוסן, „די אַרמיי איז ווייט פון הינטן‟. וועט זי צוריקומען די דאָזיקע אַרמיי?... נאָך גאָרניט לאַנג פלעגט זיך פּראַנס פרייען, ווען מענטשן אין קאַפע אָדער אין וואַגאָן פלעגן געמען ריידן וועגן סטאַלינגראַד. איצט פלעגט פון אַזעלכע שמועסן ווערן נאָך שווערער. דאָרט שטאַרבט מען און דאָ פּליסטערט אַ ברייטאַקסלדיקער באָכער, וואָס האָט פאַרקויפט אַ פעסל ווייַן און באַגאָסן עס: „די רוסן זיינען מאַלאַדצי‟... זיי מיינען, אַז עמיצער וועט זיי באַפרייען — די באָלשעוויקעס, די לאַנדאָנער ראַדיאָ־דיקטאָרס, די אַמעריקאַנער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזעצט אין אַלזשיר, דער ביטרער דאַרלאַן, אַלץ איינס ווער. אַפילע די סאַמע דרייסטע, יענע, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אַף דער נאַכט, שאָקלען מיט די קעפּ: „צו וואָס איילן זיך? איר וועט דערהאַרגענען אַ באָש, וועלן זיי דערפאַר צעשיסן הונדערט. עס קומען פאַר גרויסע קאַמפן אין רוסלאַנד. די אַליִירטע וועלן מאַכן אַ דעסאַנט, אויב ניט איצט, איז אין פרילינג, מען דאַרף וואַרטן‟... דאָס כאַזערן איבער אַלע: וואַרטן, אומבאַדינגט וואַרטן!

דערזעענדיק זשאַזעטן, האָט זיך מאַדאַ דערפרייט. געשען איז עס אין אַ ווייסן צימער, ענלעך צו אַ קלויסטער־צעלע: יעזוס, אַ געָרוד פון ווייראַד, אַ ניט־געהובלטער טיש. זשאַזעט האָט געוווּסט, אַז מאַדאַ איילט זיך, און זי גלייך צוגעטראָטן צום איניען:

— זאָג ראַגלן, אַז מיט די גרובן וועלן מיר זיך פאַרנעמען. איצט גרייטן מיר אַן אָפּעראַציע אַף דער ליניע. ס'איז אומבאַדינגט נויטיק געווען. ס'איז לעכערלעך צו זאָגן, מיר האָבן אַ צענדליק רעוואָלווערן, דאָס איז אַלץ. מיר קענען זיך יעדן טאָג אַנרייסן... ווען וועסטו זען ראַגלן?

— מאָרגן אינאָוונט, אויב איך וועל ניט פאַרשפּעטיקן די באַן.

— הייסט עס, אַז דאָנערשטיק אָדער פרייטיק וועסטו זיין דאָ. וועלן מיר זיך שוין דאַן דורכריידן וועגן אַלץ. נאָר איין פראַגע: האָסט געזען אַנרין?

— פאַר מיין אָפּפאָרן פון פּאַריז. דאָס הייסט, מיט אַ בוידעש צוריק, עפּעס מער... ער איז געזונט, זייער מונטער, ער האָט מיט מיר אַזוי גערעדט, אַז איך בין אופגעמונטערט געוואָרן.

אוועקגייענדיק, האָט מאַדאַ געזאָגט אַף שנעל:

— ער האט געזאגט, אז מיט מימין איז אלץ גוט...

ווען פראנס האט געזאגט ראגלן וועגן די אויטאמאטן, האט ער זיך צעלאכט:

— מיינסט, אז מיר זיינען רייך? פיר דייטשישע טראפייען; די ענג־לענדער ווארפן ארונטער נאר פאר אעס, און יענע גיבן ניט...

ער האט א רעגע געשוויגן און ווידער צעלאכט זיך:

— פרווו זיך דורכריידן מיט זיי, עפשער וועט זיך בא דיר עפעס בא־קומען. דא איז פאראן איינער א פראפעסאר פון ליטעראטור... איך בין א שלעכטער דיפלאמאט, און כוצדעם קען מען מיך דא אלס ניט קיין נאכ־גיביקן. און דו ביסט א פאריזערן און אן אויסזען האסטו אויך א צארטן... מיט זיי קען מען גארניט וויסן — עס ווענדט זיך פון דער שטימונג.

דער לערער פון ליטעראטור איז היגן ליציי זשארזש ראמעל, מיט ווע־מען פראנס האט זיך באדארפט טרעפן, האט זיך ביז דער מילכאמע ניט אינטערעסירט מיט פאליטיק. ער איז אלט געווען ניין און צוואנציק יאר, ער האט כאסענע געהאט הארט פאר דער מילכאמע און געשעצט זיין פרוי. נאך דער קאפיטולאציע איז ער פארכווישעכט געווארן, אויסגעמיטן פריינט, ניט גערעדט אפילע מיט דער ווייב. אנומלט האט זי אים געזאגט: „ניט שוין זשע איז פאר דיר וויכטיקער פון אלץ דער פרעסטיזש פון דער מילכאמע? ס'איז דא א לעבן אויסער דעם..." ער האט געענטפערט: „פארשטייסט ניט, מיר איז קיין כילעק ניט, ווו עס זיינען די גרענעצן, ווער עס וועט זיגן, דאס איז אן איניען פאר מיליטערליט אדער פאליטיקער... איצט איז עפעס אנ־דערש: די דייטשן זיינען אין פאריז. מען קען לעבן רייך אדער ארעם, אבער אזוי לעבן לוינט ניט"...

ווען א שול־כאווער האט פארגעלייגט ראמעלן ארייננטרעטן אין דער ווידערשטאנד־ארגאניזאציע, האט זיך ראמעל קיין איין רעגע ניט געוואקלט. אין דער גרופע „זשאן ד'ארק" זיינען געווען פארשיידענע מענטשן: א שניי־דער, וואס האט פריער געניינט ראמעלן אנצוגן, צוויי סטודענטן, א זשורנא־ליסט פון א קאטוילישער צייטונג, א יונגע אלמאנע נאך אן אפיציר, וואס איז אומגעקומען אין פערציקסטן יאר, א באלעבאס פון א טעקסטיל־פאבריק, אן אלטער מאקער, א דאקטאר, א נאטאר. צוויי מאל האט ראמעל אנטייל־גענומען אין אפעראציעס: זיי האבן אופגענומען דאס געווער, וואס די ענג־לענדער האבן אראפגעווארפן אף פאלשירעמס. ער האט געוווסט, אז זיין לעבן הענגט אף א האר, אבער דאס דאזיקע לעבן האט זיך אים אויסגעוויזן זייער ווירדיק.

ער האט זיך געטראפן מיט פראנסין באם צאן־דאקטאר, וואס פלעגט העלפן דער גרופע „זשאן ד'ארק". ראמעל איז געקומען מיט א פארבונדענער באק: נאך די לעצטע ארעסטן האט מען זיי פארגעלייגט אפצוהיטן קאנספי־ראציע. פראנס האט דערקלערט אין וואס עס האנדלט זיך. ער האט גלייך דערפילט א סימפאטיע צו איר: וואס טיילט אונדז פאנאנדער? זיי טוען דאס זעלבע וואס מיר. איצט זיינען ניט קיין וואלן, מענטשן שטארבן ניט לויט פארטיי־רעשימעס... ווען פראנס איז אנטשוויגן געווארן, האט ער געזאגט:

— איך וועל זיך דורכריידן מיט די כאווירים. קומט מארגן. דער דאָק־טאָר נעמט אויף א סאך קראַנקע, אזוי ארום, אז קיין געפאַר דראָט ניט... דאָ וועט ווידער קיינער ניט זיין.

דעם זעלבן אוונט האָט ראמעל דערציילט נאַדאַן וועגן דער ביטע פון די קאָמוניסטן.

— דאָס איז אויסגעשלאָסן, — האָט געענטפערט נאַדאַ. — מיר האָבן באַשטימטע דירעקטיוון, ניט געבן זיי קיין געווער. מיר קענען זיך טוישן מיט אינפאָרמאַציעס, מעלדן וועגן פּראָוואָקאַטאָרן, העלפן אויסבאַהאַלטן זיך, און ניט מער...

— איך פאַרשטיי ניט, צו וואָס מיר דאַרפן אַזויפיל האַנט־קוילנ־וואַרפער?

— מיר צעגייען זיך מיט זיי אין די גרונט־שטריכן. זיי פאַרנעמען זיך מיט קליינע אָפּעראַציעס, זיי דערהאַרגענען באַשן, מאַכן קאַליע די וועגן, ניט לאַנג האָבן זיי אופגעריסן א וואַסער־פּאָמפּע. דאָס פאַרשטאַרקט נאָר די רעפּרעסיעס. פאַר די קאָמוניסטן איז דער איקער פּראָפּאַגאַנדע. און מיר קוקן אויף דעם פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט. מיר דאַרפן שאַפן אינעם אונ־טערגרונט אן עמעסע אַרמיי. ווען די אַליאירטע וועלן זיך אַרויסזעצן, וועלן שוין בא אונדז זיין שלאַכט־איינסן, גוט־באַוואָפנטע, מיט אויסגעשולטע אָפיצירן.

טרעפנדיק זיך מיט פראַנסין, האָט ראמעל געזאָגט:

— צום באַדויערן, איז עס אומעגלעך. מיר זיינען קעגן פּריציייטיקע אָפּעראַציעס. אזוי דענקט אונדזער אָנפירונג.

— וואָס־זשע דאַרף מען, לויט דער מיינונג פון אייער אָנפירונג, טאָן?

— זאַמלען קויכעס, וואַרטן.

וויפל מאָל האָט שוין מאַדאַ געהערט דאָס דאָזיקע „וואַרטן"! אבער דאַן פלעגן עס זאָגן קליינלעכע מענטשן, וואָס זיינען צוגעבונדן צו די אָפּ־שפּאָרונג־ביכלעך, צום שפּיל־שאַנס, צום אַפּעריטיוו, אבער דער... אים קען מען דאָך היינט נעמען, פאַרפייניקן אין געשטאַפּאָ...

— וואַרטן אויף וואָס?

— אָפן דעסאַנט.

— אַן אויסטערלישע שפּיל! די אַליאירטע וואַרטן, ביז די דייטשן וועלן ניט אָפּשוואַכן די רוסן; איר וואַרט, ביז די אַליאירטע וועלן ניט זיין אין פראַנקרייך; די פאַשעטע מענטשן וואַרטן, ביז איר וועט זיך ניט אַנטשליסן אַרויסצוטרעטן. אין סאַכאַקל וועט זיך באַקומען, אַז עפּעס א דיוראַן פון ווישי, וואָס לאָזט אייך אָפן שוועל ניט אַרויף, וועט אַרויס דער זיגער...

זי האָט זיך דענערוווירט, זי האָט געקנייטשט די הענטשקע. ראמעל האָט פאַרגעסן וועגן די דירעקטיוון; עס איז אים געווען אומאַנגענעם, וואָס די דאָזיקע פרוי קען אים באַטראַכטן אַלס פאַכדן.

— אויב איר ווילט וויסן מיין מיינונג, בין איך מיט זיי ניט איינ־שטימיק. איצט איז לייכטער צו שיסן, איידער אויסצובאַהאַלטן געווער... אבער ניט איך בין באַרופן צו דערקלערן אייך, וואָס אַזוינס דיסציפּלין איז.

ווען עס איז געווען דער סאוועטיש־דייטשישער פאקט, האב איך געהאלטן, ווי א סאך אנדערע, אז די קאמוניסטן זיינען פארעטער. איך בין געווען אומגערעכט, איך אנערקען. איר האט געהאט אייער טאקטיק. די מענטשן, וואס באפעלן אונדז ווארטן, האבן זיך אויך זייער טאקטיק. איינער פון מיינע קאלעגן — איז א קאמוניסט. אין אנהויב מילכאמע האט מען אים פארגעלייגט אפצוזאגן זיך. איך האב געוווסט, אז ער איז אין א סאך זאכן ניט מאסקים מיט אייערע דעפוטאטן, אבער ער האט מיר געזאגט: „אין סאמף פילאזאפירט מען ניט, נאר מען קעמפט...” מען האט אים ארעסטירט, איך וויים ניט, וואס מיט אים איז געווארן. דאן האט ער געמאכט אף מיר אן איינדרוק פון א פאנאטיקער. אויך אין דעם בין איך געווען אומגערעכט. איצט קעמף איך און איך וויל ניט טראכטן — צי זיינען יענע אין לאנדאן גערעכט אדער ניט. איר פארשטייט בעסער פון מיר, וואס דאס איז אזוינס טרײַשאפט...

געזעגנענדיק זיך, האט מאדא געזאגט:

— ס'איז א פארדרוס, וואס איך האב ניט באקומען קיין געווער. איך האב אויך פארדרוס פאר אייך...

ער האט שטארק געדריקט איר האנט:

— איך ווינטש אייך דערפאלג.

ווען פראנס האט דערציילט ראגלן וועגן שמועס מיט ראמעלן, האט ער זיך צעלאכט:

— הייסט עס, ער רעדט פון טרײַשאפט? זיי זיינען זיך געטרײַ, דאס איז עמעס... זיי האבן מוירע פאר אונדז. ראמעל קליבט זיך ניט פאנאנדער. איך האב דיך געשיקט צו אים, ווייל ער איז דער אנשטענדיקסטער. בא זיי איז דא איינער א טיפ, נאדא, פלאנדענס געוועזענער פראטעזשע. יענער זאגט אן צערעמאניעס: „אין טאג פון זיג דארפן מיר זיין שטארקער פון די קאמוניסטן...” זאג פאלינאן, אז מען זאל קריגן אויטאמאטן בא די דייטשן — דאס זיינען אונדזערע איינציקע געווער־צושטעלער. און דערוויס זיך, צי עס פראגרעסירט דער איניען מיטן וואלפראם?

דערזעענדיק זי, האט זיך זשאזעט אנגעהויבן דענערווירן:

— היינט באנאכט איז אן אפעראציע. זיי קענען אמאל אנהויבן קאנטראלירן... איך וועל דיך אפשיקן צו אייגער אן אלטיטשקער. דאס איז איבער דער שטאט. אינדערפרי וועסטו זיך אראפלאזן אין לעוואלע, אויסמיידנדיק אלע וואכן. בא לעוואלע וועט דיך זיבן אזייגער אפווארטן א פארבינדלערן — איך וועל איבערגעבן פאר ראגלן די רעזולטאטן...

— ווען איז די אפעראציע?

— פיר אזייגער.

— ראגל האט געפרעגט וועגן די גרובנס...

פראנס האט זיך קוים געשלעפט — ווייט, א שארפער בארג־ארוף, צוויי נעכט איז זי ניט געשלאפן. דער אוונט איז געווען א קאלטער, איינער פון די ערשטע ווינטערדיקע אוונטן. אין קליינעם הויז, האט אן אלטע פויערטע אופגעקאכט וואסער און עפעס געערדט דערביי, נאכדעם האט זי אנגעהא־

דעוועט פראנסין און איר איניקל, און אלץ גערעדט, גערעדט. פראנס האט ניט פארשטאנען וואס זי רעדט. עפשער אויוועראבאטל?

פראנס האט געפרוווט איינשלאפן, אבער זי האט ניט געקענט; זי האט אלע ווײלע געריבן שוועבעלעך, געקוקט אפן זייגער. דריי פערטל פיר איז זי ארויס פון שטוב. די נאכט איז געווען א פינצטערע, ערגעץ ווו האט נעבילט א הונט. פון טאל האט זיך דערטראגן דאס גערויש פון אן אנקומענדיקן צוג, ווי עס וואלט דערביי געהוסט א מענטש. נאכדעם האט א קנאל געטאן. די זקיינע איז ארויסגעלאפן פון שטוב, זי האט געזאגט: „א לויב דער הייליקער מאריא". מאדא האט א שמייכל געטאן: די אלטע פארשטייט אלץ... ניט עמעס, אז מיר זיינען עלנט! אפילו אזא איינע איז מיט אונדז... און מאדאן איז באלד געווארן רויִק אף דער נעשאמע. זי האט געדרעמלט, זיצנדיק; זי האט מוירע געהאט, זי זאל ניט פארשלאפן. און די אלטע האט געמאכט פייער און ווידער עפעס געמורמלט.

ס'איז נאך געווען פינצטער ווען פראנס האט אנגעהויבן ארונטערלאזן זיך. ניט דערגייענדיק צום קרייצוועג פון לעוואלע, האט זי דערזען א מיידעלע — א פארפרוירענע, מיט א סטענגע אין צעפל. דאס מיידעלע האט איבערגעכאזערט דעם פאראל: „איך וועל קויפן אפן מארק אן עמער". מאדא האט זיך ניט איינגעהאלטן, זי האט איר א גלעט געטאן איבערן קאפ:

— הונדערט זעקס און אכציק באשן — אן עשעלאן פון מיליטערלייט, וואס זיינען געפארן אף אורלויב. אונדזערע זיינען אלע גאנץ. וואס שייך דעם וואלפראם, וועט עס דערליידיקט ווערן אין אנהויב דעצעמבער.

זי האט געהאלטן א ביכל, העפטן — זי איז געגאנגען אין שול אריין. פון הינטערן בארג האט זיך אופגעהויבן די זון, א ראזע און פארנעפלטע, ווי אין טעאטער.

מאדא איז ווידער געפארן. עס האבן זיך דורכגעטראגן נאקעטעביימער, פענעמער פון פאסאזשירן, נעמען פון סטאנציעס. זי האט פון עפעס נעטראכט און, א מידע, האט זי ניט געקענט פארשטיין, פון וואס, דאכט זיך, פון שיקזאל...

ראזל האט געזאגט:

— הונדערט זעקס און אכציק? פיין! ווייסטו, אז די דייטשן האבן זיך דא א רודער געטאן, ס'איז געווען אן אבלאווע, מען האט גענומען ראמלען. שלאף זיך אויס, מארגן דארף מען פארן קיין ליאן...

XX

דאס פייער איז געווען אזא, אז אסיפ האט געעפנט דאס מויל, אויסגעסטארטשעט די אויגן. אנקוקנדיק אים, האט זיך מינאיעוו געוואלט צעלאכן, אבער ער האט זיך ניט צעלאכט. נאכדעם האט מינאיעוו געזאגט: „יא, דאס איז געווען מוזיק!... ווען עס איז, וועט מען זאגן — א קאנצערט, א סימפאניע, בעטהאווען, כ'וועל סיי ווי ניט פארגעסן..." אבער אין יענער רעגע האט אויך מינאיעוו פון גארניט געטראכט. אפילו די רייסנדיקע בוואליעס פון קאלטן ווינט זיינען ניט דערגאנגען צום באוווסטזיין פון די

מענטשן. זיי האבן געלעבט אין פיינלעכער דערווארטונג, וואס רייסט אויף דעם איינגעווייד. און בעיס מינאיעוו פלעגט קלעטערן אפן בערגל, איז אין אים געווען אזא ווילן, ווי ער וואלט דאס גאנצע לעבן, אנהויבנדיק פון די קינדער־שפילן, פון ערשטן בוך, נאך געווארט אף דער דאזיקער מינוט. צופיל איז געווען פאר דעם טרוקענער צאר, דערהארגעטע פריינט, שווארצע פראנט־באריכטן. דעם דאזיקן סטעפ האבן זיי סיי ליב באקומען און סיי געהאסט. אסיפ פלעגט זאגן: „דאס גאנצע לעבן וועל איך עס גערענקען", און איין־מאל האט ער א טראכט געטאן — עס זאל זיך נאר שפעטער ניט כאלעמען!... זיי האבן מער ניט געקענט ניט שווייגן, ניט זידלען זיך, ניט האפן. איבער הונדערט טעג... און אט איז געקומען דאס, פון וואס זיי האבן ניט געוואגט צו טרוימען, צו וואס זיי האבן זיך געגרייט זאכלעך, וואכעדיק, ווי צו א פארזיי, ווי צום לאזן אין גאנג א נייעם מאטאר, ווי צו שווערע עקזא־מענעס. ס'איז געווען א פראסטיקער פרימארגן, און ערשט נאך אפן שפיץ פון בערגל האט מינאיעוו דערפילט, אויסוואשנדיק מיטן ארבל דאס פאנעם, אז עס איז קאלט, פאשעט קאלט — ניט אים (אים איז נאך הייס), נאר ביכלאל קאלט — ווינטער... וואס פארא גארישקייטן עס קריכן אין קאפ אריין! וואס פארא שייכעס האט דא דער ווינטער? דאס איז אן אפענסיווע...

צום דאזיקן מאמענט האבן זיך געגרייט מיליאנען מענטשן. אין הינ־טערלאנד האבן די זעלנער בא די איבונגען יעדן טאג געשטורעמט א הויכ־קייט, איבערגעשניטן א פעלד, אריינגעקראכן אין היילן. אף די זאוואדן האבן טאג און נאכט מעסירעסנפעשדיק געארבעט פרויען, אויסגעפייניקטע, נויט־לײַדנדיקע, עלנטע, בלייכע, ווי די מילכאמע וואלט פון זיי אויסגעזאגט דאס לעבן, אפגעשוואכטע מאשיניסטן האבן געפירט אונטער באמבעס שווערע צו־גן. עס זיינען געווען סאפיארן, וואס האבן צום טויזנטסטן מאל רעפעטירט די זעלבע באוועגונגען: איבערשניידן א דראט, ארויסנעמען מינעס פון דורכ־גאנגען. מען האט געפירט קלעצער פאר צוקונפטיקע אריבערפארן. מען האט געלערנט געקרייזלטע רעגולירערנס פאר וועגן, איבער וועלכע עס זיינען נאך רוזיק געפארן דייטשן. מען האט געפירט א כעזשבן פון קאסטנס קאנסערוון, בעטלעך פאר פארוואונדעטע, ציסטערנעס מיט ברענשטאף. קיין שניי איז נאך ניט געווען, און מען האט שוין אויסגעלאדן וואלעקעס. עס זיינען גע־ווען טויזנטער מאפעס; דער קאמאנדיר פון פראנט, דער גענעראל, פאלקאוו־ניק איגנאטאוו, אסיפ, אלע האבן געקוקט אף מאפעס, וווּ עס זיינען געווען אנגעצייכנט דעם סוינעס דיוויזיעס און פאלקן. מען האט געוווּסט, וועד ווו עס איז — ווו עס זיינען איטאליענער, רומענער, דייטשן; מען האט גע־ווּסט, וואס פארא דייטשן — שטארקע אדער אפגעריבענע, עסעס אדער רעזערוון. מען האט געוווּסט, אז אין דער איטאליענישער דיוויזיע „ראווענא" זאגן זיך די זעלנער איינער דעם אנדערן: „צו וואס זיינען מיר אהער געקו־מען?" און אז די איין און זיבעציקסטע דייטשישע דיוויזיע איז געקומען פון רייכס. אין דער אויסשפיר־אפטיילונג האט מען פארשריבן די נעמען פון רייכסווער־גענעראל, געלייענט בריוו מיט קרומע גאטישע אויסיעס, ווו ליטענאנט שמידט מעלדעט זיין פרוי, אז מען האט אפגערופן די אורלויבן. די רעדאקציעס פון די פראנט־צייטונגען האבן געגרייט נומערן מיט אופרופן

צום „ענרגילטיקן קלאַפּ״. פּאָעטן האָבן געשריבן לידער, און זעצערס אין
זעמליאַנקעס אָדער אין לאַסט־אויטאָס האָבן געזעצט איין און דאָס זעלבע
וואָרט: „אָפּענסיווע״. די פּאָליטאַרבעטער האָבן פאָרגעלייענט פאַר די קעמ־
פער די טאָגביכער פון דייטשישע טאַליאַנים, גערעדט וועגן די ווגדן פון
הײמלאַנד, קאָנטראָלירט די הערצער, ווי אַ מעכאַניקער קאָנטראָלירט אַ מאָ־
טאָר. דער פּלאַן איז געווען צוזאַמענגעשטעלט. צענומען אַף דעטאַלן און
ווידער צוזאַמענגעשטעלט. אַ הויכער גענעראַל מיט אַ קראַנקער לעבער איז
אַרומגעפאָרן די פּאָזיציעס, אויסבאַהאַלטנדיק פון אַנדערע, אַז ער האָט אַ
אַטאַקע. פּאָלקאָווניק איגנאַטאָוו האָט געזאָגט אַסיפּן: „זעקס נול־נול״. מיט
צעשפּרייטע אויגן־אַפּלען פון שלאָפלאָזיקייט, האָט זיך סטאַלין אַריינגעטאָן
אין דער מאַפּע, און עס זיינען פאַר אים דערשינען דער סטעפּ, בערגלעך,
באַלקעס — ער האָט דערקענט די דאָזיקע ערד אַף אויסנווייניק. מען האָט
אויך געדאַרפט פאָרויסזען דאָס, וואָס מען האָט ניט געקענט פאָרויסזען —
אַז אונדזערע טאַנקיסטן וועלן אַנטרעפן אין טאַצינסק פיינטלעכע אַוויאַנען,
און אַז מען וועט שפּעטער דאַרפן פאַרברענען די דאָזיקע אַוויאַנען, אַז גע־
וויסע דייטשישע גענעראַלן וועלן זיין פאַר אַ צייטמעסיקן אָפּטרעטן, און אַנ־
דערע וועלן זיין קעגן; אַז מאַנשטיין וועט האָבן אַ סאַך טאַנקען, אָבער אין
לעצטן מאָמענט וועט ער זיך אַרויסשטעלן אַלס פּעדאַנט; מען האָט אויך
באַדאַרפט פאָרויסזען סיי דעם קעגנערס מייסטערשאַפט און סיי די מעג־
לעכע טאָעסן זיינע, אַלץ, אַריינרעכענענדיק שפּעטע רעגנס, פּריאַיקן אייד־
צודעק, ווירקונג פון דער לעוואַנע, אַ פאַרזען, אַ צופאַל.

אין דער צייט וואָס עס איז אָנגעגאַנגען די דאָזיקע האַרטנעקיקע, לאַנגע
צוגרייטונג, איז דער באַטאַליאָן, מיט וועלכן עס האָט איצט אָנגעפירט אַסיפּ,
געשטאַנען אונטער אַ הוראַגאַן פייער, צוריקגעשלאָגן דייטשישע אַטאַקעס,
געמאַכט פּרוּוון פון קאָנטראַטאַקירן, קעדיי ניט אָפּצוטרעטן, אָפּגעגאַנגען מיט
בלוט — ניט קיין סאַך איז שוין פאַרבליבן פון יענע, וואָס האָבן אין אַ הייסן
אויגוסט־טאָג צום ערשטן מאָל אַ קוק געטאָן אַף די דאָזיקע אומהיימלעכע
פּלעצער. דאָ איז געבראַכט געוואָרן צו קווּרע דער עלטערער לייטענאַנט זאַ־
רובין, וועמען מינאַיעוו האָט אַ נאָמען געגעבן „מיסטער״ פאַר זיין לאַנג־
זאַמקייט. זאַרובין איז אומגעקומען בײַ אַ קאָנטראַטאַקע. דאָ זיינען די
קוואַרים פון שאַפּאָוואַלאָוו, זאַגוואַזדיעוון, מאַגאַראַדזען, מוטענקאָן, בראַד־
סקין און אַ סאַך אַנדערע. „אַ פאַרשאָלטענער בערגל״, טײַנעט מינאַיעוו.

אַלץ איז געווען פּאַרטיק און אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן דאָן, ווען עס
האָט זיך באַדאַרפט אָנהויבן. און פאַר די קעמפער פון באַטאַליאָן האָט זיך
עס אָנגעהויבן פון בערגל, פון ערשטן דזאָט, אין וועלכן עס האָט זיך שטור־
מיש געזידלט דער געוועזענער שערער פון סאַטשינער סאַנאַטאָריע, דער
אויספירער ליובימאָוו. ווען מינאַיעוו האָט געזאָגט, דאָס מאָל שוין ערנסט:
„בעעמעס, אַ היסטאָרישער מאָמענט״, האָט ליובימאָוו אַ מאַך געטאָן מיט
דער האַנט און אָפּגעקערט זיך — ס׳איז לייכט צו דערמאָנען די געשיכטע,
בעיס זי איז ווייט, אָבער דאָ איז ניט פאַר דעם...
פּאָלקאָווניק איגנאַטאָוו האָט געהאַלטן אַסיפּן פאַר אַ גלענצנדיקן קאָ־

מאנדיר. אים איז געפעלן, וואס דער מאיאר אלפער היצט זיך ניט, לאזט ניט אראפ די נאז, איז שטענדיק מעיושעוודיק. דער פאלקאווניק האט בא א געלעגנהייט א טראכט געטאן: לעבן מיט אזא איינעם איז גודנע, וועסט זיך נאך אופהענגען, אבער ער קעמפט גוט... אסיפ האט געקעמפט, ווי ער פלעגט פריער ארבעטן — טרוקן און ליידנשאפטלעד, — דאס איז דער זעל־בער זאוואד, נאר ס'איז א פארדרוס, וואס מען דארף אים כארעוו מאכן... דאס אלץ, וואס מען רופט אן „די ראמאנטיק פון קריג" — דער אזארט פון שפיל, דאס פארכלינגען זיך מיט דער געפאר, דער נייער שטייגער, מארשן, שייטערהויפנס,ביידלעד אין וואלד, א לעבן אן דער ווייב, מיט א שטענדי־קער אומדערטערגלעכער ווי א בייזע בייסעניש, בענקשאפט נאך א פרוי, מיט דירנדע בריוו און גראבע ווערטלעד, דאס אלץ איז געווען פרעמד אסיפן. ער האט געבאלעמט פון טאג, ווען די מילכאמע וועט זיך ענדיקן, מען וועט קענען ארבעטן, בויען, צורעכט מאכן; ער האט געבענקט נאך א פאמיליען־לעבן; אנטציקט זיך מיט ראיען, אבער קוקנדיק אפן בילד, וואס זי האט אים געשיקט, פלעגט ער אפזיפצן — אזא איינע קעמפט אויך, אט וואס די דייטשן האבן אנגעמאכט; ער האט געטראכט דערפון, ווי שווער עס איז דער מאמען מיט אליענקאן אין דער עוואקואציע (ראיע האט אים געשריבן, אז זיי זיינען אין אוזבעקיסטאן); ער האט געהאסט די דייטשן אויך דערפאר, וואס זיי האבן פארפינצטערט דאס לעבן פון א קינד — איבערגעלאזט אליאזן אף א יאר, עפשער אף יארן אן דער מאמען. אין זיין באוווסטזיין איז די מילכאמע געווען אן עקלדיקע קרענק, וואס דער פאלקס־ארגאניזם דארף באזיגן. מעגלעך, אז טאקע דערפאר האט זיך אסיפ אזוי באפריינדעט מיט די קעמפער, וואס האבן, פונקט ווי ער, געבענקט נאך די מישפאכעס, געהאסט די דייטשן פאר די פארברענטע הייזער, פאר די דערמארדעטע אומשולדיקע מענטשן, פארן צעוודערטן לעבן, די קעמפער פלעגן זאגן וועגן קאמאנדיר: „ער פארשטייט"... אין די ערשטע כאדאשים פון קריג פלעגט זיך אסיפ פרעגן: עפשער רייד איך „לויט די צייטונגען" (ראיע פלעגט לאכן), טאמער פעלן געפילן?... און דאן איז ער נאך געווען א קאמיסאר... איצט האט ער געטראכט דערפון, ער האט געפילט דאס זעלבע וואס אלע.

ס'איז שווער אנצוגרייפן; מען זאגט, אז רעכטס איז לייכטער — דארטן זיינען רומענער. און דא זיינען דייטשן, און די דייטשן שטעלן א מוירעדיקן ווידערשטאנד. מען גייט פארויס לאנגזאם. א סאך קארבאנעס. די מענטשן זיינען מיד, פארטרויערט. אבער ערגעץ ווו אינעווייניק ווימלט א האפענונג: דאכט זיך, אז איצט איז ערנסט... מינאיעוו — אדער ער וואַרטשעט „גענר־מען דריי כוטאָרס און מיר פרייען זיך, און בא זיי איז קימאט גאנץ איי־ראפע", אדער ער פאלט אריין אין היספּילעס — „איצט וועלן זיי זיך שוין א קייקל טאן, די הויפּטזאך איז געבן א גוטן שטויס"...

אין עטלעכע טעג ארום איז געוואָרן לייכטער: רומענער. מינאיעוו האט צעטיילט צעטעלעך: אזויפיל און אזויפיל פידלער גייען אוועק אין געפאנ־גענשאפט — מען קען דאך ניט מיטשיקן מיט זיי קעמפער! די רומענער פלעגן מונטער מארשירן צום הינטערלאנד און מינאיעוו האט זיך אנטציקט:

— גיב נאָר אַ קוש, פרײלעכע, װי אַף אַ כאַסענע...

נאָר אַט האָבן פּערציק דײטשן מיט אַ לײטענאַנט אופגעהױבן די הענט. נאָר עפּעס אַ נײַס... אַגעװ, ניטאָ נאָר קײן צײט צו פאַרטראַכטן זיך איבער דער אופירונג פון די פּריצן. מען װעט זיך דערמיט פאַרנעמען אין דער זיבעטער אָפּטײלונג, דאָרט האָט מען געװאָלדיק ליב פּסיכאָאַנאַליז...

אַ סטאַנציע, הונדערט װאַגאָנען — דײטשישע, פראַנצױזישע, בעלגישע, פּױלישע, טשעכישע — בלײבע לײבן־קרױנען, דרײקאָלירנדיקע קאָקאָרדעס און אַ שװאַרצער נײער אָדלער. גאַנץ אײראָפּע איז געקומען צופאָרן אין דאָזיקן אומהײמלעכן סטעפּ... מאַשינען פון פאַרשײדענע מאַרקעס; פון דער אַרמײ־צײטונג האָט מען זיך אַראָפּגעלאָזט נאָך פּאַפּיר, דערװײל האָט מען דערשנאַפּט צװײ קאַסטנס מיט פראַנצױזישן װײן. זעלנער עסן סאַרדינען, ספּאַרזשע, שאָקאָלאַד, טױשן זיך מיט צינדמאַשינקעס, מיט ליולקעס. צעקװעטשטע טאַנקען. אַ האַרמאַט — געװאָלט אױסשיסן און ניט באַװיזן. און אַ טױטער דײטש קוקט מיט אײן גאַנץ־פאַרבליבענעם אױג אַפּן לאַנגן װעג, און דאָס אױג טרערט.

— דער טײװל װײס װאָס דאָס איז! איך בין געפאָרן צום קאָפּע, און אינגנאַטאָװ איז שױן ניטאָ...

אָסיפּ שמײכלט, װיפל מאָל האָט ער עס געזאָגט זומער. אָבער דאַן פלעגט מען אַנטלױפן... און איצט איז גוט. אַפילע די אומאָרדענונג פרײט: אַלץ האָט זיך גערירט פון פּלאַץ, גענומען שפּרײזן, אופגערודערט זיך...

עס װעט לאַנג ניט זײן קײן פּאַסט.

מינאַיעװ לײענט דורך דער מאַמעס אַן אַלטן בריװ און זאָגט אָסיפּן:

— די מאַמעלע מײנע האַלט די גאַנצע צײט אין דערפינדן עפּעס. איצט האָט זי אַ פּרעכטיקן פּראָיעקט: אַרײנזעצן היטלערן אין אַ שטײג און פירן איבער אַלע לענדער. איך שטעל מיר פאָר, װאָס פאַר אַן עפעקט דאָס װאָלט געמאַכט, װען מען זאָל עס אָפּדרוקן אין ענגלאַנד. זײ װעלן גלײך גרינדן אַ געזעלשאַפט „צאָר באָל־היטלער". אָבער אַ מאַמעלע האָב איך אַן ענערגישע...

אָסיפּ האָט באַװיזן אָנצושרײבן ראַיען: „באַ אונדז איז אַלץ גלענצנד, װעסט זיך אינגיכן דערװיסן פון די צײטונגען... איך בין געזונט, װי נאָך קײנמאָל ניט, איך בין אָבער אומרויִק. װאָס איז מיט דיר? ראַיעטשקע, איך פלעג דיר קײנמאָל ניט קענען זאָגן װעגן דאָס װיכטיקסטע, איך בין אַבסאָלוט אומפעיִק צו פאָרמולירן, אָבער גלױב מיר אַז װערטער, איך פאַרנעם דיך ניט אַף קײן אײן רגע, אַפילע װען איך טראַכט פון גאָר עפּעס אַנדערש. עס באַאומרויִקט מיך, װי אַזױ עס איז דער מאַמען און אַליאַן. מען זאָגט, אַז פאַר די װאָס זײנען ניט געװױנט, איז דאָרט אַ שװערער קלימאַט, און איך װײס ניט װי אַזױ זײ זײנען פאַרזאָרגט מיט באַשפּײזונג? שיק מיר איבער דער מאַמעס בריװ. איך נעם דיך הײס אַרום, מײן טײערער סערזשאַנט!".

אינגנאַטאָװ האָט אַרױסגערופן אָסיפּן:

— מען דאַרף זיך בעסער באַפעסטיקן. די פּריצן מאַכן אַ פּרוּװ אַרױסצובאַקומען זיך, עפּעס אַנדערש בלײבט ניט איבער.

ער האט געזאגט דעם אָרדענאנץ, אז יענער זאל ברענגען שאמפאניער.

— א טראפירפלאש, פון פראנקרייך... נאך קיינמאל ניט געטרונקען, לאמיר פרובירן... ס'איז דא פאר וואס אויסצוטרינקען... דער גענעראל האט געזאגט, אז היינט וועט מען איבערגעבן אין „דער לעצטער שא". אז אינטערעסאנטע לאגע.

ער האט גענומען באווייזן אף דער מאפע: „אט האסטו דיר א פארקאווע..."

ווען אסיפ איז צוריקגעקומען אין באטאליאן, האט מינאיעוו אויסגעגלאצט די אויגן:

— ווו האסטו געקראגן בראנפן?

—וואס פארא בראנפן? שאמפאניער, א גלאז, אבער דאס איז דאר, אזוי ווי לימאנאד... אבער דו פארשטייסט, וואס עס האט פאסירט? מען האט ארומגערינגלט!

— איך זאג דיר, אז דו ביסט שיקער. וואס פלוידערסטו? וואס פאר אן „ארומגערינגלט", ווען זיי זיינען נעכטן אפגעטראטן זיבן קילאמעטער?...

— דו פארשטייסט גארניט. זיי האט מען ארומגערינגלט, ווארט אויס, ניט די — אלע, די גאנצע סטאלינגראדער גרופירונג. אזוי ווי דו הערסט, ב'קען נאך צו זיך ניט קומען...

שטענדיק א רויקער, א טרוקענער, האט ער איצט ארומגעכאפט מינאיעוו. און מינאיעוו האט געלאכט פון גליק און געזאגט:

— אין אלגעמיין איז די מאמעלע גערעכט. מירן אים ארייגזעצן אין א שטייג...

XXI

לואיז האט זיך די לעצטע וואכן אויסגעוויזן ווי שטיקלעך פון א כאלעם, בעיים דו כאפסט זיך אוף אינמיטן נאכט: א פאראד אפן עראדראם, אן איראנער גענעראל, א פעטער און אופגעבלאזענער, וואס האט געזאגט „איך פארגעטער פאלי בערזשער", קראסאוויצעס, וואס זיינען ענלעך צו די מיניאטורן אין „קארבעי", בערג, נאכדעם א יאס מיט אייזקריעס, א רוסישער אפיציר אין א פוטערנעם היטל... ס'איז מאדנע א טראכט צו טאן, אז נאר גארניט לאנג איז ער געווען אין לאנדאן...

פארן אפפארן האט אים מאיאר דייווים געזאגט:

— סטאלינגראד לעבט איבער די לעצטע טעג. אבער איך בין ניט קיין פעסימיסט, דער ווינטער וועט שטערן די דייטשן צו אנטוויקלען דעם דערפאלג. די נעכטיקע יעדיעס ענדערן אלץ. קלאר, אז מיר וועלן זיך ניט באגנוגענען מיט דארעם־אפריקע. פרילינג וועלן זיך אנהויבן אפעראציעס, מעגלעך, אף די באלקאנען... א שאד, וואס איר פארט אוועק. אבער רוסלאנד צייט איצט צו, איך פארשטיי...

מען האט אף לואיז געקוקט מיט א טאפלטן געפיל — מיט אנטציקונג און באדויערונג: ער איז געפארן אנטקעגן דעם טויט. און לאנדאן האט נאך אלץ איבערגעלעבט די פרייד פון צוריקגעקערטן לעבן; עס איז געווען בא־

זונדערס אנגענעם דער נאַכמיטיק־טיי, באַזונדערס ליב די באַשיידענע פּאַמיליע־יאַנטויווים. נאָר די אַנגעפּאַרענע אַמעריקאַנער, וואָס האָבן געהאַט אַ סאַך געלט, סיגאַרעטן, שאָקאָלאַד און נאָכמער שטורמישן לעבנס־לוסט, וואָס זיינען געגאַנגען געאָרעמט מיט בלייכע ענגלענדערנס האָבן געמאַכט דערמאָנען, אַז די מילכאָמע איז ניט פאַרענדיקט, אַז פאָרויס איז נאָך אַ סאַך טומל און אַ סאַך צאַר. אַן פאַרדרוס האָט זיך לואי געשיידט פון דער שטאָט, וואָס איז אים געווען טייער אינעם ווינטער פון די לופט־שלאַכטן, — איצט האָט ער זיך דאָ געפילט פרעמד.

אין ראיאַק האָט מען אים באַלד צוגעטראָגן ניַיס: די אַמעריקאַנער האָבן זיך צוזאַמענגערעדט מיט דאַרלאַנען. דער טייוול ווייס עס! ווידער די פאַרשאָלטענע פּאָליטיק. זיי קעמפן, ווי דאָס וואָלט געווען אַ פּאָקער, מען קען גאָרניט פאַרשטיין. און אויב עס וועט אויסקומען צו שטאַרבן, ווילט זיך שטאַרבן פאַר עפּעס, וואָס איז פּאַשעט, שטאַנדהאַפטיק. מען דערציילט, אַז די מענטשן, וואָס מען האָט אַרעסטירט אין אַלזשיר באַ פּעטענען, זיצן נאָך אַרהאַיעם. ווער ווייס, מען קען נאָך אונדז איינגיכן שטעמפּלען אַלס דעזערטירן, און געבן העלדן־טיטלען דער פּאָליציי!...

די באַגעגעניש מיט נייע כאַווירים, פיבערהאַפטע צוגרייטונגען, דיסקוסיעס וועגן דעם, וואָס פאַרא צעשטערער עס זיינען בעסער — סאָוועטישע אָדער אַמעריקאַנישע, — דאָס אַלץ האָט אָפּגערוקט אין אַ זייט סיי דאַרלאַנען, און סיי די מאַכשאָוועס וועגן דער צוקונפט.

ניט ווייט פון פראַנצויזישן עראָדראָם האָט זיך געפונען אַן אַמעריקאַנער באַזע. די לופט־פליער האָבן איינגעלאַדן די אַמעריקאַנער צום אָוונטברויט. לעבן לואין איז געזעסן אַ גיגאַנט מיט נאַיִווע מילכיקע אויגן פון אַ קינד, לייטענאַנט דזשעפער. פון אָנהויב האָט ער געשטערט לואין מיט זיינע מאַניערן: ער איז קימאַט ווי געלעגן אויפן טיש, געלאָזט דעם רויך די שביינים גלייך אין די אויגן אַריין, יעדן זאַץ פלעגט ער איבערשלאָגן מיט אַן אויסרוף „אָ!”. נאָכדעם האָט לואי אַ טראַכט געטאָן: „דערפאַר אָבער רעדט ער וואָס ער טראַכט. פון די ענגלענדער קאָנסטו דאָך אַ וואָרט ניט אַרויסציען...” צום ענדע אָוונט האָבן אַלע געכאַפּט אַ קויסע; ס'איז געוואָרן טומלדיק.

— צווישן פראַנצויזן זיינען דאָ אַ סאַך זייער דרייסטע, — האָט געזאָגט דזשעפער. — ס'איז קלאָר, איר האָט געהאַט נאַפּאָלעאָנען און לאַפאַיעטן. אַנערקענט אָבער, אַז איר זייט צוריקגעשטאַנען. מען קען ניט אויף אַ „דעוואַטין” אַראָפּשלאָגן אַ „מעסער”. די ענגלענדער זיינען געווען בעסער צוגעגרייט, אָבער זיי זיינען אויך צוריקגעשטאַנען. אַ שאָד, וואָס איך זייט ניט געווען אין אַמעריקע, — דאָס איז אַ נייע וועלט.

לואי איז בייז געוואָרן:

— ווען די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן די ענגלענדער גאָרניט געהאַט. זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, נאָכדעם ווי מען האָט אונדז צעריבן. און איר האָט נאָך בּיכלאַל ניט געקעמפט... איך פאַרשטיי ניט, מיט וואָס איר האַלט זיך גרויס? אויב די ענגלענדער זיינען קליגער פון אונדז אויף אַ לאָמאַנש, זייט איר — אויף אַ גאַנצן אָקעאַן...

דזשעפער האט ניט פארשטאנען, לואי האט איבערגעכאַזערט, דאן האט זיך דזשעפער זייער הויך צעלאכט:

— אַ! איר פאַרמאַגט עכטן אַמעריקאַנער הומאָר.

זיין געלעכטער האָט נאָכמער אופגערעגט לואין.

— און דאס, וואָס איר האָט געשלאָסן אַ געשעפט מיט דאַרלאַנען, דאָס איז אויך אַמעריקאַנער הומאָר?

— אין דעם פאַרשטיי איך גאָר ווייניק, — האָט געענטפערט דזשעפער. — דאָס איז פּאָליטיק, און מיך האָט ביז דער מילכאָמע אינטערעסירט מיין אַרבעט, קינאָ און באָקס. אָבער וואָס פאַרא שלעכטס איז אין דעם? דער מאַיאָר האָט געזאָגט, אַז די דאָזיקע איינפאַרשטענדיקונג האָט גאַראַנטירט דאָס לעבן פון אַ סאַך אַמעריקאַנער. מיר זיינען ניט קיין רוסן, בא אונדז וויל קיינער ניט גלאַט אַזוי שטאַרבן...

— און די רוסן, מיינט איר, ווילן?

— אַ! די רוסן, דאָס זיינען העלדן, דאָס ווייסן אַלע. אָבער בא אונדז איז אַן אַנדער באַציִונג צום לעבן... איך האָב געלייענט אין צייטונג, אַז איינער אַ רוסישער פליער האָט זיך אַריינגעשניטן אין אַ דייטשישן באָמבאַרדירער. דאָס איז עפעקטפול פאַר אַ פילם. אָבער איך פאַרשטיי דאָס ניט.

— מיסטאָמע ווייסט איר ניט, וואָס דאָס איז אַזוינס אומגליק. פראַנצויזן פאַרשטייען איצט ליכטער די רוסן, ווי אייך...

— איך האָב געזען איינעם אַ רוסישן, ער האָט זיך פאַרהאַלטן בא אונדז אַף צוויי טעג — געווען אַ וועטער ניט צום פליען... זייער אַ סימפּאַטישער, איך האָב אים געוואָלט אַ מאַטאַנע געבן אַ צינדמאַשינקע, אָבער ער האָט ניט גערויכערט...

— איר מיינט, אַז אים ווילט זיך ניט לעבן, אַזוי ווי אייך? גוט, דער דאָלאַר איז העכער סיי פאַרן רובל, סיי פאַרן פראַנק, אָבער דאָס לעבן פון אַ רוס אָדער פראַנצויז?...

— אַ! איר רעדט זייער שיין. אַלע זעען, אַז די אַמעריקאַנער ווען אינגיכן באַפרייען פראַנקרייך... איך וויל אייך אַ מאַטאַנע געבן, אַ צינדמאַשינקע, דאָס איז די לעצטע סיסטעם...

לואין ווייזט זיך אויס, אַז דאָס אַלץ איז געווען זייער לאַנג. ער גייט איבער דער גאַס פון אַ רוסישער שטאָט. עס פאַלט אַ שניי; ווייסע פייגל טראָגן זיך איבער דער וועלט, פאַרטראַכטע און שטילע, לאָזן זיי זיך אַרונטער אַפן קאָפּ, אַף די אַקסלען, אַף די וויִעס. דאָ זיינען אַנדערע פּענעמער — קומערפולע. אַוודע, די היימישע זייערע אַפן פראַנט... אַ מאָדנע שטאָט: אַ גרויס הויז, דערביי אַ הילצערנע בודע, ווייניק געשעפטן, נישטאָ קיין קאַווע, מענטשן גייען אַפּט איבערן מיטן גאַס...

— לואי, דו פאַרשטייסט זייערע אויסיעס?

— ניין. און בעיס זיי ריידן, פאַרשטיי איך גאָרניט, אָבער עס פילט זיך, אַז זיי קעמפן... אינטערעסאַנט, צי וועלן מיר אַריינפאַלן אין סטאַלינגראַד? קעדיי צו באַהערשן די מאַשינען, באַדאַרף מען עטלעכע כאָדאָשים. דאָ איז עפּעס אַלץ אַנדערש. פּאַפּיראָסן מיט מונדשטוקן, בראָנפן טרינקט מען ניט נאָכמיטיק, נאָר פאַר... איך האָב שוין פאַרשריבן צוואַנציק ווער-

מער, איך וועל זיך לערנען... רענע, מיר זיינען א וואך אן ציימונגען, מיר ווייסן גארנים...

אין אוונט זיינען זיי געשטאנען באם הויכרידער. נאר איין ווארט פארשטייען זיי: „סטאלינגראד".

לואי פרעגט דעם איבערזעצער:

— ער האלט זיך?

דער איבערזעצער דערקלערט:

— מען האט איבערגעגעבן „אין דער לעצטער שא" די רעזולטאטן פון אנגריף: מען האט דערהארגעט פינף און נײַנציק טויזנט און צוויי און זיבעציק האט מען גענומען אין געפאנגענשאפט. מען האט ארומגערינגלט די דייטשישע ארמיי...

— ווו?

— אין סטאלינגראד.

לואי לויפט צו רענען:

— געהערט? מען האט ארומגערינגלט די באשן! רענע, דאס איז דער אנהויב... פאר פאריז, פאר טולאן, פאר אלץ...

ער שטייט און לאכט. דאכט זיך, אז איך זע א שטיקל בלויען הימל, די זון איבער פראנקרייך. זיי מיינען, אז איך בין שיקער... איך האב נים געטרונקען קיין בראנפן, אבער איך בין שיקער... אינגיכן וועלן מיר אויך סעמפן... זיי גיבן אונדז „יאקס". דער מאיאר האט געזאגט, אז דאס זיינען גלענצנדע מאשינען... עס זאל נאר זיין וואס שנעלער!... א שאד, וואס מען קען נים שיקן עטלעכע טעלעגראמעס דעם מאיאר דייווים קיין לאנדאן: סטאלינגראד האט זיך אנדערש אויסגעדרייט... געוויס, ווייס ער, אבער עס וואלט זיך וועלן אונטערשרייבן אונטער דעם... איך בין דארט נים געווען, איך האב נים קיין רעכט, אבער איך בין א פראנצויז. פראנקרייך, דער מאמעס קיוועך, א גרויסער בוים מיט שיטערע בלעטער אפן בלויען הימל. און באשן... אנשרייבן דזשעפערן א דאנק פאר דער צינדמאשינקע, די פאפיראסן מיט די מונדשטוקן געפעלן מיר נים, דערפאר אבער קעמפט מען דא, און ווייסט איר, דזשעפער, די רוסן קענען נים נאר שמארבן, זיי קענען שלאגן די באשן... און נאך א וועלכער עס איז אומבאטאנטער מיידל אין פאריז אדער אין טור, אדער אין א קליינעם דארף אין בעקאנסוו — בריוועך: ליבע, מיר וועלן צוריקומען פון דאנען, פון קאלטן רוסלאנד, מיטן זיג... איך בין, דאכט זיך, בעעמעס שיקער, אבער איך האב גארנים געטרונקען. מען האט ארומגערינגלט די באשן... נים אלעמאל וועלן זיי ארומרינגלען... ווי גוט דאס איז, וואס איך בין דא!...

אין עטלעכע טעג ארום זיינען די פראנצויזישע פליער געווען אין צירק; זיי האבן אפלאדירט סיי דעם עקוויליבריסט, סיי דער מידער דארער רייטערן און סיי דעם נים פריילעכן לעץ. בעיסן איבערייס האט מען זיי ארומגערינגלט, געפרעגט: „ענגלענדער?" האבן זיי געענטפערט: „פראנסוז".

צו לואין איז צוגעקומען א נים יונגע פרוי און אויסגעשטרעקט א טיכל. ער האט זיך פארלארן. נים געוווסט וואס צו טאן. עס האט אים ארויסגעהאלפן דער איבערזעצער. די פרוי האט געזאגט:

— איך האָב געלייענט זאָלאַ... איך האָב אַ זון — אַ פּליער, אַזוי ווי איר... נעמט עס צום אַנדערנס...

לואי האָט איר געוואָלט אַ קוש טאָן, ער האָט אָבער ניט געוואַגט. ער האָט נאָר געהאַלטן אויף זיין ברייטער האַנטפּלאַך דאָס קליינע טיכעלע, ווי אַ שמעטערלינג, מוירע האָבנדיק צו צעקוועטשן עס, און איבערגעכאַזערט, „אַ דאַנק", זי איז אַנטלאָפן צו דער מאַמען...

— רענע, דאָ איז זייער קאַלט, אָבער, ווייסט, איך האָב נאָך ניט גע־פילט אַזאַ וואַרעמקייט...

זיי זיינען געגאַנגען דורך אַ פּוסטער, פינצטערער גאַס, און אַ שמילער שניי איז אַלץ געפאַלן און געפאַלן.

## XXII

קעלער האָט איינגעזייפט מיט אַ פּענדזל די באַקן און געטראַכט: קיי־נער וואָלט מיך ניט דערקענט, ניט גערטאַ, ניט מימי. פאַר דריי כאָדאָשים בין איך עלטער געוואָרן אויף צוואַנציק יאָר. ווען איך בין אַלט געוואָרן פיר און דרייסיק יאָר, האָב איך געזאָגט ווילין, אַז דאָס איז אַ האַלב לעבן, איך האָב דאָן ניט געטראַכט, אַז דער סאָף איז אַזוי נאָענט... מען דאַרף זיך אַרומקוקן אויף צוריק, באַנעמען די פאַרגאַנגענהייט...

אָבער קעלער האָט זיך ניט געקענט קאָנצענטרירן. ער האָט זיך שוין לאַנג ניט ראַזירט, ער האָט איינגעשניטן די גאָמבע; אַז אַ פאַרוואָס האָט ער אַ טראַכט געטאָן: עס וואָלט גוט געווען אַריינצוכאַפּן אַ שפּליטער פון אַ קויל אין הינטן... און באַלד האָט ער זיך דערמאָנט: דאָס וועט ניט ראַטעווען, זיי זיינען אין אַ קעסל, פריער פלעגט מען אַרויספירן די פאַרוווּנדעטע אויף „יונקערס", און איצט עוואַקוירט מען נאָר די עלטערע אָפיצירן. הייסט עס, אַ סאָף... די לעצטע יאָרן זיינען געווען פאַרביקע, טומלדיקע: מילכאָמע, מי־מי, לאָטאַ, יענע נעלינקע אין כאַרקאָוו, הוליאַנקעס, שטיפעריי מיט יינגלעך ווי ווילי לעמאַשל — ער האָט דאָס הינטל אויך אופגעהאַנגען... שוין צייט צו פאַרטראַכטן זיך... אָבער ער האָט ווידער געטראַכט פון עפּעס אַנדערש: דער אונטעראָפיציר שטעלברעכט האָט באַקומען ברויט פאַר קרומערן און גרינען, און זיי האָט מען אינדערפרי דערהאַרגעט. שטעלברעכט האָט באַ־האַלטן דאָס ברויט אין רוקזאַק. איצט איז ער אַוועק צום אָבערלייטענאַנט... איך האָב קיינמאָל אין לעבן ניט געגאַנוועט. אַפילו אַלס קינד פלעג איך ניט נעמען אין בופעט קיין צוקערלעך. עס ווילט זיך אָבער זייער עסן. דאָס איז דאָך ניט יווישערדיק — פאַרוואָס קומט שטעלברעכטן פיר הונדערט און פופ־ציק גראַם? איך בין שוואַכער פון אים... זאָל ער זיך האָבן אַ כשאַד, ער וועט סיי ווי ניט קענען דערווייזן. קעלער האָט געזוכט אין רוקזאַק, קיין ברויט איז ניט געווען. דער אויסוווּרף האָט עס מיט אַמאָל אויפגעפרעסן. קעלער האָט זיך פלוצלינג צעלאַכט — אָט דאָס איז אַ טעמע פאַר אַ דער־ציילונג: אַן אַנטראָפּאָלאָג, וועגן וועמען פּראָפעסאָר באַרנאַרד האָט געזאָגט: „דאָס איז איינע פון די האָפענונגען פון אונדזער וויסנשאַפט", באַגייט אַן אומגלויבלעכן פרווו פון גנייווע, פאַרפירט פון אַ שטיקל ברויט... ווען

איך האָב געזאָלט מאַכן אַ האַלוואַע באַ מײַן שוואָגער, האָב איך אַ וואָך נאָכאַנאַנד געכעזשבנט, צי איך וועל קענען אָפּגעבן צו דער צײַט. אונדזער גאַנצע ציוויליזאַציע — דאָס איז אַ לאָס, עס קריכט אָפּ אין אַן אויגנבליק... עס ווילט זיך מיר אַזוי עסן, אַז איך בין אימשטאַנד צו דערשטיקן אַ מענטשן, אַבי נאָר קריגן אַ שטיקל ברויט.

צוויי כאַדאַשים פּייניקן זיי זיך אין דאַזיקן פאַרשאָלטענעם קעסל. פון אָנהויב האָט קיינער ניט געוווּסט, מעגלעך, אַז די גענעראַלן האָבן געוווּסט, אָבער אָבערלייטענאַנט קראַוזע איז ניט געווען אינפאָרמירט, ער האָט געגעבן פעגלערן אַן אורלויב און יענער איז צוריקגעקומען מיט אַ געוואַלד: „איך גראַטולירן! עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז מיר זײַנען אין אַן עמעסן קעסל". אַ סאַך האָבן אים ניט געגלויבט: מיר האָבן אַרומגערינגלט די רוסן, וואָס האָט עס צו טאָן מיט אַ קעסל?... אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פעגלער האָט רעכט.

ריידנדיק מיט קעלערן, האָט דער אָבערלייטענאַנט קראַוזע אונטערגעשטראָכן, אַז פאַר אים איז קעלער ניט נאָר אַן אונטעראָפיציר, נאָר דער דאָצענט פון היידעלבערגער אוניווערזיטעט. קעלער האָט ניט געהאַט קיין לאַנגע צונג, פלעגט אים קראַוזע אָפט זאָגן דאָס, וואָס ער פלעגט ניט זאָגן פאַר אַנדערע. נאָך אין אָנפאַנג דעצעמבער, האָט קראַוזע דערציילט קעלערן, אַז „דער דיוויזיע־קאָמאַנדיר באַשטייט אויף דעם, אַז מען זאָל מאַכן אַ ריקצוג אויף ראָסטאָוו"; אַ סאַך גענעראַלן האַלטן זיך באַ דער דאָזיקער מיינונג; אָבער צווישן די אָפיצירן זײַנען דאָ אָנהענגער פון „פאַרטיידיקן סטאַלינגראַד באַ אַלע אומשטענדן" (קראַוזע האָט צוגעגעבן: „דאָס זײַנען פאַרטייאישע פאַנאַטיקער, אַמעראַציס אין מיליטערישן זין"). קעלער האָט זיך פאַרלאָרן; מער פון אַלץ האָט אויף אים געווירקט דעם אָבערלייטענאַנטס אויפריכטיקייט אין באַצייכענען די מענטשן אַלס „פאַרטייאישע פאַנאַטיקער". אַזוי פלעגן זיך אויסדריקן סקעפּטיקער אין דרײַ און דרײַסיקסטן; אָבער דערנאָך, ווען עס פלעגן אַפילו קומען אָפּן געדאַנק אַזעלכע עמעסן, פלעגט מען זיך דערמיט טיילן נאָר מיט דער ווײַב, און דאָס אויך שטיל־שטיל... קלאָר, אַז די געשעפטן גייען שלעכט, אויב אַזאַ קראַוזע איז אַרויס מיט לאָשן. פון אויגוסט האָבן מיר געשטורעמט סטאַלינגראַד; ניט לאַנג איז געווען אַ באַפעל פאַרניכטן די לעצטע נעסטן פון פאַרטיידיקונג. און פּלוצלינג געטוישט די דעקאָראַציעס; עס ווײַזט זיך אַרויס, מיר זײַנען נאָר די „פאַרטיידיקער פון סטאַלינגראַד". איך פאַרשטיי גאָרניט...

עס האָט זיך ווייניק וואָס געענדערט אין טאָג־טעגלעכן לעבן. דאָס זעלבע אומדערטרעגלעכע קנאַלן פון דער אַרטילעריע, די זעלבע קאַמפן פאַר אַ הויז אָדער פאַר אַ טראַנשיי, די זעלבע קינדישע שפּיצלעך באַ ווילין, וועראָוסעס וווּלגאַריטעטן. געקאָרמעט האָט מען שלעכט, אָבער דאָך געקאָרמעט. פעגלער האָט דערציילט, אַז די רומענישע קאַוואַלעריסטן זײַנען געוואָרן פוסגייער — די פערד האָט מען טראַנספּאָרטירט אין קיך אַרײַן. אַ פערד־גוליאַש פלעגט האָבן דערפאָלג. ווערנער פלעגט האָקן אין דער נאָז אַרײַן און שרײַען: „איך וואָלט די רומענער אויסגעשאָכטן! ווען דו אָרגאַניזירסט אַ כאַזער

אדער א גאנדז, זיינען זיי באלד דא, און טאמער דארף מען אפשלאגן „איוואנס" אן אטאקע, קענסטו זיי גארניט געפינען".

קראוזע האט געמאלדן: ס'איז דא דעם פיורערס א באפעל — האלטן זיך טראץ אלעמען. א ריזיקע ארמיי מיט טאנקען, אנגעפירט פון פאן מאנשטיין קומט אויסלייזן דעם ארומגערינגלטן גארניזאן.

עס זיינען דורך נאך צוויי וואכן. א רוסישער סנייפער האט דערהארגעט פעגלערן. עס האבן זיך איינגעשטעלט די פרעסט. מען האט ווידער פארקלערט די ברויט־פארציעס. מענטשן זיינען געווארן אפגעשוואכט, פארפרארן. אבערלייטענאנט קראוזע פלעגט איבערכאזערן: „איינגיכן וועט צוקומען הילף"... און בלייבנדיק אויג אף אויג מיט קעלערן, האט ער געזאגט: „פאן מאנשטיינס טאנקען זיינען געבליבן שטעקן. מיר האבן באדארפט ארויסגיין באגעגענען זיי, האט זיך אבער באקומען א מיכשל... עס זיינען דא ניי־געבאקענע אויטאריטעטן, וואס קענען נאר שרייען... איצט בלייבט נאר איבער איינס: האלטן זיך. אין קאן שטייט דער דייטשישער קאוועד. און די וויינאכטן זיינען ניט קיין פריילעכע בא אונדז..."

לעקאוועד וויינאכט האט מען ארויסגעגעבן א פונט ברויט, קאנסערוון, אביסל ראם. קעלערן איז געוועז זייער אומעטיק; ער איז אזוי אפגעשוואכט געווארן, אז ער האט זיך אנגעשיקערט מיטן ערשטן שלונג. עס האט זיך געבענקט נאך געמיטלעכקייט, נאך צערטלעכקייט. און די רוסן האבן דאווקע געשאסן אף זייער קווארטאל. אויסווארפן — זיי נעמען ניט אין אכט די יאנטויווים!... קעלער האט זיך דערמאנט דעם וויינאכט־בוים, באשאטן מיט פלימערלער, רודי דריקט צו זיך א הילצערנע ביקס... גערטא פלעגט זיך לאנג גרייטן צום דאזיקן טאג, זי פלעגט אויסקלייבן א פעטערע גאנדז, זי פלעגט באקן א קוכן מיט מאנדלען און געטריקנטע פרוכטן... אים האט זיך אויסגעוויזן, אז ער איז זאט, און ער קען גאר רויק ניט טראכטן פון עסן... צי דען איז א מענטש פאשעט א כאיע?... אפילע אין אזא אוונט קען איך זיך ניט דערהויבן!... ער האט זיך באצווונגען צו דערמאנען גערטאן; זי איז פאר אים אנטשטאנען אזא, ווי זי איז געוועז, בעיס זיי האבן זיך באקענט — א שוואכע און א צוטרוילעכע. זי פלעגט זיפצן, ווען ער פלעגט זי ארומנעמען. ער פלעגט פרעגן: „איך האב דיך עפעס באליידיקט?" פלעגט זי ענטפערן: „ניין, דאס איז פון גליק..." „טייערע גערטא, ער וועט זי שוין מער ניט זען!..." און קעלער האט אויסגעשנייצט די נאז — די טרערן זיינען אהין ארייין. ער האט ניט געקענט איינשלאפן, אזוי שארף, אזוי אנגעשטרענגט האט ער זיך באדויערט.

אלע זיינען פארזויערט געווארן, האט זיך געטרייסט קעלער. דאס איז פון שלעכטער דערנערונג. צי דען קען מען אופהאלטן א דערוואקסענעם מאן מיט א פארציע פון א פייגעלע? ווערגאו האט זיך גערעכנט אין דער ראטע פארן סאמע שטאנדהאפטיקסטן, ער האט לייכט אריבערגעטראגן איבערגאנגען, ניט געוווסט פון פאכדאנעס, ניט באקלאגט זיך אף דער קעלט, מען האט אים געשעצט, האגאם אייניקע האבן געהאט אויסצוזעצן קעגן זיינע גראבקייטן. עס איז, דאכט זיך, ניט געוועז קיין איין שטאט, ווו ער זאל ניט האבן עמיצן דערהארגעט, ניט נאר יידן אדער קאמוניסטן, דאס איז

דאַך פאַרשטענדלעך, נאָר פאַשעטע איינוווינער... אין כאַרקאָוו האָט ער אויפֿ־ געהאנגען אַף אַ באַלקאָן אַ פּרוי, געשריען: „דאָס איז אַ באַנדיטקע", שפּע־ טער האָט ער זיך מודיע געווען: „זי האָט באַהאַלטן אַ גאָלדענעם זייגערל און איך בין פאַרשוויצט געוואָרן זוכנדיק אים". איצט איז אים ניט צו דערקענען, ער האַלט אין איין מרוקען: „פאַרוואָס דאַרף איך אַזוי ליידן? וואָס פאַרא שלעכטס האָב איך געטאָן? עס קערן מיר זיך איבער אַלע קישן קעס, איך קען זיך ניט קיין דריי טאָן... שמידט באַווייזט אַלעמען אַ פאַר־ שימלטן פּאַפּירל: „דעם 7־טן יאַנואַר 1678 יאָר איז דערשינען פאַר מיר, דעם זינדיקן, די הייליקע דאַראַטייאַ און געזאָגט, אַז דעם יעניקן, וואָס וועט דאָס איבערשרײַבן, וואָס וועט זאָגן דריי מאָל „פּאַטער אונדזערער" און וואָס וועט געבן אַ נעדאָווע אַ וואַנדערנדיקן, וועט דער אַלמעכטיקער רעטער באַשיצן פון פייער, קעלט, הונגער און פון אַן אינערלעכער אָפּטרייסלונג"... קעלער האָט אָנגערופן שמידטן „אייזל", אָבער אַף יעדן פאַל, „מאַלע וואָס עס מאַכט זיך" האָט ער איבערגעשריבן דעם שפּרוך, געזאָגט דריי מאָל „פּאַטער אונדזערער" און אַ טראַכט געטאָן: פון אַ נעדאָווע וואָלט איך זיך איצט אַליין ניט אָפּגעזאָגט... שמידט זיפצט: „נאָך וואָס זיינען מיר אהער געקומען?..." אַלע זאָגן, אַז נאָך איינעם אַזאַ טיפעש קען מען אפילו אין ביַיערן ניט געפינען (ער איז דער איינציקער אין דער ראַטע פון בייַערן). און דאָך פרעגט זיך קעלער, אַזוי ווי שמידט: צו וואָס בין איך דאָ?...

עס האָבן צירקולירט קלאַנגען, אַז די רוסן האָבן געשטעלט אַן אולטי־ מאַטום, צוגעזאָגט אַלעמען, וואָס וועלן זיך אונטערגעבן, מויכל צו זיין. קעלער האָט געוואָלט פרעגן דעם אָבערלייטענאַנט, צי דאָס איז עמעס. קראַוזע האָט געענטפערט:

— איך האָב אויך געהערט... מיינט ניט, אַז פאַר מיר אַנטפּלעקט מען די סוידעס פון די געטער.

— און איר האַלט, אַז עס זיינען דאָ שאַנסן?...

— ניין. דאָ זיינען פאַר אונדז ניט קיין פּראָנצויזן און ניט קיין ענג־ לענדער. אונטערגעבן זיך די רוסן טאָר מען ניט. עס איז געווען צופיל... ער האָט זיך פאַרטראַכט, זוכנדיק אַן אויסדרוק, — איך וויל זאָגן, אַז די מילכאָמע האָט אָנגענומען אַ צו שאַרפן כאַראַקטער...

באַנאַכט האָט ווילי געפּליסטערט קעלערן:

— איך קען ניט מער. ווען איך זאָל זיין דרייסטער, וואָלט איך זיך אַרויסגערוקט — זאָל „איוואַן" דערהאַרגענען. אַ גענעראַל איז לייכט צו שטאַרבן, ער האָט זיינס אָפּגעלעבט. בוצדעם, ליידט ער אפילו אויך ניט, וואָס צו עסן האָט ער איבערגענוג, זיצט אין אַ בלינדאַזש, וואָס קיין שום קויל וועט ניט דורכהאַקן... און איך האָב אפילו גאָרניט געלעבט. איך בין ניינצן יאָר אַלט... פאַרוואָס דאַרף איך שטאַרבן?... מען זאָגט, אַז די רוסן האָבן פאַרגעלייגט אונטערצוגעבן זיך...

— ס'וועט גאָרניט אַרויס דערפון. זאָגן צו, און דערנאָך וועלן זיי דערהאַרגענען...

— פאַרוואָס?

— אַזיאַטן, דאָס איז בא זיי אין בלוט... בוצדעם, זיינען זיי זייער בייז.

איך האב זיך איצט דערמאנט, ווי ווערגאו האט אין מילעראווא אופגעהאנגען דריי מאן...

— איך האב קיינעם ניט אופגעהאנגען, — האט שנעל געזאגט ווילי.
— איך האב זיך נאר צוויי מאל פאטאגראפירט לעבן דער טליע, אבער דאס איז גלאט אזוי א וויץ...

— האסט זיך נים וואס צו פארענטפערן פאר מיר, איך בין ניט „אי־וואן"...

קעלער האט א טראכט געטאן: ווי גוט עס איז געווען אין דיזשאן! אגעוו, ווער וויים, וואס עס וואלטן מיט אונדז געמאכט די פראנצויזן, ווען מיר פאלן אריין צו זיי אין די לאפעס?... מימין האט מען מעכאבעד געווען נאר דערפאר, וואס זי פלעגט זיך טרעפן מיט מיר. און דער פראפעסאר דיומא?... א בייזער אלטער, אזא איינער קען שעכטן... מענלעך, אז עס איז דא אביסל אונדזער שולד, ווי דאס זאל נים זיין, זיינען מיר צו זיי געקומען, דאס איז שטענדיק ניט אנגענעם... צייטנווייז פלעגן אונדזערע זיין גראב. איך האב קיין שום שלעכטס ניט געטאן, געמאכט א פאר מאל א סקאנדאלכל נאך א שנעפסל, אבער דאס רעכנט זיך ניט... זיי האבן אונדז נים ליב. מען האט אונדז ביכלאל ניט ליב — מען איז מעקאנע און מען האט מוירע... אבער דאך וועל איך ניט גאראנטירן, אז ווערגאו האט זיך גוט אופגעפירט אין פראנקרייך. איך וויים ניט, ער איז ניט געווען אין אונדזער פאלק. און אין רוסלאנד האט ער גענומען א צו הויכן טאן... איך פערזענלעך האב ניט דערהארגעט קיין איין ציווילן. עס פלעגט אויסקומען צו זיין שארף, קענסט נים זאגן די רוסן „ביטע" אדער „אנטשולדיקט", דאס איז ניט אין זייערע זיטן... עמעס, יענץ מיידל האט ניט געוואלט גיין, איך האב זי ארייננגע־שלעפט. אבער צי דען איז עס א פארברעכן? ווען א מאן איז לאנג אן א פרויען־געזעלשאפט, רעכנט ער זיך ניט מיט די געזעצן פון אנגענומענע פיינע זיטן. אגעוו, האב איך איר קיין שום שלעכטס נים געטאן, און געוויינט האט זי דערפאר, ווייל אלע רוסישע זיינען טאמען, עס איז גענוג איבערצו־לייענען דאסטאיעווסקין... נאר אן אנדער זאך זיינען ווערגאו אדער פענלער, די דאזיקע האבן אריבערגעכאפט די מאס... אבער מען קען זיי ניט באשול־דיקן. דער אבערלייטענאנט איז שוין א ווייכער מענטש, ניט קיין פאנאטי־קער, אבער אפילע ער האט אופגעהאנגען עטלעכע באנדיטן, א מיידל... די רוסן האבן אונדז גלייך אנגעשטעלט קעגן זיך, ווילן ניט שאלעם מאכן מיט דער לאגע... און ביכלאל איז קראגזע גערעכט — איצט דארף מען זיך האלטן, ניטא קיין אנדער אויסוועג.

אינדערפרי האבן זיי זיך דערוווסט, אז ווערגאו איז באנאכט אריבער־געלאפן צו די רוסן. דער אבערלייטענאנט האט געזאגט: „פאר מיר איז ער אלעמאל געווען א טאליען, און ניט קיין זעלנער"... ווילי האט זיך געזידלט: „דער דאזיקער אויסוואורף האט אלעמען איבערגעכיטרעוועט"...

פארוואס זיינען מיר אזוי צעקראכן געווארן, האט געטראכט קעלער. מיט צוויי כאדאשים צוריק זיינען די רוסן געווען אין א שוידערלעכער לאגע, און זיי האבן זיך איינגעהאלטן. נאר א מעשוגענער קען זאגן, אז די רוסן זיינען העלדישער. פאכדאנים זיינען דא אומעטום, ניט אין דעם גייט עס.

די רוסן זיינען געווען בא זיך, זיי האבן פארטיידיקט זייער שטאט. דער פיורער רופט אונדז אן „פארטיידיקער פון סטאלינגראד". און איך מיין, אז דאס קלינגט ניט גוט. צו וואס זאל איך דארפן פארטיידיקן כורוועס פון א רוסישער שטאט? שמידט איז גערעכט, דער קאפ הויבט אן צו שווינדלען, ווען דו גיסט א טראכט, וואהין מיר זיינען פארקראכן. זומער פלעגט עס מיך פרייען: קימאט ווי אין אזיע, קעמלען, עקזאטיק. און איצט שרעקט עס מיך. שטארבן איז אומעטום שרעקלעך, אבער באזונדערס איז עס שרעקלעך, ווען דאס איז ווייט פון דער היים.

דאס איז געווען פונקט מיט צען יאר צוריק, אין יאנואר דריי און דרייסיקסטן. קעלער איז געגאנגען מיט מילערן פון אוניווערזיטעט. עס איז געווען זייער קאלט. זיי האבן גערעדט וועגן פראפעסאר בארגארדטס לעקציע. נאכדעם איז מילערס פלוצלינג געבליבן שטיין און שטיל געזאגט: „מיינט איר ניט, אז היטלער איז א מעשוגענער? איך האב געהערט זיין רעדע, א טיפישער פאראנאיקער..." קעלער האט געענטפערט: „איך ווייס ניט... אבער זאגט עס קיינעם ניט..." יא, דאן האב איך אויך געצווייפלט. עמעס, איך האב קיינמאל ניט גערעדט אזוי שארף, ווי מילערס, אבער דאך האב איך געצווייפלט. שפעטער האב איך גענומען גלויבן, אז דער פיורער — איז א גאעו. אלע האבן געגלויבט. און ווי אזוי האט מען געקענט ניט גלויבן: ער האט אונדז געפירט פון זיג צו זיג. און עפשער איז מילערס גערעכט?... צוזאמענטרייבן די גאנצע דייטשישע יוגנט אין דאזיקן גענעם און איבערלאזן עס אף העפקער... עס איז שרעקלעך, וואס איך הויב אן צו דענקען, אזוי ווי אין די באלשעוויסטישע בלעטלעך. מעגלעך, אז אין א שא ארום וועל איך שוין ניט זיין, איך פאראט פארן טויט. דאס איז עקלדיק!... אבער פארוואס דארף איך עס שטארבן? איך ווייס ניט... איך ווייס גארניט.

ס'איז געקומען דער אונטעראפיציר שטעלברעכט מיט ברויט. ער האט דערלאנגט קעלערן א פענעץ און געזאגט:

— דעם אבערלייטענאנט קראגזע האט מען דערהארגעט. ער האט זיך ארויסגערוקט פון טראנשיי...

קעלער האט ניט געענטפערט; ער האט ארויסגעכאפט דאס ברויט פון שטעלברעכטס האנט, און אין זיינע אויגן, ציין, אין די צוזאמענגעדרייטע פינגער איז געווען אזויפיל כאיעשעס, אז שטעלברעכט האט א זאג געטאן: „א ווילדער שטשור!..." און, אראפשלינגענדיק דאס ברויט, האט קעלער פארמאכט די אויגן און ווידער גענומען טראכטן — זאל זיין א שטשור, מיר איז אלץ איינס, אבער פארוואס שטארב איך?...

## XXIII

סערגיי איז געווען זייער צופרידן, ווען ער האט זיך דערוווסט, אז די ארדנס וועט פארטיילן דער גענעראל־מאיאר פעטריאקאוו. סערגיי האט אים עטלעכע מאל געזען באם אריבערפאר, אבער די צייט איז געווען א ברענענדיקע, און ער האט ניט באוויזן צו באטראכטן דעם מענטשן, וועגן וועמען ער האט א סאך געהערט; ער האט נאר פארגעדענקט, אז דער גענעראל איז א נידעריקער און הינקט אונטער.

ווען פעטריאקאוו דרייסטקייט און רו‏יקייט פלעגט מען דערציילן אויס־טערלישע געשיכטעס. מאיאר שילייקא האט אמאל ראפארטירט דעם גענע־ראל, אז ער האט אויסגעריסן א מינע און פארשאטן פעטריאקאוו, איז ער אויפ־געשטאנען, אפגעטרייסלט זיך און געזאגט דעם מאיאר: „לאזן ניט אר־בעטן...” שילייקא האט נאכדעם דערציילט: „בא מיר דרייט זיך אלץ אין די אויגן, און ער זאגט — לאדט אן די באטעריע”...

גענעראל פעטריאקאוו איז געווען ענלעך צו א באיארנטן אגראנאם אדער צו א דארפישן דאקטאר; א גוטמוטיקער, א ביסל צעשוווּמענער פא־נעם; שלעכט צוגעפאסטע ברילן האלטן אין איין גליטשן זיך אף דער פלייי־שיקער שפּיציקער נאז; א שטילער, גלייכמעסיקער קאל. פאלקאווניק רומיאנ־צעוו האט אים געפרעגט: „איליא וואסיליעוויטש, ווי אזוי איז עס, וואס איר בייזערט זיך קיינמאל ניט? איך האב קיינמאל ניט געהערט, אז איר זאלט אנשרייען אף עמיצן...” פעטריאקאוו האט א שמייכל געטאן: „אין דער היים פלעגט טרעפן, אז איך בין ארויס פון די קיילים... אבער דא טאר מען ניט — ס'איז שוין אז דעם אויך טומלדיק, וועסט ניט אריבערשרייען. אז מ'זאגט שטילער, ווירקט עס בעסער”...

פעטריאקאוו איז געווען דער זון פון א סטאלער, וואס האט געארבעט מיט רויטן האלץ; אין די קינדעריארן האט ער געטרוימט צו ווערן א סקולפּ־טאר, און ווען עס האט זיך אנגעהויבן דער בירגער־קריג, איז ער אוועק שלאגן דעניקינען און פארבליבן אין דער ארמיי. ער האט שטודירט לאנג, אקשאנעסדיק, באצויגן זיך מיט דרערעבערעין צו דער וויסנשאפט. פאר דער ווייב זיינער, דער לערערקע, איז דעם מאנס לײדנשאפט צום מיליטערישן פאך, פארבליבן אומפארשטענדלעך. שוין אין ערשטן יאר פון זייער צוזא־מענלעבן האט זי אים געפרעגט: „ניט שוין־זשע האסטו ליב מילכאמע?” ער האט פאריכט די ברילן און געענטפערט: „ניין, טאניושא, איך האב עס ניט ליב, איך שטעל מיר קוים פאר, אז א מענטש זאל עס קענען ליב האבן... אבער וואס שטארקער עס איז אונדזער ארמיי, אלץ קלענער איז די מילכאמע ריזיקע. מענטשן האבן מיר קרעפטיקע, עס פעלט וויסן, איך פיל עס אין זיך”...

קעריי אנצוקומען צום גענעראל, איז סערגייען אויסגעקומען צוויי מאל אריבערצוגיין די וואלגע. גענעראל פעטריאקאוו האט א שמייכל געטאן:

— מען האט אויסגעצייכנט דעם קאפיטאן וולאכאוו, און דעם אָרדען גיב איך א מאיאר. איך האף, אז דאס איז ניט קיין טאעס, נאר די לאגיק פון די געשעענישן...

סערגיי האט באקומען די „רויטע פאן”, לייטענאנט וואסילענקא „לע־נינען”. דער גענעראל האט זיי גראטולירט. זיי זיינען צוגעקומען צום קאפע. עס איז געווען א פראסטיקער זוניקער טאג. דער שניי האט מיט הארצוויטיס צוגעדעקט די צעפייניקטע ערד. פעטריאקאוו האט געזאגט:

— איר זייט דא פון אנפאנג? וואס פארא שטאט דאס איז געווען!... מען וועט אלץ דארפן בויען אפסניי. וואס איז אייער ספּעציאליטעט, באַ־יוער מאיאר?

— בריקן.

— ס'וועט זיין ארבעט... ס'איז אוודע קיין איין בריק ניט פארבליבן. איך האב אנגעהויבן די מילכאמע אפן ניעמען. וויפל בריקן איך האב זיך אנגעזען!... געבויט, געבוים, און נאכדעם... הערט, איר פארשטייט וואס עס איז געווארן מיט די דייטשן? איך, זעט איר, פארשטיי ניט. נעכטן האט מען געבראכט א געפאנגענעם, — א מאיאר, א מענטש א באלעזענער, און דענקט ווי א ווילדער. וואס פארא אוניווערזיטעטן זיי האבן געהאט, ביבליאטעקן!... זיינען זיי געקומען צו אונדז, אלץ א טעל געמאכט, און איצט זיינען זיי פארקראכן אונטער דער ערד און נאגן פערדישע ביינער. טראגלאדיטן!...

וואסילענקא איז פאר דער מילכאמע געווען לערער; ער האט געזאגט:

— דאס איז, כאווער גענעראל, א פראגע פון דערציונג.

— ריכטיק, מיר, מיליטערלייט, לערנען זיך נאר קעמפן. אבער אויך אונדזער ראל איז א באגרענעצטע: קעדיי צו מאכן א גוטן זעלנער, באדארף מען דעם מענטש, און דעם מענטש מאכן ניט מיר, דאס איז פון די קינדער־יארן... אין אנהויב מילכאמע האבן מיר געקעמפט שלעכט, דאס איז ניט קיין סאד... אויב מיר האבן זיך אופגעהאלטן, איז עס דערפאר וואס דער זעלנער האט באגריפן... איך רייד וועגן שווערסטן: וועגן דעם באוווסטזיין...

פעטריאקאוו האט ווידער א קוק געטאן אף די כורוועס פון די הייזער, און סערגיי האט דערזען, אז באם גענעראל זיינען גוטע און טרויעריקע אויגן.

די דאזיקע אויגן פלעגט זיך סערגיי שפעטער דערמאנען. ס'איז צום באוווּנדערן — א מיליטערמאן, און גערעדט האט ער דערפון, וואס עס וועט זיין נאך דער מילכאמע. וואלט דען א דייטשישער גענעראל געקענט אזוי דענקען?... צווי וועלטן... צום ערשטן מאל אין לעבן האט זיך סערגייען פארגלוסט שרייבן. דערפון וועסטו אין א בריוו אדער אין אן ארטיקל ניט דערציילן; אז עפאפייע, א ראמאן!... ער האט זיך צעלאכט — אפגעזוכט זיך א שרייבער! איך קען דאך אפילע ניט אנשרייבן ווי געהעריק דער מאמען... אין דער ארמיי־ציימונג זיינען, געוויס, דא שרייבער, מען האט דערציילט, אז סימאנאוו איז געווען, גראסמאן האט געשריבן אין „שטערן", איך האב אים געזען באם אריבערפאר. מעגלעך, אז זיי וועלן אנשרייבן... ס'איז אבער שווער — מען דארף האבן א גרויסע רויִקייט... וועט זי זיין די דאזיקע רויִקייט?... ס'איז שרעקלעך, וואס זיי קענען נאך אמאל פארגעסן, איינס וועט פארשטעלן דאס צווייטע, איך אליין געדענק שוין אויך ניט א סאך... ווי איך בין געקומען מיט זאנינען. אין אויגוסט... זאנין האט געזאגט: „מיר זיינען אריינגעפאלן אין א געשיכטע"... יא, דאס איז א טרויעריקע געשיכטע, וועך עס האט זי דורכגעמאכט, זיינען בא יענעם די אויגן, ווי בא פעטריאקאוון. וועסט ניט מאכן דערפון קיין גרילצעניש... א הערלעכע געשיכטע! ווען מען זאל באשרייבן, וועט מען אויך שלינגען לייענענדיק דאס אין הונדערט יאר ארום — ווי א פאסטעכס א זון איז געזעסן אף דער שול־באנק, אנטדעקט שטערן, וואָרצלען, ציפערן, נאכדעם געבויט א בריק איבערן דאן אדער געארבעט אפן „רויטן אקטיאבער", נאכדעם פארטיידיקט די דאזיקע נייע וועלט, א צארטע און אייביקע, פארטיידיקנדיק דא — אף א ברעקל ערד — און געשטארבן, און ליגט ערגעץ אונטער כורוועס...

פעטריאַקאָוו האָט דערציילט סערגייען וועגן אולטימאַטום. די דייטשן גיבן זיך ניט אונטער, עס קומט אויס אַראָפּצושטופּן זיי. ס'איז געקומען ראַשעווסקי:

—וואָס פאַרא נאַרישקייט — לעווין איז געפאַלן... באַלאַשקין האָט צוגעפּרעסט די פּריצן, דערלאַנגען זיי איצט פון מינענשליידערער... אַ נאַרישע צופעליקייט! אַ שאָד — געווען אַ גוטער דאָקטאָר, ער האָט מיר געראַטעוועט אַ פוס.

סערגיי איז פאַרכוישעכט געוואָרן — לעווין איז געפאַלן. און עס איז טאַקע נאַריש — אויסלעבן די אַלע באַדאַשים און אומקומען באַם סאַמע סאָף... און, עפּשער, ווייזט זיך עס נאָר אויס, אַז עס איז נאַריש? לעווינס זון איז שוין לאַנג אומגעקומען, ווען די דייטשן זיינען נאָך געקראָכן. פאַר וואָס איז דאָן ניט געווען נאַריש?... לעווין האָט געלייענט דעם זונס לידער וועגן דער וואָלגע, אַז אַ טייך, איז ווי דער צאַר. דער טייך האָט זיך אָפּגעשטעלט. און לעווין איז געשטאָרבן. עמיצער וועט שטאַרבן אויך אין דער גאָר לעצטער מינוט... לעווין האָט ווי געפילט, ווען איך בין בּאַ אים געווען, ער האָט געזאָגט: „אַלץ גייט גלענצנד. איך מיין, אַז דאָס איז דער ווענדונגפונקט", ער איז אַ ווײלע אַנטשוויגן געוואָרן און צוגעגעבן: „דער זון איז דאָ אומגעקומען, דער ברודער באַם ריקצוג, דאָס ווייב האָבן די דייטשן געווים דערהאַרגעט, זי איז פאַרבליבן אין דניעפּראָפּעטראָווסק, איך פאַרשטיי ניט — ווי אַזוי בין איך געבליבן באַם לעבן?..."

די לעצטע טעג זיינען געווען זייער הילכיקע: מען האָט קעסיידער אויסגערויבערט די דייטשן פון די כורוועס, אופגעריסן קעלערן, אַ מאָל געמאַכט פון טראַנשייען. עס זיינען ניט אַנטשוויגן געוואָרן די „קאַטיושעס", די מינען־שליידערער. איבער די פאַרשניטע ברוכשטיקער פון הייזער איז געשטאַנען אַ שוואַרצער רויך. עס האָט אַזוי געקנאַלט, אַז שוליאַפּאָוו האָט געזאָגט: „שיידים טאַנצן אַ קאַראַהאָד"...

און פּלוצלינג איז געוואָרן שטיל; און דאָס איז געווען עפּעס אַזוי אומגעריכט, אַז סערגיי האָט זיך פאַרלאָרן. עס פליגן זיך, פאַרשטייט זיך, אויך פריער טרעפן שטילע שאָען, אָבער דאָך פליגן זיך דאָן דערטראָגן ביקסן־שאָסן, ערגעץ ווו אינדערווייטן פליגט שטעפּן אַ קוילנוואַרפער, דער ווינט פליגט אָהערברענגען דעם אָפּהילך פון קאַנאָנען. אָבער איצט איז די שטילקייט געווען אַ דעריכטע, אַ פעסטע. סטאַלינגראַד האָט זיך גלייך פאַרוואַנדלט אין אַ טיפן הינטערלאַנד. די שטילקייט האָט פאַרטויבט, געוואָרן וואָגיק, ניט געלאָזט איינשלאָפן.

סערגיי איז געגאַנגען איבער דער גאַס. קיין איין גאַנצע הויז... דאָ איז געווען באַלאַשקינס „ווירטשאַפט". צווישן כאַדאַשים האָט מען זיך געשלאָגן פאַר דער דאָזיקער גאַס... ליכעס, העלמען, פלעשלעך, האָלץ, דראָט.

ער האָט געטראָפן אַ סאָד דייטשן; אייניקע האָט מען געפירט אונטער אַ וואַך, אַנדערע האָבן געוואַגלט, ניט וויסנדיק, ווו אַנצוואַרעמען זיך. זיי פליגן אַרויסקריכן פון אונטער דער ערד, זיינען געגאַנגען וואַקלענדיק — פון הונגער, פון דער שאַרפער קאַלטער לופט, וואָס פליגט נאָך דער שטו־

קעניש טרעפן אין קאפ, פון שרעק. די שטאט האט אויסגעזען באוווינט פון גרא־גרינע שאטנס.

סערגיי האט אף זיי געקוקט אז האס און אז ראכמאנעס. עס זיינען נאך די דייטשן געשטאנען טיף אין רוסלאנד, זיי האבן נאך באלעבאטעוועט איבער אייראפע, אבער איצט צווישן דער פלוצימדיקער סטאלינגראדער שטילקייט, אין סטאלינגראד, וואס האט א טויטע געזיגט, האבן זיי שוין ניט אויסגעזען ווי מענטשן, נאר ווי גייסטער.

— דו האסט זיך געקענט פארשטעלן, אז עס וועט זיין אזוי שטיל? — האט סערגיי געפרעגט דעם מאיאר שילייקא.

דער מאיאר פלעגט ליב האבן דיסקוטירן; בעיס מען פלעגט זאגן, אז אזא באשיסונג אדער אזא באמבארדירונג איז נאך ניט געווען, פלעגט ער אומבאדינגט ענטפערן: „איך האב שוין געזען עפעס ערגערס”... דאס מאל האט ער אבער געענטפערט:

— ס'איז פאשעט אומדערהערט...

ער איז געזעסן אין זיין „הייל” און געשמייכלט; אפילע דער פאטעפאן האט געשוויגן: באם טעלעפאן האט, ווי שטענדיק, דיזשורירט די קליינע פארבינדלערן ווארא. שילייקא האט אנגעוויזן אף איר מיטן פינגער און ווידער א שמייכל געטאן — ווארא איז געשלאפן. צום ערשטן מאל איז זי רויק איינגעשלאפן: דער טעלעפאן האט אופגעהערט זיין דער שיקזאל — אט גיט ער א הודזשע, און עס באווייזן זיך דייטשישע טאנקען אדער עס קריכן אויטאמאטלער... ווארא איז געווען א דארע, א בלייכע, מיט קלוגע פארומערטע אויגן. דער מאיאר האט בא א געלעגנהייט דערציילט סערגייען, אז זי איז א סטודענטקע, אירע עלטערן און דער יינגערער ברודער זיינען געשטארבן אין לענינגראד פון הונגער. סערגיי האט א קוק געטאן אף דער שלאפנדיקער מיידל און האט זיך אויך צעשמייכלט.

— זאל זי זיך אויסשלאפן...

סערגיי האט אנגעשריבן וואליאן: „דו באדארפסט ויסן, ווי איך האב דיך ליב! זיי ניט איפערזיכטיק ניט צו דער פארגאנגענהייט, ניט צו דעם, וואס עס קען זיך אויסווייזן דיר אדער מיר, איך בין אומטריי אין די כאלוימעס, אבער אין לעבן איז אנדערש. מיר אלע לעבן איצט שרעקלעך פראסט און שווער. אזוי וואלט מען באדארפט ליבן — פראסט און שווער. בא אונדז איז היינט א גרויסער טאג, און דאס ערשטע, וואס מיר האט זיך פארוואלט, — איז אנשרייבן דיר, ווי אזוי עס וועט זיין, ווען די מילכאמע וועט זיך ענדיקן. מיט צוויי וואכן צוריק האב איך זיך צום ערשטן מאל פאטראכט איבער דעם, ריכטיקער האט מיר אף די דאזיקע געדאנקען ארופגעבראכט דער גענעראל. איך באמי זיך פארצושטעלן, ווי עס וועט אומעטום הערשן א שטילקייט. געדענקסט, איך האב דיר געשריבן וועגן ווארא־נאווון? איידער ער איז אומגעקומען, האט ער גערעדט, אז עס וועט ווידער אויסקומען צו בויען א בריק איבערן דאן, ער האט פארויסגעזען דעם אנגריף. איך טראכט איצט פון די בריקן, וואס מיר וועלן שפעטער בויען. מעגלעך, אז איך האב זיך צו פרי צעטרוימט, די מילכאמע איז נאך ווייט ניט געענדיקט. איך טראכט אויך פון אונדזער באגעגעניש. דיין ליבע — דאס איז

פאַר מיר אַ בריק צום נייעם, צוווייטן לעבן. זיי מוֹיכל, וואָס איך שרייב פאַרפּלאָנטערט, דיר וועט אויסקומען מאָדנע, אָבער איך בין פאַרטאָמט געוואָרן פון דער שטילקייט. זיי געזונט און באַוּמרוּיק זיך ניט וועגן מיר — איצט וועט שוין אַלץ אָוועק לייכטער".

באַ אַ שייטער זיינען געזעסן קעמפער. שוליאַפּאָוו האָט געלייענט מיט איבעררייסן: „גוט מאָרגן אָדער גוט נ'אָוונט, טייערער וואַניושאַ! קוידעמקאָל מעלדע איך דיר, אַז איך לעב און בין געזונט, וואָס איך ווינטש אויך דיר, און מיטיאַ איז העלדיש אומגעקומען. ווען עס איז אָנגעקומען די יעדיע, האָט דער טאַטע גאָרניט געזאָגט, איך האָב געליאַרעמט, אָבער ער האָט געשוויגן און אין אָוונט האָט ער זיך אָוועקגעלייגט, ער זאָגט, איך קען זיך ניט רירן"...

שוליאַפּאָוו האָט זיך פאַרהוסט פון רויך און אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט.

מען האָט אויסגעצויגן צום פייער פאַרגליווערטע פיס און הענט. ס'איז טונקל געוואָרן. איינער אַ שיסער האָט דערציילט:

— איך האָב געזען, ווי די גענעראַלן זיינען אַרויסגעקראָכן. האַלטן די הענט אין דער הויך, „צאַצקעס"... דער איבערזעצער האָט שפּעטער דערציילט, אַז אַ בייזער גענעראַל גיט עס אַ קלאַפּ מיטן פוס, שרייט — אַ ראַזיר-מעסער האָט מען באַ אים צוגענומען, מען האָט מוירע געהאַט — טאָמער קוילעט ער זיך, און ער וויל זיך גאָר ראַזירן. צו וואָס זאָל ער זיך קוילען? ער איז צופרידן...

אַלע האָבן זיך גוטמוטיק צעלאַכט.

— אַ שערעץ! — האָט זיך אויסגעזידלט שוליאַפּאָוו. — איצט איז ער צופרידן. אָבער וויפל מענטשן האָט ער אומגעבראַכט?

נאָכדעם זיינען אַלע אַנטשוויגן געוואָרן, האַנאַע געהאַט פון דער שטילקייט, געזעטיקט זיך מיט איר — וויפל זאָלסט ניט הערן, וועסטו זיך ניט אָנהערן...

צו סערגייען איז צוגעקומען שוליאַפּאָוו, געזאָגט:

— הייסט עס, כאָווער מאַיאָר, אַ זיג...

דאָס ניט געוווּנטע וואָרט האָט דערשיטערט סערגייען. יאָ, דאָס איז ניט קיין דערפאָלג, ניט קיין צופאַל, בעפּיירעש — אַ זיג!

ער האָט זיך דערמאָנט אַ סטאַטוע אין לוּווּר. שטענדיק, ווען ער פלעגט זיין אין מוזיי, פלעגט ער גיין צו איר. עס פלעגט זיך אים אויסווייזן, אַז דער זיג (געמיינט די סטאַטוע — כ. ב.) לויפט גלייך אָף אים... אָפּגעהאַקט דער קאָפּ, אָן אַ פּאָנעם, ניטאָ קיין הענט, גאָר פליגלען... דאָס איז געווען זייער לאַנג: דאַן איז געווען פרידן, מאָדאַ, די באַנק אונטערן קאַשטן-בוים... אָדער עפּשער, איז עס גאָרניט געווען, אַ כאָלעם, אַן אַלטער ראָמאַן, אין אַ געלן איינבונד...

פאַרוואָס האָבן מענטשן געמיינט, אַז דער זיג פליט? ניט עמעס. באַ אים זיינען די פיס אָנגעריבן ביז בלוט, ער קריכט איבער בלאָטע, איבער שניי, כאַפּט זיך אַריין אין שפּאַלטן. ער איז אַ פאַרוווּנדעטער, אַ מידער, אַ פאַרפראָרענער... ער איז, געווים, ענלעך צו דער קליינער פאַרבינדלערן באַם מאַיאָר שילייקאַ. דאָכט זיך, וואַריאַ... בעפּיירעש אַזאַ — ניט קיין

אויסגעפוצטער און דאך דער זיג. אט איז ער געקומען צו די סאפיארן, געזעצט זיך לעבן שייטער. עס איז אים קאלט. און דער שייטער האט געהאלטן באם אויסגיין, א ביסל ראזע אש פון מענטשלעכער ווארעמקייט.

## XXIV

קעלער האט זיך א גאנצן טאג געקוועלט — ער האט זיך ניט געקענט אנטשליסן ארויסצוגיין צו די רוסן. ער האט געוווּסט, אז דער ווידערשטאנד האט זיך פארענדיקט. אלע גיבן זיך אונטער; אבער אים האט זיך אויסגעוויזן שרעקלעך צוצוגיין צו א רוסישן און זאגן: „קאפוט!...” זיינע באוויירים פון דער ראטע האט ער נאך פארלארן נעכטן, ווען די רויטע זיינען צוגעקומען צו זייער טראנשיי. שטעלברעכט האט געשאסן פון אויטאמאט. שמירט איז געלעגן מיט א קויל אין קאפ. קעלערן איז געלונגען אנטלויפן. ער האט זיך באהאלטן אין א כארעווען הויז. א מעסלעם האט ער גארניט געגעסן. ער האט גענומען א ביסל שניי, הארט, ווי א שטיין, און אנגעהויבן זויגן. עס האט גענומען שטארק ווייטאן א צאן. ער האט צוגעגרייט א סאך ווענדונגען צו די רוסן; ער וועט זאגן „איך האב קיינעם ניט דערהארגעט”, אדער „איך בין ניט קיין נאצי, מען האט מיך געצוווּנגען קעמפן”, אדער „איך בין א וויסנשאפטמאן, אן אנטראפאלאג”. אבער קיין איינע פון די דאזיקע פארמולעס האט אים ניט באפרידיקט — זיי איבערצייגן ניט. ער האט זיך פלוצלינג דערמאנט, ווי ער האט אין מאהילעוו געכאפט א זקינע, וואס האט זיך אויסבאהאלטן אפן בוידעם. ער האט באלד דערזען, אז דאס איז א יידישקע. ער האט זי ניט דערהארגעט, נאר ארויסגעשלעפט אף דער גאס, דערהארגעט האט ווערגאו... אבער ער וועט זאגן: „איך האב קיינעם ניט דערהארגעט”, און דער רוס וועט ענטפערן: „ביסט געווען אין מאהילעוו?...” ווייס איך וואס, קיינער קען עס ניט וויסן. אפילע ער האט פארגעסן... אין מאהילעוו — זיינען די דייטשן... אבער דאך איז עס שרעקלעך. מען וועט אנהויבן אויספארשן. מען וועט זיך דערוויסן, אז מען האט פון אים געהאלטן, אז אונטעראפיציר, מען וועט ניט גלויבן, אז קליטש האט געפונען פעלערן אין זיין בוד... גאט, וואס פארא שלעכטס האט ער געטאן... פארוואס דארף ער שטארבן ווי א הונט אונטערן פארקאן?... איז עס דען זיין שולד וואס איצט איז אזא עפאכע? אין 19־טן יארהונדערט וואלט ער געווען א גוטער געלערנטער. זיי האבן געמוזט קעמפן ווייל עס איז געווען דער ווערסאלער דיקטאט און נאכדעם האבן זיך די מארקסיסטן פאראייניקט מיט די פלוטאקראטן. אבער אויב מען זאל עס זאגן די רויטע, וועט מען אים צערייסן... ווי קאלט עס איז! די אויגן טוען וויי, און די פיס — ווי זיי וואלטן גארניט געווען. עס בויגן זיך ניט די פינגער, ער קען ניט אפקנעפלען די הויזן... און דאך איז עס אן אומדערהערטע קאטאסטראפע — אונדזערע זיינען בא לענינגראד, אין אפריקע, און אהער זיינען זיי ניט געקומען, פארלאזט!... מעגלעך, אז זיי וועלן קומען, אבער צו שפעט... איך וועל באלד פארפרארן ווערן... אבער איך וויל ניט שטארבן!...

ער איז אופגעשטאנען, ארויס אף דער גאס, אריינגעפאלן אין א גרוב, אופגעהויבן זיך, אנגעטראטן אף א מעס, און ניט באגרייפנדיק מער גארניט,

האט ער געעפנט א טיר פון א זעמליאנקע. ער האט דערפילט אז אויסערגעוויינלעכע ווארעמקייט. ער האט געוואלט דערקלערן, אז ער האט קיינעם ניט דערהארגעט און אז ער ווערט פארפרארן, אבער אלע פריער צוגעטראכטע זאצן זיינען פארשוואונדן. ער האט נאר הויך געאטעמט, ווי מען וואלט אים צוזאמענגעדריקט דעם גארגל. לעבן א לעמפל איז געזעסן מיט א בוך אין האנט א קליינע פרוי אין א מיליטערישן אוניפארם. דערזעענדיק א דייטש, האט זי א געשריי געטאן און געווארפן זיך אף אים. זי האט אים ארויסגעשטופט און ער האט זיך ניט געלאזט. אבער דאס מיידל איז געווען שטארקער, זי האט אים ארויסגעווארפן אפן שניי און פארמאכט די טיר.

ער האט ניט געפרואוט אופצושטיין; ער האט פארשטאנען, אז ער שטארבט, די געדאנקען האבן זיך געפלאנטערט. ער האט באוועגט מיט די ליפן — געזידלט זיך, געזידלט דאס מיידל, וואס האט ארויסגעטריבן, געזידלט די רוסן, שטעלברעכטן, די נאצים. עפשער אופשטיין, אנעמען זיך מיט קויעך און אופהענגען די דאזיקע אזעסניצע!... זי זאל זיך צאפלען... נאכוואס האט מען מיך געשיקט קיין רוסלאנד?... עס שטארבט א גרויסער געלערנטער... עס האבן זיך אויך געפלאנטערט די דערינערונגען. ער האט דערזען מימי, אבער זי איז געווען אין היידלבערג און געמאלן קאווע, און רודי האט געצילט אין איר פון הילצערנעם ביקסל. ארעמער רודי, ער וועט בלייבן א יאסעם... ווער האט עס אלץ צוגעטראכט? דער פיורער שרייט „הויב זיך אוף", ניין, דאס איז ניט דער פיורער, נאר דער אבערלייטענאנט קראוזע, און קעלער האט באוועגט אין קראמפן די שווערע פיס. אבער קראוזען האט מען דערהארגעט... קעלער האט באַרירט מיט דער האנט דעם שניי, אים האט זיך אויסגעוויזן, אז לעבן אים איז נערטא, א דיקע און א ווארעמע; זי פליסטערט: „אויסגעלאסענער, וואס האסטו געטאן מיט מימי? מיט דער געלינקער אין כארקאוו? די פעטע באשעפעניש איז זייער אייפערזיכטיק. אויסזידלען? זי קען אבער אוועק, און מיט איר איז אזוי ווארעם... ער פילט שוין ניט דעם פראסט. וואס וויל זי? קושן זיך? ניט בא מיר! ער איז זייער מיד, ער איז דורכגעגאנגען פון היידלבערג מיט די קעמלען, אים ווילט זיך שלאפן. ווער מאכט עס?... א הונט? דער ווינט? פארשאלטענע רוסן, זיי לאזן קיינמאל ניט איינשלאפן!... אבער איך וועל דאך איינשלאפן...

ארויסטרייבנדיק דעם דייטש, האט ווארקא ווידער גענומען דאס בוך. זי האט אויסגעפונען אין בלינדאזש א באנד טורגעניעוו. די לעצטע זייטן זיינען געווען אויסגעריסן. זי האט זיך אנגעשטרענגט צו טרעפן צי האט דער העלד אנגעיאגט אסיאן? זיי דארפן זיין גליקלעך, ער האט געוויס, כאסענע געהאט מיט איר, נאגין האט גארניט פארשטאנען... ראזאווסקי האט אויך ניט ארויסגערעדט „קיין איין ווארט", אבער ווארקא האט אויך אלץ געוווסט אז ווערטער...

פלוצלינג איז איר געווארן ניט מיט אלעמען; זי האט ארופגעכאפט דעם פעלצל און איז ארויס. די נאכט איז געווען א פראסטיקע, א ליכטיקע. לעבן דער זעמליאנקע איז געלעגן א טויטער דייטש; זי האט באלד דערקענט: דאס איז דער, וואס האט געוואלט אריין... פארפרארן געווארן.

כאַפּט אים דער טייוול!... אָבער פאַרוואָס האָב איך אים אַרויסגעטריבן?...

זי האָט זיך געלייגט אַפּן בעטל און גענומען וויינען. קיינמאָל האָט זי אין סטאַלינגראַד ניט געוויינט, אַפילע ווען זי האָט זיך דערוווּסט וועגן טויט פון די עלטערן און דעם זיבניאָריקן פּעטיאַ. די מומע האָט איר אָנגעשריבן דעם גאַנצן עמעס. פּעטיאַ איז געשטאָרבן פון אַ מאָגן־קראַנקייט, ער האָט געווים עפּעס אופגעגעסן הונגעריקערהייט, אין פעברואַר איז געשטאָרבן דער טאַטע, די מאַמע האָט קיין קויעך ניט געהאַט אים מעקאָבער צו זיין, און די שכיינים האָבן זיך עוואַקויִרט, איז דער טאַטע אָפּגעלעגן אין שטוב אַ טויטער פיר טעג; ווען די מומע איז געקומען, האָט שוין די מאַמע ניט געקענט אופשטיין.

וואַריאַ האָט געוויינט דערפון, וואָס אַלע נאָענטע זיינען אומגעקומען: דעם לייטענאַנט ראַזאָווסקי האָט מען דערהאַרגעט אין נאָוועמבער. זי האָט ניט וווּהין צו פאָרן, נישטאָ וועמען אָנצושרייבן... און וואַריאַ האָט אויך געוויינט דערפון, וואָס עס איז פּלוצלינג געוואָרן מאָדנע שטיל, עס האָט זיך פאַרענדיקט סטאַלינגראַד, און אויך דערפאַר, וואָס די מילכאָמע וועט זיך, ווייזט אויס, קיינמאָל ניט ענדיקן, און אויך דערפאַר, וואָס זי האָט אַרויסגעטריבן פון זעמליאַנקע דעם ראָזיקן עקלדיקן פריץ...

און ווען עס איז געקומען מאַרוסיאַ און געפרעגט: „וואָס רעוועסטו?״ — האָט זי ניט געקענט דערקלערן, זי האָט ניט געזאָגט ניט וועגן ראַזאָווסקין, ניט וועגן דער מוירעדיקער איינזאַמקייט.

— דאָ איז געקומען אַ פריץ, האָב איך אים אַרויסגעוואָרפן. איז ער פאַרפראָרן געוואָרן... ליגט באַ דער זעמליאַנקע. האָסט אים געווים, געזען...

— איז וואָס? איך האָף, אַז דיר איז ניט אַ ראַכמאָנעס אָף אים?

— אָף אים? ניין, באַ אים איז אַן עקלדיקער פּאַרצעף, אַזעלכע מאָלט מען אָף די פּלאַקאַטן... עס איז מיר אַ ראַכמאָנעס אָף זיי... נידערטרעכטיקע, צו וואָס זיי האָבן מיר דערפירט!... נו, פאַרוואָס האָב איך אים ניט אַריינגעלאָזט?... איך האָס זיי! ניט נאָר זיי האַרגענען. נאָך ערגער... ווי אַזוי האָסטו געקענט טראַכטן, אַז מיר איז אַ ראַכמאָנעס אָף אים. איך פיל צו אים גאָרניט, לאַכלוטן גאָרנישט, דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע...

זי האָט געוואָרט, אַז מאַרוסיאַ וועט לאַכן פון איר. מאַרוסיאַ איז אַ לוסטיקע, קיינער פון אירע נאָענטע איז ניט אומגעקומען, דאָ האָט זי זיך באַקענט מיט איינעם אַן אַרטילעריסט, און זיי זיינען, דאַכט זיך גליקלעך. זי איז אַ שיינע, אַ געזונטע, לאָזט קיינמאָל ניט אַראָפּ די נאָז. זאָל זי לאַכן, אַלץ איינס... אָבער מאַרוסיאַ האָט ניט געלאַכט, זי האָט זיך געזעצט לעבן וואַריאַן און צעוויינט זיך, זי האָט אַליין ניט געוווּסט פאַרוואָס — אַוואַדע דערפאַר, וואָס וואַריאַ האָט געוויינט.

— גענוג, — האָט געזאָגט וואַריאַ, — עס קען נאָך קומען עמיצער... די הויפּט זאַך, מאַרוסיאַ, וואָס דאָ האָט זיך געענדיקט... איצט וואָס גיכער אין בערלין!...

# XXV

דעם לעצטן בריוו פון זון האָט מאַריאַ מיכיילאָוונאַ מינאַיעוואַ דערהאַלטן אינמיטן יאַנואַר. ער האָט באַגריסט די מאַמען מיט נײַ־יאָר, געשריבן, אַז דאָס יאָר וועט טאַקע זײַן אַ נייער יאָר, וועגן אים זאָל זי זיך ניט זאָרגן, ער איז „ביכלאַל פון הינטן, און איצט וועט שוין זײַן גאָר גוט". מעגלעך, אַז כאַווײרים, וואָס וואָלטן דורכגעלייענט מינאַיעווס בריוו צו דער „מאַמעלען", וואָלטן זיך פאַרכידעשט — פונוואַנען קומט צו אים אַזוי פיל האַרציקע וואַרעמקייט? מאַריאַ מיכיילאָוונאַ האָט זיך ניט געוווּנדערט, זי האָט געקענט מיטענקאַס האַרץ; אָבער זי האָט ניט געגלויבט קיין איין וואָרט זײַנעם — אַפילע באַם שטאַרבן, וואָלט ער מיר אויך אָנגעשריבן „איך לעב רויִק, ווי אויף אַ זומער וווינונג" (אַזוי האָט ער אָנגעשריבן, ווען ער האָט פאַרטיידיקט אַ קורגאַן).

מאַריאַ מיכיילאָוונאַס לעבן איז געווען געווידמעט דעם זון. כאַסענע געהאַט האָט זי שפּעט; איר מאַן איז געווען אַ צושנײַדער, ניט שלעכט פאַרדינט. זיי האָבן זיך דערפרייט מיט דער טאָכטער, געצאַצקעט זיך מיט איר און נאַסטענקאַ איז געשטאָרבן פון סקאַרלאַטין. ווען מאַריאַ מיכיילאָוונאַ איז צום צווייטן מאָל טראָגעדיק געוואָרן, איז זי אַלט געווען דרײַסיק יאָר. זי האָט מוירע געהאַט אַ ריר צו טאָן זיך — זי זאָל כאָלילע ניט שאַטן דעם קינד... מיטיאַ איז געבאָרן געוואָרן אין אַכצנטן יאָר; די צײַט איז געווען אַ שווערע, אַן אומרויִקע. די מאַמע איז אייביק געווען אין שרעק — ער וועט זיך פאַרקילן, פאַקן אַ קרענק... דער מאַן איז געשטאָרבן, ווען דאָס יינגל איז אַלט געווען אַכט יאָר. מאַריאַ מיכיילאָוונאַ האָט געאַרבעט אין אַ נײַ־אַרטעל. זי האָט דעם זון געשטעלט אויף די פיס, און ווען מיטענקאַ האָט געזאָגט: „פּראָפעסאָר ניקאָדימאָוו האָט זיך גוט אָפּגערופן וועגן מײַן אַרבעט", האָט זי פאַרשטאַנען אַז ניט אומזיסט האָט זי אָפּגעלעבט אַ זועלט.

און אָט האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע. מיטענקאַ איז אַוועקגעפאָרן דעם זעקסטן יולי. וויפל טרערן האָט מאַריאַ מיכיילאָוונאַ פאַרגאָסן אין איר צימערל... זי האָט פאַרשטאַנען, אַז מען טאָר זיך ניט באַקלאָגן — אַלעמען איז שווער: צווישן מענטשן האָט זי זיך געהאַלטן רויִק, צום זון געשריבן מוטיקע בריוו. איר האָט זיך געוואָלט אַרבעטן, העלפן דעם פראָנט, אָבער די יאָרן האָבן געשטערט. זי האָט אָבער דאָך צוגעטראַכט: זי האָט גענומען צום נײַען אַהיים, זי האָט גענייט סאָלדאַטסקע העמדלעך. אַדאַנק מיטענקאַן — ער איז פאַר דער מילכאָמע צוגעשטאַנען, אַז זי זאָל גיין אין שפּיטאָל, האָט מען איר צוגעשריבן גוטע ברילן. זי האָט אויך געקענט אַרבעטן באַנאַכט בײַ שוואַכע ליכט. זי האָט געפילט, אַז זי העלפט מיטענקאַן, און דאָס איז געווען איר טרייסט. ווען דער אופּראַוודאָם (הויז־פאַרוואַלטער כ.ב.) האָט אַמאָל געזאָגט וועגן איר „אַז זי ווערט אויסגעהאַלטן", האָט זי זיך באַליידיקט: „איך בין איצט אַ שטוב־אַרבעטער, איך אַרבעט פאַרן פראָנט". זי האָט געהאַט אַ נײַ־מאַשין, אַזאַ אַלטערטימלעכע, אַז מיטיאַ פלעגט זי אָנרופן „מוזיי־אַנטיקל". מאַריאַ מיכיילאָוונאַ פלעגט, שמייכלענדיק, טראַכטן: „אַ זקיינע, און אויף עפּעס צונוצגעקומען"...

מאַריאַ מיכײַלאָװנאַ האָט געװױנט אין אַ קאָמונאַלער דירע, װאָס מיטיאַ האָט אַ נאָמען געגעבן „די טײַװע" (יעדן פרילינג פלעגט דאָרט זײַן אַ פאַרפליײצונג — עס האָט גערונען פון דער סטעליע). געלעבט האָט מען אין ענגשאַפט, װי אין אַן איבערגעפּאַקטן צוג, נאָר געגאַנגען איז ער ניט טעג, נאָר יאָרן. לעבן איר צימער האָט געװױנט די פאַמיליע פאַרשין; זײער צימער איז געװען פאַרשלאָסן — דער מאַן איז געװען אַפן פראָנט, און דאָס װײַב מיט די קינדערלעך איז אַװעקגעפאָרן קײן באַרנאַול. אַף דער צװײטער זײַט האָבן געװױנט די קאַצמאַנס — אַ טאַטע, אַ מאַמע און גרישאַ. אין אײן און פערציקסטן האָט ער פאַרענדיקט די צעניאָריקע, אין האַרבסט האָט מען אים גענומען אין דער אַרמײ, און אין אַפּריל איז ער אומגעקומען אַפן בריאַנסקער פראָנט. קאַצמאַן האָט איצט געװױנט אַלײן. זײַן פרױ האָט מען עװאַקויִרט מיט דער שול. ער איז געװען אַ קאָרעקטאָר, געאַרבעט אין אַ צײַטונג. ער איז געװען מיט צען יאָר ייִנגער פון מאַריאַ מיכײַלאָװנאַ, אָבער אױסגעזען האָט ער װי אַ זאַקן. װען ער האָט דערהאַלטן די ידיעה װעגן זײַן זונס טויט, האָט ער גאָרניט געזאָגט ניט די שכנים, ניט זײַנע מיטאַרבעטער; ער איז אַװעק צו דער אַרבעט און פאַרזען אַ גראָבן דרוקפעלער; דער רעדאַקציע סעקרעטאַר האָט אים געזידלט, אָבער אױך אים האָט קאַצמאַן ניט דערקלערט, פאַרװאָס דאָס האָט בײַ אים פּאַסירט. און אין עטלעכע װאָכן אַרום, װען מאַריאַ מיכײַלאָװנאַ האָט געפרעגט, װאָס גרישאַ שרײַבט, האָט ער זיך אײַנגעבױגן און שטיל געזאָגט: „גרישאַ איז שױן מער נישטאָ!" לעבן קאַצמאַנס צימער האָבן געװױנט די קאָװאַלעװס; אין אײן און פערציקסטן האָבן זײ זיך עװאַקויִרט, און זומער צוריקגעקומען. אירינאַ פּעטראָװנאַ האָט געאַרבעט אין גאָסבאַנק, די טאָכטער נאַטאַשאַ האָט זיך נאָך געלערנט, און דער זון װאַסיאַ איז געװען אַ פלאָט־אַנגעשטעלטער. אירינאַ פּעטראָװנאַ פלעגט דערצײלן, װי מען האָט אים אױסגעצײכנט פאַרן דערטרינקען אַ דײַטשישן טראַנספּאָרט. װען מען פלעגט אין איר אַנװעזנהײט אַרױסזאָגן „פלאָט" פלעגט זי אָנשפּיצן די אױערן.

אין לעצטן צימער האָט געװױנט די יונגע אַרבעטערין פון „שאַריקאָפּאָדשיפּניק", שוראַטשקאַ װאָלקאָװאַ. זי האָט כאַסענע געהאַט פּונקט פאַר דער מילכאָמע: איר מאַן איז געװען אַ טאַנקיסט, און שוראַטשקאַ פלעגט זאָגן מיט אַ געמישטן געפיל פון אַנטציקונג און שרעק: „דרײַ מאַשינען האָט ער געטױשט — די טאַנקען האָבן ניט אױסגעהאַלטן, און ער לעבט, נאָר גאָר צולעצט אַ לײַכטע װוּנד"...

ביז דער מילכאָמע פלעגן אַף דער װױנונג פאָרקומען טומלדיקע קרײַגערײַען. די פאַרשינס האָבן געשריען, אַז שוראַטשקאַ מאַכט אומעטום אָן. אירינאַ פּעטראָװנאַ פלעגט זיך אױפרעגן, װאָס קאַצמאַן קומט פאַרטאָג פון דער צײַטונג און זי כאַפּט זיך דערפון אױף. פאַרשינס װײַב פלעגט זאָגן, אַז די קאַצמאַנס קענען ניט דערציִען זײער זון, ער איז אַ „װילדער". איצט האָט זיך קײנער ניט געקריגט, האָגאָם בײַ אַלעמען זײַנען די נערװן געװען צעשרױפט, געלעבט האָט מען שװער — קאַלט, אַפן מאַרק קען מען גאָרניט קױפן. אַלעמענס לעבן איז געװען געבונדן מיטן „טעלער" אין קאָרידאָר, און

ווען דער ריקטאר פלעגט זאגן „פון סאוועטישן אינפארמביורא", פלעגט די הוינונג באהערשט ווערן פון א טויטער שטילקייט. מען פלעגט זיך פרייען, ווען עמיצער פלעגט דערהאלטן א בריוו. און קאצמאן, וואס האט שוין נארניט דערוואַרט, פלעגט ווערן מונטער דערפון, וואס שוראטשקא האט נעכטן דערהאלטן א בריוו פון מאן, וואס מיטיא לעבט און איז געזונט, וואס קאוואלאוס זון איז אויסגעצייכנט געווארן צום צווייטן מאל. מען האט געוויינט, געזארגט, געדייגעט ווען מען איז געווען אליין, אבער ווען מען פלעגט זיך צוזאמענטרעפן האט מען גערעדט ווערטער פון האפענונג אדער טרייסט.

שוין די דריטע נאכט ווי קאצמאן האט ניט געארבעט; דער דאקטאר האט געזאגט, אז בא אים איז א בראנכיט. ער האט שטארק געהוסט, און די ווענט זיינען געווען דינענקע. וואלט עס פאסירט פריער, וואלט שוין עמיצער אוודאי ארויסגעברומט: ער לאזט ניט שלאפן... אבער הערנדיק איצט זיין הייזעריקן הוסט, האט מאריא מיכיילאוונא ארויסגענומען פון שענקל אביסל קליינינקע שטיקלעך צוקער, ארייגעווארפן דאס אלץ אין א גלאז, אנגעגאסן טיי און אריינגעטראגן קאצמאנען: „טרינקט אויס, דאוויד גריגאריעוויטש, זייער זיס, עס וועט אייך באלד לייכטער ווערן"...

זי איז געשלאפן, ווען דער „טעלער" האט אינמיטן נאכט פלוצלינג גענומען כריפען. ארופווארפנדיק אף זיך א פעלץ, איז מאריא מיכיילאוונא ארויסגעלאפן אין קארידאר. אלע זיינען שוין דארט געווען, אפילו דער קראנקער קאצמאן.

„אין דער לעצטער שא... מיר האבן פולשטענדיק פארענדיקט מיט דער ליקווידאציע פון דייטשיש־פאשיסטישן מיליטער... די היסטארישע שלאכט הינטער סטאלינגראד האט זיך פארענדיקט מיט א פולשטענדיקן זיג פון אונדזער מיליטער..."

מאריא מיכיילאוונא האט געהערט אנגעשטרענגט, מוירע האבנדיק דורכצולאזן א ווארט; זי האט ניט באמערקט, אז פון אירע אויגן רינען טרערן. נאט, ניט שוין זשע איז עס עמעס?... געזיגט! נאכדעם איז זי צוגעקומען צו קאצמאנען:

— דאוויד גריגאריעוויטש, מען קען — וועל איך אייך א קוש טאן? אזא מאמענט איז!...

און שוראטשקא האט ווי א קליינינקע געפאטשט אין די הענטלעך און איבערגעבאזערט:

— פיר און צוואנציק גענעראלן — צוויי טויז!...

פון די שכיינעסדיקע ווינונגען האבן זיך דערטראגן פרייליכע אויסרופן. עמיצער האט אפלאדירט. נאטאשא קאוואלעווא איז ארויסגעלאפן אף דער גאס און צוריקגעקומען א שיינענדיקע:

— וויפל מענטשן! אלע גראטולירן איינער דעם אנדערן... מען קושט זיך... און מאריא מיכיילאוונא האט א טראכט געטאן — ווי פייסעך־צייט...

באגינען איז זי שוין געזעסן בא דער מאשינקע און גענייט. עס איז אריינגעלאפן נאטאשא קאוואלעווא:

— מאריא מיכיילאוונא, איך וואלט זיך כאטש אפגערוט צוליב אזא טאג ווי היינט...

מאַריאַ מיכײַלאָוונאַ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— צי דען רוען זיי דאָרט? מיטענקאַ איז געוויס אַוועק ווייטער... דערנאָך וועל איך רוען, ווען אַלץ וועט זיך ענדיקן...

— איצט וועט זיך שנעל ענדיקן.

— שנעל געשעט אַלץ אין מיַיסעלעך. און זיי האָבן נאָך וויַיט צו גיין — ביז בערלין (אויסריידנדיק „בערלין" פלעגט מאַריאַ מיכײַלאָוונאַ אַקצענטירן דעם „בע" און ווען איר זון האָט זי אַמאָל אויסגעבעסערט, האָט זי געענטפערט: „אַזוי באַקומט זיך בײַ מיר").

זי האָט אָנגעשריבן דעם זון: „מיטענקאַ, איך האָב נעכטן געהערט „אין דער לעצטער שאָ", איך פריי זיך, וואָס די אויסוואָרפן האָבן זיך אונטערגעגעבן, אָבער איך קען זיי ניט מוחל זיין, וואָס זיי האָבן אויסגעהאַרגעט אַזוי פיל אומשולדיקע. דאַוויד גריגאָריעוויטש האָט געהערט די מעלדונג און געוויינט. אים וועט קיינער ניט לעבעדיק מאַכן זיין גרישאַן. זאָג מיר, ווען וועט מען פאָדערן אַ כעזשבן פון די דאַזיקע טויגעניכצן פאַר אונדזערע טרערן?...

XXVI

פאַר צוויי יאָר האָט פאַל זיך אַ סך אָנגעזען, געווען אין לימאָזש, אין בריוו, אין טולוז. פריער האָט ער געאַרבעט אין דער גרופּע „זשאַרעס": קיין געווער האָבן זיי ניט געהאַט, פלעגן זיי דרוקן בלעטלעך, אונטערגעצונדן אַ סקלאַד מיט מעל. עס האָט זיי געמאָסערט אַ פרוי פון איינעם פון די מיטגלידער אין דער גרופּע: זי איז מעשוגע געוואָרן פון איפערזוכט. פאַלן איז געלונגען צו אַנטלויפן. ער איז אַריין אין דער גרופּע „גאַבריעל פּערי"; ער פלעגט אַרויסנעמען שרויפן, אונטערלייגן מינעס, האַלטן אַן אויג אויף עשעלאָנען, ליגנדיק אין אַ שמאָלער קאַנאַווע; ער פלעגט זאָגן, לאַכנדיק: „עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, ווער איך אַן אייזנבאַנער". איצט האָט מען אים אָנפאַרטרויט צו אָרגאַניזירן אַ נייע גרופּע. פאַל האָט דערוואָרט אַ כאַווער פון צענטער — מען דאַרף אָפּגעבן אַ באַריכט און באַקומען אינסטרוקציעס.

לעזשאַן וואָלט ניט דערקענט דעם זון — פאַר דער מילכאָמע איז פאַל געווען אַ שעמעוודיקער, ער פלעגט ריידן אַמאָל קוויטשענדיק, אַמאָל מיט אַ באַס, ער פלעגט זיך באַגייסטערן מיט אַ סך זאַכן אויף אַמאָל — וועלאָסיפּעד־געיעגן, שפּאַניע, לידער, פּירן שמועסן וועגן אימפּעריאַליסטישע פאַרמעסטן און ניט געקענט זיך שיידן פון די קינדישע לײַדנשאַפטן — געזאַמלט פּאָסט־מאַרקעס, אויסגעגעבן געלט אויף טאַשן־מעסערלעך, געטרוימט פון אַ לעבן אין אַ ביידל; ער פלעגט רויט ווערן, דערזעענדיק אַ שיינע מיידל, אָבער די כאַווײרים פלעגט ער פאַרזיכערן, אַז „אַנטציִקן זיך פון מיידלעך קענען נאָר אידיאָטן". סיי דער טאַטע און סיי זשאָזעט האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ קינד. בעיס דער קאַטאַסטראָפע איז פאַל געווען אין לעצטן קלאַס קאָלעדזש. ער האָט געאַרבעט אין אַ פאַרם, אַרומגעגאַנגען אַרום קי. נאָכדעם האָט אים אַ כאַווער איינגעאָרדנט אין לימאָזש; בײַטאָג פלעגט ער העלפן

דעם אפטייקערס פרוי ארויסגעבן רעפועס, באנאכט פלעגט ער פארטיילן בלעטלעך.

ער האט זיך שנעל אויסגעפארעמט, עס האבן זיך איינגעשטעלט זיינע געשמאקן, די כאראקטער־שטריכן. ער האט ניט פארמאגט דעם טאטנס שטרענגקייט — לעזשאן פלעגט אויך אין דער יוגנט איבעראשן מיט זיין אקשאנעס. פאל איז געווען ווייך, פילבאר. מען האט אים גערופן „דער פאעט", הגאם ער האט קיינמאל ניט געשריבן קיין לידער, ער פלעגט נאר ווען עס איז דעקלאמירן. ער האט אפילע געקענט אין שרעקלעכע מאמענטן, בעיים ער פלעגט אנטלויפן פון דער פאליציי, פארגאפן זיך מיט עפעס א ביים אפן פאן פון א העל־גרינעם הימל, אדער מיט א פארשלאפענעם טייבל; ער פלעגט איבערכאזערן לידער, ווייל ער האט ניט געקענט אויסדריקן זיינע געפילן. ער האט זארגפעליק אויסבאהאלטן פון די כאווירים, אז ער איז פארליבט אין איינער א זשאנעט, וואס בא איר איז „א קאפארע אלע פאעטן און פארטיזאנען פאר איין גוטן טענצער". ווען ער פלעגט בענקען נאך זשאנעטן, פלעגט ער האקן:

„און רויזן בא דער גאנצער לענג פון פלויט
האבן אפגעלייקנט באלד דעם ווינט פון טויט"...

— וואס פלוידערסטו דא? — האט געפרעגט גראמאן.

— אראגאנס פערזן. א קאמוניסט און שרייבט לידער, ניטא זיך וואס צו וואונדערן.

— איך האב בעסער ליב ראמאנען, — האט געענטפערט גראמאן.

— איצט איז אזא צייט... ראמאנען — דאס איז גוט, ווען ס'איז ווייכע מעבל און רויקע אוונטן. אוז לידער בינדן זיך מיט באמבעס...

— פארוואס־זשע שרייבסטו אליין ניט?

— געוויס דערפאר, וואס באמבעס בינדן זיך ניט מיט לידער. איך בין פארנומען, ווי דו, מיט דייטשישע עשעלאנען.

דער כאווער פון צענטער, קאלא, א מעטאל־ארבעטער, פופציק יאר אלט, האט מיט אומצוטרוי באטראכט פאלן.

— באוויזט אליץ? ביסט עפעס יונג פאר אזא ראל... ווי אלט ביסטו?

— איך באוויז, הגאם איך בין יינגער פון פעטענען, — האט פאל געענטפערט מיט א שמייכל. (זאגן, אז מיט א כוידעש צוריק איז ער אלט געווארן צוואנציק, האט ער געהאלטן פאר איבעריק).

ער האט גענוי דערציילט, וואס זיי האבן געטאן פון נאוועמבער: לעבן ביום האבן זיי אראפגעלאזט אן עשעלאן; צעשטערט צוויי לאקאמאטיוון; אונטערגעצונדן איין דעפא, א סקלאד מיט מיליטערישע שיך; צוגענומען ברויטקארטן פאר דער גאנצער אונטערערדישער ארגאניזאציע; דערהארגעט צוויי דייטשישע אפיצירן און איין פאליציימאן; היינגעריכטעט דיומעס פאר־רעטער...

— פאר אן אנהויב איז עס גארניט שלעכט. הער, די דייטשן זאגן, אז די טעראריסטישע אקטן — דאס איז אן איניען „פארביטערטע איינצלנע פערזאנען". אף ווייטער מוז מען צוגעבן די אפעראציעס א מער מאסן־כא־ראקטער. וואס האסטו בעדייע אף ווייטער?

— קאַפּע „ראַיאַל", דאָרט קומען זיך צונויף דייטשישע אָפיצירן.

— ניט שלעכט. אָבער פאַרגעס ניט וועגן טראַנספּאָרט. איצט איז עס זייער וויכטיק.

קאַלאַ האָט אָנגעצייכנט די לאַגע. דער דעקרעט וועגן אַרבעט־מאָביליזאַציע, וואָס איז פּובליקירט געוואָרן פאַריקע וואָך, וועט פאַרגרעסערן די צאָל פון פּאַרטיזאַנען. אין אַ כוידעש־צוויי אַרום וועט מען קענען שאַפן מאַקיס. דערווייל זיינען פאַראַן אין די בערג ניט קיין גרויסע גרופּן, אָבער צום פרילינג וועלן מיר עס אויסשפּרייטן...

— ווי הייסט דיין גרופּע? „מאַרסעליעזע"?

— ניין, „מאַרסעליעזע", דאָס איז די, וווּ דיופּי איז, מיר האָבן צוזאַמען מיט זיי דורכגעפירט די אָפּעראַציע באַם פאַרכאַפּן די ברויטקאַרטן.

— און דיינע?

— „סטאַלינגראַד".

— דער דאָזיקער נאָמען איז מעכײַעוו!

דערמאָנענדיק זיך אין צוג וועגן שמועס מיט פּאָלן, האָט קאַלאַ אַ טראַכט געטאָן: אַ גוטער ייִנגל. קאַלאַס גאַנץ לעבן איז געווען געווידמעט דער אַרבעט. ער האָט איצט ניט געוווּסט, וווּ זיין מישפּאָכע געפינט זיך, און ער האָט זיך באַמיט ניט צו טראַכטן דערפון. פּאָל האָט אים דערמאָנט דעם זון זיינעם: מיינער איז איצט אַכצן... עפּשער קעמפט ער אויך?... יענע זאָגן, „וואַרטן"... אָבער ווי אַזוי וואַרטן? איבערגעבן אַזעלכע די דייטשן?... דאָ איז, אויב דו ווילסט אַלץ איינהאַלטן, וועסטו אומבאַדינגט פאַרלירן. די רוסן האָבן ניט געזשאַלעוועט. סטאַלינגראַד האָט געוווּנען די שלאַכט, מען קען זאָגן, געוווּנען די מילכאָמע... און דאָס ייִנגל איז אַ גוטער...

פּאָל האָט מיט אַנטציקונג דערציילט גראַמאָנען:

— „ראַיאַל" האָט גוטגעהייסן. ניט פאַרלאָזן דעם טראַנספּאָרט... אין אַ כוידעש־צוויי אַרום — מאַקיס...

מאַקי — דאָס וואָרט האָט זיך אים אויסגעוויזן וווּנדערלעך: דאָס האָט ווי געשמעקט מיט ווילד־קרויט, מיט ווילדע רויזן, מיט דאָרעם. ביז דער מילכאָמע פלעגן זיך אין מעקסיקאָנער מאַקי אויסבאַהאַלטן, צווישן געדיכטע שטעכיקע קוסטעס, די לעצטע גאַזלאָנים. די עמעסע באַנדיטן זיינען געזעסן אין רויִקע קאַבינעטן, און קיינער האָט ניט געטראַכט וועגן די מאַקיס. און איצט איז דאָס וואָרט אַפּסניי געבוירן געוואָרן. מאַקי זיינען דאָ אין האַרצן פון פראַנקרייך.

— מאַקי וועט צוציען צענדליקער טויזנטער, וועסט זען... קיינער וויל ניט פאָרן קיין דייטשלאַנד. און אין די שטעט איז שווער אויסצובאַהאַלטן זיך. און כוצדעם — איז עס אַן עמעסע מילכאָמע. די מאַקי...

גראַמאָן האָט זיך צעלאַכט.

— דו מיינסט, אַז אַלע זיינען אַזעלכע ראָמאַנטיקער? מאַקי — דאָס איז בלאָטע, רעגן, שניי...

— האָסט פאַרגעסן — דאָס זיינען הינערוויגן אַף די פּיס און לייז...

— דאָס איז ווינטער אין וואַלד...

— און זומער דער זיג...

דאָס קאַפּעהויז „ראַיאַל” האָט זיך געפֿונען אַף דער וויכטיקסטער האַנדלס־גאַס; פֿון אינדערפֿרי ביז אין אָוונט איז דאָ געווען אַ „גראַטשקע”. פֿינף אַזייגער באַטאָג פֿלעגט דער קאַפֿע זײַן איבערפֿולט מיט דײַטשישע אָפֿיצירן. פֿראַנצויזן פֿלעגן אַהין ניט גיין. דעם אָפּעראַציע־פּלאַן האָבן אויס־געאַרבעט פּאָל, גראַמאַן און ביבי, ווען פּאָל פֿלעגט אין אַ ווײַץ רופֿן „נאַר טשאַלניק פֿון שטאַב”. — ביבי איז אין פּערציקסטן געווען אָפּן פּראָנט. זיי האָבן זיך לאַנג געאַמפּערט, ווער עס וועט וואַרפֿן אין קאַפֿע די האַנט־גראַ־נאַטן. פּאָל איז צונעשטאַנען, דאָס דאַרף ער מאַכן („איך וועל עס מאַכן גוט”). מען האָט אָבער גענומען ביבים פּלאַן. ער איז געווען אַ גלענצנדער ראַדפֿאָרער; מען האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט וואַרפֿן אַ גראַנאַט אַף דער באַגלאָזטער וועראַנדע, פֿאַרבײַפֿאָרנדיק אַף אַ וועלאָסיפּעד. אויסנוצנדיק די פּאַניק, וועלן גראַמאַן און זשאַזועף אויך וואַרפֿן יעדער אַ גראַנאַט. פּאָל און נאָך זיבן גרופּע־מיטגלידער וועלן דעקן דעם אָפּגאַנג, שיסנדיק אין די דײַטשן, אויב זיי וועלן פּרוּוון פֿאַרפֿאָלגן די כאַווײרים. אָנפֿירן וועט פּאָל, ער וועט אַלעמען צעשטעלן, געבן ביבין אַ סיגנאַל — ער וועט אויפֿהויבן אַ צײַטונג. גראַמאַן און זשאַזועף וועלן וואַרטן אין דעם קליינעם קאַפֿע קעגנאיבער ראַיאַל. פּאָל וועט פֿאַרנעמען אַ פּלאַץ אַפֿן ראָג גאַס, וווּ דער טראַמווײַ בלײַבט שטיין. לוויזאַ וועט זײַן די פֿאַרבינדלערן.

ביבי האָט זיך דורכגעטראָגן פֿאַרבײַ דעם קאַפֿע. פּאָל איז געשטאַנען אַפֿן ווינקל, געלייענט אַ צײַטונג. דורכפֿאָרנדיק צוויי קילאָמעטער, האָט זיך ביבי פֿאַרקירעוועט צוריק, געמאַכט אַ קרײַז אַרום און אין צען מינוט אַרום ווידער באַוויזן זיך פֿאַרן „ראַיאַל”. פּאָל האָט אופֿגעהויבן די צײַטונג. ביבי האָט געוואָרפֿן אַ גראַנאַט און געלאָזט זיך ווײַטער; עס האָט זיך געדוכט, ער ליגט אַפֿן רודער. ער האָט געהערט אויסרופֿן, שאָסן. ער האָט גאָרניט געטראַכט, געטראַכט האָבן זײַנע פֿיס. געקומען צו זיך איז ער אין וואָר־שטאַט פֿון זאַטלמאַכער, דאָרט האָט ער געזאָלט פֿאַרבלײַבן ביז אינדערפֿרי. ער האָט ניט געקענט צומאַכן די אויגן: וואָס איז מיט גראַמאַן און זשאַ־זועפֿן? ווער האָט געשאָסן? צי זײַנען אַלע אַוועק? דער זאַטלמאַכער איז געלעגן קראַנק, ער האָט ניט געוווּסט וועגן דער פּאַסירונג. און לוויזאַ האָט ערשט באַדאַרפֿט קומען אינדערפֿרי. דערזעענדיק זי, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— זיי זײַנען אַוועק?

— זי האָט צונעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַ שיינער קאָנספּיראַטאָר! אַלע זײַנען אַוועק. נאָר פּאָל איז פֿאַר־וווּנדעט, ער האָט אָבער באַוויזן אָפּצוגעבן דעם רעוואָלווער זשאַקן... אַכט באָשן דערהאַרגעט אין קאַפֿע, דרײַ פֿאַרווווּנדעט. שאַרלאַ האָט דערשאָסן צוויי דײַטשן און אַ פּאָליציאַנט. פּאָל האָט אָדער דערהאַרגעט אָדער פֿאַרווווּנדעט אַ באָש, ווען זיי האָבן זיך געלאָזט נאָכיאָגן גראַמאַנען.

— וווּ איז פּאָל?

— אין שפּיטאָל. קיין געווער האָט ער ניט געהאַט, די דאָקומענטן זײַ־נען גוטע. מען האָט אַהין אָפּגעפֿירט נאָך צוויי — דורכגייער... קלער איז געווען אין שפּיטאָל, געזאָגט, אַז זי איז אַ קאָלע. דער הויפּט־דאָקטאָר איז

געוועזן זייער ליבלעך, ער איז ניט כוישעך, אָדער אַ מיטפילנדיקער... זיי האָבן געמאָלדן, אַז ער איז צופעליק פאַרוווּנדעט געוואָרן, איז אַרויס פון אַ געשעפט... די וווּנד איז אַן ערנסטע, אָבער דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז אַ האָפענונג איז דאָ...

מען האָט פאַלן אָפּערירט אינדערפרי. אַרום האַלבן טאָג האָט ער אויפגעוואַכט. ער האָט געשאָסן אין אַ דייטש, וואָס האָט געוואָלט לאָזן אין גאַנג אַ מאַשין, דאָס געדענקט ער גוט... נאָכדעם דערמאָנט ער זיך קוים — איז צוגעלאָפן זשאַק, גענומען דעם רעוואָלווער... ער איז, דאַכט זיך, אין שפּיטאָל... פאַל איז אומרויִק: צי די אַנדערע זיינען אַוועק?... ס'איז געקומען קלער, גערעדט נאַרישקייטן, אַז זי האָט אים זייער ליב, אַז אינגיכן איז די כאַסענע און, איינבויגנדיק זיך, האָט זי אים געפּליסטערט: „אַלע זיינען אַוועק. פערצן באַשן און אַ פּאָליציאַנט. דער דאָקטאָר איז זייער אַן אַנשטענדיקער, ער וועט ניט אַרויסגעבן"...

זיי זיינען אַוועק!... פאַל האָט באַלד דערפילט אַ פאַרלייכטערונג. עס האָט גענומען שטאַרק וויי טאָן די וווּנד (פריער האָט ער ניט געפילט דעם דאָזיקן ווייטיק). די שוועסטער האָט געמאַכט אין אָרדענונג די דעקע און שטיל געזאָגט: „לעבן אייך איז אַ דייטש. ער איז נעכטן פאַרוווּנדעט געוואָרן..." פאַל האָט ניט געזען דעם דייטשס פּאָנעם. פון שכיינעסדיקן בעטל האָבן זיך דערטראָגן גלייכמעסיקע קרעכצן. פאַל האָט פאַרגעסן וועגן דייטש. פאַר זיינע אויגן האָט אַדורכגעפינקלט זשאַנעט, אַפן ברוסט באַ איר אַ בוקעט בלייכע פיאַלקעס, און זי האָט געזונגען אַ סענטימענטאַל לידל:

„אין שטורעמדיקן כוישעך פון אַרום
איך זוך אַביסל ליבע אום,
אַ שטראַל, אַ שטראַל איך זוך אַרום..."

נאָכדעם האָט די מאַמע געשפּילט באַכן אַפן ראָיאַל. עס האָט גערוישט אַ וואַלד מיט די ביימער־שפּיצן. דאָס איז — מאַקי. און זומער דער זיג. דער טאַטע איז דער קאָמאַנדיר פון די מאַקיס. מאַדנע — דאָס בעט שווימט איבער אַ טייך, ווי אַ שיפל, זי וויגט זיך... אַ סאָד וואַסער־ליליעס... און אָפעליאַ... זשאַנעט, גייט ניט אַוועק!...

ס'איז געוואָרן טאָג, ער האָט זיך דערשראָקן, דערזעענדיק בעטלעך, קראַנקע. נאָכדעם האָט ער זיך דערמאָנט: ער איז אין שפּיטאָל. די שוועסטער האָט געגעבן אַ טערמאָמעטער. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט: „נאָר ניט אופרעגן זיך". ער האָט פּלוצלינג פאַרשטאַנען, אַז ער וועט לעבן. די וווּנד האָט וויי געטאָן, אָבער דער קאָפּ איז געווען קלאָר.

אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט ער דערזען דעם דייטש. זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט. דער דייטש האָט געהאַט בלאָע און ווייכע אויגן. דער דייטש האָט אַ געשריי געטאָן, עס האָבן זיך, ווייזט אויס, אָנגעהויבן די ווייטיקן. עס איז צו אים צוגעלאָפן די שוועסטער. פאַל האָט איינגעדרעמלט. דורכן שלאָף האָט ער געהערט, ווי צום דייטש זיינען געקומען באַזוכער — צוויי. זיי זיינען שנעל אַוועק. פאַל האָט געעפנט די אויגן, געוואָרט אַף קלערן, זי האָט צוגעזאָגט אומבאַדינגט צו קומען.

אין פּאַלאַטע האָבן זיך אַריינגעריסן דייטשן, זיי האָבן געכאַפּט פּאַלן, אַראָפּגעשלעפּט אונטן. די שוועסטער האָט געשריען:

— גאָט, וואָס טוט איר?...

— היינץ האָט אים דערקענט...

דער הויפּט־דאָקטאָר האָט געפּרוּווט ווירקן אויף די דייטשן:

— שטעלט אַוועק אַ וואַך... מיר וועלן אים פריער אויסהיילן...

אַ דייטש האָט אים אָפּגעשטויסן און געזאָגט כוואַסטנדיק:

— מיטן היילן וועלן מיר זיך איצט פאַרנעמען. און איר היילט אויס היינצן.

פּאַל איז ווידער פאַרזונקען אין האַלב־באַוווּסטזיין; ער האָט געפילט פאַרנעפּלט — מען שלעפּט אים, מען לייגט אים ערגעץ אַוועק, מען טראָגט אים אַרויס. ער האָט אָנגעוואָרן אַ סך בלוט. דאַכט זיך, אַז מען האָט אים געפּרוּווט אויספאַרשן, אָבער די ווערטער זיינען צו אים ניט דערגאַנגען. ער איז געווען רויִק, און נאָר אין קאָפּ האָבן זיך געדרייט שורעס פון לידער, ווי פליגעלעך אין אַ זומער־נאַכט אַרום אַ לאָמפּ:

„און רויזן באַ דער גאַנצער לענג פון פלויט,
האָבן אָפּגעלייקנט באַלד דעם זיגוס פון טויט"...

עס זיינען געווען אַ סך רויזן אויף די פּאַרקאַנעס, אויף די גאָרטן־בייד־לעך, די רויזן האָבן זיך פאַרפלאָכטן אין די יאָרן, אין זשאַנעטס האָר, אַריינ־געקראָכן אין דער וווינונג, געשטאַנען אויף דער מאַמעס ראַיאַל, געוועלקט און ווידער געבליט — אַ וועג פון רויזן, ציטרין־רויזן, טיי־רויזן, העל־ראָזע, פייערדיק־רויטע, טונקעלע, ווי פאַרבאַקן בלוט. ער איז געשטאָרבן צווישן רויזן, ניט קומענדיק צום באַוווּסטזיין, אָפּן פאַרכראָקעטן שטיינערנעם פּאַל.

זשאַנעט האָט געזאָגט גראַמאַנען: „איך וועל פון זינען אַראָפּ! ער האָט מיר ניט געגלויבט, ער האָט געמיינט, אַז איך האָב נאָר ליב פּאַרווייַלונגען, און איך קען ניט לעבן אָן אים. איך וועל נעקאָמע נעמען, גיט מיר אַ רעד־וואָלווער"... גראַמאַן האָט געענטפערט: „גוט, וואַרט אויס..." אין דריי וואָכן אַרום האָט זשאַנעט געטאַנצט מיט אַ יונגן בראַזיליאַנער אינזשעניער און אים געזאָגט: „מיר ווילט זיך אַזוי לעבן, ס'איז מיר פאַרמיִעסט געוואָרן די מילכאָמע. איך וואָלט אַלץ אַוועקגעגעבן פאַר איין אָוונט אין ריאָ דע זשאַ־נעירא..."

גראַמאַן האָט אָנגעשריבן אַ בלעטל, וואָס די יאַטן האָבן צעוואָרפן איבער דער שטאָט:

„פּערצן באַשן און אַ פּאָליציימאַן זיינען היינגעריכטעט געוואָרן. די מילכאָמע צעפלאַקערט זיך. פון איצט אָן וועט קיין איינציקער באַש ניט גיין רויִק איבער דער פראַנצויזישער ערד. מיר שווערן מיטן קאָוועד פון דער שטאָט, וועמענס נאָמען אונדזער גרופּע האָט אָנגענומען. מיר שווערן מיטן אָנדענק פון אונדזער רומפולן כאַווער פּאַל, וואָס איז אומגעקומען באַם אַטאַקירן „ראַיאַל". אַ טויט די באַשן! זאָל לעבן די פרייהייט!

פ.ט.פ. גרופּע „סטאַלינגראַד"."

# XXVII

מאַרי האָט געלויכטן, ס'איז ניט געווען צו דערקענען דעם פּראָפעסאָר דיומאַ, ער האָט אופגעגעסן מיט אַפּעטיט צוויי טעלער ציבעלע־זופּ, זאָגנדיק „אויסערגעוויינלעך געשמאַק". נאָכדעם האָט ער אָנגעטאָן דעם מאַנטל און אַוועק שפּאַצירן. פריער, ווייל מאַרי זאָל אים ניט האָבן צוגערעדט ער זאָל גיין כאַפּן אַביסל פרישע לופט, פלעגט ער זיך אָפּזאָגן: „ניטאָ מער קיין פרישע לופט — זיי האָבן אַלץ פאַרשטונקען..." און היינט האָט ער געזאָגט:

— איך וועל גיין אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. איצט איז גאָר אַנגענעם צו קוקן אויף זיי. זאָלן זיי זיך אַרומגיין... אינגיכן וועט מען זיי אַלעמען באַגראָבן.

האָגאָם דיומאַ האָט ווייניקסטנס צען מאָל דערקלערט מאַרין, וואָס עס איז פאָרגעקומען בײַ סטאַלינגראַד, האָט זי די ענדערונג פון זיין צושטאַנד צוגעשריבן אירע טפילעס. זי האָט געהאַט אַ סך פאַרדרוס, וואָס דער פּראָפעסאָר גייט ניט אַרויס, עסט קימאַט ניט, רויכערט די גאַנצע צייט און דאָקטאָר מאַרילאַ האָט געזאָגט: „בײַ אים איז דאָס האַרץ דאָסיק"... יעדן זונטיק האָט מאַרי טפילע־געטאָן, אַז די הייליקע מאַריאַ זאָל ראַטעווען דעם פּראָפעסאָר. פאַרשטייט זיך, אַז מאַרי האָט ניט דערציילט דערפון דעם פּראָפעסאָר — זי האָט געוווּסט, אַז ער וועט זי אויסלאַכן. ניטאָ פון וואָס צו לאַכן, האָגאָם ער איז אַ געלערנטער, אָבער דאָס פאַרשטייט ער ניט.

דיומאַן איז אַלץ געפעלן: סיי דער פרישער דורכזיכטיקער טאָג, סיי די שפּרינגענדיקע קינדערלעך. סיי דער אַלטער, וואָס האָט אַרויסגעפירט אויף אַ שפּאַציר אַן אויסגעקראָכענעם הינטל. פאַרבייגייענדיק דעם קלויסטער, וווּ מאַרי פלעגט פאַר אים טפילע־טאָן, האָט ער דערזען אַ סך מענטשן — דייטשישע אָפיצירן, פאָליציייליט, עפּעס הערן אין שוואַרצן, „גראָע מייז", פראַנצויזנס. אָוואַדע, אַ לעוואָיע פון אַ וויכטיקן דייטש... דער מעס האָט געוווּסט וואָס ער טוט: ער האָט ניט געוואָלט וואַרטן אויף דער היסטאָרישער שטראָף...

דיומאַ האָט געפרעגט איינעם פון די נייגעריקע:

— ווּעמענס לעוואָיע איז עס?

עמיצער האָט געענטפערט:

— אַ העספּעד נאָך די אייראָפּעיִשע פאַרטיידיקער פון סטאַלינגראַד.

דיומאַ האָט ניט געלייענט קיין צייטונגען, וועגן די געשעענישן האָט ער געוווּסט פון די לאָנדאָנער און מאָסקווער ראַדיאָ־יעדיעס; דערפאַר האָבן זיך אים די ווערטער „אייראָפּעיִשע פאַרטיידיקער" אויסגעוויזן זייער קאָמיש. ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן ניט אויסצושיסן אין אַ געלעכטער.

— לאָמיר זאָגן, אַז ניט נאָך די אייראָפּעיִשע, נאָר נאָך די דייטשישע

— בין איך ביז אַ געווּיסן גראַד אַן אייראָפּעער, גענעראַל ראָקאָסאָווסקי איז אויך ניט קיין אַזיאַט און ניט קיין אַמעריקאַנער...

ער איז אַוועק ווייטער, פריילעך געפּיפּסקעט די ליולקע. איך וואָלט איצט וועלן אַ קוק טאָן אויף יענעם, איך בעט איבער אייער קאָוועד, קאָלעגע! איך האָב אים געזאָגט, אַז דאָס וועט זיך שלעכט ענדיקן... זיי וועלן נאָך בעטן, אַז מיר זאָלן זיך אָנעמען: „די וויסנשאַפט... ציוויליזאַציע... הומאַניזם..." ווי

אזוי א מענטש אנטוויקלט זיך, דאס האט מען שוין א סך מאל באשריבן; אינטערעסאנט איז עפּעס אנדערש — ווי אזוי ער ווערט בליצשנעל נאריש...

דאס איז געווען דוימאס ערשטער ארויסגאנג נאך צוויי כאדאשים קרענקען און געדריקטער שטימונג. ער האט באשלאסן באזוכן לעאן. די קאנסיערזשקע האט אים פארהאלטן — זיי זיינען אוועקגעפארן... מען איז געקומען נאכן הער אלפער. אייערנעכטן האט מען זיך ווידער נאכגעפרעגט, צי איך וויים ניט, וווּ ער איז...

— דער טייוול וויים וואס! — האט ארויסגעברומט דוימא. — פּראווען העספּיידים נאך זיך, און ווילן נאך אומברענגען אן אנשטענדיקן מענטשן. טייוולאנים!

די קאנסיערזשקע איז געווארן א פארציטערטע:

— אום גאטעס ווילן, שטילער!... דא ווינען אויך אזעלכע, אז עס וואלט בעסער געווען, ווען זיי וואלטן ניט געלעבט...

פון פריערדיקער גוטמוטיקייט איז קיין זייכער ניט געבליבן. דוימא איז געווען ווילד; עס האט זיך געוואלט אנכאפּן דעם ערשטן בעסטן דייטש און ניט ווארטנדיק אף דעם, ווי אזוי די געשיכטע וועט פּאסקענען, ארייַנווארפן אים אין דער סענע.

ער איז אריין אין א שמאלער אלטער געסל און פּלוצלינג דערזען אף דער וואנט „סטאלינגראד“. עמיצער האט אנגעשריבן מיט קרייד. דוימא האט זיך צעלאכט: אלע זעען, אז עס איז א סאף צו זיי... לעא איז באצייטנס אוועקגעפארן — די דאזיקע הערן וועלן א קלאפּ טאן מיט דער טיר... אנא איז שוין לאנג ניט געקומען, האט ניט אמאל עפּעס פּאסירט?... זיי וואלטן כאטש שנעלער געמאכט א דעסאנט! זייער גוט, וואס זיי האבן גענומען טריפּאלי, אבער ווען פאריז לוינט אויך א טראכט צו טאן... נאך סטאלינגראד וועלן זיך די דייטשן ניט אופהויבן, דאס איז געווען די גענעראלפּראבע... א שיין הויז, אוואדע דריי הונדערט יאר אלט, ניט וויניקער. דא האט א סקעפּטיקער אין א פּארוק געלייענט דאס נייסטע ביכל — „קאנדידא“. די יאקאבינער האבן געשווירן: „פרייהייט אדער טויט“. און אזא שטאט האבן די נאציס געוואלט פארוואנדלען אין א קאפע־שאנטאן פאר זייער פאלדאטעסקע!... דוימא האט ווידער דערזען אף א פּארקאן „סטאלינגראד“. עמיצער האט באדעקט אלע פּאסאדן, אלע פּארקאנעס מיט אופשריפטן, מנא מנא תקל ופרסין — אפּגעוויגן, צוזאמענגעכעזשבנט, צעטיילט...

דער פּראפעסאר איז צוריקגעקומען אהיים א פריילעכער, ווען אליץ דערציילט מארין. זי האט ניט געוווּסט, צי מען מעג אפּבוויזעקן פון א רעליגיעזן העספּעד, אבער דוימא האט אזוי אנשטענדיק געלאכט, אז זי האט אויך א שמייכל געטאן.

און דוימא האט זיך געזעצט אין א פּאטעל, צוגעדעקט זיך (קיין קוילן איז ניט געווען) און באשלאסן איבערצולייענען „דאס אינדזל פון פּינגווינען“. ער האט הויך געלאכט לייענענדיק און מארי, וואס האט געשטריקט אין צווייטן צימער, פלעגט יעדן מאל א ציטער טאן. דער פּראפעסאר בעסערט זיך, האט זי א טראכט געטאן און איז איינגעשלאפן א גליקלעכע.

מען האט אנגעקלונגען. דוימא האט א קוק געטאן אפן זייגער: האלב

צוועלף. ער האָט געעפנט די טיר. עס זיינען אריינגעקומען צוויי דייטשן — אַ ליטענאַנט און אַ פעלדפעבל, צווישן זיי האָט זיך ארומגעדרייט אַ פּיפּי־קער פּאָליציימאַן אין אַ לייכטן מאַנטל. דער פּאָליציימאַן האָט געפרעגט:

— דאָ וווינט דער הער דיומאָ?

— איך בין עס.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די הויז־זוכונג. מאַרי האָט געוויינט. דיומאָ האָט רויִק געריוויכערט די ליולקע, ווי דאָס וואָס עס קומט פאַר וואָלט צו אים קיין שייכעס ניט געהאַט. דער ליטענאַנט האָט בלויז נאָכגעפאָרשט; געאַרבעט האָבן דער פעלדפעבל און דער פּאָליציימאַן. שטייענדיק לעבן די פּאָליצעס ביכער האָבן זיי זיך פאַרלוירן — דאָס וועסטו אפילו אין אַ וואָך צייט ניט דורכקוקן...

— איר האָט צופיל געדרוקטע שמאַטעס, — האָט געזאָגט גערייצט דער פּאָליציימאַן.

דיומאָ האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען:

— אַזאַ פּראָפעסיע. ווי מאָדנע דאָס זאָל אייך ניט אויסקומען, בין איך ניט קיין געהיים־אַגענט, נאָר אַ פּראָפעסאָר.

דער פעלדפעבל האָט פאַרכידעשט אָנגעקוקט דיומאָן און אָנגעהויבן רופן אים „הער פּראָפעסאָר". דאָס איז שטאַרק ניט געפעלן דעם ליטענאַנט, ער האָט געזאָגט:

— אַזעלכע פּראָפעסאָרן רייניקן בא אונדז די קלאָזעטן.

דיומאָ האָט אַ גענעץ געטאָן און אָנגעהויבן קוקן, ווי דער קורצער גראָבער פעלדפעבל, וואָס איז ארופגעקראָכן אויף אַ טאַבורעט, וואַרפט ארונ־טער די ביכער פון די אויבערשטע פּאָליצעס. דער שטויב האָט געקיצלט די נאָז.

מיט עפּעס האָט דער פּראָפעסאָר גערייצט דעם ליטענאַנט. אַן אַלטער לעץ!... אַזאַ איינעם האָט זיך דער ליטענאַנט פאָרגעשטעלט דעם פראַנצויז, אין קאַריקאַטור — אָפּגעלאָזן, באַשאָטן מיט אַש, מאַכט פון אַלץ בויזעק, מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז געלערנט און וואַגט ארויסצוטרעטן קעגן אַ לאַנד, וואָס האָט געגעבן דער וועלט לייבניצן, קאַנטן.

אַראָפּשלעפּנדיק די ריזיקע בענדער פון אַן אַלטער ענציקלאָפּעדיע, האָט דער פעלדפעבל פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט און איז אַראָפּגעפאַלן. דיומאָ האָט זיך צעלאַכט.

— איר וועט אינגיכן וויינען, — האָט געזאָגט דער ליטענאַנט, — איר וועט האָבן אַ סאַך צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן אייער נישטיקייט און וועגן דייטשלאַנדס מאַכט.

— איך האָב גענוג געטראַכט דערפון, — האָט געענטפערט דיומאָ. און אומדערוואַרט פאַר זיך אַליין האָט ער געפרעגט: — זאָגט, איר זייט ניט געווען אַפן העספּעד נאָך זיך?...

— איך פאַרשטיי ניט.

— היינט האָבן די אייעריקע געפּראַוועט אַ העספּעד נאָך די אַזוי גע־רופענע „איראָפּעער", פרעג איך טאַקע...

דער ליטענאַנט האָט אויסגעשריען:

— בעבער, פירט אים אוועק! די אונטערזוכונג וועט פארענדיקן ריי־שאר...

מארי האט זיך איינגעשטשעמעט אין פאליציימאן (פאר דייטשן האט זי מוירע געהאט).

— וואס טוט איר? דער פראפעסאר איז קראנק, ער איז היינט צום ערשטן מאל ארויס... ער האט א שוואך הארץ, איך קענט פרעגן דעם דאק־טאר מארילא...

דיומא האט א שמייכל געטאן.

— ליגט מיר צוזאמען אביסל וועש, מארי. קען זיין, אז מען וועט עס גארניט דארפן, אבער אף יעדן פאל. און נעמט זיך ניט צום הארצן. ווען מען וואלט מיך צוגענומען אין הארבסט, וואלט איך זיך אליין אויך גענומען צום הארצן. אבער איצט בין איך פולשטענדיק רואיק...

— וואוהין פירט איר אים? ער איז קראנק! — האט געשריען מארי.

דיומא האט זי ארומגענומען:

— אלץ וועט זיין גוט. זארגט נאר ניט...

ווען מען האט אוועקגעפירט דיומאן, איז אין דער וווינונג פארבליבן דער פאליציימאן — מען האט אים אנפארטרויט פארענדיקן די אונטער־זוכונג. מארי האט אים געפרעגט:

— איר זייט וואס — א מארסעלער?

ער האט אומגערן געענטפערט:

— ניין, א טולוזער.

— און איר שעמט זיך ניט? ווו האט אייך אייער מאמע געבוירן — אין טולוז אדער אין בערלין?

— ווער אנטשוויגן! ווען ניט וועל איך דיך אויך אוועקזעצן אונטערן שלאס.

מארי האט זיך באגאסן מיט טרערן. פלוצלינג האט זי זיך דערמאנט ווי דער פראפעסאר האט איר דערציילט פון סטאלינגראד: דארט האט מען אויסגעהארגעט אזוי פיל באשן, אז עס איז שווער צוזאמענצוציילן. עס הייסט, דער פראפעסאר ווייס וויפל, ער האט געזאגט, אבער זי האט פארגעסן, יעדנ־פאלס, נייער א סאך. און זיי האבן גוט געטאן. אלעמען דארף מען זיי אויס־הארגענען. באזונדערס דעם דאזיקן אפיצירל. ווי אזוי האט ער געוואגט צו שרייען אפן פראפעסאר?... מארי האט גענומען טפילע טאן. קיינמאל האט זי אזוי ניט מפילע געטאן, זי האט פארשטאנען, אז דאס איז אן אווירע, און דאך האט זי געבאזערט: „גאט, מאך אזוי, אז זיי זאלן אלע אויספיי־גערן! גאט, מאך, אז מען זאל דעם דאזיקן אויסווארף מארגן דערהארגענען! גאט, מאך, אז אין פאריז זאל זיין, אזוי ווי אין סטאלינגראד!"

דיומא האט געמיינט, אז מען וועט אויספארשן, האט ער זיך צוגע־גרייט משיווועס. עפשער, האט מען דערטראגן, אז ער איז קעגן דעם, וואס מען פארפאלגט די יידן — מען האט דערהערט אף די טרעפ אין לעאס הויז, אדער ניוועל האט געמאסערט? ער וועט זאגן: „איך לייקן ניט. איך בין אן אנטראפאלאג, און אייערע טעאריעס, דאס איז א מעשוגאס. איך האב איצט פארדרוס, וואס איך בין ניט קיין ייד. איר האט געמאכט פון געלן

שטערן אַז עמעצן אַרדן פון פּיַין". און עפּשער האָט מען דערטראַגן, וואָס ער האָט היינט געפּלאַפּלט באַם קלויסטער? אויב דאָס, וועט ער ענטפערן: „ענריך דער פערטער האָט געזאָגט, אַז פּאַריז איז ווערט אַ מעס, האָלט ווייזט אויס, היטלער, אַז סטאַלינגראַד איז ווערט אַ העספּער"...

דער פּאַרשלאָפענער פעלדפעבל האָט געפרעגט: דעם נאָמען, עלטער, אָרט פון געבורט, פּראָפעסיע? אַ מיידל האָט געקלאַפּט אויף דער מאַשינקע, זי האָט אַ געשריי געטאָן: „דעם פאַמיליע־נאָמען — לויט אויסיעס..." מען האָט באַ דיומאַן צוגענומען די פעדער, אַ זייגער, אַ רעפּוע קעגן קאַפּווייטיק; די ליולקע האָט מען אים איבערגעלאָזט, אָבער דעם טאַבאַק האָט זיך דער דייטש צוגענומען. נאָכדעם האָט מען אים אָוועקגעשיקט אין דער טפיסע פרען. די צעל איז געווען אַ פינצטערע. דיומאַ האָט זי באַטראַכט. ער האָט זיך קוים פאַנאַנדערגעקליבן אין די אויסגעדראַפּעטע מיט אַ שפּילקע אָדער נאָגל אויפשריפטן: „איך שטאַרב פאַר פראַנקרייך. זשאַן מוטיע. 19 נאָוועמבער 1942"; „היט זיך פאַר שאַרטיע — אַ פאַרעטער"; „גיט איבער דער פרוי דאַריאַק אין בלואַ, אַז איר זון האָט זיך אויפגעפירט ווי מען דאַרף און אַז ער דריקט זי צום האַרצן פאַרן טויט". דיומאַ האָט דערפילט, אַז ער איז ניט אַליין, מיט אים זיינען די אומגעקומענע. שאַרטיע? זאָל ער שוין גיין!... אָבער מוטיע אָדער דאַריאַק — דאָס זיינען עכטע מענטשן. אויב עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, איז ניט שרעקלעך צו שטאַרבן... ער האָט זיך דערפילט אַלס זייטיקער.

צומאָרגנס האָט זיך דיומאַ צוגעהערט צום נעדעמפּטן געברויש. ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוקלייבן ווערטער. די אַרעסטירטע האָבן זיך דורכגעשמועסט דורך די אָפענע לופטשיקעס. דאָס איז געווען פאַרבאָטן, אָבער מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויפן טויט, פלעגן זיך ניט אָפּשטעלן פאַר מעגלעכע שטראָפן. דיומאַ האָט אויפמערקזאַם געהערט. מאַליש האָט גערעדט מיט רענען, פּיער מיטן פויגל, סערזש האָט גערופן דעם באַנדער, און יענער האָט זיך ניט אָפּגערופן... וואָס פאַראַ מאָדנע צונעמענישן זיי האָבן!... זיי האָבן דערציילט וועגן די אויספאָרשונגען — מאַלישן האָט מען ווידער געפּייניקט; מען האָט זיך דערמאָנט די פאַרגאַנגענהייט: „פויגל, דו געדענקסט, ווי מיר האָבן געבלאָנדזשעט אין וואַלד"; מען האָט איבערגעגעבן וויכטיקע ידיעות — וויקטאָרן האָט מען דערשאָסן, מען דאַרף זיך היטן פאַר די, די... דיומאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז די אַלע מענטשן זיינען געבונדן מיט איין אַרבעט. דערנאָך האָט ער דערהערט:

— עי, נייאַינקער!... ווי אַזוי האָסטו זיך אָנגערופן באַ דער אויספאָרשונג?

— פּראָפעסאָר דיומאַ.

— ווו האָט מען דיך גענומען?

— אינדערהיים. איך בין געזעסן און געלייענט, זיינען געקומען צוויי באַשן און אַ פּאָליציימאַן, צעוואָרפן אַלע ביכער.

אַלס ענטפער איז אָנטשטאַנען אַ שטילשווייגן. דיומאַ האָט זיך באַליידיקט; אויב איך בין ניט פון אייער אָרגאַניזאַציע, הייסט עס, אַז מען טאָר

שווין מיט מיר אפילע ניט ריידן? זיי דארפן באגרייפן, אז איך בין ניט קיין אויסוואורף, קאלזמאן איך בין אויך דא...

— פראפעסאר, וואס פארא נייס זיינען אף דער פריי?

דיומא האט זיך אופגעמונטערט. ער האט געניי דערציילט וועגן סטאלינגראד. די דייטשן האבן געמאכט א העספער. ער האט ארויסגעדונערט:

— זיי האבן זיך א נאמען געגעבן „איירא־פעער", אזעלכע קרעטינען!

— שטילער, מען דארף ניט שרייען... אבער דאס איז טאקע קאמיש — א העספער... ארום האט געזשומעט: „סטאלינגראד"! — שאכן צו שאכן האט איבערגעגעבן דעם פראפעסארס דערציילונג.

נאכדעם זיינען אלע אנטשוויגן געווארן. אין דיומאס צעל איז אריין א דייטש, א געשריי געטאן „אופשטיין" און דערלאנגט א קלאפ דעם פראפעסאר איבערן פאנעם. ווען דער דייטש איז אוועק, האט דיומא פארדעקט די אויגן מיט דער האנט, א טראכט געטאן: עס הויבן זיך אן די טעג פון פיין... ער איז אלט, דער גוף קען אמאל ניט אויסהאלטן. דערפאר אבער האט ער א פארצוג: ער קען זיך גוט, ער ווייסט, אז ער וועט זיך ניט שטעלן אף די קני, ער וועט ניט בעטן ראכמים. די נאציס זיינען פאר אים ריזיקע פליגן, אזא איינער קען טויטן, אבער דערנידעריקן קען ניט אזא איינער...

— פראפעסאר!

ער איז צוגעקומען צום פענצטער, אנגעשטרענגט דעם געהער.

— פראפעסאר, עס גיט איבער זשארזש, ער איז א סטודענט, געהערט אייערע לעקציעס. ער גיט איבער, אז מען האט אים פארמישפעט צום דערשיסן. ער גיט איבער א גרוס... ווארט אויס, ער זעצט פאר... ער גיט איבער, אז ער איז שטאלץ דערמיט, וואס איר זייט דא...

גוט, וואס דא איז איצט ניטא דער עקלדיקער דייטש, האט א טראכט געטאן דיומא, ער וואלט אנגענומען, אז דאס האט ער מיר דערפירט צו טרערן... איך וועל אוודע, זיך קיינמאל ניט דערוויסן, ווער דאס איז דער זשארזש, געזעסן אין אוניווערזיטעט צווישן אנדערע... מען האט אים פארמישפעט צום דערשיסן, און ער גיט איבער א גרוס. ער וויל מיך דערמונטערן... דא פארענדיקן זיך די מעגלעכקייטן פון די הענקערס: זיי קענען ניט פארמישפעטן ניט צו דערנידעריקונג, ניט צו ערנלאזיקייט...

דאר א גוט באלק... מען זאגט, אז פראנקרייך איז צוגעפוילט געווארן. אין דעם איז דא אן עמעס. ווייניקער איידלקייט, ווייניקער קראפט, א סאך זיינען דען געווארן: „מיר פיליפ פעטען..." ניוועל שרייבט וועגן פערסעפאנא... שארטיע אדער די זיינען פארעטער... אבער וויפל זיינען דא אזעלכע?... אין מיילע האבן פראנצויזן — מענטשלעכקייט. יא, יא, מיר זיינען מענטשלעך סיי אין העלדישקייט, סיי אין שוואכקייט, סיי באם עסן, סיי מיט פרויען, און סיי אף באריקאדן. איך האב געארבעט מיט ענגלענדער, נארוועגן, מיט נאמעסן. זיי זיינען מעגלעך, ריינער, שטארקער, נאבעלער, אבער מענטשלעכער זיינען מיר. דערפאר טאקע ווארט זשארזש אזוי רויק אפן טויט. און איך בין אויך דערפאר, עס האט געקענט זיין אנשטאט מיר מארי... דער וואס האט אנגעשריבן אף דער וואנט „סטאלינגראד", האט ניט געטראכט פון נעקאמע, פון רעוואנש, פון רום, פון יענע קאנפערענצן, ווו

מען וועט זיך נאָך דער מילכאָמע דינגען און בלאָפן, ער האָט געטראַכט פון
ווירדע, פון דעם, וואָס מען קען ניט דערקוועטשן.

און דיומאַ האָט געשמייכלט מיט אַזאַ שמייכל פון גליק, אַז דער דייטש
וואָס האָט אַף אים אַ קוק געטאָן דורכן קוקערל, האָט אַ טראַכט געטאָן:
דער אַלטער איז פאַר שרעק פון זינען אַראָפּ...

## XXVIII

ווען מאַיאָר שעפער האָט מיט אַ כוידעש צוריק געזאָגט שירקען „איר
איבערטרייבט די באַדייטונג פון די סטאַלינגראַדער קאַמפן", האָט שירקע
געענטפערט: „איך האָב ניט ליב צו שפּילן אין באַהעלטעניש. אין צוויי און
דרייסיקסטן יאָר האָבן די קאַטאָליקן און סאָציאַל־דעמאָקראַטן פאַרזיכערט,
אַז מען דאַרף ניט איבערטרייבן די באַדייטונג פון נאַציישן זיג. אין אַכט
און דרייסיקסטן האָבן די פּאַריזער צייטונגען געשריבן, אַז דער סודעטן־
געביט איז גאָרניט אין פאַרגלייך מיט דער מאַכט פון די פאַראייניקטע פראַנק־
רייך און ענגלאַנד. מען דאַרף קוקן דעם עמעס אין די אויגן. איך גלויב אין
פּיורערס געווינעס. ביז איצט האָבן מיר געהאַלטן אין דעראָבערן, איצט
דאַרפן מיר קעמפן"...

די פעברואַר־יעדיע האָט אַלעמען דערשיטערט, אָבער ניט שירקען —
ער איז דערצו געווען צוגעגרייט. ער האָט געהאַלטן, אַז אַ סאַך רייכסווער־
קאָמאַנדירן, וואָס פאַרמאָגן מיטלען און דערפאַרונג, פעלט דאָס וואָס ער
האָט אָנגערופן „מילכאָמע־נערוו". פאַר מיינע גענעראַלן איז דער פּיורער
— אַ צופעליקע פיגור: זיי לעבן אין דער פאַרגאַנגענהייט, בוקן זיך פאַרן
סטאַטוס, גייען אין קאַמף מיט אַ מאַסע אַקאַדעמישע פאָרמולעס. אַזעלכע
מענטשן מיינען, אַז עס קומט איצט פאַר, ווי אין ניינצעטן יאָרהונדערט,
אַ געפעכט צווישן צוויי אַרמייען, אַז עס וועלן זיין זיגער און באַזיגטע,
פרידנס־אונטערהאַנדלונגען, קאָמפּראָמיסן. נאַרישקייטן. דאָס דייטשישע פאָלק
האָט געשטעלט אַלץ אין קאָן — אָדער ער וועט זיין דער האַר אָדער ער
וועט אַריינפאַלן אין שקלאַפעריי. מיר האָבן דערצויגן אַ יוגנט, אַ דינאַ־
מישע, אַ דרייסטע, פריי פון פאָרורטיילן, די דאָזיקע יוגנט קען נאָך אויך
איצט, נאָך דער סטאַלינגראַדער קאַטאַסטראָפע, זיגן. מען דאַרף נאָר אַרויס־
נעמען פון דער אַרמיי די אַלטע אינטריגאַנטן, די ווייכגופיקע און צוויי־
פּנימדיקע!

שירקען איז ניט לייכט אָנגעקומען דאָס אַרבעטן אין פראַנקרייך; ער
האָט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף מאַנעווורירן, ער איז געווען ליבנסווירדיק
מיטן פאַרשטאַרבענעם בערטי, געשמייכלט ניוועלן, ניט געקאַרגט קיין קאָמ־
פּלימענטן און שמייכלען. מען האָט דערציילט, אַז בא אים אַפן שרייבטיש
שטייט אַ בראָנדזענע סטאַטוע פון זשאַן ד'אַרק. אין האַרצן האָט ער גע־
האַסט די פראַנצויזן. מיט אַ ציטערנדיקער שטים זאָגן זיי „טייערער הער
שירקע", און דערביי טרוימען זיי — ווי הענגט מען שוין אויף דעם דאָזיקן
באַש אַף אַ לאַמטערן... ער פלעגט ניט פאַרפירט ווערן פון אילוזאָרישער
רויִקייט. פראַנקרייך שיקלט — אַיין אויג קוקט אַף מיִרעוו, דאָס צווייטע

אף מיזרעך. זיי זיינען גרייט איבערצוגריזשען איינער דעם אנדערן דעם
גארגל, נאר איינס פאריינ־יקט זיי — דער האס צו דייטשלאנד; אז די „פראנ־
צויזלעך האבן זיך צעלאזט", — זיי האבן אפן הויז, ווו ער וווינט, אנגע־
שריבן „סטאלינגראד", — האט שירקע א שמייכל געטאן: „איך האף, אז
דאס האט אייך ניט געשטערט צום שלאף?" אזא שעפער ציטערט אוואדע.
עס וועט מיד גארניט ווגנדערן, אויב ער וועט אין א שווערער מינוט מאכן
א פרווו פון ענדערן זיין פארזיכערונג־דאקומענט...

שירקע האט געוווסט, אז ער וועט ניט פאראטן דעם פיורער. ביז דאן,
ווען ער איז צוגעשטאנען צו דער באוועגונג, איז זיין לעבן געווען ניט אינ־
טערעסאנט. מיטן פיורער האט ער דערקענט דעם טאם פון זיג, באלעקט
זיך מיטן ווייז פון מאכט. שירקע האט פיינט געהאט מענטשלעכע קעגנזיי־
טיקע באציונגען, וואס האבן זיך באזירט אף ניט דערזאגעכצן, אף פריינט־
שאפט, אף זאמדיקע באגייסטערונגען אדער איגנאראנץ. א מענטש דארף
אדער באפעלן, אדער זיין געהארכזאם. פאלקאווניק באיער באפעלט שירקען,
שירקע באפעלט יענטשן אדער פארסטן.

ער האט זיך געהאלטן פאר אן אידעאליסט. זיין ווייב האט אים איינ־
מאל געפרעגט, צי עס איז עמעס, אז אין פוילן הארגעט מען אויס אלע ייִדן,
אפילע קינדער. ער האט געענטפערט: „קיין איינצלהייטן ווייס איך ניט, דער־
מיט פארנעמט זיך אן אנדער אמט, אבער מען האט מיר געזאגט, אז אף
מיזרעך זיינען פאראן שטעט, וואס זיינען שוין אויסגערייניקט פון ייִדן. איך
פארשטיי, ווי שווער דאס איז צו ליקווידירן קינדער, אבער דאס איז נויט־
ווענדיק — מען דארף קענען אויסווארצלען, איידער מען נעמט זיך צום
זייען. אין צוואנציק יאר ארום וועט די מענטשהייט בענטשן די יעניקע,
וועמען די ליבעראלן רופן איצט „הענקער"... מאדאם שירקע האט געזאגט:
„האסט רעכט". זי פלעגט שטענדיק מאסקים זיין מיטן מאן, ווען עס האט
זיך געהאנדלט פון זאכן, וואס רירן זי ניט אן. דערפאר אבער איז זי געווען
ניט נאכגיביק אין געלט־איניאנים. שירקע פלעגט איר אין גארניט אפזאגן,
אבער זי פלעגט אים פארמאטערן מיט פארווורפן, האלעמיי ער לעבט צו
ברייט און לייגט גארניט אפ אף א שלעכטער צייט, עס האבן ניט געהאלפן
וועלן דאן ניט העלפן קיינע שום אפשפארונגען. זי פלעגט ענטפערן: „מ'טאר
ניט זיין אזא עגאיסט, דו דארפסט א טראכט טאן וועגן מיר, וועגן האנסן".
טאר ניט זיין אזא עגאיסט, דו דארפסט א טראכט וועגן מיר, וועגן האנסן".
מאדאם שירקע האט אלץ געטאן, קעדיי צו האלטן דעם זון ווייט פון פא־
ליטיק. זי האט אים דערצויגן ווי א מיידעלע, נאכדעם האט זי אים באקענט
מיט שיינע טעכטער פון סאלידע מענטשן, האפנדיק, אז זיי וועלן טאן דאס,
וואס די מאמע האט ניט געקענט טאן. אבער די עפאכע האט זיך ארויסגע־
וויזן שטארקער פון דער מאדאם שירקע און, אופנעמענדיק די אידייען פון
זיין צייט, איז האנס אריין אין אן עס־עס־דיוויזיע.

אנהויב פעברואר האט שירקע דערהאלטן א בריוו פון דער ווייב, זי
האט געשריבן: „דעם טייל, אין וועלכן האנס געפינט זיך, שיקט מען אפ צו
דיר, מען זאגט, אז זיי וועלן עס דארפן אפשלאגן אן אליאירטן דעסאנט.
דאס איז דאך שרעקלעך. דאס זיינען דאך אלץ קינדער, אזוי ווי האנס! איך

בין גרייט אַנצוטאָן זיך אַ מִיִסע". שירקע האָט אַליין ניט איינמאָל געטראַכט אין שרעק: מען וועט האַנסן אינגיכן שיקן אַפן פראָנט. דערהאַלטנדיק דער זוייבס בריוו, האָט ער זיך דערפרייט — גוט, וואָס ניט קיין רוסלאַנד... מען ווייס ניט, ווען די אַליאירטע וועלן זיך אַרויסזעצן. און דאָ, וועט די מיל־כאָמע אויך ניט זיין אַזאַ אומבעראַכמאַנעסדיקע. דעם יינגל האָט אָפּגעגליקט. דער ווייב האָט שירקע אָנגעשריבן: „מיך ווונדערט דיין באַקלאָגן זיך, אַלע דייטשישע מאַמעס זייגען אין דער זעלבער לאַגע. ווען אונדזער האַנס וואָלט געווען צווישן די פּאַרטיידיקער פון סטאַלינגראַד, וואָלטן מיר געמעגט שטאָל־צירן, וואָס מיר האָבן געגעבן דעם פּאַטערלאַנד און דעם פיורער אַ העלד".

ער האָט געהאָפט צו זען זיך אינגיכן מיטן זון. אַלץ האָט זיך אויסגע־לאָזט אַנדערש. ער האָט געפרישטיקט מיט פינאָן. אים האָט פּאַרדראָסן, וואָס בערטי איז געשטאָרבן, מיט יענעם איז אויך אינטערעסאַנט געווען צו כאַפּן אַ וויקועד... אָבער פינאַ האָט זיך ניט קעגנגעשטעלט, ער האָט געזאָגט טרוקן, אַז „די אינדוסטריעלער זייגען צופרידן, זיי פּאַרורטיילן די טעראָ־ריסטן"... אַזוי ריידן זיי אַלע. אָבער וואָס איז בא אים אין מויער?... שירקע האָט זיך צערעדט וועגן סטאַלינגראַד:

— דאָס איז אַ שווערער קלאַפּ פאַר אונדז און פאַר גאַנץ אייראָפּע.

פינאַ האָט מיטפילנדיק געקרעכצט, ניט אַרויסזאָגנדיק זיין מיינונג. ווען שירקע האָט געשטעלט די פראַגע דירעקט, האָט פינאַ געענטפערט:

— איר אַליין פאַרשטייט, אַז איך קען ניט מיטפילן די קאָמוניסטן. פאַר דעם בין איך קוידעמקאָל ניט געגוגנד באַאוולט פון לעבן...

און ווען זיי האָבן געטרונקען קאַווע, האָט פינאַ געזאָגט:

— ס'איז בעעמעס אַ שווערער קלאַפּ — צוואַנציק דיוויזיעס אייערע, ניט רעכענענדיק די רומענער, דאָס זייגען ערנסטע פאַרלוסטן, איך ווייס ניט, ווי אַזוי איר וועט אַרויס פון דער לאַגע...

דאָס וואָרט „פאַרלוסטן" האָט אופגערעגט שירקען — אַ הענדלער! ער האָט עס אָבער ניט געלאָזט מערקן, ער האָט אַ שמייכל געטאָן:

— אַזאַ ציפער גיבן אָן די רויטע. איך זע, אַז איר הערט לאָנדאָן... דער קלאַפּ איז, ווי איך האָב אייך געזאָגט, אַ שווערער, אָבער זומער דאַרפן מיר זיך אָפּשפּילן... מען מוז אומבאַדינגט אָפּשלעפּן די באָלשעוויקעס, ווען ניט וועלן זיי קומען ניט נאָר אָף דער שפּרייע, נאָר אויך אָף דער מענע...

— מיר פאַרלאָזן זיך אָף אייער אַרמיי, — האָט שנעל געזאָגט פינאַ (ער האָט זיך פאַרגעוואָרפן פאַר אומפאַרזיכטיקייט).

נאָכן פרישטיק איז שירקע אַוועק צו דער אַרבעט. מאַיאָר שעפער האָט אים געזאָגט:

— דער הער פאָלקאָווניק האָט אייך אַרויסגערופן. שעפער האָט זיך אָנגעשטויסן אין וואָס עס האַנדלט זיך, און ער האָט מיטפילנדיק געקוקט אָף שירקען.

אַרויסגייענדיק פון פאָלקאָווניקס קאַבינעט, איז שירקע געווען רגיִס, אָבער באַזאָרגט:

— מען שיקט מיך אָף מיזרעך.

שעפער האָט אָפּגעזיפצט:

— יאָ, דאָס איז שווער... איר זייט פאָרט ניט קיין יונגערמאַן...

— אַדרבה, איך בין זייער צופרידן. דאָ איז איצט ניטאָ וואָס צו טאָן. די פראַנצויזן זיינען נאָר פעיִק צו פאַרשמירן די ווענט מיט קרייד... און אין אַ דעסאַנט גלויב איך ניט, זיי וועלן אַ קירעווע טאָן צו די באַלקאַנען, אָדער איטאַליע... אָן אַנדער זאַך איז רוסלאַנד, דאָרט איז די לאַגע בעסמעס, אַ שווערע.

— דער פּאָלקאָווניק האָט אייך געזאָגט אַף וואָס פאַר אַן אַמט?

— ער ווייס אַליין ניט. איצט וואַרפט מען אַהין אַריבער אַלץ, וואָס מען קען אַריבערוואַרפן... איך דאַרף זיך צושטעלן אין מינסק, צו דער דיספּאָזיציע פון גענעראַל קאָמיסאַר קובע.

בלייבנדיק אַליין, האָט שירקע אַ טראַכט געטאָן: אַ שאָד, וואָס איך וועל ניט זען זען האַנסן. מעגלעך, אַז איך וועל אים שוין קיינמאָל ניט זען... ער — איז אַ זעלנער. און איך פאָר קיין רוסלאַנד, דאָרט איז אומעטום דער פראָנט...

שירקע איז אַרויס אַפן באַלקאָן און, האָגאָם עס איז געווען קאַלט, האָט ער לאַנג געקוקט אַף פּאַריז, וואָס איז געווען פאַרצויגן מיט אַ לייכטן נעפּל, אַ גראָער, אַן אַלטער, אַ טרויעריקער. שירקע האָט געקוקט אַף דער שטאָט, אין וועלכער ער האָט אָפּגעלעבט אַ סאַך יאָרן, ווי אין אַ האָטעל־צימער. זיינע געדאַנקען זיינען געווען ווייט — אין פאַרשנייטן רוסלאַנד. די רויטע גייען פון קורסק ווייטער... אָבער דער פּאָלקאָווניק האָט געזאָגט, אַז פאָן מאַנשטיין האָט צוגעגרייט אַ פעסטע פויסט... שווער, זייער שווער צו זאָגן... אָבער מיר זיינען דייטשן און מיר וועלן אונדזערס דערגרייכן...

אַפן באַלקאָן איז אַרויסגעלאָפן שעפער:

— מען האָט איצט געקלונגען, אַז אַף אַוועניו וואַגראַם לעבן אייער וווינונג האָבן די טעראָריסטן דערשאָסן אַ לייטענאַנט אין אורלויב, אינמיטן העלן טאָג!... און איר האָט געזאָגט, אַז זיי קענען נאָר פאַרשמירן די ווענט...

— דאָס באַגלייטן זיי מיך אַרויס. — האָט זיך צעשמייכלט שירקע.

ער האָט זיך באַצווינגען גלייכגילטיק צום שאָס אַף אַוועניו וואַגראַם; דאָס האָט ניט מער קיין שייכעס מיט אים. און וואָס באַדייט איין לייטענאַנט נאָך סטאַלינגראַד?... ער האָט געזאָגט שעפערן:

— אויב איר האָט ניט דאַקעגן, וועל איך צופאָרן אַהיים, איך דאַרף זיך צוגרייטן צו דער רייזע.

ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אַף פּאַריז, וואָס האָט לאַנגזאַם געזונקען אין טונקל־וויאָלעטן בייִנהאַשמאַשעס. מיך האָט מען דאָ ניט ליב געהאַט, און איך האָב זיי ניט ליב געהאַט. אַזוי איז בעסער. מיר דאַרפן זיך באַפרייען פון אַלע געפילן, דאַן וועלן מיר זיגן...

---

# XXIX

ניַיאַר האָט גערטאַ באַגעגנט ניט שלעכט; ס'איז געווען דער ברודער פרידריך, וואָס איז געקומען אין אורלויב פון נאָרוועגיע (ער האָט געבראַכט אַ וואַרעמען סוועטער, העגטשקעס פאַר רודין, הערינגלעך, שאָקאָלאַד), עס זיינען געווען די פרענצעלס. אַלפרעד פרענצעלן האָט מען ווידער אָנגערקענט פאַר אומפּעיִק — עס האָבן אים געפעלט דריי פינגער אַף דער רעכטער האַנט. פריער פלעגט גערטאַ באַדויערן מאַרטאַן: ס'איז דאָך ניט שיין, ווען אַ מאַן דערלאַנגט באַם באַגריסן זיך, די לינקע האַנט. און געוואָגען האָט מאַרטאַ — זי דאַרף זיך ניט אָן אופהער אופרעגן. גערטאַ האָט שוין לאַנג ניט דערהאַלטן קיין בריוו פון יאָהאַנען. און אויב גערטאַ האָט דאָך איינגעהאַלטן די רויִקייט און צו ניַיאָר אַפילע אויסגעטרונקען און צעהוליעט זיך, איז עס ניט דערפאַר, וואָס יאָהאַן האָט איר געוואָרנט, אַז „מיט בריוו וועלן זיין איבעררייסן", און ניט דערפאַר, וואָס פרידריך האָט געזאָגט, אַז „בעיִס מילכאָמע פאַלן אַוועק די פאַרפליכטונגען פון מאַן און ווייב", — גערטאַ האָט געגלויבט אין יאָהאַנס גליקלעכן שטערן. פאַראַיאָרן ווינטער האָט ער אָנטיילגענומען אין די שרעקלעכע קאַמפן פאַר מאַסקווע און האָט אַפילע ניט אָפּגעפרוירן די פיס... און אין איינעם פון זיינע לעצטע בריוו האָט ער זי געטרייסט: „איך בין קימאַט אין אַזיע, אָבער דאָס איז דאָרעם און דאָ איז אַ סאַך וואַרעמער, ווי עס איז געווען דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער".

פרענצעל האָט פאַרגעלייגט אַ טאָסט: „לאָמיר אויסטרינקען פאַרן פיורערס געזונט און געטעם שטרעבונג צו ליכט, פאַר דער גרויסמוטיקייט פון די זיגער". נאָכדעם האָט אופגעהויבן דעם באָקאַל פרידריך און געזאָגט פראָסט, זעלנעריש: „איך טרינק פאַר דעם, אַז מען זאָל די גאַנצע פּאָסקודסטווע צערייבן אַף מאָן". רודין איז עס געפעלן, ער האָט אַ געשריי געטאָן „זיגהייל". לעקאָוועד יאָנטעוו האָט מען אים אויך געגעבן אַביסל שאַמפּאַניער. פרידריך האָט באַוויזן בילדער פון עפּעס נאָרוועגישע שיינהייטן. מאַרטאַ האָט געזאָגט, אַז זי גייט אויס נאָך רייזעס און ליבע. פרענצעל האָט געהאַלטן אין איין הויבן די פאַרקריפּלטע האַנט און כאַזערן: „ס'איז נויטיק גרויסמוטיקייט". פרידריך האָט אים אָנגערופן „פּאַסטאָר". און גערטאַ איז געווען מיט די געדאַנקען ווייט, ווי יאָהאַן האָט געשריבן „קימאַט אין אַזיע"...

גערטאַ איז געבליבן געטריי דעם מאַן אַפילע אין די מאַכשאָוועס; קוקנדיק אַף אַ צווייטן מאַן, האָט זי קיינמאָל ניט געפילט קיין אופרעגונג. זי פלעגט טאַדלען אירע באַווערטעס, וואָס האָבן זיך אופגעפירט צו פריַי. האָט נאָר עפּעס אַ יִינגל באַדאַרפט קומען אין אורלויב, פלעגן אים אַלע דאַמען פאַרופן צו זיך, האָדעווען אים, פאַנאַנדערפרעגן זיך וועגן לעבן אַפן פראָנט, זיפצן „איך קען ניט איינשלאָפן, איך טראַכט נאָר פון אים", און, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט די פרוי פון דאָצענט ווירט, „פאַרענדיקט זיך דאָס פאַנאַנדערפרעגן אין בעט — דאָס לעבן נעמט זיך זיינס"... עס זיינען אויך געווען ערגערע מיַיסעס. דעם גערטנער קראַוס ווייב, וואָס האָט פאַר דער מילכאָמע געאַרבעט אַף טאָג־לוין באַ די קעלערס, איז אַריין אין טפיסע פאַרן צוזאַמענלעבן מיט אַ קריגס־געפאַנגענעם פראַנצויז. רויט פון דער־

שטוינונג, האָט זי געזאָגט: „איך וואָלט איר דעם קאָפּ אָפּגעהאַקט. ווי אַזוי קען אַ דייטשישע פרוי צולאָזן צו זיך אַ פראַנצויזל? זיי שטינקען מיט קנאָבל און אַלע זיינען זיי אָנגעשטעקטע".

גערטאַ האָט געאַרבעט אין דער „ווינטער־הילף", אָרגאַניזירט אַ קינדערישע קיך. פאַראַיאָרן ווינטער איז געווען שווער — עס פלעגט אויסקומען איבערצולאָזן די קליינע גרעטכען באַ די שכנים אָדער פירן זיי צו די פרענצעלס, זומער איז גערטאַן געלונגען צו קריגן אַ רוסישע דינסט, אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן. גערטאַ איז געווען צופרידן מיט איר: אַן אַרבעטזאַמע, אַ שטילע, שוין אַ צו שטילע, מען קען זאָגן אַ דערשלאָגענע — באַטאָג אַרבעט זי, און אין אָוונט זיצט זי אין דער קיך און וויינט. ווען פרידריך איז געקומען, האָט אים גערטאַ באַוויזן אָלגאַן (אַזוי האָט מען גערופן די דינסט): „קענסט אַ קוק טאָן... יאָהאַן האָט געשריבן, אַז זיי זיינען אַלע אָנגעשראָקן פון די באָלשעוויקעס, אָבער איך האָב עס ערשט פאַרשטאַנען, ווען איך האָב זי דערזען"... פרענצעל האָט געזאָגט: „אַלע רוסן פאַרגעטערן ליידן, ס'איז געגוג צו באַקענען זיך מיט דאָסטאָיעווסקיס ווערק"... גערטאַ האָט זיך ווייניק וואָס אינטערעסירט מיט פּסיכאָלאָגיע, זי איז געווען צופרידן, וואָס זי האָט אַ דינסט. פאַר דער מילכאָמע האָט מען אַפילע ניט געקענט באַלעמען דערפון.

גלייך נאָך נייַיאָר איז אָנגעקומען ווי פון הימל אַראָפּ, אירמאַ. גערטאַ האָט זיך דערפרייט מיט דער שוועסטער, אָבער זי האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס האָט געטראָפן אַן אומגליק. זיי האָבן זיך שוין לאַנג ניט געזען. אירמאַ האָט כאַסענע געהאַט פאַר אַן אינזשעניער, געוווינט אין דאָרטמונד. איר מאַן האָט מען ניט לאַנג מאָביליזירט.

— פאַרוואָס וויינסטו? — האָט געפרעגט גערטאַ. — עפּעס מיט ווילין...

אירמאַ האָט ניט געקענט ענטפערן. איבער די באַקן זיינען גערונען שוואַרצע טראָפּנס — ס'איז אַראָפּ די פאַרב פון די וויִעס. ענדלעך האָט זי גענומען ריידן:

— דאָס איז דאָך אַזוי שרעקלעך! איך האָב דאָ גאָרניט איבערגעלעבט. אין דאָרטמונד איז אַ סאַך ערגער, ווי אין סטאַלינגראַד... קענסט זיך פאַרשטעלן, איך בין אַוועק אין קינאָ, געוואָלט פאַרוויילן זיך אַביסל, איך ווער דאָך מעשוגע, צייט ווילי איז אַוועקגעפאָרן... עפּעס אַ נאַרישער בילד „די לעצטע שאָטנס". פּלוצלינג אינמיטן סעאַנס „אַ לופט־אַלאַרעם!" מיר האָבן ניט באַוויזן אַראָפּצוגיין אונטן, אַ קנאַל, איך קען עס גאָרניט באַשרייבן... ווי אַ מעשוגענע, האָב איך געשריען „מאַמע!..." אָרעמע מאַמע, אין שטוטגאָרט איז אויך אַ שרעק... קורץ, ווען מיר זיינען אַרויס פון קינאָ, איז די שילערשטראַסע ביכלאַל שוין ניט געווען. איך געדענק אַבסאָלוט ניט, ווי איך בין דערגאַנגען אַהיים... מאַקס האָט מיר געזאָגט, איך זאָל אַוועקפאָרן... גיב מיר אַביסל וואַסער, איך וועל נעמען וואַלעריאַנקע, איך גיי אַראָפּ פון זינען. וווּנדער זיך ניט, און איך וועל אַראָפּ, דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך...

אירמאַ איז געבליבן וווינען באַ גערטאַן, זי האָט באַלד אַריינגעבראַכט אין דער קליינער דירע דעם גערוך פון זיסן פאַרפום און אומאָרדענונג. אַף יאָהאַנס ביכער האָבן זיך געוואַלגערט צעריסענע זאָקן. אירמאַ האָט גע־

שריען, אַז אָלגאַ איז אַן עמעסע כּאַזערטע, אַז רודי איז שלעכט דערצויגן; זי האָט אָנגעשטאָפּט גרעטכען מיט צוקערלעך, וואָס דער ברודער האָט געבראַכט פון נאָרוועגיע (גערטאַ האָט זיי באַהאַלטן — עפּשער וועט יאָהאַן קומען). יעדן אָוונט האָט אירמאַ געפּראַוועט היסטעריקעס, געשריען, אַז דאָרטמונד איז אָפּגעמעקט פון דער ערד, אַז מען קען דערהאַרגענען דער מאַמען, אַז ווילי וועט ניט צוריקקומען פון רוסלאַנד.

גערטאַ אַליין איז אויך געוואָרן טרויעריק: עס איז פאַרביי נאָך אַ כוידעש, און פון יאָהאַנען זיינען ניטאָ קיין יעדיעס. באַגיסנדיק זיך מיט טרערן, האָט אירמאַ גערעדט: „יאָהאַן איז אין סטאַלינגראַד, ווילי איז אויך אין סטאַלינגראַד, אַלע זיינען אין סטאַלינגראַד”. גערטאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז די שוועסטער רעדט נאַרישקייטן: ווילי איז ערגעץ הינטער נאָווגאָראָד. אָבער יאָהאַן, ער איז עפּשער טאַקע אין סטאַלינגראַד...

מען האָט געמאָלדן טרויער אויף דריי טעג, פאַרמאַכט די טעאַטערס, די קינאָס. דורך ראַדיאָ האָט מען איבערגעגעבן טרויעריקע מוזיק. ס'איז געקומען פרענצעל, וועלנדיק טרייסטן גערטאַן, האָט ער געזאָגט: „מעגלעך, אַז יאָהאַן איז ניט דאָרט, נאָר אויף קאַווקאַז...” הייסט עס, אַז אויך פרענצעל מיינט, אַז יאָהאַן איז אין סטאַלינגראַד... גערטאַ איז אַוועק אין קיך נאָך גלעזער. אָלגאַ איז געזעסן באַם פענצטער און געשמייכלט. גערטאַ האָט פאַרגעסן וועגן די גלעזער, זי איז אַוועקגעלאָפן צו זיך, צעוויינט זיך. אירמאַ האָט זיך פּלוצלינג באַרויִקט, זי האָט אָנגעטריפט וואַלעריאַנקע. פרענצעל האָט נאָך אַלץ געכאַזערט: „מיר ווייזט זיך עפּעס אויס, אַז יאָהאַן איז אויף קאַווקאַז”... און גערטאַ האָט ביטער געוויינט: זי האָדעוועט אין איר הויז אַ שלאַנג! זי האָט זי קיין איינמאָל ניט אָנגערירט, געגעבן איר אַ מאַטאַנע אַן אַלטע קליידל, געשאָנקען נאָך אַ שמאַטקע... און איצט איז די דאָזיקע פּאַסקודסטווע צופרידן, וואָס עס זיינען אומגעקומען אַזויפיל ערלעכע דייטשן. מעגלעך, אַז אויך יאָהאַן... די רוסן זיינען טאַקע ניט קיין מענטשן, יאָהאַן איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געשריבן, אַז עס ווילט זיך ראַכמאָנעס האָבן אויף זיי און מען קען ניט...

— די דאָזיקע פּאַסקודסטווע איז טאַקע צופרידן, — האָט גערטאַ געזאָגט פרענצעלן.

ער האָט זיך פאַרטראַכט און געזאָגט:

— אַן אַלגעמיינע פאַרביטערונג. דער וואָגן פון דער מענטשהייט האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ צעשטערונג. אָבער איך בין איבערצייגט, אַז היטלער — דאָס איז די סטיכיע פון דער וועלט, פּעב... עס נעמט מיך נאָר אַרום אַ שוידער, וואָס מענטשן ווילן זיך איינער דעם אַנדערן איבערבייסן די גאָרגלען...

ווען ער איז אַוועק, האָט אירמאַ געזאָגט:

— באַ אים האַלט שלעכט ניט נאָר מיט די פינגער. איך מיין, אַז ער איז אַ מעשוגענער... איצט האָבן מיר אָפּן סמאַד פון די געשעענישן אַ סאַך פּסיכישע קראַנקע. אין דאָרטמונד האָט איינער אַ באַנק־אָנגעשטעלטער אָנגענומען, אַז עס איז שוין דער סאָף פון דער וועלט און נאַכן אָפּרופן דעם אַלאַרעם איז ער אַרויס אויף דער גאַס פולשטענדיק נאַקעט... הער, גערטאַ, דו

מוזט אַף דער נאַכט פאַרשליסן דיין כאַזערטע, מיט די רוסן טאָר מען זיך ניט כאַכמענען.

גערטאַ האָט געהערט, ווי אַ מאַיאָר האָט גערעדט דורך ראַדיאָ; ער איז ביזן צוואַנציקסטן יאַנואַר געווען אין סטאַלינגראַד; ער האָט דערציילט, אַז דאָרט זיינען געווען זייער גרויסע פרעסט, עס איז ניט געווען וואָס צו עסן, די דייטשן האָבן פאַרטיידיקט די שטאָט, ווי אַלטערטימלעכע העלדן, אָבער באָלאַגערער זיינען געווען מער, זיינען די פאַרטיידיקער דערשעפּט געוואָרן אין אומגלייכן קאַמף.

מיט האָס האָט גערטאַ געקוקט אַף אָלגאַן; די דאָזיקע מויד האָט פיר ברידער און דריי שוועסטער. צופיל זיינען זיי, די רוסן! און זיי ווילן אונדז אומברענגען. באַ אונדז איז קולטור, אוניוועריזיטעטן, אידייען, און באַ זיי איז נאָר גראָבע קראַפט. עס קלעקט אָנצוקוקן, ווי אַזוי אָלגאַ הויבט אויף אַ זאַק מיט קוילן...

ס'איז געקומען אַ בריוו פון דער מאַמען: „טייערע גערטאַ! כ'טראַכט די גאַנצע צייט פון דיר. וואָס איז מיט יאָהאַנען? באַ אונדז איז זייער ביטער, איך האָב איבערגעלעבט אַזאַ נאַכט, אַז איך האָב געמיינט, זי איז די לעצטע. קיין וואָקזאַל איז שוין ניטאָ. די מאַדאַם ציגעל איז פאַרשאָטן געוואָרן אין קעלער. איך קען ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר ליידן אַזוי?...

פאַרוואָס לייד איך אַזוי? — האָט זיך געפרעגט גערטאַ. קיינער האָט איר ניט געקענט ענטפערן. פרידריך איז שוין לאַנג אַוועקגעפאָרן קיין נאָרוועגיע. אירמאַ האָט מיטאַמאָל אופגעהערט וויינען און פאַרפירט אַ שפּיל מיט אַ יינגל פון דער אַנטילופט־פאַרטיידיקונג. עס זיינען געקומען די פרענצעלס. מאַרטאַ האָט געוויינט:

— מען זאָגט, אַז מען וועט אַלפרעדן מאָביליזירן. ווי אַזוי קען ער שיסן, אַז ער האָט ניט קיין פינגער? דאָס איז אומדערהערט!...

פרענצעל האָט געזאָגט:

— מיר דאַרפן קענגשטעלן די פינצטערע סאָוועס געטעס ליכט און דעם פיורערס גוטן ווילן...

ענדלעך איז אָנגעקומען אַ יעדיע: אונטעראָפיציר יאָהאַן קעלער איז אומגעקומען פאַרן פיורער און פאַר דייטשלאַנד.

גערטאַ איז אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג אין פינצטערן צימערל מיט אַ נאַסן האַנטעך אַפן קאָפּ. אירמאַ האָט אָפּגעטראָגן אַ נעקראָלאָג אין ציטונג. אַראָפּגעריסן פון דער שוועסטערס שוואַרצער קלייד די ראָזע באָפּוצונגען. און גערטאַ האָט זיך ניט גערירט: זי האָט געזען שניי, זייער אַ סאַך שניי, אַפן שניי יאָהאַן און עס פּיקן אים ריזיקע רוסישע ראָבן...

אינדערפרי האָט זי זיך אָנגעשטרענגט און איז אופגעשטאַנען. מען דאַרף אָנטאָן גרעטכען, אַרויסבאַגלייטן אין שול אַריין רודין. זי איז אַריין אין קיך. אָלגאַ האָט געפּאָיעט דעם יינגל מיט קאַווע. ער האָט איר געלערנט דייטש; ער האָט געפרעגט, ווי איז אַף רוסיש „זייפע", זי האָט געענטפערט „מילאָ"; ער האָט עס ניט געקענט אַרויסריידן, און ביידע האָבן געלאַכט.

פאַר דער לעצטער צייט איז אָלגאַ פריילעכער געוואָרן, איינע אַ רוסישע, וואָס האָט געאַרבעט אין אַפּטייק האָט איר געזאָגט: „מען האָט די

דייטשן צעמיימעסט. מירן אינגיכן פֿאַרן אַהיים"... אַלגאַ האָט געגלייבט, אַז זי וועט אינגיכן זען דער מאַמען און די שוועסטער. מישאַן האָבן די דייטשן דערהאַרגעט אין אָנהייב קריג, און וואָס עס איז מיטן טאַטן און מיט די איבעריקע ברידער, האָט זי ניט געוווּסט.

— ווי אַזוי זאָגסטו? „מילאַ" — רודי האָט אַלץ געלאַכט.

גערטאַ האָט אַ כאַפּ געטאָן די באַרשט און דערלאַנגט אַ קלאַפּ אַלגאַן. רודי האָט זיך דערשראָקן, אַרונטערגעקראָכן אונטערן טיש. און גערטאַ האָט, אַרויסלאָזנדיק די באַרשט געוויינט: יאָהאַן וועט סיי ווי ניט צוריק־קומען...

## XXX

אומעטום האָט קרילאָוו געזען דעם זעלבן ציפֿער 13 — אויף די דייטשישע מאַפּעס איז דער וועג פֿון וואָראָניעזש קיין קורסק געווען אָפּגעצייכנט אַלס דרייצנטער. אַבערגלויביקע האָבן, אַוודאי, געטראַכט, אַז דערפֿון... פֿרוּונדיק אַנטלויפֿן, האָבן די דייטשן אַלץ אַוועקגעוואָרפֿן — אַלערליי קאַנאָנען, פֿאַרשיידענע שטאַב־פּאַפּירן. טויזנטער מאַשינען, זעניטקעס, מטע־מגדאָנעס מיט עטיקעטן פֿון אַלע אייראָפּעיִשע האָטעלן, וואַליקעס פֿון שטרוי, מויל־האַרמאָניקעס, מינעס, שרייב־מאַשינקעס, פֿראַנצויזישער קאָניאַק, פֿעלד־גלעזער, צעוואַלגערטער אייזן, צעפּיצלטע גופֿים. פֿון אונטערן שניי שטאַרצט אַ קאָפּ, ברילן אויף דער נאָז, און דערביי, ווי אַ זעלטענער געוויקס — ראָזע פּיאַטעס. אָפּגעבראָכענער שניי. אַ מאַשין קריכט איבער האַרטע פֿאַרשטיי־נערטע ליכעס. און דער ציפֿער 13 — איבער שניי־בערגלעך, איבער טויטע, איבער אַ פֿערדישן קאָפּ. עפּעס אַ טיוואָלאַנישער אוניוועמאָג... האָט מען דאָס באַדאַרפֿט אין איינעם שלייפֿן לינזעס, דער נעפּשאַטעלער זייגערמאַכער זאָל פֿרעציזירן דעם כראָנאָמעטער, האָלענדישע קעזמאַכער זאָלן בויען דאַמבעס, אויסטריקענען דעם יאָם, האָדעווען קי... מען זאָגט, אַז אין פּאָלינעזיע זיינען ווילדע... און די דאָזיקע — מיט זייער אָפּטישער קונסט, מיט קלאַנגען־אופּנעמער, מיט „לייקעס" — ווי אַזוי זאָל מען זיי אָנרופֿן? ס'איז טרויעריק פֿון דער אַריינדרינגונג פֿון זעלטענע קעגנשטאַנדן אויף די קורסקער פֿעלדער. אַ קרייץ־צוג פֿון זעקס־רעדריקע מיגענשליידערער און טואַלעט־פּאַפּיר...

איך בין מיד, האָט אַ טראַכט געטאָן קרילאָוו, קריכן נאַרישקייטן אין קאָפּ אַריין. דער איקער, וואָס מען יאָגט זיי. אַ קלייניקייט צו זאָגן, שוין די דריטע וואָך — מען גייט! שוין באַלד קורסק!...

צום אָוונט איז ווידער געוואָרן אַ זאַווערוכע. זיילן שניי האָבן געווירבלט צווישן די פֿעלדער; ס'איז דאַכט זיך, קיינמאָל ניט געווען אַזאַ זאַווערו־בעדיקער פֿעברואַר. און דער פֿראָסט איז אַ קנאַקעדיקער. דייטשן וואָס האָבן געפּרוּווט אויסבאַהאַלטן זיך, קריכן אַרויס פֿון די וועלדלעך, שקראַבענען זיך אין די טירן פֿון כאַטעס. ווערן פֿאַרפֿרוירן אויף די זייטיקע וועגן. אַלץ באַוועגט זיך מיזרעוו־צו: מאַשינען, פּוסגייער, שפּיטאָלן, מינען־זוכער מיט הינט, וואָס בילן הויך, לאַסט־מאַשינען מיט מעבל — די סטאַלאָווע פֿון

מיליטערישן ראט, זשורנאַליסטן, די קורסקער מיליץ. שניי־בערגלעך, די שניי־בערגלעך איילן זיך ערגעצווו. עס האָט זיך געעפנט דער וועג, און וואָס איז נאָך געגנטער און ליבער פאַר אַ רוסיש האַרץ?...

קרילאָוו האָט גענומען זינגען (פאַרשטייט זיך אַז פאַלש): „ווען איך האָב אַלס פורמאַן געדינט אויף דער פּאָסט"... פּאַרוואָס זינגען ער און אַנדערע אַזוי אָפט וועגן אַ פורמאַן, וועגן אַ טראַיקע? (אַ וואָגן, אָדער שליטן אין דריי פערד געשפּאַנט—כ. ב.). דער וועג, אָט וואָס עס ציט. און עס איז ניט אָוועקצונעמען באַם וועג די בענקשאַפט, אַפילו ווען דער וועג איז אַ פריילעכער, ווען ער איז מיטן־רעוו־צו...

די לעצטע וואָכן האָט קרילאָוו אָפּטגיי איבערגעלעבט זיין צאַר. אַ בריוו פון נאָטאַשאַן איז אָנגעקומען אין די טומלדיקע טעג: מען האָט געהאַלטן אין דורכברעכן די אונגאַרישע פאַרטיידיקונג. נאָכדעם איז געווען דער איינגעשטילטער וואָראָניעזש, נאָכט; ער איז דורכגעפאָרן אַ דריי הונדערט מעטער, און עס האָבן אָנגעהויבן אופצורייסן הייזער... אַלץ איז געגאַנגען אונטער די פיס. מען האָט געטראָגן פאַרוווּנדעטע — אונדזעריקע, מאַדיאַרן, דייטשן. קיינער האָט נאָך ניט באַגריפן דעם זיג; מען איז פאַרטשאַדעט געוואָרן פון איבערגעווייניקלעכער אָנשטרענגונג. און אינעם דאָזיקן טויטלעכן געדראַנג, צווישן מאַרלע, דורכגעזאַפּט מיט בלוט, צווישן קרעכצן, כאָרכלען, שלוקערצן פון שטאַרבנדיקע, צווישן אַזעלכע אופרייסן, אַז עס פלעגן אונטערשפּרינגען די גלעזלעך, אינסטרומענטן, צווישן די דעצעמבער־שלאַכטן, האָט זיך קרילאָוו צאַר אויסבאַהאַלטן. ער האָט דאַן ניט באַנומען די גאַנצע שווערקייט פון פאַרלוסט. נאָר דאַן, ווען זיי האָבן זיך געלאָזט אויף מיטרעוו, ווען זיי זיינען דערגאַנגען צו קאַסטאָרני און פאַר די אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט די פּאַנאָראַמע פון דייטשישער פאַרוויסטונג — ערשט דאַן האָט קרילאָוו באַגריפן, אַז וואַריאַ איז ניטאָ, ניטאָ וועמען אָנצושרייבן וועגן זיך, ניטאָ מיט וועמען צו לעבן.

אוואָדע, ער האָט נאָטאַשאַן, אָבער אַ מיידל וועסטו אַלץ ניט זאָגן...

וויפל ער האָט עס דורכגעמאַכט מיט וואַריאַן, אַמאָל געזידלט זיך, געאַמפּערט זיך, געליטן באַם צעשיידן זיך! ווי אַ באַרניקער טייך, וואָס באַם אָנהויב רוישט ער און קאָכט, און דערנאָך ווערט ער לאַנגזאַמער, טיפער, איז זייער ליבע אַריבער פונעם פייער אין די ערשטע יאָרן צו אַזאַ מענטשלעכער נאָענטקייט, אַז דמיטרי אַלעקסייעוויטש האָט זיך איצט געפילט גייסטיק אַ רויִנירטער.

קיינער פון די כאַווירים האָט ניט כוישער געווען, ווי אַזוי ער קוועלט זיך; זיי האָבן געוווּסט, אַז קרילאָוו ווייב איז געשטאָרבן, אָבער אַזאַ פרידלעכער טויט פון אַ באַיאָרנטער פרוי, בא דעם וואָס עס קומט פאָר, האָט ניט געקענט איבעראַשן. און קרילאָוו, וואָס פלעגט ניט קענען אויסבאַהאַלטן פרייד, איבעראַשונג אָדער צאָרן, האָט אויסבאַהאַלטן זיין צאַר, ווי קיינער ניט; ער איז נאָר, וואָס אַז עמעס, געוואָרן שטילער, זעלטענער געלאַכט. מען פלעגט אים זאָגן: „איר זייט מיד, דמיטרי אַלעקסייעוויטש, עס פילט זיך"... ער האָט אַליין גענומען גלייבן אין דעם, און ווען עס פלעגט אים

ווערן נאָר פיינלעך, האָט ער געוואָרטשעט אַף זיך: אַלע זיינען מיד געוואָרן, ס׳איז נאַטירלעך...

ס׳איז אַלץ שווערער און שווערער געוואָרן דורכצוזעצן זיך אַ וועג. די אָפּגערייניקטע וועגן פלעגן אין צוויי שאָ אַרום באַדעקט ווערן מיט שניי־בערגלעך. דער שנייִיקער אַקעאַן האָט זיך צעשטורעמט; אין די קאַ־בעדיקע כוואַליעס זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן מאַשינען, מענטשן, האַנט־שליטעלעך. אָבער אַף קיין איין שאָ איז ניט געבליבן שטיין די באַוועגונג אַף מיִרעוו. עפּעס האָט געשטויסן די מענטשן, ניט געקוקט אַף דער קעלט, אַף דער טויט־מידקייט. די דייטשן האָבן ערגעצווו געמאַכט פרווון אָפּצו־שטעלן זיך. עס האָבן אויך ניט געווירקט די מינענשליידערער — אונדזערע זיינען געגאַנגען אונטערן פייער. ווי לאַנג איז, ווען די דאַזיקע אַרמיי איז אייליק אָפּגעטראָטן, מענטשן האָבן זיך צונעהערט צו קלאַנגען, צעלאָפן זיך, ווען עס פלעגן זיך באַווייזן דייטשישע טאַנקען, יעדער האָט געטראַכט וועגן סוינעם קראַפט, וועגן דעם, אַז ווידער און ווידער אָפּטרעטן? אין עטלעכע טעג האָט דער זיג אַלעמען איבערגעמאַכט; עס האָט אופגלעבט די זיכערקייט אין זיך; מען האָט געוווּסט, אַז מען וועט דורכגיין און אוועק ווייטער; איצט וועט שוין קיין זאַך ניט אָפּשטעלן.

באַנאַכט איז קרילאָוו אָנגעקומען אין אַ קליינער שטאָט. הילצערנע שטיבלעך, פאַרגאַנגענער יאָרהונדערט. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז אַלע פּינפּיאַר־פּלענער האָבן ספּעציעל אויסגעמיטן דעם דאָזיקן עק. קרילאָוו האָט אָנגעקלאַפּט. אין צימער, וווּהין מען האָט אים געבראַכט, האָט געוווינט אַ יונגע פרוי מיט אַ קליין יינגל. דמיטרי אַלעקסייעוויטש האָט זיך צוגע־שפּאַרט אַף אַ קורצן דיוואַן, אַרונטערגעבויגן די פיס.

— איר וואָלט זיך געלייגט אָפּן בעט... דאָ איז ניט באַקוועם.

— ס׳איז גאָרניט... ס׳איז נאָר געמיטלעכער אַזוי.

דאָס יינגל האָט זיך אופגעכאַפּט: „מאַמע, איך וויל איינגעמאַכץ". איינ־שלאָפנדיק, האָט קרילאָוו געטראַכט: פונוואַנען קומט צו זיי איינגעמאַכץ?

ס׳איז נאָך געווען פינצטער, ווען דאָס יינגל האָט אים אופגעוועקט. די באַלעבאָסטע האָט צוגעגרייט אַ פרישטיק. דאָס איינגעמאַכץ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס ניט קיין מיִסעלע: אָפּטרעטנדיק, האָבן די דייטשן אונ־טערגעצונדן די סקלאַדן, האָט זיך די באַפעלקערונג אַ לאָז געטאָן, אַרויס־געשלעפּט פון פייער קאָסטנס, קאָנסערוון.

קרילאָוו האָט געפרעגט:

— איר זייט צופרידן?

— איך קען ניט קומען צו זיך... איך זאָל נאָר געפינען דעם מאַן. ער איז אין דער אַוויאַציע. כ׳ווייס ניט, צי ער לעבט.

זי האָט געהאַט שיינע און טרויעריקע אויגן.

— די דייטשן האָבן באַליידיקט? — האָט געפרעגט קרילאָוו.

— ווי נאָר זיי זיינען געקומען, געראַבעוועט, צוגענומען בא מיר אַ סאַ־מאָוואַר, אַ וועקער. אָבער שפּעטער פלעגן זיי אַהער ניט אַריינקוקן...

אין שמועס האָט זיך פּלוצלינג אַריינגעמישט דאָס יינגל:

— מאמע, אטא פלעגט קומען יעדן אוונט.

— וואס ליגסטו?!

דאס יינגל האט זיך צעפלאנכעט:

— איך ליג ניט... אטא האט זיך געשפילט מיט מיר, מיט דיר...

די פרוי האט זיך אפגעקערט. קרילאוו האט זיך שטארק פארויטלט און איז ארויס.

א זקיינע האט אים אריינגענומען צו זיך:

— זיץ, ליבינקער. לאז א קוק טאן אף זיך... ביסט דאך אן אונדזעריקער, אן אייגענער.

זי האט געוויינט און, וויינענדיק, האט זי מעכאבעד געווען קרילאוון מיט הארטן ווערטער, מיט דייטשישן האניק, פון וועלכן דמיטרי אלעקסייעוויטש האט זיך געקרימט, באוויזן א בילד:

— דער זינדעלע איז דער ארמיי, און מילאטשקאן האבן די דייטשן פארשלעפט...

מען האט אופגעהויבן א רויטע פאן איבערן הויז, ווו עס איז נעכטן נאך געווען די דייטשישע קאמאנדאנטור. עס האבן זיך געוואלגערט העפטן, צייטונגען, היטלערס בילד אין פארבן — אונטער אים איז געווען אנגעשריבן: „באפרייער". דמיטרי אלעקסייעוויטש איז געווארן אויסער זיך, ער האט געטראטן דעם פארטרעט, ווי א קינד: „פארשאלטענער לאשעק!"...

די פרוי האט דערציילט:

— ווען זיי האבן אנגעהויבן אוועקצוגיין, איז געקומען צולויפן לאסינאוו, ער איז געווען בא זיי א בירגערמייסטער, געשריען, „נעמט מיך", און דער דייטש ענטפערט: „גיי צו דער מאמען, מיר לאזן איבער סקלאדן, וועלן מיר נאך אזוינס שלעפן"... — געקענט אלע ווערטער אף רוסיש. לאסינאוו איז געקומען צו מיר: „שרייב אן, אז איך האב דיין איגנאטקען געראטעוועט פון דער פעטליע, איך וועל דיר געבן א קו"... און אין אוונט זיינען געקומען די רויטע...

קרילאוו האט איבערגעפרעגט:

— די רויטע?...

די פרוי האט פארלוירן א שמייכל געטאן:

— אלץ זיך אנגענומען פון זיי...

— טאקע אלץ — איז אריינגעפאלן דמיטרי אלעקסייעוויטש. פאסקודסטווע אין די מויכעס, פול מיט ווענערישע קראנקע. דער טייוול זאל זיי נעמען, און פארלייזיקט געווארן!...

שפעטער האט ער דערזען די דאקטערשע גאלקין. בא איר איז געווען איבערגעהאקט א האנט: דער דייטש האט זי צעשלאגן — די גאלקין האט אויסבאהאלטן אין שטאטישן שפיטאל צוויי רויטארמייער, אריבערגעשיקט זיי צו די פארטיזאנען.

זי האט מיט עפעס דערמאנט קרילאוון זיין פארשטארבענע פרוי — א גראע פאסמע צווישן טונקעלע האר, וויאלעמע אדערלעך אפן פאנעם, עס פארהאקט זיך איר דער אטעם, ווי נאר זי נעמט זיך דענערווירן. דמיטרי

אלעקסייעוויטש האט אויסגעהערט איר טרוקענע דערציילונג און ארויסגע־דונערט:

— איך זיים א העלד! דערלויבט מיר טאקע אייך א קוש טאן. איר ווייסט, פאסקודסטווע איז דא פאראן גענוג, די לופט איז אומריין, איז אנגענעם צו טרעפן א היימישן מענטשן, איך זאג, א סאוועטישן מענטשן...

זי האט שטיל געענטפערט:

— איך האב קיין שום באזונדערס ניט געטאן. אלעמען האט מען גע־פייניקט...

זי האט געוואלט עפעס צוגעבן, אבער זי האט, ווייזט אויס, ניט גע־פונען קיין ווערטער.

קורסק. אז א פארוואס איז די גאנצע צייט געקראכן אין קאפ: ווו־זשע זיינען די נאכטיגאלן?... ווערסט מיד, זיינען די געדאנקען נארישע... וויפל הייזער זיי האבן אופגעריסן, אזעלכע בארבארן! און די שטאט איז א שיינע, א טייכל, א גאס ציט זיך ארופצו... אומעטום אופשריפטן: „נאר פאר דייטשן". די ערד, דער טייוול זאל זיי נעמען, איז אויך פאר זיי! ווען, פרעג איך, איז מען מעקאבער?... אלץ האבן זיי צערודערט. די מענטשן פארפייניקט. עס וועט שפעטער זיין שווער, עס וועט ניט נאר אויסקומען בויען הייזער, נאר אויך די מענטשן... צום ערשטן מאל האט זיך קרילאוו פארטראכט איבער דער צוקונפט. ער האט זיך ניט געקענט פארשטעלן, ווי אזוי אלץ וועט זיך ענדיקן. ער געדענקט גוט יענעם זונטיקדיקן פרימארגן... און עפשער האט זיך אנגעהויבן אויך ניט דאן, פריער — פון פוילן, פון מאדריד, נאך פריער, ווי עס איז ארויסגעשפרונגען דער דאזיקער לאשעק... עפשער, וועט זיך אויך ניט ענדיקן באלד, מיטאמאל? אבער עס ווילט זיך, עס זאל זאל זיך ענדיקן, אז מענטשן זאלן הונדערט יאר ניט הערן די דא־זיקע עקלדיקע מוזיק. הערסט זיך אן מיט מינענשליידערער און דו האסט פארדרוס — פארוואס דו האסט פאר דער מילכאמע ניט געהערט קיין נאכטיגאלן? ווו זיינען אבער די קורסקער? נארישקייטן, איצט איז ווינטער...

דעם גאנצן טאג האט קרילאוו געארבעט, מען האט געדארפט מאכן עלף אפעראציעס. אין אוונט האט מען געבראכט דעם סערזשאנט קוקושקין. די סאניטארקע האט דערציילט, אז דער סערזשאנט איז געקומען אין שטאט איינער פון די ערשטע, ליקווידירט דייטשישע אויטאמאטלער, וואס האבן געשאסן פון דעכער: „ניטא בא אונדז נאך איינער אזא סנייפער"... קרילאוו האט באטראכט — אן ערנסטע וווּנד. די שוועסטער האט אויסגעמאסטן די טעמפעראטור — ניין און דרייסיק מיט אכט. קלאר — א גאז־גאנגרענע.

— איר וועט אמפוטירן? — האט געפרעגט די שוועסטער.

ער האט א ברום געטאן:

— איך וואלט נאר געשניטן...

ער האט צעהאקט די געשווילעכץ, ארויסגענומען די צעקרישלטע ביינ־דלער, ארופגעלייגט א גיפס־באנדאזש... א סנייפער... אבער אז א פוס איז דאך שלעכט. א יונגער, געווים — א ווייב אדער א מיידל. מיט איין ווארט ניט דאס, וואס איך, דריי און צוואנציק יאר, איז סאמע ברען...

באנאכט האט ער דערציילט דעם מיטגליד פון קריגס־ראט, דעם פאל־קאווניק מישטשענקא וועגן דער גאלקין:

— אזעלכע, ווייסט איר, וואלגערן זיך נישט. איבערגעבראכן דער ביין, און זי זאגט „קיין שום אויסערגעוויינלעכס"... דא איז אזא קניילעכל, אז דו וועסט עס נישט באלד אויספלאנטערן — סיי כאזערייען און סיי העלדנטאטן, סיי צוויי מאל צוויי איז פיר און סיי קיינער וועט נישט גלויבן... פופצן כא־דאשים אונטער די דייטשן, עס איז נישט קיין קלייניקייט! איך שטעל מיר פאר, וואס זיי האבן אנגעמאכט אין פאריז אדער אין ווארשע...

דער פאלקאווניק האט זיך איבערגעבויגן איבער דער מאפע, אנגעוויזן מיטן דיקן קורצן פינגער ערגעצוו אפן דניעפר:

— איצט וועט עס גיין שנעל.

— איר זעט עס בעסער, כאווער פאלקאווניק. און מיר דאכט זיך, אז די דאזיקע מוזיק איז אף לאנג. איך לייג נישט קיין האפענונגען אפן דייט־טשישן סייכל, מיר וועלן גיכער דערגיין קיין בערלין, איידער די דאזיקע לאשעקעס וועלן קומען צו זיך. מיר קענען נאך מילכאמע האלטן א יאר, אויב נישט מער...

ער איז אוועק אין סאנבאט.

— וואס מאכט ער, דער?... איך געדענק נישט זיין פאמיליע נאמען, איר ווייסט אליין, קוראטשקין?

— קוקושקין? ער שלאפט...

ער וועט ארויס, אבער וואסיא איז ווייזט אויס, אומגעקומען... מען דארף אנשרייבן נאטאשאן...

דמיטרי אלעקסייעוויטש איז ארויס, א קוק געטאן — עס קערט, פון הימל שניי און פון דער ערד שניי, ווידער פארשאטן דער וועג. ער האט זיך צעזונגען:

„ס'איז פארשוויגן געווארן דער פורמאן,
דער וועג איז נאך ווייט, זייער ווייט"...

נאך ווייט צו גיין. און לעבן דארף מען, און וואריא איז נישטא... איך בין מיד, ס'איז נאטירלעך. נישקאשע, איך וועל זיך אז אייצע געבן. עס וואלט געווען אינטערעסאנט אנצוקוקן דעם אייניקל, נאטאשקא שרייבט — א שרייער, הייסט עס, געראטן אין מיר...

# I

דער שטאָב האָט זיך געפונען אין בעריאָזע־וואַלד. אַרום האָבן געזונגען פייגלעך, געבליט ווילעטע גלעקלעך. די בלינדאַזשן זיינען געווען איינגעאָרדנט מיט קאָמפאָרט: באַם פּאָלקאָווניק גאָבלער זיינען אַפילו געשטאַנען אַ שרייב־טיש און אַ ביכער־שענקל.

דער פּאָלקאָווניק איז געווען אין אַ שלעכטער שטימונג. בעיס ריכטער האָט אים איבערגעגעבן אַ פּאַקעט האָט ער קיין וואָרט ניט געזאָגט. געבנדיק אַ קנאַק מיט די קנאַפּל, האָט זיך ריכטער געלאָזט גיין.

— וואַרט אויס, — האָט אים אָפּגעשטעלט גאָבלער. — וואָס מאַכט אייער פרוי?

— אַ דאַנק, הער פּאָלקאָווניק, אַלץ איז אין אָרדענונג. איך האָב נעכטן דערהאַלטן אַ בריוו.

— שיקט זי בעסער אַוועק פון בערלין. מיין פאַמיליע איז אַרויסגעפאָרן באַצייטנס. דאָס הויז וואָס איר האָט אויסגעבויט, איז שוין מער ניטאָ — פון אַ דירעקטן שאָס...

ריכטער האָט ניט געוווּסט, צי עס איז אָפּן פּלאַץ אויסצודריקן מיטגעפיל דעם פּאָלקאָווניק. ער האָט געזאָגט:

— וואָס פאַר אַ פאַרברעכנס זיינען די ראַזיקע באַרבאַרישע לופט־אָנפאַלן!... אויב איר וועט דערלויבן, וועל איך, נאָכן זיג, אויסבויען פאַר אייך אַ ניי הויז. איך האָב געוויסע אַרכיטעקטאָנישע נייע אידייען.

ווען ריכטער איז אַוועק, האָט דער פּאָלקאָווניק אַ שמייכל געטאָן: „נאָכן זיג"... זיי גיבן זיך ניט אָפּ קיין חשבון פון דער לאַגע. גאָבלער איז געווען פאַרכוישעכט ניט דערפון, וואָס אַ באָמבע האָט חרוב געמאַכט דאָס הויז, וואָס ער האָט געבויט און איינגעאָרדנט, אַריינלייגנדיק די נשמה אין יעדער קלייניקייט. איצט איז ער געווען אַריינגעטאָן אין טראַכטן וועגן דער צוקונפטיקער אָפּענסיווע. געוויס, האָבן מיר זיך דאָס מאָל בעסער צוגעגרייט. און דער ציל איז אויך באַשיידענער... און דאָך צווייפל איך אין דערפאָלג. צופיל נאַרישקייטן האָט מען אָפּגעטאָן פאַר די צוויי יאָר... אַפילו אַזאַ קולטור־מענטש ווי ריכטער, גלייבט אין קישעף פון קאַלענדאַר. זיי האַלטן, אַז מיר האָבן איינגעטיילט דאָס יאָר: דעם ווינטער — פאַר די רויטע, דעם זומער — פאַר אונדז. ס'קומט אויס אונטערצוהאַלטן די ראַזיקע אילוזיע — עס לאָזן זיך אַראָפּ די הענט בא די מענטשן: פון דער היים שרייבט מען וועגן באָמבאַרדירונגען, יעדער פרעגט זיך, וואָס עס גרייטן זיך אונטערצונעמען די אַליאירטע, אַלע זיינען שוין באַלד פיר יאָר... פריער פלעגן מיר

באַשטימען דעם גאַנג פון דער מילכאָמע, איצט טראָגן מיר זיך מיטן שטראָם.

איז אוונט האָט דער פּאָלקאָווניק לאַנג געשמועסט מיטן מאַיאָר נילענבראַנד פונעם אויסשפּיר. גאָבלער האָט אַז דריידלעך נעפרעגט:

— ווי אַזוי שאַצט איר אָפּ דעם אָפּעראַציע־פּלאַן?

— דער פּלאַן איז אַן ערנסטער. אונדזער אָפּענסיווע קען אָפּרוקן אונדזער ריקצוג.

דער פּאָלקאָווניק האָט געקענט דעם מאַיאָר פון די יוגנט־יאָרן — זיי האָבן זיך צוזאַמען געלערנט, ער האָט גערעדט אָפענע דיבורים:

— ס'איז שווער צו שטעלן אָפּילע אָף דעם. עס זיינען ניט די מענטשן... די בעסטע האָבן מיר פאַרלוירן. און די הויפּטזאַך, ניט יענער גייסט. דער לעצטער ווינטער איז געווען* אַ פּאַטאַלער. איך פרעג זיך אַליין, ווי אַזוי האָט געקענט אַן אַרמיי מיט אַזעלכע טראַדיציעס באַגיין אַזויפיל פעלערן? איך ווייס, איר וועט מיר ענטפערן, אַז די אַרמיי האָט דאָ קיין שייַכעס ניט, עס מישן זיך אַריין דילעטאַנטן. דאָס איז עמעס. אָבער דאָך פאַלט די שולד אָף אונדז אויך. דער אויסשפּיר, צום ביישפּיל, האָט געאַרבעט עקלדיק.

— איר מיינט, אַז מיר האָבן ניט געוווּסט וועגן די רוסישע רעזערוון? איך האָב אייך נאָך געזאָגט וועגן פּלאַן פון די רויטע אין סטאַרי אָסקאָל. ווען מען האָט אונדז ערשט אַריבערגעוואָרפן... מיר האָבן געוווּסט, אַז די רוסן האָבן אַ פּויסט סיי אין מיזרעך און סיי אין צאָפן. איך האָב אָנגעהויבן באַריכטן דערפון דעם גענעראַל גרים און איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז מיינע רייד זיינען אַרויסגעוואָרפן... עס וואָלט, געוויס, געווען אָנגענעמער, ווען די רוסן וואָלטן ניט געהאַט די דאָזיקע דיוויזיעס... גענעראַל גרים האָט באַשלאָסן, אַז עס לוינט ניט פאַרשאַפן אָנמעס־נעפּעש דעם גענעראַל־לייטענאַנט זאַלמוט. איך זאָג עס אייך ניט פון אַרבל אַרויס, גענעראַל גרים האָט מיר אָפן געזאָגט: „דער אַרמיי־קאָמאַנדיר פאַרטראָגט ניט אַזעלכע באַריכטן"... איך בין איבערצייגט, אַז גענעראַל פאָן זאַלמוט האָט מוירע אַריינצוברענגען אין קאָפּ דעם פירער — ער וועט אים מעלדן, אַז די רויטע האָבן אַ סאַך רעזערוון, איז אָנשטאָט אַ „ריטער־קרייץ" וועט ער קריגן יענעם באַרעד־האָבע. מיר נאַרן איינער דעם אַנדערן, איז נאַטירלעך, וואָס די רוסן נוצן עס אויס. איר האָט גערעדט וועגן דער אָפּענסיווע, וואָס מיר גרייטן... נעכטן האָט מיך אַרויסגערופן גענעראַל גרים. איך גיב אים אָפּ דעם באַריכט. רייסט ער מיר איבער: „דאָס איז ניט וויכטיק, עס וועט אונדז אונטערהאַלטן פון רעכטס אַן עס־עס־דיוויזיע..." און ניט געלאָזט מיר פאַרענדיקן... איר ווייסט, פאַרוואָס מיר הויבן אַן פאַרשפּילן? מיר פלעגן צו לייכט געווינען. די מאָראַל איז אַלט, ווי די וועלט...

— דאָס מאָל איז די איבערוואָג קלוימערשט אָף אונדזער זייט. דער גענעראַל האָט געזאָגט, אַז פון מיי־יעוו האָט מען אַלץ אַראָפּגענומען...

— יאָ, מיר האָבן יעדיעס, אַז אין פראַנקרייך וועט דעם זומער גאָרניט פּאַסירן...

— און דאָך איז עס ריזיקאַליש... מיר וועלן ניט קענען מילכאָמעהאַלטן אָף צוויי פראָנטן... מען האָט ניט געטאָרט אָנפאַרטרויען די דיפּלאָמאַטיע אַזאַ טויגעניכטס, ווי ריבענטראָפּ... פאַרשטייט זיך, אַז עס איז איצט

שווער צוזאמענריידן זיך מיט די רויטע, מיר האבן אנגענומען אזא קורס, אז מיר האבן דערצארנט אפילו קינדער. אבער ווען מיר וואלטן געהאט אנדערע דיפלאמאטן, וואלטן מיר זיך געקענט דערשלאגן א פארשטענדי־קונג אף מיררעוו... פארשטייט זיך, ווען מיר וואלטן זיך באפרייט פון גע־וויסע פיגורן...

— וואס־זשע דארף מען טאן, לויט אייער מיינונג? — האט געפרעגט מאיאר גילעבראנד.

— דאס, וואס מיר טוען... ניטא קיין ברירה. ס׳קומט אוים צו צאלן פאר פרעמדע זינד... איך גלויב אין דער ארמיי. דאס איז דאס באשטענ־דיקסטע, וואס איז דא אין דייטשלאנד. מיר דארפן פרווון, אויב ניט זיגן, איז איינהאלטן זיך, ראטעווען דאס לאנד פון אן אינוואזיע. עס קען זיין, אז די היסטאריקער וועלן באצייכענען די פארשטייענדיקע אפעראציעס ניט אלס קאמף פאר קורסק, נאר אלס שלאכט פאר דייטשלאנד...

ריכטער האט זיך ניט געקענט אנשטויסן אף גאבלערס טרויעריקע געדאנקען, ער האט ניט באמערקט, אז דער פאלקאווניק איז אין א שלעכ־טער שטימונג, און אז דאס איז פון די יעדיעס וועגן הויז. אין באטאליאן איז ריכטער צוריקגעקומען ניט קיין פריילעכער. ער האט עטלעכע מאל געשריבן הילדאן, אז זי זאל אוועקפארן צום שוועסטערקינד יאהאנא אין הארץ. הילדא האט געענטפערט, אז די שמועסן וועגן לופט־אנפאלן זיינען איבערגעטריבן: „איך וועל דארט פון זינען אראפ — איך באומרויק זיך אזוי וועגן דיר, און דא דערמאנט מיר יעדע קלייניקייט פון דיר, און איך פיל זיך רויקער...” דערהאלטנדיק דעם בריוו, איז ריכטער געווארן גערירט; אבער באלד איז אים געקומען אפן זינען, אז הילדא נארט אים אפ. די לופט־אנפאלן זיינען, ווייזט אוים, טאקע ערנסטע, נאר אויב זי וויל זיך ניט עוואקוירן, איז עס געווים, דערפאר, וואס זי האט זיך פארזארגט אין בערלין מיט א געליבטן. די דאזיקע פרוי איז פעיק צו קושן זיך אפילו אונ־טער פאלנדיקע באמבעס... ריכטער האט באשלאסן אנצושרייבן מיטן הארבן ווארט: זי מוז די רעגע ארויספארן קיין הארץ. ווי נאר ער האט זיך געזעצט שרייבן, איז געקומען טאראקאן:

— האסט ניט גערעדט מיטן פאלקאווניק?...

— א פאר ווערטער... ער האט געזאגט, אז זיין הויז איז בארעוו גע־ווארן, דאס איז אין האלענזיי...

טאראקאן האט זיך אויסגעזידלט:

— טויגעניכצן! הארגענען אוים די אומבאהאלפענע באפעלקערונג... מיין אלטע האט זיך קוים געראטעוועט פון האמבורג. דאס איז א טיוולא־גישע מילכאמע... קלאר, אז דא וועט זיך אנהויבן, אויב ניט היינט, איז מארגן. דער פאלקאווניק האט גארניט געזאגט וועגן דעם?

— ניין. ער איז געווען מיט עפעס פארנומען...

— ס׳איז קלאר מיט וואס... איך מיין, אז מיר וועלן אנהויבן. די רויטע גרייטן זיך אויך... עס זאל כאטש געלינגען! אויב מיר וועלן זיך איצט מיט זיי ניט ספראווען, וועלן מיר ווינטער ווידער ארייגפאלן אין א מיעסער געשיכטע...

ריכטער האָט אָנגעקוקט טאַראַקאַנען און פאַרטראַכט זיך — אַפּילע טאַראַקאַן איז פאַרמאַרעשכווירעט! ער באַרימט זיך מער ניט, ווי אַזוי ער האָט געפאַנגען פערציק רוסן לעבן ברעסט, ער פאַרנעמט זיך ניט מיט מיידלעך, ער דערמאָנט אַפּט זיין ווייב, רופנדיק זי „אַלטע", בורטשעט, אַז עס איז דערעסן צו קעמפן, „פאַרקראַכן אין אַ מיעסער געשיכטע". אַלט געוואָרן — אים איז ניין און צוואַנציק יאָר, און זעט אויס ווי אַ פערציק־יאָריקער...

— ווען מען וואָלט מיר געגעבן די יונגען, מיט וועלכע איך האָב אָנגעהויבן די מילכאָמע, — האָט געזאָגט טאַראַקאַן, — וואָלט איך געווען רויִק. אָבער ווייסטו, וואָס פאַר אַן אָפּפאַל מען האָט צוגעשיקט? איינער האָט אַסטמע, אַ צווייטער — זעט ניט, אַ דריטער — אַ פּאַכדן, וואָס איז געלעגן אין באַהעלטעניש אין ווין... איך פאַרלאָז זיך נאָר אויף די „טיגערס". דאָס איז אַ מאַשין. מען זאָגט, אַז קיין שום קוילן נעמען זיי ניט... עפּשער וועלן די „טיגערס" ראַטעווען... סאָפּקאַלסאָף זיינען מיר אַ צו קולטורעל פאָלק, אַז מיר זאָלן ליב האָבן צו שלאָגן זיך, דאָס איז אַן איניען פאַר „איוואַנען". מיר קענען זיי צעקלאַפּן נאָר מיט טעכניק. די פראַגע איז, וויפל „טיגערס" מיר האָבן...

ריכטער האָט ראַכמאָנעס געקראָגן אויף טאַראַקאַנען, און ער האָט געזאָגט:

— דער פאָלקאָווניק האָט געזאָגט, אַז אַ סאַך...

טאַראַקאַן האָט זיך ניט באַרויִקט. ער פלעגט פריער קיינמאָל ניט טראַכטן, אַז מען קען אים דערהאַרגענען. ער פלעגט האַלטן פאַר פּאַכדאָנעס צו טראַכטן וועגן טויט. און איצט האָט ער אַ טראַכט געטאָן: דאַכט זיך, אַז איך וועל זיך ניט אַרויסקריגן פונדאַנען... אַרום איז געווען אַ וואַלד, אַ גאָלדענער פון דער פאַרגייענדיקער זון. טאַראַקאַן האָט זיך דערמאָנט דעם וועלדל לעבן דער שטאָט, וווּ ער האָט זיך געהאָדעוועט — סאָסנעס, נאָדלביימער, גרינע בענק. עס איז אים געוואָרן זייער שווער אויפן געמיט; ער האָט זיך געזעצט אָנשרייבן אַ בריוו דער „אַלטער" זיינער; אָבער ער האָט באַלד אָוועקגעלייגט די פעדער, פאַרטראַכט זיך. פאַרוואָס דאַרף איך שטאַרבן? צי דען איז די מענטשן אַזוי ענג אויף דער ערד, אַז מען מוז אומבאַדינגט האַרגענען איינער דעם אַנדערן?... ער האָט אָנגעשריבן: „איך בעט איבערשיקן דאָס געלט און דעם זייגער דער ווייב מיינער, דער פרוי אַנאַ גרין, וואָס וווינט אין לימערטווייז, און אָנשרייבן איר, אַז איך בין געשטאָרבן, ווי אַ גלויביקער קריסט. איך בעט מיין טייערע פרוי דערציען אונדזערע קינדער אין דערעכערעץ צו דער רעליגיע און צום אָנדענק פון זייער אומגליקלעכן טאַטן". אַ יאָר צען איז טאַראַקאַנס פוס ניט געווען אין אַ קלויסטער; ער האָט אַליין ניט באַגריפן, פאַרוואָס ער האָט עפּעס איצט באַשלאָסן, אַז ער איז אַ גלויביקער. עפּשער האָט זיך אים פאַרגלוסט פאַרשאַפן פאַרגעניגן דער „אַלטער" זיינער, וואָס איז, לויט זיינע ווערטער, „פאַרשטונקען פון ווייראַך"? און עפּשער האָט ער זיך פאַרלוירן — אויב עס קומט אויס צו שטאַרבן אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען, הייסט עס, אַז

עס איז טאקע דא א גאט... אפן קאנווערט האט ער אנגעשריבן: „עפענען נאך מיין טויט".

ריכטער האט אנגעשריבן הילדאן, געבעטן זי ראכמים ארויסצופארן פון בערלין, געדראט, „אויב דו האסט זיך מיט וועמען עס איז פארפלאנטערט, איז פארלאז זיך ניט אף דעם, אז מען וועט מיך דערהארגענען, איך בין אין טיפן הינטערלאנד און אינגיכן וועל איך קרינן אורלויב". געשווירן זיך אין ליבע, „איך קען ניט איינשלאפן, מיר דאכט זיך, אז די דאזיקע נאכט וועט זיין א לופט־אנפאל אף בערלין"...

— וואס פאר א דאטע האבן מיר היינט? — האט ער געפרעגט מאראבון, קעדיי אנצושרייבן די דאטע.

— דער פערטער. פונקט מיט א יאר צוריק האט זיך אנגעהויבן אונדזער אפענסיווע אף דארעם. איך האב איצט ארייננעקוקט אין טאג־בוך — דעם פינפטן יולי, מיר זיינען דאן געשטאנען בא גזשאטסק. איך האב גע־גלויבט, אז דאס איז די אנטשיידענע שלאכט... אונדזערע זיינען דורך, אז אפשטעל, פון כארקאוו ביז קאווקאז...

ריכטער האט זיך צעשמייכלט:

— דערנאך, אן אפשטעל, פון קאווקאז ביז כארקאוו. ניט שוין־זשע איז דיר ניט דערעסן דער דאזיקער קאדריל?...

— ריכטער, מיט אזעלכע זאכן כאכמעט מען זיך ניט...

— איך כאכמע זיך טאקע ניט. איך האב אין דאזיקן „קאדריל" פאר־לארן א ברודער...

— מיר האבן צופיל פארלארן, ריכטער. אמאל דוכט זיך מיר, אז דייטשלאנד איז א לעגיאן פון שאטנס. עס זיינען פארבליבן פאכדאנים, צוויי־פעניםדיקע. פאלקאווניס גאבלער איז א הייליקער קאסטרירער, ער קעמפט נאר דערפאר, ווייל דאס איז זיין פראפעסיע.

— ריכטער איז בייז געווארן:

— אינטערעסאנט, פארוואס קעמפסטו?

— איך?... איך גלויב אין פיורער. דער פארגאנגענער ווינטער איז גע־ווען א באצאלונג פארן פארכלינען זיך מיט די טראפייען, מיט מיידלעך. מיר זיינען ווייך געווארן. צעקראכן, אנגעהויבן צו פארקערן מיט רויטע. איך געדענק ווי דו ביסט געזעסן אין רזשעוו בא רוסן, געשפילט זיך מיט זייערע קינדער...

— וואס פארא שלעכטס איז אין דעם? באנדיטן דארף מען הענגען, אבער מיר קעמפן דאך ניט קעגן דער פרידלעכער באפעלקערונג.

— ניטא אזא זאך, ווי פרידלעכע באפעלקערונג, דאס איז אן אלטער באגריף...

מאראבו האט אפגעריסן א בלימל.

— דאס? רומיאנעק...

— דאס וואקסט ווו נאר עס לאזט זיך, עס קען פון אים אנקוועלן אפילע א פויערטע וואס פיטערט קי, ניט צופעליק האט דער פיורער ליב איידלווייס. קעדיי אים אראפצורייסן, דארף מען ארופקלעטערן אף א בארג...

ריכטער האט זיך הויך צעגענעצט:

— ביסט מיר דערעסן, מאַראַבו, מיט דיין פּאָעזיע. איך וויל ניט קיין רומיאַנעק און ניט דיין אײדלוויים. איך וויל נעמען אַ וואַנע, אָנטאָן אַ כאַלאַט און ליגן אַף אַ דיוואַן, עס זאָל ניט זיין, ניט קיין רוסישע אַרטילעריע, ניט קיין היסטאָרישע מיסיעס, און אויך ניט דו. פאַרשטייסט?

אין אָוונט האָט טאַראַקאַן דורכגעלייענט דעם באַפעל. ס'איז אים געווען ניט צו דערקענען, די מעלאַנכאָליע איז פאַרשוווּנדן; דרייענדיק מיט די וואַנצעס, האָט ער געריידט מונטער:

— איצט האָבן מיר זיך בעעמעס צוגעגרייט. די רוסן וועלן דערפילן, וואָס דאָס הייסט אַזוינס דייטשישע טעכניק. דאָס לעצטע וואָרט וועלן זאָגן די „טיגערס".

צומאָרגנס האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן. קוילן, מינעס האָבן געריסן דעם בעריאָזעווען וועלדל, פון אָנהויב האָבן זיך געלאָזט די טאַנקען. אַף עטלעכע שאָ האָט זיך אויך ריכטער אופגעמונטערט: אַלץ האָט דערמאָנט דעם פירבער פון אַ זיג. זיי זיינען דורך פיר קילאָמעטער. ווער האָט גאָר געקענט אַ טראַכט טאָן, אַז אין דאָזיקן טראַנשיי האַלטן זיך נאָך רוסן?... שפּעטער צו פלעגט זיך ריכטער דערמאָנען וועגן דער קורצער שלאַכט, ווי וועגן דאָס שרעקלעכסטע פון אַלץ, וואָס ער האָט אין דער מילכאָמע געזען. און ער האָט דאָך איבערגעלעבט סיי דעם ערשטן ווינטער, סיי די פליטע פון קאַסטאָרנע, און סיי „איוואַנס" אַרטילעריע... גאָר מוירעדיק איז געווען איין מאָמענט: ריכטער האָט דערזען, ווי אַ רוס האָט זיך פאַרמאָסטן מיטן אויטאָמאַט אַף מאַראַבו. ריכטער האָט זיך געלאָזט לויפן; ער פאַרשטייט ניט, ווי אַזוי ער איז אַרויס מיט די ביינער.

ווען זיי האָבן גענומען ציילן זייערע פאַרלוסטן, איז אַלעמען געוואָרן פּאַלעמוטנע; צו טייער האָט מען באַצאָלט פאַרן דאָזיקן שטיקל ערד... טאַראַקאַן האָט געפּרוּווט אופמונטערן זיך און די כאַווײרים... „שווער איז דער אָנהויב... ווייטער האָבן ניט די רויטע אַזעלכע באַפעסטיקונגען"...

ריכטער האָט געטראַכט וועגן מאַראַבו. ס'איז שרעקלעך, וואָס איך האָב אים באַליידיקט ערעוו דעם טויט... געוויס, איז ער געווען אומדערטרעגלעך, אָבער ער האָט געגלויבט אין אַן אידיי. כוצדעם איז עס אַן אַלטער באַוועך, מיר האָבן צוזאַמען אָנגעהויבן די מילכאָמע... ריכטער האָט זיך דערמאָנט שמועסן וועגן פילאָזאָפיע, וועגן אַרכיטעקטור. מאַראַבו האָט געהאַט אינטערעסאַנטע אידייען, ער האָט געזאָגט, אַז באַזיגנדיק איראָפּע, וועלן די דייטשן לעבן, ווי ריטערס אין שלעסער־פעסטונגען, און די אַרכיטעקטן וועלן שאַפן אַ נייעם סטיל, וואָס וועט אויסדריקן די אידיי פון באַהערשן די נאַטור אַרום. און אַט איז ער אומגעקומען פון דעם, וואָס אַ האַלבגראַמאָטנער פאַנאַטיקער האָט זיך פאַרמאָסטן... אַ טראַגישער צוזאַמענשטויס פון געדאַנק מיט רויער קראַפט!...

צומאָרגנס זיינען זיי דורכגעגאַנגען נאָך דריי קילאָמעטער. אַפן דריטן טאָג האָבן זיי געפּרוּווט צוויי מאָל אַטאַקירן. זיי פלעגן צוקומען ביז צום בערגל און מען פלעגט זיי צוריקוואַרפן. טאַראַקאַן האָט נאָך אַלץ געהאָפט אַף די „טיגערס". ער האָט נאָר אָנגעהויבן צווייפלען אַפן פערטן טאָג, דער־

זעענדיק א „טיגער" מיט א דורכגעהאקטן פאנצער. טאראקאן האט געמורמלט:
„די דאזיקע אויסוואורפן האבן טערמיט־קוילן"...

די ערד האט נאך געציטערט, אבער אלע האבן געפילט, אז די שלאכט ווערט איינגעשטילט; און געווען זיינען זיי אזוי מיד, אז זיי האבן געטראכט: גייט זי צו אלדי רוכעס, די דאזיקע קורסק!... דער בלינדאזש האט זיך זיי אויסגעוויזן ווי א געמיטלעכע נעסט. בעיס איינער א פויזע אין ארטילעריע פייער, האט טאראקאן דערהערט דאס קומען פון א בעעמעס מעשוגענער קוקאווקע, וואס איז ניט אנטלאפן פון דעם דאזיקן צעפיצלטן וואלד; ער האט גענומען כעזשבענען, וויפל אים איז נאך פארבליבן צו לעבן. די קוקאווקע האט נאך אלץ געקוקעט.

ריכטער האט זיך פלוצלינג צעלאכט.

— וואס איז? — האט געפרעגט טאראקאן.

— הער, פאר דער מילכאמע האט מיר איינער א פאלקאווניק געזאגט, אז מיר וועלן אריין אין רוסלאנד אן עמעסע קאמפן, „א האלב־פרידלעכע ארייַנדרינגונג"... קאמיש?

טאראקאן האט זיך קיינמאל ניט דערלויבט אפצולאכן פון אן עלטערן, ער האט געענטפערט איינגעהאלטן:

— ס'איז שווער געווען פארויסצוזען... עס איז אבער גוט, וואס מיר האבן זיך פארקליבן טיף אין רוסלאנד. שטעלסט זיך פאר, וואס עס וואלט געווארן פון דייטשלאנד, ווען די מילכאמע וואלט פארגעקומען דארטן?... איך האב נעכטן געלייענט אין צייטונג, אז מיר האבן פארכאפט אזויפיל טעריטאריע, קעדיי צו באווארענען דייטשלאנד פון אן אינוואזיע. דאס איז סייכלדיק. אט האבן מיר קורסק ניט גענומען, אבער אונדזערס האבן מיר געמאכט — „איוואן" וועט זיך שוין ניט רוקן, מיר האבן צעשטערט זיינע פלענער...

און דאך האט טאראקאן, ווי א סאך אנדערע, געווארט: און טאמער הייבן די רוסן אן א קאנטראפענסיווע? און טאקע אזוי, פון פרימארגן דעם עלפטן יולי האבן די רויטע געעפנט א גענעם־פייער. אלע האבן זיך צוגעגרייט צו דער אטאקע פון די רוסן, פארבראכט עטלעכע ביטערע שאען. נאכדעם זיינען די רויטע אנטשוויגן געווארן.

טאראקאן האט גראטולירט ריכטערן, ער האט געזאגט:

— זיי האבן זיך א רוק געטאן, אבער מען האט זיי געגעבן. ס'זעט אויס, אז דער זומער וועט זיין א רויִקער. די רוסן ווארטן, וואס די אליאירטע וועלן אונטערנעמען. און מיר האבן זיך צוגעגרייט צו סיורפריזן — סיי דא סיי דארט...

דער פאלקאווניק גאבלער האט, נאך אן עקלדיקער וואך, אביסל א באַרויִקטער, אויסגעלייגט א פאסיאנס. ער האט געטראכט: דאכט זיך, אז זיי זיינען ניט מאזלדיקער ווי מיר. איצט איז אנטשטאנען דאס גלייכגעוויכט...

פארטאג האבן די רוסן ווידער געעפנט א הוראגאן־פייער. קימאט דריי שאָ האבן געדונערט די קאנאנען. נאכדעם האט טאראקאן דערזען פונדערווייטנס רוסישע טאנקען. פארוואס ארבעט אזוי שוואך די אנטיטאנק ארטילעריע? אין הימל זיינען נאר די רויטע, אונדזערע זעט מען ניט... אין דעם

וואָס איז פאַרגעקומען איז געווען אַן אומאָרדענונג, און דאָס האָט געער־גערט טאַראַקאַנען. ער האָט באַפוילן די אויטאָמאַטלער פאַרקלייבן זיך אין נאָרעס — אויב די רויטע וועלן אַריינקריכן אין טראַנשיי, זאָלן זיי שיסן אין די פיס...

און אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָט טאַראַקאַן געשריען: „וויקלט זיך פאַנאַנדער!...”

פאַלקאָווניק נאָבלער האָט געזאָגט טעלעפאָניש דעם גענעראַל גרים:

— ווי אַזוי קען איך זיך האַלטן, ווען אין די ראַטעס זיינען פאַרבליבן צו דריי־פיר מענטשן?!...

ס'איז געפאַלן אַ וואַרעמער זומערדיקער רעגן. דאַן האָט זיך ווידער באַוויזן די זון. טראַפּנס האָבן געגלאַנצט צווישן גרינס. ריכטער האָט זיך דערמאָנט, ווי הילדאַ האָט געוויינט אַפן וואָקזאַל. די פרויען האָבן אַ כוש, זיי פילן אַ צאָרע, ווי קעץ.

II

שטאַרקע רעגנס, בעיס וועלכע די וועלט פלעגט ווערן טונקל־בלאָ, פלעגן זיך טוישן מיט בלענדנדיקע העלע שאָען. דאַכט זיך, אַז קיינמאָל האָט מינאַיעוו ניט געזען אַזויפיל בלומען — גלעקעלעך, לייבן־געמבעס, רומיאַ־נעק, טשוועקלעך, איוואַן־און־באַריע. ער האָט אַ טראַכט געטאָן — אַ גאַניידן, און ער האָט זיך אַליין צעשמייכלט — אַ שיינער גאַניידן, נעכטן האָט מיך שיר ניט אונטערגעשאָסן אַן אויטאָמאַטלער, באַנאַכט איז געווען דער רועד וויים וואָס, די פריצן האָבן געמאַכט אַ פרווו צוריקצונעמען דאָס דאָזיקע דערפל, געלאָזט צוויי „טיגערס”... און די בלומען — ווי ניט זיי מיינט מען עס, זיי בליען...

— ווו איז דער קאָמבאַט?

אַ סטעזשקע האָט זיך אַריינגעשלייכט אין וועלדל; דער סערזשאַנט האָט מיט די הענט צענומען די צווייגן. די אָפּעראַציע איז געווען אַ קאָמ־פליצירטע. ווען אונדזערע טאַנקען האָבן זיך דורכגעריסן צום דאָרפישן וועג, האָט דער באַטאַליאָן, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט אַסיפּ, גענומען שטור־רעמען דעם דאָרף, וואָס איז געלעגן אַפן הויכן ברעג פון אַ טייכל. די דייטשן האָבן אים גוט באַפעסטיקט. אין דאָרף האָבן זיי זיך אַריינגעריסן פון דאָ־רעם; די דייטשן האָבן זיך פאַרטיידיקט ביז האַלבן טאָג — זיי האָבן זיך באַזעצט אַף די בוידעמער. אַ קאַפּיטאַן און אַ מיע זעלנער האָט מען גע־פאַנגען; געפונען די לייכע פון מאַיאָר.

דערזעענדיק אַסיפּן, האָט זיך מינאַיעוו צעלאַכט:

— איך האָב פאַר דער מילכאָמע געזען אַן אַמעריקאַנער פילם, אין דאָרטן געווען אַן אַנטלאָפענער קאַטאָרזשניק — פונקט דו...

אַסיפּ איז געווען געדיכט צוגעפּודערט מיט שטויב; ס'איז אים אויס־געוואַקסן אַ באָרד; די אויגן האָבן געברענט פון מידקייט; ער האָט געכרי־פּעט, ווי נאָך אַ שיקרעס — די אַלע טעג איז אויסגעקומען צו שרייען; אַזוי האָט עס געדונערט. ער האָט געפירט מיט דער האַנט איבער דער באַק:

— עס איז צום שטוינען, פאַרוואָס די באָרד וואַקסט שנעלער, בעיס עס פּאַסירט עפּעס?

— איך קען געבן אַ וויסנשאַפטלעכע דערקלערונג: בעיס עס פּאַסירט עפּעס, הערסטו זיך אויף ראַזירן, באַלד וועט מען ברענגען דעם קאַפּיטאַן, אויך פעסט באַוואַקסן, אָבער זיין פּאַרצעף איז גיכער אַן אומפּרוכטבאַרער, און בײַ דיר איז אַ טראָפּישער געוואוקס, נאָך צוויי־דריי פּאַרטיידיקונגס־קנופּן, און דו וועסט זיך פּאַרוואַנדלען פון אַ קאַטאָרזשניק אין אַ פּאַטריאַרך.

אַ קעמפער האָט געבראַכט דעם געפאַנגענעם קאַפּיטאַן. דאָס איז געווען אַן אָפיציר פון אַ יאָר פערציק מיט אָרדנס פאַר דער פראַנצויזישער קאַמפּאַניע, פאַר פרילינג אַיין און פערציקסטן. דאָס נעמען אים אין געפאַנגענשאַפט האָט ניט געענדערט זיין האַלטונג. ער האָט געענטפערט איידל, אָבער צוריקגעהאַלטן. ווען דער פאַרהער האָט זיך געענדיקט, האָט ער זיך געווענדעט צו אַסיפן:

— הער מאַיאָר, קען איך אייך שטעלן אַ פראַגע?

— איר קענט, — האָט געענטפערט אַסיף.

— מיר איז ניט אויסגעקומען צו שמועסן מיט רוסישע אָפיצירן. איך האַלט, אַז איר האָט זייער פאַכמעניש דורכגעפירט די דאָזיקע אָפענסיווע. מיך אינטערעסירט, ווי האָט איר באַקומען די מיליטערישע אויסבילדונג?

אַסיף האָט אַ שמייכל געטאָן:

— בײַ סטאַלינגראַד...

ווען מען האָט אַרויסגעפירט דעם געפאַנגענעם, האָט מינאַיעוו גענומען לאַכן:

— ער קוקט אַף דיר — זעט ער אַ קאַטאָרזשניק, און געפאַנגען האָט מען גאָר אים. טראַכט ער זיך, אַז דו האָסט געענדיקט די מיליטערישע אַקאַדעמיע, אַ רוימער קלאַוזעוויץ. ווייסט וואָס עס איז צו באַוואונדערן: די אונדזעריקע זיינען עמעסע זעלנער. מידע, זידלען זיך, אַלץ איז זיי דערעסן, און קעמפן גלענצנד. היינט האָבן זיי געבראַכט צושלעפּן אַכט פריצן, זיי האָבן אופגעהויבן אַזאַ ראַש, אַז די פריצן האָבן זיך געטראַכט — לעבאַלהאַפּאַבעס אַ באַטאַליאָן. און מיינע זיינען געווען דריי מאַן — שאַראַפּאָוו, אַ קאַלווירטניק, ניט קיין טראַקטאָריסט, ניט קיין בריגאַדיר, אַ פּאַשעטער באַסער ווערעם. קלאַטשקע, קלוימערשט אַ קובער, געאַרבעט אין סטאַלאָווקע, קען ניט קאָכן, דערפאַר אָבער עסט ער גוט. און דער דריטער — כאַצי קאַסיר, כאַצי גאַנעוו, איך האָב נאָך ניט ווי געהעריק פאַרשטאַנען, ער איז אַ שטאַמלער, און איך האָב ניט קיין צייט אים אויסצוהערן. האָט זיך זיי אונטערגעגעבן אַ פעלדפעבל, וואָלסטו אים אָנגעקוקט — צען יאָר אין דער אַרמיי, פיר אָרדענס, רעדט ניט, נאָר בילט, ווי ער וואָלט געווען פאַן פּאַולוס... ריידנדיק אופריכטיק, ווערן די פריצן אויסגעוועפּט.

אַסיף האָט זיך דערמאָנט די דאָזיקע וועלדער אין קאַלטן, פינצטערן האַרבסט פון איין און פערציקסטן. ער איז זיי דורכגעגאַנגען אַפן וועג פון בריאַנסק; די מענטשן פלעגן זיך צעלויפן. זיי זיינען צוגעקומען צו באַלכאָוו, און דאָרט זיינען געווען די דייטשן. מען האָט דאַן גערעדט, אַז די דייטשן זיינען קלוימערשט אין טולע. קיינער האָט גאָרניט געוווסט. אַפן וועג איז

געשטאַנען אַ גענעראַל, גערידלט זיך אַף וואָס די וועלט שטייט, און עס זאָל כאָטש עמיצן אַרן — די מענטשן פלעגן זיך אַפילע ניט אָפּשטעלן...

מיר שלאָגן זיך פאַר אַריאַל, דאָס איז אין צענטער פון רוסלאַנד, 800 קילאָמעטער פון מאָסקווע, און דער איינדרוק איז אַזאַ, ווי מיר וואָלטן גע־האַלטן אין צוקומען צו דער גרענעץ. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז נאַריש, ווייל אונדזערע פאַרלוסטן זיינען גרויסע. אַריאַל האָט מען נאָך ניט גענו־מען, און דאָך איז דער איינדרוק, אַז די פראַגע איז שוין אַ געלייזטע, מען דאַרף נאָר פאַרענדיקן שפּילן די פּאַרטיע. מינאַיעוו זאָגט: „די פּריצן וועפּן זיך אויס". ווייס איך וואָס! זיי קעמפן פאַרצווייפלט, האַלטן זיך מיט די ציין פאַר יעדן בערגל. דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן די דייטשן, מיר האָבן זיך געענדערט. מיט אַ יאָר צוריק האָבן מיר געקעמפט ווי אין אַ טשאַד, אָבער איצט רויִק, פּינקטלעך...

— מיר קעמפן פּינקטלעך, אין דעם איז די גאַנצע זאַך — האָט אָסיפּ געזאָגט מינאַיעוון.

זיי זיינען צוזאַמען אַוועקגעפאָרן צום קאָמאַנדיר פון פּאָלק. ס'איז ווי־דער אַראָפּ אַ שטאַרקער רעגן. עס איז שוין לאַנג ניט געווען אַזאַ רעגנדיקער זומער. קעמפער האָבן געשלעפּט פון בלאָטע אַרויס אַ לאַסט־מאַשין.

עס האָט זיך באַוויזן אַ „ראַמע".

— שנעלער! זיי וועלן באַלד אַנטלויפן...

אַלע זיינען געווען נאַס פון רעגן און שוויס. די דייטשן האָבן אַראָפּ־געוואָרפן אַפן וועלדל אַ צענדליק באָמבעס. מינאַיעוו האָט געזאָגט, ווי זייער שמועס וואָלט צופעליק איבערגעריסן געוואָרן:

— וואָס האָט עס צו טאָן מיט פּינקטלעכקייט? איך זאָג דיר, אַז זיי האָבן זיך אויסגעוועפּט... געדענקסט דעם ערשטן זומער? זיי פלעגן זיך יאָגן נאָך יעדער מאַשין. טאָמער וואָס, באַלד פּיקירט... איצט ספּאַטיקען זיי זיך אַפילע אין די הימלען... גיב אַ קוק אונדזערע!...

אַרומגערינגלט פון „יאַקן", זיינען נייַן באָמבאַרדירער געגאַנגען אַף דאָרעם.

— שיין, — האָט געזאָגט אָסיפּ.

— אַ „טיגער" ווילסטו זען? דאָס איז נאָענט — אַ קילאָמעטער פונ־דאַנען. סעלעניקאָוו האָט אונטערגעשאָסן...

דער „טיגער" האָט אויסגעזען נעבעכדיק: אַ הויפן אייזן. „געטראָפן אין בענזין־טאַנק", — האָט געזאָגט מינאַיעוו. אַרום איז קיינער ניט געווען, בלומען, אַ סאַד בלומען, אַן אידיליע...

אָסיפּ און מינאַיעוו זיינען אַוועק אַפן קאָפּע. צווישן ניס־ביימער איז געזעסן אַף אַ קאַסטן פּאַרפּאַלקאָווניק מעדוועדיעוו און זייער הויך געכראָ־פּעט. נאָכדעם האָט ער האַלב געעפנט די אויגן און גענומען אָפּטרייסלען זיך, ווי ער וואָלט אַרויס פון אַ טייכל.

— מען דאַרף זיך דורכשלאָגן אַפן שאָסיי. גענעראַל איגנאַטאָוו האָט געקלונגען — די דייטשן פירן אַרויס פון אַריאַל אַף קאַראַטשעוו...

זיי האָבן לאַנג שטודירט די מאַפּע. רויטע פיילן האָבן אַרומגענומען אַריאַל; איינע פון אונטן האָט זיך געריסן צו קראָמי, אַ צווייטע איז געגאַנ־

נען פון מינסק, א דריטע פון באַלכאַוו; ס'איז אויך געווען אזא איינע, וואָס האָט געמאַכט אַן אויסבויג פון סטאַנאַוואָי קאַלאָדיעץ אף צאַפּן; נאָר איינע, אַ גלייכע, האָט זיך איינגעגעסן אין שאָסיי.

— מען דאַרף אַרויס צו כאַטיניעץ — האָט געזאָגט מעדוועדיעוו. — פֿאַרשטייט זיך, אַז דער איניען איז ניט קיין לייכטער — דער וואַלד ענדיקט זיך, אַז אָפענע געגנט, שטאַרק באַפעסטיקט... דער שאַכן איז גוט אַוועק...

— גוראַוו?

— ניין, איך רייד פון פּעטריאַקאַוו.

אין אַ האַלבער שאַ אַרום איז געקומען צופאַרן אַ סאַפּיאָר פון פּעטריאַקאַוום ווירטשאַפט. דאָס איז געווען סערגיי. ער האָט געזאָגט, אַז די סאַפּיאָרן קענען זיכערן אַ דורכגאַנג אויך פאַר מעדוועדיעוון.

סערגיי איז געזעסן איבער אַ מאַפּע, געפירט מיט אַ צעבראָכענעם בלייפעדער:

— אָט דאַ... און דאַ... עס ווילט זיך רויבערן!...

קיינער האָט ניט געהאַט קיין פּאַפּיראָסן. מעדוועדיעוו האָט געגעבן טאַבאַק; מען האָט געדרייט ציַיטונגס־פּאַפּיר... נאָכדעם האָט מעדוועדיעוו מעכאַבער געווען מיט געדעמפטן פליייש. אַסיף און סערגיי האָבן זיך צערעדט; עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין פעברואַר זיינען זיי ביידע געווען בא קאַטאַרזשאַ.

—נו, האָט ער באַמבאַרדירט קאַטאַרזשאַ!...

ווען אַסיף וואָלט געזאָגט ווער ער איז, וואָלט זיך סערגיי עפּשער דערמאָנט, ווי וואַליאַ האָט אים דערציילט וועגן אירע קיעווער פריינט, וועגן „פּיקוויקער קלוב”, וועגן דער קאַפּריזנער ראַיע, וואָס האָט לאַנגע וויַעס און אַ נודנעם מאַן. אָבער אַסיף האָט ניט געזאָגט ווער ער איז און זיי האָבן פריינטלעך געשמייכלט איינער צום אַנדערן נאָר דערפאַר, ווייל ביידע זיינען געווען אין רוסקי בראָד און דערנאָך אין קאַטאַרזשאַ און איצט געטראָפן זיך לעבן כאַטיניעץ.

סערגיי איז אַוועקגעפאָרן צו פּעטריאַקאַוו. אין דריי שאַ אַרום זיינען זיינע סאַפּיאָרן געקראָכן, צודריקנדיק זיך צו דער נאַסער ערד, — די דייטשן האָבן אָנגעהאַלטן אַ מינענוואַרפער פייער. די סאַפּיאָרן האָבן געאַרבעט מיט ביַיסצוואַנגען און שערן; עס האָט זיך געהערט ווי עס טרעשטשעט דראָט. סערגיי האָט זיך דענערווירט און דערפאַר טאַקע האָט ער אויסגעזען זייער רויִק. ער איז פאַר דעם ניט געשלאָפן צוויי נעכט, און עס האָט זיך ניט געוואָלט שלאָפן, נאָר דאָס פּאָנעם האָט געברענט און די דלאָניעס האָבן געבריט. ווען די סאַפּיאָרן זיינען מיט מאַזל צוריקגעקומען, האָט ער אַ גענעץ געטאָן און געלייגט זיך אפן נאַסן גראָז. ניט ווייט איז געווען אַ באַטעריע, אָבער ער איז באַלד איינגעשלאָפן און פאַרשלאָפן דעם אָנהויב אַטאַקע.

ווען סערגיי איז אַוועקגעפאָרן, האָט אַסיף געזאָגט מינאַיעוון:

— דער מאַיאָר איז, דאַכט זיך, אַ מעיוּשעוודיקער...

איצט איז אַ סאַך אָפּהענגיק פון די סאַפּיאָרן. נעכטן זיינען בא אַדיניעץ אויפגעריסן געוואָרן צוויי טאַנקען — מען האָט שלעכט אויסמינירט...

— ער זעט גאר ניט אויס ווי קיין מיליטערמאַן. — מינאַיעוו האָט אַ שמייכל געטאָן, דערמאָנענדיק זיך סערגייען, וואָס איז געשטאַנען אין אַ דורכגענעצטער גימנאַסטיאָרקע, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטן. — ער־לעך צו פּושקינען בעיס ער לייענט פאַר דיערזשאַווינען לידער. פּונקט אַזאַ בילד...

— באַ דיר זיינען אַלע צו עמיצן ענלעך, — האָט געענטפערט אַסיפּ.

— איך — בין אַ קאַטאַרזשניק, דער מאַיאָר — פּושקין. און צו וועמען ביסטו ענלעך?

— איך?... מיסטאַמע צו לענסקין. ערשטנס, האָט מיך נעכטן אַ פּריץ שיר ניט אונטערגעשאָסן, ער איז דורכגעפאַלן — מען זעט גלייך, אַז דאָס איז ניט אָניעגין; צווייטנס, טאַנץ איך ניט, און דריטנס, איז שוין לאַנג פעסטגעשטעלט, אַז דו ביסט אייז, און איך בין פלאַם...

וועגן דעם, אַז די פאַרבינדלערן, וואָס איז אים שטאַרק געפעלן, רופט מען אַלגאַ, האָט ער, פאַרשטייט זיך, ניט געזאָגט. אַלגאַ איז געווען אַ דרייסטע, אָבער דער אויסדרוק פון איר פּנים איז שטענדיק געווען אַביסל אַ צעשראָ־קענער. ווען ניט דער דאָזיקער מעשוגענער יולי, וואָלט מינאַיעוו געווים געזאָגט אַליאָן, אַז אויך בעיס מילכאָמע פּאַסירן פאַרשיידענע זאַכן. אָבער דאָ איז ניט קיין פּלאַץ פאַר ליריק. זיינע געפילן פלעגן זיך אויסדריקן נאָר אין דעם, וואָס ער פלעגט אָפט שרייען „גייט די מינוט שלאָפן, איך וועל אַליין זיין באַם אַפּאַראַט״... ער האָט זיך דערמאָנט איר בלייכן קינדישן פּנעמל, וואָס איז באַשאָטן מיט גאָלד פון זומערשפּרענקלעך און אַ טראַכט געטאָן: וועגן לענסקין האָב איך נאַריש פאַרגליכן — עס איז צו אַנזעעוודיק...

אין צוויי שאָ אַרום האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַטאַקע. זיי זיינען צוגע־לאָפן ביז צו דער אויסהוילונג און אָוועקגעלייגט זיך — די דייטשן האָבן געעפנט אַ שטאַרקן פייער. אַסיפּס באַטאַליאָן האָט באַדאַרפט פאַרנעמען פון רעכטס אַ קליין בערגל, באַוואַקסן מיט קליינע געדיכטע קוסטעלעך. דער טאָג איז געווען אַ שווערער. די דייטשן האָבן צוגעפירט אַ פרישן פּאָלק, קאָנטראַטאַקירט, דערגאַנגען ביז וואַלד. באַנאַכט איז אַסיפּס באַטאַליאָן געווען אין דער לאַגע פון אַן אַרומרינגלונג. עלף אינדערפרי זיינען די דייטשן אָפּגעטראָטן צו דער צווייטער ליניע.

לאַנגזאַם, אָבער פּינקטלעך, — האָט געזאָגט אַסיפּ. (דאָס וואָרט איז אים אַריין אין די ביינער).

מינאַיעוו האָט זיך געריצט מיט אים:

— באַ דיר איז אַלץ „פּינקטלעך״. ביסט „פאַרפּריצעוועט״ געוואָרן, ערן־וואָרט...

## III

סערגיי איז געוואָרן צוריקגעהאַלטענער; לעבנדיק צוזאַמען מיט אַנדערע אין יענער גייסטיקער אָנטבלויזונג, וואָס שאַפט זיך פון דער נאָענטקייט פון טויט, האָט ער זיך אויסגעלערנט בעסער צו פאַרשטיין מענטשן. אייגנטלעך, האָט ער אָבער אַ טאָעס געהאַט, מיינענדיק, אַז ער איז ניט ענלעך צום

פריערדיקן סערגיי, — אונטער דער אויסערלעכער רויִקייט האָט זיך אויס־באַהאַלטן לײדנשאַפט, אומגעדולד, שנעלע איבערגאַנגען פון האָפענונגען צו ביטערניש.

אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער אַנגריף וועט זיך אויס, אַז מען טאַפּטשעט זיך אויף איין פּלאַץ... וועט זיך אַמאָל ניט איבערכאַזערן דער פּע־ברואַר? דאַן האָט מען אויך גערעדט וועגן אריאָל...

גענעראַל פּעטריאַקאָוו האָט געזאָגט סערגייען:

— עס רוקט זיך אונטער אייער צייט — טייכן...

סערגיי האָט ניט פאַרשטאַנען. וואָס פאַרא טייכן זיינען עס דאָ? טייכ־לעך ווי וויטעבעטי אָדער ראַסוועטי...

פּעטריאַקאָוו האָט שמייכלענדיק צוגעגעבן:

— דעסנאַ, דניעפּר. און ווייטער אויך די ווייסל...

סערגיי האָט אַ שמייכל געטאָן — עפּשער — טאַקע עמעס?... איך מיש־פּעט דאָך נאָר לויט דעם, וואָס איך זע — אין דער אַרמיי, אַפילו ווייניקער אין ריקאַטשעווס ווירטשאַפט, צום ביישפּיל, בין איך ניט געווען... דער גע־נעראַל ווייס בעסער. די מאַמע שרייבט, אַז אין מאָסקווע איז אַ גלענצנדע שטימונג. קאַמיש — מיר פילן די מילכאָמע, ווייסן מיט וואָס זי שמעקט, אָבער קעדיי צו דערזען זי, דאַרף מען אָפּגיין אַן אַ זייט. געוויס איז אין הינטערלאַנד שווער צו פאַרשטיין, וואָס דאָס הייסט אַזוינס די לעצטע מינוט פאַר אַן אַטאַקע, דערפאַר אָבער זעען זיי די מאַסשטאַבן, די באַוועגונג, די פּערספּעקטיוון.

סערגיי האָט זיך צוריקגעקערט פון דעם אַרמיי־קאַפּע: מען האָט באַ־שלאָסן אַריבערצוּוואַרפן דעם באַטאַליאָן. געפאָרן איז ער אין אַ „ווילים", דורכגענעצט געוואָרן — עס האָט געגאָסן אַ רעגן פון אינדערפרי. אַרום זיינען געווען כורוועס, איבערגעקערטע מאַשינען, איינגעוואַלגערטע סלופּעס, דראָטן, אַ געוויינלעכער פּייסאַזש פון אַ ביַיפראָנטיקן אָפּשניט צו וועלכן עס איז שווער זיך צוגעוווינען; קאָלזמאַן דו קעמפּסט, קוקסטו ניט, אָדער ריכטיקער, דו קוקסט, אָבער דו פאַרטראַכסט זיך ניט; אָבער ס'איז גענוג אַ קוק צו טאָן פון אַ זייט, ווערט שווער אויפן געמיט. סערגיי האָט פון גאַר־ניט געטראַכט, ס'איז געווען פיינלעך, עס האָט זיך גערוכט, קיינמאָל וועט זיך ניט ענדיקן ניט דער דאָזיקער צעקרישלטער וועג, ניט די מילכאָמע.

די מאַשין איז געבליבן שטיין.

— ניטאָ קיין אויל, — האָט געזאָגט דער שאָפער. סערגיי האָט אַ קוק געטאָן:

— די רינגען לאָזן דורך... פּלוצלינג האָט ער דערהערט ריידן פראַנ־צויזיש. ער האָט זיך אַרומגעקוקט — דערביי זיינען געשטאַנען פליער. מיט צוויי וואָכן צוריק האָט עמיצער געזאָגט, אַז „נאָרמאַנדיע" נעמט אָנטייל אין די קאַמפן פאַר אריאָל. מען האָט דאַן געהאַלטן אין דורכרייסן די דייַ־טשישע פאַרטיידיקונג. סערגייס קאָפּ איז ניט געווען פאַר דערינערונגען. און איצט האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט פּאַריז; ער האָט דערזען אויפן דאָזיקן לוריוּצלעכדיקן וועג די לאַמטערנעס פון קאָנקאָרד, דעם אָבעליסק, צווי־

טשערנדיקע מיידלעך, דעם פאנטאן, א צייטונגס־פארקויפער; אלץ האט אפ־געלעבט — פון דער שפראך, פון די באטאנונגען, פון די פענעמער.
דער שאפער האט געזאגט:
— כאוועך מאיאר, בעט בא זיי אויל, און בענזין דארף מען אויך נעמען, איך האב מוירע, מיר וועלן ניט דערפארן...
די פליער האבן ארייגעפירט סערגייען אין וועלדל; איינער האט נאך געוואלט ריידן רוסיש און ער האט קאמיש געבראכן די ווערטער; סערגיי האט זיך דערמאנט, מאדא פלעגט זאגן: „צום טייוול געשיקט"...
די פליער האבן, לאכנדיק, דערציילט, ווי עס איז געקומען צו פליען אפן ערודראם א דייטש און ווי ער האט פארלוירן דאס לאשן, דערזעענדיק פראנצויזן, ווי א רוסישער גענעראל האט זיי געשיקט א מאטאנע פראנ־צויזישן שאמפאניער, וואס ער האט צוגענומען בא די דייטשן, ווי אזוי זיי האבן געפייערט דעם פערצנטן יולי. עס האט זיי געוווּנדערט, פונוואנען א רו־סישער מאיאר קען אזוי גוט ריידן פראנצויזיש... און סערגיי איז געשטאנען און געשמייכלט: אט אזא פלעגט ער זיך דערמאנען פראנקרייך, א דרייסטע, א פריילעכע און טרויעריקע — ס'איז געווען א ביטערניש אינעם געלעכטער, אין די וויצן פון די פליער — מיט א טאג פריער האבן זיי פארלארן צוויי כאוויירים.
— איר דערקענט מיך ניט? — האט געפרעגט סערגייען א הויכער שווארצוויגיקער ליטענאנט. — איר זייט געווען בא מיין טאטן אין „קאר־בעי"...
סערגיי האט זיך פארלארן. אים האט זיך געוואלט ארומנעמען לואין, און ס'איז אים געווען א כארפע, וואס ער קען ניט אויסבאהאלטן זיין איי־בערראשונג.
— איך האב געווּס, א טאטע געהאט, — האט געזאגט לואי.
— ניין, ניין!... זייט מיר מויכל. איך האב ניט דערוואַרט...
— מיר זיינען דא פון אנהויב יוני. אראפגעשאסן דרייסיק באשן... איך בין זייער צופרידן, וואס איך האב אייך געטראפן — דער ערשטער פאריזער באקאנטער פאר דער גאנצער צייט.
לואי האט געפרעגט, ווו סערגיי האט געקעמפט און, דערוויסנדיק זיך, אז אין סטאלינגראד, האט ער געזאגט:
— איך האב געבאלעמט ארייצופאלן אהין. מיר האבן ניט געקענט רוּיק איינזיצן... אבער געקומען זיינען מיר צו שפעט — אין נאוועמבער. אבער דא גייען די געשעפטן ניט שלעכט; מיר באגלייטן יעדן טאג די שטור־מאוויקעס (דאס לעצטע ווארט האט ער געזאגט אין רוסיש, האט זיך באקור־מען „סטורמאוויק").
נאכדעם האט סערגיי געפרעגט, ווי אזוי לואי קומט אהער. לואי האט זיך אנגעכמורעט, דערמאנט זיך דעם כורבן, באַרדאַ, דער שמועס מיטן טאטן.
— בעיס דער „קאטאוועס מילכאמע" האט מען אונדז געהאלטן אף דער שווייצארישער גרענעץ. איך בין אוועק פון פראנקרייך באלד נאך דער קאפיטולאציע. געווען אין לאנדאן. פון אנהויב געקעמפט — די באשן האבן

קימאט יעדן טאג באמבארדירט... און דאס לעצטע יאר האבן מיר גארניט געטאן. פאר אונדז, פראנצויזן, איז עס געווען שווער...

— ווי אזוי איז איצט אין פראנקרייך? ניט אלע זיינען דאך מאסקים?

— קיינער איז ניט מאסקים. אביסל פארעטער... איינער פון אונדזערע פליער איז פון דארט אנטלאפן פאראיארן הארבסט, זאגט ער, אז מען הארגעט דארט יעדן טאג באשן. עס וואקסט אויך דער ווידערשטאנד. ער זאגט, אז די פראנצויזן איז ניט צו דערקענען...

לואי האט גענומען דערציילן וועגן דער טעטיקייט פון די פארטיזאנען: אליין ניט באמערקנדיק, האט ער איבערגעטריבן, געמאלט פראנקרייך אזא, ווי אים וואלט זיך װעלן, אז זי זאל זיין.

— כאווער מאיאר, איך האב אנגעפילט. גלענצנדער בענזין!

צייט אין וועג אריין... און סערגיי האט נאך ניט געפרעגט וועגן דעם איקער... ניט שווין־זשע, וועט לואי ניט דערציילן, וואס מיט מאדאן איז? אבער לואי האט גערעדט וועגן די פראנטירער פון סאוואי, וועגן „מעסער", וואס „האט געשטעלט פיס אין וואלקן אריין", וועגן שטורמאוויקעס — „נעכטן האבן זיי צעפערטלט א קאלאנע באשן אפן וועג אריאל — קאראשעוו"... און סערגיי האט זיך ענדלעך, אנטשלאסן:

— די מאמע איז געשטארבן, ווען איך בין נאך געווען אין פראנקרייך. זי האט געזען די קאטאסטראפע און האט ניט אויסגעהאלטן... דער פאטער... איר קענט אים דאך...

— און אייער שוועסטער?

— מאדא האט כאסענע געהאט, איך האב זיך דערפון דערוווסט צופעליק, זיי זיינען אין פאריז, נעמען אנטייל אינעם ווידערשטאנד...

סערגיי איז געווען צערודערט. ער האט ניט געהערט, ווי דער שאפער האט לאנג געמורמלט: „איך ווייס אליין, אז מען דארף טרישן די רינגען, אבער ווי אזוי זאל מען זיי טרישן, אז יעדן טאג יאגט איר?..." נאכדעם איז טונקל געווארן. סערגיי האט געוואלט א טראכט טאן וועגן מאדאן און ניט געקענט, ער איז נאר געווען מיט איר, ווי ער וואלט זי באגעגנט אין וואלד. און ווען ער האט גענומען טראכטן, האט ער זיך פארפלאנטערט, אלץ איז אנגעפלאפן מיטאמאל — דערינערונגען, ווייטיק, פרייד, פארדרוס, און ווען מען וואלט אים אין דער רעגע געפרעגט, צי איז ער גליקלעך, אדער האט ער פארדרוס, וואלט ער ניט געקענט ענטפערן. מאדא האט אמאל געזונגען:

„זעלנער, האסט דיין גליק געפונען,
זעלנער, ס'איז דיין גליק אנטרונען"...

איך ווייס אליין ניט — צי האב איך מאדאן פארלוירן אדער געפונען? זיכער, געפונען! ניט נאר וואס זי לעבט, נאר זי איז מיט אונדז. עס איז זיך שווער פארצושטעלן — מאדא אין אונטערגרונט. הייסט עס, אז די מילכאמע איז אומעטום אזא מוירעדיקע... פארוואס האב איך געצווייפלט אין מאדאן? איך האב זי געהאלטן פאר א געצערטלטער. מאמענטנווייז פלעגט זי זיך מיר אויסווייזן אלס פרעמדע. און זי איז גאר געווען נענטער צו מיר, ווי איך האב געמיינט. עס גייט ניט נאר אין דעם, וואס זי האט זיך געענדערט, אדער וואס עס איז א צייט אזא, איך אליין בין פריער געווען אן אנ־

דערער, א סאד ניט פארשטאנען, געמישפעט לויטן שאלעכץ. און אף דער מילכאמע איז ניט פאראן קיין שאלעכץ, ניט קיין הויט, גארניט באגילדעט. אלץ איז אנטבלויזט... איך האב מאדאן ניט פארשטאנען. געליבט און ניט געוווּסט, ווען איך ליב... ווען מיר וואלטן זיך איצט געטראפן, וואלט אלץ געווען אנדערש, מיר וואלטן געפונען די נויטיקע ווערטער. מיר וואלטן זיך אויך אז ווערטער איינער דעם אנדערן פארשטאנען... אט האבן מיר זיך טאקע געטראפן אין יענעם וועלדל, נאך אלעמען — נאך דער צעשיידונג, קעגנזייטיקע כשאדים, נאכן שווידערלעכן מילכאמע־פרווו... ווען מיר זיינען צום ערשטן מאל געגאנגען צוזאמען, זיינען אויך געוועןביימער און רעגן...

הייסט עס, מאדא האט כאסענע געהאט. האט מיך פארגעסן. ניין, איך גיי אראפ פון זינען. איך האב איר געזאגט, אז מיר וועלן קיינמאל ניט קענען זיין צוזאמען, כאסענע געהאט און איצט בין איך אייפערזיכטיק... גוט, וואס זי האט געפונען ליבע, א לעבן. פארוואס האב איך ניט געפרעגט, ווער איך מאן איז? מעגלעך, א מאלער, ווי זי?... איצט קעמפן זיי. זיי איז א סאך שווערער — ארום און ארום די אילוזיע פון א פרידלעך לעבן, גלייכגילטיקייט, פאראט. גוט, וואס אין אזא צייט איז מאדא ניט אליין. איך זאג „גוט, אבער וואס פיל איך? דאס איז נאריש, נאך ערגער — עקלדיק — איך בין אייפערזיכטיק... ניין, איך וויל ניט!... איך האב מיין אייגן לעבן, וואליא. יענץ — איז פארגאנגענהייט... מען דארף לעבן דערמיט, וואס עס איז דא, וואס עס וועט זיין...

איצט האט ער געפרווט באפרייען זיך פון מאדאן און ניט געקענט. די אויטא־לאמטערנעס האבן באלויכטן נאסע ביימער, און סערגיי האט געפילט, אז מאדא איז דערביי. ער האט א טראכט געטאן: שרעקלעך, וואס אלץ איז אומפאריכטבאר. איך פלעג קיינמאל ניט פארשטיין, ווי אזוי מען קען עס באדויערן דאס פארגאנגענע. איצט פארשטיי איך — באדויערסט ניט דאס, וואס דו האסט געטאן, נאר דאס, וואס דו האסט ניט געטאן. פארוואס האט זיך אזוי באקומען? ניט דערפאר, וואס עס איז געווען ווייניק געפילן. דאכט זיך, מער ליבן קען מען ניט... ווען מיר האבן זיך צעשיידט, האט מאדא געזאגט: „עס וועט קיינמאל אזוינס ניט זיין”... דאס איז געווען מער ווי ליבע, אבער עפעס איז ניט געווען — דאס קלעפיקע און פאשעטע. מאדא האט געזאגט, אז יעדער פון אונדז וועט האבן זיין לעבן, אבער דאס וועט ניט פארבייגיין. זי האט אלץ פארשטאנען... עס איז עמעס. אט האב איך זיך דערוווּסט, אז זי האט א מאן, און איך האב ניט קיין פארדרוס. איך האב וואליאן. אבער דאס — איז אנדערש, ניט איך האב פאראטן מאדאן, ניט זי מיך. אזוינס קען מען ניט פאראטן... איצט איז אין פאריז נאכט, א רעגן. מעגלעך, אז מאדא גייט איבער א שמאלער געסעלע, ווי אין וואלד, און הינטער איר גאנוועט זיך א דייטש... אבער דאך, פארוואס האבן מיר זיך צעשיידט? עס איז געווען אן אומפארשטענדלעכע צוציונג און פונקט אזא אומפארשטענדלעכע אפשטויסונג. מאיאר שילייקא האט געזאגט „ניט באשערט”. אבער דער גוירל איז דאך אנבאלאנגט פון דעם מענטשן. דאס איז פאטאליזם... און עפשער ניט?...

די מאַשין איז געבליבן שטיין.

— ניטאָ קיין אויל, — האָט מעלאַנכאָליש געמאָלדן דער שאָפער. — און דאָס, וואָס מען דאַרף טוישן די רינגען, ווייס איך אַליין...

סערגיי האָט זיך דערנערווירט... שפּעט. צום גליק, איז אַנגעפאָרן אַ לאַסט־מאַשין, ער האָט זי פאַרהאַלטן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער געשמועסט מיט קעמפער; דאָס זיינען געווען אַרטילעריסטן; זיי האָבן דערציילט, אַז מען שלאָגט זיך אין די פאַרשטעטלעך פון אָריאָל.

אינגיכן איז דער הימל געוואָרן ראָז פון סרייפע־אָפּגלאַנצן. אַלע האָבן געשריען — אַזאַ געקנאַלעריי איז געשטאַנען אין דער לופטן. סערגיי האָט זיך דערמאָנט פון דער באַגעגעניש מיט לואין, און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס איז ניט געווען מיט פיר שאָ צוריק, נאָר שוין אומענדלעך לאַנג. נאָר די צווייען מיט די טראָפּנס רעגן, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט אַ גלאַנץ טאָן פון אונטער די אויטאָ־לאַמטערנעס, האָבן אים דערמאָנט וועגן מאַדאַן.

הייסט עס, אַז אָריאָל וועלן מיר טאַקע נעמען... סערגיי האָט איצט ניט געטראַכט פון מאַדאַן, נאָר פון יענע ברייטע טייכן, וואָס זיינען פאָרויס — דעסנע, דניעפּר, ווייסל...

IV

ווען סערגיי איז אָפּגעפאָרן, האָט לואי אַ טראַכט געטאָן: פאַרוואָס האָב איך אים געזאָגט, אַז מאַדאַ און בערטי נעמען אַנטייל אין דער רעזיסטענץ? דאָס איז דאָך מיר געקומען אָפּן געדאַנק, ווען איך האָב דורכגעלייענט וועגן דער באַסענע. אַ נאַרישער פּרווו צו באַרעכטיקן און מער ניט... רענע האָט דערציילט, אַז אַזעלכע מענטשן, ווי בערטי, האָבן זיך צוגעפּאַסט, ער האָט געזאָגט, אַז ער פלעגט זיך אָנשטויסן אָף בערטיס נאָמען אין די צייטונגען... אויב אַזוי, פאַרשטיי איך גאָרניט. דער טאַטע האָט געקענט געטרויען פּע־טענען, ער פלעגט שטענדיק ריידן ווי אַ קינד. אָבער איך וועל קיינמאָל ניט גלויבן, אַז מאַרא האָט פאַרבונדן איר גורל מיט אַ פאַרעטער!... עפּשער, האַלטן זיי דאָרטן, אַז מען דאַרף ווי עס איז דורכלעבן, איינער דעקט דעם צווייטן?... דאָס אַלץ איז אַ שרעקלעכע רעטעניש...

לואי און רענע פלעגן אָפט דערמאָנען די פאַרגאַנגענהייט, אַמאָל מיט ליבע, אַמאָל מיט קאַס; פון וואָס זיי פלעגן ניט ריידן — פון שטיפעריייען אין דער שול, פון דער „קאַטאָוועס מילכאָמע", אָדער פון די באַליידיקונגען, וואָס מען האָט איבערגעלעבט נאָכן צוזאַמענברוך, פלעגן זיי זיך צוריקקערן צום זעלבן: וואָס האָט פּאַסירט מיט פראַנקרייך?

זיי האָבן געוואָלט באַנעמען און ניט געקענט. לואי האָט בא אַ געלעגנ־הייט געזאָגט: „און טאָמער קומען מיר צוריק — און מיר וועלן אויך גאָר־ניט פאַרשטיין, מירן זיין אויסלענדער?..."

האָט ער דען געקענט זאָגן סערגייען וועגן זיינע ספּייקעס? געוויס, וולאַכאָוו איז אַ פריינט, עס פילט זיך, אַז ער האָט ליב באַקומען פראַנקרייך, און דאָר איז ער אַ פרעמדער... מעגלעך, אַז ווען ער האָט גערעדט וועגן

סטאַלינגראַד, האָט ער געטראַכט: „און איר האָט זיך באַלד אונטערגעגעבן“... זאָל ער וויסן, אַז עס זיינען דאָ עמעסע פראַנצויזן סיי דאָ און סיי אין פראַנקרייך! און פאַרעטער (ניט שוין־זשע בערטי? איך גלויב ניט, רעגע האָט אָנגעפּלאָנטערט!) — דאָס איז אונדזער ווייטיק, קענסט דערפון אַ פרעמדן ניט זאָגן...

לואי האָט אַ שמייכל געטאָן: ווי מיר האָבן זיך געענדערט! עס וואָלט מיר קיינמאָל פריער אַזוינס ניט געקומען אפן געדאַנק... בעיס די רוסן ריידן וועגן זייער לאַנד, פילט זיך אַ שטאָלצקייט. וולאַכאָוו האָט באַלד אַוועקגעשיקט ניוועלן אַף זיין פּלאַץ... געוויס, מאַכן זיי ניט קיין וויצן איבער דעם אויך צווישן זיך... צי האָבן מיר פריער שטאָלצירט דערמיט, וואָס מיר זיינען פראַנצויזן? קיינער האָט ניט געטראַכט דערפון. מיר פלעגן אויסלאַכן פראַנקרייך אין קופּלעטן, כויזעק געמאַכט. ווען די מאַמע האָט מיך געפרעגט, צי מיין איך טאַקע ערנסט אַוועקצופאָרן קיין האַיטי, האָב איך געענטפערט, אַז אומעטום איז אינטערעסאַנטער ווי אין פראַנקרייך. נאָר אין לאַנדאָן האָב איך ערשט פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב פאַרלאָרן...

די רוסן פירן זיך אויף מיט אונדז בעסער, ווי די ענגלענדער; די רוסן אַליין זיינען זייער שטאַרק אַנגעווייטיקט, איז זיי לייכטער אונדז צו פאַרשטיין... אין ענגלאַנד זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן געקוקט אַף אונדז, ווי אַף אַפּגעדונגענע. און דאָ שטרייכן אַלע אונטער, אַז „נאָרמאַנדיע“ — איז אַ סעפּאַראַטער טייל פון דער אַליאירטער אַרמיי. מעגלעך, אַז אויך דאָס איז פּאָליטיק, איך ווייס ניט, אָבער איך פערזענלעך פיל די פריינטשאַפט׳ זיי באַדאַרפן אונדז ניט, דאָס פאַרשטייט יעדער. וואָס באַדייטן צוויי צענדליק פליער, מעגן זיי זיין אַפילע באַ אַזעלכע קאַמפן? אָבער זיי האָבן אונדז אָנגענומען ווי כאַווערים, געגעבן „יאַקן“, געזאָגט: „איר קענט זיך שלאָגן אין אונדזער הימל פאַר אייער פּאַריז“.

ווען מיר האָבן בעיס דער „קאַטאַוועס מילכאָמע“ געוואַרט — צי מען וועט אונדז שיקן אין קאַמף אָדער ניט, האָט קיינער ניט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס מיר דאַרפן קעמפן. און דאַן זיינען מיר דאָך געווען אין פראַנקרייך... איצט איז פראַנקרייך אַזוי ווייט, אַז עס איז זיך איר שווער פאָרצושטעלן, אָבער יעדער ווייס, אַז מיר קעמפן טאַקע פאַר פּאַריז. אַמאָל האָט זיך מיר די אַוויאַציע אויסגעוויזן פאַר אַ פאַרווייליקן ספּאָרט — שלאָגן אַ רעקאָרד, און אויב עס וועט זיין אַ מילכאָמע, ווערן באַרימט. איצט לאַכן אַפילע ניט קיין רום, איך קעמף פאַרן פּאַשעטטטן — אַ הויז, דערביי אַ בוים — אַ ליפּע, אָדער עפּעס אַנדערש, אַף די פענצטער גרינע זשאַליוזעס, קליינע צונטערדויטע רויזן, עס זשומעט אַ בין... דאָ איז אַלץ אַנדערש — סיי די ביימער, סיי די הייזער, אַפילע דער הימל איז דאָ אַן אַנדערער — אַ בלאַסער.

יאָ, דאָ שלאָגן מיר זיך פאַר פּאַריז. ניט שוין־זשע וועלן זיי זיך איצט אויך ניט אַרויסזעצן?... עס איז פאַרביי נאָך אַ יאָר, די באָשן האָט מען צעמיימעסט באַ סטאַלינגראַד, שוין די דריטע וואָך, ווי דאָ קומט פאָר אַ גרויסע שלאַכט. פאַרוואָס־זשע טאַפּטשען זיי אין סיציליע?... די רוסן זאָגן, אַז זיי ווילן קומען צום פאַרטיקן סיידער. איך פאַרשטיי די געפילן פון די רוסן — עס קומען דאָך אום יעדן טאָג טויזנטער מענטשן... פראַנקרייך לאָזט זיך

אויך ווארטן — דריי יאר זיינען דארט די באשן... גוט, וואס איך בין אוועק־געפארן: דא בין איך נענטער צו פראנקרייך — איך קעמף...

שטענדיק א לוסטיקער און טומלדיקער, איז לואי היינט געווען אזוי טרויעריק, אז ער האט מוירע געהאט צו טרעפן כאווירים, אפילו רעגען. די באגעגעניש מיט סערגייען האט צערייצט די וווּנד: עס האט אופנעטויכט די פארגאנגענהייט — די מאמע, מאדא, פאריז. מען דארף אפעסן. מען האט געזאגט, אז אכצן אזייגער זאל מען זיין בא די מאשינען... ער איז אריין אין סטאלאווע. אונטער ביימער זיינען געשטאנען פריש־צוזאמענגע־קלאפטע טישן, זיי האבן געשמעקט מיט סמאלע. לואי האט זיך דערפרייט — קיינער איז ניט געווען, ער האט פארשפעטיקט... קלאווא האט געמאכט א וויין:

— מען דארף שוין באלד עסן אונטערוויט...

— זייט ניט בייז, קלאווא, איך האב פארשפעטיקט אף א האלבער שא, און די אליאירטע האבן שוין פארשפעטיקט מיטן צווייטן פראנט אף א יאר.

— איר וואלט זיך נאר געוויצלט...

קלאווא האט ניט אויסגעהאלטן, זי האט א שמייכל געטאן. דאס איז געווען א פוכקע מיידל, אן אנבערעמענדיקע, מיט זומער־שפרענקעלעך, מיט צארטע גראע אויגן. זי האט געבראכט זופ, נאכדעם פלייש.

— פארוואס עסט איר ניט?

ער האט געענטפערט פארשולדיקט ווי א קינד:

— עס ווילט זיך ניט.

לואי האט גערעדט רוסיש בעסער ווי אנדערע. באווירים פלעגן אים מעקאנע זיין: ער האט געקענט אן אן איבערזעצער דערציילן דעם רוסישן פליער ווי אזוי ער האט פארפאלגט א „מעסער". די אנדערע פלעגן זיך דעריקער פארשטענדיקן מיט זשעסטיקולירן און מיט די ווערטער, וואס די רוסן פלעגן פארשטיין: „פיקע", „וויראזש". און לואי האט אפילו געקענט ארויסריידן „כוואסט" (דער עק — ב. ב.). און דאס פלעגט צעכישן די פראנצויזן. ער פלעגט אפט שמועסן מיט קלאווען, אויספרעגן זי וועגן רוסישן לעבן, דערציילן וועגן פראנקרייך. אים פלעגט געפעלן, וואס קלאווא הערט אים אופמערקזאם, וואס זי באגייסטערט זיך „וואס איר רעדט!" אדער „ניט שוין זשע?".

אין אנפאנג פלעגט קלאווא ניט פארשטיין, וואס פארא מענטשן די פראנצויזן זיינען. אין די וויינאכטן האבן זיי איינגעארדנט אן אונטער־מאל־צייט. אויסגעטרונקען און גענומען זינגען אין כאר עפעס א בייערלעך ליד — ווי אין קלויסטער. קלאווא האט געפרעגט דעם איבערזעצער: „דאס איז זייער טפילע?" ער האט זיך צעלאכט: זיי זינגען פרייליכע לידער, צום ביי־שפיל:

„די באבע טימיר געגעבן געלט צו קויפן הויזן,
וועל איך קויפן פארן געלט דער געליבטער רויזן"...

קלאווא איז געווארן אויסער זיך, זי האט באשלאסן, אז די פראנצויזן זיינען זייער גראב, דערנאך אבער האט זי דערזען: ניט עמעס — זיי ריידן

אלץ, וואס עס קומט זיי אפן זינען, אבער זיי קריכן ניט מיט די הענט, אויב זיי אווירן, איז דעליקאט, גיטא זיך אף וואס צו באליידיקן. די פראנצויזן זיינען איר געפעלן — לוסטיקע, נעט אנגעטאן — זיי פאסן זיך אוף, דרייסטע — אונדזער פאלקאווניק האט געזאגט, אז זיי שלאגן זיך גוט. ס'איז אומפארשטענדלער, פארוואס מען האט זיי אין פראנקרייך אזוי שנעל צעשלאגן?... נעכטן איז איינער ניט צוריקגעקומען... מען האט אים גערופן פיער, דאס איז זעלבע וואס פיאטר, ער האט געזאגט קלאוואן, אז אף רוסיש הייסט ער פיאטר גאסטאנאוויטש. אינדערפרי האט ער זיך געוויצלט, דערציילט, אז אף פראנצויזיש רופט מען די מיליציאנערן „קי", און ער האט גענומען מעקען אזוי נאטירלעך, אז לענא איז געקומען צולויפן מיט א געוואלד: „פונוואנען האט זיך דא גענומען א קו?..." און ער איז ניט צוריקגעקומען... קלאווא האט ניט געקענט איינשלאפן, זי האט געטראכט וועגן פיערן.

קלאוואן איז לואי געפעלן מער פון אלעמען: זיינע אויגן זיינען אויסדרוקפולע, און לאכן, לאכט ער אזוי, אז ווען אפילע דו פארשטייסט ניט פארוואס, לאכסטו סיי ווי, און ער רעדט אויך רוסיש... היינט איז ער עפעס א טרויעריקער אזא. קלאווא האט אפגעזיפצט:

— מען דארף עסן, ווען ניט וועט נים סטייען קיין קויכעס...

— עס ווילט זיך ניט, קלאווא.

זי האט זיך צוגעזעצט לעבן אים, און, קוקנדיק אין זיינע שווארצע ליכטיקע אויגן, האט זי געפרעגט:

— איר האט אין פראנקרייך א ווייב?

— ניין.

— און א קאלע?

ער האט ניט פארשטאנען, זי האט דערקלערט:

— א מיידל?

— ניין. געווען א מאמע, געשטארבן. איצט איז קיינער ניטא. נאר פראנקרייך...

ער האט א טראכט געטאן דערפון, וואס פארא גליק איז צו שטארבן, ווען אונטער דיר איז די ערד פון פראנקרייך, אירע בערגלעך, וויינגערטנער, דעכער!... זיינע אויגן זיינען געווארן נאך טרויעריקער.

— מען דארף ניט זארגן, — האט געזאגט קלאווא, — ס'וועט זיך ענדיקן די מילכאמע, וועט איר פארן אהיים, געפינען זיך דארט א מיידל...

לואי איז ניט געווען צעבאלעוועט פון פרויען־צערטלעכקייט. ער האט געמאכט אן איינדרוק פון א זעלבסטווירדיקן, א שטאלצן, אבער אין דער עמעסן איז ער געווען קרענקלעך שעמעוודיק. ווען אים פלעגט געפעלן א מיידל, פלעגט ער זיך נעמען דערווייזן, אז זי איז צו נאריש אדער צו קלוג — ער האט מוירע געהאט צו בלייבן מיט איר אויג אף אויג. אנטציקט האט ער א קוק געטאן אף קלאוואן — וויפל צארטקייט!... ער האט דערפילט א דאנקבארקייט, גענומען איר ברייטע שארסטקע האנט, א קוש געטאן. קלאווא האט זיך שטארק פארויטלט:

— וואס טוט איר!...

דא איז געקומען צולויפן רענע:

— דער מאיאר האט באפוילן... מירביידע וועלן באגלייטן די שטורמאוויקעס...

לואי האט געהאט א שעם פאר איינעם פון די בעסטע פליער; פאר א קורצער צייט האט ער געהאט אף זיין כעזשבן דריי באשן. דער מאיאר פלעגט אים נאר פארווארפן אין איבערגעטריבענער נערוועזיטעט און ער האט אויך איצט געזאגט: „געדענקט — די אופגאבע איז ניט צו יאגן זיך נאך די באשן, נאר דעקן די שטורמאוויקעס".

לואי האט זיך געמאכט א סימען נאך אינדערפרי: אויב אין סטאלאווע וועט זיין קלאווא, און ניט לענא, וועט אלץ אראפגיין גוט. ער האט א שמייכל געטאן: מיט יעדן טאג ווער איך אלץ מער אבערגלויביק — איך צייל, וויפל גאדל־ביימער עס זיינען דא אפן וועג", איך האב מוירע צו זאגן „מארגן" פארן ארויספלי, קעדיי ניט אן איינהארע צו געבן, אפילע אין שלאף כאפ איך זיך, דאכט זיך, אן פאר א בוים. אט אפילע מיט קלאוואן... א טייערע מיידל... ווי גוט עס האט געקענט זיין אף דער וועלט — און אלץ איז פארקערט...

לואי און זיין פארלער האבן געדעקט פיר „אילן". מען האט געשטורעמט אן אנזאמלונג פון דייטשישע מאשינען אפן בריאנסקער שאסיי. לואי האט געזען, ווי די באשן האבן זיך געווארפן אין שרעק. אין דער לופט איז קיינער ניט געווען, און ער האט זיך דערלויבט א פארגעניגן: ער האט אויך א שטורעם געטאן. פלוצלינג האבן זיך פון צווישן די וואלקנס באוויזן פארניכטלער — זעקס „מעסערס", צוויי „פאקן". לואי האט גלייך געמאלדן די שטורמאוויקעס: די קויכעס זיינען ניט קיין גלייכע, מען דארף זיך צוריקערן אין דער באזע. די „אילן" זיינען געגאנגען אינמיטן. לואי און רענע זיינען גיט אריין אין קאמף — זיי האבן מוירע געהאט איבערצולאזן די „אילן" אן א דעקונג. פאר לואין איז דאס געווען דאס שווערסטע: ער האט זיך ניט געקענט בארימען מיט קאלטבלוטיקייט. דריי „מעסערס" האבן אים ארומגערינגלט. ער האט אנגעדריקט און דערזען ווי אן אנגעצונדענער „מעסער" האט זיך א לאז געטאן אף אונטן. דער צווייטער „מעסער" איז אוועק, דער דריטער איז דערשינען אין לואיס עק. רענע האט אים אוועקגעטריבן. נאכדעם האבן צוויי „מעסערס" און צוויי „פאקן" ווידער אטאקירט לואין. זיין מאשין האט א ציטער געטאן. ער האט דערפילט א שרעקלעכן ווייטיק. אלץ איז פארשוווּנדן. ער האט אנגעשטרענגט די קויכעס: מען דארף דערפירן די מאשין... ניין, איך וועל עס ניט באוויזן... אים האט זיך אויסגעוויזן, אז אונטער אים זיינען דעכער, וויינגערטנער, פראנקרייך.

רענע האט אראפגעשאסן א „פאקע", ער איז גליקלעך צוריקגעקומען. ער האט ראפארטירט דעם מאיאר:

— לאנסיע האט אראפגעשאסן א באש, נאכדעם האט מען אים ארומגערינגלט. ער האט זיך געלאזט אנעמען די הויכקייט, דער באש נאך אים. איך מיין, אז ער האט זיך ערגעץ אראפגעלאזט...

דער מאיאר האט באפוילן צוגרייטן א פלאץ צום אראפלאזן זיך באנאכט. רענע האט געווארט א גאנצע נאכט. לואי איז ניט געווען. צומארגנס

האט מען געמאלדן, אז די טאנקיסטן האבן אנגעטראפן צען קילאמעטער פון עראדראם א צעשמעטערטן „יאק" מיט א פראנצויזישער קאקארדע.

מען האט לואין מעקאבער געווען אין זעלבן וועלדל, וווּ ער האט זיך געטראפן מיט סערגייען. דארט זיינען געווען א סאד בעריאזעס, ווייסע און דינע, עפשער שוין צו ווייסע און דינע פאר אזעלכע יארן... א רוסישער פאלקאווניק האט געזאגט: „שלאף, שלאכט־כאווער", און פונעםווארט „כאווער" איז אלעמען געווארן נאך טרויעריקער — אזויפיל הארציקייט איז אין אים געווען. די פליער זיינען געשטאנען ארום קייווער, און יעדער האט געטראכט וועגן דער ווייטער ערד, אף וועלכער זיי זיינען אויסגעוואקסן, געשפילט זיך, געליבט. עס האבן א שיין געטאן פראנצויזישע צווינטערס מיט קיפארעסן, מירטן, מיט רויזן, וועלדלעך מיטן זילבער פון אייזלבוימער, טאפאלן. אנווייזנדיק אף די בעריאזעס, האט איינער א פליער א פליסטער געטאן: „ווי בא אונדז אין סאלאני"... רענע איז צוגעקומען דער לעצטער צום קייווער און ארופגעווארפן אפן פריינטס קערפער א הויפן ערד, וואס לואי האט געבראכט פון פראנקרייך. א געזעגענונגס־זאלפ.

קלאווא האט געבראכט צום קייווער א גרויסן בוקעט פון פעלד־בלומען. אין אוונט האט זי לאנג געוויינט. פארוואס איז מיר אזא ראכמאנעס אף אים? דאכט זיך, נאך א גרעסערער, ווי אף אייגענע... עפשער דערפאר, ווייל עס איז שרעקלעך צו שטארבן ווייט פון דער אייגענער היים?... ער האט געזאגט, אז ער האט ניט קיין ווייב, ניט קיין קאלע, נאר פראנקרייך, און ער האט פראנקרייך ניט דערזען...

V

מען זאגט, אז די גלייכמעסיקייט פון דער עקזיסטענץ, די שטרענגע געזעצן פונעם שטייגער, די רויִקייט פון די ארומיקע העלפן דעם מענטשן איבערצוטראגן דעם גרעסטן אומגליק. נאטאשאן האט אונטערגעהאלטן עפעס אנדערש — דער טראגיזם פון די פאסירונגען, די אלגעמיינע פארביטערונג פון איין און פערציקסטן און צוויי און פערציקסטן יאר. א לעבן, וואס איז ניט ענלעך צו א לעבן. מיט א כוידעש צוריק האט זי איבערגעלעבט דעם צוריקער פון דער אומרויִקייט: ווען די פראנט־באריכטן האבן געמאלדן וועגן אנהויב פון דער דייטשישער אפענסיווע. אין מערץ האבן די דייטשן פארכאפט כארקאוו. ניט שוין־זשע וועט זיי ווידער געלינגען?... נאטאשא האט געוווּסט, אז דמיטרי אלעקסייעוויטש איז ערגעץ בא קורסק. די אומרויִקייט האט אנגעהאלטן ניט לאנג, אין א וואך ארום האט שוין קיינער ניט גערעדט וועגן קורסק, מען האט געווארט מיט וואס עס וועט זיך פארענדיקן די אפענסיווע אף אריאל. דמיטרי אלעקסייעוויטש האט געשריבן נאטאשאן: „איך האב געזען זייער „טיגער", איך שטעל מיר פאר, וויפל צייט און געלט מען האט באדארפט, קעדיי אויסצופארטיקן אזא קיילע, און אונטערגעשלאגן האט אים גאראכאוו, ער האט פאר דער מילכאמע געארבעט אף א פארם פון אויפעס, איך האב אים נעכטן אפעריִרט — אפענדיציט...".

נאטאשא איז צוריקגעקומען קיין מאסקווע אין פרילינג. לאנגזאם האט

די שטאָט אָנגענומען אַ פֿרידלעכן אויסזען; עס האָבן זיך געעפֿנט פֿיל טעאַטערס; אַף די גאַסן האָבן זיך אָנגעזען מער מאַשינען. באַרויִקנדיק זיך, האָבן געוויסע מענטשן גענומען זיך צו זייערע געשעפֿטן: עס זײַנען אַוועק אַ גאַנג שמועסן וועגן ווינונגען — אייניקע האָבן באַקומען עקסמיסיעס, אַנדערע האָבן זיך אַרײַנגעקליבן; נאָך אַ צוויי־יאָריקער פּויזע האָבן זיך צעבליט די מערק, אויפֿגעלעבט די קאָמיסיאָן־געשעפֿטן. און דערבײַ האָבן מענטשן, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיטן פֿראָנט מיטן געוויסן, האַרץ, בלוט, פֿאַרגעזעצט זייער אומענטשלעכע אַרבעט; און מען האָט ניט געקענט באַנעמען די אָפּענסיווע אַף אָריאָל, ניט אַרײַנקוקנדיק אין די מאָסקווער הײַזער. אַף די זאַוואָדן האָבן פּרויען איבערגעוואָלד געהויבן מאָטעס. קינדער האָבן זיך געשפּילט — זיי זײַנען געווען קינדער און האָבן ניט געקענט ניט שפּילן זיך; זקנים האָבן געלערנט אַנטיקע אָנעפּיסיקע און אַנהעטיקע. מאָסקווע האָט זיך באַגאַסן מיט אַ זיבעטן מיליטער־שוויים. ס'האָט ניט דערשלאָפֿן נאַטאַשאַ שאָכנטע, מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַ, וואָס האָט געאַרבעט אַף אַ זאַוואָד; ס'האָט אויך ניט דערשלאָפֿן נאַטאַשאַ. טרעפֿנדיק זיך, האָבן זיי געקוקט איינע אַף דער אַנדערער מיט מוטנע אַנטצונדענע אויגן, אין וועלכע דער ווילן האָט געקעמפֿט מיט אומדערטרעגלעכער מידקייט.

דאָס אומקערן זיך אין דער אייגענער שטאָט, ווו נאַטאַשאַ איז אויסגעוואַקסן, געלעבט מיט דער מאַמען, געשפּילט זיך אַפֿן גאָגאָל־בולוואַר אין זאָמד, נאָכדעם געלערנט זיך; די שטאָט, ווו זי האָט געטראָפֿן וואַסיאַן האָט זי געצוווּנגען איבערצולעבן איר צאַר מיט אַ נײַער קראַפֿט. זי האָט שוין מער אַף גאָרניט געהאָפֿט און ווען דער טאַטע האָט געשריבן וועגן פּאַרטיזאַנען־אָטריאַדן, האָט זי געטראַכט: ער וויל טרייסטן... זי האָט געוווּסט, אַז וואַסיאַ איז אומגעקומען; אָבער די ליבע אירע, האָט זיך ניט געלאָשן, נאָר צעפֿלאַקערט זיך, און צײַטנווײַז פֿלעגט זי זיך פֿרעגן: צי קען מען אַזוי ליבן יענעם, וואָס איז ניטאָ?...

זי האָט געפֿונען באַ זיך אין צימער וואַסיאַס נאָטיצן, זײַן בלאָקנאָט מיט צייכענונגען — ער האָט פֿאַרגעסן ווינטער, ווען ער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין מינסק. יעדע קלייניקייט האָט דערמאָנט וועגן פֿאַרלוסט: אַ שאָכטל פֿון שאָקאָלאַד (וואַסיאַ האָט געבראַכט אין געבאָרן־טאָג און האָט זיך ניט אָנטשלאָגן צו געבן, האָט ער עס אַרונטערגערוקט אונטער די ביכער, זי האָט זיך אַפּילע בעיס מײַסע גאָרניט אָנגעשטויסן, ווער האָט דאָס געבראַכט, און נאָכדעם האָט זי זיך לאַנג געריצט מיט אים), אַ צעבראָכן וואַזעלע (וואַסיאַ האָט זיך פֿאַרגאַלאָפּירט — זיי האָבן דיסקוטירט, צי עס איז מעגלעך „אַן אידעאָלאָגישער באַלעט", האָט ער איבערגעקערט די עטאַזשערקע).

וואָס פֿאַראַ קינדער מיר זײַנען געווען דאָס געוועזן, האָט געטראַכט נאַטאַשאַ, דערמאָנענדיק זיך די לאַנגע שמועסן מיט וואַסיאַן. עפּעס איינמאָל האָבן זיי געשמועסט פֿון טויט. נאַטאַשאַ האָט געהאַלטן — מען קען ניט לעבן, אויב דו באַגרייפֿסט ניט, אַז דער טויט איז אומפֿאַרמיידלעך, און וואַסיאַ האָט איר דערווידערט: „ווייסנשאַפֿטלייט קעמפֿן מיטן טויט". אַ צווייט מאָל האָט נאַטאַשאַ געזאָגט, אַז זי האָט מוירע פֿאַר אַן אומגליק, „ס'איז לײַכט צו ווערן

אַ פּעסימיסט״... זיי האָבן אַ סך געלייענט, געטראַכט איבער די ביכער, אָבער ניט פאַרגעשמעקט דאָס לעבן...

באַקאַנטע פלעגן איר אָפט זאָגן, אַז זי איז אַ סך שענער געוואָרן, ניט צו דערקענען. זי האָט זיך געענדערט ניט נאָר אויסערלעך. עס איז געקומען פון פראָנט גאַריעוו. פאַר דער מילכאָמע פלעגט ער זיין בא די קרילאָווס, און נאַטאַשאַ האָט דאַן אויסגעזען אין זיינע אויגן אַ מיידעלע. איצט האָט ער זיך פאַרליבט אין איר, געפרעגט זיך — ווי אַזוי האָב איך עס פריער ניט באַמערקט, אַז זי פאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינלעכן כאַראַקטער, און אַז זי איז ביכלאַל אַן אויסערגעוויינלעכע?... דאָס איז געווען אַ פּילאָלאָג, אַן אַרטילעריע־מאַיאָר, אַ מענטש אַ קלוגער און אַן אייגנאַרטיקער, געווען דרייסט אין דער מילכאָמע, אָבער ווייט ניט דרייסט אין האַרץ־איניאָנים. ערשט ערעוו זיין אָפּפאָר האָט ער זיך אַנטשלאָסן צו ריידן וועגן זיינע געפילן. נאַטאַשאַ האָט אים געגומען פאַר דער האַנט און צאַרט, אָבער פעסט געזאָגט: „מען דאַרף ניט״. — ער האָט זיך שטאַרק פאַרוויטלט, באַשלאָסן, אַז נאַטאַשאַ האָט אים אָנגענומען פאַר אַן אומערלעכן. און זי האָט אים באַם געזעגענען זיך, אַרומגענומען: „זייט ניט בייז אויף מיר, איך קען ניט אַנדערש. איר — זייט אַ גוטער פריינט, דערפאַר רייד איך״... זי האָט געוווסט, אַז זי קען שוין מער קיין גליק ניט האָבן, ניט דערפאַר, ווייל זי איז אַ צנוע, ווייל זי איז געטריי דעם מאַנס אָנדענק, נאָר דערפאַר, ווייל אַזוינס וועט זיך ניט איבערכאַזערן — אַלץ, וואָס האָט געקענט זיין, איז שוין געווען מיט וואָסיאַן.

נאַטאַשאַ האָט שוין איצט פאַרשטאַנען, אַז אַן אומגליק דערהאַרגעט ניט, מען קען מיט אים לעבן, ער מאַכט דערוואַכן נייע מעגלעכקייטן, ער גיט דער נעשאָמע געהויבענע שטימונג. די דאָקטוירים, שוועסטערס, פאַרוווּנדעטע האָבן געהאַלטן נאַטאַשאַן פאַר אַ פרייליכער. זיי פלעגן זאָגן, אַז זי קען, ווי קיינער ניט, דערוואַרעמען און טרייסטן. מאַריאַ ניקאָלאַיעווונאַ פלעגט ניט דערהאַלטנדיק לאַנג קיין בריוו פון מאַן, קומען צו נאַטאַשאַן, און נאַטאַשאַ פלעגט איר דערווייזן, אַז מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועט זיין אַ בריוו, אַז קיין זאַך, לאַבלוטן קיין זאַך דראַט ניט פיאָטר איוואַנאָוויטשן. און ווען מאַריאַ ניקאָלאַיעווונאַ פלעגט אַ באַרויִקטע אַוועקגיין, פלעגט נאַטאַשאַ נעמען טראַכטן וועגן סאַמע אומפאַרשטענדלעכסטן — וועגן טויט. הייסט עס, שאַלעם מאַכן?... אָדער טרייסטן זיך, ווי אַנומלט וואָסיאַ, מיט דער האָפענונג, אַז די וויסנשאַפטלייט וועלן דערפינדן אומשטערבלעכקייט?... פריער איז אַלץ געווען פּאַשעט — די באָבע, זי האָט געגלויבט אין יענער וועלט... און עפשער, איז גאַרניטאַ קיין באַזונדערער, אָפּגעזונדערטער גורל? עס איז שרעקלעך צו שטאַרבן, ווען דו לעבסט אין זיך, פאַר זיך. אויב דער וואַלד איז אַ לעבעדיקער, שטאַרבט ניט דער בוים, שטאַרבנדיק... איך פריי זיך, וואָס מאַריאַ ניקאָלאַיעווונאַ האָט נעכטן דערהאַלטן אַ בריוו, איך פריי זיך מיט איר גליק, ווייל דאָס איז אויך מיינס... מען האָט צוריקגעשטויסן די דייטשן פון קורסק... וואָסקאַ וואָקסט...

נאַטאַשאַ האָט אַליין ניט באַגריפן, וואָס פאַר אַן אָנהאַלט עס איז פאַר איר געווען דער קליינער וואָסקאַ. זי האָט געהאַלטן, אַז זי האָט מער ניט

קיין פֿערזענלעכן לעבן, און ווען זי פֿלעגט נעמען דעם זון אַף די הענט פֿלעגט זי באַהערשט ווערן פֿון אַ סטיכישן גליק און שמייכלען מיט יענעם אומקלאָרן פֿאַרלוירענעם שמייכל, וואָס עס האָט אַמאָל געזען וואַסיאַ. נאַטאַשאַ פֿלעגט אָפֿט דערמאָנען מינסק: „מיר זײַנען אַף שטענדיק...” די יוני־נאַכט האָט געלעבט אַף לעהאַכעס אַלץ — הען אין נאַטאַשאַס האַרץ, הען אין וואַסקאַס יעדער באַוועגונג. נאַטאַשאַ פֿלעגט מיט אים לאַנג ריידן, און בעיים ער פֿלעגט שמייכלען, האָט זיך איר געדוכט, אַז ער פֿאַרשטייט אַלץ, אַז ער באַנעמט זײַן רעכט אַפֿן דאָזיקן שמייכל, אַפֿן אָטעמען, אַפֿן לעבן. ווי אַזוי וועט ער לעבן?... עס איז אומעגלעך, אַז אין צוואַנציק יאָר אַרום זאָלן ווידער זײַן פֿאַשיסטן, באָמבעס, אַ פֿינצטערע, שווידערלעכע בייז!...

די אַרבעט אין שפּיטאָל האָט נאָך אַלץ אָוועקגענומען אַ סאַך צײַט, אַ סאַך גײַסטיקע קויכעס. עס האָט זיך געענדערט די מיליטערישע לאַגע, די דייטשן האָבן שוין איצט ניט באַדראָט מאָסקווע, אָבער באָמבעס און מינעס האָבן נאָך אַלץ געפֿערטלט און פֿאַרקריפּלט מענטשן. אַנטוועגדיק דעם כאַלאָס, פֿלעגט נאַטאַשאַ אַריינטרעטן אין אַ וועלט, וואָס איז איר געוואָרן איינגן; דאָ איז די מילכאָמע ניט געווען קיין סטראַטעגיע, ניט קיין שלאַכט־אָזאָרט, ניט קיין שווערע אַרבעט, נאָר אומופֿהערלעכע מענטשלעכע ליידן.

מען האָט געבראַכט דעם פֿליער ריאָזאַנצעוו. ער איז געווען פֿאַרוווּנדעט אין קאָפּ. אַ צווייטער פֿאַרוווּנדעטער האָט דערציילט נאַטאַשאַן, אַז ריאָזאַנצעוו האָט באַגלייט באָמבאַרדירער אין בריאַנסקער ראַיאָן; אַ קויל האָט געטראָפֿן אין מאַשין, דעם פֿליער איז געלונגען אַראָפּצולאָזן זיך אַף אונדזער טעריטאָריע אין אַ ברענענדיקער מאַשין. מען האָט ריאָזאַנצעוון טרעפּאַנירט דעם שאַרבן; די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז ער וועט לעבן. ער האָט גערעדט פֿון היץ. „איך האָב אָנגענומען אַ ווירזש... מאַליש, דעק מיך!... יאַשקאַ באַמבלט זיך...” דערנאָך האָט ער געשריען: „מאַשענקאַ, טרײַב אָוועק די בין, זי וועט דיך באַלד אַ שטאָך טאָן! דאָס פֿילן זיי בלומען... פֿונוואַנען האָבן זיך גענומען אַזויפֿיל לעווקאָיען?...” און עס זײַנען ניט געווען ניט מאַליש, ניט מאַשענקאַ, ניט קיין לעווקאָיען, נאָר ווייסע שפּיטאָל־ווענט און נאַטאַשאַ, וואָס האָט איבער די קויכעס געשמייכלט צו ריאָזאַנצעוון — איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָ ליגט פֿאַר איר וואַסיאַ... בײַזן פֿרימאָרגן איז זי געזעסן בײַ זײַן בעטל; אינדערפֿרי איז ער געשטאָרבן.

די סאַלוט־זאַלפֿן האָבן געטראָפֿן נאַטאַשאַן אומגעריכט, זי האָט ניט געהערט דעם באַפֿעל. מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַ האָט אויסגעשריען: „פֿאַר אָריאָל! גיט נאָר אַ קוק, ווי שיין!” וואַסקאַ האָט זיך אופֿגעכאַפּט פֿון דרעמל, געגנערמען שרײַען, נאַטאַשאַ האָט אים גענומען אַף די הענט, ער האָט זיך באַרויִקט. עס איז בעעמעס געווען זייער שיין: אין דער לופֿט האָבן זיך געהויבן גרינע און רויטע ראַקעטן, נאָכדעם האָבן זיי זיך אויסגעלאָשן, און שטענדיק פֿלעגט איינע, ווי אַ בלאָנדזשענדיקער שטערן, פֿאַרהאַלטן זיך, ניט ווילן שטאַרבן. נאַטאַשאַ האָט אַפֿילע גענומען פּאַטשן מיט די הענט. וואַסקאַ האָט זיך צעלאַכט. נאָכדעם האָט זיך נאַטאַשאַ דערמאָנט דעם פֿראָנט — דאָרט זײַנען אַנדערע ראַקעטן און די האַרמאַטן קנאַלן דאָרט ניט אַזוי, אַזוי און ניט אַזוי... איצט שטאַרבט עמיצער... אַ גרינע ראַקעטע האָט גע־

לויכטן איבער די הייזער. נאטאשא האט זיך דערמאנט ריאזאנצעווס פיבערדיקע אויגן. נאך א זאלפ, נאך ראקעטן... מען האט גענומען אריאל, ווי גלענצנד דאס איז; און נאטאשא האט געכאזערט אפן קאל: „גלענצנד...".

דערנאך איז געווארן פינצטער, שטיל; עס דאכט זיך, אז פארן סאלוט איז גארניט געווען ניט אזא שטילקייט, ניט אזא ריזיקע שווארצע נאכט. אף א רעגע האט זיך נאטאשאס הארץ צוזאמענגעדריקט — קיין גליק וועט ניט זיין... אבער זי האט זיך שנעל אן איינצע געגעבן מיטן אומעט, זי איז אוועק צו דער שאכנטע און פריילעך געזאגט:

— זייער שיין, אפילע וואסקא האט פארשטאנען... איצט וועט זיך אלץ שנעל ענדיקן, מאריא ניקאלאיעוונא, איר וועט זען. דאס האט מען ניט נאר גענומען אריאל, דאס הייסט, אז די דייטשן גייען אויס... אינגיכן וועט פיאטר איוואנאוויטש צוריקקומען, איך בין אין דעם איבערצייגט...

צומארגנס האט זי אנגעשריבן דמיטרי אלעקסייעוויטשן: „פאפעלע, מען האט אויך דא סאלוטירט. איך בין געשטאנען מיט וואסקאן באם פענצטער, געקוקט, עס איז געווען זייער שיין, מען האט עפעס אויסגעדריקט אלץ, וואס יעדער פילט. ווען דאס הארץ קלאפט, הערט זיך עס ניט, און דא האט מען געזאגט, מיטאמאל פאר אלעמען. און אט האבן מיר, פאפעלע, דערלעבט ביז צום גליק!..."

## VI

אסיפ האט געשמייכלט, אלץ האט אים געפרייט — סיי די ווייסע כאטעס, סיי די שווארצע נעכט און די אוקראינישע „ג" אין דער שפראך. און אויך דאס, וואס מיט יעדן טאג איז אלץ נענטער קיעוו. אומזיסט האבן די דייטשן געפרוווט צו פארהאלטן דעם אנגריף. אפטמאל פלעגן זיי אנטלויפן אזוי שנעל, אז זיי פלעגן ניט באווייזן צו פארברענען די הייזער און מיטנעמען די מענטשן. די קעמפער האבן געזען לעבעדיקע יישוווים מיט כיטרע און צארטע מיידלעך, מיט גאסטפריינטלעכע באלעבאטעס, וואס האבן מעכאבעד געווען די געסט מיט סאמאהאן, מיט סמעטענע, קירבעס־קאשע, דערציילט, ווי שטאלצע דייטשן האבן געזיפצט און טפילע געטאן צו גאט.

איינע א זקיינע האט געציילעמט די פארבייפארנדיקע טאנקען, הארמאטן, מאשינען, זי האט געזאגט: „איך שטיי פון אינדערפרי, זיי גייען אלץ און גייען, און דער יעקע האט געטייַנעט, אז די רוסן האבן ניט קיין זעלנער"... נעכטיקע „איידעמלעך", האבן זיך אנגעגעבן אלס פארטיזאנען. פון די וועלדער זיינען ארויס די עמעסע פארטיזאנען, און קוקנדיק אף זיי, האט אסיפ געפילט, אז עס ווערן אים פארנעפלט די אויגן פון אנגעפלאסענעם גליק.

נאכדעם האט זיך אנגעהויבן א וויסטעניש: די דייטשישע „שטורקאצלער" פלעגן גארניט איבערלאזן; באנאכט האבן וייט ארום געברענט יישוווים. עס איז שווער געווען צו אטעמען פונעם טשאד. אף די פעלדער האבן זיך געוואלגערט דערשאסענע דורך די דייטשן קי מיט ריזיקע אופגעבלאזענע בייכער. ערגעץ ווו האט זיך די באפעלקערונג געהאלטן אין צוריקערן איך

די פארברענטע דערפער; פרויען האבן דערציילט: „מיר גיבן א קוק, די דייטשן ווארפן זיך אין קאראכעס, זיינען מיר אריין אין די קאנאפליע־פעלדער, באהאלטן זיך פון די פאראזיטן"... אין איינעם א יישעוו האט אסיפ אנגעטראפן א זאקן, וואס איז געזעסן אפן צווינטער; די דייטשן האבן אלץ פארברענט, פארטריבן די מענטשן, עס איז נאר פארבליבן דער זאקן מיט שווערע אויגן־לעפלעך, וואס האט מער ניט געוואלט קוקן אף דער וועלט. אין א צווייטן יישעוו האט אסיפ דערזען אפגעהאקטע עפלביימער, עס האבן נאך געציטערט אף זיי די בלעטער, וואס האבן ניט באוויזן פארטונקלט ווערן, און גרויסע וואקסענע עפל האבן זיך נאך ווי געצייטיקט אונטער דער אוויגוסט־זון. די ראזיקע פינקטלעך אפגעהאקטע ביימער זיינען געווען שרעקלעכער פון די בראנד־כורוועס. אסיפ האט זיך אפגעקערט, א דערדריקטער פון דער בלינדקייט, פון מענטשלעכער טיפער געפאלנקייט.

דער פארוואונדעטער סערזשאנט סעליצקי האט ניט געוואלט גיין אין סאנבאט, ער האט געזאגט אסיפן: „עס ווילט זיך ארויסטרייבן זיי"... אלע האבן דערמיט געלעבט — ארויסטרייבן. מען האט פארגעסן סיי די מידקייט און סיי די זארג; עס האט די מענטשן געווארפן אין א פיבער פון פרייד, צארן, אומגעדולד.

מען האט געמיינט, אז די דייטשן וועלן מאכן א פרווו צו פארהאלטן זיך אף דער דעסנע — דער טייך איז א ברייטער, דער רעכטער ברעג איז א שארפער. מען האט געשמועסט, אז דא גייט עס קלוימערשט דורך „דער מיזרעד־וואל", וועגן וועלכן די דייטשן האבן ניט איינמאל געשריבן אין זייערע בלעטלעך. פאדפאלקאווניק מעדוועדיעוו האט מען גענומען אין ארמיי־שטאב; מיטן פאלק האט איצט אנגעפירט אסיפ. ער איז צוגעפארן צו מינאיעווס באטאליאן א קוק טאן, ווי עס איז בעסער אריבערצוגיין דעם טייך. נאך לאנגע זוכענישן האט מען אויסגעפונען א פאסיקן פלאץ. די סאפיארן האבן געשלעפט טעלעפאן־סלופן, קלעצער, צוזאמענגעקלאפט אין איילעניש פליטן. מען איז אזוי שנעל אריבער די דעסנע, אז די דייטשן האבן זיך פארלארן, און דער קאמף איז געווען א קורצער.

מינאיעוו איז געזעסן אף א באנק און אנטציקט זיך פון פייסאזש: אונטן די דעסנע, ארום — די כורוועס פון טשערניגאוו. די דייטשן האבן כארעוו געמאכט די שטאט אין איין און פערציקסטן, און די שטיינער, וואס זיינען באוואקסן געווארן מיט גראז, בלומען, מיט קליינע קוסטעלעך, האבן אויסגעזען ווי אלטערטימלעכע כורוועס. נאר די פארזשאווערטע שילדן האבן דערמאנט, אז די דאזיקע שטאט האט נאך דא ניט לאנג געלעבט, דא איז געווען א ביבליאטעק, און דארט האט מען געהאנדלט מיט וויין און פרוכטן... עס איז געווען א ווארעמער טאג פון פריאיקן הארבסט. די בלעטער פון קאשטאן־ביימער האבן שימערירט מיט גאלד. מינאיעוו האט געשמייכלט — עס איז א סאך אנגענעמער צו קוקן אף דער דעסנע, ווען זי איז פון הינטן... ער האט געזען אוקראינע צום ערשטן מאל, און דער פייסאזש האט אים באצויבערט מיט דער שעפע פון פארבן, מיט דער געטאקטקייט פון קאנטורן.

נאכדעם האט זיך מינאיעוו געלאזט איבערן בולוואר. ער האט דערזען

אַליאַן. זי איז געזעסן אַליין און אויך אַנטציקט זיך פון דער פּאַנאָראַמע. ער האָט געוואָלט מאַכן אַ וויץ און ניט געקענט. מאָרגן, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, מען האַלט מיך פאַרן ערשטן כוואַליעס־מאַכער; אַסיפּ האָט נעכטן געזאָגט: „שטשעדרין אין דער אַרמיי", און דאָ באַנעמט זיך גאָר אונדזער שטשעדרין מיט אַליאַן, ווי אַ פּאַשעטע קעלבל...

ער האָט זיך צוגעזעצט לעבן איר, גענומען צייכענען מיט אַ טרוקענעם צווייגל אויפן זאַמד, אויסגעווישט מיטן טיכל דאָס פּאַנעם, כידעשנדיק זיך

— ס'איז קיל, און מיר איז גאָר היים... ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— אַ שיינע פּאַנאָראַמע...

אַליאַ האָט געענטפערט „יאָ" און זיך אָנגעשפּיצט: צי וויל ניט אַמאָל דער קאַפּיטאַן אַ וויצל טאָן זיך איבער איר? אַלע האָבן אַביסל געציטערט פאַר מינאַיעוון — דער קאַפּיטאַן האָט געהאַט אַ שאַרפע צונג, און מער פאַר אַלעמען האָט פאַר אים געציטערט אַליאַ, ווייל דער קאַפּיטאַן איז איר, ווי זי האָט זיך אַליין מודה געווען „שרעקלעך געפעלן". אַליאַ איז אַלט געווען ניינצן יאָר; פאַר דער מילכאָמע פלעגט זי זיך האַלטן אין איין פאַרליבן — אין לערער פון געשיכטע, אין אַן אַקטיאָר פון וואַכטאַנגאָוו־טעאַטער, אין איינעם אַ היציקן סטודענט; ריכטיקער, איר פלעגט זיך אויסדוכטן, אַז זי פאַרליבט זיך; זי פלעגט פאַרשרייבן אין טאָג־בוך: „דאָס מאָל האָב איך אַ פּאַטאַלע באַגעגעניש", אָדער „ער האָט דעם גאַנצן אָוונט געטאַנצט מיט וואַריאַן, אָבער איך בין אַ שטאָלצע און איך וועל עס אים ניט מויכל זיין"; און אין אַ כוידעש אַרום פלעגט זי מאַכן אַ באַמערקונג אין העפט: „דאָס אַלץ איז קינדיש, אַ צייטווייליקער טשאַד און ניט מער"... יאָ, פאַר דער מילכאָמע האָט זיך איר געוואָלט פאַרליבן זיך אויף אַן עמעס, אין די ביכער איז דאָך די ליבע געווען עפּעס אַזוינס, וואָס איז דערהויבן און אומפאַרשטענדלעך. אויפן פראָנט איז געווען ניט דאָס — דאָס וואָס זי האָט דערזען, האָט איר געצוווּנגען אָפּצוקילן זיך פון דער ליבע: די פאַרבינדלערן ליודאַ האָט געלעבט מיטן מאַיאָר קאַשקאַריאָוו, נאָכדעם מיטן לייטענאַנט נעסטעראָוו. קאַפּיטאַן זאַלאַטוכין האָט געלעבט מיט דער מעדשוועסטער אַבראַמצעוואַ, ער פלעגט זאָגן, אַז ער האָט אין יאַראָסלאַוול מישפּאָכע, צו וועלכער ער וועט זיך אומקערן נאָכן זיג, און די מעדשוועסטער — דאָס איז אַ „פראָנט־כאַוערטע". אַזעלכע ווייבער — אויף אַ כוידעש אָדער אויף אַ יאָר — האָט מען גערופן „פּפּזש". מען פלעגט ביטער כויזעקן איבער זיי. די מאַמע האָט אָנגעשריבן אַליאַן, אַז קאַוורינינס ווייב האָט זיך באַזאָרגט מיט אַ נייעם מאַן, זי זאָגט: „יענעם קען מען דערהאַרגענען, און דער איז אויך אין הינטערלאַנד פאַרזאָרגט"... עקלדיק! אויב די ליבע איז אַזאַ, איז שוין בעסער אָן ליבע... קאַפּיטאַן מינאַיעוו איז גוט דערמיט, וואָס ער לייגט ניט קיין אַכט אויף פרויען. ער איז ביכלאַל אַ כאַכעם. מאַיאָר אַלפעראָוו האָט ריכטיק געזאָגט: „דאָס איז דער קולטורעלסטער אָפיציר אין פּאָלק"... איינס איז ניט גוט: דער קאַפּיטאַן קען דערלאַנגען אַ וויץ, אַז נאָכדעם גייט מען אַרום ווי אַן אָפּגעברענטער. און ער אַליין געדענקט אַפילע ניט נאָכדעם וואָס ער האָט געזאָגט...

מינאַיעוו האָט זיך ניט אָנגעשטויסן, אַז ער האָט געוווּנען אַליאַס

הארץ; ער איז געזעסן לעבן איר און געשוויגן. אים האט זיך געוואלט זאגן, אז ער איז ניט קיין שנעק און ניט קיין שיינריידער, אבער אליא געפעלט אים טאקע אף אן עמעס; ער האט אבער ניט געוווּסט ווי אזוי דאס אויס־צודריקן. ער האט זיך גענומען דערמאנען ראמאנטישע געשיכטעס, אנעק־דאטן, לידער פון לערמאנטאוון און היינען, אבער דאס אלץ האט זיך ניט צוגעפאסט. ער האט מוירע געהאט, ער זאל זי ניט באליידיקן. ניט איינמאל פלעגן זיי בלייבן אליין אין בלינדאזש אדער אין טראנשיי, מינאיעוון האט זיך געוואלט זאגן עפעס א צארטע זאך, ער פלעגט זיך אבער ניט אנט־שליסן. דער „ארמייִשער שטשעדרין” איז געווען שעמעוודיק און געלעצע־וועט האט ער מיסטאמע טאקע צוליב זיין שעמעוודיקייט. און אט איצט, עפשער דערפאר ווייל די דעסנע איז פון הינטן, אדער עפשער דערפאר, ווייל די לאנדשאפט ארום איז געווען זייער שיין, האט ער געזאגט אומדערוואַרט סיי פאר אליאן און סיי פאר זיך אליין:

— ווייסט איר וואס, אליענקא, ווען עס וועט זיך ענדיקן די מילכאמע. אויב מען וועט מיך ניט דערהארגענען און אויב איר וועט זיך ניט קענג־שטעלן, וועלן מירביידע נעמען און כאסענע האבן — א?...

זי האט זיך פארויטלט: אט דאס איז עס טאקע! דער קאפיטאן שטויסט זיך אן ווענן אירע געפילן און ער האט, אוודע באשלאסן כויזעק מאכן פון איר. זי איז אופגעשטאנען:

— כאווער קאפיטאן, איר דערלויבט זיין פריי?

— אזא נאר, — האט זיך שפעטער געזאגט מינאיעוו, פארוואס עפעס איז מיר איינגעפאלן, אז זי וועט מאסקים זיין? א טייערע מיידל, זי האט, נעווים, 10 פארערער און וואס שטעל איך מיט זיך פאר? איצט אינעם מאסשטאב פונעם באטאליאן, בין איך נאך א פערזאן, אבער אז די מיל־כאמע וועט זיך ענדיקן וועט כאווער מינאיעוו זיין עפעס צווישן א ניט־פארענדיקטן יוריסט און אן אונטערהאלטער פון א פראווינציעלן „קולטור־פארק”. כוצדעם א נאז, ווי בא אן אינדיק, און איך קען אבסאלוט ניט טאנצן. קלאר, אז דאס מיידל האט זיך באליידיקט. און געזאגט אויך אזוי נאריש, קלוימערשט ווי „ס'וועט זיך ענדיקן די מילכאמע, וועלן מיר גיין אין קינא”... א שאד... דאכט זיך, אז נאך אזא איינע וועל איך ניט טרעפן, ס'הייסט, מיידלעך זיינען דא א סאך, אבער אז עס זאל געפעלן — אף דעם קען מען ווארטן א גאנץ לעבן... ניטא וואס צו מאכן, מירן זיך נעמען צו די לויפנדיקע איניאנים, דערווייל שטייט נאך פאר צוקומען צו בערלין. נאכדעם וועט מען זיך קענען אריינלאזן אין מאכשאוועסן ווענן דער אומ־נוצלעכקייט פון א לעבן אלס באכער.

מינאיעוו האט געכויזעקט איבער זיך, אבער ס'איז אים ניט געווען פריילעך. טשערניגאוו איז עפעס ווי מיטאמאל פארכוישעכט געווארן; אירע כורוועס האבן איצט אויסגעזען טראגיש. קיין איין שטאט האבן זיי ניט איבערגעלאזט, די אויסוואורפן! מען שרייבט „מירן נעקאמע נעמען”... פונקט ווי מיר וואלט געווען לייכטער דערפון, וואס מען וועט פארברענען עפעס א דייטשישע שטאט!...

אין א וואך ארום איז ער געזעסן אין א כאטע און געלייענט א צייטונג.

אַליאַ — באַם טעלעפאָן. צום ערשטן מאָל נאָך דער שלימאַזלדיקער דער־קלערונג זײַנען זיי פאַרבליבן אַליין. מינאַיעוו האָט געזאָגט:

— קאַמיש, די דײַטשן האָבן אַרויסגענאַנוועט מוסאָלינין. איטאַליע האָבן זיי פאַרלאָרן, ווילן זיי כאַטש אײַנהאַלטן דעם דוטשע... — פּלוצלינג האָט ער געפרעגט מיט אַן אַנדער שטימע: — אַליאַ, זאָגט מיר דעם עמעס, איר זײַט בייז אויף מיר?

אַליאַ האָט זיך פאַרוויטלט און בעיס זי פלעגט זיך פאַרוויטלען, פלעג עס זײַן שטאַרק צו מערקן; אין דער שול פלעגט מען זיך מיט איר רייצן: „קענסט ניט ליגנערן". זי פלעגט בייז ענטפערן: „איך ליגנער טאַקע ניט, דאָס איז בײַ מיר אַ הויט אַזאַ"... זי האָט זיך קוים באַהערשט, קעדיי ניט אַרויסצולויפן פון כאַטע. און מינאַיעוו האָט פון איר ניט אַראָפּגענומען די אויגן. ענדלעך, האָט זי אַרויסגעפּליסטערט:

— פאַרוואָס רייצט איר זיך מיט מיר?

ער איז צו איר צוגעקומען.

— איך רייץ זיך ניט מיט אײַך, אַליאַ. דאָס רייצט זיך מיט מיר דאָס גליק...

שפּעטער האָבן זיי זיך ניט געקענט דערמאָנען, ווי אַזוי דאָס אַלץ האָט פּאַסירט. דאַכט זיך, אַז מינאַיעוו האָט אַ גלעט געטאָן אַליאַס האַנט. און עפּשער האָט זי זיך די ערשטע אײַנגענורעט מיטן פּאַנעם אין זײַן אַקסל...

— עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, וועט איר מיך אָוועקוואַרפן — האָט פּלוצלינג געזאָגט אַליאַ.

— גיט אַ קוק אויף מיר, אַליענקאַ. צי דען וואַרפן אַזעלכע אָוועק? אַזעל־כע וואַרפט מען אָוועק, דאָס איז עמעס... און מיר ביידע וועלן זײַן טשוּדאַ־קעס — מיר וועלן ניט אָוועקוואַרפן איינער דעם אַנדערן, ערשטנס היובע געפילן, מיט איין וואָרט, עס איז קלאָר; צווייטנס, מיר האָבן צוזאַמען מיל־כאָמע געהאַלטן אַ גאַנצן יאָר. עפּשער, וועט נאָך אויסקומען... איך מיין, אַז דו קענסט מיר זאָגן „דו" און ביכלאַל איז ניטאָ וואָס צו וואַרטן, ביז היטלער וועט אַ געשריי טאָן „היטלער קאַפּוט"...

ווען מינאַיעוו איז געפאָרן אין קאַפּע צו אַסיפן, האָט ער זיך זייער דענערווירט — זאָגן, אַז איך האָב כאַסענע געהאַט, אָדער בעסער אויס־באַהאַלטן?

אַסיף איז געווען אויסערגעוויינלעך געשטימט:

— אונדזער אַרמיי גייט מען איבער דעם ערשטן אוקראַינער. פאַרשטייסטו, וואָס דאָס הייסט? מיר וועלן אַנטיילנעמען אינעם אַנגריף אויף קיעוו. אָט וואָס! איצט איז די ריכטונג פּאָקול פּאַסעקאַ. און דאָן — דער דניעפּר... אַ בוילעטער איבערברוך, די פריצן האָבן שוין ניט יענע שטימונגען. און אויך בײַ די אונדזעריקע... הײַנט זאָגט איינער אַ קעמפער: „איך איל זיך". פרעג איך אים: „וווּהין". ענטפערט ער: „שוין צייט צו פאַרענדיקן..." די פריצן האָפן איבערצווינטערן אויפן דניעפּר, כ'מיין אַז מיר וועלן ניט לאָזן. עס שמעקט מיטן סאָף...

— זיכער, האָט געזאָגט מינאַיעוו. איך וועל דיר ברענגען נאָך אַ באַ־ווײַז, נאָך פון אַן אַנדער געביט — איך האָב באַשלאָסן כאַסענע צו האָבן.

וואָס, גלייבסט ניט? אַזוי ווי איך זאָג דיר, און דו קענסט זי — מיט אַלגאַן.

אָסיפּ האָט ניט געקענט קומען צו זיך. נו יאָ, ס'איז טאַקע דאָ אַזאַ אײנע, אַ אַלגאַ, דאַכט זיך, אַ געלינקע... אָבער, ווי קומט דאָ כאַסענע האָבן?

מינאַיעוו האָט ווי געטראָפן זײנע געדאַנקען:

— די בעסטע אילוסטראַציע צו דײנע ווערטער. האָב איך דען געקענט טראַכטן דערפון מיט אַ יאָר צוריק — אױף יענעם פאַרשאָלטענעם בערגל?... ווען מען וואָלט מיר געזאָגט, אַז איך וועל אין אַ יאָר אַרום מאַכן אַ פאַרשלאָג מיט אַלע פּימשעווקעס, וואָלט איך געשיקט צום טיוול... איך האָב דאַן גיכער געטראַכט פון אַ לעװאַיע, ווי פון אַ כאַסענע. האָסט אַלײן געזאָגט „אַן איבערברוך"... ביסט מאַסקים מיטן אויסוואַל?

— פאַרוואָס ניט? זי איז, דאַכט זיך, אַן ערנסטע... אַט האָסטו דיר... אַלעמען גענומען אַפן צימבל, באַרימט זיך, אַז דו האָסט קײנעם ניט, און מיטאַמאָל באַץ... צווישן דעסנע און דעם דניעפּר... ווי אין אַ ראָמאַן...

ווען מינאַיעוו איז אַוועק, האָט אָסיפּ צום ערשטן מאָל אַ טראַכט געטאָן דערפון, אַז די מילכאָמע וועט זיך אומבאַדינגט ענדיקן, ער וועט צוריקומען קײן קיעוו ס'וועלן קומען ראַיע, די מאַמע מיט אַליענקאַן. עפּשער איז די מאַמע געשטאָרבן? ראַיע ענטפערט ניט, ווען איך פרעג, וואָס איז מיט דער מאַמען. געוויס, איז דער מאַמען שווער אַזוינס איבערצולעבן — דער וואָקזאַל, דאָס לעבן אין דער עוואַקואַציע. פיר און זעכציק יאָר... פּלוצלינג איז אָסיפּן געוואָרן מוירעדיק, וואָס ראַיע איז אַפן פראָנט. ביזן הײנטיקן טאָג האָט זיך עס אים אויסגעוויזן נאַטירלעך, און איצט האָט ער אַ טראַכט געטאָן: ס'איז קלאָר, וואָס איך קעמף, אָבער פאַרוואָס עפּעס ראַיע?... אים האָט זיך פאַרוואָלט פּאַשעטן גליק — וויסן, אַז ווען די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, וועסטו געפינען אַ ווײב, אַ שטוב. אַן דעם איז אַפילע שווער צו קעמפן... עפּשער, האָבן אים אַנגערעגט מינאַיעווס רייד — אַ פרוי, צערטלעכקײט, געמיטלעכקייט זײנען אַרײן אין דער וועלט פון מילכאָמע. און עפּשער, האָט דאָס האַרץ צערייצט די נאָענטקייט פון קיעוו? דער אַרמײיקאָמאַנדיר האָט נעכטן געזאָגט: „איצט איז שוין ניט ווייט"... יאָ, קיעוו איז גאָר נאָענט... געוויס, מיר גײען צאָפנדיקער, אױף טשערנאָביל, אָבער ס'איז דאָך נאָענט... ער האָט גענומען מעסטן מיט די פינגער אַ צווייקילאָמעטראָווקע. דאָס האַרץ האָט זיך אָבער ניט אײנגענומען. אַלץ האָט אים דערמאָנט זײן הײמשטאָט — די בײמער, די שפּראַד, די שטערן. ער האָט געזען די הויקערדיקע גאַס, איבער וועלכער ער איז געגאַנגען מיט ראַיען. איז דען מעגלעך, אַז זיי וועלן ווידער גײן צוזאַמען אין גאָרטן?... ראַיע האָט באַוועגט מיט די לאַנגע ווינעס, זי האָט געזאָגט: „וואָס פאַר אַ שײנעם האָט דאָ יאַשמשענקאָ? קען איך אים דען זאָגן, ווי איך האָב דיך ליב? דו פאַרשטײסט גאָרניט, גאָרניט!..." און דאָס איז אַן עמעס — ער האָט דאַן אַ סאַך ניט פאַרשטאַנען, אַלץ איז געווען ווי לויט אַ פּלאַן. לעבן סטאַלינגראַד האָט ער פאַר דריי כאָדאָשים פאַרשטאַנען מער, ווי פאַר דעם פאַר דרײסיק יאָר... עס זאָל נאָר גאָר ניט פּאַסירן מיט ראַיען! מיר וועלן זיך קײנמאָל ניט צעשיידן... ווען מען זאָל אַזוינס איבערלעבן, טאָר מען זיך נאָכדעם ניט צעשיידן אַפילע אױף אַ טאָג...

און מינאיעוו איז געזעסן און געשריבן:

„טייערע מאַמעלע!

קענסט מיר גראַטולירן — פאַר איין וואָך האָבן מיר דורכגעמאַכט הונדערט קילאָמעטער. פונקט אַזויפיל האָבן, פאַרשטייט זיך, דורכגעמאַכט אויך די דייטשן, אָבער זיי מעג מען ניט גראַטולירן. נעכטן האָב איך געפרעגט אַ געפאַנגענעם פריץ, וואָס ער טראַכט וועגן דער צוקונפט, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער קען ניט טראַכטן, ווייל ער האָט זיך אָנגעריבן פענכערס אַף די פיס. און איך, זעסטו, איז ניט נאָר וואָס איך טראַכט וועגן דער צוקונפט, נאָר איך האָב אַפילע כאַסענע געהאַט. מיין נאָר ניט, אַז דאָס איז אַ נאַרישע פראָנט־פאַסירונג, אָלגאַ איז דאָס שטרענגסטע מיידל פון אַלע, קימאַט אַן אַקאַדעמיקער, עס פעלט איר נאָר אַ דיסערטאַציע און ברילן. זי האָט געענדיקט אַ צעניאָריקע שול און געקליבן זיך אַריינצוגיין אין פעדאַגאָגישן אינסטיטוט, אָבער לויטן ווילן פון שיקזאַל און פון היטלערן איז זי געוואָרן אַ פאַרבינדלערן. זי וועט דיר, געוויס געפעלן, זי געפעלט אַלעמען און כוצדעם האָט זי היינט געזאָגט, אַז איך מאַך דעם אָנשטעל פון אַ פריילעכן, דאָס זעלבע וואָס דו זאָגסט. טייערע מאַמעלע, אינגיכן וועלן מיר זיך ביידע אַריינלאָזן צו דיר! איך וועל אָנעמען אַלע מיטלען, אַז מען זאָל דעם פיורער ניט אַרויסלאָקכענען, ווי דעם דוטשע, אין ערגסטן פאַל וועט מען אים מוזן האַרגענען. טייערע מאַמעלע, דערוואַרט אין דער נאָענטער צוקונפט זיין נאַרישן מיטיאַ און זיין גאָרניט נאַרישע צווייטע העלפט!"

ער איז אַרויס און געפרעגט אַן אַלטן פויער:

— וויפל קילאָמעטער איז ביז פּאַקול?

דערביי איז געשטאַנען אַ פריילעכער טאַנקיסט, ער האָט זיך אויסגעצויגן, צוגעטראָגן די האַנט צו דער פּילאָטקע און געזאָגט ערנסט:

— באַוועער קאַפּיטאַן, מיר האָבן דאָ ערשט מיטן זיידן באַרעכנט וויפל קילאָמעטער עס איז פונדאַנען ביז בערלין!...

## VII

מיטוואָך דעם אַכטן סעפּטעמבער האָט זיך מיט אַ פאַרשפּעטיקונג אַף אַ וואָך אָנגעהויבן דאָס לערניאָר. דער שול־דירעקטאָר אַלעקסיי ניקאָלאַיעוויטש סטעשענקאָ האָט געהאַלטן אַ רעדע: „צוגעטיילטע היינט צו טאָג צו דער אייראָפּעישער קולטור, וועלן מיר זיך באַמיען צו באַרעכטיקן דעם פיורערס צוטרוי און דערציען שניטער פאַרן בילדונגס־פעלד, וואָס איז אופגעאַקערט געוואָרן דורכן גלאָררייכן דייטשישן געווער"... די רעדע האָט ער געהאַט אַ צוגעגרייטע פון פריער און דאָך האָט ער פון אופרעגונג געשטאַמלט. גאָט צו דאַנקען אָפּגעפּאַטערט, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַרויסגייענדיק פון דער שול. אַפן ראָג פון בולוואַר איז צו אים צוגעקומען דער צאָן־דאָקטאָר לעווישין:

— איר האָט געהערט די נײַעס?... דאָס איז אָבער אַ סאָד... מיר האָט דערציילט דער קאָמענדאַנט פון וואָקזאַל, איך האָב אים געמאַכט אַ פּלאָמבע... זיי האָבן אָנגעהויבן די עוואַקואַציע...

פון דעם מאמענט אן, האט אלעקסיי ניקאלאיעוויטש פארלארן די רו. אים האט זיך געדוכט, אז עמיצער דריקט אים באם גארגל, ער האט ניט געקענט אראפשלינגען דאס שפייעכץ, ניט געקענט אפאטעמען. צום צענטן מאל האט ער איבערגעלייענט דעם פראנט־באריכט: „דער קאמף פון ביידע זייטן האט דערגרייכט צו אומדערהערטער פארביטערונג... ניט געקוקט אף דער איבערוואג סיי אין מענטשן, סיי אין מאטעריאל, איז די סאוועטן אין ערגעץ ניט געלונגען דורכצורייסן דעם דייטשישן פראנט... דארט, ווו עס זיינען אנגענומען געווארן באוועגונגען קעדיי אויסצומיידן שלאכט־האנדלונגען, זיינען זיי דורכגעפירט געווארן אין דער פולסטער ארדענונג, נאכן פארגיבטן אלע וויכטיקע אביעקטן... די פולשטענדיק רויִנירטע שאכטעס פון דאניעצער באסיין זיינען פלאנמעסיק פארלאזט געווארן דורך אונדזער ארמיי... עס האט זיך באזונדערס אויסגעצייכנט דער דריטער באטאליאן פון 70־טן גרענאדירער פאלק אונטער דער קאמאנדע פון אבערלייטענאנט קעכט"... אזוי שרייבן אלע, ווען עס איז שלעכט... די דייטשן שלאגט מען, דאס איז קלאר... נעכטן האט יושטשענקא געזאגט, אז די באלשעוויקעס זיינען אין קאנאטאפ. איך האב ניט געגלויבט, אבער דאס איז, ווייזט אויס, עמעס, אויב די דייטשן האבן זיך אנגעהויבן עוואקוירן... מעגלעך, אז די רויטע זייגען שוין אין באכמאטש, ווער ווייס... אזא אבער לייטענאנט קעכט, אים איז גוט, ער וועט אנטלויפן און נאך קריגן אן ארדען... אבער וואס וועט זיין מיט מיר?... ניטא מיט וועמען זיך אן אייצע צו האלטן. אנדערע קענען נאך אוועקלויפן אין געשטאפא, זאגן, אז איך שפרייט א פאניק. נאך אנדערע... יענע ווארטן אף די רויטע, זיי וועלן זאגן: „ס'איז ניט געפערלעך. בלייבט איבער". און נאכדעם וועלן זיי אופהענגען... און טאניא איז ניטא...

אנטאנינא פעטראוונא איז געשטארבן אין מיי. אינדערפרי האט זי צוגעגרייט דעם פרישטיק, אויסגעפרעסט דעם מאנס רעקל, ווי שטענדיק געזיפצט, אז זי וועט שוין ניט זען וואליאן, נאכדעם געלייגט זיך אפן דיוואן, געזאגט: „ליאשא, גיב מיר וואסער, ס'איז מיר ניט גוט"... ווען ער האט געבראכט וואסער, איז זי שוין געווען אן באוווּסטזיין. זי איז געשטארבן נאך איידער דער דאקטאר איז געקומען. אלעקסיי ניקאלאיעוויטש האט געוווּסט, אז פון ערגערן זיך שטארבט מען ניט, טאניא האט געהאט א הארץ־פעלער, און דאך האט ער געטראכט, אז זיין ווייב „האט זיך אויסגעגריזשעט". ווען עס וואלט ניט געווען דאס דאזיקע „געקעכץ" (אזוי האט אלעקסיי ניקאלאיעוויטש באצייכנט די מילכאמע), וואלט זי נאך געלעבט א צוואנציק יאר.

אלעקסיי ניקאלאיעוויטש פלעגט טראכטן וועגן דער ווייב: וואס פארשטייט זי אין פאליטיק? און איצט האט ער זיך געזאגט: טאניא איז געווען גערעכט, די דייטשן האבן מיך צוגערעקט...

ער האט קיינמאל ניט ליב געהאט די באלשעוויקעס. אבער ווער האט דערפון געוווּסט? נאר דאס ווייב. אפילע אין וואליאס אנוועזנהייט פלעגט ער ניט רעדן קיין איבעריקן ווארט. דאס גרעסטע, וואס ער פלעגט זיך דערלויבן, איז געווען דאס כויזעקן איבער מאיאקאווסקים לידער אדער איבער אסיפס אקצענט. אנטאנינא פעטראוונא האט, פארשטייט זיך, געוווּסט, ווי אזוי איר מאן באציט זיך צו דער סאוועטישער ארדענונג, אבער אויך

זי איז געווען קעגן די „באַנייונגען“. ווי אַזוי זשע אָבער האָט עס פּאַסירט, אַז מאַן און ווייב, וואָס האָבן אָפּגעלעבט צוזאַמען דרייסיק יאָר, זאָלן ניט שטימען צווישן זיך גראָד דאַן, ווען די איינשטימיקייט איז אַזוי נויטיק געווען? אָנגעהויבן האָט זיך דאָס פון די ערשטע מילכאָמע־וואָכן. אַנטאָנינאַ פּעטראָוונאַ האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך עוואַקוירן, געפינען וואַליאַן; אַלעקסיי ניקאָלאַיעוויטש האָט געשריען: „וואַלגערן זיך אַף שטרוי? מויכל! די באָלשעוויסטישע גליקן האָבן זיך שוין געענדיקט. זאָלן זיי זיך לויפן, אונדז ביידן דראָט גאָרניט...“ אַנטאָנינאַ פּעטראָוונאַ האָט זיך געהאַלטן בײַ איינס: „אין אַזאַ צייט דאַרף מען זיין מיט וואַליאַן“... דער מאַן פלעגט ענטפערן: נאַרישקייטן. ביז צום ווינטער וועט זיך די מילכאָמע ענדיקן“...

עס זיינען געקומען די דייטשן. אַלעקסיי ניקאָלאַיעוויטש איז נישטוימעס געוואָרן פון דער צאָל טאַנקען און מאַשינען, פון דער עלעגאַנץ פון די דייטשישע אָפיצירן, פונעם פריילעכן זעלנערישן געלעכטער: אַזוי טאַקע זעען אויס זיגער. ער האָט זיך פאַרטראַכט איבער זיין לעבן און פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געלעבט ניט אַזוי, ווי אים האָט זיך געוואָלט. ער האָט געטרוימט צו ווערן אַ פּראָפעסאָר, און וואָס איז ער? אַ לערער, שלעפּט קוים צוזאַמען אַן עק מיט אַן עק. עפּעס דאָרט אַן אַלפער זעט זיך מער אָן, ווי ער... און בוצדעם איז שוין דערעסן — פאַרזאַמלונגען, טעזיסן, מאַרקסיזם, אָפּרעכענונגען... גוט, וואָס דאָס אַלץ האָט זיך געענדיקט!

ווען כאַנע האָט אַוועקגייענדיק, אַ געשריי געטאָן: „מיין פוס וועט דאָ מער ניט זיין“, האָט אַנטאָנינאַ פּעטראָוונאַ געזאָגט דעם מאַן:

— „פאַרוואָס האָסטו זי באַליידיקט? וואָס איז זי שולדיק?“ אַלעקסיי ניקאָלאַיעוויטש האָט געענטפערט: „דערמיט, וואָס זי האָט געבוירן אַ באָלשעוויק“... נאָכדעם האָבן זיי זיך דערוווּסט וועגן באַבי־יאַר. אַנטאָנינאַ פּעטראָוונאַ האָט געוויינט: „גאָט וועט אונדז דערפאַר באַשטראָפן...“ אירע ווערטער האָבן געריצט אַלעקסיי ניקאָלאַיעוויטשן. וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט גאָט? טאָניאַ איז קיינמאָל ניט געגאַנגען אין קלויסטער... און די הויפּט־זאַך — וואָס האָבן מיר דאָ פאַר אַ שייכעס? איך בין דאָך ניט געווען אין באַבי־יאַר...

אַף אַ ווײַלע האָט ער זיך פאַרלאָרן — ער האָט זיך דערמאָנט די יוגנט, ווען אין קיעוו פלעגט זיך אָפט טוישן די מאַכט — העטמאַן, נאָכדעם זיינען געקומען די פּעטליוראָווצעס, נאָכדעם די באָלשעוויקעס... עס איז אַ נעפּאַר צו שטעלן אַף דער דייטשישער קאַרט — ווער ווייס, ווי אַזוי עס קען זיך אויסדרייען?... אָבער דער פראָנט האָט זיך שנעל אָפּגערוקט פון קיעוו, די דייטשן זיינען צוגעקומען צו מאָסקווע, אַרומגערינגלט לענינגראַד, און אַלעקסיי ניקאָלאַיעוויטש האָט גענומען פעסט גלויבן אין היטלערס ניצאָכן. ער האָט געאַרבעט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, געווען דירעקטאָר פון דער שול, געהאַלטן רעדעס, גענומען שרייבן אין דער היגער צייטונג אונטערן פּסעוודאָנים „מאַזעפּאָוויעץ“. ווען די דייטשן זיינען פאַריקן זומער צוגעקומען ביז קאַווקאַז, האָט ער אַ גליקלעכער געזאָגט דער ווייב: „ווער איז געווען גערעכט?...“ און זי האָט געוויינט: „ווו איז איצט וואַליאַ?...“

אַנטאָנינאַ פּעטראָוונאַ פלעגט שווייגן, אָבער דער מאַן האָט געפילט איר

קעגנערשאפט, און איינמאל, ווען זי האט איבערגעלייענט זיין ארטיקל „דער טויט־טאנץ פון דער רויטער ארמיי", האט זי געזאגט: „דאס טויג ניט ליאַ־שאַ... וואס זיי זאלן ניט זיין, אבער דאך אייגענע". אלעקסיי ניקאלאיעוויטש האט זיך אנגעצונדן, געשריען, אז ער וועט ניט דערלאזן בא זיך אין שטוב „טשעקיסטישע רייד". געווען איז עס פאראיארן הארבסט, א האלב יאר פאר אנטאנינא פעטראוונאס טויט.

טאניא איז געשטארבן באציַיטנס, האט איצט געטראכט אלעקסיי ניקאַ־לאיעוויטש. געווים, האט זי גארניט פארשטאנען אין פאליטיק, אבער פרויען פארמאגן עפעס אן אויסערגעווינלעכן כוש. א שאד וואס איך האב איר ניט געפאלגט, איך האב זיך געקענט עוואקויִרן. איך האב געקענט דא פאר־בלייבן און זיצן רויִק. לעווישינען וועלן די רויטע גארניט טאן. און געלעבט האט ער בא די דייטשן ווי א קייסער, געהיילט די ציין געשטאפא, געלאקכנט אף רעכטס און אף לינקס, צוגענומען דאקטאר מענדעלעוויטשעס ראיאל. ער האט אבער געשוויגן, ניט ארויסגעזאגט זיך... פארוואס האב איך געשטופט די נאז? איך וואלט וועלן זען די מענטשן, וואס האבן אין זומער פון צוויי און פערציקסטן געצווייפלט אין היטלערס זיג! עס זיינען, פארשטייט זיך געווען פאנאטיקער, וואס האבן אפילע דאן פארשפריים בלעטלעך, אויך גע־שאסן. אבער דאס זיינען — פאליטיקער, זיי גייען צו דער טליִע פונקט אזוי גאטירלעך, ווי איך גיי אין שול. אבער פשוטע מענטשן, ווי איך האבן זיך באמיט אנצובינדן באקאנטשאפט מיט די דייטשן, באקומען א דירע פון א געוועזענעם פאראנטווארטלעכן טוער, ארייננכאפן יִדישע מעבל. איך האב גאר באדארפט זאגן ראפן, אז איך האב געליטן בא די באלשעוויקעס, האט זיך אליין א קערעווע געטאן — באשטימט מיך אלס דירעקטאר, איינגעלאדן צו א פייערלעכער זיצונג, געגעבן מיר אונטערשרייבן א דאנק־טעלעגראמע... און איצט וועלן מיך די רויטע אופהענגען. וואס קען איך זאגן אין מיין פארענטפערונג? זיי וועלן ניט גלויבן, אז איך האס די דייטשן. אבער דאס איז עמעס. די דייטשן האבן אף אונדז געקוקט פון אויבן, באגאנגען זיך גראב, מען האט געקענט מיינען, אז זיי זיינען בא זיך אין דער היים. זיי וועלן זיך אוועקפארן, און אונדז וועלן זיי איבערלאזן אף גאטס באראט... זיי אינטערעסירט עפעס דארט אן אבערלייטענאנט — אף מיר פייפן זיי...

אין אוונט איז געקומען יושטשענקא, געזאגט, אז מען האט די רויטע פארהאלטן, אז קיעוו וועט מען בעשום אויפן ניט אפגעבן — איבערן דניעפר גייט דורך דער „מיזרעך וואל". נעכטן איז צו איינעם א דייטשישן ספעץ געקומען צו גאַרן זיין מישפאָכע, אזוי ארום, אז די ריידערייען וועגן עוואַ־קואציע זיינען א ליגן... אלעקסיי ניקאלאיעוויטש האט זיך אופגעמונטערט. אף איינצושלאפן האט ער גענומען א צייטונג, איבערגעלייענט וועגן דער ארבעט־מאבילויזאציע: „אונדזערע יונגען און מיידלעך ווערט געגעבן די מעגלעכקייט צו זען דאס בעסטע לאנד אף דער וועלט — די גרויסע דייטש־לאנד"... מען רעקרוטירט די געבארענע אין 1927. אלעקסיי ניקאלאיעוויטש האט זיך צעשמייכלט: מען וועט ארויסשיקן לעווישינס טאכטער, זאל ער זיך ניט פרייען, אז ער האט אלעמען איבערגעקליגט. איננאכט באזוכט האט אים די רעצענזיע אפן דייטשישן פילם „ווייסער בעז". זיי פארנעמען זיך מיט

ליבע, ווי עס וואָלט גאָרניט געשען... ניין, דייטשלאַנד — דאָס איז אַ קראַפט, די באָלשעוויקעס וועלן זיך מיט זי קיינמאָל קיין אייצע ניט געבן!

עס זיינען פאַרביי צען טעג אין פיבער: אַלעקסיי ניקאַלאַיעוויטש פלעגט קוקן ווּהין די דייטשן פאָרן — צום וואָקזאַל אָדער פון וואָקזאַל, אָדער, באַרוּיִקנדיק זיך, פלעגט ער גיין איבער די קאָמיסיאָן־געשעפטן — ער האָט געזוכט אַ גוטע פוטערנע היטל. צעפלעפט האָט אים ווידעראַמאָל יושטשענקאָ:

— די באָלשעוויקעס זיינען אין ניעזשין...

פאַר דעם האָט אַלעקסיי ניקאַלאַיעוויטש שפּאַצירט איבערן בולוואַר און געטראַכט, וואָס פּאַרא שיינער האַרבסט עס איז. מיטאַמאָל איז אַלץ פאַר־טונקלט געוואָרן. קלאָר, אַז יושטשענקאָ איז גערעכט — ס'איז גענוג אַנצו־קוקן די דייטשישע לאַסט־מאַשינען. זיי אַנטלויפן...

ער איז אַוועק אין קאָמענדאַנטור, ער האָט דאָרט געהאַט אַ באַקאַנטן — לייטענאַנט ראָפּ.

— ניט מיר אַ רייזע־דערלויבעניש קיין דייטשלאַנד...

לייטענאַנט ראָפּ האָט געענטפערט:

— איצט איז עס צום באַדויערן אומעגלעך...

— איך עוואַקוּירט דאָך אָבער די שטאָט.

— איך האָב עס פון אייך ניט דערוואַרט, הער סטעשענקאָ. איר מאַכט אַ פּאַניק...

אַלעקסיי ניקאַלאַיעוויטש האָט פאַרלאָרן דאָס גלייכגעוויכט:

— הייסט עס, אַז איר וועט לאָזן אַף העפקער? ווי אַן אויסגעקוועטשטן ציטרין...

לייטענאַנט ראָפּ האָט געצוקט מיט די אַקסלען:

— איך וויים, אַז איר זייט אַן אַנשטענדיקער מענטש, דערפאַר לייג איך ניט קיין ספּעציעלע אַכט אַף אייערע ווערטער...

עס זיינען אַוועקגעפאָרן די דייטשקעס. מען האָט אַרויסגעפירט די אַר־כיוון, בילדער, ווערטפולע ביכער, באַשפייזונג, נאָכדעם האָבן אָנגעהויבן פאַרשווינדן ווערן די אַנגעשטעלטע פון „וויקאָדאָ", די זאַנדערפירערס, פאַר־שטייער פון האַנדלס־פירמעס. עס האָבן זיך געשלאָסן די קאָמיסיאָן־געש־עפטן, קאַפע־הייזער. איצט האָט מען שוין ניט באַדאַרפט פרעגן, ווּ די רויטע זיינען — זיי זיינען געשטאַנען קעגנִיבער, אין דאַרניצאַ. אַלעקסיי ניקאַלאַיעוויטש איז ניט ווילנדיק דערשינען אַפן סאַמע פראָנט. ער האָט ניט מוירע געהאַט פאַר קוילן אָדער באָמבעס. עס וועלן קומען די באָלשעוויקעס — פון עפּעס אַנדערש האָט ער ניט געקענט טראַכטן.

לעוושין האָט געמאָלדן, אַז ער בלייבט אין קיעוו: „זאָל זיין וואָס עס וועט זיין, עס ווילט זיך ניט אַרומשלעפּן איבער דער וועלט"... יושטשענקאָ איז אַפּגעפאָרן קיין זשיטאָמיר. צום געזעגענען זיך, האָט אים אַלעקסיי ני־קאַלאַיעוויטש געזאָגט: „איר מיינט, אַז אין זשיטאָמיר זיינען ניטאָ קיין ביימער? עס איז אַלץ איינס ווּ צו הענגען"...

ס'איז נאַריש אַוועקצופאָרן קיין זשיטאָמיר אָדער אַפילו קיין ראָוונע. אויב די באָלשעוויקעס וועלן אַריבער דעם דניעפּר, קענען זיי דערגיין ביז צו דער גרענעץ. דורכיק איז אַ מאָלאַדיעץ — אַוועקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד.

אהין וועלן די באלשעוויקעס ניט קומען... אבער דודניק האט נאך אין צוויי און פערציקסטן באקומען א באשטעטיקונג, אז ער — איז א דייטש, אט אין דעם גייט עס. ווען מען זאל קרינגן אזא פאפירל!...

אלעקסיי ניקאלאיעוויטש איז יעדן טאג געגאנגען אין דער קאמענדאנטור, דערשלאגן זיך, אז אים האט אופגענומען מאיאר ריסט. דער מאיאר איז געווען פריינטלעך, אבער ער האט אים פארגעלייגט ארויסצופארן קיין זשיטאמיר. די יעשועס איז נעקומען, ווען אלעקסיי ניקאלאיעוויטש האט זי גארניט דערווארט: דער בוטאפאר קאוואלענקא האט געזאגט, אז איינער א צאנדערס גיט באשטעטיקונגען ווענן דייטשישער נאציאנאליטעט, „קיין פאפיר־געלט נעמט ער ניט, נאר אויב איר האט טייערע כפייצים"... אלעקסיי ניקאלאיעוויטש האט געהאט בא זיך דער ווייבס א מעדאליאן, וואס זי האט באקומען פון איר מאמען צו דער כאתענע. טאניא פון יענער וועלט האט מיך געראטעוועט, האט אלעקסיי ניקאלאיעוויטש געטראכט, באטראכטנדיק די אויסגעטרוימטע באשטעטיקונג. ער האט באדארפט אוועקפארן קיין ראוונע. קאוואלענקא האט געזאגט, אז פון דארט איז לייכט אריבערצוכאפן זיך מיט אזא באשטעטיקונג קיין דייטשלאנד.

ער האט זיך קוים דורכגעשטופט אין זומער־וואגאן; געקראגן א פלאץ, האט ער צוגעמאכט די אויגן און דערפילט א שרעקלעכע מידקייט; אים האט ניט אינטערעסירט דאס קנאלן פון דער ארטילעריע, דאס געוויין פון פרויען, די זעלנערישע געשרייען. נאכדעם זיינען אין וואגאן אריין דייטשן.

— גייט אראפ!...

אלעקסיי ניקאלאיעוויטש האט זיך ניט געאיילט. א דייטש האט אים א קלאפ געטאן:

— לעבעדיקער, אלטע פאדלע!...

א פעלדפעבל האט אים געזאגט:

— דאס איז א צוג פאר מיליטער. איר וועט פארן מארגן...

אלעקסיי ניקאלאיעוויטש האט זיך אוועקגעשלעפט צו זיך. ער האט ניי־געריק באטראכט דאס צימער, ווו ער האט אפגעלעבט זעכצן יאר, געזעצט זיך אף א קאנט פון א שטול, ווי ער וואלט געווען צוגאסט. מען וועט דארפן צוווארטן ביז מארגן... און וואס וועט זיין מארגן? לויט די דאקומענטן בין איך איצט א דייטש, און איך האב זיך אפילע ניט אויסגעלערנט צו ריידן ווי ס'באדארף צו זיין. ווער דארף מיך דארט? איך וועל פייגערן פון הונ־גער... די דייטשן גייט עס ניט אן... עפשער, שטעלן זיך אף א ראג און בעטן נעדאוועס? צו זיבן און פופציק יאר!... איך האב געקענט ווערן א פראפע־סאר. אפילע בא די באלשעוויקעס בין איך געווען א לערער, אויסגעצייכנט מיך...

אפן מישל איז געשטאנען וואליאס א גרויס בילד, אין א ראם, וואליא האט געשמייכלט און איז געווען אזוי שיין, אז אלעקסיי ניקאלאיעוויטש האט אפגעזיפצט. מיין טאכטער איז א סטודענטקע, זי קען ווערן א באריממטע אקטריסע, און בא די דייטשן איז ניט קיין אונטערשייד — א שיקער — א סטאראסטע, אדער א פעדאגאג מיט א דרייסיקיאריקן סטאזש... וואליא וועט זיך פון מיר אפזאגן, דאס איז דאך קלאר, א קאמסאמאלקע, דער מאן

אַ פּאַרטיייִשער... און טאַניאַ איז געשטאָרבן. אין בעט איז אַ פּאַרטיזאַנג — דאָס איז פֿון איר קערפּער... ס'איז גאָרניט געבליבן — ניט קיין גאָענטע, ניט קיין היים... און וווּהין פֿאָרט מען? צו וואָס?

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי דער זעלנער האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן, ער האָט אַרויסגענומען פֿון טייסטער די באַשטעטיקונג, וואָס ער האָט מיט אַזוי פֿיל מי באַקומען, און רויִק צעריסן. ער האָט זיך צוגעלייגט. מיר, זייער מיד!... געיאָנט זיך נאָכן ראַזיקן פּאַפּירל... נאַריש... אַלץ איז נאַריש... ער איז אַפּגעלעגן אַ האַלבע נאַכט מיט אָפֿענע אויגן. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. ער איז אויפֿגעשטאַנען, אויסגערויכערט צוויי פּאַפּיראָסן, שטאַרק פֿאַרצויגן זיך; אין שאַנק צווישן אַנטאָנינאַ פּעטראָוונאַס אַלטע זאַכן האָט ער געפֿונען אַ שטריק, זאַכלעך און גלייכצייטיק מעכאַניש, שוין גאָרניט פֿילנדיק, פֿון גאָרניט טראַכטנדיק, האָט ער געמאַכט אַ פּעטליע, צוגערוקט דאָס טישל צום פֿענצטער, אויסגעפּרוּווט, צי עס האַלט זיך פֿעסט דער קרוק, אַז וועלכן עס זיינען געהאַנגען די פֿאָרהאַנגען. נאָכדעם האָט ער פּונקט אַזוי זאַכלעך אָנגעטאָן די פּעטליע אַפֿן האַלדז און, אָנעמענדיק זיך מיט קוילכעס, אַפּגעשטויסן מיטן פֿוס דאָס טישל. עס האָט אַ קלינג געטאָן גלאָז — דאָס איז אַראָפּגעפֿאַלן אַף דער פּאַדלאָגע וואַליאַס פּאָרטרעט. עס האָבן געקנאַלט האַרמאַטן. אָבער אַלעקסיי ניקאַלאַיעוויטש האָט שוין גאָרניט געהערט.

## VIII

דערהערנדיק דורך ראַדיאָ די ווערטער „קיעווער ריכטונג", איז וואַליאַ געוואָרן פֿריידיק־אומרויִק: הייסט עס, אַז מען וועט אינגיכן באַפֿרייַען די מאַמעלען מיטן פּאַפּאַ! אויב די דייטשן האָבן זיי נאָר ניט דערהרגעט... זי האָט אַ סך מאָל געפּרוּווט פֿאַרשטעלן זיך די דייטשן אין קיעוו און ניט געקענט: אָדער זי פֿלעגט זען די פֿאַרמילכאָמעדיקע שטאָט, מענטשן שמייכלען, אַפֿן קרעשטשאַטיק פֿאַרקויפֿט מען בלומען, אָדער כורוועס און רויך און קיין לעבעדיקן נפֿעש... אין צייטונג האָט זי געלייענט, אַז די דייטשן פֿאַרטרייבן די באַפֿעלקערונג. אָבער אין כאַרקאָוו האָבן איינוווינער באַגעגנט די אומגליקלעכע... הייסט עס, אַז מען פֿאַרטרייבט ניט אַלעמען. אפֿשר וועט זיך דער פּאַפּאַ אויסבאַהאַלטן? די מאַמען וועט מען ניט נעמען — זי איז אַ קראַנקע... און וואַליאַ האָט אָנגעשריבן טעריאַזשאַן: „אויב וועסט זיין אין ק. זע צו דערוויסן זיך, וואָס עס איז מיט די עלטערן".

סערגיי האָט ניט געשריבן רעגלמעסיק, אָבער די בריוו זיינען געווען פֿריילעכע און עס איז אין זיי געווען אַזויפֿיל צאַרטקייט, אַז וואַליאַ פֿלעג מוירע האָבן צו לייענען זיי פֿאַר אַנדערע. עס האָט זיך געדוכט, אַז זי קריכט אַרויס פֿון אַ פֿינצטערן, געדיכטן וואַלד.

אַפֿילו אין אַ באַן, וואָס גייט אין אַ וויטער שטרעקע שאַפֿט זיך אַ שטייגער, די פּאַסאַזשירן הויבן זיך אָן צו פֿאַרשטיין אַפֿן ווינק, דער וואַגאָן ווערט געמיטלעך, באַלעבאַט. מענטשן האָבן פֿאַרבראַכט אין עוואַקואַציע צוויי יאָר, און האַנאָס דאָס לעבן איז געווען שווער — מען האָט געאַרבעט איבער די קויכעס, ניט דערעסן, — האָט דאָס לעבן אויסגעזען באַשטענדיק, איינגע־

פונדעוועט. נאר וואליא האט זיך ניט געקענט צוגעוווינען: עס איז פונקט ווי פריער געווען עפעס אזוינס טרויעריקס, סיי אין איר שמייכל, און סיי אין איר גורל. מען פלעגט וועגן איר זאגן: „א טשודאטשקע, אבער זי ארבעט גוט...". אינזשעניער קאזלאוו פלעגט זי שטעלן אלס ביישפיל פאר אנדערע. ס'איז געקומען א פאטא־קארעספאנדענט, האט ער אויך פאטאגראפירט וואליאן. ער האט געזאגט: „נו, אביסעלע ערנסטער! מען וועט ניט גלויבן, אז איר זייט א סטאכאנאווקע..." וואליא האט געלאכט: „איך אליין גלויב ניט"...

זי איז אוועק אפן זאוואד, קעדיי אפצורייסן זיך פון דער פארגאנגענהייט, קעדיי וויניקער טראכטן — צו שווער איז געווען די צעשיידונג. איצט האט זי געארבעט זיבער, רויק: שטייענדיק באם ווארשטאט, האט זי זיך געפילט נענטער צו סעריאזשאן. עמעס, ער שיסט ניט פון קיין קוילנווארפער, ער בויט בריקן, אבער אנדערע שיסן, הייסט עס, אז א קוילנווארפער איז פאר אים עפעס אייגנס, נאענט. די מילכאמע האט זיי צעשיידט, פארפאלן, מען דארף זיך אפגעבן דער מילכאמע, דאן וועלן זיי זיך ווידער טרעפן. ביים וואליא פלעג ארבעטן, פלעגט קיינער ניט באמערקן קיין אנשטרענגונג, — זי האט אלץ געטאכט לייכט און אין אוונט פלעגט זי פאלן אין בעט אריין א טויט־מידע.

זי האט געהאט א פיצל צימער, ענלעך צו א צעל, וווהין זי האט גארניט ארייגעבראכט אייגנס, כוץ סערגייס א בילד איבערן בעטל. אמאל פלעגט זיך וואליא אופכאפן אינמיטן נאכט און קוקן לאנג, אנגעשטרענגט אפן בילד; דאס פלעג פאסירן נאך א שרעקלעכן כאלעם — סעריאזשאן האבן ארומגערינגלט דייטשן, אדער ער טרינקט זיך אין א אזערע. וואס זי זאל ניט האבן געטאן, וואליא, פלעגט זי טראכטן פון אים: סעריאזשא וואלט זיך צעלאכט, דאס האט סעריאזשא ניט ליב... דער ווייטיק פון צעשיידונג האט ניט אפגעלאזט; ווען ער האט אנגעשריבן, אז ער איז דורכגעגאנגען מער פון דרייסיק קילאמעטער, האט זי פלוצלינג דערפילט, אז זי קען ניט דערגיין פון זאוואד אהיים — עס האקן זיך אונטער די פיס...

אוודאי, ווען סערגיי וואלט געווען דערביי, וואלט זי געוויס געפונען יענע רויקייט, וואס האט זיך איר פארגעשטעלט אין פארמילכאמעדיקן פרילינג, אין דעם איינציקן פרילינג פון איר לעבן. דאן האט זי באשלאסן, אז זי האט זיך שוין אף אייביק באפרייט פונעם נוצלאזן טרוים צו ווערן אן אקטריסע. אזוי האט זי אויך געטראכט מיט א יאר צוריק, ווען אפילע ארלאווסקיס ליבע־געזאנגען האבן זי ניט געקענט אופהייטערן: איצט האבן סיי די פראנט־בארימטן, און סיי סערגייס בריוו פארויסגעזאגט א נאענטע באגעגעניש. עס האט זיך געוואלט גליק, און ס'איז ניט געווען; אויך אין וואליאן האט דערוואכט דאס, וואס זי האט געהאלטן פאר באזיגט, אויסגעמעקט פון איר לעבן — א בענקשאפט צו דער קונסט. זי האט אקשאנעסדיק געקעמפט מיטן ניסאיען, אבער פלוצלינג פלעגן אופטויכן טיילן פון פאעמעס, מאנאלאגן פון העלדן, רעפליקעס, באוועגונגען, קורצע, קלינגעוודיקע ווערטער...

ס'איז געווען א זונטיק, א דורכזיכטיקער און ווארעמער — א שפעטער

זומער. לידאַ מיטן מאַן האָבן איינגעלאַדן וואַליאַן הינטער דער שטאָט; זי איז ניט געפאָרן, זי איז געזעסן אין איר קליינעם צימערל און געטראַכט פון עפּעס, און ווען מען וואָלט זי געפרעגט פון וואָס, וואָלט זי ניט געקענט ענטפערן — אַלץ האָט זיך אויסגעמישט: סעריאָזשאַ, די מילכאַמע, קיעוו, טעאַטער... זי איז ניט קיין מיידעלע, שוין לאַנג צייט צו באַשטימען, אָבער זי וואַקלט זיך נאָך אַלץ... פאַרוואָס איז סעריאָזשאַ ניטאָ?...

נאָכדעם האָט וואַליאַ פון גאָרניט געטראַכט, זי איז געשטאַנען אינמיטן צימער מיט אַ ביכל.

„ניט גלויב באַטאָג דער זון,
ניט גלויב די שטערן אין די נעכט,
ניט גלויב דעם עמעס אומעטום,
נאָר גלויב מיין ליבע, וואָס איז עכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַט איז רומיאַנצעק, איך וואָלט אייך גערן געגעבן פּיאַלקעס,
אָבער פאַרוועלקט זיי זיינען אַלע, צייט מיין טאַטע איז שוין
מער ניטאָ, מען זאָגט, ער האָט געהאַט אַ לייכטן סאָף.
וועט ער טאַקע מער ניט קומען?
וועט ער טאַקע מער ניט קומען?

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווי זי שטייט און גייט מיט הויפנס בלומען
איז זי אין שטראָם אַנטרונען..."

— ביסט פון זינען אַראָפּ?

וואַליאַ האָט ניט באַמערקט, ווי אין צימער איז אַריין לידאַ און דערזעענדיק די כאַוועריטע, האָט זי אַ געשריי געטאָן, אַרויסגעלאָזט דאָס בוך, לידאַ האָט עס אופגעהויבן.

— „האַמלעט, דער דענישער פּרינץ"... קלייבסט זיך אַנצוקומען אַף דער בינע?

וואַליאַ האָט זיך פאַרויטלט, ווי מען וואָלט זי געכאַפּט בא עפּעס אַ פאַרברעכן, זי האָט קוים אַרויסגערעדט:

— פּאַשעט געקומען אונטער דער האַנט אַ ביכל, האָב איך געלייענט אַפן קאָל...

לידאַ האָט מיט אומצוטרוי אַ שמייכל געטאָן.

— און אין וואַלד איז גלענצנד. מיר האָבן אויך געקליבן שוועמלעך — זעסט?...

ווען לידאַ איז אַוועק, האָט זיך וואַליאַ פאַרטראַכט. פאַרוואָס קומט עס אָן אַף מיר?... אַלץ איז שוין לאַנג באַשלאָסן — קיין אַקטריסע וועל איך ניט זיין. ביז סעריאָזשאַן האָב איך זיך נאָך געקענט קלאָמערן פאַר אַ נאַרישן טרוים, ניט געפונען זיך קיין פּלאַץ אין לעבן... אָבער איצט איז אַלץ אַנדערש, אינגיכן וועט זיך ענדיקן די מילכאַמע, סעריאָזשאַ וועט צוריקקומען... אָט דאָס איז עס דאָס עמעסדיקע...

מיט אַ צוויי וואָכן צוריק האָט וואַליאַ דערהאַלטן אַ בריוו פון נינאַ געאָרגיעוונאַ, וואָס איז צוריקגעקומען קיין מאָסקווע. זי האָט גערופן וואַ־

ליאַז אַהין. נינאַ געאַרגיעווגאַ האָט געשריבן: דיין אינסטיטוט איז שוין צוריקגעקומען. איך, אַף דיין אָרט, וואָלט בעשום אויפן ניט איבערגעלאָזט דאָס שטודירן. אומזיסט שרייבסטו, אַז דו האָסט ניט קיין טאַלאַנט. דער אָדער יענער פּראָפעסאָר האָט זיך געקענט טויע זיין, איך געדענק, ווי דו האָסט אונדז פאַרן אָפּפאָרן דעקלאַמירט בלאָקן, איז עס געווען אויסערגעווינלעך. טייערע וואַליאַ, גלויב מיר, דער איקער — איז דער באַגער, אויב דו האָסט אַ נייגונג דערצו, דאַרפסטו זיך ניט רעכענען מיט מיסדערפאָלגן. וועסט קענען ווינען מיט מיר, ביז סעריאָזשאַ וועט צוריקומען. די נייַס זיינען גוטע, איך האָף, אַז אויב ניט דעם ווינטער, וועט איבעראַיאָר זומער זיך זיכער אַלץ ענדיקן". וואַליאַ האָט געענטפערט, אַז זי וויל זיך ניט צוריקערן אין קינאָ־אינסטיטוט; קאַלזמאַן די מילכאָמע דויערט, וועט זי אַרבעטן דאָ, און שפּעטער וועט זי זיך געפינען אַן אַנדער אַרבעט. דער בריוו האָט זיך באַקומען אַ רויִקער. אַוועקשיקנדיק אים, האָט וואַליאַ אָפּגעוויינט אַ האַלבע נאַכט.

און אַט, האָט זי לידאַ געטראָפן באַ „האַמלעט"... פאַרוואָס ציט מיך צו דעם, ווי אַ שיקער צו שנאַפּס?... סעריאָזשאַ מיינט, אַז איך האָב זיך געענדערט, ער האָט עטלעכע מאָל געשריבן, אַז ער איז אַנטציקט פון מיין ווילנסקראַפט, וואָס איך בין פאַרקראָכן אין אַן עק, און אַרבעט אַף אַ זאַוואָד. און איך נאַר אים, איך האָב קיינמאָל ניט אָנגעשריבן אַז איך כאָלעם פון דער בינע. מיר ווילט זיך, אַז ער זאָל מיך זען אַן אַנדערע — אַ שטאַרקע. אָבער סעריאָזשאַ וואָלט פאַרשטאַנען... ער האָט מיר געזאָגט: „איך האָב קיינמאָל ניט געליבט קיין פרוי ביז דיר". און ווען איך האָב געפרעגט: „וועמען־זשע האָסטו געליבט?" האָט ער געענטפערט: „אַ טרוים... ניט דאָ, אין פּאַריז..." מעגלעך, אַז זיין טרוים איז געווען אַ פרוי, אַוואַדע אַזוי, אַלץ איינס, איצט בין איך ניט איפערזיכטיק, איך פיל, אַז ער האָט מיך ליב... אָבער אויב ער, אַ גרויסער, אַ שטאַרקער, האָט זיך געקענט באַגייסטערן מיט אַ טרוים, פאַרוואָס־זשע שעם איך זיך אַזוי? אים האָט עס ניט געשטערט צו דער אַרבעט, בויען בריקן, קעמפן. און מיר ווייזט זיך אויס, אַז אויב איך וועל זיך ניט באַפרייען פון מיינע פאַנטאַזיעס, וועל איך אַלץ פאַרלירן — סיי זיך, סיי סעריאָזשאַן...

עס האָט גענומען כריפּען דער ראַדיאָ. זעקס אַזייגער. מען דאַרף שוין באַלד גיין צו דער אַרבעט... „אונדזערע טיילן האָבן געפירט שווערע קאַמפן פאַר דער סטאַנציע באַבריק". ווי נאַריש איך בין, ס'איז מילכאָמע, שווערע קאַמפן, מעגלעך אַז דאָרט איז סעריאָזשאַ, מען שיסט אין אים, און איך טראַכט דאָ צו עפּעס אַזעלכע קלוימערשטע פיינען... באַבריק, דאָס איז דאָך גאָר נאָענט פון קיעוו. ווען איך בין דאָס לעצטע מאָל געפאָרן, האָב איך זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון פענצטער — באַבריק, דערנאָך בראָווארי, און דאָן וואַלד און זאַמד — דאַרניצאַ. און דער בריק — דניעפּער, לאַווראַ, אַזוי הערלעך... ווי שנעל אונדזערע גייען פאָרויס!... עס קען זיין, אַז אין עטלעכע טעג אַרום זאָלן זיי באַפרייען קיעוו. איצט הערט שוין פאַפּאַ, אַוואַדע, ווי מען שיסט. און די מאַמעלע וואַרט, וויינט. און איך טראַכט פון נאַרישקייטן — טעאַטער, אַטעליע..."

אינזשעניער קאָזלאָוו האָט געזאָגט: „ווען אַלע אין צעך וואָלטן אַזוי געאַרבעט, ווי וואָלאָכאָווא...״ וואָליאַ האָט ניט געהערט, זי האָט צעשטרייט געשמייכלט. און עפּשער האָט זי געהערט, נאָר געטראַכט פון עפּעס אַנדערש. צוריקומענדיק פון דער אַרבעט, האָט זי, ניט געקוקט אויף דער מידקייט, אָנגעשריבן סערגייען:

„דו ווייסט ניט, ווי גליקלעך איך בין! יעדן טאָג ביסטו אַלץ ווייטער, הייסט עס, נענטער, אינגיכן איז דער סאָף, איך וואַרט געדולדיק, און אויב עס קריכן אין קאָפּ אַריין פאַרשיידענע נאַרישקייטן, וועסטו ניט בייז ווערן. ווייסט, ווען איך האָב דיך צום ערשטן מאָל דערזען בײַ די קרילאָווס, האָב איך, איך ווייס ניט פאַרוואָס, אַ טראַכט געטאָן, אַז דו ביסט אַ פּאָעט, האָסט אַזוי געקוקט — צעשטרייט און באַגייסטערט, איבער מיר, האָט מיר דאָס האַרץ גענומען טיאַכקען. סעריאָזשקאַ, ווען דו זאָלסט וויסן, ווי איך האָב דיך ליב, ווי איך אָטעם מיט דיר, מיט דײַן אַרבעט, מיטן וויטיק, מיט דעם, וואָס דו ביסט שוין געווים טויט־מיד פון קעמפן, און דײַנע בריקן זע איך, און דעם זיג, און דיך, ווי דו ביסט פאָטאָגראַפירט אויף דאַטשע — אין מאַנטל מיטן היטל, שיקזאַל מײַנער, מײַן ליבע, מײַן אַלץ!״

IX

ריכטער האָט אַ קוק געטאָן אויפן סריפּע־אַפּלאַנץ און אויסגעזידלט זיך. ווידער אַנטלויפן מיר... פאַלקאָווניק גאַבלער האָט איבערגעגעבן צום מיליטערישן געריכט עלף מאַן. עס העלפט גאָרניט — מען לויפט אַן אַן אָפּהאַלט. מען איז געשטאַנען אויף דער דעסנע, געזאָגט „דאָ איז דער מיזרעך־וואַל״, און ווען אַ מיע רוסן זײַנען אַריבער אויפן רעכטן ברעג, איז די גאַנצע דיוויזיע אַנטלאָפן. דורכמאַכן אַזאַ טריומף און אַזוי נידעריק פאַלן! אָט־דאָ ניט לאַנג זײַנען מיר דאָך געווען אויף די בערג שפּיצן פון קאַווקאַז... איך בין אויך ניט בעסער, איך דאַרף נאָר דערהערן „איוואַן״, לויף איך ווי אַן אונטערגעשאָסענער.

איינער פון די פריש־אָנגעקומענע האָט נעכטן געפרעגט: „וווּ גייט דורך דער מיזרעך־וואַל?״ ריכטער האָט געענטפערט: „דער וואַל אַנטלויפט צוזאַמען מיט אונדז״. אַלע האָבן זיך צעלאַכט. און, אויפן גערעדט איז עס גאָרניט צום לאַכן.

דערהאַלטנדיק אַ בריוו פון דער ווײַב, האָט ריכטער אַ טראַכט געטאָן: דאַכט זיך, אַז איך האָב געמאַכט אַ טאָעס, הייסנדיק איר איבערקלײַבן זיך קיין האַרץ... הילדאַ האָט געשריבן: „דאָ איז רויִק, מען האָט קיין איינמאָל ניט באָמבאַרדירט, אָבער די מענטשן זײַנען עקלדיק געשטימט, אין יעדער פאַמיליע איז טרויער. קיין מענער זעט מען ניט, כוצדעם זײַנען דאָס עגאָיסטן, זיי זײַנען אומצופרידן, וואָס עס קומען אַזעלכע ווי איך, זיי באַקלאָגן זיך, אַז עס איז ענג און אַז די פּרײַזן שטײַגן. מיך האָט מען געוואָלט נעמען אויף אַרבעט, אָבער ראַבערט האָט עס אָפּגעשריען. אויף בערלין איז ווידער געווען אַ טעראָריסטישער אָנפאַל, שטאַרקער פון די ביז איצטיקע. צום גליק איז די מאַמע מאַרגאַריטאַ אַוועקגעפאָרן קיין פאָטסדאַם צוגאַסט און ווען זי איז

צוריקגעקומען, האט זי ניט דערקענט די גאס, ווייל עס זיינען פארבליבן נאר כורוועס. טייערער קורט, דערקלער מיר, וואס קומט דא פאר? איך פארשטיי שוין גארניט! איטאליע האט אונדז פאראטן, און מיט די רוסן באקומט זיך גארניט, זיי האבן צופיל מענטשן. איך טראכט די גאנצע צייט, ווי אזוי דו פייניקסט זיך עס געוויס, אין דעם דאזיקן שוידערלעכן לאנד! דא זיינען איצט איטאליענער, פארשטיי איך ניט, ווער דאס איז — געפאנגענע אדער אליאירטע, אבער זיי זיינען אף דער פריי און זיי ארבעטן. יאהאנא זאגט, אז זיי זיינען שולדיק, ווייל די סאוואיער דינאסטיע און די קאמוניסטן האבן אונדז דערלאנגט מיט א שווערד אין רוקן, און זיי האבן ניט געפאלגט דעם דוטשע און ווילן ניט אויסקויפן זייער זינד. דו ווייסט, אז איך פארשטיי גארניט אין פאליטיק, אבער איינער אן איטאליענער, זייער א ווילער, ער קומט אמאל צו יאהאנאן, זאגט ער, אז ער האסט באדאליאן. פאר דער מילכאמע איז ער געווען א טעאטער־קריטיקער. בעיים ער דערציילט, לאכן מיר אן אופהער. אט דאס זיינען אלע נייעס. איך בין אביסל דארער געווארן, מען זאגט, אז דאס פאסט מיר. דא איז קימאט א דארף, עס ווילט זיך אפילע ניט איבערטאן, איך האב זיך אופגענייט א גרינע קליידעלע פון קרעפ־זשארזשעט, ווען דו וועסט קומען אין אורלויב, וועל איך עס אנטאן"... קלאר, אז זי האט זיך פארפלאנטערט מיטן לאקשן־פרעסער. ס'איז איר ווייניק געווען ראבערט... קעמפן ווילן זיי ניט די איטאליענער, אבער א קליידל דורכלאזן — דאס ניט... אויסוואורף! אלע זיינען אויסווורפן... די הויפטזאך — וואס עס זיינען ניטא קיין האפענונגען אף אן אורלויב — די רוסן לאזן ניט אפכאפן דעם אטעם.

דער פאלקאווניק האט באפוילן צו פארברענען די שיַיערן, טוויע, דעם אינוועטאר. ריכטער האט זיך פארטראכט: פארוואס האב איך אזא האנאע, איך, א קולטור־מענטש, אן ארכיטעקט, ווען איך צינד אונטער א הייזקע? די רוסן שרייבן אין זייערע בלעטלעך, אז דאס איז פארברעכעריש און אומענטשלעך. ווייס איך וואס? בעיים מילכאמע איז ניטא וואס צו שפילן זיך אין יורידישע פארמאליטעטן. און כארעוו מאכן איז דעם מענטשן פונקט אזוי אייגן, ווי בויען. בא יעדן פון אונדז האט זיך אנגעזאמלט אין הארצן... וויפל אפגענארטע האפענונגען, פארלוירענע פריינט! כוצדעם נעמען די מענטשן נעקאמע פאר די כורוועס פון האמבורג אדער קעלן. ווען א יישעוו ברענט, ווייזט זיך מיר אויס, אז איך זע הילדעס אויגן — ליבטיקע, טרויעריקע און אומפארשעמטע. איצט נעמט זי ארום איר איטאליענער...

איינע א רוסישע פרוי האט נעכטן געוויינט, געבעטן ראכמים צו שוינען איר כאטקע. ריכטער איז געווארן בייז — עס זיינען כארעוו געווארן הערלעכע הייזער אף אונטער־דעז־לינדען, עס איז אומגעקומען דאס הויז, וואס איך האב געבויט פארן פאלקאווניק גאבלער. און די דאזיקע אידיאטקע וויינט איבער איר שטאל! ריכטער האט ניט נאר פארברענט איר הויז, ער האט דערשאסן די קו, אויסגעקוילעט די הינער, געשריען: „קיין לעבעדיקער נעפעש זאל ניט בלייבן!" (די פרוי האט ער ניט דערהארגעט, נאר דער געלער קארל).

מיר פרעסן די גאנצע צייט פלייש, דערפון איז מיטן מאגן דער רועד

ווייס וואָס, די זעלנער לויפן אַלע ווײַלע אָפּ אין אַ זייט. ניטאָ וואָס צו ריידן. אַ וווּנדערבאַרער ספּעקטאַקל! נאָך גוט, וואָס עס איז זומער... איך קען זיך ניט פאָרשטעלן, וואָס עס וועט זיין מיט אונדז ווינטער.

דאָ זיינען ניט פאַראַן קיין ווייסע שטיבלעך, ווי אָף אוקראַינע. הילצערנע שטיבלעך, קאָמישע ברונעמס מיט שטעקנס, מיר האָבן אַזעלכע געזען, בעיים דער אָפענסיווע אין ערשטן זומער... ווי הימלעך ס'איז דאַן געווען! מען זאָגט, אַז דער דאָזיקער יִשעוו שטייט אין פאַרבינדונג מיט פאַרטיזאַנען. דער אָבערלייטענאַנט האָט געזאָגט, אַז מען זאָל די פרויען צורו לאָזן. דער געלער קאַרל האָט דאָך פאַרענדיקט מיט אַ זקיינע און צוויי מיידעלעך. איין מיידעלע האָט זיך געבעטן: „דערהאַרגע ניט, פּעטערל, טרייב בעסער אַוועק קיין דייטשלאַנד"... מיר רייצן זיי אוף קעגן זיך. און וואָס וועט זיין שפּעטער?... די מענער האָט מען צעשאָסן. לאַנג געזוכט די בעהיימעס — די באַנדיטן האָבן זיי ערגעץ באַהאַלטן. טאַראַסקאַן האָט אויסגעפונען אַ טשערעדע. פון אָנפאַנג האָט מען זיך געוויילט — געשאָסן אין ציל, ריכטער האָט דערשאָסן דריי קי. נאָכדעם האָט דער אָבערלייטענאַנט געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך צווילן; מען האָט אַרויסגעלאָזט עטלעכע רייען.

דער אָבערלייטענאַנט האָט געמאָלדן, אַז מיר וועלן זיך באַפעסטיקן אָף דער סאָזשאַ. ס'איז דעם פיורערס אַ באַפעל. אויב מיר וועלן אַרופלאָזן די רוסן אָפן רעכטן ברעג, וועט דער פאָלקאָווניק איבערגעבן אַלעמען צום געריכט. זאָל גאָט געבן, מען זאָל זיך איינהאַלטן!...

עס טוען ווי די פיס; עס טוט ווי דער בויך; עס טוט ווי דאָס האַרץ — ס'איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזאַ ביטערע שטימונג. דאָס האָט אַלץ געקענט זיין אונדזערס — די לאַנקעס, די טשערעדעס, די דערפער. פאַרוואָס פאַרלירן מיר רוסלאַנד? מען זאָגט — עס זיינען געווען מיליטערישע פעלערן. אָבער פעלערן טרעפן דאָך בײַ אַלעמען. ווי די רוסן וואָלטן גאָר קיין פעלערן ניט באַגאַנגען? דער אָבערלייטענאַנט פאַרזיכערט, אַז אונדז האָבן פאַרפירט די איטאַליענער. און קאַפּיטאַן הייבינג האָט דערציילט, אַז אין איטאַליע איז גאָרניט פאַראַן אַזויפיל מיליטער אונדזערס. פאַרוואָס־זשע טרעטן מיר אָפּ? עס איז דערעסן, אָט וואָס. ס'איז אומעגלעך צו קעמפן פינף יאָר. קאָלזמאַן מיר זיינען פאָרויס געגאַנגען, איז אין דעם געווען עפּעס אַ זין. איך האָב געקענט קריטיקירן געוויסע עקסצעסן, אָבער איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער פיורער דריקט אויס די דינאַמישקייט פון דער דייטשישער נעשאָמע. אָבער איצט אינטערעסירט שוין די מילכאָמע קיינעם ניט. יערן טאָג הערסטו „ווען וועט זיך דאָס שוין ענדיקן?" אומבאַמערקט פאַר זיך געוואָרן פאַציפיסטן. אויב מיר וועלן זיך איינהאַלטן אָף דער סאָזשע, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס אַ מיליטער־געריכט — דאָס איז ניט קיין וויץ...

זיי האָבן איבערגענעכטיקט אין יִשעוו. מען קען זיך ווי געהעריק אויסשלאָפן — פון הינטן איז דער דריטער באַטאַליאָן. דער אָבערלייטענאַנט האָט זיך באַזעצט אין דער צווייגאָרנדיקער שול־געביידע. ריכטער האָט אויסגעקליבן די ריינסטע שטוב. ס'איז געקומען טאַראַסקאַן, געבראַכט אַ פלאַש אונגאַרישן קאָניאַק. זיי האָבן צוגעביסן, אויסגעטרונקען. ריכטער האָט געטראַכט וועגן הילדאַן. זי שרייבט צאַרט, עפּשער שוין צו צאַרט... ס'איז

שרעקלעך ניט צו וויסן, וואָס מאָרגן וועט זיין! מיט וואָס וועט זיך דאָס אַלץ פאַרענדיקן?... עס קען נאָך זיין, אַז ערגער ווי אין אַכצנטן, דאַן האָבן מיר געהאַט ציוויליזירטע קעגנער. מען קען שמועסן מיט לאָיד דזשאָרזשן, אָבער ניט מיט די באָלשעוויקעס. עפּעס אַ לוקוטין — דאָס איז אַ באַזעסענער... בוצדעם האָבן מיר זיי צערייצט. ווי אַזוי האָב איך געקענט דערקלערן יענער באַרישער פרוי, אַז איר כאַטקע איז ניט ווערט קיין קעסטל שוועבעלעך? זי האָט געהאַלטן, אַז מען האָט בא איר צוגענומען אַ פּאַלאַץ. דער געלער קאַרל האָט זי דערשאָסן. אָבער זי האָט דאָך אַ מאַן אָדער אַ ברודער... און טאָמער רייסן זיך פּלוצלינג אַריין די דאָזיקע ווילדע קיין דייטשלאַנד? ניין, דאָס קען ניט זיין — ס'איז פאַראַן דער פיורער, ס'איז דאָ אַ דייטשישע וויסנשאַפט, ס'איז דאָ אַן אַרמיי!

ריכטער האָט געפרעגט טאַראַקאַנען:

— דו גלויבסט, אַז מיר וועלן זיך איינהאַלטן אויף דער סאָזשאַ?

מעגלעך, אַז טאַראַקאַן האָט אויסגעטרונקען צופיל קאָניאַק, אָבער ער האָט זיך אומזיניק צעלאַכט; זיינע שיטערע לאַנגע וואָנצעס זיינען לאַנג אונטערגעשפּרונגען.

— איך גלויב שוין אין קיין שום זאַך ניט. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך גלויב אין ריבוינע־שעלוילעם, ווי מיין אַלטע, אָבער דאָס איז אַ פּראָפּאַגאַנדע. און דאָס, וואָס איך בין אַ פעלדפעבל, דאָס איז אויך פּראָפּאַגאַנדע. קאָמיש!...

ער האָט אויף אַן עמעס ווייטער געלאַכט. און ריכטערן איז געוואָרן איימעדיק: אויב טאַראַקאַן דערלאַנגט שוין אַזוינס, הייסט עס אַ סאָף... ריכטער האָט פאַרענדיקט טרינקען דאָס פלעשל און באַמיט זיך וואָס שנעלער איינשלאָפן, קעדיי מער פון גאָרניט טראַכטן.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שיסעריי. טאַראַקאַן האָט געכאַפּט דעם אויטאָמאַט. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. עס האָט געדריבלט אַ רעגן; מען האָט ניט געקענט פאַרשטיין, ווער עס שיסט. טאַראַקאַן און ריכטער זיינען אַוועקגעלאָפן צו דער שול.

— הינטער אונדז איז דער דריטער באַטאַליאָן, עס קען ניט זיין, אַז די רוסן זאָלן אונדז האָבן אַנגעיאָגט — האָט געזאָגט ריכטער.

טאַראַקאַן האָט ניט געהערט, ער איז געלאָפן פאָרויס. ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גוטן פעלדפעבל.

עמיצער האָט אַ געשריי געטאָן: „דאָס זיינען דאָך די באַנדיטן!...”

טאַראַקאַן מיט דער נייַנטער ראָטע האָבן געדעקט דעם ריקצוג פון באַטאַליאָן.

ווען עס איז געוואָרן טאָג, האָבן געפעלט צום כעזשבן דער פעלדפעבל גרין און פערצן זעלנער. דער געלער קאַרל האָט געזען, ווי אַ פּאַרטיזאַן האָט דערשאָסן טאַראַקאַנען.

ריכטער האָט געהאַלטן טאַראַקאַנען פאַר אַ טיפּעש שעבעטיפּעש; אָבער איצט האָט ער אים באַדויערט, ווי קיינעם ניט פון זיינע פריינט. טאַראַקאַן — דאָס איז געווען אונדזער גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, דער פריילעכער זומער, דער ווינטער מיט זיינע צאָרעס, דער רזשעווער גענעם, די הוליאַנקעס, מייד־

לעד, שרעק, בענקשאפט, בריוו... און דערהארגעט האט אים א באנדיט, אזא איינעם גייט ניט אן, וואס טאראקאן איז געווען אין פאריז, געקעמפט קעגן די סענעגאלער, איינער פון די ערשטע אריין אין ביאליסטאק... ארעמער טאראקאן, ער האט פארגעפילט, אז ער וועט אומקומען, געלאכט, געזאגט, אז ער גלויבט אין קיין זאך ניט, אבער געשטארבן גלענצנד, ווי אן אלטער גרענאדיר...

יענער דארף איז א כיזיטן־נעסט, א שאד, וואס מען האט ניט פארברענט. אבער הינטער אונדז איז דער דריטער באטאליאן — דאס זיינען בראווערע יאטן, ווי אונדזערע, זיי וועלן שוין ניט איבערלאזן...

דערזעענדיק א דערפל אין א זייט פון וועג, האט ריכטער אויסגעשריען:

— מען דארף פארברענען!...

ער האט אפילע פארגעסן וועגן דער געפאר, אזוי האט זיך אים פארגלוסט פייער, יאמער, טויט.

## X

אין צארטע מאמענטן פלעגט ריכטער רופן זיין ווייב „קעצעלע”, און זייענדיק בייז אדער אייפערזיכטיק, פלעגט ער טראכטן — א קאץ אין כוידעש מערץ! אין הילדאן איז געווען עפעס קעציש — קיילעכדיקע גרינע אויגן, ווייכקייט אין די באוועגונגען, יענע אפגעפרעמדקייט, וואס פלעגט ריכטערן מעשוגע מאכן: ער האט געפילט, אז זיין ווייב לעבט מיט איר באזונדערן לעבן, וואס געהארכזאמער זי איז, אלץ מער ווידערשפעניק.

אין פרילינג איז ריכטער געקומען אין אורלויב. ער איז אדורך אומזיכער איבער זיין בערלינער דירע, גענומען אין די הענט פארשיידענע זאכן און געשמייכלט, ווי א קינד, נאכדעם האט ער פלוצלינג אראפגעווארפן א וואזעלע און גענומען זידלען זיך. הילדא האט זיך דערשראקן. ער האט געזאגט: „פארשטייסטו כאטש, וואס דאס איז אזוינס רזשעוו?...” זי האט אים צוגעגרייט א וואנע, אריינגעגאסן אהין א שמעקעוודיקן עקסטראקט. ער האט אנגעהויבן דערציילן וועגן עפעס א סאסנע־וואלד, ווו עס זיינען אומגעקומען שעפער און וואלטער. הילדא האט ניט געוווסט פון וועמען ער רעדט, ניט פארשטאנען די מיליטערישע אויסדרוקן, ניט די זעלנערישע גראבקייטן. וועלנדיק אוועקנעמען קורטן פון די שרעקלעכע דערינערונגען, האט זי געצוויטשערט, דערציילט פון קליידער, פון קליינע היימישע זארגן, פון ליבע־איניאנים בא אירע כאווערטעס. ריכטער פלעגט זי איבעררייסן: „מיר אינטערעסירט דאס ניט, פארשטייסט?...” ער האט געמיינט, אז זי וויל ניט פארשטיין זיינע ליידן, א הארצלאזע ליאלקע. ווען ער האט זיך געוואלגערט אין טראנשייען, האט זי פארבראכט מיט צענדליקער הינטערלאנדלער! ער פלעגט איר זאגן „נעקייווע”, נאכדעם געבעטן מויכל זיין אים, געגלעט איר קוטשעראווע קאפ, געפליסטערט „קעצעלע”.

אנעמענדיק זי פעסט פאר דער האנט, האט ער געפרעגט: „ווער איז דער געליבטער?” זי האט געענטפערט: „דו”. קורט האט זיך איר איצט אויסגעוויזן ניט אלס מאן, נאר אלס געליבטער, א פרעמדער און צוציענדי־

קער. זי פלעגט אים מוחל זיין זיינע גראבקייטן, פילנדיק הינטער זיי דעם מילכאמע־אטעם. ווען קורט האט געזאגט, אז ער איז כוישעד ראבערטן, האט זי זיך צעלאכט: „גאט מיינער, ער איז אין מיר פארליבט ניין יאר; דערקלערט זיך אין ליבע נאך פאר דיר!... ווילסטו, אז איך זאל פלוצלינג ווערן זיין געליבטע? דאס וואלט דאך געווען קעגן דער נאטור“... זי האט גערופן ראבערטן „אדיוטאנט“ און, בעיס ער פלעגט באקומען קאווע אדער זיידענע זאקן, פלעגט זי זאגן: „איר מענט מיר א קוש טאן אין בעקעלע, ווי א טאטע“...

זי איז געבליבן געטריי דעם כאן, האגאם זי האט געקענט זאגן מיט שטאלץ, אז ניט קוקנדיק אפן מאנגל אין מענער, האבן זיך ארום איר שטענדיק געדרייט עטלעכע פארערער. זי האט קאקעטירט מיט זיי — זי פלעגט מיט אלעמען קאקעטירן, אפילע מיט דער קוזינע יאהאנא. ניט לאנג איז הילדא אלט געווארן דרייסיק יאר, האט זי אין שרעק א טראכט געטאן: איך ווער אלט. אבער די מענטשן, וואס פלעגן איר זאגן, אז זי ווערט שענער, האבן ניט געליגנערט. „דו — ווייסע נעגערטע“, האט איר געזאגט קורט, „דו באדארפסט פאלמען“...

הילדאן האט זיך ניט געוואלט אוועקפארן פון בערלין, האגאם זי האט מוירע געהאט פאר באמבארדירונגען; די וווינונג, וו זי האט אפגעלעבט מיטן מאן זעקס יאר, האט זיך איר אויסגעוויזן ווי א שטילער האפן. זייענדיק אינעם קליינעם שטעטלע, מיט דער נארישער און בייזער יאהאנא, וואס האט געהאלטן ליפן־פאמאדע פאר א סימען פון אויסגעלאסנקייט, איז הילדא פארומערט געווארן. פארוויינטע פרויען, רעכילעס, שמועסן וועגן עסנווארג, — פרוי מילער האט שוין דערהאלטן א דריטן פעקל פון דענעמארק; קלארא האט צוויי „פיורער־פעקלעד“; עלזא קען מאכן א קארטאפל־סאלאט אן פוטער... מען האט אוועקגענומען די מענער, פון די יונגע איז נאר פארבליבן דאקטאר לאנגע, אבער ער האט א קינסטלעכע אויג, און ווען ער גיט קאמפלימענטן, נעמט דורך א שוידער. די יונגע פרויען שפאצירן ארום אין הויזן, ריידן דערפון ווי אזוי מען דארף ארומגיין ארום קי. און ווי אזוי מען דארף באשטראפן די פוילישע מיידלעך. האבן מוירע פאר עפעס א רוס, וואס איז אנטלאפן פון לאגער אין וואלר אדיין, און וואס באפאלט קלוימערשט די דורכרייזנדיקע. נאכמער האבן זיי מוירע פאר לופט־אנפאלן — לעבן שטאט איז א כעמישער זאוואד.

אביסל פלעגט הילדאן פארווילן דער איטאליענער. אוואדע, פלעגט לוידזשי קומען ניט צו יאהאנאן, נאר צו איר. ער האט ניט איינמאל גענרווט אריבערצוגיין פון לידנשאפטלעכע דעקלאמאציעס צו קושן, אבער הולדא פלעגט אים אפשטעלן. איר פלעגט געפעלן, וואס ער דעקלאמירט, ווי אן אקטיאר: „א, מיין כאלעם! שטערן מיינער!“ זי פלעגט אים דערלויבן קושן אירע הענט, אבער ניט מער — „איר זייט פון זינען אראפ — איך האב א מאן!...“ ווען דער איטאליענער פלעגט ארופגיין אין דער הויך, צו הילדאן, פלעגט יאהאנא פארבייסן אירע בלייכע ליפן און א טראכט טאן: אומזיסט האט דער פיורער געטרויט די דאזיקע דורכגייער, ס'וואלט שוין בעסער געווען צונויפריידן זיך מיט די ענגלענדער...

יאהאנא האט נעהאסט ניט נאר די איטאליענער, נאר אויך די דייטשן,

וואס זיינען פארבליבן אין הינטערלאנד, אפילע דעם דאקטאר לאנגע („מען קען מילכאמע האלטן מיט איין אויג"). זי האט ניט געקענט אנקוקן די פרויען, וועמענס מענער עס לעבן — איר מאן איז אומגעקומען אף וואלבאוו אין אנהויב צוויי און פערציקסטן. ביז דער מילכאמע פלעגט זי זיך קעסיידער קריגן מיטן מאן — ער איז געווען א וויבערניק און א העפקערױנג, און איצט האט זי איבעראל אויסגעהאנגען זיינע בילדער, און די באזוכער פלעגן מוזן אפשטיין שווייגנדיק עטלעכע מינוט פארן בילד פון פארשטארבענעם קארל. זי פלעגט פארפייניקן הילדאן מיט אירע קאמפלימענטן: „קוזינעלע, איר זעט היינט צו גוט אויס", אדער „איר זייט אזוי מעכטיעריק, אז מען פארגעסט גאר פון דער שוידערלעכער מילכאמע"...

הילדא האט אנגעשריבן דעם מאן, אז עס שרעקן איר די ציַיטונגױדיעס — זי האט געמיינט, אז אזוי דארף מען שרייבן, אבער אין דער ווירקלעכקייט האט זי געפלאנטערט די רוסישע באצייכענונגען, עס האט איר ניט געארט, וואס די רויטע האבן פארנומען אריאל אדער כארקאוו. קורט פלעגט דערציילן, אז די רוסישע שטעט — דאס זיינען גרויסע דערפער, און דערצו נאך אף א העלפט כארעווע. זי האט געפרעגט דעם מאן, וואס עס קומט פאר אין רוסלאנד, פון העפלעכקייט וועגן. און דערהערנדיק זיין ענטפער, האט זי לאנג געוויינט. געווים, פלעגט קורט אויך פריער דערמאנען וועגן שוועריקייטן, אבער הילדא האט אין יעדן בריוו געפונען עטלעכע מונטערע ווערטער. ווען ער פלעגט קומען אין אורלויב, פלעגט ער זאגן, אז די רוסן שלאגן זיך מוירעדיק, אין די וועלדער זיינען פאראן א סאך באנדיטן, דער קלימאט איז א שוידערלעכער, עס זיינען דא עפעס אזעלכע אויסטערלישע הארמאטן, פון וועלכע „מען קען פון זינען אראפ". אבער ווען הילדא האט געפרעגט, מיט וואס דאס וועט זיך ענדיקן, האט ער געענטפערט: „ס'איז גענוג צו כאפן א שמועס מיטן פאלקאוואניק גאבלער, קעדיי צו פארשטיין, אף וויפל אונדזער סטראטעגיע איז בעסער פון דער רוסישער. אין טאכאקל וועלן מיר זיגן, ווי טייער דאס זאל ניט קאסטן". און אט שרייבט איצט קורט: „עס גייט ניט נאר אין דעם, וואס מיר וועלן פונדאנען ניט ארויסקריכן, איך טראכט גאר, אז די דאזיקע ווילדע וועלן זיך דערקלייבן צו אייך"... אויב קורט זאגט אזוי, הייסט עס, אז עס איז שלעכט — ער איז אן אפטימיסט. דערזעענדיק הילדאס פארוויינטע אויגן האט זיך יאהאנא דערפרייט: „איר האט דערהאלטן שלעכטע יעדיעס? וואס איז מיט אייער מאן?" — „מיטן מאן מיינעם איז אלץ אין ארדענונג", האט געענטפערט הילדא, „ס'איז שלעכט מיט דייטשלאנד"... זי האט זיך געפרווט טרייסטן: עפשער איז קורט געווען דענערווירט? ווען מען פלעגט באמבארדירן בערלין, פלעג איך ארומגיין ווי א צעמישטע, און אפן פראנט באמבארדירט מען די גאנצע צייט, און דערצו נאך אזעלכע אויסטערלישע הארמאטן, פארשטייט זיך, אז קורט האט פארלוירן דעם קאפ... אבער זי איז געווען אומרואיק: זי האט פלוצלינג דערפילט, אז אויך זי איז אריינגעצויגן געווארן אין דער פארשאלטענער מילכאמע.

אין עטלעכע טעג ארום האט זי באקומען א טעלעגראמע פון ברודער, ער האט מוידיע געווען, אז ער קומט צופארן אף א וואך מיט א כאווער.

הילדא פלעגט זיך שטענדיק פרייען באם טרעפן זיך מיט ארטורן, אבער איצט איז זי געווען גאר גליקלעך, זי נויטיקט זיך אזוי אין אים — נאך די היגע קלאגמוטערס, נאך דעם שוידערלעכן בריוו...

ארטור האט אויסגעזען גוט, געקומען א פריילעכער, די גאנצע צייט אונטערגעזונגען:

„ליבער פריינט, ניט זארג, ניט שריי —
נאך דעצעמבער קומט דער מיי..."

ער האט געבראכט הילדאן דריי קילא צוקער, א גרויס שטיק זייף. זיין באוועך, לייטענאנט געבינג, איז געווען א שיינער יונגערמאן מיט א שראם אפן שלייף און צוויי קרייצן. ארטור האט אן אופהער געפלאפלט, און לייטענאנט געבינג האט שווייגנדיק געשמייכלט און אזוי געקוקט אף הילדאן, אז זי האט געפרעגט:

— איר זייט, עפשער א היפנאטיזאר? מען האט מיך געפרווט איינשלעפערן, אבער איך גיב זיך ניט אונטער...

— וואס רעדט איר! — האט אויסגערופן דער לייטענאנט. — נאך רוסלאנד איז מיר פאשעט אנגענעם זיצן אין א געמיטלעכן דייטשישן הויז און זען פאר זיך א שיינע פרוי...

ער האט זיך געהאלטן בעקאוועדיק, און אויב הילדא האט מיט אים קאקעטירט, איז עס געוואָרגיט געווען צו באוואונדערן — זי האט ניט געקענט ניט קאקעטירן. זי האט צוגעגרייט א גוטן אונטערברויט — ווורשט מיט ארבעסלעך, מאזעלער וויין, קאניאק. ארטור האט א סאך געטרונקען, נאריש געמאכט זיך, באוויזן, ווי די רוסן טאנצן — פריסיאדקעס. דער לייטענאנט האט ניט אראפגענומען די אויגן פון הילדאן. זי האט געפרעגט:

— ווו קעמפט איר איצט?

— אף דארעם, אין קרים.

— דארט איז געווים זייער היים?

— נאך א מין היים! — ארטור האט זיך צעלאכט.

— קורט איז אין צענטער. ער שרייבט, אז בא זיי גייט עס ניט גוט...

— בעסער ניט צו טראכטן דערפון, — האט געזאגט ארטור. — דיין קאניאק איז גלענצנד.

ער האט אנגעשטעלט דעם פאטעפאן. דער לייטענאנט האט אונטערגעכאפט הילדאן. זיי האבן לאנג געטאנצט, בא הילדאן האט זיך געדרייט דער קאפ פון וויין, פון אומרו, פון פארגעניגן.

ארטור האט זיך ווייטער געוויצלט.

— ווייסט צו וואס דער פראנט איז ענלעך? צו א קינא. פון פארנט שווינדלט אלץ, און די בעסטע פלעצער זיינען פון הינטן...

הילדא האט א שמייכל געטאן:

— מיר זיינען דא אין די סאמע לעצטע רייען, און דאך איז ניטא קיין רואיקייט.

דער לייטענאנט האט צוגעשאקלט מיטן קאפ.

— איר האט רעכט, פרוי ריכטער, בא אלעמען איז איין גורל...

זי האט א קוק געטאן אף אים, אפן ברודער, דערנאך אפן שטיק ברוי־

נעם פארקריפּלטן זיך, און עס האבן זיך באוויזן טרערן אין אירע אויגן.

— ארטור, איך האב זיך דערמאנט ווי דו ביסט געקומען פון פראנק־רייך, נעבראכט גערלענס פארפום, געזאגט, אז איר וועט זיך אינגיכן ארויס־זעצן אין ענגלאנד...

— מיר ווילן זיך נאך ארויסזעצן, — האט געענטפערט ארטור.

— קען מען אזויפיל קעמפן?

— פרידריך דער גרויסער האט געקעמפט זיבן יאר און געוווּנען. עס זיינען נאך געבליבן דריי יאר.

— מען דארף ניט טראכטן, דאס איז דער איקער, — האט געזאגט דער לייטענאנט.

זי האט אים פארכידעשט אנגעקוקט און גלייך אפגעקערט זיך — באם לייטענאנט זיינען די אויגן געווען צארטע און מעשוגענע.

— איך ווייס ניט, צי איר האט באזינגט רוסישע זעלנער, אבער רוסישע מיידלעך זיכער...

זי האט איינגעארדנט דעם ברודער און דעם לייטענאנט אין עסצימער, נאכדעם ארוף צו זיך. זי האט געשמייכלט, און פון די אויגן האבן גערונען טרערן: הייסט עס, אז קורט האט געשריבן דעם עמעס... זאל מען זיי אפּ־געבן פוילן אדער בעהמען, אבער מען טאר זיי ניט ארייננלאזן אהער... פאר־וואס פארשטייען ניט די מענער אזעלכע פּאשעטע זאכן? ארטור וויל נאך קעמפן דריי יאר... אבער דאן וועט שוין קיינער ניט בלייבן — ניט אפן פראנט, ניט דא... זיי זיינען אלע פון זינען אראפּ! און דער לייטענאנט איז א ווילער...

צומארגנס דעם גאנצן טאג האט ארטור גערוט — ער האט זיך געוואל־גערט אפן דיוואן מיט א פאליצייישן ראמאן, הילדא און לייטענאנט געבינג זיינען אוועק אין קאפע „מאריא לואיזא“ — פון דארט איז געווען א שיינע פּאנאראמע אפן טאל. דער לייטענאנט האט דערציילט פון דער מילכאמע, און הילדא האט פעסטגעשטעלט, אז ער דערציילט אינטערעסאנטער פון קורטן. ער האט געזאגט: „מיר איז א ראכמאנעס אף אלעמען, באזונדערס אף די קינדער... איך האב געכאפּט א רוסישע שפּיאנקע, איז עס געווען א קראסאוויצע, זי האט מיר איינגעביסן א פינגער, און נאכדעם האט זי גע־בעטן א רעוואלווער צו דערשיסן זיך... ווען מען פארברענט א שטאט, און בעטהאווען וואלט עס געזען, וואלט די ניינטע סימפאניע געווען נאך שטאר־קער... מיר זיינען אלע פארווּרטיילט, אבער דאס לעבן איז טאפּלט הערלעך“...

אין אוונט האבן זיי ווידער געטרונקען קאניאק, געלאכט, געטאנצט.

הילדא האט אויסגעלאשן דאס ליכט, אבער זי האט נאך ניט באוויזן איינצושלאפן — האט זי דערהערט טריט אף די טרעפּ. זי האט א טראכט געטאן — ארטור... נאכדעם האט זי אנגעצונדן דאס לעמפל און דערזען דעם לייטענאנט. זי האט א געשריי געטאן:

— איר זייט פון זינען אראפּ?!

ער האט איר ארופגעלייגט א האנט אפן מויל, געפליסטערט:

— טוט ניט קיין נארישקייטן, ארטור שלאפט...

ער האט אויסגעלאשן דאס ליכט, און זי האט שוין מער ניט געשריען.

ווען ער איז אין א האלבער שא ארום אוועק, איז זי געלעגן אף דער פלייצע און ניט געקענט באגרייפן, וואס עס האט פאסירט. זי וועט זיך עס קיינמאל ניט מוחל זיין... ווי אומפארשעמט — קומען אף קויעד צו א פארהייראַ־טער פרוי!... און נאך צום באווערם א שוועסטער... זיי זיינען ווילד געווארן... געווים, איז קורט אויך אזא... ער האט איר קיין איין צארט ווארט ניט געזאגט... און דאך איז איר גוט, דאס איז דאס שרעקלעכסטע... א זינד, נאַ־רישקייטן. מארגן וועט מען אראפווארפן באמבעס אדער די רוסן וועלן אהערקומען... מען דארף לעבן, קאלזמאן דו לעבסט.

יעדע נאכט פלעגט דער לייטענאנט ארופקומען צו הילדאן; זי פלעגט אף אים ווארטן. פארבלייבנדיק אליין, האבן זיי גערעדט פארשיידענע נאַ־רישקייטן, אבער בײנאכט פלעגן זיי ניט ריידן. דערנאך איז ארטור מיטן לייטענאנט אוועקגעפארן. אפן וואקזאל האט זיך הילדא צעוויינט, געזאגט דעם ברודער:

— לאזט ניט אריין אהער די רוסן!

ער האט א שמייכל געטאן:

— גוט, מירן ניט אריינלאזן.

און דער לייטענאנט האט איר א פאכע געטאן מיטן היטל.

יאהאנא האט געזאגט הילדאן: „איך זעט שרעקלעך אויס. אט דאס הייסט ליב האבן אונדזער העלדישע ארמיי..." הילדא האט פארשטאנען, אז יאהאנא האט געהערט, ווי דער לייטענאנט פלעגט צו איר ארופקומען. א דײַ־גע... זי האט געענטפערט: „איך בין שוין אלט דרייסיק יאר, יאהאנא, און איך נויטיק זיך ניט אין גוווערנאנטקעס..."

זי האט דעם לייטענאנט ניט געקענט פארגעסן. אלץ איז געווארן נאך ערגער. אין די צייטונגען האט מען נאך אלץ געשריבן, אז די רוסן פארמאגן גרויסע רעזערוון. שוין א וואך, ווי עס איז ניטא קיין בריוו פון קורטן. הילדא האט זיך אופגערעגט, געוויינט. דאן איז געקומען א פאסט־קארטל. הילדא האט געענטפערט מיט א קורצן, צארטן בריוו. ס'איז געקו־מען לואידזשי, א פארטרויערטער, געזאגט, אז מען שיקט זיי אפ קיין מאג־דעבורג. ער איז געקומען געזעגענען זיך, געקושט איר האנט. דאן האט זי אים פלוצלינג ארומגענומען און געזאגט: „די קוזינע איז ניטא אינדער־היים"...

שמייכלענדיק, האט זי געקוקט אף זיך אין שפיגל. איך בין נאך שיין. מען דארף אבער לעבן, איצט שטארבט מען ניט פון עלטער... פריער פלעגט הילדא שרייבן דעם מאן ניט רעגלמעסיק, איצט האט זי געשריבן יעדן טאג, און אירע בריוו זיינען אלץ געווען צארטער און צארטער — זי ווארט אף קורטן, איז אים געטריי ביז צום קייווער...

אין א קאלטער ווינטער־נאכט האבן גענומען קלינגען די פענצטער־שויבן, נאכדעם האט געוואיעט א סירענע. הילדא איז געלעגן אין א נאכט־העמד אפן ערדענעם פאל פון שוצקעלער. עס האט זי געפיבערט פון קעלט און שרעק. דא איז א סאך שרעקלעכער, ווי אין בערלין... זי האט זיך גע־געבן א ניידער: גאט, אויב איך וועל לעבן בלייבן, וועל איך קיינמאל ניט פאראטן קורטן!

אינדערפרי האט זי דערזען די כארעווע הייזער. יאהאנא האט געזאגט, אז עס זיינען דא מער פון הונדערט הארוגים. הילדא האט אנגעשריבן ווערטן: „באומרויִק זיך ניט וועגן מיר. דא איז אלץ אין ארדענונג. איך ווארט אף דיר, איך ווארט, איך ווארט”...

עס זיינען פארביי נאך עטלעכע טעג. זי האט געפילט א ווייטיק אין ברוסט — געווים פארקילט זיך אין שוצקעלער. זי האט ארויסגערופן דעם דאקטאר לאנגע, ער האט זי אויסגעהערט, צוגעשריבן א רעפּוע, נאכדעם געזאגט: „אלץ אף צולעהאכעס ווערט איר שענער”.

זי האט זיך באמיט ניט קוקן אף אים — זיין לינקער אויג איז אומזיניק און קאלט, ווי דער שיקזאל... צומאכנדיק די אויגן, האט זי געפּליסטערט: „איר זייט פון זינען אראפ!... ווי נאריש איר זייט, דאקטאר!... אלע זיינען מיר נאריש...”

## XI

— כאווער מאיאר, די רינגעז זיינען נייע, און דאך לאזן זיי דורך...

סערגיי האט זיך אויסגעזידלט — ווידער די דאזיקע רינגען! צוגעקומען ביז צום דניעפּר, און מיט די רינגען קענען זיי זיך קיין אייצע ניט געבן... דא איז יעדע מינוט טייער. אלע איילן זיך — נאך א קוואדראטל פון דער מאפּע — און דער דניעפּר... די מאשינען זינקען אין ווייסן זאמד; באם ליכט פון די לאמטערנעס זעט ער אוים ווי שניי. לאזא ווארנט: לעש אוים די לאמטערנעס — באלד איז דער טייך!

ס'איז א ווידערקאל פונעם זאמד. מען רעדט שטיל. מען רויכערט ניט. סאפּיארן שלעפּן קלעצער. עס גייען די פארבינדלער — קנוילן מיט קאבל, גרינע קעסטלעך פון פעלד־טעלעפאנען. פעלד־הארמאטן. אין וועלדל האבן זיך פארשטעקט טאנקען. און אט איז אויך גענעראל פּעטריאקאוו...

א זאקן דערציילט, אז די פישער האבן אויסבאהאלטן אף א פלאכן פלאץ אין טייך אכט שיפלעך — פארשטעקט פון די דייטשן. מען שלעפּט ארוים די שיפלעך. מען האט געבראכט צושלעפּן א טויער. מען בינדט צו־זאמען פליטן. מען שטאפּט אן מיט קאמיש (וואסער־גראז — כ. ב.) אדער מיט שטרוי די פּלאשטש־פּאלאטקעס.

סערגיי איז אין וואלד. דא איז אן עמעסע זעגמיל. די פאנטאנען וועלן זיין מארגן; אף די וועגן זיינען גרויסע פארשטאפּונגען.

די פיס גייען קוים. אין די שטיוול איז זאמד. אף דער נעשאמע איז טונקל און פריידיק. אלעמען האט באהערשט אן אומגעדולדיקייט, ווי אף דער צווייטער זייט טייך וואלט געווען דער סאף פון דער מילכאמע, די היים, א מיידל באם טויערל, פולער גליק. און פון יענער זייט זיינען דייטשן. זיי שיסן אף בלינד — אונדז דעקט א וועלדל. א קויל האט געטראפן אין א קופּע שלאכטליים, וואס האבן גערוט. צוגעקומען צום דניעפּר און ניט דערזען אים...

און אט איז דער טייך! מענטשן וואשן זיך, שעפּן וואסער אין די הויפנס און טרינקען — דאס איז דאך דער דניעפּר, מען האט זיך מיט אים

געזעגנט זיך איין און פערציקסטן — איינער בא קיעוו, א צווייטער אין מאהילעוו, אנדערע אין סמאלענסק. ער פלעגט זיך כאלעמען; ווען אים האט מען מוירע געהאט צו טראכטן; ווען אים האט מען געזונגען „א דניעפר, דניעפר, דו פליסט פונדערווייטן, און דאס וואסער דיינס, איז ווי א טרער", מען האט געזונגען, ווייל עס האט זיך געוואלט ניט זינגען, נאר וויינען אדער זידלען זיך... געווען א טייך, ווי א סאך אנדערע, איז אבער געקומען דאס אומגליק, און דער דניעפר האט איבערגעהאקט דעם שיקזאל פון יעדן איינעם, איז עס א וואלגער אדער א סיבירער. פון דניעפר איז מען אוועק, פארשילטנדיק זיך און צוריקגעקומען איז מען צו אים אנדערע, און אויך ניט אלע זיינען צוריקגעקומען; די מענטשן טרעטן שווערער — דער אנדענק ווען די פארלארענע איז ווי בליי; מען איז געקומען פון דאן, פון דער וואלגע; און דעם יעניקן, וואס איז געווען אין סטאלינגראד, קען מען באלד דערקענען לויט די אויגן, לויטן שמייכל, לויטן שטילן און באטויבטן „מיר זיינען דערגאנגען".

פארוואס זיינען אלע שטעט אף יענעם ברעג? עס גייט זיי, די דייטשן. אגעוו, איצט וועט זיי שוין גארניט העלפן. קען מען דען אזעלכעם אפשטעלן?... דא איז מער, ווי עטלעכע דיוויזיעס, — דאס גאנצע לאנד איז געקומען צום דניעפר, זיין בענקשאפט, פארדרוס, הונגער, די פעקלער פון די פליטים, דאס פארצוקטע לעבן, די פארברענטע שטעט. איין געדאנק שנעלער! מיר ווילן לעבן! דאס ווייב שרייבט, די מאמע... ביזן דניעפר האט מען נאך געקענט ניט טראכטן, אונטערווארפן זיך דעם אטאקע-ריטם, דעם ריטם פון קאנטראטאקעס, איבערגאנגען, אפטרייבן פון זיך דעם ניסאיען. דא פילט יעדערער: מיר דערשפילן, מיר דערברעכן.

אבער לײַדן בלייבן ליידן, טויט — טויט. און אפן צארטן העלן זאמד איז בלוט. די סאניטארן טראגן אוועק צוויי אויטאמאטלער; איינער קרעכצט, דער צווייטער שמייכלט; עפשער איז עס ניט קיין שמייכל — א קראמף.

די טעג זיינען ווארעמע, דורכזיכטיקע. אבער באנאכט איז קאלט. דאס וואסער — ווי אייז. וויפל איז צו יענעם ברעג? סערגיי זאגט „פיר הונדערט אכציק". עס האט גענומען בלאזן א ווינט. גרויסע כוואליעס.

— צי דען איז דאס א שיפל? — ווארטשעט שטיל דער סערזשאנט סאדאפיעוו. — ווּ איז דער עמער?

ער האט ארומגעוויקלט די רודערס מיט א שמאטע: אף יענעם ברעג זיינען דייטשן...

די דייטשן האבן געוווּסט, אז די רוסן האבן נאך ניט קיין פאנטאנען — דער לופט-אויסשפיר האט באריכט דעם גענעראל זיבערט. דאך האט ער באפוילן אנצוהאלטן איבערן טייך א פייער, אף אפצושרעקן.

— א סטיערווע, שלינגט וואסער, — האט געפליסטערט סאדאפיעוו.

צוויי אנדערע שיפלעך האט עס אוועקגעטראגן ווייט אראפצו. די דייטשן דערלאנגען איבערן טייך. דאס וואסער קאכט און בלעזלט זיך. אין שיפל איז א קוילנווארפער און צוויי קעמפער. זיי רודערן שוין דריי שא, בלוט אף די הענט. קוסטעס. ערגעץ אין דער נאענט זיינען דייטשן.

און דער הימל איז פול מיט שטערן — אוקראַינע איז זיך געטריי: אַפילע אין אַזאַ נאַכט דאַרף זי שטערן...

נאָכדעם קומען אונטער די פּאַנטאַנען. שטשעדרענקאָ איז איבערגע־שוואומען דעם טייך, דורכגעצויגן אַ קאַנאַט. אין פּאַראָם האָט געטראָפן אַ מינע. די סאַפּיאָרן פאַרשטאָפּן די לעבער מיט זייערע גימנאַסטיאָרקעס. דאַבינאָוויטש לאָזט זיך אַראָפּ צום גרונט — מען דאַרף ראַטעווען אַ קוילנ־וואַרפער. די דייטשן דריקן אַפן האָפן.

איצט קען זיך שוין סאַדאַפּיעוו גוט אויסזידלען. דער מאַיאָר האָט געזאָגט פיר הונדערט מעטער, אָבער ווען דו שווימסט — אַלע פיר קילאָמעטער... און פון וואָס האָט סטאַריצין געטראַכט? שיין וואָלטן מיר אויסגעזען, ווען אַלע שיפלעך וואָלטן זיך צעשפּרייט! און די פּריצן האָבן גלייך גענומען קריכן. פאַרשאַלטענע!...

נאָכדעם?... עס שטעפּט אַ קוילנוואַרפער. עס זיינען אונטערגעקומען נאָך שיפלעך. מען לאָזט אַראָפּ פליטן פון סלופּעס, פון בענזין־פעסלעך.

נאָכדעם?... נאָכדעם גראַטולירט מען סאַדאַפּיעוון. סערגיי דיקטירט אַ באַריכט. אַפן פאַרבינדונגס־קנופּ גיט שוראַ באַראַבאַנאָוו איבער אַ לאַנגע טעלעגראַמע. דער קאָרעספּאָנדענט פון „רויטן שטערן" איז אומגעדולדיק — ווי זעט ער אויס, דער דאָזיקער סאַדאַפּיעוו? כאָטש געבן איין לעבעדיקן שטריך... אין מאָסקווע שטעלט מען צוזאַמען דעם פראָנט־באַריכט. מאָרגן וועט זיך די וועלט דערוויסן וועגן סערזשאַנט סאַדאַפּיעוו.

סטאַלין האָט אַף אַ רעגע צורו געלאָזט די מאַפּע. ער זעט אַ ריזיקן פראָנט, די ליניע פון דניעפּר, קאָלאָנעס איבער די וועגן, די פּאָזיציעס פון סוינע און צווישן דעם אַלעמען — אַ יונגן סערזשאַנט מיט אויגן טרויעריקע און ביטערע. סאַדאַפּיעוו... דאַכט זיך, סאַדאַפּיעוו איז געווען מיט מיר אין צאַריצין; עפּשער דעם דאָזיקנס טאַטע?... און סטאַלין שווימט אַריבער דעם דניעפּר מיט סאַדאַפּיעוון. אַזוי ווי ער איז אויך געזעסן אַפן בערגל מיט אָסיפּן און מינאַיעוון, ווי ער האָט אין אַ שניי־שטורעם מאַרשירט פון דאָן ביז צום דניעפּר. סאַדאַפּיעוו איז אַ מאָלאַדיעץ, מיט אים וועלן מיר אויך אַריבער די ווייסל, דעם אָדער!...

פאַלקאָווניק גאַבלער קייט אַ שטיקל פאַרלאָשענעם ציגאַר. ער איז אויפ־געבראַכט אַף די רוסן: אַריבערגיין אַזאַ טייך אַן פּאָנטאָנען! ווילדע, אין דעם איז זייער פאַרצוג... פאַרן פאַלקאָווניק ליגט אַ מאַפּע; ער טראַכט וועגן אַ קאָנטראַטאַקע. מען מוז אומבאַדינגט צוריקוואַרפן די רוסן, געווינען כאָטש צוויי וואָכן. און פּלוצלינג באַווייזט זיך צווישן די דיוויזיע־נומערן, צווישן די נעמען פון יִישובים, אינדזלען, קוסטעס, אַ בייגערדיקער יאַט אין אַ פּיי־לאָטקע. סאַדאַפּיעוו קלעמערט און וואַרפט אַרונטער דעם גרינעם קופּערנעם אָדלער.

באַם ראַדיאָ אין פּאַריז זיצט לעזשאַן; ער איז זייער פאַרכמורעט — ערשט ניט לאַנג, האָט מען אים דערציילט, ווי אַזוי פּאָל איז אומגעקומען; פון זשאַזעטן איז שוין דעם צווייטן כוידעש ניטאָ קיין יעדיעס; אייערנעכטן האָט מען אַרעסטירט אַנדרען און נאַראַן; מען דאַרף שיקן אַ גרופּע קיין רואַן און קיין געוועד איז ניטאָ. סיגנאַלן — „עס רעדט מאָסקווע". און ווי

דער דניעפר וואלט געווען דא דערביי — לעבן דער סענע, עס איילן זיך באוויירים, פריינט, די, מיט וועמען ער האט פארבונדן זיין גורל, צווישן זיי סאדאפיעוו. ער איז ענלעך צו מילען, נאר זיינע האר זיינען העלער...

גענעראל פעטריאקאוו זאגט סאדאפיעוון: „א העלד! וואס איז דא צו ריידן — א העלד!...” סאדאפיעוו זאגט: „ווי נאר איך בין ארויסגעשפרונגען פון שיפל — גלייך צו דער לאפעטע”... וואס איז דא אזוינס, טראכט סאדאפיעוו. געוויס, אין דאס שיפל א שמאטקע, אבער דערשווומען. דער איקער איז, וואס איך האב זיך באצייטנס אפגעגראבן...

קרילאוו שמייכלט: אט דאס איז זי די ערשטע גערעטעניש! אינטערעסאנט, ווו איז יענער אמעריקאנער מיטן אייביקן פעדער? ער האט ניט געגלויבט... איצט טראכט ער, געוויס, אז מיר האבן ניט קיין פאנטאנען. און אמאל דארף מען אויך א קלעצל. דאס איז ניט פאר זיי צום פארשטיין, צוויי יאר און זיי גרייטן זיך נאך אלץ. מיר וועלן, אוואדע, גיכער דערגיין צו בערלין... איך האב אוואדע געקענט סאדאפיעוון, יענער איז שוין ניט קיין יונגער, אינטענדענט פון דריטן ראנג. ווען מיר זיינען ארוים פון ראסאשי, האט ער דערשאסן צוויי דייטשן. אויך ניט קיין נאר... ס'איז גארניט קיין וואונדער, פאראן א סאך סאדאפיעווס. אבער וואס עס זיינען דא א סאך העלדן — אט דאס איז צום באוואונדערן!...

און יעדער סאדאפיעוו ענטפערט צופרידן: „מעגלעך, אז א קארעוו, איך ווייס ניט”...

אין קאסטראמא, צווישן דער וועבעריי און אלטן מאנאסטיר, טראכט א קרענקלעכע פרוי וועגן איר בכאר: סאשא האט זיך אויסגעצייכנט... ער זאל נאר צוריקקומען א לעבעדיקער!...

א קליינער ניט קיין טיפער טראנשיי צווישן ווייסן זאמד — פון דעם האט זיך אלץ אנגעהויבן. ס'איז געלונגען אריבערפירן די פאלק־הארמאטן. די דייטשן האבן געשאסן פון א שיפּועדיק בערגל. אבער אונדזערע האבן זיך געהאלטן. סערגיי האט זיך דערמאנט סטאלינגראד, דארט פלעגט מען זאגן: „מיר האלטן זיך”, דא וועסטו עס ניט זאגן, דא זאגט מען „מיר האלטן שוין”.

די דייטשן האבן א לאז געטאן זייער אוויאציע, געיאגט זיך נאך יעדן שיפל. אפן דריטן טאג האבן זיי דערטרונקען א שווערן פאראם. מען האט געדארפט ראטעווען די גאנץ־געבליבענע פאנטאנען. האט מען גענומען די אנטיגאזן, צוגעפראוועט צו זיי רערלעך. אסיפענקא און זייטשיק האבן זיך אראפגעלאזט אפן גרונט, צענומען דעם פאראם, ארויסגעשלעפט גאנצע פאנטאנען. ווען אסיפענקא האט זיך דערוווסט, אז דער גענעראל האט אים צוגעשטעלט צו באקומען א „לענין”, האט ער אפגעזיפצט: ווען מיין ווייב וואלט געוווסט, וואלט זי עפשער ניט אוועק...

און נאכדעם האט גענעראל פעטריאקאוו געזאגט:

— די ארמיי איז א גרויסע, הייסט עס, אז מען דארף האבן א גרויסע בריק.

— איך האב אלץ צוגעגרייט, — האט געענטפערט סערגיי. — ביזן אינדזל א הילצערנער אף סוואיעס און ווייטער א שווימענדיקער...

ער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַף הינטער און זיך צעשמייכלט.

אין סטאַלינגראַד האָט סערגיי געקעמפט אַנגעשטרענגט, פאַרבמורעט; דאָרט איז ניט געווען קיין אָרט אַף פאַנטאַזיעס. עס זיינען צייטנווייז אַפילע קיין געדאַנקען ניט געווען — נאָר האַרטנעקיקייט. און איצט איז אין זיינע אויגן געווען יענער ברי, וואָס נינאַ געאָרגיעווּנאַ האָט נאָר געקענט פון סעריאָזשאַס קינדער־יאָרן, ווען זי האָט געטראַכט, אַז איר זון וועט זיין אַ פּאָעט.

מען האָט אַריינגעהאַקט די סוואַיעס, שטייענדיק אין איידקאַלטן וואַסער. די דייטשן האָבן באַשאָסן פון האַרמאַטן, באַמבאַרדירט. געאַרבעט האָט מען בײַנאַכט; אָבער די דייטשישע ראַקעטן פלעגן באַלייכטן דעם דניעפּר. די סאַניטאַרן האָבן געטראָגן פאַרווּנדעטע. דער שטראָם האָט איינגעוואָרפן די סוואַיעס. איין סאַפּיאָר פלעגט זיך אַראָפּלאָזן אַפן גרונט און געשטעלט די סוואַיע, דער צווייטער פלעגט זי אַריינשלאָגן פון אויבן. מענטשן זיינען ניט געשלאָפן צו דריי מעת־לעת. סערגיי איז ניט אָפּגעטראָטן פון בריק. סערזשאַנט שיראָקאָוו האָט פאַרבראַכט אין וואַסער פערצן שעה. סערגיי האָט געפרעגט: „ווי אַזוי איז?...” שיראָקאָוו האָט געענטפערט: „פּאַרטיק”.

אַפן רעכטן ברעג איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שלאַכט; מען האָט געזאָגט, אַז זייט אָריאָל איז נאָך אַזוינס ניט געווען. דעם גענעראַל פּעטריאַקאָוו איז געלונגען פאַרצוגיין צוועלף קילאָמעטער. אָבער די דייטשן האָבן צוגעקומען ריזיקע קויכעס. דער גענעראַל האָט געזאָגט: „ניט אַנדערש, אַז זיי האָבן געלאָזט אין גאַנג די סטראַטעגישע רעזערוון”...

די שלאַכטלייט האָבן זיך געזידלט: „באַם לעצטן קאַפּיטל גייען די פריצן אַרויס פון די קיילים”... די לאַגע איז געווען אַ שווערע — צוריק וועסטו ניט אַריבערגיין. דער אַרמיי־קאָמאַנדיר האָט צוגעזאָגט צו וואַרפן די פרישע דיוויזיע. און דאַן האָט פּאַסירט דער אומגליק — די דייטשן האָבן אַ וואַרף געטאָן אַפן בריק זייער אַוויאַציע — געטראָפן דירעקט צוויי מאָל. עס איז וויכטיק יעדע שעה...

דערזעענדיק, אַז ראַשעווסקי האָט זיך פאַרלוירן, איז סערגיי אַריינגעשפרונגען אין וואַסער, גענומען באַווייזן, וואָס מען דאַרף טאָן. אין דער זעלבער צייט האָבן אַ צענדליק דייטשישע פּיקיר־אַוויאָנען אַטאַקירט די סאַפּיאָרן. ראַשעווסקי איז געווען לעבן סערגייען. אין סטאַלינגראַד האָט ראַשעווסקי געהאַט געזאָגט: „אויב מען וועט דערהאַרגענען בײַנאַכט, וועט עס זיין אַ ריינער צופאַל”... ער איז געשטאָרבן בײַ סערגייען אַף די הענט. דעם בריק האָט מען פאַריכט. די פאַרשטאַרקונג איז געקומען בײַציַיטנס.

ניטאָ מער ראַשעווסקי. עס זיינען מער ניטאָ יענע, מיט וועמען ער איז געווען בעיסן שרעקלעכן זומער פון צוויי און פערציקסטן... מען האָט געשמועסט וועגן טעאַטער, וועגן מאָרוסיען, און נאָכדעם איז ער געלעגן אַפן טיש, אַ קלייניטשקער, ווי אַ קינד. און וואָראָנאָוו האָט געטרוימט, ווי אַזוי מיר וועלן בויען אַ בריק איבערן דאָן, ווען מיר וועלן גיין צוריק. אָט איז שוין דער דניעפּר און וואָראָנאָוו איז ניטאָ. דאַכט זיך, אַז סערגיי האָט קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ פריינט. וואָראָנאָוו פלעגט ער אַלץ זאָגן — געווען אַ ביטערער זומער... דערציילט אויך וועגן פּאַריז, וועגן וואַליאַן... ס'איז

מיט אים געווען ליכט צו שמועסן, ער פלעגט קוים שמייכלען, שאקלען מיטן ריזיקן קאפ... ניטא מער קיינער פון די אלטע... ווי אזוי האט זיך אויסגעהיט סערגיי?... ער האט אן צוטרוי געשמייכלט צום הארבסט, צום פולן און דערהויבענעם הארבסט.

אין א וואלד ארום איז סערגיי אוועקגעפארן אפן קאפע. גענעראל פעטריאקאוו האט געוווינט אין א ריינער כאטע. די באלעבאסטע איז געשטאנען, אנגעלענט די באק אף דער האנט... געקרעכצט איבער איר גריצקאן און אנטציקט זיך פון גענעראלס שליפעס. פעטריאקאוו איז געווען אין א גוטער שטימונג.

— עס האט זיך בא זיי גארניט באקומען. בארסוקאוו האט נאר וואס איבערגעגעבן: זיי טראגן זיך אפ פון קיעוו — מאשינען אין פיר רייען...

נאכדעם האט ער גענומען „אף דער העצקע" סערגייען:

— וואס שטעלט איר זיך אונטער? מען טאר ניט אזוי... איצט איז ניט דער איין און פערציקסטער... איך זייט מיר — דערפון איז עס...

— אלע זיינען מיר...

— איך רייד ניט וועגן אלע, נאר וועגן אייך... דאס איז שטענדיק אזוי — ווערט דער מענטש מיד, הערן אוף צו ארבעטן די טארמאזן. מיטאמאל שרעקט ער זיך פאר קיין זאך ניט...

— איך שרעק זיך איצט. אין סטאלינגראד האט איך ניט מוירע געהאט, דארט איז עפעס געווען אזוינס — אלץ איינס. אבער איצט, ווען עס איז נענטער דער סאף, ווילט זיך זייער ניט שטארבן...

עס איז פאר אים געזעסן א גראער מענטש אין ברילן, וואס האט גוטמוטיק געפיפקעט א פאפיראס. און סערגיי האט גאר געזען וואליאן, דעם מאסקווער פרילינג, די לאמטערנעס אפן בריק.

און מיטאמאל האט ער גלאט אין דער וועלט אריין א זאג געטאן:

— דאס צארטסטע אף דער וועלט איז א בריק...

ער האט אין דער דאזיקער רעגע ניט געטראכט פון בריק, וואס ער האט געבויט איבערן דניעפר, ניט פון דער קרימער בריק, ווו ער איז געשטאנען מיט וואליאן פארן אפפארן און אויך ניט פון די אלטע בריקן איבער דער סענע, פון עפעס אנדערש — וועגן לעבן.

## XII

דאס הויז איז געשטאנען אף א בערגל, ווייט פון דארף, צווישן דעמבעס און אלכעס. די אלמאנע ליאגראנזש האט געניצט באם פענצטער, איר טאכטער, מארי, האט אופגעבלאזן קוילן. די זון האט געהאלטן באם אונטערגיין. פלוצלינג האט עמיצער אנגעקלאפט אין טיר. די אלמאנע ליאגראנזש האט א קוק געטאן: א דייטש. א מוירע צו עפענען, און טאמער עפנסטו ניט, וועט ער אופברעכן די טיר, אדער אויסשיסן. צו וואס איז ער געקומען? ניט שוין־זשע האבן זיי דערטאפט מיקין אדער דערען?... די אלמאנע ליאגראנזש האט געפרעגט:

— וואס דארפט איר?

— ברויט.

קלאָר, אַז אַ געשטאַפּאָ. ווען זיי האָבן צוגענומען מאַרטיען, האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי ווילן אַ טרונק... די מאַשין איז, געווים, אונטן, אַפן וועג...

עפענענדיק די טיר, איז די אַלמאַנע ליאַגראַנזש דערשטוינט געוואָרן: וואָס פאַר אַן אַפּגעריסענער ער איז! עפּשער, אַ דעזערטיר?... זי האָט אים געגעבן ברויט. ער האָט געשלונגען שטיקערווייז. געווים, אַ דעזערטיר... זי האָט זיך באַרויִקט; זי האָט אַפילו ראַכמאָנעס געקראָגן אַפן ריזיקן דאָרן מענטשן, וואָס האָט קינדיש געשמייכלט.

— וואַרט אויס, באַלד וועט מאַרי אָנוואַרעמען אַ טעלער זופּ. היינט איז קאַלט...

דער דייטש האָט אָפּגעדאַנקט. די אַלמאַנע ליאַגראַנזש האָט אַ טראַכט געטאָן: פאַראַן אויך צווישן זיי אָנשטענדיקע... פאַרוואָס איז ער אַנטלאָפן? ס'איז אים דערעסן מילכאָמע צו האַלטן? אָדער האָט ער עפּשער באַליידיקט זיין נאַטשאַלסטווע? אויב ער איז אַנטלאָפן, הייסט עס אַז אָנשטענדיקער... אָבער מאַרי האָט קיין איינמאָל ניט אַ קוק געטאָן אויף אים: אין יולי האָבן די דייטשן דערשאָסן איר כאָסן. ווי לאַנג־זשע האָט ער געבלאָנקעט איבערן וואַלד? האָט זיך געפרעגט די אַלמאַנע ליאַגראַנזש. זיין שינעל איז אַ פרעמדער, ער איז אַ ריז, און דער שינעל ליגט אויף אים, ווי אַ רעקל... ענדלעך האָט זי געפרעגט:

— איר האָט זיך עפּשער פאַרבלאָנדזשעט?

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איר ווילט אָנקומען קיין סען־זשאַן אָדער איר קומט פון דאָרטן?

ער האָט קוים צוזאַמענגעשטעלט אַ זאַץ פון דייטשישע און פראַנצויזישע ווערטער:

— איך בין אַוועק פון די אייזן־מינעס, איך גיי אין די בערג...

— וווּהין אין די בערג?

— דאָרט אַהין, וווּ עס זיינען ניטאָ קיין דייטשן.

עפּשער האָט ער דערהאַרגעט אַן אַנדער דייטש? דאָס איז גאָרניט שלעכט... אָבער וואָס האָט ער געטאָן אין די אייזן־מינעס? דאָרט איז נעך שטאַפּאָ... די אַלמאַנע ליאַגראַנזש איז געוואָרן זייער נייגעריק, אָבער זי האָט ניט געוווּסט, ווי אַזוי צו פרעגן דעם דייטש, צי איז ער אַן אָנשטענדיקער, אָדער גלאַט אַזאַ פון די דורכגייער... זי האָט אים אָנגעקאַרמעט מיט זופּ. און דער דייטש האָט געשוויגן... אויף דער גאַס איז פינצטער קאַלט. וווּהין וועט ער גיין באַנאַכט? מען קען דאָך אָבער ניט לאָזן בא זיך אַ באָש. עפּשער איז עס אַ געשטאַפּאָ? ווי ער וואָלט געטראָפן אירע געדאַנקען, האָט ער געזאָגט:

— מאַדאַם, איך בין ניט קיין דייטש.

די אַלמאַנע ליאַגראַנזש איז בייז געוואָרן: אַריינגעלאָזט אים, געגעבן אָפּצועסן, און ער מאַכט גאָר כוזעק פון מיר!

— איר וועט עפּשער זאָגן, אַז איר זייט אַ פראַנצויז?...

ער האָט זיך צעלאַכט, און זי האָט ווידער אַ טראַכט געטאָן: וואָס פאַרא גוטן שמייכל ער האָט!

— מאדאם, איך בין אנטלאפן. איך בין א רוס.

דא האט מארי, וואס האט זיך די גאנצע צייט צוגעהערט, אויסגעשריען:

— איך האב באלד א טראכט געטאן, אז דאס איז א רוסישער געפאנגענער!

ער איז געזעסן באם רונדן טיש. מארי האט געבראכט אן אטלאס; מיט א רויטן פעדער איז געווען אנגעצייכנט די פראנט־ליניע.

— די רוסן זיינען אריבער דעם דניעפר...

ער האט פארמאכט די אויגן, און אפן פנים איז פארבליבן א שמייכל פון גליק. נאכדעם האט ער אנגעוויזן אפן דאן:

— אט דא האט מען מיך גענומען. איך בין געווען פארוואונדעט אין ברוסט...

שווייגנדיק א רגע האט ער שטיל געזאגט:

— איך זוך, וווּ די פארטיזאנען זיינען...

די אלמאנע ליאנראנזש און מארי האבן זיך איבערגעקוקט, גארניט געענטפערט. זיי האבן אים געלייגט שלאפן. מיט שרעק האט ער א קוק געטאן אפן קישן, אפן ווייסן ליילעך און איז באלד איינגעשלאפן — צוויי מעסלעס האט ער געבלאנקעט איבערן וואלד.

— אינדערפרי וועל איך אוועקגיין צו מיקין — האט מארי געזאגט דער מאמען, — איך וועל פרעגן וואס צו טאן מיט אים.

און דער רוס איז געשלאפן. עס האט זיך אים געחלומט א גרויסער בלייכער טייך. פלוצלינג פליט אין דער לופט א בריק, און א שווארץ־קלאָרער רויך... און נאכדעם איז זייער שטיל, בא א רונדן טיש זיצט ער אין אן אלפארגאטענעם רעקל און אן אלטע פראנצויזישע פרוי, בא איר אף די קני איז מישקא... פארוואס דערקענט ער מיך ניט?... מישקא!...

— ער רעדט עפעס פון שלאף, — האט געזאגט די אלמאנע ליאנראנזש. מארי האט זיך צוגעהערט.

— „מישקא“... וואס באדייט עס? ווייסט, מאמע, אט טאקע אזעלכע האב איך זיך פארגעשטעלט די רוסן. א פנים האט ער א גוטן, אבער איך פארשטיי, אז די דייטשן אין רוסלאנד ווארפט עס אין שרעק — אזא איינער קען דערשטיקן...

מארי איז פארטאג אוועק; ארוים איז זי שטיל, קעדיי ניט אופצוּוועקן דעם גאסט. די לאדנס זיינען געווען פעסט פארמאכט; און דער רוס האט זיך אופגעכאפט ערשט דאן, ווען אין צימער איז אריין א יונגערמאן, אביסל אויסטערליש געקליידעט — הויזן פון פלאנעל, א שינעל, אראפגענומען פון א דייטשישן אפיציר, א פראנצויזישע קעפקע. דאס איז געווען מיקי. ער האט געפרעגט:

— ווער ביסטו?

— א רוס.

— וואס פארא רוס?

— א קריגס־געפאנגענער. עלטערער ליטענאנט פון דער אינזשעניערן־אפטיילונג. ניקאלײַ ווֹראנאוו.

ער האָט געוואָלט דערציילן, ווי אַזוי ער קומט קיין פראַנקרייך, אָבער עס האָבן אים אויסגעפּעלט ווערטער.

— זאָל זיין, קום צו די אונדזעריקע, — האָט געזאָגט מיקי. — דערע פאַרשטייט דייטש.

אין אַן אַנדער צייט וואָלטן וואַראַנאָווס דערציילונגען וועגן אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, געקענט איבעראַשן, אָבער דאַן זיינען געווען אַזויפיל אויסטערלישע און אומוואַרשיינלעכע פּאַסירונגען, אַז די פּאַרטיזאַנער פון אַטריאַד „גי מאָקע" האָבן זיך באַצויגן צום דערשיינען פון רוסישן אָפיציר, ווי צו אַ גאַנץ נאַטירלעכער זאַך. נאָר מאַרי איז געזעסן באַם אַטלאַס און געזיפצט — ווי ווייט עס איז פון דאַן ביז בריוואַ!... און דערע האָט זיך שוין בעיים מי‌ַסע באַראָטן מיט וואַראַנאָוון וועגן דער פאַרשטייענדיקער אָפּעראַציע: מען דאַרף אויפרייסן אַן אייזנבאַן־בריק אויף דער ליניע בריוואַ־טולוז. דערע האָט נאָכדעם געזאָגט די כאַווײרים: „דאָס איז אַ געווינס! ער האָט אויפגעריסן אַביסל וויכטיקערע בריקן..."

וואַראַנאָוו האָט זיך באַלד איינגעלעבט. מען פלעגט אים קלאַפּן איבער דער פּלייצע, וועלנדיק אַרויסזאָגן די געפילן: „דו ביסט אַ רוס, דאָס איז גוט". „די פריצן קאַפּוט". „מיר — זיינען קאָמוניסטן"... מען האָט וואַראַנאָוון אַ נאָמען געגעבן בער; דאָס האָט אים געפריים; נינאַ פלעגט אָפט זאָגן, אַז ער איז ענלעך צו אַ ווייסן בער.

ווי אַזוי האָט ער עס אויסגעהאַלטן מיט אַ דורכגעשאָסענער לונג, אין אַ הונגער־לאַגער, וווּ עס פלעגן יעדן טאָג שטאַרבן יונגע געזונטע מענטשן? עס האָט אים געראַטעוועט זיין ריזן געבוי. ווען מען האָט אים שפּעטער געפרעגט, ווי אַזוי איז ער עס אַרויס מיט גאַנצע ביינער, האָט ער געשמייכלט און דערמאָנט דעם זיידן זיינעם, וואָס האָט באַ זיבעציק יאָר געהאַקט האָלץ, זאָגנדיק: „אַ פאָלק זיינען מיר — ווי מאַלאָכים, אָבער אַ כאַראַקטער האָבן מיר — ווי טייוואָלאָנים"... זיי זיינען געלעגן פאַרפייניקטע פון דורשט; די דייטשן האָבן געבראַכט אַן עמער, געכאָכמעט זיך: „ווער עס וועט צוגיין, וועט קריגן אַ פּרעמיע"... אים האָט זיך אַזוי געוואָלט טרינקען, אַז ער איז צוגעקראָכן צום עמער. האַגאַם די דייטשן האָבן פאַר דעם דערשאָסן פיר כאַווײרים. נאָכדעם איז געווען קעלט, פורן מיט לייכעס; יעדן אינדערפרי פלעגט מען וואַרפן אין גרוב אַריין די טויטע — אָפטמאָל צו הונדערט. מען האָט אויך אַריינגעוואָרפן לעבעדיקע, וואָס האָבן זיך ניט געקענט שטעלן אויף די פיס.

„מיר זיינען אין קעלט, אין גרוב דאָרט געזעסן,
מען האָט אונדז פון דער זייט געלאָקט מיט ברויט,
און פאַרנאַרן אונדז געוואָלט ווי אויסוואורפן —
נאָר פאַרטיי גערופן האָט: ניט וואָגן און טויט!
לייענט איצט דעם צושריפט אויפן קייווער
מיר זאָלן ווערט זיין דעם רום נאָכן טויט.
און ווער צו ליידן איז ניט בעקוויעם, —
זעלבסטמאָרד האָט פאַרטקאַס דערלויבט..."*

מישא האט א געשריי געטאן צו אן עס־עס: „אינגיכן וועלן מיר אייך אופהענגען!” דער עס־עס האט אים דערשאסן. וואראנאוו האט זיך דערמאנט די פערזן — מישא האט ניט אויסגעהאלטן...

דא ניט לאנג איז וואראנאוו געווען אין די אייזן־מינעס. דאס זעט אוים ווי א קאשמארער כאלעם, וואס דריקט אפן הארצן נאכדעם, ווי דו כאפסט זיך אוף, אבער דער דאזיקער כאלעם איז שוין פארגעפלט. ער געדענקט גענוי דעם זומערדיקן טאג אין סטעפ און דעם פארכמארעטן שוליאפאוון. און נאכדעם טויכט אוף מיטאמאל אן אנדער טאג — די פליטע. דער דייטש איז געווען א געלער, מיט זומערשפרענקעלעד. וואראנאוו האט אים דערלאנגט איבערן קאפ מיט א שטיין... דער וואלד און די הייזקע פון דער אלמאנע ליאגראנזש...

ער איז צוריקגעקומען צום לעבן. ער האט געפרעגט: ווי אזוי איז דארט?... ער איז דאך לאנגע כאדאשים געווען אן צייטונגען, אן ראדיא. ערשט איצט האט ער זיך דערוווסט, אז מען האט דורכגעריסן די בלאקאדע פון לענינגראד, אבער די שטאט איז נאך אלץ אונטערן פייער פון דייטשישע הארמאטן. לעבט נינא?... מען האט גענומען סמאלענסק, מ'קעמפט פאר קיעוו. ציימנוויין פלעגט אים באהערשן א קימער: ער איז אזוי ווייט, אפגעשניטן פון אלץ! דאן פלעגט ער זיצן א פארומערטער. עס איז געקומען דעדע: „די רוסן האבן גענומען נאך א שטאט, איך האב אבער פארגעסן ווי זי הייסט”... און האגאם ווארגאנאוו איז געווען זייער וויכטיק, וואס פארא שטאט דאס איז, האט ער קוקנדיק אפן לויכטנדיקן דעדע, געשמייכלט: איך בין ניט איינזאם, די דאזיקע מענטשן זיינען מיט אונדז, הייסט עס, אז אויך איך קעמף פאר קיעוו, ווי סערגיי, ווי זאניו, ווי אלע פון באטאליאן...

צווישן די פארטיזאנען זיינען געווען ארבעטער, שאכטיארן, פאסטעכער, א לערער, א וועטערינאר, צוויי שפאניער, א טשעד, מיידלעך. אנגעפירט מיטן אטריאד האט דעדע, א דארפס־לערער; ער האט געקעמפט אין שפאניע. אלע האבן זיך זייער אופמערקזאם צוגעהערט צו ווארגאנאווס יעדן ווארט: ער איז געווען א מענטש פון יענער וועלט, וועגן וועלכער זיי האבן געטרוימט אין די פינצטערע פארטיזאנישע נעכט. „דער בער האט געזאגט” — דאס האט געקלונגען, ווי אן אורטייל, וועלכן מען קען ניט אפעלירן.

דעם טשעד האט מען טאקע אזוי גערופן: טשעד. דאס איז געווען אן עלטערער, פינקטלעכער זייגערמאכער, וואס איז געווען געוווינט צום געגויען דרייען זיך פון די קלענסטע רעדעלעך, וואס האט אין גרימצארן געקוילעט מיט א מעסער א פעלדפעבל. דערזעענדיק ווארגאנאוון, איז דער טשעך געווארן אזוי צערודערט, אז ער האט גארניט געקענט זאגן.

— איר פארשטייט רוסיש? — האט געפרעגט ווארגאנאוו.

דאן האט דער טשעד גענומען ריידן אן אופהער; צום ערשטן מאל פאר זעקס יאר האט ער גערעדט אף זיין שפראך. ווארגאנאוו האט זיך ניכער אנגעשטויסן, וועגן וואס דער טשעד רעדט, איידער פארשטאנען די ווערטער. ער האט געענטפערט:

— יא... געווים...

די פּארטיזאנען זיינען געווען איבערראַשט פון דער דאַזיקער באַגעג־ניש. דערדע האָט געזאָגט:

— טשעך פאַרשטייסט רוסיש אויך?

— אַלע סלאַוון פאַרשטייען רוסיש — האָט געענטפערט דער טשעך.

ער האָט געוואָלט זאָגן, אַז דאָס איז אַז איניען ניט נאָר פון דער גראַ־מאַטיק, אָבער ער האָט בלויז אַ שמייכל געטאָן און אויסגעווישט מיטן טיכל די גוטע קורצזיכטיקע אויגן.

דער באַרצעלאָנער שטיינהאַקער באַסע האָט געזאָגט וואַראַנאָוון:

— איך האָב געזען אַפן עברא אַ רוס, מען האָט אים גערופן איוואַ־נאָוויטש. ער איז איצט אַ קאָמאַנדיר פון אַ פּאָלק אָדער פון אַ גאַנצער דיוויזיע?

— איך קען ניט איוואַנאָוויטשן.

באַסע איז אַזוי אומעטיק געוואָרן, אַז וואָראַנאָוו האָט זיך צעשמייכלט.

— איך האָב זיך דערמאָנט, ער איז אַ קאָמאַנדיר פון אַ דיוויזיע.

— אַזוי טאַקע האָב איך געטראַכט. ווייסט, בער, ווען מען האָט מיר געזאָגט, אַז די פאַשיסטן זיינען אַנגעפאַלן אויף רוסלאַנד, האָט עס מיך נע־ערגערט און געפרייט. איך ווייס, וואָס פאַר אַן אומגליק עס איז מילכאָמע. מיינס אַ טעכטערל איז אומגעקומען פון אַ באָמבע אין באַרצעלאָנע. אָבער איך האָב זיך דערפרייט, ווייל איך האָב געזען דעם רוס אַפן עברא. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ סאָף צו די פאַשיסטן...

מיקי האָט געבעטן וואָראַנאָוון, אַז ער זאָל אים אין דער פרייער צייט לערנען רוסיש. מיקי איז געווען אַן אַרבעטער אין זאָוואָד רענאָ, ער האָט זיך גערופן „אַלטער קאַמסאָמאָלעץ”. ער האָט נעכאַזוערט אויף אויסנווייניק רוסישע בויגונגען.

— פאַרוואָס ניט „סטאָל”, נאָר „סטאָלאַ”? אַ מעשוגענע שפּראַך!... אָבער איך וועל זיך פאַרט אויסלערנען! אויב מען וועט מיך ניט דערהאַר־גענען, וועל איך, ווען די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, אַוועקפאָרן קיין רוס־לאַנד, כאָטש אויף אַ וואָך... ווי אַזוי זאָגסטו? „זאַ סטאַלאָם?” ניין, איך וועל עס קיינמאָל ניט קענען... כאָטש אַ קוק טאָן מיט איין אויג אויף מאָסקווע...

דער אַלטער דעזירע איז געווען אַ מייסטער אויף אויסצואַרבעטן וויין; ער האָט אין לעבן אַנערקענט נאָר צוויי זאַכן: די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און גוטן וויין. פאַר דער מילכאָמע האָט ער געשטימט פאַר די ראַדיקאַלן; אָבער ווען די דייטשן זיינען געקומען, האָט דער ראַדיקאַלער מער אופגעהאַנגען באַ זיך פּעטענס בילד און אַנגעהויבן מעכאַבעד זיין דעם דייטשישן ליטענאַנט מיט אַלטן וויין. דער אַלטער דעזירע איז געווען אויסער זיך. נאָכדעם האָבן די קאָמוניסטן דערשאָסן צוויי דייטשן און אַ פאַרעטער. דער אַלטער דעזירע האָט ליב געהאַט גוטן וויין, ווי אַ פּאָעט האָט ליב לידער; ער פלעגט אונ־טערשיידן אין וויין אַלע ניואַנסן, דערקענען פונוואַנען דער וויין איז — פון מישאָס געביט לעבן צווינטער אָדער פון בעלעם טאָטנס געביט לעבן דער מיל. ווען עס האָבן זיך אין אים צוזאַמענגעשטויסן צוויי ליידנשאַפטן, האָט ער זיך ניט לאַנג געוואַקלט און אַוועק צו די פּאַרטיזאַנען. ער פלעגט זאָגן: „דער צוויי און פערציקסטער איז געווען אַ שרעקלעכער יאָר — די

דייטשן האבן דערהארגעט מישאן און זשאזעפן, אבער פארן ווייַן איז דאס געווען א גלענצנדיקער יאר...״ ער איז געקומען אין אטריאד א כוידעש פארן וויינטרויבן־שניט, געזיפצט: „דאס יאר איז דער וויין אויך גוט. איך ווייס ניט, וואס עס איז מיט מיין וויינגארטן, די באשן האבן, אווודע, אלץ צע־טראטן״. אנומלט האט דער אלטער דעזירע געפרעגט ווארצנאוון:

— זאג, הינטער מאסקווע איז דער וויין בעסער, ווי בא אונדז?

— אף קאווקאז איז גוטער וויין. און הינטער מאסקווע זיינען ניטא קיין וויינגערטנער — א צו הארבער קלימאט...

אין דעזירעס אויגן האט זיך אפגעשפיגלט א גייסטיקע צעמישונג: ער האט זיך ניט געקענט פארשטעלן א גוטן לעבן אן גוטן וויין. אבער אין א ווײַלע ארום האט ער א קלאפ געטאן ווארצנאוון איבער דער פלייצע:

— ס׳מאכט ניט אויס, בער, עס וועט זיך ענדיקן די ראזיקע פארשאל־טענע מילכאמע, נאך איינע אדער צוויי „פיאטילעטקעס״, און דו וועסט זען, הינטער מאסקווע וועלן זיין וויינגערטנער, איר וועט האבן בעסערן וויין, ווי דא...

ווארצנאוו האט פארשטאנען, ווי אזוי די ראזיקע מענטשן גלויבן אין זיין לאנד. ער האט זיך געפילט שטאלץ און צערודערט: פאר זיי בין איך — א פארשטייער פון ראטנפארבאנד, און איך בין א פאשעטער, מיטעלער מענטש, איך קען אמאל האנדלען שלעכט, טויג זיין זיך...

ער האט ניט געהאנדלט שלעכט — ניט בא דער אפעראציע מיטן אופ־רייסן די בריק, ניט באם איבערפאלן א דייטשישן עשעלאן. ער און דערע האבן אלץ זארגפעלטיק צוגעגרייט. דרייסיק פארטיזאנען, באוואפנטע מיט דייטשישע אויטאמאטן, האבן זיך פארשטעקט אין א קאנאווע ניט ווייט פון באן־אופשיט. די מינע האט פארלייגט ווארצנאוו. ער האט איבערגע־לאזט פופצן פארטיזאנען בעראש מיט דערען אף א בערגל אינמיטן וואלד, זיי האבן באדארפט דעקן דעם ריקצוג אין פאל פון א דורכפאל. ווען עס איז פארגעקומען דער אופרייס, זיינען די דייטשן געשלאפן; א סאך פון זיי זיינען ניט בא׳לד געקומען צו זיך. ווארצנאוו איז צוגעלאפן צום אופשיט, פון וועלכן עס זיינען ארויסגעלאפן די דייטשן, און ער האט דערלאנגט פון אויטאמאט. דאס איז געווען די ערשטע גרויסע אפעראציע פון אטריאד. זיי האבן צוזאמענגעקליבן א הונדערט אויטאמאטן, א סאך קוילן, גענומען געפאנגען א דייטשישן לייטענאנט, וואס האט זיך אזוי איבערגעשראקן, אז ער האט גענומען ריידן, פלאנטערנדיק מיט דער צונג: „הערן טעראריסטן, מען דארף מיך ניט הארגענען — איך בין דער פרידלעכסטער מענטש אין דער וועלט״... די פארטיזאנען האבן פארלוירן צוויי — ראבערטן און דעם אלטן דעזירע. ראבערט איז באלד געשטארבן, און דעם אלטן דעזירע האט מען דערטראגן ביז צום וואלד; זשאנעט האט אים באנדאזשירט; ער האט זיך זייער געפלאגט. ווען ווארצנאוו איז צו אים צוגעקומען, האט ער זיך אנגעשטרענגט צו שמייכלען, ער האט געזאגט:

— ס׳איז מיר שלעכט...

— עס וועט דיר בעסער ווערן. איך האב עס איבערגעטראגן...

— ניין, בער, איך גיי... עס מאכט ניט, איך האב שוין מיינס אפגע־

לעבט... איין זאַך וועל איך דיר בעטן — ווען עס וועט זיך ענדיקן די מיל־כאָמע, וועסטו דאַרפֿן, זען סטאַלינען, זאָג אים, אַז דער עלטער ברו־דער האָט פֿאַרלאָזט זיין ווייגאַרטן, געקעמפֿט, נאָכדעם געשטאָרבן און געשיקט סטאַלינען אַ גרוס, אַזוי זאָלסטו זאָגן — אַ גרוס פֿון אַלטן דזוירע...

אין דער נאַכט, ווען עס איז געשטאָרבן דער עלטער דזוירע, זיינען פֿון די שכיינעסדיקע דערפֿער געקומען אַכצן פּויערים, זיי האָבן געזאָגט: „מיר קענען מער ניט וואַרטן"... עס האָט געגאָסן אַ לאַנגער האַרבסט־רעגן. דער וואַלד האָט געשמעקט מיט טויט. וואַראַנאַוו איז געזעסן באַם ראַדיאָ, באַמיט זיך פֿאַנגען מאָסקווע, און מיקי האָט שטיל געזונגען:

„די פֿרייהייט שענקט ניט קיינער,
די פֿרייהייט דאַרף מען נעמען,
פֿייף־זשע שנעלער, כאַווער,
אין קאַמף צו גיין ווי איינער.
מיר וועלן שטאַרבן מיטן האַן־קריי
נאָך לאַנג פֿאַרן קאַיאַר,
מיר זיינען פּאַרטיזאַנען
און די ערשטע אין דער ריי.
דער צאַר וועט ניט פֿאַרשטיינערן
די ליבע וועט ניט רופֿן אונדז,
פֿייף־זשע שנעלער, כאַווער,
אין קאַמף צו גיין ווי איינער..."

## XIII

בעיים דער דיקער, וואָס איז געזעסן אין ווינקל פֿון קופּע, האָט אויס־געטאָן דעם מאַנטל און אָפּגעווישט דעם שטערן, האָט זיך מאָדנע דער־שראָקן: ניט שוין־זשע איז דאָ הייס? זי האָט בעשום אופֿן ניט געקענט זיך דערוואַרעמען, זי האָט געפֿיבערט — זי האָט זיך פֿאַרקילט באַנאַכט, ווען זי איז געגאַנגען פֿון סען רעמי אונטער אַ גאַס רעגן. עס וועט זיין שרעקלעך, אויב איך וועל צוזאַמענברעכן!... איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס וויכטיקסטע איז איצט אָנצוקומען צום אַטריאַד און דערציילן, אַז די פּראַגע וועגן קוילנוואַרפֿער איז אַריף אָפּן סיידער האַיאָס פֿון באַאַ.

זי האָט זיך געדרייט — פֿון שטעט אין די בערג, פֿון בערג אין די שטעט. זי פֿלעגט דערציילן דעם באַלעבאָס פֿון אַ קליינעם האָטעל, אַז זי איז געקומען מעוואָקער כוילע זיין אַ מומען, פֿאַנאַנדערפֿרעגן זיך באַ די פּויער־עס, ווו מען קען קריגן אַ זעקל קאַרטאָפֿל, שמועסן מיטן נאָטאַר וועגן אַ מיקלוימערשטער ירושע. נאָכדעם פֿלעגט זי קריכן איבער אַ שמאָלן וועג — אין אַ זאַווערוכע, אין היצן, אונטער רעגנס, צוקומען צו אַן איינ־זאַמער פֿאַרם אָדער צו אַ פֿאַסטעך־הייזקע און, אויסטריקענענדיק אירע קליידער אָדער אויסטרינקענדיק אַ גלאָז וואַסער, פֿלעגט זי גיין ווייטער. די דאָזיקע שמועסן מיט אומבאַקאַנטע — מיט כאַוויירים, מיט סאָנים, מיט גלייכגילטיקע, דער פֿיבערדיקער הו־האַ אויף די וואָקזאַלן, באַרגיקע סטעזש־

קעס, אדרעסן, פלענער, אנגעצייכנטע אף פיצלעך פאפיראסן־פאפיר, געמאכטע פרייליעכקייט אדער גרינגלעך אויסגעשטודירטע זאכלעכקייט, דאס פילן אַ קעסיידערדיקע געפאר, — דאס אַלץ האט זיך איר אויסגעוויזן נאַטירלעך, ווי עס וואלט ניט געווען און עס קען ניט זיין עפעס אנדערש. זי פלעגט זעלטן דערמאנען דאס פארגאנגענע, ניט פארטראכט זיך איבער דער צוקונפט, פלעגט זיך כידעשן, ווען עמיצער פון די כאווֿיירים פלעגט זאגן: „אט נאכן זיג"... אירע טעג זיינען געווען פארפולט מיט קליינע זארגן — ווי אזוי אפנארן א פאליציימאן און אויסמיידן א וואך. און ווען זי פלעגט בלייבן אליין — געווארט אפן וועג אף א פארבינדלער אדער געשטאנען אין קארידאר פון וואגאן בא א מוטנעם פענצטער, האט זי געטראכט פון די מענטשן, מיט וועלכע די ארבעט האט זי צוזאמענגעפירט. זיי האבן געלעבט מיטן זעלבן, וואס זי — אריבערגעפירט געווער, אופגעריסן צוגן, אויסבאהאלטן זיך אין אונטערערד, געבלאנקעט איבער שיטערע, שוין צופיל דורכזיכטיקע וועלדער, געדרוקט בליצלעך, אונטערגעצונדן סקלאדן, געקראכן מיט א רעוואלווער אדער מיט א האנט־גראנאט. קימאט יעדן טאג פלעגט זי זיך דערוויסן וועגן טויט פון א מענטשן, מיט וועלכן זי האט זיך געטראפן מיט א וואך אדער מיט א האלב יאר פאר דעם; איניקע פלעגן אומקומען אין צוזאמענשטויסן, די אנדערע — אוועקגענומען ווערן פון געשטאפא, אדער זשאנדארן. מאדא האט געוווּסט, וואס זיי האבן געטאן, זי האט אבער ניט געוווּסט, ווי אזוי זיי האבן געלעבט פריער, וועגן וואס זיי האבן געטרוימט, וועמען זיי האבן געליבט. זי פלעגט זיך דערמאנען פענעמער, ווערטער און יענע קלייניקייטן, וואס קענען זיך נאר איינהאלטן אין זיקארן פון א פרוי — א טיכעלע, א בילד אף דער וואנט. לויט די קלייניקייטן פלעגט זי זיך באמיען פארצושטעלן דאס לעבן פון געבונדנקייט, צארטקייט צו אנדערע; זי פלעגט קיינמאל ניט בלייבן איינזאם — מען איז געפארן מיט איר, מיט איר פלעגן גיין מענטשן, וואס האבן, ווי צופעליק, אף א רגע איבערגעהאקט איר לעבן, און וואס זיינען פארבליבן טיף אין הארצן.

איצט האט זי געטראכט וועגן מאריסן, זי האט אים סאכאקל געזען צוויי מאל. מען זאגט וועגן אים, אז ער איז א „געוואגטער". און מאדאן האט זיך אויסגעוויזן, אז ער איז גאר א טרוימער. זיי האבן גערעדט וועגן דער אפעראציע; ער האט א קוק געטאן אף די פענצטער, וואס זיינען געווען באלויכטן פונעם זון־אונטערגאנג, און פלוצלינג געזאגט: „ווי א סרייפע"... מאדא האט באמערקט, אז עס פעלט אים א קנעפל אפן קראגן. ער האט אופגעכאפט איר בליק אף זיך און גענומען פארענטפערן זיך: „ניט געווען קיין נאדל"... ליוסי האט דערציילט, אז פאר דער מילכאמע האט מאריס שטודירט די געשיכטע פון קונסט. ער איז בא א פופציקער. ווי אזוי האלט ער עס אויס?...

מאדא האט א קוק געטאן אפן מענטשן, וואס איז געזעסן אין ווינקל — קעגנאיבער דעם דיקן. ער איז געשלאפן, אביסל געעפנט דאס מויל. ענלעך צו ליוקן... ווו איז איצט ליוק? זשאזעט האט געזאגט, אז זי האט ניט געהאט קיין יעדיעס פון אנהויב סעפטעמבער; זשאזעט האלט זיך קוים — ס'איז זי ניט צו דערקענען, נאך פאלס טויט... דער איקער, ניט בלייבן שטיין

אַפילע אַף אַ רעגן... בעיס איך בין געגאַנגען באַנאַכט, איז געווען גוט, קוים אָבער זעצט מען זיך רוּיק אַוועק — קריכט עס אין קאָפּ אַריין... שרעקלעך ווי עס טוט וויי דער קאָפּ.

אין קאָרידאָר האָט עמיצער גענומען זינגען „מען דאַרף ניט זינגען, ס'איז קלאָר אַז לידער"... אַ נאַכט לעבן סאַקר־קער. סערגיי האָט דערציילט וועגן דער מאַמען זיינער. איך האָב דאַן פאַרשטאַנען, אַז ער וועט אַוועקפאָרן און מיך ניט מיטנעמען... פאַרוואָס איז אַזוי קאַלט? דאַכט זיך, אַז איך ווער קראַנק. די באַן קומט קיין לימאַנזש אַ פערטל צוועלף. נאָך דריי שאָ. דאָרט דאַרף מען צוקומען צו ליוסיס וווינונג. דעם אַדרעס געדענק איך. און טאָמער איז ליוסי ניטאָ? נאַרישקייטן, מען האָט אָפּגערעדט, אַז איך וועל באַ איר איבערנעכטיקן, און מאָריסן וועל איך זען מאָרגן אין פּאַרק זשורדאַי. פאַרוואָס באַשטימען זיי זעונגען אין פּאַרק? דאָס איז ניט גוט, באַזונדערס אינדערפרי, אין אָוונט קען מען נאָך אָנגיין פאַר פאַרליבטע... אָבער ווי קאַלט עס איז!...

מאַדאַ האָט אופגעשטעלט דעם קראַגן פון מאַנטל. זי האָט באַמערקט, אַז דער שאָכן אָבסערווירט זי די גאַנצע צייט. דאָס איז געווען אַ הויכער מאַן פון אַ יאָר פערציק, מיט קליינע וואַנצעלעך און פאַרכאַלעמטע אויגן. אַ באַקאַנטער פּאָנעם... וו האָב איך אים געקענט זען? ניין, ער איז פּאַשעט ענלעך צו אַ קינאָ־אַקטיאָר, אַזעלכע זיינען זיי אַלע, ווען דער סאָף פון פילם איז אַן אומגליקלעכער... אָבער פאַרוואָס קוקט ער אַף מיר? עפּשער איז קענטיק, אַז מיך טרייסלט? ער וועט אָנעמען, אַז איך דענערוויר זיך... זי האָט שנעל צוגעטראַכט: איך פאָר צו אַ שוועסטערקינד, זי וווינט אַף דער ראַסין־גאַס, זי האָט אַ וואַרשטאַט פון היט. עפּשער איז עס אַ שמעקער? ניט ענלעך. אָבער שמעקערס זיינען דאָך פאַראַן פאַרשיידענע... אַריבערזעצן זיך טאָר מען ניט. אויב ער איז אַן אויסוואָרף, קען ער נאָך רופן פּאָליציי — ער וועט אַ טראַכט טאָן, אַז איך האָב עמיצן דערהאַרגעט... זאָגן, אַז איך האָב אַ גריפּע? און עפּשער בין איך אים פּאַשעט געפעלן? מיר לעבן אין אונטערערד און מיר מיינען, אַז אַלע זיינען דערמיט באַשעפטיקט... און זיי איז גאָר אַלץ איינס, זיי פאַרדינען, קושן זיך, זיינען קראַנק אַף גריפּע — האָבן זיי אַ וואַרעמע בעט, טיי מיט ראָם, שטילקייט... דער קאָפּ ווערט צעריסן... איך וועל פּרוּוון איינשלאָפן!...

מאַדאַ האָט איינגעדרעמלט. מען האָט זי פאַרהאַלטן. מען פרעגט זי אויס, און זי פּלאָנטערט זיך... אופגעכאַפּט האָט זי זיך דערמיט, וואָס זי האָט ניט געקענט דערקענען איר שוועסטערקינד און דער דייטש האָט געלאַכט: „ווי נאַריש איר האָט עס אַלץ צוגעטראַכט"... ס'איז איר געוואָרן זייער היים; אַף די שליפן און באַ די ווינקלען פון מויל זיינען אַרויס גרויסע טראָפּנס שווייס.

— איר פילט זיך שלעכט? — דער שאָכן האָט געהאַט אַ צאַרטע שטים.

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך האָב מיט זיך אַספּירין. שוין ברענג איך אַ גלאָז וואַסער.

ווען זי האָט גענומען די רעפּוע, האָט ער געפרעגט:

— איר פאָרט קיין פּאַריז?

— ניין, קיין לימאזש.

— איך אויך. מיר וועלן קומען שפעט, דער צוג פארשפעטיקט אף א שא. מען וועט אייך אפווארטן?

— ניין. איך האב געוואלט מאכן א סיורפריז מיין שוועסטערקינד.

— אויב איר וועט דערלויבן, וועל איך אייך העלפן צוקומען צום הויז פון אייער קוזינע...

— א דאנק, אבער איך וועל שוין אליין. איך האב נאר א קליינע רייזע־טאש. איך פאר אף א וואך...

זי האט געענטפערט פריינטלעך, אבער צוריקגעהאלטן. און איר האט זיך אויסגעוויזן, אז זי האט זיך פארלארן, אז זי גיט זיך ארויס. נאכן אס־פירין האט זיך געוואלט שלאפן. איינשלאפנדיק, האט זי דערפילט, אז דער שאכן נעמט ניט אראפ פון איר קיין אויג. איך געפעל אים, געוויס, זייער — דאס האט זי זיך געפרוווט בארויקן, ווייל זי איז מער ניט געווען בעקויעך צו טראכטן. זי איז איינגעשלאפן אזוי שטארק, אז דער שאכן האט זי קוים אופגעוועקט.

— אין צען מינוט ארום איז לימאזש.

זי האט שנעל ארויסגענומען פון בייטל א שפיגעלע, צוגעקעמט זיך, אנגעפודערט זיך. אין ערשטן מאמענט האט זיך איר אויסגעוויזן, אז זי איז געזונט געווארן, אבער ווען זי איז אופגעשטאנען, האבן זיך די פיס אונטערגעהאקט. ארויסגייענדיק פון וואגאן, האט זי ווידער גענומען ציטערן. ס'האט געגאסן א קאלטער רעגן. מען דארף דערגיין ביז ליוסין... זי האט זיך געלאזט לויפן איבער דער לאנגער טעאדאר־באק־גאס. ווען זי איז צוגעקומען צום פלאץ סאדי־קארנא, האט זי זיך אומגעקוקט און דערזען דעם מענטשן, מיט וועלכן זי איז געפארן. איצט איז קלאר, אז ער איז א שמעקער... און אנשטאט דעם, זי זאל זיך פארנעמען אף דער גאס גראנזש־גארא, האט זי זיך געלאזט אף לינקס. זי האט מוירע געהאט אומקוקן זיך. איר האט זיך אויסגעדוכט, אז עמיצער יאגט זי אן. זי האט פיבערדיק געטראכט: וואס טוט מען? זי איז געבליבן שטיין. קיינער איז ניטא... ער האט זיך גיכער געקענט באהאלטן... א רעגן, מען זעט גארניט... זי איז דורכגעגאנגען נאך עטלעכע גאסן. הינטער איר איז געגאנגען אן אלטער אין א קעפקע. ער האט מיך, אווארע, איבערגעגעבן צו אן אנדערן... אף דער גאס ביז אינדערפרי וועל איך ניט אויסהאלטן... דאס בעסטע איז אוועקגיין אין א האטעל. אויב מען האט אויסגעשמעקט, וועט מען נעמען נאר מיך... דער קאפ איז פוסט, איך באגרייף גארניט — ווער איך בין, פונוואנען איך קום...

די טיר האט געעפנט א פארשלאפענער וועכטער. אין דער צייט, וואס זי האט אויסגעפילט דאס בלעטל פאר צוגערייזטע, האט ער געקראצט די באק און עפעס געמורמלט. דאכט זיך, ער איז כוישעד... שוין מער פון א יאר ווי איך פארנעם זיך דערמיט, אבער אזעלכעס איז נאך קיינמאל ניט געווען... אלץ דערפון, וואס איך האב היץ...

דער וועכטער האט איר געעפנט א קליינעם שמוציקן צימער. א הויכע בעט מיט א פערענע, אף די טאפעטן צעקוועטשטע וואנצן, שטיקלעך פאר־

טריקנטע זייפן־שוים. מאַדאַ האָט זיך שנעל אויסגעטאָן און געלייגט. דער לײַלעך האָט זיך איר אויסגעוויזן ווי פון אײַז. זי האָט זיך ניט געקענט דערוואַרעמען אונטער דער פּערענע. אין שכיינעסדיקן צימער האָט געגעבעטיקט אַ פּאָרל, די פּרויען־שטימע האָט אַן אופהער באַגייסטערט איבערגעבאַזערט: „אויסוווּרף", די מענער־שטימע האָט אומצופרידן געכריפּעט „נו, טייבעלע". מען לאָזט ניט אײַנשלאָפן. ס׳וואָלט גוט געווען אויסצושלאָפן זיך כאָטש אַ שאָ — ביז זיי וועלן קומען... זי איז אופגעשפּרונגען, אַרויסגעלייגט אַלץ פון איר בײַטל — די דאָקומענטן, ליפּן־פּאָמאַדע, געלט, די פּודערפּושקע; זי האָט געוווּסט, אַז עפּעס אַנדערש איז דאַרט ניטאָ, און דאָך האָט זי נאָכקאָנטראָלירט. אונטן האָט מען געקלונגען, עמיצער גייט אָף די טרעפּ. אוואַדע, נאָך מיר... ניין, עס האָט אַ סקריפּע געטאָן אַ טיר... איצט איז צוויי, און זיי האָבן ליב צו קומען פיר אַזייגער... דאָ איז, געוויס, זייער הייס, איך בין אינגאַנצן נאַס. דער קאָפּ... ווי מען וואָלט מיט אַ האַמער איבערן קאָרק... זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פּערענע. און מיטאַמאָל האָט זי דערפילט אַ פאַרלייכטערונג. זי איז געלעגן אָף דער פּלייצע, מוידע געהאַט אַ ריר צו טאָן זיך. מען האָט אוועקגעלייגט אַ פענכער מיט אײַז אָפן קאָפּ. דאָס איז די מאַמע...

איצט פאַרשטייסטו, סערגיי?.. איך בין פּאָשעט אַ נאַרישע מיידעלע, אָבער ניט קיין פּאַסקודסטווע. וואָרט, פאַרוואָס לאָזטו מיר ניט זאָגן?... מעגלעך, אַז טאַקע דערפאַר האָב איך דיך ליב — לאָזסט קיינמאָל ניט זאָגן, טראַכסט נאָר פון דײַנע זאַכן און דו זעסט גאָרניט... אָט האָט ער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, פאַרזשמורעט זיך. ליבער!... צום טײַוול געשיקט? שוין לאַנג געשיקט... און דאָך האָבן מיר זיך געטראָפן...

ווען מאַדאַ האָט זיך אופגעכאַפּט, איז געווען אַכט אינדערפרי. זי האָט זיך געפילט בעסער, דער קאָפּ־ווייטיק איז געוואָרן אַ טעמפּער, אַ בײַשטענדיקער, אָבער די געדאַנקען האָבן זיך מער ניט געפּלאָנטערט. אַ שוואַכקייט... איך האָב, אוואַדע, באַנאַכט געהאַט גרויסע היץ. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז יענער מענטש איז אַ שמעקער, און ער איז גאָר פּאָשעט געגאַנגען אַהיים — פון וואָקזאַל צום צענטער איז דאָך נאָר איין גאַס... ער איז געגאַנגען שנעל, ניט געוואָלט זיך דורכנעצן...

מאַדאַ האָט זיך אַנגעטאָן, ניט אײַלנדיק — מאַריס וועט קומען צען אַזייגער. אַ שאָ האָט זי געבלאָנקעט איבער די פּוסטע גאַסן — קאָנטראָלירט, צי עמיצער גייט איר ניט נאָך... ניין, דאָס האָט זיך איר אַלץ אויסגעוויזן... שלעכט וואָס איך האַלט זיך קוים אָף די פיס, און מאַריס וועט געוויס זאָגן, אַז איך זאָל זיך מאָרגן צוריקקערן אין אַטריאַד...

מאַדאַ איז געבליבן שטיין לעבן אַ בלומען־געשעפט. די טיר איז געווען אָפן. אַ דיקע באַוואַנצלטע הענדלערקע האָט געגעסן זופּ און געוואַרעמט די פינגער אין אַ ליימענער שיסל. אין אַ טונקעלן מעטאַלענעם טרוג זײַנען געשטאַנען אָפּגעוועלקטע אַסטערס, טונקל־וויאָלעטע און פאַרזשאַווערטע, אָפן גריפל־טאָפל, ווו מען שרײַבט אוף דעם נאָמען פון הייליקן, קעדיי צו וויסן וועמענס נאָמענטאָג עס איז היינט, וועמען מען דאַרף שיקן אַ בוקעט, איז געווען אָנגעשריבן „אַלע הייליקע". היינט איז דער טאָג, ווען מען דער־

מאַנט די טויטע, דאָס זיינען בלומען פאַרן צווינטער... עס איז צוגעקומען אַ מאַן אין אַ שוואַרצן מאַנטל, אַנגעטאָפּט מיט דער האַנט די אַסטרעס.

— זיי זיינען ניט פריש...

— איצט, מיין הער, נעמט מען ניט דאָס, וואָס מען וויל, נאָר דאָס, וואָס עס איז דאָ...

עמיצער האָט געזאָגט:

— פאַר די מייסים איז עס ניט קיין גרויסער אונטערשייד...

מאַדאָ האָט זיך אומגעקוקט, קיינער איז ניט געווען.

צען אַזייגער איז זי דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן פּאַרק. נאַסע בענק, אָפּגעלן זאַמד, קליינע קאָלוזשעס. אַ דאַמע מיט אַ ווייסן שפּיץ. אַ זקיינע, אַ יינגל. מאָריס איז ניטאָ. אַ פערטל אָף עלף. ליוסי האָט געזאָגט, אַז ער איז זייער פּינקטלעך. פינף און צוואַנציק מינוט... איך וועל וואַרטן ביז האַלב עלף, אויב ער וועט ניט קומען, וועל איך זעקס זיין בא ליוסין, זעקס קומט זי צוריק.

מאַדאָ האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג און זי האָט פּלוצלינג דערזען דעם כאַווער, וואָס איז געווען מיט ליוסין, ווען זיי האָבן פאַרטיילט די ציי־טונגען. מען רופט אים זשאַקאָ. ליוסי האָט געזאָגט, אַז ער איז ניט לאַנג אין דער גרופּע — פון סאָף אויגוסט. מאַדאָן איז ער עפּעס דאָן ניט געווען געפעלן, אָבער שפּעטער האָט זי זיך פאַרגעוואָרפן; ווי דער טאַטע — איך מישפּעט מענטשן לויטן אויסערלעכן איינדרוק... מאַדאָ איז דורכגעגאַנגען פאַרביי זשאַקאָן. עס האָט באַדאַרפט קומען מאָריס, מעגלעך, אַז זשאַקאָ איז דאָ צופעליק. און באַגריסן זיך אָף דער גאַס טאָר מען ניט. זשאַקאָ איז אַליין צו איר צוגעקומען:

— גוט מאָרגן, פראַנס.

— גוט מאָרגן, זשאַקאָ. האָסט עפּעס אַן איניען?...

— איך בין געקומען אַנשטאָט מאָריסן.

— און וווּ איז מאָריס?

זשאַקאָ האָט ניט געענטפערט, ער איז אָפּ אַן אַ זייט. מאַדאָ האָט ניט באַוויזן קומען צו זיך, ווי פּאָליציי האָט זי געכאַפּט און געפירט צו דער טפּיסע־קאַרעטע. פאַרנט איז געגאַנגען זשאַקאָ...

מען האָט זי אַריינגעפירט אין אַ ליכטיקן קאַבינעט. אָפן שרייבטיש זיינען געשטאַנען פאַרצעלייענע פּאַסטעכלעך און אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ יונ־גער פרוי אין אַן אַלטערטימלעכער בראַנדזענער ראַם. מאַיאָר קראַוסגרעל איז געווען ליבלעך, און אַ פּאָנעם האָט ער געהאַט אַ פריינטלעכן. ער האָט פאַר־געלייגט מאַדאָן זעצן זיך אין פאָטעל, געפרעגט, צי זי רויכערט ניט; גע־דולדיק, מיט אַ קוים באַמערקבאַרן שמייכל האָט ער אויסגעהערט איר לאַנגע דערציילונג — פון וואַנען און נאָך וואָס זי איז געקומען; האָט געזאָגט: „גוט, מיר וועלן אַליין קאָנטראָלירן, אין אָוונט וועט איר שפּאַצירן איבער דער שטאָט“... מאַדאָן איז געווען אומפאַרשטענדלעך — זי האָט זיך אָנגערופן אַנטואַנעט לאַריו, און דער מאַיאָר האָט זי קעסיידער גערופן „מאַדאָם פראַנס“. ניט שווין־זשע האָט זשאַקאָ פאַראַטן?...

— דאך פארשטיי איך ניט, פארוואס האט איר מיך פארהאלטן, הער מאיאר?

— איך אליין פארשטיי עס אויך ניט. אבער איך בין גרייט צו בענטשן די טיפשעס פון מיינע אנגעשטעלטע, א דאנק איר, האב איך דאס גליק צו שמועסן מיט א פראכטפולער פרוי...

פלוצלינג האט זיך פון שכיינעסדיקן צימער דערטראגן א געשריי, אזא מוירעדיקער, אז מאדא איז אופגעשפרונגען. דער מאיאר האט זיך צעשמייכלט:

— שטענדיק אזוי... שטערן רויק צו ארבעטן...

ער האט לאנגזאם צעעפנט די ברייטע טיר. אף א מירמל־טיש איז געלעגן מאריס. א דייטשישער זעלנער האט אים געשלאגן איבערן בויך מיט א רוט. מאריס האט געשריען:

— א־א... זשאקא־אויסוואורף!... דו ביסט אויך אן אויסוואורף!... א!...

דער מאיאר האט געזאגט:

— אלפרעד, בלייבט נאר א ווײַלע שטיין... איר שטערט מיר צו שמועסן מיט א דאמע.

מאדא האט ניט געקענט אוועקנעמען די אויגן פון מאריסן. זיין פאנעם איז אין בלוט. ער ליגט, ווי א טויטער... דער מאיאר האט פארמאכט די טיר.

— אנטשולדיקט, דאס איז ניט פאר די נערוון פון א יונגער פרוי. און ביכלאל איז דא בא אונדז אן אומאנגענעמע אטמאספער...

מאדא האט איצט געוווסט: א סאף! זשאקא האט אלעמען פאראטן. דאך האט זי זיך אנגענומען מיט מוט און געזאגט:

— פארוואס האלט איר מיך? איך פארליר צייט...

— יא, שטענדיק איז עס פארדריסלעך. מיט וואס באשעפטיקט איר זיך, מאדאם פראנס? דאס הייסט, איך מיין, אייערע פרידלעכע באשעפטיקונגען?

— איך מאך צייכענונגען פאר דער לימאזשער פאיאנס־פאבריק...

— וווּנדערבאר. אוואדע בלומען? איך האב געקויפט דער ווייב א סערוויז מיט אלפן־פיאלקעס. עפשער איז עס לויט אייער צייכענונג?... — זשאקאן האבן מיר קיין שום שלעכטס ניט געטאן, אין צוויי־דריי טעג ארום וועט ער זיין אף דער פריי, עס זיינען נאר פארבליבן נארישע פארמאליטעטן...

— איר וועט מיך אפלאזן?

— איך ווייס ניט. איך קען אייך אפלאזן... און איך קען... ווי אזוי זאל איך עס אייך זאגן?... דאס אלץ איז זייער אומאנגענעם, ביפראט נאך, וואס איך זייט א וווּנדערבארע באשעפעניש, עס ווילט זיך ניט פייניקן אייך, נאר צערטלען... אט איז דער פראגראם, וואס איך לייג אייך פאר. קודעם זאל וועט איר זיך מיסוואדע זיין פאר מיר — די רעשימע פון די טעראריסטן, די אדרעסן, וואס איר האט געטאן און אנדערע קלייניקייטן. נאכדעם ליינן מיר זיך, איך דעק אייך צו מיט א קאלדרע פון שפיצן און הויב אייך אן באפרייען פון אלע אייערע זינד. נאכדעם פרייהייט און אלפן־פיאלקעס...

ס'איז בעעמעס א סאך אנגענעמער ווי דער שכיינעסדיקער צימער, האגאס אלפרעד רופט אים אן „קאנדיטערסקע".

ער איז צוגעקומען צו מאדאן, צארט א גלעט געטאן איבער דער באק און באלד צוריקגעכאפט די האנט:

— שערעין!... אלפרעד, ווייזט איר וואס איר קענט.

## XIV

דערזעענדיק א דייטשישן לייטענאנט האט זיך כאסע געכאפט פארן אויטאמאט. אלע האבן זיך צעלאכט.

— זעסט ניט, אז דאס איז מיקי?

נאך עפעקטפולער האט אויסגעזען דער טשעד — א גראער גאבארדין־מאנטל, א פילצענער הוט, א ריזיקע טעקע פון כאזער־פעל. פיר פארטיזאנען האבן אנגעטאן אוניפארמען פון דייטשישע זעלנער. דער טשעד רעדט גלענצנד דייטש; עס וועלן מיט אים גיין מיקי און די איבערגעטאענע פארטיזאנען. דערע מיט די קוילנווארפער וועט בלייבן באם טויער: אויב די וואך וועט באווייזן ארויסצורופן די דייטשן פון שטאט, וועלן זיי עפענען א פייער. ווארענאווו, שארלא און כאסע וועלן מאכן א פרווו אראפצונעמען דעם וועכטער פון טורעמל.

ווען אלע זיינען שוין געווען פארזאמלט, האט דערע געזאגט:

— ביז דער טפיסע איז הונדערט צוואנציק קילאמעטער. ביז דריי אזייגער באנאכט מוזן מיר אלץ פארענדיקן. ווען מיר זאלן פארשפעטיקן, וועט מען זיי מארגן דערשיסן.

דאס איז געווען א מוירעדיקע רייזע — אין א פינצטערער רעגנדיקער נאכט איבער געשלענגלטע וועגן. די שאפערן האבן זיך געיילט — מען וועט יענע מארגן צעשיסן!... אויסמיידנדיק די וואכן, איז מען געפארן מיט די דארפס־וועגן. אלע האבן דורשטיק ארייננעקוקט זיך אין דער פינצטערניש, וואס איז געווען דורכגעשניטן מיט דינע פאסיקלעך רעגן.

דער טשעד האט אנגעקלאפט אין טויער:

— עפנט!

— ווער איז?

— געשטאפא. מיר זיינען געקומען נאך די פארמישפעטע.

די וואך איז געווען א פראנצויזישע. צוויי געשטאפא האבן אופגעפאסט אף דער ארדענונג, איצט זיינען זיי רואיק געשלאפן אין נאטשאלניקס קאבינעט. דער וועכטער האט נאך אלץ ניט געעפנט: א באפעל קיינעם ניט אריינצולאזן. דער טשעד האט געשריען:

— אידיאטן, איך וועל אייך אלעמען ארויסשיקן קיין דייטשלאנד!...

דער וועכטער האט נאכאמאל א קוק געטאן אין פענצטערל: געשטאפא... דער מיט דער טעקע איז שוין דא אמאל געווען, דער טייוול ווייס זיי: איינער ניט א באפעל, דער צווייטער ציט צוריק דעם באפעל, און אלע צארעס האבן מיר! אזא איינער קען בייז ווערן און איינס־צוויי ארויסשיקן אף ארבעט...

דער טשעד האָט געהאַקט אין טויער, געזידלט זיך. און, אַפּזיפּצנדיק, האָט דער וועכטער געעפנט אַ זייטיק טירל.

אופגעוועקט פונעם טומל, זיינען אַפן הויף ארויסגעלאָפן די צוויי געשטאַפּאָ. איינער פון זיי האָט אויסגעשריגן:

— פייער!

עס האָט גענומען שטעפּן אַ קוילנוואַרפער. בײדע דייטשן זיינען געפאַלן קימאַט גלייכצייטיק; וואַראַנאָוו האָט באוויזן צו באַטויבן דעם וועכטער אַפן טורעמל. איצט איז דער הויף געווען אונטערן פייער פון זיין קוילנוואַרפער. דער טפּיסע־וועכטער וואָס האָט זיך געפּרוּווט קעגנשטעלן, האָט געהאַט דעם זעלבן סאָף, וואָס די געשטאַפּאָ.

— עפן די צעלן, — האָט באַפוילן מיקי.

די צום טויט־פאַרמישפּעטע האָבן אָנגענומען, אַז דאָס זיינען דייטשן. מען פירט זיי דערשיסן... קיינער האָט ניט געגלויבט מיקין, וואָס האָט געשריען: „מיר זיינען דאָך פון די מאַקי!...“

זיי האָבן גענומען זינגען די „מאַרסעליעזע“. דאַן האָט זיי מיקי אָנגערופן: „אַ קאָלעקציע אידיאָטן“, „דאָרע קישקע“, „געגנדז“ און מיט נאָך אַ טאָך בילדערישע עפּיטעטן; וואָס שאַרפער ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַלץ פרייליכער זיינען געוואָרן די פאַרמישפּעטע: אַזוי קען זיך נאָר זידלען אַן אייגענער... פּלוצלינג האָט זיך איינער פון די צום טויט־פאַרמישפּעטע אַ וואַרף געטאָן צו מיקין:

— רענע!...

מיקי האָט אים אַרומגענומען. נאָכדעם געזאָגט:

— ערשטנס בין איך ניט רענע, נאָר מיקי; צווייטנס, ווערן די רעדעס און בלומען־בוקעטן אָפּגעלייגט אַפן אַוונט. איצט רירט זיך לעבעדיקער! אונטן שטייען לאַסט־אויטאָס, אָבער די פּלעצער זיינען, אַגעוו, ניט נומערירט.

איינע פון די איינצל־צעלן האָט מען ניט געקענט עפענען. דער וועכטער האָט זיך געשוואוירן:

— דער שליסל איז צעבראָכן.

— דער שליסל, — דאָס איז אַ קלייניקייט, — האָט געזאָגט מיקי. — אָט וועל איך דיר דעם קאָפּ צעברעכן, דאָס וועט שוין זיין ערגער...

דער וועכטער האָט אָפּגעקרעכצט און געעפנט די טיר. אַפן פּאָל איז געלעגן מאַרים. ער האָט זיך ניט געקענט באַוועגן; מען האָט אים ארויסגעטראָגן אַף די הענט.

אין דיזשור־צימער האָט מאַדאַ דערזען זשאַקאָן.

— וואָס האָסטו דאָ געטאָן?

ער האָט געענטפערט, ניט קוקנדיק אַף איר:

— מען האָט מיך באַדאַרפט ארויסלאָזן אינדערפרי. די דייטשן האָבן געזאָגט, אַז איך זאָל דאָ וואַרטן.

מאַדאַ האָט אופגעזוכט דערען; זי פלעגט זיך טרעפן מיט אים, בעיס ער איז געווען אין אַטריאַד „גאַבריעל פּערי“.

— דערע, דאָ איז פאַראַן אַ פאַרעטער, ער האָט ארויסגעגעבן מאַריסן. דערע האָט געענטפערט:

— מיר וועלן אויך נעמען דעם פארעטער.

זיי האבן באפרייט זיבן און צוואנציק ארעסטירטע; קימאט אלעמען האט מען געזאלט דערשיסן מארגן אינדערפרי. שארלא האט געפונען זיין ברודער. מיקי האט זיך ניט געקענט בארויקן: „דו גיב נאר א טראכט — איך גיב א קוק — פיער, און מיר בײדע האבן דאך אין איין צער געארבעט".

די לאסט־אויטאס האבן זיך געטראגן בארג־ארויף. ס'האט געטאגט, ארום איז געווען וואלד, א נאקעטער און נאסער. דעדע האט אפגעשטעלט די מאשין. ער האט געזאגט זשאקאן:

— ס'איז עקלדיק צו פאטערן א קויל אף א פארעטער, אבער מיר זייגען ניט קיין אויסוואורפן, מיר זיינען פארטיזאנען. האלט דעם פאפיראס, קענסט אויסרויכערן. דאס איז אלץ.

ער האט דערשאסן זשאקאן. זיי האבן זיך געלאזט פארן ווייטער. און אט זיינען די מאקי!...

ניטא די מאשין, אף וועלכער עס זיינען געפארן כאסע, שארלא און דער בער. אפן אופלאדן זיך האט אכטונג געגעבן מיקי. דעדע שרייט:

— ווי אזוי האסטו זיי איבערגעלאזט?

— דער בער האט געזאגט: „פאר, מירן אגיאגן"... פארשטייסט דאך אליין, אז אויב דער בער זאגט...

— ווער איז דאס דער בער? — פרעגט מאדא.

— האסט אים דען ניט געזען? א הויכער... דאס איז א רוסישער אפיציר, ניט קיין ווייסער — אן עמעסער, פון דארט. ער איז אנטלאפן פון די מינעס...

אלע דערציילן וועגן בער. נאר דעדע זיצט א מארעשכוירעדיקער: וואס האט מען אים פאסירט?...

אין דער צייט וואס מיקי איז ארומגעגאנגען די צעלן, האט איינער פון די טפיסע־וועכטער דערציילט שארלאן וועגן טפיסע־שטייגער: „ערגער פון אלעמען זיינען די עס־עס... איינער פון זיי ווינט דא, א האלבן קילאמעטער פון דער טפיסע, מען האט אים געגעבן א ספעציעלע הייזקע. ער קומט אלע אוונט, הויבט אן אויסצופארשן. די דייטשן רופן אים „דער ערשטער מײַסטער". ער הענגט אוף אף די פיס... ווארענאוו האט פארגעלייגט: „עפשער צופארן צום דאזיקן מײַסטער?..." שארלא און כאסע האבן איינגעשטימט.

אלץ איז ארורך גלאט: דער עס־עס האט אפילע ניט באוויזן צו כאפן זיך פארן רעוואלווער. ווארענאוו האט ארויסגענומען פון דער שאנק די פאפיראסן, גענומען זיי מיט זיך. ווען זיי זיינען אפגעפארן, איז נאך געווען פינצטער. זיי האבן זיך אנגעשטויסן אף זשאנדארן. דער שאפער האט א טרייב געטאן די מאשין. דער קליינער „סיטראען" האט זיך געשלייפלט ווי א האז. זיי זיינען ארויסגעשפרונגען פון אויטא...

די מײדלעך האבן זיך געפלייסט און צוגעגרייט א גלענצנדיקן מיטיק. פונקט מיט א טאג פריער האט אלו, וועמען מען האט גערופן „הויפט אינטענדענט" געבראכט צושלעפן פיר באקן און א פעסל ווײַן. מען האט געטרונקען, געזונגען, איינער דעם אנדערן ארומגענומען. פיער, מיקיס אן אלטער פריינט, האט צום הונדערטסטן מאל געזאגט:

— הערט נאר א געשיכטע!... מיר זיינען דאך איבערצייגט, אז מען וועט אונדז אינדערפרי דערשיסן... און דא זיצ איך גאר מיט די יאטן און טרינק ווייז...

מארים איז געלעגן איןביידל. ער האט געפרעגט: „ווו איז זשאקא?" — „מיט אים איז שוין פארענדיקט", האט געענטפערט דעדע. מארים האט געזאגט:

— אזוי איז גוט. מיך האט געפייניקט, טאמער גייט ער אוועק...

ענדלעך האט מאדא דערזען דעם בער. א ריז, און אויגן האט ער קינ־דישע... זי האט צוטרוילעך געזאגט:

— איך האב געהאט א רוסישן פריינט. שוין לאנג. אין אן אנדער לעבן...

זי האט זיך אנגעשטרענגט צו דערמאנען אלע רוסישע ווערטער, וואס זי האט געקענט. און פלוצלינג האט זי זיך טרויעריק צעשמייכלט:

— וועט צום טייוול שיקן...

ווארנאוו האט זיך צעלאכט:

— צו וואס האסטו עס אויסגעלערנט?

— אזוי טרעפט מען בא אייך.

— שלעכט האט מען דיר געטראפן... — ער האט זי פריינטלעך ארומ־גענומען. — וועט צום הארצן דריקן — האט דאס איז אף רוסיש... מארגן איז בא אונדז א גרויסער יאנטעוו — דער יארטאג פון דער רעוואלוציע...

דעדע איז אופגעשטאנען:

— לאמיר אויסטרינקען פאר די רוסן. אבער ניט אזוי האסטו געזאגט, בער. דאס איז אויך אונדזער יאנטעוו...

ווארנאוו האט געטראכט וועגן א גרויסער שלאכט: מען וועט איינגיכן נעמען קיעוו. ס'איז איר שווער צו נעמען — א ברייטער טייך, א שארפער ברעג. זיי זיינען געווים ארומגעגאנגען... זיי וועלן איר זיכער נעמען... ער האט זיך דערמאנט אן אנדער זומער — סטעפ, א געדרוד פון ווילדן גראז, דער דאן... ער גייט מיט סערגייען. ביידע שווייגן — עס איז צו ביטער... דארט האט זיך אלץ געענדערט. ווו איז סערגיי? עפשער, אפן דניעפער?...

מאדא האט נאך ניט געקענט קומען צו זיך. עס האט ווי געטאן די פלייצע, די פיס — מען האט זי שטארק צעמיימעסט נאכדעם ווי זי האט א בים געטאן דעם דייטש. זי האט באוויזן צוגרייטן זיך צום טויט. נעכטן האט זי געטראכט נאר פון איין זאך — מען ווארט אוועדע, אין אטריאך „סעמפע"... דער טויט האט זיך איר אויסגעוויזן ווי א באפרייונג פון טאר־טורן און ניט מער, זי האט ניט אריינגעקוקט טיפער, פון גארניט דערמאנט... און פלוצלינג איז איז צעל אריין דעדע.

עס שמעקט מיט פארפוילטע בלעטער, עס רויכערט דער שיטערהויפן. מיקי זינגט:

„מיר וואלטן ביידע וועלן לעבן,
אבער אונדזער גורל איז אזוי:
שטארבן מוזן מיר אן מוירע,
ביז דעם ערשטן האנען־קריי..."

א מיידל קוקט אַף אים צערטלעך.

דער דאַזיקן רום רופט מען בער. ער איז פון דאָרט... ניין, סערגיי וועט מיר ניט צודריקן צום האַרצן. און מען דאַרף עס גאָרניט. דאָס אַלץ איז שוין ווייט... אין די אויגן זיינע טרערן, ס'איז גאָרניט — טרערן פון רויך. ווי קאַמיש עס ברענען די שישקעס!... הייסט עס, איך וועל לעבן!... און עס האָט זי ווידער אַרומגעכאַפּט אַ לעבן, אַ צאַרטער, אַ ווילער, און אומ־דויקער, אַן אומפאַרשטענדלעכער ווי דאָס פייער פון שייטערהויפן.

## XV

לעזשאַן איז געזעסן אין גערוימען קאַבינעט פון אַדוואָקאַט גאַרסי און אָפּגעוואַרט אַ מענטשן, וועלכן מען רופט שאַטלע. קאַמיש — די פאַרשטייער פון באַא האָבן זיך פאַרליבט אין מעטראָ, ווי נאָר אַ דעלעגאַט, הייסט ער לויט אַ מעטראָ־סטאַנציע. אָבער פאַרוואָס פאַרשפּעטיקט דער דאָזיקער שאַט־לע? נעכטיקן דאַרף איך אין אַ צווייטן עק שטאָט. מיטן מעטראָ פאָרן קען מען ניט — אַבלאַוועס...

די קאַבינעטווענט זיינען געווען פאַרהאַנגען מיט בילדער פון שטוב־באַלעבאָס אין אַ שוואַרצער קאַפּאָטע — ער האָט געהאַלטן די הענט אין דער הויך, געדראַט מיט אַ פויסט, געוויינט מיט ריזיקע דייטלעכע טרערן און צופרידן געשמייכלט, אין איין און פערציקסטן פלעגט גאַרסי זאָגן, אַז „פּעטען — דאָס איז זשאַן ד'אַרק". אָבער איצט בלאָזט דער ווינט פון אַן אַנדער זייט, האָט ער געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אַעס; ווען מען וועט אַרויסטרייבן די דייטשן, וועט זיך אַרויסווייזן, אַז עס האָט זיי אַרויסגעטריבן ניט קיין אַנדערער, ווי גאַרסי. לעזשאַן האָט אַ גענעץ געטאָן. ס'איז פאַראַן אַן עלטער, ווען די מענטשלעכע קאָמעדיע הויבט אָן דערעסן ווערן... און שאַטלע איז נאָך אַלץ ניטאָ...

ענדלעך איז ער געקומען. דאָס איז געווען אַן אויסגעצערטער הויכער מאַן אין מיליטערישער האַלטונג און מיט קלוגע דורכדרינגלעכע אויגן. לע־זשאַן האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט אַבי ווער...

שאַטלע האָט גענומען ריידן וועגן דעם באָמבאַרדירן די פראַנצויזישע שטעט: די דייטשישע ראַדיאָ זוכט אויפצוהעצן די באַפעלקערונג קעגן די אַליאירטע. קעגן דעם דאַרפן מיר קעמפן.

— אַן צווייפל, — האָט געענטפערט לעזשאַן. — אָבער דאָ שווימט אַרום די פראַגע וועגן געווער. איך גיי דאָ ניט אורטיילן די פליער. איך רייד דערפון פון אונדזער פראַנצויזישן שטאַנדפונקט. ס'איז קלאָר, אַז מען דאַרף פאַרניכטן אַן אייזנבאַן־בריק. זיי האָבן באָמבאַרדירט זיבן מאָל. דאָס שטעטל איז קיטאָם אינגאַנצן כאָרעוו, אָבער די בריק איז גאַנץ... פאַרן לעצטן האַלבן יאָר האָבן מיר אויפגעריסן אַכט און צוואַנציק בריקן. מיר וואָלטן געקענט אויפטאָן אַ סך מער, אָבער אַלץ בלייבט שטעקן באַ איינס — ווייניק גע־ווער...

— דאָס אַריבערוואַרפן איז אַ קאָמפּליצירטער איניען, אָבער איצט האָף איך, וועט זיין בעסער...

— גוט, לאָמיר אָפּלאָזן די פראַגע וועגן איבערוואַרפן. פאַרוואָס גיט מען אונדז ניט דאָס געווער, וואָס איז שוין דאָ פאַראַן? צו וואָס זאַמלען קאָלעקציעס?

— פאַרן טאָג פון דעסאַנט.

— וואָס וועט פאָרקומען?...

— דאַן וועט עס וועט פאָרקומען; ניט מיר באַשליסן דאָס...

— אין יוני צוויי און פערציקסטן האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז עס נוצט ניט דאָס אָנפאַלן אויף די דייטשן, אַז מען דאַרף עס ניט, ווייל אין עטלעכע וואָכן אַרום וועט פאָרקומען דער דעסאַנט. היינטיקן זומער, נאָכדעם ווי מען האָט דערהרגעט דעם גענעראַל שאָומבערג, האָט אייער אַ באַוער געזאָגט: „צו וואָס צעטרענצלען די קויכעס"...? אין אויגוסט וועלן זיי זיך אַרויסזעצן"... איצט איז נאָוועמבער... מען זאָגט, אַז ווינטער שטערן דעם דעסאַנט די נעפּלען, פרילינג און האַרבסט — זיינען אָפּן לאַמאַנש שטורעמס, און זומער איז צו קלאָר. איך האָף נאָר אויף איינס — ווען די רוסן וועלן צוקומען צו דער דייטשישער גרענעץ, וועלן די דאָזיקע הערן אופהערן שטודירן דעם באַראָמעטער...

שאַטלע האָט אַ שמייכל געטאָן.

— די רוסן קעמפן גוט, אַז שום צוויפל. איך, הער ליוק, בין אַ מיליטערמאַן, און איך קען אָפּשאַצן די סטראַטעגיע פון דער רויטער אַרמיי. אָבער מיר דאַרפן זיך רעכענען ניט מיטן רוסישן טעמפּעראַמענט, נאָר מיט די פּלענער פון אַמעריקע און ענגלאַנד. מ'זאָגט, אַז אין לאָנדאָן זיינען גרויסע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן, גענעראַל אַרנאָלד, לעמאַשל, האַלט, אַז מען קען זיך באַגנוגענען מיטן באָמבאַרדירן דייטשישע שטעט. עס זיינען פאַראַן אָנהענגער פון אַ דאַרעמדיקן וואַריאַנט. אַ סאַך קויכעס פאַרשלינגט איטאַליע.

— הייסט עס, זיצן באַם יאַם און וואַרטן אויף אַ גוטן וועטער?

— קיינער ליגט גאָרניט פאַר צו וואַרטן...

— די באָאַ פאַרורטיילט די אינערלעכע קויכעס אויף אומטעטיקייט.

— באָאַ וואַרפט אַראָפּ געווער אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן.

— און דאָס דאָזיקע געווער פאַרגראָבט מען אין דער ערד...

— מען באַהאַלט אים אויס פון די דייטשן. איך פאַרשטיי ניט, וואָס ער רעגט אייך אַזוי אויף, הער ליוק?...

לעזשאַן איז אופגעשטאַנען, דורכגעגאַנגען איבערן לאַנגן קאַבינעט און געזאָגט שאַטלען גלייך אין פּאָנעם:

— מעגלעך, אַז אַזוי וועט מען ריידן נאָכן זיג — אין פּאַרלאַמענט אָבער איצט איז עס ווילד... יעדער פון אונדז קען היינט אין אָוונט זיין אין געשטאַפּאָ... צו וואָס זאָלן מיר שפּילן היפּאָקריטן?

שאַטלע האָט געענטפערט רויִק; זיין אופרעגונג האָט זיך נאָר אַרויסגעפילט אין דעם, וואָס ער האָט ווילד פאַרלאָשן זיין סיגאַרעט.

— גוט, איך וועל רייד'ן מיט אייך ניט ווי קיין פאַרשטייער פון באָאַ, נאָר ווי אַ פּאַשעטער פראַנצויז. איך — בין אַ קאַטוילישער, איר — אַ קאָמוניסט. מיר זיצן אין גאַרסי'ס קאַבינעט. מען קען אונדז באַלד אַרעסטירן. אונדז וועלן פּייניקן די זעלבע געשטאַפּאָ און דערשיסן אויף דער זעלבער

וויסטעניש. איר זייט פולשטענדיק גערעכט. עס פאַרייניקן אונדז די דייטשן.

— איך האָב מוירע, אַז אונדז פאַרייניקט טאַקע נאָר דאָס... און דאָס אויך ניט ווי געהעריק... אַ סאַך פון די אייעריקע האָבן גאָרניט געלערנט, זיי האָבן מוירע צו געבן אונדז געווער...

— דאָס איז אויך עמעס. מיט אַ יאָר צוריק איז געווען אַנדערש, דאַן האָבן זיך אַלע אַנטציקט מיט דער העלדישקייט פון די קאָמוניסטן. איך האָב דאַן געמיינט, אַז עס איז געשען אַ נעס, און דאָס פאָלק האָט זיך פאַרייניקט. אָבער קיין ניסים זיינען ניטאָ... די לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט. אויף מיזרעך שלאָגט מען די דייטשן ניט געקוקט אויף אייער סקעפּטיציזם, ווען די אַלי־אירטע פריער אָדער שפּעטער מאַכן דעם דעסאַנט. איטאַליע גייט אויס. אין דייטשלאַנד איז די שטימונג אַן עקלדיקע. און אַט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע ריסן. איך וווּנדערט דאָס? מיך ניט... נעמט די וועלט־איניאַנים — דאָרט איז דאָס זעלבע. קאַלזמאַן מען האָט געקעמפט אויף דער וואָלגע, האָט ניט געקענט געמאָלט זיין אַ געדאַנק וועגן קאָנקורענץ, אַלע האָבן אָפּלאָדירט די באָלשעוויקעס, און איצט הויבן שוין אָן צו טראַכטן די אַנגלאָ־זאַקסן וועגן דער באַלוקע, האָגאָס דער בער איז נאָך ווייט ניט דערהאַרגעט. וואָס ווילט איר, טערענצי האָט נאָך געזאָגט: „איך בין אַ מענטש און אַל־דאָס מענטשלעכע איז מיר ניט פרעמד”.

לעזשאַן האָט פּלוצלינג דערפילט ווי שטאַרק מיד ער איז. צו וואָס רעדט ער מיטן דאָזיקן מענטשן? אין שאַטלעס יעדן וואָרט פילט זיך דאָך האָס... און לעזשאַן האָט שאַרף געזאָגט:

— גענוג מיט דער פילאָזאָפיע! מיר וועלן באַקומען?

— ווי אַזוי ווילט איר איך זאָל אייך ענטפערן — ווי אַ פאַרשטייער פון באַא, אָדער ווי אַ פּאַשעטער פראַנצויז?

לעזשאַן האָט ניט אויסגעהאַלטן, ער האָט אַ שמייכל געטאָן.

— קוידעמקאָל ווי אַ דעלעגאַט פון באַא.

— אויף וויפל דאָס וועט מעגלעך זיין. מעגלעך, אַז נאָכן אָרגאַניזירן די נייע פונקטן אויף אַריבערצוּוואַרפן אין דעצעמבער, אָדער יאַנואַר...

— און איצט, ווי אַ פראַנצויז?

— ניין.

ווען לעזשאַן האָט געהאַלטן באַם אַרויסגיין איז אין פּאָדערצימער אַרויסגעלאָפן אַדוואָקאַט גאַרסי. ער האָט אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט לע־זשאַנס האַנט און גערעדט מיט אַ ציטער אין דער שטים.

— „העלדן! אונדזערע העלדן!...”.

לעזשאַן האָט זיך צעשמייכלט: נאָך אַ פאָטאָגראַפיע אויף דער וואַנט... אַ פאַרומערטער איז ער געגאַנגען דורך דער שטאָט. געוויס, האָט ער פריער געוווּסט, אַז זיי וועלן גאָרניט באַקומען. צו דער זעונג איז ער נאָר געגאַנגען דערפאַר, ווייל די באַוויירים זיינען צוגעשטאַנען, אָבער פונעם שמועס מיט שאַטלען איז פאַרבליבן אַ ביטערניש — קענען זיין אייגענעם ווילן, האָט לעזשאַן אַריינגעקוקט אין דער צוקונפט. נאַיִווע מיינען — עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, וועט ניט זיין קיין פאַשיסטן און עס וועט זיין אַ גאַ־ניידן... אָבער פאַרויס איז קאַמף, אַ האַרבער, אַ שאַרפער, עפּשער נאָך

אַ שווערערער פון דעם... וועלן דען די נעבעכטיקע קאַנוליאַרן שאַלעם מאַכן מיט אונדז?... איצט גויטיקן זיי זיך אין אונדז: אונדזערע מענטשן קענען שטאַרבן, אין דריי און פערציקסטן ווערט עס נאָך אָפּגעשאַצט... אָבער ווי אַזוי וועלן זיי ריידן מיט אונדז אין אַכט און פערציקסטן? דער מאַר האָט זיינס געטאָן... אָבער דער מאַר וועט ניט אַוועקגיין. ווי ביטער דאָס איז! עס ווילט זיך כאָטש טרוימען פון גליק...

ער האָט געגעבטיקט בײַ אומבאַקאַנטע אָפּן ראַנד פון שטאָט. אַריינלאַזנדיק אים, איז די באַלעבאָסטע אַוועק צו אַ שאָכנטע. לעזשאַן האָט אַ קוק געטאָן אָפּן זייגער — אַכט. מאַרי דאַרף קומען נײַן. מען קען זיך אָפּרוען... ער איז געזעסן אַף אַן אַריינגעקוועטשטן בעט. אין פּוסטן צימער איז געווען קאַלט, ער האָט ניט אויסגעטאָן דעם מאַנטל. עס האָט אים באַהערשט אַ קורמער, אַ טיפער און שאַרפער. צו די געדאַנקען וועגן דער צוקונפט איז צוגעקומען דער אייגענער צאַר. מיט פיר יאָר צוריק איז ער געווען גליקלעך. עס איז געווען אין פרילינג, ער געדענקט גוט, ער איז געקומען פון דער אַרבעט. מימי האָט געשטיפט, זי האָט אויסגעגאָסן דעם טינט פון זיין פעדער אָפּן טעפּיך. פּאָל האָט זיך געגרייט צו די עקזאַמענעס, ער האָט געזאָגט: „דאָס שרעקלעכסטע איז טריגאָנאָמעטריע”... זשאַזעט האָט געשפּילט שאַפענס נאָקטיורן... ס'איז גאָרניט פאַרבליבן... וווּ איז איצט זשאַזעט? מעגלעך, אַז זי זיצט פּונקט אין אַזאַ קאַלטן פרעמדן צימער, וואַרט, ביז עס וועלן קומען נאָך איר געשטאַפּאָ? אָדער אין די מאַקי? אָדער זי איז אומגעקומען?... שוין לאַנג ניט געווען קיין בריוו, אַ שלעכטע פאַרבינדונג... ניטאָ פּאָל. ניטאָ מימי. די מילכאָמע קען זיך ענדיקן, און זיי וועלן ניט צוריקקומען... איך און זשאַזעט — צוויי ביימער מיט אָפּגעהאַקטע צווייגן. אַזעלכע וועלן מער ניט גרינען...

מען האָט אָנגעקלאַפּט. דאָס איז געקומען מאַרי, געבראַכט דעם זון, דעם קליינעם זשאַנאַ.

— מיט אים איז רויִקער, די פּאָליציי שיקאַנירט ניט. ס'איז אויך ניטאָ אַף וועמען איבערצולאָזן אים. דו האָסט אים נאָך ניט געזען ליוק, ענלער צו פּעפּען, עמעס?

לעזשאַן האָט אַ שמייכל געטאָן — עס איז אים אויסגעקומען קאָמיש, וואָס דער דאָזיקער שנעק קען זיין ענלעך צו פּעפּען. באַטראַכטנדיק אים האָט ער אַ טראַכט געטאָן — עמעס. עפּעס פון מילע, די אויגן, די באַוועגונגען, ווי ער ציט צו דער מאַמען און פּאַכעט מיט די הענטלעך, דער שמייכל...

— אָן אומרויִקער — האָט געזאָגט מאַרי — אַן עמעסער פּעפּעס אַ זון.

— ווי אַלט איז ער? צוויי יאָר?

— וואָס רעדסטו! אַ יאָר מיט צוויי כאָדאָשים.

לעזשאַן האָט זיך דערמאָנט מילען, און ווידער האָט אים דער קומער אַריינגעצויגן, ווי אַ קעסלגרוב. מילע האָט ערשט אָנגעהויבן צו לעבן. און מען האָט אים דערהאַרגעט, ווי פּאָלן...

מאַרי האָט געזאָגט:

— אַנרי לייגט פּאַר נעמען אין וועגסען צוואַנציק אויטאָמאַטן. זיי באַדאַרפן זעקס מענטשן. דערפאַרענע...

— ווען?

— דעם ניינטן.

— גוט, איך וועל מארגן אויסקלייבן. קאזארמעס?

— ניין. א „זעלנער היים".

— איך וועל אויך גיין...

מארי האט א קינד, אבער זי ארבעט, טראגט פאנאנדער בלעטלעך, געווער... מען קען דערשיסן. אדער אוועקשיקן קיין ראווענסברוק, נאך ער־גער... און אויב זי זאל אפילע אויסהאלטן און בלייבן לעבן. ער האט זיך דערמאנט שאטלעס הארבע אויגן... ווידער מילכאמע. גליק, פאשעט גליק וועט ניט זיין...

— ליוק, זשאנען וועט דאך זיין לייכטער, ווי אונדז, עמעס?

ער האט שנעל געענטפערט: — עמעס.

און ער האט זיך פארטראכט. איז עס דען עמעס?... אלע ביכער, אין וועלכע ער האט געגלויבט, האבן געטיינעט איינס — ס'איז פיינלעך, אבער דער מענטש גייט פארויס, אמאל איז דער וועג זיינער געשלענגלט, בערגלדיק, זעט אויס ווי א ספיראל, קליינמוטיקע האבן דעם איינדרוק, אז עס איז ניטא קיין זין און ניט קיין ציל אין דער דאזיקער איבעריקער באוועגונג; אבער דער מענטש באוועגט זיך דאך. געוויס, איז א געשטאפא ערגער פון א ווילדן — דאס שלעכטס פארפולקאמט זיך אויך. א רעזיגנירטער וועט זאגן: צא־דיקים זיינען אויך פריער געווען. געווען, אבער פריער פלעגן זיי האנדלען לויט אינטואיציע. איצט איז דא באוווסטזיין. אט אין וואס עס איז די גא־ראנטיע פון גליק! דאס באוווסטזיין וועט זיגן. ס'איז ניט וויכטיק, וואס אנרי לעזשאן וועט ניט האבן דאס, וואס מענטשן רופן אן פערזענלעכער לעבן. דאס לעבן איז ברייטער... דו הערסט אפט „א פרעמד גליק". אבער איז דען דאס גליק פון מילעס זון פרעמד פאר מיר? אדער דאס רוסישע גליק?... הייסט עס, אז עס איז עמעס. מען דארף נאר באקעמפן די צארע. איך בין מיד... אבער עס וועט זיין גוט, אויב ניט אין צען יאר ארום, איז אין הונדערט...

ער האט גענומען אף די הענט זשאנען און גענומען זינגען א לידעלע, וואס מימי האט ליב געהאט, ווען זי איז געווען א קליינע:

„אונדזער באק, סטיגמזען אביסל,
פארזעצט קרויט און עסט פון שיסל"...

לעזשאן האט מער ניט געטראכט פון דער צוקונפט. ער האט ניט גע־פילט ניט קיין איינזאמקייט, ניט קיין אומרו, ניט יענע מילכאמע, וואס איז לענגער, ווי מילכאמע, ניט די קעלט פון פרעמדן צימער, ניט די בענקשאפט און א מענטש, וואס עלטערט זיך. עס איז צו אים געקומען דאס לעבן — א קליינינקער, א טומלדיקער, ניט קיין איינגעזעסענער; און דער הארבער ליוס, ווען וועלכן שאטלע האט דערציילט „דערזען אן עמעסן פאנאטיקער", ליוס, וועלכער האט פאר דעם אנטיילגענומען אין אן אנפאל אף אן עשעלאן און באדארפט אין דריי טעג ארום שליידערן א גראנאט אין א וועכטער, האט איצט צארט געשמייכלט צו זשאנען. און זשאנא האט געפאטשט מיט די הענטלעך.

## XVI

לעאָ געדענקט אַ זוניקן טאָג אין פעברואַר. אַף דער גאַס האָט מען פאַרקויפט מימאָזן. ער האָט געקויפט פאַר לעאָנטינאַן אַ צווייגעלע. ער האָט זיך ניט געקענט באַפרייען פונעם לייכטזין. ער פלעגט יעדן טאָג זאָגן דער ווייב, אַז ניט היינט־מאָרגן וועט קומען די יעשועה. נעכטן נאָך האָט זיך לעאָנטינאַ געבעטן בא אים: „דאַרפסט זיך באַהאַלטן. מען נעמט אַלע ייִדן"... האָט ער געענטפערט: „נאָך סטאַלינגראַד וועלן זיי ניט וואַגן..." ער איז געגאַנגען אַהיים מיט מימאָזן, אַ פריילעכער, פול מיט שטימונג פון דער פאַר־פרילינגדיקער גאַס. לעאָנטינאַ האָט אים אָפּגעוואַרט אַפן ראָג: „מען איז געווען זיך פרעגן אַף דיר... אַ גליק, וואָס דו ביסט ניט געווען".

ער האָט אָפּגעשיקט די ווייב צו סאָזשען: זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי קענען בא זיך איינאָרדענען לעאָנטינאַן, זיי וואָלטן אויך דאָס זעלבע געטאָן מיט אַלפערן, אָבער דאָס איז צו ריזיקאַליש, זיי האָבן קינדער... און לעאָ איז אַוועק צו לאַנסיען. נאָך דער קאַטאַסטראָפע איז ער קיינמאָל ניט געווען אין „קאַרבעי", ער האָט ניט געוואָלט קאָמפּראָמעטירן מאַריסן. אָבער איצט האָט ער ניט קיין אויסוועג, און לאַנסיע האָט געזאָגט, אַז אויב מען וועט באַדאַרפן, וועט ער אַלץ טאָן פאַר אַן אַלטן פריינט. דערזעענדיק לעאָן, האָט זיך לאַנסיע אַזוי איבערגעשראָקן, אַז ער האָט פאַרלאָרן דאָס לאַשן. ווי שרעקלעך! מען האָט געקענט באַמערקן, אַז צו אים גייט אַ ייִד... „גוט מאָרגן, מאַריס", האָט געזאָגט לעאָ, ניט באַמערקנדיק וואָס עס קומט פאָר מיט לאַנסיען, „ווי גייט עס דיר? מען זאָגט, האָסט כאָסענע געהאַט?" לאַנסיע האָט אויסגעשריען: „וואָס דאַרפסטו?" לעאָ האָט אַף אים אַ קוק געטאָן און זיך צעלאַכט: „וואָס איך דאַרף? גייסטיקע שפּייז. דיין מיינונג וועגן אַנדרע זשידס טאָגביכער. אַ רעצעפּט פון אַ פּוליאַרקע צוגעפּראַוועט אַף פּעריגורדיניש. אַ רעוואָר, מאַריס! זיי ניט בייז, וואָס איך האָב דיך באַומרויִקט, איך בין געוואָרן אַ צעשטרייטער — איך האָב זיך טויע געוועזן מיט דער טיר". לאַנסיע איז אים נאָכגעלאָפן, געפּליוסטערט אין פאָדערצימער: „אויב דו דאַרפסט געלט, קען איך געבן אַביסל..." לעאָ איז שווייגנדיק אַרויס. לאַנסיע האָט פאַרבאָרגן פון דער ווייב דעם דאָזיקן באַזוך — מאַרטאַ איז זייער אַן עמפּינדלעכע, זי וועט האָבן פאַרדרוס... ווען זי האָט געפרעגט, ווער דאָס איז געווען, האָט לאַנסיע געענטפערט: „מען האָט אַ מאָעם געהאַט, ניט דער נומער פון הויז"...

דריי וואָכן האָט לעאָ פאַרבראַכט אין סאַמבאָס אַטעליע. ס'איז געווען היים; האַלב נאַקעט איז לעאָ געלעגן אַפן דיוואַן — סאַמבאַ האָט אים פאַרבאָטן אַרויסצוגיין אַף דער גאַס. לעאָ האָט עפּעס אונטערגעפּייפט; און סאַמבאַ האָט געמאָלן אַ נאַטור־מאָרט און גערעדט: „בּיכלאַל זיינען די מענטשן אויסוווּרפן. איך האָב געגלויבט אין קונסט, אָבער דאָס מאַכן מענטשן און פאַר מענטשן. הייסט עס, אַז דאָס איז אויך פּאַסקודסטווע. ניוועל שרייבט לידער, מעווינים געפּעלט עס, און ער זיצט זיך בא די דייטשן אין פּרעפעקטור, קאָנטראָלירט די פאַרדעכטיקע. איך האָב ניט געלעבט אין יענע צייטן, ווען מען האָט צוגעטראַכט די פּערספּעקטיווע. איך האָב מוירע, אַז אויך דאָן

איז געווען געשטאפּא, עמיצן האט מען באערט, עמיצן געפּערטלט. ניט אינטערעסאַנט"... נאכדעם האט מען געזאגט דער קאנסיערזשקע, אז בא סאמבאן באהאלט זיך אויס א פאלשירמער, און לעא האט געמוזט אוועק.

ער האט געזוכט אונטערערדלער און אנגעשטויסן זיך אפן זשורנאליסט ביוואיסאן, וואס האט אים געזאגט, אז ער קען אים אריבערפירן דורך שפּאַניע קיין לאנדאן. מ'דארף נאר האבן געלט... לעאנטינאן איז געלונגען עפּעס ארויסצוטראגן פון דער וווינונג. ביוואיסאן האט יעדן טאג געפאדערט נאך א טויזנטער — „די דאקומענטן קאסטן טייער". ווען אלץ איז שוין געווען פארקויפט, האט ביוואיסאן ארויסגעטריבן לעאן.

צוויי כאדאשים האט לעא געוווינט בא א פויער לעבן מעלען. געארבעט אף דער פארם. נאכדעם האט דער פויער געזאגט: „גענוג!... איך האב שוין דערוויזן, אז איך בין א גוטער פראנצויז, און נעכטן האט מיר א זשאנדאר נעפרעגט, צי עס איז עמעם אז איך באהאלט אויס ווייץ"...

דאקטאר מארילא האט איינגעארדנט לעאן בא איינעם פון זיינע פּאַציענטן, לעוואסער. לעא האט געגעכטיקט אין צימער פאר דער דינסט אף דעם זיבעטן שטאק. דאס האט אים געראטעוועט: נאך לעוואסערן איז געקומען פּאָליציי, עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז פארבונדן מיט עפּעס אן אונטערערדישער ארגאניזאציע (מארילא האט ניט געוווּסט דערפון). די קאנסיערזשקע האט ניט געזאגט וועגן צימער פאר דער דינסט. דערוויסנדיק זיך, ווי אזוי לעא האט זיך געראטעוועט, האט מארילא געזאגט: „איך האב נאך ניט געזען אזא מאזלדיקן מענטשן".

לעא האט איינגעהאלטן זיין לעבנס-לוסט. ער האט געטרייסט סאמבאן, זאגנדיק, אז די קונסט איז ניט קיין פּאסקודסטווע, און אז די מענטשן זיינען אויך ניט קיין בהיעס; אין איינעם פון זיינע פינצטערע טעג, ווען ער האט געבלאנקעט אין א דאך איבערן קאפּ, א פארפאלגטער, האט ער שמייכלענדיק געזאגט דעם דאקטאר מארילא: „עס ווילט זיך ניט שטארבן ביז מען וועט ניט אופהענגען אונדזער פריינט ניוועל קעגנּיבער דער אקאדעמיע פון שיינער קונסט". ער האט אפילע געקענט פארוויילן דעם קארגן נודנעם פּאַרמערטערפּנדיק זיך פון צייט צו צייט מיט לעאנטינאן, פלעגט ער אירריידן וועגן ליבע, צערטן, באגייסטערט און ביטערניש און, הערנדיק אים, פלעגט זי אף א רעגע פארגעסן די שווידערלעכע ווירקלעכקייט.

ער פלעגט אפט טראכטן פון זיין פריערדיקן לעבן; עס האט זיך אים אויסגעוויזן נישטיק און צוגלייך הערלעך; ער פלעגט זיך זאגן: איך בענטש אפילע זיין נישטיקייט! ער האט זיך ניט אפּגעזאגט פון פארגאנגענעם, ער האט אבער געוואלט פארענדיקן ווירדיק דעם דאזיקן פארביקן, אומזיניקן און דאך אנטציקנדיקן לעבן. ער האט אייפערדיק געזוכט מענטשן, וואס קעמפן מיט די דייטשן. דעם דאזיקן מענטשן, וואס האט ליב געהאט האבן צו טאן מיט מענטשן, האט זיך געוואלט אויך שטארבן ניט אליין. אבער צווישן זיינע באקאנטע איז ניט געווען קיין איינער, וואס איז געווען פארבונדן מיט דער ווידערשטאנד ארגאניזאציע. ער פלעגט פארביטערט טראכטן: איך האב פארקערט ניט מיט יענע מענטשן... דערמאנענדיק זיך די רייזע קיין קיעוו, איז ער מעקאנע געווען דעם ברודער: אסיפ האט געלעבט ניט

פאר דער ווילע אין בידאר און ניט פאר די אוונטברויטן אין „קארבעי", איצט קעמפט ער, געווים... ביכלאל, האבן זיך די רוסן ארויסגעוויזן גערעכט. דא איז פאראן א יווישער. איך האב צו לייכט געלעבט... א טיפער טרויער איז געלעגן, ווי וואסער־גראז, אפן גרונט פון זיין נעשאמע, און ניט שטענדיק פלעגט ער זיך ווענן דעם אנשטויסן.

ס'איז געקומען דער הארבסט. אים האט אויסבאהאלטן א זקיינע אין א פינצטערער, דושנער קאמער. ער איז אביסל ארויס פון דארט, האטש ער האט געוווסט, אז דאס איז ניט סייכלדיק: אין שטאט קומען פאר גרויסע אבלאוועס. א באנייסטערטער האט ער געאטעמט די פרישע לופט. ס'איז געווען ביינהאשמאשעס און די וועלט האט אויסגעזען גרא־ווי־אלעט. ער האט געטראכט וועגן לעאנטינאן, וועגן אומגליק — ער האט טאקע ניט געזען דעם זון זיינעם. מען האט אים גערופן ראבערט... עמיצער האט ארופגעלייגט א האנט אף לעאס אקסל. אריינגעטאן אין זיינע מאכשאוועסן, האט ער א טראכט געטאן, אז דאס איז א פריינט. „איר זייט א ייד?" האט געפרעגט א פאליציימאן. לעא איז געווארן אויסער זיך: „איך בין א פראנצויז, מיין הער, און איר זייט א דייטשישע קו..." מען האט לעאן מערדערלעך צעשלאגן, נאכדעם אפגעפירט קיין דראנסי, וואס איז געווען אן איבערזידלונגס־פונקט פאר יידן וואס ווערן געשיקט קיין פוילן.

אויך אין דראנסי איז לעא געווען מונטער. ארום האט מען געוויינט; עס זיינען געווען א סאך פרויען מיט קינדער. לעא פלעגט זיי באררוקן.

— אין פוילן איז בעסער ווי דא. די רוסן וועלן אהין קומען פריער, ווי די אליאירטע אהער...

ער האט באשלאסן, אז ווי נאר מען וועט אים ברענגען קיין פוילן, וועט ער אנטלויפן. ער קען רוסיש, ער וועט זיך קענען צוזאמענריידן מיט די פוילישע, ער וועט זיך דערקלייבן צום פראנט. ער וועט זאגן די רוסן: „איך האב אין פראנקרייך געקעמפט, און ניט שלעכט, ס'איז ניט מיין שולד, וואס די מילכאמע איז דארט געווען א שלעכטע"... מען וועט אים אריינעמען אין דער רויטער ארמיי. ווער ווייס, עפשער וועט ער נאך זען אסיפן, די מאמען?...

צוויי טויזנט מאן האבן געהארט אף דער ארויסשיקונג קיין פוילן. אייניקע האבן געזארגט, וואס אין די לאגערן גיט מען זייער שווערע ארבעט, אז קיינער האלט עס ניט אויס. עמיצער האט געזאגט, אז מען שיקט נאר קיין לובלין אדער אוישוויץ, און דארט דערהארגעט מען; אבער דאס האבן אפילו פעסימיסטן ניט געגלויבט — צו וואס־זשע, אין אזא פאל פאטערן באהייצונג און פארנעמען וואגאנען?... א סאך זיינען געווען מונטער, אזוי ווי לעא; זיי האבן געזאגט: „ווען מען וואלט זיך אונדז געקליבן דערהארגענען, וואלט אלץ אויסגעזען אנדערש"... עסן האט מען אין דראנסי געגעבן, צום פארליידן. די דאקטוירים פלעגן אלעמען גוט באטראכטן; די קינדער פלעגט מען געבן פינף אזייגער ברויט מיט מארמעלאד; מען פלעגט אפילו איינארדענען טעאטער־פארשטעלונגען. אן אלטער ייד מיט א באָרד, א געבארענער אין קראקע, האט געזאגט:

— איר פארשטייט פארוואס זיי צאצקען זיך מיט אונדז? זיי ווילן

אונדז דערהארגענען אונטער מוזיק. איך קען זיי, דאָס זיינען מעשוגענע הענקער...

לעאָ האָט געשמייכלט:

— זיי האָבן פּאַשעט פאַרלוירן די הויזן. איר פרעגט, פאַרוואָס זיי גיבן די קינדער איינגעמאַכטס? נאָר פּאַשעט — ווייל די רויטע אַרמיי איז אַריבער דעם דניעפּר. איך ווייס ניט, ווער עס וועט פריער זיין אין פּוילן — מיר אָדער די רוסן?

דאָס פאַרלאַדן איז געמאַכט געוואָרן אין איילעניש, און לעאָן האָט מען מיט אַ סאַמע אַריינגעשטופּט אין וואַגאָן פאַר די מישפּאָכעס. פון די וואַגאָנען האָט מען ניט אַרויסגעלאָזט. עס איז געווען ענג. אין ווינקל איז געשטאַנען אַ פּאַראַשע. קינדער האָבן געוויינט. איינער אַ זאַקן איז געשטאָרבן אַפן וועג. די מענטשן האָבן זיך געטרייסט מיט איין זאַך: מיר וועלן באַלד אָנקומען.

— מען האָט מיר געזאָגט, אַז מען פירט אונדז אַף אַ פאַבריק פון קנעפּלעך, — האָט געזאָגט אַ יונגע שיינע פרוי, וואָס האָט געהאַט אַ דריייאָריק טעכטערל. — מילע, וועל איך מאַכן קנעפּ, מען זאָל נאָר איבערלאָזן מיט מיר דיוליען...

און לעאָ האָט געטרוימט פון מאַכן פּליטע. אויב מען וועט ניט קענען צוקומען צום פראָנט, וועט ער אויסזוכן אין וואַלד די פּאַרטיזאַנען. מען וועט אים נעמען — ער שיסט גוט. אין פּוילן זיינען נרויסע וועלדער... ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון קיעוו דורך פּוילן. דאָן האָבן אַלע געפּראָוועט טרעפן: צי עס וועט זיין מילכאָמע... און איצט פּייניקט מען זיך, ווען די דאַזיקע מילכאָמע וועט זיך ענדיקן. צו וואָס דאַרפן דאָס די מענטשן אַזוי פיל צאָרעס? אומפאַרשטענדלעך. מען וואָלט דאָך געקענט זינגען, שמייכלען, מאַכן ניי־מאַשינען, גיין אין קינאָ... דער טאַטע איז אומגעקומען אין דער מילכאָמע, ער איז געלאָפן, האָט געזונגען — און אַ קויל אין ברוסט... עפּשער, האָט מען אַסיפן אויך דערהארגעט?... וואָס פאַראַ נידערטרעכטיקייט — מען לעבט, מען בויט הייזער, עס ווערן געבאָרן קינדער און יעדע פינף און צוואַנציק יאָר הויבט מען אָן כאַרעווע מאַכן הייזער, דערהארגענען מענטשן! דאַכט זיך, דאָס האָבן די גריכן צוגעטראַכט — סיזיף קייקלט אַ שטיין באַרג אַרויף, און דער שטיין קייקלט זיך נאָכדעם אַראָפּ... ניט שווין־זשע קען מען ניט איינאָרדענען אַנדערש דאָס לעבן? אַסיפּ האָט פאַרזיכערט, אַז מען קען. איך ווייס ניט, מעגלעך אַז די רוסן זיינען גערעכט. ס'איז געווען בעסער צו לעבן ערגער, אָבער איינהאַלטן די אָרנטלעכקייט. פאַר מיר איז פראַנקרייך — מיין היימלאַנד, איך בין אַהער געקומען אַ שנעק, צוגעוווינט זיך, ליב באַקומען. אַז מען וועט מיר זאָגן — קלייב אויס דעם גאַנצן אָדער פראַנקרייך, וועל איך אויסקלייבן פראַנקרייך. אָבער איך בין איבערצייגט, אַז די רוסן האָבן ניט קיין פּעטען, דאָס קען באַ זיי ניט זיין. קעדיי עס זאָל זיין אַ פּעטען, דאַרף מען אַ סאַך אַזעלכע מענטשן, ווי מאַרים. אין דען מאַרים אַ שלעכטער? ניין. איך טאַדל אים ניט. ער איז גאָרניט. ער שפּילט אין אַ לעבן, אָבער ער לעבט ניט. דאַכט זיך, אַז איך האָב אויך געשפּילט... און עפּשער ניט... מיט לעאָנטינאַן איז געווען דאָס עמעסדיקע...

געקעמפט האָב איך ערלעך. איך האָב זיך אויך שפּעטער געוואָלט שלאָגן, איך האָב אָבער ניט אַנגעטראָפן קיין פּאַסיקע מענטשן... דאָרט וועל איך אויסגעפינען...

ס'איז געווען נאַכט. די באַן איז געשטאַנען אויף עפּעס אַ סטאַנציע. לעאַ איז צוגעפאַלן צו אַן עפענונג אין וואַגאָן — ער האָט געוואָלט אָריינאָטעמען אַביסל קאַלטע פרישע לופט. באַם וואַגאָן זיינען געשטאַנען דייטשישע זעלנער, זיי האָבן געשמועסט. לעאַ האָט פאַרשטאַנען דייטש, ער האָט זיך איינגעהערט, עפּשער וועלן זיי זאָגן וווּהין מען פירט זיי. אָבער די דייטשן האָבן גערעדט פון עפּעס אַנדערש.

— גיונטערן האָט מען נעכטן אַפּגעשיקט צום רעקרוטירונגס־פּונקט. ער האָט אַ ברוך, איצט רעכנט זיך דאָס ניט. ביסט געווען בײַ מאַריכען?

— יאָ, זי האָט דערהאַלטן פון מאַן צוויי בריוו און אַ פּעקל.

— ווו איז איר מאַן?

— אין איטאַליע.

— דאָס איז נאָך גוט, איך וואָלט געוואָלט, מען זאָל מיך שיקן קיין איטאַליע, דאָרט איז לעבאַל האָפּאַכעס וואַרעם. אָבער אין רוסלאַנד מוז זיין עקלדיק. האָסט געלייענט, אַז מיר האָבן פאַרלאָזט קיעוו?

לעאַ האָט שוין מער ניט געהערט. ער האָט גליקלעך געשמייכלט, יעדערן געפּליסטערט: „די רוסן האָבן גענומען קיעוו...״ די אויסגעפּייניקטע מענטשן האָבן געהערט גלייכגילטיק: וואָס גייט זיי אָן קיעוו, מען פירט זיי אויף קאַטאָרגע...

— איך בין דאָרט געבאָרן, — האָט לעאַ געזאָגט דער יונגער פרוי, וואָס האָט געזאָגט, אַז זי וועט אַרבעטן אויף אַ פאַבריק פון קנעפּלעך. — דאָס איז אַ וווּנדערבאַרע שטאָט, מען האָט זי ניט געבויט, ווי אַלע שטעט, מען האָט זי אויסגעטראַכט, ערן וואָרט! גייסט און עס פאַרכאַפּט דיר דער אָטעם, ניט נאָר דערפון, וואָס די גאַסן זיינען דאָרט באַרג־אַרויף, נאָר פון דער שיינקייט... אָבער ניט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן... דער איקער איז, וואָס די רוסן מיימעסן די דאָזיקע אַריער... איר האָט אַ טייערע מיידעלע, איך קוק אויף איר און טראַכט, אַז זי וועט שוין זען אַ גוט לעבן. ווייַנט ניט, איך ווייס איצט אויף זיכער, אַז אונדז וועלן באַפרייען די רוסן. איך האָב געהאַט אַ זון. איך האָב אים ניט געזען, איך בין געווען אין דער אַרמיי, און ער איז געשטאָרבן פון אַ באָמבאַרדירונג, ווען מיין ווייב איז אַוועק פון פּאַריז... געווען אַ סאַך צאַר, דאָס איז עמעס, אָבער איצט איז שוין דאָס שרעקלעכסטע פאַרביי...

— פאַרוואָס מיינט איר, אַז דאָס שרעקלעכסטע איז שוין פאַרביי? — האָט געפרעגט די יונגע פרוי, אויסווישנדיק מיט אַ קליינעם נאָזטיכל די אויגן.

לעאַ האָט געצוקט מיט די אַקסלען.

— קלאָר פאַרוואָס, איך זאָג אייך, אַז די רוסן האָבן גענומען קיעוו. אין אַ כוידעש אַרער צוויי וועלן זיי קומען קיין פּוילן...

נאָך אַ טאָג, און אַ נאַכט, און ווידער אַ טאָג. קיין אוישוויץ זיינען זיי

אנגעקומען אין אונט. די דייטשן האבן א געשריי געטאן:

— אויסשטייגן!

זעלנער. אן אפיציר מיט א בייטש. עפעס מענטשן אין געשטרייפטע בגאדים, ענלעך צו קאטארזשניקעס אין אמעריקאנער פילמען. בלאטע, א פע־טע געדיכטע בלאטע. קאלט. א זקיינע האט ניט באוויזן אנצוטאן די שיך, האט מען זי ארויסגעשלעפט בארוועס פון וואגאן. זי זאגט איידל:

— הער אפיציר, דערלויבט מיר אנטאן די שיך, אין דרויסן איז זייער קאלט...

— איר וועט זיך באלד אנווארעמען, מאדאם, — ענטפערט דער אפי־ציר.

די יונגע פרוי דריקט צו זיך דאס מיידעלע און זי ברענגט זיך שנעל אין ארדענונג, ארויסגענומען פון בייטל א שפיגעלע, א פודער־פושקע, ליפן־פאמאדע, אלע פילן א דערלייכטערונג; מען איז אנגעקומען! אבער צו וואס איז באם אפיציר א בייטש? אויך די מענטשן זיינען אנגעטאן ווי קאטארזש־ניקעס...

— אויסגלייכן זיך!

איינער פון די קאטארזשניקעס איז דערשינענע לעבן לעא. ער האט גע־זאגט אף פויליש:

— גיט די סיגארעטן.

לעא האט אים געגעבן א סיגארעט און געפרעגט:

— ווו זיינען מיר?

— דאס איז אוישוויץ, דאס הייסט אשווענצים... גיט אלע סיגארעטן, איר באדארפט זיי ניט, אייך וועט מען סיי ווי דערהארגענען...

לעא האט ניט פארשטאנען: דער קאטארזשניק האט גערעדט צו שנעל פויליש.

דער אפיציר האט יעדן באטראכט און געזאגט „אף לינקס" אדער „אף רעכטס". אף לינקס האט ער געשיקט די יונגע און קרעפטיקע. די איבעריקע האבן זיך אויסגעשטעלט רעכטס: קראנקע, זקיינים, קינדער. לעא האט א טראכט געטאן: ווייזט אויס, אז מען באשטימט גלייך, צו וועלכער ארבעט — שווערער אדער לייכטער. ווען עס איז געקומען די ריי אף אים, האט זיך דער אפיציר ניט געקענט אנטשליסן. לעא האט זיך פאר דער לעצטער צייט זייער פארעלטערט.

— ווי אלט ביסטו? — האט געפרעגט דער אפיציר.

— דריי און פערציק.

דער אפיציר האט א לאך געטאן:

— מיך וועסטו ניט נארן. אף רעכטס...

ער איז אריין צווישן די זקיינים און שוואכע.

ער האט א טראכט געטאן: ס'וועט אויסקומען אופצוראמען די באר־ראקן. איך וועל סיי ווי אנטלויפן...

ווי גוט עס איז אף דער פרישער לופט! ס'איז קאלט, אבער אין דעם איז איר פראכט: אין הארבסט ווילט זיך באזונדערס לעבן, עפעס טאן, קעמפן... דער ווינט האט צעטריבן די וואלקנס, און עס איז ארויסגעשוווממען

א גרויסע ראָזע לעוואַנע, ענלעך צו אַ סירבעם. אַט אין אַזאַ קאַלטער ווינ־טיקער נאַכט וועל איך אַנטלויפֿן...

די זקיינים האָבן געוויינט, געקרעכצט, טפֿילע געטאָן. זייער שטימונג האָט ניט ווילנדיק אָנגעשטעקט לעאָן און, קעדיי אונטערצוהאַלטן זיך, האָט ער גענומען זינגען זיין באַליבט לידל:

„ווען דער פֿרילינג וועט אַ זינג טאָן,
וועט דאָס מאַזל אויך אַ וווּנק טאָן..."

— וווּהין פֿירט מען אונדז? — האָט ער געפֿרעגט בא אַ דייטש.
— אין באָד, אַזעלכע שמוציקע כאַזיירים דאַרפֿן זיך קוידעם קאָל גוט אָרומוואַשן.

און דער זעלנער האָט זיך צעלאַכט.

מען האָט זיי באַפֿוילן אויסטאָן זיך; נאָכדעם האָט מען זיי נאַקעטע אַרויסגעטריבן פֿון באַראַק. די מענטשן האָבן איצט הויך געשריען, אַלע האָבן געפֿילט עפּעס ניט גוטס. לעאָ האָט מער ניט געזונגען. ער האָט פּלוצ־לינג פֿאַרשטאַנען: מען וועט באַלד דערהאַרגענען. ער האָט זיך אַ וואַרף געטאָן אַף אַ דייטש, דערלאַנגט אים מיט דער פֿויסט איבערן קאָפּ. אַ צווייטער דייטש איז צוגעלאָפֿן און אַריינגעשטופּט לעאָן אין דער געביידע, וואָס מען האָט גערופֿן „באָד". הינטער אים האָט זיך פֿאַרהאַקט אַ טיר, באַשלאָגן מיט אייזן.

עס האָט געראַוושט אַ מאָטאָר. אויבן האָבן זיך געטראָגן, ווי כמאַרעס, טונקעלע כוואַליעס גאַז. מענטשן האָבן זיך געוואָרפֿן, מוירעדיק געשריען. לעאָ האָט געוווּסט, אַז ער שטאַרבט. שטיקער לעבן האָבן זיך דורכגעטראָגן פֿאַר זיינע אויגן. ער איז געווען מיט לעאַנטינאָן, גערעדט: „מיין פֿריינט, מיר זיינען אין גאַניידן"... עס האָבן געבליט וויאָלעטע גליצינינעס אַף דער גראָער וואַנט. און אַלץ איז געווען אַ ריזיקע אומויסדריקלעכע רויִקייט, עס איז געפֿאַלן די היץ פֿונעם זומערדיקן טאָג, עס האָט קוים צום הערן גע־זשומעט אַ בין. לעאַנטינאָ האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אַף זיין אַקסל, אירע כוואַליעדיקע האָר האָבן זיך קוים באַוועגט. זי האָט גערעדט: „לעאָ, גיב אַ רוף ראַבן... ביסט פֿונזינען? פֿאַרוואָס זעסטו אים ניט? ער איז דריי יאָר אַלט. ער וואַרפֿט אַ ראָזע פּילקע..." און אַ ראָזע פּילקע איז איבער זיי. ניין, דאָס איז די לעוואַנע... און די מאַמע פּליסטערט: „ליאָווע, ביסט זייער אויסגעוואַקסן, איך האָב דיך ניט דערקענט"...

עס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט קנוילן גאַז. מענטשן האָבן זיך געקאַר־טשעט, געפֿאַלן אַף דער פּאָדלאָגע. לעאָ האָט געפֿילט אַן אומדערטרעגלעכן חייטיק, ווי מען וואָלט אין אים אַריינגעזעצט אַ האַקן און מען צערייסט אים דאָס לייב... ער איז געפֿאַלן מיטן פּאָנעם אַף אונטן און לאַנג באַוועגט מיט די הענט, ווי ער וואָלט געשווּמען. אַ דייטש האָט אַריינגעקוקט אין אַ רונדן גלאָז־פֿענצטערל און אַ דריי געטאָן אַ גריף; די גופֿים פֿון די טויטע און האַלב טויטע מענטשן האָבן זיך אַראָפּגעשאָטן אונטן.

אין קאַנצעלאַריע איז געזעסן דער שרייבערל הייזלינג; זיין בלייכער פּאָנעם האָט אויסגעזען ווי אַ מאַסקע פֿון גיפּס. ער האָט אָפּגעווישט מיט

א שמאַטקע די פעדער און צעעפנט א גרויסן בוך, וואָס איז ענלעך צו אַלע קאַנטאָר־ביכער אַף דער וועלט. הייזלינג האָט זאָרגפעליק אנגעשריבן:
אנגעקומען פון דראַנסי 11. XI. — 1018.
ליקווידירט — 972; איבערגעלאָזט 46.
ער האָט אומצופרידן א טראַכט געטאָן: פאַרוואָס „איבערגעלאָזט" א צווייצאָליקע ציפער? עס שטערט די אָרדענונג. אויבן זיינען אַלץ דריי־צאָליקע. ער האָט ווידער קאָנטראָלירט.
אנגעקומען פון וועסטבורג 21. X. — 1388.
ליקווידירט — 1041; איבערגעלאָזט — 347.
אנגעקומען פון ווין 22. X. — 772.
ליקווידירט — 447; איבערגעלאָזט — 325.
אנגעקומען פון טערעזין 23. X. — 3862.
ליקווידירט — 3700; איבערגעלאָזט — 162.
אנגעקומען פון פויזן 28. X. — 406.
ליקווידירט — 212; איבערגעלאָזט — 194.
אנגעקומען פון לעמבערג 30. X. — 819.
ליקווידירט — 687; איבערגעלאָזט — 132.
די זייטל איז געווען פאַרפולט. הייזלינג האָט גענומען א ווירע, אונ־טערגעפירט א ליניע און גענומען צוזאַמענרעכענען. אונטן אַפן זייטל האָט ער אוועקגעשטעלט:
צוזאַמען:
אנגעקומען — — — 8265
ליקווידירט — — — 7059
איבערגעלאָזט — — 1206
נאָכדעם האָט הייזלינג אַרויסגענומען פון שופלאַד „בערלינער אילוס־טרירטע" און לאַנג באַטראַכט די בילדער פון קינאָ־אַקטריסעס. אין בערלין איז גוט — מיידלעך, ביכלאַל קומט עפּעס פּאָר, און איך דאַרף זיצן אין דעם דאָזיקן שטינקענדיקן אוישוויץ!...
די לעוואַנע איז פאַרגאַנגען. דער הימל איז געווען רויט פון פייער־אַפּגלאַנץ: אין די ריזיקע אויוונס האָט מען ביז אינדערפרי געברענט די לייכעס פון מענטשן, וואָס מען האָט געבראַכט פון דראַנסי. איבער אשווענ־צים איז געשטאַנען א גדיכטער שוואַרצער רויך. דער דאָזיקער רויך איז אַריינגעדרונגען אין די באַראַקן, אין האַלדז, אין די אויערן, אין בלוט; ווי א טרויער־שטויב האָט ער זיך אַפּגעזעצט אַף דער ערד, אַף די געביידעס, אַפן גרינלעך־מוטנעם פּאָנעם פונעם שרייבער הייזלינג.

## XVII

קיינמאָל האָט נאָך מינאַיעוו ניט געזען אַזוי פריילעכן. זיי האָבן געפייערט דעם אָקטאָבער־יאָרטאָג און דאָס נעמען פון קיעוו. אין באָטע איז געווען טומלדיק — עס איז געקומען צופאָרן דער רעדאַקטאָר פון דער דיוויזיע־צייטונג טשאַלי, מאַיאָר פּאַלישטשוק, קאַפּיטאַן לעאָנידזע. עס זיינען

געווען א סאד טאסטן, לידער, געלעכטער. טשאלי האט דערציילט אן אנעקדאט: „איין אמעריקאנער פרעגט דעם צווייטן: „פארוואס קעמפן גוט די רוסן?", ענטפערט יענער: „בא זיי איז עס פאשעט — זיי האבן ניט מוירע פאר די באלשעוויקעס". נאכדעם האט מען גענומען טאנצן, און קאפיטאן לעאנידזע האט אלעמען אוועקגעלייגט. פאלישטשוק האט געזונגען אוקראינער לידער. אסיפ האט זיך דערמאנט קיעוו, געזען די גאסן, גערטנער. ראיע מיט באווערטעס בא א קיאסק, זיי טרינקען פרוכט־וואסער, זיי לאכן. די מאמע איז מיט אליאן אין גארטן, „סאראקע־וואראנע"... ס'איז געווען טירפער הארבסט, און אסיפן איז קיעוו אויסגעקומען א זומערדיקע, מיט טונקל־גרינע ביימער, מיט זון־פלעקן צווישן די בלעטער. ער האט אויסגעטרונקען א האלבע גלאז בראנפן און מיטאמאל גענומען דערציילן מינאיעוון:

— ווען איך האב זיך באקענט מיט מיין ווייב, עס האט זיך נאך גארניט פארויסגעזען, לייגט זי מיר פאר: „לאמיר גיין אפן קאנצערט". זיצן מיר, דער ארקעסטער שפילט, בויגט זי זיך איין צו מיר און פרעגט: „איר דערקענט?" איך פארשטיי אין דעם גארניט, אבער מוידע זיין זיך איז אומבאקוועם, זאג איך „יא". בעייסן אנטראקט פרעגט זי: „וואס זשע האט מען, לויט אייער מיינונג, געשפילט?" און געשפילט האבן זיי א זאך מיט באגייסטערונג, עפעס אזוינס ווי „ווער מיט לידער אין לעבן מארשירט", אדער „קארמען", זאג איך: „קארמען". האט זי אף מיר א קוק געטאן, ווי זי וואלט מיך געזען צום ערשטן מאל און זאגט: „האט איר עס אן אויער"... ווייזט זיך ארויס — בעטהאווען, עפעס א סימפאניע. פון וואנען זאל איך עס וויסן? קומענדיק אהיים, האב איך זיך פלוצלינג דערזען אין שפיגל — די אויערן טויגן אף קאפארעס — איך האב זיך פאר דעם אפגעשוירן, שטייען זיי טאקע אפ. געווים, האב איך פארשטאנען, אז ניט דאס האט ראיע געמיינט, נאר איך טראכט מיר, אז זי האט אויך געגעבן אן אנדייטונג אף די אויערן. פרעג איך דער מאמען: די אויערן מיינע זיינען פאשעטע אדער ניט? זאגט די מאמע „ווי באם טאטן", און איך געדענק ניט דעם טאטן, ער איז אוועקגעפארן, ווען איך בין געווען קליין... נאכדעם — מיר האבן שוין באסענע געהאט, האב איך דערציילט ראיען וועגן די אויערן, האט זי זיך גערייצט מיט מיר א יאר פינף... זי שרייבט זעלטן. איך האב זיך פארבענקט נאך די אייגענע... איך וואלט וועלן כאפן א קוק אף קיעוו! נאענט... מיינע זיינען דארט ניטא — האבן זיך עוואקוירט... אבער וואס פארא שטאט דאס איז! א שאד, וואס דו ביסט ניט געווען. זומער איז דארט גלענצנד...

פאר אסיפן האבן געבלאנקט זון־פלעקן, די לאווראַ, ראיעס ווייסע קלייד, אבער שילדערן דאס האט ער ניט געקענט.

מינאיעוו האט נאכדעם געזאגט אליאן:

— ער איז א וואונדערבארער מענטש. איך האב אים ניט באלד צעקייט, פון אנהויב פלעגט ער מיר ווירקן אף די נערוון; וואס דו זאלסט ניט זאגן, ברענגט ער דיר גלייך ציטאטן. איך רייד פון קרויט, און ער — מיט דיאלעקטיק. אבער ער איז ניט קיין טרוקענער, לאבלוטן ניט. א כאראקטער אזא... און א שעמעוודיקער. ווייסט פארוואס א טשערעפאכע האט א פאנצער? ווייל זי איז א פילבארע...

אליע האט פארזיכטיק, אבער מיט עפעס אזא אינערלעכער איבער־צייגונג געזאגט:

— איך האלט, אז ער איז א גוטער, נאר אן אומגליקלעכער.

— אן אומגליקלעכער? פארוואס?

— איך ווייס ניט, אזוי ווייזט זיך מיר אויס...

— האסטו געזען, ווי פריילעך ער איז נעכטן געווען? ווען ער האט מיט דיר געטאנצט, האט ער דאך מיר אפגעטראטן די פיס...

זי האט א שמייכל געטאן און געזאגט אקשאנעסדיק:

— זייער א פריילעכער... און דאך אן אומגליקלעכער...

אין צען טעג ארום האט זיך אסיפס טרוים פארווירקלעכט: מען האט איבערגעווארפן די דיוויזיע צום זשיטאמירער שאסיי, און ער האט געזען קיעוו. ווען ער איז ארויס אפן קרעשטשאטיק, האט ער זיך פארלוירן — יענע קיעוו, פון וועלכער ער האט אזויפיל געטראכט, איז ניט געווען. אונ־טערן קאלטן רעגן האבן זיך געשווארצט כורוועס. אסיפ האט געזען א סאך בארעווע שטעט, אבער מיט זיי איז בא אים געווען פארבונדן די מילכאמע; און קיעוו האט ער זיך פארגעשטעלט א פרידלעכע, אזא ווי ער האט זי פאר־לאזט. און אט איז ער אפן קרעשטשאטיק. פאר אים איז ניט קיעוו, נאר אלץ די זעלבע מילכאמע...

ער איז אוועק אף סאקסאגאנער — געוואלט א קוק טאן, צי עס איז געבליבן גאנץ דאס הויז, ווו זיי האבן געוווינט, און ער האט זיך דערפרייט, דערזעענדיק, אז דאס הויז איז אפן פלאץ; ער האט אנגעקלאפט צו די שכיי־נים יאסאווענקא; ער האט זיי קימאט ניט געקענט, אבער איצט האבן זיי זיך אים אויסגעוויזן ווי אייגענע, זיי האבן דאך געוווינט איינער לעבן אנ־דערן — לאנג, אין די יארן פון גליק... יאסאווענקא איז געווען אין דער ארמיי, די יינגערע טאכטער, גינאטשקא, האבן די דייטשן פארשיקט אף ארבעט, געבליבן זיינען מאריא ניקיפאראוונא און די הינקענדיקע גלאשא. דערזעענדיק אן אפיציר, האט מאריא ניקיפאראוונא גענומען שמייען; זי האט אלפערן ניט דערקענט, אבער יעדער מיליטערמאן האט איר דערמאנט אן איר מאן.

— זעצט זיך אין פאטעל. ניטא מיט וואס אייך מעכאבעד צו זיין, פארארעמט זיינען מיר געווארן אונטער די דייטשן...

ווען אסיפ האט זיך אנגערופן, האט זיך מאריא ניקיפאראוונא צעוויינט.

— וואס איז אייך? — האט געפרעגט אסיפ.

— איך האב זיך דערמאנט אייער מאמען, ווי זי איז, נעבעך, געקומען, געזאגט „מען שיקט אונדז ארויס, איך ווייס ניט, צי איך וועל עס איבער־לעבן, ניט זשע אכטונג אף די זאכן, ביז מיינע וועלן צוריקקומען!... מיר האבן דאן ניט געוווּסט, וואס די דאזיקע כאיעס האבן פארטראכט. נאכדעם איז געקומען גינאטשקא און זאגט: „אלעמען האט מען אומגעבראכט, אויך די קינדער"... איך האב ניט געגלויבט, אבער עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז עמעס... ווי נאר איך דערהער וועגן באבי־יאר, קען איך זיך ניט באהערשן, איך וויין... אין אייער צימער האבן זיי אריינגעזעצט אן אויסוואורף, ער האט

דאָס אויסגעזוכט, ווען מען זאָל פאַרשיקן קיין דייטשלאַנד, דאָס האָט ער גינאַטשקאַן אומגליקלעך געמאַכט...

מאַריאַ ניקיפאָראָוונאַ האָט עפּעס דערציילט. אָסיפּ האָט ניט געהערט. ער איז געזעסן אומבאַוועגלעך; זיין פּנים האָט אויסגעדריקט אַזאַ צער, אַז אַנטוקנדיק אים, איז מאַריאַ ניקיפאָראָוונאַ באַלד אַנטשוויגן געוואָרן, און גלאַשאַ איז אַרויסגעלאָפן אין קיך און זיך צעוויינט. אָסיפּ איז, ענדלעך, אויפגעשטאַנען, געזאָגט שטיל:

— צום ווידערזען, מאַריאַ ניקיפאָראָוונאַ.

זי האָט זיך איבערגעשראָקן.

— וואוהין גייט איר?... איר וואָלט דאָ אַביסל געזעסן מיט מיר...

— ניין, איך וועל גיין...

באַם אַראָפּגיין די טרעפּ, איז אים געקומען אַפן געדאַנק: און טאָמער האָט זי דאָ אַנגעפּלאָנטערט? ראַיע האָט דאָך געשריבן, אַז זיי האָבן זיך עוואַקויִרט... ער האָט אָנגעקלאַפּט צו די קוליקאָווס. די טיר האָט געעפנט אַן אַלטע פרוי.

— איך בין אַלפּער, — האָט געזאָגט אָסיפּ. — איר זייט געווען דאָ ווען די דייטשן זיינען געקומען?

— די גאַנצע צייט געווען, אויסגעפּייניקט זיך...

— מיין מאַמען האָט איר געזען?

ער האָט דאָס אַזוי אַ פרעג געטאָן מיט אַזאַ ציטער אין דער שטים, אַז דער קוליקאָווע האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער באַשולדיקט זי אין עפּעס. זי האָט גענומען שנעל ריידן:

— מיר האָבן דאָך גאָרניט געקענט טאָן... האָבן זיי זיך דען נאָכגעפרעגט באַ אונדז? זיי האָבן מיך אויך געשלעפּט אין דער קאָמענדאַנטור, קוים אַרויסגעריסן זיך... אַלע קאַסטנס אויסגענישטערט...

— איך בעט אייך, זאָגט, איר האָט געזען מיין מאַמען מיט דער טאָכטער?

— אין אָוונט האָב איך געזען, און בעיס זיי זיינען אַוועק, האָב איך זיך איבערגעשראָקן, פון שטוב ניט אַרויסגעגאַנגען...

ער איז אַוועק צום באַבי־יאַר. ער האָט געקוקט אַף די הייזער, אַף די ביימער, אַף דער אופגערודערטער פון האַרמאַטן־קוילן גאַס, ווי ער וואָלט וועלן איינקריצן אין זיקאָרן דעם גאַנצן וועג, וועלכן עס זיינען דורכגעגאַנגען זיין מאַמע און טאָכטער. ער האָט פון גאָרניט געטראַכט, ניט באַנומען נאָך די גאַנצע וואַגיקייט פונעם פאַרלוסט; ער האָט נאָר געאָטעמט שווער; גאָרניט געהערט; איז אַלץ געגאַנגען, געגאַנגען. איין געדאַנק האָט זיך דורכגעטראָגן אין זיין מויעך: ווי לאַנג זי איז — די לוואָווער!... ער האָט ניט געוווסט, אַז דערפון האָט אַ טראַכט געטאָן באַנע, ווען זי איז געגאַנגען מיט אַליענקאַן צום טויט.

ניטאָ קיינער אַרום. פלוצלינג איז פון אַ הייזקע אַרויסגעקראָכן אַ מענטש מיט מוטנע אויגן פון אַ שיכער. אָסיפּ האָט אים אָנגערופן:

— וווּ איז דער באַבי־יאַר?

— אָט דאָ, דערנעבן, אַף רעכטס און איר וועט גלייך דערזען. אַוואַדע,

קרויווים אייערע? דאָ זײַנען שוין געווען מיליטערלייט, געפרעגט... אָבער איך וועט דאָרט נאָרניט טרעפן. ווען די דײַטשן האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן זיך דאַרפן אָפּטראָגן, האָבן זיי צוזאַמענגעטריבן געפאַנגענע, געהייסן אַלעמען אויסגראָבן, עס זאָל ניט בלײַבן קיין שפור. טאָג און נאַכט האָבן זיי געברענט, ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען... טײַערער כאַווער, האָט איר ניט צום רויכערן?

און אָט איז באַבי־יאַר. ערטערווייז שוין ניטאָ מער קיין יאַר — פאַרשאָטן. זאַמד, געמישט מיט אַש. קליינע פאַרקוילטע ביינער. די מאַמע פלעגט קומען מיטן קאַשעק: „אָסיפּ, איך האָב דיר געקויפט מאַלינעס, האָסט דאָך ליב מאַלינעס... וואָס פאַראַ הויז מען האָט עס אויסגעבויט קעגנאיבער דעם טעאַטער!“... ער האָט צוגעזאָגט אַליאָן ברענגען פון מאָסקווע אַ בערעלע, און אַליאָ האָט געפרעגט: „ער בייסט זיך?...“ פריינט, באַקאַנטע, געוואַקסן מיט זיי, געלעבט... אָסיפּ האָט זיך געשטעלט אויף די קני און צוגעפאַלן צום נאַסן קאַלטן זאַמד.

ס'איז שוין לאַנג טונקל געוואָרן, און ער האָט נאָך אַלץ ניט געקענט אַוועקגיין. איצט האָט ער געטראַכט וועגן ראַיען, וועגן קויעך פון דער ליבע, וואָס האָט איר דיקטירט אַ ליגן — גענומען דעם גאַנצן פּײַן אויף זיך, געוואָלט אים אָפּצוימען...

איך האָב מיט איר אַזויפיל אָפּגעלעבט און ניט פאַרשטאַנען, וואָס פאַראַ מענטש דאָס איז. איך האָב זיך געוווּנדערט, וואָס זי איז אַוועק אָפּן פראָנט, ניט דערשראָקן זיך, ניט פאַרן זעלנערישן לעבן, ניט פאַרן טויט. אָבער זי האָט מער אויסגעהאַלטן — געשריבן מיר וועגן אַליאָן. ווי אַזוי איז עס איר געווען, אַ מאַמען?... איך האָב זי געפּייניקט, געשריבן: גוט, וואָס זיי האָבן זיך עוואַקויִרט, דאָרט האָט מען אַלעמען דערהאַרגעט, געפרעגט, ווי אַזוי איז אַליאָ צי זי איז אויסגעוואַקסן...

און אין דער מינוט, בעיס ער האָט אָפּן זאַמד פון באַבי־יאַר אַ טראַכט געטאָן וועגן ראַיען, האָט געזיגט דאָס לעבן. מען קען דערהאַרגענען אַ שוצלאָזן, אין שרעק פאַרן אָפּגעבן אַ כעזשבן; פאַרברענען דעם גוף, צעווייען דעם אַש, אַוועקנעמען די אײַדעס, אָבער מען קען ניט פאַרניכטן אינעם מענטש דאָס העכסטע — די ליבע. ראַיע האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פון די מערדער.

אָסיפּ האָט ניט געקענט ניט שרײַבן, ניט ריידן, ניט געוווּסט, ווי אַזוי אויסצודריקן דאָס, וואָס בײַ אים אויף דער נעשאָמע; שוין לאַנג, הינטער סטאַלינגראַד נאָך האָט ער אַ טראַכט געטאָן: פאַרוואָס בין איך אַזאַ ניט בארייִדעוודיקער, ווי מינאַיעוום הינטל, ער פילט אַוודע אויך עפּעס, ער קען אָבער ניט זאָגן... אין צוויי טעג אַרום האָט ער אָנגעשריבן ראַיען אַ בריוו:

„ראַיע, מײַן טײַערע ראַיע, זיי מויכל, וואָס איך האָב דיך געפּייניקט מיט פראַגן. איצט ווייס איך אַלץ. איך בין געווען אין באַבי־יאַר. דו, פאַרשטייסט זיך, ווייסט אויך אָן מײַן בריוו, וואָס פאַר אַ צאָרע עס האָט געטראָפן. הער, ראַיע, מיר דאַרפן עס ביידע איבערלעבן, קיין ווערטער וועלן ניט העלפן ניט מיר, ניט דיר, אָבער איך וויל דיך אָנעמען פאַר דער האַנט

און זאָגן — אַט זיינען מיר ביידע אַליין, עס האָט פּאַסירט עפּעס מוירעדיקס, און מיר וועלן לעבן, מירן גאָרניט פאַרגעסן, דערמיט וועלן מיר לעבן. איצט קען איך דעם קויעך פון דיין כאַראַקטער. היינט אין אָוונט גייען מיר אַוועק צו דער פאָדערשטער ליניע. איך ווייס ניט, וויפל זיי האָבן אויסגעהאַרגעט אין קיעוו, מען זאָגט זיבעציק טויזנט, ציפערן זאָגן גאָרניט, זיי האָבן דערהאַרגעט לעבעדיקע מענטשן. דאָס טאָר מען ניט מוחל זיין. טייערע מיינע, שטאַרק זיך! נאָכדעם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין באַבי־יאַר, האָב איך ניט מוירע פאַר ווערטער, איז וויל זאָגן, אַז איך מיט דיר זיינען אויף אייביק און דאָס איז שטאַרקער פונעם טויט.

אַסיפּ".

דערזעענדיק אַסיפּן, האָט זיך מינאַיעוו באַלד אָנגעשטויסן — עפּעס האָט פּאַסירט; ער האָט זיך אָבער ניט אַנטשלאָסן צו פרעגן, און אַסיפּ האָט געשוויגן. ערשט אין עטלעכע טעג אַרום, ווען זיי האָבן באַטראַכט מינאַיעווס געביט (די דייטשן האָבן צוגעפירט אַ פרישע דיוויזיע, זיי האָבן זיך, ווייזט אויס, צו עפּעס געגרייט), האָט אַסיפּ געזאָגט:

— די מאַמען און אַליאַן... אין באַבי־יאַר...

מינאַיעוו האָט אים שווייגנדיק געדריקט די האַנט. מער האָבן זיי דערפון ניט גערעדט.

די ווייטערדיקע וואָכן זיינען געווען אומרויִקע, אַז אַסיפּ האָט זיך ניט געקענט פאַרטראַכטן איבער דעם, וואָס האָט פּאַסירט: עס האָבן זיך אויסגעוויקלט שווערע קאַמפן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די דייטשן האָבן זיך ווידער אָנגענומען מיט מוט, דערמאָנט זיך דעם איין און פערציקסטן און צוויי און פערציקסטן. ס'איז פאַרשטייט זיך, שווער געווען צו באַגייסטערן זעלנער, וואָס טרעטן אויף קימאַט אַן אָפּהאַלט פון בעלגאָראָד און דאָנבאַס; די דייטשישע אָנפירונג האָט אַוועקגענומען אויף הינטער די מער אָפּגעריבענע טיילן; אַנשטאָט זיי האָט מען אַוועקגעשטעלט דיוויזיעס, געבראַכטע פון מיַירעוו. פונקט אַזוי ווי בײַ דער קורסקער שלאַכט, האָבן די דייטשישע זעלנער הייליק געגלויבט אין די „טיגערס" און „פערדינאַנדן". אַלע זיינען זיי געווען איבערפולט מיט דער אויפגאַבע: צוריקנעמען קיעוו, באַווייזן דער וועלט, אַז די דערפאָלגן פון די רויטע זיינען געווען צופעליקע.

די דייטשישע קאָנטראָפענסיווע האָט זיך געלונגען אָנגעהויבן; נאָך פאַרביטערטע שלאַכטן האָבן זיך די דייטשן אַריינגעריסן קיין זשיטאָמיר, געלאָזט זיך ווייטער צו קיעוו. דער דיוויזיע קאָמאַנדיר גענעראַל זיקאָוו האָט אָנפאַרטרויט אַסיפּן די פאַרטיידיקונג פון אַן אָפּשניט, איבער וועלכן עס זיינען דורכגעגאַנגען אַ שאָסיי און אַן אייזנבאַן־קנופּ.

דער שטאַב פון פּאָלק האָט זיך געפונען אין ניט קיין טיפע, אויף שנעל אויסגעגראָבענע טראַנשייען אויפן אָפּהאַנג פון אַ קליינעם היגל.

— גיב אַהער לעאַנידזען,— האָט אַסיפּ געזאָגט דעם אַדיוטאַנט.

אָבער מיט לעאַנידזען איז ניט געווען קיין פאַרבינדונג. מינאַיעוו האָט געענטפערט, אַז בײַ אים איז רויִק, אויב מען זאָל ניט רעכענען, וואָס „מען בויערט, ווי אויפן קורגאַן, זיי זיינען פון זינען אַראָפּ"... מיט פּאַלישטשוקן האָט זיך אויך איבערגעריסן די פאַרבינדונג, אָבער פון דאָרט איז געקומען

צו קריכן א פארבינדלער, געזאגט, אז די דייטשן זיינען צוגעקומען צו די פראנשייען און געלאזט זיך אף צוריק, דער דריטער באטאליאן האלט זיך גוט. דאס אלץ איז געווען ניין אזייגער אינדערפרי. און א פערטל עלף זיינען זיבן „טיגערס" צוגעקומען צום היגל, ווו עס איז געווען דער שטאב. ארום האבן אופגעריסן קוילן. אופהויבנדיק זיך יעדעס מאל, האט אסיפ געקוקט — צי אלץ איז אפן פלאץ. עס האט אים ארויסגערופן צום טעלעפאן דער דיוויזיע קאמאנדיר.

— ווי אזוי איז בא דיר? — האט געשריען זיקאוו.

— מיר האלטן זיך. זעקס און צוואנציק טאנקען. דורכגעגאנגען דורך לעאנידזען. זיבן „טיגערס" דא הינטער דער ליניע. בעט, מען זאל מיט די „קאטיושאס"...

צוויי „טיגערס" האט מען ארונטערגעהאקט, די איבעריקע האבן זיך געלאזט רעכטס — אף פאלישטשוקן, דער דריטער באטאליאן איז אפגעגאנגען. באלד נאך די טאנקען האבן זיך געלאזט די דייטשישע פוסגייער: זיי האבן אפגעווישט מינאיעוון. צום ענדע טאג זיינען דער שטאב פון פאלק און צוויי ראטעס געווען ארומגערינגלט. אסיפ האט א שמייכל געטאן: ווי איין איין און פערציקסטן—אנשטאט מיט א פאלק, וועט אויסקומען אנצופירן מיט צוויי ראטעס. זיי האבן זיך געהאלטן א מעסלעס, אסיפ איז געווען קאנטוזשעט, דער קאפ האט זיך געריסן פון ווייטיק, ס'האט געזיבלט. די טאנקען־אטאקע האט מען צוריקגעשלאגן מיט פלעשלעך. שפעטער האבן זיך דורכגעריסן צום שטאב א דיוויזיע־אויטאמאביל, געשיקט פון גענעראל, און מינאיעוום באטאליאן. אסיפ איז גלייך אפגעפארן צו לעאנידזען, אופגעמונטערט די מענטשן. אינדערפרי האט דער באטאליאן קאנטראטאקירט, צוריקגענומען א דערפל. דער טאג איז געווען א פארהעלטנישמעסיק רויקער. גענעראל זיקאוו האט ארויסגערופן אסיפן צו זיך. אסיפ האט באריכטעט וועגן דער לאגע: אלץ איז צוריקגעשטעלט, נאר פאלישטשוק דארף צוריקנעמען א כוטאר — ער איז אף א העכערן פלאץ, א גוטע פאזיציע... אבער פאלישטשוק האט גרויסע פארלוסטן. וועגן א רעזערוו באטאליאן...

— וואס איז מיט דיר? — האט געפרעגט זיקאוו — זעסט אוים ניט גוט...

— א קאנטוזיע, א קלייניקייט.

— וואלסטו זיך צוגעשפארט אף א שא.

— ניין, איך וועל צופארן צו פאלישטשוקן.

—ווארט צו, וועסט עפעס פריער אפעסן.

דער גענעראל האט אנגעגאסן בראנפן אפן דעק פון גרויסע גלעזער און פלוצלינג דערזען, אז אסיפ שלאפט. דער טייוול וויים, ווי אזוי די מענטשן האבן זיך איבערגעהארעוועט!... זיקאוו האט זיך באמיט צו עסן שטילער, און אסיפן וואלטן, דאכט זיך, קיין הארמאטן־קוילן אויך ניט אופגעוועקט, ער האט זיך שוין דריי נעכט ניט צוגעלייגט. שפעטער איז ער אופגעשפרונגען, א טרייסל געטאן מיטן קאפ און אוועקגעפארן צו פאלישטשוקן.

— מינאיעוו? ווי אזוי איז בא דיר?

— גארניט. ווייזט זיך ארוים, אז די מילכאמע גייט ווייטער...

נאך פיר טעג האבן אנגעהאלטן פארביטערטע קאמפן: אטאקעס, קאנטער־אטאקעס. דערנאך איז געווארן שטילער: די דייטשן האבן אופגעהערט טראכטן פון קיעוו. אסיפ איז אפגעשלאפן זעקס שא, ארומגעוואשן זיך מיט אייזוואסער — עס האבן אויסגעבראכן פרעסט — און איז געווארן אומרויק: פארוואס זיינען ניטא קיין בריוו פון ראיען? ער האט איר אנגעשריבן: ער לעבט, איז געזונט, ווארט אף בריוו — „אין דיר איז איצט מיין גאנץ לעבן"...

## XVIII

— די באנדיטן זיינען שוין אינגאנצן ארוים פון די קיילים, — האט געזאגט פאלקאווניק שומער. — פאר צוויי וואכן — פיר מיליטערישע עשעלאנען... איך ווייס ניט, וואס עס האט זיי אזוי דערמונטערט — דער מארד פון הויפט־קאמיסאר, אדער די אפענסיווע פון די רויטע, אבער פון הארבסט אן קערן זיי ווערטן...

— עס זיינען אויך שולדיק די אונדזעריקע, — האט געענטפערט שירקע. — איך בין דא צען כאדאשים און איך הער נאר איין זאך — ניטא זיך וואס צו צערעמאניען מיט די רוסן". באגרייפט איר, אז דא האנדלט זיך ניט וועגן צערעמאניעס. געווים, איז אין פראנקרייך אלץ א סאך לייכטער, אבער מאנעווורירן דארף מען אויך דא. די רוסישע נעשאמע איז פינצטער, דורכן דאזיקן וואלד קען מען דורכגיין, מען קען זיך אבער אויך אין אים פארבלאנדזשען. אויב איר ווערט דערלויבן, הער פאלקאווניס, וועל איך אייך באקענען...

ער האט ארויסגענומען פון דער טעקע א בייגעלע, פארשריבן מיט קליינע אויסיעס, גענומען פארלייגן זיין פראיעקט. שומער האט אים געהערט ניט אופמערקזאם, ער האט געטראכט: און ווער איז עס, אייגנטלעך, אט דער שירקע? א מאיאר, און ווייטער וואס?... אים האט רעקאמענדירט קובע. דעם ארעמען היינץ האט מען אריבערגעפירט אף פראנט־דינסט, ווי נאר ער האט אנגערופן דעם מאיאר „אוזורפאטאר". שירקע אליין שפילט זיך אין באשיידנקייט, זאגט, אז ער איז א פאשעטער ארבעטער, ער האט זיך אפילע אנגערופן „א דינסט פאר אלץ". געווים, פארבונדן מיט הימלערן... יעדנפאלס, לוינט ניט אופצורייצן אים, און ווען שירקע איז אנטשוויגן געווארן, האט דער פאלקאווניק געזאגט:

— איך מיין, אז דאס איז צו דין פאר דער היגער באפעלקערונג, עס פילט זיך, אז איר האט לאנג געארבעט אין פראנקרייך. אבער פרווט... איר ווייסט, הער מאיאר, איך בין אנטציקט פון אייער ענערגיע...

שירקע האט בעעמעס א סאך געארבעט. די סוויווע האט אים געדריקט. דערמאנענדיק זיך די פרישטיקן מיט בערטין, פלעגט ער שמייכלען: איצט קומט אוים צו שרעקן די ווילדע. מיט א פידל קלאפן זיי ארין נעגל... אבער ער האט זיך ניט באקלאגט. די לאגע איז אז ערנסטע, די רויטע גייען פארויס; אט טאקע דא, אין רוסלאנד, וועט באשלאסן ווערן דער שיקזאל פון נאציאנאל־סאציאליזם. זאל זיך דעם טאטנס זונדל הובערט אדער דער סיבארים

שומער טראכטן וועגן זייער פעל; אזעלכע הערן זיינען גרייט אין יעדן מאָמענט צוזאמענריידן זיך מיט די אנגלאזאקסן. און איך וועל לעבן, אויב עס וועט נאָר לעבן דער דריטער רייך!...

אין דעם דאַזיקן גוטן באַאַבאַכטער און קלוגן מענטשן איז געווען אַן אינערלעכע באַגרענעצטקייט; די דינקייט זיינע פלעגט זיך נאָר אַרויסווייזן אין דער קאָמפּליצירטקייט פון די אויפאַנים, אין זיינע האַנדלונגען און אין דער שאַרפקייט פון רעפּליקעס, די נעשאָמע פלעגט בלייבן האַרט און גראָב, ווי אַ שטיין. דעם פיורערס ווערטער זיינען פאַר אים געווען ניט קיין אויסדרוק פון אַ מענטשלעכן געדאַנק, נאָר געבאָטן. אין פּאַריז פלעגט ער, קעדיי צו באַפּעסטיקן די הערשאַפט פון דייטשלאַנד, באַזוכן די שענסטע רעסטאָראַנען,ריידן מיט ניוועלן וועגן פּאָעזיע, האַלטן זיך פריי, אומבאַצוווּנגען, קימאַט לייכטזיניק. דאָ איז ער געשלאָפן אין אַ הילצערנער שטוב, פול מיט וואַנצן, געגעסן קאַרטאָפל מיט כאַזער, געגאַנגען איבער דער שטאָט ניט מוירע האָבנדיק, מען זאָל אים דערשיסן, געגאַנגען אין קלויסטער, האָגאָם לויטן פּאַס איז ער געווען אַ פּראָטעסטאַנט און ניט געגלויבט אין גאָט. ער האָט געוואָלט אַריינברענגען אַן אָרדענונג; אים האָבן געשטערט נאַראָנים און לײדיקגײער.

נאָכן שמועס מיטן פאָלקאָווניק, האָט ער זיך אופגעמונטערט. ער האָט שוין לאַנג געפאָדערט, אַז מען זאָל ברענגען פון ליטע אַן אָטריאַד פּאָליציי. ערשט איצט האָט ער עס געקענט פאַרווירקלעכן. אַפן צעטעלע, וואָס ער האָט געהאַלטן, ריידנדיק מיט שומערן, איז געווען אָנגעצייכנט „בליץ־אַפּלייטער": שירקע האָט אויסגעקליבן אַ יונגן פּאָליציימאַן מיט אַ טעמפּן פּאָנעם.

— ווי אַזוי געפעלן דיר די היגע מיידלעך? — האָט געפרעגט שירקע.

— איך האָב זיי ניט געטשעפּעט, — האָט געענטפערט דער איבערגעשראָקענער פּאָליציימאַן.

— אין טאָקע זייער נאַריש. שוין היינט זאָלסטו אויסקלייבן אַ פיינע מיידל און נעם איר צו זיך...

— איך וועל בעסער אויסוואַרטן...

— אויב אַזוי, באַפעל איך דיר — היינט אין אָוונט נעמסטו זיך אַ מיידל. קלאָר?

די באַפעלקערונג פון שטאָט האָט זיך געקענט איבערצייגן, אַז די דייטשן וואַכן איבער דער געזעצטלעכקייט: דעם פּאָליציימאַן, וואָס האָט באַליידיקט אַ מיידל, האָט מען אופגעהאַנגען בעפערעסיע אינמיטן מאַרק. אין אַ שמועס מיטן בירגערמייסטער האָט שירקע אונטערגעשטראָכן: „אַלע עקסצעסן, אַף וועלכע מען באַקלאָגט זיך דאָ, זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך דער פּאָליציי — די דייטשן האָבן דערצו קיין שייכעס ניט..."

שירקע האָט אויסגעזוכט אין מינסק אביסל גאַלאַנטעריי־אַרטיקלען און שרייב־געצייג; אין די היגע קרעמלעך האָבן זיך באַוויזן געווייסע אַרטיקלען. די פעלד־זשאַנדאַרמעריע האָט אַרעסטירט צוויי זעלנער, וואָס האָבן צוגענומען בײַ אַ פויערטע אַ גאַנדז. שירקע האָט אויסגעלערנט אַף אויסנווייניק צענדליקער זאַצן אַף ווייסרוסיש און געהאַלטן אין שטאָט־פאַרוואַלטונג

אַ רעדע: ער האָט צוגעזאָגט די אײַנוווינער רויִקייט, און אַף ווייטער אויך אַ גוטן לעבן.

נאָכדעם האָט ער זיך פאַרנומען מיטן איקער — מיט די נאַליבאָקער געדיכטע וועלדער. אין די וועלדער האָבן זיך כּוֹח רויטע פּאַרטיזאַנען, אויסבאַהאַלטן פּאָליאַקן, וואָס זײַנען געווען אין קאָנטאַקט מיט דער לאָנדאָנער רעגירונג. שירקע האָט שוין לאַנג געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך מיט זיי צוזאַמענריידן, אָבער הובערט האָט מוירע געהאַט. איצט האָט דער פּאָלקאָווניק געגעבן שירקען פרייע הענט. אין דער הייזקע האָט ער זיך געטראָפן מיט אַ פאַרשטייער פון די „לאָנדאָנער" (אַזוי האָט זיי שירקע גערופן).

— איר האָט אונדז ניט ליב, — האָט געזאָגט שירקע, — דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך. איך קלייב זיך ניט צו מאַכן אײַך אַ ליבע־דערקלערונג, צו וואָס נאַרן איינער דעם אַנדערן? אָבער איך ווייס, אַז איר האָט אויך ניט ליב די רוסן. איך לייג אײַך פאָר אַ געשעפטלעכן אָפּמאַך — מיר וועלן זיך צײַטווייליק אָפּהאַלטן פון פײַנטלעכע האַנדלונגען. וועט איר קענען באַפרייען דעם ראַיאָן פון די רויטע.

אין אַ האַלבער שאָ אַרום איז געווען אונטערגעשריבן דער אָפּמאַך: די פּאָליאַקן האָבן באַקומען דאָס רעכט צו קומען אין שטאָט אַרײַן אײַנצוקויפן וואָס זיי דאַרפן, אָבער נאָר באַטאָג און אין קליינע גרופּעס, ניט העכער פון צען מאַן. ביידע צדדים האָבן זיך פאַרפליכטעט צו קעמפן קעגן די רויטע. שירקע האָט עס געהאַלטן פאַרן ערשטן זיג.

פון די היגע אײַנוווינער האָט שירקע געהאַט צוטרוי נאָר צום פאַרטרעטער פון בירגערמייסטער וואַסילענקאָ. דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר דרײַסיק, אַן עלנטער און קרענקלעכער. אין די צײַטן פון די פּוילישע האָט ער געהאַלטן אַ קליין געוועלבל, פאַרנומען זיך מיט קאָנטראַבאַנד און פאַרפאַסט לידער וועגן ליבע. ווען מען האָט אײַנגעשטעלט די סאָוועטן־מאַכט, האָט ער אָנגעשריבן אַ פּיעסע וועגן די לעגענדעס פון ווײַסרוסלאַנד און אָפּגעשיקט עס צו אַ קאָנקורס. ווי נאָר עס זײַנען געקומען די דײַטשן, האָט ער זיך געמאָלדן אין קאָמענדאַנטור. „די רויטע האָבן אײַך רעפּרעסירט?" — האָט אים געפרעגט אַ דײַטשישער אָפיציר. וואַסילענקאָ האָט געענטפערט: „פיזיש, ניין, אָבער גײַסטיק האָבן זיי מיך אונטערדריקט, איך — בין אַן אידעאַליסט".

שירקע האָט געזאָגט וואַסילענקאָן:

— איך דאַרף האָבן אַ מענטש מיט אַן אומבאַפלעקטער רעפּוטאַציע, קעדיי אונטערצושיקן צו די פּאַרטיזאַנען...

באַטראַכטנדיק דעם איניען, האָט וואַסילענקאָ אָנגערופן דעם געהילףפעלדשער פּאַשאַ קוטאָס, אַ גיבער, אָבער זייער אַ שטילער מענטש, וועגן וועמען מען האָט, לאַכנדיק, געזאָגט, אַז ער נעמט אַפילו אַראָפּ דאָס היטל פאַרן פּאָלקאָווניק שומערס הינטל. מען האָט קוטאָסן בײַנאַכט אַרעסטירט און שרעקלעך צעשלאָגן. אינדערפרי האָט מען אים געבראַכט צו שירקען.

— איך בין אין גאָרניט שולדיק, — האָט געזאָגט קוטאָס.

— מעגלעך, אײַך האָט אַרעסטירט נעשטאַפּאָ, איך האָב דערצו קיין שום שײַכעס ניט. איך וויל אײַך פאָרלייגן אַן אויסוועג... איר וועט אויסזוכן

די פּאַרטיזאַנער, זאָגן, אַז איר האָט שוין מער ניט געקענט איבערטראָגן די אינויִם. מיר דאַרפֿן פֿעסטשטעלן אומגעפֿער די צאָל פֿון אָטריאַדן און די סיגנאַלן פֿאַר די אַוויאַנער. צען טויזנט רובל און אַ רויִקע עקזיסטענץ.

— זיי וועלן מיך דערהאַרגענען, — האָט געזאָגט קוטאַס.

— זיי וועלן אייך אופֿנעמען מיט אָפֿענע אָרעמס, איר האָט די בעסטע באַשטעטיקונג; איר טוט אויס דאָס העמד און ווייזט, וואָס געשטאַפּאָ האָט אייך געמאַכט. דערביי, וועלן מיר אייך קלוימערשט ניט אַרויסלאָזן, איר וועט אַנטלויפֿן, מיר וועלן געבן אַ מעלדונג אין „מינסקער צייטונג", מיר זאָגן צו אַ סומע געלט פֿאַרן כאַפּן אייך...

קוטאַס האָט געקלאַגט. שירקע האָט אַ טראַכט געטאָן, וואָס פֿאַראַ טיפּעש וואַסילענקאָ האָט מיר אונטערגערוקט! איך האָב נאָך ניט געזען באַ אַ מענטשן אַזעלכע אויגן — אַ שעפּס... ענדלעך האָט קוטאַס מאַסקים געווען.

— איר טראַכט נאָר ניט אַמאָל אָפּ אַז עמעס איבערצוגיין צו די רויטע, — האָט אים געזאָגט שירקע. — איך האָב אייערע אַ קאַבאַלע. אויב איר וועט האַנדלען ניט ערלעך, וועל איך דאָס איבערשיקן אין ענקאַווועדע...

ס'איז פֿאַרביי אַ וואָך. שירקע האָט געוואַרט אויף ידיעות פֿון קוטאַסן. די „לאַנדאַנער" האָבן מודיע געווען, אַז עס איז פֿאַרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס מיט די רויטע: זעקס רויטע זיינען דערהאַרגעט געוואָרן. פֿאַר אַן אַנהויב איז עס ניט שלעכט, האָט זיך געזאָגט שירקע. אָבער אַ שטימונג האָט ער געהאַט אַ מוירעדיקע, די קאָנטראָפֿענסיווע אויף קיעוו האָט זיך אויסגעוועפּט. די רויטע האָבן זיך גענומען רירן באַ וויטעבסק. אויף דאָרעם איז אויך שווער. האַנס שרייבט פֿון אַנגולעם, אַז די פּראָנצויזן זיינען פֿרעך געוואָרן, וואַרטן אויף דעסאַנט, אומעטום טעראָריסטן. עס קומען אָן שווערע טעג...

ניט ווייט פֿון שטאָט זיינען די פּאַרטיזאַנער באַפֿאַלן אַ קאָלאָנע. עס איז געלונגען צו כאַפּן איין באַנדיט. געשטאַפּאָ האָט אים לאַנג אויסגעפֿאָרשט, גאָרניט דערוווּסט זיך, דער פּאָלקאָווניק האָט געזאָגט שירקען:

— ס'וועט אויסקומען אופֿצוהענגען. איך האָב אים געזען. אַ יונגער. זאָגט, אַז ער איז אַ סטודענט, אַ פּאַשעטע פּאָנעם, אַפֿילע סימפּאַטיש...

— אויב איר האָט ניט דאַקעגן, — האָט געזאָגט שירקע, — וועל איך מיט אים כאַפּן אַ שמועס. אויסצופֿאָרשן נעם איך זיך ניט אונטער, ווי באַלד געשטאַפּאָ האָט זיך גאָרניט דערשלאָגן... מיר ווילט זיך פֿאַנאַנדערקלייבן אין דער פּסיכיק פֿון די דאָזיקע באַנדיטן.

שומער האָט געענטפֿערט „ביטע", און נאָכדעם, לאַכנדיק, געזאָגט הינטערן: „שירקע טרוימט פֿון אַ ליטעראַרישער קאַריערע. ער האָט אָנגעהויבן פֿון קנעפּלעך, און ענדיקן וועט ער מיט אַ פּסיכאָלאָגישן ראָמאַן. קימאַט דאָסטאָיעווסקי"...

דער מענטש, וואָס מען האָט געבראַכט צו שירקען, איז טאַקע געווען אַ סטודענט פֿון פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנרופֿן זיך, אין די פּאַפּירן פֿון געשטאַפּאָ איז געשטאַנען „איוואַן". ער האָט איבערראַשט שירקען מיט זיין אויפֿן פֿון קוקן — ער האָט געקוקט זיכער, אַפֿילע כוצפּעדיק.

— זעצט זיך, אויב איר ווילט רויכערן, רויכערט; אויב איר האַלט, אַז איר קענט ניט נעמען פּאַפּיראָסן בּאַ אַ סוינע, רויכערט ניט. איך קלייב זיך מיט אייך שמועסן אויף אַלגעמיינע טעמעס. ווער ווייס — עפּשער בין איך אַליין אויך ניט זיכער אין דער גערעכטיקייט פון אונדזער זאַך?... אויב מיינע פראַגן וועלן זיך אייך אויסווייזן שווער צום ענטפערן, ענטפערט ניט. איך וועל אייך פרעגן, פאַרוואָס האָסט איר אונדז?

— שווער צום באַענטפערן?... — דער אַרעסטירטער האָט אַ שמייכל געטאָן. — יעדעס קינד וועט אייך ענטפערן. דערפאַר וואָס איר זייט צו אונדז געקומען...

— בעיים מילבאַמע קומט שטענדיק עמיצער צו עמיצן...

— איר האָט אַנגעהויבן.

— מיר האַלטן, אַז איר האָט אַנגעהויבן, און מיר האָבן אייך נאָר אַרויסגעבאַפּט דעם קאַזיר. אויב איר וועט זיגן, וועט איר פאַרזיכערן, אַז מיר האָבן אָנגעהויבן; אויב מיר וועלן זיגן, וועלן מיר אייך צווינגען אָנער־קענען, אַז איר האָט אָנגעהויבן. דאָס איז ניט אינטערעסאַנט... איך טראַכט איצט פון עפּעס אַנדערש. מיר זיינען געקומען צו אייך אין לאַנד ווי פאַר־שטייער פון אַ העכערער קולטור, דאָס איז קלאָר, עס קלעקט צו באַגרייפן, וואָס עס פילן אונדזערע זעלנער אין אייערע הייזער, וואָס פאַרמאָגן ניט דעם פרימיטיווסטן קאָמפאָרט. איר קענט פאַרלייקענען די ראַסן־טעאָריע, אָבער ניט קיין פאַקטן — מיר זיינען בעעמעס העכער פון אייך. פאַרוואָס שווייגט איר?

— פון וואָס זאָל איך מיט אייך ריידן? אייערע מיטבירגער האָבן מיך געכטן געברענט מיט אָנגעגליטע אייזנס. אָט דאָס זיינען אייערע הויכקייטן.

— איר זייט הויכמוטיק — פונעם געפיל פון אייער ניטפּאָלוּוערטיקייט. איר זייט פאַרסאַמט מיט איין זאַך — מיט האַס...

— ניט נאָר דערמיט...

— מיט וואָס נאָך?...

קוקנדיק שירקען גלייך אין פּאָנעם אַריין, האָט דער מענטש, וואָס האָט זיך אָנגערופן איוואַן, געענטפערט:

— מיט פאַראַכטונג.

— אינטערעסאַנט!... צו וואָס? צו די מעטאָדן פון געשטאַפּאָ?

— ניט נאָר דאָס. צו אייער פילאָזאָפיע, צו אייער קאָמפאָרט, פערזענ־לעך צו אייך...

— איר זייט אַ פרעכער יונג, אָבער איך פאַרשטיי — איר האָט ניט וואָס אָנצוּווערן... אין אייער שטרעבונג צו דערנידעריקן דעם סוינע איז פאַר־ראַן עפּעס נידעריקס. אָט בין איך דאָ פאַר אייך, אַ דייטש. איר האָט גע־זאָגט, אַז איר האַסט מיך. אָבער צי דען פאַרשטייט איר, פאַרוואָס איך קעמף?

— עפּשער צוליב טעמפּקייט — איר פירט אויס אַ באַפעל, האָגאָס אייער אויסזען איז גיכער פון אַז אויסוואורף, ווי פון אַ טעמפּן. עפּשער צו־ליב גייציקייט — איר האָט דאָרט באַ זיך געהאַנדלט מיט שלייקעס, און דאָ זייט איר אַ קייסער און אַ גאַט, און בעסטן פאַל קעמפט איר דערפאַר, ווייל איר זייט איבערצייגט, אַז אייער דייטשלאַנד איז העכער פון אַלץ.

— ווי איר זייט קלוימערשט ניט איבערצייגט אין דעם, אַז אייער סאָ־וועטן־רוסלאַנד איז העכער פון אַנדערע לענדער?

— איך האָב אַ טאַם געהאַט, ווען איך האָב געזאָגט, אַז איר זייט גיכער אַן אויסוואַרף, ווי אַ טעמפּער קאָפּ. איר זייט אי דאָס אי יענץ. ווי קענט איר פאַרגלייכן זעלבסטאָפּפערונג מיט זעלבסטצופרידנקייט? אונדזער אידיי איז ברייטער פון אונדזער לאַנד, האָגאַם איר האָט געקענט באַמערקן, אַז אונדזער לאַנד איז ניט קיין קליינטשיקס...

— אין וואָס־זשע איז די ברייטקייט פון אייער אידיי? אין **דעם** פאַר־מעסט פון אייער כוצפּע?

— דאָס איז גאַנץ פּאַשעט. ווער איז דאָ מיט אייך? גאַנאַווים, שיקורים, לוי־יוצלעכס. איר אַליין פילט עס, עס שטייט אייך אַפילע ניט אָן צו באַווייזן זיך בעיים די אַפּיציעלע צערעמאָניעס, און מיט אונדז איז טעלמאַן, איך מיין, אַז דאָס איז דער אַנשטענדיקסטער דייטש. אים האָס איך ניט, ניין, איך שעץ אים, עס קימערט מיך ניט, וואָס ער איז אַ דייטש. און אייך האָס איך ניט דערפאַר, ווייל איר זייט אַ דייטש, נאָר דערפאַר, וואָס איר זייט אַ פּאַשיסט.

שירקע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — מען קען אים שוין אָוועקנעמען... ער איז מיד געוואָרן פון שמועס. יאָ, אַזאַ איינעם וועסטו ניט איבערצייגן... דאָס איז אַ קאַמף אויף טויט — מיר אָדער זיי. ער האָט געזאָגט דעם פּאַלקאָווניק שומערן:

— אַ שאַד, וואָס עס זיינען ניט געווען באַם דאַזיקן געשפּרעך אונדזערע „ביסמאַרק־לייט", זיי האַלטן דאָך נאָך ביז איצט, אַז מען קען זיך צוזאַמענ־ריידן מיט די באָלשעוויקעס... איר וועט אים אופהענגען?

— אַזוי ווייזט עס אויס...

— איך וואָלט אַזאַ איינעם דערשאָסן...

אַליין ניט איינזעענדיק דאָס, איז שירקע דערשיטערט געוואָרן פון דעם מענטש, מיט וועלכן ער האָט נאָר וואָס גערעדט. אָבער ווען דער פּאַלקאָווניק האָט אים איבערגעפרעגט „הייסט עס לויט אייער מיינונג, איז בעסער דער־שיסן?" איז שירקע געקומען צו זיך און געענטפערט: „ניין, ס'איז פּאַרט בעסער אופצוהענגען — עס וועט מער נוצן ברענגען דער באַפעלקערונג"...

באַנאַכט איז ער שלעכט געשלאָפן: ער האָט געטראַכט וועגן דער צו־קונפט; ער האָט געפילט אַז אויף דייטשלאַנד רוקט זיך אָן אַ שטורעם, און ער איז געווען גרייט אויף אַלץ, אַבי נאָר אַפּצוטרייבן אים.

דעם פּאַרטיזאַן, וואָס האָט זיך אַנגערופן איוואַן, האָט מען אופגעהאַנ־גען דעם ניינצנטן דעצעמבער. אין עטלעכע טעג אַרום, גענוי דעם פיר און צוואַנציקסטן, האָט שירקע געגעסן אוונטברויט באַם פּאַלקאָווניק שומער. דעם וויינאַכט־בוים האָט מען באַפּוצט מיט וואַטע און פּאַפּירענע פענדלעך. דער דענשטשיק האָט גלענצנד אָפּגעבראָטן אַ גאַנדז. הובערט האָט געבראַכט אַ פּאַטעפאָן. דערהערנדיק אַן אַלט לידל וועגן אַ מיידל אונטער אַ לינדן־בוים, האָט שירקע דערפילט, אַז אַ קנייַדלכל קומט אים אונטערן גאָרגל: דאָס דאַזיקע ליד האָט אַמאָל געזונגען זיין מאַמע... שירקע איז געווען סענ־טימענטאַל, אַ דערציילונג וועגן אַן אומגליקלעכער ליבע, אַ פּאַטריקנט בלומל

אין אַ ביכל, מוזיק פון אַ קאַטאַרינקע, אַ זון־אונטערגאַנג, פלעגן אים דערפירן קימאַט ביז צו טרערן. איצט איז ער געווען צוגעגרייט צו זאָרג און טרויער, סיי דורכן ווייַן, סיי דורך דער מוזיק און דערינערונגען. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, פון גאַרניט געטראַכט...

דער אופרייס איז געווען אַ שרעקלעכער. דעם פּאַלקאָווניק שומער האָט אָפּגעריסן אַ האַנט. הובערט איז דערהאַרגעט געוואָרן. שירקע האָט אָפּגעפּאַטערט מיט אַ פּאָר ראַצן. אַף דער גאַס האָט מען געשאָסן. ווען שירקע איז אַרויסגעלאָפן אַפן פּלאַץ, האָט ער דערזען דעם טויטן קערפּער פון וואַרזעלנער. ער האָט גענומען שרייען; עס איז צוגעלאָפן אַ זעלנער אין טויטשרעק און געמורמלט „באַנדיטן"... די קאַזאַרמעס זיינען געווען אין פאַרשטאָט; דאָרט האָבן די זעלנער געיאַנטעוועט. עס איז אַריבער ניט ווייניקער פון אַ שאָ, ביז שירקען איז געלונגען אופצוקלערן וואָס עס איז אייגנטלעך פאָרגעקומען. פון דער נאַליבאָקער וואַלד־ווילדעניש האָבן זיך אַריינגעכאַפּט פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן אויסגעקוילעט די פּאָסטנס, נאָכדעם אַריינגעוואָרפן אַ האַנט־גראַנאַט אין הויז, ווו עס האָט געוווינט דער פּאַלקאָווניק. צומאָרגנס האָט זיך שירקע דערוווּסט, אַז מיט די פּאַרטיזאַנער איז אַוועק דער פאַרטרעטער פון בירגערמייסטער וואַסילענקאָ, פון פּאַשאַ קוטאַס זיינען ניט געווען קיין שום יעדיִעס.

שירקע האָט אָנגעשריבן דעם זון: „דאָ איז איצט שווער, אָבער איך בין ווי פריער זיכער אין אונדזער זיג. האַנס, זיי גרייט צו שטאַרבן פאַרן פירער און פאַר דייטשלאַנד".

## XIX

דער אַטריאַד האָט ניט פאַרלאָרן קיין איין מענטש, אַוועקגעלייגט באַ צוואַנציק דייטשן, אופגעריסן דעם פּאַלקאָווניקס הויז, גענומען אַ סאַך געווער און באַשפּייזונג. אויסטרינקענדיק אַביסל קאָניאַק, האָט זיך וואַסילענקאָ אַריינגעלאָזט אין כאַלוימעס:

— עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, וועל איך אָנשרייבן אַ פּיעסע — וועגן פּאַרטיזאַנער און וועגן דייטש. ווען איר וואָלט אַ קוק געטאָן אַפן דאָזיקן שירקע!... איך וועל אומבאַדינגט אָנשרייבן און אַוועקשיקן צו אַ קאָנקורס.

וואַסיאַ האָט אַ שמייכל געטאָן:

— דו פּאַדער, אַז מען זאָל מיך איינשליסן אין זשורי — איז די ערשטע פּרעמיע געזיכערט...

דעם גראַנאַט אין פּאַלקאָווניקס הויז האָט געוואָרפן וואַסיאַ — ער איז צוגעשטאַנען, אַז נאָר ער דאַרף וואַרפן — פאַר איוואַנען. און נאָכדעם האָט ער זיך דערנערווירט: און טאָמער איז דאָרט קיינער ניט געווען. עמעס טאַקע, וואַסילענקאָ האָט געזען ,ווי צום פּאַלקאָווניק זיינען געקומען געסט, זיי האָבן אָבער געקענט אין דער לעצטער רעגע ערגעץ אַוועק...

אין צוויי טעג אַרום האָט מען געשיקט אין שטאָט אַריין נאַסטיאַן; זי איז צוריקגעקומען מיט גוטע נייַעס: קאַפּיטאַן הובערט איז דערהאַרגעט, פּאַל־

קאוניק שומער איז שווער פארוואונדעט. וואסילענקא האט געהאט פארדרוס, וואס מען האט ניט דערהארגעט דעם מאיאר שירקע: „איך קען אים — דאס איז דער הויפט־שערעץ"... און וואסיא האט זיך בארויקט: אביסל האט מען זיי אנגעלערנט...

ער האט ניט געקענט פארגעסן איוואנען: צוזאמען געקעמפט א יאר — איוואן איז אנטלאפן פון לאגער אין טראסטיאנעץ. זיי פלעגן אפט שמועסן אין די נעכט. געדענקט אף אויסנווייניק א סאך לידער, איבערדערציילט ראמאנען וואס ער האט דורכגעלייענט. וואסיא פלעג אים רופן „לעבעדיקע ביבליאטעק", און וואסיא פלעגט ריידן וועגן ארכיטעקטור — וועגן פיראמידן און וועגן די מאסקווער הייזער. וועגן קופאל פון סאפיע, וואס „האלט זיך, ווי אף א פעדימל", און וועגן הימלקראצערס. צייטנווייז פלעגן זיי אויך ריידן פון זייערע אינטימע איניאנים. איוואן איז געווען פארליבט אין איינער א סטודענטקע, וועמען עס איז גאר געפעלן אן אנדערער. שמייכלענדיק, פלעגט ער זאגן:

„די דאזיקע אלטע געשיכטע בלייבט אייביק ניי"...

וואסיא האט ניט געוווּסט, ווי אזוי צו דערציילן פון זיין גליק, וואס האט סאכאקל אנגעהאלטן איין נאכט, אבער וואס האט זיך אים אויסגעדאכט לאנג, קאמפליצירט און אומפארשטענדלעך; ער פלעגט נאר צייטנווייז ארויסזאגן אפן קאל דעם טייערן נאמען.

אין א געוויינלעכער צייט וואקסן די מענטשן, ווערן דערוואקסן, עלטערן זיך, אוטערוואָרפנדיק זיך דעם ריטם פון יארן, און מען כידעשט זיך, זאגנדיק וועגן איינעם, אז ער האט אין זיך איינגעהאלטן א סאך קינדישעס, און וועגן אן אנדערן, אז ער האט זיך פאר דער צייט געעלטערט. די גייסטיקע דערפארונג, וואס אונטערשיידט א דערוואקסענעם מענטשן פון א יונגנמאן, ווערט דערווארבן לאנגזאם. אנדערש ליגט זיך צוזאמען דאס גייסטיקע לעבן אין צארעדיקע יארן: די מענטשן פארלירן און דערווערבן דאן אומגעהויער שנעל; עס פארשווינדן די באגריפן פון עלטער, דאס הארץ ווערט גלייכצייטיק סיי פארהארטעוועט און סיי באזונדערס עמפינדלעך; די וועלט ווערט איינגעשרומפן: א בערגל — פאר א זעלנער, א וואלד — פארן פארטיזאן, און די דאזיקע וועלט ווערט ברייטער, ווייל פון די געפילן, וואס זיינען אנטבלויזט, פונעם פילן דעם צוזאמענבונד מיט די אנדערע, הויבט דער מענטש אן צו לעבן ניט מיט איינעם, נאר מיט א סאך לעבנס.

נינא געארגיעוונא האט זיך וואסיא אויסגעוויזן צו פראסט. ביז דער מילכאמע האט ער זיך מער צוגעקוקט צום לעבן, ווי געלעבט. פארשטייט זיך, אז אים זיינען געווען באקאנט שווועריקייטן, נויט, ער האט אבער ניט געוווּסט פון געפארן, ניסיוינעס, פון יענעם גייסטיקן לאבירינט, אין וועלכן עס האבן געבלאנדזשעט א סאך יונגעלייט פון מייַרעוו, פארזארגטע און, מען וואלט געקענט מיינען, גליקלעכע. דאס, וואס עס האט זיך דער מאמען אויסגעוויזן אלס פראסט, איז געווען די יוגנט, וואס איז נאך געווען פריי פון עכטע ניסיוינעס. דאכט זיך, נאר נאטאשא האט געפילט, אז הינטער וואסיאס אויסערלעכער פראסטקייט שטעקט א טיפער סייכל און א גרויס הארץ, אבער נאטאשא איז דאן געווען א מיידעלע און, פילנדיק וואסיאס גייסטיקן רייכ־

טום, האט זי עס ניט באנומען. צייטנווייז פלעגט ער טראכטן דערפון מיט שרעק: טאמער ווייזן זיי זיך ארויס איינער דעם אנדערן אלס פרעמדע? אבער דאס הארץ האט אונטערגעזאגט: דאס קען ניט פאסירן, זיי לעבן מיט איינס, זיי וועלן פארשטיין איינער דעם אנדערן אפן ווונק. ער האט איר אייניקע מאל געשריבן, געגעבן די בריוו כאווײרים, וואס פלעגן זיך דורכרייסן צו דער גרויסער ערד, ער האט אבער ניט געוווּסט, צי די דאזיקע בריוו זיינען דערגאנגען. פון אן אוויאן האט מען זיי צוויי מאל ארונטערגעווארפן געווער, טאבאק, צייטונגען, אבער קיין פאסט איז ניט געווען. ער האט זיך קיינמאל ניט געפרעגט: צי נאטאשא ווארט אף אים; ער האט געוווּסט, אז נאך דער נאכט אין מינסק, קען ניט זיין ניט בא מיר, ניט בא איר, עפעס אנדערש. אין פארטיזאנען־אטריאד זיינען געווען מיידלעך, ארום וואסיאן האבן זיך געוויקלט ראמאנטישע געשיכטעס — מען האט זיך פארליבט, געווען אייפערזיכטיק, געשיידט זיך. די נאענטקייט פון טויט האט פריי־געלאזט פריערדיקע שוועס, אפגעמעקט דערינערונגען. און וואסיא האט זיך ניט געקענט פארשטעלן אן אנדער פרוי, כוץ נאטאשאן.

ער איז געווארן א הערלעכער קאמאנדיר, פלעגט גלענצנד צוגרייטן אפעראציעס, אנגעשטעקט די קעמפער מיט זיין העלדישקייט. און אין די שטילע אוונטן פלעגט ער ווייטער טראכטן וועגן פרידלעכן לעבן, ער פלעגט זיך צוריקקערן אין די געדאנקען צו דער ארבעט זיינער, געזען ליכטיקע קלארע הייזער, געצייכנט אף שטיקלעך פון אלטע צייטונגען, פאר דעם ווי מען פלעגט זיי באנוצן צום רויכערן, פלענער פון צוקונפטיקע שטעט. ערעוו דער מילכאמע האבן אים געלאקט הימלקראצערס. איצט האט ער געצווייפלט: די אידיי פון הימלקראצערס איז געבארן געווארן פון דעם פארלאנג בייצוקומען דעם רוים. וואס מערער מאשינען, וואס געדיכטער עס איז די מעטראנעץ, אלץ נאוווער איז דאס אנהויפן שטאקן — דאס בייקומען דעם רוים שטעלט אפ דעם שפרונג פון שטיינער אין דער הויך. וואסיא האט געטראכט פון שטעט, ענלעך צו גערטנער, וועגן סטיל פון דער עפאכע, וואס זוכט נאך אלץ זיין אויסדרוק — מיר האבן דאך ניט נאר די זאוואדן און ניט נאר בעטאן!... די ארכיטעקטור פלעגט זיך אים פריער אויסווייזן אלס אינדוסטריעלע בויונג, איצט פלעגט ער אלץ אפטער און אפטער בענקען נאך קונסט. די אנטוויקלונג פון דער טעכניק, האט ער געטראכט, גייט מיט אזעלכע טעמפן, אז עס מישט זיך אויס. גוואלדיק אינטערעסאנט... און דאך איז עס אן אילוזיע, — וואס העכער די טעכניק, אלץ העכער זיינען אויך די מאטעריעלע באדערפענישן. מיר לײדן דא פון מאנגל אין עלעקטריש ליכט. די פארטיזאנען פון צוועלפטן יאר האבן ניט געוווּסט פון די לײדן. מען קען לײדן פון מאנגל אין אפגעקילטער לופט, דערפון, וואס דו האסט א מאשין מיט זעקס צילינדערס, און ניט מיט צוועלף. מיט צוויי יאר צוריק האבן די דייטשן געהאט מער טעכניק ווי מיר. פארוואס זשע האבן זיי ניט גענומען מאסקווע? איצט האבן זיי צוגעטראכט „טיגערס", און אונדזערע צערייבן זיי וויפל עס גייט נאר אריין... זיי שרייבן אין זייערע צייטונגען, אז זיי גרייטן עפעס א „געהיים געווער". דאס וועט גארניט ענדערן. אט איז בא די אמעריקאנער אויך זייער א הויכע טעכניק, געוויס האבן זיי אויך עפעס דער־

פונדן. דאָס אַלץ איבעראַשט. דו הערסט צום ערשטן מאָל און עפנסט אויף דאָס מויל. אָבער עס באַשליסט עפּעס אַנדערש — דער מענטש. אַ שאָד, וואָס מען קען ניט מאַכן אַן אַנאַליז פון דער נעשאָמע. אָט זיינען איוואַן, אָדער אוואַניעסיאַן, אָדער סמירנאָוו — אונדזערע סאָוועטישע מענטשן, ניט קיין אַנגעזעענע, אויב איר ווילט גאַנץ פּאָשעטע, קיינער ווייס ניט פון זיי, כוץ די פריינט, זיי וואָלטן געקענט אַריינפאַלן אין צייטונג, דאָס איז אַ צופעליקייט, און איך בין איבערצייגט, אַז גייסטיק זיינען זיי זיכער פיל העכער פון אונדזערע קענער...

אַנומלט האָט ער זיך צעשמועסט מיט איוואַנען וועגן דעם וואָס עס איז בעסער באַ אונדז און אין אויסלאַנד. „די סאָציאַלע אָרדענונג איז באַ אונדז די העכסטע", האָט געזאָגט וואַסיאַ, „אַזוי אַרום גייען מיר אין אַ ריי געביטן פאָרויס — אין דער לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פּראַגע, אין דעם דעמאָקראַטיזם פון בילדונג און אַזוי ווייטער. און וואָס איז באַ די דייטשן בעסער?..." „באַ די דייטשן", — איוואַן האָט עס געזאָגט זוויער, עס האָט זיך ניט געוואָלט עפּעס אַנערקענען פאַר זיי, אָבער זיי האָבן אָפּגעמאַכט — זיי וועלן זיך פאַנאַנדערקלייבן אומפּאַרטייִיש. „מישפּעטנדיק לויט די זשורנאַלן, זיינען באַ די דייטשן די הייזער איינגעאָרדנט באַקוועמער". — „נו, דאָס איז אַ דעטאַל. אַגעוו, געפעלט דיר זייער אַרכיטעקטור?" — „איך ווייס ניט, איך האָב געזען ווייניק פאָטאָגראַפיעס, און כוצדעם איז דאָס דיין ספּעציאַליטעט". — „פון אינדוסטריעלן שטאַנדפּונקט געפעלט מיר בעסער אַמעריקע, אָבער פון קינסטלערישן... דאַכט זיך, אַז דעם אַקראָפּאָל האָט נאָך קיינער ניט אַריבערגעשטיגן"... — „באַ די אַמעריקאַנער זיינען די אויטאָמאָבילן בעסער"... — „און באַ אונדז די מוזיק". — וואַסיאַ האָט זיך אופגעמונטערט: „איך וועל דיר זאָגן קורץ, וואָס באַ אונדז איז בעסער — דער מענטש, איך מיין, אַז דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, אַ מענטש קען מאַכן אַ מאַשין, אָבער ס'איז ניטאָ די מאַשין, וואָס זאָל קענען מאַכן אַ מענטש..."

דער דאָזיקער שמועס איז פאָרגעקומען ניט לאַנג פאַר איוואַנס אומקומען. און איצט האָט וואַסיאַ אַ טראַכט געטאָן: קימאַט קיינער ניט פאַרבליבן פון די אַלטע כאַווײרים, סמירנאָוו, לונץ, רודני און איך — פיר... איך בין אין די פאַרטיזאַנער צוויי מיט אַ האַלבן יאָר, און איך ווייס ניט פאַרוואָס, ווי נאָר מיר אַלע הויבן אָן אַראָפּצורײדן זיך פון האַרצן, ריידן מיר שטענדיק וועגן פרידלעכן לעבן. מעגלעך, אַז די מענטשן אין שטילן הינטערלאַנד ווייזט זיך אויס, אַז מיר זיינען אַריינגעטאָן נאָר אין איין זאַך — אין דער מילכאָמע, אַז מער אינטערעסירט אונדז גאָרניט, אַז מיר האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין מאַיִן־דיידס אָדער קופּערס העלדן. און אַלץ איז גאָר פּאָשעטער און קאָמפּליצירטער. אַן אופגעבלאָזענע ראָמאַנטיק... ווען איוואַן איז געגאַנגען אַף דער אָפּעראַציע האָט ער גערעדט וועגן זיין מילאַטשקאַן. נאָכדעם האָט ער דערציילט, אַז ער האָט געזען „די דריי שוועסטער" און געזאָגט: „טשעכאָוו איז שווער צו פאַרשטיין אין דער פריער יוגנט"... דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער. אַהער זיינען אָנגעקומען צייטונגען. אַלע האָבן זיך אַף זיי אַ לאָז געטאָן, דערפרייט זיך, וואָס אין מאָסקווע בויט מען ווייטער די מעטראָ, געפרעגט, וואָס מען שפּילט אין די

טעאַטערס. אין דעם איז אָוואַדע אונדזער קויעד: מיר שלאָגן זיך מעסירעס־געפעשדיק, און פאַרבלייבן פרידלעכע מענטשן...

איצט זעט עס אויס איז שווין ניט לאַנג צו וואַרטן — אונדזערע גייען פאָרויס... און וואַסיאַ האָט גלייך אָפּגעטריבן פון זיך דעם דאָזיקן געדאַנק. צו אָפט פלעג איך זיך פאַרגאַלאָפּירן, געטראַכט — אין אַ כוידעש אַרום וועלן קומען די אונדזעריקע... בעסער ניט טראַכטן דערפון, זיי וועלן קומען ווען זיי דאַרפן קומען. מיר זיינען איצט ווייט. ביזן ניין און דרייסיקסטן איז דאָ געווען פוילן... און דאָך האָט ער געשמייכלט באַם געדאַנק — די ריכ־טונג אַף וויטעבסק...

אין דער נאַכט אָפן ניין און צוואַנציקסטן דעצעמבער האָבן זיי דורכ־געפירט אַ נייע אָפּעראַציע. מען האָט וואַסיאַן מודיע געווען, אַז אין צוג פאָרן עפעס וויכטיקע דייטשן. אַלס ספּעציאַליסט אַף מינעס האָט זיך גע־רעכנט לונץ. מען האָט באַדאַרפט אָפּווישן די שפּורן אָפן פרישן שניי — די דייטשן זיינען געווען אַף דער וואַך. אומגעפער באַ אַ 6 הונדערט מעטער פון די באַן־רעלסן, האָט זיך פאַרשטעקט וואַסיאַ מיט די כאַוויירים. באַם אופריים האָבן זיך די דייטשן פון די הינטערשטע רייען צעוואָרפן. עס האָבן גענומען שטעפן די פּאַרטיזאַנישע קווילנוואַרפער. אין דער אָפּעראַציע האָט אויך אָנטיילגענומען אַ פרישער — פּאַשאַ קוטאַס.

— שרעקלעך? — האָט אים נאָכאַנאַנד געפרעגט וואַסיאַ.

— שרעקלעך! — האָט געענטפערט פּאַשאַ.

— עס מאַכט ניט אויס, אַזוי דאַרף עס זיין. וועסט זיך שפּעטער צו־געוווינען... מיר איז אויך איצט יעדעס מאָל שרעקלעך, איך האָב זיך אָבער צוגעוווינט...

— ווי אַזוי זשע איז שרעקלעך, אויב דו האָסט זיך צוגעוווינט?...

— אָט אַזוי איז עס טאַקע — איך האָב זיך צוגעוווינט דערצו, וואָס איז שרעקלעך...

נײַיאָר האָט מען באַגעגנט פריילעך. מען האָט געהערט קאַלינינס רעדע און געשמייכלט: גוט! אויך אין מאָסקווע הערט מען איצט... עס שלאָגט דער זייגער... מען האָט געטרונקען פריער פאַר סטאַלינען, דערנאָך פאַר דער רויטער אַרמיי, נאָכדעם האָט מען געטרונקען פאַר יעדן: זאַסיעוו (מען האָט אים גערופן „אונדזערער") האָט צוגעגרייט דריי קעסטלעך מיט דייטשישן ראָם. עס איז אופגעשטאַנען סמירנאָוו:

— לאָמיר אויסטרינקען פאַר דער ווייב פון אונדזער קאָמאַנדיר און פאַר אַלע ווייבער!

וואַסיאַ האָט זיך צעשמייכלט אין אַ ברייטן שמייכל — צוליב דעם דאָזיקן שמייכל האָט אים נאַטאַשאַ גערופן „קאַטער־בורטשער". מיטן נייעם יאָר, נאַטאַשאַ! ווייסטו, אַז איך לעב? עס קלאַפּט דאָס האַרץ, דאָס איז אַזוי מאָדנע... אין אַפּריל האָט אַ שפּליטער פון אַ מינע מיר געטראָפן אין האַנט, האָט זיך דער זייגער צעבראָכן. און דאָס האַרץ קלאַפּט... יענע נאַכט ציט זיך ווייטער, זי איז געווען די קורצסטע נאַכט אין יאָר און זי איז די לענגסטע, לענגער פאַרן לעבן, טייערע מיינע, קורענאָסע!...

# XX

די דיוויזיע, אין וועלכער עס האט געדינט ראיע, האט זיך איבערפאַזירט און אסיפס בריוו איז אפּגעלעגן אף דער פעלד־פּאסט צוויי כאדאשים. ראיע איז שוין לאנג געווען גרייט אופצונעמען א שרעקלעכע יעדיע; און ערעוו נייאר איז געקומען צופארן א מיליטערישער קארעספּאנדענט, וואס איז געווען אין קיעוו, האט ער דערציילט וועגן באבי־יאר. און דאך האט נאך ראיע געהאפט. וויפל מאל זי האט זיך שוין געהאט געזאגט, ניטא אף וואס צו רעכענען, אבער ערגעץ ווו האט גענישטערט א האפענונג — עפשער זיינען זיי אוועק אין א דארף אדער אימיצער האט זיי אויסבאהאלטן... אבער דורכלייענענדיק אסיפס בריוו, האט זי פארשטאנען, אז אליא איז שוין ניטא.

סערזשאנט קוזניעצאוו, איינער פון די בעסטע סנייפּערס אין דער דיוויזיע, א ריזיקער, שווייגנדיקער סיביריאק, איז פאר דער מילכאמע געווען א יעגער. ער אליין איז געווען ענלעך צו א וואלד־כאיע, נאר אויגן זיינען בא אים געווען צארטע און נאיווע. אנומלט האט ער געזאגט ראיען: „איך ווייס ניט ווי אזוי אנצורופן דעם דייטש? אנרופן אים „כאיע” וועט זיך דער בער באליידיקן. א בער, ווען ער איז זאט, וועט ער דען אנפאלן אף א מענטשן? קיינמאל ניט. און דער דייטש וואלט נאר פארצוקט”... ער פלעגט רירן ראיען מיט זיין אומיטלבארקייט, מיט זיין נעשאמע־זויבערקייט. קיינער אין דער ראטע האט זיך ניט דערוווּסט, אז דער יינגערער לייטענאנט ראיע אלפער האט דערהאלטן שלעכטע יעדיעס; אבער קוזניעצאוו האט ראיע געזאגט:

— דער מאן האט אנגעשריבן... מען האט דערהארגעט זיין מאמען און אונדזער טעכטערל, אליא, אין קיעוו...

איר שטים האט ניט קיין ציטער געטאן; זי האט געפרעגט קוזניעצאוון ווי אזוי עס איז בא זיי אין דער ראטע און איז אוועק. קוזניעצאוו האט לאנג געטראכט — פון וואנען נעמט זיך צו איר אזויפיל רויִקייט.

אמאל האט זיך ראיע געקענט צעוויינען פון אסיפס א שארפן ווארט, זי פלעגט אויך קענען לאזן א טרער אן קיין שום סיבעס, דערקלערנדיק וואליאן: „עס קומט אף מיר אן...” יא, דאן איז אלץ געווען לעראוו: סיי שלאפן, סיי ברויט, סיי טרערן. מען זאגט, אז צאר טריקנט דאס הארץ ווי א טריקעניש די ערד. ראיעס הארץ איז פארבליבן ווי געווען, אבער איצט האט זי ניט געהאט גיט קיין טרערן, ניט קיין טייִנעס, ניט יענעם אינערלעכן טרויער, וואס העלפט דעם מענטשן אריבערגיין פון שארפער פארצווייפלונג צו גערעגלטער וואכעדיקייט פון לעבן. עפשער נאר לויט דעם, ווי עס האבן זיך געשלאגן אירע וויִעס, ווי עס זיינען געווארן גערעמפּטער אירע ווערטער, האט מען זיך געקענט אנשטויסן, וואס זי לעבט איבער. איר פערזענלעכער אומגליק האט זיך איר אליין אויסגעוויזן סיי אן מאס און סיי קליין. אויב פאר אנדערע פלעגן די גרויזאמע טעג פון שלאכטן זיין באגלייט מיט טרוימען, אמאל פון א פראנט־אידיליע, אמאל פון א פריילעכן געלעכטער ארום א שייטערהויפן, האט אבער ראיען ניט אפּגעלאזט דאס געפיל פון פילן דעם אלגעמיינעם אומגליק, וואס איז געשטאנען איבער איר, ווי עס איז גע־

שטאַנען אַ רויט־שוואַרצער נעפּל איבער די ברענענדיקע יִשוּווים פון סמאָלענסקער געגנט. זי פלעגט דערמאָנען, ווי אין דאַנבאַס איז אויסגעגאַנגען איר געוועזענער פאַרלער קאָסטיאַ ביעלאָוו. ער איז געווען מיט פינף יאָר יִנגער פון ראַיען, אויסגעזען אין אירע אויגן ווי אַ יִנגל. שטאַרבנדיק, האָט ער קעסיידער גערעדט פון עפּעס אַ מיידל, געשמייכלט צו איר, מיט טרוקענע, טונקעלע ליפּן, געשריען: „אַט שוין, טאַניעטשקאַ, די מינוט...” זי פלעגט זיך דערמאָנען ווי זיי האָבן געפונען אַ גרוב, און אינעווייניק זיינען געלעגן זויג־קינדער מיט פאַרשוואַרצטע צעקנייטשטע פּענעמלעך. זי פלעגט זיך אויך דערמאָנען אַן אַנדער טאָג: מען האָט געאַקערט, אַ פרוי איז נאָכגעגאַנגען אַן אַלטער זייער אויסגעצערטער קו, די קו האָט ניט אויסגעהאַלטן, איז געפאַלן, אין אירע גרויסע אויגן זיינען געווען טרערן, און די פרוי איז געשטאַנען דערביי און אויך געוויינט...

בעיים מען פלעגט אין ראַיעס אַנוועזנהייט זאָגן: „מיר וועלן זיי אָפּצאָלן מיטן זעלבן”, פלעגט זי באַוועגן מיטן קאָפּ: מען טאָר ניט אָפּצאָלן מיטן זעלבן. קיינמאָל וועט אַ דייטשישע מאַמע ניט איבערלעבן דאָס, וואָס זי האָט איבערגעלעבט, ווען זי האָט זיך דערוווּסט וועגן באַבי־יאַר... „נעמסט געקאָמעט?” — האָט איר באַ אַ געלעגנהייט געפרעגט ביעלאָוו. זי האָט געענטפערט: „ניין, איך קעמף”. זי האָט געקעמפט, ווייל זי האָט ניט געקענט לעבן, ביז עס איז נאָך ניט אומגעשליידערט דאָס שרעקלעכע, וואָס די צייטונגען רופן אַן „פאַשיזם”. און דער דאָזיקער געפיל פון דער נויטווענדיקייט און פאַרנונפטיקייט פון דער מילכאָמע האָט זי אונטערגעהאַלטן: מענטשן האָבן זיך געכידעשט — אַ צאַרטער ווען, האָט זי איבערגעטראָגן אַלע לאַסטן פונעם לעבן אין די טראַנשייען בעסער פון אַ סאַך ווּקסיקע און שטאַרקע. צוויי כאַדאָשים איז זי אָפּגעלעגן אין אַ שפּיטאָל — אַ מינעשפּליטער איז אַריין אין פוס, דער ביין איז ניט געווען אָנגערירט, אָבער די וווּנד האָט זיך לאַנגזאַם געהיילט. זי האָט אויסבאַהאַלטן פון אַסיפּן, אַז זי איז געווען פאַרווונדעט. ווען זי איז אַרויס פון שפּיטאָל, האָט איר דער פאַלקאָווניק פאַרגעלייגט אַוועקצופאָרן אַף קורסן. זי האָט אָפּגעזאָגט, זי האָט ווידער גענומען די סנײַפּער־ביקס: „מען דאַרף אָניאָגן”... זי האָט איצט געהאַט אַף איר כעזשבן דריי און פופציק דייטשן.

דער אָנגריף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די הייסע יולי־טעג האָט ניט אופגעהערט. דער סוינע האָט ניט געוווּסט פון וועלכער זייט דער קלאַפּ וועט מאָרגן קומען. אָפן אָפּשניט, ווו עס איז געשטאַנען ראַיעס דיוויזיע, איז שוין זייט צוויי כאַדאָשים ניט געווען קיין ערנסטע שלאַכט, יעדן טאָג האָט געטומלט די אַרטילעריע, באָמבאַרדירער האָבן פינקטלעך אַראָפּגעוואָרפן זייער מאַסע, אויסשפּירער האָבן געלויערט איבער דעם קעגנערס בלינדאַזשן. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַן אייגענער סידער: מען האָט שוין געקענט די שטילע שאָען, די רויִקע וועגן — אויסשטודירט דעם קעגנערס געוווינהייטן.

ראַיעס פאַרלער טשובאַריאָוו פלעגט זאָגן: אונדזער סעזאָן — איז אַ סנײַפּערדיקער...

עס איז געווען אַ פראָסטיקער ווינטיקער טאָג. ראַיע האָט אַ טראַכט

געטאָן: היינט דאַרף זיין דער פיר און פופציקסטער... זי איז געזעסן אין דער וואַרעמער זעמליאַנקע, אַפּגעוואָרט טשובאַריאַון. זי האָט אַרויסגענומען אַסיפּס בריוו און אים ווידעראַמאָל איבערגעלייענט. באַקומענדיק נעכטן דעם בריוו, האָט זי פון גאַרניט געקענט טראַכטן, כוץ פון אַליאָן. איצט האָט זי שיר ניט אויסגעשריען: אַסיפּ!... זי האָט באַגריפן אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין קיעוו; עס זיינען צו איר דערגאַנגען זיין צאַר און ליבע — די אומקלאָרע, אומבאַמערקבאַרע — און זי האָט ניט באַמערקט, — אַ גרויסע, ווי דאָס לעבן. ראַיע האָט דערפילט די וואַרעמקייט פון זיין אָטעם, די קראַפט און גלייכצייטיק די קינדישע אומבאַהאָלפנקייט פון זיין ברייטער ביינערדיקער האַנט. וואָס־זשע איז דאָס אַזוינס, איך האָב דאָך גאַרניט געזען, געטראַכט — אַ טרוקענער, און זיין יעדעס וואָרט ברענט... געזוכט ליבע אין די ביכער, און די ליבע איז געווען לעבן מיר. ווי מאָדנע די מענטשן זיינען, מען באַדאַרף אַזויפיל ליידן, קעדיי צו פאַרשטיין דאָס סאַמע פּאַשעטסטע!... עס האָט זי אָנגעכאַפּט אַ גרויס ראַכמאָנעס אויף אַסיפּן — אַזוי קען נאָר ראַכמאָנעס האָבן אַ ליבנדיקע פרוי אויף אַ גרויסן שטאַרקן מאַן, אויף וועמען קיינעם וועט גאַרניט איינפאַלן, ראַכמאָנעס צו האָבן. אין אָוונט וועל איך אָנשרייבן, אַלץ וועל איך אָנשרייבן, קעדיי ער זאָל וויסן, אַז מיר זיינען טאַקע צוזאַמען. מעגלעך, אַז עס וועט ניט זיין די אַמאָליקע ליכטיקייט, אָבער מיר וועלן לעבן ווי עס באַדאַרף צו זיין...

אין זעמליאַנקע איז אַריין קאַפּיטאַן ציגאַנקאָוו פון דער זעלבער אָפּטיילונג. אַ פאַרפראָרענער, האָט ער געקלאַפּט מיט די פאַרשטאַרטע הענט איבער דער ברוסט, שווער געאָטעמט; נאָכדעם האָט זיך זיין פּעלצל אונטערגעגעבן ,געגומען שוויצן, און דער קאַפּיטאַן האָט זיך גליקלעך צעשמייכלט. ער האָט דערציילט, אַז מען האָט צוגעשיקט אַ באַוועגלעכן אַפּאַראַט — מען וועט איבערגעבן די פריצן אַ ווענדונג פון דער „פרייער דייטשלאַנד", און אויך מוזיק, — זיי זאָלן הערן.

— איך בין זומער געווען אויף אַזאַ זענדונג, — אויפן קאַלינינער פראָנט. די פריצן פאַרגעטערן מוזיק... דאָרט איז געווען איינער אַ לייטענאַנט — אַן איבערזעצער, ער האָט זיך אָנגערופן מייזכאַפּער, פאַרפּאַסט אַ לידל ווי אַזוי ער שפּילט אויף אַ פייפל, און די פריצן קריכן אַרויס פון די טראַנשייען. קאָמיש...

ביז צו די דייטשישע טראַנשייען איז הונדערט מעטער. די.נעכט זיינען איצט ליכטיקע — אַ יונגע לעוואָנע, אַ סאַך שניי...

ס'איז געווען שטיל, און פּלוצלינג האָבן אָפּגעהילכט קלאַנגען. דאָס איז דער שטראַוס־וואַלס. ראַיע האָט אים געשפּילט... זי האָט זיך אויף אַ רגע פאַרגעסן — דערמאָנט זיך קיעוו, דאָס גליק. דער שניי איז געווען גרינלעך. אָט איז אַ בערגל און אַ נאָדלבוים — דאָרט איז באַ זיי ענפּע... נאָך אַ וואַלס, ער איז אַזוי טרויעריק, אַז עס איז אומפאַרשטענדלעך, ווי אַזוי מען האָט נאָר געקענט טאַנצן אונטער זיינע קלאַנגען, מען וואָלט נאָר באַדאַרפט וויינען — באַ אַ קאַמין, געמיטלעך, מיט אַ גאַזטיכל...

די דייטשן האָבן געעפנט אַ שטאַרקן פייער. קאַפּיטאַן ציגאַנקאָוו האָט זיך געזידלט:

— ניט געלאָזט איבערגעבן די זענדונג...

ס'איז שוין מער ניט געווען ניט קיין וואַלסן, ניט קיין שטילקייט. ראַיע האָט געשפּאַנט געקוקט אין דער ווייט.

— פיר און פופציקסטער. פינף און פופציקסטער.

די פינגער זיינען פאַרשטאַרט געוואָרן. די לאַנגע וויִעס זיינען גראָ געוואָרן פון קעלט.

קאַפּיטאַן ציגאַנקאָוו האָט זיך ניט געקענט באַרויִקן:

— די פריצן זיינען דאָ ווילדע. אַפילע שטראַוס ווירקט ניט. ניט איבערגעגעבן די זענדונג...

קוזניעצאָוו האָט אַ שמייכל געטאָן:

— האָט מען ניט איבערגעגעבן. מען וועט זיך באַגיין אָן אַ זענדונג.

— מען דאַרף זיי איבערצייגן...

— באַלד וועסטו אַזעלכע איבערצייגן מיט שמועסן... אָט זי, זעסטו, האָט צווייען איבערצייגט, דאָס שטימט.

ראַיע האָט זיך דערוואַרעמט אין זעמליאַנקע. דאָס פּאַנעם האָט געברענט; עס האָט זיך געוואָלט שלאָפן. ס'איז געקומען צולויפן אַן אָרדענאַנץ:

— כאָווער יונגערער לייטענאַנט, דער פּאָלקאָווניק רופט אייך. — און ער האָט שטיל צוגעגעבן: — ער וויל אייך גראַטולירן, ער האָט געלאַכט ווען מען האָט אים ראַפּאָרטירט... איר קענט דורכגיין מיטן וועלדל, אין דער שאָ שיסט ער קיינמאָל ניט...

ראַיע איז געגאַנגען צווישן נאָדל־ביימער. עס האָט אומדערוואַרט אָנגעהויבן פאַלן אַ געדיכטער שניי, און דער ווינט האָט זיך איינגעשטילט. אין ראַיעס קאָפּ האָט געקלונגען דער וואַלס, אַ טרויעריקער און נאַרישער. זי האָט ניט געטראַכט ניט פון די דערהאַרגעטע דייטשן, ניט פון דעם פאַרשטייענדיקן שמועס מיטן פּאָלקאָווניק. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי גייט מיט אַסיען איבערן סוויטאַשינער וואַלד — ווען זיי האָבן נאָרוואָס כאַסענע געהאַט, אַוועקגעפאָרן אין אַפּרו־הויז, האָבן דאָרט באַגעגנט נייִיאָר... אַסיע האַלט איר פאַר דער טאַליע און רעדט גאָרניט. און דער שניי דרייט זיך און עס דרייען זיך אין קאָפּ קלאַנגען, און עס איז שטיל, ווי עס איז נאָך קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען.

אַ קויל האָט אָפּגעבראָכן עטלעכע נאָדל־ביימער. ווען דער אָרדענאַנץ, וואָס איז געגאַנגען ווייט פון הינטן, איז צוגעלאָפן צו ראַיען, האָט זי שוין מער ניט געאָטעמט.

— וואָס פאַראַ נאַרישער צופאַל — האָט געשריען דער פּאָלקאָווניק.

נאָכדעם האָט ער זיך אַליין אויף זיך געבייזערט: פאַרוואָס אַ נאַרישער?... אַלץ איז דאָ נאַריש און אַלץ לאָגיש — מילכאָמע... ס'איז נאָר אַ שאָד דאָס מיידל. געווען אַ גוטע מיידל...

ווען מען האָט ראַיען מעקאַבער געווען, האָט מען איר ביקס פייערלעך איבערגעגעבן דעם סנייפּער קוזניעצאָוו. ער האָט אָנגעהויבן ריידן פעסט:

— איך פאַרפליכטע זיך צו שלאָגן דעם פאַרהאַסטן סוינע...

די שטים האָט זיך איבערגעריסן. קוזניעצאָוו האָט גענומען פינטלען מיט די אויגן, און ער האָט פאַרענדיקט, ווי ער וואָלט גערעדט מיט זיך אַליין:

— איר איז געשען אַ גרויס אומגליק — פֿאַרפּייניקט איר קינד. איך וועל עס קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן...

ער האָט אופֿגעהויבן די ביקס איבערן קאָפּ, נאָכדעם צוגעטראָגן זי צו די ליפּן און זאָרגפֿעליק אַ קוש געטאָן.

## XXI

כריסטינאַ האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי איז שווער קראַנק: עס האָט זיך געטאָפּלט אין די אויגן. עס האָבן זי געפּייניקט אַמאָל אַ האַרץ־קלאַפּעניש, אַמאָל אַ ניט־גוטקייט ביז צום ברעכן. דער לאַגער־דאָקטאָר האָט געזאָגט:

— קיין שום ערנסטע זאַך, דערשייגונגען פֿון אייער עלטער און נערוון, דער קריטישער עלטער פֿון אַ פֿרוי פּליוס די קריטישע לאַגע פֿון דייטשלאַנד...

ער דערלויבט זיך צופֿיל! ניט לאַנג האָט ער געמאָלדן כריסטינאַן:

— די דענטיסטן קלייבן זיך אַרויסצונעמען ציינער דורך דער נאָז.

זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען. ער האָט דערקלערט:

— קיינער וואָגט ניט צו עפֿענען דאָס מויל...

מיט עטלעכע טעג צוריק איז כריסטינאַ געווען באַ איר אַלטער פֿריינדן ענכבען — מען האָט געפּראַוועט אַ יאָנטעוו צוליבן געזונט ווערן פֿון ענכבענס ברודער, ריכאַרד, וואָס איז פֿאַרוווּנדעט געוואָרן אָפּן מיזרעך־פֿראָנט. עס זיינען געקומען ענכבענס קרוייווים — דאָס פּאָרל האַלע, וואָס זיינען ניט לאַנג געקומען פֿון בערלין און די פֿרוי האַלע, אַ דיקע, אַסטמאַטישע בלאָנדינקע, האָט געקוואַקעט:

— דאָס איז אַזוי שרעקלעך! פֿריץ איז קראַנק געוואָרן, מען היילט אים מיט בלאָען ליכט, ס'איז גאָרניטאַ וואָס צו וווּנדערן זיך — ער האָט זיך אופֿגעהויבן אין דער ווינדע, און דאָס הויז האָט גענומען ברענען, איז די ווינדע געבליבן שטעקן צווישן צוויי שטאָקן. מען האָט פֿריצן געזאָגט, ער זאָל אָראָפּשפּרינגען, זיינען אים אָבער אָפּגענומען געוואָרן די פֿיס. איז עס ניט קיין קאָשמאַר? איך האָב אים געקויפֿט צום געבוירן־טאָג אַ סערווער וואַזע, איצט איז אומעגלעך צו קריגן אין די געשעפֿטן עפּעס אַן אַנשטענדיקע זאַך, און דאָס איז געווען אַ גלענצנדע וואַזע, עס האָט זי געבראַכט איינער, וואָס איז געקומען אַף אורלויב פֿון פֿראַנקרייך, ער האָט געוואָלט פֿינף הונדערט מאַרק, אָפּגעגעבן האָט ער פֿאַר הונדערט פֿופֿציק, זי האָט אַוודאי געקאָסט טויזנט. דאָקטאָר ווינטער האָט געזאָגט, אַז די וואַזע איז פֿון אַ מוזיי, און, קענט איר אייך פֿאָרשטעלן, די וואַזע איז אויך צעשמעטערט געוואָרן!...

— איך פֿאַרשטיי ניט, פֿאַרוואָס מען דערלאָזט די דאָזיקע טעראָריסטישע אָנפֿאַלן, — האָט געזאָגט כריסטינאַ. — ס'איז געווים דאָ אַן אָפּמאַך... הער קירכהאָף האָט מיר נעכטן געזאָגט, אַז זיין שוואָגער האָט עס נעכטן פֿאַרשאָטן אין קעלער...

ריכאַרד האָט זיך נאַריש צעלאַכט:

— פֿאַרשאָטן? עס טרעפֿט... וואָס אַנבאַלאַנגט מיר, וואָלט איך בעסער וועלן אַלע באָמבאַרדירונגען פֿון דער וועלט, איידער די רוסישע אַרטילעריע.

מען האָט געגומען ריידן וועגן די קריגס־פּערספּעקטיוון. הער האַלע האָט געזאָגט:

— די נײַע זײַנען טרויעריקע, אָבער מען דאַרף ניט פֿאַלן אין מוט... דער פּיורער האָט געזאָגט, אַז זײַנע נערוון וועלן אויסהאַלטן, דאָס איז דער איקער.

פֿרוי האַלע האָט צוגעטראָגן אַ טיכל צו די אויגן:

— מײַנע נערוון האָבן שוין ניט אויסגעהאַלטן...

ריכאַרד האָט זיך ווידער נאַריש צעלאַכט:

— דער פּיורער האָט געזאָגט — „זײַן אָדער ניט זײַן. אָט דאָס איז די פֿראַגע"... איך האָב פֿאַר דער מילכאָמע געזען „האַמלעט", מיר איז ניט געפֿעלן. אָבער עס איז, פֿאַרשטייט זיך, אינטערעסאַנט, ווי אַזוי וועט זיך דאָס אַלץ ענדיקן?...

— עס וועט זיך ענדיקן גוט, — האָט געענטפֿערט הער האַלע. — אומ־זיסט רעכענען די רוסן אויס אַפֿן צווייטן פֿראָנט. די אַליאירטע וועלן זיך אויך דאָס יאָר ניט אַרויסזעצן. שוין אַ האַלב יאָר, ווי זיי טאָפּטשען צווישן נעאַפּאָל און רוים.

דאָקטאָר פּוסנער, וואָס האָט ביז איצט אַף שטיל געריבן כאָזער מיט זויערע קרויט, האָט אָפּגעווישט מיט דער האַנט די וואָנצעס און צעשמייכלט זיך:

— איר מיינט, אַז די רוסן דאַרפֿן איצט דעם צווייטן פֿראָנט? עס הויבט זיך ניט אָן... אָט, זעט איר, האָט מיר ניט לאַנג איינער אַ היגער סויכער אונטערגעטראָגן: „זיי זאָלן כאַטש וואָס שנעלער מאַכן זייער דעסאַנט — קאַלזמאַן די רויטע זײַנען נאָך ניטאָ"...

— וואָס פֿאַראַ כאַרפּע! — האָט אויסגערופֿן הער האַלע.

ריכאַרד האָט זיך צעהירזשעט. כריסטינאַ האָט דערפֿילט, אַז עס שטיקן איר טרערן, און זי איז אַרויסגעלאָפֿן אין פֿאָדערהויז.

אַנדערהאַלבן יאָר ווי זי דינט אין לאַגער. עס זײַנען איר נימעס געוואָרן סיי די רוסישע פּענעמער און סיי די רוסישע לידער. פֿון אירטוועגן, וואָלט זי אַלעמען דערהאַרגעט... אייניקע פֿון די דאַזיקע ווילדע מאַכן דעם אָנ־שטעל פֿון געהאַרכזאַמע, איינע האָט אַפֿילע געמאָלדן כריסטינאַן, אַז זי וויל נאָך דער מילכאָמע בלײַבן אין דײַטשלאַנד. כריסטינאַ גלויבט איר ניט. זי גלויבט ניט קיין איין רוסישער — אַלע ווילן זיי, אַז מען זאָל די דײַטשן צעשלאָגן. עס איז גענוג אַ קוק צו טאָן, ווי אַזוי זיי פֿרייען זיך בעיס די באָמבאַרדירונגען... כריסטינאַ האָט אַלץ אויספּרובירט — זי האָט זיי סיי געפּאַטשט אין די באַקן, סיי צעצערט געשמועסט מיט זיי. עס העלפֿט גאָרניט: זיי האָבן זי און כריסטינאַ איז מויערדיק: אויב די רויטע וועלן זיך אַרײַנ־רײַסן קיין דײַטשלאַנד, וועלן זי די דאַזיקע מוידן דערשטיקן.

באַזונדערס האָט כריסטינאַ געהאַסט גאַלאַטשקאַן. די דאַזיקע זינגערקע איז די טאָנגעבערן, איר פֿאָלגט מען, זי העצט אונטער די אַנדערע. אַ מיידל אין אַזאַ לאַגע דאַרף זײַן אַן אומעטיקע, אָבער גאַלאַטשקאַ הויבט פּלוצלינג אָן צו לאַכן, און צו דעם אַלעמען, געפֿעלט זי מענער... אַנומלט איז כריס־טינאַ געקומען אַפֿן זאַוואָד — הער קירכהאָף האָט געבעטן שיקן אים די

געלע אליא צו וואשן וועש. ס'איז געווען אן איבערייס. אף א קאסטן איז געזעסן גאלאטשקא, און לעבן איר דער פראנצויז. ניט ווילנדיק האט זיך כריסטינא אנטציקט מיט אים: ווי א געצייכנטער — א דינער אוואל פון פאנעם, אן אדלער־נאז, שווארצע בלאנקענדיקע אויגן... זיי זיינען געווען אריינגעטאן אין א שמועס און האבן ניט באמערקט כריסטינאן. זי האט ניט פארשטאנען, פון וואס דער פראנצויז האט גערעדט, אבער ער האט גערעדט אזוי באגייסטערט, אזוי אויסערגעוויינלעך, אז זי איז פארבליפט געווארן. דערקלערט זיך, געווים, אין ליבע... אך, די דאזיקע פראנצויזן, זיי זיינען בעעמעס מעשוגאים. די דאזיקע מיידל האט מאזל. וואס אזוינס איז דען אין איר? א נאז, ווי א קנעפל... כריסטינא האט א געשריי געטאן:

— וואס טוט איר דא?

— איצט איז אן איבערייס, — האט רויק געענטפערט גאלאטשקא.

כריסטינאן האט זיך געוואלט געבן איר א קלאפ, אבער זי האט זיך איינגעהאלטן: עס קלעקט, וואס די רוסן האסן איר, צו וואס נאך ציען אף זיך די אופמערקזאמקייט פון די פראנצויזן...

גאלאטשקא פלעגט זיך אפט פרעגן מיט דער ערלעכקייט און שטרענג־קייט פון א מיידל: וואס איז בא איר מיט פיערן — פריינטשאפט אדער מער?... זיי האבן קיינמאל דערפון ניט גערעדט; זיי פלעגן זיך טרעפן נאר צווישן מענטשן; צייטנווייז פלעגט פיער ביגעניווע גלעטן גאלאטשקאס האנט, פליסטערן „טייערע". זי פלעגט אים רופן פעטיא... ער האט זיך אויסגעלערנט ריידן רוסיש. ער פלעגט פארדרייען די ווערטער, אבער גע־רעדט פליסיק. אמאל אין א זונטיק פלעגט זיי געלינגען צו טרעפן זיך באם ברעג פון שווינדזיכטיקן מוטנעם טייכל, וואס האט געהאט אלע קאלירן פונעם בוימל אף אים. עס זיינען דארט ניט געווען ניט קייןביימער, ניט קיין פייגל — נאר אפפאל, שטיינערנע ווענט, טשאד, אבער די דאזיקע שפאצירן זיינען פאר זיי געווען קישעף־מייסעלעך; פון מאנטיק אן פלעגן זיי אנהויבן טרעפן צי עס וועט זיי געלינגען צו טרעפן זיך דעם קומענדיקן זונטיק.

פיער האט געוווּסט, אז ער האט ליב באקומען גאלאטשקאן. ער האט נאך עפעס געוווּסט: ער וועט ניט לאנג ציען... א דאקטאר, א פראנצויז האט אים אפן געזאגט: „איין לונג איז דערליידיקט. און בא די דאזיקע באדינ־גונגען..." פאר א סאך איז דער טויט אין לאגער געווען אן אויסלייזונג; אבער פיערן איז געווען שווער צו שטארבן — ערשט איצט האט ער דער־קענט דאס לעבן.

פאר דער מילכאמע פלעגט זיך פיער וויניק פארטראכטן איבער דעם וואס עס קומט פאר ארום אים; ער פלעגט נעמען אביסל אן איראנישן טאן, בעיס מען פלעגט אין זיין אנוועזנהייט ריידן, אז מען דארף איבערמאכן די געזעלשאפט. „וואס מער אלץ ענדערט זיך, אלץ מער בלייבט אלץ ווי געווען", — פלעגט ער אריינוווארפן זיין טאטנס באליבטן גלייכווערטל. דעם דאקטאר מארילא איז געלונגען איםפאנירן די זין, אז סקעפטיציזם — איז א סימען פון רייפקייט; אז אנשטענדיקער מענטש האסט די עקזיסטירנדיקע ארדענונגען און גלייכצייטיק פארשטייט ער, אז עס וועט בעסער ניט זיין.

דער עלטערער ברודער רענע פלעגט נאָך אַמאָל דיסקוטירן מיטן טאַטן, אָבער פיער האָט ניט באַוויזן פאַנאַנדערצוקליבן זיך אין גאָרניט — ווען עס איז אויסגעבראָכן די מילכאָמע, איז ער געווען אַ פאַרכאַלעמטער און קאָמישער יונגערמאַן. אויך די מילכאָמע האָט זיך אים פון אָנהויב אויסגעוויזן אַלס אַ מעשונעדיקע שפּיל; אייניקע פלעגן פאַרזיכערן, אַז דאַלאַדיע באַשיצט די מענטשלעכע ווערטן, אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט פּונקט דאָס פאַרקערטע — דאָס אַלץ איז אַ קאָמעדיע, דאָ גייט אין מערק, אין רווישטאָפן.

אַ לעבנס־שול איז פאַר פיערן געוואָרן די געפאַנגענשאַפט. דאָס איז געווען אַ שווערע שול. די מענטשן אין לאַגער פלעגן לאַנגזאַם זינקען, עס פלעגט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך דאָס ערגסטע, וואָס האָט אין זיי געשטעקט. עס זיינען געווען ציניקער, זיי פלעגן זאָגן: „די הויפּטזאַך איז נאָר אַריבערצולעבן. און פעטען אָדער אַ רעפּובליק — דאָס איז שוין אַלץ איינס"... עס זיינען געווען אויסוווּרפן, גרייטע צו יעדן מאָמענט פאַראַטן די כאַווײרים. עס זיינען געווען טרוימער, אין הונגעריקע און קאַלטע נעכט פלעגן זיי דערמאָנען די אידיליע פון פאַרמילכאָמעדיקן פראַנקרייך — די גאָרטן־ביידלעך אויף דער מאַרנע, ווו די פישער פלעגן רייסן זשאַסמין, און פאַרליבטע האָבן געגעסן געבראָטענע פיש. עס זיינען געווען ליכטזיניקע, גרייטע צו טרייסטן זיך מיט היימישן ווורשט, איבערגעשיקטע דורכן „רויטן קרייץ", אָדער מיט אײַליקע צערטלעכקייטן פון אַ דייטשישער זעלנערקע. קימאַט קיינער פון די געפאַנגענע האָט ניט אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן; פון דער מילכאָמע האָבן זיי זיך נאָר באַקענט מיט איין זאַך — מיט די שטעכיקע דראָטן פון לאַגער.

פאַר פיערן איז גאַלאָטשקאַ געוואָרן דער קוואַל פון לעבן; אים האָט אופגעהאַלטן די טיפע האַרציקע לוסטיקייט פון דער דאָזיקער מיידל, אַ שטאַלצע און באַשיידענע. ווען זי האָט דערציילט, ווי אַזוי זי האָט איבערגעשריבן אַן אַלטע פלוגבלעטל אין קיעוו, האָט ער זיך פאַרטראַכט: „יאָ, אַזוי לוינט צו לעבן"... זי פלעגט אים אָפט בעטן: „דערצייל עפּעס. דו ווייסט דאָך אַזוי־פיל"... ער האָט אַ סאַך געלייענט, געדענקט דאָס איבערגעלייענטע, אינטערעסאַנט איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון ראָמאַנען, גערעדט פון פאַרשיידענע לענדער, ווי ער וואָלט דאָרט געווען. צייטנווייז פלעגט זיך איר אויסדוכטן, אַז זי איז אַ סטודענטן, און פיער איז דער פּראָפעסאָר, האָגאָם זי איז געווען אויף פינף יאָר עלטער פון אים. אַנומלט האָט זי געזאָגט:

— דו ווייסט אַ סאַך מער פון מיר.

ער האָט געענטפערט:

— מעגלעך, אָבער דו ווייסט דאָס גרעסערע.

זיי זיינען געגאַנגען באַם שוואַרצן טייכל. עס האָט געבלאָזן אַ שאַרפער ווינטערדיקער ווינט. פיער איז געווען פאַרומערט, ער האָט געהוסט. נאַלאַטשקאַן האָט זיך געוואָלט טרייסטן אים, זי האָט געזאָגט: „מיר איז גוט מיט דיר, פעטיאַ". און זי האָט זיך פאַרויטלט. ער האָט געענטפערט: „מיר אויך"...

און מאָנטיק איז ער ניט געקומען צו דער אַרבעט. ער האָט אויסבאַהאַלטן פון גאַלאָטשקאַן זיין קראַנקייט. זי פלעגט צייטנווייז פרעגן, וואָס

מיט איב איז — ער האט געהוסט, ווי נאר ער פלעגט אופהויבן עפעס א שווע־רע זאך, פלעגט ער זיך באדעקן מיט א שווייס. ער פלעגט ענטפערן: „גארניט. א כראנישער בראנכיט"... ער איז אויך ניט געקומען צומארגנס. ערשט איצט האט גאלאטשקא פארשטאנען, ווי זי איז צוגעבונדן צו אים. וואס איז מיט אים? קראנק? אדער די דייטשן האבן אים איבערגעפירט אין אן אנדער לאגער?...

אין עטלעכע טעג ארום האט פיערס כאווער ראזשע געזאגט:

— פיער איז אין שפיטאל, איך האב אים געזען, ער האט דיר געבעטן איבערגעבן, אז דו זאלסט זיך ניט באומרויקן...

ראזשע האט אויסגעזען פארזארגט, און גאלאטשקא האט פארשטאנען, אז מיט פיערן איז שלעכט. דאס לעבן איז גלייך פארכמארעט געווארן. אי־בערצייגנדיק זיך באנאכט, אז אלע שלאפן, האט זיך גאלאטשקא איינגענורעט מיטן פאנעם אין קישן און לאנג געוויינט. זי האט ניט געקענט באווייזן איר צאר, זי האט געוווסט, אז זי דארף מוטיגער זיין: אויב די לאכערקע וועט שוין פארזייערקט ווערן, וואס וועט דאן זיין מיט די אנדערע?

צוויי יאר שקלאפעריי האבן אירם געטאן; מען האט אלץ אפטער און אפטער געקענט זען אין באראק פארוויינטע פענעמער. אומזיסט האט גא־לאטשקא געהאלטן אין דערוויזן, אז עס איז שוין ניט לאנג צו ליידן. פריער פלעגן א סאך דערהאלטן פון די עלטערן פאסטקארטלעך, איצט, ווען די רויטע ארמיי האט באפרייט קימאט גאנץ אוקראינע, האט זיך אפגעריסן די לעצטע פארבינדונג, עס איז נאך ווייטער געווארן די אייגענע היים.

א טאג איבער א טאג פלעגט אין באראק אריינקומען די פריילן שטראסנ־רויטער, א ריגער דייטשקע, מיט א ריזיקער נאז און פרישטשעס. זי פלעג דערציילן, אז אף אוקראינע איז ניט פארבליבן קיין איין הויז, זי האט גע־זאגט: „די באלשעוויקעס גייען אויס".

ביז פיערס קראנקייט פלעגט גאלאטשקא רעגולער איבערגעבן די מייד־לעך די נייס: דער פראנצויזישער דאקטאר האט געהערט די לאנדאנער זענ־דונגען. איצט איז אלץ געווארן קאמפליצירטער: ראזשע האט געארבעט אין אן אנדער צעך, און ער האט בעשום אויפן ניט געקענט פארגעדענקען די נעמען פון די רוסישע שטעט. גאלאטשקא האט אים שטרענג געזאגט:

— דערוויס זיך אלץ גענוי. אויב דו ביסט פיערס פריינט...

כריסטינא איז די לעצטע טעג געווארן אומדערטרעגלעך. זי האט גע־שאנקען די מיידלעך עפעס אזעלכע קנעפ פון פלאסטמאסע, געוויינט, גע־זאגט, אז זי האט זיי ליב. און אין דעם זעלבן אוונט האט זי זיך ארופגע־ווארפן אף ווארואן, באשולדיקט זי אין גאנווענען א פודער־פושקע, צעשלאגן זי. די פודער־פושקע האט זי שפעטער געפונען בא זיך אין צימער און, קעדיי צו פארגלעטן דעם איינדרוק פון דער שווערער סצענע, האט זי געזאגט גא־לאטשקאן:

— פארוואס זאלט איר ניט איינארדענען אין א פרייען אוונט א קאנ־צערט? רופט צוזאמען די מיידלעך פון אנדערע באראקן, איך האב גארניט דאקעגן. איר קענט זינגען אדער דעקלאמירן... קלייבט אויס א געבארן־טאג פון עפעס א מיידל און מאכט א באשיידענעם יאנטעוו.

גאַלאַטשקאַ האָט געענטפערט:

— גוט.

זי האָט פאַרגעלייגט די מיידלעך צו פייערן דעם טאָג פון דער רויטער אַרמיי.

— כריסטינאַ וועט אַריין אין רעציכע, האָט געזאָגט וואַריאַ.

— זי וועט ניט פאַרשטיין, און מיר וועלן אויך גאַרניט זאָגן, מיר וועלן פּאַשעט באַצייכענען די דאַטע...

מען האָט אויפגעראַמט דעם באַראַק. געזונגען עטלעכע לידער. כריס־טינאַ איז געזעסן, איינשטימיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. די לידער זיינען געווען טרויעריקע, זיי האָבן זיך געבונדן מיט כריסטינאַס שטימונג: זי האָט געטראַכט — מען וועט דערהאַרגענען, און קיינער וועט אויף מיר קיין ראַכ־מאָנעס ניט האָבן... גאַלאַטשקאַ האָט געוואָלט דערציילן די מיידלעך פון די אַנדערע באַראַקן וועגן דער אָפּענסיווע פון דער רויטער אַרמיי — ראָזשע האָט דאָס מאָל ניט אונטערגעפירט. האָט זי גענומען דעקלאַמירן:

„ס'איז דאָ אַ מאַמע, קוקסטו אַהין:
זעסטו גאַטשינאַ, נאָווגאָראָד, פּושקין,
די שטאָט גראָוו אויף דער טשודסקער אָזערע,
די באַערטע אין קיראָווגראַד און אין מאָזיר,
אין סאַרנע, אין כמיעל, אין ראָוונע, אין לוצק,
און אויך אין אַדעס וועט שוין זיין גוט,
און איצט איז די באַשערטע
לעבן וויניצע דער באַגערטער"...

די מיידלעך האָבן געלאַכט, איינע האָט זיך ניט באַהערשט און אויס־געשריען:

— די מאַמע איז באַפרייט!...

כריסטינאַ האָט גאָרניט פאַרשטאַנען; קוקנדיק אויף די מיידלשע פרייי־לעכע פּנעמער, האָט זי זיך געבייזערט. וואָס איז עס פאַר אַ פרייד אויף זיי?... די צייט איז אַזאַ שווידערלעכע. ענבענס ברודער, אַ מאַן, אַ זעלנער, האָט אויך ניט אויסגעהאַלטן — צעוויינט זיך אויפן וואָקזאַל... ווידער האָט זיי גאַלאַטשקאַ געמאַכט לאַכן, אַ פרעכע צויג!...

— וואָס האָט איר דעקלאַמירט?

— איך האָב גראַטולירט די באַערטע מיט איר געבאָרן־טאָג.

— און ווען איז באַערטעס געבאָרן־טאָג?

עטלעכע מיידלעך האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. גאַלאַטשקאַ האָט ערנסט געענטפערט:

— מיינער!

כריסטינאַ האָט זיך באַהערשט, און דער אָוונט האָט זיך גוט פאַרענ־דיקט. אַ גאַנצע נאַכט איז כריסטינאַ ניט געשלאָפן. די דאָזיקע פּאַסקודנע פייערן אונדזער אומגליק!... און איך דאַרף עס לעבן מיט זיי. וואָס פאַראַ שווידער!... אַלץ אין איר האָט געזאָטן. דער שטורעם איז אויסגעבראָכן אין צוויי טעג אַרום. כריסטינאַ האָט זיך פּלוצלינג געוואָרפן אויף דער קליינער באַסטיאַ. נאַסטיאַ איז געווען אַ הינקענדיקע, געגאַנגען מיט אַ שטעקן; ס'איז

געווען אומפארשטענדלעך צו וואס מען האט זי געבראכט קיין דייטשלאנד. זי פלעגט שטענדיק אונטערהינקען, אפשטייענדיק פון די אנדערע. כריסטינא האט א געשריי געטאן: „ריר זיך, לעבעדיקער!" נאסטיא האט שטיל געענטפערט: „איך קען ניט". דאן האט כריסטינא ארויסגעכאפט פון אירע הענט דעם שטעקן, גענומען מיימעסן דאס מיידל. אויסער זיך, איז גאלאטשקא צוגעלאפן צו כריסטינאן און דערלאנגט איר איבערן פאנעם.

גאלאטשקאן האט מען אוועקגעפירט אין טפיסע. זי איז געזעסן אין א פינצטערער צעל און געטרוימט: פיער זאל נאר וואס גיכער געזונט ווערן. עס וועט קומען די רויטע ארמיי, זיי וועלן פארן צוזאמען קיין קיעוו... זי האט ניט געוווּסט, וואס איר דערווארט: דער לאגער־נאטשאלניק האט געשריען, אז מ'וועט זי צעשיסן, און די אופזעערין האט געזאגט מיט א שמייכל: „ווּעסט נאך כאראטע האבן, וואס מען האט דיך דא ניט דערליידיקט..." אין טפיסע איז זי אפגעזעסן ניט לאנג. בעיים מען האט זי געהאלטן אין אוועקפירן, האט זי אפן זאמל־פונקט דערזען ראזשען, די הענט זיינען בא אים געווען געשמידט. ער האט באוויזן צו זאגן:

— מען האט מיך ארעסטירט — איך האב אפגעזידלט זייערן אן אפיציר. פיער איז געשטארבן דעם זעקס און צוואנציקסטן. א טאג פריער פאר דעם בין איך געווען בא אים, ער האט געזאגט, ווען איך וועל דיך זען, זאל איך איבערגעבן — ער טראכט פון דיר, ער וויל צוריקפארן אהיים, און דאן האט ער געזאגט, אז די רוסן האבן גענומען נאך א גרויסע שטאט, איך האב פארגעסן וואס פארא...

גאלאטשקא האט זיך ניט דערוווּסט, אז שטארבנדיק, האט פיער געכאזערט איר נאמען; ער האט אים נאך אלץ ניט געקענט ארויסזאגן, ער האט געפּליסטערט: „גאליאשקא... גאליאשקא...".

## XXII

איך וואלט באצייכנט די נאצים, ווי צווייווערטערדיקע, — האט פראפעסאר דיומא געזאגט דעם האלענדער קאסטער. — „הייל היטלער", „יודן שיסן", „ענגלאנד קאפוט", „פעריקטע פראנצויזן", „זיג־הייל"... אט האט איר די נייע ראסע, אף צום באשאפן זי האט מען אפילע ניט באדארפט קיין צען יאר. האלט אין האנט א גומענעם שטעקן, עסט, האט דעם מאגן, האלט זיך פאר אן אפגאט און אלע זיינע אפגעטלעכע געדאנקען דריקט ער אויס אין צוויי ווערטער.

קאסטער האט געהאנדלט אין אוטרעכט מיט ציגארן; אים האט מען גענומען פאר אויסבאהאלטן בא זיך א ייִדן. ער האט געקוקט אף דיומאן מיט אנטציקונג: א פראפעסאר פון דער סארבאנע, און ער כאכמעט זיך, ווען עס ווילט זיך שרייען...

דערוויסנדיק זיך, אז מען האט דיומאן ארויסגעשיקט אין א דייטשישן קאנצענטראציע־לאגער, איז לאנסיע אוועק צו ניוועלן:

— ער איז ניט קיין קאמוניסט און ניט קיין ייִד. און כוצדעם, טייערער פריינט, איז אכט און זעכציק יאר ניט קיין יארן פאר אזעלכע עקספערי־

מענטן! דערמאָנט זיך די פריערדיקע צייטן. איך בעט אייך אין נאָמען פון דער פאַרשטאָרבענער מאַרסעלינאַ...

— איך בין דאָ אַנמעכטיק, — האָט געענטפערט ניוועל. — דיומאַ האָט זיך אופגעפירט צו אומפאַרזיכטיק. ווען ער האָט מיך באַליידיקט, האָב איך זיך באַמיט צו פאַרגעסן דערפון. אָבער ניט אַלע זיינען אַזוי בריטהאַרציק. אַגעוו, דראָט אים גאָרניט, אַף וויפל איך ווייס, האָט מען אים אַרויסגעשיקט קיין ווייטמאַר. דאָס איז געטעס שטאָט, דאָס אידילישסטע ווינקעלע פון דייטשלאַנד...

מיט פאַרלייכטערונג האָט לאַנסיע דערציילט מאַרטאַן:

— עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מיט דיומאַן איז גאָרניט אַזוי שלעכט. דאָקטאָר מאַרילאַ האָט ליב איבערצוטרייבן. איך האָב מוירע, אַז לעאַ איז אַריינגעפאַלן אין ערגערע באַדינגונגען. אַרעמער לעאַ, ווען מען זאָל זיך פאַנאַנדערקלייבן, האָט ער אַזעלכעס ניט פאַרדינט, אָבער פאַקטן זיינען פאַקטן, פאַר זיי איז ער קוידעם קאָל ניט קיין אַריער...

איבער די לאַנגע באַראַקן, איבערן גרויסן הויף, וווּ מען האָט געשמיסן און געהאַנגען מענטשן, האָבן זיך דערהויבן די קרעמאַטאָריע־קוימענס; זיי האָבן אַרויסגעבראַכן אַ שוואַרצן שטיקנדיקן רויך. דעם דאָזיקן לאַגער האָט מען גערופן „דער לאַגער פון לאַנגזאַמען טויט". דאָ האָט מען ניט געשטיקט מיט גאַז. מענטשן פלעגן דאָ שטאַרבן פון אַרבעט אין די שאַכטעס אָדער אונטער דער ערד, וווּ עס האָבן זיך געפונען די מיליטערישע זאַוואָדן, פון הונגער און פון דורשט, פון היץ אָדער פון קעלט, פון דיזענטעריע, פון שווינדזוכט, פון אַנעמיע, פון גומענעס שטעקן אָדער פון דער לעדערנער בייטש. מען האָט זיי געבראַכט פון מינסק, פון פראַג, פון בעלגראַד, פון פּאַריז, פון אָסלאָ, פון וואַרשע, פון אַלע שטעט, וואָס די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט — געבראַכט פּאַרטיזאַנען און פאַרלאָרענע קליינבירגער, קאָמוניסטן און גאַלאַכים, שווייגנדיקע אונטערערדלער און ליבהאָבער פון אומשולדיקע אַנעקדאָטן, דינאַמיטלער און טאָמעוואַטע. מען האָט געבראַכט פאַרשולדיקטע דייטשן — פאַרצווייפלטע קעגנער פון רעזשים און זיינע פאַרצווייפלטע אָדעפּטן. מען פלעגט די מענטשן אַרויסגעבן געשטרייפטע בגאָדים פון קאַטאָרזשניקעס. זיי האָבן געאַרבעט ביז פולשטענדיקער אויסשעפּונג. עס האָבן זיי באַוואַכט יונגע עסעס און בייזע, גוט דרעסירטע הינט. בעיים אַ מענטש פלעגט אָוועקפאַלן טויט, האָט מען אים געשלעפּט אין קרעמאַטאָריע; און איבער די אידילישע דעמבעס, איבער די סאָסנעס, וועגן וועלכע עס האָט אַמאָל, אַף שירקעס באַשטעלונג, געשריבן ניוועל, איז געשטאַנען אַ וואָלקן פון רויך — עס האָט געברענט מענטשן־פלייש.

גוט, וואָס האַרי האָט ניט געקענט זען דעם אַלטן פּראָפעסאָר, בעיים ער האָט געבליאַבעט פון אַ פאַרזשאַווערטער שיסל אַ יושקע אָדער געריייניקט די נוזשניקעס. ס'איז געווען אומפאַרשטענדלעך, ווי אַזוי ער האַלט זיך נאָך. עס האָט אים געהאָלפן זיין פעסטער געבוי. אין דיומאַס מישפּאָכע האָבן אַלע לאַנג געלעבט, און דעם פּראָפעסאָרס זיידע האָט זיך באַרימט געמאַכט — אַ געבאָרענער אין נאַפּאָלעאָנס צייטן, האָט ער באַגעגנט דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט מיט אַ גלאָז שאַמפּאַניער און געזאָגט דעם רעפּאָרטער,

וואָס האָט געמאַכט מיט אים אַן אינטערוויו: „איך בין צו אַלט, קעדיי צו געפעלן אַ מיידל, אָבער ניט אַזוי אַלט, אַז מען זאָל וועגן מיר שרייבן אין דער ציַיטונג"... דיומאַ האָט אויסגעזען ווי אַ צעקנייטשטער און טיפע פאַלדן אַלטער בוים אין פראַנקרייך. און דאָך וואָלט ער זיך שווין לאַנג איינגע־בראָכן, ווען עס וואָלט אים ניט אונטערגעהאַלטן דער ליידנשאַפטלעכער פאַר־לאַנג צו דערלעבן ביזן סאָף; ער פלעגט זאָגן די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין איין באַראַק מיט אים: „איצט שטאַרבן, איז פּאַשעט נאַריש, דאָס איז דאָס זעלבע, וואָס קאַפּיטולירן. מיר דאַרפן אַריבערזיצן די צוויי־ווערטערדיקע...

ניט געקוקט אַף דער מידקייט, פלעגט ער ווייניק שלאָפן. אינמיטן נאַכט, בעיים עס פלעגן בילן די הינט, פלעגט ער זיך דערמאָנען די ווייטע פאַר־גאַנגענהייט, דעם ניינצנטן יאָרהונדערט, דעם לייכטזיניקן און הערלעכן פּאַ־ריז מיט די „פאַרשאַלטענע דעספּאָטן", מיט אַנאַרכיסטן, מיט קאָמונאַרן, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון קאַיען, מיט די פּיאָקערס און מיט די דרייפוסעס, דערמאָנט זיך פּאַסטערס לעקציעס, זשאָרעס פלאַמענדיקע רעדעס, זאָלאַן, וועלכער האָט, פאַריכטנדיק די פענסטע, געזאָגט דעם סטודענט דיומאַ, וואָס האָט פאַרטראַכט אָנצושרייבן אַ נאַטוראַליסטישן ראָמאַן: „יונגערמאַן, ליטע־ראַטור הייסט קוידעם קאָל דינען דעם עמעס"... ער האָט געלעבט מיט די געבאָטן פון מענטשן, וואָס ער האָט געדענקט: קירי און בערטעלאָ, מעטש־ניקאָוו און רעקליו. און אַט זיינען נאָך די ענציקלאָפּעדיקער געקומען צוויי־ווערטערדיקע. מען האָט געטראַכט וועגן פאַרלענגערן דאָס מענטשלעכע לעבן און דערטראַכט זיך צו אַ לאַנגער פון לאַנגזאַמען טויט... דיומאַ האָט געוואָלט דערוואַרטן זיך די באַפרייונג: ווען ניט, וועט דאָס לעבן אויסזען אַ גיט־פאַרענדיקטער, ווי אַ בוך פון וועלכן מען האָט אַרויסגעריסן די לעצטע זייטלעך.

יעדן טאָג, יעדע שאָ האָט דיומאַ געקעמפט מיטן טויט. ער האָט גע־ווּסט, אַז דאָס וויכטיקסטע איז ניט נאָכגעבן אין גאָרניט: ער האָט אײדל געערדט מיט אַלעמען, באַמיט זיך זאָרגפעליק וואַשן זיך, האָגאָם דאָס איז געווען קימאַט אומעגלעך, פאַרגעזעצט טראַכטן פון זיין אַרבעט. ניט געווען קיין ביכער; ער האָט געליטן דערפון און דערמאָנט זיך פונעם לאַנג גע־לייענטן. אָפט פלעגט ער איבערכאַזערן פּאַסקאַלס ווערטער: „דער מענטש איז נאָר אַ רער־געוויקס, דאָס שוואַכסטע פון אַלץ וואָס עקזיסטירט, אָבער דאָס איז אַ דענקענדיקער רער־געוויקס. אַ טראָפּן וואַסער קען אים דער־הארגענען. נאָר ווען אַפילו דער גאַנצער אוניווערס וועט זיך אַ לאָז טאָן אַף אים, וועט ער דאָך זיין העכער פון זיינע מערדער, וויי̆ל ער קען באַנעמען דעם טויט, און די בלינדע קויכעס פאַרמאָגן ניט דאָס באַוווּסטזיין. אַזוי אַרום, איז אונדזער גאַנצער ווערט אינעם געדאַנק"... ער פלעגט אונטער־האַלטן די כאַוויירים זיינע, ער האָט געוווּסט, אַז קאַסטערן דאַרף מען פריי־לעך מאַכן, פלעג ער אים דערציילן מאַרסעלער אַנעקדאָטן, דעם טשעך פראַנץ פלעגט ער באַקענען מיט די פּראָבלעמען פון מאָדערנער אַנטראָפּאָלאָגיע, מיטן פּאַריזער דיוקרע פלגט ער אויסרעכענען אַלע מעטראָ־סטאַנציעס פון אי־טאַלי ביז עטואַל. אין באַראַק איז געווען אַ רוסישער אָפיציר יעווסטיגניעיעוו,

וואָס האָט צוויי מאָל געפּרוּווט אַנטלויפן פון לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע. דיומאַ האָט זיך מיט אים באַפריינדעט, גענומען לערנען רוסיש, פאַנאַנדערגעפרעגט יעוסטיגנייעוון וועגן דער סיסטעם פון די אַרבעטס־טעג, וועגן די דייטשישע זיטן, וועגן מאָסקווער באַלעט. אַלץ האָט דעם פּראָפעסאָר אינטערעסירט. דעלאָר פלעגט פאַר דער מילכאָמע האָדעווען לעבן טולוז קראָליקעס, פלעג דיומאַ מיט פאַרגעניגן אויסהערן אַף וואָס פאַרא קרענק עס קרענקען די קראָליקעס. ער האָט זיך אַפילע געקענט פאַרינטערעסירן מיט קאָסטערס בלעטער וואָס מען באַקומט פון סומאַטרע, האָגאָם ער האָט קיינמאָל אין לעבן ניט גערויכערט קיין ציגאַרן. ער האָט אונטערגעהאַלטן אַנדערע מיט זיין אינערלעכער פרייד. ריסטיטש פלעגט זאָגן: „אין איין עק לאַגער איז אַ קרעמאַטאָריע, און אין צווייטן איז דיומאַ — דער פּראָפעסאָר שטעלט דאָ פאַר דאָס לעבן".

עס איז געווען אַן אומרוּיקער טאָג פון אַ פריאיקן פרילינג, די זון האָט שוין צוגעוואָרעמט, אָבער פון די בערג האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט. דיומאַן און קאָסטערס האָט מען באַפוילן אַריבערצוטראָגן די לייכעס פון די געשטאָרבענע, פון די באַראַקן אין קרעמאַטאָריע. דיומאַ האָט געקוקט אַף די פענעמער פון די מייסים, פון וועלכע מען האָט לאַנגזאַם אַרויסגעפּאָמפּעט די פרייד, דאָס בלוט, דאָס לעבן; צווישן די דאָזיקע מייסים זיינען געווען פראַנצויזן, רוסן, סערבן, פּאָליאַקן; עס זיינען געווען טונקעלע פענעמער און ווייסע, אַלע קימאַט יונגע... דיומאַ האָט פּלוצלינג דערפילט אַ גוואַלדיקע מידקייט, עס כאַלעשט דאָס האַרץ, דאָס פּאָנעם האָט זיך באַדעקט מיט שוויים... אין דער צייט איז צו אים צוגעקומען אַן עלטסטער איבער צען מאַן, דער דייטשישער קאָמוניסט עריך, ווען מען האָט נאָך אַריינגעזעצט אין איין און פערציקסטן, און שטיל געזאָגט:

— די רוסן זיינען אַריין קיין רומעניע...

דיומאַ האָט ווידער דערפילט, אַז ער לעבט. אויב זיי זיינען דורכגענאַנגען פון דער וואָלגע ביז צום פּרוט, וועלן זיי אינגיכן זיין דאָ. מען מוז זיך דערוואַרטן!...

ער האָט באַ אַ געלעגנהייט דערציילט עריכן וועגן אַנאַן — ער האָט געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז ער האָט געטראָפן גוטע דייטשן. עריך האָט אָפּגעזיפצט:

— מיר זיינען זייער ווייניק...

דיומאַ האָט אים גענומען טרייסטן, ווי ער האָט אַמאָל געטרייסט אַנאַן:

— שפּעטער וועט זיין מער. וויכטיק איז עפּעס אַנדערש — דאָך עקזיסטירט איר... איצט קענען ניט זיין אַזעלכע אונטערשיידן, אַז אין איין לאַנד זאָל הערשן דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט, און אין אַנדערן דער צענטער. די מילכאָמע וועט אַ סאָך ענדערן. די דאָזיקע צווייוועדיקע זיינען שוין דורכגעפאַלן. הייסט עס, אַז די דייטשן וועלן זיך ווידער אויסלערנען דענקען...

דיומאַ האָט אַ שמייכל געטאָן — די רוסן לערנען זיי איצט און גרינטלעך, אָבער ער האָט דאָס עריכן ניט געזאָגט; עס האָט אים גערירט דער שוואַכמוטיקער און איינגעשפּאַרטער דייטש; ער האָט זיך געזאָגט: געוויס,

זיינען זיי ווייניק, אבער איינער אזא איז טייערער ווי טויזנט, וואס ליגן רויִק זייער שטים אין שטימקאסטן, און גייען נאכדעם עסן מיטיק. פאראן בא קאמוניסטן אן אינערלעכע קראפט. מען קען ניט פרעגן — צי איז ער א קאמוניסט אדער ניט, מען זעט באלד; זיי האלטן זיך גוט, העלפן די כאַ־ווײַרים, ווערן ניט פארצווייפלט. אזוי האבן זיך, געווים, געהאלטן די ערשטע קריסטן, ווען מען האט געדארפט ניט שטעלן קיין ליכט, נאר גיין אף דער ארענע, ווו די טיגערס זיינען געווען... די רוסן האבן באוויזן דער וועלט, אף וואס עס איז פעיִק א מענטש, ווען ער באנעמט זיין גערעכטיקייט...

דער עסעס האגען איז געווען אין א שוידערלעכער שטימונג: איינדער־פרי האט ער זיך דערוווּסט, אז דער אבערשאַרפירער קלאס קלייבט זיך אים אוועקשיקן קיין פראנקרייך. געווים, איז פראנקרייך ניט אזא מיעסער פלאץ, אבער אלע זאגן, אז דעם זומער וועט זיך דאָרט אנהויבן די מילכאמע... און האגען האט דערפילט א האס צו די פראנצויזן: אויסוואַרפן, פיר יאָר האבן זיי געוואַרט, און איצט לאכן זיי, געווים, אין די הויפנס...

ס'איז געווען אן אפעל. די לאגער־מענטשן פון ניט ארבעטנדיקן באַ־ראק האבן זיך אויסגעשטעלט; אלס לעצטער אין דער ערשטער ריי איז גע־שטאנען דיומא. האגען איז צוגעקומען צו אים און, ניט ריידנדיק קיין וואָרט, דערלאנגט אים מיטן שטעקן. דיומא האט זיך ניט געענדערט אפן פאנעם. האגען האט אים נאכאמאל א קלאפ געטאן און אויסגעשריען:

— וואס שווייגסטו? מען קען מיינען, אז דו באמערקסט ניט, ווען מען שלאגט דיך?

— איך באמי זיך ניט צו באמערקן, — האט רויִק געענטפערט דיומא.

— איך האב צו לאנג געלעבט און געטראכט, קעדיי צוצוגעבן דעם דאזיקן א באדייטונג.

האגען איז שנעל אוועק אן א זייט; אים האט זיך אויסגעוויזן, אז דער אלטער איז כאסער־דייע, אדער פונזינען אראפ, און האגען האט פון קינדוויַיז אן מוירע געהאט פאר מעשוגאָיִם.

אין אוונט האט קאסטער געפרעגט דעם פראפעסאר:

— ווי אזוי האט איר זיך געקענט איינהאלטן, ניט צו שרייען?

— ער האט מיך אפילע געקענט שלאגן הונדערט מאל, וואלט איך ניט געשריען — איך האב ניט געוואלט שרייען. הערט, דאס האט שוין מיט דריי הונדערט יאר צוריק פארשטאנען פאסקאל: דערהארגענען קענען זיי, אבער אויב איך דענק, זיינען זיי הילפלאָז קעגן מיר...

## XXIII

עס זיינען געשטאנען הערלעכע טעג; קוקנדיק אף די בליענדיקע קאַש־טאנעס, אפן בלייכן קינדערישן גרינס פון גארטן, איז לאנסיע געווען גרייט צו פארגעסן וועגן דער דראענדיקער געפאר. אבער די צייטונגען, ראדיא, באקאנטע, פלעגן אים שנעל צוריקערן צו דער ווירקלעכקייט. ניט היינט־מארגן וועלן זיך די אליאירטע ארויסזעצן. די דייטשן וועלן דאן אוועקנעמען אלע מענער אין די לאגערן. באמבארדירן וועט מען קיילעכדיקע מעסלעסן...

אפילע די שטענדיק רויִקע מארטא פלעגט אפט וויינען. לאנסיע פלעגט שפילן דעם העלד, דערמאנט ווערדון, געזאגט, אז די מילכאמע איז שרעקלעכער, ווען דו טראכסט וועגן איר, איידער ווען דו ביסט אפן פראנט. ער האט זיך אבער ניט געקענט בארויִקן. און טאמער האט מען מיך ארייננגעשטעלט אין דער שווארצער ליסטע? רוא קען מיך אומברענגען — ער וועט זאגן, אז לואי איז אין ענגלאנד, מאדא איז ערגעץ פארשוואונדן, עפשער פארפלאנטערט זיך מיט די טעראריסטן, דער געוועזענער שוטעף — א יִד, איך פלעג בא זיך אופנעמען קאמוניסטן, אפילע רוסן... ס'איז גענוג אף צו באקומען א קויל אין קאפ. און אין א טאג ארום האט זיך לאנסיע געפייניקט מיט עפעס אנדערש: די דייטשן וועט מען ארויסיאגן, ווען קומען יונגעליט מיט רעוואלווערן, נעמען פרעגן. — „איר האט געמאכט א געברויך פון לעא אלפערם אקציעס? דאס איז איינמאל אוועק. אנגעשריבן א נעקראלאג בערטין? דאס איז א צווייטע סעדרע. געארבעט מיט פינאן פאר די דייטשן? איז שוין דריי. דאס קלעקט!". און זיי וועלן מיך אוועקלייגן... מען קען ניט גלויבן אנריאס רייך, אבער יעדער פארשטייט, אז א גוטע העלפט פון די מאקוזארן זיינען פאשעטע באנדיטן. און די צווייטע העלפט — פאנאטיקער... און לאנסיע האט אין שרעק געטראכט: עס וואלט זיך כאטש וואס שנעלער אלץ אנגעהויבן! דאס שרעקלעכסטע איז — דאס קוועלן זיך. עס בליען די קאשטאנעס, עס קומט אן דער פרילינג, און איך ווייס ניט, וויפל מיר איז פארבליבן צו לעבן?...

צו פינאן האט ער זיך צוגעוווינט. מאלע צו וואס דער מענטש קען זיך צוגעוווינען?... אפן גערעדט, האבן זיך אלע צוגעוווינט אפילע צו די דייטשן. געוויס איז פינא ניט רוא, דאס איז אן ערלעכער מענטש, אבער ווי פרימיטיוו ער איז! די פארמילכאמע יארן, די אוונטן אין „קארבעי", לעאס וויצן, די שמועסן וועגן פרעמיעס און ווערניסאזשן האבן זיך פארגעשטעלט לאנסיען ווי א פארלארענער גאנײדן. איז דען פינא פעיִק צו דערפילן וואלעריס דיכטונגען? ער האט אפילע גארניט געהערט, אז עס איז דא אזא פאעט... פאר מיר איז די דייטשישע אקופאציע — א קאמפליצירטע דראמע און פינא נעמט אלץ אוף גראב, מאטעריאליסטיש. „מיט די דייטשן קען מען ארבעטן"... און אט קען מען מיך דערהארגענען פאר מיינע פארבינדונגען מיט פינאן, האגאס עס בינדט אונדז ביידן גארניט, כוץ געלט...

אזעלכע זיינען געווען לאנסיעס מאכשאוועסן, ווען עס איז געקומען פינא; געקומען איז ער ניט אין דער געוויינלעכער צייט, און לאנסיע האט באלד פארשטאנען, אז דער שוטעף וויל אים מודיע זיין עפעס א וויכטיקע זאך. און פינא האט זיך ניט געײַלט, ער האט אים איבערדערציילט קלאנגען וועגן קינפטיקן דעסאנט, באקלאגט זיך אף ווייטיקן אין קרייץ, געלויבט דעם וועטער. לאנסיע איז בייז געווען. פארוואס ציטערן?...

זיי האבן מער ווי א יאר געארבעט צוזאמען, געארבעט אן קיינע שום רייבונגען. פינא האט נאך אלץ געהאלטן לאנסיען פאר א לייכטזיניקן. זיי פלעגן זיך זעלטן טרעפן מיכוץ דער ארבעט, און לאנסיע האט זיך פארלוירן, ווען פינא האט אומדערוואַרטעט גענומען ריידן פון פריינטשאפט:

— איך מיין, אז אין עטלעכע באדאשים ארום וועט זיך אלץ ענדערן,

אבער מירביידע וועלן זיך ניט צעשיידן. מיר האבן דאך צוזאמען דורכגעמאכט די שווידערלעכסטע צייט...

— איר זייט איבערצייגט, אז אין עטלעכע כאדאשים ארום וועט זיך אלץ ענדערן?

— איבערצייגט.

— ווערניי האט אייך געזאגט?

— ניין. איך טרעף זיך איצט ביכלאל זעלטן מיט ווערנייען. אונדזערע וועגן זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען.

לאנסיע האט ניט געגלויבט זיינע אויערן, פון ווען אן זאגט זיך עס פינא אפ פון זיין אידעם?... ניין, דאס איז בעעמעס א סענסאציע. עס זעט אויס, אז די דייטשישע געשעפטן זיינען גוט אין דר'ערד...

און פינא האט פארגעזעצט:

— איר ווייסט, אז איך האב באטראכט די אקופאציע, ווי אן אומפארמיידלעכע צארע. איין זאך איז דינען דעם טייוול, א צווייטע — דינען אים ביט פאר מוירע, נאר מיטן געוויסן. ווערניי איז א שנעק, ער האט געשפילט און פארשפילט זיך...

לאנסיע האט זיך ניט באהערשט:

— אבער וואס וועט זיין מיט אונדז? מיר זיינען אין א שווידערלעכער לאגע... זיי וועלן אונדז ניט מויכל זיין, וואס מיר האבן געארבעט מיט די דייטשן.

— ווער וועט ניט מויכל זיין?...

— די טעראריסטן... איך באנוץ זיך מיט אן אויסדרוק פון די דייטשן, אבער איר פארשטייט דאך אליין, ווער — די מאקי, אדער ווי זיי רופן זיך, פאטריאטן.

פינא האט א שמייכל געטאן:

— מען דארף זיי ניט נעמען ערנסט. איך זע, אז אויך אף אייך האבן געווירקט אנריאס רעדעס. איר ווייסט, די קאמוניסטן פארלייך איך ניט. אין בעסטן פאל זיינען דאס געפערלעכע אוטאפיסטן. אבער ווער וועט זיי דערלויבן איינצושטעלן זייער סיידער? מיר זיינען, צום גליק, ניט פוילן, אהער וועלן די רוסן ניט קומען. עס וועלן קומען די אמעריקאנער, און זיי זיינען פונקט אזעלכע נארמאלע מענטשן, ווי מיר ביידע. איך ווייס ניט, וואס עס טראכט זיך דע גאל, אבער אין זיינע קרייזן זיינען א סאך גאנץ ערנסטע מענטשן. אונדז ביידן באטראכט מען, ווי ערלעכע פראנצויזן — איך האב עס פעסטגעשטעלט... איך רוף ניט אן קיין נעמען — דערווייל זיינען נאך די דייטשן אין פאריז... איך בין געקומען צו אייך, קעדיי אייך צו בארויקן און פארהיטן. איצט איז ניט דער צוויי און פערציקסטער... עס וועט זיין גוט, אויב איר וועט זיך אפהאלטן פון געוויסע באקאנטשאפטן.

— אבער איך...

— איך ווייס, אז איר פארנעמט זיך ניט מיט פאליטיק, אבער איך פלעג טרעפן בא אייך ניוועלן. דאס איז א העסלעכער פארשוין, אזא ווי ווערניי. עס וועט בעסער זיין אויב איר וועט זיך אפהאלטן פון באגעגענישן מיט אים. געוויס, דארפט איר עס מאכן פארזיכטיק... אזעלכע הערן קענען

נאָך באַם סאַמע סאָף אַפּטאָן אַ סאַך שלעכטס... טייערער הער לאַנסיע, איך האָט צופּיל צוטרוי, איך זאָג עס אייך, ווי אַ פריינט. און די צייט איז אַ בייזע... מיר וועלן זיך האַלטן איינס אין אַנדערן — און מיר וועלן בלייבן לעבן...

ווען פינאַ איז אַוועק, האָט לאַנסיע אַ טראַכט געטאָן. איך בין געווען ניט יוישערדיק צו אים. די גאַנצע צרה איז אין דעם, וואָס איך בין אַן עסטעט, איך בין פאַרסאַמט פון דער קונסט, איך מישפּעט מענטשן לויטן אויסערלעכן איינדרוק. קלאָר, אַז פינאַ האָט אַ הויט פון אַ טרוקענעם גע־שעפּטסמאַן, אָבער אַ האַרץ איז באַ אים פון אַן עכטן פראַנצויז. לאַנסיע איז געוואָרן גוט געשטימט און ער האָט באַשלאָסן איינצולאַדן די אַלטע פריינט — דאָקטאָר מאַרילאַ און סאַמבאַ; דערביי האָט ער יעדן איינעם פון זיי געזאָגט אונטערשטרייכנדיק די וואַניקייט און באַדייטונג פון די ווערטער: „ניוועל וועט ניט זיין"... סאַמבאַ האָט באַלד מאַסקים געווען. און מאַרילאַ האָט זיך געלאָזט בעטן. דער דאָקטאָר איז לעצטנס געוואָרן אַפּ־געפּרעמדט פון מענטשן: עס האָבן אים צוגעדריקט שלעכטע יעדיעס — פּיער איז געשטאָרבן אין לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע, און רענען האָט מען געפּאַקט און ניט דערוויסנדיק זיך, צום גליק, אַז ער לעבט אַף אַ פאַלשן דאָקומענט, אַרויסגעשיקט קיין אַסטפּרייסן. ווענן פּיערס טויט איז געקומען אַ מעלדונג; שפּעטער איז געקומען צופאָרן אַ באַפרייטער צוליב קראַנקייט, קריגס־געפאַנגענער, און דערציילט, אַז פּיערן האָט מען זיך אויך געקליבן אַפּצושיקן אַהיים, אָבער דער צעטל איז ערגעץ אַפּגעלעגן אַ האַלב יאָר. ווען דער דאָזיקער קריגס־געפאַנגענער האָט געזאָגט, אַז פּיער האָט זיך פאַרן טויט באַפריינדעט מיט אַ רוסישער מיידל, האָט זיך דער דאָקטאָר אַפּגע־קערט און אויסגעווישט די אויגן מיט אַ גרויסן ברוינעם טיכל.

לאַנסיע האָט צוגעגרייט אַ באַשיידענעם אָוונטברויט, וועלכן עס האָבן באַדאַרפט באַשיינען עטלעכע פלעשלעך פון אַלטן באָרדאָ. לאַנסיע פלעגט איצט האַלטן מער פון באָרדאָ, ער פלעגט זאָגן: „בורגונדער איז פאַר דער יוגנט — דאָס איז אַ וויין פון שטורמישע פּאַסירונגען און אַ געזונטן לע־בער, און באָרדאָ דערוואָרעמט די מענטשן, בעיס זיי גייען אַריין אין זעקסטן צענדליק"...

— לאָמיר אויסטרינקען פאַרן זומער, וואָס קומט אָן, ער וועט זיין אַ שטורמישער, — האָט פּילבאַדייטנדיק געזאָגט לאַנסיע.

אַלע האָבן אָנגעקלאַפּט די גלעזער. לאַנסיע איז געווען גערירט; און אַט האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אַלטע פריינט... ניטאָ די אָרעמע מאַרסע־לינאַ, איך איז אַלציינס, ווער עס וועט זיגן, זי וועט שוין ניט צוריקקומען. מען ווייס ניט, וואָס מיט די קינדער איז. מעגלעך, אַז זיי זיינען אומגעקו־מען? ניטאָ דיומאַ. וואָס איז מיט אים? שווער צו געטרויען ניוועלן, ער דינט טאַקע די דייטשן ניט פאַר מוירע, נאָר מיטן געוויסן... מעגלעך, אַז לעאַ האָט ניט אויסגעהאַלטן די פּייניקונגען? אַט איז זיין פּלאַץ אין ווינקל אונטערן לאָמפּ...

— לאָמיר דערמאָנען די אַוועקגעגאַנגענע, — האָט שטיל געזאָגט לאַנ־

סיע. — מיר זײַנען פֿאַרבליבן, ווי אין דער טײַוועע בעיסן מאַבל — זאַלבע־דריט...

מאַרילאַ, וואָס האָט ביז דאַן געשוויגן, האָט זיך אויפֿגעמונטערט:

— עס איז געווען בײַ מיר מאַרי, זי וויל נאָך אַלץ ניט שאַלעם מאַכן דערמיט, וואָס מען האָט דיומאַן אַרויסגעשיקט אין קאַנצלאַגער, זי לויפֿט אין קאָמענדאַטור, זי פֿאָדערט מען זאָל אָנעמען אַ פּעקל... און ווער ווייס, צי דיומאַ לעבט?...

— ניוועל פֿאַרזיכערט, אַז ס'דראָט אים גאָרניט, אָבער איך גלויב ניט ניוועלן, ער האָט געשפּילט און פֿאַרשפּילט זיך. — מאַרטאַ האָט פֿאַרכי־דעשט אָנגעקוקט דעם מאַן און, דערפֿילנדיק אויף זיך איר בליק, האָט ער זיך פֿאַרויטלט. — יאָ, איך האָב אים געגלויבט, געהאַלטן אים פֿאַר אַן אָנשטענדיקן מענטש. מיך נאַרט אָפּ די קונסט. סאַמבאַ, איר פֿאַרשטייט דאָס?...

— ניין, ניוועל דאָס איז אַ נעבעכדיקער ערזאַץ, און כוצדעם האָס איך די קונסט.

— איך האַלט, אַז איר לעבט דערמיט...

— יאָ, אָבער איך האָס זי. אַפֿילו די עכטע... מיר שטעלן זיך אַרויס פֿאַר נעוויאַים. און וואָס טוען מיר? מיר זינגען. די נאָטן שרײַבן אַנדערע...

לאַנסיע איז געווען בײַ דער מיינונג, אַז סאַמבאַ האָט אויסגעטרונקען צופֿיל באָרדאָ; און עס האָט זיך גאָרניט געגלוסט צו דיסקוטירן — אַלץ האָט גענויגט צו זיסער מעלאַנכאָליע. און לאַנסיע האָט ווייך געענטפֿערט:

— אייערע פּיִיזאַזשן אין דאָזיקן צימער האָבן מיר געהאָלפֿן אַריבער־צוטראָגן די שאָען פֿון פֿאַרצווייפֿלונג. און דער דאָזיקער מאַראָס קרוג מיט די פֿעלד־בלומען. ווו איז זי?... מעגלעך, אַז זי איז ניטאָ... — אין לאַנסיעס שטים האָבן זיך דערפֿילט טרערן. — גיט נאָר אַ קוק וואָס פֿאַראַ דינקייט פֿון קאָליר! ניין, פֿרײַנט מײַנער, קונסט — דאָס איז דאָס העכסטע אויף דער וועלט. ווען איך האָב געזאָגט, אַז די קונסט פֿלעגט אָפּט אָפּנאַרן, האָב איך געמראָכט פֿון עפּעס אַנדערש... איך מישפּעט ווענן אַסאַך זאַכן אויסערלעך, דאָס איז מײַן שוואַכקייט. איך האָב ניוועלן געגלויבט נאָר דערפֿאַר, ווײַל ער איז אַ פּאָעט, אַ דינער מענטש, קען צוטראָגן אַ געדאַנק קאָנדענסירט, ווי אַ פּאַראַדאָקס. איצט זע איך, אַז דער קעניג איז נאַקעט... און זעט איר, פּינאַ האָט זיך מיר אויסגעוויזן פֿאַר אַ געפֿילאָזן נאָר דערפֿאַר, ווײַל ער איז אויסערלעך גראָב, ער האָט אַן אויסזען פֿון אַ פֿי־הענדלער, נאָכדעם האָב איך דערזען, אַז ער איז קלוג, פֿירט זיך זײַן שפּיל, אָבער איך האָב ניט כוישער געווען, אַז ער האָט אַן אײדל האַרץ. איצט זע איך, אַז ער איז אַן עכטער פֿראַנצויז, ער וואַרט אויף דער באַפֿרײַונג, אַזוי ווי מיר. איך האָב אים הײַנט ניט אײַנגעלאַדן נאָר דערפֿאַר, ווײַל איך האָב זיך געוואָלט טרעפֿן נאָר מיט אַלטע פֿרײַנט, אין אַן אינטימער סוויווע.

— איר האָט גוט געטאָן, וואָס איר האָט ניט אײַנגעלאַדן, — האָט געזאָגט סאַמבאַ.

און מאַרילאַ האָט זיך צעלאַכט:

— פּינאַ — אַן אָנשטענדיקער פֿראַנצויז? גאָט מײַנער, ווער־זשע איז,

אויב אַזוי, אַז אויסוווּרף? ער האָט באַ די דײַטשן פֿאַרדינט מער ווי פֿאַר זײַן גאַנץ לעבן.

— וואָס ווילט איר — מיר אַלע זײַנען איבערגעאַרבעט געוואָרן... אָבער פֿינאַ האָסט זיי, ער האָט עס מיר געזאָגט אָפֿן.

— איך מיין עפּעס, דערפֿאַר איז דאָך איצט מײַ פֿון פֿיר און פֿערציקסטן. מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער אַנדערש גערעדט. און איצט פּאַסט הער שמידט די טשעמאָדאַנעס, דאַרף מען אויסלופֿטערן דאָס צימער, טוישן די בעט־וועש — עס וועט אײַנגיכן קומען צופֿאָרן מיסטער סמיטס. ניט אַזוי?

— איר שטעלט אײַן אײַן רײַ די באַפֿרייער און די באַצווינגער?

— איך, ניין... פֿינאַ שטעלט... אים איז אַלציינס, וואָס פֿאַראַ קאָליר עס האָט דאָס פּאַפּיר־געלט. און ווייסט איר, וואָס עס איז דאָס עקלדיקסטע? איך הייל אים. ער האָט עפּעס צו טאָן מיט די נירן. זאָגט מיר, סאַמבאַ, פֿאַרוואָס דאַרף איך היילן מענטשן, וואָס איך האָס? איך אונטערזוך זיי, הער זיי אויס, קלאַפּ אויס, שרײַב צו רעצעפּטן, איך פֿרײ זיך ווען זיי ווערן געזונט. יאָ, יאָ, מיר ווילט זיך, אַז אַפֿילו דער דאָזיקער אויסוווּרף זאָל געזונט ווערן...

סאַמבאַ האָט אַ שמייכל געטאָן:

— היילט אים ניט. עס זײַנען פֿאַראַן אַ סאַך דאָקטוירים...

— ווּעמען זשע זאָל איך, אויב אַזוי היילן? פּיערן? ער איז געשטאָרבן... ס'איז שלעכט צו זײַן אַ אַלטער מענטש און אין גאָרניט גלויבן... באַ אײַך זײַנען פֿראַקטפֿולע נאַרציסן, מאַדאַם לאַנסיע...

און דאָקטאָר מאַרילאַ האָט אַרײַנגעשטעקט אין בוקעט זײַן גרויסן האָריקן פּאָנעם.

## XXIV

דער פֿרילינג איז געווען אַ טריבער, און די וועלט האָט אויסגעזען אַ ניט־פֿאַרענדיקטע, אַזוי האָט זי געקענט אויסזען באַ איר געבורט, ווען דאָס פֿאַרהאַרטעוועטע האָט זיך נאָך ניט געהאַט אָפּגעטיילט פֿונעם צעפֿלאָסענעם. די בלאָטע איז געוואָרן אַ סטיכיע, וואָס איז געווען גרייט אײַנצושלינגען די אומרויִקע מענטשן. מען האָט געשלעפּט אַף זיך האַרמאַטן, קאַסטנס מיט געווער. אַ דײַטשישער קאַפּיטאַן האָט ניט באַוויזן אַרומקוקן זיך, ווי ער איז שוין געווען אין געפֿאַנגענשאַפֿט. ער האָט געזאָגט מינאַיעוון:

— ווי אַזוי קענט איר אַנגרייפֿן באַ אַזעלכע וועגן?...

מינאַיעוו האָט אַ שמייכל געטאָן:

— ווייסט איר דען ניט, אַז מיר פֿאַרגעטערן וועגלאָזיקייט. ווען עס איז טרוקן קענען מיר זיך ניט באַוועגן, אַזעלכע אָריגינאַלן זײַנען מיר שוין...

דערציילנדיק אַסיפֿן, ווי אַזוי מען האָט געפּאַקט דעם דײַטשישן קאַפּיטאַן, וואָס איז געבליבן שטעקן אין בלאָטע, האָט מינאַיעוו, לאַכנדיק, צוגעגעבן:

— איך זאָג אים „רײַניקט זיך אָרום”, וויל ער ניט, ער זאָגט: „אין אַ יאָר צײַט קען מען אויך ניט אָפּרײַניקן”... ניטאָ וואָס צו רײדן, זיי האָבן

ליב צו קעמפן מיט קאמפארט: די מאטאריזירטע פוסגייער טראגן זיך איבער דער אויטאסטראדע, אף רעכטס א ווייזער — „קיין אינדיע", נאכדעם ווידער א ווייזער — „פולשטענדיקער זיג. א הערלעכע פאנאראמע אף די באזיגטע שטאכים. בופעט מיט מוזיק".

מען איז געגאנגען ניט אפשטעלנדיק זיך, ווייל עס איז שוין דערעסן גיין, ווייל ווייטער פון די בלאטעס, פון די ביימער, פון די הײַזקעס, הינטערן גראען פארהאנג פון רעגן האט ארויסגעשיינט בערלין, ווייל אין די בריוו פון דערהיים זעט זיך אלץ אפטער אן די בענקשאפט — אינגיכן דריי יאר... מען איז געגאנגען אונטער א גאס רעגן; פלוצלינג פלעגט זיך אופהויבן א קאלטער ווינט; דורכגעווייקטע מענטשן האבן געפרוירן, געגאנגען און געטראכט — עפשער וועט עס איצט צוטריקענען; און עס האט ווידער גענאסן א רעגן; טראפנס שוויים האבן זיך צוזאמענגעמישט מיט רעגן־טראפנס — מען האט ארויסגעשלעפט הארמאטן, וואס זיינען געבליבן שטעקן; און מען איז ווידער געגאנגען: עס איז ניט געווען ניט קיין ברעג, ניט קיין באַרוישונג, גיכער א הארבע קאנצענטרירטקייט און יענער לייכטער געמיט, וואס טרעפט בא א מענטשן, ווען ער הויבט אן צו באגרייפן, אז דער שווערער, לאנגער פרווו דערנענטערט זיך צום סאף.

עס האט אויסגעזען, אז עס האט זיך ווייניק וואס געענדערט פארן יאר. אסיפ האט פונקט אזוי באטראכט בערגלעך, טאלן, וועלדער, בלאטעס, אויסזוכנדיק אן עפענונג אין סוינעס פארטיידיקונג. פונקט אזוי האבן סערגיים סאפיארן געשלעפט קלעצער, געבויט בריקלעך. פונקט אזוי האט אליא מיט א ניגן, ווי א קישעפמאכערקע, וואס רופט ארויס שיידים, שאענוויין געבאזערט: „ראזעטקא, איך — רעזעדא". פונקט אזוי האט זיך געגריבלט איבער א ליד דער מיטארבעטער פון דער דיוויזיע־צייטונג פיטשוגין. פונקט אזוי האט קרילאוו געשלעפט פון מענטשלעכע אינגעווײדן שטיקער אייזן. פונקט אזוי האט זיך גענעראל זיקאוו געזידלט, זיצנדיק א דורכגעשניטענער מיט קאלירטע בלייפעדערס מאפע: „צוגענומען טשאדושקינען, און ווילן, אז איך זאל נעמען סיעלצי..." פונקט אזוי האט זיך באוועגט פארויס א רייזיקע ארמיי; און עס האט זיך געדוכט, אז דאס איז — א פעלקער־איבערוואנדערונג, א לאנד, וואס מארשירט איבער וועגן און אן וועגן.

אבער א סאך האט זיך געענדערט פון פאראיארן זומער; דאן האט דער אנגריף אויסגעזען ווי א דראנג, א שטורים; יעדער האט געטראכט — און טאמער ווערט עס אויסגעוועפט?... איצט איז דער אנגריף געווארן עפעס אזוי אומפארענדלעד, באשטענדיק, וואכעדיק, דאס לעבן. אלע האבן גענוּוסט — מיר וועלן זיך ניט אפשטעלן ביז מיר וועלן ניט דערגיין; און גיין איז געווען שווער. קימאט אומעגלעך. די פיס האבן געזונקען אין בלאטע; די אויגן האבן זיך געקלעפט פון מידקייט. שפאצירנדיק באנאנד מיט די קעמפער האט גענעראל זיקאוו פלוצלינג א טראכט געטאן: שלאפלאזע זיינען מיר, טאקע בעעמעס שלאפלאזע!... און טראכטנדיק אזוי, איז ער געגאנגען ווייטער, געקנאטן די בלאטע.

דער סערזשאנט גובענקאוו איז פארוואונדעט געווארן; ער איז אוועק באנדאזשירן זיך און צוריקגעקומען אין זיין טייל. מינאיעוו האט געזאגט:

— גיי אין סאַנבאַט. איצט איז ניט דער איין און פערציקסטער...

גובענקאָוו איז געווען באַוווּסט מיט זיין ליידנשאַפט צו מאַכן אויס־רעכענונגען, ער פלעגט פון ערגעץ אויסלייענען און פאַרשרייבן אין א בי־כעלע די מעשׂונעדיקסטע ציפערן — וויפל ווייצענע קערנער עס גייען אריין אין א פלאַש, וואָס האָט א ליטער די מאָס, ווי גרויס איז די שטרעקע צווישן וועגערא און יופּיטער; דערביי האָט דער סערזשאַנט ניט פאַרטראָגן דעם „מער־ווייניקער", ווען מען פלעגט אין זיין אַנוועזנהייט זאָגן, אַז ביז צום שטאָט איז א צען קילאָמעטער, פלעגט ער באַלד אריינזאָגן: „עלף מיט א האַלבן". מינאַיעוו האָט אים בא א געלעגנהייט געפרעגט: „אַגעוו, וויפל האָר האָסטו?" גובענקאָוו האָט געלאַסן געענטפערט: „דאָס איז נאָך ניט צוזאַמענגערעכנט, כאָוועך קאַפּיטאַן".

— פאַרוואָס גייסטו ניט אין סאַנבאַט? — איז בייז געוואָרן מינאַיעוו.

— דאָס איז אומעגלעך, כאָוועך קאַפּיטאַן.

ער האָט א ווײַלע געשוויגן און דערקלערט:

— אונדזער העלדישע אַרלאָווער דיוויזיע איז דורכגעגאַנגען פון סטאַ־לינגראַד ביז דער דאַזיקער, נעמט ניט פאַר אומגוט, בלאָטע. טויזנט פיר הונדערט צוויי און צוואַנציק קילאָמעטער, און ביז דער שטאָט בערלין בלייבט נאָך זיבן הונדערט אַכציק.

די דייטשן פלעגן אָדער אָפּטרעטן אין אייַלעניש, אָדער מיטאַמאָל אָנ־הויבן אַרויסווייזן אַזאַ ווילדן ווידערשטאַנד, אַז עס פלעגט זיך אויסווייזן, אַט דאָ, אייגנטלעך, ווילן זיי מאַכן א פּרוּוו אָפּצושטעלן זיך; און נאָך א וואָך פאַרצווייפלטע קאַמפן פלעגן זיי פּונקט אַזוי אומדערוואַרטעט אָפּטרעטן. גע־פאַנגענע פלעגן דערציילן וועגן גרויסע פאַרלוסטן, וועגן דער טעמפּקייט פון די אָפיצירן, וועגן דער וואַקסנדיקער אומצופרידנקייט פון די זעלנער; אָבער געקעמפט האָבן די דייטשן סטאַרש. און מינאַיעוו האָט, נאָכן אויסהערן אַן אָפיציר פון דער זיבעטער אָפּטיילונג, וואָס האָט לאַנג גערעדט וועגן „דער־וואַכטן באַוווּסטזיין" אין דער דייטשישער אַרמיי, א לאַך געטאָן:

— ווייסט איר פאַרוואָס איך האָב מוירע, כאָוועך קאַפּיטאַן? אַז מיר זאָלן ניט דערשיינען אין בערלין פריער, איידער זייער באַוווּסטזיין וועט דערוואַכן... וועט עס בא אייך ניט שטימען.

די דייטשן האָבן באַשלאָסן ניט אָפּצוגעבן סיעלצי. מעגלעך, אַז זיי האָבן געדאַרפט געווינען צייט, אָדער זיי האָבן געשטעלט אָפּן קעגנערס מיד־קייט. דאָס שטעטל האָט זיך געפונען אויף א הויכקייט; די דייטשן האָבן פון דאָרט קאָנטראָלירט דעם גאַנצן פלאַכלאַנד.

גענעראַל זיקאָוו האָט זיך דענערווירט; דער אַרמיי־קאָמאַנדיר האָט אים אַן אופּהער געקלונגען, געשריען, ניט באַגריסנדיק זיך: „ווי אַזוי איז מיט סיעלצי?..." אַסך האָט באַקומען דעם אופטראַג צו נעמען דאָס שטעטל. ער האָט אויסדערוויילט דעם רעכטן אָפּגאַנג פון באַרג: טרוקן, מען קען דורכשלעפּן די האַרמאַטן. לינקס פון באַרג איז געווען א זומפּ, באַוואַקסן מיט קוסטעס. אַהין האָט מען געשיקט מינאַיעוון: ער האָט באַדאַרפט אָפּ־ציען די דייטשישע אויפמערקזאַמקייט פונעם הויפּט־קלאַפּ. פון אינדערפרי האָבן דריי באַטאַליאָנען אָנגעהויבן צו שטורעמען די צוגענג צו סיעלצי. די

דייטשן האָבן דערוואַרט די אַטאַקע פון רעכטס — זיי האָבן געוווּסט, אַז נאָר דאָרט קען מען דורכגיין. קוים האָבן זיך אונדזערע פּוסגייער אויפגעהויבן, ווי עס איז פאַר זיי אויסגעוואַקסן אַ פייער־פאָרהאַנג; פיר מאָל האָט מען געפּרוּווט אַרופקלעטערן אינדערהויך און זיך צוריקגעצויגן. דערווייל האָט מינאַיעוו באַטאַליאָן פאַרנומען אַ פּאָזיציע. אין זומפּ, צווישן די געדיכטע קוסטעס האָבן זיך די מענטשן ניט אַנגעזען, און די דייטשן האָבן געהאַלטן, אַז דאָרט איז ניט מער פון אַ ראָטע. צום האַלבן טאָג האָט מינאַיעוו פאַרשטאַנען, אַז בײַ לעאָנידזען און פּאַלישטשוקן איז ניט גוט. קיין פאַרבינדונג מיט אָסיפּן איז ניט געווען. שיקן אַ מענטשן? וועסטו פאַרלירן דריי־פיר שאָ. און מינאַיעוו האָט אָנגענומען אַ באַשלוס: מירן פּרוּוון אַרופקלעטערן פונדאַנען... די מענטשן זײַנען ענלעך געווען צו סטראַשידלעס — זיי זײַנען געווען באַדעקט פון קאָפּ ביז די פיס מיט געלער קלעפּיקער בלאָטע. מינאַיעוו איז געקראָכן צוזאַמען מיט די קעמפער. אין אַ שאָ אַרום האָט זיך אָנגעהויבן די שלאַכט אין שטעטל גופא.

גענעראַל זיקאָוו איז געווען בײַ אָסיפּן אָפּן קאָפּע. ווי נאָר עס איז אײַנגעשטילט געוואָרן די ביקסן־שיסערײַ, איז ער אַוועק קיין סיעלצי — דער „ווילים" איז געבליבן שטעקן. דערזעענדיק מינאַיעוון, האָט דער גענעראַל ניט אויסגעהאַלטן, ער האָט זיך צעלאַכט. מינאַיעוו האָט אויסגעזען שרעקלעך: אַ געלער פּאַנעם; די בלאָטע אויף דער גימנאַסטיאָרקע האָט זיך באַוויזן אויסצוטריקענען, האָט עס אויסגעזען, ווי די צעקנייטשטע פעל פון אַ באַהעמאָט.

זיקאָוו האָט אויסגעשטרעקט די האַנט.

— אָבער, כאַווער גענעראַל, — האָט אויסגעשריען מינאַיעוו, — בײַ מיר זײַנען ניט קיין הענט, נאָר אַ גאָרטן...

אָבער דער גענעראַל האָט אָנגעכאַפּט זײַן ברודיקע האַנט און אַרויסגערעוועט:

— פאַרשטייט איר דען, אַז איר האָט די דאָזיקע פאַרשאָלטענע סיעלצי גענומען?... באַנאַכט נאָך האָט מיר דער קאָמאַנדיר געקלונגען — ווער עס וועט זיך אויסצייכענען, וועל איך מעלדן דערפון, און אויב איר וועט ניט נעמען...

אין אַ כוידעש אַרום האָט מען געפּייערט די געשעעניש: מינאַיעוו האָט באַקומען דעם „לענין"־אָרדען. די וועלט איז געווען פול מיטן גערוך פון צוויט, עס האָבן זיך געדרייט, ווי שנייעלעך, בלומען בלעטעלעך. מען האָט געגעסן אוונטברויט אויף דער פרייער לופט. פאַר דעם האָבן זיך געמאַכט עטלעכע רויִקע טעג — מען האָט צוגעפירט אַרטילעריע, אַמוניציע: מען האָט זיך געגרייט צום זומער. אַ שטימונג איז בײַ אַלעמען געווען אַ געהויבענע, מען האָט זיך געפרייט סײַ מיט דער אויסצייכענונג פון אַ כאַווער, סײַ מיטן גוטן אָוונט, סײַ מיט דער נאָענטקייט פון דעם סאָף. קוקנדיק אויף מינאַיעוון, האָט זיך אָסיפּ דערמאָנט דעם קורגאַן אין סטעפּ. איך האָב דאַן ניט געטראַכט, אַז מיר וועלן זיצן ערגעץ ווו בײַ פּוילן, עסן אוונטברויט, לאַכן... ווייניק ווער פון יענע איז לעבן געבליבן...

מען האָט געבראַכט פּראָוויזשן — צוגענומען בײַ די פּריצן. פּרובירנדיק, האָט מינאַיעוו געזאָגט:

— דער אײַנדרוק איז אַ פֿײַנער, אָבער אַן איבערפֿלעכלעכער...

פּאַלישטשוק, דער האָט באַלד געבעטן, מען זאָל אים געבן בראָנפֿן:

— דער דאָזיקער קוואַס איז ניט פֿאַר אונדז...

אָסיפּ און לעאָנידזע איז דער ווײַן געפֿעלן. שאַריקאָוו האָט זיך געהאַלטן אין איין אָפּזאָגן, ענדלעך האָט ער געמאָלדן:

— איך טרינק איבערהויפּט גאָרניט, אָבער ווײַבאַלד עס איז אַזאַ פֿאַל...

און ער האָט מיט איינמאָל אויסגעטרונקען אַ האַלבע גלאָז בראָנפֿן.

אָסיפּ, מינאַיעוו, לעאָנידזע, פּאַלישטשוק, שאַריקאָוו, אַליאַ, רעדאַקטאָר טשאַלי... זיי אַלע קענען איינער דעם אַנדערן, לעבן כאַוועריש; זיי האָבן אויסגעטרונקען און גענומען טרוימען. גערעדט דערפֿון, וואָס עס וועט זײַן נאָך דער מילכאָמע. דאָס צוקונפֿטיקע לעבן האָט זיך זיי אויסגעוויזן אַ ליכטיקס, ענלעך צו דעם דאָזיקן אַפּריל־אָוונט. פּאַלישטשוק האָט געזען, ווי אַזוי ער וועט זיך אומקערן צו זײַן באַליבטער באַשעפֿטיקונג — ער איז געווען אַ לערער פֿון מאַטעמאַטיק אין ניעזשין. טשאַלי פֿלעגט אָפֿט טראַכטן — עס וואָלט גוט געווען נאָך דער מילכאָמע אָנצושרײַבן אַ גרויסן בוך — אַ ראָמאַן אָדער זיכרוינעס, ער האָט נאָר מוירע געהאַט, אַז עס וועט ניט קלעקן קיין טאַלאַנט דערצו; און אַנדערע וועלן, געוויס, אויסבאַפֿן, אָבער איצט האָט ער געגלויבט, אַז ער וועט אָנשרײַבן גלענצנד... מענטשן וועלן, לייענענדיק, וויינען און לאַכן. לעאָנידזע האָט געבענקט נאָך דער יונגער ווײַב, נאָך די פֿייערן פֿון טביליסי וואָס ווימלען אונטן, ווי גלי־וואָרעמלעך, נאָך ביכער — ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, איז ער געווען אַ סטודענט פֿון צווייטן קורס. מינאַיעוו האָט געזאָגט:

— איך שטעל מיר פֿאָר, ווי די מאַמעלע וועט זיך דערפֿרייען. אָבער זי איז בײַ מיר אַ שטרענגע: זי וועט אָנשרײַבן — פֿאַרוואָס נאָר ניט די נאָז, זיך אַרופּבאַקומען אויף אַ באַרג, אָבער אַראָפּפֿליִען אויף אונטן איז אַ סאַך פֿאַשעטער...

ער האָט געטראַכט דערפֿון, ווי ער וועט אַרומנעמען זײַן מאַמעלע, וועט איר באַווײַזן אַלעמען, און די מאַמעלע וועט זאָגן: „דערלאַנגט אײניקלעך"...

אין ציוויל איז שאַריקאָוו געווען אַן אינזשעניער. ליב געהאַט זײַן פֿאַך, אָבער איצט האָט ער זיך פֿאָרגעשטעלט זײַן ערשטן נאָכמילכאָמע־פֿרימאָרגן ניט צווישן געוויש פֿון וואַרשטאַטן, נאָר אויף אַ טייכל, בעיִים עס איז שטיל־שטיל. מען הערט ווי עס זשומעט אַ פֿליג. ער האָט קיינמאָל ניט געלייענט קיין לידער, און דאָ איז געקומען אָפּן געדאַנק דאָס פּאָעטישסטע, וואָס קען נאָר געמאָלט זײַן: עס וואָלט גוט געווען צו הערן די שטילקייט, איך וואָלט, דאַכט זיך, געהערט אַ וואָך, ניט אָפּרייסנדיק זיך...

אָסיפּ האָט צאַרט געשמייכלט, געוויצלט זיך, אַריבערגעטראָגן זיך אין די געדאַנקען פֿון פּאַלישטשוקס שול צו דער מאַמעלעס טרערן. אַליין האָט ער פֿון גאָרניט געטרוימט. עס איז שוין אַ כוידעש, ווי ער האָט דערהאַלטן דעם בריוו פֿון פּאָלק־קאָמאַנדיר וועגן ראַיעס טויט. מיט קיינעם האָט ער דערפֿון ניט גערעדט, אַפֿילע מינאַיעוון ניט געזאָגט — געוואָלט זאָגן אָבער

ניט געקענט — די ווערטער זיינען שטעקן געבליבן אין גארגל. ער האט פארלוירן ראיען דאן, בעיס ער האט זי געפונען, ווען ער האט צום ערשטן מאל פארשטאנען, וואס זי איז געווען אין זיין לעבן. ער האט אפילע ניט געוווּסט, צי זי האט דערהאלטן זיין בריוו נאך קיעוו... זיי האבן זיך געזאלט טרעפן; זאגן איינער דעם אנדערן דאס וויכטיקסטע, האט זיך דער טויט ארייגעמישט. ווען ער פלעגט בלייבן אליין, פלעגט ער קוקן אף דער פאטאגראפיע, וואס ראיע האט אים געשיקט פון רזשעוו. „אבער פאר דיר בין איך אלץ די זעלבע — א קיעווער...” צייטנווייז פלעגט זיך אים אנהויבן אויסצוּווייזן, אז דאס אומגליק וואס האט אים געטראפן — איז א שטראף. ער פלעגט ניט פארשטיין, וואס דאס איז אזוינס גליק, ניט געזען ראיען, געווען טרוקן. אפילע די מאמע פלעגט פאר אים ציטערן... אבער דאס איז דאך — מילכאמע, ראיע איז אומגעקומען, ווי א זעלנער, דער מאיאר האט אנגעשריבן: „זי האט העלדיש געקעמפט”... און די מילכאמע איז א לאנגע, זי האט זיך אנגעהויבן פאר דער מילכאמע, איז טאקע קיין צייט ניט געווען... ערשט גארניט לאנג האט ער זיך פאנאנדערגעקליבן אין זיין הארץ. עפשער, טאקע דערפאר, וואס ער האט ביז דער מילכאמע וויניק געלעבט מיט זיין אייגענעם לעבן, האט זיך אים פאראיארן זומער, ווען זיי האבן זיך געלאזט מיַירעוור־צו אזוי פארגלוסט גליק, ווארעמקייט, ראיע... און אט האט ער שוין גארניט — דער זאמד פון באבי־יאר, א קיעווער אין סמאלענסקער געביט... די גאנצע צארטקייט האט ער איצט אריבערגעטראגן אף די כאווירים. דער פאלק — אט דאס איז זיין מישפאכע. מינאיעווס מאמעלע ווייזט זיך אים אויס ענלעך צו כאנען, און בעיס אליא פארויטלט זיך דערפון, וואס מינאיעוו רייצט זיך מיט איר, דערמאנט אסיף ראיען. עס וועט זיך ענדיקן די מילכאמע וועט שוין דאס אויך ניט זיין... אבער ער האט אויך מיט ניט ווייניקער איפער, ווי די אנדערע געבאלעמט וועגן סאף — די בענקשאפט, מידקייט, האפענונגען פון די אנדערע האבן געפאדערט: עס זאל זיך כאטש וואס גיכער ענדיקן!...

— דער זומער וועט שוין, מיסטאמע, זיין דער לעצטער, — האט געזאגט שיראקאוו.

— דער פארלעצטער, — האט געענטפערט פאלישטשוק. (ער איז געווען איבערצייגט, אז צום ווינטער וועט זיך אלץ ענדיקן, ער האט עס אבער ניט געוואלט זאגן צוליב זיין אבערגלויבן).

אסיף האט זיך פלוצלינג צעלאכט:

— געדענקסט, מיטיא, ווי דו האסט געגלויבט, אז מען האט געעפנט דעם צווייטן פראנט? א מיעסע צייט געווען. סטעפ...

— איך האב געגלויבט אין דער באדייטונג פון די ווערטער, — האט געענטפערט מינאיעוו,—איך האב געטראכט, אז זיי זיינען בעעמעס דזשענטללייט... איצט־א וועלן זיי עפענען, איצט איז פאר זיי געפערלעך ניט צו עפענען — זיי קענען פארשפעטיקן. דאס איז אזוי, ווי די מאמעלע זאגט: „נאכן אונטברויט — זענעפט”...

— מיט זיי אדער אן זיי, אבער מיר וועלן איינגיכן ענדיקן, — האט

גענאָגט אַסיִפּ. — פאַר דעם, זעסטו, איז דאָ אַ זין אויסצוטרינקען. ווער — דעם פּאַטערלענדישן, אָבער איך — דעם „קוואַס".

אינדערפרי איז אַסיִפּ געגאַנגען איבערן יִישעוו; לעבן אַ כאַטע האָט ער דערזען דעם סערזשאַנט ניקיטענקאָ מיט אַ יונגער שיינער פרוי. אַסיִפּ האָט אַ שמייכל געטאָן:

— פאַרשאַפט זיך באַקאַנטשאַפט?

— וואָס רעדט איר, כאַווער מאַיאָר!... איך האָב געפונען דאָס ווייב — זי איז פונקט פאַר דער מילכאָמע אָוועקגעפאָרן מיט דער טאָכטער צו דער שוועסטער. זי האָט זיך ניט געגלויבט... איך רוף זי מיט איר נאָמען, און זי שטייט, קוקט, ווי איך וואָלט פון יענער וועלט געקומען...

די פרוי האָט געקוקט אויפן סערזשאַנט מיט ברענענדיקע אויגן, און אויף די לאַנגע ווִיעס האָבן געציטערט טרערן. זי האָט געזאָגט:

— קומט אַריין אין כאַטע, כאַווער קאָמאַנדיר, קוקט אָן די טאָכטער.

די טאָכטער איז אַלט געווען אַ יאָר פינף. זי האָט זיך געשפּילט מיט פּוסטע קוילן־גילדזן. אַסיִפּ האָט זי גענומען אויף די הענט, און אַ דריי געטאָן זיך מיט איר, ווי ער פלעגט עס מאַכן מיט אַליאָן. ער האָט גענומען דער־ציילן אַ מייִסעלע — פאַרפּלאָנטערט זיך, אַלץ פאַרגעסן, אָבער דאָס מיי־דעלע האָט אים געהערט ווי אַ פאַרקישעפטע, מיט אַ קוים צעעפנט מויל; נאָכדעם האָט זי גענומען שפּילן זיך מיט די אָרדענס און מעדאַלן אויף זיין ברוסט און, שמייכלענדיק, געצוויטשערט:

— אַ זונעלע... אַ שטערנדל...

ער איז געגאַנגען אַליין איבער דער הייסער שטויביקער גאַס פון יִישעוו און געשמייכלט; ער האָט דערפילט גליק, ווי ער האָט עס קיינמאָל פריער ניט געפילט; און מעגלעך דערפאַר, וואָס דאָס דאָזיקע גליק איז געווען אַ פרעמדס, איז נאָך לויטערער געווען זיין שמייכל, נאָך זויבערער זיינע ווייכע וואַרעמע אויגן.

אין אָוונט האָט אים גענעראַל זיקאָוו געזאָגט:

— מען וואַרפט אונדז אַריבער אויפן דריטן ווייסרוסישן... איצט וועלן מיר אַזוי דערלאַנגען, אַז זיי וועלן שוין מער ניט קומען צו זיך...

## XXV

פרילינג האָט דער דאָזיקער וואַלד אָנגעהויבן לעבן מיט אַ באַזונדער לעבן, אַזוי ווי אַלע וועלדער אין פראַנקרייך; עס האָבן ניט נאָר געקוקט קוקאָוקעס און אויף הונדערטער שטימען געפּייפט און גערוישט פאַרשיידענע פייגל — די וועלדער האָבן זיך אָנגעפילט מיט מענטשלעכע שטימען. צו יענע העלדן, וואָס זיינען אַהערגעקומען אין די פינצטערע יאָרן, פלעגן איצט טאָג־טעגלעך צוקומען הונדערטער און טויזנטער נייע. אין די שטעט איז שוין געווען זומערדיק הייס, מענטשן האָבן זיך געשושקעט וועגן אַ נאָענטן דעסאַנט, וועגן דעם ווי אַזוי די דייטשן וועלן זיך נויקעם זיין אין דער פריד־לעכער באַפעלקערונג. די קליינע פלוגבלעטלעך אויף די פאַרקאַנעס האָבן גע־מאַכט אַן איינדרוק פון באַפעלן וועגן מאָביליזאַציע. און איבער די וועגן,

וואס האבן געפירט צו די מאקי, האבן געשפאנט ארבעטער און קרעמער, דאקטוירים און ערדמעסטער, וויין־פראדוצירער און סטודענטן.

דער אטריאד, מיט וועלכן דערע האט אנגעפירט, האט זיך פון אפריל געגרייט צו אנטשיידנדיקע טעג: פון צענטער האט מען איבערגעגעבן, אז נאכן סיגנאל וועגן אנהויב פון דעסאנט דארף מען פאראליזירן דעם טראנס־פארט פון די דייטשן. דערע און דער בער האבן אנגעמערקט בא דרייסיק אמערסטן פילבארע פונקטן. אפווענגדיק אלץ, האט ווארנאוו געזאגט: „וויי־ניקער ווי א וואך וועלן דאס די פריצן צוריק ניט אופשטעלן".

די פארטיזאנען האבן דעם גאנצן מיי אנגעגריפן, זיי האבן אין לי־מוזין באפרייט א הונדערט באפעלקערטע פונקטן. ווי פריער, איז דער אפ־האלט געווען אין איין זאך: ווייניק געווער.

ניקאל איז צוריקגעקומען מיט נייס סיי גוטע און סיי שלעכטע:

— דער דעסאנט וועט פארקומען אין די נאענטסטע טעג. גיוסטאוו האט מיר געגעבן דעם אפגעמאכטן סיגנאל. מען וועט איבערגעבן דורך ראַ־דיא פון לאנדאן. מיר דארפן מאכן א פרווו צו שטערן דאס איבערווארפן מיליטער. מיט געווער איז שלעכט...

גיוסטאוו האט געזאגט, אז אזוי איז אומעטום. דער מיליטערישער קאָ־מיטעט האט געמאכט א ווענדונג צו דער באפעלקערונג — זיי זאגן אפן, אז די לאנדאנער גיבן ניט קיין געווער די פארטיזאנען. גיוסטאוו האלט, אז דאס איז פון „אויבן אן"... דער פארשטייער פון אמעריקאנער אויסשפיר משארלי, האט געמאלדן וואבאנען פון אים: „אייך וועלן מיר געבן, אבער נים דעם פפט — בא זיי זיינען צופיל קאמוניסטן"...

דערע האט א לאך געטאן:

— וואבענען קען איך, א לערער אין קאלעזש, א סאציאליסט. אלץ איז מער־ווייניק קלאר... ווייזט אויס, אז די באשן דערציען זייערע לעצטע טעג, אויב די דאזיקע הערן זיינען געווארן אזוי אפנהארציק... אזוי צי אזוי, דארפן מיר טאן אלץ. אעם וועט זיי ניט אויסלייזן, וועו אפילע די אמערי־קאנער זאלן זיי א מאטאנע געבן הונדערט טאנקען...

מארא געדענקט גוט יענעם אוונט. אין דער צייט וואס דערע האט גע־שמועסט מיטן בער, איז זי געזעסן אף א קליינער סטעזשקע, געגעסן די ער־שטע יאגדעס, בלייבע און זויערע. נאכדעם איז געקומען דער בער. זיי האבן זיך שוין לאנג באפריינדעט. דער בער האט איצט פליסיק גערעדט פראנ־צויזיש. מארא פלעגט אים אפט פאנאדערפרעגן וועגן רוסלאנד, ער פלעגט דערציילן מיט באגייסטערונג, ער האט געפילט, אז זי לאזט ניט דורך קיין איין ווארט. עפשער דערפאר, ווייל עס האט זיך שוין דערנענטערט דער סאף, האט ער זיך איצט דערמאנט דאס שווערסטע — דעם זומער פון צוויי און פערציקסטן, דעם דאן, דעם שמועס מיט סערגייען — ווו מען וועט אופשטעלן א בריק וועו מען וועט גיין אף צוריק... א סאך מאל האט ער שוין געהאט דערציילט דער פראנס וועגן ריקצוג, אבער איצט האט ער צום ערשטן מאל דערמאנט סערגייען, געזאגט, „קאפיטאן וולאכאוו". מארא האט זיך באהערשט, זי האט ניט אויסגעשריען, נאר געפרעגט:

— ווי רופט מען אים?

— סערגיי.

דענערווירנדיק, האט זי געצופט א גרעזעלע.

— ווי זעט ער אוים?

וואראנאוו האט זיך צעלאכט:

— איך ווייס ניט ווי אזוי צו ענטפערן. א פראגע פון א פרוי... א שיינער, א הויכער, ער האט העלע האר... אבער צו וואס פרעגסטו עס?...

— ווארט אוים... דו ענטפער מיר פריער — ער אדער ניט ער? בעיס ער רעגט זיך אוף, פארווארפט ער דעם קאפ און קוקט אט אזוי — זעסט?

— שטימט. הייסט עס, דו קענסט אים? מערקווירדיק!...

— גארניט מערקווירדיק, ער פלעגט דאך קומען קיין פאריז. מיר האבן זיך באקענט...

— ער פלעגט ריידן וועגן פאריז מיט באגייסטערונג, די שטאט איז אים געפעלן.

— ווי זעט ער איצט אוים? אלט געווארן?

— ביסט קאמיש, פראנס. ווי אזוי קען איך אף דעם ענטפערן? איך האב דאך אים ניט געקענט פאר דער מילכאמע. א יונגער, יינגער פון מיר... ער האט א ווייב, דאס האט ער דערציילט, אבער קיין קינדער ניטא... א הערלעכער קאמאנדיר און א גוטער כאווער...

דער בער האט טאקע ניט פארשטאנען, פארוואס מאדא איז פלוצלינג געווארן אויסערגעווייגלעך פריילעך, געלאכט, געמאכט זיך נאריש, צוגעטשעפעט א רומיאנעק־בלימעלע צו זיין פילאטקע און געזאגט:

— א בער מיט א בלימעלע!...

דערע האט אים אוועקגערופן: זיי זיינען אוועקגעפארן צו ארטורס גרופע, וואס האט באקומען אן אופטראג אופצורייסן אן אייזנבאן־בריק.

מאדא האט נאך אלץ געשמייכלט. א נעס, אן עמעסער נעס! איך האב געפילט, אז ער לעבט... (עס איז איר גאר אפן געדאנק ניט געקומען, אז מען האט אים געקענט דערהארגענען נאכדעם, ווי דער בער האט זיך מיט אים צעשיידט, אז עס זיינען געווען סטאלינגראד, דער קורסקער בויגן, די אפענסיווע. ניין, איר האט זיך אויסגעוויזן, אז ניט שפעטער פון נעכטן האט ער איר געשיקט א טעלעגראמע). שמייכלענדיק צארט, האט זי געטראכט פון אים. ער האט אן אנדער לעבן. ער איז ווייט, זייער ווייט. אבער ווי נאענט ער איז איר, ווי אייגן! נעענטער, ווי דאן, ווען זיי זיינען געזעסן אף דער באנק אונטערן קאשטאן־בוים... זי האט ניט געפילט, ניט קיין איפערזוכט, ניט קיין ווייטיק פון די דאזיקע ווערטער „ער האט כאסענע געהאט". אף א ווײַלע האט זי זיך פארטראכט — וואס פארא ווייב האט ער? נעוויס, א גוטע... און גלייך האבן זיך אירע געדאנקען אומגעקערט צו סערגייען. ער האט דערמאנט פאריז אין א ביטערער צייט, בעיס ער איז געגאנגען מיטן בער איבערן סטעפ. און זי, מאדא, איז פאר אים געווארן א טייל פון דער ווייטער שטאט — ווי דאס אלטע געסל אין סיטע, אדער ווי די קארוזעל אפן יארמארק, אדער ווי די יינגלעך, וואס לאזן אוועק אין לוקסעמבורגער

גאָרטן די שיפּעלעך. מערקווירדיק, ווי מאַכטלאָז עס איז די צייט! און אויך דער שטעטעך... אַט האָט מען זיי צעשיידט, מיר וועלן זיך אַוואַדע קיינמאָל ניט טרעפן, איך ווייס אַפילע ניט, צי מיר דאַרפן זיך טרעפן, געוויס ניט, אָבער איך האָב זיך מיט אים איצט געטראָפן, איך נעם אים אַרום, פיר אים איבערן וואַלד, איך זאָג: דאָס זיינען ניט קיין קאַשטאַנעס — דעמבעס, און ניט יענער זומער, און ניט יענע מאַדאַ. מיך רופט מען פראַנס. איך האָב שוין לאַנג ניט געזען קיין פענדזלען און אַ מאָלברעט. איך שיס. מען זאָגט, אַז איך קעמף ניט שלעכט. אָבער דאָס אַלץ איז ניט וויכטיק. איך — בין מאַדאַ. ס'איז אויך ניט וויכטיק, וואָס איך בין דאָן געווען אַ מאָלערן. וויכטיק איז, וואָס מיר האָבן זיך געטראָפן, אַנטדעקט איינער דעם אַנדערן. דאָס איז מער, ווי אַנטדעקן אַ שטערן אָדער אַן אינדזל. סערגיי, דאָס, וואָס עס איז געווען, וועסטו ניט אויסמעקן. דו ביסט אַוועקגעפאָרן, די ליבע צו דיר איז די זעלבע... דו האָסט מיך געבראַכט אין דאָזיקן וואַלד... איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרלייקענען, דאָס איז — אַ נעס, ווי עס איז נעס, וואָס דער בער האָט פלוצלינג גענומען ריידן וועגן דיר, ער האָט דאָך גאָרניט געערדט אַ האַלב יאָר. ער האָט געקענט אַריינפאַלן אין אַן אַנדער אָטריאַד... אַ נעס! אַ נעס, וואָס דו ביסט דאָ, ליבער! אויך די רומיאַנעק־בלימעלעך זיינען דיינע, אַלע רומיאַנעק־בלימעלעך. איך טרעף שוין מער ניט אַף בלימעלעך, איך ווייס אַלץ אָן טרעפן. ווען מען זאָל ריידן גראָב, וואָכעדיק, וועט ניט זיין קיין גליק, אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז עס געווען, ס'איז דאָ, וועט שטענדיק זיין, דאָס גרעסטע, אַ ביטערער, אַ שווערער, אַ ריינער, סערגיי...

דערע און דער בער זיינען צוריקגעקומען, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן טונקל ווערן. די ראַדיסטן האָט אָפּגעוואָרט דערען:

— מען האָט איבערגעגעבן: „אין גרינעם גאָרטן איז אַ גרויסער בוים".

דערע האָט פאַראָרדנט:

— איבערגעבן אַף אַלע פּונקטן — אויפרייסן די וועגן און בריקן. אָנהויבן פון אַרטורן. מעלדן אַלעמען, זיי זאָלן זיין גרייט...

ער האָט זיך צוגעלייגט אַפן גראָז; געזאָגט דעם בער:

— מאָרגן איז דער דעסאַנט... אין אַלגעמיין איז שוין צייט...

אין אָטריאַד האָבן שוין אַלע געוווּסט וועגן דער שלאַכט־טרעוואָגע. מאַדאַ האָט געשמייכלט: אַ טאָג פון ניסים!... וואָס איז היינט פאַר אַ דאַטע? דאַכט זיך, דער פינפטער. מען דאַרף פאַרגעדענקען...

מיקין האָט מען געשיקט צו אַרטורן, און אַוועקגייענדיק, האָט מיקי געזונגען אין שוואַרצן וואַלד:

„מיר וואָלטן ביידע וועלן לעבן,
אָבער אונדזער גורל איז אַזוי:
שטאַרבן מוזן מיר אָן מוירע
ביז דעם ערשטן האָנען־קריי..."

פון אונטן, פון טאָל, וואָס איז נאָך געווען פאַרצויגן מיט אַ געדיכטן פאַרטאָגיקן נעפּל, האָט זיך דערטראָגן אַ שוואַכער קנאַל, ווי ערגעץ ווייט וואָלט אויסגעבראָכן אַ געוויטער. דאָס איז געפלויגן אין דער לופט אַ בריק אויף דער ליניע טולון—פּאַריז.

אינדערפרי איז געקומען אַרטור. ער אַליין האָט זיך אַרויסגעדרייט — עס האָבן זיי אַרומגערינגלט דייטשן.

— מיקי האָט דריַיען דערשאָסן. נאָכדעם האָט מען אים דערהאַרגעט. אָבער דער בריק איז ניטאָ.

# I

האנס שירקע האט געטרונקען ביטער־זיסן ווערמוט אף דער טעראסע פון מאנטאנבאנער קאפע־הויז, ווען עס איז געקומען צולויפן דער אונטער־שארפירער זיידעל.

— עס האט זיך אנגעהויבן, — האט ער א געשריי געטאן, — קאנסט זיך שוין געזעגענען מיטן דאטשע־לעבן. מען שיקט אונדז קיין שערבורג.

האנס שירקע האט פארבראכט אין פראנקרייך קימאט א האלב יאר, אין אנפאנג איז דאס לעבן טאקע געווען א דאטשע — ער האט שפאצירט אונטער די ארקעס פון לא ראשעל, געבאדן זיך אין יאם; עס זיינען געווען א סאך וויינטרויבן, יאם־פיש, קאניאק. האנס איז פארברוינט געווארן, גע־ווארן מענעריש; ער האט געשריבן דעם טאטן, אז „ער איז גרייט ארייננצו־טרעטן אין א קאמף מיטן גורל". אין דער אידיליע האט זיך ארייננגעמישט אן אומאנגענעמע פאסירונג. אנומלט איז זיך האנס געגאנגען אוונטצייט דורך א פינצטערער געסל און דערזען א מיידל, ער האט זי באלויכטן מיט זיין טאשן־לעמפל, איבערצייגט זיך, אז דאס מיידל איז גארניט מיעס, און געזאגט: „מאדמואזעל, איך וויל אייך באגלייטן, עס איז ניט גוט שפאצירן אזוי שפעט אליין". ער האט איידל אנגענומען דאס מיידל אונטער דער האנט; יענע האט זיך ארויסגעריסן און אנטלאפן מיט א געוואלד. אומבא־ווּסט פונוואנען האבן זיך א שאט געטאן מענטשן. האנס איז אוועק ווייטער, מאכנדיק זיך א וועג צווישן די מענטשן. עס איז צו אים צוגעקומען א מיידל און געזאגט: „לייג ניט קיין אכט אף דער דאזיקער בעהיימע, ביסט צו גוט פאר איר". האנס האט ווידער באלויכטן מיטן טאשן־לעמפל און דערזען, אז ער איז א געוווּנענער. דאס מיידל האט אים געבראכט צו זיך אין אן ארעם שטיבל. אגעוו, האט דאס האנסן ניט אינטערעסירט: אים איז ווידער נעפעלן דאס מיידל. אוועקגייענדיק, האט ער איר געוואלט באצאלן. זי האט זיך אפגעזאגט: „איך אליין וואלט דיר געוואלט שענקען א מאטאנע"... ער האט זיך צעלאכט: „וואס קענסטו מיר שענקען, עפשער נאר דאס פראנ־צויזישע קעניגרייך"... אין א צייט ארום האט ער לאנג געוואגלט איבער די שמאלע גאסן פון אלטשטאט: ער האט געוואלט אויסגעפינען די פאס־קודסטווע. זי האט אים אף אן עמעס באשאנקען — א כוידעש האט ער זיך אפגעוואלגערט אין שפיטאל. און באלד נאכדעם האט מען דעם פאלק „דער פיורער" ארויסגעשיקט אין דער בערגיקער דארדאן: דארט האבן זיך בא־וויזן טעראריסטן־באנדעס. ווען מען האט פאר די ווייניאכטן דערהארגעט וואלטערן, האט האנס שירקע געשווירן נעקאמע צו נעמען פון די „זשאבע־פרעסער" — אזוי האט ער גערופן די פראנצויזן. ארייננרייסנדיק זיך אין

אַ הויז, האָט ער אַלעמען אויסגעשאָסן און צווישן די לייכעס האָט ער איר־בערגעלאָזט אַ זויג־קינד — זאָל דער שערעצל קוויטשען אַביסל — ניט שנעל וועט מען אהער אַריינקומען...

דעם גאַנצן ווינטער און פרילינג האָבן די עסעס געקעמפט מיט די פּאַר־טיזאַנען. אַ שיינער דאַטשע־לעבן!... אַבער אין נאָרמאַנדיע וועט, געוויס, זיין אַביסל הייסער. דאָ האָט מען לעבאַלהאַפּאַכעס געקענט זיצן אַביסל אין אַ קאַפּע, אויסטרינקען, אַ לאַד טאָן...

אָבערשטורעמפירער שוואַבע האָט גערעכנט צו זיין אין לימאָזש אין אָוונט, האָבן זיי גאָר פאַרלוירן צוויי טעג — די טעראָריסטן זיינען איב־גאַנצן אַרוים פון די קיילים: לעבן קרעסענאַק, זיינען זיי אַנגעפאַלן אַף דער קאָלאָנע, האָט מען געמוזט אויסהאַלטן אַן עמעסע שלאַכט; דער בריק באַ גראַליירּאַק איז געווען אופגעריסן. אַ דריטער מיכשל האָט פּאַסירט אין דור־פיניאַק — באַ אַ מייע עסעס זיינען דערהאַרגעט אָדער פאַרוווּנדעט געוואָרן. האָנס האָט זיך דערמאָנט דעם טאַטנס בריוו. יאָ, אָבער אין רוסלאַנד איז עס פאַרשטענדלעך — דאָרט זיינען די מענטשן געוווינט צו לעבן אין די וועלדער, ווי וואַנדערער. אַבער די דאָזיקע „זשאַבעפרעסער” זיינען גאָר פּעזיק אויסצואָרבעטן פאַרפום און זיין מעטרדאָטעלס. פונוואַנען האָט זיך צו זיי גענומען אַזאַ פלינקייט?... און אין איינקלאַנג מיט זיינע געדאַנקען האָט גערעדט דער אונטערשאַרפירער זיידעל:

— איך בין געווען אין סערביע, דאָרט איז יעדער איינער אַ באַנדיט, מיר האָבן עס פון פאָרויס געוווּסט, פלעגן מיר פאַרברענען אַלע דערפער. איך בין געווען אין רוסלאַנד, לעבן לענינגראַד. האָט דאָרט איין מידל דער־האַרגעט צוויי אונדזעריקע. האָבן מיר זי אופגעהאַנגען פאַר די פיס. מיר פלעגן דאָרט פאַרברענען די דערפער צוזאַמען מיט די מענטשן. אַזוי פלעגט מען טאַקע זאָגן — ניט קיין הייזער, ניט קיין וואַנצן, אַלץ, און די קינדער אויך אינמיטן... און דאָ זיינען מיר אַליין שולדיק. פיר יאָר האָבן מיר זיך געניאַנטשעט מיט זיי. ווען איך האָב אין טולוז געגעבן אַ קלאַפּ עפּעס אַ סטערווע, האָט מען מיך אַריינגעזעצט. איז אַט זיינען די רעזולטאַטן... ניין, מיט זיי דאַרף מען רײדן אַף אַן אַנדער אויפן. אין טיול האָבן מיר אופגעהאַנגען הונדערט פּופּציק פראַנצויזלעך, איז טאַקע גוט אַזוי... אויב מיר ווילן צוריקוואַרפן די אַמעריקאַנער, דאַרפן מיר האָבן אַ פעסטן הינ־טערלאַנד.

צומאָרגנס האָט מען זיי ווידער באַשאָסן. מען האָט טויטלעך פאַרוווּנ־דעט דעם אונטערשאַרפירער זיידעל, דעם אַנטיילנעמער אין די קאַמפּאַניעס אַפן באַלקאַן און אין רוסלאַנד. אַלע זיינען געווען דערדריקט. אָבערשאַר־פירער שוואַבע האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך דורכריידן מיטן נאַטשאַלניק: מען מוז אָנעמען אַנטשיידענע מיטלען. מען וועט זיך דאָך ניט נאָכיאָגן נאָך די טעראָריסטן איבער די וועלדער — דאָס איז אַן אומנוצלעכער פאַר־לוסט סיי פון מענטשן און סיי פון צייט...

עס איז געווען אַ פיינער זומער־טאָג. די קליינע שטאָט אָראַדור־סיור־גלאַן האָט אויסגעזען ווי אין אַ טיפן פרידלעכן שלאָף. אַרום האָבן געגרינט לאָנקעס, און מיט דער אַלטערטימלעכער רויִקייט האָבן געפלעקטע קי איינ־

געטונקט זייערע מאָרדעס אין בונטע שמאַראַגדן. באַם קליינעם טייכל גלאָז זיינען געזעסן געדולדיקע פישער. עס האָבן זיך גענויגט צום וואַסער די ווייצן־ביימער, און די טאָפּאָלן זיינען געשטאַנען פאַרטראַכט ווי איינזאַמע טרויערער. די דאָזיקע קליינע שטאָט איז געווען אַן אַאַזיס — אַרום זיינען ניט געווען ניט קיין וועלדער מיט פּאַרטיזאַנען, ניט קיין זאַוואַדן, וואָס וואָלטן געקענט פּראָוואָצירן אַ באָמבאַרדירונג. דאָ האָבן געפונען אַ מענוכע פּליטים פון פּאַריז, פון וויטן לאָטרינגען, פון באָרדאָ; דאָ האָבן געפונען אָרבעט שפּאַנישע מישפּאָכעס, וואָס האָבן פאַרלאָזט זייער היימלאַנד נאָכן כורבן פון דער רעפּובליק. היגע איינוווינער האָבן אויסבאַהאַלטן עטלעכע ייִדן — דאָ האָבן זיך געפּראָוווט ראַטעווען פון די אַשוויענטשימער אויוונס די געבוירענע אין קאַליש סאָרע יאַקובאָוויטש, אַ שערער פון בודאַפּעשט לויט דער פאַמיליע קאַנצלער, מאַרגאַריטאַ סימאָן פון פּאַריז. ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס אין נאָרמאַנדיע קומען שוין פּאַר שלאַכטן דעם פינפטן טאָג, זיינען דאָ די מענטשן פאַרבליבן רויִק. עס איז געווען אַ שאַבעסדיקער טאָג, און די געוויסע באַלעבונג איז ניט געווען צוליב מיליטערישע סיבעס: אין די שולן האָט באַדאַרפט פאַרקומען אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג; עס זיינען געקומען פּויערים פון די אַרומיקע דערפער — עס איז געווען געמאָלדן, אַז מען וועט אַרויסגעבן טאַבאַק אַף די יוני־קאַרטלעך; עס זיינען אויך געקומען איינוווינער פון לימאָזש, קעדיי צו פאַרברענגען דעם זונטיק־אָפּרו אַף דער פרייער לופט, און אין איין וועג קריגן ערגעץ אַ פונט פּוטער אָדער אַביסל גרינס.

ס'איז געווען מיטיקצייט. מאַדאַם אַוריל, די אַלטע באַלעבאָסטע פון אַ קרעטשמע, האָט שטיל־שטיל דערציילט אירע קליענטן־פּענסיאָניסטן, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען די פּאַריזערן מיט קינדער און אַן אויסגעדינטער מיליטערישער וועטערינאַר פון ריימס: „היינט האָב איך צוגעגרייט קאַטשקע מיט ריבן". דער וועטערינאַר האָט דערציילט די לעצטע נייַעס: „דעם דעסאַנט האָט מען ניט צוריקגעוואָרפן"... אין האָטעל „מילאָרד" פלעגן עסן מיטיק צוויי יונגע לערערקעס, האָבן זיי זיך דענערווירט, אַז זיי וועלן פאַרשפּעטיקן אין דער שול, און זיי זיינען אַוועק, ניט פאַרענדיקנדיק דעם מיטיק. און אין קאַפע־הויז „גלאָב" האָבן אַלטע פּויערים געטרונקען זויערן לייכטן וויין און דערציילט: „מען זאָגט, אַז די פּאַרטיזאַנען האָבן איינגעוואַלגערט דעם טונעל"...

דער זייגער אַפן קלויסטער האָט געוויזן צען מינוט נאָך צוויי. אַפן גלאָקן־טורעם האָט געשיינט, פּונקט ווי אַף אַלע גלאָקן־טורעמס אין פראַנקרייך, אַ קליינער הענדעלע. אַפן הימל זיינען געשוווּמען לייכטע וואָלקנס. דער שערער בריואַר האָט איינגעזייפט די באַקן פון אַ געזונטן פאַרמער. דער אַפּטייקער פּאַסקאַ האָט דערקלערט אַ זקיינע, אַז די רעפּוע דאַרף מען נעמען ניט פאַרן עסן, נאָר נאָכן עסן. די געקומענע פון לימאָזש יונגע מאַשיניסטן קוטיורע איז, פאַרגעסנדיק גאָר, אַז זי האָט געוואָלט קריגן פּוטער, געזעסן אונטער אַ בוים און געטרוימט פון גליק. אין די שולן האָבן גע־ראַשט באַם שפּילן זיך קינדער; דער נאָטאַר מאַנטאַזאַ האָט געלייענט אַ צייטונג. באַטראַכטנדיק אַ ניי־געבאָרענעם, האָט דאָקטאָר דעזורטאַ געמורמלט:

„א פיינער יאט!..." דאן איז צוגעפארן צו דער שטאט די ערשטע מאשין מיט דייטשן; אין איר איז געזעסן האנס שירקע. איבערלייענענדיק די אויפשריפט „אראדור־סיור־גלאן", האט ער א טראכט געטאן: „צו א גרויסער נאמען פאר אזא קליינער שטאט"... ער האט א גענעץ געטאן: מיר זיינען שרעקלעך אויסגעמאטערט פאר די דאזיקע פיר טעג, און פארויס איז אנשטאט רו — נארמאנדיע...

די דייטשן האבן באפוילן אלע איינוווינער פון שטאט צוזאמענקלייבן זיך אפן מארקפלאץ. איין זאקן האט געענטפערט האנסן:

— איך בין קראנק, איך קען ניט אופשטיין, איך ליג שוין דריי יאר...

האנס האט זיך צעלאכט:

— און עפשער בין איך א דאקטאר?...

ער האט ארויסגעשליידערט דעם זאקן פון בעט און צעשפאלטן אים דעם קאפ מיט דער קאלבע.

אפן פלאץ זיינען געווען א סאך מענטשן. די פרויען האבן געדריקט צו זיך די קינדער. קינדער האבן געוויינט. מען האט געבראכט עטלעכע זקיינים און זקיינעס; עס האבן זיי געפירט אייניקלעך. דא זיינען געווען דער שוסטער רענא, די הענטשקע־מאכערקע מערסיע, דער וועבער לעבלאן, דער דעדערמאכער לעפארא, די נייטארן זעלער, די סטודענטן ראזע, דער שמיד רענאדען, דער בעקער סאוויא, דער גאלעד לאריק, דער סטאליער דיוטרע, קוימענקערער איטא, ערדארבעטער דואר, דער טאקער דזשיאנינא, די לערערקע קוטי, דער שניידער בישא, דער בירוטרעגער בוזיער, דער מילנער פוסא, דער שטיינהאקער לאשא, דער מעכאניקער באברייר, די סאניטארקע עברא, דער שאפער פוטארא, דער פאקער — זשוא, דער בוכהאלטער טעסא, דער מאלער בערטעלעמי, דער פאלירער טייסא, דא איז געווען די פויערישע מישפאכע טאמא, וואס איז באשטאנען פון פערצן נעפאשעס, דא איז געווען די גאנצע באפעלקערונג פון אראדור. עס זיינען אויך געקומען די קינדער פון די צוויי שולן; זיי האבן געלאכט, געשטיפט — די דייטשן האבן געזאגט, אז מען וועט אלעמען פאטאגראפירן אפן פלאץ. אבער דערזעענדיק די בייזע דייטשישע פנעמער, זיינען די קינדער אנטשוויגן געווארן.

בעיים מיטעס האבן די דייטשן ארומגערינגלט דאס שטעטל; זיי האבן געגנישטמערט איבער די ארומיקע פעלדער, קאנטראלירט, צי עס האט זיך עמיצער ניט אויסבאהאלטן אין גראז. דער זייגער איז געווען דריי. אלע זיינען געווען אפן פלאץ. די עסעס האבן אפגעטיילט די פרויען און קינדער, מען האט זיי אוועקגעפירט אין קלויסטער; די מענער האט מען אין קליינע גרופן צעפירט איבער די שטאלן און גאראזשן. נאכדעם זיינען די דייטשן צוגעטראטן צו דער ארבעט: גענומען אונטערצינדן די שטאלן און גאראזשן. אלעמען, ווער עס האט נאר געפרווט ארויסרייסן זיך פון די ברענענדיקע געביידעס, האבן זיי דערשאסן. די פרויען מיט די קינדער האט מען פארמאכט אין קלויסטער. ארום זיינען געשטאנען עסעס מיט קוילנווארפערס. ווען מען האט אונטערגעצונדן דעם קלויסטער, האט עפעס א פרוי אין משוגאס, ארויסגעווארפן דורך א שמאלן פענצטערל א קינד. שירקע האט עס ניט פארזען: ער האט אופגעהויבן דאס קינד און אריינגעשליידערט אין פייער.

פארענדיקנדיק מיט די מענטשן, האבן די דייטשן גענומען ארויסטראגן פון די הייזער אלע ווערט־זאכן. זיי האבן געפונען זייד, קעסטלער מיט וויין, טיש־זילבער, פראוויאנט; דאס אלץ האבן זיי אופגעלאדן אף די מאשינעס. נאכדעם האבן זיי באגאסן די הייזער מיט ברענשטאף און פארברענט די שטאט. דער ראטעפירער קלאטץ האט געזאגט:

— אין רוסלאנד האט בעסער געברענט, דארט איז א סאך האלץ...

אבערשטורעמפירער שוואבע האט א קוק געטאן אפן זייגער:

— פינף פאר צען, און מיר זיינען געקומען צוויי אזייגער. אכט שא איז גארניט קיין סאך, דאך א גאנצע שטאט...

אראדור־סיור־גלאן איז מער ניט געווען. עס איז געלונגען אוועקגיין פון דער שטאט אכצן איינוווינער. אלע איבעריקע זיינען אומגעקומען.

דעם וויין, וואס זיי האבן ארויסגעפירט פון אראדור, האבן די עסעס אויסגעזשלאקעט אין די שביינעסדיקע דערפער; זיי האבן געלאכט, געזונגען סאלדאטסקע לידער, און די פויערים האבן געמיינט, אז זיי פייערן דעם זיג איבער די אליאירטע. האנס שירקע האט געפילט א פארלייכטערונג אף דער נעשאמע: ענדלעך האט ער זיך אפגערעכנט מיט די דאזיקע „זשאבעפרע־סערס"!... דערמאנענדיק זיך, ווי אזוי עס האט געשריען די פרוי, ווען ער האט ארייגעווארפן דאס קינד אין פייער, האט שירקע אנגעקוואלן: דאס האבן זיי פאר וואלטערן, פארן אופגעריסענעם בריק, פאר אלע מיינע פלאגן...

צומארגנס האט האנס אוועקגעשיקט א בריוו דעם טאטן. ער האט גע־שריבן:

„טייערער פאטער!

די לעצטע טעג פיל איך באזונדערס שארף דיין נאענטקייט. טעראר־ריסטן ווילן אונדז דערלאנגען א קלאפ הינטן־ארום, אבער דאס געלינגט זיי ניט. נעכטן האבן מיר פארניכטעט אן עמעסע גיפטיקע בינען־נעסט. קענסט זיין רויק — דיין זון וועט זיך ניט אונטערגעבן און וועט ניט צעקראכן ווערן. פון דער מאמען האב איך דערהאלטן צוויי בריוו. זי איז, נאטירלעך, אומ־רויק וועגן מיר און דיר. איך ווארט מיט אומגעדולד אף די יעדיעס וועגן דער מילכאמע אף מיזרעך, עס מאכט דעם איינדרוק, אז אייך איז געלונגען אפצושטעלן אומעטום די רויטע. איך קוש דיך שטארק. הייל היטלער!

דיין האנס".

דעם זאקן, וואס האנס שירקע האט דערהארגעט, האט מען גערופן ארמאנד קלאווא, ער איז אלט געווען צוויי און אכציק יאר, ער האט גע־דענקט די פראנצויזיש־פרייסישע מילכאמע. האנס שירקע האט ארייגגע־ווארפן אין פייער מישעל אליאטי, זי איז נאך קיין צוויי כאדאשים ניט אלט געווען — זי איז געבארן געווארן דעם פערצנטן אפריל.

דער פאלק „דער פיורער" האט מארשירט אף פואטיע. האנס שירקע האט געזונגען זיין באליבט לידל:

„א פאשעטער בלימל
בליט אפן וועג,
ווילסט ניט אראפרייסן,
ווילסט ניט אוועק"...

דער וועג האָט זיך געשלענגלט צווישן אַ וואַלד פון דעמבעס. פּלוצלינג האָבן גענומען שטעפּן קוילנוואַרפערס; ווייזט אויס, אַז די טעראָריסטן וויינען געווען אויפן שפּיץ באַרג. די עסעס האָבן זיך פאַרהאַלטן, געעפנט אַ פייער פון קאַנאָנען.

— אַן אומדערהערטע כוצפּע, אָבער איך מיין...

קיינער האָט זיך ניט דערוווּסט, וואָס אייגנטלעך ער האָט געמיינט: אויפן וועג האָט אויפגעריסן אַ קאַנאָנען־קויל, דורך אַ שפּליטער איז דערהאַרגעט געוואָרן דער אָבערשטורעמפירער. די פּאַרטיזאַנען האָבן איצט געשאָסן פון אַ דייטשישן אַנטיטאַנק־האַרמאַט. די שלאַכט האָט געדויערט פיר שאָ. נאָכדעם האָבן די עסעס פאַרקירעוועט צוריק צו אימוטיע: עס האָט זיך אָנגערוקט די נאַכט, עס וואָלט געווען ניט סייכלדיק פאָרן מיטן וואַלד.

די דערהאַרגעטע האָט מען אַרופגעלייגט אויף אַ לאַסט־מאַשין; מען האָט זיי געלייגט אין איילעניש, און האַנס שירקעס קאָפּ איז אַראָפּגעהאַנגען אויף אונטן; זיין מויל איז געווען האַלב אָפן; בעת די לאַסטמאַשין פלעגט אונטערשפּרינגען איבער די לעכער, האָט זיך האַנס שירקעס קאָפּ געטרייסלט, עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געווען שרעקלעך אויפגעבראַכט אויף עמיצן און געשאָלטן.

דערדע האָט געזאָגט:

— עס האָט זיך באַקומען גאָרניט שלעכט. ווי מיינסטו, בער?

וואַראַנאָוו האָט זיך צעלאַכט:

— גאָרניט שלעכט. אויב מען וועט זיי ווייטער אַזוי אופנעמען, קענען זיי פאַרשפּעטיקן צו דער פאַרשטעלונג...

וואַראַנאָוו האָט געטראַכט וועגן שטיינהאַקער כאַסע, וואָס איז אומגעקומען אין דער דאָזיקער שלאַכט. נעכטן האָט ער געזאָגט וואַראַנאָוון: „זאָג מיר, בער, איך וועל נאָך זען באַרצעלאָנע?"... און נאָך האָט וואַראַנאָוו אַ טראַכט געטאָן: מעגלעך, אַז איך וועל צוריקקומען קיין לענינגראַד און ניט געפינען קיינעם פון די אַלטע פריינט?... און מעגלעך, גאַנץ פּשוט — איך וועל ניט צוריקקומען?... עס האָט גענומען בלאָזן אַ ווינט; און אַ גאַנצע נאַכט האָבן גערוישט די דעמבעס, גערוישט פייערלעך, ווי זיי וואָלטן פאַרשטאַנען, וואָס די מענטשן פילן, ווי די דאָזיקע אַלטעביימער וואָלטן קלוימערשט געוווּסט, אַז פאַר אַזעלכע געפילן האָבן ניט די מענטשן און קענען ניט האָבן קיין ווערטער.

## II

„ביסט צו לאַגיש", האָט לעאָ געזאָגט אַסיפן, בעת זיי האָבן זיך געטראָפן אין קיעוו און דיסקוטירט וועגן גליק; אַסיפּ האָט זיך דאָן געכידעשט: „ווי אַזוי קען מען עס זיין צו לאַגיש?" פון די קינדער־יאָרן האָט ער ליב געהאַט קלאָרקייט; עפּשער דערפאַר איז אים אַזוי שווער אָנגעקומען די וויסנשאַפט פון האַרץ, ווו עס זיינען אַנשטאָט טעאָריעס — קאָפּדרייעניש און ווו די אויסנאַמען פאַרלייקענען די רעגלען. אויך אין דער מילכאָמע האָט ער זיך באַמיט אָנצוהאַלטן פּינקטלעכקייט, אַן אָרדענונג. די

פּראָפעסיאָנאַלן, קאַדער־אָפיצירן און קאָמאַנדירן זיינען געקומען אויפן פראָנט מיט גרייטע באַגריפן וועגן מיליטערישע אָפּעראַציעס. אין אָנפאַנג פלעגן זיי זיך פאַרלירן פון דער ניט איינשטימיקייט צווישן די קורסן, אַקאַדעמיע און דעם, וואָס זיי האָבן דערזען. אַסיפ האָט אָנגעהויבן די מילכאָמע, פאַנאַנ־דערקלייבנדיק זיך שלעכט אין מיליטערישע איניאַנים; דער כאָאָס פון די ערשטע כאַדאָשים האָט זיך אים אויסגעוויזן נאַטירלעך. ער האָט זיך אויס־געלערנט קעמפן, קעמפנדיק; ער פלעגט זיך אָנטציקן מיט דער מייסטער־שאַפט, פאַכמענישקייט און מיט דער דרייסטקייט פון די איינפאַלן בא די קאָמאַנדירן; ער פלעגט זיך זאָגן: עס פילט זיך סטאַלינס האַנטשריפט...

אַזאַ אַרטילעריע צוגרייטונג האָט נאָך אַסיפ ניט געזען. ער האָט גע־שמייכלט; די צייטונגען האָבן געשריבן, אַז די דייטשן האָבן דערפונדן אַן אוויאַן — אַ קויל — זיי לאָזן עס אַף לאָנדאָן. זיי זיינען זיך געטריי — זיי זוכן דעם פּסיכאָלאָגישן עפעקט, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געווען אַ וויבעלע, וואָס איז גרייט צו פאַלן אין כאַלאָשעס. אונדזער אַרטילעריע איז זיכערער: מען וויים, וווּ אָוועקצולייגן... מיט אַנטציקונג האָט אַסיפ גע־קוקט אַף די איינגעוואָלגערטע דאָטן. אַ גוט שטיקל אַרבעט. יעדער קאַנאָן האָט געראַטעוועט אַ סאַך אונדזעריקע. דערפאַר טאַקע איז לייבט אַנצוגרייפן...

זיי זיינען געגאַנגען דורך וועלדער, זומפן; געגאַנגען צו דרייסיק, פער־ציק קילאָמעטער אַ טאָג; אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף איבער־שניידן די דייטשן דעם וועג. פאַרויס זיינען געגאַנגען טאַנקען. זיי זיינען געווען אַ סאַך. דורכפאַרנדיק, האָבן זיך די טאַנקיסטן געוויצלט. און זעלנער האָבן געטראַכט: איצט וועלן די פריצן דערזען, וואָס דאָס הייסט, ווען דו האָסט אַ טאַנק פון הינטן און אַ טאַנק פון פאָרנט... לאַכנדיק, האָט גענעראַל זיקאָוו געזאָגט אַסיפן:

— איך בעט אוויאַציע, ענטפערט מיר סיאָמושקין: „מיר באַווייזן ניט נאַכצופליען די פוסגייער — די עראָדראָמען שטייען אָפּ"...

גענעראַל סיאָמושקין איז געווען באַשיידן: די אוויאַציע האָט גע־אַר־בעט גלענצנד. שוין אין די ערשטע טעג פון קאַמף האָבן די „אילן" כאַרעוו געמאַכט דעם קעגנערס ראַדיאָ־סטאַנציעס. די דייטשן זיינען פאַרבליבן אָן אַ פאַרבינדונג־סיסטעם און צוועלף דיוויזיעס האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מענגע צעשטרייטע אָפיצירן און זעלנער, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט אי־בער די וועלדער, זוכנדיק אומזיסט אַ „הינטער־טיר".

מען איז געגאַנגען פאָרויס, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך איבערן שיקזאַל פון די דייטשן, וואָס זיינען פאַרבליבן פון הינטן. דער זעלבסטגעפיל פון קראַפט האָט געענדערט די מענטשן — פאַלנדיק פון מידקייט, פלעגן זיי באַלד אויפ־שפּרינגען; זיי האָבן גערעדט העכער, די באַוועגונגען זיינען געוואָרן שאַרפער.

אַ געפאַנגענער קאַפּיטאַן האָט געזאָגט אַסיפן:

— איך האָב דאָ אָנגעהויבן די מילכאָמע — בא מינסק. דאַן זיינען מיר געגאַנגען פאָרויס, ווי איר וואָלט גאָרניט געווען. און איצט האָט פּאַסירט עפּעס שרעקלעכס — איר גייט פאָרויס און לייגט גאָרניט קיין אַכט אַף אונדז. מען קען זאָגן, אַז מיר האָבן זיך געטוישט מיט די ראָלן.

אַסיפ האָט אַ לאַך געטאָן:

— די ראלן זיינען בא אונדז פארשיידענע. איר זייט געקומען ווי דעראבערער, און מיר באפרייען. אפילע ווען מיר וועלן קומען צו אייך, וועלן מיר פארבלייבן באפרייער — מיר וועלן באפרייען אייערע אונטערדריקטע פון אייך, און אייך וועלן מיר באפרייען פון אייער טעמפּקייט.

די זעלנער פלעגן אנרופן די ארומגערינגלטע דייטשן „וואנדערנדיקע פּריצן". עס האבן געוואנדערט גאנצע דיוויזיעס, מיט טאנקען, מיט ארטי־לעריע, עס האבן אויך געוואנדערט קליינע גרופּן. אייניקע אפיצירן פלעגן זיך איבערטאן אין ציוויל. מען האט דערציילט, אז איינער א דייטשישער גענעראל גייט איבערן וואלד מיט א מינענווארפער, אז די פּריצן זיינען הונ־געריקע באפאלן א ברויט־זאוואד לעבן מינסק, אז א רעדאקטאר פון אן ארמיי־אישער צייטונג האט פּלוצלינג דערזען לעבן זיין הויז דייטשן מיט קוילנ־ווארפערס און א דאנק די געמיינזאמע אנשטרענגונגען פון זיינע מיטארבע־טער, בעסויכעם א פּאעט, א קארעקטאר און א זעצער, האט מען די דייטשן אפּגעשטויסן. געפאנגענע פלעגן געבראכט ווערן פון פויערטעס, פון קינדער; דער צוועלפיעריקער אליאשא סווערטשוק האט געבראכט צושלעפּן א טוץ פארשוויצטע, אויסגעפייניקטע דייטשן. איינער פון זיי האט דערציילט, אז זיי האבן ניט געוווּסט, ווו עס גייט דורך די פראנט־ליניע, זיי האבן גע־מיינט, מען דארף נאר אריבערגיין דעם וועג, וועלן זיי שוין זיין צווישן די אייגענע, אבער ארויסקומענדיק פון וואלד, האבן זיי דערזען אן אויסטער־לישע זאך — עס גייט א באן מיט א רוסישן מאשיניסט. דער דאזיקער דייטש האט, בלייבנדיק געטריי די דייטשישע געוווינהייטן, פארשריבן אין זיין טאג־בוך: „די רוסן שטעלן איצט אויף די אייזנבאן־וועגן גיכער, ווי מיר טרעטן אפּ".

דער רעדאקטאר פון דער דיוויזיע־צייטונג טשאלי האט געקראגן דיי־טשישן פּאפּיר, סטענגעס פאר דער שרייב־מאשין, א פלאש קאניאק. ער האט אנגעשריבן אן ארטיקל „דאס מאל שטויסן מיר ניט ארוים דעם קעגנער, מיר פארניכטן אים" און האט א טראכט געטאן — דאכט זיך, צו טיפּזיניק, איך וועל בעסער אוועקשיקן צו די צענטראלע צייטונגען „פון סאבקאר" (אייגענער קארעספּאנדענט—כ. ב.). און ער האט גענומען פארפאסן: „איך שטיי, ברידערלעך, און וווּנדער זיך — ער וועט ניט ארויס, דער דייטש, פון ווייסרוסלאנד"... אונטערגעשריבן „אנטאן טאלקאווי" (אנטאן דער זאכ־לעכער, דער געשייטער—כ. ב.).

און אין מינסק איז געווען אזויפיל בלומען, אזויפיל טרערן פון פרייד, אז אסיף האט זיך פארלוירן. עפּשער דערפאר, וואס ער האט צו שפּעט פארשטאנען די שפּראך פון הארץ, איז ער איצט געווען אויסערגעוויינלעך עילבאר צו אלץ; און ווען א קליין מיידעלע מיט א שיטערן צעפּעלע האט, ארייינרוקנדיק אים א בוקעט קארנבלימלעך, שנעל ארויסגעזאגט: „א גרוס דער רויטער ארמיי" (דעם „ר" האט זי ניט געקענט ארויסריידן), האט ער פארביסן א ליפּ, געוואלט זי א קוש טאן, אבער אנשטאט דעם, האט ער א מאך געטאן מיט דער האנט און אוועק ווייטער.

עס האט א קנאל געטאן. אסיף האט א קוק געטאן — דער סאף גאס איז געווען באדעקט מיט א געדיכטן רויך. אויך אין דעם זיינען זיך די

דייטשן פארבליבן געטריי: איבערגעלאזט אף באראט א שפיטאל מיט פארווונדעטע, אבער ניט פארגעסן אונטערצומינעווען נייע הייזער. קוקנדיק אף די כורוועס, האבן זיך די זעלנער אופגערעגט: דער סוינע האט ניט געלאזט אפגיין דאס הארץ אפילע אף א שא.

אין צוויי טעג ארום האט אסיפ ווידער דערזען מינסק — מען האט פארקירעוועט אף צוריק צום מאהילעווער שאסיי: א גרויסע גרופע ארומגערינגלטע דייטשן האבן זיך געריסן מירעוור־צו. די שטאט איז געווען פארכווישעכט — גראד פאר דעם האט די דייטשישע אוויאציע באמבארדירט די גאנץ־געבליבענע קווארטאלן. פון אונטער די ברוכשטיקער האט מען ארויסגעשלעפט א טויטע מיידעלע. איז עס ניט אמאל יענע, וואס האט מיר געגעבן די בלומען? — האט א טראכט געטאן אסיפ — שראצים, פייגערן, און לאזן נאך גיפט!...

עס איז געווען זייער א הייסער טאג. זיי זיינען דערשינען אף א פלאץ, וואס איז געווען גוט באקאנט די מינסקער. די מיליטערלייט האבן ניט געוווּסט, וואס דאס הייסט „טראסטיאנעץ": זיי האבן נאר דערזען דאס, וואס א מענטשן איז שווער צו זען, ווען ער האט אפילע אפגעקעמפט דריי יאר, געזען סיי דעם טויט פון כאוויירים, סיי סטאלינגראד, ווען ער האט אפילע נעכטן געזען טאלאטשין, דעם דאזיקן געמיש פון צעפליקטע גופים, פלאשיקן אייזן, אפגעריסענע קערפער־טיילן, צעדריבלטן געווער... אף א וויסטן פלאץ זיינען געלעגן לייכעס, צוזאמענגעלייגט ווי האלץ; די דייטשן, וואס האבן עס געטאן, האבן עס געמאכט לויט אן ארדענונג — א הויכער, אביסל א נידעריקער, נאך א נידעריקער — די קינדער זיינען געלעגן אין סאף פון יעדער ריי. די לייכעס זיינען געווען פארקוילט: די דייטשן האבן אונטערגעצונדן און זיינען אנטלאפן. און דערביי איז געווען א פעלד פון פארקוילטע ביינער. יעדן טאג פלעגן אהערקומען פון מינסק הערמעטיש פארמאכטע וואגנס — די מענטשן האט מען דערשטיקט מיט גאז אפן וועג, פארנדיק; די דייטשן פלעגן צוזאמענלייגן די דערשטיקטע אין א סיידער, ווי מען לייגט צוזאמען האלץ און אונטערגעצונדן. דאס האט אנגעהאלטן צוויי יאר... און ווען די קעמפער האבן דערזען טראסטיאנעץ, איז געווארן אזוי שטיל, אז עס האט זיך געהערט, ווי אין שכיינעסדיקן וואלד שרייט א קוקאווקע. לעבן אסיפן איז געשטאנען דער יעפרייטער קודריעוואטיך, ניט קיין יונגער, רויִקער מענטש; ער האט אויסגעווישט מיטן ארבל די אויגן.

אין א שא ארום האבן די דייטשן וואס האבן זיך פארשטעקט אין וואלד געעפנט א פייער: זיי האבן געוואלט דורכגיין טראסטיאנעץ. דער יעפרייטער קודריעוואטיך האט פלוצלינג א געשריי געטאן:

— וואס־זשע שטייט איר, יאטן?... א נו, באלשעוויקעס!...

אוונט־צו איז אלץ געווען געענדיקט. די מילכאמע האט זיך אף א מינוט אוועקגעשטעלט אין איר אורשפרינגלעכער פאשטעס: דאס איז ניט געווען ניט קיין סטראטעגיע, ניט קיין אויסרעכענונג — נאר צארן, קאמף און טויט.

די טויטע דייטשן זיינען אף דער זון שנעל פארשווארצט געווארן, צוזאמענגעקארטשעט זיך, אנגעפילט דעם ארום מיט געשטאנק.

גענעכטיקט האט מען אין וואלד. פארטאג איז געווען פריש, אפילע קאלט. אסיפ איז געשלאפן דריי שאָ; ער האט קאנטראלירט לויט דער מאפע דעם מארשרוט; נאכדעם איז ער אוועק צו מינאיעוון; יענער איז ניט געשלאפן, ער איז געזעסן און עפעס אופמערקזאם באטראכט.

— וואס האסטו אויסגעפונען? — האט געפרעגט אסיפ.

מינאיעוו האט זיך פארלוירן:

— גארניט... מען לאזט זיך ווייטער?...

ס'איז געווען א פרימארגן פון א פריאיקן זומער, בעיס די ביימער, וואס האבן זיך נאך ניט באקענט מיט דער דערשעפנדיקער ליידנשאפט פון אויגוסט, שושקען זיך העלגרינע וועגן זייערע וואלד־איניאנים, און דאס דאזיקע שושקען זיך זעט אוים ווי א סוידעספּולע באראטונג. איבער זיי איז א העלער, זייער ווייטער הימל, אונטער זיי א ווימלען פון זשוקעלעך, פאפירלעך, שמעטערלינגען. און נאך די אומרויקע פייגל, וואס דרייען זיך צווישן גערדיכטן געבלעטער, ווארפן אריין אין קלוגן פליסטערן פון וואלד אמאל צארטע, אמאל בייזע רעפליקעס.

אסיפ האט זיך א ציי געטאן און געזאגט:

— מען קערעוועט אונדז אוים צאפן־צו — צום ניעמאן. אויב עס וועט אזוי גיין, איז גאר גיך די גרענעץ... געדענקסט, האסט אין צוויי און פערציקסטן געזאגט — עס וועט זיך ענדיקן די מילכאמע, וועסטו אנשרייבן א ראמאן. דאן איז אפילע ניט געווען וועגן וואס צו שרייבן — מיר זיינען געזעסן אף איין פלאץ, און זיי האבן געבויערט. אט איצט איז דא מאטעריאל, וואס א טאג איז א קאפיטל פון א ראמאן...

מינאיעוו האט א שמייכל געטאן:

— ניין, אסיפ, דער ראמאן האט זיך געענדיקט — אף יענעם קורגאן. איצט קומען פאר א סאך געשעעניש, דאס איז עמעס. יעדן טאג נעמען מיר א נייע שטאט. נעכטן האט לעאנידזע געכאפט א גענעראל, א געצווימטן אזא, האט „קאזבעק" זיך שיר ניט צעוויינט. מיר זיינען אריינגעפאלן עפעס איטאליענער, זאגן זיי, אז זיי זיינען געווען אף דאדעקאנעסער אינדזלען, ניט געוואלט מער קעמפן, האבן זיי די דייטשן געבראכט צושלעפן קיין מינסק — זיי זאלן גראבן ערד. א פולשטענדיקע עקזאטיק, שוין ניט רעכענענדיק, וואס לעבן בערעזינא האב איך געכאפט א פראנצויזל פון „לעגיאן". דערביי איז עס ניט דער צוועלפטער יאר — האב איך געמיינט, ער איז מארשאל ניי, וויזט זיך גאר ארויס, אז ער איז א באלעבאס פונעם רעסטאראן „דאס ליליע־בלום", ער האט געזאגט: „קומט צופארן, איך וועל אייך גוט אנהאדעווען". זעסט, וואס פארא מישמאש...

— נו, פארוואס־זשע טויג עס ניט פאר א ראמאן?

מינאיעוו האט זיך פארטראכט.

— איך וויים ניט, ווי אזוי דיר צו דערקלערן... אפן קורגאנדל איז אלץ געשטאנען אין קאן. דארט איז די האנדלונג פארגעקומען אינעווייניק: ווער עס וועט אויסהאלטן — מיר אדער זיי?... און איצט קומט פאר א קלאסישע אפעראציע, מען וועט עס שטודירן אין אלע מיליטערישע אקאדעמיעס. דער פסאקדין איז שוין ארויסגעטראגן, עס בלייבט נאר איבער אויסצופירן אים.

מיר וועלן עס מאַכן, קלאָר... אָבער איך טראַכט איצט אָפּט דערפֿון, וואָס עס וועט זיין נאָכן זיג. מעגלעך, אַז דאָס איז נאָך פּריצייטיק, די פּריצן קעמפֿן נאָך פֿעסט, און איך בין גאָרניט איבערצייגט, אַז איך וועל דערלעבן ביזן צום זיג — אַ פֿראַגע פֿון אַ צופֿאַל... און דאָ טראַכט איך דאַווקע דער־פֿון — ווי אַזוי מיר וועלן לעבן, אָפּבויען די שטעט, וואָס עס וועט זיך ענדערן, ווי אַזוי עס וועט זיך אַלץ איינשטעלן, סיי אויף דער וועלט און סיי אינדערהיים... זעסט, ווי אַזוי עס איז אַ מוראַשניק... איך האָב אים אומ־גערן אַביסל צערודערט — איז, בעיים דו ביסט געקומען, האָב איך געקוקט — ס'איז צום באַוווּנדערן, זיי האָבן זיך באַלד גענומען באַוועגן, שלעפּן ריטעלעך, אַרבעטן, אייניקע אַהין, אַנדערע אַהער, באַזאָרגטע, אַזעלכע טייווו־לאָנים!... מעגלעך, אַז איך וועל טאַקע ניט אָנשרייבן קיין ראָמאַן וועגן דער מילכאָמע, אָבער אַז איך וועל אָפּלעבן נאָך אַ דרייסיק אָדער פֿערציק יאָר, וועל איך אָנשרייבן גאָר אַן אינטערעסאַנטן ראָמאַן...

— וועגן וואָס?

— וועגן גאָרניט. וועגן פּאַשעטן לעבן...

ער איז אופֿגעשטאַנען, אָפּגעטרייסלט זיך, געפּרעגט:

— הייסט עס צום ניעמאַן? עקזאַטיק! היינט וועלן מיר זיכער באַ־פֿרייען אַן אויסטראַליער, וואָס האָט געקעמפֿט אויף די אָזאָרן־אינדזלען, אויף עפּעס ווייניקער גיי איך ניט איין.

## III

וויפֿל מאָל האָט שירקע געטראַכט וועגן די דאַזיקע וועלדער, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל ניט פֿאַרגעשטעלט, ווי אַזוי זיי זיינען אינעווייניק. ער איז דערדריקט געוואָרן פֿון דער טיפֿקייט און שטילקייט: דאָס איז, ווי אַ יאָם בעיים דו טונקסט זיך אויף. שירקע האָט נאָר געקענט די דייטשישע וועלדער, צוגערוימטע, געמיטלעכע, מיט גוטע סטעזשקעס, מיט גרינע בענק, מיט אופֿ־שריפֿטן—בלומען־וועג, יעגער־פּאַווילִיאָן. יענע וועלדער זיינען געווען אַ פֿאַר־זעצונג פֿון אַ באַקאַנטן אָרגאַניזירטן לעבן און דאָס איז אַ כאַאָס... איצט האָט ער פֿאַרשטאַנען, פֿונוואַנען עס האָבן זיך גענומען אַזעלכע מענטשן, ווי „איוואַן"; די רוסן מעגן זיך, וויפֿל זיי ווילן, פֿאַרופֿן אויף ביכער, דאָס זיינען אוראַלטע באַשעפֿענישן, זייער קויעך איז אין דער נאָענטקייט צו דער נאַטור...

אין ערשטן טאָג האָט זיך שירקע, ניט געקוקט אויף דער טראַגישער לאַגע, אַנטציקט מיט דער וואַלד־ווילדעניש, פֿאַרגלייכט זי מיט גאָטישע קלויס־טערס, דערמאַנט זיך לידער פֿון ראָמאַנטיקער. אַ גאַנץ לעבן האָבן אין שירקען געקעמפֿט צוויי לײַדנשאַפֿטן: אַ דורשט צום אָרגאַניזירן, ליבע צו אָרדענונג און האָס צום כאַאָס, דער קולט פֿון איינזאַמקייט. „גרויסדייטש־לאַנד" איז פֿאַר אים געווען פֿונקט אַזאַ אַבסטראַקציע, ווי די דאַזיקע וועל־דער, איידער ער איז אַהער אַריינגעפֿאַלן. ער האָט ניט ליב געהאַט קיין מענטשן, ער האָט געהאַלטן, אַז מיט זעלטענע אויסנאַמען זיינען זיי קליינ־לעך און נאַריש, און דערצו נאָך פֿילט זיך פֿון זיי אַ שלעכטער רייעך (אַף

די פאַרזאַמלונגען פלעגט ער שטענדיק פילן אַ ניט־גוטקייט). ער האָט פאַר־שטאַנען דעם פיורער, וואָס האָט זיך אויסגעבויט אַ הויז אין בערכטעסגאַ־דען צווישן בערג... דער דאָזיקער וואַלד האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט אַרויס פון דער צייט־פינצטערניש; איבער אַזעלכע וועלדער האָבן געוואַנדערט גערמאַנער, ווען עס איז ניט געווען ניט קיין הענדלער, ניט קיין נאַרישע טעאָריעס וועגן גלייכהייט, ניט די קורצזיכטיקע וויסנשאַפט.

באַנאַכט איז אים געוואָרן מוירעדיק. ער איז ניט געווען קליינמוטיק, אָבער איין זאַך איז זען פאַר זיך דעם סוינע, און אַ צווייטע — דערשיינען אינמיטן פון אַ פרעמדער סטיכיע. אין דער וואַלד־געדיכטעניש איז די נאַכט געווען אומגעהויער שוואַרץ; די אָנגעשטרענגטע שטילקייט האָט אויסגעזען פאַרעטעריש — אַ קרעכץ פון אַ צווייגל, אַן אויסגעשריי פון אַ נאַכט־פויגל האָבן געצוווּנגען שטאַרקער צו קלאַפּן דאָס האַרץ. הינטער יעדן בוים האָבן געקענט זיין פאַרטיזאַנען. ווער־ווער, אָבער שירקע ווייס, אַז אין דאָזיקן וואַלד זיינען זיי דאָ אַ סאַך, טאָקע פונדאַנען זיינען זיי געקומען אין שטאָט אַריין...

מיט שירקען זיינען געווען באַ דרייסיק מאַן — פיר פון דער קאָמענ־דאַטור, די איבעריקע זעלנער. מאַיאָר שירקע איז געווען דער עלטסטער; ער האָט זיך באַמיט אויפצומונטערן די אַנדערע, געזאָגט, אַז זיי וועלן זיך דער־קלייבן אינגיכן צו די דייטשישע טיילן. אָבער שוין אין יענער ערשטער נאַכט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער וועט שטאַרבן. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים ניט איבערגעשראָקן. ער פלעגט זיך ווענדן צו די דעמבעס, וואָס האָבן אַמאָל גערוישט איבער ריטערס, דערמאָנט זיך אוּלאַנדס פערזן. און פלוצלינג איז ער ווייס געוואָרן פאַר שרעק — אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס שטייט פאַר אים אַ באַנדיט: דאָס איז געווען לייטענאַנט ווערנער. צום גליק, האָט קיינער אין דער פינצטער ניט געזען, וואָס דער מאַיאָר האָט איבערגעלעבט.

אַלץ איז פאַרגעקומען גוואַלדיק שנעל. איז דען לאַנג ווי ער האָט דער־קלערט דעם בירגערמייסטער, אַז די אַליאירטע זיינען געבליבן שטעקן אַפּן נאָרמאַנדישן יאַם־ברעג, און די רויטע פרייען זיך און זיי וועלן בעשום אויפן ניט קומען צוהילף... זיי זיינען קוים אַרויסגעקראָכן פון דער שטאָט. מען האָט דערציילט, אַז אַפּן וועג צווישן מינסק און ראָקאָוו האָט פּאַסירט אַן עמעסע קאַטאַסטראָפע — די רויטע טאַנקען האָבן אומגעבראַכט אַ דייט־טשישע קאָלאָנע... דאָס אַלץ איז אומפאַרשטענדלעך, פלעגט זיך זאָגן שירקע, אָדער צו פאַרשטענדלעך... דער פיורער האָט געלעבט צווישן אַדלערס און ער האָט ניט באַמערקט די מענטשלעכע געמיינהייטן. ער האָט ניט צעטראָטן באַצייטנס די שראַצים, און מענטשן — זיינען מענטשן; קאָלזמאַן דער פיור־רער האָט זיי געפירט פון איין זיג צום צווייטן, האָבן זיי געשריען „הייל“, איצט שווייגן זיי, מאָרגן וועלן זיי זיך אינגאַנצן אָפּטרייסלען. וויפל איז פאַראַן צווישן די, וואָס זיינען מיט מיר, פאַרעטער?

נעכטן האָט דער יעפרייטער געמאָלדן, אַז ער האָט געקעמפט „ווייל מען האָט אים געצוווּנגען“. אויב ער רעדט אַזוי מיט מיר, וואָס־זשע וועט ער דאַבערן ווען ער וועט זיין באַ די רויטע?... ריבענטראָפּ האָט ניט געקענט

מאַכן אַ שפּאַלטונג צווישן אונדזערע סאַנים. אָנגעהויבן האָבן מיר גוט. אָבער דערנאָך... איך ווייס ניט, אין וואָס דער טאָעם ליגט — אין דעם, וואָס מיר האָבן נאָך פֿראַנקרייך ניט פֿאַרענדיקט מיט די ענגלענדער, אָדער אין דעם, וואָס מיר האָבן זיך צעטיילט אויף מיזרעך?... אויך דאָ זיינען מיר באַגאַנגען אַ סאַך נאַרישקייטן; די קאָמענדאַנטן האָבן מער געטראַכט וועגן זייערע באַקוועמלעכקייטן אָדער וועגן פֿעקלעך פֿאַר זייערע פֿאַמיליעס, ווי וועגן פֿאָטערלאַנד. איך וועל שוין ניט דערזען מיין טרוים — דייטשלאַנד רעגירט מיט דער וועלט, דער פֿירער שטייט באַם רודער פֿון דער מענטשהייט.

איין מענטש דאַרף דיקטירן זיין ווילן אַלעמען, אין דעם איז דער זין פֿון דער עפּאָכע — מיר האָבן איבערגעשטראָכן דעם ניינצנטן יאָרהונדערט. דער קייזער האָט זיך געמוזט רעכענען מיט די שטימונגען פֿון עפּעס אַ רייכסטאָג... ניין, מער. ביולעטינען — אָט דאָס איז די אָרעמקייט פֿון גייסט! ווי מען וואָלט געקענט אופֿווייזן מיט אַריטמעטיק אַז וויפֿל געטע שטייט העכער פֿון איינעם וואָס פֿיטערט כאַזיירים! און וויבאַלד עס איז דאָ דער מענטש־פֿירער, דאַרף אויך זיין אַ פֿאָלק־פֿירער. ווער־זשע זאָל פֿירן די מענטשהייט, אויב ניט מיר? אויב אַפֿילע מען וועט אונדז איצט צעקלאַפּן, וועלן מיר עס פֿאַרווירקלעכן — אין צוואַנציק, דרייסיק יאָר אַרום. האַנס וועט עס זען...

אָרעמער יינגעלע, ווו איז ער? אַוואָדע אין נאָרמאַנדיע, דאָרט קומען פֿאַר זייער שווערע שלאַכטן, די אַליאירטע ווילן אונדז צודריקן מיט דער טעכניק... ער איז ניט צוגעגרייט צו אַזעלכע ניסיוינעס, די מאַמע האָט אים צופֿיל געצערטלט. ווי אַזוי אָבער האָט מען אים ניט געקענט צערטלען?... אַלס קינד איז ער געווען ענלעך צו אַ מאַלעכל, אַ געלאָקטער, בלאָע אייגעלעך, אַ נאַזעווער שמייכל.

שירקע האָט הויך אָפּגעזיפֿצט...

ווי לאַנג בלאָנדזשען זיי אין דאָזיקן פֿאַרשאָלטענעם וואַלד? דאַכט זיך, דעם פֿערטן טאָג... עס פּייניקט דער הונגער. זיי האָבן שוין לאַנג אַלץ אופֿגעגעסן וואָס זיי האָבן פֿאַרכאַפּט מיט זיך. איצט עסט מען יאַגדעס. ווען שירקע האָט אין ערשטן טאָג אַראָפּגעריסן שוואַרצע יאַגדעס, האָט ער זיך דערמאָנט, ווי די מאַמע האָט אויסגעבאַקן אַ קוכן מיט שוואַרצע יאַגדעס, און ער האָט אַרויסגעשלעפּט די יאַגדעס, און די מאַמע פֿלעגט זאָגן „באַווייז די צונג”... איצט זיינען אים שוין דערעסן די יאַגדעס, עס ווילט זיך אופֿעסן אַ שטיקל הייס פֿלייש... זיי זיינען איצט סאַכאַקל ניין מאַן, די איבעריקע זיינען אַוועק — פֿאַכדאַנים — אַוועק צו די רויטע. עס זיינען געבליבן לייטענאַנט וואַלטער, פֿעלדפֿעבעל גלעזער און זיבן זעלנער. אָבער אויך אַף זיי איז שווער צו פֿאַרלאָזן זיך; דער פֿעלדפֿעבעל האָט אינדערפֿרי געזאָגט: „בעסער אַרויסקריכן פֿון וואַלד, אויב מיר וועלן זיך אָנשטויסן אַף רוסישע זעלנער, איז עס נאָך אַ האַלבע צאָרע, נאָר ניט אָנטרעפֿן זיך מיט באַנדיטן”... אומזיסט האָט אים שירקע געזאָגט, אַז איין טויט איז ניט שענער פֿון צווייטן, דער פֿעלדפֿעבעל האָט אַקשאָנעסדיק געטיינעט: „בעסער אַרויסגיין צום וועג”... איצט בין איך פֿאַר אים ניט קיין מאַיאָר, נאָר פּונקט אַזאַ בראָדיאַגע ווי ער... האָבן זיך אָנגעהערט וועגן גלייכהייט, און איצט איז דער דאָזיקער שוטע איבערצייגט, אַז זיין פֿעל איז פּונקט אַזוי ווערטפֿול,

ווי דאס לעבן פון פיורער. עס איז געווען גערעכט דיאגנעז, ווען ער האט אינמיטן העלן טאַג געזוכט מיט אַ לאַמטערן דעם מענטש...

זיי זיינען ארויס צום וועג, ניט דערפאר, וואס עס האט געזיגט דעם פעלדפעבעל גלעזערס פאדערונג. זיי זיינען געגאנגען לויטן קאמפאס; שירקע האט געהאט א מאפע; אבער אף דער מאפע איז ניט געווען אנגעגעבן דער וועג, אף וועלכן זיי זיינען ארויס: דעם וועג האבן דורכגעלייגט די פארטיזאנער פאר די רויטע טאנקען.

דערזעענדיק רוסן, האט שירקע באפוילן ליגן זיך און עפענען א פייער. די רוסן האבן גלייך געענטפערט, איין זעלנער געהארגעט. שירקע איז לייכט פארוואונדעט געווארן אין דער לינקער האנט. האט ער געכאפט דעם אויטאמאט פון דערהארגעטן, צוגעגרייט זיך צום קאמף. אבער דא איז פארגעקומען עפעס אומפארשטענדלעכעס — ער האט זיך אליין שפעטער ניט געקענט דערקלערן זיין אופירונג: ווען לייטענאנט וואלטער האט אופגעהויבן די הענט, האט שירקע, ווי א פארקישעפטער, אוועקגעווארפן דעם אויטאמאט און אויך אופגעהויבן די רעכטע האנט.

אפן זאמלפונקט פאר קריגס־געפאנגענע איז שירקע געזעסן אליין, מיט קיינעם ניט גערעדט. דאס פאנעם זיינס האט אויסגעדריקט ליידן. אלע האבן געמיינט, אז די וואונד פארשאפט אים ווייטיקן. אין דער עמעסן אבער, האט ער זיך געגריזשעט: פארוואס האב איך אופגעהויבן די הענט?... ניט שוין־זשע האב איך אין אן אנטשיידנדיקן מאמענט, איך — אן אלטער נאצי, פאראטן דעם פיורער?... אזוי איז ער אפגעזעסן עטלעכע שא, און פלוצלינג איז אים געקומען אפן געדאנק, אז ער דארף לעבן פארן פיורער. אויב מען וועט אונדז צעשלאגן, ווער וועט איבערגעבן די יונגע די געשיכטע פון די גרויסע יארן? איך דארף לעבן, קעדיי צו זאגן האנס קינדער: מיר זיינען געווען אין פאריז, געווען אין רוסלאנד, געווען דארט און וועלן זיין... מען דארף עס איבערגעבן דעם ווייטערדיקן דאר... שירקע האט זיך בארויקט, אפילע לוסטיקער געווארן. ער האט גענומען טראכטן פון עפעס אנדערש: וועט מען היינט געבן צום עסן? די רוסן זיינען ווילדע, קיין גוטס קען מען פון זיי ניט דערווארטן... זיין מוירע האט זיך ניט בארעכטיקט: מען האט זיי געגעבן ברויט מיט קאנסערוון. ער האט געשלונגען דאס עסן און געשמייכלט.

נאכדעם האט מען אים אוועקגעפירט באנדאזשירן. עס האט אים באנדאזשירט א יונגער דאקטאר. דערביי איז געזעסן נאך א דאקטאר, פון א יאר פופציק; ער האט נייגעריק באטראכט שירקען. דער דאזיקער עלטערער דאקטאר האט גערעדט דייטש, דאס האט דערפרייט און אנטוישט שירקען: געווים אן אויסשפירער מיט שליפעס פון א דאקטאר...

געווען איז דאס דמיטרי אלעקסייעוויטש קרילאוו, וואס איז געקומען פון איוואניעץ נאך מעדיקאמענטן — מען האט אים דערציילט, אז די דייטשן האבן איבערגעלאזט פיר קאסטנס.

— נו, ווי אזוי פילט איר זיך אין געפאנגענשאפט? — האט קרילאוו געפרעגט דעם מאיאר. — איר האט זיך איבערצייגט, אז מיר מאכן ניט פון אייך קיין קאטלעטן? ווען ניט, שלעפט איר זיך ארום איבער די וועלדער.

אַז אַ טאַלק — איז אייך שלעכט און מיר זיינען אומרויִק — אונדז איז שוין צייט אריין קיין דייטשלאַנד, און דאַ ניי פאַרנעם זיך מיט אויסכאַפּן אַזאַ סכווירע...

קרילאָוו האָט עס געזאָגט וואָרטשענדיק, אָבער גוטמוטיק; מעכאַבעד געווען דעם מאַיאָר מיט אַ פּאַפּיראָס. שירקע האָט זיך אָפּגעזאָגט, האָגאָם אים האָט זיך זייער געוואָלט רויכערן — אייערנעכטן האָט ער אויסגערויכערט דעם לעצטן סיגאַרעט; אים האָט געעקלט צו נעמען עפּעס פון סוינע. ער האָט געענטפערט:

— מיר זיינען זעלנער און מיר דערפילן אונדזער כויוו. אויב דאָס פאַרהאַלט אייך אַפילע אַף איין שאָ, הייסט דאָס, אַז אונדזער אופירונג איז אַ באַרעכטיקטע. איר וואַרפט דאָך ניט פאָר די רוסישע אָפיצירן, וואָס זיינען אריינגעפאַלן אין אַן ארומרינגלונג מיט דריי יאָר צוריק און האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן, נאָר אויך געוואַנדערט איבער וועלדער?...

קרילאָוו האָט אויסגערופן:

— אינטערעסאַנט!... דאַכט זיך, אַז עפּעס באַגרייפט איר. ווייל ביז איצט האָב איך פון די אייעריקע געזען נאָר לאַשעקעס... ס'איז אינטערעסאַנט צו כאַפּן אַ שמועס מיט אַ קלוגן פאַשיסט... נו גוט, אָבער אונדזערע זיינען דאָך געגאַנגען אַף זייער ערד, און איר זייט דאָ אין אַ געוויסער מאָס צו גאַסט, דערביי האָט אייך קיינער ניט גערופן. דאָס איז אַן אַנדער מוזיק...

— און ווען אייערע זעלנער וואָלטן אריינגעפאַלן אין אַן ארומרינגלונג אין דייטשלאַנד, וואָלטן זיי באַדאַרפט, לויט אייער מיינונג, אונטערגעבן זיך?...

— ניין... און איר האָט זיך, אַגעוו אונטערגעגעבן...

— איך בין געווען פאַרוואונדעט...

— דאָס לאָזט אָפּ, איך בין דאָך אַ דאָקטאָר... מיט אַזאַ וווּנד האָט איר געקענט האַרגענען סיי אַנדערע און סיי זיך. און איר האָט זיך ניט דערשאָסן...

שירקע האָט פאַרשוויגן: ווי אַזוי האָט ער געקענט דערקלערן דעם דאָזיקן באַלשעוויק, אַז זיין כויוו איז צו לעבן און אונטערהאַלטן אין אַנדערע דעם פיורערס פייער?...

קרילאָוו האָט געזאָגט:

— גוט, לאָמיר עס לאָזן, איר האָט זיך אונטערגעגעבן און אונטערגעגעבן, איז נאָך בעסער... נאָר דערקלערט מיר, אויב איר זייט בעעמעס ניט קיין לאַשעק, אין וואָס ליגט דער סייכל פון אייער גאַנצער אונטערנעמונג? איך האָב עס הונדערט מאָל געפרעגט און קיינמאָל ניט געהערט קיין פאַרנונפטיקן ענטפער.

— מיר איז עס אייך שווער צו דערקלערן, ווייל איר זייט געוויס אָנגעשטעקט מיט מאַטעריאַליזם... דאָך וועל איך זיך באַמיען, קעדיי איר זאָלט ניט מיינען, אַז איך דריי זיך קליינמוטיק ארום פון אַ טשוווע. אָפּן עלטסטן אין דער מישפּאָכע לייגן זיך באַשטימטע פליכטן. ער דאַרף דערציען די יינגערע. ווען אַ פאָטער באַשטראָפט אַ קינד, איז נאַריש צו ריידן וועגן

גוואַלדטאַט, און דעם זון, וואָס פאַרוועדט זיין פּאַטער, אַ זאַקן, צו טרינקען וויין, וועט קיינער ניט אָנרופן באַצווינגער.

— ווער־זשע איז לויט אייער מיינונג די קינדער און דער צעבראָכע־נער טאַטע?

— די צעבראָכענע, אַלטיטשקע מיטגלידער פון דער אייראָפּעישער מיש־פּאָכע, דאָס זיינען די פראַנצויזן און ענגלענדער. איך האָב לאַנג געלעבט אין פראַנקרייך, איך בין גרייט צו אָנערקענען אַ סאַך פראַנצויזישע אייגנשאַפטן, זיי זיינען אָבער קראַנק מיט זיקנע־סקלעראָז. מיר האָבן זיי באַצייטנס אָפּ־געראַטעוועט פון געפערלעכע גלוסטונגען... און די קינדער... זייט מיר מויכל, די קינדער דאָס זייט איר.

— זייער אינטערעסאַנט, אויסערגעוויינלעך נאַריש, אָבער אינטערע־סאַנט. און איר, הייסט עס, זייט דער הויזבאַזיצער מיט אַ נאַכגעמאַכטן שליסל אין קעשענע?

— מיר זיינען אַ פאָלק אַף דער שטופּע פון פולער רייפקייט. די דייטשן האָבן אַ מיסיע, וועגן דעם האָבן נאָך געשריבן העגעל און פיכטע. מיר דאַרפן געבן אייראָפּע אַ נייע אָרדענונג, באַפּעסטיקט אַף דער אָנערקענונג פון איראַציאָנעלן. אויב דאָס וועט ניט געלינגען, וועט אייראָפּע פאַרוואַנדלט ווערן פון איין זייט אין אַ קינדערהויז און פון דער צווייטער —אין אַ מוי־שעוו זקיינים... מיר זיינען געקומען ווי קולטור־טרעגער...

— אָט דאָס איז עס — האָט געדונערט קרילאָוו. — איך בין נעכטן פאַרפאָרן אין טראָסטיאַנעץ, איר האָט דאָרט דערשטיקט הונדערט טויזנט מענטשן, דערפונדן גאַז־וואַגאָנעס — קלאָר, אַז קולטור־טרעגער... הייסט עס, אַז איר זייט, ווי מען רופט עס, אַן עמעסער?...

שירקע האָט אַ ציטער געטאָן, אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן אַף קרילאָוון. אוואַדע, פון ענקאַווועדע...

— איך האָב קיינמאָל ניט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי. איך האָב אייך אַרויסגעזאָגט ניט מיין שטאַנדפּונקט, נאָר דעם נאַציזשן — איר האָט אַליין געבעטן... וואָס אָנבאַלאַנגט מיך, בין איך ניט קיין יונגער מאַן, דערצויגן געוואָרן אַף מעסיקע ליבעראַלע אידייען...

איצט האָט אים שוין גאָרניט געשטערט צום פאַרויכערן. עס איז פּאַר אים געלעגן קרילאָווס אָפענער פּאַפּיראָסן־פאַרטסיגאַר. שירקע האָט געזאָגט „איר דער־לויבט!" און פאַרצויגן זיך אייליק.

— שיקט אים אָפּ, — האָט געזאָגט קרילאָוו צום יונגן דאָקטאָר. — איך האָב גענומען ריידן, געמיינט — ניט קיין לאַשעק. ווייסט איר אָבער ווער ער איז? אַ ביטרער... אַלע זיינען זיי ביטרע, די, וואָס זיינען פּראָסטער, שרייען „קאַפּוט", און דער דאָזיקער — „מעסיק ליבעראַלע אידייען". רעאַק־ציאָנער... שירקען האָט מען אַוועקגעפירט. קרילאָוו האָט איצט גערעדט מיטן יונגן דאָקטאָר:

— איר האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט פאַרהערלעכט? „איראַציאָ־נאַלע האַסבאַלע..." מעטאַפיזיק פּליוס דאָס, וואָס עס וויל זיין לינקער פוס. אַ שרעקלעכע זאַך האָבן זיי פאַרטראַכט — זיי ווילן אָפּגרענעצן די וועלט פונעם ליכט. ווייסט איר, פאַרוואָס מיר מיימעסן זיי? מען זאָגט, דערפאַר,

ווייל מיר האָבן מער טעכניק. קלאָר. אָבער פונוואַנען האָבן מיר גענומען די דאָזיקע טעכניק? איך האָב אַ ברודער אַן אינזשעניער, ער אַרבעט אויפן אוראַל, האָט ער מיר געשריבן — ס'איז מוירעדיק שווער, מענטשן פאַלן פון די פיס, און דאָך אַרבעטן זיי. דאָס איז באַ זיי אין קאָפּ... מיט אונדזער דיוויזיע פירט איצט אַן גענעראַל אַבליעוכאָוו. האָט ער אַלס יינגל, זייט מיר מויכל, געפּאַשעט גענדז. איך בין געקומען צופאָרן צו אים — דאָס איז געוועזן פאַר דער אָפּענסיווע, זיצט ער מיט אַ ביכל, איך גיב אַ קוק — „פּאוסט". אָט פאַר וואָס מיר שלאָגן זיי... די סאָוועטישע אָרדענונג איז ניט דאָס, וואָס מ'האָט איבערגעביטן אַ שילד, די מענטשן זיינען באַ אונדז אַנדערע, איר פאַרשטייט?

שירקע האָט דערוואָרט, אַז נאָך דעם צו אָפּנהאַרציקן שמועס מיטן פּאַרדעכטיקן דאָקטאָר וועט מען אים דערשיסן. ער איז ניט געשלאָפן באַנאַכט: געטראַכט פון דער אייביקייט, וועגן פיורער, פון האַנסן. אינדערפרי האָט דער דאָקטאָר באַטראַכט זיין ווונד און גוטמוטיק צעשמייכלט זיך; נאָכדעם האָט מען געבראַכט פרישטיק. שירקע האָט זיך באַרויִקט און גענמען פאָדערן, מען זאָל אים אָפּראַזירן — אַ כאַזעריי, שוין מער פון אַ וואָך ניט ראַזירט זיך, אַ מאַיאָר, און ענלעך צו אַ בראָדיאַגע!...

ער האָט זיך פאַרטראַכט. מ'זאָגט, אַז די רויטע זיינען לעבן ווילנע. מעגלעך, אַז מיר זאָלן פאַרשפּילן די דאָזיקע מילכאָמע... אַלץ איינס — האַנס וועט זען דאָס, פון וואָס איך האָב געטרוימט. מיר זיינען געוועזן אויף קאַווקאַז און מיר וועלן אַהין צוריקומען... אומזיסט האָב איך זיך נעכטן צעלאָזט אַזוי אָפּנהאַרציק — מען דאַרף זיין קלוג, ווי אַ שלאַנג, עס וועט אויסקומען צו שווייגן אַ יאָר, פינף יאָר. און דערנאָך וועל איך אָנהויבן אַלץ פון אָנהויב...

ס'איז געקומען אַ געפּאַנגענער אַרטילעריע־קאַפּיטאַן. זיי האָבן גענומען באַהאַנדלען, וווּהין מען וועט זיי שיקן, נאָכדעם האָבן זיי גערעדט דערפון, וואָס די רוסן האָבן גוטע קאָנסערוון, דער קאַפּיטאַן איז געווען אומצופרידן מיטן דאָקטאָר... שירקע האָט פּלוצלינג דערפילט, אַז דער מיטיק, וואָס מען דאַרף באַלד געבן, אינטערעסירט אים אַ סאַך מער, ווי דער גורל פון ווילנע. הייסט עס, אַז אויך ער וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פּאַשעטן געפאַנגענעם, אין אַ טעמפּן נישטיקן מענטשעלע? ניין, ער דאַרף טראַכטן וועגן אַ גרויס דייטשלאַנד!...

באַם טויער איז געשטאַנען אַ וואַך־זעלנער, אַ בלאָנדער פריילעכער יאַט. ער האָט געשמייכלט, עפּשער דערפאַר, וואָס עס איז ניט וויט צו דייטשלאַנד, הייסט עס, אַז עס וועט זיך גיך ענדיקן די מילכאָמע, עפּשער דערפאַר, וואָס עס איז געווען אַ העלער זילבערנער פרימאָרגן. שירקע האָט אים אָנגעקוקט בייז: אַזאַ איינער האָט, מיסטאָמע, אַ ווייב אָדער אַ קאַלע, טראַכט וועגן אַ פרוי, אַ פויער, אָדער ווי זיי זאָגן דאָ, אַ קאָלכאָזניק... איך האָב געקענט איבערכיטרעווען בערטין, מיט ניוועלן האָב איך זיך געשפּילט, ווי מיט אַ פּאַפּוגיי... און דער שטייט און לאַכט — פרייט זיך, וואָס ער האָט מיך געכאַפּט... קען דען אַזאַ איינער פאַרשטיין, וואָס דאָס הייסט לעבן אויף יענער זייט פון גוטס און שלעכטס?

# IV

האָגאָם סערגיי פּלעגט זיך באַקלאָגן, אַז די סאַפּיאָרן האָבן מער ניט וואָס צו טאָן — די דייטשן באַווייזן ניט, אָפּטרעטנדיק, אויפצורייסן די בריקן — איז ער געווען פריילעך; די האַסטיקייט פון אָנגריף האָט אים באַגייסטערט; די מילכאָמע האָט איצט געשטימט מיט זיין כאַראַקטער.

ער איז געזעסן אין כאַטע און געלייענט אַ צייטונג. טאַניאַ האָט ביגנייווע אָנגעקוואָלן פון אים. אַפילע אין מיליטערישן אוניפאָרם האָט זיך סערגיי אויסגעטיילט פון די אַנדערע: די ראַשיקייט פון באַוועגונגען, דאָס פייער פון די צאַרטע און ווי צעשטרייטע אויגן, אַן אופלאַמענדיקער און גלייך זיך לעשנדיקער, דאָס אומדערוואַרטעטע שמייכלען, דאָס אַלץ פּלעגט ציען די אופמערקזאַמקייט צו אים. טאַניאַ איז געקומען אינדערפרי פון פּאַרטיזאַנען־אָטריאַד, קעדיי איינצושטעלן אַ פאַרבינדונג מיט די אַוואַנסירנדיקע אַרמיי־טיילן און, האָגאָם זי האָט אָפּגעקעמפט צוויי יאָר אין געדיכטע וועלדער, ווו די מילכאָמע איז פול געווען מיט איבעראַשונגען, האָט זיך איר דער מאַיאָר, וואָס האָט געלייענט די צייטונג, אויסגעוויזן אומגעווינלעך. פאַר דער מילכאָמע האָט זי שטודירט אין מינסק ליטעראַטור און, באַמיענדיק זיך צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער מאַיאָר געפעלט איר אַזוי, האָט זי ווי אַ שילערן געענטפערט זיך: אין אים איז אַ סאַך סאָוועטישע ראָמאַנטיק...

סערגיי האָט געוואָרט אָפן פאַרבינדונגס־אָפיציר פּליעשטשייעוו. מען האָט באַשלאָסן אָנצושליסן דעם סאַפּיאָרן־באַטאַליאָן צו דער דיוויזיע, וואָס איז געגאַנגען אָף ווילניוס. סערגיי האָט אַ טראַכט געטאָן: מיר מאַרשירן און אַלץ פון דאָרעם אָף צאָפן, געטראַכט פון דער ווייסל, און עס שטייט, ווייזט אויס, פאַר דער ניעמאָן. נאָך בעסער — נעענטער צו דער נאַרע... וווּ־זשע איז פּליעשטשייעוו?...

ער איז אַרויס אָף דער גאַס און האָט זיך פאַרכידעשט פאַרזשמורעט: וואָס איז דאָס פאַר אַ טעאַטער?... דער האַרבער מיליטערישער וועג, איבער וועלכן עס האָבן זיך טאָג און נאַכט באַוועגט קאָלאָנעס, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאַריזער גאַס. איבערן וועג זיינען געגאַנגען אויסלענדער, פריילעכע, טומלדיקע; עס איז געווען צווישן זיי עטלעכע מיידלעך; איינער אַ הויכער אין אַ בערעט האָט געקייט אַ פוטערברויט, דער צווייטער האָט גייענדיק עפּעס נאָטירט. דאָס זיינען געווען ענגלישע און אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן, דערזעענדיק אַ רוסישן מאַיאָר, האָט דער הויכער אין בערעט געזאָגט אָף רוסיש:

— איך גראַטוליר מיטן גלענצנדיקן זיג.

ער פּלעגט דאָס איבערכאַזערן אַלע רוסן, וואָס ער פּלעגט אָנטרעפן: ער איז בעעמעס געווען איבעראַשט פונעם אָפענסיווע־בילד, און ער האָט אויך ניט פאַרגעסן וועגן דער אַרבעט — מען דאַרף אָנשרייבן וויניקסטנס פינף אַרטיקלען, און אַ שמועס אָף אַ וועג — דאָס זיינען עטלעכע זאַפטיקע שטריכן... ער איז געווען אַן ענגלענדער און אין קענגזאַץ צו דער מערהייט פון זיינע מיטבירגער האָט ער גערעדט הויך, זשעסטיקולירט, ווי אַ דאָרעמ־

דיקער. ער האָט גענומען דערציילן סערגייען, ווי אַזוי ער האָט געפאַנגען צוויי דייטשן:

— זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פעלד לעבן סאַמע וועג — מוירע געהאַט אַרויסצוגיין צו די אייעריקע. מעגלעך, אַז זיי האָבן דערהערט ווי מיר ריידן ענגליש, אָדער דערקענט לויטן אויסזען, אַז מיר זיינען ניט קיין ריסן, אָבער זיי זיינען אויפגעשפרונגען, אויפגעהויבן די הענט, גענומען שרייען: „מיר גיבן זיך אונטער!"

סערגיי האָט זיך צעלאַכט:

— נאַראָנים... אונדזערע וואָלטן זיי ניט אָנגערירט. אין קאַמף איז עפּעס אַנדערש, אין קאַמף איז אונדזער זעלנער אַ בייזער. אָבער אין אַ שאַ אַרום... אַט רעדט איר רוסיש, איר זייט געווים לאַנג אין רוסלאַנד, האָט איר אַליין באַמערקט, ווער אונדזערע מענטשן זיינען. איך וועל אייך דערציילן, וואָס דאָ האָט נעכטן פּאַסירט. די דייטשן האָבן זיך באַזעצט אין יענעם וועלדל אויף רעכטס — איר זעט?... זיי האָבן געוואָלט איבערהאַקן דעם וועג, מיר האָבן זיי פאַרגעלייגט אונטערגעבן זיך, האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן, דערהאַרגעט צוויי סאַפּיאָרן מיינע. מיר האָבן זיי פאַרניכטעט, אַ צענדליק גענומען געפאַנגען. איך פרעג אויס איינעם, און די זעלנער טומלען: „וואָס איז דאָ צו ריידן מיט זיי? פריער האָבן זיי זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן... דערהאַרגעט זאַבאַרטשענקאָן און שוסטאָוון, אויסוואַרפן"... איך פרעג דעם דייטש: „פאַרוואָס האָט איר זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן?" שווייגט ער, זאָג איך: „ניט שווין־זשע טראַכט איר נאָך, אַז דייטשלאַנד וועט זיגן?" ענטפערט ער: „איך קען פון גאָרניט טראַכטן — מיר ווילט זיך טרינקען"... נעכטן איז געווען זייער היים — פאַר אַ געוויטער... האָב איך באַפוילן, מען זאָל אים געבן אָנטרינקען זיך. מען האָט געבראַכט וואַסער, גיט ער אַ קוק און זאָגט: „ס'איז אַ שמוציקע קענדל". ער האָט גענומען אָפּשווענקען די ראַנדן, פאַרגאָסן אַ האַלבע קענדל, נאָכדעם אויסגעטרונקען און באַקרימט זיך: „וואַרעמע וואַסער". איך געדענק, ווי מיר זיינען אין צוויי און פערציקסטן יאָר געגאַנגען איבערן סטעפּ, וואָלט איך זיך דאַן, דאַכט זיך, פון אַ בלאָטע אָנגעטרונקען... ריידנדיק אָפן, עקלט מיך פון אַזאַ דייטש. און די סאַפּיאָרן זאָגן: „באַוועג מאַיאָר, זיי זיינען געווים הונגעריק, דערלויבט אונדז אָנהאָדעווען זיי"... איך האָב עס אייך דערציילט, קעדיי איר זאָלט בעסער פאַרשטיין אונדזער זעלנער...

דער ענגלענדער אין בערעט האָט אייליק נאָטירט.

אַנדערע האָבן זיך דענערווירט, געפאָדערט פון אַ מיידל: „זעצט איבער וואָרט אין וואָרט", זי האָט ניט באַוויזן דאָס צו טאָן. ווען סערגיי איז אַנטשווינגן געוואָרן, האָט זיך דער קליינער, דיקער אַמעריקאַנער הויך צעלאַכט, בלאַנקענדיק מיט די גאָלדענע ציין, און נאָכדעם געווענדט זיך צו דער איבערזעצערן:

— זאָגט דעם הער מאַיאָר...

— איר רעדט עפּשער פראַנצויזיש? — האָט אים געפרעגט סערגיי.

— אָ, יאָ, אַביסל רייד איך. און איר קענט פראַנצויזיש? אָ, זייט איר היסט עס, אַ געבילדעטער מענטש!... פון אייער דערציילונג דרינגט אַרויס,

אַז איר זייט גרייט אופצושטעלן נאָך דער מילכאָמע אַ שטאַרקע דייטשלאַנד.

סערגיי האָט נעצוקט מיט די אַקסלען.

— מען האָט אייך, געוויס, שלעכט איבערגעזעצט. איך האָב דערציילט, ווי אַזוי מיינע סאַפּיאָרן האָבן ראַכמאָנעס געקראָגן אָף די געפאַנגענע, און מער גאָרניט...

— דאָס איז זייער אינטערעסאַנט פאַר די יעניקע פון מיינע קאָלעגן, וואָס גיבן מאָלערישע מילכאָמע־בילדער, אָבער איך פּערזענלעך שיק קאָ־רעספּאָנדענצן פון אַ מער ערנסטן כאַראַקטער. מיך אינטערעסירט די פּאָלי־טישע זייט פון אייער דערציילונג, און דאָ וועל איך מאַכן אַ גאַנץ לאָגישן אויספיר, אַז ראָטנפאַרבאַנד איז גרייט, שטיצנדיק זיך אָף יענע געפאַנגענע, וואָס איר גיט זיי עסן, אופצושטעלן אַ שטאַרקע דייטשלאַנד.

— איך מיין, אַז מיר האָבן מער סיבעס צו האָסן די דייטשן, ווי די אַמעריקאַנער האָבן דאָס. איר האָט, געוויס, באַמערקט, אַז פון גזשאַטסק ביז מינסק איז ניט פאַרבליבן קיין איין גאַנצע הויז. און ניט נאָר וועגן די הייזער האַנדלט זיך דאָ... אין מיין באַטאַליאָן איז דאָ אַ סערזשאַנט — אַ ווייסרוס. זיינען מיר געקומען אין זיין דאָרף, וואָס הייסט וואָלקאָווי. איז דער דאָרף ניטאָ — ווילדגראָז, אַ קייוועך, די דייטשן האָבן אַלעמען אויס־געהאַרגעט, איר פאַרשטייט, אַלעמען, אַפילע די זויגקינדער. זיי האָבן דער־האַרגעט דעם סערזשאַנטס פרוי, די מאַמען — אַ זקיינע, דריי טעכטערלעך. דאָ האָט איר אונדזער כעזשבן... און דער זעלנער קאַצעל האָט מיר נעבטן געזאָגט: „עס איז אומגעקומען מיין דאָר, די שראַצים האָבן פאַרפּייניקט אַכט און צוואַנציק מאַן, איך אַליין בין פאַרבליבן”...

— זייער פאַרביקע איינצלהייטן, — האָט געזאָגט דער דיקער מיט די גאָלדענע ציין, — אָבער מיך אינטערעסירט די פּאָליטישע זייט. ווי אַזוי זאָל ביכלאַל זיין מיט די דייטשן?

— דייטשלאַנד וועלן מיר צעקלאַפּן, דאָס איז אָן צווייפל. מיר וואָלטן זי צעקלאַפּט אויך אָן אייך, מיט אייך, האָף איך, וועט עס צוגיין שנעלער. אַגעוו גראַטוליר איך אייך מיט שערבורג, זייער אַנגענעם וואָס איר זייט גע־קומען צופאָרן, ווען מען קען אייך, ענדלעך, מיט עפּעס גראַטולירן. הייסט עס...

אים האָט איבערגעשלאָגן אַז אַמעריקאַנער אין שוואַרצע ברילן, וואָס האָט די גאַנצע צייט געקייט אַ גומקע און טעמפּ באַטראַכט סערגייען: ער האָט געזאָגט דער מיידל:

— איך קען ניט פראַנצויזיש... אַזוי אַרום איבערזעצט... מיך אינטע־רעסירט, צי וויים דער דאָזיקער מאַיאָר, אַז אַמעריקע האָט זיי געהאָלפן פונעם סאַמע אָנהויב? ער האָט אונדז אויך געקענט פריער גראַטולירן — די רוסישע זיגן זיינען אָף אַ העלפט אונדזערע.

סערגיי איז בייז געוואָרן:

— איך וויים, אַז מען האָט געהאָלפן. איך האָב געגעסן אייער גע־דעמפּט פלייש, געפאָרן אָף אייער פעלד־טעלעפאָן. אַט גייען אייערע „סטוּ־דעבעקערס”, גוטע מאַשינעס, מיר זיינען אייך זייער דאַנקבאַר. אָבער איך פאַרמאָגט מער טעכניק ווי באַשיידנקייט. מיינט איר דען, אַז מען קען אָף

איין וואָגשאָל אָוועקלייגן אַ שטיק פלייש, און אַף דער צווייטער — טייבן מענטשלעך בלוט? יאָ, איר האָט אונדז געשיקט „סטודעבעקערס”. מיר ווייסן עס. איך בין אָבער געווען אין סטאַלינגראַד, און איך ווייס, אַז מיר האָבן אייך געראַטעוועט!

דער אַמעריקאַנער מיט די גאָלדענע ציין האָט אומגעדולדיק געוואַרט, אַז סערגיי זאָל שוין ענדיקן:

— זייער אַן עפעקטפולער סאָף פון אַן אַרטיקל... אָבער איר האָט מיר ניט געענטפערט אַף דער גרונט־פראַגע — וואָס זאָל מען טאָן מיט די דייטשן?

— דייטשלאַנד וועלן מיר צעקלאַפּן, די פאַרברעכער באַשטראָפן, און דייטשן וועלן דאָך פאַרבלייבן. איך בין אַ מיליטערישער אינזשעניער, ניט קיין דיפּלאָמאַט און ניט קיין פּעדאַגאָג. עס וועט אויסקומען איבערדערציען די דייטשן, באַהעפטן זיי צום וויסן, צום עמעסן פּראָגרעס, צו די יעסוידעס פון מאָראַל...

דער אַמעריקאַנער אין די שוואַרצע ברילן האָט אָנגעכאַפּט די איבער־זעצערן פאַר דער האַנט:

— איבערזעצט אים... איך בין מיט אים אַבסאָלוט מאַסקים — דייטש־לאַנד מוז מען איבערלאָזן. איך בין געווען פיר יאָר קאָרעספּאָנדענט אין בערלין, איך קען גוט די דייטשן. דייטשלאַנד איז דאָס לאַנד פון דער מיי־רעוודיקער קריסטלעכער ציוויליזאַציע. קיינער בא אונדז וויל זיך ניט אַריינ־מישן אין די אינערלעכע איניאַנים פון רוסלאַנד, אָבער זאָגט אים, אַז אַסאַך אַמעריקאַנער זיינען באַזאָרגט — צי די רוסן קלייבן זיך ניט איינצושטעלן אין דייטשלאַנד זייערע אָרדענונגען? איך זאָג עס, ווי אַ פּריינט, מיר זיינען דאָך פאַרבינדעטע, דעם קאָרעספּאָנדענטס כוויוו איז אָפּצוּווישן אומקלאָר־קייטן. פרעגט נאָר דעם דאָזיקן אָפיציר, וואָס טראַכטן זיי צו טאָן אין דייטשלאַנד?

— וואָס מיר קלייבן זיך צו טאָן אין דייטשלאַנד? פריער פון אַלץ נע־מען בערלין און אופהענגען די פאַשיסטן. איך האָב נאָר מוירע, אַז דער הער קאָרעספּאָנדענט וועט אונדז ניט דערלויבן אַריינגיין קיין דייטשלאַנד אָן אַן אַמעריקאַנער וויזע...

די קאָרעספּאָנדענטן האָבן זיך צעלאַכט, אָנגעהויבן פאַרצולייגן סיגאַ־רעטן, שאָקאָלאַד. איינער איז צוגעקומען צו סערגייען און שטיל געזאָגט אַף אַן אייגנאַרטיקער שפּראַך, צוזאַמענגעשטעלט פון פראַנצויזישע, רוסישע און ענגלישע ווערטער:

— איר פאַרמאָגט אַמעריקאַנער הומאָר. אונדזערע לייענער שאַצן דאָס זייער אָפּ. וואָלט איר מיר פערזענלעך ניט געקענט זאָגן עפּעס אַזאַ „שאַרפּ־זיניקע” זאַך? ווען ניט וועט „יונייטעד פרעס” איבערגעבן שנעלער פון מיר...

סערגיי איז געזעסן פאַרכוישעכט. ווען באָס שמועס מיט די זשורנאַ־ליסטן וואָלט, עפּשער, בייגעוווען פלעשטשייעוו אָדער אַן אַנדער אָפיציר, וואָס זעט צום ערשטן מאָל אויסלענדער, וואָלט ער ניט צוגעגעבן קיין באַ־דייטונג די ווערטער פון אַ מענטשן אין שוואַרצע ברילן, ער וואָלט זיך גע־טראַכט: צו וואָס שיקט מען אַזעלכע טיפּשים?... אָבער סערגיי האָט געדענקט

דעם פארמילכאמעדיקן פאריז, די רישעס פון העפלעכן גיוועל, רואס וואנ־צעלער, לאנסיעס נישטיקייט, די גיריקייט און בלינדקייט פון די מענטשן, מיט וועלכע ער פלעגט זיך צוזאמענשטויסן אין די געשעפטס־קאבינעטן אדער אין די סאלאנען. ווער ווייס, וואס מיט זיי איז איצט? עפשער כאנפענען זיי? און עפשער, האבן זיי די דייטשן אזוי צוגעדריקט, אז זיי אפלאדירן אונדז?... בעט מיר א גראשן פאר זייער היספּילעס! דער דאזיקער אין די שווארצע ברילן האט אויך גראטולירט מיטן זיג, און געקוקט האט ער אף מיר, ווי א פריץ, וועלכן מען האט ארויסגעשלעפט פון וואלד. זיי האבן אונדז ניט ליב, דאס איז קלאר. זיי וועלן אונדז ניט מויכל זיין אונדזערע זיגן...

סערגיי האט צום ערשטן מאל פארשטאנען, אז די וועלט וועט ניט זיין א הימל־בלויע און א שטילע, ווי זי האט זיך אים פארגעשטעלט אין סטאַלינגראד. ער האט אריינגעקוקט אין דער צוקונפט, און די אויגן זיינע זיינען פארטונקלט געווארן, געווארן הארב.

טאניא האט ניט געהערט דעם שמועס מיט די אויסלענדער. זי האט איצט א קוק געטאן אף סערגייען: ווייזט זיך ארויס, ער איז א בייזער... זי איז שטיל אוועק אין שכיינעסדיקן הויז צו די פארבינדלער.

— איר האט גערוט, כאווער מאיאר? — האט געפרעגט פלעשטשייעוו.

סערגיי האט אופגעציטערט, ווי ער וואלט אף אן עמעס געדרעמלט. מען האט זיך דורכגעשמועסט וועגן זייערע איניאנים. פלעשטשייעוו האט געוואלט אוועקפארן.

— נעכטיקט בעסער איבער דא, — האט געזאגט סערגיי, — באנאכט באלעווען זיי אביסל, די וואנדרער...

פלעשטשייעוו האט געפונען אין כאטע אן אלטן שול־העפט מיט גליי־כונגען און ער האט אנגעקוואלן — פאר דער מילכאמע איז ער געווען א לע־רער אין קיראוו. ער האט זיך אריינגעטאן אין העפט, ווי פאר אים וואלט געלעגן א בוך מיט הערלעכע אילוסטראציעס.

— עס וועט זיך ענדיקן די מילכאמע, וועט מען ווידער פייניקן די קינדער...

ער האט לאנג דערציילט, וואס פאר א גלענצנדע ארבעט ער האט, און פלוצלינג באמערקט, אז סערגיי הערט אים ניט.

— עפשער ווילט איר שלאפן, כאווער מאיאר? — האט געפרעגט פלע־שטשייעוו.

— ניין, וואס פעלט אייך איין... יא, דאס איז זייער גוט, לערנען. מיין מאמע פארנעמט זיך דערמיט. און מען וועט באדארפן א סאך שולן, א סאך זייער א סאך ביכער, און ציגל, און בריקן, און טראקטארס, מער ווי פריער — מיר זיינען איצט ניט יענע, און פריינט וועלן מיר האבן מער ווי סאנים. וויבאלד עס איז א סאך געגעבן געווארן, וועט מען אויך א סאך מאנען...

— און איר, כאווער מאיאר, וואס קלייבט איר זיך טאן נאך דער מילכאמע?

סערגיי האט ניט געענטפערט. ער איז געשטאנען באם קליינעם פענצ־טערל. איבערן וועג זיינען אליין געגאנגען קאלאנעס. ענדלעך האט ער געזאגט:

— איר זייט געריבט — צייט שלאפן גיין.

V

שטארק אופגעבראכט, האט דער דייטשישער מאיאר שילטעס געזאגט: „איך קען פירן אונטערהאנדלונגען מיט פארשטייער פון א רעגולערער אר־מיי, אבער ניט מיט באנדיטן...” אין צוויי שא ארום איז ער געשטאנען אויסגעצויגן פאר וואסיאן און ראפארטירט:

— הער נאטשאלניס, איך האב זיך שטענדיק באצויגן מיט רעספעקט צו די רוסן, וואס האבן געקעמפט קעגן אונדז, אפילו אויב זיי זיינען גע־ווען... — ער האט זיך פארהאקט — שיר ניט געזאגט „באנדיטן”, נאר באפנדיק זיך באצייטנס, האט ער נאך שארפער באטאנט: — אפילו אויב זיי זיינען געווען אין ציווילע קליידער.

וואסיא האט א קוק געטאן אפן גרא־ראזן פאנעם פון מאיאר, וואס איז געווען צעאקערט מיט שווארצע בערגלעך, ווי די פעל פון אן אפגעפליקטן פויגל, אף זיינע ארויסגעשטארצטע אומבאוועגלעכע אויגן, און האט זיך אפגעקערט. ער פלעגט פריער אפט טראכטן, ווי אכזאריעסדיק די דאזיקע מענטשן זיינען, איצט האט ער דערפילט, אז זיי זיינען נאך דערצו אויסער־געוויינלעך לאנגווייליק. און דער טאג איז געווען א צו פריילעכער, מען זאל טראכטן וועגן די פריצן. וואסיא האט געקוקט אף די גרופעס פארטיזאנען, אף די קרוינען פון דיביימער, אפן הימל, וואס איז געווען ארומגעזוימט מיט בלעטער, וואס האט אויסגעזען באזונדערס בלא.

ער איז געפארן פארויס, אף מאיאר שילטעס ברוינעם פערד. פון הינטן האט מען אויסגעשטעלט די געפאנגענע. וואסיא האט א שמייכל געטאן: זיי זיינען, דאכט זיך, טאפלט מער, ווי אונדזערע...

פראשטשײַטיע פאלאטקעס און ערדשטיבלעך! פראשטשײַטיע, קווארים פון פריינט! פראשטשײַטיע, בעריאזעס, יאלקעס, שטעכל־ביימער! פראש־טשײַטיע בעריאזעס, וואלד־געדיכטעניש! דריי יאר האב איך געלעבט מיט אייך... ווען די דייטשן זיינען געשטאנען אין די זומער־פלעצער לעבן מאסקווע, ווען זיי זיינען דערגאנגען ביז קאווקאז, ווען זיי פלעגן אין מינסק פארכאפן שטיקער ערד און אונטערשרייבן קאנטראקטן אף צוואנציק יאר, איז דא, אין די וועלדער, געווען א שטיקל כאוועטישע ערד...

פון אלע זייטן האבן זיך געצויגן צו דער באפרייטער שטאט פארטי־זאנען. דא זיינען געווען רומפולע אטריאדן, צוויי הונדערט אכטער אף סטא־לינס נאמען און „זשעליעזניאק”, די טשאפאיעוו בריגאדע, דער אטריאד אף קוטוזאווס נאמען, דער פיר הונדערט זעקסטער, „נעקאמע־נעמער”, דער אט־ריאד אף פאכאמענקאס נאמען, די פרונזע־בריגאדע. פילפארביק און רוישיק איז געווען די דאזיקע מאניפעסטאציע. עס האבן געהירזשעט די דייטשישע פערד. אף איינעם פון זיי איז געזעסן א שיינער באכער מיט ווייכע פלאק־סענע געקרייזלטע האר אין א שינעל פון אן אונגארישן אפיציר. עס האט געדונערט א דייטשישער טאנק און, ווי אף א קארנאוואל־רייטוואגן, האבן אף אים געשמייכלט דריי מיידלעך מיט אויטאמאטן. מען האט געפירט די ארטילעריע, פארכאפט בא די דייטשן. אף וועגענער זיינען געזעסן די פא־מיליעס פון פארטיזאנען, וואס זיינען אוועק פון די דערפער, ווו עס האבן

נעבושעוועט די באַשטראָפער, אַדער פון די געטאָס. אַ קאָמאַנדיר פון איין אַטריאַד איז געווען אַנגעטאָן אין אַ דייטשישן שינעל, אַ צווייטער קאָמאַנדיר — אין אַ צעריסענעם לוסטרינענעם רעקל. עס זיינען געגאַנגען „אַרומגערינגלטע", וואָס האָבן פאַרזוכט צאָרעס אין איין און פערציקסטן, זעלנער, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון דייטשישע לאַגערן, פויערים און סטודענטקעס, ראַיקאָם־סעקרעטאַרן און לערער, קאַווקאַזער אין פאַרמילכאָמעדיקע גימנאַסטיאָרקעס, ייִדן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון געטאָ; עס איז געגאַנגען אַן איינגעהויקערטער פאַרטיזאַן מיט אַ גראָער באָרד, וועלכן מען האָט גערופן „אַלטער שמיד", ער האָט צעשפּאַלטן דעם שאַרבן אַ זאַנדערפיורער; עס איז געגאַנגען דער לאַד־לוסטיקער עלף־יאָריקער פּיעטרוס, ער האָט אונטערגערוקט אַ באָמבע אין אַ דייטשישן קינאָ; עס איז געגאַנגען דער זעלבסטווירדיקער סמירנאָוו, וואָס האָט גערופן אופּריים־שטאָף „מאָכאָרקע"; עס איז געגאַנגען דער אַגראָנאָם טשעלישטשעוו מיטן צונאָמען „מישאַ דער גרויזאַמער"; ס'איז געגאַנגען לונץ, וואָס האָט אַראָפּגעלאָזט פון די רעלסן אַכצן עשעלאָנען; עס זיינען געגאַנגען דער פּאָליאַק בראָניעווסקי, וואָס האָט זיך דערקליבן צו די פּאַרטיזאַנען פון ביאַליסטאָק, דער טשעכ פראַנצישעק, דער אונגאַרישער ייִד לייזער פון „אַרבעטס־באַטאַליאָן", וואָס האָט באַדאַרפט אויסרייניקן די מינען־פעלדער, דער פּאַריזער אַרבעטער קאַרנע פון דער אָרגאַניזאַציע „טאָדט". עס האָבן געבלאַנקט אויף דער זון פאַרנומענע איטאַליענישע אַקאָרדעאָנען; אַ קאָסטראָמער קאָלכאָזניק האָט געצויגן אַ האַרמאָן, און זי האָט, באַקלאָגנדיק זיך, טריומפירט, וואָס עס איז אויסגעפאַלן אַזאַ טאָג, און, טריומפירנדיק, האָט זי זיך באַקלאָגט, וואָס אַלע גייען זיי פאַרביי, — געווען איז זי די האַרמאָן אַן אַלטע, אַ כאַבאַמע! אַ זשוואָווער יאַטל, וואָס האָט צוגענומען אין דייטשישן שטאַב אַ קאַסטן מיט נײַינקע ניט־פאַרטיילטע „אייזערנע קרייצן", האָט, פאַרבייפאָרנדיק די דערפער, געשריען צו די זעלטענע לעבנס־געבליבענע הינט, וואָס האָבן געבילט אויף אים: „שטיל, זשוטקאָ, אָט האָסטו אַ מאַטאַנע פון פיורער"... פוקנדיק אויף שטיפער, האָבן אַלטע פויערטעס געלאַכט און געוויינט פון גליק, זאָגנדיק: „זיי גליקלעך, זונעלע"...

עס איז געגאַנגען לייטענאַנט סאַזאָנאָוו; ער איז אַריינגעפאַלן אין אַרומרינגלונג אויפן פערטן טאָג מילכאָמע. ער איז געווען שווער פאַרוווּנדעט און געבליבן לעבן איז ער נאָר דערפאַר, ווייל ער פלעגט זיך זאָגן: איך קען ניט שטאַרבן ביז איך וועל ניט זען די אונדזעריקע... זיי זיינען דאָן געווען דרייסיק מאַן, זיי האָבן זיך געשליידערט אינעם רינג. נאָכדעם איז דער אַטריאַד אויסגעוואַקסן. פאַריקע וואָך האָבן זיי דורכגעפירט די טאַנקען פון די טאַטינצעס דורך דער נאַליבאָקער וואַלד־ווילדעניש.

עס איז געגאַנגען איוואַן שעלעגאָ. ער האָט ניט פאַרגעסן, ווי די דייטשן זיינען געקומען אין זיין דאָרף. איוואַן שעלעגאָ האָט געהאַט אַ פיר־יאָריקע טעכטערל מאַרוסיאַ מיט גרינע און צאַרטע אויגן, די דייטשן האָבן זיך געוועט: ווער עס וועט טרעפן אין דער מיידעלע, ווען זי וועט לויפן דורך דער גאַס. איוואַן שעלעגאָ איז גראָ געוואָרן צו זיבן און צוואַנציק יאָר.

ער האָט געשפּאַנט אַ שטרענגער און שטאָלצער: ער האָט זיך אָפּגערעכנט מיט די מערדער.

עס איז געגאַנגען מיט אַ שווערער ביקס די קליינטשינקע ליע קאַגאַן. אין געטאָ האָבן די דייטשן אופגעהאַנגען איר טאַטן, אין טראַסטיאַנעץ פאַרברענט דער מאַמען און די קליינע ברידער. ליע איז אַלט געווען ניינצן יאָר. זי האָט דערשאָסן זיבן דייטשן, זי איז איצט געגאַנגען צוריק אין שטאָט אַריין, וווּ זי האָט שוין ניט קיין פאַמיליע, ניט קיין נאָענטע. ניט קיין הויז. אָבער זי האָט געוווּסט, אַז זי האָט באַזיגט די טאַליאַנים, און אַ לייכטער שמייכל האָט באַלויכטן איר אויסגעצערטן, אויסגעפייניקטן פּאַנעם.

אויפן גרויסן פּלאַץ באַם היפּאָדראָם איז געווען טומלדיק, יאָנטעוודי.

— אַ פּאַרטיזאַנער־גרוס דעם כוואַטער סטאַלין!

וואַסיאַ איז געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט דערפון, ווי אַזוי ער האָט אַ געשריי געטאָן „הורא". אַזוי שטאַרק און הילכיק האָט ער געשריען, ווען ער איז געווען אַ יינגל, און נינאַ געאָרגיעווונאַ פּלעגט זאָגן: „זע, וועסט נאָך צערייסן דאָס מויל..."

וואַסיאַ איז געבאָרן געוואָרן אין מאָסקווע, אָבער די פאַרקריפּלטע, פאַרפייניקטע מינסק מיט די בלינדע פענצטער פון פאַרברענטע הייזער, מיט גאַסן, פול מיט מיסט, האָט אים אויסגעזען אייגן. דאָ האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן. אַט זיינען זיינע הייזער... אויף די שטיקלעך אָפּגעבראָכענע ווענט גרינען גראָזקוסטלעך.

ווען וואַסיאַ איז אַהערגעקומען צום ערשטן מאָל, האָט אים די שטאָט געשטעלט אין פאַרלעגנהייט — גרויסע הייזער, און דערביי כאַטקעס, קרומע שמאָלע גאַסן, די שטאָט האָט ניט איר כאַראַקטער. די געשאַמע פון מינסק איז געווען אַ פאַרשלאָסענע אין זיך און אַ ליידנשאַפטלעכע, ווי די ווייסרוסישע וועלדער. ביסלעכווייז האָט זיך וואַסיאַ צוגעבונדן צו דער דאָזיקער שטאָט; קומענדיק קיין מאָסקווע, פלעגט ער דערציילן: „מינסק האָט זיך ווונדערלעך צעבליט!..." דעם איין און צוואַנציקסטן איז ער געזעסן איבער אַ פּראָיעקט פון אַ נייער שול.

עס איז אַ גליק, וואָס איך בין גראָד אַריינגעפאַלן קיין מינסק, האָט ער איצט געטראַכט. דאָ האָב איך דערקענט דאָס גרעסטע... מינסק — דאָס איז דאָך נאַטאַשאַ. האָגאָם זי האָט דאָ לאַנג ניט פאַרבראַכט, איז דאָ אַלץ פאַרבונדן מיט איר — די גאַסן, איבער וועלכע מען איז צוזאַמען געגאַנגען, דער גאָרטן, די באַנק, וואָס איז געבליבן גאַנץ צווישן שטורעמס, דער שטאָטפּלאַץ — דאָרטן האָבן מיר זיך צעשיידט... זי איז געקומען, דערציילט ווי מען באַשפּריצט עפּלבוימער, געפרעגט: „פאַרוואָס גלויבסטו ניט?... טייערער!..."

ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט דער פּאַראַד, איז ער אַוועקגעלאָפן אויף יענער גאַס; עס איז ניט געווען דאָס הויז — אַנטלויפנדיק, האָבן די דייטשן אופגעריסן. אַז אַבערגלויביקער שוידער האָט פּלוצלינג צוזאַמענגעפּרעסט וואַסיאַס האַרץ: וואָס איז מיט נאַטאַשאַן?... פאַרוואָס האָט ער די גאַנצע צייט געטראַכט: אויב איך וועל בלייבן לעבן, וועלן מיר זיך טרעפן... זי איז דאָן אַוועקגעפאָרן איבער אַ שרעקלעכן וועג, און מער ווייס ער גאָרניט...

דער טאג האט זיך גלייך געביטן; די לידער האבן זיך אים אויסגעוויזן טרויעריקע, מען האט געזונגען וועגן א שיף, וואס גייט ארויס אין יאם, און וועט זיך געווים ניט צוריקערן; וועגן א בלאען טיכל — מען וועט אים שוין מער ניט זען, וועגן אדעסער סריפעס... די כורוועס פון די הייזער זיינען אויסגעוואקסן, פארדעקט די וועלט. וואסיא האט געשמועסט, אפילו געוויצלט זיך, אבער ער האט, אן אופהער, אקשאנעסדיק געטראכט: וואס איז מיט נאטאשאן?

ווען דו לייענסט א ראמאן, ווייזט זיך ציטנוויין אוים — דעם אויטאר האט פארפעלט בישעס, קעריי פאנאנדערפלאנטערן דעם קנויל, האט ער גארניט צוגעטראכט, כוץ אז אומווארשיינלעכער באגעגעניש. אבער דאס לעבן גייט אמאל נאך ווייטער... דאס האט וואסיא א טראכט געטאן שפעטער, אבער דערהערנדיק דמיטרי אלעקסיעוויטשעס באקאנטן באס, האט ער נאר ארומגענומען קרילאוון און שטיל געפרעגט:

— נאטאשא?...

— לעבט און איז געזונט. האסט א זון, אט וואס פארא נייעס. איך האב אים ניט געזען. נאטאשקא שרייבט פון אים ניסים. אין מערץ איז ער אלט געווארן צוויי יאר, אבער זי פארזיכערט, אז ער האלט קלוימערשט גאנצע מאנאלאגן. מען רופט אים וואסיא, אזוי ווי דיך. מיט אייןווארט...

קרילאוו האט עס געזאגט שנעל, אפילו בייז, באמיענדיק זיך אויסבאהאלטן די אופרעגונג, און דאך האט ער ניט אויסגעהאלטן — עס האט זיך אים אפגעריסן די שטים; ער האט זיך אויסגעשנייצט און גענומען ריידן קימאט פליסטערנדיק: — א נעס!... איך האב דאך שוין מער ניט געגלויבט, נאטאשאן געשריבן, אז איך גלויב, אבער ניט געגלויבט...

— סערגיי?... די מאמע?...

— אלץ אין ארדענונג. נאטאשא האט געשריבן, אז סערגיי איז א מאיאר, ארדענס האט ער, איך געדענק שוין אליין ניט וויפל. נינא געארגיעוונא איז אין מאסקווע, זי טרעפט זיך מיט נאטאשאן יעדן טאג. ווארווארא איליניטשנא איז געשטארבן אין צוויי און פערציקסטן... נו גוט, דערצייל פון זיך.

אבער וואסיא האט ניט געקענט דערציילן. ער האט געקוקט אפן בילד פון נאטאשאן מיטן קינד, געקוקט און געשמייכלט; ער האט דערביי גארניט געטראכט, שפעטער האט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער האט א סאך געטראכט, נאר ער קען זיך ניט דערמאנען, וואס. און קרילאוו האט ווידער געבורטשעט:

— אין יעדן בריוו עפעס וועגן דיר, זי וועט דאך דאס ניט זאגן גלייך, אבער עס רייסט זיך דורך! זי איז שוין גארניט אזא כיטרע. א נעס, בעעמעס א נעס!... אבער דערצייל דאך, ווי אזוי האט עס פאסירט?

וואסיא האט זיך אפגעריסן פונעם גערדיכטן, הייסן גליק, געוואלט ענטפערן און ניט געקענט. די דריי יאר זיינען ערגעץ ווו אוועק, ער האט איצט געדענקט נאר איינס — א גרויסער גרינער וואלד.

— איך ווייס ניט... פארטיזאנעוועט פון יענעם יולי... און איר?... דמיטרי אלעקסייעוויטש, איך ווייס שוין ניט, ווי אזוי איך צו זאגן, דאכט זיך, אז איך פלעג אייך זאגן „איר"...

— דיין זון אין מיין איניקל, קלאָר? און דו גייסט גאר מיטן עטיקעט... א שיינער פּאַרטיזאַן!

קרילאָוו האָט אוועקגעפירט וואַסיאַן אין קאַנבאַט, געגעבן אָפּצועסן, שטרענג געזאָגט:

— שלאָפן וועסטו דאָ, ס'איז דאָ אַ באָד, איך וועל דיר געבן ריינע אונטערהויזן, אַלץ ווי ס'באַדאַרף צו זיין. האָסט געהערט, אַז מען איז צוגעקומען צו ווילנע? איצט איז שוין ניט לאַנג... איך האָב נעכטן גערעדט מיט אַ געפאַנגענעם, אַ פילאָסאָפּיקן פאַשיסט, אַזאַ איינעם וועט נאָר דער קייווער איבערמאַכן, אָבער אַפילו אַזאַ האָט זיך אונטערגעגעבן... וואָס קלייבסטו זיך טאָן?

— וואָס הייסט, וואָס איך קלייב זיך? קעמפן.

— וועסט זיך ניט אַראָפּכאַפּן קיין מאָסקווע?

— איצט טאָר מען ניט — עס ברענט. מען האָט געזאָגט, אַז מען וועט מיך שיקן אין אַן אָפּטיילונג. איך בין דאָך אַן אַרטילעריסט. מיר האָבן דאָך דאָס לעצטע יאָר געהאַט אַרטילעריע, וואָס אַן עמעס, דייטשישע, אָבער עס מאַכט ניט — מיר האָבן זיי דערלאַנגט אויף אונדזער שטייגער...

קרילאָוו איז אוועק צו די קראַנקע. און וואַסיאַ האָט אַלץ געהאַלטן אין לייענען און איבערלייענען נאָטאַשאַס לעצטן בריוו צום טאַטן, און יעדעס מאָל, צוקומענדיק צו די ווערטער „צייטנווייז לעבט אין מיר אויף אַ האָפע־נונג ניט געקוקט אויף אַלץ", האָט ער געשמייכלט...

קרילאָוו איז צוריקגעקומען, געכאַפּט אַ קוק פון דער זייט אויף וואַסיאַן, אַ טראַכט געטאָן: גאָרניט געענדערט זיך, נאָר אַביסל דאַרער געוואָרן... נאָ־מאָשקאַן האָט ער ליב, דאָס פילט זיך. נאָכדעם האָבן זיי זיך צערעדט, און קרילאָוון האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָ איז פאַר אים אַן אַנדער מענטש. געענדערט זיך, שרעקלעך געענדערט זיך!... ער דערציילט מוירעדיקע זאַכן, און קוקט רויק...

— ווען האָסטו דערפילט דעם איבערברוך? — האָט געפרעגט קרילאָוו, — צום סאָף פון צוויי און פערציקסטן?

— ניין, איך פערזענלעך, אין אָקטאָבער פון איין און פערציקסטן.

— ווי אַזוי האָסטו עס דאַן דערפילט דעם איבערברוך?

— מיר זיינען געקומען אין אַ פּאָלק — הינטער דער דעסנע. האָט מען אים צעמאַזיקט. די לאַגע אַ שווידערלעכע — ווער עס איז אַנטלאָפן, ווער עס האָט זיך איבערגעטאָן... מיר זיינען געבליבן באַ אַ מאַן פערציק. וואַנעסיאַן איז געווען מיט מיר, אַ וווּנדערבאַרער מענטש... די פראָנט־באַריכטן עקל־דיקע: אָפּגעגעבן אָריאָל און אַזוי ווייטער... נאָך אַ גרויסער אַרומרינגלונג זיינען מיר אַריינגעפאַלן אין אַ קליינער. דאָס וועלדל ווי פון שפּיצן, זעט זיך דורך און דורך. אַרום זיינען דייטשן. קלאָר, אַז מען וועט זיך ניט אַרויס־באַקומען. האָבן מיר באַשלאָסן — לאָמיר פּרוּוון, סיי ווי דאַרף מען אומ־קומען, און וואַרטן — וועלן אַ העלפט מענטשן אוועק. ס'איז געווען גאָרניט פריילעך. זיץ איך, קומט צו מיר איינער אַ פאַרבינדלער, בולאַנאָוו האָט ער געהייסן, זאָגט ער: „איך בעט אַריינעמען מיך אין דער פּאַרטיי". ער איז אַלט געווען אַ יאָר פערציק, אַ טולער. האָט מען געמאַכט אַ פאַרזאַמלונג. אַ שיי־

סעריי, דער טייוול ווייס וואס, און דאך האט מען געהאלטן רעדעס, א לייטענאנט האט פארגעשטעלט בולאנאוון... פארשטייסטו, דמיטרי אלעקסייעוויטש, וואס איך האב דערפילט? די דייטשן רעדן "א סאף צום ראטנפארבאנד". מיר זיינען אפגעשניטן. איין האנט־קוילנווארפער און ביקסן, מער ניט. און אין אזא מאמענט בעט א מענטש, מען זאל אים אריינעמען אין דער פארטיי. איך האב דאן געזאגט אוואניעסיאנען: קלאר, אז מיר וועלן אויסהאלטן...

— ווּ איז ער, בולאנאוו? — האט בייז געפרעגט דמיטרי אלעקסייעוויטש.

— דערהארגעט. דעמאלט נאך... ארויס זיינען מיר פון דארטן פערצן מאן. נאכדעם האב איך מיט אוואניעסיאנען צונויפגעזאמלט אן אטריאד. ער איז אומגעקומען אין פרילינג צוויי און פערציקסטן...

וואסיא האט דערמאנט אוואניעסיאנס ליבע, דערמאנט, ווי אזוי זיין נאטאשא איז אוועק אף אן אויסשפיר און איז ניט צוריקגעקומען; און וואסיאן האט איינגעהילט א טרויער, א ווארעמער, ווי א זומערדיקער נעפל. ער איז שפעטער אנטשלאפן געווארן, און בעת ער איז איינגעשלאפן, האט זיך אלץ געפלאנטערט: מינסק, פארטיזאנען־לידער, בולאנאוום געדעמפטע שטים און אוואניעסיאן, וואס פלעגט זאגן "א גאנצער מישמאש", א וואלד, זייער א סאך וואלד — ניט ארויסבאקומען זיך פון אים, צוויי נאטאשאס — א לעבעדיקע און א טויטע...

אפן צווייטן בעטל איז געלעגן קרילאוו. ער האט זיך ניט אויסגעטאן — אים האט זיך אויסגעדוכט, אז ער שלאפט איין, ניט געווען קיין קויעך אופצושטיין. און געלעגן איז ער גאר מיט אפענע אויגן. ער האט פלוצלינג דערפילט, אז ער איז טויט־מיד. דאס הארץ האט אדער שטארק געקלאפט, אדער אפגעשטארבן, עס האט ווי געטאן דער לינקער אקסל, די האנט, שווער געווען צו אטעמען. און אט האט זיך אויך וואסיא אפגעזוכט. איצט וועט נאטאשאן זיין גוט. מען איז צוגעקומען צו ווילנע, הייסט עס שוין באלד דער סאף... קרילאוו האט אונטערגעהאלטן זיין קעסיידערדיקע אנשטרענגונג. איצט, ווען מ'האט פון אים אראפגענומען די זארג פאר נאטאשאן, האט ער געקענט כאטש אף איין נאכט אפגעבן זיך דער קראנקייט זיינער, דעם אומרעגולערן הארץ־קלאפן, וואס איז געווען ענלעך צום גאנג פון אן אלטער מאשין. אין אויגוסט וועט ווערן זעקס און פופציק... מיר פארענדיקן שפילן די פארטיע, דמיטרי אלעקסייעוויטש. ער האט אליין ניט פארשטאנען, וועגן וועלכער פארטיע ער טראכט — וועגן דער מילכאמע אדער וועגן זיין לעבן.

## VI

וואליאן איז שווער געווען צו דערקענען, זי האט זיך זייער אפגעצערט, די אויגן האבן פיבערדיק געבלאנקט, אירע באוועגונגען זיינען געווארן שטורמישע און גלייכצייטיק אומזיכערע. וועגן טויט פון אירע עלטערן האט זי זיך נאך דערוווסט אין יאנואר, די שאכנטע קודריאווצעווא האט איר אנגעשריבן: "דיינע אלטע זיינען געשטארבן בעיס דער אקופאציע". וואליא

האט לאנג געוויינט. זי פלעגט שפעטער דערמאנען די דאזיקע טרערן ווי די ליכטסטע...

אין מערץ איז צו איר געקומען אן אלטער שול־כאווער, מישא זאלאָ־טארענקא. אמאל איז מישא געווען פארליבט אין זינאן, געוואלט ווערן א „פיקוויקער", אבער די מיידלעך פלעגן אים ניט פארליידן — ער איז גע־ווען ארייגגעטאן גאר אין ספארט און אביסל פארגרעבט. וואליא האט זיך דערפרייט מיט אים — ער האט איר דערמאנט דאס פארגאנגענע, און בעיס מישא האט געזאגט, אז ער איז געווען אין קיעוו, האט זי אים פארוואָרפן מיט פראגן. מישא האט געפרווט אויסגעפינען זיינע אלטע כאווירים, אבער ער האט קיינעם ניט געטראפן.

— זינא האט זיך דאך ארויסגעוויזן פאר אן עמעסער העלדן. ס'איז געווען וועגן איר אן ארטיקל, איך האב אויסגעשניטן, זעסט?... ווער וואלט עס גאר געקענט טראכטן!...

פון וואליאס אויגן זיינען גערונען טרערן.

— זי האט מיר אנומלט געזאגט: „איך ווייס ניט, צי איך וועל קענען ברענגען צום אויסדרוק דאס, וואס איז אין מיר"... איך האב דאן געמיינט, אז זי קלייבט זיך עפעס שרייבן, און זי האט גאר אויסגעדריקט אין לעבן... דו האסט זי שלעכט געקענט, מישא, אויב דו וואונדערסט זיך. פאר יעדן פון אונדז וואלט עס געווען אומפארשטענדלעך. אבער פאר איר איז עס נאטירלעך. איך האב מיט איר אייניקע מאל גערעדט וועגן טויט...

מישא האט אויך דערציילט פון אנדערע:

— באריא איז געווען אין די פארטיזאנען, איך ווייס ניט, וואס מיט אים איז. זיין מאמען האבן די דייטשן דערהארגעט באלד אין אנהויב. ראיע איז אפן פראנט. איר טאכטער און די שוויגער האט מען דערהארגעט אין באבי־יאר. גאלאטשקאן האט מען וועקגעשלעפט קיין דייטשלאנד.

— די לאכערקע?

ווי אויסטערליש עס האט אפגעקלונגען דאס דאזיקע פריילעכע ווארט. פון וואליאס אויגן זיינען אלץ גערונען טרערן.

— א פארפלאנטערטער לעבן איז דארט געווען, — האט געזאגט מישא, — שווער פאנאנדערצוקלייבן זיך. איך האב טאקע ניט פארשטאנען, פארוואס דיין טאטע האט זיך געלאזט פאקן פון זיי אף דער ווענטקע...

ער האט עס געזאגט מיינענדיק, אז וואליא ווייס אלץ, ער האט דאך באלד, באם אנהויב שמועס געפרעגט צי זי ווייס, וואס מיט אירע עלטערן איז, און זי האט צוגעשאקלט מיטן קאפ. וואליא האט אויסגעשריען:

— וואס האסטו געזאגט?

— גארניט... דו ווייסט דען ניט?...

— זאלסט שוין דערקלערן!...

— געננוי ווייס איך ניט, וואליא... ער האט, ווייזט אויס, ניט אויסגע־האלטן דעם כאראקטער, אוועק צו זיי אף א שטעלע, און נאכדעם זיך אופ־געהאנגען. קודריאווצעוו האט דערציילט, אז די מאמע דיינע האט זיך זייער געפייניקט...

וואַליאַ האָט מער ניט געוויינט. זי האָט געקוקט אַף מישאַן, אָבער ער האָט געזען, אַז זי באַמערקט אים ניט. ער איז געזעסן אַביסל און אַוועק.

וואַליאַ האָט גלייך אָנגעשריבן קודריאַווצעוואַן. איבער אַ כוידעש האָט זי געוואַרט אַף אַ טשוווע; אין איר האָט נאָך געטליעט אַ האָפענונג — עפשער האָט מישאַ אָנגעפּלאָנטערט?... נאָכדעם איז געקומען די טשוווע. וואַליאַ פלעגט שטענדיק איבערלאָזן אירע כאַווערטעס דערמיט וואָס זי פלעגט אופנעמען מענטשלעכע געפילן און מײַסים, ווי גוואַלדיקע דערשיינונגען (באַריאַ פלעגט זאָגן, „וואַליאַ דענקט מיט הויכע קאַטעגאָריעס”); און געווען איז עס באַזונדערס מערקווירדיק דערפאַר, וואָס זי אַליין האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ מענטשן מיט אַ שוואַכן ווילן, ווי די פאַרשטאָרבענע מאַמע פלעגט זאָגן, „אַ פאַרשלאָפענע”. בעיים עמיצער פלעגט זיך אין איר ציטערוויליק פאַרליבן, פלעגט זי לײַדן פון דער טיפקייט און קאָמפּליצירטקייט פון דער ליבע. אין די אַמאָליקע צײַטן, בעיים זינאַ איז נאָך געווען אַן אייגנווויליקע און עקזאַלטירטע מיידל, האָט וואַליאַ געזען אין איר אַ העלדין. דאָס פלעגט באַ איר, מיסטאָמע, פאַרקומען דערפאַר, וואָס אין וואַליאַס באַגריפן האָבן ניט עקזיסטירט קיין גרענעצן צווישן די ראָמאַנען, וואָס זי פלעגט לייענען, און דעם אַרומיקן לעבן. אין דער אופירונג פון איר טאַטן האָבן אַנדערע געקענט דערזען סימאָנים פון שוואַכקייט, קודריאַווצעוואַ האָט טאַקע אַזוי אָנגעשריבן: „ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ שמאַטע”. אָבער פאַר וואַליאַן איז דער טאַטע געוואָרן די פאַרקערפערונג פון פאַראַט. זי האָט פאַנאַנדערגעקליבן דערינערונגען פון די קינדעריאָרן, געוואָלט געפינען אַ דערקלערונג; דער גוטמוטיקער לערער איז טשעסוטשאַ־רעקל, וואָס איז אַרומגעגאַנגען איבערן גערטנדל מיט אַ גיסקאַן, אָדער באַקלאָגט זיך, וואָס די יונגעלייט זיינען געוואָרן צו ענערגיש, האָט זיך ניט געבונדן מיט דער געשטאַלט פון אַ פאַרברעכער. הייסט עס, אַז איך בין געווען אַ בלינדע, האָט געטראַכט וואַליאַ, געלעבט צוזאַמען און גאָרניט געזען...

איר האָט זיך געדוכט, אַז אויך זי האָט אַ שײַכעס צו עפּעס אַ געמיינהייט. זי האָט איבערגעשראָקן דעם זאַוואָד־דירעקטאָר — זי איז געקומען זייער אַ בלייכע, אַ רויִקע און, קוקנדיק אַף אים מיט ליכטיקע אומבאַוועגלעכע אויגן, האָט זי שטיל געזאָגט:

— איך וויל אייך פרעגן — צי קענט איר מיך האַלטן אַפן זאַוואָד? מײַן טאַטע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס פאַרעטער.

דער דירעקטאָר האָט זי לאַנג באַרויִקט, געזאָגט, אַז אַלע שאַצן איר אָפּ — סײַ דער פאַרטאָרג און סײַ דער צעך־נאַטשאַלניק. וואַליאַ האָט געשוויגן, זי האָט געטראַכט: אויב איך האָב ניט באַמערקט אין מײַן טאַטן זײַן געמיינהייט, הייסט עס, אַז איך בין אויך אַזאַ...

— לידאַ, פאַרוואָס געטרויסטו מיר? עפּשער, בין איך פּעיִק צו פאַרראַטן?

לידאַ איז בייז געוואָרן:

— הער אוף ריידן נאַרישקייטן. מען טשעפּעט דיך ניט, הייסט עס, אַז קיינעם קומט עס ניט אַפן זינען. דו האָסט ווייניק צאָרעס, דאַרפסטו נאָך עפּעס צוטראַכטן...

נאר סערגייען האט וואליא געגלויבט: ווען ער האט אנגעשריבן, אז ער ליבט זי נאכמער ווי פריער, האט זי זיך צום ערשטן מאל, נאך מישא זאלאטארענקאס קומען צעוויינט. דאס איז געווען אין מיי. לאנגזאם, האט זי זיך צוריקגעקערט צום לעבן, זי איז ניט געווען די פריערדיקע; עפעס האט זיך אין איר איינגעבראכן, זי האט געוווסט, עס איז זיך צו באפרייען דערפון, אבער נאך סערגיים בריוו האט זי פארשטאנען, אז זי וועט לעבן. איר ליבע צו אים איז געווארן נאך שטארקער, נאך אנגעשטרענגטער.

צוריקערנדיק צום לעבן, האט זי זיך ניט ווילנדיק גענומען פארטראכטן איבער איר גורל. ראיע פלעגט אמאל זאגן, אז זי האט גארניט, וואליא וועט זיין אן אקטריסע, און זי וועט זיך ניט קענען געפינען קיין פלאץ אין לעבן. איצט קעמפט ראיע, ווי באריא, ווי סעריאזשא. געוויס, איך ארבעט, אבער קען מען עס דען פארגלייכן?... איך ארבעט דאך אויך צופעליק, זאל זיין אפילע גוט, פינקטלעך, אבער צופעליק. פאר לידאן איז די ארבעט א שטענדיקע זאך, אייגנס, און איך בין דא צוגאסט. וואס וועל איך אנהויבן טאן, ווען די מילכאמע וועט זיך ענדיקן? פארוואס האב איך זיך אפגעזאגט פון דער קונסט? עפשער, בין איך גארניט אזוי טאלאנטלאז?...

זי פלעגט זיך באמיען פארטרייבן דעם ניסאיען, געשריען אף זיך: נאר, עס וועט זיין א קינד, וועסטו זיך אופהערן נאריש מאכן! צוויי מאל איז איר אויסגעקומען אנטיילצונעמען אין ליבהאבער פארשטעלונגען. דער רעזשיסער פון שטאט־טעאטער, די אקטיארן, דאס פובליקום — אלע האבן זי באגריסט: „אן עמעסער טאלאנט". און וואליא פלעגט דאן פארגעסן אירע ניידארים: דער טרוים איז געווען שטארקער...

עס איז געווען א הייסער יולי־טאג. וואליא האט, ווי שטענדיק, גוט געארבעט. א מידע, איז זי געקומען אינאוונט צו זיך. אפן טישל איז א קענדל איז געשטאנען א פראכטפולע רויז — לידא האט געבראכט. די בלעטלעך זיינען געפאלן, און עס איז דערין גארניט געווען קיין אומעטיקס — דערשעפונג, מעגלעך אפילע אן איבערפלוס פון גליק, פון פולקאמענהייט. אין וואליאס מויער האבן געווימלט בילדער, שורעס, געשטאלטן, קלאנגען. זי האט זיך גענומען שרייבן סערגייען — זי פלעגט אים איצט שרייבן קימאט יעדן טאג.

„סעריאזשא, מען רעדט איצט אומעטום וועגן סאף פון דער מילכאמע, מען בויט פלענער אף דער צוקונפט. איך בין אן אבערגלויביקע און איך האב מוירע צו טראכטן דערפון, אבער דאך טראכט איך. דו ווייסט, אז מיין גאנץ לעבן — דאס ביסטו, אבער איך וויל זיך ניט נארן: מאמענטנווייז וואכט אין מיר אוף מיין אלטער טרוים, דאס ליגט אווארע אין מיר, איך פלעג דיר זאגן, אז איך בין אן אומגעלונגענע אקטיארקע. עפשער איז עס דערפאר, וואס איך קען זיך אנדערש ניט ברענגען צום אויסדרוק? איך ווייס ניט. אויב דאס איז טיפשעס, זידל מיך אויס, און איך זאג דיר צו — איך וועל אופהערן צו טראכטן, איך גלויב דאך יעדן ווארט דיינעם. איך וואלט אזוי וועלן שפילן דזשוליעטע; זאגן דאס, וואס אויב ניט אזוי, וועל איך עס קיינמאל ניט זאגן, אפילע דיר:

„דאָס קינסטלעכע און קראַפט גייען קיינמאָל ניט באַנאַנד.
די ליבע מיינע האָט זיך מוירעדיק אַזוי צעוואַקסן,
אַז איך וואָלט אַפילע ניט געקענט אַרומנעמען די העלפט״...

דאָס אַלץ איז קינדיש. די הויפּט־זאַך איז, סעריאָזשאַ, אַז מיט דיר זאָל זיין גוט, די באַריכטן די זיינען גלענצנדיקע, יעדער, ווי אַ בריוו פון דיר — איינגיכן איז דער סאָף, וועסט קומען צופאָרן. זיי געזונט, מיין ליבער! זאָל דיך אָפּהיטן מיין ליבע, און מער ליבן, דאַכט זיך, קען מען ניט״...

פאַר דער צייט וואָס זי האָט געשריבן, האָט זיך די רויז צעשאָטן, און די בלעטלעך האָבן זיך געקרייזלט אויפן טיש, ווי בלוט.

## VII

די מילכאָמע האָט זיך גרימירט, געטוישט די קליידער און דאָך פאַרבליבן מילכאָמע. לעבן דער שטאָט זיינען געווען מאַלערישע בערגלעך, גרינע טאָלן, געשלענגלטע טייכלעך. און די שטאָט האָט מיט עפּעס דערמאָנט סערגייען אַלטע פראַנצויזישע שטעט. דאָ זיינען אויך געווען שמאָלע אַלטערטימלעכע געסלעך, און צאַרטע קלויסטערס אין באַראָק־סטיל מיט הייליקע מאַרטירער, וואָס ליידן צו טעאַטראַליש, מיט שוועבנדיקע מאַלאָכים, עס איז געווען אַ שלאָס אויף אַ בערגל, און קאָלירטע שילדן פון טרינק־אַנשטאַלטן, און גערטנער מיט גרויסע רויזן, בלוטרויטע, טיי־רויזן, געלבלעכע, געווען אַ סאַך פאַרטראַכטעביימער — דעמבעס, לינדן.

אַן אופהער האָבן געדונערט האַרמאַטן, געשטעפּט קוילנוואַרפער. אויף די טראָטואַרן זיינען געלעגן לייכעס פון דערהאַרגעטע — זעלנער און שטאָטישע איינוווינער, וואָס זיינען צופעליק אונטערגעקומען אונטערן פייער. און לעבן טויער אויף אַסטראַבראַס איז געשטאַנען אויף די קני אַן אַלטע פרוי אין אַ קאַפּטיכל און האָט וועגן עפּעס טפילע געטאָן צו דער שיינער גלייכגילטיקער מאַדאָנע.

סערגיי האָט אַריינגעקוקט אין אַ פּוסטן הויז. אויף די ווענט זיינען געהאַנגען קאָלירטע פאָטאָגראַפיעס פון ניצע מיט אַן אומדערטרעגלעכן בלאָען יאַם און מיט פּאַלמעס, יעזוס אויפן קרייץ פון געלן ביין, אַ פּאָרטרעט פון אַ דאַמע אין אַ קלייד מיט שפּיצן. אויף אַ גרינעם פּליושענעם פּאָטעל איז געזעסן אַ פאַרגעסענער פון די באַלעבאַטים אַלטער פּאַקסטעריער, ניט געבילן, ניט געוואָיעט, נאָר, פאַרלייגנדיק אויף אַ זייט דעם קאָפּ, האָט ער אַ פאַרטרויערטער געטראַכט פון דעם, וואָס עס קומט פאָר. סערגיי האָט גענומען אַ בוך, ער איז געווען צעעפנט, עמיצער האָט אים געלייענט, מעגלעך אַז אַ שאָ פאַר דער שלאַכט. דאָס איז געווען אַ באַנד לידער.

„איך האָב דער רויז געשטערט איר טיפן שלאָף״...

אונטן, אין פינצטערן קעלער, צווישן לידיקע פעסער, זיינען געזעסן פרויען מיט קינדער און אַ זאַקן אין אַ קאָלירטן טערקישן כאַלאַט; ווען עס פלעגט אין דער נאָענט אופרייסן אַ קויל, האָבן זיי גערופן: „אַ, פּאַן יעזוס!...״

דער קאַפּע פון דער דיוויזיע איז געווען אין אַ קעלער פון אַ פּאַרלאַזטן

הויז. און דארט איז געווען דאס זעלבע וואס אפן קאפע אין סטעפ אדער אין אן ערד־שטיבל באם דניעפר. עס איז פונקט אזוי געזעסן איבער א מאפע דער שטאב־נאטשאלניק, א קרענקלעכער פאלקאווניק מיט קלוגע מידע אויגן, אבער איצט איז די מאפע געווען דער פלאן פון שטאט: מען האט געקעמפט פאר שמאלע גאסן, פאר הייזער, פאר טיפע האלב־פינצטערע הויפן. און פונקט אזוי, ווי בא אריאל אדער בא טשערנאביל, האט דער גענעראל גע־רעדט צו דער פארבינדלערן: „גיט אהער יערושקינען", און די פארבינדלערן האט לאנג געכאזערט: „„גיט לאנדיש", און נאכדעם האט דער גענעראל געשריען אין טרייבל אריין: „פארוואס בעבעט איר? שלאגט ניט איבער, איך רייד! איר הערט מיך? פארוואס גענעצט איר?" און אין פינף מינוט ארום האט ער שוין דערקלערט דעם ארמיי־קאמאנדיר, אז יערושקין איז ניט שולדיק: די טאנקן זיינען ניט אדורך, פעסטע ווענט... און אף די גאסן זיינען די זעלנער אזוי ווי אין פעלד, איבערגעלאפן איינגעבויגן צוואנציק אדער דרייסיק טריט, וואס טיילט אפ איין פאזיציע פון דער צווייטער, און דאס לעבן — פונעם טויט. און פונקט אזוי האבן סאניטארקעס אופגענומען פארוווּנדעטע; און ארום האבן אופגעריסן הארמאטן־קוילן און מינעס.

דער גענעראל האט געזאגט סערגייען:

— אייך פאדערט דער קאמאנדיר — זייער קאפע איז באם אריינפאר אין שטאט, קעגנאיבער דעם ראסא־צווינטער.

סערגיי האט ניט ווילנדיק א שמייכל געטאן:

— פאעטיש, ראסא — דא זיינען, געווים, א סאד רויזן.

דער גענעראל האט אויך א שמייכל געטאן, און זיין שטרענגער אומ־פריינטלעכער פאנעם, ווי אויסגעהאמערט פון זייער הארטן גראען שטיין, איז פלוצלינג געווארן טרוימעריש.

— גלענצנדע רויזן... נאר דער צווינטער איז ניט פון רויזן, ניט ראז, נאר ראס, ראסא.

און זיין פאנעם איז ווידער פארהארטעוועט געווארן, ער האט א געשריי געטאן: „גיט אהער יערושקינען".

דער ארמיי־קאמאנדיר איז געווען פארנומען — עס איז געקומען צו־פארן א מיטגליד פון מיליטערישן ראט אפן פראנט. מען האט סערגייען געזאגט, אז דער גענעראל וועט זיך באפרייען אין א שא ארום.

עס איז געווען א ווארעמער טאג מיט א קליינעם גערדיכטן רעגן. אפן צווינטער האבן געבליט רויזן, די לופט איז געווען פול מיט גערוכן פון בלומען און נאסן גראז. סערגיי האט באטראכט די מאציייוועס, מאגערירטע און גראציעזע, מיט פארטרויערטע מאלאכים, מיט צארטע צווייִשורעסדיקע פערזן, מיט קראנצן פון אומשטערבלעכע בלומען. אייניקע מאצייוועס זיינען שוין געווען עלטער פון הונדערט יאר; די נעמען אף זיי זיינען אפגעקראכן; עס זיינען נאר פארבליבן איינצלנע צעווארפענע ווערטער: „צעשיידונג... איך גיס טרערן... אף אייביק..."

אפן צווינטער האט מען איינגעארדנט א זאמלפונקט פאר קריגסגעפאנ־גענע. צווישן מארמאר און רויזן האבן ארומגעבלאנקעט ניט געגאלטע דייטשן. איינער פון זיי האט זיך געווענדעט צו סערגייען:

— עפשער רעדט איר העד מאיאר דייטש, אדער פראנצויזיש, אדער ענגליש?

— איך רייד פראנצויזיש. וואס דארפט איר?

— איך האב געוואלט פרעגן דעם העד מאיאר, וואס מען וועט טאן מיט אונדז? א לייטענאנט האט אונדז געזאגט, אז די רויטע אנערקענען נים די זשענעווער קאנווענץ און זיי דערהארגענען די געפאנגענע.

— איר האט נאד ביז איצט נים פארשטאנען, אז אייערע אפיצירן „פירן אייך אין באד אריין?"

— דער לייטענאנט קען מיך נים „פירן אין באד אריין" — ער האט אפילע נים קיין מיטל־בילדונג, און איך בין דאצענט פון מארבורגער אוניווערזיטעט. פונוואנען זאל איך וויסן, ווי אזוי די רוסן באגייען זיך מיט די געפאנגענע? איך בין דא סאכאקל דעם צווייטן כוידעש.

— ווו־זשע זייט איר פריער געווען?

— אומעטום. אין נארוויק, דארט זיינען הייזער אף קלעצער, געדרוי־כערטע הירשן־פליש. איך בין געווען אין גריכנלאנד, געזען פראפילייי, אבער דארט איז זייער שלעכטער וויין, ער שטינקט מיט דזשעגעכץ; איך בין געווען אין עגיפטן. אין רוסלאנד איז געווען מיין יינגערער ברודער, א סטו־דענט, ער האט געשריבן, אז קרים דערמאנט אין דער ריוויערא.

סערגיי האט מיט עקל א קוק געטאן אפן באריידעוודיקן דייטש:

— נו, און צו וואס האט איר זיך ארומגעשלעפט פון איין לאנד אין צווייטן?

דער געפאנגענער האט באלייזדיקט געענטפערט:

— מיר האבן געקעמפט, הער מאיאר, און נים שלעכט... נאר דא האט פאסירט אן אומגליק — גענעראל שטאהעל האט געמאלדן, אז עס גייען צו אונדז הונדערט טאנקן, און זיי זיינען עפעס נים געקומען...

סערגיי איז אפגעטראטן פונעם פלאפלענדיקן דייטש; ער האט געקוקט אף א קוסט רויזן, וואס איז צעשאטן געווארן אונטערן רעגן־זיפ. פלוצלינג האט זיך דערטראגן א שארפער געשריי פון א פויגל. סערגיי האט זיך אומגע־קוקט — לעבן דאצענט פון מארבורגער אוניווערזיטעט איז געלעגן א קראַ. מען האט זי, געווים, פארוואונדעט אין שטאט. און זי איז דערפלויגן ביז צום צווינטער, קעדיי צו שטארבן בא די פים פון א שלימאזלדיקן דעראבער־רער. און דער דייטש, שוין א באראָקטער פון דעם רוסישן מאיארס רייד, האט זיך געזעצט אף א מאצייווע, ארויסגענומען א פוטערברויט, וואס איז געווען איינגעוויקלט אין וואקס־פאפיר, און גענומען פעסט קייען.

דער ארמיי־קאמאנדיר האט געזאגט סערגייען:

— אט זיינען די קנופן — די טפיסע, דער ראיאן פון די קלויסטערס און דער דאזיקער וועלדל, די פוסגייער־טיילן טאפטשען זיך אף איין פלאץ... מען דארף מאכן דורכגענג פאר די טאנקן... קלאר?

באטראכטנדיק די געגנט, האט סערגיי באשלאסן איבערצווארפן א גרוי־פע סאפיארן מיט אופריים־מאטעריאלן אף דער פאראלעלער גאס. מען קען דורכגיין דעם הויף, ארייקריכן אין פענצטער פון צווייטן שטאק. אפן הויף זיינען דייטשן... ווען מען זאל ארוים אף יענער גאס, קען מען אופריים

דעם קאָרפּוס און צענעמען די באַריקאַדן. סערגיי האָט אָנפאַרטרויט דעם איניען דעם לייטענאַנט גוסאַראָוו, אַ דערפאַרענעם אָפּריסער, דעם גריין־אויגיקן סטודענט פון בוי־אינסטיטוט, וועמען אַלע האָבן גערופן יאַשאַ.

— נאַר פּאַרזיכטיק, יאַשאַ...

סערגיי איז אַרויף אויפן פערטן שטאָק קעדיי צו אָבסערווירן די אָפּעראַ־ציע. ער איז געשטאַנען בײַ אַ פענצטער, וואָס איז געווען געשיצט מיט זאַמד־זעק; אינדערפרי זײַנען נאָך דאָ געווען דײַטשן. סערגיי האָט געזען, ווי די סאַפּיאָרן זײַנען געקראָכן, ווי עס איז אומגעקומען לייטענאַנט גוסאַ־ראָוו — אַן אויטאָמאַטלער האָט אים דערשאָסן. נאָכדעם האָט גענומען שלאָגן אַ גייזער פון פייער, רויך און שטיין. אויפן עק נאָס האָבן זיך באַוויזן אונדזערע טאַנקען.

סערגיי האָט זיך אַרומגעקוקט. אַ גלאַבוס, עפּעס אַזעלכע פּרובירגלע־זער, אויף דער וואַנט אונטער אַ גלאָז אָפּגעוועלקטע שמעטערלינגען און דערבײַ אַ טויטער דײַטש — ליגט, צעוואָרפן די הענט.

סערגיי האָט ניט געהערט, ווי סערזשאַנט גאָרסקי האָט געזאָגט:

— באַוווער מאַיאָר, ס'איז בעסער אַוועקצוגיין — זיי האָבן אָנגעצילט.

אַלץ האָט זיך אַ טרייסל געטאָן — דער סערזשאַנט, דער גלאָבוס, די שמעטערלינגען. דער סערזשאַנט האָט אַרויסגעפירט דעם פאַרווונדעטן סער־גייען אויף אַ פינצטערער דרייטרעפּ. עס זײַנען אַרומגעלאָפן מיט אַ געוואַלד קעץ. אונטן האָט עמיצער געוויינט: „אַ, פּאַן יעזוס!"... סערגיי האָט דער־פילט, אַז ער קען ניט שטיין, ער האָט זיך געזעצט אויף אַ טרעפּל; עס האָט שטאַרק ווײ געטאָן דער אַקסל, און אין די אויגן האָט זיך אַלץ געדרייט, ווי דאָס הויז וואָלט געהאַלטן אין אײַנפאַלן. נאָכדעם זײַנען געקומען סאַ־ניטאַרן.

די דײַטשן האָבן אָנגעהויבן אונטערצוגעבן זיך. איצט האָבן זיי זיך נאָר געהאַלטן אין וועלדל אויף דער מיִרעווודיקער זײַט שטאָט, אין צענטער האָבן שוין געטרעשטשעט די „ווילִיסן". עס זײַנען געשטאַנען רייען פאַר־לאָזטע דײַטשישע מאַשינען; דער פּלאַץ בײַ דער גרויסער געבײַדע, ווו עס איז געווען דער דײַטשישער שטאַב, איז געווען אָנגעהויפט מיט אויטאָמאַטן, העלמען, ביכער, קעסטלעך מיט גראַנאַטן, סיגאַרעטן, זייף, מיט אָרדענס. עס האָט געגאָסן אַ רעגן. עפּעס אַ זעלנערל, האָט באַטראַכט די צעוואָרפענע זאַכן, באַדויערט וואָס דער רעגן האָט אַ טייל געמאַכט פון די סיגאַרעטן. נאָכדעם האָט ער אויפגעהויבן עפּעס אַ סלאָיִקל מיט אַ קאָמפּליצירטן עטי־קעטל, ער האָט עס אַ דריי געטאָן, געשמעקט און געפרעגט דעם איבערזעצער, וואָס דאָס איז אַזוינס; יענער האָט איבערזעצט: „פראַנצויזישע פּאָמאַדע צום אָפּבריגען זיך"; דער זעלנער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם סלאָי אויף דער ערד און האָט זיך אַזוי אויסגעזידלט, אַז עס האָבן אַ ציטער געטאָן אַלע אויסגעצירטע הייליקע. פּאָדפּאָלקאָווניק יערושקין האָט געווישט מיט אַ האַנ־טעך דעם פּאָנעם. דער קאָמאַנדיר האָט ראַפּאָרטירט דעם נאַטשאַלניק פון פראָנט־שטאַב: „דעם וועלדל ליקווידירט. פאַרנומען — הונדערט זעקס און פופציק האַרמאַטן"... און אין מאָסקווע האָט דער דיקטאָר, אָנגעמענדיק וואָס מער לופט, איבערגעכאַזערט: „דורך אַ שטורעם־אַטאַקע האָבן מיר אײַנגע־

נומען די הויפּטשטאָט פֿון דער ליטווישער סאָוועטישער רעפּובליק — ווילנ־יוס".

סערגיי איז געלעגן אין סאַנבאַט; די ווונד האָט איצט ניט ווי געטאָן; ער האָט נאָך אָבער אַלץ געפֿילט אַ שוואַכקייט. די סאַניטאַרקע האָט געבראַכט אַ בוקעט, אומעטיק געזאָגט:

— האָבן זיך צופֿיל צעבליט, רייסט, און זיי צעשיטן זיך...

דער רעגן האָט אויפֿגעהערט. עס איז העלער געוואָרן, און די ביימער אויפֿן בערגל זיינען געווען אויסערגעוויינלעך גרין.

דער כירורג האָט זיך געכידעשט:

— דאָס האָט איר אַ מאַזלדיקן שטערן. נאָך אַ האַלבער סענטימעטער אַף רעכטס, וואָלט גאָר געווען אַן אַנדער איניען, און אַזוי וועט איר אין אַ כוידעש אַרום ווידער קענען קעמפֿן.

סערגיי האָט איבערגעלייענט וואַליאַס בריוו — אים האָט געגעבן סערזשאַנט גאַרסקי, ווען זיי זיינען געגאַנגען אין שטאָט. וואַליאַ האָט געשריבן: „זאָל דיך היטן מיין ליבע"... ער האָט זיך צעשמייכלט. אין אַ כוידעש אַרום וועל איך קענען קעמפֿן... און עס וועט נאָך אויסקומען צו קעמפֿן, זיי האָבן גאָרניט פֿאַרשטאַנען, ווי יענער גוילעם אַפֿן צווינטער... אַ שאָד יאַשאַן... אומפֿאַרשטענדלעך, ווי אַזוי האָב איך זיך אַרויסגעדרייט? טאַקע, אַ שטערן... שוין דעם פֿערטן מאָל פֿאַרוווּנדעט, און יעדעס מאָל אַ נאַרישקייט...

עס איז געוואָרן טונקל. איבערן בערגל, איבער די ביימער האָבן זיך באַוויזן שטערן, דייטלעכע, גרויסע, ענלעך צו אַן אילומינאַציע פֿון אַ ווייטער שטאָט, אָדער צו גלי־ווערעמלעך, וואָס פֿילן אָן די דאַרעמדיקע שוואַרצע נעכט. וואָס איז אַזוינס אַ שטערן? — האָט געטראַכט פֿאַרנעפּלט סערגיי. — וואַליאַס ליבע? אַ שטערנדל אַף דער פּילאָטקע? אָדער די דאַזיקע — ווייטע, אָבער אַזוי נאָענטע, אַז איך וועל באַלד אופּשטיין און אָנכאַפּן איינעם — זאָל ער לייכטן אין ערד־שטיבל...

## VIII

דאָס איז געווען אַ קליינע שטאָט צווישן בערג; האַנאַם די געגנט איז געווען אַ מאַלערישע, פֿלעגן זיך די טוריסטן דאָ ניט פֿאַרהאַלטן — בײַ דער שטאָט זיינען געווען קוילן־שאַכטעס, און דער שוואַרצער שטויב פֿלעגט אַריין אין נאָז פֿון אויפֿגערעגטן רייזנדן, אין אַ נעדיכטן שיכט פֿלעגט ער זיך אַפּזעצן אויפֿן גראָז פֿון פּאַרק, אַף די אַרבעטער־שטיבלעך. די דייטשן, וואָס זיינען איינגעשטאַנען אין שטאָט, האָבן פֿאַרשאָלטן דעם שיקזאַל וואָס האָט זיי אַהער פֿאַרוואָרפֿן. זיי זיינען געווען גרייט שאָלעם צו מאַכן מיטן פֿאַרכווישעכטן לאַנדשאַפֿט, אָבער אויך ווינטער איז דאָ ניט געווען רויק, און איצט זיינען די „ברודיקע" (אַזוי האָט זיי גערופֿן לייטענאַנט שמילט) איינגאַנצן צעבאַלעוועט געוואָרן...

מיט איין זאָך האָט זיך געטרייסט קאַפּיטאַן פֿאָן הערלאַך — ערגעץ אַפֿן ניעמאַן איז נאָך ערגער. אין שמועסן מיט פֿריינט פֿלעגט פֿאָן הערלאַך אונטערשטרייכן, אַז ער איז אַן „אַפּיקוירעס"; ער האָט ליב געהאַט זיידענע

וועש, טרוקענעם שאמפאניער און מיעסע שטימונגען. עס האט אים אפגעגליקט: ער איז ניט אריינגעפאלן אפן פראנט. פאראיארן זומער האט פאן הערלאך גאנץ צופעליק, בעיס זיי האבן געזוכט אויסבאהאלטענעם געווער, דערטאפט בושעס א הערלעכן בילד. ער האט אפט געטרוימט: עס וועט זיך ענדיקן די מילכאמע, וועט ער פארקויפן דאס בילד, קויפן זיך א שטוב אין שוואלבאך און וועט כאסענע האבן מיט א רויקער, באלעבאטישער מיידל — ער האט שוין גענוג סיי די מילכאמע און סיי דאס לעבן אלס באכער. נאר ארויסקריכן פונדאנען א לעבעדיקער!...

די קוילנגרעבער האבן פארשטרייקט דעם פערצנטן יולי. פאר דער מילכאמע פלעגן אין דאזיקן טאג טאנצן די מענטשן. אף א בינע פלעגן זיצן פארשוויצטע מוזיקאנטן און בלאזן אין די טרומייטן. מיידלעך פלעגן פאנאנדערטראגן ביר, לימאנאד. צווישן טונקעלן געבלעטער פלעגן סוידעסדיק פינקלען פאפירענע לאמטערנעס. מען פלעגט טאנצן ביז אינדערפרי, און דער שטאט־פלאץ פלעגט אויסזען ווי א ריזיקער טאנץ־זאל. ווער פלעגט דאן דערמאנען, אז דער פערצנטער יולי איז ניט נאר דער אנהויב פון די זומערוואקאציעס, טענץ און בענגאליש פייער?... איצט האבן זיך די קוילנגרעבער פארזאמלט לעבן זשארעס' דענקמאל. א בארגיקער ווינט האט געמאכט פלאטערן די שווערע דרייקאלירנדיקע פאן. אף די טרעפ איז געשטאנען פאלינא; פונדערווייטן האט זי אויסגעזען ווי א סטאטוע; איר פאנעם האבן באלויכטן די לאמפן פון די ארבעטער. א שוואכע אבער קלארע שטים האט געכאזערט די ווערטער פון א לאנגאניקער שוווּע: „פרייהייט אדער טויט!” און טויזנטער שטימען האבן געענטפערט: „פרייהייט אדער טויט!” און א ווידערקאל האט צעטראגן ווייט ארום: „טויט!”.

זשאזעט, אדער ווי מען האט זי איצט גערופן, פאלינא, האט געארבעט אין דאזיקן ראיאן פון פאראיארן הארבסט. זי איז געוואקסן ווייט פונדאנען — אין צאפן־פראנקרייך, אבער אלץ פלעגט איר דא דערמאנען אירע קינדעריארן — די שווערע פראצע פון די קוילנגרעבער, זייערע כוישעכדיקע וויצן, די שטרענגע גוטסקייט. דא האט מען איר פארשטאנען אפן ווונק. מען האט איר געגלויבט, מען פלעגט איינער דעם אנדערן זאגן „פאלינא האט געזאגט...”

דער שטרייק האט שנעל ארומגעכאפט דעם גאנצן ראיאן. מען האט דערציילט, אז אין איניקע יישווים זיינען פארגעקומען צוזאמענשטויסן מיט דייטשן.

לייטענאנט שמידט איז ניט־טויט, ניט־לעבעדיק, אריינגעפאלן אין פאן הערלאכס קאבינעט:

— מען דארף זיי שוין צעטרייבן!

דער קאפיטאן איז געלעגן אפן דיוואן. די לאדנס זיינען געווען פארמאכט. פון דער גאס האבן זיך דערטראגן געשרייען, קלאנגען פון דער „מארסעליעזע”.

— רעדט ניט אזוי הויך, — האט געזאגט דער קאפיטאן. — ווען עס טרעפט מיט מיר אן אטאקע, דארף איך האבן פולשטענדיקע רו. אינטע־

רעסאַנט, ווי אַזוי רעכנט איר זיי צעטרייבן? מיר האָבן זעכציק מאַן, און שאַכטיאָרן זיינען פאַראַן דריי טויזנט.

— אָבער די דאָזיקע ברודיקע האָבן ניט קיין געווער.

— אומזיסט מיינט איר אַזוי. דער פראַנצויזישער זשאַנדאַרן־קאַפּיטאַן האָט מיר געזאָגט, אַז די טעראָריסטן האָבן דריי הונדערט אָדער פיר הונ־דערט אַמעריקאַנער אויטאָמאַטן. איר וואָלט נאָר מילכאָמע געהאַלטן... און ווער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן לעבן פון מיינע אונטערטעניקע?...

— אָבער, הער קאַפּיטאַן...

— הערט, איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך האָב אַן אַטאַקע. גייט און באַפעלט, אַז מען זאָל מיך ניט באַאומרויִקן. און אַף די שרייערס דאַרף מען ניט לייגן קיין אַכט. איך בין, גאָט צו דאַנקען, דריי יאָר אין פראַנקרייך. זיי וועלן זיך אָנשרייען און צעגיין...

פעלדפעבל קראַנץ האָט אָפּגעוואַרט שמידטן:

— וואָס האָט דער קאַפּיטאַן באַפוילן?

— וואָס ער האָט באַפוילן? אַז מען זאָל אים ניט באַאומרויִקן, ער האָט אַן אַטאַקע...

— עפּשער רופן אַ דאָקטאָר?

לייטענאַנט שמידט האָט זיך צעלאַכט:

— דאָקטוירים היילן ניט פון אַזעלכע קראַנקייטן... מען זאָגט, אַז גע־נעראַלן שטאַרבן באַ זיך אין בעט, קאַפּיטאַן פאָן הערלאַך האָט פעסט באַ־שלאָסן צו ווערן אַ גענעראַל...

די דייטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די שכיינעסדיקע יִישוּווים, זיינען פאַר מוירע אַנטלאָפן אין שטאָט. אַף די גאַסן האָבן די שאַכטיאָרן הויך געזונגען די „מאַרסעליעזע" און דעם „אינטערנאַציאָנאַל". אַ פאַרבינד־לערן האָט מודיע געווען זשאַזעטן, אַז דער פּאַרטיזאַנען־אָטריאַד, וואָס גע־פינט זיך אין די שכיינעסדיקע בערג, האָט באַשלאָסן שטורעמען די שטאָט. דעם פופצנטן יולי אין אָוונט האָט לייטענאַנט שמידט ראַפּאָרטירט פאָן הערלאַכן:

— אַלע ריידן, אַז די טעראָריסטן האָבן באַשלאָסן אַריינצורייסן זיך אין שטאָט. אויב מיר וועלן זיי אַהער אַריינלאָזן, וועט פאָרקומען אַ קאַ־טאַסטראָפע — זיי קענען באַוואָפענען די ברודיקע. ניט שווין־זשע דאַרפן מיר וואַרטן, ביז מען וועט אונדז אויסקוילענען?...

דער קאַפּיטאַן האָט געפרוווט אַ שמייכל טאָן.

— דאָס יִנגל האָט שטאַרק כיישעק צו קעמפן אַביסל?... גוט, איך האָב גאָרניט קעגן דעם... אַ שאָד, וואָס איך וועל ניט קענען זען, ווי איר פירט אָן מיטן קאַמף — איך פיל זיך היינט נאָך ערגער...

די שלאַכט האָט אָנגעהאַלטן פון האַלבן טאָג ביז זון־אונטערגאַנג. די דייטשן האָבן פאַרלאָרן דרייסיק מאַן. עס האָבן אויך געהאַט פאַרלוסטן די פּאַרטיזאַנען. אָוונט־צו האָט לייטענאַנט שמידט באַפוילן אָפּצוטרעטן אין שטאָט אַריין. די דייטשן האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין די קאַזאַרמעס.

דריי הונדערט פּאַרטיזאַנען האָבן זיך אויסגעשטעלט אַפן פּלאַץ. די שאַכטיאָרן האָבן זיי אַרומגענומען, געזאָגט: „גיט אונדז געווער, מיר וועלן

גיין מיט אייך אף אלבי"... א סאך פון די פארטיזאנער זיינען געווען שאכטיארן; זיי האבן זיך געלאזט איבער זייערע היימען. די נאכט איז געווען א היסע, א פינצטערע און טומלדיקע — מען האט געזונגען, געשריען, גראמולירט איינער דעם צווייטן.

אין דער שטאט־פארוואלטונג האבן נאעל און פאלינא באטראכט, ווי אזוי איינצונעמען די קאזארמעס.

— וויפל ביקסן האסטו? — האט געפרעגט פאלינא.

— אכט און צוואנציק, צוויי אויטאמאטן, דריי און פערציק רעוואלווערן, זעקס און דרייסיק האנט־גראנאטן. די מערהייט פארטיזאנער האבן גארניט, כויז מעסערס. דא איז עפעס פאראן?

— בא די אעס איז א גאנצער ארסענאל. מיר האבן איינגעארדנט א קאארדינירן־פארזאמלונג, אבער זיי ווילן אפילע ניט הערן. און בא אונדז איז מיין אויטאמאט און זיבעצן רעוואלווערן. דאס איז אלץ.

עלף אין אוונט האט פעלדפעבל קראנץ איבערגעגעבן קאפיטאן פאן הערלאכן א פארזיגלטן פאקעט. דער קאפיטאן האט איבערגעלייענט:

„ווי אייך איז באקאנט, געפינט זיך די שטאט און דער גאנצער ראיאן אונטער אונדזער קאנטראל. מארגן פאריניקט זיך מיט אונדז דער פארטיזאנער פאלק פון מאיאר לעזשע מיט ארטילעריע און דער אטריאד „ליבערטע". קעדיי אויסצומיידן אן אומזיניקע בלוט־פארגיסונג לייג איך אייך פאר קאפיטולירן. אלע דייטשישע אפיצירן און זעלנער וועלן אונטערפאלן אונטער די געזעצן פון די אינטערנאציאנאלע קאנווענצן. דער ענטפער מוז געגעבן ווערן ניט שפעטער פון 6 אזייגער אינדערפרי דעם 17־טן יולי 1944.

קאפיטאן נאעל".

פאן הערלאך איז אופגעשפרונגען פונעם דיוואן; ער האט גאר פארגעסן, אז ער איז קראנק... וואס פארא שוידער, די מילכאמע ענדיקט זיך און איך וועל דא אומקומען! פארוואס בין איך ניט אין נארמאנדיע? דארט איז אלץ א סאך פאשעטער... ווען דא וואלטן געווען די אמעריקאנער, וואלט איך זיך באלד אונטערגעגעבן... מען טאר זיך אבער ניט אונטערגעבן צו טערארייסטן, זיי וועלן נעמען אונטערפירן כעזשבוינעס... איך האב געוואלט לעבן בעשאלעם מיט די פראנצויזן, צווינגען זיי אפילע מיך צו קעמפן...

באנאכט האבן די פארטיזאנער, וואס האבן געהאלטן וואך בא דער שטאט־פארוואלטונג, פארהאלטן א דייטשישן זעלנער. מען האט אים אריינגעפירט אין בירגערמייסטערס קאבינעט. פאלינא איז געזעסן אין א פאטעל. נאעל איז געשלאפן, אונטערלייגנדיק צוקאפנס א קאדעקס. דער דייטש האט באלד געזאגט:

— איך בין אן עסטרייכער.

נאעל איז אופגעשפרונגען און, ניט באנעמענדיק גארניט פון שלאף, האט ער א געשריי געטאן:

— האסטו אן אויטאמאט?

— ניין.

— וואס־זשע ביסטו געקומען, אויב דו האסט ניט קיין אויטאמאט?

— איך האָב אײַך געזאָגט, אַז איך בין אַן עסטרייכער. איך וויל מער ניט קעמפן. דאָס איז שוין אַלץ צו ווייט אַוועק, איצט איז קלאָר, אַז מען וועט די דייטשן צעמיימעסן. און איך בין אַן עסטרייכער. דאָרט איז דאָ נאָך איינער אַ פּױלישער, ער האָט אויך באַשלאָסן דעזערטירן. מיינט נאָר ניט, אַז זיי וועלן זיך אונטערגעבן. קאַפּיטאַן פאָן הערלאַך האָט גערופן דעם קאָמענדאַנט פון אַלבי. און איצט האָט לייטענאַנט שמידט געמאָלדן, אַז מיר דאַרפן זיך האַלטן, ווייל פאַרטאָג וועט אָנקומען אַן אַטריאַד פון אַלבי מיט טאַנקען...

נאָעל האָט אופגערייצט געזאָגט:

— גוט, טראָג זיך אָפּ און קריג אַן אויטאָמאַט, אַז דעם דאַרפן מיר דיך ניט.

ווען דער דייטש איז אַוועק, האָט נאָעל געזאָגט פּאַלינאַן:

— אַ מיעסער אייסעק. אין אַלבי האָבן זיי אַ סך מיליטער. מען וועט מוזן אַוועקגיין, ווען ניט, בלייבן מיר אין אַ פּאַסטקע.

— איך וועל פּרוּוון נאָכאַמאָל דורכריידן זיך מיט לעגלאַנען, — האָט געזאָגט זשאָזעט. — זיי האָבן צוויי הונדערט אויטאָמאַטן און עטלעכע קוילנ־וואַרפער, איך ווייס עס אָפּ זיכער — איינער פון די אונדזעריקע איז געווען אָפּן פּלאַץ, בעיים זיי האָבן דאָס אופגענומען...

פאַר דער מילכאָמע האָט מען נאָר באַדאַרפט כאַפּן אַ קוק אין קאַפּע „ראָיאַל", האָט מען באַלד דאָרט געזען דעם נאָטאַר לעגלאַן. ער האָט קיינ־מאָל ניט געשפּילט אין קאָרטן, ווי אַלע שטאַמגעסט פון קאַפע, נאָר געפירט שמועסן — וועגן דורכגעפירטע קאַנטאָן־וואַלן, אָדער וועגן די באַפאַר־שטייענדיקע פּאַרלאַמענט־וואַלן, קריטיקירט דעם קאַבינעט, פאַרויסגעזאָגט קריזיסן, קריטיקירט דעם וואַטיקאַן, אָדער רוסלאַנד; געווען איז ער אַ סאָ־ציאַליסט, נאָכדעם אַ ראַדיקאַל, נאָכדעם ווידער אַ סאָציאַליסט; ריידנדיק פון פּאָליטיק, פלעגט ער נעמען רופן זיין מיטשמועסער ניט אַנדערש ווי „ביר־גער", ווען אַפילע דאָס איז געווען זיינער אַן אַלטער פריינט, אָנפּאַקן אים פאַר אַ קנעפּל און באַשפּייען אים. אין פערציקסטן יאָר האָט ער פּלוצלינג געמאָלדן: „פּאָליטיק איז מיר דערעסן, איך האָב אַ מישפּאָכע, איך בין ניט קיין אַוואַנטוריסט און ניט קיין יינגל". ער האָט דאַן זייער געציטערט, ער איז שיר ניט אַרויס מיט אַ ליבגעזאָגנג פאַר פּעטענען, אָבער זיין ווייב האָט אים דערפון אָפּגעהאַלטן: „צו וואָס דאַרפסטו ווידער קריכן אין די ראָזיקע שמוציקע אָסאָקים?..." איצט פלעגט לעגלאַן זאָגן, אַז אין פערציקסטן שוין, פלעגט ער אויספירן עפּעס אַזעלכע סוידעסדיקע שעליכעסן פון גענעראַל דע גאָל. האָגאָם קיינער האָט זיך צו אים ערנסט ניט באַצויגן, איז ער געוואָרן דער אָנפירער פון די היגע אָעס, אַפילע אַ דעלעגאַט פון לאָנדאָנער בסראַ; אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַן לעגלאַנען קען מען זיך ניט באַגיין, ער איז דאָך פאַר דער מילכאָמע געווען דער פאַרטרעטער פון בירגערמייסטער, פּרע־זידענט פון דער שטאָטישער אָפּטיילונג „ליגע פאַר מענטשן־רעכט" און די נעשאָמע פון „פאַרבאַנד פון אָנהענגער פון דער וועלטלעכער בילדונג אין דעפּאַרטאַמענט טאַרן".

זשאָזעט האָט לאַנג געקלונגען. עס איז געווען צוויי אינמיטן נאַכט.

מאדאם לעגלאן האט געטראכט: דאס זיינען געקומען דייטשן צונעמען איר מאן. דערזעענדיק פאלינאן, האט זי זיך אזוי דערפרייט, אז זי האט זי שיער ניט צעקושט. לעגלאן איז געווען אין א שלאף־ראק, וואס ער האט אנגעטאן אף דער געשטרייפטער פיזשאמע.

— זיי האבן ארויסגעפאדערט אן אטריאד פון אלבי, — האט געזאגט זשאזעט, — אויב אונדז וועט ניט געלונגען באוואפענען אלע פארטיזאנער, זיינען מיר פארלארן...

לעגלאן האט א גענעץ געטאן, אבער געמאכט אן אנשטעל, ווי ער וואלט אפגעזופצט:

— איך האב אייך געווארנט, בירגערין פאלינא, אז דאס איז אן אומזיניקע אוואנטורע...

— אלץ קען זיך ענדערן, אויב איר וועט אונדז צושטעלן געווער...

— מיר וונדערט אף אייך, איר זייט א געזעלשאפטלעכע טוערין, א פארשטייערין פון עפטעפע, און איר רעדט, ווי א קינד. איך קען אייך געבן מיין הויז, מיין רעוואלווער, מיין לעבן. אונדז האט פארבונדן א געמיינזאמע ארבעט, געפאר... אבער געווער — דאס איז ניט מיין אייגנטום, דאס איז דאס אייגנטום פון דער רעפובליק. מען האט עס אונדז געגעבן ניט פאר קינדערישע אוואנטורעס, נאר פארן „טאג זשי".

— דעם גאנצן פרילינג האט איר געזאגט, אז דער „טאג זשי" דאס איז דער דעסאנט פון די אליאירטע. עס זיינען פארביי זעקס וואכן...

— איר האט מיר ניט ריכטיק פארשטאנען, דער „טאג זשי" קען זיך אויסציען אף עטלעכע כאדאשים. מיר וועלן ערשט ארויסטרעטן, ווען מען וועט פון לאנדאן מעלדן וועגן אן אלגעמיינעם אופשטאנד.

— אבער דער אופשטאנד האט זיך אנגעהויבן.

— פריציייטיק. דער אופשטאנד וועט פארקומען לויט געביטן, אפהענגיק פון דער דערנענטערונג פון די אליאירטע. איר רעכנט זיך מיט די אינטערעסן פון איין פארטיי, פון איין קלאס, און מיר טראכטן וועגן דער גאנצער נאציע. אונדזער ציל — איז פארלייכטערן די אליאירטע באפרייען פראנקרייך. און די אליאירטע ארמיי איז נאך אין נארמאנדיע, הייסט עס, אז פון זיי ביז אונדז איז מער ווי טויזנט קילאמעטער...

זשאזעט איז אופגעשטאנען:

— איך פארשטיי ניט — ווער זייט איר? פראנצויזן? אדער עפשער פארשטייער פון „אינטעלידזשענס סערוויס", אמעריקאנער קווארטיר־מייסטערס?

לעגלאן האט פארלארן דאס גלייכגעוויכט, ער איז צוגעלאפן צו זשאזעטן און, באשפריצנדיק זי מיט שפייעכץ, אויסגעשריען:

— מיר זיינען פראנצויזן פון געבארן־טאג אן, און איר זייט געווארן פראנצויזן לויט א באפעל — דעם צוויי און צוואנציקסטן יוני איין און פערציקסטן. קלאר?

זשאזעט האט פארטראכטערהייט, שטיל, ווי זי וואלט גערעדט מיט זיך אליין געענטפערט:

— איך האב עס שוין געהערט — אין ניין און דרייסיקסטן ווען איך

האָט אונדז פאַרשפּאַרט אין די טפּיסעס און געגרייט זיך צו דער קאַפּיטולאַציע. אויך איצט האָט איר ניט מוירע פאַר די דייטשן, נאָר פאַר די אַרבעטער. צום ווידערזען, הער לעגלאַן, זייט מויכל, וואָס איך האָב אייך אומזיסט באַאומרויִקט.

עס איז נאָך געווען פינצטער, ווען די פּאַרטיזאַנען האָבן פאַרלאָזט די שטאָט. עס זיינען מיט זיי אַוועק אַ סאַך שאַכטיאָרן. עס זיינען אויך אַוועק די מישפּאָכעס פון די שטרייק־אָנפירער. נאָעל האָט באַפוילן פאַרטיילן זיך אין קליינע גרופּן. זיי האָבן זיך באַדאַרפט צונויפטרעפן לעבן טאָל צווישן די בערג: אַהין וועלן די דייטשן ניט קריכן. זשאַזעט האָט געפירט אַ גרופּע שאַכטיאָרן מיט זייערע מישפּאָכעס. לעבן קאַטר־רוט, האָבן זיי דערזען דייטשן. די דייטשן האָבן אַ געשריי געטאָן: „שטיי!"... דאָס איז געווען אַ טאָל, באַדעקט מיט גרויסע שטיינער און מיט גראָען שטעכיקן גראָז. דערזענדיק, אַז עטלעכע מענטשן פאַרשווינדן הינטער די שטיינער, האָבן די דייטשן גענומען שיסן. זשאַזעט האָט אַ געשריי געטאָן:

— גייט אַוועק!

זי האָט זיך געלייגט לעבן אַ שטיין און אַרויסגעלאָזט אַ ריי. די איבעריקע האָבן זיך צעלייגט און אָנגעהויבן שיסן. די שאַכטיאָרן, פרויען, די קינדער זיינען שוין געווען אויסער געפאַר: זיי האָבן באַוויזן צופּויזען צום באַרג, ווו עס זיינען געווען שמאָלע שפּאַלטן.

די דייטשן האָבן זיך געלאָזט ווייטער: זיי האָבן געאיילט אין שטאָט אַריין. ווען די שאַכטיאָרן זיינען צוגעלאָפן צו זשאַזעטן, איז זי געלעגן, אַרומגענומען מיט די הענט דעם שטיין. דאָס פּאָנעם אירס האָט אויסגעדריקט אַן אָנשטרענגונג, וואָס איז ניט פאַרמינערט געוואָרן דורך דעם טויט, עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי שיסט נאָך אַלץ. די שאַכטיאָרן האָבן אַוועקגעטראָגן זשאַזעטס קערפּער אַף אויבן. מען האָט זי מעקאַבער געווען באַם טאָל אונטער אַ ברייטן בוים. קיינער האָט ניט געוווּסט, ווי אַזוי איר עמעסער נאָמען איז, מען האָט נאָר געוווּסט, אַז זי איז געבאָרן אין פּיקאַרדיע אין אַ פאַמיליע פון אַ מינען־אַרבעטער. און די כאַווײרים האָבן אָנגעשריבן אַף איר קייווער: „פּאָלינאַ, אַ טאָכטער פון אַ שאַכטיאָר. אַ טאָכטער פון פאָלק. 17־טן יולי 1944".

לייטענאַנט שמידט האָט גליקלעך געפּאַכעט מיט די הענט:

— די טעראָריסטן האָבן זיך אָפּגעטראָגן באַצייטנס!...

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס איז מיט אייך די סימכע, — האָט געזאָגט פאָן הערלאַד. — היינט זיינען זיי אַוועק, מאָרגן וועלן זיי ווידער קומען...

און קאַפּיטאַן פאָן הערלאַד האָט אַ טראַכט געטאָן: אַט ווען איך וואָלט געקענט אַוועק פונדאַנען, נעמען בושען און אַוועק קיין שוואַלבאַד, ניין, דאַכט זיך, אַז איך וועל ניט אַרויס... עס איז גוט צו זיין אַזאַ אידיאָט, ווי שמידט, — ער שטעלט זיך פאָר, אַז איצט איז דער פערציקסטער יאָר... און פאָן הערלאַד איז געפאַלן אַ דערשעפּטער אַפן דיוואַן:

— זאָגט, אַז מען זאָל מיך מער ניט באַאומרויִקן.

דער אַלטער אולבוים איז געשטאַנען, ווי אַ וועכטער, איבער זשאַזעטס

קיווער. אין די דאזיקע ערטער זיינען פאראן ווייניק וועלדער; די ביימער לעבן איינזאם און קאנצענטרירט; עס קענען זיי גוט אלע איינוווינער פון די ארומיקע דערפער, זיי זאגן: „איך האב זיך אפגערוט אונטערן קאשטאן לעבן דער מיל", „מיר האבן זיך געטראפן דארט, ווו דער אלטער נוסבוים איז", „קומט צום בוים באם טייכל". די פארטיזאנער האבן שטודירט א נייעם מארש אף דער שטאט, און א כאווער, וואס איז געקומען פון אלבי, האט איבערגעגעבן נאווען: „מיר וועלן זיך טרעפן אונטערן אלטן אולבוים". נאעל האט אים אפגעווארט און דערמאנט זיך פאלינאן: „וויפל קראפט זי האט פארמאגט, די דאזיקע קליינע פרוי!..." נאכדעם האט זיך נאעל צוגעהערט צום אנהאלטנדיקן גערויש פון געבלעטער, ער האט א טראכט געטאן: עס רוישט, אבער וועגן וואס, איז אומפארשטענדלעך... די שפראך פון בוים איז געווען פאשעט און סוידעספול, ווי יענע מוזיק, וואס זשאזעט האט ליב געהאט.

## IX

די מאמעלע — איז א מאלאדיעץ, וואס פארא בריוו זי שרייבט, — פלעגט זיך זאגן מיט פארוואורף מינאיעוו, ווען עס פלעגט אים ארומנעמען די בענקשאפט פון פערטן יאר מילכאמע. אבער מאריא מיכיילאוונא האט די לעצטע צייט אנגעהויבן נאכצולאזן. פארשטייט זיך, אז זי וואלט בעשום אויפן ניט געשריבן דערפון מיטיאן. באטאג פלעגט זי זיך נאך שטארקן, אבער האט זי זיך נאר באדארפט לייגן, פלעגט איר אלץ אנהויבן ווייטאן. זי האט אויך פריער ליב געהאט צו שלאפן, אומטערלייגנדיק צוקאפנס עטלעכע קישעלעך; אבער איצט פלעגט זי זיך אופכאפן אינמיטן נאכט, זיצן אין דער פינצטער מיט אפענע אויגן און טראכטן — וועגן מיטיאן, וועגן די שכייניםׂ, וועגן דער מילכאמע; פון מידקייט האבן זיך די געדאנקען געפלאנטערט, אבער דער שלאף איז ניט געקומען.

א סאך האט זיך געענדערט אינעם לעבן פון דער קאמונאלער דירע, וואס מינאיעוו פלעגט רופן „די טייווע". אין צימער פון די פארשינס האט זיך באזעצט דאס פארפאלק קאזאקאוו; נאכדעם זיינען צוריקגעקומען פון בארנאול די פארשינס; די קאזאקאווס האבן זיך אפגעזאגט צו פארלאזן דאס צימער; דער דירע־אפטייל האט געזאגט, אז די פארשינס האבן ניט באצאלט צו דער צייט קיין דירע־געלט, דער צירקל־פראקוראר האט געהאלטן זייער צאד; דער סיכסעך האט אנגעהאלטן פיר כאדאשים, צום סאף האבן זיך די פארשינס צוריק ארייגעקליבן. שוראטשקעס מאן האט מען פאראיארן אין הארבסט שווער פארוואונדעט לעבן האמעל; ער איז אנגעקומען אן א פוס, געקלאפט מיט די קוליעס, ער פלעגט זאגן שוראטשקאן: „איך בין א יאד פאר דיר", זי פלעגט ענטפערן: „ניט עמעס, איך האב דיך מער ליב ווי אמאל, און הער אוף צו טראכטן, — מיר וועלן ווי עס איז דורכלעבן..." אירינא פעטראוונא קאוואלעוואס זון האט זיך ווידעראמאל אויסגעצייכנט: פרילינג־צייט איז ער געווען אין אורלויב, באקומען אן ארדען אין קרעמל; ער האט פול געמאכט די דירע מיט זיינע הילכיקע טריט, מיט זיינע מאט־

ראסן־ווערטלער. מיט מייסעס וועגן ווייטן צאפן־יאם. אירינא פעטראוונאס טאכטער נאטאשא, האט כאסענע געהאט. פון אלמא אטא איז צוריקגעקומען קאצמאנס פרוי און, ארייגנגייענדיק אין שטוב, האט זי זיך צעוויינט אפן קאל: אלץ דא אין הויז האט איר דערמאנט אן גרישאן. די מילכאמע האט זיך שוין לאנג דערווייטערט פון די זומער־פלעצער ארום מאסקווע און אוועק קיין פוילן, צו די קארפאטן, צו די גרענעצן פון דייטשלאנד. די מענטשן איז לייכטער געווארן און קען זיין, אז טאקע דערפאר איז זיי שווערער נעווארן. אירינא פעטראוונא פלעגט פריער ניט באמערקן די טאג־טעגלעכע שוועריקייטן; איצט פלעגט איר פארדריסן, פארוואס מען האט ניט באקומען אף די שפייזקארטן, ארער וואס מען האט אויסגעלאשן די עלעקטריע. פאר דריי יאר האבן זיך אלע שווער איבערגעהארעוועט, געווארן נערוועז. פלוצלינג האט זיך אירינא פעטראוונא צעקריגט מיט דער פארשינא איבער א פענדל, און אליין זיך פארשעמט: ווי די מילכאמע וואלט זיך שוין טאקע פארענדיקט... קוקנדיק אף די מאסקווער גאסן, האט מען געקענט פארגעסן אין דער מילכאמע — א סאך אויטאס, אן אוילעם, דאכט זיך, גרעסער ווי פאר דער מילכאמע; מען רעדט וועגן בילעטן אין טעאטער, וועגן צימערן, פאיאק, אבאנאמענטן. דער דאזיקער איינדרוק איז געווען א טאעסדיקער. געוויס, מען האט זיך צו דער מילכאמע צוגעוווינט: צו אלץ געוווינט מען זיך צו. מען האט זיך צוגעוווינט צו די זיגן, מען פלעגט זאגן: „היינט וועלן זיין צוויי סאלוטן, איינער פאר פסקאוו, דעם צווייטן האב איך פארהערט...״ מען האט זיך צוגעוווינט צו דער צעשיידונג. אבער אונטער דער אויסערלעכער רו איז געווען פארבארגן אן אומרו, טרויער נאך די אומגעקומענע, א האפענונג אף א באלדיקער באגעגעניש.

בעיס קאצמאן פלעגט פארנאכט קוקן אפן הימל, וואס איז געווען באהעלט מיט גרינע און רויטע פייערן, פלעגט ער באזונדערס שארף פילן, אז קיינמאל וועט שוין גרישא ניט ארייגלויפן אין צימער מיט א געשריי: „פאפא, די דינאמאווצעס האבן געוואונען דריי קעגן איינעם...״ און ווען דער דיקטאר פלעגט ווידערהאלן „אייביקער רום די העלדן!״ פלעגט דאוויד גריגאריעוויטש זיך דערמאנען דעם ערשטן מילכאמע־יאר. דעמאלט זיינען ניט געווען ניט קיין ראקעטן, ניט קיין פייערלעכע זאלפן...

מאריא מיכײַלאוונא האט איצט מער ווי פריער געציטערט פאר מיטיאן. ער האט כאסענע געהאט, זיי וואלטן געקענט רויִק לעבן, אבער זיי זיינען אפן פראנט... באנאכט פלעגט זי הערן: אט קלאפן וואלקאווס קוליעס, אט הערט מען פון קאצמאנס צימער א פארשטיקטן געוויין — אנא באריסאוונא פלעגט וויינען נאר באנאכט, ווען איר מאן פלעגט אוועקגיין ארבעטן אין דער צייטונג. א שרעק פלעגט באפאלן מאריא מיכײַלאוונאן, פלעגט זי ארויסנעמען פון קאמאד מיטיאס בריוו, די פאטאגראפיע פון איר נייער שנור, דאס בילד פון איר זון, אראפגענומען פון א צייכניש, געקוקט אף זיי, צוגעטראגן צו די ליפן, געדריקט מיט דער האנט, ווי זי וואלט וועלן באשיצן פון טויט דאס צארטע גליק.

עס איז געווען א הייסער יולי־טאג. מאריא מיכײַלאוונא האט געוויינט, ווען קאצמאן האט זי א רוף געטאן:

— טוט אַ קוק אין פענצטער...

איבער סאַדאָווע גאַס האָט מען געפירט געפאַנגענע דייטשן. עס האָט אָנגעקלאַפּט וואָלקאָוו — געבעטן דערלויבן אים אַ קוק טאָן — זיין פענצטער איז אַרויסגעגאַנגען אין הויף.

אונטן אַפן טראָטואַר האָבן זיך געטומלט מענטשן; עס איז ניט געווען ניט קיין געשרייען, ניט קיין געלעכטער. שווייגנדיק האָט מען געקוקט אויף די דייטשן: דאָס שווייגן איז געווען אַ שווערס; און אייניקע דייטשן פלעגן ניט אויסהאַלטן דעם בליק פון די פרויען — זיי האָבן זיך אָפּגעקערט.

קיינמאָל האָט מאַריאַ מיכײַלאָוונאַ ניט געקענט זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי עס זעען אויס מענטשן, וואָס האָבן אַלעמען פאַרשאַפט אַזויפיל שלעכטס, דערהאַרגעט גרישאַן, פאַרקריפּלט וואָלקאָוון. זי האָט געקוקט אויף די דייטשן, באַמיענדיק זיך צו פאַרשטיין עפּעס זייער וואָגיקס.

פאַרויס זיינען געגאַנגען גענעראַלן; אַנקוקנדיק איינעם האָט מאַריאַ מיכײַלאָוונאַ אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ; אַז אַלטער מאַן און ער שעמט זיך גאָרניט?... נאָכדעם האָבן זיך באַוויזן אָפיצירן. צווישן זיי זיינען אויך געווען אַ סאַך מיטליאָריקע. די קאָלאָנע איז שטיין געבליבן. מאַריאַ מיכײַלאָוונאַס אויגן האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט די אויגן פון אַן אָפיציר; עס איז אין איר אַלץ פאַרגליווערט געוואָרן — אַזויפיל האַס איז געווען אין זיין בליק. זי האָט שטיל אַ זאָג געטאָן:

— עמעסע ראָצכים...

וואָלקאָוו האָט אַ בורטשע געטאָן:

— איך האָב זיך גענוג אָנגעזען...

ער איז אַוועק צו זיך. און קאַצמאַן האָט מער ניט געקוקט אין פענצטער, ער האָט זיך געזעצט אַפן בעט. און ער האָט אויסגעזען אַזוי דערשלאָגן, אַז מאַריאַ מיכײַלאָוונאַ האָט זיך צוגעזעצט צו אים.

— מען האָט זיי געכאַפּט, זאָלן זיי, די פאַרשאָלטענע, צוריקבויען די שטעט, די מענטשן קענען זיי ניט צוריק לעבעדיק מאַכן...

קאַצמאַן האָט געזאָגט:

— איך — דוכט זיך, — ראָצכים, איך האָב אַפילע דאָס ניט געפילט. עס גייען געוויינלעכע מענטשן, ווען מען זאָל זיי איבערטאָן, וועסטו קיינמאָל ניט זאָגן... זיי קייען עפּעס, ריידן, לאַכן... און אָט די האָבן לעבעדיקע קינדער באַגראָבן... דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע — פון מענטשן קען מען אַלץ מאַכן. די דאָזיקע זיינען דאָך אויך געווען קליינע... און גרישאַ...

ער האָט ניט דערזאָגט. מאַריאַ מיכײַלאָוונאַ האָט אים אַרומגענומען:

— אַלע ווערן געבאָרן די זעלבע, דאָס איז עמעס, אָבער וואָס מען הויכט אַריין אין אַ מענטשן... איך רייד וועגן דער נעשאָמע... דאָוויד גרינזאַריעוויטש, גיט אַ טראַכט וועגן דעם — עס האָט געזיגט גרישאַ...

צווישן די געפאַנגענע האָט אויך געשפּאַנט שירקע. ער האָט נייגיריק באַטראַכט די שטאָט, די מענטשן. גרויסע הייזער, ווי אין בערלין, און לעבן זיי שטיבעלעך. צופיל מענטשן. שירקע האָט דערוואַרט, אַז די רוסן זאָלן שילטן, אָדער באַוואַרפן מיט שטיינער, נאָר די רוסן האָבן געשוויגן, און ער האָט מיט עקל אַ טראַכט געטאָן: „מיזרער"... מען האָט ניט געטאָרט

אנפארטרויען ריבענטראפן צו פירן די אונטערהאנדלונגען מיט ענגלאנד. עס וואלט בעסער געווען נאכגעבן דאן די ענגלענדער, דערנענטערן צו די אמעריקאנער און צעריבן אט די... ס'איז א ספק צי מיר וועלן איצט געווינען די מילכאמע. מען וועט מוזן אלץ אפלייגן אף צוואנציק יאר... אינטערעסאנט צי מען וועט אונדז ארויסגעבן רעגולער פאפיראסן?... ער האט זיך געהאלטן פארזיכטיק, באטראכט — צי עס לוינט צו פארייניקן זיך מיט יענע אפיצירן, וואס טרעטן ארויס קעגן דעם פיורער? אויב רעכענען, אז מיר וועלן פארשפילן, דארף מען זיך פארייניקן — רעזערווירן זיך פאר דער צוקונפט. פריער אדער שפעטער וועלן זיך די אמעריקאנער און ענגלענדער צעריסן מיט די רויטע, און דאן וועט שלאגן אונדזער שא... וואס פארא אומויסדרוקפולע פענעמער בא די רוסן! אט איז אין פענצטער א זאקן מיט א זקיינע, קוקן זיי טעמפ, עס פילט זיך אפילע ניט אין זיין קיין האס...

לעבן שירקען איז געגאנגען עפעס א קאפיטאן. ער האט געזאגט:

— שרעקלעך! זיי קוקן אף אונדז ווי מיר וואלטן גאר קיין מענטשן ניט געווען... בעסער וואלטן זיי אונדז געזידלט...

שירקע האט געצוקט מיט די אקסלען. צוליב אזעלכע זיינען מיר אומגעקומען — א קאפיטאן, און ווי צעקראכן ער איז... לעבן פיורער זיינען דא א סאך פאכדאנים, צווייפענעמדיקע. מען זאגט, אז די רויטע זיינען שוין ניט ווייט פון דער גרענעץ... אלץ איינס, אונדזערס וועלן מיר אפנעמען. האנס וועט דורכגיין די גאסן פון מאסקווע ניט אזוי, ווי איך, ער וועט אדורך ווי א זיגער...

פלוצלינג האט עפעס א קליין יאטל אנגעוויזן מיטן פינגער אף שירקען און א געשריי געטאן:

— מאמע, ס'ארא שרעקלעכער פריץ!...

די מאמע האט א שמייכל געטאן:

— וואס האסטו מוירע, נארעלע? ער איז אין א מויל־צוים...

פארנאכט האט מאריא מיכײַלאוונא געשריבן צו איר זון:

— טייערער מיטענקא!

היינט האט מען דורכגעפירט די מערדער איבער מאסקווע, נאכדעם האט מען געוואשן דעם ברוק, און איך האב אלץ געטראכט, אז עס איז גרינגער אפצוואשן דעם שטיין איידער אזעלכע — וויפל דו וועסט זיי ניט וואשן, וועסטו זיי סיי ווי ריין ניט אפוואשן. מיר האבן שפעטער לאנג געשמועסט מיט דאוויד גריגאריעוויטשן. ער האט ריכטיק געזאגט, אז פון א מענטשן קען מען אלץ מאכן, איך קען נאר ניט פארשטיין, ווי אזוי האבן זיי באוויזן ארויסצוגעבן אזויפיל מענגוואלים? איינער איז געגאנגען, איך פארשטיי אפילע ניט, ווי אזוי עס איז געלונגען אים צו כאפן — אן עמעסער נאזלען. דיינע בריוו זיינען פריילעכע, אבער איך וויים דאך, אז דו לאכסט אויך דאן, ווען אפן הארצן איז פינצטער און ביטער. שרייב וועגן געזונט און וועגן אליענקאן. שרייב וואס מער. איצט וועט זיך באלד אלץ ענדיקן, ווען מען האט זיי געפירט, בין איך נישטויכעם געווארן — עפשער הונדערט פוינט געווען, איך וויים ניט. און וועגן מיר זארג ניט — איך בין געזונט, איך ארבעט און ווארט נעדולדיק אף אייער קומען, מיינע טייערע".

זי איז געזעסן לאַנג, ניט אויסגעטאָן, פֿון די אויגן האָבן זיך שטיל געגאָסן טרערן. נאָכדעם האָט זי אַ ציטער געטאָן: וואָס האָב איך זיך צע־ וויינט? און זי האָט זיך אַליין געענטפֿערט: אַ שאָד די מענטשן...

X

גענעראַל פֿאָן זאַלמוט האָט געזאָגט: „פֿאַלקאָווניק גאַבלער איז אַ פֿאַכדן, אַזאַ איינעם דאַרף מען דעגראַדירן”. און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער גענעראַל גראַטולירט גאַבלערן: „איר האָט זיך באַצייטנס אַרויסגעדרייט פֿון דער פּעטליע. דאָס איז אַ גלאַנץ־מאַנעוור”... גאַבלער האָט אַ שמייכל געטאָן: אַט צו וואָס מען איז דערגאַנגען — אַ ריקצוג ווערט אָנגענומען פֿאַר אַ זיג...

די דיוויזיע, מיט וועלכער גאַבלער האָט אָנגעפֿירט, האָט אויסגעמיטן דעם גורל פֿון די אַנדערע טיילן, וואָס האָבן געהערט צו דער ניינטער אַרמיי. עס איז שווער צו זאָגן, וואָס עס האָט גאַבלערן געראַטעוועט — זיין קאַלט־ בלוטיקייט אָדער די פּאַניק, וואָס האָט באַהערשט די זעלנער. מינאַסטאָם, סיי דאָס און סיי דאָס צווייטע — דערזעענדיק די שטימונג בײַ זיינע מענטשן, האָט גאַבלער, אין קעגנזאַץ צום באַפֿעל, שנעל אָוועקגענומען די דיוויזיע אויף הינטער.

וועגן דער געפֿאַר, וואָס האָט געדראָט זייער דיוויזיע, האָט זיך ריכטער דערוווּסט פֿון פֿאַלקאָווניק. ער האָט, וואָס אַז עמעס, אויך פֿריער געהערט שרעקלעכע דערציילונגען וועגן מינסק, וועגן באָברויסקער קעסל, אָבער ער האָט שוין לאַנג באַגריפֿן, אַז מען טאָר גאָר ניט גלויבן — איינער זאָגט, אַז מען האָט די אַמעריקאַנער צוריקגעשליידערט אין יאַם אַריין, אַ צווייטער דערציילט, אַז די רויטע האָבן זיך אַריינגעריסן אין אָסטפּרייסן, אַ דריטער פֿאַרזיכערט, אַז די „פּאָו” האָבן אָפּגעווישט לאָנדאָן, און שפּעטער ווייזט זיך דאָס אַלץ אַרויס ווי באָוועמיסעס. אין צייטונג געפֿינסטו גאָרניט — קישעף־שפּרוכן מיט אויסרוף־צייכנס אָדער קליינע קאַמף־עפּיזאָדן. מען זאָגט, אַז דער פֿיורער האָט קלוימערשט גרייט אַ נייעם געווער, וואָס וועט אַלץ דעצידירן; מעגלעך, אַז אויך דאָס זיינען כאַלוימעס...

גוט, וואָס מען האָט אונדז געלאָזט אָפּרוען זיך, מיר האָבן זיך אַרומ־ געוואַשן, אויסגעשלאָפֿן זיך, עס איז דערשינען עפּעס מענטשלעכס. איך, צום ביישפּיל, האָב זיך דערמאָנט, אַז עס איז דאָ גילדאַ. דאָס איז אינטערע־ סאַנטער ווי די „פּאָו”... אָבער, ווער ווייס זי, וואָס זי טוט איצט? צערטלט זיך, אָוואָדע, מיט איר איטאַליענער... יעדנפֿאַלס, איז אָנגענעם, וואָס איך קען ווידער טראַכטן דערפֿון...

קיינמאָל האָט ריכטער ניט געזען דעם פֿאַלקאָווניק גאַבלער אין אַזאַ אויפֿגעהייטערטער שטימונג. ער האָט געגריזשעט אַ פֿאַרלאָשענעם ציגאַר, גע־ קלאַפּט מיט דער דלאָניע איבערן טיש. ריכטער האָט אַ טראַכט געטאָן: זיי־ נען מיר ניט אַמאָל אַריין אין אַ נייעם קעסל?

גאַבלער האָט אַליין גערעדט וועגן דער קאַטאַסטראָפֿע: — מעגלעך, אַז דאָס איז ווייניקער עפּעקטפֿול, ווי סטאַלינגראַד. קיין טרויער האָט מען ניט געמאָלדן... אָבער פֿאַר אונדז איז דער קלאַפּ נאָך שרעקלעכער. פֿון דער צענ־

טראַלער גרופּע זיינען פאַרבליבן פּיצלעך. און דאָס איז ניט אַף דער וואָלגע... איר ווייסט, וווּ מיר זיינען? אין פּוילן.

ריכטער האָט געזאָגט:

— איך בין געווען אין דאָזיקן דערפל האַרט פאַר דער מילכאָמע. פונ־דאָנען האָבן מיר אָנגעהויבן...

— איך קען אייך ניט גראַטולירן מיט אַזאַ צוריקקומען. איך ווייס, אַז איר זייט ניט שולדיק. אונדזערע זעלנער האָבן גלענצנדיק געקעמפט. אָבער וואָס ווילט איר... אויב מיר פלעגן ביזן צוויי און פערציקסטן זיגן, איז ניט אַ דאַנק די דאָזיקע שרייערס, נאָר קעגן זיי, זיי האָבן שוין דאַן גערוקט פלעקענער אין די רעדער. איצט, ווען דייטשלאַנד איז אַפן ראַנד פון אומקום, רעכענען זיי זיך אָפּ מיט דער אַרמיי...

ריכטער האָט אָנגענומען, אַז גאַבלער האָט אומאָנגענעמלעכקייטן — פעלדפעבל ענגעל האָט דערציילט: מען באַשולדיקט דעם פאַלקאָווניק אין קליינמוטיקייט. און ריכטער האָט געוואָגט צו זאָגן:

— ווען דער איניען וועט דערגיין צום פיורער, וועט ער פאַרשטיין, אַז איר האָט געראַטעוועט אונדזער דיוויזיע.

גאַבלער האָט אומהיימלעך אַ שמייכל געטאָן, באַווייזנדיק לאַנגע שי־טערע ציין. דער טעלעפאָן האָט גענומען קלינגען. דער פאַלקאָווניק האָט גע־נומען די טרייבל און באַלד זי צוריקגעוואָרפן. ער האָט אַ געשריי געטאָן ריכטערן:

— איר קענט גיין! — און, באַדענקענדיק זיך, האָט ער אים אויסגע־שטרעקט די האַנט: — אַנטשולדיקט, אָבער איך בין זייער באַשעפטיקט...

ריכטער איז אַוועק אַ צעטודערטער: דעם פאַלקאָווניקס אומרויִקייט האָט אים אָנגעשטעקט. ער האָט געוואָלט דערציילן זיין נייעם פריינט, דעם פעלד־פעבל ענגעל, אַז דער פאַלקאָווניק האָט, ווייזט אויס, אַ סאַך אומפריינט, אָבער ענגעל האָט אים ניט געלאָזט עפענען דאָס מויל:

— וואָס זאָגסטו ניט דערצו? דער פאַלקאָווניק האָט דיר ניט געזאָגט? מיט צוויי שאָ צוריק האָט מען געמאָלדן... מען האָט געוואָרפן אַ באָמבע אַפן פיורער, אָבער ער איז אַרויס בעשאָלעם.

דאָס איז געווען אַף אַזויפיל אומדערוואַרט, אַז ריכטער האָט געפרעגט:

— ווער האָט געוואָרפן? די ענגלענדער?

ענגעל האָט זיך קורץ צעלאַכט:

— וואָס האָט עס צו טאָן מיט די ענגלענדער! אַ דייטשישער אָפיציר. עס איז פאַרמישט דער גענעראַל פאַלקאָווניק בעק...

— איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין.

— קיינער הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין. אָבער איך ראָט ניט פרעגן — מען קען אומגעריסן ווערן אָן קיין שום באָמבע...

אָט פאַרוואָס גאַבלער איז געווען אין אַזאַ צושטאַנד. אַ סקאַנדאַל — די רויטע דערנענטערן זיך צו די גרענעצן פון דייטשלאַנד, און עפּעס אויס־וואָרפן דאָרט פירן אונטער זייערע כעזשבוינעס מיטן פיורער! זיי ווילן אי־בערבאַזערן דאָס אַכצנטע יאָר... ניט שוין־זשע האָט זיך דער גענעראַל־פאַל־קאָווניק געקענט פאַרפלאָנטערן מיט די קאָמוניסטן. באַלד אָבער האָט ריכ־

טער מעוואַטער געווען אַף דער הויכער פּאַליטיק: עס איז אָנגעקומען פּאָסט. גילדאַ האָט געשריבן, אַז אין ווערניגראַד „איז אַ שווידערלעכע שטימונג" אָבער זי באַמיט זיך ניט אַריינפאַלן אין פּעסימיזם, זי שפּילט טעניס מיט „איינעם אַ באַשיידענעם אַרכיטעקט" און וואַרט אַף קורטס קומען. ריכטער האָט זיך געזידלט: וואָס רופט זי אַן „טעניס"? איך וואָלט געוואָלט אָנקוקן דעם פּרעכן פּאַרצעף פון דאָזיקן באַשיידענעם אַרכיטעקט! שוין בעסער אַן איטאַליענער, אָדער אַ באַנקיר, אָדער אַן ערדאַרבעטער. עס דאַרף גילטן אַ פּרימיטיווע אָרנטלעכקייט: אַן אַרכיטעקטס אַ ווייב טאָר ניט וואַגן צו פּאַראַטן דעם מאַן מיט אַן אַרכיטעקט...

זיי האָבן זיך לאַנג פאַרהאַלטן אין דאָזיקן אָרעמען דערפל. ריכטער האָט זיך ניט ווילנדיק דערמאָנט דאָס פאַרגאַנגענע, אַ יוני־נאַכט, קלעפּערס גאַזיווע אויגן, מאַראַבוס סילועט. קיינער ניט פאַרבליבן פון די פריערדיקע. קלעפּער איז אומגעקומען, ווען זיי זיינען געלאָפן פון הינטער מאָסקווע. עס איז געווען קאַלט און פּאַסקודנע אַף דער נעשאָמע — קיינער האָט זיך נאָך ניט פאַרגעשטעלט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַן עמעסע מאַפּאַלע. קלעפּער איז געווען אַ גרויסהאַלטער, אָבער ניט קיין שלעכטער יאָט. ער האָט געטרוימט כאַסענע האָבן מיט עפּעס אַ מיידל, באַווייזן איר בילד. ער האָט געהאַט אין האַמבורג אַ פיינע פאַמיליע. די פאַמיליע איז שוין אויך, אַוואַדע, ניטאָ... יענעם ווינטער האָט מען דערהאַרגעט דעם אונטער באַוער. דאָס איז געווען אַ שטילער באַשיידענער מענטש. מאַראַבו פלעגט פאַרזיכערן, אַז באַוער איז אַ פאַרשטעלטער פאַרעטער — ער פלעגט צו ווייך ריידן מיט די רוסן. און דערהאַרגעט האָט אים אַ רוס... וו־זשע איז דאָ די לאָגיק! אַרעמער מאַראַבו, ער פלעגט אַ סאַך לייענען, ער האָט אָבער געדענקט אָבסטראַקט, אַזאַ מענטש איז ניט באַשאַפן פאַרן לעבן. ער איז אומגעקומען, ווען מיר האָבן אָנגעגריפן אַף קורסק, ער האָט געגלויבט, אַז מיר וועלן אַדורך... דאָס איז געווען אַ מוירעדיקע שלאַכט אין טראַנשיי. די רוסן זיינען ווילד געוואָרן. אַ מאָדנע פאָלק די רוסן — אַזוי זיינען זיי גוטהאַרציקע, ברענגסט אים אָבער אַריין אין קאַס, איז ער ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיך... דער איבערזעצער בראַון פלעגט זאָגן, אַז ערים האָט אַמאָל געוואָלט לייזן אַ רעטעניש: וועמ עס וועט זיגן, דער רוס אָדער דער טייוול, און ערים האָט געענטפערט: „עס ווענדט זיך, וואָס פאַראַ טייוול — אַ רוסישער אָדער אַ פּרייסישער, אויב אַ רוסישער, קען זיגן דער טייוול"... בראַונען האָט מען דערהאַרגעט אין רזשעוו, ער איז געזעסן און געשריבן אַ מעמאָראַנדום „וועגן דעם מאָראַלישן צושטאַנד פון די רוסן", און דאָ האָט אויפגעריסן אַ מינע... ווען מען איז געלאָפן פון דער דעסנע, איז אומגעקומען טאַראַקאַן. דערמאָנסט זיך און עס איז אַזוי, ווי דו וואָלסט געגאַנגען איבער אַ בייסוילעם... דער געלער קאַרל האָט נאָך ניט לאַנג געשריען, אַז עס וועט קלעקן ביימער פאַר אַלע רויטע, און אַט איז שוין קאַרל ניטאָ, ער איז פאַרפאַלן געוואָרן באַם לעצטן ריקצוג צוזאַמען מיטן אָבערלייטענאַנט האַזע.

באַ די דאָזיקע טרויעריקע דעריגערונגען, איז אַריינגעלאָפן זייער אַן אויפגערעגטער דער פעלדפעבל ענגעל:

— מען האָט אַרעסטירט דעם פּאַלקאַוניק גאַבלער. פון שטאַב איז געקומען גענעראַל העלוויטץ און איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער דער דיוויזיע...

ענגעל איז געווען דער איינציקער מענטש, וועמען ריכטער האָט גע־טרויט, ער האָט געזאָגט:

— אָבער דאָס איז דאָך שרעקלעך! דער פּאַלקאַוניק האָט אונדז אַרויס־געפירט פון אַ קעסל. פאַר רזשעוו האָט אים דער פיורער געדאַנקט. זאָג, דו פאַרשטייסט דאָ עפּעס?...

ענגעל האָט אַ קוק געטאָן אויף ריכטערן מיט קליינע ביטערע אייגעלעך:

— דאָ קען מען אָדער גאָרניט פאַרשטיין, אָדער פאַרשטיין צופיל, און דאָס איז געפערלעך...

— באַלד וועל איך דיר אַלץ דערקלערן, ווי איך וואָלט געאַרבעט דריי יאָר אין פּעקאָ. די אַלטע מיליטערלייט דאָס זיינען רעאַקציאָנערן, זיי האַלטן, אַז די לאַגע איז אַ קריטישע, און זיי ווילן זיך צונויפריידן מיט די פּלוטאָ־קראַטן. זיי וועלן דאָך ניט ריידן מיט די באָלשעוויקעס... נו, און פאַר אַזעלכע שמועסן דאַרף מען האָבן די געהעריקע סוויווע. האָבן זיי טאַקע באַשלאָסן אָפּצוראַמען די ניט־צוגעפּאַסטע. קלאָר, אַז דאָס זיינען פאַרעטער, אויך גאַבלער איז אַ פאַרעטער...

ריכטער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין האַרצן פילט ענגעל מיט דעם פּאַל־קאַוניק, אָבער ער האָט מוירע זיך מודה צו זיין. אָבער דאָ רעדט זיך ניט וועגן ענגעלן... הייסט עס, אַז גאַבלער איז געווען מיט די פאַרשווערער, אַט פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי דענערווירט... דאָס איז אַ גוטער מיליטערמאַן, אַ טיפּישער פאַרקערפּערונג פון אַלטן דייטשלאַנד. ער איז געווען גערעכט — אַמעריקאַנער קענען ריידן מיט מיליטערלייט, מיטן סלער, מיט בריונינגן, אָבער ניט מיט די נאַציס... און די לאַגע איז אַן עקלדיקע, מען זעט עס אַפילע פון די צייטונגען. די אַמעריקאַנער האָבן פאַרנומען ברעטאַן, זיי וועלן געווים גיין אויף פּאַריז, און די רויטע זיינען בײַ דער ווייסל. און דער דאָזיקער מעשוגענער הענגט אויף דייטשישע גענעראַלן. ריכטער האָט אַ צי־טער געטאָן דערפון, וואָס ער האָט אין די געדאַנקען אָנגערופן דעם פיורער מעשוגענער; ער האָט זיך אָבער באַלד אונטערגעהאַלטן: איך האָב שוין אַזוי געטראַכט אין אַכט און דרייסיקסטן. שנעקעס האָבן זיך דאַן אַנטציקט, און איך פלעג זאָגן הילדאַן, אַז דאָס וועט זיך שלעכט פאַרענדיקן. דאַנקען גאָט, איך בין ניט קיין נאַצי. מען האָט מיך געצוווּנגען קעמפן... איך האָב גאָר געוואָלט פרידלעכער לעבן, בויען הייזער און מער ניט. אייערנעכטן האָט מען מודיע געווען, אַז אין דער פאַרשווערונג איז פאַרמישט דער פּאַלקאַוו־ניק ווילקע. ס׳איז נאַטירלעך — די אויסשפּירער ווייסן מער פון אַנדערע. אַגעוו, האָט ווילקע גאָרניט געוווּסט, ערעוו דער מילכאָמע האָט ער גערעדט פון אַ „האַלב־פרידלעכער אַריינדרינגונג". מילכאָמע — דאָס איז אַ שפּיל אין ביינדלעך... איצט איז דער איקער בלייבן לעבן, עס וואָלט געווען צו נאַריש אומצוקומען פאַר אַ פאַרפאַלענער זאַך.

פון דעם טאָג אָן האָט ריכטער גענומען פיינלעך טראַכטן פון איין זאַך — ווי פּעקלט מען זיך אַרויס פון דאָזיקן גענעם. עס זיינען אופגע־

שווגמען די אויסטערלישסטע פלענער: פאַרוואַנדלן זיך אומגערן אין דער אַנוועזנהייט פון אַן אָפיציר, קעדיי מען זאָל ניט קענען באַשולדיקן; מעלדן, אַז ער האָט וויכטיקע באַווייזן וועגן גאַבלערס פּאַראַט, אָבער ער קען זיי נאָר אַנטפּלעקן אין בערלין, אַפּזוכנדיק אַן אַלטן טאַגבוך; דעזערטירן און איינבעטן זיך בײַ עפּעס אַ פּוילישער פרוי, אַז זי זאָל אים אויסבאַהאַלטן ביזן סאָף פון דער מילכאָמע. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס אַלץ איז אַן אומזין. ענגעל, וואָס איז געווען פאַר דער מילכאָמע אַ באַלעבאָס פון אַ שור־געשעפט אין שאַרלאָטענבורג, האָט בײַ אַ געלעגנהייט געזאָגט:

— אין אַלגעמיין, זיינען מיר ניט ווייט פון דער היים.

און ריכטער האָט גענומען טרוימען: אָט וועט זיך גאָר אַלץ ענדיקן גוט — מיר וועלן אָפּטרעטן, אָפּטרעטן, און פּלוצלינג וועל איך דערזען הילדאָן. זאָל זי זיך קושן מיט יענעם אַרכיטעקט, ס'איז ווערט אַ שפּײַ, איך זאָל זיך נאָר דערקלייבן צו איר...

## XI

זיי זיינען געגאַנגען פון טייכל צום פעלד; און אַלע בלומען פון אַ פאַרשעטן רוסישן פעלד — די באַשיידענע קאַשקע, די ווייסע שמעקנדיקע מעדוניצע, גלעקלעך, דער בלאַ־אויגיקער באַרווינעק, רומיאַנעק, ווילדע גוואַזדיקע, הינערפּלעט, מאַמע־און־שטיפמאַמע, אַ סאַך אַנדערע, גאָלדענע, ראָזע, וויאָלעטע, האָבן מעקאַבל פּאָנעם געווען סערגייען און וואַליאַן מיט יענעם זומער־געררוד, וואָס פירט אַראָפּ פון זינען בײַם אונטערגאַנג פון אַ הייסן טאָג, מענטשן און בינען. וואַליאַס גליק איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט ניט געפּרעגט, ניט דערציילט, זי פלעגט נאָר פון צייט־צו־צייט אָנעמען סערגייס האַנט, ווי זי וואָלט זיך וועלן איבערצייגן, אַז ער איז דאָ לעבן איר, און באַלד זי אָפּלאָזן. גאָר העלע טעג האָבן ניט קיין אויגן, ניט קיין זיקאָרן. וואַליאַ האָט אָפּגעריסן אַ בלאָז־בלימעלע, און אַרופגעבלאָזן אָף אים.

— ניין, ער איז זיך ניט אינגאַנצן צעפלויגן...

— וואָס האָסטו פאַרטראַכט?

זי האָט פאַרשעמט אַ שמייכל געטאָן: — פאַרטראַכט, אָבער איך האָב אַליין ניט געוווּסט וואָס.

איידער סערגיי איז געקומען, פלעגט זיך וואַליאַ אָפּט פרעגן: ווי אַזוי וועלן מיר זיך באַגעגענען? מעגלעך, אַז מיר וועלן אָפילע ניט קענען ריידן. ער האָט דאָך דריי יאָר געלעבט מיט אַן אַנדער לעבן. און וויפל זיינען מיר דאָס געווען צוזאַמען?... און ווען סערגיי איז אַריין און האָט זי אַרומגענומען, איז שוין אַלץ געזאָגט געוואָרן — דערמיט, ווי זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איינער צום אַנדערן.

די גליקלעכע טעג האָבן זיך אויסגעוויזן סיי לאַנגזאַמע — עס זיינען ניט געווען אין זיי קיין געשעענישן, ניט קיין באַדייטנדיקע ווערטער — און סיי צו שנעלע. ניט שוין־זשע, בין איך דאָ שוין פיר טעג, האָט אַ טראַכט געטאָן סערגיי, צו גוט... די ליבע איז געווען אַן אייפערזיכטיקע, זי האָט זיך אויסגעבענקט, זי האָט געוווּסט, אַז פאַרויס איז ווידער צעשיידונג, און די

ליבע האט זיי ניט אפגעלאזט; זי איז געגאנגען מיט זיי אין וואלד אריין, געקניטשט דאס הויכע שמעקנדיקע גראז, געקנאקט און געפיפט אף אלע פייגל־אויפאנים, געבראכט אין וואליאס צימערל א בינטל בלומען, אומגע־דולדיק געלאשן דאס קליינע לעמפל.

סערגיי האט גענומען דערציילן וועגן זיינע איבערלעבונגען ערשט אפן זעקסטן אדער זיבעטן טאג; ער האט א שמייכל געטאן: „ווייסט פארוואס איך דערמאן?... איינגיכן אהיין". ער האט מוירע געהאט, אז וואליא וועט ניט פארשטיין זיינע אומקלארע ווערטער; אבער עס איז אין איר געווען אזא אנטבלויזקייט פון געפילן, אזא דורשט איבערצולעבן אלץ, וואס סערגיי האט איבערגעלעבט, אז זי האט געזען אי דאס פעלד, וואס איז אופגערודערט פון קוילן, אי דאס ערד־שטיבל, ווו עס איז געזעסן מאיאר שילייקא, איז דאס קליינע שיפל אפן דניעפר. לעבנס־פאסירונגען און מענטשן פלעגט זי שטענ־דיק אופנעמען אף איר שטייגער; שוין גאר לאנג האט זי געהאט געזאגט סערגייען: „מיט מיר איז א צארע, איך פיל ניט די פראפארצן, איך קוק ווי אין א בינאקל — אט איז אלץ זייער נאענט און גרויס, און אט איז פארקערט — א ווייטע פאנאראמע". און, הערנדיק איצט סערגייען, האט זי דערפילט די שווערע אלטעגלעכקייט פון דער מילכאמע; זי האט אף אים פארכידעשט געקוקט: דאכט זיך, איך קען אים און איך ווייס גארניט... פונוואנען איז אין אים אזא קראפט, אזא רואיקייט?...

ער האט דערציילט:

— דאס איז געווען אין סטאלינגראד אין אויגוסט אדער אין סעפטעמ־בער. זיי זיינען געווען זאלבעזעקסט אין א שטוב. די דייטשן זיינען גע־קראכן. ניטא קיין וואסער, א היץ. פינף טעג האט מען זיך געהאלטן, צום סאף זיינען פארבליבן נאר צוויי — שוסטאוו און וואניא, אזוי האבן אים אלע גערופן. מאיאר שילייקא האט נאכדעם געפרעגט: „ווי אזוי האט איר אויסגעהאלטן?" האט וואניא געענטפערט: „ווי דען אנדערש? קאמוניסטן"... דו מיינסט, אז דאס איז אן איניען פון דרייסטקייט? איך האב געזען דרייסטע דייטשן. אבער וואס קענען זיי ענטפערן? „איך בין א דייטש" און שוין. אין דעם איז דער גאנצער כילעק. דערפאר האבן זיי זיך איצט פארלארן. „איך בין א קאמוניסט" — דערמיט קען מען אויך גיין אף דער טליע. און וואס איז אזוינס „איך בין א דייטש"? קאלזמאן זיי האבן דערגאבערט, האט עס נאך ווי עס איז געהאט א פאנעם, און איצט איז זיי אליין לעבערלעך... דאס איז ניט אזא מילכאמע, ווי די וואס פלעגן זיין פריער. דו ווייסט, ווי אזוי איך האב ליב פראנקרייך. פאריז האב איך ניט פארגעסן און וועל ניט פארגעסן. די שטיינער, די מענטשן... געוויס, זיינען פאראן א סאך פרעכ־טיקע זאכן אויך אין אנדערע לענדער — אין שפאניע, מעקסיקע, אינדיע, אומעטום. גייט עס דען אין דעם, וואס די דייטשן זיינען א נידעריקערע ראסע, אדער אויב דאס איז אונדזערס, הייסט עס שוין, אז דאס איז אומ־באדינגט בעסער? הער, וואליא, דאס איז געווען אין אריאל... עס האבן זיך געוואלגערט אפן וועג דייטשישע ביכער, פאסקודסטווע — פאשיסטישע פראפאגאנדע, פאליציי־ראמאנען. אין מיין באטאליאן איז געווען א קאזאק, האט ער דערזען די ביכער, האט ער זיי גענומען פארזיכטיק צוזאמענלייגן —

ער האט ניט געוווּסט וואס אין זיי איז, אבער ער האט דערעכערעץ פארן געדאנק, פארן וויסן. דערמיט זיינען מיר העכער... מיר זיינען העכער דער־מיט, וואס מיר האבן זיך די ערשטע געלאזט אין וועג... אויסשפּיר איז דאס שווערסטע, און מיר — זיינען דער אויסשפּיר. דערפאר האסט מען אונדז אזוי. און מען האט ליב דערפאר... איך האב געטראפן לעבן מינסק אויס־לענדישע זשורנאליסטן... ניין, איך וויל איצט דערפון ניט ריידן — צו געמיין... בעסער דערמאנען דעם פראנצויזישן ארבעטער אפן זאוואד „ראש־ענע"... מעגלעך, אז אין אמעריקע זיינען בעסערע זאוואדן, אבער קענען די ארבעטער פארטיידיקן די „פארד"־זאוואדן, ווי די סטאלינגראדער האבן פאר־טיידיקט דעם „רויטן אקטיאבער"? א מאמע וועט בעשום אויפן ניט אפּ־געבן דאס קינד, און בא יעדן פון אונדז איז אין הארצן א קינד — די צו־קונפט, ניט נאר מיינע, אפילו ניט נאר אונדזערע — פון דער גאנצער וועלט. דאס הערלעכסטע איז א בריק, אריבערווארפן אהין, אין אן אנדער דאר... — ער האט זיך פלוצלינג צעלאכט: — זעסט צו וואס איך בין דער־גאנגען — א בריקן־בויער, ליוב איך טאקע בריקן...

ער האט עס געזאגט, ווייל עס איז אים געווארן אומבאקוועם פון זיינע ווערטער. און וואליא האט אים ארומגענומען:

— מען דארף ניט לאכן. דאס איז עמעס...

די פארשטעלונג אין קלוב איז שוין באשטימט געווארן לאנג, נאך איידער וואליא האט דערהאלטן די טעלעגראמע פון סערגייען. איצט האט זי ניט געוואלט שפּילן, אבער לידא האט געזאגט: „מען טאר ניט אזוי, מאכסט אלעמען צום נאר". דאן האט וואליא גענומען בעטן סערגייען: „דו גיי ניט, איך קען ניט אין דיין אנוועזנהייט... כוצדעם איז די פּיעסע אויך א נארישע. ביכלאל לוינט ניט... איך וועל זיך שעמען..." אבער סערגיי האט ניט נאכגעגעבן: ער וועט אומבאדינגט גיין.

וואליא האט זיך אזוי דענערווירט, אז זי האט זיך אפילו ניט געקענט פארגרימירן. לידא האט א פּאטש געטאן מיט די הענט:

— ווארט נאר אויס, דאס מויל איז דיר אוועק אין א זייט!...

געשטעלט האט מען א פּיעסע פון אן אומבאקאנטן דראמאטורג „דאס מיידל פון סטאריצא". דאס איז געווען א נאַיוו ווערק מיט א שלאל אומ־געלומפּערטע פּאסירונגען און פּאטעטישע מאנאלאגן. דייטשן זיינען ארומ־געגאנגען איבער דער בינע, ווי בעיים א פּאראד, אלע זיינען זיי געווען מיט שפּיצרוטן. פּארטיזאנען מיט בערד אין זיידענע העמדלעך, האבן געהאלטן אין איין שיסן. א סאוועטישער אפיציר האט צעטריבן דייטשן און גערעדט: „גיב א שמעק, שערעץ, רוסישן פּולווער"... סערגיי איז געזעסן אין דער ערשטער ריי באנאנד מיטן סעקרעטאר פון גראדקאם און מיטן רעזשיסער פון היגן טעאטער; אלע דריי האבן שטילערהייט געלאכט. עס זיינען געווען אין דער פּיעסע רירנדע ווערטער — פּאעזיע פון א מענטשן, וואס האט ווייניק שייַכעס צו ליטעראטור; אבער די ליבהאבער האבן ארויסגעבראכט די ווערטער מיט אזעלכע נאטירלעכע לעבנס־אינטאנאציעס, אז דער פּאטאס האט זיך פארוואנדלט אין הומאר.

הינטער די קוליסן האט זיך וואליא געפּייניקט. איך וועל, דאכט זיך,

ניט קענען עפענען דאָס מויל, און זאָל איז דאָך סעריאָזשאַ... פאַרוואָס האָב איך איינגעשטימט? ער וועט מיך פיינט קריגן...

באַ איר אופּטריט האָט סערגיי פאַרגעסן אַלע אומגעלומפּערטקייטן פון דער פּיעסע. זי האָט גערעדט מיט אַזויפיל נעשאַמע, מיט אַזאַ טעמפּעראַמענט, אַז דער זאָל איז פאַרגליווערט געוואָרן. די שטים האָט געענדערט די באַדייטונג פון די ווערטער. עס האָט זי אויסגעפאָרשט אַ דיקער דייטש, און זי האָט געענטפערט:

— ווער איך בין? איך ווייס ניט, מען רופט מיך דאָס מיידל פון סטאַריצאַ. איר פרעגט, ווער עס האָט מיך געבראַכט אַפן געדאַנק אופצורייסן די אייזנבאַן־בריק? איך האָב גערעדט מיט טשעריאָמוכאַן און זשימאַלאַסטן. איך בין געווען אַפן בייסוילעם, דאָרט איז דער קייווער פון מיין מאַמען. איך האָב געהערט, ווי אינדערפרי האָט אַ פעלדפויגל געשריען באַ מיין פענצטער. עס האָט מיך אופגעוועקט דער ערשטער זומערדיקער רעגן, ער האָט געקלאַפּט אין דאַך. און איך בין אופגעשטאַנען און אַוועק... איר קענט מיך דערהאַרגענען, דאָס איז גאַנץ פּאַשעט. דאָס איז לייכטער, ווי אופרייסן אַ בריק. אָבער מאָרגן וועט קומען אַן אַנדערע, און זי וועט אייך זאָגן: „איך בין דאָס מיידל פון סטאַריצאַ”...

זי איז געשטאַנען אַף דער בינע, אַ צאַרנדיקע און צאַרטע. דער זאַל האָט שטורמיש אַפּלאָדירט. דער רעזשיסער האָט געזאָגט: „מען דאַרף זי אַריבערנעמען צו אונדז”... און סערגיי האָט גאָרניט געהערט: ער האָט נאָך געלעבט אין דער וועלט פון דער לויטערער שטים: „אַ פויגל... זשימאַלאַסט... איך בין אַוועק”...

באַנאַכט האָט ער געזאָגט וואַליאַן:

— וואַליאַ, די מאַמע איז גערעכט — דאַרפסט פאָרן קיין מאָסקווע, וועסט דאָך זאָגן, אַז איך בין פאַרינטערעסירט, אָבער דו האָסט געזען, ווי אַזוי דו האָסט געווירקט אַף אַלעמען... פאַרוואָס ווילסטו ניט?

— איך האָב מוירע, אַז איך וועל זיך דיר דאַן אויסווייזן אַ ווייטע...

ער האָט גענומען אירע הענט, לאַנג געקושט זיי. — וואַליאַ, מיר האָבן זיך בײדע באַגעגנט צוויי מאָל, — ווען איך בין געקומען צופאָרן, און היינט, ווען דו ביסט אַרויס פון דער בינע. דו פאַרשטייסט גאָרניט... איך וועל ריידן נאַרישקייטן, אַזוי ווי אין יענער פּיעסע, זיי ניט בייז. נאָכדעם, ווי מען האָט מיך פאַרוווּנדעט, בין איך געלעגן אין סאַנבאַט. עס זיינען געווען זייער אַ סאַך שטערן. האָט זיך מיר פלוצלינג אויסגעדאַכט, אַז איך קען כאַפּן אַ שטערן אין פויסט אריין, ווי אַ גליווערעמל... ווייסטו דען, וואָס עס איז וועיט און וואָס עס איז נאָענט? דו אַליין פלעגסט מיר זאָגן פאַר דער מילכאָמע, אַז מען קען איבערקערן אַ בינאַקל... זאָג מיר יענע ווערטער, וואָס דו האָסט מיר געשריבן...

— איך געדענק ניט...

— „די ליבע מיינע האָט זיך מוירעדיק אַזוי צעוואַקסן, אַז איך וואָלט אַפילע ניט געקענט אַרומנעמען די העלפט. סעריאָזשענקאַ, ניט אַרומצונעמען...”

## XII

דערעם אַטריאַד האָט נאָך באַקומען געווער אין מיטן יולי. גיוסטאַוו האָט דאָן דערציילט: „מען האָט אַרונטערגעלאָזט אַף אַ פּאַלשירעם אַן ענגלישן מאַיאָר. ער האָט מיר באַלד מודיע געווען, אַז די אַליאירטע אין נאָרמאַנדיע האָבן אַ מיכשל, האָבן זיי דערפאַר רעוווידירט זייער באַציונג צו די פּאַרטיזאַנען — זיי ליגן אַף אונדז האָפענונגען. איך האָב אים באַלד געזאָגט — די האָפענונגען אָרדענען אונדז ניט איין, עס איז אומבאַדינגט נויטיק געווער. זאָגט ער: „איך ווייס ניט, ווי אַזוי עס איז אַף אַנדערע פּלעצער, אָבער דאָ האָבן מיר באַשלאָסן צו באַוואָפענען ניט נאָר די אַעס, נאָר אויך די עפטעפּע". און מיר האָבן טאַקע באַקומען. ניטאָ קיין שלעכטס, עס זאָל זיך ניט אויסלאָזן צום גוטן. זיי טאַפּטשען אַף איין פּלאַץ, דערפאַר אָבער וועלן מיר זיך קענען לאָזן אין וועג אַריין"...

פאַר אַ כוידעש צייט האָט מען אַ סאַך אופגעטאָן: מען האָט באַפרייט פון די דייטשן דעם גאַנצן קרייז. די דייטשן האַלטן נאָר לימאָזש: זיי האָבן פאַרבאַריקאַדירט די גאַסן, באַפעסטיקט די געביידעס. דער גאַרניזאָן זייערער איז אַ שטאַרקער, אַ סאַך עסעס. גיוסטאַוו האָט געזאָגט: „שוין צייט צו נעמען לימאָזש. מירן דאָך ניט וואַרטן אַף די אַליאירטע!..."

מאַיאָר דערדע האָט אויסגעשטעלט דעם אַטריאַד. אָט איז שאַרל, אַ פּויער מיט גראָע וואָנצעס, וואָס האָט ליב צו דערציילן, ווי ער האָט בעיסן שפּאַנישן קריג געשריבן צו בלומען: „איך בין זעכצן יאָר געווען אַ סאָציאַליסט, און סע איז מיר אַ כאַרפּע, ווען איך לייען וועגן גוירל פון מאַדריד"... אָט איז דער נייַנצניאָריקער קאָמוניסט זשיווע, אַ לוסטיקער פּאַריזער אַרבעטער, ער האָט דערשאָסן אין בריווע אַ דייטשישן אָפיציר. אָט איז דער שאַכטיאָר אַנדרע, ער האָט אין דריי און פערציקסטן אַרויסבאַקומען דינאַמיט פון די שאַכטעס. אָט איז דער באַרצעלאָנער שאָפער מאַנאָלאָ, וואָס האָט פריער אויסשטודירט אַלע פראַנצויזישע קאָנצלאַגערן, און נאָכדעם אַלע מאַקי. אָט איז דער טשעד, פּיער, שאַרלאָ, דער בער, מאַדאָ... אין אַטריאַד זיינען זעקסהונדערט מאַן.

זיי גייען פאַרביי דערפער. די פּויערים באַגריסן זיי:

— דאָס זיינען מאַקי...

און שאַרל ענטפערט:

— די מאַקי איז פאַרענדיקט. מיר גייען אַף לימאָזש.

איבער די אַנדערע וועגן גייען צו דער שטאָט אַנדערע אַטריאַדן — פערנאַנדס, בערנאַרס, זשאַרזשס. לימאָזש איז אַרומגערינגלט.

די דייטשן פּרוּוון זיך דורכרייסן צאָפן־צו; די שלאַכטן קומען פאָר אַף דעם פּאַריזער שאָסיי. אין לימאָזש זיינען געבליבן די עסעס פון דער דיוויזיע „אַדאָלף היטלער". איינעם האָט מאַנאָלאָ געפּאַקט, אַ פאָטאָגראַפיע בא אים — אַ רוסישע כאַטע, שניי, אַ מיידל אויסגעטאָן אַף דער העלפט, וויינט. „דו האָסט פאָטאָגראַפירט?" האָט געפרעגט מאַנאָלאָ. דער עסעס האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. מאַנאָלאָ האָט אָפּגעטראָגן די פאָטאָגראַפיע דעם בער.

וואַנאַוו האָט אַ קוק געטאָן און אַנגעבמורעט זיך. מאַנאַלאַ האָט געזאָגט: „האָב ניט קיין פּאַרדרוס, ער האָט זיינס באַקומען"...

שאַרל האָט געהאַט אַ שוועסטער אין אַראַוור. האָבן זי די דייטשן פאַרברענט צוזאַמען מיט די קינדער. זאָגט שאַרל: „עפשער ווייסן ניט די אַמעריקאַנער מיט וועמען זיי קעמפן, איך אָבער ווייס..."

דער רינג אַרום דער שטאָט ווערט ענגער. „מאָרגן וועלן מיר שטורעמען", זאָגן די פּאַרטיזאַנען, דערוויסנדיק זיך, אַז מען האָט דעדען אַרויסגערופן אין שטאַב.

דעדע האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע פּאַרטיזאַנען־קאָמאַנדירן. דאָס איז געווען אַ יאָדערדיקער מאַן פון אַ יאָר פערציק, מיט לעבעדיקע שאַרפע אויגן און מיט אַן אָפּשטייענדיקער אונטערשטער ליפּ, וואָס האָט צוגעגעבן דעם פּאָנעם זיינעם אַן אויסדרוק פון פאַרביטערונג. פאַר דער מילכאָמע האָט ער קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן מילכאָמע, ער איז געזעסן איבער שול־העפטן און גערעדט מיט שטאָלץ, אַז זיין שול „איז די פאָרגעשריטנסטע אין דעפּאַרטאַמענט". די דאָזיקע שול איז געווען ניט ווייט פון לימאָזש, אָבער ער פלעגט זיך זעלטן דערמאָנען אין איר: דער קאָפּ איז געווען פאַרנומען מיט דייטשישע עשעלאָנען, מיט אופּריים־שטאָפּ, מיט אויטאָמאַטן.

דעדע האָט געמיינט, אַז גיוסטאַוו האָט אים אַרויסגערופן אויף אַ באַראַטונג וועגן אַן אָפּעראַציע. אָבער גיוסטאַוו האָט געזאָגט:

— וועסט פאָרן מיט די אַנדערע ווי אַ פּאַרלאַמענטאַריער. גענעראַל הלייניצער וויל באַהאַנדלען די באַדינגונגען פון קאַפּיטולאַציע.

— וואָס פאַרא באַדינגונגען? זאָלן זיי אופּהויבן די הענט, און אַ סאָף...

גיוסטאַוו האָט דערקלערט, אַז די לאַגע איז אַ קאָמפּליצירטע: די דייטשן האָבן אַרטילעריע. אַ פאַרשטייער פון די אַליאירטע באַוואָפנטע קויכעס, אַליין דער זעלבער מאַיאָר, וועט פאָרן מיט די פּאַרלאַמענטאַריער.

— די באָשן ווילן זיך אונדז ניט אונטערגעבן, זיי פאַרלאַנגען, אַז מיט זיי זאָלן ריידן די אַליאירטע. ביטע, מיר וועלן זיי אַרויסשטעלן דעם מאַיאָר, מער וועלן זיי גאָרניט באַקומען — און דאָס איז אַלץ. ריידן וועט דער מאַיאָר, אָבער דו גיב אַכטונג, אַז ער זאָל זיך ניט פאַרגאַלאָפּירן, — אים קען זיך פּלוצלינג אויסוויזן, אַז ער זיצט באַ אַ פרידנס־קאָנפערענץ, זיי האָבן עם ליב...

מען איז אָוועקגעפאָרן אין שטאָט; אויפן וועג האָט דער ענגלענדער געזאָגט דעדען:

— מיר וועלן זיך צוזאַמענקומען מיט די דייטשן אויף אַ נייטראַלן באָדן — באַם שווייצאַרישן קאָנסול. דעם טעקסט האָבן זיי באַקומען, און איך וועל ניט אָפּטרעטן אויף אַ האָר... איר רויכערט?... עס איז אַנגענעם וואָס דעם רייכסווער־גענעראַל־לייטענאַנט וועט אויסקומען צו שמועסן מיט אַן עמעסן פראַנצויזישן פּאַרטיזאַן. איר זייט געווים אַן עקסטרעמער לינקער, ניט עמעס? איך פערזענלעך האָב זיך קיינמאָל ניט אינטערעסירט מיט פּאָליטיק, אָבער באַ אונדז אין ענגלאַנד זיינען אויך פאַראַן אַ סאַך לינקע, נאָר מעסיקע...

גענעראַל הלייניצער האָט גערעדט מיטן מאַיאָר; ער האָט זיך באַמיט

ביט צו באמערקן די פראנצויזן, און אנקוקנדיק דערעו, איז ער געווארן רויט פון קאס — מען זאל גאר א טראכט טאן, אז ער זיצט זיך גאנץ רויק און מען טאר אים ניט אפשיקן אין געשטאפא!...

— איך פארלאנג אומבאדינגט, אז די געשטאפא זאל ארונטערפאלן אונטערן אקט וועגן קאפיטולאציע, — האט געזאגט דער גענעראל.

דער ענגלענדער האט צוגעשאקלט מיטן קאפ. דער גענעראל האט צום צענטן מאל געלייענט דעם טעקסט.

— ווער וועט אופנעמען די געפאנגענע? איך וואלט וועלן, אז די אעס...

דער ענגלענדער האט א זיפץ געטאן:

— אט דאס טאקע קענען מיר אייך ניט פארזיכערן, איצט זיינען די אטריאדן אלגעמיינע, אזוי גערופענע „די אינערלעכע קויכעס"... און פארטיזאנען זיינען דא טאפלט מער...

דערדע האט שטיל געזאגט דעם ענגלענדער:

— א שאד, וואס איר האט ניט פארכאפט מיט זיך עטלעכע הונדערט אייערע „מעסיקע לינקע". איר זעט, דאס נעבעכל האט אפילע גענומען שוויצן...

דער גענעראל האט אויסגעווישט דאס פאנעם מיט א זיידן טיכל, אויך דעם נאקן, נאכאמאל איבערגעלייענט דעם קורצן אולטימאטום.

— גוט, איך נעם אן אייערע פארשלאגן.

דער ענגלישער מאיאר האט געזאגט מיט א סאך געפיל:

— איך דאנק אייך, הער גענעראל.

דערדע האט זיך ניט באהערשט:

— אייגנטלעך, דארף מען דאס דאנקען די פארטיזאנער...

צוריקוועגס האט דער מאיאר זיך פארענטפערט:

— אומזיסט האט איר מיר פארגעווארפן, דאס איז דער עטיקעט אזא. אבער מיר ווייסן, וואס מיר האבן אייך צו פארדאנקען. אויך די אמעריקאנער ווייסן דאס. גענעראל אייזענהאוער האט ניט לאנג געזאגט, אז „די אינערלעכע קויכעס" האבן דעם ווערט, ווייניקסטנס, פון פופצן אליאירטע דיוויזיעס. און „די אינערלעכע קויכעס", דאס איז קוידעמקאל איר...

— איצט דארפט איר. אונדז, — האט געענטפערט דערדע — זומער פון צוויי און פערציקסטן און אפילע אויך אין דריי און פערציקסטן האט איר ניט געגעבן קיין געווער. איך האב מוירע, אז ווען מיר וועלן פארטאגן די דייטשן, וועט איר זיך ווידער אפקילן צו אונדז. און אין ליבע איז גוט אויסגעהאלטנקייט, ניט עמעס, הער מאיאר?

דער ענגלענדער האט א שמייכל געטאן: די פראנצויזן קענען זיך ניט באגיין אן לייכטזיניקע באמערקונגען...

דער גאנצער פלאץ איז געווען אנגעשטאפט מיט מענטשן. דערדע האט גערעדט וועגן די שווערע יארן, וועגן פאלקס־מוט, וועגן מאקי.

— מיר דערמאנען איצט אונדזערע העלדן, דעם מאשיניסט פאל, וואס איז אומגעקומען אין איין און פערציקסטן. דעוואַ, ניקאל פוזשע — מיר פלעגן אים רופן מיקי, דעם שפאניער באסע, דיזירע פון דארדאני, אלע

וואס זיינען געפאלן פאר דער פרייהייט. מיר דערמאנען די העלדן פון סטא־לינגראד — זיי האבן אויך אונדז געראטעוועט...

דערע האט ארומגענומען ווארנאוון.

— הער, דעם דאזיקן פלאץ וועלן מיר אנרופן סטאלינגראד־פלאץ... עפעס א מיידל קושט ווארנאוון; ער פילט אף זיין באק אירע טרערן. ער דערמאנט זיך לענינגראד, דעם קליינעם מישקא, נינאס הענט, און אלץ טונקלט זיך אין די אויגן — דערע, לימאזש, וואלקנס...

מאדא זאגט:

— בער, אויב דו וועסט ווען עס איז טרעפן סערגייען, דערציייל אים וועגן דעם דאזיקן טאג — ווי דערע האט גערעדט, ווי עס האבן דיך ארומ־גענומען פראנצויזנס. גערענקסט, מיקי פלעגט זינגען:

„מיר וואלטןביידע וועלן לעבן,
אבער אונדזער גורל איז אזוי:
שטארבן מוזן מיר אן מוירע,
ביז דעם ערשטן האנען־קריי"...

— בער, זאג אויך סערגייען, אז לעבן דיר איז געגאנגען מאדא...

בלומען, זייער א סאך בלומען, ווי עס וואלט ניט געווען ניט אראדור, ניט קיין טאנקען, ניט קיין צאר — רויזן, לעווקאיס, פיאנען, געארגינעס, לאקפיאל. אין מאדאס הענט א בינטל גרויסע רויטע מאן־בלומען. זי טראכט פון גארניט, דערמאנט זיך גארניט, באמיט זיך ניט אריינקוקן אין דער צו־קונפט. עס טרעפן אין לעבן זעלטענע שאען, ווען דאס גליק איז צעגאסן אין דער לופט, און דער מענטש, א באפרייטער פון זיקארן, פון געדאנקען, פון אלץ, מיט וואס ער איז שטארק און שוואך, קוקט פאשעט, אטעמט, שמייכלט.

— וועסט זען בארצעלאנע, מאנאלא — זאגט מאדא, דערע וועט צו־ריקגיין צו זיך אין דער שול. דער טשער וועט צורעכט מאכן זייגערס. דער בער וועט אוועקפארן קיין לענינגראד. אט איז שוין יענע שא, ווען מען זעצט זיך אין צוג, מען פאכעט מיט דער האנט, מען דריקט צו די ליפן בלומען... און מאדא טראגט צו צום פאנעם די רויזן. זי האט זיך דערמאנט דעם וואקזאל, דאס וואגאן־פענצטער, סערגייען... ניין, מ'דארף ניט טראכטן! עס לויפט צו איר צו זשיווע:

— פראנס, מען האט נאר וואס איבערגעגעבן דורך ראדיא... אין פאריז איז אן אופשטאנד... עס איז שוין באפרייט קימאט די גאנצע שטאט... מאדא נעמט ארום זשיווען. פאריז, ליבע פאריז. באריקאדן, שלאכטן, קאשטאנעס, יענע באנק!...

## XIII

לאנסיע איז געווען אומדערטרעגלעך: אט האט ער געוויינט, אדער גע־זאגט, אז ער איז קיינמאל אין לעבן ניט געווען אזוי גליקלעך; פלוצלינג פלעגט ער אנהויבן אין פוסטן צימער האלטן פאטעטישע רעדעס, פאלן אפן דיוואן — ער האט געקראגן א הארץ־אטאקע, זאל שוין קומען מארילא, ווען ניט שטארבט ער; אין א שא ארום פלעגט ער שוין גאר ערגעץ ווו פליען.

מארטא האט ניט אויסגעהאלטן, זי האט זיך צעוויינט. אירע טרערן האבן פארכידעשט לאנסיען — אים האט זיך אויסגעוויזן, אז זיין ווייב גיט זיך ניט אפ קיין כעזשבן פון דעם, וואס עס קומט פאר; נאכדעם איז ער געווארן גערירט, גענומען זי בארויקן.

— מעגלעך, אז אלץ וועט זיך גוט ענדיקן. און טאמער ניט, וועלן מיר שטארבן צוזאמען...

— מיינסט, אז איך האב מוירע פאר די באמבארדירונגען, אדער פאר די הארמאטן?... עס שרעקט מיך פאר דיר, מאמענטנווייז דאכט זיך מיר, אז דו גייסט אראפ פונזינען.

— ניט איך גיי אראפ פונזינען — נאר די וועלט, איך בין א קארטעזיאנער, איך האב ליב לאגיק. אבער אין דעם איז ניטא קיין שום זין, דאס איז א הינער־פלעט!...

אייערנעכטן איז געקומען פינא, א מונטערער האט ער דערציילט:

— העריא איז אין פאריז, דאס איז זיכער. לאוואל האט אים ארויסגערופן. עס קומען פאר שמועסן וועגן א נייעם קאבינעט. צו פעטענען איז צוויי מאל געקומען א פארשטייער פון אמעריקע. איצט שטעלט מען צוזאמען דעם קאבינעט. די אמעריקאנער שטיצן בלומען, אדער העריא, אדער שאטאן. צווישן די דייטשן זיינען פאראן מעשוגאים, וואס ווילן פאר יעדן פרייז איינהאלטן פאריז. אבער אבעטץ האט א געזונטן מויעד... איך קוק אפטימיסטיש — די אמעריקאנער זיינען אויך פאראינטערעסירט אין דעם, אז מען זאל די קאמוניסטן ניט ארופלאזן אפן שוועל. דאס הייסט, אז עס איז דא א באדן פאר א קאנטאקט. לאוואל האט געזאגט: „העריא, איך בין געפעלן די דייטשן, איך געפעלט די אמעריקאנער, עס זיינען איצט פארגעקומען ענדערונגען אפן מיליטערישן געביט, דרינגט דערפון ארויס, אז מיר דארפן זיך טוישן מיט די פלעצער"... גארניט נאריש? א?

פון פרילינג אן האט לאנסיע געלעבט אין שטענדיקער מוירע. עמעס, פינא האט ניט איינמאל געזאגט, אז אלזשיר פארשטייט די לאגע פון די אינדוסטריאלן, וואס זיינען געווען געצוווּנגען ארבעטן מיט די דייטשן. אבער וואס פארא שייכעס האט דא אלזשיר? אלזשיר איז ווייט און דא אונטער דער נאז זיצן קאמוניסטן מיט זייערע „שווארצע ליסטעס". פאר זיי בין איך א פארעטער. דאס זיינען פאנאטיקער, זיי האבן ניט ליב אויסצוטײַנען זיך, עס איז גענוג דערמאנען זיך לעזשאנען. מיט זיי קען מען ריידן, ווען אלץ איז רויִק און פאליציי איז דערביי, ווען די דאזיקע אזיאטן האבן ניט אונטער דער האנט קיין רעוואלווער. איך האב געהאט מיטלייד מיט לעזשאנען. איך ווייס ניט, וואס מיט אים איז, אבער ער וועט אף מיר ניט דאכמאנעס האבן, דאס ווייס איך זיכער...

נאך פינאס וויזיט האט לאנסיע אופגעלעבט. געוויס איז לאוואל א זשוליק, אבער ער קען די געזעצן פון פארלאמענטארישער שפיל. און דער מארשאל איז אן ערלעכער פראנצויז, איך האב שטענדיק אזוי געטראכט. די אמעריקאנער זיינען קוידעמקאל געשעפטסלייט, זיי דארפן האבן א פעסטע ארדענונג. וואס פארא גליק דאס איז, וואס צווישן אונדז און די רוסן איז דייטשלאנד! איך שטעל מיר פאר, וואס עס וואלט געווען, ווען עס וואלטן

אַהער געקומען די רויטע קאָזאַקן... די דייטשן וועלן איבערגעבן פּאַריז צו די אַמעריקאַנער, דאָס וועט זיין אַן עמעסער יאַנטעוו. און לאַנסיע האָט אַ געשריי געטאָן:

— מאַרטאַ, קום אַהער!... איך וועל דיר דערציילן אַ וויכטיקע זאַך. מען טאָר עס אָבער ניט זאָגן אַפן קאָל. וואָס פאַרא דאַטע האָבן מיר היינט? דעם זעכצנטן? ביזן ערשטן סעפּטעמבער וועלן קומען די אַמעריקאַנער און צוזאַמען מיט זיי לואי, פאַרשטייסט?...

און היינט אינדערפרי איז געקומען מאַרילאַ און געזאָגט:

— העריאָן האָט מען אַרעסטירט. לאַוואַל איז אַנטלאָפן קיין בעלפאָר. קיין צייטונגען זיינען מער ניטאָ — די אַלע שמירער מאַכן פּלייטע. און די דייטשן האָבן באַשלאָסן שלאָגן זיך. אַזוי אַרום גרייט זיך צו אַ פיינער פייערווערק.

לאַנסיע האָט אַ קוויטשע געטאָן:

— וואָס לאַכט איר? דאָס איז אַ טראַגעדיע!...

— איך האָב ניט געוווּסט, מאַרים, אַז איר האָט אַזוי מוירע פאַר טרעשטשען, פאַר קנאַלן...

— איך האָב פאַר גאָרניט מוירע. איך בין געווען אין ווערדון. פאַרשטייט איר אָבער, וואָס עס וועט זיין אויב די קאָמוניסטן וועלן אַרויס אויף דער גאַס... די פּאָליציי שטרייקט. עס וועט זיך אָנהויבן אַ מוירעדיקע שכיטע...

— איך האָב מוירע, אַז אין לעצטן מאָמענט וועלן זיך די דייטשן פאַרשטענדיקן מיט די אַמעריקאַנער. איר זאָגט — די קאָמוניסטן וועלן אַרויס אויף דער גאַס? האַלעווײַ. אויף די דאָזיקע גאַסן איז אַזאַ שמוץ, אַז מען קען עס נאָר אָפּוואַשן מיט בלוט, — יוני פון פערציקסטן, פיר יאָר מיט די דייטשן, שמייבעלעך, האָכנאָסעס, אַ פייג אין קעשענע...

לאַנסיע האָט אַזאַ קוק געטאָן אויף מאַרילאָן, אַז יענער האָט גענומען גיין אויף צוריק.

— באַרויִקט זיך, מאַרים!...

אָבער לאַנסיע האָט אים ניט געהערט.

— איר דאַרפט מיין בלוט? גוט, קוילעט מיך, אָבער זאָגט גלייך, אַז איר זייט אַ קאָמוניסט!

מאַרילאַ האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע עפּעס אַ רעפּוע:

— נעמט, מאַרים, דאָס באַרויִקט גלייך...

— איך וועל זיך ניט באַרויִקן, איך בין אַ פראַנצויז, איך לייד פאַר פראַנקרייך!...

ער האָט דאָך איינגענומען די פּיל, צוגעלייגט זיך אויפן דיוואַן און איינגעדרעמלט.

ער איז אויפגעשטאַנען מיט אַ שווערן קאָפּ. אין צימער איז געווען פינצטער — ניטאָ קיין שטראָם, ניט קיין ראַדיאָ. עפּשער דערנענטערן זיך שוין די אַמעריקאַנער צו פּאַריז? און עפּשער האָט זיך שוין אָנגעהויבן די שכיטע? מען ווייס גאָרניט... ער האָט זיך אָפּגעפייניקט אַ גאַנצע נאַכט. אינדערפרי האָט ער באַשלאָסן גיין אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך אין

שטאט. אים האט זיך אויסגעדאכט, אז ער שלאפט נאך. אדער האט טאקע מארטא אז עמעם געזאגט — ער איז אראפ פונזינען?... עס טראגן זיך דייטשישע לאסט־אויטאס — אף זיי זיינען אנגעוואלגערט מעבל, קאסטנס, פעק, מאשינעס אזעלכע, קעסטלעך. און מיטאמאל — אפן פאסאד פון א הויז אן אמעריקאנער פאן, און דערביי א סאוועטישע — א סערפ מיט א האמער... עס הענגט אויך אן אלטער אפיש: „א יאנטעוו לעקאוועד דעם יארטאג פון דער אייראפעישער מילכאמע קעגן באלשעוויזם"... נאך קיין צוויי כאדאשים ניט פארביי... אינטערעסאנט, וואס עס טוט איצט ניוועל? איז אוואדע פארקראכן אונטערן בעט... פון דעם דאזיקן געדאנק איז לאנסיע מיטאמאל פרייליכער געווארן. עס איז דאך אנגענעם, וואס די באשן טראגן זיך אפ צו אלדע רוכעס. זיי האבן מיך גענוג אויסגעפייניקט, אבער — ווו איז לואי? לואי וועט, געוויס, קומען צוזאמען מיט די אליאירטע. עפשער איז מאדא אויך דארט?... ס'איז שרעקלעך, וואס מארסעלינא האט ניט דערלעבט אזא גליק, זי האט שטענדיק געהאסט די באשן. ווען עס וועלן קומען די אמעריקאנער, וועל איך כאפן א שמועס מיטן דאזיקן רוא... אט איז א פראנצויזישע פאן איבערן ראטהויז. און די דייטשן שיסן ניט, מערקווירדיק... דאכט זיך, עס קומט צוריק דער גאניידן... לאנסיע איז געגאנגען, אונטערשפרינגענדיק. אין זיין גאנג האט זיך געפילט א מונטערע שטימונג. מיטאמאל האט ער דערזען אף דער וואנט אן אופרוף, ער איז צוגעקומען.

„מיר, די פארשטייער פון פאריז, רופן דאס פאלק פון דער הויפטשטאט און די ארומיקע געגנטן צו אן אופשטאנד... ענגליש־סאוועטיש־אמעריקאנער קאמפס־פארבאנד... אונדזער גרויסע פאריז... מארסעל קאשען, מארים טארעז, זשאק דיקלא"... לאנסיע איז אפגעטראטן און פארדעקט די אויגן מיט דער דלאניע. וואס פארא אמעריקאנער, ווייס איך וואס... דאס זיינען קאמוניסטן, אט וואס! וואס האב איך זיך געפרייט? די דייטשן פלעגן מיך אופרעגן, און די דאזיקע וועלן מיך קוילען... ער האט זיך גענומען באַרויקן: ווערטער, ווער ליגט עס אכט אף זיי? אט איז א טאנק, דאס איז א דייטשישער, אזעלכע רופן זיי אן „פאנטערעס". די אמעריקאנער האבן אויך גוטע טאנקן. און וואס האבן די קאמוניסטן? פלוגבלעטלעך און מער גארניט. מיך וועלן זיי ניט אפשרעקן.

עס איז געווען אן אומגעהויער הייסער טאג. אמאל, אין דער דאזיקער צייט, פלעגט פאריז פוסטעווען: אלע פלעגן ארויספארן צום יאם, אפן דארף, לאנסיע פלעגט שפאצירן איבערן פארק „זשעלינאט"... א היץ אביסל, דער אספאלט צעקריכט אונטער די פיס! ער האט אויסגעטאן דעם הוט, לאנג געווישט דעם נאסן שטערן. עס האט זיך געוואלט טרינקען, האט ער זיך געזעצט אף דער טעראסע פון א קליינעם קאפע־הויז, באשטעלט מינעראל־וואסער; דערמאנט זיך לואר, מארסעלינאן, מאדאם פייזאזשן. באם קאפע איז געבליבן שטיין א דייטשישער לאסט־אויטא. דריי זעלנער האבן זיך געפארעט בא א ראד. פון ערגעץ ווו זיינען אנגעקומען יונגעלייט. לאנסיע האט ניט באוויזן ארומקוקן זיך, ווי די דייטשן זיינען שוין געלעגן אפן ברוק. אף דער זון האט דאס בלוט אויסגעזען אומנאטירלעך, פעט, ווי איילפארב. די יונגעלייט האבן זיך ארופגעכאפט אפן אויטא, גענומען אראפווארפן אוי־

טאָמאַטן. צווישן זיי איז געווען אַ יונגע פרוי: דער ווינט האָט צעוויִיט אירע באַגילדעטע האָר. אַ באַקאַנטער פּאָנעם, האָט אַ טראַכט געטאָן לאַנסיע. ער האָט עפּעס ניט באַנומען ניט דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט, ניט דאָס, ווער עס איז די דאָזיקע פרוי. נאָכדעם האָט ער זיך געלאָזט נאָך איר, אָבער ניט אָנגעיאָגט — זי איז פאַרשוווּנדן מיט די אַנדערע. ווען וואָלט עס געקענט קומען אַפן געדאַנק, אַז לעאָנטינאַ איז פּעיִק צו שיסן פון אַן אויטאָמאַט? זי האָט ליב געהאַט טענץ, נאַריש געמאַכט זיך, ווי לעאַ, האָט זי זיך קיינמאָל ניט פאַרנומען מיט פּאָליטיק. יאָ, אָבער זי האָט סיבעס... זי האָט שטענדיק ליב געהאַט לעאָן, מאַרסעלינאַ פלעגט זאָגן: „זי פאַרמאָגט אַ גרויס האַרץ”... איך פאַרשטיי, וואָס זי קעמפט, דאָס איז אַפילע גרויסמוטיק. זי האָט אַ באַגייסטערטן אויסזען, מאַמעש דעלאַקרואַס אַ בילד. עס איז אויך פאַראַן שיינקייט אין אַזאַ אומזין. עס זיינען אָבער מער ניטאָ קיין קונסטמאָלער — אַן אַנדער עפּאָכע, אַלץ איז פאַרגרעבט געוואָרן... אַ גרויסער שאָד, וואָס איך האָב זי ניט אָנגעיאָגט, ניט געדריקט די האַנט... איך האָב דאָך איִם צוגעזאָגט העלפן. עס איז געווען נאַריש צוצוזאָגן — וואָס האָב איך געקענט טאָן? ווי די באָשן וואָלטן זיך גערעכנט מיט מיר! וואָלט דען לעאָן געווען לייכטער דערפון, וואָס מען וואָלט מיך אויך ערגעץ ווו אוועקגעשיקט צום טייוול? אָט האָט דיומאַ געשריען און דערשריען זיך. נאַריש... אָן אַנדער זאַך זיינען די דאָזיקע מענטשן — זיי האָבן דערהאַרגעט די דייטשן, צוגענומען דאָס געווער. זיי זיינען, געוויס, אין קאָנטאַקט מיט די אַמעריקאַנער, עס איז לעכערלעך צו טראַכטן, אַז לעאָנטינאַ קען ווערן אַ קאָמוניסטקע.

עס האָבן זיך ווידער דערהערט שאָסן, די דורכגייער האָבן גענומען לויפן, עס איז אויך געלאָפן לאַנסיע. דאָס מאָל האָבן געשאָסן דייטשן. לאַנסיע איז דורכגעלאָפן עטלעכע גאַסן, אָפּגעשטעלט זיך, עס איז איִם געוואָרן שרעקלעך — ער האָט זיך דערמאָנט דאָס פרישע בלוט אַפן גראָ־הימלבלאָען אַספאַלט. מען האָט אויך מיך געקענט דערהאַרגענען, גאָר איינפאַך. דער ווינט, וואָס האָט אַף עטלעכע מינוט אָפּגעפרישט די שטאָט, האָט אופגעהערט. די היץ איז געוואָרן נאָך שווערער. לאַנסיע האָט זיך קוים דערשלעפּט אַהיים. ער האָט געזאָגט מאַרטאָן:

— מען קען גאָרניט פאַרשטיין. די קאָמוניסטן רופן צו אַן אופשטאַנד. און איך האָב געזען לעאָנטינאַן — דאָס איז אַלפּערס פרוי — מיט אַן אויטאָמאַט. אַמעריקאַנער פּאָנען... איך מיין, אַז די קאָמוניסטן ווילן זיך אַריינקריגן — אָנעמען שטימען פאַר די צוקונפטיקע וואַלן, אָבער דאָס איז נאַריש. די באָשן טראָגן זיך אָפּ, עס פילט זיך ניט קיין איילעניש, עס איז געוויס פאַראַן אַ פאַרשטענדיקונג — זיי וועלן אוועק, ווען די אַמעריקאַנער וועלן באַוויזן צוקומען צו פּאַריז...

אין אָוונט איז אַריינגעלאָפן מאַרילאַ. לאַנסיע האָט דערציילט וועגן לעאָנטינאַן. מאַרילאַן האָט עס ניט איבעראַשט:

— איך האָב געוווּסט, אַז זי איז אין פּאַריז, איך האָב זי אין פרילינג געהיילט... נו, מאַרים, איצט האָט זיך עס טאַקע אַף אַן עמעס אָנגעהויבן.

דער פאריזער באפרייונגס־קאמיטעט האט געמאלדן אז אופשטאנד. מיך האט מען מאביליזירט אלס דאקטאר — איך וועל איבערבינדן...

— ווער האט דיך מאביליזירט? די אמעריקאנער?

— פאלקאווניק ראל. א פראנצויז. אן ארבעטער — א קעסל־מאן. אגעוו, האט ער געארבעט צוויי יאר בא בערטין.

— ער... איז א קאמוניסט?

— געווים.

מארילא האט געהוסט, געלאכט, געריבן די הענט.

שפעטער וועט מען אלץ אוועקשטעלן אף זיין פלאץ. אבער איר פארשטייט, מארים, עס איז דאך גוט כאטש איינמאל אין לעבן צו זען אף דער גאס אנשטענדיקע מענטשן, וואס פארנעמען זיך מיט אנשטענדיקע געשעפטן!...

לאנסיע האט ניט געהאט קיין קויעך צו דיסקוטירן; ער האט נאר געבעטן בא מארילאן „יענע רעפוע". ער איז שנעל איינגעשלאפן, אבער דער שלאף איז געווען א שווערער. ער האט געשריען פון שלאף. מארטא האט אים קוים אופגעוועקט. זי איז געשטאנען לעבן אים אן אויסגעטאענע, געטרייסלט אים און אליין געטרייסלט זיך פון שרעק.

— גאט, ווי שרעקלעך דו האסט געשריען!

— עס האט זיך מיר געכאלעמט...

ער האט ניט געקענט דערציילן מארטאן, אז אים האט זיך געכאלעמט לעאנטינא. זי איז געשטאנען מיט צעשויבערטע האר, אופגעהויבן לאנגזאם אן אויטאמאט און אנגעצילט אף אים. און ארום איז קיינער ניט געווען — נאר א גרא־בלאער שטיינערנער פעלד, באגאסן מיט העלרויטן בלוט.

## XIV

באנאכט האט זיך דורכגעטראגן איבער דער שטאט א געוויטער, אבער ער האט ניט אפגעפרישט די לופט. דער זונטיק איז געווען אזא הייסער, אז די אופשטענדלער, וואס זיינען אריינגעגאנגען אין דער האלב־פינצטערער וועשעריי, ווו עס האט זיך געפונען דער קאפע פון מאיאר ליוק האבן לייכט אפגעאטעמט: כאטש א פאר מינוט אפקילן זיך.

אין די מיירעוודיקע קווארטאלן איז עס געווען א געוויינלעכער זונטיקדיקער טאג. אינדערפרי האבן די דינסטן ארויסגעפירט אף שפאציר די הינטלעך. נאכדעם האבן זיך באוויזן דאמען אין שווארצע קליידער מיט געבעט־ביכער. מען האט פארקויפט אף די גאסן אניוטאם אויגעלעך, לעזיקארן. עס האבן שטיל געשוועבט וועלאסיפעדיסטקעס מיט עקסצענטרישע פריזורן און נאקעטע פאלקעס, אף וועלכע עס זיינען געווען אנגעצייכנט נעץ פון זאקן. קיינער האט ניט אוועקגענומען די מיסט־קעסטלעך בא די הייזער, און דער געשטאנק האט קאליע געמאכט דעם זונטיק־שפאציר; דערצו נאך זיינען ארומגעגאנגען קלאנגען, אז די קאמוניסטן פארכאפן די שטאטראטן און דערהארגענען מענטשן, ווען זיי רופן זיי אן פארעטער. ווילגעשעצטע מענטשן האבן געקרעכצט: עס זאלן כאטש וואס שנעלער קומען די אמעריקאנער!

און אַפֿן ברעג פֿון דער סענע זיינען געזעסן די פֿישער אַלץ מיט דעם זעלבן אומויספֿירבאַרן טרוים צו כאַפּן אַ פֿישל; דאָס זיינען געווען פֿילאָ־זאָפֿן, און זיי האָבן געוואָלט אַ סאַך איבערטראַכטן פֿאַרן לאַנגן זונטיקדיקן טאָג.

אַנדערש האָבן אויסגעזען די אָרעמע קוואַרטאַלן. די הייזער זיינען גע־ווען באַפּוצט מיט פֿאָנען. אױף די ווענט האָבן געשיינט אופֿרופֿן פֿון פֿאַר־שיידענע קאָמיטעטן. די באַלעבאָטים פֿון קאַפֿעהייזער האָבן געשלאָסן זייערע געשעפֿטן: זיי האָבן מורא געהאַט פֿאַר אַ שיסעריי. עס פֿלעגן דערשיינען און נאָכדעם פֿאַרשווינדן גרופּעס פּאַרטיזאַנער: אייניקע האָבן געהאַט אױ־טאָמאַטן אָדער ביקסן. אַמאָל פֿלעגט דורכפֿאָרן אַ דייטשישער געפּאַנצערטער וואָגן. פֿון צייט צו צייט פֿלעגן זיך דערטראָגן שאָסן.

די וועשעריי איז געווען אין טיפֿן הויף, די פֿענצטער אירע זיינען אַרויס אױף צוויי גאַסן, טאָמער אַז אַנפֿאַל איז לייכט געווען אַוועקצוגיין. לעזשאַן האָט אויסגעהערט די אַריינקומענדיקע, געזאָגט:

— באַזעצן דעם ראָטהויז... ראָזשע דאַרף האָבן קוילנוואַרפֿערס, אין קענגנטייל וועלן זיי זיך קיין אייצע ניט געבן... אַוועקזעצן סנייפּערס באַם וואָקזאַל — דאָרט גייען אַדורך די לאַסט־אויטאָס... וויפֿל פֿלעשלעך האָסטו?..

די אָופּשטעטענדלער האָבן איצט געהאַט גאַנץ גענוג אויטאָמאַטן, עס זיי־נען אויך געווען קוילנוואַרפֿערס; נעכטן האָבן זיי פֿאַרנומען צוויי לאַסט־אויטאָס מיט געווער. אָבער וואָס טוט מען מיט די טאַנקען... עס איז נויטיק וואָס מער פֿלעשלעך. נעכטן נאָך האָט לעזשאַן געשיקט אַ פֿאַרבינדלער צו פֿערנאַנדן: „ברענשטאָף איז דאָ, מען דאַרף צוגעבן שוועבל־זויער"... די פֿלעשלעך האָבן די פּאַרטיזאַנער גערופֿן „רוסישער קאָקטייל" — אַלע האָבן געוווּסט, אַז דאָס דאָזיקע געווער האָט מען באַנוצט מיט דערפֿאָלג אַפֿן מיז־רעך־פֿראָנט.

— איך האָב ליקווידירט צוויי באַשן, — האָט געזאָגט לעאָנטינאַ.

לאַנסיע איז געווען גערעכט — איר פּאָנעם האָט אויסגעדריקט באַגייס־טערונג. צום ערשטן מאָל האָט זי געקענט זאָגן אַלץ, וואָס זי האָט איבער־געטראַכט, דורכגעליטן, זאָגן מיט דער שפּראַך פֿון פֿייער, — פֿאַר אַזעלכע געפֿילן זיינען ניט געווען קיין אַנדערע ווערטער. זי האָט געדענקט יענעם האַרבסטיקן דורכזיכטיקן טאָג, ווען זיי האָבן זיך צום לעצטן מאָל געטראָפֿן, זי מיט לעאָן. ער האָט געזאָגט: „מען האָט מיר צוגעזאָגט צוזאַמענפֿירן מיט די פּאַרטיזאַנער. איך וויל שיסן. און ווייסטו פֿאַרוואָס?... ווייל איך האָב דערקענט גליק. דערקענט אים מיט דיר..." לעאָן האָט מען ערגעץ אַוועקגע־שלעפּט. ער האָט געהאַט צופֿיל צוטרוי... אַ גאַנצן ווינטער און פֿרילינג־צייט האָט לעאָנטינאַ געזוכט די מענטשן, וואָס איר מאַן האָט זיי ניט געטראָפֿן. ענדע מיי האָט זי דאָקטאָר מאַרילאַ צונויפֿגעפֿירט מיט איינעם אַ סטודענט. זי האָט געקלעפּט פֿלוגבלעטלעך. און אָט האָט זי זיך דערוואָרט אױף דער שאָ: זי מישפּעט יענע, וואָס האָבן צעבראָכן איר גליק... ראָב, דער קליינינקער ראָב, ער איז דערשטיקט געוואָרן פֿון רויך, זי וויגט אים איין... „מאַדאָם, מען דאַרף אים מעקאָבער זיין..." „וואַלערי־וואַלעראַ"... „דאָס איז אייער מאַן? ער איז ניט קיין אַריער?..." פּאַריז איז אופֿגעשטאַנען, און די סטיכיע

פון דעם אופשטאנד, א פארצייטיקע, ווי די גאסן פון דער דאזיקער שטאט, האט געמונטערט און געטראגן די קליינע מייסטערן, וועמען לעא פלעגט אין א וויין רופן „די בלום פון פאריזער ברוק".

דער קאמאנדיר פון דייטשישן גארניזאן גענעראל פאן שאלטיץ איז געווען דערדריקט פון די געשעענישן. מען האט אים באפוילן פארזיכערן א פרייען דורכגאנג דורך פאריז פאר דער זיבעטער ארמיי. גענעראל פאן שאלטיץ האט אין זיין רעשום צוואנציק טויזנט זעלנער, צווישן זיי א סאך עסעס, אכציק טאנקן, אוויאציע. מיט דער פאריזער האלאטע וועט ער זיך אן אייצע געבן. אבער אין איניען מישט זיך אריין פאליטיק. עס איז שווער צו פארשטיין, וואס די נאטשאלסטווע וויל. גענעראל פאן שאלטיץ איז געווינט צו קעמפן און אויספירן באפעלן, אבער ניט פארנעמען זיך מיט דיפלאמאטיע. ער האט זיך באמיט, לויט אלע זיינע מעגלעכקייטן, צו פארהאלטן די אמעריקאנער — ער האט אנגעפירט מיט א קארפוס, עס איז ניט זיין שולד, וואס מען האט אין סען לא צעשלאגן די דייטשן... אבער דער פיורער איז בייז געווארן און ער האט אים אפגעשיקט קיין פאריז אפלעסן א ביינדל... „איך בין נאר א קליינער גענעראל, זאגט פאן שאלטיץ, ווען מען פרעגט אים, צי ער איז גרייט כארעוו צו מאכן די שטאט: „איך פיר אויס באפעלן". ער איז קראנק, ער האט א הארץ־פעלער. ער וואלט נאך געקענט אפלעבן מיט אזא קראנקייט צוואנציק יאר, ווען ניט די דאזיקע פארשאלטענע מילכאמע... „פאריז איז א געמיטלעכע שטאט", זאגט דער גענעראל די פראנצויזן, „אבער איר האט א סאך שלעפער און טעראריסטן"... נאך מיט עטלעכע טעג צוריק איז אלץ געווען קלאר: מיר וועלן ניט פארטיידיקן פאריז, די אמעריקאנער וועלן זי ניט שטורעמען — מען האט זיך צוזאמענגערעדט: מיר וועלן אוועק, ווען די אמעריקאנער וועלן צוקומען צו די פארשטעט. ווער איז פארינטערעסירט אין א צווישן־מילכאמע? סיידן נאר די קאמוניסטן... פארוואס־זשע וויל דער פיורער, אז איך זאל אופרייסן די בריקן און פארטיידיקן די שטאט פאר יעדן פרייז?... זיי ווילן שיקן הונדערט פופציק טאנקן „גרוים דייטשלאנד". זיי זיינען פאשעט פון זינען אראפ! איצט איז ניט דער צוויי און פערציקסטער, און איך האב ניט בעדייע צו שפילן די ראל פון פאן פאולוס. שוין געווען גענוג נארישקייטן!... מיר דארפן געווינען צייט...

אט פארוואס גענעראל פאן שאלטיץ פירט אונטערהאנדלונגען מיטן הער נארדלינג. דאס איז אן אנשטענדיקער מענטש, ער איז דער שוועדישער קאנסול און פארזיצער פון דער אקציען־געזעלשאפט „לאגערן עסקאעף". געווים פילט דער גענעראל, אז דער שוועד האט ליב די אליאירטע, דאס איז ניט גוט — א מענטש פונעם צאפן דארף ליב האבן דייטשלאנד. אבער די שוועדן האבן ביכלאל געשפילט אף צוויי פערדלעך, און איצט איז די לאגע אזא, אז מען דארף שוין ניט אויסוויילן — בעסער דער הער נארדלינג, איידער די קאמוניסטן... פאר דייטשלאנד איז פארבליבן איין האפענונג: די אליאירטע וועלן דערזען, וואס פארא געפאר עס שטעלן מיט זיך פאר די באלשעוויקעס, וועלן זיי ניט אריינלאזן די רויטע קיין דייטשלאנד. מען טאר ניט כארעוו מאכן פאריז, דאס וועט מאכן אומעגלעך א פארשטענדיקונג...

הער נאָרדלינג לייגט פאָר אַ וואַפנשטילשטאַנד. געווים איז עס אַ דערנידערונג, אָבער דאָס איז בעסער, ווי עפּעס אין פּאַריז אַ נייעם פראָנט. ביפּראַט נאָך, ווען די הויפּט־זאַך איז — פאַרזיכערן אַ פרייען ריקצוג דער זיבעטער אַרמיי. גענעראַל פאָן שאָלטיץ פרעגט:

— אָבער מיט וועמען ווילט איר, אַז איך זאָל שליסן אַן אָפּמאַך? איך קען דאָך ניט ריידן מיט שלעפּער, מיט טעראָריסטן, מיט קאָמוניסטן...

דאָס וואָרט „קאָמוניסטן" ברענגט דער גענעראַל אַרויס, אויסציענדיק די זילבן — ער דריקט אויס זיין פאַראַכטונג. הער נאָרדלינג באַרויִקט אים:

— דאָס זיינען ניט קיין קאָמוניסטן, דאָס זיינען פאַרשטייער פון דער אַלזשירער רעגירונג, גאַנץ אָנשטענדיקע מענטשן. ווען איר, הער גענעראַל, זאָלט זיין אַ פראַנצויז, וואָלט איר צוגעשטאַנען צו דע גאָלן...

פאָן שאָלטיץ שאָקלט מיטן קאָפּ, ער טראַכט זיך זיינס — מען דאַרף געווינען כאָטש אַ וואָך.

לעאָנטינאַ מיט כאַוויירים איז געווען אויף דער גאַס, ווען עס איז דורכגעפאָרן אַ הויכריידער, באַפּוצט מיט אַ פראַנצויזישער פאָן:

„די צייטווייליקע רעגירונג פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק און דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונגס־ראַט לייגן אייך פאָר אָפּצושטעלן אַלע פיינטלעכע אַרויסטרעטונגען קעגן די אָקופּאַנטן ביז דער פולשטענדיקער עוואַקואַציע פון דער שטאָט".

— דאָס הייסט, אַז מען טאָר מער ניט שיסן?

— ווער האָט עס אונטערגעשריבן?... אָך, אויסוואָרפן!...

— מיגנעבנער!

— מיר וועלן זיי ווי שלאָגן די באָשן...

— קומט צו ליוקן. קאַלזמאַן ער וועט ניט זאָגן...

זיי האָבן ניט געטראָפן ליוקן — ער איז געווען אין שטאָב.

עס זיינען דורכגעפאָרן דייטשן, זיי שמייכלען. אויף איין לאַסט־אויטאָ קוילנוואָרפערס, אַפן צווייטן אַ פּיאַנאָ, סטאַטועלעך, אַ קאָלדרע פון פוך. און די פּאַריזער קוקן, ווייצלען זיך. אין קאָפּע זיינען אַ סאַך מענטשן. אַלץ איז שוין אַדורך — איצט דאַרף מען וואַרטן אויף די אַמעריקאַנער...

דער באַרויִקטער לאַנסיע שפּאַצירט מיט מאַרטאַן, ער באַקלאָגט זיך אויף דער היץ, אָבער ער איז גליקלעך: דאָך זיינען פראַנצויזן — פראַנצויזן, ניט אומזיסט איז באַ אונדז דאָ אַ דעקאַרט, מיר האָבן אויך ליב די לאָגיק!...

אין דער דאַזיקער צייט רעדט לעזשאַן אויף דער זיצונג פון קאָמיטעט פון נאַציאָנאַלן פראָנט:

— זייער ציל איז קלאָר: באַזייטיקן דאָס פאָלק, אָבער איצט איז ניט דאָס פּערציקסטע יאָר... מיר קענען ניט דורכלאָזן דורך פּאַריז דריי דייטשישע דיוויזיעס. אויב די אַליאירטע זיינען גרייט אונדז צו פאַראַטן, וועלן מיר אָבער ניט פאַראַטן די אַליאירטע. איך לייג פאָר...

דער פאָרזיצער לייענט דעם רעזאָלוציע־פּראָיעקט:

„מיר באַצייכענען דעם אָפּמאַך וועגן וואַפנשטילשטאַנד, ווי אַ מעסער אין רוקן פון פּאַריז, וואָס קעמפט העלדיש צוויי מעסלעס קעגן די אַריינדרינגער"...

אף דער גאס שיסט מען: ניט אלעמען האבן די הויכריידער איבערציינגט.

לעזשאן איז אין דרוקעריי. מען דארף זיך שנעל פארזארגן מיט א ווענדונג פון דער פארטיי: „מיר טרעטן ארויס קעגן וואפנשטילשטאנד — דאס הייסט — קאפיטולאציע פון פאריז... פארויס, פאריז! א טויט די באשן!...“

צומארגנס איז א פארזאמלונג. דא זיינען די אויטארן פון וואפנשטילשטאנד. איינער פון זיי — א פראנצויזישער גענעראל — זאגט:

— מיר האבן געשלאסן מיט פאן שאלטיצן א דזשענטלמענישן אפמאך...

לעזשאן רייסט אים איבער:

— עפשער געדענקט איר ניט, מיט וועמען די ענגלענדער האבן געשלאסן אין זיין צייט א דזשענטלמענישן אפמאך? מיט מוסאליניז... אויב איר זייט גרייט אנצוהאלטן דעם וואפנשטילשטאנד, וועט פ. פ. ט. קעמפן אליין. דאס וועט זיך, אגעוו, ווייניק וואס אפרופן אף דער צאל אופשטענדלער...

גענעראל פאן שאלטיץ הערט זיך צו פארבידעשט: מען שיסט. פארט א באנדע שלעפער, מעג זיי הער נארדלינג אנרופן ווי ער וויל...

פאלקאוניק ראל האט באפוילן אנפילן די שטאט מיט באריקאדן. מיידלעך טראגן זעק מיט זאמד; אף די גאסן, באם וואסער און אף די בולווארן האקט מען די קאשטאן־ביימער, טשינארן; פון די הייזער שלעפט מען אייזערנע בעטן און טשוהון־אויוועלער; מען וואלגערט איין די אייזערנע פארקאנעס אין די סקווערן; מען גראבט אוים גרויסע ברוק־שטיינער. יעדע שטאט האט זיך איר שלאג־ווארט: „באריקאדן“. ווי די העמדלדיקע אין יוני אכט און פערציקסטן, ווי די פעדעראטן אין די טעג פון דער קאמונע, בויען איצט פארביסן באריקאדן — ארבעטער און אקטריסעס פון „קאמעדי פראנסעז“, שילער און וועטעראנען פון דער ערשטער מילכאמע, אונטערערדלער און נאיווע פוצנמאכערקעס, סטודענטן און זקיינעס. מעגלעך, אז די ראזיקע באריקאדן וועלן טאקע ניט ביישטיין דער ארטילעריע, עפשער זיינען זיי צופיל און ניט אלע זיינען סייכלדיק געבויט געווארן, אבער פאריז דארף זיי איצט האבן, ווי אויגן, ווי א שטים, — זיי דריקן אוים אלץ, מיט וואס עס לעבט די דאזיקע אלטע שטאט — איר ליידנשאפט, דעם צארן און די בענקשאפט.

דאס איז געווען אפן בולוואר סען־זשערמען לעבן סען־מישעל. א טאנק האט זיך לאנגזאם ארויסגערוקט; ווען ניט דער גערויש, וואלט לעאנטינא געמיינט, אז ער שטייט. הינטער אים איז געגאנגען אן אנדער טאנק, א קלענערער. לעאנטינא איז געשטאנען אין א טויער. זי האט אויסגעקליבן דאס פלאץ, ווייל דא איז געווען א באריקאדע, דער טאנק וועט זיך געוויס אפשטעלן. איר האט זיך אויסגעדאכט, אז זי איז שוין דא א לאנגע צייט. דאס הארץ האט שטארק געקלאפט, און אין די אויערן האט רעקנדיק דעם גערויש פון טאנק, אפגעקלונגען א הארמאן פון א קליינעם טאנץ־אוונט, ווען זי האט געטאנצט מיט לעאן, בעיים זיי האבן זיך באקענט:

„מיין ליבע ברענט, ניט דיר זי אן,
ס'איז פייער־שפריצנדיקער שטראם“...

דער טאנק האט זיך אפגעשטעלט. פון טורעמל האט זיך ארויסגערוקט א בייזער דייטש. לעאנטינא האט א שליידער געטאן א פלעשל. עמיצער האט

געשריען פון אַן אויבערשטן שטאָק: „ער ברענט!...“ מען האָט געשאָסן. דער צווייטער טאַנק איז אַוועק ווייטער. לעאָנטינאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אָפּן טראָטואַר: עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט געזעסן, אָנגעלענט אָן דער וואַנט פון הויז; דער קאָפּ איז געווען אַראָפּגעלאָזט, די האָר האָבן זיך לייכט באַוועגט.

פון הויז זיינען אַרויסגעלאָפן מענטשן. בא לעאָנטינאָן אין קעשענע האָט מען נאָר געפונען אַ קליין צעטעלע, וואָס לעאָ האָט איר איבערגעשיקט פון דראַנסי (זי האָט אים געטראָגן אַף דער ברוסט ווי אַ קאַמייע): „לעאָנטינאַ, ליבע מיינע, איך האָב געלעבט און איך וועל שטאַרבן מיט דיין נאָמען“. עמיצער האָט אָנגעשריבן מיט קויל אַף דער וואַנט פון הויז: „דאָ איז אומגעקומען לעאָנטינאַ, וואָס האָט פאַרברענט אַ דייטשישן טאַנק“. נאָכדעם האָבן סאַניטאַרן אַוועקגעטראָגן לעאָנטינאָן. איינער האָט געזאָגט, אַז זי לעבט, דער צווייטער האָט געשוויגן.

דאָקטאָר מאַרילאַ איז צוגעלאָפן צו איר און באַלד אָפּגעטראָטן. ער האָט זיך שוין לאַנג צוגעוווינט צום טויט, און אין די דאָזיקע טעג האָט ער אויך געזען צעשאָסענע מיידלעך און דערהאַרגעטע קינדער; אָבער אין אים האָט געלעבט עפּעס אַ באַזונדערער געפיל צו לעאָנטינאָן — דער נאַיווער מיידל; אָפטמאָל פלעגט ער טראַכטן: זי האָט געקענט זיין מיין טאָכטער... די דאָזיקע אַלע טעג איז מאַרילאַ געווען שטאַרק פאַרנומען, עס פלעגט אויסקומען לויפן אונטערן פייער, קלעטערן אַף בוידעמער, אַראָפּלאָזן זיך אין קעלערן. עס זיינען געווען אַ סאַך פאַרוווּנדעטע — סיי אופשטענדלער און סיי צופעליקע. ער האָט ניט געטראַכט ניט וועגן זיין לעבן, ניט וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין, ווען מען וועט אַרויסיאָגן די דייטשן, ער האָט זיך געפרייט מיט דער יוגנט, וואָס פּאַריז האָט אַרופגענומען אַף זיך. אָבער איצט, ווען מען האָט געבראַכט לעאָנטינאָן, שוין מיט האַלב פאַרצויגענע אויגן, מיטן אומנויטיקן גאָלד פון אירע האָר, האָט מאַרילאָן באַהערשט אַ טרויעריקער געמיט — צי האָט ער זיך דערמאָנט פון פּיערס טויט (אַוואָדע, איז אויך רענע אומגעקומען), צי אים איז געוואָרן מוירעדיק פונעם געדאַנק, אַז עס גייען אַוועק די בעסטע, און בלייבן וועלן די אויסוואָרפן. אָנגעכמורעט, האָט ער איבערגעבונדן אַ זקיינע, וואָס האָט געטייַנעט: „וואָס פאַרא שייַכעס האָב איך דאָ, הער דאָקטאָר? איך בין געגאַנגען צום בעקער“...

אָפן בולוואַר סען־זשערמען האָט מען ווידער געשאָסן. און לעבן הויז, וווּ לעאָנטינאַ איז אומגעקומען, זיינען געלעגן רויזן. — עמיצער האָט עס אַוועקגעלייגט, איבערלייענענדיק די אופשריפט. די רויזן זיינען שנעל טונקל געוואָרן — עס איז געווען אַ טרוקענער און הייסער טאָג.

## XV

סאַמבאַ האָט פאַר דער מילכאָמע געזאָגט לעזשאַנען: „ווען עס וועט זיין אַ געשלעג, וועלן מיר זען“... ווינטער האָט מען אים פאַרגעלייגט אַריינטרעטן אין אַן אונטערערדישער גרופּע, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט: „וואָס פאַרא קאָנספּיראַטאָר בין איך? איך בין אַ פּלאַפּלער... און כוצדעם זאָגט איך —

„ארגאניזירן", איך קען דאס ניט. עס וועט זיך אנהויבן — ביטע"... ווען ער האט דערהערט דעם ערשטן שאס, האט ער ווי א פרעמדער, באקוקט זיין ווארשטאט, און אן א פארוואס אומגעשליידערט מיטן פוס א טאבורעט און אוועק צו די אופשטענדלער.

ער האט גוט געשאסן; מען האט אים געגעבן א ביקס; ער פלעגט קלעמערן אף בוידעמער, אף דעכער און לויערן אף דייטשן. ער איז געווען גליסלעד; ער האט זיך צום ערשטן מאל פאר לאנגע יארן באפרייט פון ספייקעס, פון צעשפאלטנקייט. א גרויסער, א לוסטיקער, האט ער זיך געפילט אין א היימישער סוויווע צווישן מענטשן, וואס האבן זיך גוט געזידלט, געשמאק געקייט ברויט, ארויסגעווארפן דייטשן פון הייזער, געוויצלט זיך, געווארפן מיט פלעשער אף טאנקן, געזונגען סענטימענטאלע ראמאנסן, און געלאפן צום פלאץ, וואס איז געווען באגאסן מיט בלוט, ווי איבער א וואלד־סטעזשקע. און סאמבא איז אויך געפעלן געווארן די כאווירים זיינע: מען האט אים א נאמען געגעבן „היפא" — איינע א מיידל האט געזאגט: „ביסט ענלעך אף א היפאפאטאם"; אלע פלעגן אנקוועלן, ווי פלינק עס קלעטערט איבער קרומע דעכער דער אומגעלומפערטער היפא.

דערהערנדיק די מעלדונג וועגן וואפנשטילשטאנד, האט סאמבא גלייכגילטיק געזאגט: „עס הויבט זיך ניט אן", און אנגעצילט אין א שאפער פון א לאסט־אויטא.

קאמיש, האט ער געטראכט, ניוועל פלעגט רופן די דייטשן זיגפרידן. מיילע, זאל זיין זיגפרידן. אבער איצט שלאגן מיר זיי — שלאסערס, וועשנייטערנס, דער מאלער סאמבא, וואס מען רופט אים אויך היפא... א פאלק פארמאגט א ריזיקן קויער, מען קען אפלעבן דאס גאנצע לעבן און ניט באמערקן אים; דאס איז ווי א ווולקאן, וואס מען האט אים דערקלערט פאר אויסגעלאשן, איינגעארדנט א באן אף קייטן, א רעסטאראן פאר טוריסטן מיט א פארגרעסער־גלאז צו קוקן אף א מעהאלעד און מיט באקוועמע פאמעלן; און מיטאמאל באין... א שאד, וואס מען קען ניט דערלאנגען א קויל ביוועלן, ער איז געווים פארקראכן אין א לאך...

די דייטשן האבן זיך איצט געהאלטן אף פינף אדער זעקס פלעצער; דאס זיינען געווען אינדזלען, און פון איין אינדזל צום צווייטן פלעגט ארומלויפן א טאנק. און די גאסן זיינען נאך אלץ געווען פול מיט מענטשן. וועלאסיפעדיסטן האבן צעפירט צייטונגען: „הומאניטע", „סע סואר", „ליבעראסיאן". פון צייט צו צייט פלעגן די דייטשן פרווון אנגרייפן, געשטורעמט דעם ראטהויז אדער א מיניסטעריום, וואס איז געווען פארנומען פון די פארטיזאנער. דריי שא האט סאמבא געקעמפט אפן פלאץ סען־מישעל, און נאכדעם באם ראטהויז פון פינפטן קרייז. „אן אנזעעוודיקע צילברעט", פלעגט ער זיך כאכמענען, אנווייזנדיק אף זיך...

שוין דער פינפטער טאג, ווי עס קומען פאר גאסן־קאמפן. איבער עליזייער פעלדער באוועגט זיך א גרויסע דייטשישע קאלאנע. מען באשיסט זי. די טאנקן עפענען א פייער פון זייערע הארמאטלעך. איין טאנק האט זיך אנגעצונדן... מען קעמפט אויך אין בעלוויל, און לעבן וואקזאל אויסטערליץ,

און אַף די שמאָלע אַלטע גאַסן פון קוואַרטאַל דיו ביסי... מען קעמפט אויך באַנאַכט. אין דער אָנגעגליטער פינצטערניש דערטראָגן זיך אויסרופן:

— ווער גייט?

— עפּעפּאי?

„דער פּעבל איז ארויס אַף דער גאַס..." פּליסטערן איבערגעשראָקענע באַוווינער פון פּאַסי און אָטייל. זיי פאַרברענען פּעטענס בילדער, דייטשישע רייזע־שיינען, נאַטיץ־ביכלעך. עס זיינען אויך אומרויִק די אַנטיילנעמער פון ווידערשטאַנד, וואָס האָבן זיך ארויסגעזאָגט פאַרן וואַפנשטילשטאַנד; איי־ניקע זיינען צעטראָגן, וואָס די דייטשן קענען פאַרניכטן די אַלטערטימלעכע דענקמעלער, אַנדערע זאָגן אָפּריכטיק: „מען טאָר ניט דערלאָזן, אַז די פאַר־טיזאַנען זאָלן באַהערשן פּאַריז"...

— ווו־זשע זיינען די אַמעריקאַנער? — פרעגט לאַנסיע צום הונ־דערטסטן מאָל מאַרטאַן.

— ווו־זשע זיינען די אַמעריקאַנער? — רעגט זיך אוף גענעראַל פאָן שאָלטיץ.

הער נאָרדלינג זאָגט דעם גענעראַל:

— אויב איר וועט מיר געבן אַ רייזע־שיין, וועל איך אוועקפאָרן מיטן גראַף סען־פּאָל אין אייזענהאַוערס שטאַב.

דאָס וואָרט „גראַף" באַרויִקט פאָן שאָלטיצן. אַ גראַף קען ניט זיין קיין קאָמוניסט.

— גוט, איר וועט באַקומען אַ רייזע־שיין...

דעם פיר און צוואַנציקסטן אויגוסט אין אָוונט האָט די ראַדיאָ גע־מאָלדן: „די פראַנצויזישע טאַנקן קומען אריין קיין פּאַריז". הונדערטער טויזנטער פּאַריזער זיינען געשטאַנען אַף די גאַסן און געשמייכלט, האָגאָס קיינער האָט ניט געקענט אַנזען אין דער פינצטער זייערע שמייכלען.

לעזשאַן האָט ניט געשמייכלט:

— די דייטשן אַטאַקירן די מעריע פון עלפטן קרייז. שיקט שוין צוויי הונדערט מאַן מיט קוילנוואַרפערס...

סאַמבאַ האָט זיך אריינגעריסן אין אַ הויז און ארויסגעשלעפּט אַ דייטשישן קאַפּיטאַן. יענער איז געגאַנגען, האַלטנדיק די הענט אַפן קאָפּ. סאַמבאַ האָט אים אופמערקזאַם אָנגעקוקט: דער קאַפּיטאַן איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ לאַנגן שאַרפן פּאָנעם; סאַמבאַ האָט פּלוצלינג אַ טראַכט געטאָן. גרעקאַ וואָלט אים ניט אַפּגעמאָלן... און נאָכדעם האָט סאַמבאַ פון גאָרניט געטראַכט, געשריען ביז הייזעריק, ארומגענומען מיידלעך, זקיינים, פּאַרטיזאַנען מיט שטעכיקע באַקן און געפרייט זיך; אַזוי קען זיך פרייען ניט קיין יונגער מענטש, ווען ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די מאַסע פון יאָרן.

— זיי האָבן קאַפּיטולירט!...

— זאָל לעבן די פרייהייט!...

גאַסטאָן רואַ איז צוגעקומען צו אַ קליין פענצטערל, וואָס איז ארויס־געגאַנגען אַפן בולוואַר פּאָר־ראָיאַל, און צוגעהערט זיך. דער הויכרייִדער האָט געשריען:

„דער אַפּמאַך וועגן דער קאַפּיטולאַציע, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן פּאָלקאָווניק ראָל, דעם קאָמאַנדיר פון עפעפאַי איל דע־פראַנס, און דיוויזיע־גענעראַל לע־קלערק, קאָמאַנדיר פון דער צווייטער עלבע, פון איין זייט, און גענעראַל פאָן שאָלטיץ, קאָמאַנדיר פון די דייטשישע באַוואָפנטע קויכעם פון פּאַריזער קרייז..."

רוא איז געבליבן שטעקן אין פּאַריז: אים האָט פאַרפירט פּאָלקאָווניק פאָן שליפער — ער האָט געזאָגט, אַז עס דראָט ניט קיין געפאַר. פאָן שליפער איז אַפּגעפאָרן מיט אַ וואָך צוריק. רוא האָט געוואָגלט איבער דער שטאָט. ער האָט זיך ניט אַנטשלאָסן אַהיימגיין: עפשער באַלעבאַטעוועס שוין דאָרט די קאָמוניסטן. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בוידעם־צימערל פאַר אַ דינסט. ער האָט געהאַט דאָקומענטן אַפן נאָמען פון עלעקטראָ־מאָנטיאָר גאַסטאָן דיוקען. אָבער געטראַכט האָט ער פון איין זאַך — פון טויט. אין די ערשטע טעג פון אופשטאַנד, האָט ער נאָך געהאָפט: די דייטשן האָבן אַ סאַך טאַנקען, אין בורזשע איז אַמווייניקסטן פופציק עראָפּלאַנען; מען דאַרף נאָר אַ באָמבאַרדיר טאָן, לאָזן די טאַנקען — וועט זיך דער גאַנצער ערעוו־ראַוו צעלויפן... אָבער פאָן שאָלטיץ האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ שוואַכלינג. מיסטאַמע האָלטן שוין די דייטשן זייער שמאָל, אויב זיי שליסן אָפּמאַכן מיט די פּאַרטיזאַנער. אונטערגעבן זיך גלאַט אַזוי עמיצן! עס איז דאָך קלאָר, אַז דער דאָזיקער פּאָלקאָווניק ראָל איז ניט קיין פּאָלקאָווניק און ניט ראָל... איצט איז שוין ניטאָ אַף וואָס צו האָפן... עס קען אים דער־קענען אַף דער גאַס אַ ליאַדע דורכגייער, ער פלעגט דאָך אַרויסטרעטן אַף פאַרזאַמלונגען. רוא האָט אַ קוק געטאָן אין אַ קליין שפּיגעלע, וואָס איז געהאַנגען איבערן קאָמאָד און זיין בלייכער גאַרניט־זאָגעוודיקער פּאָנעם מיט וואָנצעלעך האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי דער איין און איינציקער, וואָס איז ניט ענלעך צו אַנדערע פּענעמער. ניין, מען קען זיך ניט אויסבאַהאַלטן...

ער האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער. מען דאַרף זיך דערשיסן, דאָס איז דאָס איינפאַכסטע... אַנדערע האָבן זיך אַרויסגעוויזן קליגער. זיי קענען אויסהענגען פאָנען און רופן שלאָפן, האָגאָס זיי האָבן געאַרבעט מיט די דייטשן, אַנגעלעבט זיך, מער פון מיר... פינאַ באַגריסט איצט געוויס דעם פּאָלקאָווניק ראָל. ביז מען וועט זיך דערוויסן, אַז ער האָט דורך מיך נעקויפט פאַר גראַשנס אַ ייִדיש הויז, וועלן פאַרביי צוויי־דריי כאַדאָשים, עפשער אַ האַלב יאָר, און די געמיטער וועלן זיך איינשטילן. פינאַ וועט דער־וויזן, אַז ער האָט זיך באַשטייערט פאַרן ווידערשטאַנד מיט פיר סו אַדער, אַז ער האָט אויסבאַהאַלטן אַף אַ נאַכט עפּעס דאָרט אַן איבערגעשראָקענעם פלאַפּלער, קוריר, ער וועט זיך אַרויסדרייען. און איך דאַרף אומקומען, מען וויים ניט פאַרוואָס. ווי עס וואָלט מיך אינטערעסירט זייער פאַרשאָלטענע פּאָליטיק! איך האָב זיך פאַרנומען מיט געשעפטן, און דאָס איז אַלץ. אויב מיר איז אויסגעקומען צו לויבן דעם פירער אַדער זידלען די ייִדן, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב געאַרבעט אין אַ דייטשישער אָרגאַניזאַציע...

ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אין פענצטער. אונטן האָבן מענטשן גע־יובלט. מיט עקל האָט ער אַ טראַכט געטאָן: זיי איז גוט... עס האָט אים גע־יבלט פון די געשרייען, פון די לידער, פון די פאָנען. פּלוצלינג האָבן זיך

דערהערט שאָסן; די מענטשן זיינען זיך צעלאָפן. רוא האָט געזען, ווי מען האָט אופגעהויבן צוויי — אַ פרוי און אַ יונגנמאַן מיט אַ באַנד אַף דער האַנט. ער האָט זיך געלייגט אַפן בעט, גערויכערט אַ סיגאַרעט נאָך אַ סי־גאַרעט. נאָכדעם איז ער ווידער צוגעקומען צום פענצטער. ער איז איצט געווען ענלעך אַף אַ לונאַטיקער — ער האָט געהאַנדלט מיט אַ האַלבן באַ־וווּסטזיין, אָבער זייער פּינקטלעך. ער האָט גוט געטראָפן אין ציל. דאָס מיידל, וואָס האָט געשריען אונטערן פענצטער, איז געפאַלן אַן אונטערגע־שאָסענע. ווידער זיינען זיך אַלע צעלאָפן. רוא איז געשטאַנען בײַ דער טיר און געהערט. עפּעס מענטשן זיינען געגאַנגען אַף די טרעפּ. ער איז אַרויס פאַרנט און איינעם דערשאָסן; ער האָט געוואָלט ווידער אויסשיסן, אָבער ער האָט ניט באַוויזן, זיין קאָפּ איז געבליבן הענגען אַפן פאַרענטש, פון זיין מויל איז גערונען בלוט.

און דער יאַנטעוו אַפן גאַס האָט ניט אופגעהערט. מען האָט געברענט היטלערס פּאָרטרעטן, געקושט זיך, געפּאַטשט מיט די הענט. מיידלעך, וואָס זיינען געווען אין איין אַטריאַד מיט סאַמבאָן, האָבן אים געכאַפּט אונטער די אָרעמס און געשריען סקאַנדירנדיק:

— אונד־זער הי־פּאָ! אונד־זער הי־פּאָ!

ער פלעגט פאַרענדיקן: „פּאַ־טאַם!" „פּאַ־טאַם!" און זיין שאַלנדיקער קאָל האָט אַלעמען געצווונגען אומקוקן זיך.

דאָקטאָר מאַרילאַ האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַף אַ ווײַלע צו לאַנסיען.

— איך גראַטוליר אייך, מאַריס!

לאַנסיע האָט אים אַרומגענומען און געזאָגט אַ געריריטער:

— ס'איז שרעקלעך, וואָס מאַרסעלינאַ האָט דאָס ניט דערלעבט... אין אייער קוואַרטאַל האָט מען אַ סאַך געשאָסן?

— דאַכט זיך, אַז ניין... איך בין קימאַט ניט געווען אינדערהיים. איך האָב באַנדאַזשירט פאַרוווּנדעטע... מען האָט דערהאַרגעט לעאָנטינאַן...

לאַנסיע האָט זיך דערמאָנט, ווי לעאָנטינאַ איז געלאָפן צום לאַסט־אויטאָ און ווי עס האָבן זיך צעוויִיט אַפן ווינט אירע האָר. אים איז געוואָרן טרויע־ריק, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט איר שוין מער קיינמאָל ניט קענען זאָגן: איך האָב געוואָלט העלפן לעאָן, שולדיק זיינען די באָשן.. ער האָט זיך אָנגעהויבן טרייסטן אַפן קאָל:

— שרעקלעך!... אָבער וואָס פאַראַ הערלעכער טויט!... ווי אין ווערדון. איך האָב זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז די יונגע זיינען פעיִק אַף דעם... לעאָ מעג שטאָלצירן מיט איר... ווי מיינט איר, לעאָ וועט צוריקקומען?

— פונוואַנען? פון יענער וועלט?

— פאַרוואָס טריבט איר אַלץ אַזוי איבער? עמעס, ער איז אַ מאַן ניט פון דער ערשטער יוגנט, אָבער ער האָט אַ פעסטן אָרגאַניזם, איך בין זיכער, אַז ער וועט אויסהאַלטן...

מאַרילאַ האָט אַנשטאָט אַן ענטפער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און לאַנסיע האָט געטראַכט וועגן לוּאִין.

— איר זייט געווען דערביי, ווען די אונדזעריקע זיינען אַריינגעקומען? קיין פליער האָט איר ניט געזען?...

— ניין, נאר טאנקיסטן...

— איך האב געהערט דע גאלס רעדע, ער האט שוין גערעדט — וועגן דער פאריייניקונג פון אלע פראנצויזן. איצט זע איך, אז איך האב זיך טויע געוועזן אין א סאך זאכן... וואס ווילט איר, די דייטשן האבן אונדז גענארט. עס ווייזט זיך ארויס, אז די קאמוניסטן שפילן גאר א צווייטראנגיקע ראל...

מארילא האט זיך טרויעריק צעשמייכלט:

— איך האב געזען קאלענס אן אפיש — צוויי אופשטענדלער; זיי שיסן אין פארשיידענע זייטן און אונטער זיי דאטן: 1789, 1830, 1848, 1871, 1944. די צענזור האט פארבאטן... איר קענט זיך בארויקן, דאס פאלק האט געזיגט, אבער דעם דאזיקן זיג וועט מען אים געבן פונקט אף איין טאג — זינגען אביסל, שרייען אביסל. און דערנאך... — ער איז שטיל געבליבן. — איר בייזערט זיך אלעמאל וואס איך לאך. ווייסט איר וואס? איך האב שוין, דאכט זיך, פארענדיקט מיטן לאכן...

סאמבא איז ארוף צו זיך. מיט דערשטוינונג האט ער א קוק געטאן אף די לייוונטן, אף דער מאלברעט, ווי ער וואלט אריינגעפאלן אין א פרעמדן אומבאקאנטן צימער. דא האט אים אלץ דערמאנט וועגן יענער בענקשאפט, וואס מענטשן רופן אן איז די ביכער „שעפערישע ליידן". דער ווארשטאט איז געוועזן גרויס, אבער ער האט דערפילט, ווי ענג דא איז: עס איז אים געוועזן ענג אין זיין לעבן.

ער איז צוגעגאנגען צום פענצטער. ער האט געוווינט הויך; ער האט געזען פאר זיך גאסן, הייזער, דעכער — פון אזעלכע האט ער געשאסן. די קוימענס אף די דעכער האבן אויסגעזען ווי א צוזאמענקונפט פון קארליקעס, וואס פירן א שמועס. די זון האט געהאלטן באם אונטערגיין. וויפל מאל האט שוין סאמבא געזען דאס דאזיקע בילד, אבער איצט, נאך די קאמפן, בלוט, טויט, נאך די מאמענטן פון געדאנקענלאזער פרייד, האט אים פאריז דערשיטערט. דאס איז גארניט קיין שטאט, נאר א שטיינערנער וואלד. אנדערע שטעט האט מען געבויט לויט א פלאן, דורכגעלייגט גלייכע גאסן, קלארע און נאקעטע, ווי טעארעמעס. און דא זיינען די הייזער געוואקסן ווי ביימער, א הויז האט זיך געקלעפט צו א הויז; יעדער יארהונדערט, יעדער דאר האבן איבערגעלאזט אף די דאזיקע שטיינער זייערע שפורן. שטיינער, דורכגעזאפטע מיט רויך, דורכגעפרעסענע מיט יאם-פייכטקייט; שטיינער, וואס האבן אויסגעהאלטן שטורעמס פון יארהונדערטער. אן ארטיקל איז לייכט אנצושרייבן — וואס דארף מען דערצו? — א קאפ, געדאנקען, א פעדער. א ראמאן אבער וועסטו ניט אנשרייבן לויט א פלאן, א ראמאן דארף מען דורכפילן, איבערלעבן. אט אזוי איז פאריז — דאס איז א לאנגער פארפלאנטערטער ראמאן...

סאמבא איז לאנג געשטאנען צווישן גרא-בעזיקן ביינהאשמאשעס און געכאזערט: „פאריז!... מיין פאריז!..."

## XVI

גיוועל האט זיך שוין לאנג אנגעהויבן אפקילן צו די דייטשן; ער פלעגט זיך אליין ניט אפגעבן קיין כעזשבן אין דעם, אף וויפל זיינע האנדלונגען

זיינען געווען אַפּהענגיק פון די מיליטערישע באַריכטן. נאָך מיט אַ יאָר צו־ריק האָט ער פאַרשריבן אין זיין טאָג־בוך: „עס איז ניטאָ קיין שום גע־מיינזאַמעס צווישן דער גייסטיקער יעראַרכיע און דעם ווילקיר פון זעלנער־טום". — דאָס איז געווען נאָכדעם, ווי מען האָט צעגראַמירט די דייטשן באַ קורסק. ווען איטאַליע האָט זיך אונטערגעגעבן, האָט ניוועל פאַרצייכנט: „נאָך אַ שריט צום סאָף. איך טראַכט איצט דערפון, אַז אַ זויבערער איניען פאַדערט זויבערע הענט. דיקטאַטור פון גייסט איז ניט קיין נייע אָרדענונג". ער האָט געוואָלט אַרויס פון דער שפּיל, ער פלעגט זיך זאָגן: איך בין באַ־גאַנגען אַ סאַך פעלערן; עס איז געווען נאַריש צו שרייבן אין די צייטונגען, איך בין ניט קיין פּאָליטיקער, נאָר אַ פּאָעט. איך פאַרטיידיק אַן אידיי. ווי אַזוי קען איך זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאַרקערפּערונג פון דער דאָ־זיקער אידיי דורך דייטשישע אינטענדענטן, אָדער געשטאַפּאָ?

צווישן די באַאַמטע אין דער פּרעפעקטור זיינען געווען מענטשן, וועלכע זיינען געווען געבונדן מיט די דע גאָליסטן; ניוועל האָט זיך עס אַנגעשטויסן; אָבער אומזיסט זיינען געווען זיינע באַמיונגען קריגן צוטרוי באַ זיי; ווי נאָר ער פלעגט אָנהויבן קריטיקירן די מעשׂים פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, פלעגט יענער אַנטשווייגן ווערן, אָדער האַלטן מיט די דייטשן.

אין פרילינג האָט ניוועל געטראָפן לאַנסיען, פאַרגעלייגט אים אַריינגיין אין אַ קאַפע; לאַנסיע איז געווען זייער ניט צופרידן פון דאָזיקן שמועס. ניוועל האָט געזידלט די דייטשן, און לאַנסיע האָט זיך אַרומגעקוקט — ער האָט מוירע געהאַט, מען זאָל אים ניט דערזען מיט ניוועלן.

— איך בין זייער צופרידן, וואָס עס מערקט זיך צווישן די אינדוסט־ריאַלן אַן אָפּנויג אין דער זייט פון נאַציאָנאַלן אָנהויב, — האָט געזאָגט ניוועל. — מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז פּינאַ...

לאַנסיע האָט אים אינמיטן דערינען איבערגעריסן, און געפרעגט מיט קינדערישער אופריכטיקייט:

— האָט איך גאָר ניט מוירע פאַרן אָנקומען פון די אַליאירטע?

ניוועל איז געוואָרן אויסער זיך:

— איך פאַרשטיי ניט, פון וואָס איר רעדט? עפּשער, געפעלט אייך ניט, וואָס איך אַרבעט אין דער פּרעפעקטור? אָבער איך האָב נישט ניט קיין זאַוואָד, ניט „קאַרבעי". און פּאָעזיע גיט ניט צו עסן.

— אָבער איך...

— אין איין און פּערציקסטן האָב איך באַגריסט די מילכאָמע קעגן באָלשעוויזם. דאָס איז עמעס. אָבער דאָס האָט אויך דאַן ניט געהייסן, אַז איך באַגריס די מילכאָמע פון רייך קעגן די מיזרעך־מעלוכעס. איך בין ניט קיין זשורנאַליסט, איך בין אַ פּאָעט און נאָר אַ פּאָעט... איך קען ניט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס פאַרשיידענע שאַרלאַטאַנען נוצן אויס פּאָליטיש מיינע געשטאַלטן. איר געדענקט אונדזער שמועס מיט דריי יאָר צוריק וועגן אַנדרע זשידס טאָגביכער אין „ענערעף"? וועט אים דען עמיצער וואָגן פאַרוואַרפן, אַז ער האָט זיך אָנטציקט פון היטלערס כאַכמע? אַנדרע זשיד איז איצט אין אַלזשיר, און די גאָליסטן שטאַלצירן מיט אים. דאָס איז

נאַטירלעך — די מוזעס באַנוצן זיך מיט די רעכט פון עקסטעריטאָריאַליטעט. איך האָב ניט מוירע פאַר די געשעענישן, איך וואַרט אַף זיי...

לאַנסיע איז אופגעשטאַנען און, זאָגנדיק, אַז עס טוט אים ווי די לע־בער, איז ער שנעל אַוועק. ניוועל האָט זיך פאַרטראַכט: אַפילע לאַנסיע האַלט, אַז איך בין פאַרבונדן מיט די דייטשן... איך האָב געשפּילט אַ צו קליינע ראָל, דערפאַר טאַקע ווילן זיי זיך נויקעם זיין אין מיר. פינאַ אַרער, די אַנדערע אינדוסטריאַלן וועלן אַרויס טרוקן פונעם וואַסער. זיי דאַרפן האָבן רעלסן־טוישער... וועלן זיי אויסליפערן דעם פּאָעט...

ניוועלן האָט אָפּגעגליקט. פון דער לאַגע האָט אים אַרויסגעדרייט אַן אַלטער באַקאַנטער, פאַלקאָווניק פאָן האַלענבערג: ער האָט אים געגעבן אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן אין דער שווייץ. דאָס איז געווען דעם צווייטן יוני — עטלעכע טעג פאַרן אַליאירטן דעסאַנט. אַריבערפאָרנדיק די גרענעץ, האָט ניוועל אַ טראַכט געטאָן: כאָטש איינמאָל האָט די געטן פון פאַרנונפט געראַטעוועט דעם קויהען פון אומזין!...

אַ קליין דערפל בא דער זשענעווער אַזיערע. דאָ האָט ער אויסגעזוכט אַ באַשיידענעם פענסיאָן. ער פלעגט זיך גאָרניט פאַרגינען, אַפילע אַוועקגע־וואָרפן רויכערן — די פראַנצויזישע פראַנקן, וואָס אים איז געלונגען אַרויס־פירן, האָבן דאָ געהאַט אַ גראַשעדיקן ווערט. אין צוויי־דריי כאָדאָשים אַרום וועל איך אַרויסגעוואָרפן ווערן אַף דער גאַס...

דערוויסנדיק זיך פון ניוועלס אָנקומען, האָט דער זשענעווער זשורנאַ־ליסט סענאַ, אָנגענומען, אַז הינטער דעם שטעקט אַ פּאָליטישער מאַנעווער. ניוועל האָט אים פריינטלעך אופגענומען, אָבער באַלד געזאָגט:

— איך בין אַ פּאָעט און נאָר אַ פּאָעט. איך בין גליקלעך, וואָס איך געפין זיך אינעם לאַנד, וואָס האָט שטענדיק געגעבן אַ מאַקעם־מיקלעט אַנאַכאָרעטן און טרוימער. איך אַרבעט איצט איבער אַ בוך לידער „דער אַקטאָעדר פון מיין נעשאָמע”...

דער זשורנאַליסט האָט געפרעגט:

— איר זייט אַרויסגעטראָטן אין פאַרטיידיקונג פון אויטאָריטעטן רע־זשים, ניט עמעס?

— קיינמאָל ניט. איך בין אַרויסגעטראָטן אין פאַרטיידיקונג פון די אויטאָריטעטן. איר דאַרפט ניט פאַרגעסן וועגן יענער טראַגישער לאַגע, אין וועלכער עס איז געווען מיין לאַנד נאָך דער צעגראָמירונג. איינער פון מיינע גייסטיקע דערציער האָט אין יענער מוירעדיקער צייט מוטיק געמאָלדן: „גע־פינען אַ פאַרשטענדיקונג מיטן נעכטיקן סוינע איז ניט קיין פּאַכדאַנעס, נאָר כאָכמע”... איך בין פאַרפירט געוואָרן דורכן רוף צו פאַרטיידיקן די מײַרעוו־ציוויליזאַציע פון באָלשעוויזם. איך בין פאַרבליבן אַ קעגנער פון די רויטע, אָבער אויב איר וועט שרייבן וועגן מיין באַשיידענער פערזאָן, פאַרגעסט ניט אונטערשטרייכן — קוידעמקאָל בין איך אַ פראַנצויז. איר ווייסט, געוויס, אַז דאָס פּאָנעם פונעם ריכטער אַף די פּאָרטאַלן פון די גאָטישע קלויסטערס איז שטענדיק געווענדעט מײַרעוו־צו. איך האָב אויך אַ ריכטער — מיין געוויסן, און ער קוקט רויִק אַף די גרינע וואַסערן פון אַטלאַנטיק...

ניוועל האָט זיך געפּייניקט: געדאַנקען וועגן יעהן סאַנטים, נורנע ביך־

גערלעכע שמועסן באַם טאַבל־דאָט, נעבעכדיקע זשורנאַלעכלעך — מען האָט באַ אים גענומען נאָך צוויי לידער... ער פלעגט זיך זאָגן: מען דאַרף דורכהאַלטן אַ צוויי־דריי יאָר. דער צוזאַמענשטוים צווישן מײַרעוו און קאָמוניזם איז אומפאַרמײַדלעך. די אינערלעכע איניאַנים פון פראַנקרײַך, דאָס זײַנען נאָר איין קאָרט אויפן טיש, מעגלעך, אַז ניט קיין וואַזשנע... געוויס, וועלן אַלע אַנשטענדיקע פראַנצויזן באַגעגענען מיט באַגײַסטערונג דע גאָלן: ער האָט געטראָפן ווער עס וועלן זײַן די צוקונפטיקע זיגער. פּעטען זעט אין אים אַ ווירדיקן נאָכפאָלגער. אָבער דע גאָל האָט געמוזט דולדן די קאָמוניסטן ביז אַ געוויסער צײַט, פּונקט ווי די אַליאירטע דולדן מאָסקווע... ווען איך וואָלט געהאַט געלט, וואָלט איך זיך דערוואַרט אויף מײַן צײַט. אָבער דאַכט זיך, אַז דעם פּאַעט וועט אויסקומען אַראָפּוואַרפן זיך פון אַ פעלדז אין אָפּגרונט...

בעיים אַ מעלאַנכאָלישן שפּאַציר באַם ברעג אַזיערע האָט ער זיך צופעליק באַקענט מיט דער אַמעריקאַנערן מערי לאַו. מערי האָט פאַרבראַכט צוויי יאָר אין פּאַריז, ווו עס האָט זי פאַרכאַפּט די מילכאָמע. זי האָט ניט באַוויזן באַצײַטנס אַוועקפאָרן אַהיים — זי איז קראַנק געווען און זי האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין אַן ערשטקלאַסיקן האָטעל באַם ברעג פון לעמאַן. אַלס טאָכטער פון אַ גרויסן פּלאַנטאַטאָר, האָט זי זיך אויפגעהאָדעוועט אויף דער דעלטע באַם טײַך מיסיסיפּי, צווישן בוימוואָל, נעגערס און פּאַטריאַרכאַלן אומעט. דער טאַטע אירער איז געווען אַ יונגער אַלמען און געשעצט זײַן באָס־יעכידע, ער פלעגט איר מויכל זײַן אַלע אירע מעשוגענע אײַנפאַלן. ער האָט געהאַט פּאַרדרוס, וואָס מערי האָט ניט כאַסענע, ער פלעגט זיך זאָגן: שולדיק בין איך — איך האָב זי שלעכט דערצויגן, אָבער וואָס האָב איך געקענט מאַכן אין אַזאַ העק?... מערי איז אַוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק, נאָכדעם קיין אייראָפּע. אין פּאַריז האָט זי זיך אַנטציקט מיט די סיורעאַליסטן און מיט די מאָדע־אַטעליעס, געלייענט דזשאָיסן, געהיילט זיך באַ פּסיכאָאַנאַליטיקער, אָבער ניט כאַסענע געהאַט. מעגלעך, אַז עס האָבן זיך ניט געפונען קיין באַלאַנים — שיין איז זי ניט געווען. דערזעענדיק זי, האָט ניוועל אַ טראַכט געטאָן: אַט האָסטו דיר אַ פּאַרצעף! זי האָט געהאַט רויטע האָר, פאַרקעמט הויך און ענלעך אויף אַ קאַלטן, ריזיקע קינבאַקן. זי האָט זיך געקליידט זייער ראַשיק, גערעדט פליסיק פראַנצויזיש, אָבער מיט אַזאַ אַקצענט, אַז ניוועל פלעגט איר ניט שטענדיק פאַרשטיין, זי פלעגט באַנוצן זייער גראָבע ווערטער, ניט וויסנדיק, וואָס זיי באַדײַטן.

ניוועל איז געווען אַזוי איינזאַם, אַז ער האָט זיך דערפרייט מיט־דער באַקאַנטשאַפט; דערבײַ האָט אים נאָך מערי גלײַך געזאָגט, אַז זי פאַרגעטערט די פראַנצויזישע פּאָעזיע. וואָס אַן עמעס, האָט ער טאַקע אײַנגעפונען, אַז זי האָט אַ שלעכטן געשמאַק, אָבער ווי גוט דאָס איז, וואָס מען קען ריידן וועגן לידער, און ניט וועגן דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער פּאָליטיק!...

ער האָט איר פאַרגעלייענט עטלעכע לידער פון זײַן נײַעם בוך: ער האָט זיך גענומען דערווײַטערן פון קלאַסיציזם, געזוכט אין דער פּאָעזיע „ריטם און לופט”. זי האָט זיך אַנטציקט, באַגײַסטערט: „אָ, דאָס איז גלענצנד!”.

ער האָט איר געווידמעט אַ פּאָעמע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די פערזן:

„געל די דעלטע, הימל אויסגעשטערנט שוואַרץ,
וואַקסט דער ווייסער בוימוואָל, וואַקסט ער גרויס.
הערסטו ניט דאָס גרויזאַם קלאַפּן פונעם האַרץ,
פאַרוואַגלטע אַהערצו, מיסיסיפּער רויטע רויז?"...

ווען ער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער „מיסיסיפּער רויטע רויז", האָט זי אויסגעשריען און אַוועקגעלייגט זיין האַנט צו זיך אַף דער ברוסט:

— איר הערט, ווי עס קלאַפּט?...

אין אַ וואָך אַרום האָט ער זיך אַריבערגעקליבן אין האָטעל אין אַ הערלעכן צימער מיט אַ וואַנע־צימער, ענלעך צו אַ טאַנץ־זאַל.

ער האָט פאַרשריבן צו זיך אין טאָג־בוך: „עס הויבט זיך אָן דער צווייטער ניסאָיען. קיין דריטער וועט שוין ניט זיין. איך בעט מיין ליבלינג פּראָזער פינאַ, וואָס האָט דורכגעמאַכט די לײַדן פון אונטערערדישן קעניגרייך, זי זאָל מיר געבן קויעך". ער האָט זיך געפּרוּווט טרייסטן: כ'וועל זיך צוגעווינען, זי איז גאָרניט אַזוי מיעס, מען דאַרף זי נאָר אויסלערנען אָנצוטאָן זיך באַשיידענער. דערביי האָט זי אַ גוט האַרץ...

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז מערי איז אַ פרוי מיט אַ שווערן כאַראַקטער: דערפון וואָלט געקענט דערציילן איר טאַטע, זי האָט געפאָדערט ליבע צו ניין און דרייסיק יאָר, זי האָט געוואָלט אָניאָגן דאָס פאַרלוירענע. ניוועל פלעגט זאָגן: „אַ גוטע נאַכט, טייערע", פלעגט זי ענטפערן: „איך וויל גאָרניט שלאָפן. לייען מיר לידער. הויב אָן פון די, וואָס דו האָסט מיר געווידמעט"... ער פלעגט קוקן אַף אירע האַרטע פּייערדיקע האָר און נאָכגיביק כאַזערן: „מיסיסיפּער רויטע רויז"... ער האָט פאַרשטאַנען, אַז פריער ווי אין צוויי־דריי יאָר אַרום וועט זיך די לאַגע אין פראַנקרייך ניט אויסלייטערן. און מערי האָט געזאָגט: „ווי נאָר עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, וועלן מיר אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. מיר וועלן צוליב אָנשטענדיקייט באַזוכן דעם פּאַפּאַ, אָבער לעבן וועלן מיר אין ניו־יאָרק — דאָרט איז אָן עמעסע קינסטלערישע סוויווע"...

פון די פאַריזער געשעענישן האָט זיך ניוועל דערוווּסט, עפּענענדיק דעם „זשורנאַל דע זשענעוו". ער האָט ניט געקענט פאַרבאָרגן זיין פרייד: מיר האָט אָפּגעגליקט!... אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן פון דער פּרעפעקטור... ווען איך וואָלט דאָרט געווען, וואָלט מען מיך צעריסן אַף שטיקער...

מערי האָט אַף איר שטייגער אויסגעטייטשט זיין פרייד, זי האָט געפּליסטערט:

— איך גראַטוליר דיר, טייערער! קוש מיך שטאַרקער...

זי האָט באַשטעלט אַ פּראַכטפולן אונטערוויט מיט שאַמפּאַניער. פונעם וויין האָט זיך איר פּנים באַדעקט מיט רויטע פלעקן, די אויגן זיינען געוואָרן טריב. זי האָט פּלוצלינג גענומען צוייַלן ניוועלן:

— טייערער קום אין צימער, איך בין מיד...

ווען זיי זיינען אַריין אין צימער, האָט זי אים גענומען קושן, גערעדט:

— דאַרפסט אָנשרייבן אַ פּאַעמע וועגן דער באַפרייונג פון פּאַריז, אַלץ איניינעם — פּאַרטיזאַנען, די אַמעריקאַנער, מאַנפּאַרנאַס און אונדזער ליבע...

ער איז אויך פאַרשיקערט געוואָרן, ער האָט ניט געהערט, וואָס זי פּליס־טערט, ער האָט געטראַכט: גוט, וואָס איך בין איצט ניט אין פּאַריז...

זי האָט אים געצופּט, ניט צורו געלאָזט:

— זאָג גיכער, ווער בין איך?

ער האָט געוווסט, אַז מען דאַרף ענטפערן „מיסיסיפּער רויטע רויז". אָבער פּלוצלינג האָט אין אים אַלץ אופגעקאָכט — ווי לאַנג קען מען אוים־האַלטן אַזאַ אַפּקומעניש?... ער איז אופגעשפּרונגען, אַנגעטאָן די הויזן, אָנגעצונדן דאָס ליכט און געוויזן איר אַ צונג. ער האָט געמיינט, אַז זי וועט אים אַ קלאַפּ טאָן אָדער צעוויינען זיך — אַז עפּעס וואָס וועט פּאַ־סירן... אָבער זי האָט שמייכלענדיק געזאָגט:

— אַ, דאָס איז וווּנדערבאַר! אַזוי קענען נאָר ליבן פראַנצויזן...

## XVII

נינאַ געאָרגיעוונאַ האָט באַשלאָסן צו פּייערן צוויי געשעענישן: סער־ריאָזשאַס קומען און וואַסיאַס געבאָרן־טאָג. עמעס טאַקע, וואַסיאַ איז ניט געווען, אָבער נינאַ געאָרגיעוונאַ האָט געזאָגט נאַטאַשאַן און אַלגאַן: „לאָמיר פּייערן זיין געבאָרן־טאָג, מירן פאַרבערענגען מיט סעריאָזשאַן — ער פּאָרט דאָך מאָרגן אַוועק". אויפן טיש איז געשטאַנען וואַסיאַס פּאָטאָגראַפיע (ניט לאַנג צוגעשיקט, ער האָט זיך פּאָטאָגראַפירט אין ווילניוס) און דערביי אַ בוי־קעט אַסטער־בלומען. נאַטאַשאַן האָט זיך געדוכט, אַז וואַסיאַ זיצט לעבן איר, זי האָט עטלעכע מאָל אין די געדאַנקען געטרונקען מיט אים לעכאַיִם. עס איז שוין פאַרביי מער ווי אַ כוידעש, ווי זי האָט פון אים באַקומען דעם ערשטן בריוו, אָבער זי האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקענט צוגעוווינען צו איר גליק. באַם וואָרט „וואַסיאַ" פלעגט זי שטענדיק שמייכלען. ער האָט זיך אָפּגעפונען, ער שרייבט קימאַט יעדן טאָג!... נעכטן האָט זי ווידער דער־האַלטן אַ לאַנגן בריוו — זיי גייען צו דער „נאַרע", ער טרוימט פון דעם טאָג, ווען ער וועט זיי דערזען — איר און דעם זון; כאָטש זיינען אין בריוו געווען אַזויפיל צאַרטע ווערטער, אַז, דערמאָנענדיק זיך אין זיי, פלעגט זיך נאַטאַשאַ פאַרויטלען; איר איז אַפילע געוואָרן אומהיימלעך פונעם גע־דאַנק, אַז דעם בריוו האָט געלייענט דער מיליטערישער צענזאָר, זי האָט זיך קוים באַרויִקט: איך קען אים ניט, איך וועל אים קיינמאָל ניט זען, און זיי לייגן גאָר קיין אכט אויף דעם, אַוודע, טויזנטער בריוו. וואַסקאַ — דער קליינער, וואָס האָט באַלד צעבראָכן אַ וואַזע, האָט באַ נאַטאַשאַס פּאַרלעגנ־הייט, און באַ סערגייס באָרעכטיקטן לאַכן, ווירדיק רעפּרעזענטירט דעם מאַטן־אַרטילעריסט שרייענדיק „בום! בום!" — אין יענעם אָוונט איז געווען אַ סאַלוט „אַ גרויסער", ווי אַלגאַ האָט געזאָגט — מען האָט גענומען בוי־פּאַרעשט. נינאַ געאָרגיעוונאַ האָט געקוקט אויף איר אייניקל מיט פאַרליבטע אויגן.

דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער אָוונט; אַלגאַ האָט אַ טראַכט

געטאָן — דאָס איז אַ רעפּעטיציע פֿון יאַנטעוו פֿון זיג, האָגאָם עס איז ניט געווען קיין שום אויסערגעווייגלעכס — עס האָט זיך פֿאַרזאַמלט אַרום טיש די מישפּאָכע, מען האָט געגעסן אוּנטבּרויט, פּיראָג, וואָס נינאָ געאָרגיעוונאַ האָט גלענצנד אויסגעבּאַקן, דערציילט זיך וועגן דעם, וואָס מען האָט אַלץ איבּערגעלעבּט, ניט געלאָזט איינער דעם אַנדערןריידן און פּלוצלינג פֿלעגט מען גאָר אַנטשוויגן ווערן — עס איז געווען צו גוט אַפֿן האַרצן.

פּונקט יענעם פֿרימאָרגן האָט אַלגאַ דערהאַלטן אַ בּריוו פֿון לייטענאַנט סיניאַקאָוו. ער איז ערגעץ אין רומעניע, ער שרייבּט, אַז אַלץ איז גלענצנד, אַז זיי וועלן זיך איינגיכן זען... אַלגאַ האָט זיך בּאַקענט מיט אים ווינטער אין קישינעוו, ווען ער איז געקומען נאָכן אויסהיילן אַ וווּנד צו דער מאַמען אַף אָרלויב. דאָס איז געווען אַ הויכער, שעמעוודיקער מאַן, פֿאַר דער מיל־כאָמע אַן אַגראָנאָם. האָגאָם ער איז שוין געווען בּאַ די דרייסיקער, האָט אַלגאַ געזאָרגט וועגן אים, ווי וועגן אַ קינד. זיי האָבּן שוין דאַן בּאַסענע געהאַט. נינאָ געאָרגיעוונאַ האָט געשיינט, זעענדיק, ווי איר טאָכטער פֿאַר־רויטלט זיך, ריידנדיק פֿון איר נייעם מאַן: ניט אַזוי, ווי מיט לאַבּאַזאָוון... זי האָט אויך סעריאָזשאַן געזאָגט: „איך מיין, אַז אַליאַ האָט דאָס מאָל אַן עמעסן געפֿיל, ניט אַזוי?..." ער האָט צעשטרייט אַ שמייכל געטאָן: דו זאָגסט — אַן אַגראָנאָם, אַ לייטענאַנט? קלאָר, אַז אַן עמעסער..."

דעם גאַנצן טאָג האָבּן נינאָ געאָרגיעוונאַ און סעריאָזשאַ פֿאַרבּראַכט צוזאַמען. נינאָ געאָרגיעוונאַ האָט געוואָרט אַף אים ווי אַף איר איינציקן פֿריינט, מיט אים וועט זי זיך קענען דורכשמועסן וועגן אַלץ, וואָס האָט זי געפּייניקט דריי יאָר. פֿון אָנפֿאַנג האָט זיך נינאָ געאָרגיעוונאַן אויסגע־וויזן, אַז סעריאָזשאַ האָט זיך זייער געענדערט; זי האָט זיך דערשראָקן: צי איז ער ניט אַמאָל אַוועק פֿון איר? עס האָט זי איבּעראַשט זיין צוריקגע־האַלטנקייט, און נאָך עפּעס אַ געוויסער בּיטערער רעפּליק האָט זי זיך איבּער־געשראָקן: עפּשער איז ער געוואָרן אַ פֿאַרבּיטערטער?... נאָכדעם האָט זי דערזען, אַז סעריאָזשאַ איז נאָך אַלץ דער זעלבּער — אַ היציקער, ווי זי פֿלעגט זאָגן — „אַ בּאַגייסטערטער". נאָר אויסערלעך איז ער געוואָרן רויִקער, עס פֿילט זיך — ער האָט אַ סאַך איבּערגעלעבּט. אין שמועס פֿלעגן זיי היפּערן פֿון איין זאַך צו דער צווייטער. נינאָ געאָרגיעוונאַ האָט געפֿרעגט וועגן דייטשן (האָבּן זיי מיט דיר גערעדט אַפּנהאַרציק?), נאָכדעם פֿלעגט זי אַנהויבּן טראַכטן וועגן טויט, נאָכדעם האָט זי געוואָגלט מיט סעריאָזשאַן איבּער די גאַסן פֿון אופּשטענדלערישן פּאַריז, געכאַלעמט ווי אַזוי עס וועט אַלץ זיין נאָך דער מילכאָמע, דערציילט פֿון איר אַרבּעט, בּאַקלאָגט זיך אַף דער טעמפּקייט פֿון עפּעס איינעם אַ מיגליאַקאָוו און אַנטציקט זיך פֿון דער ענערגישער שטשעגאָלעוואַ, געפּרוּווט טרעפֿן, וואָס פֿאַראַ בּיכער מען וועט עס אָנשרייבּן וועגן די האַרבּסטיקע נעכט פֿון איין און פֿערציקסטן. סערגיי האָט אַ טראַכט געטאָן. זי איז דאָך מיר נענטער, ווי אַ סאַך בּענגילס מיינע, איך פֿיל גאָרניט, אַז דאָס איז אַן אַנדער דאָר...

— סעריאָזשאַ, דו ווייסט ווּהין מען שיקט דיך? — האָט געפֿרעגט אַלגאַ.

— אַף דאָרעם. עס האָט מיר אָפּגעגליקט — עפּשער וועל איך נאָך

אריינפאלן אף די באלקאנען... מיר האט איינער א דייטשישער געפאנגענער געזאגט, אז בעיס זיי פלעגן איינעמען איין לאנד נאכן אנדערן, פלעגט אים איין זאך פארסאמען זיין פארגעניגן — מען קומט אריין אין שטאט, זיינען פארהאקט די לאדנס, אראפגעלאזט די שטארן, די מענטשן וויבן זיי אויס... אבער ווי אזוי באגעגנט מען אונדז! ווייסט, מאמע, איך פלעג פריער מיינען, אז טרערן פון פרייד, דאס זיינען נאר אין די ביכער. אבער איך האב זיי געזען. אין יעדער באפרייטער שטאט. אט דאס איז, מיין איך, די גרעסטע אויסצייכענונג.

— איך שטעל מיר פאר, סעריאזשא, וואס עס האט זיך אפגעטאן אין פאריז, ווען די דייטשן האבן זיך אונטערגעגעבן. איך קען דאך זייער באַראקטער. ווען איך האב געלייענט אין צייטונג וועגן די באריקאדן...

אלגא האט א שמייכל געטאן:

— מאמע, באריקאדן דאס זיינען בא הוגא, איצט באשליסן אלץ טאנקן. אט ווען עס זיינען אנגעקומען די אמעריקאנער...

— אגעוו, געקומען זיינען די פראנצויזן, — האט געזאגט סערגיי. — אבער ניט אין דעם גייט עס... די פארטיזאנער האבן געשפילט א גרויסע ראל, באזונדערס א פסיכאלאגישע... און די הויפטזאך — ניט אין פאריז איז אלץ אנטשיידן געווארן...

— אין נארמאנדיע? — האט געפרעגט אלגא.

— אף דער וואלגע. דארט איז געווען איינער א פארבינדלער, איז ער אריינגעפאלן צו די דייטשן, האט ער דריי שטיק דערהארגעט, נאכדעם איז ער צוריקגעקומען און ניט געקענט בארויקן זיך, וואס ער האט פארלארן זיין צווענגל. איך קען עס ניט דערציילן ווי געהעריק — כ'בין ניט קיין שרייבער... אבער אט אזא איינער האט באפרייט פאריז.

נאטאשא האט געזאגט:

— איך האב געלייענט, ווי איינע א מיידל אין פאריז האט אופגעריסן א טאנק, דאס איז דאכט זיך געווען אין „קאמסאמאלקע"...

סערגיי האט פארווארפן דעם קאפ אף הינטער, פארטראכט זיך. פון דעם צושטאנד האט אים ארויסגעפירט וואסקא, וואס איז ארופגעקראכן אפן שרייבטיש און אויסגעגאסן דעם טינט. סערגיי האט זיך צעלאכט:

— וואסיא מיט די ביינער! איך געדענק דאך וואסיאן א קליינינקן... ווען איך האב געלייענט וועגן זיין פארטיזאנער־אטריאד, האב איך זיך בעשום אויפן ניט געקענט פארשטעלן... אונדז איז געווען לייכטער — אן אר־מיי־קאמאנדיר, אן אפעראציע־פלאן, הינטערלאנד. אבער אזוי ווי ער — דריי יאר אין די וועלדער... לאמיר אויסטרינקען פאר וואסיאן!

ווען נאטאשא האט, אנקלאפנדיק די גלעזלעך, א קוק געטאן אף אים, האט ער זיך פארזשמורעט — אזא שיין האט געבלאנקט פון אירע גרויסע העלבלאע אויגן.

נאטאשאן איז געווען אנגענעם, וואס וואסקא איז ענלעך צום טאטן; איר האט זיך געדוכט, אז אויך אין דעם האט זיך אפגעשפיגלט איר בונד מיטן מאן אין יענעם ערשטן שווידערלעכן יאר. נאר וואס, דער כאראקטער איז אן אנדערער... וואסיא איז א רויִקער, און ער... צו וואס טאקע איז ער

ארופגעקראכן אפן טיש? מען טאר זיך אף א רעגע ניט פארקוקן... ער האט דעם זיידנס כאראקטער, פונקט אזא אומגעצוימטער... נאטאשא האט זיך דערמאנט, ווי דמיטרי אלעקסייעוויטשן האט זיך פארגלוסט פאריכטן דעם וואנט־זייגער, האט ער אים צענומען און געזאגט: „אין א פערטל שא ארום וועט ער גיין, ווי אין דער אבסערוואטאריע”, נאכדעם האט ער פלוצלינג גענומען אזוי שרייען, אז די שכיינים זיינען זיך צוזאמענגעלאפן: „אט בין איך א טיפעש, איך האב פארגעסן ווּהין מען דארף ארייגרוקן דאס רעדעלע, און דאס איז דאס וויכטיקסטע, עס באקומט זיך גארניט”... און נאטאשא האט שווייגנדיק געשמייכלט.

— איך טרינק פאר וואליאן, — האט געזאגט נינא געארגיעוונא.

ווי נאר סערגיי איז געקומען צופארן, האט ער דערציילט דער מאמען: „איך האב וואליאן איבערגערעדט, זי טרעט אריין אין דער טעאטער־סטודיע; מען האט צוגעזאגט באפרייען זי פון זאוואד. העלף איר צו, מאמע”... נינא געארגיעוונא האט זיך דערפרייט. זי איז נאך אלץ געווען פארטאן אין איר ארבעט; צייטנווייז פלעגט זי פייניקן איר איינזאמקייט. מיט דער טאכטער זיינען נאך בא איר אלץ געווען יענע קאמפליצירטע באציוּנגען, צארטע און גלייכצייטיק פארשפיצטע, נאטאשאן האט נינא געארגיעוונא ליב באקומען, זי האט שטאלצירט מיט איר, (אט וואס פארא וואסיא האט זיך אויסגעפונען), אבער קיין עכטע נאענטקייט איז צווישן זיי ניט געווען. אנהויב מילכאמע האט זיך איר נאטאשא אויסגעוויזן אלס א מיידעלע, זי פלעגט מיט אירריידן, ווי מיט א קליינער, אבער ווען זיי האבן זיך ווידער געטראפן, איז נינא געארגיעוונא דערשטוינט געווארן. נאטאשא האט זיך ניט נאר געענדערט אויסערלעך — זי האט זיך פארוואנדלט אין א שיינער פרוי, און זי איז אויך גייסטיק צייטיק געווארן. פארוואס איז מיר שווער צו ריידן מיט איר? — פלעגט זיך פרעגן נינא געארגיעוונא. זי האט געוווּסט, וואס ס'טיילט זי אפ פון אלגאן: דער טאכטערס פראקטישקייט, דער געזונטער פארשטאנד, איר ניכטער הארץ. אבער נאטאשא איז ניט אזא... נינא געארגיעוונא האט ניט פארשטאנען, פארוואס זי פארלירט זיך, בעיים זי רעדט מיט נאטאשאן. עפשער, האט איר געשראקן נאטאשאס גאנצקייט פון דער נאטור, די פעסטקייט פון כאראקטער — די פרוכט פון אזעלכע יארן. נינא געארגיעוונא האט געפילט, אז נאטאשא שטייט פעסט אף דער ערד און די ערד אונטער איר איז ניט קיין בוטאפארישע, נאר א הארטע, אן עכטע... נאטאשא האט זיך אויסגעלערנט שווייגן, אויסבאהאלטן אירע געפילן, און נינא געארגיעוונא פלעגט צייטנווייז טראכטן, אז אין דער דאזיקער רוּיִקייט איז פאראן א טאדלונג: לעבן איר בין איך עפעס אזא ניט אויסגעהאלטענע, בעעמעס א כארפע...

ווען נאטאשא וואלט כאטש איינמאל באוויזן יענע קינדישע צארטקייט, וואס האט זיך אין איר איינגעלעבט באנאנד מיטן טריבן ערנסט, אפילע מיט דער הארבקייט. ווען נינא געארגיעוונא וואלט איבערגעלייענט כאטש איין בריוו נאטאשאס צו וואסיאן אדער ווען זי וואלט זיך דערוווּסט ווי אזוי נאטאשא האט זיך קינדיש פארלוירן, ווען זי האט א טראכט געטאן וועגן צענזאר, וואלט זי דערפילט נאענטע נעשאמע. און איצט האט זי זיך אנט־

ציקט מיט נאטאשאן פון א זייט און געטרוימט וועגן וואליאס קומען. וואליא האט איר געשריבן בריוו אמאל אופגעוויזנדיקע, אמאל מוירעדיק־טרויעריקע, די קונסט־סטיכיע, אין וועלכער זי האט געלעבט, איז געווען נינא גאָרגיעוונאס וועלט, האגאס זי האט קיינמאל ניט געשריבן קיין לידער, ניט געשפילט אף א ראיאל, ניט געכאלעמט פון דער בינע. וואליאס בריוו האבן זיך איר אויסגעוויזן פול מיט טיפן אינהאלט, וואס האט ניט געפונען קיין אויסדרוק אין ווערטער. זי האט געזען אין וואליאן אירע טרוימען און ניט איינמאל פלעגט זי זיך כידעשן: ווי אזוי האט סעריאזשא פונקט אויסגעפונען דאס, וואס איז אים צום הארצן — אין א קליינער אומבאמערקבארער פרוי, וועלכער עס באשיינט נאר א שמייכל, אין א סטודענטן, בא וועמען די פראפעסארן האבן אפילע ניט אנטדעקט קיין טאלאנט?

נינא גאָרגיעוונא האט געזאגט:

— איצט איז אזוי טומלדיק — מען שיסט סיי אף דער מילכאמע און סיי דא — פון פרייד... איך טראכט אפט, וואס וועט זיין, ווען אף דער ערד וועט צוריקקערן די שטילקייט? מיר דאכט זיך, עס וועט זיין א סאך קאנצענטרירטקייט, א גרויסע קונסט. איך האב מיטוואך געלערנט מיט די קינדער, אין פינפטן קלאס, וווּנדערבארע קינדער, און פלוצלינג האב איך א טראכט געטאן — אט אזא איז געווען פושקין בעיס דער פאטערלענדישער מילכאמע...

נאטאשא האט אופגעלעבט:

— איך האב נעכטן באגעגנט איינעם א פראפעסאר פון טימיריאזעוו־וועס. ער ארבעט איבערן איבערפלאנצן אף צאפן פרוכטביימער — געוועזענער אין דער פאליאר־געגנט. איין היבריד א גוואלדיקער...

נינא גאָרגיעוונא איז געזעסן לעבן איינִיקל, וואס איז איינגעשלאפן אין א טיפן פאטעל. זי האט געטראכט וועגן קינדער: מיר קולטיווירן די מערקווירדיקסטע פלאנצונגען — מענטשן, מענטשן פון מארגנדיקן טאג, וואס וועלן זיך ניט אפשרעקן ניט פאר פייער, ניט פאר ליגנס, ניט פאר דער בלינדער נאטור.

— סעריאזשקא, און דו קוקסט אפט אריין אין דער צוקונפט אדער דער קאפ איז ניט דערביי?

— דאכט זיך, ניט דערביי... איך האב געטראפן לעבן מינסק אויסלענדישע קארעספאנדענטן. איך ווייס ניט, צי זיי זיינען גוטע זשורנאליסטן, אדער ניט, אבער מיר איז פארבליבן א שווידערלעכער איינדרוק. איינער האט מיט מיר גערעדט, ווי א פאשיסט, אויסגעפארשט, וואס מיר קלייבן זיך צו טאן אין דייטשלאנד — „די אמעריקאנער זיינען באוּמרוּיִקט”...

— איך פארשטיי גארניט, — האט געזאגט אלגא, — זיי זיינען דאך פארבינדעטע...

— אבער ווען איך האב מיט זיי גערעדט, האב איך פארשטאנען. אין צוויי און פערציקסטן האבן זיי געהאלטן, אז מיר זיינען אפן ראנד פון אפגרונט, די דייטשן וועלן אונדז אהין ארופשטויסן, אבער זיי אליין וועלן דערביי צעברעכן א פוס. דאן וועט קומען דער פארעץ און פאסקענען. און באקומען האט זיך גאר אנדערש... פארוואס ווילסטו, אז פארד זאל ליב האבן.

גארקים ארבעטער? דאס וואלט געווען ניט נאטירלעך... הער, אליא, כוץ ציטונגען זיינען פאראן ביכער... אין פערציקסטן האבן אונדזערע ציטונגען ניט באנוצט דאסווארט „פאשיסט” — מען האט געהאלטן שטאט... אבער פאשיסטן זיינען געווען פאשיסטן. מיינסט, עפשער, אז א פראנצויזישער בורזשוא דארט האט אונדז ליב באקומען דערפאר, וואס מיר האבן אים געראטעוועט פון די דייטשן? ער וועט אונדז ניט מויכל זיין, וואס מיר האבן אים געראטעוועט. ער וועט געבן הונדערט פראנק אף א דענקמאל פאר סטאלינגראד און הונדערט טויזנט פראנק אף קאמף קעגן קאמוניזם... איך האב עס פארשטאנען, בעיס איך האב גערעדט מיט יענע אמעריקאנער, איך האב זיך דערמאנט פאריז, די דיסקוסיעס, די מיסיעס, וואס זיי האבן געשיקט צוליב קאמופלאזש...

— אבער דאס איז דאך שרעקלעך, סעריאזשא, — האט אויסגערופן נינא געארגיעוונא. — צי דען וועלן די מענטשן קיין רו ניט האבן?...

זי האט ווי פארשטעלט מיט זיך דעם קליינעם וואסקא פון א וויטער כמארע.

און סערגיי האט א שמייכל געטאן:

— נאך סטאלינגראד איז ניטא וואס צו שרעקן זיך... זיי קענען זיך זידלען, אבער א ביס טאן — צווייפל איך. און זידלען, זידלען זיי זיך אויך דערפאר, ווייל זיי זעען א מאכט. מיר האבן באוויזן: א שטארקע מעלוכע, א שטארק פאלק, שטארקע מענטשן. און נאך האבן מיר באוויזן — מיט אונדז זיינען די בעסטע... איך ווייס ניט, וואס עס איז געווען אין פאריז — די ציטונגען האבן ווייניק געשריבן. אבער בעיס איך בין דארט געווען, האב איך געזען קאמוניסטן, איך געדענק אן אינזשעניער, א יונגן ארבעטער, און אויך אנדערע. איך בין איבערצייגט, אז אף דער גאס זיינען ארויס זיי, און ניט יענע, וואס זידלען אונדז...

ווען זיי האבן זיך געזעגנט, איז נינא געארגיעוונא פלוצלינג געווארן קליין, ווי א מיידעלע, צוגעטוליעט זיך צו סערגייען, נאכדעם שנעל אויסגעדרייט זיך, ער זאל ניט דערזען אירע טרערן, פארוויכערט און פארהוסט זיך. אלגא איז פארבליבן נעכטיקן בא דער מאמען. סערגיי האט באגלייט נאטאשאן. אפן וועג האט זי פלוצלינג געזאגט:

— גוט האסטו געזאגט, אז מיר זיינען ניט אליין. איך האב אין אטקארסק געלייענט אן ארטיקל, געקומען אונטער דער האנט עפעס אן אלטער זשורנאל — וועגן ענדערן דעם קלימאט פון לאבראדאר. איין וויסנשאפטסמאן האט פארגעלייגט ענדערן דעם גאנג פון גאלפשטראם, וועלן דארט דאן זיין אפילע ציטרוסן. דאס איז געווען אן אוטאפיע. אבער אט האבן מיר אין דריי יאר געענדערט דעם קלימאט פון דער וועלט. וועסט פרעגן, פונוואנען איך ווייס. איך ווייס ווייניק, איך לייען די טאס־טעלעגראמען. דאס איז אלץ. אבער צו אונדז אין שפיטאל האט מען געבראכט א פארוווּנדעטע פארטיזאנקע פון יוגאסלאוויע. איך האב מיט איר געשמועסט, דאן האב איך עס טאקע א טראכט געטאן... און אין פאריז זיינען אויך, געוויס, דא אזעלכע, ווי דאס מיידל, וואס האט פארברענט דעם טאנק...

נאכדעם איז סערגיי געגאנגען אליין איבער דער באטונקלטער מאסקווע,

די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע, אַ זומערדיקע, אָבער שוין אַ שוואַרצע, ווי אין האַרבסט. ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אינעם לאַבירינט פון געסלעך צווישן קראַפּאָטקינער און אַרבאַט. ער איז געווען גליקלעך פון וואָליאַס ליבע, פון דער באַגעגעניש מיט דער מאַמען, דערפון, וואָס וואַסיאַ האָט זיך אָפּגעפונען, דערפון, וואָס ער האָט ווידער דערזען מאָסקווע, אַ ריזיקע, אַ דים־האַרמאָנישע, אַ זיך־בויענדיקע. זייער אַלטע און צום באַוווּנדערן יונגע. ער האָט אויך געטראַכט וועגן פאַריזער מיידל, וואָס האָט אופגעריסן אַ טאַנק, און ערגעץ צווישן די טייערע שאָטנס איז איבער דער אַלייע, וואָס איז געווען באַשאָטן מיט בלעטער, אים אַנטקעגנגעקומען מאַדאַ.

XVIII

דער פראָנט האָט זיך אָפּגערוקט ווייט פון פּאַריז; אָבער לאַנסיע האָט ניט געקענט געניסן פונעם פרידן. אומזיסט האָט ער אַרומגעזוכט לוּאין. קיינער האָט אים ניט געקענט זאָגן, ווו ער איז, מען האָט געענטפערט — מען דאַרף צוּוואַרטן, ביז עס וועלן ניט אָנקומען אַהער די מיניסטעריומס. אַלץ האָט אויסגעזען אומזיכער. איבער די גאַסן זיינען אַרומגעגאַנגען באַוואָפנטע עפעפּאַי. אויף די ווענט זיינען געהאַנגען גרויזאַמע אופרופן פון פאַר־שיידענע קאָמיטעטן. די צייטונגען האָבן געפאָדערט אַ ריייניקונג. די פּרייזן, זיינען געשטיגן, און אין די רייען האָט מען געקענט הערן: „ערגער, ווי בּאַ די דייטשן"... די אַמעריקאַנער האָבן באַזעצט אַלע בעסטע האָטעלן; זיי האָבן געשיקערט, און יונגע פרויען פלעגן מוירע האָבן אַרויסגיין אין אָוונט פון שטוב. לאַנסיע האָט געלעבט אין אַ פיבער; אפילע מאַרטאַ האָט ניט געוווּסט, וואָס עס וועט אים אופרעגן און וואָס דערפרייען. זיי זיינען אַנומלט בּעגאַנגען איבערן בולוואַר (דאָס איז געווען באַלד נאָך דער באַפרייַונג פון דער שטאָט) און דערזען אַ פרוי אויסגעטאָן אויף דער העלפט, אַרומגערינגלט פון יינגלעך און אויף דער ברוסט בּאַ איר איז געהאַנגען אַ ברעטל: „איך בין געשלאָפן מיט באָשן". מאַרטאַ האָט אויסגערופן:

— עקלדיק!... ווי אַזוי דערלויבט דאָס די מאַכט?...

זי איז געווען איבערצייגט, אַז דער מאַן אירער איז מאַסקים מיט איר. אָבער לאַנסיע האָט געזאָגט:

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס דו דאַרפסט באַדויערן עפּעס אַ נעקייווע? מען זאָל נאָר אַ טראַכט טאָן, אַז עס זיינען געווען פרויען, וואָס האָבן פאַר־בראַכט מיט די באָשן, בעיס זייערע מענער אָדער ברידער זיינען געשטאָרבן פאַר פראַנקרייך!

מאַרילאַ האָט דערציילט לאַנסיען, אַז עפּעפּאַי האָבן אַרעסטירט דעם אינדוסטריאַל בואַסי.

— בואַסי? — האָט אויסגערופן לאַנסיע, — אָבער פאַרוואָס?...

— ער האָט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן.

— וואָס הייסט „מיטגעאַרבעט"? ער האָט געאַרבעט בעיס דער דייַ־טשישער אָקופּאַציע, אַזוי ווי אַלע. איר האָט ניט געפרעגט אייערע פּאַציענטן, אויף וועמען זיי אָריענטירן זיך — אויף די דייטשן אָדער אויף די ענגלענדער,

איר האָט געהײלט און גענומען האָנאָראַר, װײניק זײַנען פֿאַראַן צװישן בוּאָסים אַרבעטער קאָמוניסטן? זײ האָבן אױך פֿאַרדינט בײַ די דײַטשן און גאָרניט שלעכט. פֿאַרװאָס אַרעסטירט מען זײ ניט? איר װײסט, װי אַזױ דאָס װערט אָנגערופֿן? טעראָר!

לאַנסיע האָט זיך דורשטיק צוגעהערט צו בײזע קלאַנגען. מען האָט דערצײלט, אַז אױף דאָרעם איז ניטאָ קײן פּאָליצײ, די קאָמוניסטן מישפּטן אָנשטענדיקע מענטשן פֿאַר פֿאַראַט און דערשיסן זײ. אױך אין פּאַריז איז ניט פֿיל בעסער, האַגאַם דאָ איז די רעגירונג, די אַמעריקאַנער. אין דראַנסי קומען אָפּ טױזנטער אומשולדיקע אַזעלכע װי בואַסי. פֿאַרװאָס האָט מען ביז איצט ניט אָנטװאָפֿנט עפֿעפֿאַי? גוט, זײ זײַנען העלדן, האָבן באַפֿרײַט פּאַריז, דאָס װײסן אַלע. אָבער איצט זײַנען דאָך דאָ קײן דײַטשן ניטאָ... זײ גרײטן אונדז אַ נײַע קאָמונע, אָט דאָס איז עס! פֿון װאָס טראַכט דע גאָל? די אַמעריקאַנער שיקערן און מאַכן סקאַנדאַלן, זײ װאָלטן בעסער אײַנגעשטעלט אַן אָרדענונג...

— איר האָט געהערט, טײַערער פֿרײַנט, װאָס עס טוט זיך? — האָט לאַנסיע געפֿרעגט פֿינאַן. — מיר זײַנען ערעװ אַ קאַטאַסטראָפֿע...

פֿינאַ האָט אױסגעשנײצט, װי טאָמיד פֿײערלעך און טרױעריק.

— מען דאַרף ניט איבערטרײַבן. אַ פֿאָלק — דאָס איז אַ קינד, עס דאַרף זיך אָנזעטיקן מיט דער מעלאָדראַמע „דער אָפּאָפּעאָז פֿון גערעכטיקײט". צום גליק, איז דאָ מער ראַש, װי פֿאַרלוסטן. אין אַ כוידעש־צװײ אַרום װעט אַלץ אַװעק קעשורע.

מאַרטאַ פּלעגט אָפֿט פֿאַרװאַרפֿן איר מאַן פֿאַר זײַן ניט קענען זיך באַהערשן: „דו שטעלסט מענטשן אין אַ דעליקאַטער לאַגע". ער פֿלעגט ענטפֿערן: „װאָס קען מען טאָן, טײַערע, אַזאַ כאַראַקטער האָב איך"... לאַנסיע האָט זיך אױך דאָס מאָל אױסגעצײכנט, ער האָט פֿינאַן אַ פֿרעג געטאָן:

— גוט, שפּעטער װעט זיך אַלץ אײַנשטעלן, אָבער איר האָט ניט מוירע, אַז ביז דאַן זאָל מען אײַך ניט פּאַקן?

— מיך?... פֿאַרװאָס?

— פֿאַר דעם, װאָס איר האָט „מיטגעאַרבעט" — דאָס איז זײער באַליבטער אױסדרוק. קײן סאַך באַדאַרפֿן זײ דאָך ניט! עמיצער װעט זאָגן, אַז איר האָט געגעסן מיטיק מיט שירקען אָדער מיט האָזערן. זײ קענען אַרױסשלעפּן די געשיכטע מיט לעװים הױז...

דער שטענדיק געצױמטער, מעיושעװדיקער פֿינאַ איז אַרױס פֿון די קײלים; אים האָט זיך פּלוצלינג אױסגעװיזן, אַז לאַנסיע װיל אים דערטרינקען. ער איז אױפֿגעשטאַנען און געענטפֿערט לאַנגזאַם, מיט װירדע:

— דער רעגירונג איז באַקענט, אַז איך האָב נאָך געשטיצט דעם װידערשטאַנד מיט לעבנס־געפֿאַר אין צװײ און פֿערציקסטן. און נעקראָלאָגן פֿאַר פֿאַרעטער האָב איך ניט געשריבן...

פֿינאַ האָט נאָכדעם געלאַכט: װי אַזױ האָב איך עס געקענט נעמען ערנסט לאַנסיען?... ער פּלאַפּלט און דאָס איז עס. און לאַנסיע האָט געזאָגט מאַרטאַן:

— אַן אַ פֿאַרװאָס האָב איך באַלײדיקט פֿינאַן, איך האָב זיך צעהיצט.

אבער איך פארשטיי שוין מער גארניט. ווייזט זיך ארויס, אז אין צוויי און פערציקסטן איז ער געווען אין קאנטאקט מיט לאנדאן. אבער איך געדענק דאך, ווי ער האט זיך אונטערגעלעקט צו שירקען... ער פלעגט דאן פארדינען פאר איין וואך מער, וויפל איך האב פארדינט פאר מיין גאנץ לעבן. מיינסט, אז איך בין מעקאנעץ? ניין, איך האב קיינמאל ניט מעקאנע געווען קיין רייכ־טום. פינא קען פארדינען געלט, דאס איז א געשעפטסמאן. אבער איך פרעג דיך, פארוואס האט ער ארויסגעשלעפט דע דאזיקן פארשאלטענעם נעקראַ־לאג?...

מארטא האט אפגעזיפצט:

— איך האב דאן געזאגט, אז מען דארף עס ניט דרוקן...

— פרויען האבן שטענדיק אזא צוגאנג (לאנסיע האט געקוויטשעט). א מענטש קען שטארבן, אבער די פרוי וועט אים שטענדיק זאגן, אז ער האט ניט באדארפט זיצן בא אן אפענעם פענצטער אדער, אז ער האט געמאכט א שנאפס. דו האסט, לעכאל האפאכעס, געמעגט ראכמאנעס האבן אף מיר. איך קום אום...

— מאריס, קיינער טשעפעט דיך ניט. זיי זיינען דאך אפילע ניט גע־קומען אהער...

— און דו ווילסט, אז זיי זאלן קומען? דאן וועט שוין זיין שפעט ראכ־מאנעס האבן. איך בין פארורטיילט... די אמעריקאנער אינטערעסירן זיך ניט מיט אונדז, זיי פליען אין זייערע „דזשיפס" און פארן איבער מענטשן. און דע גאל פרייט זיך, וואס ער איז אזוי הויך ווי דער אייפעל־טורעם און טראכט פון רוים, אים גייט ניט אן, וואס מערדער דערהארגענען אומשולדיקע. עס קען זיין, אז מיר איז אינגאנצן פארבליבן צו לעבן עטלעכע טעג...

מארטא האט געוואלט רופן דעם דאקטאר, אבער לאנסיע האט ניט דערלויבט:

— לאז מיר רויִק שטארבן! מארילא היילט ניט, ער איזדיעקעוועט זיך...

פינא האט גארניט בעדייע געהאט צו קריגן זיך מיט זיין שוטעף. ער איז געקומען אין צוויי טעג ארום און אנגעהויבן פון א שפריכווארט (ער האט ליב געהאט שפריכווערטער, ער פלעגט זאגן „דער געזונטער פאלקס־אינסטינקט"):

— אלטע ליבע ווערט ניט פארזשאווערט, עס לוינט ניט לייגן אכט אף נארישקייטן. איצט דענערווירן זיך אלע, א צייט אזא.

זיי האבן געכאפט א שמועס וועגן די געשעפטן. נאכדעם האט פינא געזאגט:

— דער מיניסטער האט געזאגט, אז ער פלעגט זיך טרעפן מיט אייך פאר דער מילכאמע. ער האט זיך זייער הארציק אפגערופן וועגן אייך...

לאנסיע איז גלייך געווארן גלענצנד געשטימט. מען דארף איינעמען סע־דאבראל, מארטא איז גערעכט — די נערוון האבן זיך בא מיר צעשפילט. צו וואס לייגן אכט אף ווייס איך וואס פארא נארישקייטן? דער איקער איז, וואס מען האט פאריאגט די באשן, פראנקרייך איז ווידער פראנקרייך. און לאנסיע האט געזאגט זיינע אלע באקאנטע: „איר קענט זיך גארניט פאר־שטעלן, ווי גליקלעך איך בין! בא מיר איז א פארשלאסענע נאטור, אבער

איך האָב זיך עפּשער געפּייניקט, די דאָזיקע פיר יאָר, מער פון אַלעמען. נײַן, נײַן מיר האָבן זיך אַלע געפּייניקט. ווי פיש, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון וואַסער. וואָס ווילט איר, פראַנצויזן קענען ניט לעבן אָן פרײַהייט"...

עס איז געווען אַ הערלעכער טאָג, אַ פּאַרשפּעטיקטער זומער. לאַנסיע איז געגאַנגען איבער די גאַסן, אַ באַרויִקטער פון דער דורכזיכטיקייט פון דער לופט און פון די געדאַנקען וועגן פרײַהייט. ער האָט באַשלאָסן דערוויסן זיך, צי עס איז ניטאָ קיין ענטפער וועגן לואין. מען האָט אים אַרײַנגעפירט אין אַ גערוימען קאַבינעט. אַלץ האָט דאָ דערמאָנט וועגן די לעצטע געשעענישן — געפּלאַצטע שויבן, פאַרקלעפּטע מיט פּאַפּיר, אַ שטולכל פון אַ בוראָ ער לעבן אַ מאַסיוון שרײַב־טיש, פּאַפּירן און דערבײַ אַמעריקאַנער קאָנסערוון. פּאַלקאָווניק דעזשען איז געווען אַ הויכער, אַ גראָער און געהאַט אַזאַ רעפּרעזענטאַנץ־פיגור, אַז עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז ווי געבאָרן צום פאַרטיילן אָרדענס און אָפּדעקן דענקמעלער. זײַן שטים איז אויך געווען ווייך, פול מיט ווירדע.

— איך דאַרף אײַך איבערגעבן, הער לאַנסיע, זייער אַ טרויעריקע ידיעה. אײַער זון, לייטענאַנט לואי לאַנסיע, איז אומגעקומען העלדיש פאַר פראַנקרײַך. ער איז קאַוואַליר פון „ערן־לעגיאָן" און אויסגעצייכנט מיט אַ סאָוועטישן אָרדען „פּאַטערלענדישע מילכאָמע"...

לאַנסיע האָט געדריקט אין די הענט זײַן הוט, פון זײַנע אויגן האָבן גערונען טרערן.

— איר מעגט שטאָלץ זײַן מיט אַזאַ זון, הער לאַנסיע...

לאַנסיע האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען, ווי אַזוי ער האָט זיך געזעגנט מיטן פּאַלקאָווניק, ווי אַזוי ער איז דערגאַנגען אַהיים. ער האָט געזאָגט מאַרטאַן „לואי", און זי האָט באַלד פאַרשטאַנען.

ער איז געזעסן אין אַ האַלב־טונקעלן צימער און געקוקט אָפּן זונס בילד. מאַרטאַ פלעג אַרײַנקומען אָף שפּיץ־פינגער, ברענגען די רעפּוּע, גלעטן אים איבערן קאָפּ. פאַר צוויי יאָר פון זייער צוזאַמענלעבן, האָט זי זיך צוגעוווינט דערצו, אַז מאָריס פאַלט אַרײַן אין פאַרצווייפלונג אָן קיין שום סיבע. איצט האָט זי צום ערשטן מאָל פאַרשטאַנען דעם מאַנס צאַר, און ער איז איר דערפון נענטער געוואָרן.

פון אָנפאַנג האָט לאַנסיע ניט געקענט פון גאָרניט טראַכטן, ער פלעג זיך נאָר דערמאָנען דעם זונס קינדער־יאָרן, זײַנע קראַנקייטן, מאַרסעלינאַס זאָרגן, דעם יִנגלס שטיפערייען, זײַן פריילעכן געלעכטער, די לעצטע באַגעגעניש אין באָרדאָ. נאָכדעם האָט לאַנסיע אָנגעהויבן פאַרצוואָרפן זיך: איך האָב לואין ניט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט, אין מײַנע אויגן פלעגט אים מאָראַ פאַרשטעלן. איך פלעג מיינען, אַז ער איז שאַרף, טומלדיק, אַז ער באַנעמט ניט די ניואַנסן פון געפילן. ער האָט אָבער אַלץ פאַרשטאַנען... ער האָט טאַקע אָף אַן עמעס ליב געהאַט פראַנקרײַך. ס'איז וויניק אָנצוקוועלן פון די אויל־ביימער אין „זשעלינאַט", מען דאַרף קענען מאָקריוו זײַן פאַר זיי דאָס לעבן. ווי מאָרא — לואי האָט ערגעץ אין רוסלאַנד איבערגעכאַזערט די עפּאָפּייע פון ווערדון־פאַרטיידיקער... ער איז בעעמעס געווען מײַנער אַ זון... איך פאַרשטיי פאַרוואָס ער איז אַוועקגעפאָרן אַהין — ער האָט גע־

זוכט די געפאר. ער האט געהאסט פאליטיק, אזוי ווי איך... איז דען ניט אלץ איינס, וואס פאר א רעגירונג עס איז אין רוסלאנד? געקעמפט האבן זיי גלענצנד. אפילע די דייטשן האבן דערפון געשריבן. איך וויל בעסער בא אונדז די אמעריקאנער, אבער דאס שטערט מיר ניט צו אנערקענען, אז אז סטאלינגראד וואלטן אין פאריז געזעסן די דייטשן... איך האב זיך, דאכט זיך, טויע געווען וואס אנבאלאנגט די רוסן, די דייטשישע צייטונגען פלעגן אונדז צעמישן די מויכעס. זיי האבן געפירט זייער פאטערלענדישן קריג, אפילע דער נאמען פון דעם ארדען באווייזט עס... איך קען טאדלען אונדזערע קאמוניסטן, אבער איך בויג מיין קאפ פארן פאטריאטיזם פון די רוסן. לואי האט עס פארשטאנען פריער פאר מיר. דער פאלקאווניק איז גערעכט — מיט אזא זון מעג מען שטאלצירן. ער האט געהאט א גרויס הארץ, ווי מארסע־לינא. מעגלעך, אז אויך איך האב אין אים אריינגעגעבן דאס בעסטע, וואס איך האב געהאט — דעם אנדענק וועגן ווערדון... אבער ווי שרעקלעך דאס איז, וואס איך האב אים פארלוירן!...

ווען מארילא איז געקומען, האט לאנסיע געזאגט:

— אט איז שוין לואי ניטא... איר ווייסט, מיר מעגן שטאלצירן מיט אונדזערע זין. איך פלעג אפט טראכטן: וואס וועל איך איבערלאזן נאך זיך, בוץ די נארישע קאלעקציעס, און „ראש־ענע"? איצט ווייס איך, אז עמיצער דערמאנט מיט דאנקבארקייט לואיס העלדנטאט. דאס איז זייער א סאך, ביז איצט נאך באשיינען דאך פראנקרייך די פייערן פון ווערדון...

מארילא האט געזאגט:

— איר האט מאדאן...

— איך ווייס ניט. מעגלעך, אז מען האט זי אויך דערהארגעט — אין רוסלאנד אדער אין אפריקע...

דאס איז געווען אנהויב אקטאבער, און קורץ נאכדעם איז אין לאנסיעס צימער אריין מאדא.

זי איז שוין געווען אין פאריז עטלעכע וואכן און זי האט זיך ניט אנטשלאסן קומען צום טאטן. אין לימאזש נאך האט עמיצער אין איר אנ־וועזנהייט געזאגט: „איך האב געארבעט אין „ראש־ענע", לאנסיע איז גע־קראכן פאר די דייטשן אף אלע פיר"... מאדא האט געקענט דעם טאטן און זי האט זיך אלץ לייכט פארגעשטעלט. איר האט זיך געוואלט זען דאס הויז, וווּ זי האט פארבראכט אירע קינדעריארן, איבערצייגן זיך, אז דער טאטע איז ניט עלנט — מארילא האט איר דערציילט, אז לאנסיע האט כאסענע געהאט און געליובט מארטאן. אבער אלץ אין איר האט רעוואלטירט באם גערדאנק וועגן טרעפן זיך מיטן טאטן. און געקומען איז זי נאר נאכדעם, ווי מארילא האט געזאגט: „ער איז שטארק דערשלאגן פון לואיס טויט".

לאנסיע האט אויסגעשריען און גארניט געקענט זאגן, טרערן האבן אים געשטיקט. זי האט אים צארט ארומגענומען, גענומען פון טיש לואיס פאטאגראפיע, לאנג זי באטראכט, לאנסיע האט גערעדט:

— ווייסטו ווו ער איז אומגעקומען? אין רוסלאנד... ער האט געזוכט געפארן... לאמיר אוועקלייגן אז א זייט די פאליטיק, מען מוז אנערקענען, אז די רוסן האבן געקעמפט בעסער פון אלעמען. איך פארשטיי פארוואס

לואי האט אויסגעקליבן דאווקע רוסלאנד. געדענקסט דעם אינזשעניער, וואס פלעגט זיין בא אונדז פאר דער מילכאמע, ער האט שוין דאן געזאגט, אז די רוסן וועלן גלענצנדר קעמפן. ניוועל האט אים ניט געגלויבט... ער האט זיך ארויסגעוויזן פאר א גרויסן אויסוורף, דער דאזיקער ניוועל, מען האט מיר דערציילט, אז ער איז אנטלאפן קיין דייטשלאנד. ארעמער לעא, מען האט אים ארויסגעשיקט אין א לאגער ערגעץ לעבן ווייִמאר, קיינע שום יעדיעס... מיר האבן אים געוואלט ראטעווען, אבער די דייטשן זיינען געווען שטארקער. דיומאן האט מען ארעסטירט... און לעאנטינא איז אומגעקומען גלענצנדר, ווי לואי... אבער צו וואס זאג איך דאס אלץ? איך האב זיך זייער געעלטערט, מאדא, עס פלאנטערן זיך בא מיר די געדאנקען... דער איקער איז, וואס דו האסט זיך אפגעפונען. ווּ ביסטו געווען די דאזיקע אלע יארן?...

אנשטאט ענטפערן, האט מאדא אנגעהויבן פאנאנדערפרעגן דעם טאטן וועגן לואין; נאכדעם האבן זיי דערמאנט די ווייטע יארן, מארסעלינאן, „זשעלינאט". און דאך האט לאנסיע איבערגעכאזערט זיין פראגע:

— ווּ ביסטו געווען, מאדא?

(אים האט זיך געוואלט פרעגן, פארוואס זי איז אוועק פון מאן, ער האט אבער מוירע געהאט ארויסריידן דאס ווארט „בערטי" — און טאמער וויים זי פון נעקראלאג?...)

— אין די מאקי. און ביז די מאקי דא, אין אונטערגרונט...

— פארוואס־זשע ביסטו ניט אהערגעקומען?

— איך האב ניט געקענט. איך האב געקעמפט...

לאנסיע האט א שמייכל געטאן פאר זיך: איצט זאגן אלע, אז זיי האבן „געקעמפט". א שיינער זעלנער — מאדא... האט זיך, אווּדע, פארליבט אין עפעס א טעראריסט, געמאלן פון אים פארטרעטן... ער האט צארט א קוק געטאן אף איר, און מיטאמאל איז אים געווארן עפעס ניט מיט אלעמען. דאס איז ניט מאדא, מען האט זי פארטוישט... וואס פארא שטרענגע אויגן זי האט! און מעשוגענע אזעלכע... דאס איז מארסעלינאס כאראקטער. אבער מארסעלינא האט ארייַנגעלייגט אין דער ליבע זיך, זי איז אוועק פון טאטן צו מיר. און מאדא איז אוועק פון מאן צו די מאקי...

— וואס הייסט „געקעמפט"? האסט דאך ניט געשאסן אין מענטשן...

— איך האב געטאן דאס, וואס אלע.

ער האט פארשטאנען, אז מער וועט ער זיך פון איר גארניט דערשלאגן, ער האט פארזיכטיק געפרעגט:

— וועסט בלייבן דא, עמעס? מיר האבן דיר צוגעגרייט א צימער.

— ניין. און בעט ניט — דאס איז אומעגלעך.

— אבער פארוואס?

— בא מיר איז איצט אן אנדער לעבן. צווישן אונדז...

זי איז אנטשוויגן געווארן; געקוקט אפן טאטן פריינטלעך און אפגעפרעמדט. ער האט אין שוידער א טראכט געטאן: עפשער, איז זי געווארן א קאמוניסטקע?... ער האט מוירע געהאט פרעגן — מוירע געהאט, אז זי וועט ענטפערן „יא". פלוצלינג האט ער דערזען אף מאדאס האנט העבער

פון עלנבויגן א וויאָלעטן פּאַסעקל און, פאַרגעסנדיק פון אַלץ, ווי מאַדאַ וואָלט נאָך געווען אַ קינד, האָט ער געפרעגט:

— ווו האָסטו זיך צעקלאַפּט?

— ס'איז גאָרניט. אין געשטאַפּט...

ער האָט זיך פאַרלוירן, ער האָט מער גאָרניט געקענט זאָגן. מאַדאַ האָט זיך דורכגעשמועסט מיט מאַרטאַן; נאָכדעם איז זי אָפּגעשטאַנען. ער האָט זי אַרומגענומען, געבעטן מיט אַ קינדישן שמייכל:

— קום אַריין צו מיר, גוט?

זי האָט אויך אַ שמייכל געטאָן, געענטפערט „גוט". ער האָט פאַרשטאַנען: זי וועט ניט קומען. ער האָט געוואָלט באַגלייטן מאַדאַן, אָבער ער האָט זיך דערפילט שוואַך, צוגעלייגט זיך אָפּן דיוואַן. און מאַרטאַ איז אַרויס אין גאָרטן. זיי זיינען זיך גלייך געפעלן איינע דער צווייטער. מאַדאַ האָט זיך געפרייט, וואָס לעבן טאַטן געפינט זיך אַ ליבנדיקע נעשאַמע און מאַרטאַ, וואָס האָט ביז מאַדאַס קומען מוירע געהאַט, צי מאַדאַ וועט ניט טאַדלען דעם טאַטן פאַרן צווייטן מאָל כאַסענע האָבן, האָט דערפילט צו איר אַ צוטרוי.

— מאַרים איז אַ קינד, — האָט געזאָגט מאַרטאַ.

מאַדאַ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— איר זייט געווען אין אַ פּאַרטיזאַנער אָטריאַד?

— יאָ.

מאַרטאַ האָט זי פעסט אַרומגענומען. נאָכדעם האָט זי געזאָגט דעם מאַן:

— האָסט אַן אויסערגעוויינלעכע טאָכטער...

— יאָ, מאַדאַ איז אַ סך שענער געוואָרן, האָגאָם זי זעט שלעכט אויס.

— ניט דאָס מיין איך, זי האָט מיך איבעראַשט, עס פילט זיך אַ גרויסע נעשאָמע...

— זי איז ווי מאַרסעלינאַ, — האָט שטיל געענטפערט לאַנסיע, — אָבער איצט זיינען אַנדערע צייטן. דאַן האָט מען געליבט, און איצט, זיינען אַלע פון זינען אַראָפּ און קעמפן...

ער איז לאַנג געזעסן אין דער פינצטער, און טרויעריק וועגן עלטער געטראַכט, וועגן זיין עלנטקייט, וועגן מאַדאַן — אים האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט געקעמפט ניט קעגן די דייטשן, נאָר קעגן אים, און דערפאַר טאָמע האָט זי ניט געוואָלט דערציילן...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט לאַנסיע געפרישטיקט מיט פּינאַן און אַדוואָקאַט גאַרסי. זיי האָבן באַשלאָסן פייערן די באַפרייונג פון פּאַריז. לאַנסיע איז געווען אַריינגעטאָן אין מעניו, ער האָט לאַנג געפּאָרשט דעם באַלעבאָס פון רעסטאָראַן — צי ער האָט טאַקע ראַגו פון האָזן און ניט עפּעס פון אַ צוגעלעגענעם קראָליקל — האָזן איז דאָך איצט פאַרבאָטן צו כאַפּן...

אַדוואָקאַט גאַרסי, וואָס האָט באַדאַרפט ווערן פּינאַס יוריסקאָנסולט, האָט געהאַלטן אין דערמאָנען די אָקופּאַציע־יאָרן. ער האָט איינציקע מאָל געגעבן זיין וווינונג פאַר באַקאַנטע אַעס; באַ אים האָבן זיך אַמאָל געטראָפן שאַטלע מיט לעזשאַנען. אין גאַרסים דערציילונגען האָט אַלץ אויסגעזען ראָמאַנטיש:

— באַ מיר פלעגן פאָרקומען באַראַטונגען פון דער אָרגאַניזאַציע. איך

פֿלעג זיצן מיט א רעוואָלווער, גרייט צו דערשיסן זיך, טאָמער קומען אָן די באַשן, קעדיי ניט אַריינצופֿאַלן אַ לעבעדיקער אין געשטאַפּאָ...

פֿינאַ האָט אַ טראַכט געטאָן: ער איז ווערט זיין געלט, ער וועט שוין קענען פֿאַריידן די ציין יעדן טריבונאַל. און פֿינאַ האָט געזאָגט:

— מיר האָבן באַוויזן דער וועלט, אַז אין פֿראַנקרייך זיינען פֿאַראַן העלדן. איך פֿערזענלעך בין שוין ניט באַ די יאָרן. אָבער איך האָב געהאָלפֿן, ווי אַזוי און מיט וואָס איך האָב געקענט... און דער איידעם מיינער פֿענ־סאָן אין דער שווייץ פֿלעגט אַריבערפֿירן מאַקים... דאָס איז אַ גאַנצע עפּאָפּייע...

לאַנסיע האָט שווייגנדיק אַ שמייכל געטאָן; ער האָט גענומען ריידן, ווען מען האָט דערלאַנגט פֿרוכט און ניס.

— איך האָב ניט דערשאַצט אונדזער עפּאָכע. די יונגע האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס העלדן. איך האָב ניט מוירע פֿאַר עקסטרעמען — די יוגנט אַנערקענט ניט קיין מעסיקן קלימאַט. לואי איז ניט אָפּגעזעסן די צייט אין לאַנדאָנער קלובן, ווי אַ סאַך אַנדערע. ער איז אַוועקגעפֿלויגן גלייך אין גענעם אַריין — קיין רוסלאַנד. איך בין ווייט ניט קיין קאָמוניסט, אָבער איך בויג מיין קאָפּ פֿאַרן דאָזיקן זשעסט. און מאַדאַ איז אַוועק אין די מאַקי, זי האָט טאַקע געקעמפֿט... זי האָט זיך אַפֿילע ניט דערשראָקן פֿאַר געשטאַפּאָ. ווען דו קוקסט אָף דער דאָזיקער צאַרטער פֿרוי, פֿאַרשטייסטו ניט, פֿונוואַנען האָט זי גענומען קויעך. מעגלעך, אַז דאָ איז אויך פֿאַראַן מיין כיילעק, איך האָב שטענדיק געוואָלט איבערגעבן די קינדער דעם גייסט פֿון ווערדון. פֿון יונגע ביינער פֿערציק האָב איך געלעבט מיט איין זאַך — מיטן שטורעם. איך וועל דאָ ניט דערציילן, וואָס אייגנטלעך, איך האָב געטאָן — איצט איז בעסער זיין באַשיידן; צופֿיל פֿאַלשע העלדן און באַרימער, מעגלעך, אַז מער פֿון אַלע האָבן געטאָן יענע, וואָס האָבן ווייניקער פֿון אַלע געטאָן... באַם אַלטן ווייאַן זיינען דאָ גלענצנדיקע פֿערזן:

„נאָר אַ ליגנער טראָגט אַ טאַלעס
און אַ צאַדיק — צו טייוועס בענקט;
דער אייזל זינגט שענער נאָר פֿאַר אַלע,
און אַ פֿאַרליבטער איז טייכלדיק פֿאַרבענקט..."

— איר האָט אַ גוואַלדיקן זיקאָרן, — האָט געזאָגט גאַרסי.

פֿינאַ האָט אַ טראַכט געטאָן: ווי קען אַ סאָלידער מענטש פֿאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן? וואָלט ער געווען אַן אַדוואָקאַט, איז עפּעס אַנדערש... אָבער דער מיטיק איז געווען געשמאַק, און די צוקונפֿט אַ ליכ־טיקע — אינדערפֿרי האָט פֿענסאָן דערציילט דעם שווער, אַז מען האָט אָנ־געהויבן אַנטוואַפֿענען די עפּעפּאי. האָט טאַקע פֿינאַ מיט פֿאַרגעניגן געהויבן דעם קאָס, ווען גאַרסי האָט פֿאַרגעלייגט אויסצוטרינקען „פֿאַר די העלדן און העלדנס פֿונעם ווידערשטאַנד".

## XIX

ווען מאַדאַ איז געווען אין „קאַרבעי”, איז זי אַ ווײַלע געשטאַנען בײַ יענעם פֿענצטער, ווו זי האָט צום ערשטן מאָל גערעדט מיט סערגייען. ער האָט דאַן געזאָגט: „איך האָב ליב באַקומען פּאַריז”. און פֿאַר מאַדאַן האָבן איצט די ווערטער געקלונגען, ווי אַ ווידע. די גאַנצע צײַט פֿלעגט זי אָפּטראַכטן פֿון סערגייען. עפּשער דערפֿאַר, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אַ שאַרפֿער איבערברוך אין איר לעבן, פֿראַנס איז ווידער געוואָרן מאַדאַ, מען האָט באַדאַרפֿט געפֿינען אין דער נײַער וואַכעדיקער עקזיסטענץ די פֿאַרזעצונג פֿון יענעם שוווּנג, וואָס האָט זי אויפֿגעהאַלטן די לעצטע יאָרן. זי איז געווען בײַ סאַמבאַן, און די מאַלערײַ, וואָס האָט זיך איר דאָ ניט לאַנג אויסגעוויזן אַלס אַ פֿאַרנעפּלטע, ווײַטע פֿאַרגאַנגענהייט, איז פּלוצלינג אויפֿגעלעבט געוואָרן. סאַמבאַ האָט פֿאַרלאַנגט, אַז זי זאָל אים דערציילן וועגן לעבן אין די מאַקי, און זי האָט גאָר געקוקט אַף זײַנע לײַוונטן און געבײזערט זיך: וואָס פֿאַראַ פֿאַשטעס, ווייניק פֿאַרבן, אַזוי רעליעף! אַ טײַך און ביימער, ביימער און אַ טײַך, דאַכט זיך גאַרניטאַ — גראַ, בלײַיִד־גרין, צײַטנווײַז אַ טראָפּן בלאָ... פֿאַרוואָס איבעראַשט מיך אַזוי אַ בוים אַף אַ בילד, איך האָב דאָך געלעבט צווישן ביימער... מאַדאַ האָט ניט געוווּסט, צי זי וועט זיך צוריק נעמען צו איר ליבער באַשעפֿטיקונג, זי האָט ניט געוווּסט, ווי אַזוי זי וועט צוזאַמענבינדן די קונסט מיטן לעבן, מיטן קאַמף, מיט דעם, וואָס זי האָט געזאָגט לעזשאַנען: „מען טאָר ניט דערלאָזן, אַז מען זאָל די כורוועס פֿאַרלאַטען און פֿראַקלאַמירן דאָס אַלס טעמפּלען...” זי האָט נאָך גאַרניט געוווּסט, וועגן איר מאָרגנדיקן טאָג. אין סאַמבאַס וואַרשטאַט האָט זי זיך דערמאָנט די באַגעגעניש מיט סערגייען, די רומיאַנעק־בלימעלעך, די קאָווע־מאַשינקע אַף דער קיך, זײַנע צעכישטע אויגן. ניין, דערפֿון וועל איך זיך קיינמאָל ניט באַפֿרײַען!

דער בער האָט געזאָגט, אַז מען שיקט קיין מאַרסעל, און פֿון דאָרטן מיטן יאַם קיין אָדעס. האָט מאַדאַ באַשלאָסן אָנשרײַבן סערגייען; דעם באַשלוס האָט זי אָנגענומען פּלוצלינג; זי איז געזעסן פֿאַרנאַכט אין צימער און פּלוצלינג גענומען אײַליק שרײַבן — זי האָט זיך געשראָקן, אַז זי וועט ניט באַוויזן אָנצושרײַבן ביז עס וועט טונקל ווערן (קיין שטראָם איז ניט געווען, זי האָט אויך ניט געהאַט קיין ליכט), און טאָמער ווערט טונקל, וועט זי שוין ניט אָנשרײַבן... זי האָט געשריבן בײַ אַן אָפֿענעם פֿענצטער — אַזוי אַרום איז געווען ליכטיקער. עס האָט געגאָסן אַ קאַלטער האַרבסט־רעגן... עטלעכע טראָפּן האָבן פֿאַרשפּריצט דאָס פּאַפּיר; מאַדאַ האָט זיך דערשראָקן — צי זײַנען זיי ניט אַמאָל אַרופֿגעפֿאַלן אַפֿן טינט, ניין, ניט אַרופֿגעפֿאַלן. ער וואָלט געקענט מיינען, אַז איך האָב געוויינט...

„סערגיי”, איך וויל דערציילן, ווו איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דיר. דאָס איז געווען אין וואַלד, דעם פֿינפֿטן יוני, איך וועל קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן יענע נאַכט, מען האָט אונדז מוידיע געווען וועגן דעסאַנט. וועגן דיר האָט מיר דערציילט דער בער — צופֿעליק. איך בין געגאַנגען איבערן וואַלד, און דו ביסט געווען לעבן מיר. נאָכדעם האָבן אונדזערע גענומען אויפֿרײַסן

בריקן. יענע נאכט איז אומגעקומען מיקי. ער איז אוועק און געזונגען זיין באליבט לידל, עס איז נאך אויך איצט בא מיר אין די אויערן: „מיר וואלטןביידע וועלן לעבן, אבער אונדזער גורל איז אזוי: שטארבן מוזן מיר אן מוירע — ביז דעם ערשטן האנעו־קריי". דער בער וועט דיר דערציילן, ווי אזוי מיר האבן געקעמפט. איך קען ניט דערציילן, דו געדענקסט דאך, גע־ווים — איך פלאנטער שטענדיק. די דאזיקע יארן האב איך א סאך גע־טראכט פון דיר, איך האב אלץ פארשטאנען, וואס דו פלעגסט מיר זאגן אין פאריז, און אויך דאס, וואס דו פלעגסט ניט זאגן — ניט געוואלט אדער ניט געקענט זאגן. מיר האט זיך עפעס אויסגעוויזן, אז דו ביסט אין סטא־לינגראד, איך פארשטיי, אז דאס איז נאריש — דער פראנט איז לאנג, עס איז ניט וויכטיק, ווו דו ביסט געווען. פאר אונדז איז „סטאלינגראד" — רוסלאנד. מיר זיינען געווען מיט אייך די גאנצע צייט, דאס איז עמעס, איך וואלט דיר עס קיינמאל ניט געוואגט צו זאגן, ווען איך וואלט ניט געדענקט די כאוויירים, וואס זיינען געשטארבן — אין קאמף אדער אין געשטאפא. געדענקסט, סערגיי, איך פלעג דיר זאגן, אז בא יעדן פון אונדז וועט, אוואדע, זיין זיין לעבן. אזוי האט זיך עס באקומען. איך וויים, אז דו האסט כא־סענע געהאט, און איך בין צופרידן, איך האב אויך א פאמיליע, איך בין גליקלעך. אבער יענעם האב איך ניט פארגעסן און איך קען ניט פארגעסן, און האגאם, איך וויים ניט, ווי אזוי דו, אבער מיר דאכט, אז אויך דו האסט ניט פארגעסן. מיר זיינען מיסטאמע דאן געווען זייער נאריש. אז א פאר־וואס געקריגט זיך, שאלעם געמאכט, אבער דאך האבן מיר ביידע יענעם זומער אנטפלעקט עפעס א גרויסע זאך, און דאס גרויסע האט מיר געהאלפן לעבן, אופהויבן זיך אף דער אויבערפלאך, ווען איך בין געווען אפן סאמע דעק. מעגלעך, אז מיר וועלן זיך ווען עס איז באגעגענען, ניט איצט, איצט דארף מען עס אויך ניט, ווען מיר וועלן שוין ביידע זיין זקיינים. איך וויים, אז אויך אלס זקיינע וועל איך א קוק טאן אף דיר מיט די פריערדיקע אויגן, דו פלעגסט וועגן זיי זאגן, אז זיי לעבן אפגעזונדערט". אזוי פלעג איך קוקן נאר אף דיר. פריער האב איך געמיינט, אז דו האסט מיר געגעבן דעם טרוים, אבער ווען דאס לעבן האט זיך צעטרענצלט, איז דאס, וואס האט זיך אויס־געוויזן אלס טרוים, געווארן דאס עמעסע לעבן. איך שרייב כאאטיש, גלויב — אז לעבן לעב איך פארשטענדיקער און פאשעטער, אויב דו וועסט פרעגן דעם בער, וועט ער דיר דערציילן, אז איך האב זיך געהאלטן רויִק, די צע־דרייטע איז אין אטריאד ניט געווען. די צעדרייטע איז געבליבן אף יענער באנק לעבן קאשטאן־בוים. איך בין אוועק, א קוק טאן — די באנק שטייט און אויך די אלייע איז די זעלבע, און די שטאט. געווים, איז אלץ אנדערש — דא איז איצט זייער טרויעריק, דאס אנדערשדיקע און דאס זעלבע. זיי גליקלעך סערגיי, דאס וויל מאדא! איך האב זיך אויסגעלערנט אביסל ריידן רוסיש — דער בער האט אויסגעלערנט, ער איז א גוטער און א געדולדיקער, איך האב דיר געוואלט שרייבן אף דיין שפראך, אבער איך האב מוירע געקראגן, אז איך וועל ניט קענען. נאר דאס שרייב איך..."

און זי האט זארגפעליק אנגעשריבן מיט געדרוקטע אויסיעס אף רוסיש:

„פראשטשײַ, מיין ליבע! דיין מאדאי".

זי האָט אָװעקגעלייגט די פּעדער אַן אַ זייט און צעװיינט זיך. נאָכדעם האָט זי געכאַפּט דאָס בייגעלע, געװאָלט איבערלייענען און אַ טראַכט געטאָן, מען דאַרף ניט, אויב איך װעל איבערלייענען, װעל איך ניט אָװעקשיקן.

זי האָט דעם בריװ דורכגעלייענט און אינדערפֿרי אים אָפּגעגעבן דעם בער, װען ער איז געקומען געזעגענען זיך.

װאָראָנאָװ האָט געשמייכלט אַ פֿאַרלוירענער; ער האָט געקענט די פֿאַר־טיזאַנקע פֿראַנס, און דאָ איז גאָר געזעסן פֿאַר אים מאַדאַ אין אַ שטאָטישן קליידל. אָבער זיין שטימונג האָט זיך שנעל אויסגעלייטערט — מאַדאַ האָט דערמאָנט דעם אָטריאַד, די כאָװײַרים, מיקים װיצן, כאָסעס טרוימען.

— װען װעסטו זיין אינדערהיים? שנעל?

— איך װייס ניט, מען זאָגט, אַז אין מאַרסעל װעט אויסקומען לאַנג װאַרטן אַף אַ שיף.

— דאָס איז אַ פֿריילעכע שטאָט, אָבער זאָלסט געדענקען, אַז אַלץ טרייבן זיי איבער הונדערטפֿאַכיק.

װאָראָנאָװ האָט זיך צעלאַכט.

— באַ אונדז איז אויך דאָ... אַדעס.

— ביסט צופֿרידן, װאָס דו פֿאָרסט אַהיים?

װאָראָנאָװ האָט שוין ניט באַדאַרפֿט ענטפֿערן — געענטפֿערט האָט זיין ברייטער גוטער שמייכל.

— בער, דערמאָן דאָרט אונדזער אָטריאַד. דו װייסט דאָך, װי מיר האָבן אייך ליב, זאָג װעגן דעם... פֿאַרגעס ניט איבערצוגעבן דעם אַלטן דער־זירס גרוס. געדענקסט, ער האָט גערעדט פֿאַרן טויט?... ער האָט געטרוימט, אַז הינטער מאָסקװע װעלן זיין װייַנטרויבן. אַװדע, װעט זיין... זאָלסט דאָן אויסטרינקען אַביסל פֿון יענעם װיין פֿאַרן װאַלד אין לוימוזין. האָסט געזען באַ אונדז אַ סאַך שלעכטס, עס איז אויך איצט ניט פֿריילעך. ליוק האָט מיר נעכטן געזאָגט, אַז מען האָט באַ די אונדזעריקע צוגענומען דאָס געװער. און פּאַכדאַנים גייען אַרום און שרייען, אַז זיי זיינען העלדן... אָבער זאָלן די רוסן װיסן, אַז עס איז דאָ ליוק, דעדע, אַזעלכע זיינען ניט צום איינברעכן, פֿאַראַן אַ סאַך אַזעלכע. בער, גלויב מיר, איך בין געפֿאָרן פֿון שטאָט צו שטאָט, געגאַנגען איבער דערפֿער, איך האָב געזען אונדזער פֿאָלק... צום אָװעקפֿאָרן גיט מען בלומען אַפֿן װעג, זיי װערן שנעל פֿאַרװעלקט, װען איך װאָלט געקענט, װאָלט איך דיר געגעבן אַפֿן װעג די ליבע פֿון פֿראַנקרייך...

װען װאָראָנאָװ איז שוין געװען אַף די טרעפּ, האָט אים מאַדאַ אָנגע־יאָגט: שנעל און פֿליסטערנדיק האָט זי געזאָגט:

— אויב דו װעסט טרעפֿן װאָלאָכאָװן, זאָג אים... איך האָב פֿאַרגעסן אָנשרייבן... זאָג, אַז צװיי מאָל האָבן מיך די ר״סן געראַטעװעט פֿון טויט. איינמאָל װייס ער, און דאָס צװייטע װען דו ביסט געקומען אין טפּיסע. פּראָשטשײַ בער!...

װאָראָנאָװ האָט ניט אויסגעהאַלטן — אומגעלומפּערט, טאַקע װי אַ בער, האָט ער אַף די פֿינצטערע טרעפּ אַרומגענומען מאַדאַן.

זי איז געשטאַנען באַם פֿענצטער, געקוקט װי ער גייט איבער דער גאַס, װי ער איז נאָכדעם נעלעם געװאָרן, און געכאַזערט: פּראָשטשײַ, סערגײ,

פּראַשטשײַ, ליבע!... איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי האָט זיך געטראָפן מיט סערגייען און ווידער צעשיידט זיך, איצט שוין אויף שטענדיק. זי האָט זיך אויסגעלערנט באַהערשן איר האַרץ, זי האָט מער ניט געטרוימט פון גליק. זי איז געווען גרייט צו נײַע קאַמפן, צו אַ האַרבן שווערן לעבן. לעזשאַן, וואָס האָט איר געזען מיט אַ טאָג פריער, איז איבעראַשט געוואָרן פון איר רויִקייט, אויסגעהאַלטנקייט, גלויבן. און דאָך איז די צעדרייטע מאַדאַ ניט פאַרבליבן ערגעץ דאָרט אויף אַ פּאַרמילכאַמעדיקער באַנק אונטער אַ קאַשטאַן־בוים, זי איז איצט געשטאַנען באַם פענצטער און מיט ברייטע בלאַנקענדיקע אויגן געקוקט — אויף יענעם, וועמען זי האָט געליבט נאָך שטאַרקער ווי פריער.

XX

— אַט ווי מען וואָלט אײַך געדאַרפט פאָטאָגראַפירן, כאָטש מאַיאָר, און אַרויסשיקן צום „אָגאָניאָק" — האָט געזאָגט לייטענאַנט באַבושקין.

סערגיי האָט גענומען לאַכן — אוואַדע, אַ ווילדער בילד: דער „ווילים" פול מיט רויזן, אַסטרעס, פּיאָנען, מען זעט אַפילו ניט, אַז דאָס איז אַ מאַ־שין, און צווישן די בלומען, אַ מאַיאָר פון דער אינזשעניערן־אָפּטיילונג, געדיכט אָנגעפּודערט פון שטויב.

זיי זײַנען געפאָרן צו דער ערשטער בולגאַרישער שטאָט. לענגויס דעם שאָסיי זײַנען געשטאַנען מענטשן; דאָ זײַנען געווען שוואַרץ־אויגיקע מייד־לעך מיט הויכע שטערנס, צאַרטע און שטרענגע גימנאַזיסטן אין אוניפאָר־מען, אַלטע פּויערים מיט גרויע וואָנצעס, יונגע טונקעלע פּאָפּן, פּאַרטיזאַנ־קעס באַוואָפנטע מיט דײַטשישע אויטאָמאַטן, לערער און פעלדשערס אין טשעסוטשע רעקלעך, באָרוועסע, אָבער אויסגעפּוצטע פּויערטעס, טומלדיקע קינדער. אַלע האָבן זיי געוואָרפן בלומען אין די מאַשינעס, אונטער די מאַ־שינעס און גערופן: „אין אַ גוטער שאָ!..." און אויף דער הילצערנער אַרקע, וואָס מען האָט אויפגעשטעלט דורך נאַכט, איז געווען אָנגעשריבן: „גוט גע־קומען!" נאָכדעם האָט מען סערגייען געטראָגן אויף די הענט, ער האָט גע־שמייכלט, אַ פאַרלוירענער. עפּעס אַ זאָקן האָט געזאָגט, אַז ער איז — אַ זאָפּאַסנער, אַז ער האָט געקעמפט אויף דער שיפּקע, און ער האָט געהאַלדזט סערגייען. אַ פרוי אין אַ שוואַרצן טוך האָט באַוויזן סערגייען אַ בילד פון אַ שיינהייט, דאָס איז געווען איר טאָכטער לעליאַנאַ, וואָס די דײַטשן האָבן דערשאָסן; די פרוי האָט גערעדט: „מיר איז אַ גרויס ראַכמאָנעס אויף איר... פריינט!... רוסלאַנד... גוזיגט..." און עס זײַנען ווידער געווען בלומען, וויאָ־לעטע און ווײַסע אירוסן, בלאַע ווײַנטרויבן באַדעקט מיט טריבן צאַרטן טוי, ריזיקע עפּל.

ווײַסינקע שטיבעלעך, וועראַנדעס; עס טריקנט זיך רויטער פעפער. גע־שלענגלטע וועגן. הויכע דעמבעס, טשינאַרן, צעדער־ביימער. טאָלן מיט ווײַנ־גערטנער. אויף די שיפּועים פון די בערג אָטאַרן, ווי וואָלקנס.

די פרייד פון די מענטשן האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ טײַך, וואָס איז אַרויס פון די ברעגן און פאַרטרונקען די וועלט. און איבער די וועגן

איז געגאנגען א גרויסע מעכטיקע ארמיי; זי האט איצט געוווּסט, אז קיינער
וועט איר ניט ביישטיין. עס האבן געקרעכצט הונדערטער טאנקן. לאנג־
האלדזעדיקע הארמאטן האבן אויסגעקירעוועט אף מיזרעוו. איבער קלעפיקן
ליים, איבער ווארעמען שטויב, איבער שטיינער האבן געשפאנט גווארדיי־
אישע דיוויזיעס. און די מענטשן, וואס זיינען געגאנגען, האבן זיך פונקט
אזוי געפרייט, ווי יענע, וואס זיינען געשטאנען לענגאוים די וועגן: אף עט־
לעכע טעג האט זיך די מילכאמע פארשטעקט הינטער א פארקאן פון רויזן
און מיידלעך (מען האט זיי דא גערופן „מאמיטשעטא"). און דאס, וואס די
שילדן זיינען געווען געשריבן מיט רוסישע אויסיעס, און דאס, וואס א פרעמ־
דע אומפארשטענדלעכע שפראך איז פלוצלינג געווארן פארשטענדלעך, זי
האט געקלונגען, ווי אן אייגענע, האט אופגעמונטערט די מענטשן, וואס
זיינען דורכגעגאנגען דורך טייכן, דורך שלאכטן, דורך א גרויסער צארע.
„געווען בא סטאלינגראד, און אט וווּהין איך בין אנגעקומען", האט דער־
ציילט די בולגארן א רויטארמייער, און מען האט אים געזעצט אף א בעקא־
וועדיקן פלאץ, מעכאבעד געווען מיט וויין, א קילן און שמעקעדיקן, ווי פרי־
איקער הארבסט.

— און אט זיינען מיר אין יוגאסלאוויע, — האט געזאגט באבושקין.

סערגיי האט א שמייכל געטאן. וויפל מאל האט ער, לייענענדיק אין די
צייטונגען וועגן די יוגאסלאווישע פארטיזאנען, באמיט זיך פארשטעלן דאס
דאזיקע סוידעספולע לאנד...

מענטשן האבן געקלעטערט אף פעלדזן, טאנקן זיינען געקראכן איבער
שמאלע וועגן. עס האבן גערוישט געלע שנעלע טייכן. פלוצלינג פלעגט פאר
דער נאז דערשיינען א טונקעלער הויל.

די דייטשן האבן איצט געמאכט פרווון צו פארהאלטן דעם אנגריף. עס
זיינען פארגעקומען קאמפן.

גענעראל בעלסקי האט געזאגט סערגייען:

— מען מוז אומבאדינגט אריבערשיקן באנאכט די טאנקן. נאראוו־
טשאטאוו איז ארייננעפאלן אין א מיעסער לאגע — די דייטשן האבן דארט
א דרייסיק אויטאמאבילן, און ער האט גארניט...

ווען סערגיי האט אופגעשטעלט א ווונדערבארע זעכציקטאניקע בריק,
האבן די דייטשן אופגעריסן די שליוזן; דאס וואסער האט גענומען שנעל
שטייגן, אראפגעריסן דעם האפן. די סאפיארן האבן מוירעדיק געארבעט —
מען מוז ביז אינדערפרי דורכלאזן די טאנקן...

— באפעסטיק אין די ביימער! — האט געשריען סערגיי. ער האט
אליין געשלעפט די שטריק, די נאכט איז געווען א קאלטע און ער האט אלע
ווײַלע געווישט דעם שטערן.

שוין לאנג אז ער האט אופגעהערט צו באטראכטן די לעוואנע, ווי עפעס
אן אבסטראקטע זאך, אדער גאר אן אנגענעמע: די לעוואנע איז געווען
א סוינע. פינצטערע נעכט פלעגט ער צארט אנרופן „סאפיארן־נעכט". אבער
יענע נאכט איז געווען א פיינטלעכע, א ליכטיקע. די דייטשן האבן אנגע־
האלטן א פייער אפן אריבערפאר. די לעוואנע איז פארגאנגען ארום צוויי
אזייגער, די בריק איז שוין געווען פארטיק. סערגיי איז געשלאפן ביז פאר־

טאג. אינדערפרי האט ער מיט באגייסטערונג באטראכט די בריק. ער האט אפילע אין דער רעגע פארגעסן וועגן די ארומיקע בערג, וועגן די גאלדענע באבלעטערטע ביימער, וועגן דעם, אז ער איז אין יוגאסלאוויע. פאר אים איז די בריק קוידעמקאל געווען א בריק, ווי פארבן פאר א מאלער, אדער בלומען פאר די גערטנער.

און נאכדעם האט זיך געטראגן ווייטער דער אומבאצווינגענער גרוביאן, דער „ווילים"...

מיט די יוגאסלאווישע פארטיזאנען האט זיך סערגיי געטראפן אין א רעגנדיקער קאלטער הארבסט־נאכט. ער איז געזעסן באם גענעראל בעלסקי, ווען דער אדיוטאנט האט געמאלדן, אז עס זיינען אנגעקומען פארשטייער פון דער יוגאסלאווישער ארמיי.

אין הויז זיינען אריין דריי: קאפיטאן לוקאוויטש, א געוועזענער סטודענט פון ערשטן קורס אפן בעלגראדער אוניווערזיטעט, א הויכער, זייער דארער פויער מירקא און א שיינע טונקעלע מיידל, וואס מען האט גערופן ווידא. לוקאוויטש איז צוגעקומען צום גענעראל און, אופגערעגט געזאגט:

— פריינט, כאווער...

געשיקט האט זיי פאלקאווניק איאוואנאוויטש. דער קאפיטאן האט אפגעגעבן דעם באריכט, צייטנווייז פלעגט בעלסקי איבערייסן דעם איבערזעצער: „איך פארשטיי"... דאס איז א קליינע סערבישע שטאט, פערציק קילאמעטער אף דארעם. קיין וועג אהין איז ניטא — די בריק איז אופגעריסן... די פארטיזאנען האבן נאך באפרייט דאס שטעטל אין סעפטעמבער, אבער היינט אינדערפרי זיינען געקומען דייטשן מיט טאנקען... פאלקאווניק איאוואנאוויטש האט סאכאקל פיר הארמאטן...

— וויפל טאנקען האבן זיי? — האט געפרעגט בעלסקי.

— אכט אדער ניין, צוויי גרויסע.

— א שאד די איינוווינער, — האט געזאגט מירקא — זיי וועלן אויך די קינדער פארפייניקן. פאלקאווניק איאוואנאוויטש זאגט: „אויב נאר די רויטע ארמיי איז נאענט"...

די ווערטער „צערוואנא ארמיא" האט ער ארויסגעזאגט פליסטערנדיק. בעלסקי האט געזאגט:

— איך וויים ניט, וואס צוצוטראכטן... מיר דארפן גאר פונקט אין אן אנדער ריכטונג — אף צאפן־מיַירעוו. מען טאר זיך ניט פארהאלטן. אבער אויב עס איז אזא איניען... א צענדליק טאנקען וואלט איך געקענט ווי עס איז צוטיילן פאר אייך. אבער ווי אזוי אריבערפירן זיי, דאס זאל שוין דער מאיאר א טראכט טאן...

דער גענעראל האט אוועקגעזעצט די יוגאסלאוון באם טיש:

— איך האב צוויי שא צייט. מירן עסן אוונטברויט... איר זייט דאך דא די ערשטע, איז דאך עס קימאט א יאנטעוו...

סערגיי האט סיי געטראכט וועגן דער נייער בריק, וואס מען דארף בויען, סיי צוגעהערט זיך צו די דערציילונגען פון די פארטיזאנען. אלע דריי קעמפן פון פרילינג צוויי און פערציקסטן. זיי האבן דערמאנט דעם פערטן און פינפטן דייטשישן אנגריף; בערג, שניי איבער די קני, אן שטיוול; „דאנקא

האט אפגעפרוירן א פוס, איז געווארן א גאנגרענע, קיין אינסטרומענטן זיינען ניט געווען, האט ער געבעטן מען זאל אים אפהאקן דעם פוס מיט א האק". זיי האבן דערציילט, אז זיי האבן געקעמפט קעגן דייטשן, איטאליענער, אונגארן, אוסטאשן; בעיים שווערן הארבסט האבן זיי געהערט ראדיא: „סטאלינגראד האלט זיך נאך"... „איבערזעץ ניט, עס איז אזוי אויך פארשטענדלעך"... (דער גענעראל איז געווען בא סטאלינגראד). די פארטיזאנער האבן קיינמאל ניט געצווייפלט אין רוסישן זיג. מירקא האט געמאכט א שנאפס און דערציילט פון זיך: ער האט א קוש געטאן די טיר פון זיין הויז, גענומען ווייב און קינד און אוועק צו די פארטיזאנער. דעם זון האט מען דערהארגעט, און זיין ווייב איז דארט — זי קעמפט... קאפיטאן לוקאוויטש האט געזאגט: „צוויי מאל צוריקגעשלאגן טאנקן... ווידא האט אייגעם אופגעריסן"... סערגיי האט פארווארפן דעם קאפ, און האט אזוי אנגעשטרענגט א קוק געטאן אפן מיידל, אז יענע האט זיך פארוויטלט. דאס וואלט איך זיך ניט פארגעשטעלט!... עס איז גאר שרעקלעך פארצושטעלן איר לעבן א טאנק... ער האט זיך דערמאנט — נאטאשא האט געזאגט, אז אין פאריז האט א מיידל אופגעריסן א טאנק... איצט זעט ער — עס איז עמעס! אט זיינען זיי, אונדזערע פריינט! בעיים איך בין געווען באם אריבערפאר און די וואלגע האט געזאטן באנאכט, האבן זיי געקעמפט אין די דאזיקע בערג, געזאגט איינער דעם אנדערן: „סטאלינגראד האלט זיך"...

סערגיי האט ניט אויסגעהאלטן, ער איז אופגעשפרונגען, דורכגעגאנגען זיך איבערן צימער. אים האט זיך אויסגעדוכט, אז ער זעט, ווי די פרייהייט פליט איבער אייראפע, זי האט זיך דורכגעטראגן איבער בולגאריע, איצט איילט זי זיך צום גרינעם אדריאטיק. זי וועט ארומגיין די וועלט...

— מען דארף זיי העלפן. כאווער מאיאר, — האט געזאגט בעלסקי, — איך קען זיך ניט פארהאלטן, מיר לאזן זיך ווייטער עלף נול־נול. וואס קען מען איבערלאזן? א צענדליק מאשינעס מיטן מאיאר פריכאדקא, אייך און א ראטע סאפיארן... און איר טראכט שוין עפעס צו...

קאפיטאן לוקאוויטש און סערגיי זיינען געזעסן איבער א מאפע. מירקא האט געפליסטערט ווידאן: „א רוסישער... פארשטייסט?" זי האט בייז געענטפערט: „שטערסט ארבעטן". האט אנגעקוקט פון סערגייען — דאס איז געווען דער ערשטער סאוועטישער אפיציר, וואס זי האט געזען. ער האט זיך איר אויסגעוויזן זייער לאקנדיק: מען זעט באלד, אז ער איז א שטארקער, און דאס פאנעם איז ווייך, און איבערן פאנעם וואגלט א שטילער שמייכל, ווי א העזל אף דער וואנט...

די בריק האט מען אופגעשטעלט אין צוויי שא, א גוטע, פעסטע בריק. מירקא האט זיך אנטציקט. סערגיי האט געזאגט: „דאס איז ניט דער דוניי..." ער האט צוגעזאגט די סאפיארן: די דייטשן באלעבאטעווען שוין אין שטאט א מעסלעס, און לוקאוויטש זאגט, אז דאס זיינען עסעס פון גריבנלאנד...

אין פאלקאווניק איאוואנאוויטשעס שטאב האט געהערשט א געהויבענע שטימונג. אף סערגייען האבן אלע געקוקט מיט אזעלכע פארליבטע אויגן, אז אים איז געווארן פיינלעך, ער האט געזאגט: „די בריק — דאס איז א קלייניקייט... זעט איר, די טאנקיסטן וועלן דא האבן וואס צו טאן"...

צווישן די פּאַרטיזאַנער זיינען געווען אַ סך מיידלעך. סערגיי האָט אַ טראַכט געטאָן: עפּשער קעמפט אויך אַזוי מאַראַ — מיט אַ ביקס צווישן בערג־קייט?... ווי אַלץ האָט זיך געענדערט! ס'איז שווער צו גלויבן, אַז דאָס קען זיך ענדיקן. מאַראַ וועט זיך פאַרנעמען מיט מאַלעריי, לוקאַוויטש וועט האַלטן עקזאַמענס, און איך וועל ווידער דיסקוטירן מיט בעלטשעוון וועגן סטאַנדאַרט־בריקן... ס'איז געווען פריִדן, און מיר האָבן זיך ניט געקענט פאָרשטעלן מילכאָמע, און איצט שטעל איך מיר ניט פאָר דעם פריִדן, איך וויל און קען זיך ניט פאָרשטעלן. עפּעס דאַכט זיך מיר, אַז אין ערשטן מאָמענט וועט זיין זייער שטיל, ווי אין סטאַלינגראַד נאָך דער קאַפּיטולאַציע. דער טאָג וועט זיין אַ מילדער, אַז אַ ווינטעלע, מעגלעך אַ גראָער מאָסקווער טאָג: ווען עס טריפט אַ קליין רעגנדל. און אַלע וועלן שמייכלען... עפּשער, ווען עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, וועל איך זיך דערוויסן, וואָס מיט מאַראַן איז, צי לעבט זי?...

יעלאַגין מיט אַן אַפּטיילונג סאַפּיאָרן האָט אויסמינירט דעם שאָסיי. דאָ איז פאָרגעקומען דער טאַנקן־קאַמף. אונדזערע האָבן פאַרלאָרן דריי „ט־34"; עס איז פאַרווונדעט געוואָרן מאַיאָר פּריכאָדקאָ. מיר האָבן שטיל־געמאַכט צוויי „טיגערס" און צוויי קליינע מאַשינעס. די דייטשישע טאַנקען האָבן זיך פאַרנומען מיִרעוו־צו. מען האָט אָנגעהויבן שטורעמען די שטאָט. אַפן ראַנד פון שטאָט איז געווען אַן אַלטערטימלעכע פעסטונג, וואָס די טערקן האָבן געבויט. סערגיי האָט באַשלאָסן לאָזן אין גאַנג די אונטערייסער. צום האַלבן טאָג האָט מאַיאָר לעסינג, וואָס איז געזעסן אין די קעלערן פון דער פעסטונג, באַפוילן אַרויסהענגען אַ ווייסע פאָן. מען האָט אָפּגעשטעלט די שיסעריי; אַלע האָבן געהאַלטן, אַז דערמיט איז דער איניען דערלידיקט; מען האָט אַוועקגעשיקט צו די דייטשן, וואָס זיינען געזעסן אין צענטער שטאָט, אַ פּאַרלאַמענטאַריער, וואָס האָט זיי געמאָלדן, אַז מאַיאָר לעסינג האָט באַפוילן אָפּשטעלן דעם ווידערשטאַנד. אָבער די דייטשן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס עסעס פון אַן אַנדערן טייל און זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו קאַפּיטולירן. די שלאַכט האָט אָנגעהאַלטן אַ טאָג, אַ נאַכט, די העלפט פון אַנדערן טאָג; אָנגעפירט מיט דער שלאַכט האָבן פּאַלקאָווניק איאָוואַנאַ־וויטש און סערגיי. פיר אַזייגער באַטאָג זיינען אָנגעקומען די אַרטילעריסטן יוגאָסלאַוון און געזאָגט, אַז די לעצטע דייטשן זיינען אַרויסגעקראָכן מיט אויפגעהויבענע הענט.

ביז דעם האָט די שטאָט אויסגעזען פּוסט און איצט זיינען אַלע גאַסן געווען פול מיט מענטשן. עס איז געוואָרן יאָנטעוו, מען האָט געהאַלדזט די רוסן, געטאַנצט אַ קאָלאָ, און אַ ריזיקער קאַראַהאַד האָט זיך פריער אויפ־געוויקלט אַפן פּלאַץ צווישן ליפּעס און קליאָנען; דאַן געקראָכן איבער די גאַסן, ווי אַ לאַנגע שלאַנג און ווידער צוזאַמענגעפלאָכטן זיך אַף דער גרי־נער סטעזשקע ניט ווייט פון דער פעסטונג. די זון האָט נאָך באַשיינט מיט אַ שוואַכן ראָזן שיין די שפּיצן פון די בערג אַרום דער שטאָט, און אַף די שמאָלע גאַסן האָט זיך שוין געבליט דער מיינהאַשמאַשעס.

סערגיי איז געגאַנגען מיט מירקאָן איבער איינער פון אָט אַזעלכע גאַסן. פון הינטן איז געגאַנגען אַ פריידיקע מענגע מיידלעך און קינדער, זיי האָבן

געשריען: „מאָסקווע! בעלגראַד!" פּלוצלינג האָט זיך דערטראָגן אַ קוילן־ריי. סערגיי האָט זיך געכאַפּט: פון יענעם קעלער... מירקאָ איז געשטאַנען אַ פאַר־שטיינערטער. סערגיי האָט באַ אים אַרויסגעכאַפּט אַ גראַנאַט, איינגעביסן זיך אין גראַנאַט מיט די ציין, אַ שליידער געטאָן אין קעלער. אין דער זעלבער רגע איז ער אַנידערגעפאַלן.

מען האָט אים אַוועקגעטראָגן אין שטאָטישן שפּיטאָל. די שטאָט איז אָפּגעשטאָרבן, ווי עס שטאַרבט אָפּ אַ שטוב, ווען דאָרט געפינט זיך אַ שווע־רער בוילע; עס זיינען מער ניט געווען קיין לידער, ניט קיין געשרייען. באַם שפּיטאָל האָבן זיך געזאַמלט מיידלעך, געפרעגט, ווי אַזוי איז דער רוס, צי דאַרף מען ניט געבן קיין בלוט פאַר אים.

סערגיי האָט געפיבערט שטורמיש, פאַרביק און אייליק, אַזוי ווי זיין לעבן איז געווען. דאָ איז ער געפלויגן פון מאָסקווע קיין פּאַריז, און אונטן האָט אַלץ געברענט; דאָ האָט ער געקלעטערט אויף אַ פעלדז און דאָרט איז געווען וואַליאַ מיט אַ קראַנץ אויפן קאָפּ, ווי אָפעליאַ; זי האָט גערעדט „גוט געקומען" און אַריינגעפאַלן אין אַ שפּאַלט צווישן בערג. וואָראָנאָוו האָט געבויט זייער אַ לאַנגע בריק, און ווען סערגיי פרעגט אים, וואָס איז עס פאַר אַ טייך, לאַכט וואָראָנאָוו: דאָס איז ניט קיין טייך... איז וואָס איז עס? ער פאָרט איבער אַן ענדלאָזער בריק, און קען ניט פאַרשטיין, ווער דאָס איז דערנעבן אין „ווילים" — ווידאַ אָדער מאַדאַ?... געוויס, מאַדאַ, זי זינגט: „געקעמפט האָט דער זעלנער צען יאָר"... וויפל האָב איך געקעמפט? איצט איז ווידער אַ שלאַכט... און נאָכדעם איז אַלץ געוואָרן שטיל, ווי אַ יאַם, ווען דער ווינט לאָזט אָפּ. איבער אים איז געזעסן נינאַ געאָרגיעוונאַ, זי האָט געזאָגט: „סעריאָזשענקאַ, ס'איז גאָרניט אַזוי שרעקלעך", און ער האָט גע־ענטפערט: „איך האָב ניט מוירע, מאַמע. מיר איז זייער גוט. אָט בין איך געקומען אַהיים. עמעס, אַז איך בין אין רוסלאַנד?..." און אַן אָפּגעוואַשע־נער פון רעגן הינטער מאָסקווער פעלד מיט פאַשעטע בלומען איז געווען דאָס לעצטע, וואָס איז אין זיין באַוווסטזיין. אַ טויטער, איז ער גע־ווען ענלעך צו אַ לעבעדיקן — עס איז ניט געווען אויף זיין פּנים קיין סימען פון יעסורים, קיין גליווער פון טויט; ווי ער וואָלט ווייטער געגאַנגען איבערן פעלד, וואָס איז געווען באַוואָקסן מיט גראָז און רומיאַנעק־בלימעלעך.

שפּעטער האָט פּאָדפּאָלקאָווניק ווערשינין געזאָגט בעלסקין:

— דער בעסטער סאַפּיאָר אין קאָרפּוס... און אומגעקומען פאַר גאָרניט...

בעלסקי איז בייז געוואָרן:

— וואָס הייסט עס „פאַר גאָרניט"? האָט מען אייך דערציילט, ווי אַזוי מען האָט אים מעקאַבער געווען? ניט נאָר די גאַנצע שטאָט, פון די דערפער איז מען געקומען. אַ פּאָלקאָווניק, אַ יוגאָסלאַוו, האָט געהאַלטן אַ רעדע: „עס איז אומגעקומען אַ סאָוועטישער אָפיציר, פאַרטיידיקנדיק אונדזערע פרויען און קינדער"... מיר זיינען זיי אַ סך שולדיק. איך רייד ניט פון מי־ליטערישער הילף. ווי אַזוי האָבן זיי אונדז געקענט העלפן, בעיס אויף אונדז האָט זיך אַרופגעוואַלגערט די גאַנצע דייטשישע אַרמיי מיט ביילאַגעס? און זיי זיינען דריי טויזנט וויאָרסט ווייט, און האָבן אַפילע קיין ביקסן ניט געהאַט... איך רייד פון עפּעס אַנדערש — ווער האָט אין איין און פער־

ציקסטן ערלעך געקעמפט? נאר מיר און זיי. עס איז ניט וויכטיק, וואס זיי זיינען געווען ווייניק, וויכטיק איז, וואס זיי האבן זיך ניט געשאנעוועט... איך האב דעם מאיאר וולאכאוו זייער הויך אפגעשאצט. פארן קארפוס איז עס א שווערער קלאפ, אבער אומגעקומען איז ער אזוי, אז עס בלייבט נאר אראפנעמען דאס היטל... בויגן דעם קאפ...

מען האט סערגייען מעקאבער געווען אפן פלאץ אונטער אן אלטן בוים. דער קייווער איז געווען באדעקט מיט די לעצטע הארבסט־בלומען — מיט העלע געארגינעס און נאסטורציעס. און אין אוונט האבן פרויען געצונדן ליכט, און קליינינקע פלעמעלעך, וואס האבן די גאנצע צייט געציטערט, האבן זיי אויסגעדריקט די לײדנשאפט פון אן אפגעשטעלטן הארץ.

האגאם דא האבן געקעמפט סיי טאנקיסטן און סיי פאלקאווניק איאוואגאוויטשעס זעלנער, האבן מענטשן גערעדט וועגן מאיאר: „ער האט געראטעוועט די שטאט". עס פלעגן אים דערמאנען מיידלעך, טרעפנדיק זיך מיט זייערע געליבטע אונטער די קאשטאן־ביימער; עס פלעגן אים אויך דערמאנען זקיינים אין אנגערויכערטע פינצטערע קרעטשמעס; לערערקעס פלעגן פון אים דערציילן די קינדערלעך; און מאמעס פון אומגעקומענע פארטיזאנען פלעגן ניט פארגעסן מיטן ביינהאשמאשעס אנצינדן דינע ליכטעלעך אף זיין קייווער. אלעמען האט זיך געדוכט, אז ער גייט מיט זיינע שנעלע גרויסע טריט איבער די גאסן, א הויכער, א פארטראכטער, מיט א קאפ, פארווארפן אף הינטער. ווען כאווירים פלעגן פרעגן ווידאן, וועגן וואס עס האט מיט איר גערעדט דער רוסישער מאיאר, פלעגט זי שווייגן; האגאם סערגיי האט מיט איר נאר גערעדט וועגן וועג און וועגן פלאן פון דער שטאט, האט זיך איר געדאכט, אז ער האט איר דערציילט עפעס זייער א וויכטיקע זאך, און, איינשלאפנדיק, האט זי געזען זיין שאטן אף די הויכע פעלדזן, וואס צאמען אפ דעם וועג פון טייכל צו דער שטאט. און די אלטע קראנקן־וועכטערן פלעגט דערמאנענדיק, ווי אזוי דער רוס איז געשטארבן, זאגן: „ער האט עמיצן גערופן, אבער איך האב ניט דערהערט וועמען"...

## XXI

נייאר האט קרילאוו באגעגנט באם דיוויזיע־קאמאנדיר. מען האט געטרונקען שאמפאניער, פאלקאווניק יעליזאראוו האט געשפילט אף א צעבראכענער פיאנע אלטע וואלסן. א יונגע פאלקע האט געבראכט א געריכט פון וועלכן עס האט געשלאגן א פארע און געזאגט עפעס אף שנעל — זייער איידל און ניט אינגאנצן פארשטענדלעך — עס האט זיך די גאנצע צייט געהערט „פשש". „עס זאל זיין א גוט יאר", האט געזאגט דער גענעראל. קרילאוו האט אנגעקלאפט מיט אים דאס גלעזל: „ווי מען זאגט, פון אלע גוטע זאכן צו ביסלעך. קורץ, איך ווינטש סיי אייך און סיי זיך, אז מיר זאלן דעם קומענדיקן נייאר יעדער באגעגענען באזונדער". דער גענעראל האט זיך צעלאכט: „איך גאראנטיר, אינגיכן וועט זיך עס אנהויבן"...

און עס האט זיך טאקע אינגיכן אנגעהויבן. האגאם דמיטרי אלעקסייעוויטש איז געווען אפן פראנט פון סאמע אנהויב מילכאמע, האט ער נאך

אַזעלכעס ניט געזען. די מילכאָמע, וואָס האָט זיך אים מיט דריי יאָר צוריק
אויסגעוויזן אַ פּאַרטיילטע, וואָס איז באַשטאַנען פון טויזנטער גרויסע אָדער
קליינע עפּיזאָדן, וואָס זיינען קוים פאַרייניקט צווישן זיך, האָט איצט גע־
מאַכט דעם איינדרוק פון אַ ריזיקן זאַוואָד. קרילאָוו פלעגט לאַכן: פריער
פלעגט מען זאָגן „עס שטימט”. און קיין זאַך האָט ניט געשטימט. איצט
גייט שוין, דאָס ווערטל אַרוים פון דער מאָדע, אָבער עס שטימט אַזוי, אַז
אַפילע די לאַשעקעס זיינען צעכישט געוואָרן; איינער אַן אָבערליטענאַנט
האָט נעכטן געזיפצט: „פאַר דער מילכאָמע האָבן מיר שטאַלצירט, אַז באַ
אונדז גייען די באַנען לויטן מינוטן־ווייזערל, און איצט גייען אַזוי אונ־
דזערע טאַנקען... עס איז געווען אַזויפיל אַרטילעריע, אַז קרילאָוו פלעגט
וואָרטשען — ווי אַזוי פּלאַצן עס ניט די אויסערן־הייטלעך? און געשאָסן
האָבן די אַרטילעריסטן ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין, נאָר טאַקע גענוי,
ווי זיי וואָלטן דאָס גאַנצע לעבן שטודירט דעם סוינעס באַפעסטיקונגען. מען
האָט נאָך ניט אָנגעהויבן שיסן, און מען האָט זיך שוין צוגעשאָסן, פלעגט
זאָגן קרילאָוו. נאָכדעם האָבן זיך געטראָגן אין די נעכט טאַנקען מיט בלענדנ־
דיקע לאַמטערנעס, אַריינגעכאַפּט זיך אין טיפן פיינטלעכן הינטערלאַנד, גע־
שאָסן אַף שטאַבן, סקלאַדן, אַף עשעלאָנען, אַף אַפּיצירן־קלובן, ווו די ווע־
טעראַנען פון נאַרוויק האָבן געשפּילט אין קאָרטן, און יונגע שנעקעס האָבן
געטאַנצט מיט ווייבעלעך און אַלמאַנעלעך, וואָס האָבן געהאַט אַן איבערפלוס
פון ליבע; אַף צייטונג־רעדאַקציעס, ווו עס האָט נאָך מיט אַ שאַ צוריק דער
רעדאַקטאָר געשריבן אַ לייטאַרטיקל וועגן אונטערגאַנג פון לאָנדאָן, וואָס איז
אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד מיטן „שטראָפנדיקן געווער”, און וועגן
פיורערס גרויסקייט; אַף הייזער פונוואַנען עס זיינען געלאָפן פאָדפּאָלקאָוו־
ניקעס און אָבערשאַרפירערס אין געשטרייפטע פּידזשאַמעס ניט פאַרשטייענ־
דיק, ווער עס קען דאָס שיסן אַף אַ פּלאַץ, וואָס געפינט זיך הונדערט קילאָ־
מעטער ווייט פון דער פאָדערשטער ליניע.

עפּעס אומבאַגרייפלעכס האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך די וועגן מיט
וועגעלעך, וואָס זיינען צעשמעטערט געוואָרן פון טאַנקען, מיט קאָמאָדן, פּאַ־
טעלן, באַל־קליידער, פייגל־שטייגן, מיט מענגעס צעכישטע דייטשקעס אין
הויזן. מיט ניט קיין געמאָלקענע קי, מיט פאַרלאָזטע טאַקסעס, וואָס האָבן
געפּרוּווט אַנטלויפן אַף זייערע קורצע לאַפּקעס פונעם מענטשלעכן וואַנזין,
מיט אַ זאַווערוכע — פּוך פון פּערענעס; די דאָזיקע פּוך־זאַווערוכע האָט זיך
ניט אַריינגעפּאַסט אין בלייכן זוניקן ווינטער־טאָג, וואָס איז געווען ענלעך
צו אַ פאַרזעסענעם הארבסט אָדער צו אַן אומגעלונגענער קאָפּיע פון פרילינג.

אין אָנפאַנג האָט קרילאָוו געזען צעשטערטע פּוסטע שטעט: די גאַנצע
באַפעלקערונג איז אַנטלאָפן מיִרעוו־צו. ער פלעגט אַריינגיין אין די פּאַר־
לאַזטע הייזער; אַ פּענדזל מיט זייף — ניט באַוויזן אָפּגאָלן זיך, אַ געדעק־
טער טיש מיט אַ שיסל — ניט באַוויזן אָפּצועסן, און אין ראַטהויז אָפן
בירגערמייסטערס טיש פּאַפּירן — ניט באַוויזן אונטערצושרייבן. דמיטרי
אַלעקסייעוויטש פלעגט אויפמערקזאַם באַטראַכטן אַלע דעטאַלן פון אַ לעבן,
וואָס איז אים געווען פרעמד. האָבן זיך באַקוועם איינגעאָרדנט, ניטאָ וואָס
צו זאָגן, די וואַנעס זיינען גוטע, אַף דער קיך איז אַן אָרדענונג. אַ פּויערישע

הויז, אבער פון אזא בעט וואלט איך זיך ניט אפגעזאגט... אבער וואס פארא גייסטיקע ארעמקייט! דער שאנק, די איינבונדן — זייער שיין, עפנסט אבער אוף א בוך, ווילט זיך אפוואשן די הענט — אזא פאסקודסטווע. „ראסן היגיענע". „געאפאליטיק", „מיין קאמף", א דעטעקטיוו ראמאן. אף דער וואנט פעלט אין ערגעץ ניט דער פארטרעט פון הויפט פסיכאפאט. זיסינקע אלעאגראפן, שפאר־קעסטעלעך, וואזעלעך, קעצעלעך, הינטעלעך. געגראמטע מאראל: „היט דעם סיידער, ווערסטו שלאפן זיס אין כיידער", „ווער עס נאט געפעלט, דער האט א סאך געלט, ווער עס איז פינקטלעך, דער איז אויך ליבלעך". אפן טיש האט דמיטרי אלעקסייעוויטש באמערקט אן אש־בעכער מיט אן אופשריפט: „נאר פאר אש". ער איז געווארן אויסער זיך. צעבראכן דעם אש־בעכער: אים האט זיך אויסגעוויזן, אז מען האט אים באליידיקט. אט פונוואנען זיי זיינען געקומען די ראזיקע לאשעקעס! ער האט געהאלדערט, געליגט פעניגן אין א שפאר־קעסטל, אנגעקוואלן פון די הינטלעך, געכאכמעט זיך — דער אש־בעכער אליין איז שוין גענוג, געדיכטעט „ווערסטו שלאפן זיס אין כיידער" (דאס איז נאך היינען!) און נאכדעם האט ער זיך א לאז געטאן נאך פרעמדן נאפט, בא דער געלעגנהייט וועל איך מיטנעמען א פעלצל פאר דער ווייב, פארפאסקודעט די גאנצע וועלט, געשפיגן פונעם אייפעל־טורעם, געהאט דעם מאגן אפן אקראפאל, געוואלט אונדז איינשליסן אין זיין „קולטור" — צען וועט ער אופהערן, און דער עלפטער וועט אים לעקן די שטיוול. אזא געמיינהייט...

נאכדעם האט קרילאוו דערזען שטעט מיט א סאך איינוווינער. ציטערדיקע האבן זיי ארויסגעקוקט פון די פענצטער, אומזיכער געקראכן פון הינטער די טויערן, האכנאעדיק באגריסט זיך, גערייניקט די וועגן, ארויסגעשלעפט מאשינעס, וואס זיינען געבליבן שטעקן, געהאלטן אין איין טײַנען: „מיר זיינען ניט שולדיק... די עסעס... און מיר זיינען קליינע מענטשעלעך... מיר האבן ניט קיין שײַכעס דערצו"...

בא דער סאוועטישער קאמענדאטור האבן זיך געזאמלט דייטשן, עפעס געלייענט. קרילאוו האט געפרעגט דעם קאמענדאנט:

— וואס לייענען זיי?

— א באפעל. נעכטן, באם אנקומען, האבן מיר עס צעקלעפט...

— וואס איז אין באפעל?

דער קאפיטאן האט זיך פארלוירן:

— איך האב אים אפילע ניט געלייענט. מיר זיינען געקומען אין אוונט מידע, האב איך באפוילן אויסצוקלעפן און געפאלן א מידער...

און די דייטשן האבן שוין געקענט אף אויסנווייניק אלע פאראגראפן — וואס מען מעג, און וואס מען טאר ניט.

קרילאוו האט געפרווט כאפן א שמועס מיט די איינוווינער, אבער זיי פלעגן ענטפערן אזוי האכנאעדיק, אז ער פלעגט רויט ווערן און א מאך טאן מיט דער האנט: גענוג שוין!

פריער האט ער דערווארט, אז ער וועט געפינען אין דייטשלאנד דעם שליסל צו דער טראגעדיע, דעם פארוואס פון אשווענצים און מײַדאנעק. און געזען האט ער נאר ציכטיקע פארהענגלעך, דערשלאגענע, איבערגעשראקענע

בירגער, בורזשועס, מיסט, פּוד — אַ מוטנעם פֿרימאָרגן נאָך אַ סקאַנדאַל מיט ברעכן און צעבראָכענע געשיר.

אין אַ שטאָט האָט זיך צו אים געווענדעט אַ פּאַרוואַלטער פֿון שפּיטאָל:

— דערלויבט פֿאַרצושטעלן זיך, הער מאַיאָר: דאָקטאָר עפּען. איך בעט אייער מיטהילף — די קראַנקע האָבן ניט קיין ברויט. איך בין ניט קיין נאַצי, איך בין אַ דאָקטאָר און איך האָב שטענדיק פֿאַרורטיילט עקסטרעמען...

קרילאָוו האָט געקראָגן ברויט פֿאַר די קראַנקע. דאָקטאָר עפּען האָט געזאָגט:

— אַ דאַנק. די וויסנשאַפֿט שטייט איבער די פּאָליטישע רייבונגען... מיר האָבן ניט קיין שײַכות דערצו...

— דאָס האָב איך שוין טויזנט מאָל געהערט. איר קענט מיט מיר ריידן מענטשלעך אָדער ניט? איך וועל אייך ניט אַרעסטירן, דאָס איז ניט מײַן זאַך, קלאָר?... איר זאָגט, אַז די וויסנשאַפֿט שטייט איבער דער פּאָליטיק. זייער ווויל. אָבער אייערע דאָקטוירים האָבן קולטיווירט אויף ייִדן טיפֿוס־לײַז. ווי זאָל מען דאָס פֿאַרשטיין — אויך איבער דער פּאָליטיק?"

— איך האָב דערפֿון גאָרניט געהערט, הער מאַיאָר, אָבער די טראַדיציעס פֿון אונדזער וויסנשאַפֿט...

— טראַדיציע? אין דער פֿאָריקער מילכאָמע בין איך געווען דאָקטאָר — גלייך פֿון אוניווערזיטעט. איך געדענק, ווי נאָך דער מילכאָמע האָב איך געלייענט אַ בוך — פֿון פּראָפֿעסאָר יורגענס, צוגעשיקט פֿון בערלין. ער האָט דערציילט, אַז ער פֿלעגט עקספּערימענטירן אויף רוסישע געפֿאַנגענע, צי זייַנען טאַקע לײַז די איינציקע אַריבערטראָגער פֿון פֿלעק־טיפֿוס. איז ערשטנס, — איז ער אַן אַמאָראַל, איך בין נאָך געווען אַ סטודענט, ווען דער פֿראַנצויזישער עפּידעמיאָלאָג ניקאָל האָט פּובליקירט זײַנע אויספֿירן — ער האָט געמאַכט זײַנע עקספּערימענטן איבער יאַם־כאַזיירימלעך. און צווייטנס, איז ער אַן אויסוואָרף — ער האָט געוואָלט איבערשטייגן אייערע געשטאַפּאָס. אָט זייט איר, אַ דאָקטאָר, ווי אַזוי באַציט איר זיך צו אַזעלכע „וויסנשאַפֿטלייט"?

— איך ווייס בעעמעס ניט וואָס צו ענטפֿערן אײַך... איך בין ניט קיין עפּידעמיאָלאָג, נאָר אַ פּאַשעטער טעראַפּעוטיקער. איר האָט מיך באַגייסטערט מיט אייער ערודיציע. אויב אַלע רוסישע דאָקטוירים זײַנען אַזעלכע, וועט אייער וויסנשאַפֿט ווייט אַוועק...

— ניט קיין קאָמפּלימענטן דאַרף איך פֿון אײַך. הערט אויף צו דרייען מיט דער צונג! איך פֿרעג אײַך, ווי אַזוי באַציט איר זיך צו דעם, וואָס מען נעמט אַ מענטשן, אַלץ איינס, ווער ער איז — אַ ייִד אָדער אַ רוס, אַ געפֿאַנגענער אָדער אַ נעגער, און מען פּייניקט אים, ווי אַ יאַם־כאַזערל?

— הער מאַיאָר, איך בין שטענדיק געווען ווייט פֿון פּאָליטיק. איך וואָג אײַך צו פֿאַרזיכערן, אַז די מעדיצין אין אונדזער לאַנד געפֿינט זיך אויף זייער אַ הויכן ניוואָ. מיר היילן די קערפּערס, ניט נעמענדיק אין אַכט דעם פּאַציענטס אידייען. איך האָב געהיילט נאַציס, אָבער מיך אינטערעסירט ניט זייער פּראָגראַם. איך מיין, אַז מיט די רוסן האָט אונדז נאָר צעטיילט פּאָליטישע קאָנצעפּציעס. אָבער מיך וווּנדערט, הער מאַיאָר, ווי אַזוי קענט איר עס שטעלן אין איין ריי פֿאַרשטייער פֿון דער אַרישער ראַסע, ייִדן און

נעגערס? אויך דער מעדיצין קומט אויס צו רעכענען זיך מיט געוויסע איינגשאפטן...

— גענוג, — האט אויסגעשריען קרילאוו, — דאס איבעריקע איז שוין פארשטענדלעך. איר זאגט, אז איר זייט א טעראפעוטיקער? עס הויבט זיך ניט אן. איר זייט א וועטערינאר. איר האט געהיילט לאשעקעס און אליין געווארן א פערדשלעגער...

קרילאוו האט זיך נאכאמאל און ווידעראמאל געפרעגט: ווי אזוי האט דאס פאסירט, אז א גרויס ציוויליזירט פאלק, מיט אוניווערזיטעטן, מיט גלענצנדיקע אמבולאטאריעס, מיט שיינע דענקמאלן, איז אזוי נידעריק גע־פאלן? צו די דייטשן, מיט וועלכע ער פלעגט זיך טרעפן, האט ער געפילט סיי פארדרוס, סיי ראכמאנעס. מעגלעך, אז יענער „טעראפעוטיקער" האט טאקע גאר קיין שלעכטס ניט געטאן, אבער זאגן, אז ער איז ריין, טאר מען ניט, — מען האט זיך נאר צעשמועסט, האט ער גענומען ארויסלייגן ראסן־טעאריעס. דאס הייסט, אז ער וואלט געקענט פייניקן געפאנגענע, ס'איז נאר א צופאל, וואס דאס איז אים ניט אויסגעקומען... אנגעשטעקט האבן זיי אלעמען. און פאדערן איז ניטא פון וועמען... איך וועל דאך ניט נעמען שרייען אפן דאזיקן אלטן: פארוואס האבן דיינע אייניקלעך געברענט אין טראסטיאניעץ קינדערלעך? ס'איז גאר א ראכמאנעס אפן אלטן. גאר א גרויס ראכמאנעס איז אף די קינדער... אט שלעפן זיי זיך ווידער איבערן וועג... די עמעס שולדיקע וועלן זיך אויסבאהאלטן. ניט היטלער און ניט גערינג, פאר אזעלכע איז שווער אויסצובאהאלטן זיך, אבער בא זיי איז דא א מיליאן בא־וווסטזיניקע אויסוואורפן, אט די טאקע וועלן זיך פארמאסקירן — איינער וועט זיך פארשטעלן פאר א קאמוניסט, א צווייטער פאר א דעמאקראט, א דריטער פאר א גאטספארכטיקן, א פערטער פאר א וועגעטאריאנער... ווער ליידט מער פון אלעמען? טאקע די קליינע מענטשן, באלמישפאכעס, זקיינים, קינ־דער...

קרילאוו האט געזען, ווי עס זיינען אריין קיין דייטשלאנד זעלנער, וואס האבן ניט געקענט עפענען דאס מויל פון האס — יעדער האט געהאט זיין אומגליק — דערהארגעט א ברודער, ארויסגעשיקט א טאכטער, פארברענט דאס הויז; אלע האבן געזען טראסטיאניעץ, פאנאר... זיי האבן געשריען: „מיר וועלן נעקאמע נעמען!" געשריבן אף די סלופעס: דא הויבט זיך אן די פארשאלטענע נארע!" אבער ווען זיי האבן דערזען די נעבעכדיקע פליטים, האבן זיך זיי אראפגעלאזט די הענט. דמיטרי אלעקסייעוויטש האט זיך דער־מאנט איינעם א זעלנערל — ער האט געפונען אפן שטאט־פלאץ א מאנעקען — א ליאלקע מיט א ראזע־שמייכלענדיקן פאנעם, וואס איז געשטאנען אין א וויטרינע פון א מאדע־געשעפט; דער זעלנערל האט זי געשטאכן מיטן שפיז; די ליאלקע האט געשמייכלט, און ער האט שיר ניט געווייגט פאר קאס.

— וואס מאכסטו דא פארא נארישקייטן? — האט אים געפרעגט קרילאוו.

דער זעלנערל האט שטיל געענטפערט:

— איך בין פון וויסרוסלאנד... זיי האבן אלעמען אויסגעהארגעט, די שראצים...

אַף די אײנװױנער פון שטאָט האָט זיך באַ אים די האַנט ניט געהױבן, האָט ער אױסגעלאָזט דאָס האַרץ צום מאַנעקען פון פּלאַסטמאַסע. דמיטרי אַלעקסײעװיטש האָט אָפּגעזיפצט: דאָס איז מענטשלעך — אומזיניק און פֿאַרשטענדלעך.

די אַרמײ האָט זיך אַלץ שנעלער באַװעגט מערעװ־צו. איצט האָבן שױן אױך די דײטשן פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז נאָענט דער סאָף. נאָך נידעריקער האָבן זײ זיך געבוקט, געמאַסערט אײנער דעם אַנדערן: „באַ מילערן איז געװען אַ רוסישע מײדל, ער פּלעגט זי באַשטראָפן". „הערניץ האָט צװײ זין עסעס", „גלױבט ניט שמידטן, ער איז פון צװײ און דרײסיקסטן אין דער פּאַרטײ"... עס האָט געהילכט אין די אױערן אַן עקלדיקער פּליסטערן. עס האָט געבלאָזן אַ קאַלטער צאָפן־װינט, אָבער קײן שנײ איז ניט געװען. דמיטרי אַלעקסײעװיטש ניסט, זידלט זיך און אַרבעט אָן אױפהער: פֿאַרװוּנדעטע האָבן ניט אױסגעפעלט. די דײטשן האָבן געװוּסט, אַז זײער איניען איז אַ פֿאַר־שפּילטער, אָבער, אױספּירנדיק אַ באַפֿעל, האָבן זײ זיך קעגנגעשטעלט.

װאָס נעכטער עס איז געװאָרן בערלין, אַלץ אָנגעשטרענגטער האָט קריי־לאָװ געטראַכט װעגן דער באַדײטונג פון דעם איבערגעלעבטן. דמיטרי אַלעקסײעװיטשן איז ניט לאַנג געװאָרן פינף און פופציק יאָר, ער האָט אָן אָפּרו אָפּגעקעמפט דרײ מיט אַ האַלבן יאָר, זײן געזונט־צושטאַנד האָט זיך פֿאַר־ערגערט; ער פּלעגט זיך זאָגן: „איך סאָפּע, װי אַ פֿאַרמאַבלדיקער גאַזיק", אַגעװ, האָט מען זײ שױן פֿאַרטריבן פון מאָסקװע — זײ פּלעגן קאַליע מאַכן דעם אַנסאַמבל... פון מידקײט האָט ער ניט געקענט שלאָפן: ער פּלעגט אײנשלאָפן און אין אַ שאַ אַרום אױפכאַפּן זיך, ליגן און קעסײדער טראַכטן. כורװעס פון װאָראַניעזש ביז קעניגסבערג, דאָ האָט איך דעם ערשטן רע־װאָלטאַט. װײטער האָב איך ניט געזען, אָבער עס איז זיך לײכט פֿאָרצו־שטעלן — כורװעס פון קעניגסבערג ביז האַװר. מענטשן האָט מען אױסגע־הארגעט און פֿאַרקריפּלט אַזױפיל, אַז דער סײכל באַנעמט ניט די ציפֿערן. פרױען האָבן געטראָגן, געבױרן, אױסגעהאָדעװעט, און נאָכדעם האָבן די דאָזיקע לאַשעקעס באַשלאָסן אַז זײ זײנען — איבערמענטשן... מעגלעך, אַז זײ האָבן מיט זײערע באָמבעס דערהאַרגעט אַ יונגן פּושקין, ניוטאָנען אין װינגעלע און פֿאַרברענט אין מײדאַנעק אַ דרײַיאָריקן מאַרקס. פון יװישער איז ניטאָ װאָס צו רײדן: פֿאַר אַזעלכעס קען מען אַפילו ניט באַשטראָפן... דער קאַשמאַר ענדיקט זיך, זומער װעלן זײ זיך אַװאָדע, אונטערגעבן. הײסט עס זאָגן, װי די מאַמע פּלעגט זאָגן: דער װינט קערט זיך אום אַף זײנע קרײזן? נײן, ס'איז דאָ אין דעם אַ זין... עס האָבן זיך צוזאַמענגעשטױסן צװײ װעלטן: פֿאַרשטאַנד און אָבערגלױבן, די אידײ פון ברידערלעכקײט און לאַשעקעס, זײער אָרדענונג און אונדזערע. דערבײ לאָמיר צוגעבן — זײ האָבן הערלעכע מיקראָסקאָפּן, אַפילו אַ פּיפּיפּאַקס אַזאַ, װאָס מען קען נע־מען אָנשטאָט אַ בלאָנקנאָט, אַ סאַך זאַכן, און די זאַכן זײנען באַ זײ קלוגע, די מענטשן זײנען נאַרישע, נאָר ניט דערפֿאַר, װאָס זײ זײנען דײטשן, נאָר זײ זײנען פֿאַרנאַרישט געװאָרן. און זײ זײנען אַװעק מילכאָמע־האַלטן. דאָס האָט באַדאַרפט טרעפן, אַלץ האָט געפירט דערצו. די פֿאַשיסטן זײנען גע־שטױסן געװאָרן ניט נאָר דורך זײער גײציקײט — שלעכטס און מױרע האָט

זיי געשטויסן — זיי האָבן געציטערט, טאָמער טוען מיר זיך אָן אַנשטענ־דיקער, מיר בויען הייזער, מיר קענען נאָך אויך פּיפּיפּאַקסן איינפירן, וועט זיך דאָן אַרויסווייזן, אַז בײַ אונדז זיינען דאָ סיי מענטשן, סיי הויזן. זיי פּאַסט עס ניט, בײַ זיי זיינען דאָך אַנשטאָט מענטשן — לאַשעקעס אין הויזן. דאָס וואָס מיר וועלן געווינען די מילכאָמע, וועט אַלץ באַשליסן. דער היסטאָריקער וועט טאַקע אַזוי פאַרצייכענען: „ביזן צוויי און פערציקסטן יאָר האָט אין דער וועלט געהערשט אַן אומצוטרוי צו דעם, וואָס מען האָט דאָן באַצייכנט ווי דעם גרעסטן עקספּערימענט פונעם יאָרהונדערט". איך געדענק, עס איז געקומען צופאָרן אַנהויב מילכאָמע אַן אַמעריקאַנער, באַ־וויזן אַן אייביקע פעדער, געזאָגט: „רוסלאַנד — איז אַן עפּיזאָד. בײַ אונדז איז אַ הויכע טעכניק, הייסט עס, אַז זיגן וועלן מיר"... אינטערעסאַנט, וואָס טראַכט ער זיך איצט? אַגעוו, קען גאָר אַזאַ איינער ניט טראַכטן — אַ לאַ־שעק, נאָר פון אַן אַנדער קאַליר. געוויס זיינען בײַ זיי פּראָזן מענטשן, וואָס טראַכטן. מעגלעך אַז זיי פּלאָפּלען נאַרישקייטן — פּאָרן אוילעם; אָבער פאַרשטיין פאַרשטייען זיי. ווער עס האָט געזיגט, פאַרשטייען זיי, און פאַר־וואָס... אָט אין וואָס עס איז די באַדייטונג פון דער דאָזיקער מילכאָמע: מיר האָבן ניט נאָר אָפּגעראַטעוועט דעם דאָרף קאָזאַ ווויסילקי פון עפּעס אַ זאַנ־דערפיורער, נאָר מיר האָבן אָפּגעראַטעוועט אַ נייעם יאָרהונדערט — סיי אונדזערן, סיי דעם פראַנצויזישן, סיי דעם אַמעריקאַנער.

מען האָט דערציילט קרילאָוון, אַז מען האָט געפונען אין דער טפיסע צוויי דייטשישע קאָמוניסטן, עלטערע מענטשן, אויסגעפּייניקטע, האַלטן זיך קוים אויף די פיס: מען האָט זיי אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. קרילאָוו האָט זיך אָנגעצונדן. זאָל זיין, אַז ניט מער ווי צוויי, וויכטיק איז, וואָס עס האָבן זיך געפונען אַנשטענדיקע מענטשן. ס'איז לייכטער אויפן האַרצן...

איינער איז פריער געווען אַ זעצער; צו אַכט און פערציק יאָר האָט ער אויסגעזען ווי אַ זאַקן. ער האָט דערציילט קרילאָוון, אַז ער איז אָפּגע־זעסן אין טפיסע זיבן יאָר, דעם זון זיינעם האָט מען פאַרפּייניקט אין דאַכאַו.

— איך וועל זיכער שטאַרבן, — האָט ער געזאָגט, — איך קען גאָר־ניט עסן — איך ברעך. אָבער איך בין צופרידן, וואָס איך האָב דערזען דעם סערפּ מיטן האַמער... מיך האָט מען צוגענומען דערפאַר, וואָס איך האָב געזאָגט: שרייט, וויפל איר ווילט נאָר, אָבער זיגן וועלן די קאָמוניסטן.

— איר וועט ניט שטאַרבן, און טראַכט ניט דערפון, — האָט אַ רעווע געטאָן קרילאָוו. — איצט וועל איך אייך היילן. און קוידעמקאָל דערלויבט מיר דריקן אייער האַנט. איר מיינט, אַז מיר איז וויכטיק, וואָס איר זייט אַ דייטש? איר מעגט זיך זיין אַ טיוול, אַלציינס, וויכטיק איז, וואָס איר זייט אַן אַנשטענדיקער מענטש...

דער צווייטער דייטש — אַ לערער — האָט געזאָגט:

— איצט איז זייער שווער צו זיין אַ דייטש. איך האָס די נאַצים. איך בין אָפּגעזעסן אין טפיסע פון זיבן און דרייסיקסטן, ניט דירעקט, ניט אומ־דירעקט האָב איך ניט אָנטיילגענומען אין דעם, וואָס זיי האָבן געטאָן. און דאָך פיל איך מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דאָס וועט הענגען איבער אונדז...

קרילאָוו האָט זיך פאַרטראַכט, נאָכדעם האָט ער שטיל געענטפערט:

— דאָס איז עמעס — איך וועט זיין שווערער... אָבער אויב מען זאָל קוקן פאָרויס, איז דאָרט אויך אייער גליק. איר און איך זיינען ניט קיין יונגע מענטשן, אָבער מיר זיינען קאָמוניסטן, הייסט עס, אַז מיר דאַרפן קוקן פאָרויס.

צוריקקומענדיק אין שפּיטאָל, איז קרילאָוו צוגעגאַנגען צום קאַפּיטאַן סאָלאָווייטשיק. פינף טעג האָט קרילאָוו געקעמפט פאַר אים, געראַטעוועט אַ האַנט — עס האָט זיך אַנגעהויבן אַ גאַנגרענע, און דער קאַפּיטאַן איז קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אָנצינדונג. ער פלעגט אָפט אַריינפאַלן אין אומ־באַוווּסטזיין, ריידנדיק פון היץ — וועגן דער ווייב, וועגן האָמעל, וועגן דעם, אַז ער דאַרף אַרבעטן — האַלץ, שוועבעלעך, עפּעס אַ שמיר־עכץ, מען דאַרף שטעלן אויף די פיס פאַבריקן... עפּעס האָט ער באַלד געפונען כיין בײַ קרי־לאָוון. דמיטרי אַלעקסייעוויטש האָט זיך דענערווירט: ער וועט אַרויס אָדער נים? דער קאַפּיטאַן איז געשטאָרבן אינמיטן נאַכט.

קרילאָוו איז אַרויס אין גאָרטן. עס איז געווען אַ קאַלטע נאַכט. ער האָט געקוקט אויף די שטערן און שוואַך געטראַכט: אומעטום זיינען די זעל־בע... אויף דער פרייער לופט, און עס שטיקט מיך, דער אַקסל טוט וויי, דער מאַטאָר פראָוועט שטיק... נאָכדעם האָט ער זיך דערמאָנט, ווי ער האָט לעבן מינסק געזען אַ זאַקן, וואָס האָט צוזאַמענגעקלאַפּט קלעצער — גע־שטעלט אַ הויז. קרילאָוו האָט אים געפרעגט: „בויסט זיך אַ הויז?" דער אַלטער האָט געענטפערט: „ניין. איך בין מיט דער אַלטער מיינער, מער איז קיינער ניטאָ. וויפל איז אונדז פאַרבליבן צו לעבן? מיר וועלן וווינען בײַ פרעמדע. דאָ איז פאַראַן איינע אַ סאָלדאַטקע מיט קינדער, בוי איך פאַר איר"... וואַריאַ איז ניטאָ. נאַטאַשאַ האָט וואַסיאַן. אָבער לעבן דאַרף מען דאָך — מען דאַרף צוזאַמענקלאַפּן די קלעצער... מענטשן, דאָס פאָלק... מיר וועלן נאָך סקריפּען, דמיטרי אַלעקסייעוויטש!...

עס האָבן געדרעוועט האַרמאַטן. דער הימל איז געווען מוטנע־רויט. דער אַנגריף איז געגאַנגען ווייטער.

## XXII

פעלדפעבל העלמוט ריינער איז געווען אין אָרלויב; די טראַגעדיע האָט אים געטראָפן אין שטוב. נאָך מיט דריי טעג צוריק האָט ער געגלויבט, אַז מען וועט פאַרהאַלטן די רויטע. דאָס איז דאָך ניט קיין גרענעץ־שטאָט. אין יענער מילכאָמע האָבן זיך די רוסן אויך פאַרקליבן צו אונדז, אָבער הינ־דענבורג האָט זיי צעמיימעסט. ריינער איז דאַן אַלט געווען זעכצן יאָר, ער האָט געטרוימט אַריינפאַלן אויפן פראָנט. איצט איז אים זיבן און פערציק; אין אַזאַ עלטער איז גוט צו זיצן בײַ אַ פייער און דערציילן די קינדער וועגן זיין יוגנט. אָבער ריינערן האָט מען מיט אַ יאָר צוריק מאָביליזירט, אָפּגע־שיקט קיין באַראַנאָוויטש, דאָרט האָט ער באַוואַכט די וועגן פון באַנדיטן. עס איז אויסגעקומען אַנטיילצונעמען אין צוזאַמענשטויסן מיט פאַרטיזאַ־נען. איינמאָל איז ער געלאָפן אַן אַטעם זעקס קילאָמעטער, דאָס איז ניט קיין איניקע פאַר אַ מענטשן בײַ די פופציקער. ער איז קוים אַרויס פון באַ־

ראַנאָוויטש. ענדלעך איז אים געלונגען: ער איז קראַנק געוואָרן אַף אַ טי־פוס, אַפּגעוואַלגערט זיך אַנדערהאַלבן כאַדאָשים אין אַ שפּיטאָל און באַקומען אורלויב. דערזעענדיק זיין היימישע שטאָט, איז ער געוואָרן גערירט: דאָ איז ער אויסגעוואַקסן, כאַסענע געהאַט, אַפּגעלעבט זיין גאַנץ לעבן; ער האָט געקענט אַלע מענטשן, אַלע ביימער אין פּאַרק, אַלע שילדן. זיין טאַבאַק־געשעפט אַפּן הויפּט־פּלאַץ, קעגנ׳בער דעם ראַטהויז, האָט זיך אַמאָל גערעכנט פאַרן בעסטן אין גאַנצן קרייז; רייגער האָט געהאַט אַ יעדיע אין ציגאַרן, ער האָט זיך ניט געיאָגט נאָך שיינע פּאַקונגען, און סכוירע פלעגט ער באַקומען דירעקט פון האַמבורג און ברעמען. ער האָט געהאַט שטענדיקע קליענטן; דער בירגערמייסטער, הער זיידעל, דער באַלעבאָס פון אַ טאַרטאַק, דער מוזיי־דירעקטאָר, שמידקע — דער פיורער פון דער אָרגאַניזאַציע, מיט איין וואָרט, אַלע געשעצטע בירגער פון שטאָט. די קליינע שטאָט איז קיין איינמאָל ניט באָמבאַרדירט געוואָרן, אָבער רייגער האָט זי ניט דערקענט: אַלע האָבן פאַרלאָרן דעם קאָפּ. פריער זיינען זיך אָנגעפאָרן אַהער אַ סאַך מענטשן פון מי׳רעוו־דייטשלאַנד: זיי האָבן געזוכט אַ שטילן פּלאַץ, ווו מען באָמבאַרדירט ניט. די ערשטע האָבן זיך אונטערגעגעבן דער פּאַניק די פּליי־טים, זיי האָבן געשריען, אַז שוין בעסער באָמבעס, איידער די רוסן, זיי פלעגן באַלאַגערן די באַנען, וואָס פלעגן אָנקומען געפּאַקטע פון די גרענעץ־ראַיאָנען. נאָכדעם האָבן זיך אויך גענומען דענערווירן די איינוווינער פון שטאָט גופע. שמידקע האָט ניט געוואָלט אַרויסלאָזן די מענער, ער האָט גע־פּאָדערט, אַז זיי זאָלן גיין אין „פאָלקסשטורם״. דער בירגערמייסטער האָט געזאָגט, אַז „עס וועט זיך איבערכאַזערן דער נעס פון טאַנענבערג״ און אַליין איז ער אַפּגעפאָרן באַנאַכט אַף אַ מאַשין. רייגער האָט עפּעס ווי ניט באַוויזן אַרומקוקן זיך. שפּעטער פלעגט ער טראַכטן, אַז אים האָט אומ־גליקלעך געמאַכט זיין דערפרייען זיך מיט דער מישפּאָכע; אַלע זיינע היי־מישע האָבן געלעבט און זיינען געווען געזונט — זיין פוכיקע ניט־יונגע פרוי עמאַ, פיר טעכטער, דער עלטערער, אַנאַ, איז ניט לאַנג געוואָרן זעכצן יאָר, און די יינגסטע, גרעטאַ, איז געבוירן געוואָרן יענעם טאָג, ווען מען האָט געמאָלדן טרויער נאָך סטאַלינגראַד. און מעגלעך, אַז רייגער איז ניט אַנט־לאָפן באַצייטנס, ווייל, געפינענדיק זיך אין אורלויב, האָט ער זיך געפילט אַ באַפרייטער פון די האַרבע זעלנערישע זאָרגן, ער האָט געשמייכלט, וואָס פאַר אַ פּאַניק, דאָ איז דאָך ניט באַראַנאָוויטש... אַזוי צי אַזוי, ער איז פאַר־בליבן, און בעיים ער האָט אייערנעכטן באַשלאָסן אַוועקפאָרן אַדער לעכאָל האַפּאָכעס אַוועקגיין, איז שוין געווען צו שפּעט — הענדריך האָט געזאָגט, אַז די רוסן האָבן איבערגעשניטן אַלע וועגן.

צוויי טעג האָט זיך רייגער געוואָרפן: אַט האָט ער געהאַפּט אַף אַ נעס, אַט האָט ער געשוויגן, באַהערשט פון אַ שווידער. היינט אינדערפרי האָט ער פאַרשטאַנען: ניטאָ אַף וואָס צו האָפן. אין שטאָט איז פאַרבליבן אַ מיע־עסעס; זיי האָבן צוגענומען אין אַ קעלערל אונטערן ראַטהויז ראַם און, אָנשיקערנדיק זיך, האָבן זיי געשריען, אַז זיי וועלן זיך ניט אונטערגעבן. אַפּן פּלאַץ לעבן טאַבאַק־געשעפט האָט אופגעריסן אַ האַרמאַטן־קויל.

— וואָס טוט מען? — האָט רייגער געפרעגט הענריכן.

— וואַרטן... איך האָב פאַר זיי קיין מוירע ניט, ביזן צוויי און דריי־סיקסטן בין איך געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט...

האַגאַם ריינער האָט פאַרשטאַנען, אַז הענריך האָט אויך מוירע פאַר די רוסן, איז ער אים מעקאַנע געווען... הענריך איז ניט אין דער פאַרטיי... און מיך וועט מען אופהענגען. איך האָב זיך פאַרשריבן אין פינף און דריי־סיקסטן, דאַן פלעגן זיך אַלע פאַרשרייבן... כוצדעם בין איך געווען אין רוסלאַנד, מען האָט אונדז געשיקט צוימען דערפער, ווו עס פלעגן זיך אויס־באַהאַלטן באַנדיטן... מיר האָבן דאָרט ווי געהעריק אַ באַלעבאַטעווע גע־טאָן. ס'וועט אויסקומען אַפּצוגעבן אַ כעזשבן... אין די צייטונגען איז גע־ווען, אַז די רוסן טוען אַפּ שווידערלעכע זאַכן, שמידקע האָט געזאָגט: „אַזוינס האָט נאָך די געשיכטע ניט געזען"... מיך וועלן זיי אופהענגען, אַנאַן וועלן זיי מעאַנעס זיין, זיי וועלן אויך דערהאַרגענען עמאַן, און אויב אַפילע זיי וועלן זי ניט דערהאַרגענען, וועט זי סיי ווי ניט קענען דערנערן די קינדער. דאָס געשעפט איז אונטערגעגאַנגען... אַלץ איז אונטערגעגאַנגען...

— מיר דאַרפן מאַכן אַ סאָף צו זיך, — האָט ריינער געזאָגט עמאַן, — עס בלייבט ניט קיין אַנדער אויסוועג...

עמאַ האָט געשריען:

— גאָט, פאַרשטייסטו וואָס דו רעדסט? ווי אַזוי קענען מיר איבער־לאָזן קליינע קינדער?...

— צוזאַמען מיט די קינדער...

עמאַ האָט זיך צעוויינט:

— ביסט פון זינען אַראָפּ!... איך האָב מוירע פאַר דיר!...

ער האָט אַ גלעט געטאָן אירע שיטערע האָר:

— איך האָב געמאַכט אַ וויץ.

עמאַ האָט צוגעגרייט אַ גוטן מיטיק. זי האָט געוואָלט אַביסל אופמונ־טערן דעם מאַן, צופרידנשטעלן די קינדער, און עס לוינט זיך גאַרניט צו שפּאָרן די פּראָדוקטן — זי האָט אויסגעקאָכט כאַזער־פלייש, קרויט מיט קימל און אַ פּודינג — די רוסן וועלן אַוואַדע אַלץ צונעמען. זי האָט ניט געקאַרגט ניט קיין אייער, ניט קיין איינגעמאַכטס. עס האָט זיך אויך פאַר־וואַלגערט באַ איר אַ פלאַש קימל־שנאַפּס. ריינער איז געוואָרן גוט געשטימט, רויט אַפּן פּאָנעם, גערייצט זיך מיט אַנאַן: „עס אַווירט דיך אַטטאַ, ער איז אַ שטאַמלער און ער וועט זיך קיינמאָל ניט קענען דערקלערן אין ליבע"... עמאַ האָט זיך געפּרייט: העלמוט איז געקומען צו זיך...

אינאַוונט האָבן די רוסן באַזעצט די שטאָט.

אַסיפ איז אַריין אין גרויסן קאַבינעט פון דעם טאַרטאַק־באַלעבאָס זיידל, אופגעהאַנגען דאָס היטל אַפּ די הירשענע האָרנס און אויסגעזידלט זיך. דאָס איז אים שוין גאָרניט איינגעפאַלן, אַז עס וועט אויסקומען צו ווערן קאָ־מענדאַנט פון אַ דייטשישער שטאָט! אומזיסט האָט ער זיך באַמיט צו אי־בערצייגן דעם מיטגליד פון מיליטערישן ראָט, אַז עס איז בעסער צו באַ־שטימען אַן אַנדערן... איין טרייסט נאָך — מען האָט צוגעזאָגט באַפרייען אים אַ וואָך אַרום, דערווייל איז זיין פּאָלק אין צווייטן עשעלאָן...

מיט עקל האָט ער אַ קוק געטאָן אַפּ די ווענט. וועמענס פּאָרטרעט איז

דאס? א זעלבסטצופרידענער פּאַרצעף, עס סטאַרטשען וואַנצעס, אַ הויכער קראַגעלע שפּאַרט אונטער די באַקן. הערבן מיט איינהאַרנס. אַרום און אַרום פּאַסקודסטווע... אַסיף האָט דאָ פון אַלץ געעקלט, ער האָט געבענקט נאָך קיעוו. וואָס גיכער אַהיים!... און שטענדיק אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט זיך צוזאַמענדריקן דאָס האַרץ: איך האָב ניט קיין היים...

אַסיף האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטן קאָמענדאַנט; ער האָט פאַר־מאַגט סיי אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן און סיי דערפאַרונג. ער האָט באַ־פוילן אַפּצורייניקן די גאַסן; אויסגעשטעלט פּאַטרולן (דאָ איז ניט זיין פאַלק, זיי קענען זיך אַנטרינען), העגריכן, וואָס האָט זיך געמאָלדן מיט אַ בילעט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט ער געזאָגט:

— גוט... איצט זיינען ניט קיין וואַלן. אַט, זעט איר, קי בלאַנקען אַרום הינטער דער שטאָט אַן באַלעבאַטים. שיקט אייערע מיידלעך, זאָלן זיי צוזאַמענטרייבן און אַכטונג געבן אויף זיי... אַ טייל פון די קי וועלן מיר באַשטימען פאַר דער באַפעלקערונג, אַז די קינדער זאָלן האָבן מילך... קלאָר? זוג איז דער מוזיי־דירעקטאָר?

— אַוועקגעפאָרן. ער איז אַ רעאַקציאָנער, און בעיִס איך בין אַרויס־געטראָטן אין דער פאַרטיידיקונג פון דער ווייִמאַרער קאָנסטיטוציע...

— קלאָר. און וואָס איז אין מוזיי — רעמבראַנדט, אָדער דעם פיור־דערס וואַנצעס?

— אַ, דאָרט זיינען פאַראַן אַ סאַך עקספּאָנאַטן, קאָלעקציעס פון פלאַ־טערלעך, פאַנען, אַ פּאַטאָ פון טאַנענבערג, איך פערזענלעך בין דאָרט ניט געווען, איך בין געווען די גאַנצע צייט פאַרנומען מיט פאַרזאַמלונגען פון אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס...

אַסיף האָט אים קוים מיט צאָרעס אַרויסגעשטופּט.

נאָכדעם איז געקומען דער יונגערער לייטענאַנט וואָראָביאָוו און גע־בראַכט אַ קליין מיידעלע:

— הערט נאָר, כאָווער מאַיאָר, וואָס פאַרא שיוועט דאָס איז!... איר זעט דאָס מיידעלע?... מיר קומען אַריין אין אַ הויז לעבן ראָטהויז, ליגן מייסים — מיידלעך, אַ פרוי, עפּעס אַ מיליטערמאַן. און די דאָזיקע שרייט מיט אַלע קוילעס... פרעגן מיר באַ די איינוווינער, ווייזט זיך אַרויס, אַז אַ דייטש האָט דערשאָסן זיין ווייב און די אייגענע קינדער. אַט אַן אויס־וואורף!... איך ווייס ניט, ווי אַזוי זי איז ניצל געוואָרן. ער האָט ראַכמאָנעס געקראָגן, אָדער פּאַשעט ניט געטראָפן אין איר... דאָס זיינען ניט קיין מענטשן, אַט וואָס!... וואָס וועט איר באַפעלן טאָן מיטן מיידעלע?

— מען דאַרף אַוועקגעבן אין אַ דייטשישער פאַמיליע... וואַרט, זי איז אַוואַדע הונגעריק, איך וועל זאָגן נאַסטיאַן, זי זאָל איר אָנהאָדעווען. זאָל זי דערווייל דאָ בלייבן. נאַסטיאַ וועט אויף איר אַכטונג געבן — דאָס הויז איז גרויס, באַ צוואַנציק צימערן האָט ער געהאַט, דער אויסוואורף...

ווען וואָראָביאָוו איז אַוועק, האָט אַסיף אַפּגעפירט דאָס מיידעלע צו נאַסטיאַן, נאָכדעם איז ער צוריקגעקומען אין קאַבינעט, אַרופגעקראָכן אויפן שרייבטיש, אַראָפּגענומען דעם פּאָרטרעט און צוגעשטעלט אים מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער געאַרבעט, געגאַנגען איבער דער שטאָט, באַטראַכט דעם ראָטהויז, דעם מוזיי, געפונען די געשטאַפּאָ־אַרכיוון, פאַרהערט עסעס, וואָס האָבן באַוויזן איבערטאָן זיך אין ציוויל. אין אָוונט, ווען ער האָט געגעסן אָוונטברויט, איז געקומען דאָס מיידעלע. אַנשטרענגענדיק זיך, האָט ער זיך דערמאָנט דייטשישע ווערטער:

— ווי רופט מען דיך?

— גרעטאַ...

פון אָנהייב האָט זיך דאָס מיידעלע געשעמט אָבער, דערזעענדיק, אַז אָסיפּ שמייכלט, איז זי אַרויף צו אים אויף די קני. ער האָט זיך געשפּילט מיט איר אין „פּאַטשעלעד"... זי האָט עפּעס גערעדט, ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין וואָס. אים איז געווען גוט און זייער ווייטיקלעך — ער האָט די גאַנצע צייט געטראַכט פון אַליאָן. אָט אַזאַ איז זי געווען, ווען ער איז אַוועקגעפאָרן פון קיעוו... עפּשער האָט איר דערהאַרגעט גרעטאַס טאַטע?... צאַרט און טרויעריק האָט אָסיפּ געקוקט אויף דער פאַרשלאָפענער מיידעלע; נאָכדעם האָט ער זי אָפּגעטראָגן צו נאַסטיאַן:

— האָט מען צוגעגרייט פאַר איר דאָס בעטעלע?... און פאַרשעמענדיק זיך, האָט ער פּלוצלינג אַ געשריי געטאָן: — זי דאַרף געווים אַ טעפּעלע...

צען טעג איז אָסיפּ געווען קאָמענדאַנט פון שטאָט. עס האָבן אים שוין געקענט אַלע איינוווינער פון שטאָט, באַגריסט אים מיט דערעכערעץ, געשמייכלט צו אים: „אַ גוטן מאָרגן, הער קאָמענדאַנט". ער האָט אויף זיי געקוקט אָן כּעס און אָן מיטגעפיל: ער האָט ניט געקענט איבערצייגן זיך, אַז פאַר אים זיינען דאָ מענטשן; ער האָט ניט געטרויט ניט זייערע שמייכלען, ניט זייער אונטערוואַרפן זיך, ניט העגריכן, וואָס האָט זיך געשווירן, אַז די שטאָט איז געווען „קימאַט אַ רויטע". ער האָט דאָ קיינעם און קיין זאַך ניט געטרויט. נאָר ווען ער פלעגט קוקן אויף גרעטאַן, פלעגן זיינע אויגן ווערן מילד און פאַרטרויערט. דאָס מיידעלע האָט זיך צוגעוווינט צו אים, ווען ער פלעגט קומען, פלעג זי אים אַנטקעגנלויפן.

פאַרן אָפּפאָרן האָט זיך אָסיפּ צוזאַמענגערעדט מיטן דאָקטאָר שטאַליץ: ער האָט צוגעזאָגט נעמען ריינערס טאָכטער. אָסיפּ אַליין האָט זי אָפּגעפירט אַהין. דער דאָקטאָר האָט זים גערעדט: „מירן איר געבן אַ היים, דערוואַרעמען, דאָס איז אונדזער כוויו"... און בייז אַ טראַכט געטאָן: ער וועט אַליין אַליין אופרעסן... ווען ער האָט געהאַלטן באַם אַוועקגיין, האָט זיך גרעטאַ געוואָרפן צו אים מיט אַ געשריי: „פּאַפּי!" ער האָט זי גענומען אויף די הענט, גענומען ריידן צאַרט אויף רוסיש:

— איך פאָר אַוועק... פאַרפאַלן, איך דאַרף קעמפן... עך, דו ווייסינקע!...

אין צוויי טעג אַרום איז ער געזעסן אין אַ פויערישער שטוב באַם פעלדטעלעפאָן. די דייטשן האָבן געמאַכט אַ פּרוּוו צו פאַרפעסטיקן זיך אין אַן אַלטן שלאָס. אָסיפּ האָט געשריען:

— זאַכאַרטשענקאָ, הערסט מיך? לייג צו אַביסל פייער...

נאָך אַ שטאָט — אַ ריינע און אַ פרעמדע... פעברואַר כווידעש, און שוין פרילינג — אָסיפּ האָט דערזען אין גאָרטן אַן אונטערשניי־בלימעלע, וואָס פאַרא הערלעכער פרילינג עס איז אין קיעוו, נאָר אַזאַ איינער איז ניטאָ!

ראַיע האָט ליב געהאַט פּיאַלקעס... איצט וועלן שוין די פּריצן האָבן אײנגיכן דעם סאָף — אַ כוידעש־צוויי, מער וועלן זיי נים אויסהאַלטן... וואָס הייסט, איך האָב קיינעם ניט?... הונדערט אַכציק מיליאָן... איך וועל אַרבעטן, דאָס איז מיר פאַרבליבן. איך וועל איינלאַדן צו גאַסט מינאַיעוון מיט אַלנאַן. זאָלן זיי אַ קוק טאָן, ווי שיין קיעוו איז. איך וועל זיי פירן אין גאָרטן. זיי וועלן שפּאַצירן, ווי איך פלעג שפּאַצירן מיט ראַיען... אין גאָרטן זיינען שטענדיק אַ סאַך קינדער. זיי רודערן אַרום, זיי צוויטשערן... איך וועל זיך צוהערן און גיין אַרבעטן.

## XXIII

— לאַנג וועלן די דייטשן און דייטשקעס ניט האָבן קיין רויִקן שלאָף — האָט מינאַיעוו געזאָגט אַליאַן. — צודעקן זיך האָבן זיי ניט מיט וואָס, אָף וויפל דער פוך פון די פּערענעס איז זיך צעפלויגן אין שטויב, און קיין ליילעכער, מיין איך, וועלן אויך ניט בלייבן — זיי האָבן עס צעשניטן אָף פאַנען...

די דייטשן האָבן זיך נאָך אַלץ קענגנגעשטעלט; עס פלעג אויסקומען צו שטורעמען יעדע שטאָט. ציטנווייז פלעגן אויך די איינוווינער שיסן דורך די פענצטער. אָבער בעיים די סאָוועטישע טיילן פלעגן דערגיין ביזן צענטער פון שטאָט, פלעגט זיך אַלץ ענדערן, ווי אין אַ מײַסעלע. די איינוווינער, אַפילע די, וואָס האָבן מיט אַ שאַ צוריק געשאָסן, פלעגן זיך פאַרוואַנדלען אין מאַרטירער, וואָס האָבן געליטן פון היטלערן, אָדער לעכאַל האָפּאַכעס פון הימלערן. די שטאָט האָט פּיבערהאַפטיק געשניטן ליילעכער. ווייסע לייוונטן האָבן געפלאַטערט אָף אַלע פאַסאַדן, אַרויסגעקראָכן פון די פענצ־טער; מיט שטיקלעך פלעגן די דייטשן אַרומבינדן די אַרבל.

פון אומעטום זיינען אַרויסגעקומען מענטשן, וואָס זיינען אָפּגעקומען אין שקלאַפעריי: אוקראַיִנישע מיידלעך, ווע־מען עס האָט געשמיסן איבער די באַקן כריסטינאַ שטאָובע, אָדער אַן אַנדערע אייגנאַרטיקע דייטשקע, קנעכט, וואָס האָבן אויסגעווייינט זייערע אויגן אָף די אונטערערדישע זאַוואָדן אָדער אין די שטאַלן פון די רויטפּיסקעדיקע פּיציכטלער; פראַנצויזישע קריגס־גע־פאַנגענע, וואָס האָבן זיך פינף יאָר געפייניקט אין די שלעזישע שאַכטעס, ענגלענדער און אַמעריקאַנער, וואָס זיינען געווען די אַריסטאָקראַטיע פון דער דייטשישער קאַטאָרגע, שטאַמגעסט פון וואַרשעווער צוקערניעס, ווע־מען מען האָט פאַרוואַנדלט אין ערד־אַרבעטער, און פּראַגער דאָצענטן, וואָס האָבן געריייניקט סאַלדאַטסקע נוזשניקעס. ווען מען האָט דאָ אַלץ ניט געזען מי־נאַיעוו! דאָ איז אויך געווען אַ האָלענדישער אַקטיאָר, ווען מען די דייטשן האָבן אַרעסטירט דערפאַר, וואָס די צושויער האָבן איבערגעריסן מיט אַפּ־לאָדיסמענטן דעם מאָנאָלאָג פון אַ שעקספּיר־העלד, און אַ נאָרוועגישער גיים־טלעכער וואָס האָט ניט אָפּגעריכט באַצייטנס אַ טפילע נאָך פאָן פּאָולוסעס זעלנער, און אַ מילאַנער אַדוואָקאַט, וואָס האָט זיך צעקריגט, האָגאָס שפּעט־לעך, אָבער דערפאַר טומלדיק, מיט זיין דוטשע. מינאַיעוו האָט דערציילט:

— אַפּילע אויסטראַליער האָב איך געזען. זיי גייען און פרייען זיך, ווי זיי וואָלטן ניט זיין קיין אַנטיפּאָדן, נאָר ערגעץ ווו פון פּענזע...

מינאַיעוו האָט זיך געכאַכמעט, אָבער אין האַרצן איז ער געווען גערירט פונעם זעלטענעם ספּעקטאַקל: קאָנסט גאָרניט זאָגן, מיר באַפרייען טאַקע!... האָב איך דען געטראַכט, ווען מיר זיינען געזעסן אַפן פאַרשאָלטענעם היגל, אַז איך וועל דערגיין ביז דייטשלאַנד און עפּעס אַן אויסגעצויגענער אַמעריקאַנער פון מיטשיגאַן וועט שרייען צו מיר: טענקיו?... מיטן דאָזיקן אַמעריקאַנער האָט זיך מינאַיעוו צערעדט — ער איז געווען אַ זון פון אַ טשעכישן עמיגראַנט און פאַרשטאַנען רוסיש.

— פּיין, וואָס איר זייט אָנגעקומען! — האָט אויסגערופן דער אַמעריקאַנער. — איך האָב דערוואַרט, אַז אונדז וועט באַפרייען פּאַטאָן, און איך זע גאָר — די רוסן... דער איקער, וואָס מיר האָבן זיך מיט אייך באַגעגנט, עמעס?

— עמעס, — האָט געענטפערט מינאַיעוו. ער האָט זיך פאַרטראַכט, נאָכדעם צעשמייכלט זיך. ווייסט איר, ווען מיר האָט זיך זייער געוואָלט טרעפן מיט אייך? אין סעפּטעמבער צוויי און פערציקסטן. איך האָב דאַן שפּאַצירט איבער אַ געוויסן סטעפּ, עס איז געווען היים און גאָרניט פריילעך. אַט דאַן איז מיר געקומען אַפן געדאַנק, אַז עס וואָלט גוט געווען טרעפן זיך מיט די אַמעריקאַנער. איך האָב דאָך געוווּסט, אַז דאָס זיינען פריילעכע יאַטן, האָבן ליב דזשאַז. איך האָב אים אויך ליב... איך האָב געטראַכט — מיר וועלן זיך צוזאַמען אַ כאַכמע טאָן, פאַרברענגען. אָבער יענע באַגעגעניש איז ניט צושטאַנדגעקומען... איך בין זייער צופרידן, וואָס מיר האָבן אייך באַפרייט און וואָס מיר האָבן זיך איצט געטראָפן אין בראַנדענבורג, בעסער שפּעטער, איידער קיינמאָל. אַט זעט איר, די פרויען פאַרשטייען עס ניט, איינע האָט מיר באַלד געזאָגט, אַז עס איז בעסער קיינמאָל ניט, איידער שפּעט...

דער אַמעריקאַנער האָט זיך צעהירזשעט:

— אַט אַ לעץ! און באַ אונדז פלעגט מען זאָגן, אַז די רויטע לאַכן קיינמאָל ניט...

מינאַיעווס זעלנער זיינען ווידער געגאַנגען פאָרויס. עס פלעגט זיך פאַרבינדן אַ קורצער, אָבער גרויזאַמער קאַמף. עס פלעגן זיך באַווייזן שטיקלעך פון ליילעכער. זעלנער פלעגן טרינקען שנאַפּס און זידלען זיך. אַלעמען האָט באַהערשט אַן אומגעדולד פון די לעצטע שאָען פאַרן סאָף.

און איבער די וועגן האָבן זיך באַוועגט די באַפרייטע. די אַמעריקאַנער און ענגלענדער זיינען געגאַנגען ווי לייכטע פּאַסאַזשירן. די אַמעריקאַנער האָבן געטומלט, באַמיט זיך צו קלאַפּן אין פּלייצע יעדן רוסישן, מעכאַבער געווען מיט קאָמפּלימענטן; מיידלעך, אַנטיצקט זיך פון די סאָוועטישע טאַנקען און געפאָדערט פון די לייטענאַנטן, אַז מען זאָל זיי גלייך באַזאָרגן מיט אַ צימער און אַ באָד, און נאָכדעם אַפּשיקן קיין אָקלאַהאָמאַ אָדער קיין נעבראַסקאַ. די ענגלענדער זיינען געווען הויכמוטיק און רויִק, זיי האָבן צוריקגעהאַלטן געפרייט זיך מיט דער פרייהייט און צוריקגעהאַלטן געבענקט נאָכן פינף אַזייגערדיקן טיי. מער פון אַלעמען זיינען געווען פראַנצויזן. אַ סאַך

פון זיי זיינען געפארן אף דייטשישע וועלאסיפעדן, ווער מיט א גאנדז, ווער מיט א ווארעמען סוויטער פארן ערשטן נאכמילכאמעדיקן ווינטער, ווער מיט א הארמאן. זיי האבן זיך שנעל אריענטירט אין דער לאגע, פארשטאנען, אז די רוסן קענען זיך איצט ניט פארנעמען מיט זיי, זיי האבן זיך זעלבסטשטענדיק באוועגט מיזרעוורצו און אין איין אויגנבליק פלעגן זיי פארוואנדלען א פארוואגלטן כאזער אדער באראן אין אזא קאמפליצירטן ראגו, אז די רוסן, וועמען זיי פלעגן מעכאבעד זיין מיט דער דאזיקער געקעכץ, פלעגן זאגן: „אט א פאלק — אלע זיינען בא זיי קוכערס"...

איינמאל איז מינאיעוו אריינגעפאלן אף אזא סורע. זיין פאלק איז געשטאנען א וואך אף איין פלאץ: מען האט געזאגט, אז מען פירט צו ארטילעריע. מינאיעוו האט פלוצלינג דערזען אף א דייטשיש הויז א פילזאנגדיקן שילד: „רעסטאראן טייוול־קיד פארן אליאירטן מיליטער". עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז דאס מאכן זיך נאריש באפרייטע פראנצויזן. איינער פון זיי האט גערעדט אביסל רוסיש: ער האט צוויי יאר אפגעארבעט אף א זאוואד מיט סאוועטישע. מען האט מינאיעוון מעכאבעד געווען מיט עפעס אן אויסטערלישן מיכל און מיט ראם. נאכדעם האבן די פראנצויזן געזונגען, די ווערטער זיינען געווען ניט קיין אנשטענדיקע, און די מאטיוון האבן דערמאנט א קלויסטער־געזאנג נאך א טויטן. ווען מען האט אלץ אופגעגעסן, אויסגעטרונקען, אפגערעוועט, האט זיך דער פראנצויז, וואס האט גערעדט רוסיש, צוגעזעצט צו מינאיעוון און גענומען אויספרעגן וועגן רוסלאנד. מינאיעוו איז געווען איבעראשט: דער פראנצויז האט געוווסט וועגן דניעפראגעס, פון מאסקווער רדיא, פון מאיאקאווסקיס לידער; עטלעכע מאל פלעגט ער איבערשלאגן מינאיעוון — ער פלעגט אונטערזאגן.

— ווו האט איר זיך עס אלץ דערוווסט? פון די אונדזעריקע אין געפאנגענשאפט?

— ניין, אין פראנקרייך, איך בין געווען א סטודענט, אבער בא אונדז זיינען אפילע צווישן די סטודענטן געווען מענטשן, וואס האבן געזוכט דעם עמעס וועגן ראטנפארבאנד, איך זאג „אפילע" דערפאר, וואס די סטודענטן זיינען ניט בא אונדז אין פאדערגרונט... ווען עס האט זיך אנגעהויבן די מילכאמע, בין איך אוועק אין אן אונטערערדישער ארגאניזאציע. נאכדעם איז מיר אויסגעקומען אוועקצופארן פון פאריז קיין מארסעל, מיר האבן געלעבט מיט איין זאך — מיט סטאלינגראד. מיין כאווער ניקא האט דערהארגעט א דייטשישן לייטענאנט און צוגעשטאכן צו זיין ברוסט א צעטלע — „לעקאוועד סטאלינגראד"...

— מיר האבן דאס ניט געוווסט, ווען מיר זיינען דארט געזעסן... איך האב דאך די גאנצע צייט געשטעקט בא סטאלינגראד — אף איינעם אן עקלדיקן היגל...

דער פראנצויז איז געווארן צערודערט, ער האט עפעס געזאגט די באוויירים; אלע זיינען צוגעקומען, גענומען באטראכטן מינאיעוון: א רוס, וואס איז געווען בא סטאלינגראד! מינאיעוו האט זיך צעלאכט: — נו, וואס איז דא צו באוונדערן? זעט איר, א דייטש, וואס איז געווען בא סטאלינגראד, וועט איר דא קוים טרעפן, אבער אונדזעריקע וויפל אירווילט... מיר גע־

פּעלט, וואָס אייער ניקאָ האָט לעקאָוועד סטאַלינגראַד דערשאָסן אַ פּריץ, דאָס איז בעסער, ווי שיקן טעלעגראַמעס...

— ניט מיר האָבן געשיקט טעלעגראַמעס. ניקאָן האָט מען דערשאָסן — מען האָט אים גענומען אין אַ כוידעש אַרום. ער איז נאָך פאַר דער מילכאָמע געווען אַ קאָמוניסט. און איך בין געוואָרן אין איין און פּערציקסטן...

מינאַיעוו האָט איצט פון זיין זייט נייגעריק באַטראַכט זיין מיטשמועסער:

— איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געשמועסט מיט אַ קאָמוניסט פון יענער זייט. זיינען אין פראַנקרייך דאָ אַ סאַך מענטשן, וואָס דענקען, אַזוי ווי איר?

— אומגעפער אַ דריטל, דאָס צווייטע דריטל דענקט פּאַרקערט, קימאַט ווי די דייטשן...

— וואָרט נאָר, און ווו זשע איז באַ אייך דאָס דריטע דריטל?

— יענע דענקען איבערהויפּט ניט.

— און ווי אַזוי זייט איר דערצו געקומען?...

— פונעם פּאַרקערטן... איך האָב זייער ליב מיין טאַטן, ער איז דער ערלעכסטער מענטש, אָבער אַ פּראָפעסיאָנעלער סקעפּטיקער. אַזעלכע מענטשן קען מען, דאַכט זיך, טרעפן נאָר אין פראַנקרייך. פון מיינע קינדעריאָרן אָן פלעג איך הערן פון אים: „מענטשן זיינען אויסוואורפן: צווישן הינט טרעפט מען נאָך אָנשטענדיקע, וואָס נעמען ניט אָוועק קייןביינער באַ קליינע הינטעלעך און שטאָלצירן ניט דערמיט, וואָס זיי זיינען ראַסאָווע סאָבאַקעס. אָבער צווישן מענטשן האָב איך אַזעלכע ניט געטראָפן". ער פלעגט זאָגן: „אין פראַנקרייך זיינען געווען דריי מיט אַ האַלבע רעוואָלוציעס" (פאַר דער האַלבער האָט ער גערעכנט דעם אַכט הונדערט דרייסיקסטן יאָר). און וואָס זיינען די רעזולטאַטן? באַ די לודאָוויקס איז אַ הערצאָג געווען העכער פון אַ מאַרקיז, און אַ מאַרקיז העכער פון אַ גראַף. איצט איז אַן אַנדער סאָרט מאָס: „ריאָ טינטאָ", „ראָיאַל־דויטש", „מעקסיקאַן איגל"... דער טאַטע האָט געמיינט אָפּצושרעקן מיך פון דער פּאָליטיק, און ער האָט מיר גאָר דער ערשטער געעפנט די אויגן... פראַנקרייכס אומגליק, וואָס מען האָט באַ אונדז פון אומגלויבן געמאַכט אַ גלויבן. עס זיינען דאָ עמעסע פאַנאַטיקער פון אומגלויבן. מיין טאַטע איז אַ דאָקטאָר. ער פאַרנעמט זיך מיט קראַנקע, אָבער ער טייַנעט זיך אויס אַזוי: „איך וועל אים אויסהיילן פון אַ לונגען־אָנצינדונג, וועט ער נאָכדעם שטאַרבן פון אַ נירן־אָנצינדונג". אַמאָל פלעגט מען שטאַרבן פון דער פּעסט. האָט מען זיך דערפריט „עס האָט גענומען אַ סאָף צו דער מענטשלעכער פּלאָג", און מען האָט אָנגעהויבן גאַנץ פלייסיק צו שטאַרבן פון ראַק. ווען מען וועט באַקעמפן דעם ראַק, וועט דערשיינען עפּעס אַן אַנדער געמיינהייט... איך בין אויך אַ פראַנצויז, כ'האָב ליב צו מאַכן אַ כאָכמע, איך ווייס, אַז אויך אויף דער זון זיינען פאַראַן פלעקן, אָבער איך וויל זיך ניט באַפרידיקן מיט איראָניע. צולאַנג האָבן מיר דערלויבט איבערניצעווען. שוין צייט צוצושניידן. אויף מיינע הענט זיינען געשטאַרבן כאַווירים סיי אין פראַנקרייך, סיי דאָ, סיי אין לאַגער. איך האָב זיך געזעגנט מיט איינער אַ מיידל אין מאַרסעל, מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז

מאַרגן וועלן מיר זיך גיין באָדן, האָט איר גענומען געשטאַפּאַ און פאַרפּיי־ניקט. ניט שווין־זשע איז זי געשטאַרבן פאַר דעם, אַז דאַלאַדיע זאָל ווידער קענען רייניאָן, אָדער ריינאַ בלומען? ניין, איצט דאַרף זיך אַ סאַך ענדערן...

געזעגענענדיק זיך מיט מינאַיעוון, האָט ער געזאָגט:

— אויב איר וועט אַריינפאַלן קיין פּאַריז, וועל איך אייך בעסער מע־כאַבעד זיין, ווי היינט, איך וועל אייך באַווייזן אַלע גוטע כאַווירים. באַלד וועל איך פאַרשרייבן דעם אַדרעס... מען רופט מיך רענע מאַרילאַ.

מינאַיעוו האָט אָנגעשריבן דער מאַמעלען זיינער:

— נעכטן האָב איך געגעסן אָוונטברויט בא פראַנצויזן. זיי האָבן מיך אָנגעהאָדעוועט מיט עפּעס אַן איבערנאַטירלעכער זאַך, זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז קלוימערשט אַ געמיינע קאַטשקע, וועלכער איז דערעסן געוואָרן צו קוואַקען אַף דער דייטשישער סאַזשעלקע. אָבער איך בין כוישעד אַף שטיל, אַז דאָס איז אַ סוידעספולער געמיש פון אַן אָקס מיט אַ זשאַבע. אַגעוו, ניט אין דעם גייט עס. דאָרט האָב איך געמאַכט אַ געוויסע דערפינ־דונג. דו האָסט מיר געהאַט געשריבן אין דער מיעסטער צייט, אַז מען דאַרף ניט אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ; וויל מיר האָבן זייער אַ גרויס לאַנד, דאָס איז אַן שום צוויפל, אָבער נעכטן האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז אונדזער לאַנד איז גרעסער פון אונדזער לאַנד. ווען איך וועל צוריקומען, וועל איך עס דיר פאַרברענגען אין דער פאָרעם פון ניט קיין גרויסן באַריכט וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. האָגאָם מיר זיינען גאַנץ נאָענט פון בער־לין, וועט נאָך אויסקומען אַביסל קעמפן — די דייטשן באַנעמען אויסער־געוויינלעך לאַנגזאַם, און אונדז גלוסט זיך ניט צו וואַרטן, יעדער האָט זיך זיינע סיבעס אַף צו אײַלן זיך. איך, צום ביישפּיל, וויל וואָס גיכער דיך אַרומנעמען. אַליאַ גריסט דיך, זי בעט זאָגן, אַז זי איז געזונט און גליקלעך, אינעם לעצטן צוויפל איך — עס האָבן זי אַרויסגעבראַכט פון גלייכגעוויכט סיי די דייטשקעס, וואָס טיטולירן זי ניט אַנדערש, ווי „פיורערן" און סיי דיין אומפאַרגעסלעכער מיטקאַ".

די נאַכט האָט געשמעקט מיט פייכטקייט, יאַם, מיט פרילינג — אַן אומ־רויִקע נאַכט אין מערץ. מינאַיעוו האָט לאַנג געטראַכט וועגן גורל פון זיין דאָר און, איינשלאָפנדיק, איז ער געקומען צום באַשלוס, אַז עס וועט אויס־קומען צו לעבן אומרויִק, אָבער די דאָזיקע אומרויִקייט וועט ער שוין ניט טוישן אַף גאָרניט.

## XXIV

ביז פאַסטערן איז די גאַנצע לעצטע צייט ניט געגאַנגען. ווינטער איז ער געקומען קיין פראַנקרייך. די אַרמיי האָט זיך געטאַפּטשעט אַף איין פּלאַץ. ער פלעגט זיך פרעגן: מיט וואָס פילט מען אויס טויזנטער ווערטער? געוויס, קומען פאַר אַ סאַך אינטערעסאַנטע זאַכן, אויב מען זאָל באַשרייבן, ווי אַזוי מאָנטגאָמערי וויל איבערכיטרעווען ברעדלי, וועלן די לייענער לעקן די פינ־גער. טאָר מען ניט — די צענזור לאָזט ניט דורך. די זעלנער שיקערן, זידלען די פראַנצויזן: „שמוציקע, שטינקען מיט קנאָבל, אויספיינערס". זיי שרייען:

נאך וואס האט מען אונדז אהערגעשיקט? אויב שוין ·שלאגן זיך, איז דאך שוין בעסער מיט די יאפאנטשיקעס"... אויך ניט קיין טעמע...

ס'איז אנגעקומען דער פרילינג; עס האט זיך אנגעהויבן א מיליטערישע טעטיקייט. א סאך קארעספאנדענטן זיינען זיך אנגעפארן. עס קומט אויס צו זינגען מיטן כאר, און ער איז ניט קיין כאריסט; אזוי ארום קען מען קא־ליע מאכן די רענאמע פון אלעמען, האט נאך בילן פארפאלגט דער שלי־מאזל: ער האט בעשום אויפן ניט געקענט טרעפן, ווו עס וועט פארקומען די ווייטערדיקע סענסאציע — ער האט פארגענעצט סיי קעלן און סיי די רעמאגענער בריק. עס איז אויסגעקומען איבערצושרייבן פרעמדע ווערטער. עס זיינען ניט געווען קיין לעבעדיקע פארבן, אנעקדאטן, זאפטיקייט.

ביל האט באשלאסן אראפכאפן זיך קיין פאריז — עפשער וועט עפעס געלינגען אנצושמעקן — מען זאגט, אז די דייטשן זאנדירן דעם באדן אין וואטיקאן. אין ערגסטן פאל וועל איך באשרייבן די ליבע פון דער אקטריסע קסאוויע מיטן אמער. פליער, וואס האט פארלוירן א פוס. די לייענער האבן עס ליב. און פון דייטשלאנד קען מען גארניט געבן אזוינס, וואס עס זאל רירן: די צענזור פארהאלט — א באפעל ניט צו ברידערן זיך מיט דער באפעלקערונג. איך האב אין קעביבישעוו געזידלט די רוסן, אבער אונדזערע מיליטערלייט זיינען ניט בעסער. איינער האט מיר מעכאבעד געווען, אז איך דארף ניט מעלדן וועגן פארנעמען א שטאט ביז עס וועט דערפון ניט מעלדן די הויפט־קווארטיר. וואס זשע זאל דאן טאן א זשורנאליסט, וואס היט אפ זיין קאוועד?

אין פאריז האט ער פארבראכט אן אנגענעמע נאכט מיט איינער א מיידל, ווי ער האט שפעטער געזאגט, א „סופערפיקאנטע". יענע האט אים געזאגט:

— איצט כאוועך איך זיך נאר מיט אמעריקאנער. ניט צו מאכן — די ענגלענדער זיינען גייציק־קארגע, און אונדזערע פארמאגן אפילע קיין פייג ניט. א מיעסע געשיכטע...

ביל האט זי געוואלט טרייסטן:

— נישקאשע, אינגיכן וועט זיין בעסער.

— איך גלויב ניט. צופיל קאמוניסטן, די ארבעטער טוען גארניט — פארנעמען זיך מיט פאליטיק. קלאר, אז די באלעבאטים פארמאכן זייערע אונטערנעמונגען, די סאכרים באהאלטן אויס די סכוירעס, קיינער גלויבט ניט, אז עס וועט זיין בעסער. פארקערט... קיקי האט געפונען א גוטן אמע־ריקאנער, ער האט איר צוגעזאגט נעמען זי קיין ניו־יארק. און מיר פאלן אלץ אריין אזעלכע יאלדן ווי דו...

זי האט א געגעץ געטאן. ביל האט איר געוואלט עפעס ענטפערן, אבער ער האט דערזען, אז זי שלאפט שוין. און ער האט ניט געקענט איינשלאפן. ער האט געטראכט וועגן דעם בילד, וואס דאס מיידל האט פאר אים אפגע־מאלן. און פלוצלינג איז ער אופגעשפרונגען: אט דאס איז אן אידיי! ער האט גלייך צוזאמענגעשטעלט א טעלעגראמע צום רעדאקטאר: „אפן פראנט איז פארבליבן גראפיט. איך לייג פאר א ריי סענסאציאנעלע קארעספאנדענצן דער אלגעמיינער טיטל: „א רויטע פעטליע אף פראנקרייכס האלדז" — טע־ראר פונעם ערעוו ראוו, עקאנאמישע צערודערונג, א אינטערוויו — וואס עס

דענקען די האנדלס־קרייזן, פּאָליטיקער, די פּאָליציי, דער מענטש פון גאַס". דער מיידל האָט ער געגעבן, כּוצדעם וואָס איר איז געקומען, פינף דאָלאַר און אַ פּעקל סיגאַרעטן — ער האָט ליב געהאַט עהרלעכקייט אין געשעפטס־איניאַנים. אין צוויי טעג אַרום האָט ער דערהאַלטן אַ באַגריסונג פון רע־דאַקטאָר.

אַדוואָקאַט גאַרסי האָט דערציילט בילן, ווי אַזוי די עפּעפּאַי האָבן גע־מאַכט אַן אונטערזוכונג אַף דער ווירונג פון אַן אַנגעזעענעם קאָמערציאַנט. ביל האָט עס באַשריבן פּאַרביק: עס רייסט זיך אַריין באַנאַכט אין הויז אַ באַנדע קאָמוניסטן, שלעפּן אַראָפּ די קאָלדרע פון אַ יונגער פרוי, מען איזדיעקעוועט זיך איבער איר, צעברעכן אַ פּאָרצעלייענע פיגורל פון דער הייליקער מוטער, פאַרזיכערנדיק, אַז אינעווייניק זיינען פאַרשטעקט דאָלאַרן, טראָגן אַוועק מיט זיך ווערטפולע פאַמיליע־זאַכן. ביל האָט פאַרענדיקט דעם אַרטיקל מיט די ווערטער: „האָבן פאַר דעם אָפּגעגעבן זייער לעבן די העלדן פון אַהייאָ אָדער טעקסאַס?" גאַרסי האָט אים דערציילט וועגן מאַסן־אַרעסטן:

— אין וואָס באַשולדיקט מען טויזנטער מענטשן? ניט אין קרימינעלע אַקטן, נאָר אין פּאַשעטער אַנגעהעריקייט צו דער מיליץ אָדער פּעפּעוּ? דאָס הייסט פּאַשעט טרעטן מיט די פיס די געזעצלעכקייט. פון ראַבעספּיערס צייטן אָן האָט פראַנקרייך עפּעס אַזוינס ניט געזען...

ביל האָט דערציילט זיינע לייענער, ווי אַזוי אַ בלייכע מיידל געזעגנט זיך מיטן לעבן דורך אַ טפּיסע־קראַטע נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט געענטפערט אַ קאָמוניסט: „איך וועל קיינמאָל ניט גיין מיט איך. מיין אידעאַל איז ניט העפּקיירעס, נאָר גערעכטיקייט און פרייהייט, וואָס הערשן אין דער גרויסער רעפּובליק פון יענער זייט אַטלאַנטיק".

גאַרסי האָט באַקענט בילן מיט פינאָן. דאָס איז געווען אַן אויצער פון אינפאָרמאַציע. ביל האָט דערוויזן מיט טרוקענע ציפער, ווי אַזוי עס פאַלט די פּראָדוקציע צוליב דער צעשמעטערישער ווירקונג פון די קאָמוניסטן. ער האָט באַוויזן זיינע לייענער, אַז ער קען זיך אויך פאַרנעמען מיט נודנע איניאַנים, אויב דערפון איז אָפּהענגיק די רעטונג פון אייראָפּע, און אַזוי אַרום, דער ווילזיין פון אַמעריקע. איצט דאַרף מען געבן עפּעס, וואָס זאָל זיין בילדעריש... ביל האָט געבעטן פינאָן באַקענען אים מיט אַ „לייכטן פראַנ־צויז". פינאָ האָט זיך פאַרטראַכט: עפּשער צוזאַמענפירן אים מיט לאַנסיען? אָזאַ פּלאַפּלער איז אַן אויצער פאַר זשורנאַליסטן...

ניט געקוקט אַף דעם, וואָס זייט דער באַפרייונג פון פּאַריז איז שוין פאַרביי אַ האַלב יאָר, האָט זיך נאָך לאַנסיע ניט באַרויקט. ער האָט אַפילע פאַרשטאַנען, אַז ער וועט זיך קיינמאָל ניט באַרויקן — מאַרסעלינאַ איז גע־שטאָרבן באַצייטנס; דאָס, וואָס עס איז געווען, וועט זיך שוין מער ניט צוריקקערן.

עס פלעגן טרעפן שטילע טעג, בעיים לאַנסיע פלעגט זיך דערמאָנען פון זיינע קאָלעקציעס, שמייכלען צו זיינע טאַבאַק־פּושקעס און נעגער־געטער; אַנומלט האָט ער געזאָגט מאַרטאָן:

— ווייסט וואָס עס פעלט „קאַרבעי"? אַ סודאַנער באָק. איך פאַרשטיי,

אַז איצט קען מען ניט קריגן קיין נייעס. עפּשער, נעמען זיך אַ פּאַשטעטן ביקעלע? זיי זיינען זייער גראַציעז...

מינוטן פון באַרויקונג פלעגן זיך טוישן מיט אויפברויזן פון אומרו. פאַר דער מילכאָמע פלעגט לאַנסיע ניט פאַרטראָגן ווען מען פלעגט אין זיין אַנוועזנהייט ריידן פון פּאָליטיק, אָבער איצט פלעגט ער אַליין ריידן און פּאַרפּירן קריגערייען. ער פלעגט פּלוצלינג נעמען שרייען: „מען מוז אומ־באַדינגט אַפּליגן די מוניציפּאַלע וואַלן"... מאַרטאַ פלעגט אים פּאָרוואַרפן: „צו וואָס רעגסטו זיך אויף? דאָס איז ניט דיין זאַך"... ער פלעגט ענטפערן: „האָסט מיך ניט געזען אין די גליקלעכע צייטן. מען זאָגט, אַז שלעכטע געלט שטויסט אַרויס גוט געלט. אין מיין קאָפּ שטויסט די פּאָליטיק אַרויס די הויכע געדאַנקען".

דער זאַוואָד האָט געאַרבעט דריי טעג אין דער וואָך: עס איז ניט גע־ווען ניט קיין רוישטאָף, ניט קיין הייץ־מאַטעריאַלן. לאַנסיע פלעגט זיך שטאַרק אויפרעגן: פאַרוואָס ווערט ניט נאָרמאַל דאָס לעבן? אים האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז די מילכאָמע האָט זיך שוין לאַנג פאַרענדיקט. קלאָר, אַז די באַשן האָט מען צעקלאַפּט. איז דען ניט אַלציינס, וואָס פאַראַ דייטשישע שטאָט די אַמעריקאַנער האָבן נעכטן גענומען? דאָס קען אינטערעסירן נאָר די מילי־טערלייט. און דאָ, אין פּאַריז, גייט אַלץ זייער שלעכט. די מענטשן פאַר־שטייען ניט, ווי אַזוי זיי האָבן איבערגעלעבט דעם ווינטער. עס איז געווען שטאַרק קאַלט, קיין קוילן איז ניט געווען. איצט איז וואַרעם, אָבער אומעטום זיינען רייען, די פרויען באַקלאָגן זיך, מען קריגט ניט דאָס נויטיקסטע. אויפן שוואַרצן מאַרק שטייגן די פּרייזן. די אַרבעטער זאָגן, אַז מען דאַרף אַ סאַך מאַכן דערצו. קלאָר, אַז באַ די מוניציפּאַלע וואַלן וועלן געווינען די קאָמו־ניסטן. האָט דען געלוינט צו קעמפן העלדיש קעגן די באַשן, קעדיי אַרונ־טערפאַלן אונטערן יאָך פון אונדזערע אַזיאַטן?

ווען פינאַ האָט דערציילט לאַנסיען, אַז עס וויל זיך מיט אים באַקענען אַן אַנגעזעענער אַמעריקאַנער זשורנאַליסט, האָט לאַנסיע זיך געקווענקלט:

— צו וואָס? באַ זיי זיינען די צייטונגען נאָך נאַרישער, ווי אונדזערע. ווען דאָס וואָלט געווען אַ שרייבער — איז גאָר אַן אַנדער זאַך...

— אין אַמעריקע שפּילט די פּרעסע אַ גרויסע ראָל, און מיר זיינען פאַראינטערעסירט, אַז די אַמעריקאַנער זאָלן וויסן אונדזערע שוועריקייטן — נאָר זיי קענען אונדז העלפן. מען האָט פּאַסטערן דערציילט, אַז אין דער האַנדלס־וועלט איז ניטאָ קיין צאַרטערער מענטש, פון אייך, און ער האָט זיך אָנגעצונדן מיטן פאַרלאַנג צו כאַפּן מיט אייך אַ שמועס.

— אויף אַ שאַ? אויסגעשלאָסן! איך בין איבערצייגט, אַז ער איז אַ וויל־דער, אַזוי ווי אַלע זיינע לאַנדסלייט. איך וועל אים איינלאַדן צום אָוונט־ברויט, זאָל ער זען, וואָס דאָס איז אַזוינס פראַנצויזישע קולטור. מאָרגן קומט צו פאָרן צו מאַרטאַן איר יינגערע שוועסטער קלער פון פּואַטיע. וועלן מיר פייערן די דאָזיקע באַשיידענע געשעעניש. איך רעכן אויך אויף אייך, טייערער פריינט, און אויף דער מאַדאַם פינאַ...

לאַנסיע האָט גענומען צוזאַמענשטעלן די מענו.

איצט איז עס ניט אַזוי פּאַשעט: עס קומט אויס די גאַנצע צייט פרעגן

מאַרטאַן: „מען קען באַקומען?...” אַגעוו, אַ גרויסער קינסטלער שאַפט אַ בילד פון גאַרניט... לאַנסיע האָט באַשלאָסן — פיש־קניידלעך און געפּילטע הון.

ער האָט באַפּוצט דעם טיש מיט בלומען און מיט איבערגעקרייצטע קליינע פאָנען: די אַמעריקאַנער און פראַנצויזישע. קלער האָט אויסגערופן:

— ווי שיין! מען קען פאַרגעסן, אַז איצט איז אַזאַ שרעקלעכע צייט...

דאָס איז געווען אַ שייגיצקע פריילעכע מיידל, וואָס האָט פינף יאָר געוואַרט אויף גליק. איך כאַפּ איז געווען אין געפאַנגענשאַפט. זי האָט געאַרבעט אין אַ קאָנטאָר און אין די נעכט געוויינט. ביל האָט זי באַלד אָפּגעשאַצט, ער האָט אַ טראַכט געטאָן — ווען איך וואָלט דאָ ניט געהאַט קיין אַרבעט, וואָלט איך זיך פאַרנומען מיט דער שייגיצקער, אָבער איך בין דאָ ניט צו פאַרוויילן זיך... ביל האָט גענומען באַטראַכטן דעם באַלעבאָס: בעעמעס אַ פּילפּאַרביקע פיגור...

לאַנסיע האָט פּלוצלינג מיט זאָרג באַטראַכט דעם טיש: ער האָט זיך דערמאָנט די פאַרמילכאָמעדיקע אָוונטן. קען מען דען פאַרגלייכן פּינאָן מיט דיומאָן און ניוועלן? געוויס, ניוועל האָט שלעכט פאַרענדיקט, אָבער דאָך איז דאָס ניט פּינאָ, וואָס קען נאָר ריידן פון געשעפטן און דורכדרינגלעך אויסשנייצן זיך... און דער דאָזיקער אַמעריקאַנער... איך בין געווען גערעכט, זאָגנדיק, אַז זיי זיינען ווילדע. געקומען און באַלד אוועקגעלייגט די פיס אויפן רויבער־טישעלע. אויסגעטרונקען דעם ווייַן פאַרן עסן, און די קניידלעך פאַרטרינקט ער מיט אייזוואַסער. עסט און רויבערט, דאָס נעמט אַוועק דעם טאַם... צו וואָס געבן אים אַזעלכע מיכאַלים? ער איז געוויינט צו זיינע קאָנסערוון. און ווי ריקזיכטלאָז ער לאַכט! איגנאָראַנט!... יענער רוס, וואָס פלעגט קומען פאַר דער מילכאָמע, איז געווען אַ סאַך איידעלער, געהאַלטן זיך באַשיידן, אָפּגעשאַצט מיינע מיניאַטורן. און דער דאָ, ווען איך האָב אים באַוויזן רעקאַמיע, האָט ער געזאָגט: „אַזעלכע זיינען דאָ אַ סאַך אין ניו יאָרק באַ די אַנטיקוואַרן. איצט זיינען זיי געפאַלן אין פּרייז — מען ברענגט פון פראַנקרייך, מען קען זיי קויפן פאַר פופציק דאָלאַר”... באַרבאַר! לאַנסיע האָט אָבער ניט פאַרגעסן די געזעצן פון גאַסטפריינטלעכקייט, ער האָט צוגעגאָסן בילן וויין, האָט גערן געענטפערט אויף אַלע פראַגן:

— מען האָט מיר געזאָגט, אַז אייער זון איז אומגעקומען אויפן פראָנט. ער איז געווען אין לעקלערקס אַרמיי?

— ניין, ער איז אומגעקומען אין רוסלאַנד, איך בין שטאָלץ מיט אים.

— אין רוסלאַנד? ווי אַזוי? איז ער געווען אַ קאָמוניסט?

— קיינמאָל ניט. ער האָט, פונקט ווי איך, געהאַסט פּאָליטיק. ער האָט געוואָלט באַפרייען פראַנקרייך פון די באָשן. קיין רוסלאַנד איז ער אוועקגעפאָרן לאַנג פאַרן דעסאַנט. איך פאַרשטיי דעם דאָזיקן זשעסט... כוצדעם מאָר מען ניט צונויפמישן ראַטן־רוסלאַנד מיט אונדזערע קאָמוניסטן. די רוסן האָבן זייערע נאַציאָנאַלע צילן...

— איך בין געווען אין רוסלאַנד, — האָט געזאָגט ביל, — אָבער דאָן זיינען דאָרט קיין שום פראַנצויזן ניט געווען. איך האָב געזען די רוסן בעיס זיי האָבן פאַרטיידיקט מאָסקווע. דאָס זיינען פאַנאַטיקער, וואָס האָבן ליב

זייער ערד, זייער שוידערלעכע געזעלשאפטלעכע ארדענונג און עפּעס אייגעס א פירשט, איך האב פארגעסן זיין נאמען, דאכט זיך דמיטרי ניעוווסקי. דאן האבן א סאך געמיינט, אז עס איז א סאף צו די רוסן, אבער איך האב אנגעשריבן, אז די רוסן וועלן בעשום אויפן ניט אפּגעבן מאסקווע. איר זאגט, אז זיי האבן זייערע נאציאנאלע צילן? מאסקים, אבער עפּשער זיינען זייערע נאציאנאלע צילן — פארכאפּן איירָאפּע? אין אמעריקע האלטן א סאך, אז עס עקזיסטירט א רוסישע געפאר... אין ברעדלי־שטאב האט מען מיר געזאגט, אז מאנטגאמערי וויל אריבעריאגן די רוסן און אריינקומען דער ערשטער קיין בערלין. געווים, איז עס ניט יוישערדיק — די ענגלענדער האבן ליב אראפּצונעמען פרוכטן פון א פרעמדן בוים. קיין בערלין דארף אריין פּאטאן אדער האדזשעס. אבער שוין בעסער מאנטי, איידער די רוסן...

— איך מיין, אז די רוסן וועלן אלעמען אריבעריאגן, — האט געזאגט לאנסיע. — מעגלעך, אז בא זיי איז א שוידערלעכער רעזשים, אבער קעמפן קעמפן זיי ארטיסטיש. בעיים דער אקופּאציע האבן מיר זיך צוגעוווינט פרייען מיט זייערע זיגן.

— פארשטייט זיך — האט געזאגט ביל. — מיר האבן זיך אויך געפרייט. און אייך איז געווען שווער בא די דייטשן, א?

— מוירעדיק...

לאנסיע האט עס ארויסגעזאגט מיט א טיפן געפיל. אים האט זיך איצט אויסגעדאכט, אז ער האט קיינמאל אזוי ניט געליטן, ווי אין די אקופּאציע־יארן. ביל האט עפּעס פארשריבן, אראפּגעשלונגען מעכאניש א שטיקל הון, גענומען דאס פלעשל קאניאק, וואס איז געווען צוגעגרייט צו דער קאווע, אויסגעטרונקען א גרויסע קויסע און געזאגט:

— איר האט געווים געמאכט געשעפטן מיט די דייטשן. אלע האבן דא געמאכט געשעפטן...

— איך וואלט געוואלט א קוק טאן אף די אמעריקאנער, ווען עס וואלטן אדורך איבער דער פינפטער אוועניו דייטשישע קאלאנעס. יא, פון אנפאנג האב איך געגלויבט פּעטענען. איר האט אים אויך געטרויט, אייער געזאנדטער איז אפּגעזעסן אין ווישי צוויי מיט א האלב יאר. איך האלט נאך אויך איצט, אז פּעטען איז אן ערלעכער פראנצויז. איך האב געקעמפט אונטער זיין אנפירונג אין ווערדון. ער האט זיך טויע געווען... מיר האבן זיך אלע קעגנגעשטעלט, ווי מיר האבן געקענט. גיט א קוק אפן הער פינא. דאס איז ניט קיין יונגערמאן און ניט קיין ראמאנטיקער, און ער האט אנטיילגענומען אינעם ווידערשטאנד פון צוויי און פערציקסטן, ריזיקירט מיט זיין לעבן... און נאכדעם ווארפט איר אונדז אין פּאנעם אזא פאַרוואורף!...

ביל האט פריינטלעך געענטפערט:

— מען דארף זיך ניט באליידיקן. — א זשורנאליסט — דאס איז א פּראוואקאטאר. איך רייד ניט דאס, וואס איך טראכט — איך דערציייל איבער די נארישקייטן, וואס זיינען פארשפּרייט געווארן אין אמעריקע, סעדיי איך זאל הערן אייער אפּלייקענונג. איך פערזענלעך האב זייער ליב פראנקרייך, דאס איז, דאכט זיך, דאס עלעגאנטסטע לאנד, וואס מען קען זיך נאר פארשטעלן... איינס פארשטיי איך נאר ניט, הער לאנסיע, ווי אזוי

האט איר זיך געקענט צוזאמענלעבן אינעם ווידערשטאנד מיט די קאמו־ניסטן?

עס האט געענטפערט פינא:

— פארבינדעטע קלויבט מען ניט אויס, דאס ווייסט איר ניט ערגער פון אונדז. איך קען אייך ווידער פרעגן, ווי אזוי לעבט איר זיך איין מיט די באלשעוויקעס? אומזיסט מיינט איר אין אמעריקע, אז די קאמוניסטן האבן געשפילט די ערשטע ראל. זיי זיינען מייסטערס אף רעקלאמע. עס איז געגוג דערמאנען, אז אין פערציקסטן יאר זיינען זיי געזעסן שטיל און אנ־געהויבן שרייען האבן זיי נאר נאך היטלערס אנפאל אף רוסלאנד...

ביל האט געשריבן. לאנסיע האט אים געוואלט זאגן, אז ער זאל פרו־בירן א שטיקל ציגן־קעז, וואס מארטא האט מיט צארעס באקומען. אבער פלוצלינג האט לאנסיע פארגעסן פון אלץ. ער האט אנגעהויבן זידלען די קאמוניסטן, ער האט זיך אליין ניט אפגעגעבן קיין כעזשבן, פארוואס ער האסט זיי אזוי, ער האט צוגעשריבן זיינע בירגערלעכע געפילן. איינמאל נאר, ווען מארטא האט אים געפרעגט, צי האט ער מוירע אז די קאמוניסטן וועלן בא אים צונעמען דעם זאוואד, האט ער שטיל געענטפערט: „וואס מיר זא־וואד. זיי האבן בא מיר צוגענומען מאדאן...”

איצט האט ער געשריען:

— איך האב געזען די דאזיקע „פאטריאטן” אין ניין און דרייסיקסטן, ווען עס האט זיך אנגעהויבן די מילכאמע! זיי האבן פארטיידיקט די רוסן. איך האב דאן געזאגט לעזשאנען: „איר זייט ניט קיין פראנצויז, איר זייט א מאטער”. עפשער שפעטער, נאכדעם, האט אזא לעזשאן פראפאגאנדירט מילכאמע קעגן די באשן. אבער איך וועל אים ניט מויכל זיין דעם פאראט... זיי ווילן זיך אנלעבן אפן בלוט פון די מארטירער, אויסנוצן די כורוועס פון אראדור, קעדיי אריינצוכאפן וואס מער שטימען. זיי האבן צעשפאלטן אין צווייען פראנקרייך, צעשפאלטן יעדע מישפאכע. מיין הארץ ווערט אפ־געגאסן מיט בלוט...

פינא דערציילט בילן, אז לאנסיעס טאכטער — איז א קאמוניסטקע, און טאקע דערפאר איז ביל אזוי צוגעשטאנען, אז מען זאל אים צוזאמענ־פירן מיט לאנסיען. דאס וועט זיין א סענסאציאנעלע קארעספאנדענץ — די טראגעדיע פון א טאטן, וואס איז אלט און גרא. עמעס, בילן האט אביסל אנטוישט לאנסיעס אויסערלעכקייט, אבער ער האט עס שנעל צוגעפאסט — אין דעם איז פאראן א באזונדערע עקזאטיק — א קלאון, וואס באהאלט אוים אונטער א שמייכל פאטערלעכע טרערן... פינא האט פארבאטן בילן פארופן זיך אף אים, אויב מען וועט נעמען ריידן פון לאנסיעס טאכטער. ביל האט פארשטאנען, אז דאווקע איצט דארף מען פרעגן, און ער האט געזאגט:

— איך האב געזען אין איינער א לינקער צייטונג א בילד פון א שיי־נער יונגער פרוי מיטן אונטערשריפט „מאדעלען לאנסיע”. דאס איז ניט אייערע א קרוויווע?

— דאס איז מיין טאכטער, הער פאסטער... (אין לאנסיעס שטים האבן זיך דערפילט טרערן. מארטא האט בייז אנגעקוקט דעם אמעריקאנער. פינא

האט גענומען הוסטן. קלער האט געזאגט „מען האט דא אנגערויכערט" און זי האט זיך געלאזט עפענען דאס פענצטער). יא, דאס איז מיין טאכטער מאדא... קיינעם האב איך אזוי ניט געליבט. כוץ דער פארשטארבענער מאַד־סעלינא. זי וואלט געקענט ווערן א ווונדערבארע מאלערן. אט זיינען אף דער וואנט אירע ערשטע מאלערייען... מארקע האט געזאגט, אז זי פארמאגט טאלאנט... און עס האבן זי צוגענומען בא מיר די קאמוניסטן. איך צווייפל ניט אין איר ערלעכקייט. אבער צווישן אונדז איז איצט אן אפגרונט. ווען זי איז אהער געקומען, האב איך זיך אנגענומען מיט מוט און איר גלייך געזאגט: „אדער דער טאטע, אדער די דאזיקע מעשוגאַים"...

לאנסיע האט אויסגעווישט די אויגן מיט דער סערוועטקע. ביל האט קעסיידער געשריבן.

נאכן אוונטברויט האט מען אנגעטאן די מאנטלען, ארויס אין גארטן. דער אוונט איז שוין געווען א פרילינגדיקער. עס האבן געבליט די ערשטע קאשטאנעס. ביל און קלער זיינען אוועק פארויס. די עלטערע זיינען שטייך געבליבן באם הויז. לאנסיע האט געזאגט פינאן:

— זיי זיינען נאך גרעסערע ווילדע, ווי איך האב געמיינט. האבן קיין שום אנונג ניט פון טאקט!... און כוצדעם, צו וואס האט מען עס געדארפט צוגרייטן פאר אים געפילטע הון? מארטא האט געפאטערט א גאנצן טאג... זיי דארף מען האדעווען מיט האבערנע גרויפן און מיט קוקורוזע...

קלער איז צוריקגעקומען אליין; נאכדעם איז געקומען ביל און באלד גענומען געזעגענען זיך.

ווען די געסט זיינען זיך צעפארן, איז מארטא אריין צו דער שוועסטער, און לאנסיע האט פארומערט געטראכט וועגן פרידן: פון דער מילכאמע זיינען ארויס אלס זיגער צוויי ריזן — אמעריקע און דער קאמוניזם. איך וויים אפילע ניט, ווער פון זיי עס איז שרעקלעכער...

עס איז געקומען מארטא, די שטענדיק רויקע, איז זי איצט געווען אופגערעגט:

— מאריס, דו דארפסט ניט איינלאדן אזעלכע מענטשן אין א פאמי־ליע־הויז...

ער האט זיך דערשראקן:

— וואס האט ער געמאכט?

— ער האט באליידיקט קלערן. דו האסט דאך באמערקט, ווי עמפינד־לעך זי איז... ער האט אנגעהויבן צושטיין צו איר, האט זי, מיינענדיק, אז ער האט צופיל אויסגעטרונקען, געפרוווט מאכן דערפון א וויץ. ער אבער האט איר דערלאנגט זיין וויזיט־קארטע און געזאגט: „אויב איר וועט קומען צו מיר מארגן אין אוונט, וועט איר באקומען פערציק דאלאר..." דאס איז אומדערהערט! אין א פאמיליע־הויז...

מארטא האט נאכדעם געהאט פארדרוס, וואס זי האט עס געזאגט מאַ־ריסן. ער איז די גאנצע נאכט ניט געשלאפן, ארומגעלאפן פון איין צימער אין צווייטן, עפעס געמורמלט. אינדערפרי האט ער געזאגט דער ווייב:

— ווי מיינסטו, עפשער אלץ איבערלאזן און ארויספארן אין „זשע־לינאט"? מיר וועלן לעבן באשיידן, האדעווען ציגן, קראליקעס, הינער. וויפל

דארפן מיר דאס בײדע? מיר זײנען שױן ניט קײן יונגע. דארט װעלן יעדנפאלס ניט זײן ניט קײן אמעריקאנער, ניט קײן קאמוניסטן, ניט פינא. איך װער דערשטיקט פון דער גראבקײט פון לעבן... ערשט איצט פארשטײ איך, װאס פארא גליק דאס איז א דארפיש לעבן! קלער װעט כאסענע האבן, זי װעט ברענגען צו אונדז איר קלײנטשיקן, מיר װעלן זיך ניאנטשען מיט אים, װי מיט אן אײניקל... עפשער װעט אױך מארא ראכמאנעס האבן אף מיר, זי װעט קומען אף עטלעכע טעג. מיר װעלן ניט רײדן װעגן דער פארשאלטענער פאליטיק... מיר װעלן צוזאמען מיט איר דערמאנען מארסעלינאן...

װעגן „זשעלינאט״ האט לאנסיע ניט לאנג געטרױמט. עס האט אים אײנגעלאדן צום פרישטיק נארסי, און ער האט זיך װידער גענומען דרײען אינעם ראד פון פאריזער לעבן.

ביל האט אנגערופן זײן איצטיקע קארעספאנדענץ: „איך האב געזען די טרערן פון קעניג ליר״.

## XXV

װען גערטא האט מיט א יאר צוריק אומדערװארט פאר אלעמען כאסענע געהאט מיטן הינקענדיקן גיונטער שפײער, האבן זיך די מײנונגען געטײלט. אירמא האט ניט בארעכטיקט דער שװעסטערס אױסװאל. א פארװאלטער פון דער פראװיאנט־אפטײלונג — מיט אזעלכע מענטשן טרעפט מען זיך אין דער קארטלעד־ביורא, אבער ניט אין שלאפצימער. גיונטער שנײצט די נאז אפן קאל, גרעפצט באם טיש, און קײן גרעסערע מיעסקײט האב איך ניט געזען. געװיס, ס׳איז שװער צו לעבן אן א מאן, אבער גערטא איז אינגאנצן אף צװײ יאר עלטער פון מיר, זי דארף זיך נאר װי געהעריק אנטאן און צושמירן זיך, װערט זי שױן אינטערעסאנט, דערבײ האט זי דאך געװיסע אפשפארונגען. צו װאס האט זי זיך באדארפט אײלן? דער ברודער פרידריך (ער איז דאן געװען אין ביארײץ) איז געװען אױסער זיך: עס איז סאכאקל פארבײ א יאר זינט יאהאן איז פארשװוּנדן, און גערטא האט שױן געפונען א פארטרעטער. טאמער לעבט יאהאן? עס איז טאקע געקומען א ידיע װעגן טױט, אבער װער װײס, װאס עס איז געװארן מיט די פארטײדיקער פון סטאלינגראד? די װײבער זײנען פארט פאסקודעס, די קעמפסט פאר זײ, און זײ טראגן אונטער אזעלכע סיורפריזן... דערהאלטנדיק גערטאס בריװ האט איר מאמע געלאזט א טרער — זי האט זיך דערמאנט יאהאנען. אבער גערטא האט געהאנדלט סײכלדיק — איר איז אײן און דרײסיק יאר, צװײ קינדער אף די הענט, און כאסאנים זײנען איצט ניט בענימצע. מאדאם פרענצל איז מעקאנע געװען איר כאװערטע: האט זיך אױסגעקליבן א מאן לױטן סעזאן. די פראװיאנט־אפטײלונג איז אביסל װיכטיקער װי אן אוניװערזיטעט קאטעדרע. עס קלעקט נאר אפעסן בא זײ, זעט מען שױן, אז גערטא האט געהאט רעכט. בא אנדערע איז די ליבע אין די אױגן, און בא איר איז עס אפן טיש... פרענצל האט פאר זיך א זיפץ געטאן: קעלער איז געװען א געלערנטער, און װאס איז אזױנס שפײער? א גאנעװ. איך װײס ניט, מעגלעך, אז ער גאנװעט ניט, אבער זײ זײנען

אַלע גאַנאָווים... גערטאַן האָט פּרענצל געזאָגט: „איך באַגריס אייער באַ־שלום. שפּייער וועט דורך אייך יאַרשענען יענעם שיין, וואָס האָט געברענט אין יאָהאַנס שאַרבן־קעסטעלע". ער האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס גערטאַ איז, דערהערנדיק די ווערטער „שאַרבן־קעסטעלע", ווייס געוואָרן און אַנגע־כאַפּט זיך פאַרן ראַנד פון דער טיר.

גערטאַ האָט געלעבט בעשאָלעם מיט גיונטערן. ער האָט זי טאַקע, אַנ־שיקערנדיק זיך, צוויי מאָל געשלאָגן, געשריען, אַז זי איז אַ „גאַסן־פרוי", אַז זי האָט כאַסענע געהאַט האָבנדיק אַ מאַן וואָס לעבט; אָבער גערטאַ איז ניט געווען קיין מיידעלע, זי האָט געוווּסט, אַז מענער פאַרמאָגן ניט קיין לאָגיק — זיי דאַרפן נאָר אָדער קעמפן, אָדער אויסלאָזן דעם קאַס צו אַ פרוי, און גערטאַ האָט אים מויכל געווען עטלעכע סיניאַקעס. זי האָט זיך צו אים באַצויגן ווי עפּעס צו אַ נויטווענדיקייט: מען קען ניט לעבן מיט קינדער אָן אַ מאַן.

מאַכנדיק איצט אַ כעזשבן פון אַ יאָר צוזאַמענלעבן, האָט זי געטראַכט: אין אַלגעמיין וואָלט איך געקענט זיין גליקלעך. גיונטער באַהאַנדלט זייער גוט די קינדער, ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ווען די מילכאָמע וועט זיך ענ־דיקן, וועלן מיר האָבן אַ קינד. ווידער האָט זיך אַריינגעמישט די פאַרשאָל־טענע מילכאָמע... איך רייד שוין ניט פון די באָמבאַרדירונגען... די מאַמע האָט ניט אויסגעהאַלטן, זי איז אַוועקגעפאָרן צו דער מומען קיין ברעסלוי. דאָן האָט מען געזאָגט, אַז אויף מיזרעך איז אַ סאַך רויִקער. איז זי אַריינגע־פאַלן דירעקט אין געגעם. דאָרט איז הונדערטפאַכיק שרעקלעכער — אַהין זיינען געקומען די רוסן... גוט, וואָס איך האָב באַצייטנס אָפּגעשיקט אַלגאַן, אַזאַ מאַכשייפע וואָלט מיך נאָך געקענט דערהאַרגענען. אין האַרבסט, נאָך איידער די רוסן האָבן זיך אַריינגעריסן קיין דייטשלאַנד, איז זי שוין גע־וואָרן אויף אַזויפיל כוצפּעדיק, אַז זי האָט מיר געזאָגט: „איר וועט פאַר אַלץ באַצאָלן"... גיונטער האָט דאָן געזאָגט, אַז איך האָב איר ניט באַדאַרפט דער־לאַנגען מיטן שליסל איבערן פּאָנעם. ער איז סענטימענטאַל. און עפּשער, איז אים די מויד געפעלן... גוט, אויב זי וועט בלייבן אַ גאַנץ לעבן מיט אַן איבערגעבראָכענער נאָז. אָבער איצט איז מיר ניט לייכטער דערפון. עס נעמט אַדורך אַ שוידער. ווען דו הערסט ראַדיאָ, צעשפּאַלט זיך דער קאָפּ. די רוסן זיינען ניט ווייט פון בערלין. מען זאָגט, אַז די אַמעריקאַנער טאַנקען זיינען לעבן מיינץ. טרעפנדיק זיך, באַגריסט מען זיך ניט, נאָר מען פרעגט: „ווו זיינען זיי?".

אירמאַ האָט געזאָגט דער שוועסטער:

— האָסט ניט געקענט צוטראַכטן קיין גרעסערע נאַרישקייט, ווי כאַ־סענע האָבן פאַר אַ נאַצי?

מאַרטאַ פּרענצל האָט זיך אויסגעדריקט מער פאַרנעפּלט:

— מיין מאַן איז ניט אין דער פּאַרטיי... יאָהאַן איז, דאַכט זיך, אויך ניט געווען פאַרשריבן...

פריער פלעגן גערטאַן ווייניק וואָס אינטערעסירן גיונטערס אַנשוויונגען; באַטראַכטנדיק אַלץ, האָט זי זיך געזאָגט: ער איז אויף אַ גוטן פּאָסטן און

ער האָט אַ קורצן פּוס, וועט מען אים אַפּן פראָנט ניט שיקן. און איצט האָט זי געפרעגט דעם מאַן:

— פאַרוואָס ביסטו אין דער פּאַרטיי?

— וואָס הייסט, פאַרוואָס? קיינער האָט מיך ניט אויסגעשלאָסן...

— איך פרעג דיך, פאַרוואָס האָסטו זיך פאַרשריבן?

גיונטער איז בייז געוואָרן:

— אַלע זייט איר כאַכאַמים נאָך אַלעמען. ווי איך אַליין וואָלט זיך פאַרשריבן... איך בין געווען אַ פּראָסטער בוכהאַלטער, און בא די נאַציס בין איך געוואָרן אַ וויכטיקע פּערזאָן. איך דאַרף עס דיר ניט דערציילן — אַז אַלמאַנע פון אַן אוניווערזיטעט־דאָצענט האָט זיך געבעטן צו מיר אין בעט אַריין... און איצט פרעגט זי „פאַרוואָס"?! ווער האָט עס געקענט טראַכטן, אַז דאָס וועט זיך אַזוי ענדיקן? דער פיורער פאַרשטייט מער פון מיר, אָבער ער האָט אויך ניט געטראַכט, אַז אַלץ וועט זיך אַזוי אַ קער טאָן.

— און דו האָסט ניט מוירע, אַז מען וועט דיך דערהאַרגענען?

— פאַרוואָס? איך בין ניט קיין פּאַרטיי־פירער, איך בין אַ ספּעציאַ־ליסט. אַז די אַמעריקאַנער וועלן קומען, וועט מען אויך אַרויסגעבן קאַרטלעך און באַרעכענען די מעל־זאַפּאַסן...

אירמאַ האָט מוירע געהאַט, אַז מען וועט זי שיקן גראָבן אָקאָפּעס. זי איז געלעגן אין בעט, געפּויעלט באַם דאָקטאָר, ער זאָל איר אַרויסגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז זי איז קראַנק אַף מאַלאַריע, זי איז אַזוי אַריין אין דער ראָל, אַז עס האָט איר בעעמעס געוואָרפן אַ קאַראַכעס.

צוריקומענדיק אַהיים, האָט גיונטער געזאָגט: „איך בענטש דעם טאָג, ווען איך בין געקומען קיין היידלבערג".

גערטאַ האָט ניט פאַרשטאַנען: מיט וואָס פרייט ער זיך אַזוי? אַלע זאָגן, אַז מען וועט אינגיכן אָנהויבן צו שיסן פון האַרמאַטן איבער דער שטאָט.

— ווו האָסטו זיך אָנגעזויפן?

— איך בין גליקלעך וואָס איך בין דאָ. דו ווייסט דאָך, אַז פאַר דער מילכאָמע האָב איך געוווינט אין דרעזדען. און אַהין וועלן אומבאַדינגט קומען די רוסן.

עס איז געקומען פרענצל, ער האָט געמורמלט:

— אומפאַרשטענדלעך... ווו איז דער פיורער? זיין אַדלער־אויג דאַרף זען די דאָזיקע טראַגעדיע... עס זיינען שולדיק די שלאַנגען פון קליינבירגער־טום און הימלערס סקאַרפּיאָנען...

גיונטער האָט אים געזאָגט:

— הערט אויף קלאָגן! וועגן פיורער האָבן שוין אויפגעהערט טראַכטן אַפילע די קעץ, שוין אָפּגערעדט פון די הינט. איצט אינטערעסירט אַלעמען עפּעס אַנדערש: ווער וועט קומען אַהער? איך בין אין אַ גוטער שטימונג, ווייל איך בין איבערצייגט, אַז עס וועלן אַהערקומען די אַמעריקאַנער. איך רייד שוין ניט פון בערלין אָדער דרעזדען, דאָרטן איז אַ קאַשמאַר, עפּעס ערגער פון די רויטע קען מען גאָרניט צוטראַכטן. אָבער איך וועל ניט טוישן די דאָזיקע וווינונג אַפן פּראַכטפולסטן הויז אין שטוטגאַרט.

— פאַרוואָס? — האָט געפרעגט גערטאַ.

— ווייל אין שטוטגאַרט וועלן קומען די פראַנצויזן. דאָס איז בעסער פון די רוסן, אָבער דאָס איז אויך אַן עקלדיקע מוזיק. אין אַמעריקע זיינען מיר ניט געווען, אָבער אין פראַנקרייך זיינען מיר אָפּגעזעסן פיר יאָר. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, אַ קעגן־באַזוך. און ביכלאַל זיינען די פראַנצויזן דעגע־נעראַטן, ניט אומזיסט האָבן זיי ליב נעגערס. די אַמעריקאַנער זיינען ווילדע יאַטן און עמעסע אַריער...

צומאָרגנס איז גיונטער געקומען מיט סענסאַציאָנעלע נייַעס:

— מען איז אַרויסגעפאָרן באַגעגענען!

— ווער איז אַרויסגעפאָרן?

— אַכט אָפיצירן אונדזערע. זיי האָבן אויפגעהאַנגען אויף דער מאַשין אַ „רויטן קרייץ"...

— איך פאַרשטיי גאָרניט — וועמען באַגעגענען?

— וועמען? פאַרשטייט זיך, אַז ניט דעם פיורער. די אַמעריקאַנער. מען דאַרף, אַז זיי זאָלן וואָס שנעלער פאַרנעמען די שטאָט. מען קען ניט אַריינלאָזן אַהער די פראַנצויזן... כּוצדעם איז דאָך דאָ אַן ערעוו־ראַוו — רוסן, פּאָליאַקן, פראַנצויזן, דער דאָזיקער האָמוין וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט איינאָרדענען אַ שכיטע. אונדזערע פּאַרלאַמענטאַריער גאַראַנטירן, אַז עס וועט ניט זיין קיין שום ווידערשטאַנד. עס איז טייער יעדע שאָ...

גערטאַ האָט אויסגעפונען אַ צעריסענעם קינדערשן לייַלעכל און אַרויס־געהאַנגען אים אויפן באַלקאָן.

די אַמעריקאַנער זיינען גערטאַן געפעלן. און אירמאַ איז באַלד געזונט געוואָרן, זי איז געשטאַנען באַם פענצטער און געשמייכלט:

— גערטאַ, קוק נאָר אָן דעם אָפיציר. ער זעט אויס ווי אַ קינאָ־אַק־טיאָר... איך האָב פאַרגעסן, ווי יענער הייסט... וואָס פאַראַ ליבן שמייכל ער האָט!

צומאָרגנס האָט אירמאַ געפּרוּווט פאַרפירן אַ שמועס מיט אַן אַמערי־קאַנער. יענער האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— האָסט אַ שיין פּענעמל, אָבער צאָלן פינף און זעכציק דאָלאַר פאַר אַ מיידל, דאָס איז ניט פאַר מיין קעשענע...

אירמאַ האָט זיך צעוויינט: ער האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ גאַסן־פרוי. אינאָוונט האָט זי זיך אַביסל באַרויִקט, בעיים גיונטער האָט דערציילט, אַז עס איז פאַרבאָטן געוואָרן די אַמעריקאַנער צו קומען אין באַרירונג מיט דער באַפעלקערונג, אַז די שולדיקע וועלן דאַרפן צאָלן אַ שטראָף. אירמאַ האָט געזאָגט:

— אָט פאַרוואָס ער האָט מיר אַזוי געענטפערט. אָבער דאָס איז נאַ־ריש. איך פאַרשטיי, אַז זיי ווילן ניט ריידן מיטן פיורער. אָבער וואָס האָב איך דאָ פאַר אַ שייַכעס? מיר געפעלן זיי זייער. איך האָב שטענדיק געבאַ־לעמט אַוועקצופאָרן קיין האָליווּד אָדער מיאַמי...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען רעקווּיזירט יאָהאַנס קאַבינעט: עס האָט זיך דאָרט באַזעצט דער יונגער לייטענאַנט האַרפּער. שוין דעם ערשטן

אוונט האט ער א מאטאנע געגעבן גערטאן א פושקע קאנסערוון, און אירמאן א טאפל שאקאלאד. גערטא האט אים געפרעגט:

— עס וועט זיך גיך ענדיקן די פארשאלטענע מילכאמע?

— איצט יא. אונדזערע טאנקן טראגן זיך, וווהין זיי ווילן. איך ווייס אפילע ניט, וווּ זיי זיינען איצט. עפשער, אין עסטרייך. אבער די רוסן שלאגן זיך פעסט. איצט איז אונדז גוט. ווינטער איז געווען שלעכט. איך רייד שוין ניט פון איטאליע, דארט איז געווען אן עמעסער גענעם, איך האב געמיינט, אז איך וועל פון דארט ניט ארויס. און איך האב א ווייב, א קליין קינד...

גערטא האט אויסגעווישט די אויגן:

— און דאך זיינען די מענער מעשוגאים... פארוואס האלטן זיי מילכאמע?

— איר האט אנגעהויבן, דאס הייסט, די דייטשן... אזוי יעדנפאלס האט מען בא אונדז געשריבן... איר מיינט, אז איך פארשטיי, פארוואס מיר קעמפן?... מען זאגט, אז איר האט געדראט אמעריקע. ווען מען וואלט מיך געפרעגט, וואלט איך ניט געמאלדן קיין קריג... איך האב אין טשיקאגא א וווינונג א סאך א בעסערע פון דער. אבער בא אייך איז דא געמיטלער. קענסט זיך אפרוען נאך דער פראנצויזישער שמוץ. איך רייד שוין ניט וועגן איטאליע... ביכלאל געפעלן אונדז די דייטשן. די אפיצירן זאגן: „ענדלעך זיינען מיר אריינגעפאלן אין א קולטורעל לאנד". אבער די זעלנער איז אלץ איינס, דאס זיינען ווילע יאטן און קעמפן גוט, אבער בא זיי איז ווערט א שפיי די גאנצע אינטערנאציאנאלע פאליטיק, זיי ווילן אהיים...

הארפער האט זיך צעשפרייט אין פאטעל און גענומען אנקווועלן פון אירמאן. באנאכט איז זי באשאנקען געווארן פאר דער ניט לאנגסטיקער באלידיקונג. צומארגנס האט זי באשלאסן אפצופרישן אין זיקארן די שולקענטעניש, געשריבן אין א העפט ענגלישע ווערטער און געלערנט זיי פלייסיק אף אויסנווייניק.

גיונטערן האט מען איבערגעלאזט אף זיין פלאץ. מען האט אים, וואס אן עמעס, געזאגט, אז שפעטער וועט מען קאנטראלירן אלע נאצים, אבער ער האט א קוק געטאן אפן פריילעכן אמעריקאנער און ער האט זיך בארויקט.

אין צוויי טעג ארום איז געקומען פרענצל:

— דאס ליכט פון אמעריקע — דאס איז געטעם שיין. וואשינגטאן און אייזענהאוער האבן אויסגעדריקט דאס אלץ, וואס עס האבן געטרוימט די בעסטע מויכעס פון דייטשלאנד.

גערטא האט אים איבערגעשלאגן:

—וואס וועט איר איצט טאן? אייער „קראפט דורך פרייד" האט מען געווים פארמאכט...

— איך ארדן איין א „ליגע פון קריסטלעכער און דעמאקראטישער סאנירונג". די אמעריקאנער האבן אונדז צוגעזאגט די פולסטע אונטערשטיצונג.

די קליינינטשקע גרעטכען איז געקומען א גליקלעכע: אן אמעריקאנער האט איר געגעבן א געשמאקע צוקערקע. נאר רודי וויל זיך ניט אונטער־

געבן, ער זאָגט: „ווען איך וועל זיין אַ גרויסער, וועלן זיי מיר אָנברעכן די ביינער".

באַנאַכט האָט גערטאַ געפרעגט דעם מאַן:

— גיונטער, ביסט זייער אומגליקלעך?

— אַזוי ווי אַלע... געוויס, איז עס אַ קאַטאַסטראָפע, אָבער איך בין געווען גערעכט — אונדז פערזענלעך האָט עס אָפּגעגליקט. פאַרצווייפלען לוינט ניט. אַ יאָר פינף וועט זיין שווער, היטלער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ שאַרלאַטאַן, ער האָט געמאַכט אַ שלעכטן כעזשבן... אָבער דאָך פאַרשטיי איך ניט, פאַרוואָס האָט זיך שמידט דערשאָסן? מען דאַרף קענען אונטער־וואַרפן זיך די געשעענישן. ווער ווייס, מעגלעך, אַז אין צוואַנציק יאָר אַרום וועט רודי זען, ווי אַזוי דייטשלאַנד וועט זיי צעשמעטערן...

גערטאַ האָט אָנגעהויבן וויינען:

— ווילסט אַז אויך ער זאָל אומקומען, אַזוי ווי יאָהאַן? מעשוגאָים!

גיונטער איז איינגעשלאָפן, צופרידנדיק געמיטלעך. פון הינטער דער וואַנט האָט זיך דערטראָגן אַן אומקלאָר פליסטערן — דאָס האָט אירמאַ פאַרפולקאָמט אירע קענטענישן פון דער ענגלישער שפּראַך. הינטערן פענצ־טער האָבן געשריען אַמעריקאַנער. גערטאַ איז געלעגן און געטראַכט פון דעם, וואָס איז געשען. פאַר מיר איז די מילכאָמע פאַרענדיקט, מען קען אונטערפירן דעם סאַכאַקל. איך בין געווען אַ פרוי פון אַ דאָצענט, עס פלעגט אונדז אופנעמען פּראָפעסאָר באַרהאַרדט. אין פאַריז זיינען מיר גע־ווען באַ אַ באַרימטן געלערנטן. יאָהאַן איז געווען נאַיוו, ער האָט אָבער געקענט דענקען, געשריבן ביכער. און גיונטער איז אַ טויגעניכץ. היינט האַלטן אים די אַמעריקאַנער, מאָרגן וועלן זיי אים אַרויסוואַרפן. די מאַרקן זיינען איצט גאָרניט ווערט, מיר זיינען אָרעמעלייט, עס וועט אויסקומען נייען קליידער אָדער זיצן אין אַ קאַנטאָר. די שטאָט איז כאָרעוו, אויך דאָס גאַנצע לאַנד... ווי גוט עס איז געווען, ווען יאָהאַן פלעג קומען פון פראַנק־רייך! אַלע האָבן אונדז געשעצט. און איצט זיינען מיר ווי פאַרפעסטעטע. איז דען ניט שווידערלעך, וואָס אירמאַ שלאָפט איצט מיטן אַמעריקאַנער? איר ווילי איז דאָך אָפן פראָנט, ער קעמפט דאָך נאָך, אויב ער איז שוין ניט דערהאַרגעט. איך בין אויך גוט — איך שמייכל צום אַמעריקאַנער, איך נעם מאַטאַנעס... יאָהאַנען איז בעסער פון מיר, ער זעט דאָס ניט. ווי האָט גע־זאָגט פרענצל? „שאַרבן־קעסטעלע"... שרעקלעך! עפשער צעגייט איצט אין רוסלאַנד דער שניי און אינמיטן פעלד ליגט אַ שאַרבן. יאָהאַנס ציינער, אויגן־לעכער, אַלץ, וואָס איז פאַרבליבן — פון אים, פון אונדזער גליק, פון דייטשלאַנד...

## XXVI

וועגן ברודערס טויט האָט זיך וואַסיאַ דערוווּסט ווינטער; ער האָט לאַנג ניט געקענט קומען צו זיך פון דאָזיקן קלאַפּ. אין דער יוגנט פלעגט וואַסיאַ איבערן די מאַמען צו סעריאָזשען; ער פלעגט קיינמאָל ניט פאַר־טרויען דעם עלטערן ברודער זיינע פאַרבאָרגענע געדאַנקען; ער האָט מוירע

געהאַט — טאָמער זאָג איך, וועט ער פֿאַרשטיין, אַז איך בין אַ נאַר... שפּעטער פֿלעגן זיי זיך כּאַוועדן, אָבער שטענדיק איז צווישן זיי געווען עפּעס אַ מעהאַלער. וואַסיאַ האָט געליבט סערגייען, אַזוי ווי מען קען ליבן אַ שיינע און אומצוטריטלעכע פֿרוי; ער פֿלעגט זיך זאָגן „דאָס ווייס סערגיי", אָדער „סערגיי וואָלט שוין געוווּסט וואָס צו טאָן", ער האָט גערעדט אַז קינע, מיט אַנטציקונג — געווען שטאָלץ מיטן ברודער. ער האָט זיך ניט געקענט צוגעווינען צום געדאַנק, אַז מען האָט דערהאַרגעט סערגייען. מען וואָלט געקענט דערהאַרגענען מיך, ווי מען האָט דערהאַרגעט אַוואַניעסיאַנען, נעמטראַוון, גרישאַן. אָבער ניט סערגייען.

נינאַ געאָרגיעווּנאַ האָט צוגעשיקט אַזאַ רוּיִקן בריוו, אַזאַ איינגעהאַלטענעם, אַז וואַסיאַ האָט זיך שיר ניט צעוויינט, לייענענדיק אים. ער האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס עס קומט פֿאַר מיט דער מאַמען: זי האָט דאָך געאָטעמט מיט סעריאָזשאַן... נינאַ געאָרגיעווּנאַ האָט געשריבן: „איך שיק דיר אַן אויסשניט פֿון אַ צייטונג, וועגן דעם, ווי אַזוי סעריאָזשאַ איז אומגעקומען. דאָס האָט מיר אָנגעשריבן גענעראַל בעלסקי, אָנגעשריבן פּאַשעט, מענטשלעך. בײַ אים איז אויך אומגעקומען אַ זון. אין דריי און פֿערציקסטן. נאָכדעם האָב איך דערהאַלטן צוויי בריוו פֿון יוגאָסלאַוויע, פֿון צוויי פֿרויען. זיי זאָגן, אַז סעריאָזשאַ האָט געראַטעוועט זייער שטאָט. דערפֿון טראַכט איך די גאַנצע צייט, דאָס האַלט מיך אונטער. עס איז שרעקלעך, וואָס ער איז געשטאָרבן, אָבער איך קען זאָגן, אַז ער איז געשטאָרבן מיט זיין טויט — נאָר אַזוי האָט ער באַדאַרפֿט שטאַרבן. מיט מיר איז וואַליאַ. מיר זעען זיך צו איינע דער אַנדערער, מיר איז לייכטער מיט איר. עס איז איבעריק צו שרייבן דיר, ווי אַזוי זי איז דערשלאָגן, אַ יונגער פֿרוי איז שווער אַזוינס איבערצולעבן, און זי איז געווען שטאַרק איבערגעגעבן סעריאָזשאַן. גוט, וואָס זי האָט עפּעס אַזאַ מין פּערזענלעך לעבן, די קונסט, די בינע, עס וועט איר לייכטער זיין אופֿצוהויבן זיך. שרייב מיר אָפֿט וואַסיענקאַ, איך וועל ניט אויסבאַהאַלטן, אַז איך בין אומרוּיִק, ווען עס איז לאַנג ניטאָ קיין בריוו פֿון דיר. נאַטאַשאַ באַרוּיִקט מיך, זי זאָגט, אַז דו האָסט ניט ליב צו שרייבן, אָבער איך האָב זיך אַביסל אונטערגעגעבן נאָך סעריאָזשאַס טויט. איך ווינטש דיר גליק, און עס זאָל זיך שוין וואָס גיכער אַלץ ענדיקן. איצט איז שוין ניט לאַנג"...

ניטאָ שוין סערגיי, פֿלעגט זיך זאָגן וואַסיאַ מיט ווייטיק און מיט עפּעס אַזאַ כּידעש. מען דערהאַרגעט די בעסטע... דער מאַמען איז זייער שווער. מען דאַרף גיכער ענדיקן; דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט זיך אויסגעפּייניקט, איך ווייס אַפֿילע ניט, ווער מער — מיר אָדער זיי, אין הינטערלאַנד...

ער האָט זיך שנעל באַפֿריינדעט מיט נייע כּאַווירים — מיט די אַרטילעריסטן; ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ניט צופֿעליק האָט אים געצויגן צו דער אַרטילעריע. דעם פּאָלקאָווניק ניקיטין האָט מען געהאַלטן פֿאַר אַ קאַלטן מענטשן. און וואַסיאַ האָט בײַ אַ געלעגנהייט פֿאַרבראַכט מיט אים אַן אָוונט, גערעדט וועגן יענע טאָגן, וואָס זיינען פֿאַראַן אַ סאַך אינעם לעבן פֿון יעדן איינציקן, וועגן פֿריינט, וועגן איינזאַמקייט, וואַסיאַ האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ניקיטין איז אַ ליידנשאַפֿטלעכער מענטש, אָבער זיין ליידנשאַפֿט איז אַ פֿאַר־

באַרגענע, ער קאָנטראָלירט די פינצטערסטע ווינקעלעך פון זיין האַרץ מיטן סייכל. טאַקע דאָס איז געפעלן וואַסיאַן בא די אַרטילעריסטן: דער צוזאַמענבונד פון ליידנשאַפטלעכע געפילן מיט אויסגערעכנטקייט, מיט מאַטעמאַטיק. מיט דער געוווינהייט ניט צו גלויבן האַשאַרעס, אַנדייטונגען, האַרץ־זאָגעכצן. דאַכט זיך, אַז איך בין אויך אַזאַ... און עפשער, ניט. זאָל זיין, עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, וועל איך פרעגן נאַטאַשאַן — זי, פון דער זייט זעט בעסער...

ווען־זשע וועט זיך אַלץ אָנהויבן? (אין האַרצן האָט עס געקלונגען אַנדערש: ווען־זשע וועט זיך אַלץ ענדיקן?).

מעגלעך, אַז זיי זיינען גאַרניט געווען אַזוי לאַנג אין דעם דאָזיקן דייטשישן שטעטל, אָבער וואַסיאַן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי זיינען שוין דאָ אומדערטרעגלעך לאַנג. ער האָט אַפילע אַ טראַכט געטאָן — לויט די פּריצן זע איך, אַז מיר זיינען דאָ אַ גאַנצע אייביקייט, מען מעג ניט אַריינקוקן אין קאַלענדאַר... ער פלעגט יעדן טאָג אָנטרעפן אויף דער גאַס אַ דיקן דייטש אין אַ גרינעם פילצענעם הוט. אין די ערשטע טעג האָט דער דאָזיקער דייטש אַזוי מוירע געהאַט פאַר די רוסן, אַז וואַסיאַ האָט געזאָגט דעם לייטענאַנט שעבויעוון: „זיין סילועט קען מען נאָכצייכענען מיט אַ ציטערדיקער האַנט, זע, ווי כווישעד ער איז — ער טרייסלט זיך". און איצט האָט דער דאָזיקער דייטש געקוקט זיכער, זיינע קאָנטורן זיינען געווען גענוי אָנגעצייכנט, ער פלעגט זיך באַגריסן מיט וואַסיאַן, ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן. ווי לאַנג־זשע קען מען זיך דאָ אַרומדרייען און קוקן אויפן ווייזער: „בערלין 64 קילאָמעטער"?

נאַטאַשאַ איז ניט אָפּגעטראָטן פון וואַסיאַן — ניט דער גייסט, ווי אין די ווייסרוסישע וועלדער, נאָר אַ לעבעדיקע, אַ וואַרעמע: ער האָט געזען ווי זי בלאָזט אויף הייסן טיי, אַרויסשטעלנדיק קאָמיש פאַרויס די ליפּן, ווי זי צייכנט שטויב־אַדערלעך פון געוויקסן, ווי זי גייט איבער דער גאַרקי־גאַס אין אַ קליינעם בלאָען בערעט, די אויגן לאַכן, און די נאָז איז נייגעריק פאַריסן אַרויפצו. ווען־זשע וועט ער זי אַרומנעמען? ער האָט געדולדיק געוואַרט קימאַט פיר יאָר, און איצט האָט עס גענומען אַ סאַך צו זיין געדולד. ער האָט זיך געכאַפּט — אַז ער קוקט יעדע רעגע אויפן זייגער, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט פאַרשפּעטיקן אַ טרעפונג.

און אָט האָט זיך אָנגעהויבן... וואַסיאַ האָט דורכגעלייענט דעם באַפעל. ווען ער איז דערגאַנגען צו די ווערטער: „מיט סטאַלינס נאָמען פאַרויס אויף בערלין", האָט זיין שטים אַ ציטער געטאָן, ער איז געבליבן שטיין און קימאַט פליסטערנדיק פאַרענדיקט „אַ טויט די דייטשישע אָקופּאַנטן!". ער פלעגט פריער אויך ניט איינמאָל זאָגן „אויף בערלין", אָבער דאַן איז דאָס געווען אַ לאָזונג, אַ טרוים, אַ שווּע; איצט איז עס אַ מעלדונג: מיר גייען טאַקע אויף בערלין... וויפל האָט ער עס געוואָרט אויף דער דאָזיקער שעה, גערעדט פון איר מיט איוואַנען, ווען עסעס האָבן זיך געיאָגט נאָך זיי! אין וואַנען האָט מען אָנגעהאַנגען, ער האָט ניט דערלעבט...

דאָס האַרץ האָט זיך איר כראָנאָלאָגיע; און יענער לעצטער שעה פון דער נאַכט (וואַסיאַ האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער — האַלב פינף), ווען עס

האט זיך אנגעהויבן טרייסלען די ערד, ווען עס האט אופגעשיינט דער הימל, האט פאר וואסיאן אופגעהעלט א ליכטיקער זומער־טאג, מינסק, א ווינט, מיט אים גייט נאטאשא, און אף דער ערד ליגט א טויט קינד, ווי א צעבראכענע ליאלקע, און א פרוי וויינט: „פע־עע־טיא!...“

„עס הויבט זיך אן“ — דאס איז געזאגט געווארן אזוי הויך, אז ווייט פון קיוסטרין האט זיך אין איר בערלינער וווינונג אופגעכאפט גילדא, אויסגעריבן די אויגן, און אויסגערופן צו וואלטערן: „גאט, מען באמבארדירט שוין ווידער!“... ריכטער האט איר נאכדעם דערציילט: „מיר זיינען געשטאנען אין קארלסהארסט, אלע האבן זיך פארלארן. לייטענאנט שעמער האט געזאגט: „די רוסן האבן עפעס א געהיימען וואפן“...

דערמאנענדיק דעם ערשטן זומער פון דער מילכאמע, פלעגט פאלקאווניק ניקיטין זאגן: „די דייטשן זיינען געווען זייער שטארק, אבער אויך דאן האבן זיי ניט געהאט קיין גענויעם אפעראציע־פלאן. עס איז געווען א פינקטלעכקייט אינעם דורכפירן קליינע באפעלן. עס איז געווען א פלאן: נעמען מאסקווע און דורכשפאצירן זיך איבער דעם רויטן פלאץ. אבער קיין גענויער פלאן פון אנגריף איז ניט געווען. זיי האבן אימפראוויזירט: וועט זיך באקומען — איז גוט, וועט זיך ניט באקומען — וועלן מיר זיך פארנעמען אף לינקס אדער רעכטס. זיי האבן געשפילט אין קארטן, געהאט גוטע קארטן, אבער דער קאפ האט אין דעם קיין אנטייל ניט גענומען. איצט גרייפן מיר אן, ווי מען שפילט א פארטיע שאך — אן צופעליקייטן. אן אזארט. זאלן זיי איבערזעצן „עפשער“ אף דייטש, בערלין וועלן מיר נעמען, און דעם באוווסטן „עפשער“ וועלן מיר זיי א מאטאנע געבן — ווייל מיר דארפן דאס ניט“...

צום אנגריף האט מען זיך געגרייט לאנג, מעטאדיש. מען פלעגט יעדע נאכט אריבערוואַרפן אפן מערעווודיקן ברעג פון אדער דיוויזיעס, ארטילעריע, טאנקן, אמוניציע. די סאפיארן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען ניט ווייניק סטאלינגראדער, סערגייס כאווירים פלעגן שנעלן אופשטעלן בריקן, וואס זיינען צעשעדיקט געווארן פון באמבעס. אסיפ פלעגט יעדן אוונט שיקן אויסשפירער נאך „א צונג“, אף דער מאפע זיינער זיינען געווען פארנאטירט דייטשישע פאלקן פון בערלין, ווו עס זיינען געווען אנגעמערקט די ווידערשטאנד־קנופן, רעגירונגס־הייזער, פארוואנדלטע אין פעסטונגען, באריקאדן, מינאיעון איז באגייסטערט געווארן: „אט דאס איז פיין! איבערפריצעווען די פריצן“...

גענעראל העלוויץ, וואס האט פון פאראיארן פארנומען פאלקאווניק גאבלערס פלאץ, האט געמאלדן די אפיצירן און זעלנער פון זיין דיוויזיע: „דער פיורער איז איבערצייגט, אז בערלין איז אומצוטריטלעך. מיר האבן דא אנגעזאמלט זייער גרויסע קרעפטן, א סאך טעכניק. מיט די פאוסטפאטרונען זיינען אונדז ניט שרעקלעך די רוסישע טאנקן. די אנפירונג וועט באנוצן קעגן די רויטע „פאו“. אויב די באלשעוויקעס האבן געקענט עטלעכע כאדאשים איינהאלטן סטאלינגראד, האבנדיק הינטער זיך א טייך, וועלן מיר לייכט איינהאלטן בערלין — דעם צענטער פון אלע קאמוניקאציעס אין דייטשלאנד. מיר האבן אלע אביעקטיווע שאנסן פאר א זיג. איך פאדער

פון יעדן פון אייך מאַקריוו זיין זיך". פעלדפעבל ענגעל האָט געזאָגט ריכ־ טערן: „לייטענאַנט שעמער זאָגט אויך, אַז דאָ זיינען אַ סך זעלנער — צוויי הונדערט טויזנט". ריכטער האָט אים אויפמערקזאַם אָנגעקוקט: „מיינסט, אַז מיר וועלן איינהאַלטן בערלין?" ענגעל האָט אַ שמייכל געטאָן. „איך מיין, אַז זיי וועלן איינהאַלטן בערלין. דער לייטענאַנט האָט מיר געזאָגט בעסער, אַז אויב מיר וועלן איינהאַלטן די שטאָט ביז יולי אָדער יוני, וועט זיין אַ סעפּאַראַטער שאָלעם. ער האָט נאָר ניט געוווּסט, מיט וועמען — מיט די רוסן אָדער מיט די אַנגלאָזאַקסן. אָבער ווי אַזוי ווילסטו, אַז מיר זאָלן איינ־ האַלטן בערלין? וואָלט עס געווען אין אָנהויב קריג, איז אַן אַנדער זאַך. עס איז געווען טאַקטלאָז מיצאַד דעם גענעראַל צו דערמאָנען סטאַלינגראַד... נעם מיך — ביז איך דען אַ פעלדפעבל? אין בעסטן פאַל בין איך איצט אַן אַכטל פון אַ פעלדפעבל".

שפּעטער האָט מען גערעדט, אַז אינעם דורכבריים פון דער פיינטלעכער פּאַרטיידיקונג האָבן אָנטייל גענומען צוויי און צוואַנציק טויזנט קאַנאָנען. דאָן האָט וואַסיאַ ניט געטראַכט פון ציפערן; ער האָט נאָר געדעוועט „פייער!" און געזען, אַז קיינער הערט אים ניט — אַזאַ קאַנאָנאַדע איז געשטאַנען אין דער לופט.

מעכטיקע פּראָזשעקטאָרן האָבן דורכגעשניטן די נאַכט; זיי האָבן גע־ בלענדט די דייטשן, און עס איז פון זיי אַלעמען פרייַלעכער געוואָרן — עס האָט זיך געדוכט, אַז עס איז לייכט דורכצוגיין איבערן דאַזיקן העל־באַלויכ־ טענעם וועג. עס איז אָבער געווען שווער דורכצוגיין: די דייטשן האָבן גוט באַפעסטיקט דעם גאַנצן ראַיאָן; עס ווייזט אויס, אַז נאָך לאַנג פאַר דער קאַטאַסטראָפע האָבן זיי פאַרויסגעזען די מעגלעכקייט פון קאַמפן אונטער בערלין.

— פייער! — האָט געשריען וואַסיאַ.

די דייטשן האָבן געשאָסן דירעקט איבער דער באַטעריע. זשבאַנאָוו איז דערהרגעט. די סאַניטאַרן האָבן אַוועקגעטראָגן גרעטשקאָ און לונצן. מען טוישט די רעזערוו־טיילן; מען שלעפּט סנאַריאַדן. אויפן פּאָנעם איז אַ טונקעלער שוויים. די מענטשן הערן ניט, זעען ניט, געדענקען ניט; אָבער זיי הערן אויסגעצייכנט די קאָמאַנדע, זיי זעען דעם סוינעם פייער־פּונקטן, און אַלץ געדענקען זיי. אַפילו אין דעם דאַזיקן גענעם וויים טשערנאָוו, אַז עס וואַרט אויף אים אַ ווייב און גענקאַ, ער טראַכט ניט פון זיי, ער טראַכט איצט ביכלאַל פון גאָרניט — ער איז האַרט, האַרב, אָנגעגליט, ווי די רער פון האַרמאַט; אָבער זיין ווייב מיט גענקאַן זיינען מיט אים, טשערנאָוו וויים אַז זיי זיינען נאָענט, אָט דאָרט, הינטער בערלין... יעדער האָט זיך זיין זי־ קאָרן, זיין בענקשאַפט, זיין ציל: דאָס הונגער־יאָר פון לעגינגראַד, מאַשאַ באָם טויערל, דאָס זויגקינד, וואָס האָט געזויגט דעם פינגער פון אַ צעפּערטל־ טער פרוי אויפן באַרקאָווער טראַקטאָר־זאַוואָד, הונדערט טעג אין סטאַלינ־ גראַד; טויזנט טעג אין גענעם, אַ דיסערטאַציע וועגן אייל־פילטערס, וואָס איז אינמיטן איבערגעריסן געוואָרן, וואַניושאַ, וואָס איז געבאָרן געוואָרן נאָכדעם, ווי מען האָט גערופן אין דער אַרמיי. פרויען, שטעט, טייכן, דאָס היימלאַנד. וואַסיאַ שרייט „פייער", און צווישן רויך און פלאַם, אין גראַ־

ראָזן באַגינען (ווי מען וואָלט צום נעפּל צוגעמישט בלוט) שטייט פאַר אים נאַטאַשאַ, אַ ליבע, אַ קורנאַסע...

איך האָב פאַרט נאַריש געהאַנדלט, וואָס איך בין געקומען צופאָרן קיין בערלין, האָט אַ טראַכט געטאָן הילדאַ. קורט איז געווען גערעכט, ווען ער פלעגט מיך רופן „אַ קאַץ אין מערץ". איך בין געקומען אין פעברואַר... פאַרוואָס? געוויס, ניט דערפאַר, וואָס איך האָב זיך צעקריגט מיט יאָהאַנאַן. וואָס גייט זי מיר אָן? איך בין געקומען דערפאַר, ווייל דאָ איז וואָלטער, ווי קען מען זיך עס פאַרליבן אין אַזאַ קלאָץ? צוליב אים בין איך געקומען, מען באָמבאַרדירט יעדע נאַכט, און ער וויל מיך אפילו ניט באַרויִקן... הילדאַ האָט זיך צוגעדריקט צו וואָלטערן. ער האָט געמורמלט: „ס'איז נאָך פרי... איך וויל שלאָפן...".

אַכט אַזייגער איז וואָלטער אַוועק אַרבעטן. הילדאַ איז געשטאַנען לעבן טויער. פרויען האָבן געפּרוּווט טרעפן — וואָס האָט עס פּאַסירט באַנאַכט? פרוי מילער (איר מאַן איז אין פּעוועאַ) האָט געזאָגט: „דאָס איז אונדזער אַרטילעריע אַפן אָדער. די רוסן האָבן זיך געפּרוּווט דורכרייסן, אָבער האַנס האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן קיינמאָל ניט אַדורך". צו הילדאַן איז צוגעקומען דער פּופּצן־יאַריקער פּאָול וויק, דער זון פון דער הויז־באַלעבאָסטע; עס האָבן באַ אים געשטאַרצט די אויערן, און די קראַנקע אויגן האָבן געהאַט אַרום סיניאַקעס. דאָס איז געווען אַף פּינצטערע טרעפּ. ער האָט געזאָגט: „איך גיי אַפן פראָנט, הילדאַ, איר וועט מיר אַ קוש טאָן?". זי האָט אים אַ קוש געטאָן אין באַק. ער האָט פאַרוואָרפן איר קאָפּ און אַ קוש געטאָן אין די ליפּן: „דער טייוול זאָל דאָס נעמען, בין איך איצט אַ זעלנער, אָדער ניט קיין זעלנער!..." ווען ער איז אַוועק, איז הילדאַ געוואָרן אומרויִק: אויב מען שיקט שוין אַפן פראָנט אַזעלכע, הייסט עס, אַז עס איז זייער שלעכט... זי האָט געקויפט די „מאָרגנפּאָסט"; זי האָט קיינמאָל ניט געלייענט קיין צייטונגען און דערפאַר האָט זי לאַנג געזוכט, וווּ עס איז אָנגעשריבן דאָס סאַמע וויכטיקסטע. אָבער אין צייטונג איז גאָרניט געווען וועגן דער רוסישער אָפענסיווע. מען האָט געשריבן, אַז די דייטשן אַטאַקירן מיט דערפאָלג אין ראַיאָן פון דער עלבע. הילדאַ האָט דערזען אַן אַרטיקל „גוואַלדטאַטן פון די רויטע"; זי האָט ניט פאַרענדיקט לייענען — צו שרעקלעך... קורט פלעגט דערציילן, אַז די רוסן זייגען אַזיאַטן, אַ קו שלאָפט אין שטוב, ניטאָ קיין אָנשטענדיקער טואַלעט. אונדזערע פלעגן זיך איזדיעקעווען איבער דער באַפעלקערונג. קורט האָט דערציילט — זיי פלעגן אופהענגען פרויען. זיי האָבן דערצאָרנט די רוסן, זיינען איצט רוסן געקומען אַהער...

הילדאַ האָט זיך געזאָגט: איך בין ניט קיין שרעקעדיקע, איך בין געוווינט צו באָמבאַרדירונגען. אַלץ איז אַפן פּלאַץ — די כורוועס, די גאַנץ־געבליבענע הייזער מיט בלומען אַף די באַלקאָנען, די געשעפטן, די טראַמווייען. אַף די ווענט פּלאַקאַטן: „אַ זיג אָדער אַ באָלשעוויסטישער כאַאָס". פאַרוואָס־זשע פיל איך אַזאַ שרעק?... זי האָט באַשלאָסן קויפן אַ שאַכטל פודער. די באַלעבאָסטע פון געשעפט האָט איר פּינקטלעך פאַרפּאַקט דאָס שאַכטל, געגעבן אַ רעשט און צעוויינט זיך: „איך האָב געוואָלט אַוועקפאָרן

קיין מאַגדעבורג, האָט זיך די מאַשין צעבראָכן". הילדאַ האָט אַ טראַכט געטאָן: עפּשער אומקערן זיך צו יאָהאַנאַן?

אַפּן וואָקזאַל זײַנען געזעסן אָדער געלעגן פּליטים — ס'איז געווען שווער דורכצוגיין. עמיצער האָט געיאָמערט: „צוגעגאַנוועט אַ טשעמאָדאַן..." אַ פרוי האָט געוויינט: „מיר זײַנען קוים אַרויס פון שטעטין, דאָרט זײַנען שוין די רוסן"... דער באַן־באַאַמטער האָט פאַרכידעשט אָנגעקוקט הילדאַן און געזאָגט: „איר זײַט באַם זינען? ווי אַזוי ווילט איר אַהינפאָרן? דאָרט זײַנען די אַמעריקאַנער"...

הילדאַ איז אַוועק צוריק. אַף דער וואַנט פון איר הויז האָט אַ יינגל פון „פאָלקסשטורעם" זאָרגפעליק געשריבן: „בערלין בלײַבט דײַטשיש". עס איז געקומען וואַלטער. הילדאַ האָט אים אַרומגענומען: „גאָט, וואָס קומסט דאָ פאָר? איך האָב אַזוי געציטערט צוליב דיר"... ער האָט געזאָגט: „לאָז מיר אָפּעסן. און ביכלאַל איז איצט ניט קיין צײַט פאַר צערטלעכקייטן". זי איז געוואָרן אופגעבראַכט: „איך בין אַן אָנשטענדיקע פרוי, איך האָב אַ מאַן, ווי אַזוי וואַגסטו אַזוי צו מיר ריידן? איך שטעל אײַן צוליב דיר דאָס לעבן. איך האָב איצט געקענט זײַן באַ יאָהאַנאַן, דאָרט זײַנען די אַמעריקאַנער. גראַבע כאַיע!" זי האָט געגרייט אַן אָמלעט פון אייער־פּולווער, און טרערן זײַנען געראָנען אַף דער סקאָוואָראָדע.

מיט שוועריקייטן האָט זיך מאַיאָר מינאַיעוום פּאָלק גערוקט צו די מיזרעכדיקע בערלינער פאָרשטעט. די דײַטשישע פאָרטיפיקאַציעס זײַנען געווען גלענצנד אײַנגעאָרדנט. דער ווידערשטאַנד האָט אויסגעזען ווי מאַלאַריע; עס האָט זיך געהויבן, געפאַלן, ווידער געהויבן. די דײַטשן פלעגן זיך אָדער ווילד פאַרטיידיקן, האַלטן זיך אין קליינע הינטערשטאַטישע הײַזקעס, איבערגיין אין קאָנטראַטאַקעס, אָדער פליען אַף מיִרעוו, ווי האַרבסט־בלעטער, געטראָגן פון ווינט. מינאַיעוו האָט זיך געבייזערט: מען קען זיך ניט אָנשטויסן, וואָס פאַראַ סורפּריז זיי וועלן צוטראָגן אין אַ שאַ אַרום... באַזונדער שווער איז געווען מיטן אַ בערגל. מינאַיעוון האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס אַלץ איז שוין געווען — סיי דאָס ברענענדיקע הויז אַף רעכטס, סיי דער טויטער קערפּער פון אַ יונגן סאַפּיאָר אינעם שפּינוועבס פון דראָט, סיי דער געדיכטער, שטיקנדיקער רויך. פּונקט אַזוי, ווי אין דאָנער סטעפּ אָדער דערנאָך אין טשערנאָביל, שיבאַנאָוו האָט געבעטן „צוואָרפּן", און גענעראַל לוטשיצקי האָט געשריען אין טעלעפאָן „וואָס זײַט איר אָפּגעשטאַנען?" און אַזוי אויך די דײַטשן, בעיים אַלע האָבן געמיינט, אַז זיי זײַנען שוין מער ניטאָ, פלעגן זיי עפענען אַ קוילנוואָרפער־פײַער, און פּלוצלינג אין סאַמע ווײַכטיקסטן מאָמענט, פלעגט אָנטשוויגן ווערן קאָזשעוויניקאָווס באַטעריע. מען פלעגט ריידן פון קילאָמעטערס, און די דאָזיקע דרײַ זײַנען גלײַך צו הונדערטער... די גאַנצע נאַכט האָט אָנגעהאַלטן די שלאַכט, און ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט מינאַיעוו דערזען פונעם שפּיץ בערגל אַ גראָע טרויעריקע ווײַטקייט; דער נעפּל האָט זיך, אויסמישנדיק מיטן רויך, ניט געוואָלט אונטערגעבן דער זון.

שוין צוויי מעס־לעס, ווי גענעראַל לוטשיצקי האָט זיך ניט צוגעלייגט. האָט ער זיך איצט צוגעשפּאַרט אַף זײַער אַ קורצן דיוואַן, אונטערבויגנדיק

די לאַנגע פּיס. איצט האָט מען געלאָזט פאַרויס קאַשקינען. גוט, וואָס עס האָבן זיך געלאָזט די טאַנקען, די פּריצן האָבן ווייט ניט אַלץ געמינעוועט, און די סאַפּיאָרן זיינען בראַווע יאַטן. מען קען נאָך אַ שאָ צייט כאַפּן אַ שלאָף. עס האָט זיך אָבער ניט געשלאָפן. אָט איז שוין אויך בערלין... ער האָט דערפון ניט געטראַכט, אָבער דאָס איז געווען אין אים, ווי זיין גאַנצער פאַרגאַנגענער לעבן, ווי מאָסקווע, ווי זשעניעס גוטע אויגן, ארומגענומען מיט דינע קנייטשעלעך. מיט אַכט יאָר צוריק איז לוטשיצקי (דאַן איז ער געווען אַ באַשיידענער קאָמבאַט) געגאַנגען איבער אַן אָנגעגליטער גאַס אין מאַדריד. ער איז געפאָרן אַלס פרייוויליקער קיין שפּאַניע, ער האָט זיך געזאָגט: עס איז געלונגען, אַלע רייסן זיך אַהין... ער האָט געוווּסט, אַז די פאַשיסטן זיינען „די סאָנים פון פּראָגרעס"; ער האָט עס געוווּסט פון די ביכער, פון צייטונגען. און אָף דער שמאָלער, שמוציקער געסל פונעם קוואַרטאַל קואַטראָ קאַמינאָס האָבן זיך געשפּילט קינדער. וויפל קינדערלעך עס זיינען דאָ אין שפּאַניע, האָט ער אַ טראַכט געטאָן (דאָס איז געווען צומאָרגנס נאָך זיין אָנקומען). פּלוצלינג האָט אַ קנאַל געטאָן. און לוטשיצקי האָט דערזען, ווי אַפן ראַנד פון ברוק איז גערונען אַ דינער שטראָמעלע בלוט. פון דאַן אָן האָט ער אַ סאַך געזען, אָבער ער האָט ניט פאַרגעסן יענעם גליענדיקן טאָג. דעם צוויי און צוואַנציקסטן יוני איז ער געווען אין בריסק. אַ פרוי אין אַ צעריסענעם קלייד מיט אַ קינד אָף די הענט האָט געשריען: „ראַטעוועט!" ער האָט זי אַריינגענומען אין דער מאַשין. דאָס קינד איז געווען טויט. לוטשיצקי איז אָפּגעטראָטן פון אַסקאַל ביז וואָראָניעזש. אין וואָראָניעזש האָט מען דערהאַרגעט זיין עלטסטן זון, אַ סטודענט פון ערשטן קורס. די אונטערגעאָרדנטע זיינע פלעגן זאָגן: „אַ גוטער קאָמאַנדיר, נאָר טרוקן". און אין דער ברוסט זיינער איז געווען אַ וווּנד, און זי האָט זיך ניט געהיילט. איצט האָט ער פאַרמאַכט די אויגן און געשמייכלט: בערלין!...

מינאַיעוו האָט זיך אַריינגעלאָזט אין טרוימען: פון די קינדעריאָרן נאָך האָט ער ליב געהאַט בעז. עס זיינען פאַראַן בלומען ווי בלומען, אָבער אין בעז איז עפּעס דאָ אויסערגעוויינלעכס. עפּשער דערפאַר, ווייל בעז בליט אין פרילינג און מיט אים זיינען פאַרבונדן יענע טרוימען, וואָס קומען אַן אַפן מענטש, ווען די שטילקייט און געמעסיקייט פון צאַפּנדיקן ווינטער לייזט זיך אויף אין אַ געקנאַל, אין פּייפן פון לאָקאָמאָטיוון, אין מיידלשן געלעכטער, אינעם פאַרלאַנג עמיצן ליב באַקומען, אָדער אָוועקפאָרן ערגעץ ווו ווייטער, קורץ „אָט איז אַ פּינפטל" האָט מינאַיעוו געזאָגט אַליאָן, יענע האָט אַ שמייכל געטאָן און אַראָפּגעשלונגען דאָס קליין בלימעלע. „מעגסט זיין רויִק — אויך אין דעם וועט זיין גליק"... מיט מינכבערג האָבן מיר פאַרענדיקט, הייסט עס, „נאָך בערלין", ווי עס דריקן זיך אויס די פיינע פּריצן.

געמיטיקט האָט מען אין אַ ווילע; געגעסן קאָנסערוון אין טעלער פון זאַקסישן פאַרצעליי, געטרונקען טיי פון קרישטאָלענע גלעזער. דער פאַרטרעטער איבער דער פּאָליט־אָפּטיילונג טערעשקאָוויטש האָט געזאָגט: „אינטערעסאַנט, וועמעס הויז איז עס? אָוואָדע אַ באַנקירס. און איצט זיצט דאָ פּיאָטר טערעשקאָוויטש, אַ זון פון אַ דוירעסדיקן יאַראָסלאַווער סטאַ־

ליער"... נאָכדעם האָט ער זיך פאַרטראַכט און געזאָגט מינאַיעוון: „ווי אַזוי ביסטו דאָס ניט געווען אין יאַראָסלאַוו? די שענסטע שטאָט... נאָר דער בולוואַר איבער דער וואָלגע וויפל איז ווערט. ווינסט אין מאָסקווע, מען קען זאָגן דערבײַ, און ניט אַ קוק געטאָן. דאָס איז אַביסל שענער פון... ער האָט זיך פאַרהאַקט: „מינכאַוזן?"... נו, זאָל זײַן מינכאַוזן... וועסט זיך באַקענען מיט טאַניען, אַ וויסנשאַפטלערן — מאַרקסיזם־לענעניזם, און ביכלאַל איז זי אַ טײַערע. מאַיעטשקאַ איז פיר יאָר אַלט. איך האָב זי ניט געזען פון אָנהייב מילכאָמע, זי איז געבאָרן געוואָרן אין מײַ כוידעש פאָר... טאַניאַ האָט דאָן פאַרזיכערט, אַז זי שמייכלט שוין, אָבער זי האָט, וואָס אָן עמעס, געבלאָזן פּענכערלעך... קום אומבאַדינגט צופאָרן, ס'איז נאַריש — אַרומגעגאַנגען אַ האַלב אייראָפּע, און דו האָסט נאָך יאַראָסלאַוו ניט געזען. איצט וועט זיך שוין שנעל פאַרענדיקן די דאָזיקע מוזיק"... אַלגאַ איז אופגעשפּרונגען: „דער גענעראַל פרעגט זיך אָף דיר". לוטשיצקי האָט געזאָגט: „די טאַנקען זײַנען אַוועק פאָרויס. איר קענט גײַן. די בערלינער וואַרטן שוין און קענען זיך ניט דערוואַרטן"... מינאַיעוו האָט דערפילט, ווי דער האַרבער גענעראַל שמייכלט אין טעלעפאָן־טרייבל, און ער האָט געענטפערט: „עס וועט ווערן אויסגעפירט, כאַווער גענעראַל. און די בערלינער מעגן צוּוואַרטן אַ טאָג־צוויי, מיר האָבן דאָך פיר יאָר געוואַרט"...

אַ סנאַריאַד האָט אופגעריסן ניט ווייט פון הויז, ווו עס האָט געוווינט הילדאַ. עס האָט אַ קלונג געטאָן גלאָז אָף דער קיך. הילדאַ האָט באַקומען אַ היסטערישן אָנפאַל. זי האָט ניט מוירע געהאַט פאַר באָמבאַרדירונגען, די שכיינים און וואַלטער פלעגן באַוווּנדערן איר מוט. ווען זי איז צוריקגעקומען קיין בערלין, האָט זי געוווּסט אָף וואָס זי גייט, אָבער איצט האָבן די נערוון ניט אויסגעהאַלטן. זי האָט אַרויסגעקוקט אין פענצטער, און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עס קאָלערן זיך אין דער פינצטער רוסישע טאַנקען. באַלד וועלן זיך די באָלשעוויקעס אַרײַנרײַסן אין הויז. גוט, אויב זיי וועלן אַרײַנוואַרפן אַ גראַנאַט, זיי קענען אָבער אָנהייבן פּײַניקן... זי האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז וואַסער, פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ, אַ קוק געטאָן אין שפּיגעלע. וואַלטער איז אַ נאַר. געוויס, זע איך שלעכט אויס, ס'איז גאָרניט קיין וווּנדער נאָך אַזעלכע נעכט, אָבער דאָך בין איך נאָך ניט מיעס... זי האָט זיך דערמאָנט, ווי דאָס יינגל פּאָול וויק איז געקומען צולויפן אין אוונט און געזאָגט פאַרשמײַעט: „מען האָט מיר געגעבן אַ „פּאַוסט פּאַטראָן", אַ שווערן, אָבער עס מאַכט ניט — איך האַלט אים, איך וועל קיין איין טאַנק ניט דורכלאָזן. הילדאַ, גיט מיר אַ קוש ווי אַ מאַן". זי האָט אים אַ קוש געטאָן, און ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן.

צומאָרגנס האָט מען הילדאַן געצוווּנגען שלעפּן זעק מיט זאַמד. זי איז געווען אויסער זיך: אַ יונגע פרוי קען דאָס ניט טאָן, עס וועט זיך באַ איר אינעווייניק אַלץ אָפּרײַסן... עמיצער האָט געזונגען אַ זעלנעריש ליד:

„האָסט פרי דערוואַכט, דו מאָרגן־רויט,
אַ וווּנד אין ברוסט — דאָס גלאַנצט דער טויט"...

הילדאַ האָט אַ טראַכט געטאָן: און טאָמער האָט מען קורטן דערהאַרגעט? דאָס קען ניט זײַן! איך האָב זייער ליב קורטן, מער פון אַלעמען. דאָס

איז די עמעסדיקסטע, אַזויפֿיל יאָרן בין איך אים געווען געטריי... איך דאַרף אים העלפֿן, אויב די דאָזיקע זעק וועלן אים ראַטעווען, בין איך מסכים. אונטערייסן זיך. זי האָט זיך דערמאָנט די שול־כרעסטאָמאַטיע: אונדזער ריין, דייטשלאַנד, אַלטע דעמבע, פֿרידריכס גרענאַדירן. לעבן איר האָט געאַרבעט אַ באַיאָרנטער מענטש מיט וויאָלעטע אָדערלעך אויפֿן פּנים און מיט קורצע גראָע וואָנצעס. ער האָט די גאַנצע צייט געמורמלט: „איך האָב אישיאַס. איך בין צוויי און זעכציק יאָר אַלט. איך קען ניט הייבן קיין מאַסעס, זאָלן די דאָזיקע שנעקעס אַליין אויסזשליאָקען"... אויפֿן עק בוראַפּעסטערשטראַסע און קעניגרעטצערשטראַסע האָט אויפֿגעריסן אַ סנאַריאַד. הילדאַ איז אַנידערגעפֿאַלן און צעשפּרייט די הענט, ווי זי וואָלט געשווומען. ווען זי איז אויפֿגעשטאַנען, האָט דער מענטש מיטן אישיאַס געווישט מיט אַ טיכל די הויזן, נאָכדעם דאָס פּנים און געזאָגט: „מיר האָבן זיך דערשפּילט! איך פֿרעג איך, מאַדאַם, ווער דאַרף די דאָזיקע באַריקאַדן? אויב מען האָט די רוסן ניט פֿאַרהאַלטן אויפֿן אָדער, פֿאַרוואָס וועט מען זיי פֿאַרהאַלטן אויף דער דאָזיקער גאַס? און ווער וועט זיי פֿאַרהאַלטן? די שנעקעס פֿון „פֿאָלקס־שטורעם"? איך? זאָל געבעלס שלעפּן זעק, ער האָט זיך דאָס פֿאַרדינט"... הילדאַ האָט אַ טראַכט געטאָן: אַלע האָבן באַקומען לאַשן. געוויס, איז ער גערעכט. וואַלטער וויל ניט פֿאַרשטיין, אָבער ער איז טעמפּ און כּוצדעם דינט ער אין פּאָליציי־אַמט, האָט ער מורא צו ריידן. אין פֿערציקסטן האָב איך נאָך געזאָגט קורטן, אַז דאָס וועט זיך שלעכט פֿאַרענדיקן. צו וואָס האָט מען באַדאַרפֿט נעמען פּאַריז, ווען אַפֿילו איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז מען וועט עס מוזן צוריקגעבן? און וויפֿל מענטשן זיינען אומגעקומען? צו וואָס האָט מען געדאַרפֿט קריכן קיין רוסלאַנד? נאָך פֿאַר דער מלחמה האָט קורט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ שרעקלעך לאַנד — וועלדער און באָלשעוויקעס. וואָס פֿאַראַ גוטס האָבן זיי דאָרט געפֿונען? גענעכטיקט אין איין צימער מיט אַ קו... און די רוסן זיינען איצט געקומען אַהער, מען וועט מיך דערהאַרגענען, און איך ווייס ניט פֿאַרוואָס... איך קען נאָך עמיצן געפֿעלן. אויך קורט וועט צוריקקומען... צו וואָס שטאַרבן פֿאַר עפּעס משוגאַים? קורט האָט פֿאַר דער מלחמה פֿאַרזיכערט, אַז אַלץ וועט זיך באַגיין, ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, דערפֿאַר ווייל „מיר — זיינען אַ שטורעם". ווייס איך וואָס, איך בין ניט קיין שטורעם, איך בין אַ פּאַשעטע פֿרוי, איך וויל רו... זי האָט געשלעפּט די זעק, און פֿון די אויגן האָבן גערונען טרערן.

וואַלטער איז ניט געקומען; אומזיסט האָט זי געוואַרט אויף אים אַ גאַנצע נאַכט. אינדערפֿרי איז זי אַוועק אין פּאָליציי־אַמט. מען האָט איר געזאָגט, אַז וואַלטער באַשיצט דעם שלעזישן וואָקזאַל; אָבער מען קען אַהין ניט צוקומען — מען שיסט. זי האָט זיך פֿאַרט דערקליבן, עס איז אויסגעקומען עטלעכע מאָל צו קריכן אויף אַלע פֿיר. זי האָט געזאָגט וואַלטערן: „איך האָב דיר געבראַכט פּוטערברויטן, שאָקאָלאַד — ניט באַוויזן אָפּצושיקן קורטן — און אָדעקאָלאָן. צו וואָס ביסטו דאָ? דאָס איז אָן אומזין"... זי האָט זיך אופֿגעהויבן אויף די שפּיץ־פֿינגער און אים אַ קוש געטאָן. ער האָט זיך אויסגעווידלט: „צוויג! פֿאַרשטייסטו, וואָס עס קומט פֿאָר?..." נאָכדעם האָט ער זיך באַטראַכט: „דאָס זיינען נערוון, גיי שנעל אַוועק פֿונדאַנען"... און ווען

זי איז אוועק, האט ער זיך נאכאמאל אויסגעזידלט. אט פאר אזעלכע נעקייוועם דארפן מיר שטארבן!... צוויי מאל האבן זיך שוין באוויזן רוסישע טאנקען אף פראנקפורטעראל. מען האט אף זיי געשאסן פון זעניטקעס. וואלטער האט געטראכט: זאל מען דערהארגענען אדער אפלאזן, עס זאל זיך נאגיכער ענדיקן. איך קען מער ניט ווארטן...

צווישן עקיפאזש פונעם טאנק, וואס איז געגאנגען דער ערשטער פון ליכטענבערג צום שלעזישן וואקזאל איז געווען דער יינגערער לייטענאנט מישא זאלאטארענקא, וואס האט, אליין ניט וויסנדיק דערפון, דערציילט וואליאן דעם שוידערלעכן עמעס וועגן גוירל פון איר טאטן. זאלאטארענקא האט זיך דאן לאנג פארגעווארפן: ווי אזוי האט עס מיך אנגעטראגן?... האגאם זינא און די אנדערע מיידלעך פון „פיקוויקער קלוב" האבן אים אמאל געהאלטן פאר א גרוביאן, האט ער אבער פארמאגט א צארט הארץ. ער פלעגט מאכן אזא איינדרוק, ווייל ער איז געווען שעמעוודיק; אים האט זיך געוואלט אויסבאהאלטן זיינע ברייטע הענט און דערפאר פלעגט ער פאכען מיט זיי; שעמענדיק זיך צו דערציילן עפעס פון זיך, פלעגט ער שנעל און אפן קאל דערציילן וועגן לעצטן פוטבאל־פארמעסט אדער וועגן א נייער אויטאמאבילמארקע. זינא האט אים אמאל אפגעשטויסן, אבער ער האט זי ניט פארגעסן. ווען ער האט זיך דערוווּסט פון איר אומקום, האט ער געהאט אזא געפיל, ווי פון זיין לעבן וואלט אוועק דאס ליכטיקסטע און נויטווענדיקסטע; און ער האט זי צוויי יאר פאר דער מילכאמע ניט געזען. איצט איז אין דער קעשענע פון זיין גימנאסטיארקע געווען זינאס א בילד און אן אויסשניט פון א צייטונג, וואס ער האט באוויזן וואליאן. ער האט א טראכט געטאן, און אט איז אויך זינא געקומען קיין בערלין... אן נייגעריקייט האט ער געקוקט אף די טונקעלע איינארטיקע הייזער. פון אלץ האט אים דא געעקלט, פון אלץ, כוץ פון איין זאך — מיר זיינען דערגאנגען!... דאס איז שוין די פינפטע מאשין... צוויי מאל איז זאלאטארענקא געווען פארוווּנדעט — אין קובאן און הינטער כארקאוו... אין מאשין איז געווען זייער הייס. זאלאטארענקא האט א קוק געטאן אף קרוגליקאוון — ווי פון אונטער א שפריץ — עס רינט... ער האט דערפילט א שטארקן שטויס, געוואלט א געשריי טאן, אבער ניט געשריען. נאכדעם האט מען פון דער מאשין ארויסגעטראגן מישאס קערפער. די כאוויירים האבן אנגעכמורעט געשוויגן, קיינער האט גאר ניט גערעדט, אלע האבן געטראכט דאס זעלבע: פינף מינוט פארן סאף...

און די טאנקען האבן זיך געטראגן פארויס. פאר זיי איז געווען אופגעשטעלט א באריקאדע: א געלער וואגן פון א טראמוויי מיטן ציפער 69, אנגעווארפענע איבערגעקערטע מאשינעס. הינטער דער באריקאדע איז געלעגן וואלטער. ווען די טאנקען זיינען שוין געווען גאר נאענט האט ער פלוצלינג איבערגעלאזט זיין פאוסט־פאטראן און געלאזט זיך קריכן צום טראטואר. ער האט געטראכט: וואס פארא ברייטע גאס, איך וועל ניט דערקריכן... ער איז דערקראכן, ארייַן אין טויער און שנעל ארויף אפן אויבערשטן שטאק. דאס הארץ האט שטארק געקלאפט: פון די טרעפ און פון שרעק. לעב איך טאקע?... ער האט אראפגעריסן זיין ארעם־באנד פון „פאלקסשטורעם". גענוג

נאַרישקייטן! זאָל זיך דער פיורער שפּילן אין אַזעלכע שפּילן. איך בין אַ פּאַשעטער מענטש, איך וויל לעבן.

לעבן שלעזישן וואָקזאַל האָבן זיך אין בלאָק פון די אַרבעט־הייזער פאַרקליבן עסעס. וואַסיאַ האָט באַפוילן עפענען אַ פייער. עפּעס אַ זאַקן איז צוגעקראָכן צו די רוסן; מישנדיק פּוילישע מיט דייטשישע ווערטער, האָט ער געזאָגט: „אום גאָטעס ווילן!... דאָרט זיינען פרויען, קינדער...״ וואַסיאַ האָט באַפוילן אָפּשטעלן דאָס פייער: „מיר גיבן צען מינוט דער ציווילער באַפעלקערונג — זאָלן זיי אַרויסגיין״... פון די הייזער האָבן אָנגעהויבן אַרויסלויפן מענטשן, מען האָט געשלעפּט קינדער, פּעק, טשעמאָדאַנעס. „אַט טייוולאָנים״, — האָט ביין געזאָגט דער יִנגערער לייטענאַנט גאַרבאַטענקאָוו — ער האָט ראַכמאָנעס געקראָגן אַף די קינדער. אָבער די עסעס האָבן ווייטער באַגאַסן מיט אַ קוילנוואַרפער־פייער דעם פּלאַץ און צוויי גאַסן; איצט האָבן זיי געשאָסן אין די מענטשן, וואָס זיינען געלאָפן פון די הייזער. נאָכדעם האָט וואַסיאַ געגעבן אַ באַפעל: „פייער!״.

גענעראַל לוטשיצקי האָט געזאָגט מינאַיעוון: „נעכטן אין אָוונט האָט מען איבערגעגעבן אַ באַפעל וועגן אַרומרינגלען בערלין. עס איז פאַרבליבן נאָר דער צענטער...״ ער האָט זיך פאַרטראַכט און געזאָגט: „די אָפּעראַציע האָט מען דורכגעפירט גוט. און דער פּלאַן... וואָס איז דאָ צו ריידן — די זעלבע האַנט, וואָס אין סטאַלינגראַד...

קרילאָוו איז געווען אַפן רומעלסבורגער וואָקזאַל. דער האַמוין האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו די צוגן. די מער דרייסטע האָבן געהאַקט מיט די העק די ווענטלעך פון די וואַגאָנען, געשלעפּט קאָנסערוון, צוקער, טאַבאַק, זעק מיט אַרבעס. קינדער האָבן געשאָטן מעלצוקער אין פאַרטעכלעך, אָנגענומען האָניק אין די היטלעך. דמיטרי אַלעקסייעוויטש האָט געזאָגט דער מעדשוועסטער שעוועלעוואַ: „קוקט זיי נאָר אָן! האָבן זיך צעיושעט, פאַרגעסן, אַז זיי זיינען בײַ זיך אין בערלין. האָבן נאָך געזאָגט, אַז זיי זיינען אָנשטענדיקע, נאָר בײַ אונדז זיינען זיי געוואָרן זשוליקעס. גיט נאָר אַ קוק — צעקוועטשט אַ קינד״... קרילאָוו האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום האַמוין: „שטייט! איך וועל שיסן. אויסוואָרפן, איר האָט ניט קיין ראַכמאָנעס אַף אייערע אייגענע קינדער״... ער האָט אויפגעהויבן אַ מיידעלע פון אַ יאָר זיבן אָדער אַכט: „טראָגט איר אַוועק צו אונדז... איבערגעבראָכן אַ האַנט״...

גענעראַל העלוויץ איז געזעסן אין אַ קעלער פון אַ פינף־שטאָקיקן הויז. דער אַדיוטאַנט האָט געמאָלדן: „די רוסן זיינען אַף קייזער־ווילהעלמשטראַסע״. דער גענעראַל האָט ניט געענטפערט. ער איז אַ דיוויזיע־קאָמאַנדיר, ער האָט געקעמפט אַזוי לאַנג, ווי מען האָט געקענט קעמפן, אָבער דאָס איז ניט קיין מילכאָמע, דאָס איז מעשוגאַס. איך ווייס ניט, וואָס טראַכטן זיי אין שטאַב? עפּשער קאָמאַנדירט איצט ניט קייטעל, נאָר עפּעס אַן אַמאַרעץ ווי געבעלס אָדער ווי דער פיורער אַליין? דער דאָזיקער מעשוגענער האָט אומגעבראַכט די בעסטע אַרמיי אין דער וועלט... גענעראַל העלוויץ האָט זיך דערמאָנט זיין פאַרגייער דעם פּאָלקאָווניק נאַבלער. ער האָט אים געקענט פון דער ערשטער יוגנט: זיי האָבן ביידע געלערנט די מיליטערישע קונסט. דאַן האָט גענעראַל העלוויץ געזאָגט: „עס איז מיר אים אַ שאַד — דאָס איז

א גוטער קאמאנדיר, אבער ער האט פארדינט די שטראף — מיר האבן ניט קיין רעכט מישן זיך אין פאליטיק". דערמאנענדיק זיך איצט די דאזיקע ווערטער, האט דער גענעראל א לאך געטאן: די נאצים האבן זיך נאר געמישט אין די מיליטערישע אפעראציעס. די פארשווערער זיינען געווען גערעכט. א שאד, וואס שאופענבערג האט ניט געטראפן... אין זומער פיר און פערציקסטן האבן מיר געקענט אויסדינגען א קוויט־שאלעם. און איצט האט מען אונדז געשטעלט אף די קני. מיט אזעלכע מענטשן, ווי גענעראל־פאלקאווניק בעק אדער פאן שולענבערג, וואלטן זיך די אליאירטע אוודע צונויפגערעדט... דער אדיוטאנט האט געזאגט: „הער גענעראל, מאיאר ראם פרעגט זיך אן, ווען ער וועט באקומען אמוניציע, עס גייט שוין אוים בא אים, ער האלט די קווארדאטן איין און פערציק, צוויי און פערציק..." גענעראל העלוויץ האט א טראכט געטאן: דער דאזיקער מאיאר ראם וועט זייער גיך באקומען א קויל — אין ברוסט אדער אין הינטן — איך ווייס ניט, וואס פארא טעמפעראמענט עס איז בא אים... ער האט געריצט געענטפערט דעם אדיוטאנט: „גיט מיר בעסער א גלאז וואסער און די רעפוע — זי ליגט אין קעשענע פון שינעל".

ריכטער האט א טראכט געטאן: היינט איז, דאכט זיך, דער ניין און צוואנציקסטער, הייסט עס שוין א וואך... פונדאנעץ ביז מיין שטוב איז ניט מער פון צוויי קילאמעטער. און געווען בין איך אונטער מאסקווע... ניטא וואס צו ריידן, א טריומפאלער צוריקער! לייטענאנט שעמער פאדערט, אז מיר זאלן פארטיידיקן „דאס הארץ פון בערלין". אבער ווער איז אינעם דאזיקן הארץ? עפשער, דער פיורער? אבער פארוואס דארף איך אים פארטיידיקן? ער האט איבערגעקערט מיין לעבן. ער האט אומגעבראכט בערלין. אויב אפילע מיר וועלן האבן א נייע רעגירונג, וועט מען אין צוואנציק יאר ניט אופבויען בערלין. אידיאטן האבן אנגעשריבן אף די כורוועס „בערלין בלייבט דייטשיש". אז בערלין איז שוין ביכלאל ניטא — ניט קיין דייטשישע, ניט קיין רוסישע, ניט קיין פערואנער. ריכטער איז צוריקגעקומען צום לייטענאנט שעמער און געפרעגט: „הייסט עס, אז מיר דארפן שטארבן אונטער די דאזיקע כורוועס". שעמער האט געצוקט מיט די אקסלען: „איך האב אנגעפרעגט דעם מאיאר ראם, אבער ער קען זיך ניט פארבינדן מיט דעם גענעראל העלוויץ". ריכטער האט זיך ניט צופרידנגעשטעלט: „דאס הייסט, אז מיר..." דער לייטענאנט האט אים איבערגעשלאגן: „קאלזומאן מען האט דעם באפעל ניט צוריקגעצויגן, בלייבט ער אין קראפט". זיי זיינען געזעסן אינעם גרויסן הויז פון „דרעזדענער באנק". די רוסן האבן געשאסן אין דער געביידע פון פיר הארמאטן. איין ווינקל פון הויז איז שוין ניט געווען. פעלדפעבל ענגעל האט געזאגט: „מיר פארטיידיקן א לעבנסרוים. איך וווּנדער זיך, וואס דו שרייסט ניט זיג־הייל"... און אין פינף מינוט ארום האט שוין ענגעל גארניט גערעדט, ער איז געלעגן מיט אן אפענעם מויל, ארומגערינגלט מיט באנק־ביכער. ריכטער האט פארשטאנען: מען דארף אוועק. ער האט זיך אראפגעלאזט מיטן פייערלעשער־לייטער אף אונטן. אויב די רוסן זיינען אף אונדזער גאס, בין איך פארלארן. ער איז אפגעלעגן ביז באנאכט אין א טויער פון א פוסטן הויז. ווען עס פלעגן אף א רעגע אנטשוויגן ווערן

די הארמאטן, האט זיך אים אויסגעדאכט, אז ער הערט ריידן רוסיש. ענדלעך איז ער ארויסגעקראכן און געלאזט זיך לויפן, שארנדיק זיך בא די ווענט. קיינער האט אים ניט פארהאלטן.

ווען הילדא האט דערזען דעם מאן, האט זי אפילו ניט געקענט א געשריי טאן, עס האט איר געפעלט קויעך ארומצונעמען אים. זי האט געוויינט, און ניט דאן, און ניט דערנאך האט זי ניט געקענט פארשטיין, צי פון צארעס אדער פון פרייד. ענדלעך האט זי געזאגט: „דו... לעבסטו?" ער האט א געשריי געטאן: „הער אוף ריידן נארישקייטן! קריג מיר שנעלער אן אנצוג, איך דארף זיך איבערטאן!"... זי האט ניט פארשטאנען: „אבער פארוואס?..." ער איז בייז געווארן: „אויב דיר געפעלט צו פייגערן, איז ביטע, איך קען דיר געבן אן אדרעס — אין טירגארטן וועט מען דיר געבן א קינדער־ביקס און דעם פיורערס בראכע. אבער איך האב עס גענוג. וואס שטייסטו? גיב מיר שנעלער אן אנצוג!..." הילדא האט אלץ ארויסגעשליידערט פון קאסטן: ברויען־העמדער, אירע באל־טופל, קליידער, ענדלעך האט זי געפונען קורטס אן אלטן אנצוג מיט קורצע ברייטע הויזן. זי האט געזאגט: „דעם פאסט ניט אנצוטאן"... אבער ער האט שוין אנגעצויגן די הויזן: „איצט פאסט אלץ"... זי האט זיך צוגעדריקט צו אים, א קוק געטאן אף אים מיט אירע קיילעכדיקע קעצישע אויגן: „קורט, דאס ביסטו?... וואס פארא גליק... אבער עס קומט עפעס פאר שרעקלעכס... ניט שוין־זשע וועלן די רוסן באלד קומען אהער?" ער האט צוגעשאקלט מיטן קאפ און אפגעקערט זיך. דאן האט זי געכאפט א ווייס זיידן העמדל, וואס האט זיך געוואלגערט אפן פארלאגע און, צעפראלנדיק דאס פענצטער, האט זי עס ארויסגעהאנגען אנשטאט א פאן. זי האט דערזען, אז אף אלע הייזער זיינען ווייסע שמאטעס. קורט האט באטראכט דאס צימער, וואס איז געווען פול מיט די שמאטעס פון שאנק און פון קאסטן און האט א ברום געטאן: „מען קען מיינען, אז זיי זיינען שוין דא געווען"...

אין טירגארטן איז געזעסן א בינטל „פאלקסשטורמיסטן", צווישן זיי איז אויך געווען פאול וויק, וועמען עס איז געפעלן די גרין־אויגיקע הילדא. ער האט איצט געטראכט פון איר און פון פיורער. איצט פאראטן א סאך דייטשן דעם פיורער, זידלען זיך, גיבן זיך איבער די רוסן. פאול איז ניט אזא, אים איז פופצן יאר, אבער ער איז אן עמעסער דייטשישער זעלנער. ווען ער וועט ראטעווען בערלין, וועט ער קומען צו הילדאן, און זי וועט ניט ביישטיין קעגן אים. זי איז איזאלדא, האט ער א טראכט געטאן, און איך בין טריסטאן... אנשטאט א פאוסט־פאטראן, פון וועלכן ער האט געטרוימט, האט ער געהאט א פאשעטע ביקס. עס איז טונקל געווארן. פאול האט פלוצלינג דערזען, אז זיי זיינען סאבאקל פארבליבן זאלבעדריט — די איבעריקע זיינען זיך צעלאפן. א סטודענט פון דער „היטלעריוגנט" האט די גאנצע צייט געשריען: „לעבעדיקער, יאטן, דערלאנגט זיי פארע!". א באארנטער מענטש האט געזאגט: „איך שפיי אף אזעלכע שנעקעס ווי דו ביסט. אבער איך קען ניט פארליירן פאליאקן און רוסן. איך וועל בעסער פייגערן איידער איבערגעבן זיך די דאזיקע אזיאטן. פאול האט געשאסן אין דער פינצטעריש. דער באארנטער מענטש האט אים געזאגט: „זיי שפארעוודיק מיט די

קוילן". אָבער פּאָול האָט ניט געקענט ניט שיסן. און דער סטודענט האָט געשריען: „ריכטיק, דערלאַנג זיי פּאַרע!" ציִיטנגווייז פלעגט זיך לייגן אַ מינע, האָט געבראָכן ביימער. דער באַיאָרנטער מענטש איז אַנידערגעפאַלן, ער האָט לאַנג, איינאַרטיק געקרעכצט. פּאָול האָט געזען אין נעפּל הילדאַס אויגן. דער פיורער האָט געהויבן די האַנט צום שוואַרץ־דרויטן הימל. ווען עס האָט זיך אויסגעהעלט, האָט פּאָול דערזען אַף דער אַלייע רוסן. ער האָט אויסגעשאָסן, און נאָכדעם געכאַפּט זיך פאַרן בויך און געפאַלן.

מינאַיעוס פּאָלק האָט געקעמפט אינעם סאַמע שטאָט־צענטער: מען האָט געהאַלטן אין נעמען דעם פּאָטסדאַמער פּלאַץ. די דייטשן האָבן זיך פאַרשטעקט אין מעטראָ. מען האָט זיי געטריבן פון דאָרט מיט האַנט־גראַנאַטן, מיט פאַרכאַפּטע פאַוסט־פּאַטראָנען. „היינט איז דער ערשטער מײַ", — האָט טערעשקאָוויטש געזאָגט מינאַיעוון, — „אַ גוט יאָנטעוו". אַף די הינטערגאַסן פון בערלין האָט זיך אָנגעזען דער יאָנטעוו: פאָנען, סטאַלינס פּאָרטרעטן, פריילעכע לידער. און דאָ האָט נאָך אָנגעהאַלטן די מילכאָמע, אַ מוירעדיקע אין איר דראַנג. ווען עס איז אַף עטלעכע רעגעס שטיל געוואָרן, האָט טערעשקאָוויטש געטראַכט: ווי אַזוי פּייערט דעם יאָנטעוו טאַניאַ? דאָרט איז, געוויס, פריילעך, זיי וויסן, אַז דאָס זײַנען די לעצטע מילכאָמע־שאָען, עס איז געלונגען אויסגעפאַלן — דאָפּקע פרילינג, מײַ... דער קאָפּ איז געווען אָפן פינפטן שטאָק. טערעשקאָוויטש האָט דערזען, אַז די זעלנער זײַנען געבליבן שטעקן פאַר אַ באַריקאַדע, וואָס איז צעקלאַפּט געוואָרן דורך דער אַרטילעריע, ער האָט אַ טראַכט געטאָן — די מענטשן זײַנען מיד, מען דאַרף זיי אויפמונטערן. די זעלנער האָבן זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס. און טערעשקאָוויטש האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און געפאַלן אַף אַ זייט. מען האָט אים אַוועקגעטראָגן אין אַ שכייִנעסדיקן הויז. עס איז געקומען צולויפן מינאַיעוו. טערעשקאָוויטש האָט הויך געבריפּעט, קיינעם ניט דערקענט. מינאַיעוו איז געשטאַנען אַ ווײַלע שווײַגנדיק און איז אַוועק — מען האָט געהאַלטן אין אָפּרייניקן די זײַטיקע גאַסן. ערשט אין אָוונט האָט ער געקענט אַ טראַכט טאָן וועגן טערעשקאָוויטשן. מינאַיעוו האָט פאַרלוירן אין דער מילכאָמע אַ סאַך פרײַנט. דער טויט האָט אים שוין לאַנג אופגעהערט צו כידעשן. אָבער עס האָט אים נאָך קיינמאָל ניט אַזוי מוירעדיק באַנק געטאָן, ווי אין דעם דאָזיקן יאָנטעוודיקן מײַ־אָוונט. אָט וועל איך שוין ניט קומען צו אים אין יאָראָסלאַוו... די ווײַב זײַנע האָט שוין, אַוודע, אויסגעפּרעסט פאַר אים אַ רעקל — זי וואַרט, ניט היינט — איז מאָרגן... און דאָס איז, קען זײַן, אינעם לעצטן טאָג... טערעשקאָוויטשעס טויט האָט זיך אים אויסגעוויזן אומבאַגרײַפלעך. עס איז צוגעקומען סערזשאַנט קאָראָליאָוו, ער האָט געזאָגט: „וואָס פאַראַ מענטש דאָס איז געווען!... אינטערעסירט זיך מיט יעדער דעטאַל"... שווײַגנדיק אַ ווײַלע, האָט ער צוגעגעבן: „איך בין אויך אַ יאָראָסלאַווער"...

קרילאָוו האָט געהאַט אַ סאַך וואָס צו טאָן. ער האָט באַנדאַזשירט סיי די אונדזעריקע, סיי די דייטשן, סיי די אײַנוווינער, וואָס זײַנען צופעליק פאַרווונדעט געוואָרן. ער האָט זיך פאַרטראַכט: פאַרוואָס קענען זיי אַזוי גוט קעמפן פאַר בערלין, ווי אונדזערע האָבן געקעמפט פאַר סטאַלינגראַד? דאָס

אין דאַך זייער שטאָט, די הויפּטשטאָט... מען וועט זאָגן: מיר זיינען איצט שטאַרקער. עמעס, שטאַרקער. אָבער אין אויגוסט צוויי און פערציקסטן זיי־נען די דייטשן געווען שטאַרקער פון אונדז. דער פּאָלקאָווניק האָט געזאָגט: „מיר האָבן איצט פערציק מאָל מער אַרטילעריע, ווי זיי. מיסטאָמע איז עס אַזוי, אָבער דאָס איז נאָך ניט קיין טשאַווע. זיי האָבן פערציק מאָל ווייניקער האַרץ, אַט וואָס עס איז. זיי ווייסן ניט, פאַרוואָס זיי האָבן געקעמפט, דער־פאַר טאַקע ווילן זיי איצט ניט שטאַרבן. וויפל האָבן זיי עס צעשריען: „פּאָלק, דייטשטום". אָבער קיין פּאָלק האָבן זיי ניט צוזאַמענגעקלאַפּט. עס זיינען געווען מיליאָנען בירגער, און אָנגעפירט מיט זיי האָט אַ מיליאָן לאַשעקעס. קאָלזמאַן עס איז געגאַנגען גוט, האָט זיך עס געהאַלטן, און איצט איז עס צעקראָכן אין די נעט. בוקן זיי זיך פאַר אונדז, מאַסערן איינער דעם אַנ־דערן, זיי זיינען גרייט צו דאַנקען פאַר דעם, וואָס מען האָט זיי צעמיימעסט. נאַריש.

קרילאָוו האָט צוגערופן דער פאַרוווּנדעטער סטאַרשינאַ גוסעוו. ער האָט גערעדט מיט מאַטערניש, קרילאָוו האָט אים עטלעכע מאָל איבערגע־ריסן: „איר טאָרט ניט רײדן". אָבער דער סטאַרשינאַ האָט געבעטן ראַכמים, מען זאָל אים אויסהערן: „איך וועל שטאַרבן, איך פיל, אַז איך וועל שטאַרבן... אין אָקטאָבער איין און פערציקסטן אין הונדערט צוויי און דריי־סיקסטן סאַפּיאָרן־באַטאַליאָן... דאָרט איז מיט מיר צוזאַמען געווען ניקיטאַ וואַסיוטין. ער איז באַגאַנגען אַ גרויסן העלדנטאַט — אַף זיך אופגעריסן אַ טאַנק... איך בין געווען פאַרוווּנדעט, נאָכדעם האָב איך געמאָלדן וועגן דעם, מען זאָגט — יענע אָפּטיילונג איז שוין ניטאָ, און דער איניען איז שוין אַן אַלטער... ער האָט געזאָגט... איך וועל שטאַרבן, און קיינער וועט זיך ניט דערוויסן פון זיין העלדנטאַט. איך האָב געטראַכט — עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, וועל איך אָנשרייבן סטאַלינען... זאָל מען דערפרייען זיינע אַלטע... ווי נאָר עס האָבן זיך באַוויזן די טאַנקן, האָט ער געזאָגט: „לאָמיר זיך נאָר איינוויקלען", אַרומגעגאַרטלט זיך און אַוועקגעקראָכן"... מער האָט דער סטאַרשינאַ ניט געקענט רײדן, דאָס פּנים האָט זיך באַדעקט מיט אַ שווייס; ער איז אַריינגעפאַלן אין אומבאַוווּסטזיין. אין אָוונט אין ער גע־שטאַרבן. און קרילאָוו איז דערשטוינט געוואָרן: איך וועל אָנשרייבן סטאַ־לינען... וואָס פאַראַ מענטשן מיר האָבן!... שטאַרבט און טראַכט פון זיין באַוועך — דערפרייען די אַלטע... און פאַרוואָס איז ער געשטאַרבן?... קרי־לאָוו איז אַרויס אין גאָרטן. עס האָט געשמעקט מיט רעפּועס, מיט לייבעס (אונטער די כורוועס פון שכיינעסדיקן הויז זיינען אומגעקומען עסעס), מיט ווייסע אַקאַציעס, מיט טשאַד. עס שמעקט מיט מילכאָמע, האָט אַרויסגע־מורמלט קרילאָוו, און די מילכאָמע ענדיקט זיך דאָך...

הילדאַ האָט מיט שוידער געקוקט אַף די רוסן: זיי זיינען געגאַנגען אונטן איבער די גאַסן, נאָכדעם זיינען געקומען צוויי, געפרעגט, צי עס איז ניטאָ קיין געווער. זי האָט אַ טראַכט געטאָן: זיי ווען באַלד דערהאַרגענען... אָבער די רוסן זיינען אַוועק. זי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין דערמאַנען זיך קורטס דערציילונגען. איר האָט זיך געדוכט, אַז עס וועט אַריינקומען אַן אַזיאַט מיט קרומע אויגן און וועט אַריינפירן אין שלאָפצימער אַ קו... אפן

דריטן טאָג איז זי דרייסטער געוואָרן און אַרויס מיט פרוי מילער אין גאַס; זיי זײַנען געשטאַנען באַם אַרײַנגאַנג, קעדיי מען זאָל קענען באַצײַטנס אַנט־לױפן. איין רוסישער אָפיציר האָט זיך אָפּגעשטעלט, געפרעגט: „ווּ איז דער טירגאַרטן?" הילדאַ האָט באַוויזן אַף רעכטס. ער האָט אַ שמייכל געטאָן. זי האָט אויך אַ שמייכל געטאָן. אירע גרינע אויגן האָבן זיך גלײַך אויסגע־לייטערט. סורט איז געלעגן אַ פאַרכווישעכטער מיטן פּאַנעם צו דער וואַנט. און זי האָט צוגעראַמט די וווינונג און געטראַכט: ווייס איך וואָס, זיי וועלן קיין שום קו ניט ברענגען, זיי זײַנען אַפילע סימפּאַטיש, אין אַזאַ איינעם קען מען זיך פאַרליבן — ער האָט גראָע אויגן, ווי דער הימל בעיים אַ שטור־עם, מיט אַ פּייערל, עס פילט זיך טעמפעראַמענט...

וואַסיאַס האַרמאַטן האָבן דערלאַנגט איבער אַ טריבן קאָרפּוס. אַפּן פּאַסאַד האָבן ריזיקע וואַלקיריעס אומפאַרשעמט צעשפּרייט זייערע שטיי־נערנע קערפּערס. נאָכדעם האָבן גענומען אַרויסגיין די דײַטשן מיט אופּ־געהויבענע הענט. וואַסיאַ און דער יונגערער לייטענאַנט גאַרבאַטענקאָוו האָבן באַטראַכט די רייכסטאַג־געביידע. די זאַלן זײַנען געווען פאַרוואַלגערט מיט שטיינער, מעבל, געווער, די קעמפער האָבן זיך אונטערגעשריבן אַף די דורכגעלעכערטע ווענט. גאַרבאַטענקאָוו האָט אַרויסגענומען פון דער גימ־נאַסטיאָרקע סטאַלינס פּאָרטרעט: „כאַוועր קאַפּיטאַן, דאָס האָב איך אין צוויי און פערציקסטן אויסגעשניטן פון „אָגאָניאָק". און אַזוי האָט ער צו־זאַמען מיט מיר מאַרשירט — פון ראָסאָשי ביז קאַלאַטש און צוריק ביז בערלין. איז געווען שלעכט — איז ער מיט מיר געגאַנגען, איז געווען גוט — איז ער געגאַנגען. איך האָב אים די גאַנצע צייט געהיט. און איצט וועל איך אופהענגען אַף דער וואַנט — דערגאַנגען"... ער האָט צוגעטשעפּעט דעם קליינעם פּאָרטרעט צו דער וואַנט.

מינאַיעוו האָט באַגלייט צום אַרמייִשן קאַפּע אַ דײַטשישן גענעראַל. „פּאַרזיכטיק", האָט געזאָגט מינאַיעוו, „דאָ איז אַ גרוב". דער גענעראַל האָט געענטפערט: „איך הער גאַרניט, איך בין טויב געוואָרן פון אײַער אַר־טילעריע". אין שטאַב האָט מען מינאַיעוון געזאָגט: „מען איז אַוועק ברענגען אַ מאַשיניסטן — באַלד וועט גענעראַל ווײַדלינג דיקטירן אַ באַפעל וועגן קאַפּיטולאַציע". דער דײַטשישער פּאַלקאָווניק, וואָס האָט באַגלייט ווײַדלינגן, האָט אַרויסגעלאָזט פון אויג דעם מאָנאַקל און גלײַך אים צוריקגעכאַפּט. מינאַיעוו האָט ניט ווילנדיק אַ שמייכל געטאָן: דײַטשלאַנד גייט אויס און ער קען ניט אָן דעם מאָנאַקל...

נאָכדעם האָט זיך מינאַיעוו גוט אָרומגעוואַשן, אויסגעטרונקען אַ גלאָז פראַנצויזישן ווײַן און אָנגעשריבן דער מאַמען: „דײַן מיטקאַ זיצט איצט אין קאַבינעט פון עפּעס אַ סאָלידן דײַטש. דער באַלעבאָס פון דאָזיקן הויז האָט געזאַמלט שפּילצייג־זעלנערלעך — וואָס, וואָס אָבער זיי האָבן געהאַלטן מילכאָמע פאַר אָן איניען. איצט ערשט האָבן זיי זיך אָביסל אַנטוישט. אַרום מיר זײַנען טויזנטער בלייענע זעלנערלעך פון אַלע עפּאָכעס און אַלע לענ־דער. עס איז אויך דאָ אָן אונדזעריקער, ער שטייט זיך באַשיידן הינטער פאַרשיידענע אולאַנער. אָבער דערעד אַגעוו איז ער דערגאַנגען צו בערלין, און איך האָב היינט געזען, ווי די דײַטשן זײַנען געקומען אָפּגעבן קאָווער.

דו האסט מיר אמאל געזאגט, אז מען דארף ניט לאכן פון יענעמס אומגליק, איז עס עמעס, אויב עס האנדלט זיך וועגן מענטשן. אבער וואס וועסטו זאגן צו דעם דייטשישן פאלקאווניק, וואס האט באם אונטערשרייבן די קאפיטולאציע, אלע ווילע געגלעט דעם שרינט זיינעם און אריינגעשטעלט אין אויג דעם מאנאקל? עס איז א שווידער א טראכט צו טאן, אז צוליב אזעלכע בלייענע זעלנערוקעס זיינען אומגעקומען מיליאנען גוטע מענטשן. אייערנעכטן האבן מיר מעקאבער געווען דעם קאפיטאן טערעשקאוויטש. איך קוק אף בערלין און איך דערמאן זיך דעם קורגאן הינטער סטאלינגראד, וועגן וועלכן איך האב דיר געשריבן. איצט, טייערע מאמעלע, וועט זיך גאר שנעל ענדיקן. איך האב פארדרוס וואס איך האב ניט אויסגעפירט דיין באפעל און ניט געפאקט היטלערן א לעבעדיקן, די דייטשן פארזיכערן, אז ער האט זיך פארסאמט. אליא קושט דיך, די דייטשן גלאצן אף איר די אויגן, זיי טראכטן אוודע, אז דאס איז זי טאקע יענע שרעקלעכע באלשעוויטשקע, וואס פארבייסט א שנאפס מיט דייטשישע זווינקינדער, ווי געבעלס האט געזאגט. און דאך זיינען זיי טיפשים, מאמעלע, איך רייד שוין ניט פון עפעס אנדערש. נאר גרויסע טיפשים..."

אין יענעם אוונט האבן זיך דורכגעטראגן איבער מאסקווע די לאנגדערווארטעטע ווערטער: „מיר האבן פולשטענדיק באהערשט די הויפטשטאט פון דייטשלאנד — בערלין, דעם צענטער פון דייטשישן אימפעריאליזם און דייטשישער אגרעסיע". איבערן הימל זיינען געפלאסן שטראמען ראקעטן. און באם פענצטער איז געשטאנען מאריא מיכיילאוונא מינאיעוו און געוויינט. נאכדעם איז זי אוועק צו קאצמאנען און געזאגט: „דאוויד גריגאריעוויטש, מיר ביידע זיינען אויך דערגאנגען... און מיטיא איז דערגאנגען... עפעס ניט קיין קלייניקייט — מיר האבן געזיגט...".

## XXVII

ערגעץ ווו האט מען נאך געקעמפט; אבער אין בערלין איז געווען שטיל; און די דאזיקע שטילקייט האט געפייניקט ריכטערן. עס האט זיך אים געדוכט, אז באלד וועט עמיצער קומען און ארויסשיקן אים קיין סיביר.

פארסאפעט האט הילדא געזאגט:

— מען רעקווירט!... א רוסישער אפיציר!...

ריכטער האט א טראכט געטאן: די בראד איז פארטיק, באלד וועט מען מיך צונעמען... ער האט געפרעגט הילדאן:

— א וואסער איז ער?

— איך האב אים ניט געזען. עס איז געקומען אן ארדענאנץ — א הויכער, א גאנץ פיינער...

— נאר דאס האסטו אינזינען...

הילדא האט צוגעגרייט פארן רוס דעם בעסטן צימער, וואס האט פאר דער מילכאמע געדינט ריכטערן אלס קאבינעט. עס איז געקומען פרוי מילער, זי האט דערציילט:

— צו מיר האט זיך אריינגעקליבן א רוס, אן אבערליטענאנט, זייער

אַז אַנשטענדיקער. איצט בין איך שוין באַוואָרנט פון פאַרשיידענע וויזיטן...

ריכטער האָט אַ טראַכט געטאָן: עפּשער וועט אויך מיך ראַטעווען דער רוסישער אָפיציר? אויב ער וועט ניט וועלן אומברענגען מיך...

ער האָט געזאָגט צו הילדאַן:

— זאָלסט פאַר קיין פאַל ניט זאָגן, אַז איך בין געווען אַפן מיזרעד־פראַנט. איך בין געווען אין פראַנקרייך און נאָכדעם אין בערלין — מען האָט מיך דעמאָביליזירט צוליב קראַנקייט.

דערזעענדיק וואַסיאַן, האָט הילדאַ אַ טראַכט געטאָן: גוואַלדיק סימפּאַטיש און אינגאַנצן ניט קיין שרעקלעכער. איך וועל קיינמאָל ניט גלויבן, אַז אַזאַ איינער האָלט באַ זיך אין צימער אַ קו אָדער זעצט אַרויף מיידלעך אַף שפּיציקע פלאָקנס. צו וואָס דערציילט עס קורט? עס האָט אונדז שוין גענוג אָפּגענאַרט געבעלס... זי האָט אָנגעהויבן אַרומגיין אַרום וואַסיאַן, געגעבן אים דעם בעסטן ליילעך, אַוועקגעלייגט איר קישן פון געגדזענעם פוך; געפרעגט, וואָס גרייטן צום פרישטיק, אָבער וואַסיאַ האָט ניט פאַרשטאַנען.

— רייד מיט אים אַף רוסיש, האָט הילדאַ געבעטן ריכטערן.

— ביסט פונזינען אַראָפּ! ער זאָל זיך כאַפּן, ווו איך האָב געקעמפט? דו ווילסט אַוואַדע, פאָטער ווערן פון מיר...

— קורט, רייד ניט קיין נאַרישקייטן. עס וועט אונדז זיין אַ סאַך בעסער, אויב מיר וועלן זיך שאַפן צוטרוי באַם דאָזיקן אָפיציר. אָבער וואָס קען איך מאַכן, אַז ער פאַרשטייט מיך ניט? ביסט געווען אין רוסלאַנד זייער לאַנג, נאָך פאַר אונדזער כאַסענע, דאָן האָבן זיך די דייטשן געכאַוועוועט מיט די רוסן, האָסטו זיך דאָן געקענט אויסלערנען רוסיש. דאָס וועט נאָר זיין אַ טויווע פאַר דיר...

קורט האָט גענומען זוכן אין די אַלטע פּאַפּירן און ענדלעך אויסגעזוכט אַ בילד: ער איז פאָטאָגראַפירט מיט אַ גרופּע רוסישע אַרכיטעקטן אין קוזניעצק. ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט אין וואַסיאַס צימער איז ער געווען אין אַ צושטאַנד, ווי ער וואָלט געגאַנגען אין אַטאַקע. ער האָט געזאָגט, ווייזנדיק אַף הילדאַן:

— מיין ווייב פרעגט, אַף וויפל דעם זייגער צוגרייטן אייך פרישטיק?

— אַ דאַנק. מען דאַרף ניט. מיר האָבן אונדזער אייגענע קיך.

הילדאַ איז אַוועק. און ריכטער איז געשטאַנען ווי אַ פאַרמישפּעטער. זאָל ער שוין גיכער פרעגן!... אָבער וואַסיאַ האָט געשוויגן.

— אייך וווּנדערט פונוואַנען איך קען רוסיש?

וואַסיאַ האָט אַ שמייכל געטאָן:

— אַבסאָלוט ניט.

— עפּשער מיינט איר, אַז איך האָב געקעמפט אַפן מיזרעד־פראַנט? איך בין געווען אין פראַנקרייך — גערדינט אין גאַרניזאָן. און די רוסישע שפּראַך קען איך שוין פון לאַנג, איך בין געפאָרן קיין קוזניעצק — מיט דרייצן יאָר צוריק, פאָטאָגראַפירט זיך דאָרטן מיט כאַוויירים אַרכיטעקטן.

ער האָט דערלאַנגט וואַסיאַן אַ פאָטאָגראַפיע, יענער האָט גענומען און באַלד צוריקגעגעבן.

— איך זע טאַקע עפּעס צייכענונגען, ביכער... הייסט עס, איר זייט אַן אַרכיטעקט?

— יאָ.

— איך אויך...

ביידע האָבן לאַנג געשוויגן. וואַסיאַ האָט ניט געוווּסט, פֿון וואָס ער זאָל ריידן מיטן דאָזיקן דייטש. און ריכטערן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט ניט געזאָגט דעם רוס דאָס וויכטיקסטע. ער האָט געפֿרעגט, צי עס שטערן ניט דעם הער קאַפּיטאַן זיינע ביכער.

— איך האָב אויך געהאַט מאַרקסיסטישע ליטעראַטור, אָבער בײַ די נאַציס האָט מען עס געמוזט פֿאַרברענען. עס זיינען נאָר פֿאַרבליבן ספּעציעלע אויסגאַבן און קלאַסיקער. בעיים איך בין געפֿאַרן קיין קוזניעצק, בין איך געווען זייער נאָענט צום קאָמוניזם...

— אינטערעסאַנט, — האָט געענטפֿערט וואַסיאַ.

ריכטער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער רוס האָט אים ניט געגלייבט, האָט ער זיך געזעגנט און איז אַוועק.

און הילדאַ פֿלעגט אַלע ווײַלע אַריינקומען אין וואַסיאַס צימער — געבראַכט אַן אַשבעכער, קאָנטראָלירט די פֿאַרטונקלונג. זי האָט געקוקט אויפֿן רוס צאַרט און כיטרע, זי האָט געהאָפֿט, אַז ער וועט זי אויך פֿאַרשטיין אַן ווערטער. אָבער וואַסיאַ האָט זיך פֿאַרהאַלטן קאַרעקט און גלייכגילטיק. וואָס טוט זיך דאָ? ער באַמערקט מיך פּאַשעט ניט... ניט שוין־זשע בין איך מיעס געוואָרן? זי האָט זיך לאַנג געדרייט פֿאַרן שפּיגל, צוגעשמירט זיך, אָנגעטאָן אַ גרין קליידעלע, וואָס האָט איר זייער געפּאַסט, און אָנגעקלאַפּט צו וואַסיאַן. ער איז געזעסן, ווי זי וואָלט גאָרניט געווען אין צימער. זי איז אַוועקגעלאָפֿן צו זיך און צעוויינט זיך... אַ פֿאַרומערטע איז זי דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן מאָרגנדיקן טאָג. ערשט שפּעט אין אָוונט האָט איר ריכטער דערזען אַ פֿריילעכע און אויפֿגעמונטערטע. זי האָט געזאָגט דעם מאַן:

— ווייסט, דער אָרדענאַנץ איז זייער אַ סימפּאַטישער. ער רעדט אַ ביסל דייטש.

ריכטער האָט באַלד פֿאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט דערמיט. ער האָט זי אַן כיישעק אָפּגעזידלט — צוליב אָנשטענדיקייט. ער האָט אין שרעק אַ טראַכט געטאָן: איך בין אַפֿילע צופֿרידן, וואָס זי כאַווערט זיך מיט אַ רוסישן זעלנער... וואָס איז מיט מיר געוואָרן? איך קען אַפֿילע ניט זיין אייפֿערזיכטיק...

אין עטלעכע טעג אַרום איז וואַסיאַ צוריקגעקומען אַהיים אין אַ געהויבענער שטימונג. ריכטער האָט זיך אָנגעשטויסן מיט אים אין פֿאָדערהויז, און וואַסיאַ האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן. ריכטער האָט אויפֿגעבליט. דער קאַפּיטאַן איז היינט אַ פֿריילעכער, מען דאַרף כאַפּן אַ שמועס מיט אים... ער האָט געקוקט אין דער שפּאַרונע — וואַסיאַ האָט געשריבן. ריכטער האָט געזאָגט הילדאַן: „שטילער, ער אַרבעט"...

דערזעענדיק, אַז דער רוס שטייט בײַ אַן אָפֿענעם פֿענצטער, האָט ריכטער אָנגעקלאַפּט:

— איר האָט פֿאַרגעסן וועגן דער פֿאַרטונקלונג, הער קאַפּיטאַן.

וואַסיאַ האָט זיך אָפּגעריסן פון דער פאַרנאַכטיקער קילער לופט — דער טאָג איז שוין זומערדיק־הייס.

— עס איז געענדיקט די פאַרטונקלונג. איר פאַרשטייט ניט? די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט. די אייעריקע האָבן היינט געכאַפּמעט די אומקאָנדיציאָנעלע קאַפּיטולאַציע...

אין ריכטערס פּנים האָט זיך גאָרניט געענדערט, ער האָט ווייטער געשמייכלט — האַכנאָעדיק און טרויעריק. שווייגנדיק אַ ווײַלע, האָט ער געזאָגט:

— איך גראַטוליר אייך, הער קאַפּיטאַן.

וואַסיאַן איז געוואָרן אומאָנגענעם: מען האָט זיי צעקלאַפּט, און ער גראַטולירט מיר...

— זעצט זיך, — האָט געזאָגט וואַסיאַ. — איר ווילט רויכערן? נו, אַט איז שוין געענדיקט... איצט וועט איר קענען אַרבעטן. בויען... דאָ זיינען פאַראַן גענוג כורוועס...

— אייערע שטעט האָבן אויך אַ סאַך געליטן. איך האָב געזען סמאָלענסק, מינסק... (ריכטער איז בלייך געוואָרן — איך האָב זיך אַרויסגעגעבן!) איך האָב דאָס געזען אין קינאָ...

וואַסיאַ האָט אַ לאַך געטאָן:

—ניט וויכטיק וווּ, וויכטיק איז, אַז איר האָט געזען, אַז איר ווייסט, ווי אַזוי די אייעריקע זיינען זיך באַגאַנגען.

— דאָס איז אַ שוידערלעכע זאַך — מילכאָמע. איך בין ניט פון דער „היטלער יוגנט", איך בין דערצויגן געוואָרן אין אַן אַנדער גייסט, איך געדענק רעמאַרקס ראָמאַן, פּיסקאַטאָרס אופירונגען, טעלמאַנס רעדעס. מיר האָבן געטרוימט פון שאַלעם. איך האָב גוט געקענט דעם פאַלקאָווניק גאַבלער — איך האָב געבויט אַ הויז פאַר אים. ער איז געווען פאַרמישט אין דער פאַרשווערונג, די נאַציס האָבן אים דערשאָסן. איך האָב זיך ערשט ניט לאַנג דערוווּסט, אַז די פאַרשווערער האָבן שוין מיט אַ יאָר צוריק געבעטן פרידן... וואָס זאָל איך אייך זאָגן, הער קאַפּיטאַן, ווען די דייטשישע זעלנער זיינען געווען אויף קאַווקאַז, האָב איך זיך ניט געפרייט, איך האָב געוווּסט, אַז דאָס וועט זיך שלעכט ענדיקן. מילכאָמע איז אַ כאַאָס, קיינער באַנעמט גאָרניט.

— אומזיסט מיינט איר אַזוי. איך בין געווען דריי יאָר אין אַ פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד, די אייעריקע פלעגן אונדז רופן „באַנדיטן". צוויי און פערציקסטער. די אייעריקע אויף קאַווקאַז. מיר אין וואַלד. עס פאַרפאַלגט אונדז אייערער אַ פּאָליציייִשער פאָלק... איר מיינט, אַז איך האָב געצווייפלט? עס הויבט זיך ניט אָן. איך האָב אויך דאַן געוווּסט אויף זיכער, אַז איך וועל קומען קיין בערלין. געוויס, מען האָט געקענט דערהאַרגענען, וואָלט געקומען אַן אַנדערער און געזעצט זיך אין דאָזיקן פאָטעל...

— רוסלאַנד — איז אַ ריזיק לאַנד, עס איז גענוג אַ קוק טאָן אויף דער מאַפּע...

— דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן שעטער. באַמיט זיך כאָטש איצט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס אַלץ האָט זיך פאַרענדיקט דאַווקע אַזוי, אַז אַנדערש

האט זיך ניט געקענט פארענדיקן. איך האב געזען אייערע לאנדסלייט — מיר פלעגן ציטנווייז נעמען געפאנגענע. אייניקע פלעגן ציטערן, אנדערע פלעגן זיך בלאזן, אבער בא קיין איינעם האב איך ניט געזען יענע רוהיקייט, וואס עס גיט צו דעם מענטשן א הויכע אידיי, דאס באוווסטזיין. מען קען פון קארטן בויען א שטיבעלע, שפעטער וועט א קינד א בלאז טאן — און דאס שטיבעלע וועט זיך צעפאלן... זעט, ווי נעבעכדיק עס האט זיך פארענדיקט אייער אונטערנעמונג. איך האב היינט געשמועסט מיט מענטשן פון דער גאס... דערנידעריקטע, פארלוירענע. א מענטש קען מען בויען. מען קען בויען דעם פארטענאן און אייער „אימפערישע קאנצעלאריע" — א קארטן־שטיבל פון שטיין. און איצט זיינען אייערע לאנדסלייט אפילע ניט קיין בוי־מאטעריאל, נאר מיסט. מיר האבן אויסגעהאלטן ניט דערפאר, וואס דאס לאנד איז גרויס, נאר דערפאר, וואס אין אונדזער לאנד האבן געלעבט עכטע מענטשן.

ריכטער האט נאכאמאל האכנאעדיק א שמייכל געטאן, געוווּנטשן וואסיאן א גוטע נאכט און אוועק צו זיך. איך וואלט קיינמאל ניט געזאגט, אז דער דאזיקער קאפיטאן איז געווען א באנדיט, אן איידעלער, גוט דערצויגן. געוויס, האט ער היינט גערעדט א סאך טאקטלאזיקייטן, אבער עס איז שווער עפעס אנטקעגנצוזאגן — די נאציס האבן ווירקלעך באנקראטירט... פארוואס האב איך אים ניט געזאגט, אז איך האב געקעמפט אין רוסלאנד? איצט איז דאך שוין פרידן... אין מיין אופירונג איז דא עפעס דערנידעריקנדיקס, איך בין פונקט אזא ארכיטעקט, ווי ער, און איך האלט זיך קליינלעך, ניט געזעצט זיך, האגאם ער האט געזאגט „זעצט זיך"... און וואס האב איך זיך פארוואנדלט?... ער זאגט, אז איך וועל בויען. וואס בויען? און פאר וועמען? מענטשן מיט געשמאק האבן זיך רוהינירט אדער אנטלאפן. עס וועט אויסקומען דורכשלאגן זיך — פארלאטען הייזער, פארלאטען דאס לעבן. ניט אינטערעסאנט...

עס איז געקומען צולויפן הילדא:

— קורט, מען האט אונטערגעשריבן!... פרוי מילער האט מיר נאר־וואס דערציילט...

זי האט א גליקלעכע אראפגעריסן די שטארע פון שווארץ פאפיר. ריכטער האט געענטפערט:

— איך וויים, מיר האט דערציילט דער רום...

— פארוואס־זשע האסטו מיר ניט געזאגט?...

— ניט אינטערעסאנט...

— קורט, ביסט פון זינען אראפ! ווי אזוי ניט אינטערעסאנט? עס האט זיך געענדיקט די מילכאמע, דאס איז די הויפטזאך. קימאט זעקס יאר האבן מיר זיך געפייניקט...

— לאמיר אנעמען, אז דו האסט זיך ניט געפייניקט, נאר פארבראכט. דאס פייניקן זיך הויבט זיך ערשט אן פאר אונדז.

— מיר איז קיין כילעק ניט צי עס וועלן זיין זאכן, צוקער אדער ניט. איך וויל רו. דו האסט מיר אמאל פארזיכערט, אז מיר זיינען — א שטורעם. דאס איז פראפאגאנדע. ווי בא נעבעכלען... איך וויל ניט זיין קיין שטורעם. איך וויל זיין א פאשעטע פרוי.

זי איז אַוועק אין דער קיך, וואָס איז געוואָרן איר באַליבט פּלאַץ. און ריכטער איז געזעסן, פאַרדעקט דאָס פּנים מיט דער האַנט. הילדאַ איז געדערעכט — ווענן שטורעם איז געווען זייער נאַריש... מיר האָבן נאָר געשפּילט די ראָל פון אַ שטורעם, און ווען דער שטורעם איז אַנגעפלויגן, האָבן מיר נִיט אויסגעהאַלטן. וואָס־זשע ווייטער? אַנשטאָט דער שטאָט — כורוועס. און איך אַליין בין אויך אַ כורווע. בעיים מען וועט רייניקן — וועט מען אַרויספירן... ניט אינטערעסאַנט...

ווען ריכטער איז אַוועק, איז וואַסיאַ ווידער צוגעקומען צום פענצטער. וואָס פאַראַ מענגוול עס איז דער דאַזיקער דייטש!... שפּיעבּץ... געוויס, לוסטיק געמאַכט זיך באַ אונדז און איצט איז ער צעקראָכן... בעסער ניט טראַכטן פון אים — אַ צו גוטער אַוונט... וואַסיאַ איז אַוועק עסן. ער האָט זיך דערמאַנט די נאַליבאָקער וואַלד־טיפעניש, די שפּראַך פון די ביימער, אַוואַניעסיאַנס ליבע, סעריאָזשען, וואָס איז אומגעקומען ערגעץ אַף אַ פרעמדער און אייגענער ערד. עס האָבן אים דורכגענומען אַזויפיל געפילן — פון טרויער, איבעראַשונג און שטאָלץ, אַז ער וואָלט זיי קיינמאָל ניט געקענט אויסדריקן מיט ווערטער; עס האָבן נאָר געגלאַנצט אין דער טונקעלער און וואַרעמער נאַכט זיינע בלויע אויגן, וועלכע האָבן זיך אַפּט געכאַלעמט נאַטאַשאַן.

באַם עסן האָט אים אַפּגעוואַרט אַ צווייטע אומדערוואַרטעטע פרייד: פּאָלקאָווניק ניקיטין האָט אים געזאָגט:

— מאָרגן פליט איר מיט מיר קיין מאָסקווע.

וואַסיאַ האָט אַ שמייכל געטאָן און אַפּגעריסן זיך פון די אַרומיקע — ער איז שוין געפלויגן צו נאַטאַשאַן.

## XXVIII

מינאַיעוו און אַליאַ זיינען געגאַנגען איבער דער לאַנגער אַלייע פון גאָרטן. דער פּערסישער בעז איז דערשעפּט פונעם גליק־איבערפלוס. מינאַיעוו האָט געהאַלטן אַליאַן פאַר דער האַנט. שוין באַלד צוויי יאָר, ווי זיי האָבן כאַסענע געהאַט, אָבער זיי זיינען געווען ענלעך אַף פאַרליבטע, וואָס האָבן זיך נאָר וואָס מוידע געווען איינער דעם אַנדערן אין זייערע געפילן. די דאָזיקע צוויי יאָר זיינען געווען טומלדיקע און שווערע, די ליבע־ווערטער פלעגן שטאַרבן פריער, איידער מען האָט זיי געקענט אַרויסזאָגן. ערשט מיט אַ וואָך צוריק איז נאָך אַלגאַ געזעסן אין אַ קעלער פון אַ האַלב־כאַרעוון בערלינער הויז און געכאַזערט: „איך — סאַראַקאַ, גיב אַקאַ“. איצט האָט זיך עס געענדיקט...

— איצט ביסטו — אַליאַ, יאַ, יאַ, אַזוי איז עס. דו ביסט געווען אַ רויז און אַ ראַזעטקע, אַ לעוואַנע, פּאַלטאַווע, אַ בוים, אַ נאָדל, די דווינע, אַ שוועבעלע. „די רויז“ פלעגט אַרויסרופן אַפן קורגאַן „די סערנע“. און קיין רויזן זיינען דאָרט ניט געווען — נאָר טרוקענער גראָז און מינעס. דו ביסט געווען „סאַיאָר“, האָסט אַרויסגערופן טשעגאַדאַיעוון, און אים האָט אומגעבראַכט אַ קויל, און דו האָסט געזאָגט: „טשעגאַדאַיעוו גיט איבער, אַז באַ אים איז אַלץ אין אָרדענונג, דאָס הייסט טשעגאַדאַיעוון האָט מען דערהאַר־

געט און עס גיט איבער קאַפּיטאַן באַבושקין". אַפֿן פּאַטסדאַמער פּלאַץ ביסטו געווען אַ „סאַראַקע", און טשערקאַוויטש האָט געלאַכט: „עס טרעשטשעט סאָקע אַזוי ווי אַ סאַראַקע". דאָס איז געווען אַ שאַ פֿאַר דעם, ווי ער איז אַרויסגעלאָפֿן אויף דער גאַס. מען זאָגט, אַז קיטעל האָט געכטן ניט געוווּסט, וווּהין ער זאָל אַוועקלייגן זיין מאַרשאַל־שטעקן, בעת ער האָט זיך געכאַפּט, און איינער אַן אַמעריקאַנער פֿאָטאָגראַף האָט געטרוימט אויסצוטוישן דעם דאָזיקן שטעקן אויף סיגאַרעטן. די פּריצן האָבן זיך געענדיקט, אַליאַ. פֿאַרשטייסטו, וואָס דאָס הייסט? דו ביסט ניט קיין סאַראַקע און ניט די דווינע. אויב איך וועל דיך איצט אָנרופֿן שוועבעלע, איז עס בעשום אויפֿן ניט דורכן טעלעפֿאָן, נאָר אַפֿן אויער, אַז קיינער זאָל ניט הערן. ווייל די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, און דו ביסט איצט ניט קיין ראָזעטקע, נאָר אַליאַ, מיין אַליאַ!...

ער איז באַרוישט געוואָרן מיטן קלאַנג פֿון איר נאָמען, ווי ער וואָלט איב אַרויסגערעדט צום ערשטן מאָל.

— ווען איך האָב דיך דערזען צום ערשטן מאָל, האָב איך זיך דערשראָקן. דאָס איז געווען דעם פֿינפֿטן אויגוסט לעבן קלעטסקאַיאַ. עס איז איבערגעריסן געוואָרן די פֿאַרבינדונג. און דו האָסט גערופֿן דעם פּאָלקאָווניק דו ביסט אַוואַדע זייער בייז געוואָרן, האָסט געזאָגט: „קענט איר רעדן ביכלאַל ריידן דורכן טעלעפֿאָן? עפּשער מיינט איר נאָר, אַז דאָס איז ניט קיין טעלעפֿאָן, נאָר אַ „מאַשין צום וואַשן וועש?" פֿאַרוואָס האָסטו דאָן געזאָגט, „אַ מאַשין צום וואַשן וועש" און נאָך צוגעשמייכלט? ווען דו וואָלסט זיך אויסגעזידלט, וואָלט איך זיך ניט באַליידיקט, איך האָב שוין געוווּסט, אַז אויף דער מילכאָמע זידלען זיך אַלע. אָבער ווען איך האָב דערהערט „אַ מאַשין צום וואַשן וועש", האָב איך זיך שיר ניט צעוויינט...

— און איך האָב דאַן אַ טראַכט געטאָן — אַ ווילדע מיידל...

— אַ ווילדע און מיטאַמאָל אַ וועש־מאַשין!... ווייסט, מיטיאַ, איך האָב שוין דאַן פֿאַרשטאַנען, אַז איך קען ניט קוקן אויף דיר רויִק... ווען מיר האָבן אָנגעגריפֿן, געדענקסט, אין סאַף פֿעברואַר — דער אומגעלונגענער אָנגריף אויף אַריאָל, ביסטו געקומען אַ פֿאַרפֿראָרענער, געטרונקען היים וואַסער. איך האָב דיר געוואָלט מעכאַבעד זיין, העלפֿן דיר, האָסטו מיר געזאָגט: „פֿאַרזיכטיק. איך האָב אַן אייפֿערזיכטיקע ווייב".

— דאָס איז דערפֿאַר, ווייל מיר האָט זיך זייער געוואָלט אָנעמען דיין האַנט... און דו האָסט געגלייבט?

— איך האָב געגלייבט, אַז דו האָסט זיך געוואָלט אַ רייץ טאָן מיט מיר, האָסט דאָך מיר פֿאַר דעם עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז דו ביסט ניט פֿאַרהייראַט.

— איך האָב זיך ניט אַנטשלאָסן צו זאָגן. ערשט אין טשערניגאָוו...

— פֿאַרוואָס דאָרט?

— געווען אַ טייך, קאַשטאַנעס... זע, וואָס פֿאַראַ בעז!...

— ער דערבליט שוין. געדענקסט, לעבן דומניטשי — פֿאַר אַריאָל — האָב איך דיר געבראַכט אַ בוקעט?

— דאָרט האָט מען שטאַרק באָמבאַרדירט. פֿאַרוווּנדעט באַבאַרושאַן...

און פון די וואס זיינען געווען אפן קורגאן, איז קימאט קיינער ניט פאר־בליבן. א שאד, וואס אסיפ איז ניט מיט אונדז.

— ווו איז ער?

— זיי זיינען אוועק דארעמדיקער — אף פאטסדאם. ווייסט, אליא, ער איז א גוטער מענטש, ער קען אבער ניט זאגן דאס, וואס ער פילט. אזוי ווי איך... אגעוו, זיי פילן, אוואדע, גארניט. איך, ווען איך קען ניט, מאך איך זיך נאריש, אבער אסיפ סקריפעט...

— מיטיא, האסטו געטראכט אף יענעם קורגאן, אז דו וועסט בלייבן לעבן?

— געטראכט, אז איך וועל ניט בלייבן לעבן, און אויסגעוויזן האט זיך מיר, אז איך וועל אומבאדינגט בלייבן לעבן. איך מיין, אז אלעמען האט זיך אזוי אויסגעוויזן: מען דערהארגעט, אבער איך וועל בלייבן לעבן... טער־רעשקאוויטש האט ניט לאנג גערופן קיין יאראסלאוו. גערענקסט?

— יא, טאניא און מאיעלע...

— אפן קורגאן איז געווען זארובין. גערענקסט דעם „מיסטער”? ער פלעגט ריידן אזוי לאנגזאם, אז מען האט געקענט איינשלאפן צווישן צוויי ווערטער. און אומגעקומען איז ער, בעיים מען האט קאנטראטאקירט, ער האט זיך געלאזט פארויס פון אלעמען. מאנאראדזע פלעגט טאנצן... בראדסקי פלעגט דערציילן, ווי ער פלעגט זיצן אין אבסערוואטאריע און קוקן אין די שטערן. און דו האסט דאן אוואדע געשריען „לעוואנע, איך בין וועגרא”... א מינע האט אים אופגעריסן. און ליגאן גערענקסטו — סארא קליינינקע זי איז געווען און געשלעפט שאפאוואלאוון... איך וועל זי קיינמאל ניט פאר־געסן. דו האסט מיר געהאט געזאגט, אז איך וועל דיך אוועקווארפן. מיר וועלן קיינמאל ניט קענען איינער דעם אנדערן אוועקווארפן — מיר זיינען געווען צוזאמען אפן קורגאן...

— דו האסט מיר פאראיארן זומער געזאגט — פאר ארשע, אז דו ווילסט אפן אמור, גערענקסט? איך האב געפרעגט — פארוואס? האסטו גע־זאגט: „דארט זיינען טיגערס”. איך האב געטראכט, אז דו רעדסט פון טאנצן...

— ניין, פון לעבעדיקע — מיט פלעקן. מיר וועלן פארן אהין און מיר וועלן פארן אף סאווקאז — מען קען נאר ניט לויט לערמאנטאוון, עס ווילט זיך אליין ארומקלעטערן. מיר וועלן א סאך פארן, א סאך ארבעטן, א סאך לאכן; א סאך ליבן. גוט?...

ער האט צוגערופן דאס הינטל: ער איז אלץ דער זעלבער, פלאנטערט זיך לעבן זיינע פיס; אבער מיט א יאר צוריק האט אים מינאיעוו געגעבן אן אנדער נאמען. ער האט געזאגט: „פון איצט אן וועט „דאקטאר געבעלס” הייסן געפקא — איך האב דערעכערעץ פאר זיינע גראע האר, מען טאר ניט באליידיקן אן ארנטלעכן און גוטן הונט”. געפקא איז בעעמעם גרא געווארן, שטילער געווארן, האט ניט קיין לוסט צו מאכן קונצן.

— געפקא, ביסט צופרידן, וואס דו ביסט אין דיין היימלאנד? זאגסט זיך אפ? פארלייקנסט?... און איך בין צופרידן, וואס איך בין אין דיין היימלאנד; צופרידן, וואס איך בין אהער געקומען, און איך וועל נאכמער צופרידן זיין, ווען איך וועל פונדאנען אוועק. געפקא, דיר שטייט פאר זען מאסקווע. איין באדינג — ניט בילן ניט אף די מיליציאנערן, ניט אף דער

סאַמעלען. הער אַליאַ ,מיר וועלן אַוואַדע, קומען אין יוני אָדער יולי, עס וועט זיין זייער היים. דו וועסט, פאַרשטייט זיך, קוידעם קאָל פאָדערן גע־פּרווירנס. מיר וועלן קומען צופאַרן אַפן ווייסרוסישן וואָקזאַל. נאָכדעם — די גאַרקי־גאַס. דאָס הויז, דאָס זעלבע, וואָס בײַ פּושקינען — סימפּאַטישע ליבן. נאָכדעם דער טורעמל מיט לעפּעשינסקאַיאַ. אַף רעכטס — פּושקין. אַפן בולוואַר טומלען קינדער, און די מאַמעס זיינען פאַרשלאָפן פון היץ... נאָכדעם איבער מעטראָסטראָיעווער. אַפן גערעדט, וואָלט מען פריער באַ־דאַרפט פאַרנעמען זיך איבער דער סאַדאָווע, אָבער מיר מוזן זיך ביידע פאַרשטעלן פּושקינען. טאַקע לעבן פּושקינס דענקמאָל האָב איך געטרוימט: „צערטל מיך, עס זיינען דיינע צערטלעכקייטן זיסער מיר פון מירטן און פון וויין". איך בין דאָן אַלט געווען דרייצן יאָר, און קושן עמיצן... דאָס האָב איך געהאַסט, נאָר צערטלעכקייטן... און דאָן גלייך צו דער מאַמעלען; וועסט זען, וואָס פאַרא מאַמעלע איך האָב!...

זיי זיינען נאָך לאַנג געגאַנגען איבער די גאָלדענע סטעזשקעס צווישן בעז. זיי האָבן מער ניט גערעדט — זייערע געדאַנקען און געפילן זיינען גע־ווען אַזוי ענלעך, אַז ווערטער זיינען געווען אומנוצלעך. ערשט ווען זיי זיי־נען געגאַנגען צוריק אַהיים, ווו עס האָט זיי אָפּגעוואַרט לייטענאַנט קאַרושקין, איז מינאַיעוו געבליבן שטיין און געזאָגט אַליאַן אַפן אויער:

— איך האָב דיר פאַרגעסן זאָגן... מיר האָבן געזיגט — דאָס איז אַב־סאָלוט פּינקטלעך.

## XXIX

גאַלאַטשקאַ איז געלעגן אַף דר'ערד און געוואַרט ווען עס וועט קומען דער עסעס פּאָל. זי קען שוין מער ניט אַרבעטן, הייסט עס אַז באַלד וועט קומען פּאָל מיט אַ ריזיקן הונט. און דער הונט וועט זיך וואַרפן אַף גאַ־לאַטשקאַן. אַזוי האָט מען דערהאַרגעט וועראַן, די פראַנצויזן קלאַר, די אונ־גאַרישע יִדישקע מיראַן. דער עסעס איז ניט געקומען. גאַלאַטשקאַ איז גע־ווען אַן באַוווּסטזיין. ווען זי איז געקומען צו זיך, זיינען געווען אַ סאַך מאַ־שינעס. זינאַ האָט געשריען: „אַמעריקאַנער!" גאַלאַטשקאַן האָט מען אויפגע־הויבן, אַוועקגעטראָגן אין שפּיטאָל. זי איז אָפּגעלעגן דריי טעג, געטראַכט: ניט שווין־זשע וועל איך ניט זען די אונדזעריקע? ווען זי איז אַרויס אַף דער פרייער לופט, האָט זיך איר געדרייט דער קאָפּ, און זי האָט זיך אָנגעהאַלטן מיט דער האַנט אַן דער וואַנט. אַף דער מאַשין איז געווען אַ פאָן פון רויטן קרייץ. אַ לוסטיקער אַמעריקאַנער האָט פאָטאָגראַפירט די מיידלעך און גע־שריען: „קאַראַשאָ! קאַראַשאָ!" (גוט! כ. ב.) זינאַ האָט געזאָגט: דאָס איז עמעס, אַז ס'איז גוט... עס איז צוגעלאָפן אַ נעגער, זייער אַ שוואַרצער, מיט העלע ציין, ער האָט געגעבן גאַלאַטשקאַן אַ טאָפל שאָקאָלאַד און אַ שטיק געטאָן מיט דער האַנט אין ברוסט — דאָס איז פון גאַנצן האַרצן. עס איז געווען אַ ווינטיקער טאָג; עס האָט גערעגנט, נאָכדעם האָט זיך אויסגעלייַ־טערט... און ווען גאַלאַטשקאַ האָט דערזען דעם ערשטן רויטאַרמייער, איז ווידער געגאַנגען אַ קרומער רעגן, אַף דער זון האָבן געבלאַנקט דינע זיל־בערנע פעדעם. גאַלאַטשקאַ האָט אַרומגענומען דעם רויטאַרמייער און צע־

וויינט זיך. דאָס איז געווען אַ הויכער ניט קיין יונגער זעלנער מיט גראָע שטעכיקע האָר אויף לאַנג שוין ניט געגאָלטע באַקן. ער האָט זיך פאַרלוירן און פּלוצלינג אויסגעשריען:

— דאָס זיינען דאָך אונדזערע מיידלעך!...

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט געפרעגט גאַלאַטשקאַ.

מען ענטפערט איר:

— די דייטשן האָבן זיך אונטערגעגעבן... אַ זיג... און די זעלנער פרעגן זי:

— פונוואַנען קומסטו איצט, מיידל?

גאַלאַטשקאַ האָט ניט קיין קויעך, אָבער זי רעדט, זי קען ניט שווייגן.

— איך בין פון אַ שטראָף־לאַגער. ניין, איך בין פון קיעוו. איך האָב געוווינט אויפן שעווטשענקאָ־בולוואַר. אונדז האָט מען אַרויסגעפירט שוין זייער לאַנג — פאַר סטאַלינגראַד. מיר האָבן געאַרבעט אויף אַ זאַוואָד. דאָרט איז געווען אַ בייזע דייטשקע כריסטינאַ. זי האָט געשלאָגן איבערן פּנים. דאָרט זיינען געווען פראַנצויזן. פּיער האָט געגלויבט, אַז די רויטע אַרמיי וועט זיגן. ער האָט אונדז דערציילט, אַז מען האָט באַפרייט קיעוו. ער איז געשטאָרבן. איך בין, געוויס, געוואָרן אַ זקינה. איך בין געווען אַ יונגע... מען האָט מיך אַרויסגעשיקט אין שטראָף־לאַגער. דאָרט זיינען געווען מיידלעך פון אַלע לענדער און אַ סך אונדזערע סאָוועטישע. איך האָב דאָרט פאַרגעסן ריידן... איר ווייסט, ווי אַזוי מיר האָבן גערעדט? „איך בין אומגעשטאַנען צום אַפּעל, האָט מיך די פּאָליצאַיקע צעשלאָגן. די אויפזעערינקע האָט אויסגעשטאָכן באַ יאַנינאַן אַן אויג". „די שטוביקע האָט געמאָסערט, אַז נאַדיאַ קען ניט אַרבעטן, האָט מען זי גאַזירט". (אַ געמיש פון רוסישע און דייטשישע ווערטער — כ. ב.). אַז מען פלעגט ניט קענען מער אַרבעטן, האָט פּאַול גערופן דעם הונט, פלעגט ער צעבייסן, אָדער זיי פלעגן שלעפּן אין פורגאָן מיטן גאַז, מיר פלעגן זאָגן „גאַזירט". נאַדיאַ האָט געהאַט אַ כאָסן — אַ טאַנקיסט; מען רופט אים יעגאָר ניקיטענקאָ, אויב עמיצער וועט אים טרעפן, זאָגט אים, אַז בעיים מען האָט נאַדיאַן געשלעפּט צום פורגאָן, האָט זי דערמאָנט דאָס היימלאַנד און יעגאָרן. מיר איז געווען לייכטער — איך האָב קיינעם ניט, געווען דער פעטער ליאָניאַ, האָבן אים די דייטשן דערהאַרגעט... טייערע כאַווײרים!... איך קען ניט ריידן און פאַרשווייגן קען איך ניט... איר זייט דאָך די ערשטע... מיר האָבן געוווּסט, אַז איר זייט נאָענט, עס איז געקומען די אויפזעערינקע, האָט געזאָגט: „פרייט זיך ניט, מיר וועלן אייך אַלע אויסהאַרגענען". די פראַנצויזן קאָלעט האָט געזאָגט, אַז די סאָוועטישע זיינען לעבן בערלין. איך ווייס ניט, ווער דאָס האָט איר דערציילט, אָבער פּאַול איז געקומען אַ ווילדער און אָפּגעלאָזט דעם הונט אויף מאַשאַ אודאַלצאָוואַ. מאַשאַן האָט מען געבראַכט פון קרים, זי האָט גוט געזונגען. מען האָט ניט געטאָרט זינגען, אָבער זי האָט געזונגען וועגן מאַטראָסן:

„לאַנגע כאַדאָשים אין קרייז פון אַ צוואַנג
מיר האָבן ווי לייבן געקעמפט זאַלבעגאַנד.
סעוואַסטאָפּאָל געפאַלן — אַ העלד, ווי ער ליגט!
אויך מיר — אינעם וואַסער, פון כוואַליעס געוויגט"...

מיר האָבן געהאַט אַ פּאַרטאָרגאַניזאַציע. מיר האָבן געאַרבעט מיט

פראַנציזנס, מיט טשעכישע פּרויען. אין אָקטאָבער־יאָרטאָג האָבן מיר גע־שווירן, אַז מיר וועלן בלייבן טריי. דאָן האָט מען גאָזירט שוראַ ווינאָגראַ־דאָוואַ. און זינאַ האָט אונטערגעצונדן דעם טאָרטאַק... כאַווײרים, ניט שווין־זשע זע איר אײַך? פֿונוואַנען זײַט איר?

— איך בין פֿון קיעוו, — האָט געענטפֿערט איין רויטאַרמייער, — געוווינט אַף פּעטשאַרסק...

— פֿון קיעוו? אַף פּעטשאַרסק?... וואָס פֿאַראַ גליק!...

זי איז געזעסן אַפֿן גראָז, אַ בלייכע און אַזאַ אויסגעפּייניקטע, אַז מענטשן פֿלעגן זיך אָפּקערן, געזיפֿצט, געבײַלט די פֿויסטן: צו וואָס האָט מען דערפֿירט אַ מיידל! אָבער גאַלאַטשקאַס אויגן האָבן געגלאַנצט, זיי זײַ־נען געווען פֿאַרנעפּלט און גלייכצייטיק העל, זיי האָבן געשמייכלט איבער די פּוכיקע ראָזע וואָלקנס, איבער דער לאָנקע, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט בלאָזעלער, איבער די זעלנערישע פּענעמער. און פּלוצלינג האָט זיך גאַלאַטשקאַ צעלאַכט.

— וואָס לאַכסטו, מיידל? — האָט געפֿרעגט אַ באַיאַרנטער זעלנער, וועמען גאַלאַטשקאַ האָט אַ קוש געטאָן, אַרויסגייענדיק פֿון דער מאַשין.

— איך ווייס ניט... איך האָב שוין זייער לאַנג ניט געלאַכט. איך האָב אַפֿילע פֿאַרגעסן, ווי אַזוי מען לאַכט... און אין קיעוו פֿלעג איך אָפֿט לאַכן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. איך האָב געאַרבעט אין גלאַווכלאַפּראָם, געגאַנ־גען אין טעאַטער, איך פֿלעג ריידן מיט ראַיען אָדער מיט וואַליאַן און פּלוצ־לינג אָנהויבן לאַכן... איר זאָגט, אַז די דייטשן האָבן זיך אונטערגעגעבן. זעט איר... און איר זײַט פֿון קיעוו, געוווינט אַף פּעטשאַרסק... איך פֿלעג דאָרט אָפֿט זײַן, דאָרט האָט געוווינט דער פֿעטער ליאָניאַ... זיי האָבן אונדז זייער געפּייניקט, געוואָלט, אַז מיר זאָלן זיך בוקן צו זיי. אָבער איך האָב זיך ניט געבוקט, איך האָב שטענדיק געדענקט, אַז איך בין אַ סאָוועטישע. איך קען איצט לאַכן... איך האָב אײַך געזאָגט, אַז מען רופֿט מיך גאַלינאַ, גאַלאַטשקאַ. און אין קיעוו האָט מען מיר אַ נאָמען געגעבן לאַכערקע... און אַט איז די לאַכערקע אופֿגעשטאַנען טכיאַס האַמייסים. ליבע כאַווײרים מײַנע...

מען האָט זי אַפּגעפֿירט אין סאַנבאַט. זי איז געזעסן אין דער אָפֿענער מאַשין, זייער אַ בלייכע און געשמייכלט; נאָכדעם האָט זי אַ קוק געטאָן אַף הינטער — זי האָט געוואָלט נאָך איינמאָל געזעגענען זיך מיט די זעלנער, און דער זון־פֿאַרגאַנג האָט באַגאָסן איר פּאָנעם מיט אַ ראָזן קאָליר, און דער ווינט האָט געקעמט אירע העל־ברוינע האָר.

XXX

די אַמעריקאַנער האָבן געזאָלט קומען צופֿאָרן דעם 8־טן מײַ באַטאָג; מען האָט געהאַלטן אין איין איינשטעלן פֿונקטן אופֿצונעמען די באַפֿרייטע בירגער פֿון פֿאַרשיידענע לענדער. אָסיפּ האָט באַשלאָסן אופֿצונעמען און מעכאַבעד זײַן די געסט. מען האָט אויסגעפּוצט די הײַזקע, אַוועקגעשטעלט אַפֿן טיש אַ ריזיקן בוקעט. דער קוכער, אַ צעפּאַרעטער פֿון היץ און פֿלייס, האָט שוין צום הונדערטסטן מאָל געפֿרעגט: „זאָגט מיר, אַ כאַזערל עסן זיי?“

מאיאר סמידל איז געווען אַ הויכער, אַ טונקעלער, גראַלער. ער האָט ניט געוווּסט, ווי אַזוי צו ריידן מיט די רויטע, האָט ער געשמייכלט. קאַפּיטאַן מאַק־קאַרן, ווידער, האָט זיך געהאַלטן פריי, געלאַכט אַפן קאָל, געפּאַכעט מיט די הענט, פאַרוואָרפן הויך אַ פוס אויף אַ פוס און געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן: „איך האָב ליב אַלץ וואָס איז רוסיש".

די אַמעריקאַנער זיינען געקומען מיט אַן איבערזעצער, וועלכער האָט געזאָגט אַסיפּן:

— מיין טאַטע איז געבאָרן געוואָרן אין ווילנע, ער איז אַוועקגעפאָרן פון רוסלאַנד נאָך בעיסן קייסער. זיין פאַמיליע־נאָמען איז גערשטיין, אויף אַמעריקאַניש איז דאָס האַירסטאַן. ווען איך איבערזעץ, איז עס ניט אַזוי ווייט פון עמעס...

סערזשאַנט האַירסטאַן איז געווען צו באַשיידן: ער האָט אַלץ פאַרשטאַנען און געוויסנהאַפט איבערגעזעצט. ער האָט נאָר געהאַט אַ ליידנשאַפט צו בילדערישע ווענדונגען אין דער שפּראַך; ער פלעגט זאָגן: „אַ וואָרט איז ניט קיין הון", „ניט געזעסן, ניט געפלויגן", „אייזענהאַואער איז אַ טויז פון סטראַטעגיע, אָבער פּאַטאַן עסט אויך ניט פון אַ לאָפּטשע".

דער קוכער האָט זיך אומזיסט באַומרויִקט: די געסט האָבן גוט געגעסן, און נאָך בעסער האָבן זיי געטרונקען. דער אָרדענאַנץ האָט שפּעטער דערציילט: „זיי האָבן אָנגעגאָסן בראָנפן אין גרויסע גלעזער, זיצן און כליאַבענען, איך גיב אַ קוק — שוין ווידער פולע גלעזער, איך האָב שוין אַלץ אַראָפּגענומען פון טיש, געבראַכט טיי, און זיי ציִען נאָר — ווי זאַפּט, אַפילע בלויז קוקן נעמט אַן אַ שרעק"...

מאַק־קאַרן האָט געפרעגט אַסיפּן ווי אַזוי מען פייערט אין מאַסקווע דעם זיג. אַסיפּ האָט געענטפערט, אַז פייערן וועט מען אַוודע מאָרגן, נאָכדעם ווי מען וועט אַלץ אונטערשרייבן אין בערלין. מאַק־קאַרן האָט זיך צעלאַכט:

— און אין אַמעריקע פייערט מען שוין. מיר אַמעריקאַנער, איַילן זיך שטענדיק.

אַסיפּ האָט זיך דערמאָנט דעם זומער פון צוויי און פערציקסטן, סטעפּ, מינאַיעווס טרוימען. דאַן האָבן זיי זיך ניט געיַילט...

מאַק־קאַרן איז רויט געוואָרן פונעם בראָנפן; ער האָט גערעוועט:

— די ענגלענדער דאָס זיינען מושל־באַשעפענישן, ביז זיי קריכן אַרויס פון זייער שאָלעכץ, קען מען הונדערט מאָל איינשלאָפן. און מיר האָבן ניט ליב פאַרלירן צייט. מיר — זיינען אַ יונג פאָלק, אַזוי ווי איר. זאָגט מיר, הער מאַיאָר, פונוואַנען קומט צו אייך אַזויפיל אָרדענס? איר זייט, געוויס, אַ קאַדראַווער אָפיציר?

— ניין, פאַר דער מילכאָמע בין איך געווען אַן עקאָנאָמיסט־פּלאַנירער.

— בראַוואָ! דאָס איז אַ גלענצנדער פאַך. מיט אַזאַ פאַך קען מען אין אַמעריקע, אויב מען האָט נאָר אַ קאָפּ, פאַרדינען צוואַנציק טויזנט דאָלאַר. וויפל דאָלאַרן פאַרדינט אַ מיטלמעסיקער פּלאַנירער אין רוסלאַנד?

— איך ווייס בעעמעס ניט ווי אַזוי אייך צו ענטפערן; איך ווייס ניט, וויפל עס איז דער ווערט פון דאָלאַר, כוצדעם איז די צאָלונג־סיסטעם בײַ אונדז אַן אַנדערע...

— דאָס איז גאָרניט, איר וועט זיך נאָר שטעלן אַף די פיס, איר וועט אויך האָבן דאָלאַרן. איר זייט דאָך זייער, זייער אַ גרויס לאַנד, ווי אַמעריקע. מיר האָבן אייך געהאָלפן בעיס דער מילכאָמע, און איך מיין, אַז מיר וועלן אייך אויך דערנאָך העלפן. מיר ווילן, אַז אומעטום זאָל הערשן אָרדענונג. עס איז שוין דערעסן, — יעדע פינף און צוואַנציק יאָר קומט אונדז אויס צו באַפרייען אייראָפּע, און נאָכדעם האָדעווען זי. מיר געפעלט, ווי אַזוי איר טאַנצט — האַפּסענדיק, איך האָב עס געזען אין אַ קאַבאַרעט. און אויך דער בראַנפן געפעלט מיר. איך ווייס, אַז בײַ אייך איז גאָר אַ באַזונדערער רעזשים. די אַמעריקאַנער וואָלטן ניט געקענט אַזוי לעבן. אָבער אין אַלגעמיין איז עס אייערע אַ זאַך... בײַ אייך, צום בײַשפּיל, איז נאָר איין פּאַליטישע פּאַרטיי. איך מיין, אַז דאָס איז צו אָרעם פאַר אַזאַ גרויסער מעלוכע. מיר האָבן זיך אָפּגעוואַלגערט אין ענגלאַנד אַ האַלב יאָר, האָבן זיי דאָרט דריי פּאַרטייען: איינע אַ מער פּאַרגעשריטענע, די צווייטע אַ מער פּאַרזיכטיקערע און צו וואָס זיי דאַרפן די דריטע, ווייס איך ניט, אָבער דאָס איז זייער זאַך. אין אַמעריקע זײַנען צוויי פּאַרטייען און ביידע פּאַרגעשריטענע — די דעמאָקראַטן האַלטן פאַר דער רעפּובליק, און די רעפּובליקאַנער — פאַר דער דעמאָקראַטיע. איר וועט זאָגן אַז זיי זײַנען ענלעך איינע צו דער אַנדערער, האָבן מיר אָבער דערפאַר אַן אויסוואַל. דער מאַיאָר רויבערט „משעסטערפיעלד" און מיר געפעלן בעסער „קאַמעל", מען זאָגט, אַז אין דער פינצטער קען מען ניט אונטערשיידן — דער זעלבער טאַם, אָבער מיר געפעלט, וואָס איך קען אויסוויילן, רויכער איך טאַקע נאָר „קאַמעל"... איינציקע אָפיצירן האַלטן, אַז מיר וועלן זיך צעקריגן מיט די רוסן, ווײַל די רוסן — זײַנען קאָמוניסטן. איך בין צופרידן וואָס איך בין געווען בײַ אייך, איך וועל צוריקומען וועל איך דערציילן, אַז די רוסישע קאָמוניסטן זײַנען גאָר עפּעס אַנדעריש, וואָס די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן. איר זייט, געוויס, אויך אַ קאָמוניסט, זעט איר... און איר זייט — אַ מאַיאָר, אינגיכן וועט איר ווידער זײַן אַן עקאָנאָמיסט־פּלאַנירער. הייסט עס, אַז איר זייט פּונקט אַזאַ מענטש, ווי איך. און אין אַמעריקע איז אַ קאָמוניסט אַ משוגענער אָדער אַ גאַזלען. נעמט מיך, איך האָב אָנגעהויבן פון צען סענט, און איצט האָב איך אַ פיינע פאַבריק פון רעגנמאַנטלען. איך האָב אויסגעפונען אַ געמיש, וואָס לאָזט ניט דורך דעם רעגן און אין דער זעלבער צייט גיט עס אַ מעגלעכקייט דעם קערפּער פרײַ צו אָטעמען. דאָס איז אַן אידיי אַף הונדערט טויזנט דאָלאַר. אויב די קאָמוניסטן וועלן בײַ מיר צונעמען די פאַבריק, וועט דאָס זײַן אַ גזילע — איך האָב זי דערוואָרבן דורך אָרנטלעכער פּראַצע...

דער סערזשאַנט האָט קוים באַוויזן איבערזעצן. ער האָט זיך באַדעקט מיט שוויס און ווען דער קאַפּיטאַן איז אַף אַ רעגע אַנטשוויגן געוואָרן, האָט דער איבערזעצער צוגעגעבן פון זיך:

— עס לוינט ניט הערן אַלץ, וואָס ער רעדט. ער טרינקט אַ סך און מען האָט אים שלעכט אויפגעהאָנגען די צונג.

מאַק־קאַרן האָט ניט געקענט זיצן אַף איין פּלאַץ, ער איז אויפגעשפּרונגען, געפּאַטשט מיט די הענט. צעשמייכלענדיק זיך, האָט מאַיאָר סמירל געזאָגט אַסיפּן:

— זאָל איך ניט בידעשן דאָס, וואָס קאַפּיטאַן מאַק־קאַרן רעדט, ער איז אַ טיפּישער צאַפּנדיקער. און איך בין פון לויזיאַנע. עס וואָלט גוט געווען, ווען איר קומט צופאָרן צו אונדז, דאָס איז אַ שיינע געגנט. בײַ אונדז ווערט נאָך אָנגעהאַלטן דער פּאַטריאַרכאַלער שטייגער, מיר האָבן ליב צו טרוימען, מיר קענען אויפנעמען געסט. געוויס, דרינגט אויך אַרײַן דער גייסט פון צאָפן צו אונדז — מען בויט זאַוואָדן, עס הויבט זיך אָן אַ פּיבער, געשפּרעכן וועגן דאָלאַר. אָבער דאָך איז ניו־אָרלעאַן ניט ניו־יאָרק — בײַ אונדז איז מער האַרציקייט. איך מיין, אַז מיר קענען לייכטער פאַרשטיין די רוסן, ווי די צאָפנדיקע. איך ווייס, אַז בײַ אײַך איז געווען אַ גרויסער שרײַבער טאָלסטאָי. איך האָב געזען אין קינאָ אַ בילד לויט זײַנעם אַ ראָמאַן, איז דאָרט געווען אַ ווונדערלעך פּאַטעטישע סצענע — דער פאַרברעכער פליט אין אַ געשפּאַן פון דריי פערד צו אַ נאַכט־לאָקאַל הינטער דער שטאָט. נאָכדעם האָבן זיי אַראָפּגענומען פון פערד אַ גלעקעלע און געטרונקען אין אים בראַנפן.

— אַ שאָד, וואָס איך האָב ניט קיין גלעקעלע, — האָט געזאָגט אַסיפּ, — דערלויבט, איך וועל אײַך אָנגיסן אין אַ פּאַשעט גלאָז.

דער מאַיאָר האָט באַדאַנקט און אויסגעטרונקען צום זעקסטן אָדער זיבעטן מאָל פאַרן זיג. און מאַק־קאַרן האָט געטרונקען אָן אָן אײַנלאַדונג. ער האָט גערעדט אָן אויפהער:

— ביטע, הער מאַיאָר, שרײַבט זיך אונטער אויפן דאָזיקן דאָלאַר. איך וועל האָבן אַ היסטאָרישן דאָלאַר — די באַגעגעניש אויף דער עלבע אינעם טאָג פון זיג. איר האָט גלענצנד געקעמפט! ווען מיר האָבן געלייענט וועגן סטאַלינגראַד, האָבן מיר אַלע געזאָגט, אַז דאָס איז אַ רעקאָרד פון ווידערשטאַנד. איך האָב אַ קוזין, איז ער אַן אַדוואָקאַט, און ער האָסט די רוסן דערפאַר, וואָס זיי זײַנען רויטע, אָבער אַפילו ער האָט געזאָגט „אַן אַבסאָלוטער רעקאָרד פון העראָיזם“. מען האָט דאָן געזאַמלט בײַ אונדז לעטויוועס די רוסן זייער אַ סך דאָלאַרן. מיר איז זייער אָנגענעם, וואָס איך האָב זיך געטראָפן מיט אײַך אין אַזאַ טאָג, איך וועל וועגן דעם דערציילן מײַן ווײַב און אַלע באַקאַנטע. איר מעגט מיר גלויבן: דזשים מאַק־קאַרן איז ניט קיין דיפּלאָמאַט, ער איז אַן אָפענער מענטש, און אויב ער זאָגט, אַז ער האָט ליב די רוסן, הייסט דאָס אַז ער האָט זיי טאַקע בעמעמעס ליב. אין אַלגעמיין איז מיר אַלץ איינס, וואָס בײַ אײַך איז עפּעס אַזאַ אויסטערלישער רעזשים. פאַר מיר זייט איר ניט קיין קאָמוניסט, נאָר אַ גוטער זעלנער. געוויס, זייט איר אַ גוטער פּלאַנירער. דאָס איז אויך דאָ אין אַמעריקע, דאָס איז אַ גלענצנדער פאַך. פרעג איך דען דעם קליענט, וואָס פאַראַ אידייען ער האָט? איך פאַרקויף אַפילו אַ ניגער. דער מאַיאָר איז אַ דאַרעמדיקער, זיי האָבן אַ סך פאָרורטיילן, מיר אין צאָפן זײַנען אַ סך ברייטער. געוויס, וועל איך זיך ניט צאַצקען מיט די שוואַרצע, אָבער מיר איז אַלץ איינס, ווען איך פאַרקויף — אַ ווײַסן אָדער אַ שוואַרצן. אַז אַ טויש מיט דער פּראָדוקציע איז ניטאָ קיין פּראָגרעס, און מיר זײַנען דאָס פאָרגעשריטנסטע לאַנד אויף דער וועלט. אייניקע אָפיצירן בײַ אונדז זאָגן, אַז איר גיט דאָלאַרן די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן. איך גלויב דאָס ניט. איר זייט געשעפטסלייט און איר ווילט, אַוודאי, קריגן דאָלאַרן. און דאָן איז אײַך אַלץ איינס, ווער עס וועט אײַך

געבן די דאזיקע דאלארן — די דעמאקראטן אדער די רעפובליקאנער. די קאמוניסטן קענען אייך גארניט געבן, ווייל זיי זיינען האלדראנצעס. איך וויל אייך שטעלן א פראגע... איך רייד מיט אייך אפנהארציק, זעלנעריש. איך האב געקוקט אף דער מאפע, איך פארמאגט א ריזיק לאנד, ווען מיר וועלן אייך געבן דאלארן, וועט איר אופבויען א סאך נייע שטעט. איך פארשטיי ניט, הער מאיאר, צו וואס דארפט איר פרעמדע שטעט?...

— וואס פארא שטעט?... איר פארשטייט ניט, צו וואס מיר האבן גענומען בערלין?

— ניין, בערלין, דאס איז גלענצנד. איך האב שוין געטרונקען באר בערלין, אבער איך וועל באלד ווידער טרינקען... איך רייד פון אנדערע שטעט. איך האב געלייענט, אז איר האט צוגענומען ריגע און בעלגראד און אונדזער האסקאמע...

אסיפן האט זיך זייער געוואלט ארויספראווען דעם באריידעוודיקן גאסט, ער האט זיך אבער באהערשט:

— איר ווייסט, ווייזט אויס, ניט וואס איר רעדט. ריגע — איז א סאוועטישע שטאט. און בעלגראד — די הויפטשטאט פון יוגאסלאוויע. מיר האבן נאר געהאלפן באפרייען זי...

דער איבערזעצער האט פארלארן דאס געדולד. ער האט געזאגט אסיפן:

— לייגט ניט קיין אכט אפן קאפיטאן, ער האט זיך אנגעטרונקען, און בכלל איז עס ניט קיין קלוגער מענטש, ער לייענט נארישע צייטונגען און גלויבט אין דעם, וואס עס איז געשריבן. ווי מען זאגט — אזא טיפעש קען נאר דער קייווער אויסבעסערן.

אסיפ איז מיד געווארן פון די געוואלדן, פון דעם געלעכטער, פון דער פיינטלעכקייט וואס האט זיך געפילט סיי אין די דראשעם פונעם פלאפלעדיקן קאפיטאן און סיי אין דעם מאיארס אנגעשפיצטן שווייגן. זיי האבן זיך צוריק גענומען צו דער פראגע וועגן דער רעפאטריאציע. מאיאר סמידל האט געזאגט:

— מיר האבן צווישן די אנפירער פון די רעפאטריאנטן־אפטיילונגען א סאך קאלירטע. איך האף, אז דאס וועט ניט באליידיקן אייערע זעלנער.

אסיפ איז דערשטוינט געווארן:

— פארוואס זאל עס באליידיקן?...

— אונדזערע זעלנער וועלן בעשום אופן ניט פארבלייבן צוזאמען מיט די קאלירטע... אייך איז דאס שווער צו באגרייפן — אין אייער לאנד וווינען מענטשן פון איין ראסע.

— אין אונדזער לאנד וווינען מענטשן פון פארשיידענע ראסן, אבער איר זייט גערעכט — אונדז איז עס שווער צו באגרייפן.

דער מאיאר סמידל האט געהאט דעם איינדרוק, אז דער טאן פון דעם רוס איז א באליידיקנדיקער. אלע ווייסן, אז בא די רוסן איז ניטא קיין פרייהייט. איך בין זיך באגאנגען איידל, ניט געזאגט אים, וואס איך טראכט וועגן זיין לאנד. איך האב נאר פארזיכטיק געגעבן אנצודייטן, אז די אמעריקאנער באציען זיך אנדערש צו דער פוילישער פראבלעם... פארוואס־זשע וויל דער דאזיקער רויטער ניט פארשטיין, אז עס דראט די אמעריקאנער

אַ געפאַר, אויב זיי וועלן זיך ניט קענען אָפּגרענעצן פון פאַרקערן מיט די קאָלירטע?... און מאַיאָר סמידל האָט געזאָגט:

— איר האָט אַ טאָכטער, הער מאַיאָר?

— געהאַט...

סמידל האָט אַ זיפץ געטאָן, וועלנדיק אויסדריקן מיטגעפיל, ער האָט זיך אָבער ניט אָפּגעזאָגט פון יענער פראַגע, וואָס עס פלעגט אים אָפט אויסקומען צו שטעלן אין אייראָפּע:

— ווען איר וואָלט אָבער געהאַט אייער טאָכטער, הער מאַיאָר, וואָלט איר דען מאַסקים געווען, אַז זי זאָל כאַסענע האָבן פאַר אַ מענטשן פון אַ נידעריקערער ראַסע?

— הער מאַיאָר, מיין טאָכטער האָבן דערהאַרגעט מענטשן, וואָס האָבן גערעדט אַזוי ווי איר...

די געסט זיינען ענדלעך אַוועק. באַם געזעגענען זיך האָט סערזשאַנט האַירסמאַן געזאָגט אָסיפּן:

— דער מאַיאָר איז אויך אַ טיפּעש, איך ווייס ניט, ווער עס איז ערגער, מיסטאָמע ביידע. מיין טאַטע איז אַוועקגעפאָרן פון רוסלאַנד נאָך בעו'ים דעם קייסער, אָבער ער האָט מיר דערציילט: „ווען איך האָב דערזען די וואָלקנקראַצערס, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז אין ווילנע זיינען קליינע הייזער, אָבער די מענטשן זיינען דאָרט מיט אַ גרויס האַרץ"... זייט ניט בייז אַף מיר, הער מאַיאָר, דערפאַר, וואָס איך האָב באַדאַרפט איבערזעצן אַלע נאַרישקייטן זייערע — איך בין דאָך נאָר אַ סערזשאַנט. אָבער איך בין איצט זייער שטאָלץ, וואָס מיין טאַטע איז געבאָרן געוואָרן אין ווילנע...

אינאָוונט זיינען צו אָסיפּן געקומען זיינע אַלטע שלאַכט־פריינט: לעאַנידזשע, פאַליטשוק, טשאַלי, שאַריקאָוו... מען האָט געפייערט דעם זיג. דער קוכער האָט זיך געפרייט: איך האָב זיך ניט נאָר פאַר די אַמעריקאַנער געפלייצט, זאָלן די אונדזעריקע אויך אָפּעסן...

— אינטערעסאַנט, ווען מאָסקווע וועט מעלדן? היינט אינאָוונט אָדער מאָרגן?...

— מען דאַרף הערן די גאַנצע צייט.

— עס וועט געוויס אַרויסטרעטן סטאַלין...

לעאַנידזשע האָט געפרעגט:

— ווי אַזוי זיינען די אַמעריקאַנער?... איר האָט זיך צוזאַמענגערעדט?..

אָסיפּן האָט זיך ניט געוואָלט ריידן וועגן דער באַגעגעניש מיט זיי: צו וואָס קאַליע מאַכן דעם יאָנטעוו? שפּעטער וועט ער דערציילן... און ער האָט געענטפערט:

— צוזאַמענגערעדט זיך.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער געטראַכט וועגן דעם שמועס מיט די אַמעריקאַנער. געוויס, זיינען זיי פרעמדע, קיינער האָט זיך גאָר אַנדערש ניט פאָרגעשטעלט... אָבער איך האָב געמיינט, אַז זיי זיינען קליגער; געמיינט, אַז די מילכאָמע האָט זיי עפּעס אויסגעלערנט... אָבער ס'איז ווידער אַלץ דאָס זעלבע... דער מאַיאָר האָט געזאָגט, אַז „די דייטשן זיינען גוטע אָרגאַניזאַטאָרן". קלאָר, וואָס אייגנטלעך עס איז אים געפעלן אין דייטשלאַנד. מיט וואָס אונטערשיידט ער זיך פון די דייטשישע פאַשיסטן?! און דער קאַפּיטאַן

האט אויסגעפלאפלט אלץ, וואס זיי שרייבן: רעכילעס, ליגן, סאס... איינער א שקלאפן־הענדלער, דער צווייטער א מעקלער. דער איבערזעצער האט רעכט: „ביידע זיינען ערגער"... עס איז א פארדרוס, וואס פונקט היינט האט מיר דער שיקזאל צוגעטראגן אזא מאטאנע...

אויסטרינקענדיק א לעכאיים פארן פאלק, האט פאלישטשוק געזאגט:

— דער איקער איז, וואס איצט האט זיך אלץ געענדיקט. איך וועל אוועקפארן צו זיך קיין ניעזשין. גענוג האב איך געלערנט די פריצן — מיט אייזן. אף אוקראינע ווארטן אונדזערע יאטלער, מען דארף די קינדער לערנען...

שאריקאוו האט מיט באגייסטערונג גערעדט וועגן זיין זאוואד: ער האט דערהאלטן א בריוו — מען רופט, מען בויט נייע צעכן. לעאנידזשע איז געווען אופגערעגט: וועל איך קענען אניאגן, וואס איך האב דורכגעלאזט. עס איז עפעס מאדנע זעצן זיך נאך דעם אלעמען לערנען, און לערנען ווילט זיך... טשאלי האט זיך ארומגעטראגן מיט ליטעראַרישע פלענער, ער וועט אומבאדינגט אנשרייבן א בוך אין צוואנציק דרוק־בויגנס. מען האט גערעדט וועגן די היימישע, פאלישטשוק האט דערציילט: „מיין קאסטיא איז אן אויסערגעוויינלעכער שטיפער"... לעאנידזשע האט דערמאנט די מאמען, די הייזקע צופוסנס פון בארג, די ווייגערטנער...

אף א רעגע איז דערשינען פאר אסיפס אויגן דער ווייסער זאמד פון באבי־יאר. ער איז אופגעשטאנען, געזאגט, אז ער גייט נאך פאפיראסן; ער איז געבליבן שטיין אין שכייניעסדיקן צימער באם פענצטער. מען האט גארניט אנגעזען — ניט קיין שטערן, ניט קיין פייערן. פאר אים איז געשטאנען ראיע, עס האבן זיך געשלאגן די גרויסע וויעס, זי האט געפליסטערט: „פארשטייסט ניט ווי איך האב ליב, פארשטייסט ניט גארניט"...

די כאווירים האבן געוווסט פון אסיפס אומגליק. פאר די דריי יאר האבן זיי אים פארשטאנען און ליב באקומען. לעאנידזשע האט אים געזאגט:

— וועסט קומען צו מיר, א גאניידן־ווינקעלע, איך וועל דיר מעכאבעד זיין מיט אזא ווייַן...

— אין ניעזשין איז ניטא קיין וויין. נאר סאמע אוגערקעס, — האט זיך צעלאכט פאלישטשוק, — אבער דו זאלסט אומבאדינגט קומען צו מיר. פון קיעוו איז עס נאענט... מירן שמועסן, עס וועט זיין וואס צו דערמאנען. וואס קלייבסטו זיך טאן, ווען מען וועט דעמאביליזירן? קיין קיעוו?...

אסיפ האט אומגערן געענטפערט:

— איך ווייס ניט... וואס מען וועט זאגן.

— און אויב מען וועט זאגן — קלייב אויס?

— וועל איך פארבלייבן אין דער ארמיי.

אסיפ האט זיך אנגעכמורעט: מען וועט מיינען — ער האט ניט קיין פאמיליע, קיין שטוב, האט ער זיך צוגעטשעפעט... אבער דאס איז ניט אזוי. ארבעטן קען איך אומעטום. אין קיעוו, אפן פעטשאר. און מיין שטוב איז אומעטום — איך האב זי אויסגעקעמפט... פאלישטשוק זאגט: „ס'איז גוט, וואס אלץ האט זיך געענדיקט". איך ווייס ניט... איך האב אויסגעהערט די דאזיקע צוויי, און עס איז געווארן טריב. געוויס, מיר ווילן, אז אלץ זאל זיך

ענדיקן. עס קענען זיך אבער אויסגעפונען מענטשן, וואס וועלן אנהויבן אפסניי...

לעאנידזשע האט געזאגט:

— גוט, אויב דו וועסט בלייבן אין דער ארמיי. ביסט א גלענצנדער קאמאנדיר. לאז איך וועל דיך ארומנעמען...

זיי זיינען ארויס אפן גאנעק. עס איז געווען א שטילער דארפישער אוונט. ערגעץ אין דער ווייט האט געבולן א הונט. זיי האבן זיך אנטציקט מיט דער שטילקייט. אסיפ האט געזאגט:

— וואס פארא גליק, וואס מיר האבן געזיגט! היינט וועט מען דאך דארט צום ערשטן מאל איינשלאפן רויק, מען וועט זיך ניט דענערווירן, וואס עס איז מיטן מאן, מיטן זון, מיטן טאטן. הייסט עס אז ניט אומזיסט זיינען מיר דורכגעגאנגען פון דער וואלגע ביז צו דער עלבע — מיר האבן צוריקגעגעבן די מענטשן זייער רו...

## XXXI

דיומאן האט מען באפרייט דעם עלפטן אפריל. צווישן די אמעריקאנער אפיצירן האט זיך געפונען א דאצענט פון הארווארדער אוניווערזיטעט, וואס האט געקענט דעם נאמען פון פראנצויזישן געלערנטן, און מען האט אריבערגעפירט דעם אלטן פראפעסאר מיט אן עראפלאן קיין פאריז. ער איז געווען זייער שוואך, ניט געקענט גיין, קוים גערעדט. באטראכטנדיק אים, האט דער דאקטאר מארילא געזאגט: „בעפיירעש א נעס! איך פארשטיי ניט, ווי אזוי ער האט אריבערגעלעבט"...

דיומא איז געלעגן בא זיך. מארי האט געקאכט, געבראכט בלומען, געלאפן אין קלויסטער — געשטעלט ליכט פארן פראפעסארס געזונט. ער האט זיך לאנגזאם געבעסערט. פון זיינע איבערלעבונגען האט ער ניט דערציילט, ער האט געזאגט: „בעסער ניט דערמאנען"... נאר איין מאל האט ער געזאגט מארילאן: „קאלזמאן עס האט אף די פראנטן אנגעהאלטן די גרויסע מילכאמע, האב איך געפירט א קליינע מילכאמע... דארט איז געווען איינער אן עסעס, מען האט אים גערופן הובערט. געווים האט בא אים ניט געשפילט קיין ראל פארפייניקן מיך, פארברענען אין קרעמאטאריע, אבער פאר אים איז דאס געווען וויניק — ער האט געוואלט, אז איך זאל זיך דערנידעריקן פאר אים — מאסערן עמיצן אדער בעטן ראכמים..."

— און ווי אזוי האט זיך עס פארענדיקט? — האט געפרעגט מארילא.

דיומא האט געענטפערט:

— איך זעט דאך, ער האט פארשפילט.

פאר די לעצטע טעג האט זיך דעם פראפעסארס צושטאנד א סאך געבעסערט. ער האט געלייענט צייטונגען, געכאכמעט זיך מיט מארין. דעם אכטן מיי אינדערפרי איז געקומען מארילא מיט די לעצטע נייעס:

— אין ריימס איז פארגעקומען די גענעראל־פראבע. היינט איז אין בערלין די גאלא־פארשטעלונג...

דיומא האט א שמייכל געטאן:

— גוט, וואס איך האב דערלעבט... איך האב געזאגט איינעם א טיפעש,

ער פלעגט קומען אהער, אַז אַנטראַפּאַלאַג, ער פלעגט אײנעמען שטעט... האָב איך אים נאָר דאָן געזאָגט, ווי אַזוי דאָס וועט זיך ענדיקן...

דיומאַ האָט אָנגעשטאָפּט מיט טאַבאַק־מיסט זײַן שוואַרצע האַלב־פאַר־בּרענטע ליולקע. מאַרילאַ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— עס איז בעסער איר זאָלט ניט רויכערן...

— לאָזט צורו! אַז איך האָב אויסגעהאַלטן דעם רויך פון קרעמאַטאָ־ריע... דערציילט בעסער, ווי אַזוי איז דאָ, אין פּאַריז? מיר האָבן דאָך נאָר בּײדע גאָרניט גערעדט...

— ווי אַזוי עס איז דאָ? פּאַסקודנע. אין אויגוסט, ווען מען האָט אַרויסגעטריבן די דײַטשן, איז געווען גלענצנד, אַפילו איך בין אַרײַנגע־שלעפּט געוואָרן אין דער אַלגעמײנער שטימונג. מענטשן האָבן געגלויבט, אַז אַלץ וועט זיך ענדערן. אויף דעם זײַנען זיי מענטשן... נאָכדעם איז געקומען דער ווינטער, אַן עקלדיקער... איך רייד ניט נאָר דערפון, וואָס עס איז געווען הונגער און קעלט. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס האָט זיך גאָרניט געענ־דערט און וועט זיך ניט ענדערן...

דורכן אָפענעם פענצטער האָט זיך דערטראָגן אַ פרײדיקער טומל פון האַמוין. מאַרילאַ האָט פאַרגעזעצט:

— געווים, הײַנט פרייען זיי זיך — ס'איז יאַנטעוו. אָבער איצט באַ־גרייפט יעדער — אַז דאָס איז ניט יענער זיג, וועגן וועלכן מען האָט גע־טרוימט. ניט מיר האָבן זיך באַפרײַט, עס זײַנען געקומען באַפרײַער. מען זאָגט, אַז אַ קוילנהענדלער איז באַ זיך אין שטוב באַלעבאָס, און מיר האָבן גיט קיין קוילן, און מיר זײַנען אַפילו ניט קיין קוילנהענדלער — עס באַלע־באַטעווען באַ אונדז פרעמדע... מיר זעען איצט אויס, ווי איטאַליע נאָך יענער מילכאָמע. אָדער אויב איך ווילט, ווי דער מײלער דאַוויד אויף דער עלטער, ווען מען האָט אים געפירט אונטער די הענט... די אַמעריקאַנער זאָגן דע גאָלן: „נו, גענעראַל, לאָזט אַראָפּ פון דער מאַס, ווען ניט וועלן מיר נעמען בלומען", און בלומען זאָגן זיי: „לערנט זיך, יונגערמאַן, וועט איר ווערן אַ לײַט"...

מאַרילאַ האָט זיך הויך צעלאַכט.

— און דאָס פאָלק ווי אַזוי? — האָט געפרעגט דיומאַ.

— ווי שטענדיק — אַ שלאָפנדיקע שײנהייט, וועלכער מען קושט, ניט סעדיי זי זאָל אויפוואַכן, נאָר סעדיי זי זאָל אײַנשלאָפן אויף אַ הונדערט יאָר. זיי האָבן זיך אָנגעשאָסן, אָנגעשריען, און נאָכדעם האָט מען אויף זיי אַ גע־שריי געטאָן: „גענוג". מען האָט אַפילו ניט אויסגעלופטערט ווי ס'באַדאַרף צו זײַן — עס שטינקט מיט פאַרעטער. אויב מען מישפּעט דאָ, איז נאָר די רעלסן־טווישער. אַגעוו, האָט מען אײניקע אינדוסטריאַלן, וואָס האָבן זיך אָנגעלעבט מיט די דײַטשן צענדליקער מיליאָנען, געמאַכט אַ פאַרוווּרף, די מיליאָנען האָט מען זיי, פאַרשטייט זיך, איבערגעלאָזט. איצט אַרעסטירט מען פאַרטיזאַנער — פאַר „אומגעזעצלעכע אַרעסטן". איך האָב געזען אַז אַפּיש, פינאַ טרעט אַרויס ווי אַ פאַרשטײער פון ווידערשטאַנד: אַ נײַע זשאַן ד'אַרק. באַ לאַנסיען קען מען טרעפן די פאַרביקסטע געזעלשאַפט: אַמערי־קאַנער, פינאַ, גאַרסי, עפּעס קאַטאָליקן... אַגעוו, לאַנסיע, איז אויך געוואָרן אַ גאַסטפאַרכטיקער, ערן־וואָרט! אַ גאַנץ לעבן האָט ער געשריען, אַז עס

ווערט אים ניט גוט פון די קלויסטער־בסאמים, און איצט גייט ער אין קלויסטער און „נאר דער קלויסטער קען ראטעווען פראנקרייך פונעם סאָ־מוניזם”... זיי האבן ארויסגעשלעפט: דעם איבער דריי־ארשיניקן גענעראל, דאלארן, בסאמים פושקעס, אפילע באלשעוויקעס, וואס האבן אפגעהאקט אלע פראנצויזן די פינגער אין געיעג נאר רינגען. ניט די רוסן האבן באזיגט די דייטשן, נאר די לורדער הייליקע מוטער און אמעריקאנער קאנדענסירטע מילך. קוריז, די טראגעדיע איז געענדיקט, מען קען רויִק אריבערגיין צום לויפנדיקן אפפאל... איך האף איך גיך צו שטעלן אף די פיס. אבער קיינע שום אופרעגונגען...

דיומא האט א שמייכל געטאן:

— איך דארף נאר אפלעבן א צוויי־דריי יאר — איך וויל פארענדיקן די ארבעט. איצט איז זייער וויכטיק צעשטויבן זייער אומזין וועגן ראסן־פריווילעגיעס. זיי האבן דאך אנגעשטעקט די גאנצע וועלט מיט זייער אבער־גלויבן. און עס וועט זיין אומרויִק — א צייט אזא... איר וועט זיך באלד כידעשן: — איך האב נעכטן אנגעגעבן א מעלדונג: איך בעט אנעמען מיך אין דער קאמוניסטישער פארטיי. איר בארעכטיקט?

— ניין, איך בארעכטיק ניט, סיי צוליב אייער געזונט און סיי צוליב מיינע באגריפן וועגן מענטשלעכער פרייהייט. רענע איז אויך א קאמוניסט, איך דיסקוטיר מיט אים קימאט יעדן אוונט. איך בין מאסקים — איצט זיינען די קאמוניסטן א סאך אנגענעמער פון די אנדערע, שוין דערפאר, וואס זיי זיינען ניט בא דער מאכט. איך האב גארניט קעגן דעם, אז מען זאל בא פינאן צונעמען זיינע מיליאנען. אבער מענטשן ווען בלייבן מענטשן, איר וועט באזייטיקן איין אומגערעכטיקייט, וועט דערשיינען א צווייטע. איר אליין האט ניט איינמאל געזאגט, אז עס שטויסט אייך אפ פון די קאמו־ניסטן זייער סעקטאנטישקייט...

— פאר מיר זיינען די דאזיקע יארן אדורך ניט אומזיסט. איך האב דארטן ניט געקעמפט מיטן עסעס, איך האב געטראכט... אויך איצט געפעלט מיר ניט אלץ בא די קאמוניסטן, אבער וואס פארא באדייטונג האבן די דאזיקע דעטאלן? דא האנדלט זיך וועגן גויראל פון דער קולטור. און איר זאגט מיר: גוט, נאר באם מענטש, וואס וועט זי ראטעווען, איז א בראדעווקע אף דער באק. סאמבא באקלאגט זיך: זיי קענען ניט אונטערשיידן סעזאנען פון קאלירטע פאסט־קארטלעך. אבער מיך אינטערעסירט ניט איצט קיין בראדעווקעס, אפילע ניט די מאלעריי. דאקטאר, איך בין געווען אין בוכענ־וואלד... איך טראכט וועגן דעם איקער. איר פארשטייט, פארוואס די רוסן האבן געוואונען? איר וועט דאך ניט אפלייקענען, אז די מילכאמע האבן גע־וואונען דאווקע די רוסן. אין פארגלייך מיט סטאלינגראד איז גאנץ אפריקע א קליינע דיווערסיע, און ארויסגעזעצט זיך האבן זיי ערשט נאכדעם, ווי די רוסן האבן פארענדיקט מיט די דייטשן. פארוואס־זשע האבן די רוסן גע־וואונען? זיי פארמאגן ניט פאשעט א מעלוכע, זיי פארמאגן א מעלוכע פליוס אן אידיי. איך בין אפגעזעסן אינעם דאזיקן פארשאלטענעם לאגער צוויי מיט א האלב יאר, דארט זיינען געווען פארשיידענע מענטשן. איך האב געזען סטאַישע קאטאליקן, ראיאליסטן, ווען איר ווילט. אבער די קאמוניסטן האבן זיך געהאלטן בעסער פון אלעמען. פארוואס? אויך דערפאר — זיי

פארמאגן ניט פאשעט א שטארקן כאראקטער, זיי פארמאגן א שטארקן כא־ראקטער פליום אן אידיי. איר קריטיקירט אלץ און אלעמען, דאס איז דאס לייכטסטע, דאס איז בא אונדז אין בלוט. סקעפּטיציזם איז אמאל געווען א סטימול, אבער שוין לאנג ווי ער איז געווארן א שלאפמיטל...

אונטער די פענצטער האט מען געזונגען די „מארסעליעזע", דעם „אינ־טערנאציאנאל". דיומא האט אונטערגעהאלטן:

„מיט דעם אינטערנאציאנאל
וועט ווערן די וועלט באפרייט"...

— הערט, מארילא, אונדז וועט אויסקומען דורכמאכן א שווערע צייט. די דייטשן האבן געשריען, אז זיי זיינען א „הערן פאלק", העכער פון אנ־דערע. אלס טשוווע האט יעדעס פאלק גענומען לויבן זיך, דאס איז נאטיר־לעך — דאס געזעץ פון זעלבסטפארטיידיקונג. אבער דערפון איז ניט ווייט צום נאציאנאליזם, צו טעמפּקייט, צו בלינדקייט. ווער וועט זיך קענען קעגנ־שטעלן דער דערשיינונג? נאר די קאמוניסטן. אין לאגער זיינען געווען פראנ־צויזן, רוסן, פאליאקן, טשעכן, דייטשן און די קאמוניסטן האבן דארטן געפונען אן אלגעמיינע שפראך... דא האט איר נאך איין סיבע פארוואס איך בין געווארן א קאמוניסט; איך האב ליב פראנקרייך, דאס איז גאר קיין פראגע ניט, אבער איך האב אויך ליב די מענטשהייט...

מארילא האט זיך ניט קעגנגעשטעלט: ער האט גענוג רעגן. האט זיך שוין אויך דיומא פארטשעפעט... אייניקע גייען אין קלויסטער, אנדערע צו די קאמוניסטן. עס ווערן אלץ ווייניקער מענטשן, וואס ווילן דעם ביטערן עמעס... און מארילא האט געזאגט:

— איך בעט אייך נאר איין זאך — מיידט אויס איבעריקע אופרע־גונגען. איר האט צופיל איבערגעלעבט. דער איקער, איז דאס הארץ...

דיומא האט א שמייכל געטאן:

— בעיים עס האנדלט זיך וועגן מעדיצין, פארשטייט איר, אז עס עקזיסטירט עפּעס אן איקער, איר זאגט ניט — צו וואס זאל איך היילן דיומאס הארץ, אז ער קען זיך נאך מארגן פארקילן אדער קאליע מאכן דעם מאגן... ווייסט איר, מארילא, אויך איר וועט אהינקומען. זעט נאר ניט פארשפעטיקן, יעדע זאך האט זיך איר סטאלינגראד און איר נארמאנדיע...

ווען מארילא איז אוועק, האט דיומא לאנג געקוקט אפן זון־העזעלע, וואס איז געשפרונגען איבער דער סטעליע. נאכדעם האט ער זיך אנגעטאן, מארי איז געווארן פארציטערט:

— וווהין, הער דיומא? דער דאקטאר האט געזאגט, אז איר דארפט ליגן.

— א דאקטאר דארף אזוי זאגן, פאר אים איז א הארץ א מוסקול. אבער עס איז אויך דא אן אנדער הארץ, יענץ אינטערעסירט ניט די דאק־טוירים; ווי אזוי וועל איך דא ליגן, בעיים אף דער גאס איז יאנטעוו?...

ער איז ארויס אנגעשפארט אף א שטעקן. עס איז געווען לויטער און טומלדיק. אין אן אומופהערלעכן שטראם זיינען געגאנגען מענטשן, זיי האבן געלאכט, געזונגען, געטראגן בונטע פאנען. דער פראפעסאר איז געגאנגען לאנגזאם איבערן ברוק. ער האט געשמייכלט צו פאריז, צום זיג, צום לעבן. עפּעס א פרוי האט געזאגט צו א יינגל: „פארזיכטיק זשאנא, דו שטויסט

דעם זיידן"... דיומאַ האָט זיך אַרומגעקוקט, ער האָט גאָר פֿאַרגעסן, אַז ער איז אַלט, דאָס האָט מען אים גערופֿן „זיידע"... ער האָט געקוקט אַפֿן יינגל, וואָס האָט געפֿאָכעט מיט אַ קליינער פּאַפּירענער פֿאָן. דאָס איז געווען פּעפּע — מילעס זון. דיומאַ האָט ניט געקענט מאַריז, ניט געהערט פֿון פּעפּעס העלדנטאַט. פֿאַר אים איז דאָ געווען אַ יינגל, וואָס האָט געהאַלטן אַ רויטע פֿאָן און דיומאַ האָט אים געזאָגט:

— נו, פֿאַנענטרעגער, גיי דורך פֿאָרויס. און איך הינטער דיר. אַזוי טאַקע וועלן מיר גיין צוזאַמען... מאַסקים?

## XXXII

ווי שטענדיק, האָט זיך סאַמבאַ געפֿילט גליקלעך צווישן האַמויזן; ער האָט ליב געהאַט מענטשן און ער פֿלעגט זיך לייכט אַנשטעקן מיט זייער פֿרייד. אַ גאַנצן טאָג איז ער געגאַנגען איבער די גאַסן, געזונגען און אַף הונדערט אויפֿאַנים איבערגעכאַזערט דאָס נאָך ניט געוווינטע וואָרט „זיג". און ווי שטענדיק איז ער, אַרופֿקומענדיק צו זיך צווישן לייוונטן און ענגשאַפֿט, געוואָרן האַרב, אַפֿילע פֿאַרכמאַרעט. ער האָט געפֿילט: עפּעס האָט זיך געענדיקט. מאָרגן דאַרף מען לעבן אַף אַן אַנדער שטייגער. מען טאָר זיך מער ניט פֿאַרענטפֿערן דערמיט, וואָס עס איז מילכאָמע. און דער לאַנגער שווערער טאָג האָט ניט געוואָלט אָפּטרעטן, ער האָט באַזעצט דעם ביינהאַשמאָשעס מיט נאָענטע שאָטנס.

דאָ פֿלעגט זיך אויסבאַהאַלטן לעאָ, דאָס גרויסע קינד, בעיִס עס פֿלעגט אים פֿאַרכאַפּן אַ געוויטער. עס פֿלעגט קומען לעאָנטינאַ; זיי פֿלעגן ריידן איינער מיטן אַנדערן פֿון גליק, און פּאַשעטע ווערטער פֿלעגן צערייסן דאָס האַרץ. סאַמבאַ פֿלעגט ניט אויסהאַלטן — פֿלעגט ער זיך אויסדרייען. אין אויגוסט האָט לעאָנטינאַ אַליץ דערזאָגט: עס האָט זיך אָנגעכאַפּט דער טאַנק, און זי איז געפֿאַלן לעבן הויז. זשאַזעט פֿלעגט קומען דעם ערשטן ווינטער, געקוקט אַף די בילדער, גערעדט וועגן פֿאַלן, אים האָט מען דערשאָסן, זי איז אומגעקומען ערגעץ אַף דאָרעם. אָט דעם דאָזיקן פֿאַרטרעט האָט סאַמבאַ געמאָלן פֿאַרן אָנהויב קריג און ניט פֿאַרענדיקט. אַ טונקעלע מיידל אין אַ קאַנאַריק־קלייד, דאָס קאַרשן־מויל איז עטוואָס אָפֿן. מען האָט זי גערופֿן מאַרגאָ. די געשטאַפּאָ האָט באַ איר געפֿרעגט, ווו בערטראַן איז. האָט זי ניט געזאָגט. מען האָט זי דערהאַרגעט... ניט שווין־זשע וועט דאָס אַליץ אַוועק, ווי אַ וואָרעמער פֿרילינג־נעפּל?...

פֿון וואָס סאַמבאַ זאָל ניט טראַכטן, קערן זיך זיינע געדאַנקען שטענדיק אום צו דער קונסט. ער האָט אויך איצט דיסקוטירט, מעגלעך אַז מיט דער עפּאָכע, מעגלעך אַז מיט זיך. געוויס, וועלן זיך געפֿינען אַזעלכע, וואָס וועלן אָנמאָלן לעאָנטינאַן וואָס פֿאַרברענט אַ טאַנק. איז פֿאַרוואָס־זשע בעיִס מען מאַכט האָניק פֿון האַליץ־מעל, זאָל אויך ניט זיין קיין ערזאַץ פֿון קונסט, וואָס זאָל געמאַכט ווערן פֿון העראָישער ווירקלעכקייט און שלעכטע מאָלעריי? איך ווייס ניט, צי מען קען איבערגעבן אין אַ פּאַשעטן פּייסאַזש (אַ וועג,ביימער, אַ ווינט) יענעם אויגוסט, ווען איך בין געלעגן מיט דער ביקס אַפֿן דאַך. עפּשער, דאַרף מען גאָר אַן אַנדער צוגאַנג? איך גלויב ניט די מענטשן,

וואס זאגן, אז זיי זיינען גלייכגילטיק צו געשעעניש. איך גלויב גאיאן. ער האט א סאך יארן געארבעט גוט און נישטיק, ער איז געווען א וועלטלעכער פארטרעטיסט פון דער ענגלישער שול. און נאכדעם האט זיך איבער שפאניע דורכגעטראגן א שטורעם. ערשט דאן איז ער בעממעס געבארן געווארן. ער איז צו יענער צייט אלט געווען 25 יאר. ער האט איבערגעלעבט די מיל־כאמע, געמאלן די דערשיסונג פון אופשטענדלער, געמאכט אפארטן, וואס האבן זיך מיר פארגעשטעלט אין די אקופאציע יארן. איך האב געוווסט, ווי אזוי לעאנטינא וועט אומקומען, איך בין געווען באקאנט מיט לעאס טאליאנים — גאיא האט מיר זיי באוויזן... איך וויל ניט זיין קיין דראפירער אין פינאס הויז, איך וויל ניט דערלאנגען פארטיזאנער אינעם גייסט פון די ווערסאלער לייוונטן — וואס גרעסער, צאלט מען בעסער... איך וויל זאגן וועגן מענטשן מיט דער שפראך פון מאלער־קונסט. אבער ווי אזוי דריקט מען אויס דעם עמעס, ניט פאראטנדיק די קונסט?...

ענדע אפריל איז צו סאמבאן געקומען מאדא. ער האט געקוקט אף איר און געטראכט: איך ליב זי נאך שטארקער ווי פריער, איך וועל זי קיינמאל ניט אופהערן ליבן און איך וועל איר קיינמאל ניט זאגן וועגן מיין געפיל... מאדא האט געקוקט אף די פייזאזשן, געזאגט, אז זיי געפעלן איר. נאכדעם זיינען אירע אויגן געווארן פוסט, ווי זי וואלט געשלאפן מיט אפענע אויגן. מעגלעך אז זי האט זיך דערמאנט, ווי זי האט זיך דא געטראפן מיט סער־גייען?... זי האט טרויעריק, נאר רויִק געזאגט סאמבאן: „וואס פארא קינדער מיר זיינען דאס געווען ביזן קריג"... און סאמבא האט א טראכט געטאן: און אט בין איך אויך דערוואקסענער געווארן, איך טראכט מער ניט וועגן גליק. איך וויל עפעס אנדערש: אויסדריקן דאס, צוליב וואס מענטשן זיי־נען געשטארבן; דאס, צוליב וואס עס איז געבארן געווארן אף דער ערד די קונסט.

אמאל האט זיך סאמבאן געדוכט, אז דער קינסטלער דארף קענען זען, דערנאך האט ער פארשטאנען אז מען דארף באזיניקן די געזעענע וועלט, און איצט האט ער געוווסט — אז אויך דאס איז ווייניק, דער איקער איז — איבערלעבן עס אין זיך און אף זיך. די מילכאמע איז איצט אוועק פון די פעלדער, פון די וועלדער, די מילכאמע רייסט זיך אין די קונסט־ווארשטאטן, זי דערמאנט: דו האסט עס איבערגעלעבט, דו האסט געקענט מארגאן, דו ביסט געווען דערביי, ווי לעא האט זיך געזעגנט מיט לעאנטינאן... מענטשן פרייען זיך אף די גאסן, ווייל די מילכאמע האט זיך פארענדיקט. אבער פאר דעם קינסטלער האט זי זיך ניט פארענדיקט — די מילכאמע איז אין אים, אדער ער וועט שאפן עפעס, וואס איז גלייכווערטיק גאיאן, אדער ער וועט דערשטיקט ווערן.

ווי פאשעט דאס איז געווען אין אויגוסט: שים! עס איז אבער דא א ניידער, וואס מען קען זיך פון אים ניט אפזאגן. מען מיינט, אז קונסט — איז דאס סאמע גרינגסטע: זיך אויסגעלערנט שרייבן און שרייב. אבער עס איז ווייניק פארמאגן קלוגע געדאנקען, און גוטן ווילן, און מייסטערשאפט. עס איז ווייניק זען און פארשטיין. מען דארף ברענען דערצו. קונסט קוקט ניט בלויז אף צוריק, קונסט פארמאגט ניט בלויז א גוטן זיקארן, עס האט אויך פארויסזעונג...

ער איז געשטאַנען באַם פענצטער. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס רינגלען אים אַרום שאָטנס; זיי רופן, פאָדערן, באַשולדיקן. און אונטן זיינען נאָך אַלץ געגאַנגען מענטשן, געשריען, געזונגען. און פּלוצלינג האָט זיך דערטראָגן צום וואַרשטאַט אַ לידל, וואָס עס האָבן ליב געהאַט די פּאַרטיזאַנער פון לימוזין:

„מיר וואָלטן ביידע וועלן לעבן,
אָבער אונדזער גורל איז אַזוי:
שטאַרבן מוזן מיר אַן מוירע
ביז דעם ערשטן האַנעך־קריי"...

איז אַט־וואָס זיי פאָדערן — זאָגן, ווי עס האָט זיך געוואָלט לעבן די מענטשן וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן, — פּאָלן, מאַרגאַ, די סטאַלינגראַדער, די פליער, די פּאַרטיזאַנער... אָבער ווי אַזוי דריקט מען עס אויס? סאָמבאַ האָט דורשטיק געקוקט אין דער נאַכט ווי ער וואָלט וועלן דערזען דאָס, וואָס עס זעט זיך ניט. ער איז געשטאַנען לאַנג באַם פענצטער. די שטאָט איז שוין לאַנג אַנטשוויגן געוואָרן. ענדלעך, האָט די נאַכט אַ ציטער געטאָן; אַלץ איז געוואָרן ניט דייטלעך, פאַרנעפּלט, עס האָט געגאַיעט די אויגן, דאָס האַרץ, און דערנאָך האָבן זיך אָפּן זייער בלייכן הימל אָנגעצייכנט די קאָנטורן פון פּאַריז: ווייטע טורעמס, ביימער, דעכער, קוימענס. אויף די דאַכלקעס איז געלעגן אַ מענטש מיט אַ ביקס. ער האָט געקוקט מיט טויטע גלעזערנע אויגן, און דאָס בלוט האָט אויסגעזען ווי שוין לאַנג אַנגעמאָלן. דאַן האָט זיך סאָמבאַ געלייגט אין די בגדים און באַלד איינגעשלאָפן אינעם וואַרשטאַט, וואָס איז געווען פול מיט העלן טאָג־ליכט.

## XXXIII

אויף איינעם פון די ברידער־קוואַרים האָט מען געשטעלט אַ דענקמאָל: הײַנט, אינעם טאָג פון זיג, וועט מען אים אָפּדעקן. מאַדאַ און לעזשאַן גייען איבער אַ לאַנגער גאַס. אַלטע קאַשטאַנעס. די טפּיסע, דאָ איז אין פּערציקסטן געזעסן לעזשאַן. און הינטן אַרום אַ קליינע קאַפע־הויז; עס האָט זיך אַנומלט געמאַכט אַ גרויסער רעגן, זיינען אַהער אַריינגעלאָפן סערגיי און מאַדאַ; סערגיי האָט דערציילט, ווי ער איז געפאָרן אויף אַ פור איבערן סטעפּ; און מאַדאַ האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן אָנגעשטרענגט זיך פאַרצושטעלן, וואָס דאָס איז אַזוינס סטעפּ. אין טפּיסע פלעגט קומען זשאַועט, זי האָט געטראָגן אַ טונקל־בלאָען בעגעד... מאַדאַ און לעזשאַן שווייגן; יעדער דערמאָנט זיך דאָס זייניקע.

נאָכדעם זאָגט לעזשאַן:

— ווי אָרעם פּאַריז איז איצט!

— און פאַרטרויערט, — ענטפערט מאַדאַ, — און ליב...

די ביימער־בלעטער זיינען נאָך צאַרט־גרין — עס איז דאָך נאָר אָנפאַנג מײַ; אין דעם דאַזיקן קאָליר איז דאָ עפּעס רירנדיקס, פאַרטרויליכס. און באַ די וואָס מען טרעפט אַז זיינען די אויגן טונקל, האַרב; די מענטשן ווייסן אַלץ, נאָך אויגוסט איז דאָך געקומען דער ווינטער... אַרום איז פּאַריז; אירע הייזער זיינען גראָ געוואָרן, באַרעקט זיך מיט קניטשן, אַנדערע קוקן מיט

האלב־פארמאכטע לאדנס, ווי קורצזיכטיקע. א סאך פון די דאזיקע הייזער געדענקען ווי די סאנקיולאטן האבן געשוואוירן אייננהאלטן די ברידערלעכקייט; און דערנאך זיינען געקומען די פראנטן און פראנטיכעס פון דירעקטאריום, די „געטלעכע" און „אומפארגלייכלעכע", געגומען סיוסיוסען, ריידן מיט „ררדייש"; א פערדשמייסער האט זיך פארוואנדלט אין א מארקיז מיט א לארנעט, א הענדלער פון כאזער־האר איז באוואקסן געווארן מיט אדלערבן. די אלטע אשיקע הייזער האבן געזען דעם אכט און פערציקסטן, די פריייהייטס־ביימער און דעם גענעראל קאווערניאק, וואס האט פארגאסן מיטן בלוט פון די העמדלדיקע די שמאלע גאסן פון די פארשטעט. דער מערץ־ווינט פון דער קאמונע איז אדורך איבער בווידעמער, איבער גערדרייטע טרעפ, פארקראכן אין קעלערן, אופגערודערט ברוקן; און צווישן דעם צארטן גרינס פון מיי האבן יינגלעך געפרווט אפשלאגן מיט שטיינער די ווערסאלייער. קען מען דען אזויפיל ווייסן, אזויפיל געדענקען? און ווי אזוי האבן די הייזער ניט אויסגעפלאפלט אלץ פאראיארן זומער, ווען עס האט ווידער אופגעזאטן די נעשאמע פון פאריז און ווען באריקאדן האבן איבערגעשניטן די גאסן? וויפל איז פארביי פון אויגוסט? סאכאקל אכט כאדאשים. און שוין האבן (אן טומל, אן הארמאטן), טיערס יארשים ארייגעפאסט פאריז אין זייערע הענט. נעכטן האט לעזשאן געהערט, ווי איינער א הער מיט אן אפצייכענונג פון ערן־לעגיאן, האט גערעדט: „די באשן האבן אונדז אנגעמאכט א סאך שאדן. איין נוצלעכע זאך האבן זיי געטאן. און דאס אויך ניט פארענדיקט — עס איז נאך פארבליבן א סאך פון די דאזיקע קאמוניסטן"...

לעזשאן האט זיך זייער געענדערט פאר די דאזיקע יארן; עס וואלט אים אפילע ניט דערקענט יענער קעלנער, וואס האט שיר ניט אומגעבראכט ליוקן. זשאזעטס טויט האט לעזשאנען פיינלעך איבערגעלעבט; דער סאף פון זיין פערזענלעכן לעבן איז זיך צוזאמענגעפאלן מיטן סאף פון אונטערגרונט. ווען אלע האבן געיובלט, ווען מענטשן האבן זיך דערמאנט פון זייער היים, פון זייערע נאענטע, פון שפאצירן, קינדער־שפילעכלעך, צארטע ווערטער, איז לעזשאן געווארן עלנט. צייטנווייז פלעגט ער גיין פארטראכט איבער דער גאס; פון די פענצטער פלעגן זיך דורכרייסן קלאנגען פון א ראיאל, פלעגט זיך אים אויסווייזן, אז ער גייט אהיים, זשאזעט ווארט אף אים, ער האט זיך, דאכט זיך, פארשפעטיקט... ניט לאנג איז ער אריין צו סאמבאן, געוואלט א קוק טאן אפן זונס פארטרעט: סאמבא האט געמאלן פאלן שוין לאנג, ווען יענער איז נאך געוועז א יינגל. „נעם דעם פארטרעט", האט געזאגט סאמבא. לעזשאן האט א שאקל געטאן מיטן קאפ: „איך האב אים ניט ווו אופצוהענגען. ניטא קיין שטוב, וועט אויך געווים ניט זיין, עס קומט אויס ארומצופארן א סאך, איך לעב, ווי אף א סטאנציע"... טרעפנדיק זיך מיט מאדאן, פלעגט לעזשאן פילן א פארלייכטערונג; פון איר פלעגט ער ניט פארבארגן זיין ווייטיק: מאדא פלעגט זיין בא זיי, זי האט געקענט זשאזעטן, געשפילט זיך מיט מימין...

איצט האט ער א קוק געטאן אף איר פון דער זייט. זי איז זייער מאגער געווארן. זי וויל זיך ניט אפרוען... אפן אויסגעצערטן פאנעם האבן די גרויסע

אויגן אויסגעזען נאָך גרעסער, זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון פּאָנעם, גע־לויכטן, געפלויגן, געברענט.

פון וואָראָנאָוון האָט מאַדאַ דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע אין פעברואַר. זי האָט קיינעם ניט דערציילט וועגן סערגייס טויט. אפילו ניט לעזשאַנען — זי האָט עטלעכע מאָל געוואָלט זאָגן און ניט געקענט. אַ סך נעכט האָט זי פאַרבראַכט אין וויינען באַ זיך אין צימערל, זי האָט געוויינט, ניט טראַכטנדיק, מיט הייסע און פּאַשעטע טרערן; געוויינט ניט דערפאַר, וואָס זי האָט פאַרלאָרן סערגייען — פאַרלאָרן האָט זי אים שוין לאַנג, נאָר דער־פאַר, וואָס ער איז געשטאָרבן — זי האָט זיך עס ניט געקענט פאָרשטעלן. די דאָזיקע אַלע יאָרן האָט זי געהאַלטן דאָס האַרץ אַף אַ שלאָס, צייטנווייז פלעגט זי אין קאָס ווערן אַף זיך: איך ליבע האָט זיך איר פאָרגעשטעלט ווי אַ פאַרברעכן — ער האָט זיין לעבן, איך האָב ניט קיין רעכט אַריינצו־דרינגען אַהין אפילו מיט די געדאַנקען... און איצט האָט זי זיך געזאָגט: איך האָב ליב און וועל קיינמאָל ניט אופהערן ליבן, דאָס וועט דאָך שוין מער ניט זיין, אַלץ האָב איך אים אָפּגעגעבן. זי האָט אים שטענדיק געזען אַ לעבעדיקן. אַז אַ פאַרוואָס האָט זיך איר געדוכט, אַז די בערג אין יוגאָ־סלאַוויע זיינען ענלעך צום לימוזין, זיי זיינען פּונקט אַזוי באַוואַקסן מיט בוק־ביימער, מיט אַלכעס. און אַפן ראַנד פון באַרג גייט סערגיי מיט אַ ביקס. און מיקי זאָגט: „מיר וואָלטן ביידע וועלן לעבן, אָבער אונדזער גורל איז אַזוי"... און זי זאָגט סערגייען: „דאָס איז עמעס: מיר וואָלטן ביידע וועלן לעבן, אָבער פאַרשטייסט — אַזאַ איז דער גורל... אַלץ, וואָס איך האָב דיר אָנגעשריבן, איז ניט עמעס, איך האָב ניט קיין שום מישפּאָכע, איך בין דיינע, ווי פריער. גוט, וואָס דו האָסט ניט דערהאַלטן יענעם בריוו, איך האָב דאָך דיר פריער קיינמאָל ניט געליגנערט און איך וועל ניט ליגנערן. דו — ביסט מיין ליבע. געדענקסט, ווי עס האָט זיך געדרייט די קאַרוזעל אַפן פּלאַץ איטאַלי, עס זיינען געוועזן אַ סאַך, אַ סאַך פייערן? און איצט איז פאַריז זייער אַ טונקעלע. איך זע גאָרניט"... מאַדאַן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז סערגיי גייט צוזאַמען מיט איר איבער די בערג פון לימוזין — דער בער, דערדע, מיקי, אַ גרויסע בריק... איינשלאָפנדיק פלעגט זי פּלוצלינג אָנהויבן שרייען. זי איז אין טפיסע. „סערגיי!..." און סערגיי ענטפערט: „גלויב ניט, אַז מען האָט מיך דערהאַרגעט, איך גיי, באַלד וועל איך קומען"... ער פירט זי אַרויס פון טפיסע, ער שטייט לעבן איר, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַף הינטן און אַבישל פאַרזשמורעט. טייערער!...

זי האָט איצט נאָכקאָנטראָלירט — צי עס ליגט אין בייטל דאָס הימל־בלויע בייגעלע (די טעלעגראַמע פון וואָראָנאָוון), זי האָט זיך ניט געשיידט פון אים.

לעזשאַן זאָגט:

— איך מיין, עס וועלן זיין אַ סאַך מענטשן. גוט, וואָס עס איז צוזאַ־מענגעפאַלן מיטן טאָג פון זיג... מען דאַרף באַווייזן, אַז זיי וועלן אונדז ניט אָפּשרעקן. געדענקסט, מאַדאַ, ווי מיר האָבן אין צוויי און פערציקסטן גע־פּרוּווט טרעפן ווי אַזוי דאָס וועט זיין נאָכן זיג. איך האָב דאַכט זיך ניט געזינדיקט מיט צופיל אָפּטימיזם. און דאָך האָב איך ניט געטראַכט, אַז עס וועט זיין אַזוי... זיי האָבן מוירעדיק שנעל פאַרגעסן... איך רייד ניט פון די

ווישי־לייט — די גייען אַרום אַלס העלדן, אָבער אויך אַנדערע... איך האָב נעכטן געטראָפן גאַרסין, איך האָב אים געזען אין דריי און פערציקסטן, ער איז געווען אין פאַרבינדונג מיט אַעס. האָט ער מיר געזאָגט: „די קאָמוניסטן ווילן אַרויסרופן אַ שפּאַלטונג, איך האָף, אַז די נאַציע וועט אונטערשטיצן דע גאָלן"... איך האָב אַפילע ניט געטראַכט, אַז ער איז פּעיִק אַף אַזעלכע שטאַרקע געפילן — צו די דייטשן פלעגט ער זיך באַציען אַ סאַך רויִקער. זיי האַסן אונדז. עס איז פאַרשטענדלעך — מיר זײַנען אַרויס פון דער מילכאָמע אַלס זיגער, אויב עמיצער האָט געראַטעוועט פראַנקרייכס קאָוועד, איז דאָס עפּטעפּע... דאָס פאָלק ווייס עס. איך בין ניט לאַנג געווען אין אַראַדור, דאָרט זײַנען פאַרבליבן באַם לעבן זייער ווייניק, און אַלע — קאָמוניסטן, עס האָט גאָר אַנדערש ניט געקענט זײַן — דאָס בלוט האָט זײַנע רעכט...

אַ מאַציייווע; אַ פּאַשעטער אויפשריפט: „העלדן פון עפּטעפּע". אַ סאַך בלומען — לאַנדישן, פיאַלקעס, העלע אַנעמאַנען, ווייסע און גאָלדענע שטערן פון נאַרציסן, בעז, טוליפּאַנען. די ערשטע לעווקאָיען. אַרום טויזנטער און טויזנטער מענטשן: גראָע אַרבעטער אין צעקנייטשטע היטלען, זעלנער, צוריקגעקומענע פון דייטשישער געפאַנגענשאַפט, פּאַרטיזאַנער, פאַרוווּנדעטע, וואָס האָבן געקעמפט באַם רייַן, געפאַנגענע פון דייטשישע לאַגערן, צעקנייטשטע זקיינעס, יונגעלייט, פישערס און ליבהאָבער פון וועלאָסיפּעדן־פאַרמעסטן, טרוימער, שטאַל־גיסער, שטיינהאַקער, טאָקערס, מעכאַניקער, לעדער־אַרבעטער, דרוקער, שאָפערן, סטאָלערס, קוכערס, בעקער, ערד־אַרבעטער, מיידלעך, שילער, וועטעראַנען, מענטשן מיט מאַזאָליעס אַף די הענט און מיט בלומען, די אַלטע, אייביקע יונגע פּאַריז.

— זאָגט מאַדאַ:

— איך וויל זאָגן וועגן יענע, וואָס איך האָב געקענט. באַוואַר לעזשאַן האָט געהאַט אַ זון. איך האָב געקענט פּאָלן אַלס יינגל. ער האָט ערשט אָנגעהויבן אַרייַנגיין אין לעבן, ער איז געווען ווי דער דאָזיקער פרילינג־טאָג. זײַן גרופּע האָט ער אַ נאָמען געגעבן: „סטאַלינגראַד". דאָס איז געווען אין דער פינצטערער צייט, פראַנקרייך האָט נאָך געשוויגן... זיי זײַנען באַפאַלן די דייטשן. פּאָלן האָט מען פאַרוווּנדעט, געפּייניקט, אָבער ער האָט קיינעם ניט אָנגערופן. די קאָמוניסטן האָבן קיינעם ניט אַרויסגעגעבן. איך האָב געזען געשטאַפּאָ, דייטשן האָבן געפּייניקט מאַריסן. ער האָט קיינעם ניט אַרויסגעגעבן... די טאַליאַנים פלעגן זאָגן איינער צום אַנדערן: „אומזיסט וואַרטן מיר, ער וועט גאָרניט זאָגן — ער איז אַ קאָמוניסט"... איך וויל זאָגן וועגן מילען, אין ווידערשטאַנד האָט מען אים גערופן פּעפּע. אין איין און פערציקסטן האָט ער דערשאָסן אַ געשטאַפּאָ. פאַר דער הינריכטונג האָט ער אָנגעשריבן אַ בריוו — ניט צו דער ווייב, ניט צו קיין פריינט — צו דער פּאַרטיי. „די פּאַרטיי — איז זײַן ליבע, אונדזער ליבע, אונדזער פּאַרטיי"!... מען טרייבט רעכילעס וועגן אונדז, די באַגראָבער פון פראַנקרייך שרייען: „די קאָמוניסטן זײַנען שלעכטע פראַנצויזן"... ווער איז בעקוועמער צו ליבן די דאָזיקע ערד, ווי עס האָט זי געליבט זשאַנאַ מילע? ער איז דערצויגן געוואָרן אין סיורען, ער האָט זיך פאַרליבט אין סיורען, און דאָרט האָט מען אים דערשאָסן... פראַנקרייך, ליבע פראַנקרייך — ניט

מיט טינט זיינען אָנגעשריבן די דאָזיקע ווערטער — מיטן בלוט פון פּאַר־טיזאַנער, מיטן בלוט פון קאָמוניסטן! זאָלן די טויטע זאָגן, פאַרוואָס זיי זיינען געשטאָרבן. ניט פאַר דעם, אַז מיט פראַנקרייך זאָלן ווידער אָנפירן פאַרעטער, דייטשישע ליפעראַנטן, מענטשן, וואָס האָבן באַצייטנס אויסגע־טוישט מאַרקן אויף דאָלאַרן. איך וויל זאָגן, אַז מיר זיינען ניט אַליין, מיט אונדז זיינען די פּאַרטיזאַנער פון נאָרוועגיע, בעלגישע פּאַרטיזאַנער — מעג מען זיי איצט פאַרפאָלגן, אָבער זיי וועלן ניט אָוועק פון זייער ערד, די בערג־אַרבעטער פון באָרינאַזש, די שטאָלגיסער פון ליעזש. מיר האָבן אַ גרויסן פריינט, ער האָט אונדז אויסגעלייזט, ער וועט אונדז ניט פאַראַטן, דאָס איז דאָס פאָלק פון סטאַלינגראַד. דעם דאָזיקן נאָמען רוף איך אויס באַם קיווער פון פראַנצויזישע העלדן. די העגקערס פון פּאַריז זיינען צעשלאָגן געוואָרן באַ דער וואָלגע. אין מיין אַטריאַד האָט געקעמפט אַ רוסישער אָפי־ציר. די דייטשן האָבן אים געפאַנגען, בעיס ער איז געלעגן מיט אַ דורכ־געשאָסענער ברוסט אין סטעפּ. איז ער געקומען צו די פּאַרטיזאַנער, מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן: בער. ער איז איינער פון די ערשטע אַריין קיין לימאָזש. איך וויל זאָגן וועגן די, וואָס איך האָב געקענט. איך האָב געקענט אַ רוס. ער האָט געקעמפט אין סטאַלינגראַד. ער האָט ליב געהאַט פּאַריז. ער איז אומגעקומען אין די בערג פון יוגאָסלאַוויע: ער האָט מיט זיך אַהינגעבראַכט די פרייהייט. ער האָט געלעבט ווי פּאָל לעזשאַן, ווי זשאַ־זעט, ווי גי מאָקע, ווי סעמפּע, ווי מיקי. נאָר מיט איין זאַך: מיט אונדזער עמעס, מיט אונדזער ליידנשאַפט, מיט אונדזער גלויבן. מען קען פאַראַטן אַ וואָרט, אַ פריינט, דעם מאַן אָדער דער ווייב. מען טאָר אָבער ניט פאַראַטן טויטע. אַט איז דער קיווער, באַ אים שווערן מיר: ווייטער, פאָרויס, זאָלן זיין שטיינער, מעג זיין אַ היץ, מעג זיין בלוט, גייען מיר און מיר וועלן דערגיין! מיר שווערן!

און ווי אַ באָרגיקער עכאָ האָט זיך צעטראָגן איבער וויסטעגישן, איבער די פאַרשטעטט־גאַסן, איבער פּאַריז: „מיר שווערן״.

די זון זעצט זיך. עס הילכן נאָך ווערטער. מען טראָגט נאָך שווערע קראַנצן. און צום סאָף פון טאָג שמעקן גאָר באַזונדערס זיס די בלומען. אין אַ זייט באַ אַ בוים שטייט אַ יונגע פרוי אין אַ גראָען קלייד. זי קוקט אופ־מערקזאַם אויף דער לאַנגער גאַס, אירע אויגן זיינען ברייט צעעפנט. אָבער זי זעט ניט די מענטשן, ניט די גראָע הייזער, ניט דעם גרויסן קראַנץ — טונ־קעלער גרינס און רויטע רויזן. זי וואַרט. עס קומט איר אַנטקעגן סערגיי. דאָס איז ניט קיין גאַס, דאָס איז אַן אַלייע; דער רעגן איז פאַרביי, און אַלץ שמעקט מיט נאַסע בלעטער. מאַדאַ זאָגט: „איך האָב ניט געזאָגט דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט״... סערגיי פרעגט: „וואָס?״... און זי ענטפערט: „דאָס וואָס איך האָב איצט געזאָגט״...

## XXXIV

ניט די כאָווירים, ניט די פראָפעסאָרן, ניט די שכיינים האָבן זיך אָנ־געשטויסן, וואָס אַזוינס וואַליאַ לעבט איבער: פאַר די מילכאָמע־יאָרן האָט זיך די דאָזיקע קליינע, לויטן אויסזען שוואַכע פרוי אויסגעלערנט אויסבאַ־

האַלטן טיף אירע געפילן. איינע פון די שאָכנטעס האָט געזאָגט איר מאַן: „היינט גיי און פאַרשטיי... מען וואָלט געקענט מיינען, איך ווייס ווער, אָבער זי — איז אַ געטרייע, רעגט זיך אויף, וואַרט אויף בריוו, און אַז מען האָט דערהאַרגעט — האָט זי אַפילע ניט געוויינט"... נאָר נינאַ געאָרגיעוונאַ האָט געוווּסט, וואָס עס קומט פאַר מיט וואַליאַן, האָגאָם וואַליאַ האָט אויך אין איר אַנוועזנהייט קיינמאָל ניט געוויינט.

נינאַ געאָרגיעוונאַ האָט אויסבאַהאַלטן פון וואַסיאַן, אַז זי איז געווען שווער קראַנק: באַלד נאָכדעם, ווי עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן סערגייס טויט, האָט זי געכאַפּט אַ פּלעווריט. זי איז, ווייזט אויס, אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין דער עוואַקואַציע, דער דאָקטאָר פלעגט קומען יעדן טאָג פעסט־שטעלן אַ נייע קראַנקייט. און זי האָט זיך אויף גאָרניט באַקלאָגט; נאָר יעדעס מאָל, פלעגט זי זיך באַדעקן מיט אַ שווייס און שמייכלענדיק פאַרשולדיקט זאָגן וואַליאַן: „מען וועט נאָך מוזן ליגן אָביסל"... די גאַנצע פרייע צייט פלעגט וואַליאַ פאַרברענגען מיט איר; זיי פלעגן אָפט רעדן וועגן סערגייען, רעדן אויסערלעך רויִק, ווי ער וואָלט אַוועקגעפאָרן ערגעץ ווייט, ניט מער. וואַליאַס באַהערשן זיך פלעגט זיך איבערגעבן נינאַ געאָרגיעוונאַן. זי פלעגט אַ סאַך דערציילן וואַליאַן וועגן סערגייס קינדער־יאָרן און פריער יוגנט; וואַליאַ האָט דורשטיק געהערט — איר פלעגט זיך אויסווייזן, אַז זי געפינט אָפּסניי סעריאָזשאַן. זי פלעגט זעלטן ווען רײדן; זי האָט ניט געהאַט וואָס צו דערציילן וועגן סערגייען. מאָמענטנווייז האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך איר ניט אַנטפּלעקט: פאַרנעפּלט, איינצלנע געשטאַלטן שליכן זיך דורך, ווי דינער יאַם־זאַמד צווישן די פינגער. אָבער דערנאָך, ווען זי פלעגט זיך צוזאַמענעמען מיט די געדאַנקען, פלעגט זי זיך זאָגן: ניט עמעס, סעריאָזשאַ איז אין מיר — ניט די דאַטן פון זיין לעבן, ניט די האַנדלונגען (איך ווייס ווייניק, ווי אַזוי ער האָט געלעבט ביז אונדזער באַגעגעניש, ווי אַזוי ער האָט געקעמפט), ער האָט מיר געגעבן דאָס וויכטיקסטע — זיין לײדנשאַפט, אומרו, זיין האַרץ. אָט פאַרוואָס מיר איז אַלץ פאַרשטענדלעך אין זיין לעבן — ביז די רעטאַלן, טאָעסן, באַגייסטערונגען, יענער שוווּנג, וואָס האָט אים געבראַכט אין די בערג פון סערביע, אַלץ, אַלץ.

אין די נעכט פלעגט זי ליגן אומבאַוועגלעך אויף דער פלייצע מיט אָפענע אויגן. מען האָט באַדאַרפט האָבן אַ ריזיקן קויעך קעדיי צו גיין נאָך אַזעלכע נעכט אין דער סטודיע, רײדן מיט מענטשן, שמייכלען, שפּילן פריילעכע קאַלכאָזניצעס אָדער פאַרעטערישע הערצאָגינעס, אַרומגיין אַרום נינאַ געאָר־גיעוונאַן, אַרייַנטראַגנדיק אין איר וועלט אַ שטילן רויִקן טרויער. ליגנדיק באַ־נאַכט, האָט וואַליאַ פון גאָרניט געטראַכט, דאָס געפיל פון פאַרלוסט איז געווען שאַרף, ווי אַ פיזישער ווייטיק. צו לעבעדיק איז געווען דער אָנדענק וועגן סערגייען, וועגן זיינע הענט, ליפּן, וועגן דעם ווי ער איז ערעוו זיין אָפּפאָרן איינגעשלאָפן אַ מידער, אַוועקלייגנדיק זיין שווערן וואַרעמען קאָפּ באַ איר אויף דער ברוסט.

דער דאָזיקער, ראַכט זיך, אויסגאַנגלאָזער ווייטיק, האָט איר געהאָלפן איינהאַלטן זיך אין לעבן: דאָס געפיל איז געווען אַזוי שטאַרק און איינ־געזאַפּט, עס האָט זי אַזוי אַרומגענומען איר אינגאַנצן, אַז ניט ווילנדיק (וואַליאַ האָט קיינמאָל דערפון ניט געטראַכט) פלעגט עס געפינען אַן אויס־

וועג אין דער קונסט. מען פלעגט איצט זאגן וועגן איר: „עס פילט זיך אן אויסערגעוויינלעכער טאלאנט"; און וואס שווערער עס פלעגט איר זיין, אלץ אפטער האט מען זי אזוי געלויבט. קיינער פון די, וואס האבן זיך אנטציקט מיט אירע פעיקייטן, האט ניט כּוּישעד געווען, מיט וואס פארא פּרייז עס איז באצאלט געווארן די דאזיקע קלאנגען־רייכע, וויברירנדיקע שטים, די קאנצענטרירטע און גלייכצייטיק ווייטע אויגן, דער באפעלערישער און אומ־באהאלפענער זשעסט, וואס האט ווי געזאגט: פרעג ניט, איך זע אלץ...

פון אפּריל האט נינא געארגיעוונא אנגעהויבן ארויסגיין; און, ניט קוקנדיק אפן פארבאט פון דאקטאר, אף וואליאס טײַנעס, האט זי זיך גלייך גענומען צו איר ארבעט. זי האט געזאגט: „איך האב פארנאכלעסיקט די קינדערלעך, איך טאר מער ניט קרענקען". זי פלעגט צוריקומען אינאוונט א מידע, שלעכט געשלאפן. דער דאקטאר האט צוגעשריבן א שלאפמיטל. זי פלעגט זאגן: „עס איז שרעקלעך איינצושלאפן מיטן מיטל — ווי איך וואלט ארפגעפאלן, דערפאר אבער שלאף איך פעסט"...

דעם אכטן מײַ אינאוונט האט גאנץ מאסקווע געווארט אף דער אנט־שיידונג; מענטשן האבן געקלונגען איינער דעם אנדערן: „איר הערט זיך צו?"... אויך נינא געארגיעוונא האט געווארט באם ראדיא, אבער זי האט זיך ניט דערווארט — זי האט איינגענומען א לומינאל, געלייגט זיך און שנעל איינגעשלאפן.

אויך וואליא האט זיך געלייגט: זי איז אבער ניט געשלאפן — זי איז געלעגן מיט אפענע אויגן. זי האט גלייך דערהערט בעיים דער „טעלער", וואס איז געהאנגען אין פאדערצימער, האט גענומען ריידן.

געוויס האט וואליא, פונקט ווי אלע, דערווארט די דאזיקע מעלדונג, און דאך האט זי זיך גענומען דענערווירן, שטיל אנגעטאן זיך, קעדיי ניט אופוועקן נינא געארגיעוונאן, ארויס אף דער גאס. עס האט געטאגט. פון אנדערע הייזער האבן ארויסגעקוקט מענטשן. עפּעס אן אלטיטשקע האט זיך א לאז געטאן צו וואליאן, גענומען זי קושן. וואליא איז, ניט טראכטנ־דיק וווּהין זי גייט, אוועק צום רויטן פלאץ. דארטן זיינען שוין געווען מענטשן. זיי זיינען געגאנגען צעשטרייטע פון גליק. עס האבן זיך ניט גע־הערט ניט קיין לידער, ניט קיין געשרייען, עס האט געהערשט א גרויסע פייערלעכע שטילקייט.

די לעצטע מאמענטן איז וואליא ניט געגאנגען, נאר געלאפן, ווי זי פלעגט לויפן מיט פיר יאר צוריק, צוקומענדיק צום הויז, ווו עס האט גע־וווינט סערגיי. אלדאס פיינלעכע און שווערע, וואס האט זיך אנגעזאמלט פאר די לעצטע כאדאשים האט זיך פלוצלינג אופגעלייזט אין דער טיפער פרייד פון דער דאזיקער פריאיקער שא. וואליא האט מיטאמאל פארשטאנען. עס האט געזיגט סעריאזשא, ער האט דערקעמפט, דערלעבט, דערגאנגען, ער לעבט, ער פרייט זיך, ער קוקט אף זיין היימשטאט... און אין דעם איז גע־ווען וואליאס בונד מיט אנדערע: מיטן אפיציר אן דער האנט, מיט דער באַ־יארנטער פרוי, וואס האט פארביסן א ליפ, מיט צוויי זעלנער, וואס האבן נאך ניט באוויזן ארומוואשן און אפגאלן זיך, מיט דער יונגער מיידל אין בערעט, וואס האט אלעמען אריינגעקוקט אין פאנעם אריין, ווי זי וואלט עמיצן געזוכט. מען האט גראטולירט וואליאן, אויך זי האט גראטולירט, זי

האָט אויסגעקושט דעם מיליטערמאַן אַן דער האַנט. עס זיינען אַלץ צוגעקומען מער מענטשן. וואַליאַ האָט געקוקט אויפן קרעמל, אַ הייסער אינעם שיין פון דער אופגייענדיקער זון, אַן אוראַלטער און אומרויִק יונגער. אויף איר פּנים איז דערשינען יענער שמייכל, וואָס פלעגט זי שטענדיק ענדערן, דער שמייכל וועלכן סערגיי פלעגט אַזויפיל מאָל דערמאָנען. וואַליאַ איז געשטאַנען מיטן פּנים צו דער קרעמל־וואַנט און געשמייכלט. עפּעס אַ פאָטאָרעפּאָרטער האָט זי פאָטאָגראַפירט; זי האָט צעשטרייט געפרעגט: „פאַר וואָס מיך?...“ דער פאָטאָגראַף האָט ניט געענטפערט. און אַ פאַרוויינטע פרוי האָט געזאָגט וואַליאַן: „לאָזט, איך וועל אייך אַ קוש טאָן“...

נינאַ גערגיעוונאַ איז נאָך געשלאָפן. וואַליאַ האָט איר געזאָגט: „מיר האָבן געזיגט“... זיי האָבן זיך אַרומגענומען, און ביידע האָבן זיך, צום ערשטן מאָל פאַר דער דאָזיקער גאַנצער צייט, צעוויינט, שוין ניט שעמענדיק זיך פאַר גאָרניט. דערנאָך האָט נינאַ גערגיעוונאַ פאַרגעוואָרפן: „פאַרוואָס האָסטו ניט אופגעוועקט?...“ וואַליאַ האָט ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן: איר האָט זיך געדוכט, אַז זי איז געלאָפן ביגנייווע אויף אַ זעגנג מיט סעריאָזשאַן, אָבער דערציילן דערפון האָט זי ניט געקענט.

נינאַ גערגיעוונאַ איז אַוועק אויפן רויטן פּלאַץ. עס איז ניט געווען קיין דעמאָנסטראַציע, ניט קיין קאָלאָנעס — אָבער מענטשן זיינען געגאַנגען דאָרטן אַהין. דאָ זיינען געווען סערגייס כאַווערים, סאַפּיאָרן, וואָס האָבן געדעקט די וואָלגע, פּאַרטיזאַנער פון בריאַנסקער וועלדער, פון דער נאַליבאָקער וואַלד־ווילדעניש. עס איז דורכגעגאַנגען אַ מיידל מיט אַ מעדאַל — דאָס איז געווען די זעלבע טאַניאַ, וואָס האָט פאַראַיאָרן זומער אין אַ כאַטע לעבן מינסק אָנגעקוואַלן פון דעם מאַיאָר פון אינזשעניערן־מיליטער. עס איז דורכגעגאַנגען דער לייטענאַנט סאַזאָנאַוו פון פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד „נעקאָמע־נעמער“. איין האַנט איז בײַ אים געווען אין אַ פעטליע. ווען מען האָט אים געטראָגן אויף די הענט און געהוידעט, האָט ער געזאָגט: „פאַרוואָס קומט עס מיר? איך האָב גאָר ניט געמאַכט עפּעס אַזוינס“. מאַריאַ מיכײַלאָוונאַ מינאַיעוואַ האָט אים שטרענג געפרעגט: „היטלערן האָט איר געפּאַקט?“... זי האָט זיך צוליבן יאַנטעוו אויסגעפּוצט, דערציילט פאַר פרעמדע: „מיין מיטיענקאַ איז אין בערלין (זי האָט אַקצענטירט דעם „ע“). עס איז דורכגעגאַנגען אַ בלינדער זעלנער, אַ מיידעלע האָט אים געפירט פאַר אַ האַנט; ער האָט געקוקט מיט ניט זעענדיקע אויגן און געשמייכלט: ער האָט געזען דעם זיג. עס איז דורכגעגאַנגען אַן אַלטע פרוי, זי האָט געהאַלטן אין האַנט אַ גרויסן בילד, זי האָט גערעדט: „זאָל אויך וואַניאַ זען“ — איר זון איז אומגעקומען בײַ בודאַפּעשט. און עס איז געווען אַזויפיל אומבאַרירטע פרייד, אַזויפיל שטילע טרערן, אַזויפיל שווייגנדיקע פייערלעכקייט, אַז עס זיינען פאַרשוווּנדן די פענעמער, ווערטער, גוירלעס. נינאַ גערגיעוונאַ האָט אַ טראַכט געטאָן: גוט האָט סטאַלין געזאָגט וועגן פאָלק — ער איז דאָך בעעמעס אומשטערבלעך...

ווי דאָס טרעפט צייטנווייז בײַ ניט קיין יונגע מענטשן, איז פאַר איר אַדורך איר גאַנץ לעבן אין לויזע געשטאַלטן, נאָר געבונדענע צווישן זיך מיט אַן אומבאַגרײַפלעכן פאַרן סײַכל פאָדעם; די סטודענטישע יאָרן, „וואָס טוט מען?“, דאָס מעלדן זיך, טפּיסע, אַ שמועס מיט אַ יונגן פראַנצויז וועגן

גליק, דער מאן און די באנק אין פארק מאנסור, שאסן, אקטאבער־פאנען, די שול, הונגאס לירער, א פינצטערע הארבסט־נאכט פון איין און פערציקסטן, א צוג, שלאפנדיקע קינדער און סעריאזשא — ערגעץ ווו ווייט אף א הויכן בארג מיט זיין צעשטריטן שמייכל; נינא געארגיעוונא האט פארשטאנען, אז דער היינטיקער טאג איז געבונדן מיט איר גאנצן לעבן, מיט ליבע, מיט קאמף, מיט ארבעט. מארגן וועט זי ווידער גיין אין שול, זי וועט זען די קינדערלעך... אינגיכן וועט, אווארע, קומען וואסיא. ער האט א ווייב, א זון. אלענקא איז גליקלעך — סיניאסאוו האט נעכטן טעלעגראפירט — ער רעכנט צו קומען אין יולי. אלעטשקא דערווארט א קינד... וואליא האט זיך אן אייצע געגעבן. זי וועט זיין א גרויסע אקטריסע, עפשער וועט זי אויסדריקן דאס, וואס עס איז געווען אין סעריאזשאן... און איך? איך האב א שול, דעם אנדענק, דאס פאלק... און נינא געארגיעוונא האט געקוקט ארום זיך מיט יונגע אויגן פון א קורסיסטקע, ווי אף בילדער, וואס סערגיי האט זארגפעליק אפגעהיט. און דאס הארץ האט שטארק געקלאפט — עס איז אין אים געווען צופיל סיי צאר, און סיי גליק. זי האט ארומגענומען א קליין מיידעלע, וואס איז געשטאנען לעבן איר — נאר איר, וואס פארשטייט גארניט, האט זי געקענט דערציילן סיי פון איר יוגנט, סיי פון סעריאזשאן, און סיי וועגן פאלק; זי האט עס אלץ אויסגעדריקט אין איין ווארט, וואס האט זיך, ווי א ווינט, ארומגעטראגן איבערן גרויסן פלאץ: „מיר האבן געזיגט"...

## XXXV

נאטאשא איז אויך געגאנגען מיט וואסקאן אפן רויטן פלאץ; דערנאך זיינען זיי געווען בא נינא געארגיעוונאן. אלץ איז געווען אזוי אויסטערליש, אז נאטאשא האט געטראכט: ווי אין א כאלעם... און ווען זי איז צוריקגע־קומען אהיים, האט אף איר געווארט א בריוו פון טאטן. די שאכנטע האט געזאגט: „א פליער האט געבראכט".

דמיטרי אלעקסייעוויטש האט געשריבן:

„מיין טייערע נאטאשא!

נארוואס האט מען מיך געזאגט, אז אין רייכס האבן די דייטשן גע־לייגט די כסימע אף איין פאפירל, מארגן קומען זיי צופליען אהער. הייסט עס, אז אלץ איז פארענדיקט און דאס ערשטע, וואס איך טו, שרייב איך דיר. טייערע דו מיינע, ליבע טאכטער, איך גראטוליר דיך, איך ווייס, וואס דו האסט דורכגעלעבט פאר די דאזיקע יארן, ביסט געווען מוטיק, האסט געאר־בעט, ווי אזוי־זשע זאל מען ניט זאגן, אז דאס איז אונדזער אלגעמיינער זיג! איך דערמאן זיך איצטער, ווי דו ביסט געקומען צופארן פון מינסק און באלד געזאגט, אז דו ווילסט אפן פראנט, און דאס איז ניט וויכטיק, וואס דו ביסט געווען ניט לאנג אפן פראנט, אין דער דאזיקער מילכאמע האבן אלע געקעמפט. עס איז מיר א ווייטיק, וואס די מאמע האט עס ניט דערזען, מען קען דאך אפלעבן א לעבן און ניט וויסן פון אזא גליק. גיב נאר א טראכט, וואס עס האט פאסירט — מיר האבן געזיגט! איך וווין אין א קליין שטיבל הינטער בערלין, דא האט געוווינט עפעס איינער א לאשעק, בא אים איז דא א וואנע פון פיסטאשקעס־קאליר און א פולע זאמלונג פון

דאַקטאַר געבעלסעם ווערק. נאָר עס ווילט זיך אַצינד ניט טראַכטן פון זיי, עס ווילט זיך טראַכטן וועגן אונדזער פאָלק, דעם גוטן, דרייסטן, וואָס איז טריי זיין האַרץ, זיין גוירל.

אוואַדע וועט איינגיכן וואַסיאַ קומען צו דיר. מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אין בערלין, איך האָב אים ניט אויסגעפונען. דאָ איז סראַם, אָבער אים האָט מען שוין געזען נאָך דער קאַפּיטולאַציע, אַזוי אַרום איז אַלץ אין אָרדענונג. דריי יאָר, ווען איך פלעג טראַכטן פון דיר, פלעגט אַפּ־שטאַרבן דאָס האַרץ, האָגאָם דו האָסט גאָרניט געשריבן, פלעג איך פאַר־שטיין, וואָס בא דיר איז אינעווייניק. און איצט בין איך רויִק וועגן דיר. איך האָב אַ סאַך געשמועסט מיט וואַסיאַן, ער איז — אַן עכטער מענטש, האָגאָם דו ביסט געווען אַ מיידעלע, האָסטו זיך ניט טויע געווען. מעגלעך, אַז ער וואַרפט זיך ניט באַלד אין די אויגן, אָבער וואָס בעסער דו קענסט אים, אַלץ מער שאַצסטו אים אָפּ. ניט אומזיסט האָבן מיר איבערגעלעבט די דאָזיקע שרעקלעכע יאָרן, מיט אים וועסטו זיין גליקלעך. מיר ווילט זיך זייער אַ קוק טאָן אויפן אייניקל. איך בעט דיך, זאָלסט אים ניט פאַרוואַרפן וואָס ער איז אַ שרייער — אַמאָל דאַרף מען אויך אַ געשריי טאָן, ביפראַט נאָך אויב ער איז מיט אַ כאַראַקטער. פונוואַנען ווייסטו, ער קען נאָך אַמאָל בערג איבערקערן, צוטראַכטן אַזוינס, וואָס אונדז כאָלעמט זיך אַפילע ניט.

וועגן מיר באַאומרויִקסטו זיך גאָר אומזיסט. יאָרן דאָס איז באַדינגלעכ־קייט — אין איין און פערציקסטן בין איך, אוואַדע געווען בא אַ זיבעציקער — פון דער גאַנצער פּאַסקודסטווע, און איצט קען איך טאַנצן, איך וועל אוועקלייגן אַלע קאַוואַלירן דיינע. איך וועל דאָך ניט פאָרן קיין קיסלאָוואָדסק, ווי דו לייגסט מיר פאָר. עס וועט זיין אַ סאַך אַרבעט. די זעלנער האָבן זייערס אָפּגעקעמפט, אָבער פאַר אונדזער אייגעם הויבט זיך אָן אַ סעדרע, איך רייד שוין ניט, וואָס מען דאַרף שטעלן אַף די פיס די פאַרוואונדעטע, איצט וועלן נעמען קרענקען די געזונטע — שטענדיק איז עס אַזוי נאָך אַן אָנשטרענ־גונג. עס מאַכט ניט אויס, איך וועל נאָך אַן אַרבעט טאָן, עס וועט סלעקן קויכעס.

איך שטעל מיר פאָר, וואָס עס וועט מאָרגן אָדער איבערמאָרגן זיין אין מאָסקווע. אַט דאָס וועל איך ניט זען — אַ שאָד. ווי מען האָט גענומען בערלין, האָב איך געזען, אויך היינט האָט מען נאָך ערגעץ געשאָסן — צום לעצטן מאָל. איצט איז דאָ אַ נאָר־מילכאָמע־שטילקייט. און אין מאָסקווע איז, געוויס, טומלדיק. עס זיינען מיר דערעסן די דייטשן, איך האָב זיך פאַר־בענקט נאָך מאָסקווע, עס ווילט זיך דורכגיין איבערן גאָגאָל־בולוואַר און אַז איינער עפּעס אַ שרייער, אַזאַ ווי דיין וואָסקאַ, זאָל איינאָרדענען אַ קאָנצ־קאָנצערט. גיב אים אַ קוש און קוש אַלעמען. גיי פאָר מיר אַפן רויטן פּלאַץ און, אויב דו וועסט זען סטאַלינען, קוק אים גוט אָן, דאָס איז אַ גרויסער מענטש. נו, און גריס פּאַשעט אַלע הייזער און הייזקעס.

נאַטאַשקאַ, מיר האָבן דאָך דערלעבט!״

בא נאַטאַשאַן זיינען היינט די אויגן געווען אַף אַ נאַסן פּלאַץ — פון נינאַ געאָרגיעווּנאַן, פון אַלץ, וואָס זי האָט געזען אַף דער גאַס, אין שפּי־טאָל. איבערלייענענדיק דעם טאַטנס בריוו, האָט זי זיך צעוויינט: זי האָט זיך דערמאָנט, ווי די מאַמע האָט ניט לאַנג פאַרן טויט געזאָגט: „דאַכט זיך,

אַז אינגיכן וועט זיך אַלץ ענדערן — דאָס איז געווען פאַר סטאַלינגראַד... דערנאָך האָט זיך נאַטאַשאַ דערמאַנט, ווי אַזוי נינאַ געאָרגיעוונאַ האָט היינט געערדט פון גליק, געזאָגט „סעריאָזשאַ" און ניט פאַרענדיקט דעם זאַץ... דער פּאַפּאַ איז, געווים קראַנק — עס פילט זיך, ער וועט דאָך קיינמאָל ניט זאָגן ביזן סאָף. ווען ער זיין אַזאַ ניט געצווימטער. און נאַטאַשאַ האָט זיך פאַרטראַכט איבערן לעבן פון איר טאַטן; ער איז דערשינען פאַר איר — אַ גרויסער, אַ טומלדיקער און לעבהאַפטער, אַזאַ לעבהאַפטן האָט זי ניט געזען... ער זאָגט, אַז וואַסקאַ וועט, עפּשער, איבערקערן בערג, און ער אַליין קערט וועלטן אַן דערפינדונגען, עס ענדערן זיך פאַשעט אַרום אים די מענטשן, ער שטעקט אַלעמען אָן... איך וואָלט וועלן אַזוי לעבן, אָפטמאָל דאַכט זיך מיר, אַז ער איז יינגער פון מיר, אָט וואָס עס הייסט די קראַפט פון האַרץ...

נאַטאַשאַ האָט אָנגעהאָדעוועט וואַסקאַן, פּרובירט אים לייגן שלאָפן, אָבער עס הויבט זיך גאָרניט אָן: ער האָט דערקלערט, אַז ער וועט ניט שלאָפן — היינט איז אַ סאַלוט „טויזנט האַרמאַטן", און ער איז פּלוצלינג איינגעשלאָפן אין די בגדים — אַ מידער. בעיים נאַטאַשאַ האָט אים אויסגעטאָן, האָט ער זיך ניט אופגעכאַפּט. זי האָט אַ טראַכט געטאָן: ווי שווער ער איז, אינגיכן וועל איך אים ניט קענען אופהויבן...

בעיים וואַסיאַ איז געפלויגן, האָט ער געכעזשבנט, ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט — קימאַט פיר יאָר, און טעג מער ווי טויזנט — ער האָט פאַרלאָרן דעם כעזשבן. אָבער אַמלענגסטן זיינען אים אויסגעקומען יענע מאָמענטן, בעיים ער איז געפאָרן פון ערעדראָם צו קראָפּאָטקין־גאַס. די מאַשין האָט זיך לאַנגזאַם דורכגעשטופּט — אַלע גאַסן זיינען געווען געפּאַקט מיט מענטשן, וואַסיאַ האָט געקוקט און ניט געזען — ניט אונטערשיידט ניט די הייזער, ניט די גאַסן. ווי אַ יינגל איז ער אַרופגעלאָפן אינדערהויך, און ווען ער איז אַריין אין צימער און דערזען נאַטאַשאַן, האָט ער גאָרניט געקענט זאָגן, ניט געקענט אַפילע צוגיין צו איר, ער איז געשטאַנען בא דער טיר. זי איז צו אים צוגעלאָפן, אויסגעשריען „וואַסיאַ" און אויך פאַרשטאַרט געוואָרן. זיי זיינען געשטאַנען לאַנג, אַרומגענומען. נאָכדעם האָט נאַטאַשאַ פאַרשטאַנען — מען דאַרף פון גאָרניט רײדן; זי האָט אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען, אַריינגעפירט וואַסיאַן אין וואַנע־צימער, אָפּגעלאָזט דאָס וואַסער, נאָכדעם אָוועקגעשטעלט דעם טשייניק אפן גאַז; זי האָט דאָס אַלץ געמאַכט מעכאַניש, און פון די אויגן זיינען געפלאָסן טרערן.

— מיין ניט, וואַסיאַ, אַז איך בין אַ וויינערקע. דאָס איז נאָר היינט... אָבער ווען עס איז פון דיר גאָרניט געווען, האָב איך ניט געוויינט. באַטאַג פלעגט זיין שווער, און באַנאַכט פלעגסטו זיך מיר כאַלעמען...

— אויך דו פלעגסט זיך מיר כאַלעמען, ווען מיר זיינען געווען אין וואַלד, נאַטאַשאַ...

ער איז געווען ניט בעקויעד צו רײדן, אָבער ער האָט געמוזט ווידערהאָלן דאָס וואָרט „נאַטאַשאַ". ער האָט זי געקושט און ניט געקענט אָפּרייסן זיך; עס האָבן געקנאַלט האַרמאַטן, עס האָבן זיך געגאָסן פייערן איבערן הימל, און ער האָט אַלץ געקושט איר פּנים, די הענט און געכאַזערט „נאַטאַשאַ".

פלוצלינג האט זיך אופגעכאפט וואסקא. ער איז אופגעשפרונגען און פּוידעמקאל א געשריי געטאן „בום", הערנדיק דעם סאלוט, און דערנאך געפרעגט א דערשראקענער:

— מאמע, א דיאדיע?...

וואסיא האט אים געוואלט נעמען אף די הענט, אבער ער איז אנטלאפן; ער איז געשטאנען אין זיין לאנגן העמד, געריבן די אויגן און געשמייכלט.

— נארעלע, דאס איז דער פאפא, וואסקא דער גרויסער.

וואסקא האט אן צוטרוי געזאגט:

— דאס איז דער פאפא? ניין... דער פאפא איז אזא...

ער האט באוויזן מיט דער האנט — דער פאפא איז גרעסער און א דיקער און ווען וואסיא האט זיך צעלאכט, איז ער ארופגעשפרונגען צו אים אף די קני און גענומען זאבלער צופן די שליפעס.

— און בא ליאניען איז דער פאפא א גענעראל. ער איז א דיקער. דו האסט היינט געשאסן פון א הארמאט? מיר זיינען געווען אפן רויטן פלאץ. איינעם א דיאדיע האט מען געווארפן אינדערהויך, ער איז עמיצנס א פאפא, און דיך האט מען געווארפן אינדערהויך?

ער איז איינגעשלאפן באם טאטן אף די קני. נאכדעם האט אים נאטאשא ארייגעלייגט אין בעט.

פראזשעקטארן זיינען געלאפן איבערן הימל, ווי העזעלעד... ערגעץ גאר אינדערהויך האט זיך באוויזן א רויטע פאן — הינטער די וואלקנס... און אונטן האבן מענטשן געטומלט.

וואסיא האט א קוש געטאן נאטאשאן, פלוצלינג אפגעריסן זיך, א טראכט געטאן — ווי אין מינסק... וואס־זשע איז געשען צוויי נעכט?...

ער האט א קוק געטאן אף נאטאשאן. ווי שיין זי איז! און אנדערש... עפשער, זיינען מיר פון זינען אראפ, מיר ווילן אופלעבן דאס פארגאנגענע?... עס איז דאך פארביי פיר יאר. זי האט געלעבט מיט אן אנדער לעבן, איך בין פאר איר א פרעמדער...

און פון דעם זעלבן האט אויך געטראכט נאטאשא: וועגן דער קראפט פון צייט, וועגן ריס, וואסיא — ניט דער זעלבער איז ער, א הארבער... מעגלעך, אז זיי וועלן זיך יא פארשטיין איינער דעם אנדערן, אבער דערצו דארף מען א סאך, א סאך טעג...

עס איז פארביי א שא. עס איז נאך געווען פינצטער. און זיי האבן שוין געוווּסט, אז זיי באדארפן ניט נישט קיין לאנגע דערקלערונגען, ניט קיין קאנטראל פון די געפילן — זיי האבן איינער דעם אנדערן געפונען, דערקענט סיי די ליפן, סיי דאס געבארן־פינטעלע און דעם שמייכל, סיי די געדאנקען.

— ווייסט, נאטאשא, פארוואס עס איז אזוי לייכט? מיר זיינען די גאנצע צייט געווען צוזאמען, איצט ווייס איך עס...

— אבער פארוואס דערציילסטו ניט? האסט מוירע, אז איך וועל ניט פארשטיין?

— ניין, איך ווייס, אז דו וועסט פארשטיין. איך וועל דערציילן... שפעטער... עפעס האט זיך היינט געענדיקט. איך האב דערפון א טראכט געטאן אין עראפלאן... מארגן וועט זיין דער צענטער מיי, א דורכשניטלעכער טאג,

מעגלעך אז עס וועט זיך גאָרניט ענדערן אין לעבן. אָבער עס וועט זיך אַלץ ענדערן. מיינסטו, אז איך קען פאַרגעסן די דאָזיקע יאָרן? קיינמאָל ניט. ניט די מענטשן, ניט דעם וואַלד, ניט די בענקשאַפט. אָבער איצט טראַכט איך עפּעס אַנדערש: עס וועט זיין מאָרגן?... איך ווייס ניט. מעגלעך, אז עס וועט זיין זייער שווער, איך ווייס נאָר איינס — מיר וועלן זיין צוזאַמען. באַ דיר וועלן זיין דיינע ביימער אָדער זאַנגען, באַ מיר הייזער. מעגלעך, אז פון דער זייט וועט זיך אויסווייזן, אז עס האָט זיך גאָרניט געענדערט. אָבער אַלץ האָט זיך געענדערט. האָב איך דיר דען אזוי געקושט אין מינסק? איך האָב אַפילע ניט געוווּסט, אז מען קען אזוי קושן... מיר זיינען בײדע געוואָרן אַנדערע. באַ לערמאָנטאָוון זיינען דאָ פערזן: געליבט, געשטאָרבן, געטראָפן זיך אף יענער וועלט און איינס דעם צווייטן ניט דערקענט. מיר האָבן זיך איצט בײדע געטראָפן אין אַן אַנדער לעבן; יענץ, דאָס פאַרגאַנגענע, איז מער ניטאָ, אָבער מיר האָבן איינס דעם אַנדערן דערקענט...

— איך האָב דיר געשריבן, בעיס דו ביסט געווען אין אַרומרינגלונג, גערעדט מיט דיר...

— איך האָב עס געפילט. אָט פאַרוואָס מיר האָבן איינס דעם אַנדערן דערקענט. ווען מיר האָבן זיך צעשיידט — זיינען מיר געווען קינדער. און איצט האָבן מיר אַ זון... איך בין ניט דער זעלבער, אויך דו ביסט אַן אַנדערע... אָבער ליב האָב איך מער ווי פריער...

— וואַסיאַ!... וואַסיענקאַ!...

— מען זאָגט, אַ גרויסן פייער צעבלאָזט דער ווינט...

— די ליבע?

— אַלץ. די ליבע. דאָס לעבן. דאָס פאָלק... בעיס איך בין געפלויגן, האָב איך געטראַכט — וואָס איז געוואָרן מיטן פאָלק, ווי גרויס ער איז איצט. אין זיין צאַר, אין זיין שטאָלץ, אין זיין וועג...

זיי זיינען צוגעקומען צום פענצטער. עס האָט געטאָגט. די גאַסן זיינען געווען פוסט. די הייזער — רויז. און עס איז געווען זייער שטיל, עס האָבן נאָר אין שכיינעסדיקן גערטנדל געצוויטשערט פייגעלעך. אויסערגעוויינלעך איז געווען די דאָזיקע שטילקייט — נאָכן שטורעם, נאָך די זאַלפן, געשרייען, טרערן, אַ שטילקייט פון די ערשטע שאָען פון נייעם טאָג. זיי האָבן איצט אויך ניט געקוקט איינער אפן אַנדערן, געשטאַנען אַקסל אין אַקסל; וואַסיאַ האָט געהאַלטן אין זיין גרויסער הייסער האַנט נאַטאַשאַס האַנט. זיי האָבן געקוקט אף די רויזע הייזער, אפן צו העלן, גרויסן הימל, און עפּשער האָבן זיי גאָרניט געקוקט, נאָר אויפמערקזאַם געהערט די שטילקייט פונעם טיפן פרימאָרגן. און פּלוצלינג האָבן בײדע אַ ציטער געטאָן: עמיצער האָט זיך צעלאַכט — דאָס האָט זיך אויפגעכאַפּט וואַסקאַ דער קליינער.

יאַנוואַר 1946 — יוני 1947.

(סאָף)